שמעון דובנאוו

# די געשיכטע פון יידישן פאלק

פון דער אוראַלטער צייט ביז אונדזערע טעג

איבערזעצט פון חיים ליבערמאַן און מייטע ליווּשיץ

פאַרלאַג ש. סגל. — בוענאָס איירעס

1952

# אינהאַלט:
## ביבּלישע תקופה

קאַפּיטל 1

קאַפּיטל 1

# געשיכטעס וועגן די אבות פון יידישן פאָלק

## § 1. דער אוראַלטער מיזרח און די סעמיטן.

אַמאָל, אין די גאָר אַלטע צייטן, אַרום פיר טויזנט יאָר צוריק, האָבן אין אזיע, אין יענע לענדער וואָס ליגן ביים מיטללענדישן ים, געוועלטיקט פעלקער, וואָס לויט זייער אָפּשטאַמונג און שפּראַך האָבן זיי געהערט צו דער סעמיטישער ראַסע. פון די ברייטע סטעפּעס פון אַראַביע פלעגן די סעמיטישע שבטים איבערוואַנדערן אין דער שכנישער מעסאָפּאָטאַמיע (ארם נהרים), וועלכע ליגט צווישן די טייכן פרת (עופראַטעס) און חדקל (טיגריס). אין די לעגענדעס פון די פעלקער האָט זיך מעסאָפּאָטאַמיע גערעכנט פאַר דער „וויגעלע פון דער מענטשהייט”. ווארום דאָרט זיינען געבאָרן געוואָרן די ערשטע קעניגרייכן פון מזרח: בבל און אשור. דאָרט האָבן זיך די סעמיטן אַזוי פאַרשפּרייט, אַז מיט דער צייט האָט אַ גרויסער טייל פון די איינוואוינער פון לאַנד זיך מיט זיי אין גאַנצן צומישט; די סעמיטישע שפּראַך איז געוואָרן די שפּראַך פון די באַבילאָנער און אַסיריער און פיל מלכים פוןביידע קעניגרייכן האָבן געשטאַמט פון סעמיטן.

פון מעסאָפּאָטאַמיע פלעגן די סעמיטישע שבטים אריינדרינגען אין די לענדער, וואָס ליגן נענטער צום ברעג פון מיטללענדישן ים. טייל האָבן זיך באַזעצט אין ארם אָדער סיריע, טייל — אין כנען אָדער פּאַלעסטינע. געוויסע וואַנדערנדיקע סעמיטישע שבטים פלעגן גיין נאָך ווייטער, אויפן אַפריקאַנישן ברעג פונעם מיטללענדישן ים, און זיינען אריינגעדרונגען אין עגיפּטן אָדער מיצרים, — די דריטע גרעסטע מלוכה פון

אוראַלטן מיזרח. אין נידעריקן און מיטעלן מיצרים האָבן די סעמיטן מיטן נאָמען היקסן אפילו געקראָגן די אויבערהערשאַפט איבער די איינוואוינער פון לאַנד. די דאָזיקע הערשאַפט האָט געדויערט עטלעכע הונדערט יאָר (אַרום 2000 - 1600 יאָר פאַר דער קריסטלעכער צייט־רעכענונג).

אויסער די איינגעזעסענע סעמיטן, וועלכע זיינען געוואָרן שטענדיקע איינוואוינער אין די פאַרשיידענע לענדער, זיינען נאָך געווען וואַנדערנדיקע סעמיטן, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט האָדעווען פי, האָבן געוואוינט אין געצעלטן אויסער די שטעט און פלעגן וואַנדערן פון אָרט צו אָרט. די איינגעזעסענע סעמיטן פלעגן זיך אויסמישן מיט אַנדערע פעלקער אָבער די וואַנדערנדיקע סעמיטן פלעגן וואוינען באַזונדער און אַזוי האָבן זיי בעסער אויפגעהאַלטן דעם ריינעם טיפּ (דעם קערפּערלעכן און גייסטיקן אויסזען) פון זייער ראַסע. צו די דאָזיקע ריינע סעמיטן האָט געהערט דער שבט פון די ע ב ר י ם. די אורעלטערן פון דעם עברים־שבט האָבן צוערשט געוואוינט אין בבל, דערנאָך זיינען זיי אַוועק צו צפון — קיין ארם, און פון דאַנען האָבן זיי איינגעוואַנדערט אין כנען. אין כנען האָט מען די דאָזיקע גריים אַ נאָמען געגעבן עברים, ד״ה די וואָס זיינען געקומען מ ע ב ר הנהר, פון אויף יענער זייט טייך (פּרת). בראש פון די עברים איז געשטאַנען דער עלטסטער פון דער משפחה — אברהם. אברהם ווערט גערעכנט פאַרן פאָטער פון דעם יידישן פאָלק.

ביי אַלע סעמיטישע פעלקער זיינען געווען אַלטע לעגענדעס וועגן דעם, ווי אַזוי עס איז באַשאַפן געוואָרן די וועלט, ווי אַזוי עס האָבן זיך באַוויזן מענטשן אויף דער ערד און ווי אַזוי שפּעטער האָבן זיך די מענטשן צעטיילט אין באַזונדערע פעלקער. צוערשט האָבן די באַבילאָנער, אַסיריער, אַראַמעער, כנענים און עברים געהאַט די זעלביקע לעגענדעס און מסורות וועגן דער אַנטשטייאונג פון דער וועלט און די מענטשן. אָבער מיט דער צייט האָט יעדעס פאָלק געענדערט די דאָזיקע לעגענדעס אויף זיין שטייגער, לויט זיינע באַזונדערע רעליגיעזע באַגריפן און די אומשטענדן פון זיין לעבן. איבערהויפּט האָבן זיי זיך געענדערט ביי יענע פון אברהמס קינדער, וועלכע זיינען צולעצט דערגאַנגען צו אַ גלויבן אין איין גאָט און האָבן זיך אָפּגעטיילט פון זייערע קרובישע פעלקער, וועלכע זיינען פאַרבליבן געצנדינער און האָבן געגלויבט אין אַ סך געטער. אָט די דערציילונגען וועגן די אוראַלטע צייטן האָבן זיך אויפגעהיט אין די יידישע הייליקע ספרים — אין דעם תנ״ך.

## § 2. די באַשאַפונג פון דער וועלט און די מענטשן

אין דעם ספר בראשית, דאָס ערשטע פון די חומשים, הייליקע ביכער פון יידישן פאָלק, דערציילט זיך ווי אַזוי עס האָבן זיך באַוויזן מענטשן אויף דער וועלט, ווי אַזוי פון די מענטשן זיינען געוואָרן פעלקער, און ווי אַזוי פון די דאָזיקע פעלקער האָט זיך אויסגעטיילט דאָס יידישע פאָלק.

גאָט האָט באַשאַפן דעם הימל, די ערד און אַלץ וואָס אויף זיי געפינט זיך אין זעקס טעג. אין אָנהייב איז די ערד געווען וויסט און באַדעקט מיט פינצטערניש. דאַן האָט גאָט געזאָגט: „יהי אור!” זאָל זיין ליכט, און עס האָט זיך באַוויזן ליכט. דאָס איז געווען אין ערשטן טאָג פון דער באַשאַפונג. דעם אַנדערן טאָג האָט גאָט באַשאַפן דעם רוים און דעם הימל. אויפן דריטן טאָג האָט זיך דאָס וואַסער אָפּגעטיילט פון דער יבשה. דאָס וואַסער האָט זיך פאַרזאַמלט אין ימים, אָזערעס און טייכן, און אויף דער יבשה האָבן זיך באַוויזן גראָזן, ביימער און אַנדערע פלאַנצן. אין דעם פערטן טאָג האָבן זיך באַוויזן די ליכטער אויפן הימל: דאָס גרויסע ליכט, די זון, האָט אָנגעהויבן באַלייכטן די ערד ביי טאָג, און די קליינע ליכטער, די לבנה מיט די שטערן, האָבן באַלויכטן די ערד ביי נאַכט. אויפן פינפטן טאָג זיינען דערשינען די ערשטע לעבעדיקע באַשעפענישן: די פיש אין וואַסער און די פייגל אין דער לופט. גאָט האָט זיי געבענטשט און צו זיי געזאָגט: „פּרו ורבו”, פּרוכפּערט זיך און מערט זיך. אין דעם זעקסטן טאָג האָבן זיך באַוויזן די פאַרשיידענע מינים חיות אויף דער יבשה. דעמאָלט איז אויך באַשאַפן געוואָרן דאָס העכערע באַשעפעניש — דער מענטש. גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן פון שטויב פון דער ערד, האָט אריינגעבלאָזן אין אים אַ לעבעדיקן גייסט און האָט אים געגעבן כוח און פאַרשטאַנד, ער זאָל קענען הערשן איבער אַלע באַשעפענישן פון דער ערד. דעם ערשטן מענטשן האָט ער גערופן אדם, ווי אַ צייכן אַז ער איז באַשאַפן געוואָרן פון דער ערד, וואָס איז אויף העברעאיש „אדמה”.

און אַזוי האָט גאָט אין זעקס טעג באַשאַפן די גאַנצע וועלט, די גאַנצע נאַטור — די לעבעדיקע און ניט־לעבעדיקע. אויפן זיבעטן טאָג, דערציילט דער חומש, האָט גאָט גערוט פון זיין גאַנצער אַרבעט וואָס ער האָט געטאָן. דעריבער איז דער זיבעטער טאָג פון דער וואָך, שבת, עד היום ביי יידן אַ טאָג פון רו און מנוחה.

אַז גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן האָט ער אים באַזעצט אין עדן,

אַ פּראַכטפולע געגנט אין מזרח, וואָס ווערט באַוואָסערט פון פיר טייכן (מעסאָפּאָטאַמיע). דאָ האָט אדם הראשון געלעבט אין אַ גאָרטן אין וועלכן עס זיינען געוואַקסן פּראַכטיקע פרוכטביימער. אין מיטן גאָרטן זיינען געוואַקסן צוויי בוימער, — איינער האָט געהייסן „עץ החיים", דער בוים פון לעבן, דער צווייטער — „עץ הדעת", דער בוים פון וויסן. און גאָט האָט געזאָגט צו אדמען: „פון אַלע ביימער פון גאָרטן מעגסטו עסן, אָבער פון דעם בוים פון וויסן גוטס און שלעכטס זאָלסטו נישט עסן".

גליקלעך און זאָרגלאָז האָט אדם געלעבט אין גן־עדן, אָבער ער איז געווען איינזאַם. דעמאָלט האָט גאָט געזאָגט: „עס איז ניט גוט דעם מענטשן צו זיין אַליין. איך וועל באַשאַפן אַ הילף קעגן אים". און איין מאָל, ווען אדם איז שטאַרק געשלאָפן, האָט גאָט אַרויסגענומען אַ ריפּ פון זיין זייט. דעם אָפענעם אָרט האָט ער פאַרצויגן מיט פלייש און הויט, און פון דעם אַרויסגענומענעם ביין האָט ער באַשאַפן די פרוי. און גאָט האָט געבראַכט די פרוי אדמען. ווען אדם האָט זי דערזען האָט ער געזאָגט: „דאָס איז ביין פון מיינע ביינער, און פלייש פון מיין פלייש". די ערשטע פרוי האָט געקראָגן דעם נאָמען חוה, דאָס הייסט, די מוטער פון אַלעם לעבעדיקן, און אדם און חוה האָבן געלעבט צוזאַמען אין גן־עדן. זיי האָבן געלעבט גליקלעך ווי קינדער, זיינען געגאַנגען נאַקעט און האָבן זיך גאָר ניט געשעמט מיט זייער נאַקעטקייט.

נאָר דאָס גליק פון די ערשטע מענטשן — דערציילט דער חומש ווייטער — האָט ניט לאַנג געדויערט. די בייזע שלאַנג האָט גענומען איינ־ריידן חוהן צו פאַרזוכן פון די פרוכט פון עץ־הדעת, וואָס גאָט האָט פאַר־באָטן אָנצורירן. די שלאַנג האָט פאַרזיכערט אַז ווען די מענטשן וועלן פאַרזוכן די פרוכט פון דעם עץ־הדעת, וועלן זיי וויסן אַלץ אין דער וועלט און וועלן פאַרשטיין גוטס און שלעכטס גלייך מיט גאָט. חוה האָט ניט געקענט בייקומען אין נייגעריקייט און האָט אָפּגעריסן עטלעכע שיינע פירות פון דעם פאַרבאָטענעם בוים און האָט זיי אויפגעגעסן. נאָך דעם האָט זי עס געגעבן אדמען — און ער האָט אויך געגעסן. און פלוצלונג האָט זיך ביי זיי ביידן ווי די אויגן געעפנט, און זיי האָבן אָנגעהויבן צו פאַרשטיין דאָס, וואָס זיי האָבן פריער ניט פאַרשטאַנען. זיי האָבן צום ערשטן מאָל דערזען אַז זיי זיינען נאַקעט און זיי האָבן זיך באַלד אויפ־גענייט גאַרטלען פון פייגנבלעטער. אַזוי ווי זיי האָבן מורא געהאַט פאַר דער זינד וואָס זיי זיינען באַגאַנגען האָבן זיי זיך באַהאַלטן צווישן די

ביימער פון גאָרטן, נאָר באַלד האָט אדם דערהערט גאָטס קול וואָס האָט גערופן: „וואו ביסטו?" און אדם האָט געענטפערט: „ איך האָב געהערט דיין שטים אין גאָרטן און האָב זיך געפאָרכט, ווייל איך בין נאַקעט און האָב זיך באַהאַלטן". און גאָט האָט געפרעגט: „ווער האָט דיר געזאָגט אַז דו ביסט נאַקעט? צי האָסטו געגעסן פון דעם בוים וואָס איך האָב פאַרזאָגט דו זאָלסט פון אים ניט עסן?" און אדם האָט מודה געווען אַז ער האָט געגעסן פון דער פרוכט, וואָס די פרוי האָט אים געגעבן. חוה האָט זיך פאַרענטפערט אַז די שלאַנג האָט זי איבערגערעדט, דעמאָלט האָט גאָט פאַרשאָלטן די שלאַנג, און צו חוהן האָט ער געזאָגט: „איך וועל גרויס מאַכן דיין טרויער; מיט שמערצן וועסטו קינדער געבוירן און דיין מאַן וועט געוועלטיקן איבער דיר". און אדמען האָט גאָט געזאָגט: „פאַרפלוכט זאָל זיין די ערד פון דיינעטוועגן. מיט צער וועסטו עסן פון איר אַלע טעג פון דיין לעבן. מיט דעם שווייס פון דיין געזיכט וועסטו עסן ברויט, ביז דו וועסט זיך צוריקקערן צו דער ערד פון וועלכער דו ביזט גענומען, וואָרום דו ביזט שטויב, און צו שטויב וועסטו זיך אומקערן". און אַזוי זיינען די מענטשן פאַר זייער ערשטער זינד פאַרמשפּט געוואָרן אויף אייביק צו מי און ליידן. גאָט האָט מער ניט געוואָלט לאָזן אדמען און חוה אין עדן, האָט ער זיי פון דאָרטן אַרויסגעטריבן. און זיי האָבן איצט געמוזט באַאַרבעטן די ערד און לעבן דורך דער מי פון זייערע הענט.

## § 3. אדמס קינדער

אדם און חוה האָבן געהאט צוויי זין. דעם ערשטן האָט מען גערופן קין, און דעם ייִנגערן הבל. קין האָט זיך פאַרנומען מיט ערדאַרבעט און הבל איז געווען אַ פּאַסטעך. איין מאָל האָבן ביידע ברידער געבראַכט קרבנות צו גאָט; קין האָט געבראַכט פאַר אַ מתנה אַ הויפן פרוכט פון דער ערד, און הבל האָט געבראַכט פון די בעסטע שאָף פון זיין סטאַדע. גאָט איז בעסער געפעלן געווען די אויפפירונג פון דעם קלענערן ברודער, האָט ער זיך געווענדט צו הבלען און צו זיין מתנה, און צו קינען און צו זיין מתנה האָט ער זיך ניט געקערט. דאָס האָט קינען פאַרדראָסן און ער האָט דערפילט אַ קנאה צו זיין ברודער. איין מאָל ווען די ברידער זיינען געווען אליין אין פעלד איז קין באַפאַלן הבלען און האָט אים דערהרגעט. דעמאָלט האָט דער זינדיקער קין דערהערט גאָטס קול: „וואו איז דיין ברו־

דער הבל?״ „איך ווייס ניט״, האָט קין געענטפערט, „השומר אחי אנכי״, בין איך דען מיין ברודערס היטער?״ אָבער גאָט, וויסנדיק אַלץ, האָט אים געזאָגט: „וואָס האָסטו געטאָן? די שטימע פון דיין ברודערס בלוט שרייט צו מיר פון דער ערד אַרויס. אַצינד ביסטו פאַרשאָלטן. די ערד וועט דיר מער אירע פרוכט ניט געבן, נע ונד וועסטו זיין און פון קיין רו וועסטו ניט וויסן״. קין האָט חרטה געקראָגן און געזאָגט: „צו גרויס איז מיין זינד מוחל צו זיין. אָבער דו פאַרטרייבסט מיך פון מיין לאַנד, איך וועל זיך מוזן וואָגלען אומעטום און יעדער וואָס וועט מיך באַגעגענען קען מיך הרגענען״. דעמאָלט האָט גאָט אַרויפגעלייגט אויף קינען אַ צייכן, אַז קיי־נער וואָס וועט אים באַגעגענען זאָל אים קיין בייז ניט טאָן.

אין דער געשיכטע פון קין מיט הבלען ווערט פאַרגעשטעלט דער קאַמף צווישן דעם איינגעזעסענעם ערדאַרבעטער און דעם וואַנדערנדיקן פאַסטעך. קינס קינדער האָבן זיך אַלץ מער און מער איינגעוואוינט צו אַן איינגעזעסענעם לעבן אין דערפער און שטעט. איינער פון קינס אָפּשטאַ־מונג, יובל, דער זון פון למך, האָט דערפונדן די האַרפע און דאָס פייפל, און אַ צווייטער זון פון למך, תובל קין, האָט דערפונדן די קונסט פון שמידן כלים פון קופּער און אייזן. חוץ קינען און הבלען האָט אדם געהאַט אַ דריטן זון מיטן נאָמען שת. פון אים איז אויך אַרויסגעקומען אַ ריי דורות. דער מענטשלעכער מין איז זיך אַלץ מער און מער צעוואַקסן, אָבער עס איז נאָך ניט געווען קיין גערעכט צוזאַמענלעבן צווישן די מענטשן. אין די באַציאונגען צווישן מענטש און מענטש איז ניט געווען קיין אמת און יושר, און עס האָט געהערשט נאָר די גראָבע קראַפט. דער שטאַרקער האָט אונטערדריקט און באַליידיקט דעם שוואַכערן, די מידות פון די מענטשן זיינען געווען ווילד און פאַרדאָרבן.

## § 4. דער מבול

ווען ער האָט געזען די פאַרדאָרבנקייט פון די ערשטע מענטשן האָט גאָט באַשלאָסן זיי צו פאַרטיליקן פון דער ערד כדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר אַ נייעם בעסערן מין מענטשן. אין יענער צייט האָט שוין געלעבט דער צענטער דור נאָך אדמען. צווישן זיי איז געווען בלויז איין ערלעכער מענטש, מיטן נאָמען נח. און גאָט האָט אַנטפּלעקט צו נחן, אַז ער וויל אומברענגען אַלע באַוואוינער פון דער ערד דורך אַ מבול אָדער פאַרפליי־

צונג, און ער האָט אים געגעבן אַן עצה ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען. „מאַך זיך" — האָט גאָט געזאָגט צו נחן — „אַ גרויסן, הילצערנעם קאַסטן. צעטייל אים אינעווייניק אויף קאַמערן און גיי אריין אַהין, דו מיט דיין הויזגעזינד און נעם מיט זיך אויך אריין צו פּאָר פון יעדער לעבעדיקער באַשעפעניש. דערנאָך גרייט אָן שפּייז פאַר דיר, פאַר דיין הויזגעזינד און פאַר אַלע חיות אין דער תבה". און נח האָט אַזוי געטאָן.

באַלד נאָך דעם האָט זיך אָנגעהויבן דער שרעקלעכער מבול. גאַנצע פערציק טעג און פערציק נעכט האָט געגאָסן רעגן אָן אויפהער. די ערד איז באַדעקט געוואָרן מיט פיל וואַסער און נחס תבה האָט זיך אויפגעהויבן און איז געשוואומען אויפן אויבערפלאַך פון דעם וואַסער. יעדע לעבע־דיקע זאַך אויף דער ערד איז אומגעקומען אין דעם מבול. געראַטעוועט האָבן זיך נאָר די איינוואוינער פון דער תבה. דערמאָלט האָבן די רעגנס אויפגעהערט. דאָס וואַסער האָט אָנגעהויבן אָפּצופאַלן, און די תבה האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף די הויכע בערג אררט. נח האָט געעפנט דאָס פענצ־טער פון זיין תבה און האָט אַרויסגעלאָזט צו ערשט די ראָב און דערנאָך די טויב. די פייגל פלעגן אַוועקפליען און קומען צוריקצופליען, וואָרום זיי האָבן ניט געהאַט אויף וואָס זיך אַנידערצושטעלן כל־זמן דאָס וואַסער איז געשטאַנען אויף דער ערד. איין מאָל, ווען די אַרויסגעשיקטע טויב האָט זיך מער ניט אומגעקערט צום קאַסטן, האָט נח פאַרשטאַנען אַז דער מבול איז פאַרביי און עס האָט זיך געוויזן יבשה. איז ער אַרויס פון דער תבה צוזאַמען מיט זיין משפחה און האָט אויך אַרויסגעפירט די לעבנגע־בליבענע חיות. ווען נח איז אַרויס פון דער תבה האָט ער אויפגעבויט אַ מיזבח, און האָט געבראַכט אויף אים אַ קרבן צו גאָט עטלעכע חיות, ווי אַ צייכן פון דאַנקבאַרקייט וואָס זיי זיינען געראַטעוועט געוואָרן פון דעם מבול. גאָט איז געפעלן געוואָרן נחס פרומקייט. האָט ער צוגעזאָגט נחן אַז ער וועט שוין מער קיין מבול ניט ברענגען אויף דער ערד פאַר די זינד פון די מענטשן, און האָט אָנגעוויזן אויף דעם רעגנבויגן, וועלכער ווייזט זיך אָפט מאָל אין די וואָלקנס נאָך אַ רעגן, אַלס סימן פון אייביקן פרידן מיט די מענטשן. גאָט האָט געבענטשט נחן מיט זיינע קינדער און האָט געזאָגט צו זיי: „פרוכפּערט זיך און מערט זיך און פילט אָן די ערד. און אייער מורא און אייער שרעק זאָל זיין אויף אַלע חיות פון דער ערד און אַלע פייגל פון הימל; יעדע זאַך וואָס לעבט זאָל זיין פאַר אייך צום עסן, ווי גרינס און גראָז גיב איך אייך דאָס אַלץ. נאָר פאַרגיסט נישט

מענטשלעך בלוט, וואָרום אין דער געשטאַלט פון גאָט איז דער מענטש באַשאַפן".

## § 5. דער דור הפלגה

נח האָט געהאַט דריי זין: שם, חם און יפת. זיי האָבן זיך געראַטעוועט פון דעם מבול אין דער תבה צוזאַמען מיט זייער פאָטער. נאָכן מבול האָט נח מיט זיינע קינדער אָנגעהויבן באַאַרבעטן די ערד און פלאַנצן וויינשטאָקן. מיט דער צייט האָבן נחס זין געהאַט קינדער און קינדס־קינדער און דער מענטשלעכער מין האָט זיך ווידער אַמאָל אָנגעהויבן פאַרמערן. ביסלעכווייז זיינען אויסגעוואַקסן צאָלרייכע פאַמיליעס; די נאָענטע קרובישע פאַמיליעס פלעגן זיך פאַראייניקן אין משפחות אָדער שבטים. פון אָנפאַנג האָבן די שבטים געלעבט פריינדלעך צווישן זיך, ווי איין גרויס הויזגעזינט און האָבן אַלע גערעדט איין שפּראַך. געלעבט האָבן זיי דאָס רוב אין טאָל שנער, אין בבל.

איין מאָל — דערציילט דער חומש — האָבן די איינוואוינער פון טאָל באַשלאָסן אויף אַ געוואַגטער זאַך. זיי האָבן גענומען בויען אַ שטאָט, און אין מיטן שטאָט האָבן זיי געוואָלט אויפשטעלן אַ הויכן טורעם, וואָס זיין שפּיץ זאָל דערגרייכן צום הימל. „דערמיט, — האָבן זיי געזאָגט, — ווען מיר זיך מאַכן אַ צייכן, מיר זאָלן ניט צעשפּרייט ווערן איבערן גע־זיכט פון דער ערד". אָבער גאָט האָט צעשטערט זייער מחשבה. ער האָט צעמישט די שפּראַך פון די אַלע מענטשן און געמאַכט זיי זאָלן ריידן פאַרשיידענע שפּראַכן, אַזוי אַז איינער האָט אויפגעהערט צו פאַרשטיין דעם אַנדערנס לשון. דעמאָלט האָבן די מענטשן געמוזט אָפּשטעלן דאָס בויען און זיינען זיך צעגאַנגען אין פאַרשיידענע זייטן. די שטאָט, וועלכע זיי האָבן אָנגעהויבן בויען, האָט מען נאָך דעם גערופן בבל, ד"ה צע־מישונג. פון בבל האָבן זיך די מענטשן באַזעצט אין פאַרשיידענע לענדער און אָנגעהויבן צו לעבן ווי באַזונדערע פעלקער. יעדעס פאָלק האָט גערעדט זיין אייגענע שפּראַך. לויט דער יידישער אמונה האָבן זיך אַלע פעלקער צעצווייגט פון נחס דריי זין. פון שם זיינען אַרויסגעקומען די פעלקער, וואָס האָבן געוואוינט אין מערב־אזיע און וואָס ווערן אָנגערופן אויפן נאָמען פון זייער פאָטער, סעמיטן; למשל: די אַסיריער, אַראַמעער, יידן און אַראַבער; פון חם זיינען אַרויסגעקומען די מצריים, די כושים,

און אַנדערע אַזיאַטישע און אַפריקאַנישע פעלקער, און פון יפת האָבן אָפּ־געשטאַמט די עלטערן פון די אייראָפּעאישע פעלקער.

## § 6. דער פאָטער פון יידישן פאָלק — אברהם; די איבערוואַנדערונג פון כנען

דאָס יידישע פאָלק האָט זיך אויסגעשיידט פון דער גאַנצער סעמי־טישער ראַסע אויף דעם ווייטערדיקן אופן: אייגער פון שמס אָפּשטאַמונג מיטן נאָמען תרח האָט געלעבט אין אור, אַ שטאָט אין בבל, ער מיט זיינע זין, אייניקלעך און אַנדע־רע קרובים. ווען תרחן איז שווער געוואָרן צו וואוינען אין בבל, האָט ער גענומען אַלע זיינע קינדער און אייגענע און האָט איבערגעוואַנדערט מיט זיי אין צפון — קיין חרן, דאָס לאַנד פון די ארמים. דאָ איז דער אלטער תרח אין גיכן גע־שטאָרבן און זיינע אָפּ־געשטאַמטע האָבן זיך צעטיילט: די פאַמיליע פון זיין זון נחור איז גע־בליבן אין ארם און האָט זיך צעמישט מיט די אר־מים, אָבער תרחס אַנדע־רער זון, אברהם, האָט




אברהם — „צייל די שטערן"...

גענומען זיין ווייב שרה, זיין פלימעניק לוט און אַנדערע קרובים, און האָט אַריבערגעוואַנדערט מיט זיי אין שכנישן כנען (פּאַלעסטינע). דאָ האָט מען די איינוואַנדערער אַ נאָמען געגעבן עברים, ד"ה די וואָס זיינען געקומען מעבר הנהר, פון אויף יענער זייט טייך. און דער דאָזיקער נאָ־מען איז געבליבן פאַר אַלע זייערע שפּעטערדיקע דורות.

אברהם, דער פאָטער פון יידישן פאָלק, איז געווען דער ערשטער פון זיין דור וואָס האָט געגלויבט אין אַן איינציקן גאָט, דעם באַשעפער פון הימל און ערד. די תורה דערציילט, ווי גאָט האָט געהייסן אברהמען גיין קיין כנען, זאָגנדיק צו אים: „גיי דיר פון דיין לאַנד און פון דיין געבוירנ־אָרט און פון דיין פאָטערס הויז צו דעם לאַנד וואָס איך וועל דיר ווייזן, ווארום דאָרט וועט פון דיר אַרויסקומען אַ גרויס פאָלק".

די יידישע איינוואַנדערער האָבן זיך אין כנען באַשעפטיקט מיט פי־צוכט. זיי פלעגן וואַנדערן איבערן לאַנד און פלעגן אויפשלאָגן זייערע געצעלטן — אַמאָל דאָ, אַמאָל דאָרט. ווען דעם גאַנצן שבט פלעגט ווערן ענג אויף איין אָרט, פלעגן זיי זיך צעטיילן אין גרופּעס און זיך באַזעצן אין פאַרשיידענע ערטער. אויף דעם אופן האָט זיך פון אברהמס פאַמיליע אָפּגעטיילט די פאַמיליע פון זיין פלימעניק לוט.ביידע פאַמיליעס האָבן געהאַט אַ סאַך געצעלטן און גרויסע סטאַדעס שאָף. אָפט פלעגט צווישן די פאַסטעכער פון אברהם און לוט פאָרקומען קריג איבער פאַשע־פעלדער. דעמאָלט האָט אברהם געזאָגט צו לוטן: „אונדז איז ענג צו וואוינען צו־זאַמען, לאָמיר זיך צעגיין אין באַזונדערע זייטן". און לוט האָט אַזוי גע־טאָן: ער איז אַוועק מיט זיינע מענטשן און סטאַדעס צו די ברעגעס פון טויטן ים, וואו עס האָט זיך געפונען די שטאָט סדום, און אברהם האָט אויפגעשטעלט זיינע געצעלטן לעבן דער שטאָט חברון,ביים פליין ממרא. דאָ האָט ער געשלאָסן אַ בונד מיט די דאָרטיקע הערשער פון די אמורים און געלעבט פרידלעך ווי דער עלטסטער, אָדער פאַטריאַרך, פון דעם קליינעם וואַנדערנדיקן שבט פון די עברים, אָדער העברעער.

## § 7. די העלדישע מעשים פון אברהם און דער אונטערגאַנג פון סדום

דאָס פרידלעכע לעבן פון אברהמען פלעגט אָפט געשטערט ווערן דורך אומגליקן און אומרוען. איין מאָל איז אין כנען אָנגעשטאַנען אַ הונגער: עס איז ניט געווען קיין ברויט פאַר די מענטשן און קיין פאַשע פאַר דעם פי. אברהם איז געצוואונגען געווען זיך אַריבערצוקלייבן אויף אַ צייט אין די שכנישע געגענטן פון מצרים. דאָ איז אברהמס פאַמיליע פאָרגעשטאַ־נען אַ גרויסע סכנה: דעם עגיפּטישן קעניג פּרעה איז געקומען אַ גע־דאַנק צוצונעמען ביים אברהמען זיין שיינע פרוי שרה. און ער האָט זי

שוין טאַקע געבראַכט צו זיך אין פּאַלאַץ. נאָר דאָ איז פּלוצלונג דער קעניג און זיינע הויזמענטשן קראַנק געוואָרן אויף אַ הויט־אויסשלאַג: אויפן לייב ביי זיי זיינען געוואָרן געשווירן און וואונדן. דער קעניג האָט געזען אין דעם אַ שטראָף פון גאָט פאַר רויבן אַ פרעמד ווייב, האָט ער אָפּגעשיקט שרהן צוריק צו איר מאַן און האָט זיי געהייסן פאַרלאָזן מצרים. האָט אברהם מיט זיין פאַמיליע זיך אומגעקערט קיין כנען.

אין גיכן האָט אברהם און זיינע מענטשן געדאַרפט מלחמה האַלטן מיט די באַבילאָנער, די הערשער פון אַזיע. די מלכים פון סדום און פון נאָך פיר כנענישע שטעט אויפן ברעג פון טויטן ים זיינען געווען אונטערטעניק צו די שטאַרקע מלכים פון עילם און בבל. איין מאָל האָבן די כנענישע מלכים מורד געווען און באַשלאָסן מער נישט צו זיין אונטערוואָרפן צו די פרעמדע. דאַן האָבן די מלכים פון עילם און בבל זיך ארייננגעריסן מיט אַ חיל אין כנען, און זיינען באַפאַלן די איינוואוינער פון סדום און די שכנישע שטעט. די זיגער האָבן פאַרנומען אַ סך רויב און האָבן אויך אַוועקגעפירט געפאַנגען אברהמס פלימעניק, לוט, וועלכער האָט געוואוינט אין סדום. ווען אברהם האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט ער גענומען אַ מחנה פון עטלעכע הונדערט מאַן און האָט זיך געלאָזט לויפן נאָכן שונא. ער האָט זיי אָנגעיאָגט אין דמשק, ארם, האָט באַפרייט לוטן און די אַנדערע געפאַנגענע און האָט אָפּגענומען אַלץ וואָס די באַבילאָנער האָבן אָנגערויבט אין סדום. דער קעניג פון סדום האָט זיך זייער דערפרייט און האָט פאָרגעלייגט אברהמען ער זאָל זיך, ווי אַ זיגער, נעמען דאָס אומגעקערטע רויב. נאָר דער אָרנטלעכער אברהם האָט געזאָגט: „איך שווער ביי גאָט אַז איך וועל ניט נעמען אפילו אַ פאָדעם אָדער אַ שוך־בענדל, חוץ דאָס וואָס איז אַוועק אויף שפייז פאַר מיינע קריגער". דער דאָזיקער נצחון פון אברהמען, זיין ערלעכקייט און גוטסקייט האָבן זיי נאָמען באַרימט געמאַכט איבער גאַנץ כנען.

נאָר עס איז ניט באַשערט געווען אַז סדום און די אַרומיקע שטעט זאָלן לאַנג דויערן נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך מיט אברהמס הילף באַפרייט פון פרעמדן יאָך. אין יענע שטעט — דערציילט דער חומש — זיינען די מענטשן געווען זייער זינדיק און שלעכט, און זיינען געווען אריינגעטאָן אין רציחות, רויב און אויסגעלאַסנקייט. האָט גאָט אַנטפּלעקט אברהמען אַז אויף די זינדיקע איינוואוינער פון סדום און די אַרומיקע שטעט וועט אין גיכן קומען אַ שרעקלעכער חורבן. האָט אברהם אָנגעפאַנגען צו בעטן

גאָט, ער זאָל זיך מרחם זיין אויף די לייט פון סדום, צווישן וועלכע עס זיינען אפשר פאַראַן אויך ערלעכע מענטשן. און גאָט האָט אים געזאָגט: „אויב איך וועל געפינען אין סדום פופציק ערלעכע לייט וועל איך שוינען די גאַנצע שטאָט פון זייערט וועגן". אברהם האָט געפועלט ביי גאָט ער זאָל שוינען די שטאָט אפילו ווען עס וועלן זיך אין איר געפינען בלויז צען ערלעכע לייט. נאָר אפילו צען אָרנטלעכע מענטשן האָבן זיך אויך ניט געפונען אין דער פאַרדאָרבענער שטאָט. לוטן איז אָנגעזאָגט געוואָרן וועגן דעם אומגליק וואָס דאַרף קומען אויף סדום, איז ער מיט זיין פאַמיליע שנעל אַוועק פון שטאָט. דעמאָלט האָבן זיך אַ גאָס געטאָן פון הימל שטראָמען שוועבל און פייער אויף סדום, עמורה און די אַרומיקע שטעט. די שטעט זיינען פאַרברענט געוואָרן, די מענטשן זיינען אומגעקומען, און די גאַנצע געגנט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טרויעריקער וויסטעניש. (לויט דער לעגענדע איז עס די וויסטעניש וואָס רינגלט אַרום ביז היינטיקן טאָג די בערג פון דעם געזאַלצענעם אָדער טויטן ים). לוט מיט זיין פאַמיליע זיינען אַוועק אין די בערג. דאָ האָבן זיינע טעכטער געבאָרן צוויי זין: מואב און בן־עמי. די זין זיינען געוועזן די פאָטערס פון די צוויי פעלקער: מואב און עמון, וועלכע זיינען שפּעטערדיקע צייטן אויסגעוואַקסן אין באַזונדערע מלוכות, צו מזרח זייט פון ירדן.

## § 8. ישמעאל און יצחק

אברהם און זיין ווייב שרה זיינען שוין געוועזן זייער אַלט און קיין קינדער האָבן זיי נאָך ניט געהאַט. האָט אברהם גענומען נאָך אַ ווייב, איינע פון זיינע דינסטן, די עגיפּטערין הגר, אירע קינדער זאָלן זיך דערציען ביי שרהן אין הויז און זאָלן פאַררעכנט ווערן ווי אייגענע. הגר האָט דאַן געבאָרן אַ זון מיטן נאָמען ישמעאל, נאָר ניט דעם זון איז באַשערט געוועזן צו ווערן דער יורש פון אברהמען, וואָרום ווען אברהם איז שוין געוועזן אַלט כמעט הונדערט יאָר, האָט אים גאָט אָנגעזאָגט אַז אין גיכן וועט ביי אים געבאָרן ווערן אַ זון פון זיין פרוי שרה. אברהם האָט זיך געוואונדערט און געטראַכט: צי קענען ביי אַ הונדערט יעריקן זקן געבאָרן ווערן קינדער, און צי קען די ניינציק יעריקע שרה נאָך געבוירן? געלאַכט האָט אויך שרה ווען איין מאָל זיינען צו זיי אין געצעלט געקומען דריי געהיימניספולע וואַנדערער און האָבן איר פאָראויסגעזאָגט

אַז אין אַ יאָר אַרום וועט זי האָלטן אויף די הענט איר אייגענעם זון. אָבער די נבואה איז מקוים געוואָרן: אין אַ יאָר אַרום האָט שרה געבאָרן אַ זון, וועלכן מען האָט אַ נאָמען געגעבן יצחק. אויפן אַכטן טאָג האָט מען דאָס קינד מל געווען. דאָס זעלבע האָבן נאָך פריער געטאָן אברהם און אַלע זכרים פון זיין פאַמיליע, ווי אַ סימן פון אייביקן בונד צווישן גאָט און דעם יידישן פאָלק. פון יענער צייט אָן ווערט דאָס זעלבע געטאָן ביז היינטיקן טאָג מיט אַלע ניי־געבוירענע יינגלעך ביי יידן.

אין זיין קינדהייט פלעגט יצחק ליב האָבן זיך שפילן מיט זיין ברודער ישמעאלן. אָבער שרהן איז ניט געפעלן געווען וואָס איר זון און דער זון פון דער דינסט ווערן אויפגעצויגן ווי צוויי גלייכע יורשים פון אברהמען. האָט זי געפאָדערט פון איר מאַן, ער זאָל אַרויסטרייבן פון זיין הויז ישמעאלן און זיין מוטער הגר. אברהמען האָט זייער באַנג געטאָן וואָס ער דאַרף באַליידיקן ישמעאלן, נאָר ער האָט געמוזט טאָן שרהס פאַרלאַנג. האָט ער געהייסן הגרן אַוועקגיין מיט ישמעאלן פון זיין הויז, און האָט איר געגעבן אויפן וועג ברויט און אַ לאָגל מיט וואַסער. הגר איז מיט איר זון אַוועק אין מדבר און האָט דאָרט פאַרבלאָנדזשעט. דאָס וואַסער פון לאָגל האָט זיך אויסגעלאָזט און זיי האָבן ניט געהאַט וואָס צו טרינקען. דעמאָלט האָט הגר איבערגעלאָזט איר קינד אונטער אַ קוסט און האָט געזאָגט: „איך וויל נישט זען ווי אַזוי מיין קינד וועט אויסגיין פון דורשט". און אַליין האָט זי זיך געזעצט פון ווייטנס און האָט זיך ביטער צעוויינט. פּלוצלונג האָט זיך דערהערט די שטימע פון אַ מלאך פון גאָט: וואָס איז דיר, הגר? נישט האָב קיין מורא: גאָט האָט דערהערט די שטימע פון דיין קינד. הייב אויף דיין זון און פיר אים פאַר דער האַנט, וואָרום איך וועל אים מאַכן פאַר אַ גרויס פאָלק". הגר האָט אויפגעהויבן די אויגן און האָט באַלד דערזען אַ ברונעם מיט וואַסער. זי איז אַוועק, האָט אָנגעפילט דעם לאָגל מיט וואַסער און האָט אָנגעטרונקען איר זון. ישמעאל איז געבליבן וואוינען אין מדבר. ער איז געוואָרן אַ פלינקער רייטער און בויגנשיסער. די קינדער אָפּשטאַמיקע פון ישמעאלן האָבן אומגעוואַנדערט אין דעם אַראַבישן מדבר צו דרום זייט פון פאַלעסטינע. ישמעאל ווערט גערעכנט פאַר דעם פאָטער פון די אַראַבער.

## § 9. אברהמס נסיון, די עקדה

אין יענער צייט האָט זיך אברהם איבערגעצויגן פון חברון אין דער

שטאָט גרר, אין דרום־מערב פון פּאַלעסטינע. כאָטש ער האָט געלעבט צווישן געצנדינער איז ער דאָך געבליבן טריי דעם גלויבן אין אַן איינ־ציקן גאָט. איין מאָל האָט גאָט געוואָלט אויספּרואוון אברהמען און האָט צו אים געזאָגט: „נעם דיין זון, דיין איינציקן, וואָס דו האָסט ליב, יצחקן, און גיי אין דעם לאַנד מוריה, און ברענג מיר אים דאָרט פאַר אַ קרבן אויף איינעם פון די בערג וואָס איך וועל דיר זאָגן".

שווער איז געווען אברהמען צו דערפילן דעם דאָזיקן פאַרלאַנג פון גאָט, אָבער ער האָט ניט געוואָלט עובר זיין אויף גאָטס וואָרט. איז ער אויפגעשטאַנען באַגינען פאַרטאָג, האָט אָנגעזאָטלט זיין אייזל, האָט מיטגענומען יצחקן און זיך געלאָזט אין וועג אריין צום אָנגעוויזענעם אָרט. יצחק האָט געמיינט אַז זיין פאָטער וועט ברענגען פאַר אַ קרבן אַ שעפּס אָדער אַ באַראַן. ווען אברהם האָט שוין צוגעגרייט אַלץ צו ברענגען דעם קרבן, האָט אים יצחק געפרעגט: „אָט איז דאָס פייער און דאָס האָלץ, און וואו איז דער שעפּס פאַר דער עולה?" אברהם האָט שווייגנדיק גע־נומען זיין זון און אים געבונדן, האָט אים אַוועקגעלייגט אויפן מיזבח אויף דעם האָלץ, און האָט שוין אויסגעשטרעקט זיין האַנט מיטן מעסער, נאָר אין דעם אויגנבליק האָט ער דערהערט אַ קול פון הימל: „אברהם, אברהם, זאָלסט ניט אויסציִען דיין האַנט צום יונגל און זאָלסט גאָר ניט טאָן צו אים. איצטער ווייס איך אַז דו ביסט גאָטספאָרכטיק, ווען דו האָסט ניט פאַרמיטן פון מיר אפילו דיין איינציקן זון". ווען אברהם האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן האָט ער דערזען ניט ווייט אַ באַראַן, וועל־כער האָט זיך פאַרפלאָנטערט מיט די הערנער אין די קוסטעס. דער גליק־לעכער אברהם האָט אַרונטערגענומען זיין זון פון דעם מיזבח און אַנ־שטאָט אים האָט ער געבראַכט דעם באַראַן פאַר אַ קרבן צו גאָט. גאָט האָט ניט געוואָלט קיין מענטשלעכע קרבנות, אַזוי ווי עס פלעגן אין יענער צייט ברענגען די היידנישע איינוואוינער פון כנען לכבוד זייערע געצן. מיט דער עקדה האָט ער נאָך געוואָלט אויספּרואוון זיין ליבלינג, אברהמען, און ער האָט זיך איבערצייגט, אַז דער יידישער פאַטריאַרך איז אים איבערגעגעבן מיט דער גאַנצער נשמה און איז גרייט מקריב צו זיין אַלץ אַבי נאָר צו דערפילן דעם רצון פון גאָט.

## § 10. יצחקס חתונה

שרה, אברהמס ווייב, איז געשטאָרבן אין עלטער פון הונדערט און

זיבן־און־צוואַנציק יאָר. אברהם האָט ביטער באַקלאָגט זיין ווייב און האָט זי מקבר געווען נעבן חברון, אין דער מערת המכפלה, אויף אַ חלק ערד, וואָס ער האָט געקויפט ביי די חתים. נאָך דעם האָט דער אַלטער פּאַטריאַרך גענומען טראַכטן וועגן געפינען אַ ווייב פאַר יצחקן. האָט ער צוגערופן זיין געטרייען דינער און הויז־פירער, אליעזר, און האָט אים געזאָגט: „שווער מיר אַז דו וועסט ניט נעמען פאַר מיין זון אַ ווייב פון די כנענישע טעכטער, צווישן וועלכע מיר וואוינען, נאָר דו וועסט גיין אין מיין געבורטסלאַנד און דאָרט וועסטו אויסקלייבן אַ ווייב פאַר מיין זון". אליעזר האָט געשוואָרן, האָט גענומען צען קעמלען, האָט זיי אָנגעלאָדן מיט אַלדעס גוטס און איז אַוועק קיין ארם, ד"ה מעסאָפּאָטאַמיע. אין אַ קורצער צייט אַרום איז ער אָנגעקומען אין דער שטאָט וואו עס האָבן געוואוינט אברהמס קרובים, פון זיין ברודער נחורס צד.

הינטערן שטאָט, ביים ברונעם, האָט זיך אליעזר אָפּגעשטעלט מיט זיינע קעמלען. דער טאָג האָט זיך שוין גענייגט צום אונטערגיין און עס האָט זיך דערנענטערט די שעה ווען די מיידלעך פון שטאָט פלעגן אַרויסגיין צום ברונעם שעפּן וואַסער. אליעזר איז געבליבן וואַרטן ביז די מיידלעך וועלן אַרויסקומען, און האָט ביי זיך אַזוי באַשלאָסן: „איך וועל בעטן איינע פון זיי מיר צו געבן טרינקען, און אויב זי וועט מיר געבן צו טרינקען, מיר און אויך מיינע קעמלען, וועל איך וויסן אַז די האָט גאָט באַשערט פאַר אַ ווייב צו יצחקן". פּלוצלונג איז אָנגעקומען אַ יונגע מיידל מיט אַ קרוג אויף איר אַקסל. זי איז אַרונטער צום ברונעם, האָט אָנגעשעפּט דעם קרוג מיט וואַסער און האָט גענומען אַרויפגיין. אליעזר איז איר אַנטקעגן געלאָפן און האָט איר געזאָגט: „לאָז מיר זיך אָנטרינקען פון דיין קרוג". דאָס מיידל האָט שנעל אַרונטערגעלאָזן דעם קרוג פונעם אַקסל, האָט געגעבן אליעזרן זיך אָנצוטרינקען און האָט געזאָגט: „איצט וועל איך אויך אָנשעפּן פאַר דיינע קעמלען צו טרינקען". און אַראָפּלאָזנדיק זיך ווידער צום ברונעם האָט זי אָנגעשעפּט וואַסער פאַר די קעמלען. מיט ליבשאַפט האָט אברהמס טרייער דינער געקוקט אויף דעם גוטן מיידל. ווען זי האָט אָנגעטרונקען אַלע קעמלען, האָט ער אַרויסגענומען אַ גאָלדן אויר־רינגל און צוויי פינגערלעך, האָט עס דערלאַנגט דעם מיידל, און זי געפרעגט: „זאָג מיר, וועמעס טאָכטער ביסטו, און צי איז אין דיין פאָטערס הויז פאַראַן אַ פּלאַץ פאַר אונדז איבערצונעכטיקן?" דאָס מיידל האָט געענטפערט, אַז זי איז רבקה, די טאָכטער פון

בתואל און אַן אייניקל פון נחורן, און אַז עס איז אין זייער הויז פאַראַן אָרט צו נעכטיקן און געַנוג שפּייז פאַר די פי.

דאָ איז רבקה אַוועקגעלאָפן אַהיים און האָט דערציילט איר מוטער וועגן אַלץ וואָס איז געשען. איז רבקהס ברודער, לבן, אַרויס אליעזרן אַנט־קעגן און האָט אים געבראַכט אין הויז פון זיינע עלטערן. אליעזר איז גע־ווען גערירט פון דער דאָזיקער גאַסטפריינדלעכקייט און האָט דערציילט רבקהס עלטערן און איר ברודער דעם צוועק פון זיין קומען, און האָט דער־קלערט, אַז גאָט אליין, זעט אויס, האָט באַשטימט רבקהן צו זיין די ווייב פון איר קרוב יצחקן. און בתואל און לבן האָבן געענטפערט: „אָט איז רבקה פאַר דיר, נעם זי און זאָל זי זיין די פרוי פון דעם זון פון דיין האַר". אליעזר האָט אַרויסגענומען די זילבערנע און גילדערנע חפצים און קליי־דער און האָט געגעבן דער כלה, איר מוטער און איר ברודער. אויף מאָרגן האָבן די עלטערן געבענטשט רבקהן און זי געלאָזט גיין מיט אליעזרן קיין כנען. ווען אליעזר און רבקה זיינען צוגעפאָרן צום אָרט וואו עס זיינען געשטאַנען אברהמס געצעלטן, האָבן זיי באַגעגנט יצחקן אין פעלד. ווען רבקה האָט זיך דערוואוסט, ווער דאָס איז האָט זי גענומען אַ טוך און פאַר־דעקט איר געזיכט. נאָכהער האָט יצחק אריינגעפירט רבקהן אין געצעלט פון זיינע עלטערן און זי איז געוואָרן זיין ווייב, און ער האָט זי ליב גע־קראָגן. אברהם האָט נאָך דעם געלעבט נאָך אַ קורצע צייט און איז גע־שטאָרבן אין טיפן עלטער, צו הונדערט און פינף און זיבעציק יאָר. מען האָט אים מקבר געווען לעבן שרהן אין דער מערת המכפלה, ביי חברון.

### § 11. יצחק און זיינע זין

נאָך אברהמס טויט איז יצחק געוואָרן דער עלטסטער, אָדער פּאַטריאַרך, פון דעם יידישן שבט. ער האָט אויך געוואוינט אין דרום־כנען, און האָט זיך באַשעפטיקט ניט נאָר מיט פיצוכט, נאָר אויך מיט ערדאַרבעט. פון זיין פרוי רבקה האָט יצחק געהאַט צוויי זין, אַ צווילינג. דעם ערשטן האָט מען גערופן עשו און דעם אַנדערן — יעקב. ווען די קינדער זיינען אונ־טערגעוואַקסן האָט מען אָנגעהויבן באַמערקן אַז זיי אונטערשיידן זיך איינער פון אַנדערן אין זייערע נייגונגען. עשו האָט ליב געהאַט די יאַגד און איז געווען אַ מענטש פון פעלד, און יעקב האָט ליב געהאַט דאָס רואיקע לעבן פון דעם פּאַסטוך און איז געווען אַ הויזזיצער, אַ יושב אהל.

איין מאָל האָט זיך עשו צוריקגעקערט פון יאַגד אַ מידער און אַ הונגעריקער. ווען ער האָט דערזען ביי יעקבן אַ געקעכטס פון לינדזן האָט ער אים געבעטן ער זאָל דאָס אים געבן צו עסן. און יעקב האָט אים געזאָגט: „פאַרקויף מיר דערפאַר די בכורה“. (עשו האָט זיך גערעכנט פאַרן עלטערן ברודער, און דער עלטערער האָט נאָכן פאָטערס טויט גע־דאַרפט ווערן דער עלטסטער פון דער פאַמיליע). עשו האָט געענטפערט: „איך בין טויט־הונגעריק, אויף וואָס דאַרף איך די בכורה?“ און יעקב האָט געגעבן זיין ברודער זאַט אָנצועסן; און עשון האָט גאָר ניט באַנג געטאָן וואָס ער האָט פאַרקויפט זיין רעכט אויף דער בכורה פאַר אַ טאָפּ לינדזן. נאָר יצחק האָט עס אַזוי ווי ניט באַמערקט, און האָט זיך אויך ווייטער פאַרהאַלטן צו עשון אַזוי ווי צום ערשטן זון. עשו פלעגט אָפט ברענגען פון יאַגד פרישן פאַנג, פלעגט צוגרייטן דערפון געשמאַקע מאכלים און עס אונטערטראָגן זיין פאָטער; ער איז געווען יצחקס ליבלינג, און דער באַשיידענער יעקב איז געווען דער מוטערס ליבלינג.

ווען יצחק איז געוואָרן אַלט און איז שוין כמעט בלינד געווען האָט ער איין מאָל צוגערופן עשון און אים געזאָגט: „מיין זון, אָט בין איך שוין אַלט און איך ווייס ניט דעם טאָג פון מיין טויט. נעם דיין בויגן, גיי אין פעלד, פאַנג פון מיינעטוועגן אַ חיה און גרייט מיר צו מיין באַ־ליבטע שפייז, און איך וועל דיך בענטשן איידער איך שטאַרב“. רבקה האָט געהערט יצחקס ווערטער און איר האָט באַנג געטאָן וואָס די פאָטער־לעכע ברכה וועט אָנקומען עשון און ניט פאַר איר ליבלינג יעקבן. האָט זי עס דערציילט יעקבן און האָט אים אַן עצה געגעבן ער זאָל אויסנאַרן פון דעם פאָטער די ברכה פריער פון דעם ברודער. אויף דער מוטערס ראָט האָט יעקב גלייך געבראַכט פון דער סטאַדע צוויי ציגעלעך און פון זייער פלייש האָט רבקה געמאַכט יצחקס באַליבט מאכל. דערנאָך האָט זי אָנ־געטאָן יעקבן עשוס יאַגד־קליידער, האָט אים באַדעקט די הענט און דעם האַלדז מיט דער פעל פון די ציגעלעך, (ווארום עשו איז געווען אַ האָרי־קער) און האָט אים געהייסן אָפּטראָגן צום פאָטער די צוגעגרייטע שפייז. און יעקב איז געקומען צום פאָטער און געזאָגט: „אָט בין איך, דיין על־טערער זון עשו. איך האָב געטאָן וואָס דו האָסט מיר געהייסן. אַצינד עס אָפּ און בענטש מיך“. דער בלינדער יצחק האָט אַרומגעטאַפּט זיין זון און מיט פאַרוואונדערונג געזאָגט: „הקול קול יעקב, והידים ידי עשו, דאָס קול איז יעקבס, און די הענט — עשוס“. דער אַלטער האָט פונדעסטוועגן

געגלויבט אַז פאַר אים שטייט עשו און האָט אים געבענטשט אַזוי: „גאָט זאָל דיר געבן פון דעם טוי פון הימל און פון די פעטקייט פון דער ערד, און פיל קאָרן און וויין; עס זאָלן דיר דינען פעלקער, און עס זאָלן זיך בוקן צו דיר קעניגרייכן, און זיי אַ האַר צו דיינע ברידער". ווי נאָר יעקב איז אַרויס האָט זיך עשו אומגעקערט פון דער יאַגד, האָט צוגעגרייט שפּייז פון זיין פאַנג און האָט עס געבראַכט דעם פאָטער. יצחק האָט זיך דערשראָקן און געפרעגט: „ווער־זשע איז דאָ פריער געווען און האָט צוגענומען ביי מיר די ברכה?" עשו האָט פאַרשטאַנען אַז זיין ברודער איז אים פאַרלאָפן דעם וועג און ער האָט אויסגערופן אין פאַרצווייפלונג: „פאָטער, צי האָסטו דען נאָר איין ברכה? בענטש מיך אויך". און יצחק האָט געזאָגט: „איך האָב שוין יעקבן געבענטשט אַז ער זאָל זיין אַ האַר איבער זיינע ברידער; און דיר וועל איך ווינטשן אַז דו זאָלסט זיך פאַרטייַדיקן מיט דיין שווערד, און ווען דיין ברודערס הערשאַפט וועט דיר ווערן שווער, וועסטו מיט מאַכט אָפּוואַרפן זיין יאָך פון דיין האַלדז". פון דעמאָלט אָן האָט עשו געטראָגן אַ שנאה צו זיין ברודער יעקבן. „ער האָט צוערשט אויסגענאַרט ביי מיר די בכורה, און נאָך דעם אויך די ברכה וואָס איז געווען באַשטימט פאַר מיר", האָט זיך עשו געקלאָגט. און ער האָט באַשלאָסן צו הרגענען יעקבן אַזוי שנעל ווי דער פאָטער וועט שטאַרבן. דערוויסנדיק זיך עשוס מהשבה, האָט רבקה גערופן יעקבן און אים געזאָגט: „אַנטלויף צו מיין ברודער לבן אין חרן, און פאַרבלייב דאָרט ביז עס וועט געשטילט ווערן דער צאָרן פון דיין ברודער". יצחק האָט אויך געראַטן יעקבן ער זאָל גיין צו לבנען קיין מעסאָפּאָטאַמיע און דאָרט זיך געפינען אַ ווייב פון דער אייגענער משפחה. יעקב האָט אַזוי געטאָן און האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין ווייטן וועג אריין.

## § 12. יעקב אין מעסאָפּאָטאַמיע

לאַנג איז יעקב געגאַנגען פון כנען קיין מעסאָפּאָטאַמיע. אין איין אָרט אין מעסאָפּאָטאַמיע, וואו עס האָט אים פאַרכאַפּט די נאַכט, האָט דער וואַנדערער זיך געלייגט שלאָפן און צוקאָפּנס האָט ער זיך געלייגט אַ שטיין, און ער האָט געזען אַ וואונדערלעכן חלום: עס שטייט אַ לייטער, וואָס זיין שפּיץ דערגרייכט ביזן הימל און מלאכים גייען אויף אים אַראָפּ און אַרויף. און ער האָט דערהערט אַ שטים פון גאָט: „איך בין מיט דיר

און וועל דיך היטן אומעטום און נאָך דעם וועל איך דיך אומקערן צו דיין פאָטערלאַנד″. יעקב האָט זיך אויפגעכאַפּט און זיך געפרייט איבער דעם פיל צוזאָגנדיקן חלום. דעם שטיין אויף וועלכן ער איז געשלאָפן האָט ער אַוועקגעשטעלט פאַר אַ דענקמאָל, כדי, ווען ער וועט זיך אומקערן אַהיים, זאָל ער אויף דעם הייליקן אָרט אויסבויען אַ הויז צו גאָט. אין שפּעטערע צייטן איז אויף דעם דאָזיקן אָרט געגרינדעט געוואָרן די יידישע שטאָט בית־אל (גאָטס הויז).

נאָך לאַנגע וואַנדערונגען איז יעקב אָנגעקומען צו אַ פעלד. אין מיטן פעלד איז געשטאַנען אַ ברונעם און אַרום דעם ברונעם זיינען געווען אויס־געלייגט פּאַסטוכער מיט זייערע סטאַדעס שאָף. דאָס איז געווען אַ פעלד לעבן חרן. די פּאַסטוכער האָבן יעקבן דערציילט אַז זיי קענען זיין פעטער לבן. דערווייל איז אין פעלד אָנגעקומען רחל, לבנס יינגערע טאָכטער, אָנצוטרינקען אירע שאָף. דער ברונעם איז געווען צוגעדעקט מיט אַ גרויסן שטיין, און פאַר דעם יונגן מיידל איז שווער געווען דעם שטיין אַראָפּ־צונעמען. ווען יעקב האָט פון די פּאַסטוכער דערהערט ווער דאָס מיידל איז, איז ער צוגעלאָפן צום ברונעם, האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם שטיין און האָט אָנגעטרונקען רחלס שאָף. דעמאָלט האָט ער איר געזאָגט אַז ער איז איר שוועסטערקינד, און ער האָט זי געקושט און איז געווען אַזוי גערירט פון דער באַגעגעניש, אַז ער האָט זיך צעוויינט. רחל איז געלאָפן אַהיים, און באַלד איז געקומען איר פאָטער. לבן האָט מיט פרייד באַגעגנט זיין פּלימעניק און אים געבראַכט אין זיין הויז. און יעקב איז פאַרבליבן וואוינען אין לבנס הויז.

אויסער רחלן האָט לבן געהאַט נאָך אַן עלטערע טאָכטער, לאה. לאה האָט געהאַט שוואַכע אויגן, אָבער רחל איז געווען זייער אַ שיינע. יעקב האָט ליב געקראָגן רחלן און האָט געזאָגט צו לבנען: „איך וועל דיר דינען זיבן יאָר, אויב דו וועסט מיר געבן פאַר אַ ווייב דיין יינגערע טאָכטער רחל″. לבן האָט איינגעשטימט און יעקב האָט אָפּגעדינט ביי זיין פעטער זיבן יאָר. ער האָט געפּאַשעט זיינע סטאַדעס ביי טאָג און זיי געהיט ביי נאַכט; ער האָט פלייסיק געאַרבעט פאַר זיין געליבטער רחל, און די זיבן יאָר דינסט זיינען פאַר אים פאַרלאָפן ווי עטלעכע טעג. נאָר לבן האָט אָפּגענאַרט זיין פּלימעניק. ווען די זיבן יאָר זיינען אַוועק האָט ער אַנ־שטאָט רחלן אים געגעבן פאַר אַ ווייב איר עלטערע שוועסטער לאה. ווען יעקב האָט זיך באַקלאָגט אויף דער דאָזיקער רמאות, האָט אים לבן גע־

זאָגט: „עס איז ביי אונדז ניט אָנגענומען אויסצוגעבן די יונגערע שוועס־טער פאַר דער עלטערער; דין ביי מיר נאָך זיבן יאָר און איך וועל דיר געבן רחלן אויך". יעקב איז פאַרבליבן דינען, און אויף אַזאַ אויפן האָט ער געקראָגן צוויי ווייבער. די ניט געליבטע ווייב לאה האָט געהאַט אַ סך קינדער; זי האָט געבוירן זעקס זין: (ראובן, שמעון, לוי, יהודה, יששכר און זבולן) און אַ טאָכטער (דינה). רחל אָבער האָט קיין קינדער ניט גע־האַט און דאָס האָט איר פאַרשאַפט פיל צער. ערשט אין אַ לאַנגער צייט אַרום האָט זי געהאַט אַ זון יוסף. לויט דעם מנהג פון די מזרח־לענדער האָט יעקב געהאַט נאָך קינדער פון זיינע צוויי דינסטן, בלהה און זלפה. די ערשטע האָט געהאַט צוויי זין: דן און נפתלי און די אַנדערע — אויך צוויי: גד און אשר.

ווען ביי יעקבן איז שוין געוואָרן אַ גרויסע געזינט האָט ער דער־קלערט לבנען אַז ער וויל צוריקקערן אַהיים, אין כנען. אָבער לבן האָט אים ניט געוואָלט אַוועקלאָזן, ווייל יעקב האָט גוט געוואוסט ווי צו האָ־דעווען פי און האָט שטאַרק פאַרמערט די סטאַדעס פון זיין האַר. לבן האָט דעריבער איינגערעדט יעקבן צו בלייבן, און האָט אים צוגעזאָגט פאַר־שיידענע הבטחות. לבן האָט געשענקט יעקבן אַ טייל פון זיינע סטאַדעס, און אין עטלעכע יאָר אַרום איז יעקב געווען זייער רייך אין שאָף, ציגן, קעמלען און אויך קנעכט און דינסטן. אָבער לבן האָט אַלץ ניט געלאָזט יעקב אַוועקגיין. האָט איין מאָל יעקב גענומען זיינע ווייבער, זיינע קינ־דער, זיינע קנעכט און סטאַדעס און איז בשתיקה מיט זיי אַוועק. די אַנטלאָפענע זיינען שוין געווען אַריבער דעם טייך, ווען לבן מיט זיינע מענטשן האָבן זיי פלוצלונג אָנגעיאָגט. לבן האָט געשטראָפט יעקבן פאַר וואָס ער האָט זיך אַרויסגעגנבעט, נאָר יעקב האָט אים געענטפערט, אַז ער האָט אים געטריי געדינט צוואַנציק לאַנגע יאָר, און אַז איצט וויל ער זיך שוין אומקערן אַהיים מיט זיין פאַמיליע און מיט זיין ערלעך אָנ־געלעבטן פאַרמעגן. נאָך לאַנגע וויכוחים זיינען זיך יעקב און לבן צע־גאַנגען. זיי האָבן אויפגעשטעלט לעבן ירדן אַ בערגל פון שטיינער, כדי אָפּצוצייכענען די גרענעצן פון זייער ערד, און האָבן זיך געגעבן אַ שבועה קיין מאָל איינער דעם אַנדערן ניט טשעפּען. דאַן האָט זיך לבן אומגע־קערט קיין מעסאָפּאָטאַמיע, און יעקב האָט זיך געלאָזט קיין כנען.

## § 13. יעקב און זיינע קינדער אין כנען

ווען יעקב איז צוריקגעקומען אין זיין געבוירנלאַנד, האָט ער באַ־רעכנט אַז אים וועט אויסקומען זיך צו באַגעגענען מיט זיין ברודער עשון, פון וועלכן ער איז אַמאָל אַנטלאָפן, און ער האָט געוואָלט שלום־מאַכן מיט אים. האָט ער געשיקט פאָרויס שלוחים צו עשון, וועלכער האָט געוואוינט אויפן באַרג שעיר, אים צו בעטן צו שליסן פרידן מיט אים. נאָר די שלוחים זיינען באַלד געקומען צוריק און געמאָלדן, אַז עשו גייט שוין אַנטקעגן זיין ברודער און מיט אים גייען פיר הונדערט מאַן. יעקב האָט זיך שטאַרק דערשראָקן און האָט מתפלל געווען צו גאָט ער זאָל אים באַשיצן. דאַן האָט ער צעטיילט זיינע מענטשן און סטאַדעס אויף צוויי מחנות. פון פאָרנט האָט ער געשטעלט די קנעכט און דינסטן און אייניקע סטאַדעס, וועלכע ער האָט באַשטימט פאַר אַ מתנה עשון, און הינטן זיינען געגאַנגען יעקבס ווייבער און קינדער מיט דער איבעריקער קאַראַוואַנע. ווען עשו איז שוין געווען גאָר נאָענט איז יעקב אַרויסגע־טראָטן פאָרויס און האָט זיך זיבן מאָל פאַרבייגט פאַר אים צו דער ערד. עשו איז שטאַרק גערירט געוואָרן פון זיין ברודערס אונטערטעניקייט, און ער האָט אים אַרומגענומען און געקושט און זיי האָבן זיך ביידע צעוויינט. די אַלטע שנאה איז געוואָרן פאַרגעסן. עשו האָט זיך פון אַנ־הויב אָפּגעזאָגט אַנצונעמען די מתנות פון דעם ברודער, נאָר יעקב האָט אים שטאַרק געבעטן און ער האָט זיי גענומען. דאַן האָבן זיך די ברידער צעשיידט. עשו איז אַוועק צוריק אין שעיר און פון אים איז שפּעטער אַרויסגעקומען דאָס קריגערישע פאָלק אדום, וואָס האָט געלעבט אין דרום־כנען. און יעקב האָט אויף דערווייל אויפגעשלאָגן זיינע געצעלטן לעבן דער שטאָט שכם, אין מיטל־כנען.

נאָר דאָ איז געשען אַ טרויעריקע פּאַסירונג. דער זון פון דעם קעניג פון שכם, וועלכער האָט אויך געהייסן שכם, האָט דערזען יעקבס טאָכטער דינה. איין מאָל, ווען זי איז געגאַנגען אליין שפּאַצירן, און האָט זי גע־פאַנגען. שכם האָט דינהן געוואָלט נעמען פאַר אַ ווייב, נאָר יעקב האָט ניט געקענט געבן זיין טאָכטער פאַר אַ ווייב צו איינעם פון אַ פרעמדן פאָלק. אָבער דער יונגער קעניג האָט מיט גוואַלד געהאַלטן דינהן אין זיין הויז. דאַן האָבן יעקבס מוטיקע זין שמעון און לוי באַוואָפנט זייערע מענ־טשן און זיינען פלוצלונג באַפאַלן די איינוואוינער פון שטאָט. זיי האָבן

געהרגעט דעם קעניג מיט זיין זון און האָבן באַפרייט זייער שוועסטער און זיינען מיט איר אַוועק.

נאָך דער דאָזיקער געשעעניש האָבן די אַרומיקע פעלקער פון כנען זיך אָנגעהויבן פאַרהאַלטן פיינדלעך צו יעקבן און זיין שטאַם, און יעקב און זיין פאַמיליע האָבן געמוזט אַוועקוואַנדערן צו דרום, צו דעם אָרט וואו שפּעטער איז געשטאַנען די שטאָט בית־אל. אין דאָזיקן אָרט האָט יעקב אַמאָל געבענטשט ווען ער איז געלאָפן פון עשון, און ער האָט איצט אויף דעם פּלאַץ אויסגעבויט אַ מזבח צו גאָט. ער האָט אויך גע־הייסן זיין הויזגעזינט פאַר־ניכטן אַלע געצנבילדער, וואָס זיי האָבן געבראַכט מיט זיך פון מעסאָפּאָטאַ־מיע פון דעם הויז פון לבן, דעם געצנדינער. דאָ — דערציילט דער חומש, — האָט זיך גאָט ווידער באַ־וויזן צו יעקבן און אים געהייסן פון היינט און ווייטער זיך רופן מיטן נאָ־מען ישראל (אל מיינט גאָט) ציענדיק ווייטער צו חב־רון, וואו עס האָט נאָך גע־לעבט דער אַלטער יצחק, האָט זיך יעקב אָפּגעשטעלט אין וועג, ניט ווייט פון


יעקב ראַנגלט זיך מיטן מלאך

דער שטאָט בית־לחם. דאָ האָט רחל געבוירן אַ צווייטן זון, וועלכן זי האָט אַ נאָמען געגעבן בנימין, און איז אין קימפעט געשטאָרבן. יעקב האָט מקבר געווען זיין געליבטע פרוי אין מיטן וועג און האָט גע־שטעלט אַ מצבה אויף איר קבר. דאַן איז ער אָנגעקומען צו זיין פאָטער יצחקן אין חברון און איז דאָ פאַרבליבן וואוינען. אין גיכן איז יצחק געשטאָרבן, הונדערט און אַכציק יאָר אַלט. מען האָט אים מקבר געווען, אַזוי ווי פריער רבקהן אין דער מערת המכפלה, לעבן חברון,

אין אברהמס פאַמיליע־קבר. דער עלטסטער און פירער פון דעם יידישן שבט איז איצט געוואָרן יעקב.

## § 14. יוסף און זיינע ברידער

פון אַלע צוועלף זין האָט יעקב אַמשטאַרקסטן ליב געהאַט יוספן, רחלס זון. יוסף איז געווען זייער אַ שיינער. דער פאָטער האָט אים אויס־דערוויילט פון אַלע זיינע ברידער און האָט אים געשענקט אַ העמד אין רייכע קאָלירן. די ברידער האָבן יוספן מקנא געווען און האָבן אים ניט ליב געהאַט, און מיט זיינע אומפאָרזיכטיקע רייד און האַנדלונגען האָט



מאַמע רחלס קבר

ער נאָך די קנאה פאַרשטאַרקט. איין מאָל האָט יוסף געזען אַ חלום און ער האָט אים דערציילט זיינע ברידער: „איך האָב געזען" — האָט ער געזאָגט — „אין חלום ווי מיר אַלע זיינען אין פעלד און מיר בינדן גאַרבן; פלוצלינג האָט זיך מיין גאַרב אויפגעהויבן און איז געבליבן שטיין, און אייערע גאַרבן האָבן זיך געשטעלט אַרום אים, און האָבן זיך געבוקט צו אים". זיינע ברידער זיינען אין כעס געוואָרן און האָבן געזאָגט: „צי דענקסטו אַז דו וועסט אַמאָל זיין הערשער איבער אונדז?" און זיי האָבן אים נאָך שטאַרקער פאַרהאַסט. אַ צווייטן מאָל האָט יוסף דערציילט

דעם פאָטער און די ברידער, אַז אים האָט זיך געחלומט ווי די זון, די לבנה און עלף שטערן בוקן זיך צו אים. יעקב האָט אָנגעשריען אויף יוספן און געזאָגט: „שוין זשע דענקסטו, אַז איך און דיין מוטער און דיינע עלף ברידער וועלן קומען זיך בוקן צו דיר ביז צו דער ערד?".

איין מאָל האָבן די ברידער געפּאַשעט זייערע סטאַדעס אין שכם און יעקב האָט געשיקט יוספן אַהין צו זען אויב זיי זיינען געזונט און אויב די פי איז גאַנץ. אַז זיי האָבן דערזען יוספן פון דערווייטנס האָבן די ברידער געזאָגט: „אָט גייט דער בעל־החלומות; לאָמיר אים הרגענען און אריינוואַרפן אין אַ גרוב און דעם פאָטער וועלן מיר זאָגן, אַז אַ ווילדע חיה האָט אים פאַרצוקט. און דעמאָלט וועלן מיר זען וואָס עס וועט אַרויס־קומען פון זיינע חלומות". ווען ראובן, יעקבס עלטסטער זון, האָט דאָס דערהערט, האָט ער אָנגעהויבן איינריידן די ברידער אַז עס איז ניט רעכט צו הרגענען יוספן, און אַז בעסער וואָלט געווען אריינוואַרפן אים לעבע־דיקערהייט אין אַ גרוב. ראובן האָט עס געזאָגט מיט דער כוונה צו ראַ־טעווען שפּעטער יוספן און אים אָפּפירן צום פאָטער. ווי נאָר יוסף איז צוגעקומען האָבן די ברידער אים אויסגעטאָן דאָס פיל־פאַרביקע העמדל און האָבן אים אריינגעוואָרפן אין אַ גרוב, וואָס האָט זיך געפונען דאָ אין פעלד, און אַליין האָבן זיי זיך געזעצן עסן. גראָד דעמאָלט איז פאַרביי־געצויגן אַ האַנדלס־קאַראַוואַן פון ישמעאלים, אָדער אַראַבישע סוחרים, מיט קעמלען אָנגעלאָדן מיט סחורה. און יהודה האָט אַן עצה געגעבן די ברידער אַז זיי זאָלן פאַרקויפן יוספן צו די ישמעאלים פאַר אַ קנעכט. זיי האָבן אַזוי געטאָן און האָבן אים פאַרקויפט פאַר צוואַנציק זילבער־שטיקער, און די ישמעאלים האָבן יוספן אַוועקגעפירט מיט זיך. ראובן איז דערביי נישט געווען. ווען ער איז צוריקגעקומען און האָט דערזען, אַז יוסף איז אין גרוב ניטאָ האָט ער אויסגעשריען אין פאַרצווייפלונג: „דאָס קינד איז נישטאָ און איך — וואוהין קען איך איצט גיין?" און די ברי־דער האָבן גענומען יוספס העמדל, האָבן עס איינגעטונקט אין דעם בלוט פון אַ ציגעלע און האָבן עס געבראַכט צו יעקב און געזאָגט: „אָט דאָס האָבן מיר געפונען: דערקען, איז עס יוספס העמד אָדער ניט?" יעקב האָט דערקענט יוספס העמד און האָט אויסגעשריען: „עס איז מיין זונס העמד, אַ ווילדע חיה האָט אים אויפגעגעסן, פאַרצוקט איז יוסף!" דער אומ־גליקלעכער פאָטער האָט פון פאַרצווייפלונג צעריסן זיינע קליידער און פיל טעג האָט ער געוויינט נאָך זיין אומגעקומענעם זון. מען האָט אים

געפּרואווט טרייסטן, נאָר ער האָט געזאָגט: „איך וועל זיך ניט טרייסטן, נאָר אין טרויער וועל איך נידערן צו מיין זון אין קבר״.

## § 15. יוסף אין מצרים

און די ישמעאלים האָבן יוספן אָוועקגעפירט קיין מצרים און האָבן אים דאָרט פאַרקויפט פאַר אַ קנעכט. געקויפט האָט אים פּוטיפר דער עלטסטער פון די לייבוועכטער פון פרעהן, דעם קעניג פון מצרים. און דער אָרנטלעכער און פעאיקער יוסף האָט געפונען חן אין די אויגן פון זיין האַר. ניט לאַנג האָט ער געדינט ווי אַ פשוטער קנעכט. אין גיכן איז ער געוואָרן דער אויפזעער פון פּוטיפרס הויז און האָט אָנגעהויבן פירן זיין גאַנצעווירטשאַפט. יוספן וואָלט זיך גוט געלעבט אין הויז פון עגיפּטישן האַר, נאָר דאָ האָט געטראָפן אַן אומגליק. יוסף, מיט זיין שיי־נער געשטאַלט, איז שטאַרק געפעלן געוואָרן פּוטיפרס ווייב און זי האָט אים גענומען איינריידן ער זאָל ווערן איר מאַן. נאָר דער איידעלער יוסף האָט זיך אָפּגעזאָגט צו באַגיין אַ פאַרברעכן קעגן זיין גוטן בעל־הבית. איין מאָל, ווען פּוטיפרס ווייב איז שטאַרק צוגעשטאַנען צו יוספן און ער האָט מער נישט געוואָלט הערן אירע רייד, האָט ער גענומען לויפן פון הויז. אָבער זי האָט אים אָנגעכאַפּט פאַרן מאַנטל און אים געוואָלט צו־האַלטן. נאָר יוסף האָט זיך אַרויסגעריסן און איז אַרויסגעלאָפן, איבער־לאָזנדיק זיין מאַנטל אין אירע הענט. דאַן האָט די דערצאָרנטע בעל־הביתטע אויפגעהויבן אַ געשריי, עס זיינען זיך צונויפגעלאָפן די הויז־מענטשן און זי האָט פאַלש דערקלערט אַז דער יידישער קנעכט האָט זי געוואָלט באַליידיקן. ווען פּוטיפר האָט דאָס דערהערט, האָט ער געגלויבט די פאַלשע רייד פון זיין פרוי און האָט געהייסן אַריינוואַרפן יוספן אין תפיסה.

לאַנג איז יוסף געזעסן אין געפענגעניש, אָבער אויך דאָ האָט ער אַלעמען דערשטויגט מיט זיין חכמה און איידלקייט. דער אויפזעער פון דער תפיסה האָט אים געמאַכט פאַרן אויבערהאַר איבער אַלע געפאַנגענע. צווישן די געפאַנגענע זיינען געווען צוויי דינער פון פרעהס הויף, וועלכע האָבן זיך געהאַט אין עפעס פאַרזינדיקט: דער שר המשקים — דער עלטסטער קעניגלעכער ווייגיסער, און דער שר האופים — דער הויפּט־בעקער. איין מאָל האָט זיך זיי ביידן געחלומט אומרואיקע חלומות און

זיי האָבן זיך געוועגדט צו יוספן ער זאָל זיי זייערע חלומות באַשיידן. יוסף האָט אויסגעהערט די חלומות און האָט פאָרויסגעזאָגט דעם וויינשענקער, אַז ער וועט שנעל באַפרייט ווערן פון דער תפיסה, און דעם בעקער, אַז ער וועט אין גיכן פאַרמשפּט ווערן צום טויט. און ווי יוסף האָט פּותר געווען, אַזוי איז געשען.

אין צוויי יאָר אַרום נאָך דער דאָזיקער געשיכטע האָט פּרעה אַליין געהאַט אַ מאָדנעם חלום. עס האָט זיך אים געחלומט, אַז פון טייך זיינען אַרויס זיבן שיינע און פעטע קי און האָבן זיך געפּאַשעט אין גראָז, און נאָך זיי זיינען אַרויס זיבן קי, מיאוסע און מאָגערע, און די מאָגערע קי האָבן אויפגעגעסן די פעטע. און ווייטער האָט זיך פּרעהן געחלומט, אַז זיבן פולע זאַנגען אין פעלד זיינען אויפגעגעסן געוואָרן פון זיבן דאַרע זאנגען. דער קעניג האָט זיך אויפגעכאַפּט שטאַרק דערשראָקן, און האָט געלאָזט רופן זיינע חרטומים און מכשפים. אָבער אפילו זיי האָבן ניט געקענט באַשיידן פּרעהן זיינע צוויי חלומות. דעמאָלט האָט דער וויינשענקער, וועלכער איז אַמאָל געזעסן אין תפיסה, דערציילט פּרעהן, אַז אין געפענגעניש זיצט אַ ייד, יוסף, וועלכער פאַרשטייט ריכטיק פּותר צו זיין אַ חלום. דער קעניג האָט באַפוילן תיכף ומיד צו ברענגען יוספן צו אים. אַז יוסף האָט אויסגעהערט פּרעהס חלומות האָט ער געזאָגט: „די זיבן פעטע קי און די זיבן פולע זאַנגען באַדייטן זיבן גערעטענע יאָר; און די זיבן מאָגערע קי און די זיבן ליידיקע זאַנגען באַדייטן זיבן יאָר פון הונגער. פריער וועלן אין דעם לאַנד מצרים אָנשטיין יאָרן פון גערעטעניש און עס וועט זיין אַ גרויסע שפע אין ברויט, אָבער נאָך דעם וועלן קומען זיבן יאָר פון אומגערעטעניש און עס וועט זיין אַ גרויסער הונגער אין לאַנד. גאָט האָט עס אַנטפּלעקט פּרעהן אין חלום כדי ער זאָל באַצייטנס וואָרנען דאָס לאַנד קעגן דעם אומגליק. זאָל פּרעה באַשטימען מענטשן, וועלכע זאָלן אין די גערעטענע יאָרן אויפקלייבן די איבעריקע תבואה אין שפּייכלערס און דאָס פאָלק וועט אין די ניט־גערעטענע יאָרן זיך שפּייזן מיט דעם אָפּגעשפּאָרטן ברויט און וועט ניט דאַרפן הונגערן". דער דאָזיקער קלוגער באַשייד איז פּרעהן געפעלן געוואָרן. „איצט ווייס איך, האָט ער געזאָגט צו יוספן, אַז עס איז נישטאָ קיין קלוגערער פון דיר. פון איצט אָן און ווייטער וועסטו זיין דער ממונה איבער מיין הויז און דיין וואָרט וועט געהערט ווערן פון דאָס גאַנצע פאָלק מיינס". פּרעה האָט געגעבן יוספן זיין פינגערל, האָט אים אָנגעטאָן אַ גאָלדענע קייט

און האָט באַפוילן אים צו פירן איבער די גאַסן פון שטאָט אין דעם קע־ניגלעכן רייטוואָגן. ווען דער נייער שני־למלך איז געפאָרן איבער די גאַסן, האָבן זיך אַלע טיף געבוקט פאַר אים.

אויף אַזאַ אופן איז יוסף פון אַן אומגליקלעכן שקלאַף געוואָרן אַ הערשער, וועלכער האָט פאַרנומען אין מצרים דעם צווייטן פּלאַץ נאָכן קעניג. נאָך דעם האָט ער גענומען פאַר אַ ווייב די טאָכטער פון אַ גרויסן עגיפּטישן האַר, מיטן נאָמען אסנת. זי האָט אים געבוירן צוויי זין, מנשה און אפרים. אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן זיך אָנגעהויבן יאָרן פון גע־רעטעניש, אַזוי ווי יוסף האָט פאָרויסגעזאָגט. און יוסף האָט אויפגעקליבן גוואַלדיקע אוצרות מיט תבואה. און שפּעטער, ווען עס זיינען געקומען די ניט־געראָטענע יאָרן האָט ער די דאָזיקע תבואות געטיילט דעם הונגעריקן פאָלק. אין מצרים איז געווען אַזוי פיל ברויט אין די קעניגלעכע שפּייכ־לערס, אַז אפילו פון אַנדערע לענדער איז מען געקומען אַהער קויפן ברויט.

## § 16. יוספס ברידער אין מצרים

אין יענער צייט איז אין כנען אויך געווען אַ שווערער הונגער. יעקב האָט זיך דערוואוסט אַז אין מצרים זיינען דאָ אוצרות מיט תבואה, האָט ער געשיקט אַהין זיינע זין איינצוקויפן דאָרט ברויט. געגאַנגען זיינען צען פון יעקב זין. בלויז דער יונגסטער, בנימין, איז געבליבן מיטן פאָטער. יעקבס זין זיינען אָנגעקומען קיין מצרים און האָבן זיך פאָרגעשטעלט פאַר יוספן, וועלכער האָט געהאַט די השגחה איבער דעם פאַרקויף פון דער תבואה. יוסף האָט דערקענט זיינע ברידער, אָבער זיי אים האָבן ניט דער־קענט; זיי איז אפילו אויפן געדאַנק ניט אַרויף אַז דער דאָזיקער שטאָל־צער הערשער פון מצרים איז זייער פאַרפאַלענער ברודער. יוסף האָט זיך געמאַכט אַזוי ווי ער וואָלט זיינע ברידער ניט דערקענט, און ער האָט זיי אָנגעפאַנגען שטרענג אויסצופרעגן פון וואַנען זיי זיינען און נאָך וואָס זיי זיינען געקומען. די ברידער האָבן אים דערציילט, אַז איין ברודער איז ביי זיי פאַרפאַלן געוואָרן און איינער איז געבליבן מיטן פאָטער, און אַז זיי זיינען געקומען פון כנען קויפן ברויט. יוסף האָט זיך געמאַכט אַזוי ווי ער וואָלט ניט געגלויבט זייערע רייד, און האָט געזאָגט: „ניין, איר זייט שפּיאָנען און איר זייט געקומען אויסקוקן די שוואַכע ערטער פון אונדזער לאַנד". אומזיסט האָבן די ברידער געטענהעט אַז זיי האָבן ניט

קיין שלעכטע כוונות. יוסף האָט זיי געזאָגט: „אויב איר זייט באמת ער־לעכע לייט, דאַן ברענגט מיר אויך אייער יונגערן ברודער אַהער, און ביז יענער צייט וועט איינער פון אייך בלייבן ביי מיר פאַר אַ משכון״. די ברידער האָבן זיך איבערגעקוקט צווישן זיך און געזאָגט איינער צום אַנדערן: „דאָס ווערן מיר געשטראָפט פאַר דאָס, וואָס מיר האָבן אַמאָל געטאָן צו אונדזער ברודער יוסףן; מיר האָבן דעמאָלט געזען זיינע ליי־דן, געהערט ווי ער האָט זיך געבעטן ביי אונדז, אָבער מיר האָבן אויף אים קיין רחמנות ניט געהאַט און אים פאַרקויפט פאַר אַ קנעכט״. אַזוי האָבן זיי גערעדט צווישן זיך און האָבן גאָר ניט חושד געווען, אַז יוסף, וועלכן זיי האָבן גערעכנט פאַר אַ מיצרי, פאַרשטייט זייער שפּראַך. נאָר יוסף, הערנדיק זייערע ווערטער, איז אַוועקגעגאַנגען אָן אַ זייט און האָט זיך שטיל אויסגעוויינט. נאָך דעם האָט ער געהייסן אָנפילן זייערע זעק מיט תבואה און אריינלייגן דאָס געלט וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט צו באַ־צאָלן פאַר דער תבואה. איינעם פון די ברידער, שמעונען, האָט ער פאַר־האַלטן פאַר אַ משכון, און די איבעריקע האָט ער געלאָזט גיין אַהיים.

און די ברידער זיינען געקומען אהיים און האָבן דערציילט יעקבן אַלץ וואָס איז געשען. יעקב האָט מיט ביטערקייט געזאָגט: „איר וועט מיך אינגאַנצן אומברענגען; יוסף איז ניטאָ, שמעונען האָט איר געלאָזט אין מצרים, און איצט ווילט איר נאָך נעמען אַהין בנימינען אויך. ניין, איך וועל אים נישט אַוועקלאָזן פון זיך״. נאָר ווען דאָס געקויפטע ברויט איז אויסגעגאַנגען און עס איז נייטיק געווען ווידער צו פאָרן קיין מיצרים, האָט יעקב געמוזט לאָזן בנימינען אַהין צוזאַמען מיט זיינע איבעריקע ברי־דער. דער אַלטער פאָטער האָט געבענטשט זיינע אָפּרייזנדע קינדער, און געבעטן צו גאָט עס זאָל מיט זיי קיין אומגליק ניט געשען אין פרעמדן לאַנד.

## § 17. יעקבס איבערוואַנדערונג קיין מצרים

ווען יעקבס זין זיינען צום צווייטן מאָל אָנגעקומען קיין מצרים, האָט שוין יוסף מער ניט געקענט פאַרלייקענען זיין אָפּשטאַמונג; ער האָט זיך געלאָזט דערקענען צו זיין און געזאָגט: „איך בין אייער ברודער יוסף, וועלכן איר האָט פאַרקויפט קיין מצרים״. די ברידער האָבן זיך אַזוי דער־שראָקן אַז זיי האָבן גאָר ניט געקאָנט ענטפערן; נאָר יוסף האָט זיי באַרו־איקט און געזאָגט: „זאָל אייך ניט פאַרדריסן וואָס איר האָט מיך פאַר־

קויפט, ווייל גאָט אַליין האָט מיך געשיקט אַהער צו פאַרהיטן אייער לעבן. ער האָט מיך געמאַכט פאַר אַ ראַטגעבער צו פרעהן און פאַר אַ מושל אי־בערן גאַנצן לאַנד מצרים. איצט גייט שנעל צוריק צו מיין פאָטער און ברענגט אים אַהער צופירן, אים מיט זיינע מענטשן און סטאַדעס. איר וועט דאָ אַלע וואוינען לעבן מיר". ביי די רייד האָט יוסף אַרומגענומען זיינע בירדער און זיי געקושט, און זיי האָבן אַלע געוויינט אויפן קול פאַר פרייד. אַז פרעה האָט דערהערט, אַז עס זיינען געקומען יוספס ברידער, האָט ער געהייסן זיי געבן פערד און גרויסע רייטוועגן, זיי זאָלן ברענגען צופירן קיין מצרים יעקבן מיט זיינע מענטשן און זיין גאַנץ אייגנטום.

ווען די ברידער זיינען צוריקגעקומען צום פאָטער קיין כנען און האָבן אים דערציילט אַז יוסף לעבט נאָך, האָט ער זיי צוערשט ניט געגלויבט. נאָר זעענדיק די רייטוועגן, וואָס יוסף האָט געשיקט, האָט ער אויסגערופן: „גענוג פאַר מיר! מיין זון יוסף לעבט, איך וועל גיין אים זען איידער איך שטאַרב". באַלד האָט יעקב און אַלע זיינע קינדער מיט זייערע ווייבער און זיינע אייניקלעך, דינער און סטאַדעס, און זיין גאַנץ פאַרמעגן, פאַרלאָזן כנען און זיינען אַוועק קיין מצרים. רירנדיק איז געווען די באַגעגעניש צווישן יוספן און זיין פאָטער. לויט יוספס עצה און מיט דער הסכמה פון פרעהן האָבן זיך יעקב מיט זיין גאַנצער משפחה באַזעצט אין דעם בעסטן טייל פון מצרים, אין גושן. דאָ זיינען געווען גוטע לאַנקעס פאַר דעם פי און די יידישע איינוואוינער האָבן געקענט, אַזוי ווי פריער, זיך פאַרנעמען מיט פיצוכט. זיי האָבן געלעבט אָפגעשיידט פון די מצריים, צו וועלכע זיי זיינען געווען פרעמד מיט זייער שפראַך און מיט זייער אַרט לעבן.

ווען יעקב איז געקומען קיין מצרים איז ער אַלט געווען הונדערט און דרייסיק יאָר. ער האָט נאָך געלעבט זיבעצן יאָר. פאַרן טויט האָט ער געבענטשט אַלע זיינע זין, און אויך די זין פון יוספן, אפרים און מנשה. ווען יעקב איז געשטאָרבן האָט יוסף מיט זיינע ברידער אַריבערגעפירט זיין קערפער קיין כנען און אים באַהאַלטן אין דער מערת המכפלה און זיינען אַוועק צוריק קיין מצרים. דאָ האָט יוסף געלעבט ביז הונדערט און צען יאָר, און פאַר זיין טויט האָט ער אָנגעזאָגט זיינע אייגענע, אַז זיי זאָלן אַמאָל אַריבערפירן זיין טויטן קערפער אין זיין געבורטסלאַנד כנען. לויט דעם מינהג פון מיצרים האָט מען יוספס קערפער באַלזאַמירט, כדי ער זאָל זיך לאַנג קענען האַלטן און זיי האָבן אים אַריינגעלייגט אין אַן

ארון, וועלכן מען האָט אַריינגעשטעלט אין איינעם פון די עגיפּטישע קברים.

## § 18. היסטאָרישע אויספירונגען

וועגן דעם גייסטיקן שייכות, וואָס איז געווען צווישן יידן און די אַנדערע סעמיטישע פעלקער, וועלכע האָבן אין טיפן אַלטערטום געלעבט אין בבל, זאָגט עדות די ענלעכקייט פון די אַלטע באַבילאָנישע לעגענדעס צו די דערציילונגען פון אונדזער הייליקער תורה. די געלערנטע פון אונדזער צייט האָבן געמאַכט אויסגראָבונגען אויף יענע ערטער, וואו עס זיינען אַמאָל געשטאַנען די מלוכות פון אשור און בבל. און דאָ האָבן זיי אַנטדעקט טאָוולען און מאָנומענטן, אויף וועלכע עס זיינען אויסגע־קריצט אַסיריש־באַבילאָנישע לעגענדעס אין אַ שפּראַך, וואָס איז ענלעך צו העברעאיש. אין די דאָזיקע אויפשריפטן, וועלכע זיינען געמאַכט גע־וואָרן מיט דריי־פיר טויזנט יאָר צוריק, דערציילט זיך וועגן דער באַשאַ־פונג פון דער וועלט, וועגן די ערשטע מענטשן, וועגן דעם מבול, און דער געבורט פון פעלקער, כמעט אַזוי ווי אין תנ״ך. אויך לויט דער באַבילאָ־נישער מיטאָלאָגיע זיינען דער הימל און די ערד לכתחילה געווען צוזאַמענ־געגאָסן אין איין ענדלאָזן תוהו ובהו (כאַאָס), און דערנאָך האָבן זיי די געטער אָפּגעטיילט און האָבן באַשאַפן די וועלט אין פאַרלויף פון זיבן טעג. די אַסיריש־באַבילאָנישע לעגענדע פון מבול דערציילט דאָס זעלביקע וואָס דער תנ״ך; נאָר אנשטאט נחן ראַטעוועט זיך דאָרט אין אַ שיף דער קעניג, קסיסוטרא, וואָס זיין גאָט בעל האָט אים געוואָרנט וועגן דעם קומענדיקן אומגליק. ענלעך צו דער דערציילונג וועגן דעם „דור הפלגה״ און דעם טורעם פון בבל איז פאַראַן אַ באַבילאָנישע לעגענדע ווי אַזוי מענטשן־ריזן האָבן מורד געווען קעגן די געטער און זיי האָבן אויפ־געשטעלט אַ ריזיקן טורעם מיטן צוועק אַרויפצוקלעטערן אויפן הימל, און ווי אַזוי די געטער האָבן דעם דאָזיקן בנין אומגעוואָרפן אויף די קעפּ פון זיינע בויערס. חורבות פון דעם דאָזיקן ריזיקן טורעם האָבן נאָך עק־זיסטירט אין אַלטערטום, אין באָרסיפּ, אין דער געגנט פון דער שטאָט בבל.

די שייכות פון יידישן פאָלק מיט בבל ווערט אָנגעוויזן אין תנ״ך גופא, אין דער דערציילונג וועגן תרח׳ס קינדער, וועלכע האָבן איבערגע־

וואַנדערט פון אור כשדים קיין ארם. אין ארם איז געבליבן אַ טייל פון דעם שטאַם (די גרופּע פון נחור און לבן), וועלכער האָט זיך אויסגעמישט מיט די ארמים, אָבער דער אַנדערער טייל, אונטער דער פירערשאַפט פון אברהמען, איז אַוועק קיין כנען און האָט זיך דאָ באַזעצט אויף אַ צייט, אונטער דעם נאָמען — „עברים", ווי די קינדער פון עבר בן שלח.

אָט דער שבט „עברים" האָט זיך דערנאָך פאַנאַנדערגעצווייגט אויף עטלעכע באַזונדערע שטאַמען. צווישן האָבן זיך פון אים אויסגעטיילט צוויי קליינע פעלקערשאַפטן: מואב און עמון, וועלכע האָבן געוואוינט אין מזרח זייט פון ירדן. (דאָס איז די דערציילונג וועגן לוטן, וועלכער האָט זיך אָפּגעטיילט פון אברהמס פאַמיליע און וועגן זיינע צוויי זין, מואב און בן־עמי). אויסער די האָבן זיך אין דעם מדבר, וואָס רינגלט אַרום דרום־כנען, באַוויזן צוויי וואַנדערנדע אַראַבישע שבטים, וועלכע זיינען קרובים מיט די עברים: די ישמעאלים און די מדינים (לויט דער מסורה זיינען דאָס די אָפּשטאַמיקע פון אברהמס זייטיקע זין, ישמעאל און מדין). דעם דרום־מזרח בר'עג פון כנען האָט פאַרנומען דער שבט אדום. (לויט דעם תנ"ך — די קינדער פון עשו, אברהמס איייניקל). די דאָזיקע אַלע פעלקערשאַפטן, וועלכע זיינען געווען קרובים מיט די יידן, האָבן זיך ביסלעכוויין צונויפגעמישט מיט די איינוואוינער פון כנען, און האָבן פאַרלאָרן די ריינקייט פון זייער ראַסע בלויז יענער שבט וואָס איז אַרויסגעקומען גלייך פון אברהמען, דורך זיין זון יצחקן, און אייניקל יעקבן, האָט אויפגעהיט די ריינקייט פון זיין ראַסן־טיפּ און זיינע איי־



אַ סעמיטישער פּאַסטעך

גענע זיטן. דער דאָזיקער שבט האָט געלעבט פּאַטריאַרכאַליש, ווי איין גרויסע פאַמיליע, אונטער דער פירערשאַפט פון דעם עלטסטן אין דער מישפּחה (פּאַטריאַרך). זיי האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין דרום־כנען, לעבן חברון, און האָבן געפירט אַ פרידלעכן לעבן פון פּאַסטוכער און ערד־אַרבעטער. אָפט מאָל פלעגט דע רדאָזיקער שבט, צוליב אומגערעטעניש אָדער אַנדערע סיבות, אַריבערוואַנדערן אין די שכנישע פלישתישע לענדער אָדער אין מצרים, נאָר אויך צווישן די פרעמדע שבטים האָט ער אָפּגעהיט די מנהגים פון זיינע עלטערן און זיין אייגענעם פשוטן לעבנס־פיר. מיט די אַרומיקע כנענישע פעלקער פלעגן זיי שליסן בונדן, און אָפט מאָל העלפן אין מילחמות קעגן די פרעמדע. זעלטן ווען האָבן זיי זיך אָבער משדך געווען מיט די כנענים.

געגלויבט האָבן כמעט אַלע „עברים" אין אַן איינציקן גאָט, דעם באַשעפער פון הימל און ערד. זיי האָבן געבויט אין פאַרשיידענע ערטער מזבחות צו גאָט, אויף וועלכע זיי פלעגן ביי פייערלעכע געלעגנהייטן ברענגען קרבנות פון די קלענערע פי. זעלטן נאָר באַגעגנט מען ביי זיי הויזלעכע געצנבילדער, וועלכע זיי האָבן איבערגענומען ביי די קרובישע שבטים. די הויכע רעליגיעזע באַגריפן ווי זיי האָבן זיך שפּעטער אַנט־וויקלט ביי יידן, האָבן אין יענער צייט ערשט אָנגעהויבן געבוירן ווערן. נאָר ביי די בעסערע מענטשן האָט שוין אָנגעהויבן צייטיק ווערן דער גע־דאַנק פון איין גאָט: עס איז געווען קענטיק, אַז די רעליגיע פון די יידן וועט ניט זיין ענלעך צו די אַנדערע רעליגיעס פון דעם מזרח, עס איז געווען צו זען, אַז די יידישע אמונה וועט זיין אַ העכערע און עס וועלן זי ניט קענען באַגרייפן אפילו די נאָענטסטע קרובים פון שבט עברים.

נאָך דעם ווי די יידן פון יעקבס אָדער ישראלס שטאַם האָבן אַ לענ־גערע צייט געלעבט אין דרום־כנען, האָבן זיי אָנגעהויבן זיך אַריבערציען אין די נאָענטע געגנטן פון מצרים, וואָס איז געווען אָפּגעטיילט פון כנען מיט אַ וויסטעניש. יוסף בן יעקב איז אַהינגעקומען דער ערשטער און נאָך אים זיינען געקומען זיינע ברידער מיט זייערע פאַמיליעס. פון דער צייט הייבט זיך אָן אַ נייער פּעריאָד אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק.

קאַפּיטל 2

# די יידן אין מיצרים

## § 19. דאָס לעבן אין מיצרים

אַ סך יאָרן זיינען פאַראיבער פון יענער צייט ווען דער שטאַם פון יעקב, אָדער ישראל, האָט איבערגעוואַנדערט פון כנען אין דעם שכנישן מצרים. דער יידישער שטאַם, וועלכער איז פון אָנפאַנג באַשטאַנען פון זיבעציק נפשות, האָט זיך מיט דער צייט פאַרמערט און זיך צעוואַקסן אין אַ צאָלרייך פאָלק. דאָס דאָזיקע פאָלק האָט זיך אַ נאָמען געגעבן „בני ישראל", ישראלס קינדער, צו אונטערשיידן זיך פון די איבעריקע פעלקער, וועלכע האָבן גערעכנט זייער אָפּשטאַם פון אברהמען און יצחקן, אָבער ניט פון יעקבן.

די יידן האָבן געוואוינט אין גושן, אַ געגנט אין מזרח מצרים, וואָס ווערט באַוואַסערט פון אַן אויסגוס פון דעם טייך נילוס. דאָ האָבן זיי געהאַט ברייטע פּאַשע־שטחים פאַר זייערע סטאַדעס און זיי האָבן גע־קענט פריי אומוואַנדערן איבערן לאַנד. דאָך האָבן פיל פון זיי ביסלעכ־ווייז זיך צוגעוואוינט צו אַן איינגעזעסענעם לעבן, האָבן אָנגעהויבן וואוי־נען אין הייזער אַנשטאַט געצעלטן, און האָבן זיך אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער פאַרמערט. ביים איינוואַנדערן קיין מצרים, דערציילט די מסור־רה, האָבן די פאַמיליעס פון יעקבס צוועלף זין פאַרמאָגט אין גאַנצן אַרום זיבעציק נפשות. די דאָזיקע פאַמיליעס זיינען מיט דער צייט זיך צע־וואַקסן אין שבטים, וועלכע האָבן געציילט זייערע מיטגלידער אין די

טויזנטער. יעדער שבט האָט זיך אָנגערופן מיטן נאָמען פון יענעם פון יעקבס זין, פון וועלכן ער האָט אָפּגעשטאַמט. דער עלטסטער איז געווען דער שבט ראובן, וועלכער האָט זיך אויך אין מצרים פאַרנומען מיט פי־צוכט. דער צאָלרייכסטער איז געווען דער שבט יוסף, וועלכער איז צע־פאַלן אויף צוויי שטאַמען (נאָך די נעמען פון יוספס צוויי זין). נאָך דעם זיינען געגאַנגען די שבטים שמעון לוי, יהודה, יששכר, זבולן, דן, אשר, גד, נפתלי און בנימין. יעדער שבט האָט געהאַט זיינע עלטסטע און פי־רערס, אָבער קיין הויפּטעלטסטער איבער אַלע שבטים איז ניט געווען. פון דעסט וועגן איז דער באַנד צווישן די שבטים ניט איבערגעריסן גע־וואָרן. עס האָבן צוזאַמענגעבונדן די זעלביקע רעליגיעזע באַגריפן און די דערצײלונגען, אַז זיי שטאַמען פון די זעלביקע אבות — אברהם, יצחק און יעקב, אָדער ישראל.

די יידן האָבן זיך ניט געמישט מיט די מצריים פון דעסט וועגן האָט דער לעבנספּיר און די זיטן פון די מצריים געהאַט אויף זיי אַ גרויסע ווירקונג. די מצריים זיינען אין די אַלטע צייטן געווען דאָס געבילדעטסטע פאָלק אין דער וועלט. זיי האָבן געהאַט גרויס באַפעלקערטע און רייכע שטאַט, פּרעכטיקע טעמפּלען פאַר זייערע געטער, פּריסטער, וואָס זיינען געווען באַקאַנט מיט אַ סך וויסנשאַפטן, און קריגער, וואָס פלעגן אונ־טערנעמען ווייטע קריגסצוגן. די עגיפּטישע מלכים, אָדער פּרעהס, פלעגן אויפשטעלן, מיט די הענט פון טויזנטער שקלאַפן, אומגעהויער גרויסע פּאַלאַצן, פּיראַמידן און קברים. די מצריים האָבן שוין דעמאָלט געקענט אַ סך קונסטן, ווי למשל: די קונסט פון בויען, באַוואַסערן פעלדער, די קונסט פון שרייבן. די יידן האָבן איבערגענומען פון זיי אייניקע נוצלעכע קונסטן און מלאכות; אַנדערע האָבן אפילו נאָכגעטאָן די עגיפּטישע מנה־גים און פירונגען. אָבער קיין פולשטענדיקע דערנענטערונג צווישן די דאָ־זיקע צוויי פעלקער איז ניט געווען און האָט ניט געקאָנט זיין; פאַרקערט: צווישן זיי האָט געהערשט אַ שטענדיקע שנאה. די עגיפּטישע רעליגיע מיט איר גראָבער פאַרגעטערונג פון חיות, האָט אַרויסגערופן אַן עקל ביי יענע יידן, וועלכע האָבן אָפּגעהיט דעם גלויבן אין אַן איינציקן גאָט. די מצריים, ווידער, האָבן מיט פאַראַכטונג געקוקט אויף דעם יידישן פאָלק, וואָס איז זיי געווען פרעמד און האָט זיך אונטערגעשיידט פון זיי מיט זייער אופן לעבן און רעליגיע. וואָס שטאַרקער די יידן האָבן זיך פאַר־מערט, אַלץ פיינדלעכער האָבן די מצריים זיך צו זיי פאַרטראָגן. די פּרעהס

און זייערע באַאַמטע האָבן גענומען אונטערדריקן די יידן ווי פרעמדע, און שפּעטער האָבן זיי אָנגעהויבן זיי באַהאַנדלען ווי אַ באַזיגט פאָלק, ווי הערשער זייערע שקלאַפן.

## § 20. די קנעכטשאַפט אין מיצרים. משהס געבורט

אין אַ לאַנגער צייט אַרום נאָך יוספס טויט איז אין מצרים אויפגעשטאַנען אַ נייער קעניג, וועלכער האָט ניט ליב געהאַט די יידן. ער האָט געזאָגט צו זיין פאָלק: „דאָס יידישע פאָלק פאַרמערט זיך און קען ווערן שטאַרקער פון אונדז. און ווען עס וועט טרעפן ביי אונדז אַ מלחמה מיט אַן אַנדער מלוכה קענען זיי זיך נאָך פאַראייניקן מיט אונדזערע פיינד“.



יידן — שקלאַפן אין מיצרים

און כדי דאָס יידישע פאָלק זאָל ניט ווערן שטאַרק איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאַכן זיי פאַר קנעכט. די פּרעהס האָבן גענומען צווינגען די יידן צו שווערער אַרבעט פאַר די נוצן פון דער מלוכה. מען האָט זיי געצוויט צו גראָבן ערד, בויען שטעט, פּאַלאַצן און דענקמעלער פאַר די מלכים, קנעטן ליים און מאַכן ציגל פאַר די דאָזיקע בנינים. עס זיינען באַשטימט געוואָרן באַזונדערע אויפזעער, וועלכע האָבן שטרענג אַכטונג געגעבן אַז די דאָזיקע געצוואונגענע אַרבעט זאָל אויסגעפירט ווערן. אויף דעם אופן זיינען

אויסגעבויט געוואָרן פאַר פרעהן צוויי שטעט: פּיתום און רעמסס. אָבער ווי מען האָט די יידן ניט געפּייניקט האָבן זיי זיך פון דעסט וועגן אַלץ ווייטער געמערט, צום גרויסן פאַרדרוס פון די מצריים. דעמאָלט האָט פרעה אַרויסגעלאָזן אַ באַפעל, אַז מען זאָל אַלע נייגעבוירענע יידישע אינג־לעך דערטרינקען אין טייך, און נאָר די מיידלעך זאָל מען לאָזן לעבן. דער דאָזיקער באַפעל איז אויסגעפירט געוואָרן מיט אומרחמנותדיקער שטרענגקייט. דאָס יידישע פאָלק איז געווען אין סכנה אין גאַנצן פאַר־ניכטעט צו ווערן.

אין יענער טרויעריקער צייט איז ביי איינעם פון שבט לוי, מיטן נאָמען עמרם, געבוירן געוואָרן אַ זון. דריי מאָנאַטן צייט האָט די מוטער אויסבאַהאַלטן דאָס קינד, אַז די מצריים זאָלן עס ניט קענען געפינען און דערטרינקען, אָבער ענדלעך האָט זי שוין עס ניט געקענט לענגער פאַר־באָרגן. דאַן האָט די מוטער גענומען אַ קעסטעלע, אַריינגעלייגט אַהין דאָס קינד און האָט עס באַהאַלטן צווישן די געדיכטע קוסטעס אויפן ברעג פון טייך נילוס. דעם קינדס שוועסטער, מרים, האָט זיך געשטעלט פון ווייטן צו זען וואָס מיט אים וועט געשען. צו יענער צייט איז פרעהס טאָכטער געגאַנגען צום טייך זיך באָדן, באַגלייט פון אירע דינסטן. דער־זעענדיק צווישן די קוסטעס דאָס קעסטעלע, האָט זי געהייסן עס עפענען. אין קעסטעלע איז געלעגן אַ קליין ייִנגעלע און געוויינט. פרעהס טאָכטער האָט רחמנות געהאַט אויף דעם עופהלע און געזאָגט: „דאָס מוז זיין אַ יידיש קינד". דאָ איז צו דעם קעניגס טאָכטער צוגעגאַנגען מרים, וועלכע איז געשטאַנען פון ווייטן, און האָט געפרעגט: „זאָל איך גיין רופן אַן אַם פון די יידישע פרויען?" ווען זי האָט באַקומען די דערלויבעניש, איז זי אַוועק און האָט באַלד געבראַכט איר מוטער. פרעהס טאָכטער האָט געזאָגט צו דער פרוי: „נעם דאָס קינד און האָדעווע עס אויס פאַר מיר און איך וועל דיר באַצאָלן". די מוטער האָט מיט פרייד גענומען דאָס קינד און עס אָנגעהויבן אויפצוציען. ווען דאָס ייִנגל איז אויסגעוואַקסן האָט מען אים געבראַכט צו פרעהס טאָכטער און זי האָט אים דערצויגן ביי זיך ווי איר אייגענעם זון. זי האָט אים אַ נאָמען געגעבן משה, ד"ה „אַרויס־געצויגענער" פון וואַסער.

## § 21. משה'ס יוגנט און זיין אַנטלויפן אין מדבר.

הגם משה איז געוואַקסן פריי אונטער דעם שוץ פון דער קעניגלע־כער פאַמיליע, האָט ער דאָך ניט פאַרגעסן די קנעכטשאַפט און ליידן פון זיינע פאָלקס־ברידער. מיט אַ געפיל פון ביטערקייט און פאַרדרוס האָט ער צוגעזען ווי מען פאַרקנעכט זיינע ברידער, מען נייט זיי צו טאָן שווערע אַרבעט און מען באַליידיקט זיי אויף טריט און שריט. איין מאָל איז דער יונגער משה אַרויסגעגאַנגען אָנצוקוקן די אַרבעט פון די יידן, און ער האָט דערזען אַז אַ מצרי שלאָגט איינעם פון די אַרבעטער. דאָס האָט משהן זייער אויפגעבראַכט. זעענדיק אַז אַרום איז קיינער ניטאָ, האָט ער געהרגעט דעם שלעכטן מצרי, און זיין קערפּער האָט ער פאַר־שאַרט אין זאַמד. אָבער אין גיכן האָט זיך פּרעה דערפון דערוואוסט און האָט געוואָלט באַשטראָפן משהן. דעמאָלט איז משה אַנטלאָפן פון מצרים אין דעם מדבר, וואָס ליגט ביים רויטן ים (ים־סוף) צווישן מצרים און כנען. אין מדבר איז משה אָנגעקומען צו אַן אָרט, וואו עס האָט אומגע־וואַנדערט דער פּאַסטוכער־שבט מדינים, וועלכער איז געווען משפּחה פון די יידן. דאָ האָט ער זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ ברונעם, און האָט דערזען ווי עס זיינען אָנגעקומען זיבן פּאַסטוכער־מיידלעך און האָבן גענומען אָנ־שעפּן וואַסער צו געבן טרינקען זייערע שאָף. דאָס זיינען געווען די זיבן טעכטער פון דעם מדינישן פּריסטער יתרו. די מיידלעך האָבן נאָך קיין צייט ניט געהאַט אָפּצוטאָן זייער אַרבעט, ווי עס זיינען אָנגעלאָפן פּאַס־טוכער און זיי אַוועקגעטריבן פון ברונעם. משה איז גלייך געקומען די באַליידיקטע מיידלעך צו הילף און האָט אָנגעטרונקען זייערע שאָף. די מיידלעך זיינען געקומען אַהיים און האָבן דערציילט זייער פאָטער, אַז עפּעס אַ וואָנדערער פון מיצרים האָט זיי היינט באַשיצט פון די גראָבע פּאַסטוכער. דער מדינישער כוהן האָט פאַרבעטן משהן אין זיין הויז און האָט זיך צו אים שנעל צוגעבונדן. משהן איז געפעלן געוואָרן צו לעבן מיט די דאָזיקע פּשוטע מענטשן, ער האָט גענומען פאַר אַ ווייב יתרוס טאָכטער צפּורה, און איז געוואָרן איינער פון דער פרידלעכער פּאַסטוכער־פאַמיליע.

אָבער אויך דאָ האָט ער ניט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן דער קנעכטשאַפט פון זיינע ברידער און ווי אַזוי זיי צו באַפרייען. איין מאָל האָט משה געפּאַשעט די סטאַדע פון זיין שווער, און איז פאַרגאַנגען ווייט

אין מדבר, צום באַרג חורב (סיני). דאָ, דערציילט דער חומש, האָט זיך אים באַוויזן אַ וואונדערלעכע זעאונג. ער האָט דערזען אַ געדיכטן דאָרנבוים איינגעוויקלט אין פלאַמען, וואָס האָט געברענט און געברענט און איז דאָך ניט פאַרברענט געוואָרן. און פּלוצלינג האָט ער דערהערט אַ שטים פון דעם פייער: „טרעט ניט צו אַהער; נעם אַרונטער די שיך פון דיינע פיס, ווייל דער אָרט אויף וועלכן די שטייסט איז הייליק. איך בין דער גאָט פון דיין פאָטער, דער גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב. איך האָב דערזען דעם פיין פון מיין פאָלק אין מצרים האָב דערהערט זיין געשריי. איך וויל אים באַפרייען פון דעם יאָך פון מצרים און ברענגען אים אין אַ לאַנד, אַ רייכן און אַ ברייטן, אין אַ לאַנד וואָס רינט מילך און האָניק, אין כנען. און איצט גיי, און איך וועל דיך שיקן צו פרעהן און פיר ארויס מיין פאָלק פון מצרים". מיט ציטערניש און מורא האָט משה אויסגעהערט די דאָזיקע ווערטער און דאַן האָט ער ציטערנדיק געזאָגט: „ווער בין איך דען אַז איך זאָל גיין צו פרעהן און באַפרייען די יידן? און ווען איך וועל קומען צו די יידן און וועל זיי זאָגן, אַז דער גאָט פון אונדזערע עלטערן האָט מיך געשיקט, און זיי וועלן מיך פרעגן: „ווי הייסט ער?", וואָס וועל איך זיי זאָגן?" און גאָט האָט געזאָגט: „איך בין דער וואָס איז געווען און וואָס וועט זיין. גיי אַלזאָ און קלייב צוזאַמען די עלטסטע פון די יידן, און זאָג זיי אַז איך וועל באַפרייען מיין



DER JUNGE MOSE

דער יונגער משה

פאָלק פון דער קנעכטשאַפט פון מצרים; און צו פּרעהן, דעם קעניג פון מצרים, זאָלסטו זאָגן, אַז דער יידישער גאָט פאָדערט, ער זאָל לאָזן די יידן גיין אין מדבר צו דינען צו זייער גאָט״. משה האָט ווידער ציטערנדיק באַמערקט אַז ער איז אַ שטאַמלער, און אַז אים וועט זיין שווער זיך אויס־צודריקן פאַר פּרעהן. אָבער גאָט האָט צוגעזאָגט משהן אַז ער וועט אים ביישטיין און האָט אים געהייסן זיך נעמען צו הילף זיין עלטערן ברודער אהרנען. צערודערט פון אַלץ וואָס ער האָט געהערט, האָט משה זיך אומ־געקערט אין הויז פון זיין שווער, האָט גענומען זיין ווייב און קינדער און איז אַוועק מיט זיי פון מדין צוריק קיין מיצרים.

## § 22. משהס קאַמף פאַר באַפרייאונג.

משה האָט זיך באַגעגנט מיט זיין ברודער אהרן אין וועג און זיי האָבן ביידע גענומען אַרבעטן פאַר דער באַפרייאונג פון זייער פאָלק. קומענדיק קיין מצרים האָבן זיי אָנגעזאָגט די יידן די בשורה, אַז זיי וועלן אין גיכן באַפרייט ווערן פון קנעכטשאַפט. די שקלאַפן, אויסגעמאַ־טערטע פון שווערער אַרבעט, האָבן זיך שטאַרק דערפרייט. נאָך דעם איז משה מיט אהרנען דערשינען פאַר פּרעהן און זיי האָבן אים דערקלערט דעם פאַרלאַנג פון יידישן גאָט, אַז ער זאָל אָפּלאָזן די יידן אין מידבר צו דינען צו אים. נאָר פּרעה האָט מיט צאָרן געענטפערט: „ווער איז דאָס אייער גאָט אַז איך זאָל אים פאָלגן? איך קען ניט אייער גאָט, און די יידן וועל איך ניט אָפּלאָזן. נאָך וואָס קומט איר, משה און אהרן, און שטערט דאָס פאָלק פון דער אַרבעט?״ נאָך דעם האָט פּרעה באַפוילן די עגיפּטישע אויפזעער זיי זאָלן פאַרגעבן די יידן נאָך שווערערע אַרבעטן. פריער פלעגט מען די שקלאַפן געבן גרייטן שטרוי צו מישן מיט דעם ליים אויף מאַכן ציגל. אָבער איצטער האָט מען זיי געצוואונגען צו קלייבן שטרוי אויף די פעלדער און געפאָדערט האָט מען, אַז זיי זאָלן יעדן טאָג אַרויסגעבן די זעלביקע צאָל ציגל וואָס פריער. אויף אַכטונג צו געבן אויף דער אַרבעט האָבן די עגיפּטישע אויפזעער גענומען אַרויסהעלפער פון צווישן די יידן אליין. און ווען די אַרבעטער פלעגן ניט באַוויַיזן צו מאַכן דעם געפאָדערטן סכום ציגל, פלעגן די מצריים שלאָגן די יידישע אויפזעער. דאַן האָבן די יידישע אויפזעער גענומען באַשולדיקן משהן

מיט אהרנען אַז מיט זייער אריינמישן זיך האָבן זיי אויפגעוועקט פרעהס צאָרן און נאָך פאַרערגערט די לאַגע פון די יידן.

דעמאָלט, דערציילט דער חומש, האָט משה, אויף גאָטס באַפעל, באַשלאָסן איינצושרעקן דעם גרויזאַמען קעניג פון מצרים. עס איז נייטיק געווען צו ווייזן דעם געצנדינערישן פרעה, אַז דער יידישער גאָט איז אַל־מעכטיק, אַז ער קען באַפרייען זיין פאָלק אויף אַ וואונדערלעכן אופן און שטרענג באַשטראָפן די אונטערדריקער. און משה האָט געלאָזט וויסן פרעהן אַז אויב ער וועט ניט אָפּלאָזן די יידן מיט גוטן וועט גאָט אָנשיקן אויף מצרים פאַרשידענע פלאגן. דער קעניג איז געבליבן פאַרעקשנט און די וואָרענונגען פון גאָטס שליח זיינען מקוים געוואָרן. צוערשט איז דאָס גאַנצע וואַסער פון דעם טייך נילוס געוואָרן רויט ווי בלוט און די מצריים האָבן עס ניט געקענט טרינקען; די פיש פון טייך זיינען אויסגעשטאָרבן און די לופט איז דערפון שטאַרק פאַרפעסטעט געוואָרן (דם). אין אַ קורצער צייט אַרום איז דאָס גאַנצע לאַנד, ערד און וואַסער, פאַרפלייצט געוואָרן מיט פרעש (צפרדע). זיי האָבן זיך פאַרפירט אויך אין די הייזער און האָבן ניט געלאָזט די מענטשן לעבן. פרעה האָט זיך דערשראָקן און האָט געשיקט רופן משהן מיט אהרנען און זיי געזאָגט: „בעט צו גאָט ער זאָל אָפּטאָן די פרעש פון מיר און מיין פאָלק, און דאַן וועל איך אָפּלאָזן די יידן”. אָבער ווי נאָר זיין בקשה איז דערפילט געוואָרן און די פרעש זיינען פאַרשוואונדן, האָט פרעה חרטה געהאט און ווידער ניט געוואָלט


אהרון הכוהן

פרייל‍אָזן די יידן. דאַן האָט גאָט אָנגעשיקט אויף מיצרים אַ נייע שטראָף: דאָס גאַנצע לאַנד איז באַדעקט געוואָרן מיט אומפּלייט (כינים), וועלכע האָבן געביסן די מענטשן און דאָס פֿי. נאָר דער קעניג איז אַלץ געבליבן איינגעעקשנט. באַלד נאָך דעם האָט זיך אין לאַנד באַוויזן אַ שרעקלעכער היישעריק (ארבה), וואָס האָט פֿאַרניכטעט אַלע תבואות אויף די פֿעלדער; עס האָט אויסגעבראָכן אַ מגפה (דבר) און האָט אַוועקגעלייגט אַ סך פֿי; עס איז אַראָפּגעקומען אַ האָגל (ברד) און האָט צעבראָכן די בוימער און געהרגעט אַ סך מענטשן און בהמות; אויף די מצריים איז אָנגעפאַלן אַ קרעץ (שחין) פון וועלכער די הויט האָט זיך באַדעקט מיט וואונדן און געשווירן; צולעצט איז אין לאַנד מצרים אָנגעשטאַנען אַזאַ געדיכטע פינסטערניש (חושך), אַז דריי טעג האָבן די מענטשן ניט געקענט זען איינער דעם אַנדערן און זיינען נישט אויפגעשטאַנען פון זייערע פּלעצער.

דער חומש דערציילט, אַז די אַלע אומגליקן האָבן על פּי נס געטראָפן נאָר די מצריים און ניט די יידן. נאָך יעדער מכה פלעגט דער אָנגעשראָקענער פּרעה רופן משהן און אים בעטן ער זאָל מתפלל זיין צו גאָט ער זאָל אָפּטאָן די צרה, צוזאָגנדיק דערפאַר אָפּצולאָזן די יידישע שקלאַפן; אָבער יעדעס מאָל האָט ער חרטה געהאַט. נאָך דער ניינטער מכה — די דריי טעג פינצטערניש — האָט שוין פּרעה מסכים געווען אָפּצולאָזן די יידן אין מדבר, אָבער מיט דעם תנאי אַז זייערע סטאַדעס זאָלן בלייבן אין מצרים. אַזוי ווי משה האָט ניט געוואָלט באַשטיין אויף דעם, איז פּרעה געוואָרן אין כעס און האָט דערקלערט, אַז ווען משה וועט זיך נאָך איין מאָל באַווייזן פֿאַר אים, וועט ער אים לאָזן הרגענען. אָבער משה האָט מיט שטאָלץ געזאָגט: „באַלד וועסטו אונדז אַלעמען אָפּלאָזן און וועסט אפילו אַליין אונדז געבן פֿי אויף צו ברענגען קרבנות צו אונדזער גאָט“. און ווירקלעך, ווען גאָט האָט אָנגעשיקט אויף מצרים די צענטע און לעצטע מכה, מכת בכורות, פון וועלכער עס זיינען אויסגעשטאָרבן אַלע בכורים פון די מצריים, צווישן זיי אויך פּרעהס עלטסטער זון, — דעמאָלט איז דעם קעניגס גרויזאַם האַרץ ווייך געוואָרן. אין מיטן נאַכט האָט ער גערופן משה מיט אהרנען און האָט זיך ביי זיי געבעטן זיי זאָלן וואָס שנעלער אַוועקפירן די יידן פון מצרים. די מצריים האָבן אונטערגעאיילט די יידן, זאָגנדיק: „גייט אייך אַוועק, אַז ניט וועלן מיר אַלע אויסשטאַרבן“. אויף אַזאַ אופן האָבן די יידן נאָך אַ לאַנגער קנעכטשאַפט מיט מאָל געקראָגן פרייהייט.

## § 23. יציאת מיצרים.

די יידן האָבן זיך שנעל צוגעגרייט אין וועג אריין. אין איין פרילינג־מאָרגן, דעם פופצנטן טאָג אין חדש ניסן, זיינען פון מצרים אַרויסגעגאַנגען אַלע יידן, זעקס הונדערט טויזנט מאַנסבילן, חוץ ווייבער און קינדער. צו זיי זיינען אויך צוגעשטאַנען אַ סך מענטשן פון אַנדערע פעלקער („ערב רב“). משה איז געגאַנגען בראש פון די באַפרייטע. די יידן זיינען אַזוי איילנדיק אַרויס פון מיצרים, אַז זיי האָבן אַפילו קיין צייט ניט געהאַט אָפּצובאַקן זיך ברויט אויפן וועג. זיי האָבן מיטגענומען זייער טייג, וואָס איז נאָך נישט געווען זויער, און האָבן אויף גיך אָפּגעבאַקן מצות, וועלכע זיי האָבן דאַן געגעסן אנשטאט דעם געוויינלעכן געזייערטן ברויט.

אַז די יידן זיינען אַרויס פון מיצרים, האָבן זיי זיך געלאָזט גיין צום מידבר, וואָס ליגט אויפן וועג קיין כנען. עטלעכע טעג און נעכט זיינען זיי געגאַנגען אין דער וויסטעניש. ביי טאָג פלעגט פאָרויס פון די וואַנדערער גיין אַ וואָלקן־זייל, צו ווייזן זיי דעם וועג, און ביינאַכט פלעגט זיי באַלייכטן דעם וועג אַ פייערדיקער זייל. ווען זיי וואָלטן געוועז גיין מיט דעם דאָזיקן גלייכן וועג,, וואָלטן זיי גאָר גיך דערגרייכט די גרענעצן פון זייער אייגן לאַנד. אָבער דער אייבערשטער האָט זיי ניט געוואָלט פירן מיטן גלייכן וועג, טאָמער וועלן די איינוואוינער פון דרום כנען אַרויסגיין פלוצלינג מיט געווער קעגן די יידן, וועלכע זיינען נאָך ניט געווען צוגעגרייט פאַר מילחמה. דעריבער האָט דער אייבערשטער געהייסן דעם פירער פון די יידן ער זאָל זיך פאַרנעמען אויף צוריק און ער האָט זיך אָפּגעשטעלט מיטן פאָלק ביים צונג פון רויטן ים (ים סוף), אויפן גרענעץ פון מיצרים, וואו עס איז געשטאַנען אַ טעמפל פון דעם עגיפטישן גאָט בעל־צפון.

דערווייל האָבן די מיצריים חרטה געהאַט, וואָס זיי האָבן אַרויסגעלאָזט זייערע קנעכט, די יידן. פרעה האָט זיך דערוואוסט, אַז די יידן האָבן זיך פאַרקערט צום ים האָט ער גערעכנט, אַז דאָס בלאָנדזשען זיי, און אַז דער גאָט צפון האָט זיי פאַרשטעלט דעם וועג צום מידבר. האָט דער עגיפטישער קעניג גענומען אַ גרויסן חיל מיט פערד און אייזערנע רייטוועגן און האָט זיך אַוועקגעלאָזן נאָך די יידן צו צווינגען זיי זיך אומצוקערן קיין מיצרים. די מיצריים האָבן אָנגעיאָגט די יידן ביים ים־סוף. ווען די יידן האָבן דערזען דעם שונאס חיל האָבן זיי זיך שטאַרק

דערשראָקן און אַ סך פון זיי האָבן אָנגעהויבן קריגן אויף משהן און גע־זאָגט: „נאָך וואָס האָסטו אונדז אַרויסגעפירט פון מיצרים? צי זיינען אין מיצרים קיין קברים ניטאָ, וואָס דו האָסט אונדז געבראַכט אַהער צו אומקומען אין דער וויסטעניש?“ אָבער משה האָט די מוראדיקע דערמו־טיקט. „האָט נישט קיין מורא“ — האָט ער געזאָגט — „איר וועט נאָך היינט זען דעם נס, וואָס גאָט וועט מיט אייך טאָן. היינט זעט איר נאָך די מיצריים, אָבער איר וועט זיי שוין קיין מאָל מער ניט זען“. און ווירק־לעך, אין דער נאַטור איז געשען עטוואָס אויסערגעוויינלעכעס, אַ וואונ־דער, וואָס האָט געמאַכט אויפשווידערן אַלע פעלקער, וועלכע האָבן דער־



רעמסס דער צטער אויף זיין קריגסוואָגן

פון געהערט. אַ שטאַרקער מיזרח־ווינט האָט אָפּגעטריבן אָן אַ זייט די וואַסערן אין דעם שמאָלן וואַסער־צונג פון רויטן ים, אַזוי אַז אין איין אָרט האָט זיך כימעט געוויזן דער גרונד פון ים. די יידן זיינען שנעל אַריבער אויף דעם דאָזיקן אָרט אַזוי ווי אויף דער טריקעניש. אָבער ווען די מיצריים האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן נאָך זיי האָט זיך דאָס וואַסער צוריק אַ גאָס געטאָן אין זיין פריערדיקן פּלאַץ און אין איין אויגנבליק איז דאָס עגיפּטישע חיל מיט זיינע רייטוועגן און פערד דערטרונקען געוואָרן.

גרויס איז געווען די פרייד פון די יידן ווען זיי זיינען אינגאַנצן

פטור געוואָרן פון זייערע שונאים. אויפן ברעג פון רויטן ים האָט דאָס באַפרייטע פאָלק געזונגען שירה, לויבנדיק גאָט און זיין שליח משהן. משהס שוועסטער, מרים, האָט גענומען אַ פויק אין די הענט און האָט אויך געזונגען אַ זיג־ליד און נאָך איר זיינען אַרויס פרויען מיט פויקן אין די הענט און האָבן געזונגען און געטאַנצט. די שירה האָט זיך אָנ־געהויבן מיט די ווערטער: „זינגט צו גאָט ווייל ער האָט זיך דערהויבן, דאָס פערד מיט זיין רייטער האָט ער געוואָרפן אין ים!‟ דאָס פאָלק האָט זיך געפרייט ביי דעם געדאַנק אַז עס איז באַפרייט געוואָרן פון פיל־יעריקער קנעכטשאַפט און גייט אין דעם לאַנד פון זיינע עלטערן קיין כנען.

## § 24. היסטאָרישע אויספירונגען.

פון די וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען אין דער געשיכטע פון דעם מזרח איז נאָך ניט מעגלעך פעסטצושטעלן גענוי ווען די יידן האָבן זיך באַ־זעצט אין מיצרים און ווען זיי זיינען פון דאָרט אַרויס. פון דעסט וועגן איז מעגלעך דורך די דאָזיקע פאָרשונגען צו באַשטימען מער אָדער וויי־ניקער די פאַרבינדונג צווישן דער יידישער געשיכטע און דער געשיכטע פון מיצרים אין יענער ווייטער עפּאָכע.

אויפן עגיפּטישן טראָן פלעגן זיך די קעניגלעכע דינאַסטיעס אָפּט בייטן. די קעניגלעכע ממשלה פלעגט פאַרכאַפּן דאָ איינער, דאָ אַ צוויי־טער פון די עגיפּטישע קריגספירער אָדער פרעמדע באַזיגער, און האַלטן זי אַ געוויסע צייט אין זיין אייגענער דינאַסטיע. אין דער צייט ווען עס האָט געהערשט די 17־טע דינאַסטיע, אַן ערך 2000 יאָר פאַר דער קריסט־לעכער צייטרעכענונג, איז אַ באַדייטנדיקער טייל פון מיצרים געווען באַזיגט פון וואַנדערנדיקע סעמיטן פון מידבר, וועלכע די עגיפּטישע אויפ־שריפטן רופן „שאסו‟ (וואַנדערער, בעדואינער) און די שפּעטערדיקע גריכישע שרייבער רופן אָן „היקסען‟. די היקסען האָבן אין פאַרלויף פון דריי אָדער פיר הונדערט יאָר געוועלטיקט אין מיצרים און האָבן דאָרט באַפעסטיקט זייער פאַסטוכער־דינאַסטיע‟. פאַר איינעם פון די פרעהס פון אָט יענער סעמיטישער דינאַסטיע, זעט אויס, האָבן די יידן איינגעוואַנ־דערט קיין מיצרים. דעמאָלט האָט עס געלעבט יענער פרעה, וועלכער האָט, לויט דער ביבלישער דערציילונג, געמאַכט דעם יידן יוסף פאַר זיין

שני־למלך און האָט דערלויבט זיינע קרובים איבערוואַנדערן פון כנען און זיך באַזעצן אין דער עגיפּטישער פּראָווינץ גושן. אין גושן האָבן די יידן געלעבט ווי פרידלעכע פּאַסטוכער, און טיילווייז ערד־אַרבעטער, ביז עס האָט זיך געענדיקט די הערשאַפט פון די היקסען אין מיצרים. אַרום 1600 יאָר פאַר דער איצטיקער צייטרעכענונג איז די פרעמדע פּאַס־טוכער־דינאַסטיע אַרונטערגעוואָרפן געוואָרן אין מיצרים האָט זיך צוריק באַפעסטיקט די מעכטיקע נאַציאָנאַלע דינאַסטיע פון די פּרעהס, די טע־באַנישע אָדער די 18־טע. די שנאה פון די תושבים צו זייערע געוועזענע אונטערדריקער, די היקסען, האָט זיך איצט פאַרשפּרייט אויף אַלע סע־מיטן־פּאַסטוכער, און איבערהויפּט אויף די יידן, וועלכע האָבן געוואוינט אין גושן. און מען האָט זיי געמאַכט פאַר קנעכט. די מלכים פון דער נייער דינאַסטיע, פאַר וועלכע מיליאָנען שקלאַפן האָבן געבויט שטעט, פּראַכט־פולע טעמפּלען, דענקמעלער און פּיראַמידן, האָבן איינגעשפּאַנט אויך די יידן אין דער דאָזיקער צוואַנגאַרבעט. איינער פון די דאָזיקע מלכים איז עס געווען דער „מלך חדש", דער נייער קעניג, פון וועלכן עס זאָגט זיך אין חומש, אַז ער האָט פיינט געהאט די יידן און האָט זיי געהייסן פאַרשקלאַפן.

פון די צוויי שטעט וואָס די יידן האָבן אויסגעבויט אין מיצרים, פיתום און רעמסס, איז דער אַנדערער נאָמען נאָך צוויי פּרעהס פון דער 19־טער דינאַסטיע, רעמסס דעם ערשטן, און רעמסס דעם צווייטן. פאַר רעמסס דעם צווייטן (אין יאָר 1300), וועלכער איז באַרימט פאַר זיינע גרויסע דעראָבערונגען און ריזיקע געביידעס, האָבן די יידן איבערגעלעבט די גאַנצע ביטערקייט פון דער קנעכטשאַפט אין מיצרים. ערשט אין דער צייט פון זיין נאָכפאָלגער מענעפּטא דעם ערשטן, ווען די מאַכט פון מיצרים האָט אָנגעהויבן צו זינקען צוליב די מרידות פון די קנעכט אין לאַנד אינעווייניק און די אָנפאַלן פון וואַנדערנדיקע שבטים פון דרויסן, האָבן די פאַרשקלאַפטע יידן געקענט זיך באַפרייען פון זייערע אונטער־דריקער. זיי האָבן אינגאַנצן פאַרלאָזן מיצרים און זיינען אַוועק אין די שכנישע מדבריות, וואו עס האָבן אומגעוואַנדערט זייערע קרובישע סע־מיטישע שבטים. אויף אַזאַ אופן איז יציאת מצרים פאָרגעקומען, לויט די חשבונות פון די עגיפּטאָלאָגן, אַרום 1250 יאָר פאַר דער קריסטלעכער צייטרעכענונג, דאָס הייסט, אַרום 3150 יאָר פאַר אונדזער צייט.

דער העלד פון דער באַפרייאונג פון דעם יידישן פאָלק איז געווען

דער גרעסטער פון זיינע זין — משה. ער קומט אַרויס פון דעם פּריסטער־שבט לוי, וועלכער איז, לויט דער מסורה, נישט געווען פאַרשקלאַפט ביי די מיצריים. די שקלאַפעריי פון די יידן וועקט אויף אין משהן אַ געפיל פון רעליגיעזן און נאַציאָנאַלן פּראָטעסט. ער פאַרלאָזט דאָס לאַנד פון קנעכטשאַפט און וואוינט לאַנג אין דעם דערבייאיקן מדבר, נעבן באַרג סיני אָדער חורב. דאָ האָבן געלעבט די קינים, וועלכע זיינען געווען אַ צווייג פון די מדינים און זיינען דעריבער געווען משפחה מיט די יידן.



משה און אַהרן פאַר פּרעהן

משה נעמט זיך פאַר אַ ווייב די טאָכטער פון אַ כהן פון דעם דאָזיקן שבט. עס איז פאַראַן אַ השערה, אַז די מענטשן פונעם שבט הקיני זיינען מיט זייער גלויבן געשטאַנען נאָענט צו דעם גלויבן אין אַן איינציקן גאָט. אויף אַזאַ אופן האָט זיך משה אין דער וויסטעניש לעבן מיצרים פריינד צווישן די קעניטן. דערמונטערט דערפון, קערט ער זיך אום קיין מיצרים, הויבט אויף דעם גייסט פון זיין פאַרשקלאַפטן פאָלק און פירט זיי אַרויס מיט דער הילף פון איבערנאַטירלעכע וואונדער פון קנעכטשאַפט צו פריי־הייט.

קאפיטל 3

# די יידן אין מידבר

## § 25. פון ים־סוף ביזן באַרג סיני.

פון ים־סוף האָט משה אַוועקגעפירט די יידן אין מדבר שור. דאָ אין דעם זאַמדיקן מידבר האָבן די וואַנדערער שטאַרק געליטן פון אַ דוחק אין וואַסער. אין איין אָרט האָבן זיי געפונען וואַסער, אָבער מען האָט עס ניט געקענט טרינקען, ווייל עס איז געווען ביטער. דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבן האָבן תרעומות אויף משהן. דאַן האָט משה אריינגעוואָרפן אין דעם וואַסער אַ געוויס האָלץ, און דאָס וואַסער איז געוואָרן זיס. נאָך דעם האָבן זיי אָנגעטראָפן אין מידבר אַן אָאַזיס (אַן אָרט אין אַ וויסטעניש וואָס איז באַדעקט מיט פלאַנצן), מיטן נאָמען אלים, וואו עס האָבן געשלאָגן קוואַלן און עס זיינען געוואַקסן פּאַלמען.

פון דאַנען זיינען זיי אַוועק אין מידבר סין, און דאָ האָט זיי אויסגעפעלט שפּייז. דאָס פאָלק האָט ווידער אָנגעפאַנגען צו קלאָגן אויף משהן און אהרנען, און געזאָגט: „אין מיצרים זיינען מיר געזעסן איבערן קעסל פלייש און געגעסן ברויט צו דער זעט, און איצט האָט איר אונדז אַרויסגעפירט אין דער וויסטעניש, צו טויטן אונדז אַלעמען דורך הונגער". אויף מאָרגן אין דער פרי, ווען די יידן זיינען אויפגעשטאַנען, האָבן זיי דערזען אויף דער ערד אַרום זייער לאַגער עפּעס ווייסעס, אַזוי ווי קלעפּיקע גרייפּעלעך. *)

*) אין אייניקע ערטער אין אַראַבישן מידבר טריפט אָפּט מאָל פון די קוסטעס אַ מין געדיכטער זאַפט, וואָס איז זיס ווי האָניק. די אַראַבער קלייבן עס אויף און עסן עס.

„אָט האָט אייך גאָט געשיקט ברויט" — האָט משה געזאָגט — „איר וועט עס קלייבן יעדן פרימאָרגן צו איין מאָס אויף אַ מענטשן. און דעם זעקסטן טאָג פון וואָך זאָלט איר אָנקלייבן צוויי מאָל אַזוי פיל, כדי אָנצוגרייטן אויף שבת". די יידן האָבן גענומען קלייבן די ווייסע גרייפּע־לעך, און האָבן עס אַ נאָמען געגעבן מן. פון דעם מן האָבן זיי זיך געבאַקן זיסע קוכנס און געקאָכט זופּ. דער מן פלעגט פאַלן יעדן פרימאָרגן, און בייטאָג פלעגט ער צעגיין פון די שטראַלן פון דער זון און פאַרשווינדן. ער האָט געשפּייזט די יידן די גאַנצע צייט פון זייער וואַנדערונג אין דער וויסטעניש.

אין קורצן נאָך דעם זיינען די יידן אָנגעקומען אין אַ באַרגיקן געגנט, רפידים. דאָ איז אויף זיי אָנגעפאַלן דער ווילדער שבט עמלקים, וואָס האָט זיך אומגעטריבן אין דעם מדבר. משה האָט אַרויסגעשיקט אַנטקעגן די עמלקים אַ מחנה קריגער אונטער דער פירערשאַפט פון זיין תלמיד און העלפער יהושע בן־נון. דער יונגער העלד האָט אָפּגעשלאָגן דעם אָנפאַל פון די מידבר־רויבער, און די באַרואיקטע יידן האָבן זיך גערירט ווייטער אין וועג אריין.

אין אַ קורצער צייט אַרום זיינען זיי אָנגעקומען אין מדבר סיני (דער האַלב־אינדזל סיני). זיי האָבן זיך אויסגעלייגט מיט זייער לאַגער לעבן דעם הייליקן באַרג חורב, וועלכער ווערט אויך אָנגערופן מיטן נאָמען פון דעם מדבר סיני, דאָרט וואו אַמאָל האָט זיך גאָט באַוויזן צו משהן אין אַ ברענענדיקן דאָרנבוים. אַרום דעם באַרג האָבן געלעבט די מדינים, צווישן וועלכע דער יידישער פירער האָט פאַרבראַכט זיין יוגנט. ווען יתרו האָט זיך דערוואוסט, אַז זיין איידעם משה איז אָנגעקומען, איז ער געגאַנגען צו אים. יתרו האָט זיך דערפרייט ווען מען האָט אים דער־ציילט ווי אַזוי די יידן האָבן זיך באַפרייט פון דעם יאָך פון מיצרים. לעבנדיק אין דעם יידישן לאַגער, האָט יתרו באַמערקט, אַז משה איז פון באַגינען ביז שפּעט ביינאַכט פאַרנומען מיט אָנפירן דאָס פאָלק און ריכטן זיינע משפטים. און ער האָט אים געזאָגט: „דו טוסט נישט גוט וואָס דו פירסט אָן דאָס פאָלק אליין; דו וועסט דאָך אַזוי פאַרמאַטערן זיך און דאָס פאָלק. מיין עצה איז, אַז דו זאָלסט אויסקלייבן פון צווישן פאָלק ערלעכע און קלוגע לייט און זאָלסט זיי באַשטימען פאַר עלטסטע, וועמען איבער טויזנט מענטשן, וועמען איבער הונדערט, און וועמען איבער צען. זיי וועלן פאַרוואַלטן דאָס פאָלק און פסקענען אַלע זיינע משפטים און צו דיר

וועלן זיי זיך ווענדן נאָר אין באַזונדערס וויכטיקע ענינים״. משהן איז דער פּלאַן געפעלן געוואָרן און ער האָט געטאָן ווי זיין שווער האָט אים גע־ראָטן.

## § 26. מתן תורה.

צוויי חדשים זיינען אַריבער זינט די יידן זיינען אַרויס פון מיצרים די יידן זיינען געווען פריי און זיינען געגאַנגען קיין כנען, דאָרט אָנצוהייבן לעבן ווי אַ זעלבשטענדיק פאָלק. אָבער איידער זיי זיינען אַריינגעטראָטן אין דעם אייגענעם לאַנד, האָבן די באַזונדערע יידישע שבטים געדאַרפט



דער באַרג סיני

פאַראייניקט ווערן דורך איינהייטלעכע געזעצן און כללים פון לעבן. ביז איצט האָבן די יידן אויפגעהאַלטן זייער אַלטן גלויבן אין אַן איינציקן גאָט און אָפּגעהיט אייניקע מנהגים, וואָס זיי האָבן געירשנט פון זייערע אבות. אָבער קיין קלאָרן באַגריף וועגן גאָט און וועגן דעם אמתן גלויבן האָבן זיי ניט געהאַט; זיי האָבן אויך ניט געהאַט קיין פעסטגעשטעלטע געזעצן פון געזעלשאַפטלעכן און מאָראַלישן לעבן. זייענדיק לאַנג אין מיצרים, האָבן אייניקע דאָרט איבערגענומען היידנישע מנהגים. עס איז

דעריבער נייטיק געווען צו ווייזן די יידן אין וואָס עס באַשטייט זייער אמתע אמונה און נאָך וועלכע געזעצן זיי דאַרפן זיך פירן. די דאָזיקע גרויסע געשעעניש איז פאָרגעקומען ביים באַרג סיני.

נאָך דעם ווי די יידן האָבן אויפגעשלאָגן זייערע געצעלטן לעבן דעם דאָזיקן באַרג, האָט זיי משה צונויפגערופן און זיי געזאָגט אין נאָמען פון גאָט: „איר האָט געזען וואָס גאָט האָט געטאָן צו די מיצריים. ער האָט אייך געטראָגן אויף אָדלער־פליגל און אייך געבראַכט צו אים. אויב איר וועט פאָלגן גאָט און וועט אָפּהיטן זיינע געבאָט, וועט איר זיין פאַר אים דאָס טייערסטע פון אַלע פעלקער אויף דער ערד. איר וועט זיין אַ קעניגרייך פון כהנים און אַ הייליק פאָלק". אויסהערנדיק די דאָזיקע ווערטער, האָט דאָס פאָלק אויסגעשריען: „אַלץ וואָס גאָט האָט געזאָגט וועלן מיר פאָלגן!" נאָך דעם האָט משה אָנגעזאָגט די יידן זיי זאָלן זיך וואַשן און רייניקן אין פאַרלויף פון צוויי טעג, כדי צו מאַכן זיך גרייט פאַר דער גרויסער געשעעניש. אויפן דריטן טאָג אין דער פרי האָט משה אַרויסגעפירט די יידן פון לאַגער און האָט זיי אויסגעשטעלט אין אַ לאַנגער קייט ביי די פיס פון דעם באַרג סיני, און האָט זיי אָנגעזאָגט, אַז העכער אויפן באַרג זאָל קיינער ניט אַרויף.

פון פריען מאָרגן איז דער באַרג געשטאַנען איינגעהילט אין געדיכטע וואָלקנס; דונערן האָבן געקנאַלט און בליצן האָבן געבליצט. דער שפּיץ פון באַרג האָט אַלע ווײַלע אויפגעפלאַקערט. דער גאַנצער סיני איז געשטאַנען אין פלאַמען און אין רויך. משה איז אַרויף אין דער הויך און צווישן קראַכנדיקע דונערן און פייערדיקע בליצן האָט זיך פון דעם שפּיץ באַרג צעלאָזט אַ מעכטיקע שטים. און דאָס פאָלק האָט דערהערט די וויכטיקע ווערטער, אין וועלכן עס זיינען אַנטהאַלטן די גרויסע געבאָטן פון דער יידישער רעליגיע:

א) איך בין גאָט, דיין גאָט, וואָס האָט דיך אַרויסגעפירט פון לאַנד מיצרים, פון דעם הויז פון קנעכטשאַפט.

ב) זאָלסט ניט האָבן קיין אַנדערע געטער חוץ מיר; דו זאָלסט זיך ניט מאַכן קיין אָפּגעטער און קיין געשטאַלט, וואָס איז אין הימל אויבן, און אויף דער ערד אונטן, און אין וואַסער אונטער דער ערד, און זאָלסט זיך צו זיי ניט בוקן, און זאָלסט זיי ניט דינען.

ג) דו זאָלסט ניט אַרויסריידן גאָטס נאָמען צו פאַלשקייט.

ד) געדענק צו האַלטן הייליק דעם טאָג שבת: זעקס טעג זאָלסטו

אַרבעטן און טאָן דיין מלאכה, און דער זיבעטער טאָג זאָל זיין אַ רוטאָג צו דיין גאָט; זאָלסט ניט טאָן קיין אַרבעט, דו, און דיין זון און דיין טאָכ־טער, דיין קנעכט און דיין דינסט, און דיין פי, און דער פרעמדער וואָס וואוינט אין דיינע טויערן.

ה) זאָלסט אָפּגעבן כבוד דיין פאָטער און מוטער, כדי עס זאָלן לאַנג זיין דיינע טעג אויף דער ערד וואָס גאָט גיט צו דיר.

ו) זאָלסט ניט מאָרדן.

ז) זאָלסט ניט זיין אויסגעלאַסן.

ח) זאָלסט ניט גנבענען.

ט) זאָלסט ניט פאַלש עדות זאָגן קעגן דיין חבר.

י) זאָלסט ניט גלוסטן דאָס הויז פון דיין פריינד; זאָלסט ניט גלוסטן דאָס ווייב פון דיין פריינד און זיין קנעכט און זיין דינסט, זיין אָקס און זיין אייזל און אַלץ וואָס געהערט צו דיין פריינד.

דאָס פאָלק, וואָס איז געשטאַנען צופוסנס דעם באַרג סיני האָט מיט ציטערניש אויסגעהערט די דאָזיקע הויכע געבאָטן פון גלויבן, גוטסקייט און ערלעכקייט, און איז זיך צעגאַנגען איבער די געצעלטן. אָבער משה איז נאָך געבליבן אויפן באַרג סיני פערציק טעג און פערציק נעכט. דאָ, דערציילט דער חומש, האָט אים גאָט איבערגעגעבן נאָך פיל געזעצן, וועלכע לערנען ווי אַזוי יעדער ייד דאַרף לעבן און זיך אויפפירן אין זיין פאַמיליע און אין דער געזעלשאַפט. כדי צו פאַראייביקן די תורה וואָס איז געגעבן געוואָרן אויפן באַרג סיני האָט משה אויסגעקריצט די וויכ־טיקסטע צען געבאָט אויף צוויי שטיינערנע טאָוולען, אָדער לוחות, וועל־כע האָבן געדאַרפט געהיט ווערן צווישן פאָלק ווי אַ הייליקייט. אַלע אי־בעריקע געזעצן זיינען שפּעטער פאַרשריבן געוואָרן אין אַ בוך, מיטן נאָמען „ספר הברית“, דאָס בוך פון בונד.

## § 27. דער עגל.

נאָר ניט דאָס גאַנצע יידישע פאָלק האָט פאַרשטאַנען די גרויסע אמתן וואָס זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן אויף דער הייך פון באַרג סיני. צווישן די יידן זיינען געווען אַ סך פינסטערע מענטשן וואָס האָבן אַוועק־געטראָגן פון מיצרים פאַלשע באַגריפן און אַ נייגונג צו געצנדינסט. די דאָזיקע מענטשן האָבן געוואָלט, אַז דער יידישער גאָט זאָל, אַזוי ווי די

היידנישע אָפּגעטער. פאַרגעשטעלט ווערן אין דער געשטאַלט פון אַ גע־צנבילד, וועלכן מען קען זען מיט די אויגן און אָנטאַפּן מיט די הענט. זעענדיק אַז משה זאַמט זיך לאַנג אויפן באַרג סיני, האָבן זיי גענומען פאָדערן פון אַהרנען, אַז ער זאָל מאַכן אַ בילד פון גאָט אין דער גע־שטאַלט פון אַ קאַלב, ענלעך צום עגיפּטישן געץ, דעם אָקס אַפּיס. אהרן איז געצוואונגען געווען צו טאָן דעם ווילן פון דעם פּראָסטן המון. די יידן האָבן געבראַכט צו אהרנען זייער גאָלדענע צירונג. ער האָט דאָס גאָלד צעשמאָלצן און אויסגעגאָסן דערפון אַ געץ אין דער פאָרעם פון אַ קאַלב. דאָס פאָלק האָט אָנגעהייבן טאַנצן אַרום דעם גאָלדענעם קאַלב און האָט געשריען: „אָט איז אונדזער גאָט, וואָס האָט אונדז אַרויסגעפירט פון מצרים". פאַרן עגל האָט מען אויסגעבויט אַ מזבח און מען האָט גע־בראַכט קרבנות פון הויזלעכע פי. און דאָס פאָלק האָט געהוליעט און זיך פריילעך געמאַכט.

דערווייל האָט משה, נאָך פערציק טעג זאַמען אויפן הייליקן באַרג, זיך אומגעקערט אין יידישן לאַגער און אין די הענט האָט ער געהאַלטן צוויי לוחות מיט די עשרת הדברות אויסגעקריצט אויף זיי. נאָך פון דער־ווייטנס האָט ער דערהערט דעם טומל פון אַ סך שטימען. אַריינטרעטנ־דיק אין לאַגער און דערזעענדיק ווי דאָס פאָלק טאַנצט אַרום אַ גאָלדענעם קאַלב, איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ שרעקלעכן צאָרן. ער האָט געטראָגן פון סיני צום פאָלק די לערע פון דעם אמתן גאָט און פּלוצלינג זעט ער ווי דאָס דאָזיקע פאָלק טאַנצט אַרום אַ געץ! פאַר כעס האָט משה אַ שליידער געטאָן די שטיינערנע לוחות אויף דער ערד און האָט זיי צע־שמעטערט אויף שטיקלעך. דאַן האָט ער געכאַפּט דעם גאָלדענעם געץ און אים אַריינגעוואָרפן אין פייער. דערנאָך האָט משה אויסגערופן: „ווער צו גאָט — צו מיר!" און געקומען זיינען אַלע פון משהס אייגענעם שבט לוי, וועלכע האָבן זיך ניט פאַראומווערדיקט דורך בוקן זיך צום געץ. באַוואָפנטע לוויים האָבן זיך אַרויפגעוואָרפן אויף דעם המון, וואָס האָט זיך געבוקט צום גאָלדענעם קאַלב און אַ סאַך פון זיי געהרגעט.

אַ לאַנגע צייט איז משה געווען אין כעס אויף די יידן פאַר דער באַגאַנגענער זינד, נאָר ענדלעך, זעענדיק אַז דאָס פאָלק האָט חרטה, איז זיין כעס געשטילט געוואָרן. משה האָט אויסגעהאַקט נייע לוחות, און האָט אויף דאָס ניי אויסגעקריצט אויף זיי די עשרת הדיברות. צופוסנס פון באַרג סיני האָט מען אויפגעשטעלט אַ נייעם מזבח פון צוועלף גרויסע, ניט

אַרומגעהאַקטע שטיינער, נאָך דער צאָל פון די צוועלף יידישע שבטים. ווען משה איז צום צווייטן מאָל אַרונטער פון באַרג סיני מיט די נייע לוחות איז זיין געזיכט געווען אַרומגערינגלט מיט אַ שטראַלנדיקן שיין. די יידן האָבן דערפילט אַ יראת־הכבוד צו זייער גרויסן פירער און האָבן אָנגעהויבן גלויבן אַז גאָט רעדט צו זיי דורך אים.

## § 28. דער מישכן און דער יידישער לאַגער.

ווען די יידן האָבן געלעבט אין מדבר סיני האָט זיי משה געהייסן אויסבויען אַ באַזונדערן געצעלט, וועלכער זאָל דינען ווי גאָטס הויז פאַרן וואַנדערנדיקן פאָלק. מיט פרייד האָבן זיך די יידן גענומען פאַר דער ארבעט. יעדערער, ווער וויפל עס האָט געקענט, האָט געבראַכט עפּעס פון בוי־מאַטעריאַל: האָלץ, מעטאַלן, פאַרשיידענע געוועבן, און פעל פון חיות. פאַר אויפזעער איבער דער אַרבעט האָט משה באַשטימט צוויי מענטשן, בצלאל און אהליאב, וועלכע האָבן זיך אין מיצרים אויסגעלערנט די קונסט פון בויען. אין גיכן איז דער געצעלט פאַרטיק געווען. אין מיטן געצעלט איז געשטאַנען אַן ארון, באַפּוצט פון אויבן מיט געפליגלטע פיגורן אָדער כרובים; אין דעם דאָזיקן ארון האָט מען געהיט דאָס גרעסטע הייליקטום פון פאָלק — די שטיינערנע לוחות מיט די עשרת הדיברות. דער געצעלט איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ הויף, און אין מיטן הויף איז געשטאַנען אַ מזבח פאַר קרבנות. דער דאָזיקער גאַנצער געביי האָט געהייסן אוהל־מועד, אָדער מישכן. אהרן און זיינע זין זיינען באַשטימט געוואָרן פאַר די כהנים פון דעם מישכן און אַ סך לויים האָבן דאָרט געדינט ווי אַרויסהעלפער. פאַר די הייליקע דינער איז באַשטימט געוואָרן אַ באַזונדערע קליידונג.

דער אוהל־מועד איז געשטאַנען אין מיטן פון דעם יידישן לאַגער. דער דאָזיקער לאַגער איז געווען אויסגעשטעלט אַזוי ווי אַ קריגס־לאַגער, וואָרום די יידן האָבן זיך געגרייט איינצונעמען כנען. משה האָט געמאַכט פאַר אַ חוב אויף אַלע געזונטע מאַנסלייט, אָנפאַנגענדיק פון דעם עלטער פון צוואַנציק יאָר, צו דינען אין מיליטער. בלויז די לויים, וועלכע זיינען געווען באַשטימט פאַרן מישכן, זיינען געווען פריי פון מיליטער־דינסט. אין גאַנצן, אויסער די לויים, זיינען געווען צוועלף שבטים (וואָרום יוספס שטאַם האָט זיך געטיילט אויף צוויי שבטים, אפרים און מנשה). זיי זיי־

נען געווען אויסגעשטעלט אַרום דעם מישכן אין קריגס־געצעלטן. אַמ־נאָענטסטן צום מישכן זיינען געשטאַנען די געצעלטן פון דעם שבט לוי, צו וועלכן עס האָבן געהערט משה, אהרן און אַלע באַדינער פון דעם מישכן. אַרום דעם שבט לוי האָבן געלאַגערט די איבעריקע צוועלף שבטים, צו דריי אויף יעדער זייט; יעדע דריי שב־טים האָבן געפורעמט אַ באַזונדער מחנה, און האָבן געהאַט אַן אייגע־נע פאָן. יעדער שבט האָט געהאַט זיין עלט־סטן. ווען מען האָט זיך געדאַרפט לאָזן אין וועג אַריין פלעגן די כהנים בלאָזן אין שופרות, און אַלע מחנות פלעגן זיך אָנהויבן רירן אין דער זעלבער אָרדענונג ווי זיי זיינען געשטאַנען; די לויים זיינען געגאַנגען אין מיטן, טראָגנדיק אויף די הענט דעם אוהל מועד און דעם ארון קודש, און אַרום זיי — די פיר מחנות מיט זייערע פענער. צו די יידן איז צוגעשטאַנען אַ מחנה פון מדינים, אונטער דער פירערשאַפט פון חובב, אַ ברודער פון משהס ווייב. חובב האָט גוט געקענט אַלע וועגן פון דעם מידבר און איז געווען נוצלעך פאַר די יידן ווי אַ געניטער וועג־ווייזער.


EL TABERNACULO

דער מישכן און דער אוהל מועד

## § 29. די מרגלים — קרחס אויפשטאַנד.

אַן ערך אַ יאָר האָבן די יידן אָפּגעלעבט אין מדבר סיני. נאָך דעם ווי זיי האָבן געפייערט דעם צווייטן פסח נאָך זייער באַפרייאונג פון

מיצרים, האָבן זיי זיך אין פרילינג געלאָזט גיין ווייטער צו כנען. נאָך אַ צייט וואַנדערן זיינען זיי אָנגעקומען קיין קדש. דאָס איז געווען אַן אָאַזיס, ניט ווייט פון דעם גרענעץ פון דרום כנען. עס איז געקומען די צייט אריינצוטרעטן אין דעם אייגענעם לאַנד. די יידן האָבן אויפגעשלאָגן זייער לאַגער אין קדש און האָבן אויסגעקליבן פון צווישן זיך צוועלף מענטשן, צו איינעם פון איטלעכן שבט, און זיי געשיקט פאָרויס קיין כנען אויסצוקוקן דאָס לאַנד, צו זען וואָס פאַר אַן ערד דאָרט איז, וואָס זיינען אירע פלאַנצן און די מענטשן וואָס וואוינען דאָרט. צווישן די דאָזיקע אויספאָרשערס אָדער מרגלים, זיינען געווען די קריגספירער יהושע בן־נון פון שבט אפרים און כלב בן יפונה פון שבט יהודה. די מרגלים זיינען דורכגעגאַנגען דאָס גאַנצע לאַנד כנען, פון דרום ביז צפון, און האָבן עס אויסגעקוקט. לעבן חברון האָבן זיי אָפּגעשניטן עטלעכע פירות פוןביימער און עטלעכע הענגלען וויינטרויבן, וועלכע זיינען געווען זעלטן מיט זייער גרויס און האָבן עס מיטגענומען צו ווייזן די יידן.

אין פערציק טעג אַרום זיינען די מרגלים געקומען צוריק אין יידישן לאַגער אין קדש און האָבן דערציילט דאָס ווייטערדיקע: „מיר זיינען דורכגעגאַנגען דאָס גאַנצע לאַנד כנען. די ערד דאָרט איזווירקלעך רייך און פרוכפּערדיק, און אָט זיינען אירע פירות. נאָר דאָס פאָלק וואָס וואוינט דאָרט איז זייער שטאַרק, און זייערע שטעט זיינען גרויסע און באַפעסטיקטע. מיר האָבן דאָרט געזען מענטשן־ריזן, אַנטקעגן וועלכע מיר האָבן אויסגעזען ווי פליגן". און די שליחים, אויסער כלבן און יהושען, האָבן דערקלערט, אַז עס איז קיין האָפענונג ניטאָ איינצונעמען כנען. די רייד פון די מרגלים האָבן אַרויסגערופן גרויס טרויער אין פאָלק. אַ סך האָבן געוויינט, און די וואָס האָבן זיך נאָך ניט אָפּגעוואוינט פון קנעכטשאַפט, האָבן געשריבן, אַז מען דאַרף אומקערן צוריק קיין מיצרים. כלב און יהושע האָבן געפּרואווט באַרואיקן דאָס פאָלק: „אויב גאָט וועט זיין באַרעמהאַרציק מיט אונדז וועט ער אונדז אריינפירן אין דעם דאָזיקן לאַנד, און וועט עס אונדז אָפּגעבן, כאָטש דאָרט וואוינען שטאַרקע מענטשן. שרעקט אייך ניט פאַר זיי!" אָבער דער אויפגערעגטער המון האָט ניט געהערט די צוויי מוטיקע שליחים און האָט אפילו געוואָלט זיי פאַרשטיינען.

דאָס אַלץ האָט משהן טיף געקרענקט. ער האָט ענדלעך פאַרשטאַנען אַז מיט אַזעלכע מענטשן, וואָס די לאַנגע קנעכטשאַפט אין מיצרים האָט דערשלאָגן זייער מוט, וועט זיין אוממעגלעך איינצונעמען כנען, און

מען דאַרף וואַרטן ביז עס וועט אויפקומען אַ נייער דור, וואָס וועט זיין אויפגעוואַקסן אין פרייהייט. האָט ער דערקלערט די יידן, אַז זיי וועלן אומוואַנדערן אין דעם מידבר נאָך פערציק יאָר, אַז אַזוי לאַנג ביז עס וועט אין גאַנצן אויסשטאַרבן דער אַלטער דור וואָס איז אַרויס פון מיצרים, און עס וועט אויסוואַקסן דער יונגער דור, וואָס וועט זיין מער מוטיק און פעאיק אויף געוואַגטע מלחמות, און זיי, די נייע מענטשן, וועלן אריינטרעטן אין כנען. און משה האָט באַפוילן צו לאָזן זיך ווייטער וואַנדערן איבער דער ברייטער וויסטעניש, פאַזע דעם רויטן ים. ווען דאָס פאָלק האָט עס דערהערט, איז עס אריינגעפאַלן אין טיפן טרויער. אייניקע אַנטשלאָסענע מענטשן האָבן ניט געוואָלט פאָלגן משהן. זיי האָבן זיך אָפּגעטיילט פון לאַגער און זיינען אַוועק גלייך אין די בערג, אין דער זייט פון כנען. נאָר דאָ זיינען פון די בערג אַרונטערגלאָפן די ווילדע עמלקים און האָבן זיי צעטריבן.

נאָך דער דאָזיקער געשיכטע האָט זיך דער גרעסטער טייל יידן אונטערגעגעבן דעם ווילן פון משהן. אָבער אין אַ געוויסן טייל פון פאָלק האָט נאָך געגליט אַן אומצופרידנקייט מיט דער אומבאַגרענעצטער מאַכט פון דעם גרויסן פירער. די דאָזיקע אומצופרידנקייט האָט אַרויסגעפלאַצט אין דעם אויפשטאַנד פון קרחן. צוויי הונדערט און פופציק חשובע לייט, וועלכע זיינען געווען אָנגעפירט פון קרחן פון שבט לוי, און דתן און אבירמען פון שבט ראובן, האָבן מורד געווען קעגן משהן און אהרנען. „גענוג אייך צו הערשן!” — האָבן געשריען די מורדים — אונדזער גאַנצע עדה איז הייליק; וואָרום זשע שטעלט איר זיך העכער פון דעם גאַנצן פאָלק פון גאָט?” זיי האָבן פאַרגעוואָרפן משהן, למאי ער האָט די יידן אַרויסגעפירט פון מיצרים און קיין כנען האָט ער זיי ניט געבראַכט, און ער צווינגט זיי אַלעמען אומקומען אין דער וויסטעניש. דאָס פאָלק האָט זיך גענומען קלייבן אַרום די געצעלטן פון די מורדים, און עס איז געווען אַ סכנה, אַז דער אויפשטאַנד וועט זיך צעוואַקסן. דעמאָלט, דערציילט דער חומש, האָט משה באַפוילן דאָס פאָלק אָפּצוטרעטן פון די געצעלטן פון די דאָזיקע שווער־פאַרזינדיקטע מענטשן. און ווי נאָר דאָס פאָלק איז אָפּגעטראָטן אין געשען אַ וואונדער: אויף יענעם אָרט, וואו עס איז געשטאַנען קרח מיט זיינע לייט, האָט זיך געשפּאָלטן די ערד, און אַלע מורדים מיט זייערע געצעלטן און מיט זייער גאַנץ פאַרמעגן זיינען איינ־

געזינקען אין דעם געעפנטן אפגרונד. פיל יידן וואָס האָבן געהאַלטן מיט די מורדים זיינען אומגעקומען פון אַ מגפה.

## § 30. דער דור המידבר.

נאָך דער געשיכטע מיט די מרגלים האָבן די יידן געלעבט אין מדבר אַן ערך פון פערציק יאָר. צום טייל האָבן זיי געפירט אַן איינגעזעסענעם לעבן, אין דעם קאַזיס קדש, און צום טייל האָבן זיי אומגעוואַנדערט אין די נערבייאיקע סטעפעס, לעבן דרום כנען. געלעבט האָבן זיי אין געצעלטן און האָבן זיך באַשעפטיקט מיט האָדעווען פי און אביסל ערד־אַרבעט. פאַר אַ זכר פון יענער צייט האָט דער אויבערשטער אָנגעזאָגט צו בויען געצעלטן, אָדער „סוכות" און פייערן דעם הערלעכסטן יום־טוב סוכות זיבן טעג.

אין משך פון יענער צייט זיינען ביסלעכווייז אויסגעשטאָרבן די עלטערע מענטשן, וואָס זיינען אַרויס פון מצרים, און עס איז אונטער־געוואַקסן אַ יונגער דור. וועלכן משה האָט אויפגעצויגן אין פרייהייט און ריינעם גלויבן. משה האָט ניט געאַרבעט אַליין. ער האָט געהאַט אַרום זיך אַ ראַט פון זיבעציק זקנים אָדער עלטסטע, וועלכע האָבן אים געהאָלפן צו רעגירן דאָס פאָלק. אהרן איז געווען דער כהן גדול און די לויים האָבן געדינט ביים אוהל מועד און געהאָלפן משהן צו לערנען און דערציען דאָס פאָלק.

ווען די צייט וואָס משה האָט באַשטימט צו בלייבן אין מידבר האָט זיך שוין געדאַרפט ענדיקן, האָבן זיך די יידן אָנגעהויבן צורוקן צו די גרענעצן פון כנען. ביי די דאָזיקע גרענעצן, אין דרום און אין מזרח, האָבן געלעבט די קריגערישע פעלקער אדום, מואב און אמורי. משה האָט צו־ערשט געפרואווט פועלן מיט גוטן ביי די מלכים פון די דאָזיקע פעלקער זיי זאָלן דורכלאָזן די יידן קיין כנען. ער האָט געשיקט שלוחים צום קעניג פון אדום און אים געלאָזט אַזוי זאָגן: „אַזוי זאָגט דיין ברודער ישראל: דערלויב אונדז דורכצוגיין דורך דיין לאַנד; מיר וועלן ניט גיין, ניט איבער דיינע פעלדער און ניט איבער דיינע וויינגערטנער, און מיר וועלן ניט טרינקען דאָס וואַסער פון דיינע ברונעמער, נאָר מיר וועלן גיין מיטן גרויסן וועג, ביז מיר וועלן אַרויס פון דיין גבול". אָבער דער קעניג פון אדום האָט אָפּגעזאָגט די דאָזיקע פריינדלעכע בקשה. דעמאָלט האָבן די

יידן געמוזט גיין אַרום אדום. אויפן וועג איז געשטאָרבן אהרן, אויפן באַרג הר, און אויף זיין אָרט איז געוואָרן כוהן גדול זיין זון אליעזר. אַביסל פריער איז אויך געשטאָרבן משהס שוועסטער, מרים.

## § 31. די דעראָבערונג פונעם עבר־הירדן.

די יידן האָבן אויסגעמיטן דאָס לאַנד פון אדום און האָבן זיך אָפּגעשטעלט צו דרום מזרח פון כנען, לעבן מואב. אַ גרויסן טייל פון דעם דאָזיקן לאַנד האָט נאָך פריער איינגענומען סיחון, דער מעכטיקער קעניג פון אמורי. די לענדער פון די אמורים האָבן זיך געצויגן אין דער לענג פון דעם גאַנצן מיזרח ברעג פון ירדן. האָט משה געשיקט שלוחים צו סיחונען מיט דער בקשה ער זאָל דורכלאָזן די יידן דורך דעם דאָזיקן לאַנד. אָבער סיחון האָט ניט נאָכגעגעבן משהס פאַרלאַנג און איז אַרויס קעגן אים מיט אַ גרויסן חיל. די יידן האָבן געקעמפט העלדיש און האָבן געבראַכט אויף די אמורים אַ גרויסע מפלה. זיי זיינען אריינגעדרונגען אין לאַנד און האָבן פאַרנומען די הויפטשטאָט חשבון. דערמוטיקט דורך דעם דאָזיקן ניצחון האָבן זיך די יידן געלאָזט גיין ווייטער צו צפון, קיין בשן, — אַ לאַנד, וואָס איז געווען רייך אין פאַשע־פעלדער. דאָ איז קעגן זיי אַרויסגעטראָטן עוג, דער קעניג פון בשן, וועלכער האָט געשטאַמט פון די אַלטע ריזן. נאָר די יידן האָבן צעשלאָגן עוגן און זיין גאַנץ פאָלק און האָבן איינגענומען דאָס פרוכפּערדיקע בשן. אויף אַזאַ אופן איז דאָס יידישע פאָלק שוין געשטאַנען מיט אַ פעסטער פוס אין דעם מזרח געגנט פון כנען, אין דעם „עבר הירדן".

אַזוי ווי די יידן האָבן איצט געלאַגערט ביי די גרענעצן פון דעם לאַנד מואב, האָט בלק, דער קעניג פון מואב, מורא געקראָגן אַז זיי זאָלן ניט פאַרכאַפּן אויך זיינע לענדערייען. האָט בלק געשיקט די עלטסטע לייט פון מואב קיין מעסאָפּאָטאַמיע און געבראַכט פון דאָרט דעם כישוף־מאַכער בלעם. און בלק האָט געזאָגט צו בלעמען אַזוי: „אַ פאָלק איז אַרויס פון מיצרים און האָט באַדעקט דאָס גאַנצע לאַנד וואָס ליגט לעבן מיר. מילחמה האַלטן מיט אים קענען מיר ניט, וואָרום ער איז שטאַרקער פון אונדז. דעריבער קום און שעלט מיר דאָס פאָלק, און דעמאָלט וועלן מיר עס אפשר קענען מנצח זיין און פאַרטרייבן פון דאַנען. איך ווייס וואויל, אַז וועמען דו בענטשסט דער איז געבענטשט, און וועמען דו

שעלטסט דער איז געשאָלטן". בלעם האָט מסכים געווען. נאָר דאָ, דער־ציילט דער תנ"ך, האָט זיך גאָט באַוויזן צו בלעמען אין אַ חלום און האָט איס געהייסן האַנדלען גאַנץ אַנדערש. ווען דער קעניג פון מואב האָט אַרויפגעפירט דעם מכשף אויפן שפּיץ פון אַ באַרג, פון וואַנען מען האָט געקענט זען דעם יידישן לאַגער, האָט בלעם אויסגערופן: „קען איך דען שעלטן דעם, וועמען גאָט האָט ניט געשאָלטן, און צאָרנען אויף דעם, אויף וועמען גאָט האָט ניט געצאָרנט?". דאָס צווייטע מאָל איז בלעם אַזוי אַנטציקט געוואָרן פון דעם אויסזען פון דעם יידישן לאַגער, אַז ער האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן פון באַגייסטערונג און האָט אויסגערופן: „ווי שיין זיינען דיינע געצעלטן, יעקב, און די וואוינונגען דיינע, ישראל!" אומזיסט האָט בלק געוואַרט צו הערן פון דעם צויבערער קללות אויף די יידן: בלעם האָט זיי נאָר געבענטשט און האָט זיי פאָרויסגעזאָגט אַ גרויסע צוקונפט. דער קעניג פון מואב איז אין כעס געוואָרן אויפן מכשף און האָט אים אַוועקגעשיקט אַהיים.

## § 32. די חלוקה פונעם עבר־הירדן — משהס טויט.

ווען דאָס לאַנד פון עבר־הירדן איז שוין געווען איינגענומען האָבן זיך די יידן גענומען גרייטן אַריבערצוגיין דעם טייך ירדן און איינגעמען מערב כנען. דעמאָלט זיינען געקומען פאַר משהן די זקנים פון די פאַסטור־כער־שבטים: ראובן און גד און האָבן צו אים אַזוי געזאָגט: „דאָס לאַנד, וואָס מיר האָבן איינגענומען איז רייך אין פאַשע, און מיר האָבן אַ סך פי. גיב אונדז דאָזיקע לאַנד פאַר אונדזער ירושה און פיר אונדז ניט אַריבער דעם ירדן". משה האָט זיי פאַרגעוואָרפן, פאַרוואָס זיי ווילן ניט העלפן די איבעריקע שבטים צו איינגעמען כנען, נאָר זיי ווילן זיך אָפּטיילן פון פאָלק און לעבן רואיק אויף דעם באַזיגטן טייל פון דעם לאַנד. אָבער די עלטסטע פון ראובן און גד האָבן געענטפערט, אַז זיי האָבן גאָר ניט בדעה זיך אָפּצוטיילן פון דעם גאַנצן פאָלק. „מיר וועלן — האָבן זיי געזאָגט — נאָר אויסבויען דאָ שטאַלן פאַר אונדזערע שאָף און וואוי־נונגען פאַר אונדזערע ווייבער און קינדער, און אַליין וועלן מיר אַנטאָן געווער און גיין אין מילחמה פאָרויס פון אַלע שבטים, און מיר וועלן זיך ניט אומקערן צו אונדזערע היימען ביז דאָס גאַנצע לאַנד אויף יענער זייט ירדן וועט ניט זיין איינגענומען". נאָך אַזאַ הבטחה האָט משה אָפּ־

געגעבן צו דעם שבט ראובן און גד די לענדער פון אמורי און בשן פאַר זייער נחלה. צו די דאָזיקע צוויי שבטים איז דערנאָך צוגעשטאַנען אַ האַלבער שבט מנשה, וועלכער האָט זיך גענומען דעם טייל פון די אמורי־לענדער, וואָס איז באַוואוסט אונטערן נאָמען גלעד. אויף אַזאַ אופן האָבן צוויי און אַ האַלב שבטים באַזעצט דעם מזרח טייל פון כנען, דעם עבר הירדן.

איצט איז נאָך געבליבן אַריבערצוגיין דעם ירדן און איינצונעמען דעם אינעווייניקסטן טייל פון כנען און צעטיילן דאָס לאַנד צווישן די איבעריקע שבטים. נאָר דאָס איז שוין ניט באַשערט געווען משהן דורכ־צופירן. דער גרויסער באַפרייער און פירער פון די יידן האָט דערפילט אַז דער טויט רוקט זיך אָן און ער האָט געוואוסט אַז ניט אויף זיין גורל איז אויסגעפאַלן אריינצופירן דאָס פאָלק אין כנען. פאַרן טויט פלעגט משה אָפט פאַרזאַמלען די יידן אַרום זיך און זיי לערנען ווי צו לעבן אין דעם נייעם לאַנד לויט די געזעצן פון פרייהייט און גערעכטיקייט. פאַר אַ מנהיג נאָך זיך האָט ער באַשטימט זיין העלפער יהושע בן־נון. ענדלעך איז גע־קומען די טרויעריקע שעה פון צעשיידונג. משה האָט זיך געזעגנט מיט די יידן, האָט פאַרויסגעזאָגט דעם פאָלק זיין צוקונפט און האָט געבענטשט יעדן שבט באַזונדער. דערנאָך איז ער אַרויף אויפן באַרג נבו, דער העכס־טער שפּיץ פון דער מואבישער באַרג־קייט פסגה, און פון דעם דאָזיקן באַרג־שפּיץ האָט משה געקענט זען אַ גרויסן טייל פון כנען. לאַנג איז ער דאָ געשטאַנען און געקוקט אויפן לאַנד און געטרויערט, וואָס ניט אים איז געגעבן געוואָרן אריינצוטרעטן אין דעם צוקונפטיקן לאַנד פון די יידן.

און משה איז געשטאָרבן אין עלטער פון הונדערט און צוואַנציק יאָר און האָט געפונען זיין קבר אין דעם טאָל פון מואב. דאָס אָרט פון משהס קבר איז קיינעם ניט באַוואוסט, עס איז געבליבן פאַרבאָרגן פאַר די צוקונפטיקע דורות. דרייסיק טעג האָבן די יידן געוויינט אויפן טויט פון זייער גרויסן פירער. „און ניט אויפגעשטאַנען איז מער ביי יידן אַ נביא ווי משה" — זאָגט דער תנ"ך. משה איז געווען דער באַפרייער און דער גייסטיקער ווידערבוייער פון זיין פאָלק. אַ מאַסע פון שקלאַפן האָט ער פאַרוואַנדלט אין אַ פאָלק און מיט זיין באַגייסטערטער לערע האָט ער דאָס פאָלק געמאַכט פאַר אַן „אויסדערוויילט" און גרויס פאָלק.

## § 33. היסטאָרישע אויספירונגען.

פון דער צייט וואָס די יידן זיינען אַרויס פון מיצרים, „דאָס הויז פון קנעכטשאַפט" ביז זיי זיינען אריין אין דעם „פאַרשפּראָכענעם לאַנד" כנען, איז, לויט דער מסורה, דורכגעגאַנגען אַ משך פון פערציק יאָר. און אין פאַרלויף פון דער צייט האָבן די יידן אומגעוואַנדערט אין דער וויס־טעניש. דאָ אין דעם מידבר, האָבן זיי זיך אַ קירצערע צייט אויפגעהאַלטן אין די געגנטן פון דעם באַרג סיני, און אַ לענגערע צייט אין דעם אָאַזיס קדש, לעבן אדום און די דרום־גרענעצן פון כנען.

די באַפרייאונג פון קנעכטשאַפט האָט אַזוי שטאַרק אויפגעהויבן דעם נאַציאָנאַלן גייסט פון די יידן, אַז זיי זיינען פון מיצרים גלייך אַוועק צום סיני. דאָס באַפרייטע פאָלק האָט געפילט אַ באַדערפעניש צו פאַראייניקן אַלע זיינע באַזונדערע טיילן אין איין געזעלשאַפט, וועלכע זאָל זיך פירן לויט באַשטימטע געזעצן. פול מיט האָפענונגען און ליכטע שטרעבונ־גען איז דאָס פאָלק נאָכגעגאַנגען זיין גרויסן פירער. די נייע אומגע־בונג, אין וועלכע זיי זיינען פלוצלינג אריינגעטראָטן, האָט געמוזט האָבן אַ ווירקונג אויף די אַרויסגעגאַנגענע פון מיצרים. נאָך די פרוכטבאַרע ברעגעס פון דעם נילוס האָבן זיי זיך מיט אַמאָל געפונען אין אַ פינס־טערער טרוקענער וויסטעניש, וואו נאַקעטע פעלדזן ווי גרויזאַמע ריזן, האָבן זיך געצויגן צו די הימלען און זייערע שפּיצן האָבן זיך פאַרלאָרן אין די וואָלקנס — דאָ איז אַזוי ווי פאַרשוואונדן דער גרענעץ צווישן הימל און ערד, צווישן לעבן און טויט; דאָ האָט געשוועבט דער גייסט פון דעם באַשעפער פון דער וועלט. אויב ערשט ניט לאַנג, אין מיצרים, האָט דאָס פאָלק געפילט דעם שווערן דרוק פון מענטשן, האָט עס איצט, אין מיטן פון דעם ברייטן, איינזאַמען מידבר, געשפּירט אַן אַנדערע, אַ העכערע מאַכט — די מאַכט פון אַן איינציקן און אייביקן גאָט. צופוסנס פון דעם געטלעכן באַרג סיני האָט דאָס פאָלק דערהערט יענע אומשטאַרב־ביקע געבאָטן, וועלכע זיינען געוואָרן די ווינקלשטיינער פון יידנטום.

דאָ האָט זיך אָנגעפאַנגען דער איבערגאַנג צו דער קלאָרער ג ע־ז ע ל ש אַ פ ט ל י כ ע ר יידישער רעליגיע. אין משהס לערע איז גאָט דער הערשער ניט נאָר פון דער נאַטור נאָר אויך פון דעם מענטשלעכן לעבן. ער איז ניט נאָר דער גאָט פון ישראל, נאָר אויך באַזונדערס דער איינציק אמתער גאָט פון דער גאַנצער וועלט. „איך בין דיין גאָט, וועל־

כעני האָט דיך אַרויסגעפירט פון דעם לאַנד מיצרים, פון דעם הויז פון קנעכטשאַפט” (דער ערשטער געבאָט). אין די דאָזיקע ווערטער איז אויסגעדריקט דער נאַציאָנאַלער תמצית פון תורת משה. נאָך דעם ווערן פאָרגעשטעלט די אייגנשאַפטן פון גאָט: ער איז איינציק און איז אומקערפערלעך, עס טאָר ניט זיין קיין פּילגעטעריי און קיין געצנדינסט (צווייטער געבאָט). די רו פון שבת ווערט געגעבן ווי אַ מיטל אויפצוהאַלטן אין דעם פאָלק דאָס באַוואוסטזיין פון דער מענטשלעכער גלייכהייט לגבי גאָט, ווען דער קנעכט דאַרף האָבן דעם זעלביקן רוטאָג ווי זיין האַר (פערטער געבאָט). כיבוד אם ואם ווערט אָנגעלייגט ווי דער הויפּט־פונדאַמענט פון דער פאַמיליע און דער געזעלשאַפט, וואָרום דער כח פון אַ פאָלק באַשטייט אין דעם שטאַרקן באַנד צווישן דעם אַלטן און דעם יונגן דור (פינפטער געבאָט). דער פאַרבאָט צו זאָגן ליגן, צו מאָרדן, גנבענען, זיין אויסגעלאַסן און גלוסטן יענעמס איז דער יסוד פון דער מאָראַל און פון דעם מענטשלעכן צוזאַמענלעבן (דריטער, זעקסטער און צענטער געבאָט). דאָס זיינען געווען אייביקע אמתן, וועלכע דאָס יידישע פאָלק האָט אויפגעדעקט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

אין דער צייט וואָס די יידן זיינען געווען אין קדש האָט זיך דאָס פאָלק אָנגעהויבן צוגעוויינען צו אַ ריכטיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן. לויט דער מסורה האָט משה אָנגעפירט די יידן מיט דער הילף פון אַ ראָט פון עלטסטע און זקנים. ער האָט געשטעלט אויבערהאַרן איבער באַזונדערע גרופּן און האָט זיי איבערגעגעבן צו האָבן השגחה איבער דער אָרדענונג און צו משפטן אין קלענערע סכסוכים. דאָ אייגנטלעך האָבן זיך געקענט אויסאַרבעטן און באַנוצט ווערן אין דער פּראַקטיק איינע פון יענע געזעלשאַפטלעכע געזעצן, וועלכע זיינען געווען פאַרשריבן אין דעם „ספר הברית” (שמות כא־כג). מענטשנליבע, מיטלייד מיטן שוואַכן און אָרעמען, און אַ שטרענגקייט צו די וואָס רירן אָן די רעכט פון אַנדערע — אָט דאָס זיינען די הויפּט־שטריכן פון די דאָזיקע געזעצן. אַלע מענטשן זיינען גלייך פאַר גאָט: מאַן און פרוי, רייך און אָרעם, האַר און דינער. אָט זיינען איניקע ביישפּילן: „אויב דו וועסט קויפן אַ יידישן קנעכט זאָל ער זעקס יאָר ביי דיר דינען און אויפן זיבעטן יאָר זאָלסטו אים אַרויסלאָזן פריי אומזיסט”. „די אַלמנה און דעם יתום זאָלט איר ניט דריקן”. „אויב דו לייעסט געלט צו אַן אָרעמאַן און ער גיט דיר זיין אויבערשטן בגד פאַר אַ משכון, זאָלסטו יעדן טאָג ווען די זון פאַרגייט אים אומקערן

זיין בגד, וואָרום ער דאַרף זיך מיט אים צודעקן ביינאַכט"; „משפט ניט אומגערעכט דעם אָרעמאַן"; „נעמט ניט קיין שוחד"; „איר זאָלט ניט דריקן דעם גר, ווייל גרים זענט איר געווען אין דעם לאַנד מיצרים".

אין קדש זיינען אויך אַוועקגעלייגט געוואָרן די יסודות פון דעם אַלטן יידישן גאָטדינסט. דאָס הייליקטום פון פאָלק איז געווען דער „ארון הברית", ד"ה דער ארון, וואו עס האָבן זיך געהיט די שטיינערנע לוחות מיט די עשרת הדברות פון סיני. אין דער צייט ווען די יידן פלעגן זיך אָפּשטעלן אין זייער וואַנדערן אין מדבר האָט זיך דער ארון געפונען אין דעם מישכון. אין דער צייט פון די מילחמות אין מזרח־כנען פלעגן די לוויים מיטן ארון גיין פאָרויס פון דער מחנה, ווי אַ צייכן אַז גאָט אליין פירט דאָס פאָלק. דערביי פלעגט זיך הערן אויסרופן: „קומה ד', ויפוצו אויביך!" דאָס הייסט: שטיי אויף, גאָט, און זאָלן צעשפּרייט ווערן די פיינד דיינע! פינדיק אַז דאָס הייליקטום גייט מיט זיי, פלעגן די יידישער קריגער קעמפן העלדיש און האָבן אָפּגעהאַלטן יענע גלענצנדיקע נצחונות, וועלכע האָבן פאַר זיי געעפנט אַ צוטריט אין דעם לאַנד כנען.



יידן זאַמלען דעם מן אין מידבר

קאַפּיטל 4

# די דעראָבערונג פון כנען

(אַרום דרייצנטן יאָרהונדערט פאַר דער קריסטלעכער צייטרעכענונג)

## § 34. דאָס לאַנד און זיינע איינוואוינער.

דאָס לאַנד, וואָס די יידן האָבן געדאַרפט איינגעמען נאָך משהס טויט האָט געטראָגן פאַרשיידענע נעמען. ביי די יידן האָט עס צוערשט געהייסן כנען, און נאָכהער — ארץ־ישראל. די שפּעטערע גריכן און רוימער האָבן עס גערופן פּאַלעסטינאַ, און די קריסטלעכע פעלקער — דאָס הייליקע לאַנד. דאָס דאָזיקע לאַנד איז געלעגן אויפן עקסטרעמסטן מערב־ברעג פון אַזיע, אויפן וועג צווישן די גרויסע מלוכות אשור און בבל אין אַזיע, און מיצרים אין צפון־אַפריקע. אין דער פאָרעם זעט דאָס לאַנד אויס ווי אַ לענגלעכער ערד־פּאַס, וואָס גרענעצט זיך אין מערב זייט מיטן מיטללענדישן ים, אין מיזרח און דרום — מיטן אַראַבישן מידבר, און אין צפון — מיט סיריע אָדער ארם. אויפן צפון גרענעץ פון כנען הייבן זיך אויף איינע קעגן די אַנדערע צוויי גרויסע בערג־קייטן, דער לבנון און דער חרמון, וואָס זייערע שפּיצן זיינען באַדעקט מיט אייביקן שניי. די וואַסערן, וואָס פליסן אַרונטער פון די דאָזיקע הויכע ערטער זאַמלען זיך צונויף אין שטראָמען און שאַפן דעם הויפּט־טייך פון כנען — דעם ירדן. דער ירדן ציט זיך ווי אַ גלייכע לענגטע פון צפון צו דרום, גייט דורך צוויי אָזערעס, מי־מרים און כנרת, און פאַלט אריין אין דרום,

אין טויטן אָדער געזאַלצענעם ים (ים המלח). דער ירדן צעטיילט דאָס גאַנצע לאַנד אין צוויי טיילן: דעם מזרח טייל (עבר־הירדן, גלעד), און דעם מערב־טייל (כנען גופא). דער ערשטער טייל איז אַמאָל געווען באַ־רימט מיט זיינע פעטע פּאַשע־פעלדער, און דער צווייטער — מיט זיין פרוכפּערדיקן באָדן, אויף וועלכן עס זיינען געוואַקסן תבואה, ווייַנטרויבן, אויבס און איילבירטן. פוןביידע זייטן ירדן ציען זיך, פון צפון צו דרום, אָפּצווייגונגען פון די צוויי באַרג־קייטן לבנון און חרמון. די דאָזיקע אָפּ־צווייגונגען זיינען אין מיזרח די גילעד־בערג (הרי גילעד), און אין מערב — אַ סך בערג־קייטן, באַוואוסט אין תנ"ך אונטער די נעמען: הרי נפתלי, הרי אפרים, און הרי יהודה. צו די הרי נפתלי שליסן זיך צו די באַרימטע בערג תבור און כרמל. צווישן זיי ליגט דער פּראַכטפולער טאָל יזרעאל. צו אים שליסן זיך צו, פון דרום זייט, די הרי אפרים, פון וועלכע עס איז באַזונדערס באַוואוסט דער באַרג גריזים לעבן דער שטאָט שכם. צום ברעג־צו פון ים נידערט די דאָזיקע באַרג־קייט אַלץ מער און מער אַרונטער ביז זי גייט אַריבער אין דעם טאָל שרון. נאָך ווייטער צו דרום, פון ירושלים ביז חברון, ציען זיך די הרי יהודה מיט זייערע העכסטע שפּיצן ציון און הר־הזיתים.

די נאַטור און דער קלימאַט פון כנען זיינען זייער פאַרשיידנאַרטיק. פון די הויכע בערג־שפּיצן בלאָזן פרישע ווינטן. די לופט איז דעם גרעסטן טייל פון יאָר ריין און דורכזיכטיק, נאָר אין דער נידער הערשט אין די זומער־מאָנאַטן אַ טראָפּישע היץ. מחמת דעם איז אויך דאָס פלאַנצנרייך פאַרשיידנאַרטיק: דאָ געפינט מען די פּאַלמע וואָס וואַקסט נאָר אין הייסן קלימאַט, און דעם דעמב וואָס קען קיין היץ ניט פאַרטראָגן. דאָס וואַסער פון ים כנרת איז זיס און איז רייך מיט פיש; אויף די ברעגן פון דעם דאָזיקן ים וואַקסן ווייַנטרויבן, פייגן און אַנדערע פרוכטביימער. אָבער אין דעם טויטן ים איז דאָס וואַסער אָנגעזאַפּט מיט זאַלץ און אַנ־דערע מינעראַלן און פיש קענען דאָ ניט לעבן. די ברעגעס פון דעם דאָזיקן ים זיינען אַ וויסטער מידבר, וואָס ווערט בלויז זעלטן אונטערבראָכן פון פרוכפּערדיקע אָאַזיסן (עין גדי). די פלאַכע טייכן און אָזערעס טריקענען אויס אין די הייסע צייטן פון יאָר, אָבער אין דער רעגנדיקער צייט פילן זיי זיך אָן מיט וואַסער, גייען אַריבער די ברעגעס און באַפרוכפּערן דעם באָדן. עס זיינען ניטאָ קיין סך לענדער אויפן ערד־קיילעך, וועלכע האָבן פאַראייניקט אין זיך אַלע שיינקייטן פון דער נאַטור, אַזאַ פאַרשיידנאַר־

טיקייט פון קלימאַט און פלאַנצן, ווי כנען אָדער ארץ־ישראל. די אַלע אייגנשאַפטן האָבן געמוזט האָבן אַ ווירקונג אויפן כאַראַקטער און אויפן גייסטיקן לעבן פון די יידן. דער קלימאַט, וואָס איז מיטל צווישן מעסיק און הייס, האָט אַרויסגערופן אין די איינוואוינער אַ נייגונג צו פיזישער אַרבעט, און די נאַטור מיט אירע שיינקייטן האָט סטימולירט דאָס רע־ליגיעזע און פּאָעטישע געפיל. זי האָט ניט געמאַכט די איינוואוינער שוואַך און אָפּגעלאָזן, אַזוי ווי אין אַנדערע לענדער פון מזרח, אָבער זי האָט זיי אויך ניט פאַרגרעבט דורך צופיל פיזישער אַרבעט.

אין יענע אַלטע צייטן, ווען די יידן זיינען צוגעטראָטן צו איינגעמען כנען, האָבן אויף אירע גרענעצן געלעבט אַ צאָל קליינע, אָבער שטאַרקע פעלקער. די קריגערישע חיתים האָבן געוואוינט אויפן צפון־מערב גרענעץ, צווישן די לבנון־בערג און דעם מיטללענדישן ים; שפּעטער איז זייער לאַנד איבערגעגאַנגען צו דעם האַנדלס־פאָלק די פעניציער. אין צפון־מזרח זייט האָבן געלעבט די ארמים, וואָס זיינען געווען קרוביש צו די יידן לויט זייערע ראַסע און שפּראַך. אַזעלכע קרובישע שבטים האָבן אויך געלעבט אין מיזרח און אין דרום: עמון, מואב און אדום. אויפן דרום־מערב ברעג פון כנען האָבן איינגעוואָנדערט די ווילדע עמלקים, און העכער,ביים ברעג פון ים, האָבן זיך באַזעצט די קריגערישע פלישתים, וועלכע זיינען שפּעטער געווען דער ערגסטער פיינד פון די יידן.

דער אינעווייניקסטער טייל פון כנען, אויפן מערב זייט פון ירדן, איז באַשטאַנען פון אַ סך קליינע מלוכות, אין וועלכע עס האָבן געלעבט פאַרשיידענע שבטים, באַוואוסט אונטערן אַלגעמיינעם נאָמען די כנענים. יעדע מלוכה איז באַשטאַנען דאָס רוב פון איין שטאָט מיט די דערבייאיקע פעלדער און פאַשעס. צווישן די דאָזיקע מלוכות איז ניט געווען קיין שטענדיקער בונד אויף צו באַשיצן דאָס לאַנד אין צייט פון אַ פיינדלעכן אָנפאַל; פאַרקערט, די קליינע מלכים האָבן זיך דאָס רוב געקריגט צווישן זיך. דעריבער ווען עס האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז דורכן מידבר גייט פון מצרים דאָס צאָלרייכע יידישע פאָלק, וואָס האָט שוין באַזיגט אויף יענער זייט ירדן די שטאַרקע מלוכות פון סיחון און עוג, האָבן זיך די איינוואוינער פון כנען שטאַרק דערשראָקן. זיי זיינען נישט געווען צו־געגרייט קעגן אַזאַ מעכטיקן שונא און זיי האָבן געמוזט, נאָך לאַנגע און בלוטיקע מילחמות, אָפּטרעטן אַ גרויסן טייל פון זייער לאַנד צו די פאַר־

אייניקטע קרעפטן פון די יידן, וועלכע האָבן געהאַלטן דאָס לאַנד פאַר אַ ירושה פון זייערע אבות.

## § 35. דער איבערגאַנג איבערן ירדן

נאָך משהס טויט האָט יהושע בן־נון, דער נייער פירער פון יידישן פאָלק, זיך געלאָזט גיין צום ירדן בראש פון אַלע יידישע שבטים. פאַרן אַריבערגיין דעם ירדן האָט ער געשיקט מרגלים אויף דער אַנדערער זייט טייך אויסצוקוקן די שטאָט יריחו און איר סביבה. קומענדיק צוריק האָבן די מרגלים דערציילט, אַז די איינוואוינער פון יריחו און אַרום האָבן שוין געהערט וועגן די ניצחונות פון די יידן אויף דער זייט ירדן און געפינען זיך אין גרויס שרעק. דאַן איז יהושע און דאָס פאָלק אַריבער דעם ירדן אויף אַן אָרט, וואו דער טייך איז געווען ניט טיף. פון פאָרנט זיינען געגאַנגען די כהנים מיט דעם הייליקן ארון און נאָך זיי זיינען געגאַנגען אַלע יידן און דאָס פאָלק האָט אויפגעשלאָגן זיין לאַגער אויף דעם מערב־ברעג פון ירדן, אין דער שטאָט גילגל, נעבן יריחו. דאָס איז געווען אין פרילינג, אין זעלביקן מאָנאַט ניסן, אין וועלכן די יידן זיינען אַמאָל אַרויס פון מצרים. דאָס פאָלק האָט פסח געהאַלטן אין גילגל.



יהושע

פון דאַנען האָט זיך דאָס יידישע חיל אַ רוק געטאָן אויף יריחו. די שטאָט איז געווען שטאַרק באַפעסטיקט און עס איז שווער געווען זי צו נעמען מיט שטורעם. יעדן טאָג אין משך פון זעקס טעג האָבן די יידישע קריגער אַרומגעקרייזט די מויערן פון שטאָט, און דערביי האָט מען גע־

פירט פאָרויס דעם הייליקן ארון און די כהנים האָבן געבלאָזן אין שופרות. אויפן זיבעטן טאָג, ווען די יידן זיינען אַרומגעגאַנגען די שטאָט, די שופ־רות האָבן הילכיק געשאַלט און די זיג־געשרייען פון די קריגער האָבן פאַרקלונגען די לופט, איז אַ טייל פון דער פעסטונג פון יריחו איינגעפאַלן און דאָס יידישע חיל האָט זיך אריינגעריסן אין שטאָט אריין. די זיגער האָבן אויסגעהרגעט אַלע איינוואוינער פון יריחו, האָבן פאַרברענט זייע־רע הייזער און פאַרניכטעט זייער פאַרמעגן. בלויז גאָלד, זילבער און מע־טאַלענע כלים האָט מען איבערגעלאָזט פאַרן מישכן.

אַז די איינוואוינער פון גיבעון און די אַרומיקע שטעט האָבן זיך דערוואוסט, אַז די יידן גרייטן זיך צו פאַרטיליקן אַלע איינוואוינער פון כנען, האָבן זיי באַשלאָסן זיך צו באַנוצן מיט אַ שווינדל. זיי זיינען גע־קומען אין יידישן לאַגער אין אַלטע אָפּגעריסענע קליידער און האָבן גע־זאָגט: „דאָס קומען מיר פון ווייטע לענדער, וואָרום מיר האָבן גע־הערט וועגן אייערע ניצחונות און ווילן שליסן מיט אייך אַ בונד". יהושע און די עלטסטע האָבן געגלויבט די געקומענע, אַז זיי זיינען ניט פון כנען, און האָבן געשוואוירן צו לאָזן זיי לעבן. נאָר אין גיכן האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די לייט וואוינען גאָר אין נאָענטע שטעט און זיינען פון דעם שבט חוים. די יידן האָבן איינגענומען די שטעט, אָבער די איינ־וואוינער האָבן זיי ניט אָנגערירט, כדי ניט צו ברעכן זייער שבועה. אָבער ווי אַ שטראָף פאַר זייער רמאות האָט יהושע געמאַכט די גיבעונים פאַר קנעכט און זיי געצוואונגען צו זיין האָלצהעקערס און וואַסערטרעגערס ביי די יידן.

## § 36. די דעראָבערונג פון דרום־ און צפון־כנען.

ווען פינף מלכים פון דרום כנען (די מלכים פון ירושלים, חברון, ירמות, לכיש און עגלון) האָבן דערהערט, אַז גיבעון האָט זיך מיט גוטן אונטערגעגעבן די יידן, האָבן זיי געשלאָסן צווישן זיך אַ בונד און זיינען אַרויס מלחמה האַלטן קעגן די גיבעונים. די גיבעונים האָבן זיך געווענדט נאָך הילף צו יהושען, וועלכער האָט זיך דעמאָלט געפונען אין זיין לאַ־גער אין גילגל. דער יידישער קריגס־פירער האָט שנעל אַרויסגעפירט זיין חיל קעגן די פאַראייניקטע מלכים און נעבן גיבעון איז ער זיי פלוצ־לינג באַפאַלן און זיי שטאַרק צעשלאָגן. די יידן האָבן לאַנג נאָכגעיאָגט

דעם אַנטלויפנדיקן שונא. יהושע האָט דאַן געוואָלט ענדיקן די שלאַכט, איידער עס פאַלט צו די נאַכט, האָט ער אויסגערופן: „אָ זון, בלייב שטיין איבער גיבעון, און, לבנה איבערן טאָל אילון!״ און די זון האָט זיך אָפּ־געשטעלט און ניט געאײַלט צו אונטערגיין, ביז דאָס יידישע פאָלק האָט זיך נוקם געווען אין זיינע פיינד״. און ווען די כנענים האָבן גענומען לויפן אַראָפּ די בערג איז אַראָפּגעקומען אַ גרויסער האָגל און האָט גע־הרגעט יענע, וואָס זיינען אַנטרונען פון דער שווערד. די מלכים אליין האָט מען גענומען געפאַנגען, אויף יהושעס באַפעל האָט מען זיי אויפגעהאָנגען. זייערע לענדער, וועלכע זיינען געלעגן אין דעם באַרגיקן טייל פון דרום כנען, האָבן די יידן צוגענומען.

די ידיעה וועגן די דאָזיקע נצחונות איז שנעל דערגאַנגען צו די מלכים פון צפון־כנען, פון וועלכע דער שטאַרקער איז געווען יבין מלך חצור. כדי צו באַשיצן זיין לאַנד קעגן דעם מוראדיקן פיינד האָט זיך יבין פאראייניקט מיט די שכנישע מלכים. די פאַראייניקטע מלכים האָבן צו־נויפגעזאַמלט אַ ריזיקע אַרמיי, מיט אַ סך פערד און מלחמה־וועגן און האָבן צעלייגט זייער לאַגער ביים טייך מי־רום. נאָר די גרויסע מחנות האָבן ניט אָפּגעשראָקן דעם בראַוון יידישן קריגספירער. יהושע איז אַרויס־געטראָטן מיט אַן אָפּגעקליבענעם חיל קעגן דעם שונא, האָט אויף זיי געבראַכט אַ שווערע מפּלה און האָט נאָכגעיאָגט דעם אַנטלויפנדיקן פיינד ביזן ברעג פון ים; די יידן האָבן דעם שונאס פערד איבערגעשניטן די אָדערן און די קריגס־וועגן האָבן זיי פאַרברענט. די זיגער האָבן חרוב געמאַכט און פאַרברענט יבינס הויפּטשטאָט חצור, און אין די אַנדערע שטעט האָבן זיי אויסגעהרגעט די איינוואוינער און גענומען אַ סך רויב. אויף אַזאַ אופן האָבן די יידן, נאָך פיל־יעריקע מילחמות, באַזיגט דעם גרעסטן טייל פון כנען, פון דעם באַרג לבנון אין צפון ביזן ים המלח אין דרום. דאָך זיינען אַ סך באַפעסטיקטע שטעט אינעווייניק אין לאַנד, אי־בערהויפּט אין דרום, געבליבן ניט איינגענומען דורך די יידן.

## § 37. די חלוקה פון כנען.

ווען אַ גרויסער טייל פון דעם לאַנד איז שוין געווען איינגענומען איז געקומען די צייט צו צעטיילן עס צווישן די יידישע שבטים. דער שבט ראובן, דער שבט גד און האַלב מנשה האָבן שוין געקראָגן זייערע חלקים

נאָך פּאָר משהן אויפֿן מיזרח זייט פֿון ירדן, אין בשן און גלעד, וועלכע זיינען געווען רייך אין פּאַשע־פֿעלדער. עס איז דעריבער געבליבן גאַנץ מערב כּנען אויף צו צעטיילן צווישן די איבעריקע ניין און אַ האַלב שבטים. די גרעסטע חלקים זיינען דאָ אָנגעקומען די צוויי שטאַרקסטע שבטים, אפרים און יהודה. דער שבט אפרים, פֿון וועלכן עס האָט געשטאַמט דער יידישער פֿירער יהושע, האָט פֿאַרנומען דעם גאַנצן מיטעלן ערדפּאַס פֿון כּנען, צווישן ירדן און מיטללענדישן ים, מיט דער הויפּטשטאָט שכם אין צענטער. אין צפֿון־מערב זייט פֿון שבט אפרים, ביזן צופֿוסנס פֿון כּרמל, האָט זיך באַזעצט דער אַנדערער האַלבער שבט מנשה. די נחלה פֿון שבט יהודה האָט פֿאַרנומען דעם דרום־טייל פֿון לאַנד, אָנהייבנדיק פֿון ירושלים. (ירושלים גופא מיטן באַרג ציון איז געבליבן אין די הענט פֿון דעם כּנענישן שבט יבוסים ביז דער צייט פֿון דוד המלך). אין דער נחלה פֿון שבט יהודה איז אָפּגעטיילט געוואָרן אַ באַזונדער חלק פֿאַרן קליינעם שבט שמעון, אַ שטייניקע שטרעקע ערד אויפֿן דרום־מערב ברעג פֿון כּנען, אויפֿן גרענעץ פֿון מדבר, וואו די עמלקים האָבן געוואַנדערט.

צווישן די נחלות פֿון יהודה און אפרים האָבן זיך איינגעאָרדנט די צוויי שבטים בנימין און דן. דער שבט בנימין האָט פֿאַרנומען די געגנט, וואָס די יידן האָבן דאָס ערשטע איינגענומען גלייך ווי זיי זיינען אַריבער דעם ירדן מיט די שטעט גליל און יריחו. און דער שבט דן האָט זיך באַזעצט צו מערב זייט פֿון זיי, נעענטער צום פּלישתּישן ברעג פֿון מיטללענדישן ים, וואו עס געפֿינט זיך די האַפֿנשטאָט יפֿו. דער צפֿון־טייל פֿון כּנען האָבן באַזעצט פֿיר שבטים. דער שבט יששכר, וועלכער האָט זיך באַשעפֿטיקט מיט ערדאַרבעט, האָט געקראָגן דעם פֿרוכטבאַרן טאָל יזרעאל מיט די בערג גלבוע און תּבור. דער שבט זבולון האָט געוואוינט נעענטער צו די ים־ברעגן פֿון פֿעניציע און האָט איבערגענומען פֿון די פֿעניציער די ליבשאַפֿט צו מסחר. ווייטער צו צפֿון פֿון זיי, אין דער לענג פֿון דעם פֿעניצישן ים־ברעג, האָבן זיך געצויגן די לענדערייען פֿון שבט אשר. דער שבט נפֿתּלי האָט פֿאַרנומען דעם צפֿון־מזרח ווינקל פֿון כּנען, די געגנט פֿון די אָזערעס מירום און כּינרת. בלויז דער שבט לוי, וואָס איז באַשטאַנען פֿון די כּהנים און געלערטע, האָט ניט געקראָגן קיין באַזונדער לאַנד־אייגנטום. די לוויים האָט מען אָפּגעגעבן צום וואוינען אַכט און פֿערציק שטעט, וועלכע זיינען געווען צעוואָרפֿן איבער די נחלות פֿון די פֿאַר־

שיידענע שבטים. ווי דינער פון גאָט און גייסטיקע לערער האָבן די לויים געדאַרפט וואוינען איבערן גאַנצן לאַנד, צעשפּרייט צווישן גאַנצן פאָלק.

ווען די ערד פון כנען איז שוין געווען צעטיילט צווישן אַלע יידישע שבטים האָט זיך דער פירער פון פאָלק, יהושע, באַזעצט אין דער נחלה פון זיין אייגענעם שבט אפרים. דער דאָזיקער שבט, וואָס איז געווען דער רייכסטער אין צאָל, האָט געקראָגן די אויבערהערשאַפט איבער אַלע איבע־ריקע שבטים. אין דעם לאַנד פון דעם שבט אפרים האָט זיך אויך אויפגע־האַלטן דאָס גרעסטע פאָלקס־הייליקטום — דער מישכן מיטן ארון הקודש, וועלכער האָט באַגלייט די יידן אין אַלע מלחמות. נאָך דער דעראָבערונג און צעטיילונג פון כנען איז דער מישכן אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין דער שטאָט שילה, וואָס האָט זיך געפונען אין דעם לאַנד פון אפרים. דאָ איז אַ לאַנגע צייט געשטאַנען דער מישכן מיטן ארון און אַ מזבח פאַר קרבנות; דאָ האָבן די כהנים און לויים געפּראַוועט גאָטדינסט, און קיין שילה פלעגן זיך ציען מתפּללים פון אַלע עקן כנען. שילה איז געווען דער שטענדיקער פּלאַץ, וואו עס האָט געוואוינט דער כהן גדול. פאַר יהושען זיינען די כוהנים גדולים געווען אהרנס זון און אייניקל, אליעזר און פּנחס.

ווען יהושע איז געוואָרן אַלט, האָט ער צונויפגערופן קיין שכם אַלע כוהנים און די זקנים פון אַלע שבטים. דער אַלטער פירער האָט דערמאָנט די פאַרזאַמלטע וועגן די גרויסע געשעענישן פון דער פאַרגאַנגענהייט, וועגן די אבות, וועגן דער קנעכטשאַפט אין מיצרים, וועגן יציאת מיצרים און די וואַנדערונגען אין דעם מידבר. „איצט — האָט ער געזאָגט — האָט אייך גאָט געגעבן אַ לאַנד, אויף וועלכן איר האָט ניט געהאָרעוועט, און שטעט, וועלכע איר האָט ניט געבויט, און איר וואוינט אין זיי; ער האָט אייך געגעבן איילגערטנער און ווייגערטנער, וועלכע איר האָט ניט געפלאַנצט, און איר עסט זייער פּרוכט. דעריבער פאָרכט זיך פאַר גאָט און דינט אים מיט אַ ריינעם האַרצן; פאַרלאָזט די אָפּגעטער צו וועלכע עס האָבן אַמאָל געדינט אייערע עלטערן אויף יענער זייט טייך (פּרת) און אין מצרים און דינט צו גאָט״. אויף דער דאָזיקער צוואה האָט דאָס פאָלק אויסגערופן: „מיר וועלן דינען אונדזער גאָט און היטן זיינע געבאָטן!״ יהושע האָט גענומען אַ גרויסן שטיין און אים אַוועקגעשטעלט אונטער אַ דעמב אין שכם פאַר אַ זכר, אַז אויף דעם דאָזיקן אָרט האָט דאָס פאָלק געגעבן אַ שבועה צו היטן די געבאָטן פון גאָט. אין גיכן איז יהושע גע־שטאָרבן, הונדערט און צען יאָר אַלט.


ארץ־ישראל ווערט צעטיילט
צווישן די שבטים
צידון
דמשק
צור
עכו
יפו
אשקלון
עזה
רבת עמון
עמונים
אדומים
יהודה
שמעון
ראובן
בנימין
אפרים
מנשה א׳
ירושלים
חברון
באר־שבע
שכם
שילה
גלבוע
מגדן
שומרון
יבש גלעד
כנרת

## § 38. די וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונגען

די וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונגען פון דער נייעסטער צייט וואַרפן אַ ליכט אויף דער לאַגע פון די פעלקער אין כנען אין דער עפּאָכע ווען דאָס לאַנד איז באַזיגט געוואָרן פון די יידן. ניט לאַנג צוריק (אין יאָר 1887) האָט מען אין די אויסגראָבונגען אין טעל־על־אמארנע, אין מיצרים, גע־פונען אַ סך ליימענע טאָוולען מיט אויפשריפטן, וועלכע האָבן זיך אַרויס־געשטעלט צו זיין בריוו פון די קליינע פּאַלעסטינישע מלכים צו די עגיפּ־טישע פּרעהס. פון די דאָזיקע בריוו, וועלכע געהערן צו דעם 15־טן און 14־טן יאָרהונדערט פאַר דער קריסטלעכער צייטרעכענונג, איז צו זען, אַז אין יענער צייט זיינען די כנענישע מלכים געשטאַנען אונטער דער הערשאַפט פון די פּרעהס פון מיצרים. די מלכים דריקן אויס אין די בריוו זייער טרייהייט צו די פּרעהס און בעטן אָפט הילף אַנטקעגן די פיינדלעכע שכנים אָדער די אריינדרינגענדיקע וואַנדערער. איינער פון די מלכים אַבדי־כיבאַ, פון ירושלים, איז מודיע פּרעהן אַז אַ וואַנדער־שבט מיטן נאָמען „האבירי" איז אריינגעדרונגען אין כנען און סטראַשעט צו באַזיגן דאָס לאַנד, און דער מלך באַקלאָגט זיך וואָס מיצרים שיקט ניט קיין הילף (אַרום 1400 פ. ק.). אונטער „האַבירי", לויט די פאָרשונגען, ווערן דאָ געמיינט די יידן.

אין די דאָזיקע דענקמעלער הערן זיך אָפּקלאַנגען פון יענער גרויסער פעלקער־וואַנדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין כנען צווישן דעם 15־טן און 13־טן יאָרהונדערט פאַר דער קריסטלעכער צייטרעכענונג. אין משך פון די דאָזיקע צוויי הונדערט יאָר, איז די הערשאַפט פון מיצרים אין פּאַלעסטינע דאָ געוואָרן פאַרשטאַרקט, און דאָ געוואָרן אָפּגעשוואַכט, און ענדלעך איז זי אינגאַנצן געפאַלן. אין כנען זיינען פאָרגעקומען אָן אויפהער מלחמות צווישן די דאָרטיקע פעלקער; די גרעסערע פעלקער, ווי למשל די חיתים און אמורים, וועלכע ווערן דערמאָנט אין די עגיפּ־טישע אויפשריפטן, האָבן געשטרעבט צו באַפעסטיקן דאָרט זייער ממשלה איבער די קלענערע פעלקער. און אין יענער צייט האָבן זיך אין לאַנד אריינגעריסן די וואַנדערנדיקע „האַבירי" פון דער זייט פון מדבר. אין דער גרופּע פון די „האַבירי" זיינען אריין נישט נאָר די יידן, נאָר אויך זייערע קרובישע שבטים פון דעם העברעאישן צווייג פון דער סעמיטישער ראַסע (מואב, אדום). נאָר ביסלעכווייז טיילן זיך אויס די יידן פון דער

דאָזיקער אַלגעמיינער גרופּע, און מאַכן זייערע דעראָבערונגען זעלבּ־שטענדיק. די אינעווייניקסטע מחלוקתן וואָס האָבן געהערשט צווישן די מלכים פון כנען, האָבן גרינגער געמאַכט פאַר די יידן צו באַזיגן דאָס לאַנד. די דעראָבערונג פון כנען איז פאָרגעקומען לאַנגזאַם. פון אָנפאַנג האָבן די יידן פאַרנומען בלויז אייניקע טיילן פון לאַנד, אין אַ סך ערטער האָבן זיי געוואוינט צוזאַמען מיט די אַלטע איינוואוינער. אַזוי ווי זייערע שכנים האָבן זיך אויך די יידן געטיילט אויף באַזונדערע קליינע שבטים, וועלכע האָבן זיך פאַראייניקט אין אַ פאָלק ערשט אין אַ שפּעטערדיקער צייט.




די שבטים פון ישראל

קאַפּיטל 5

# די צייט פון די שופטים

(פון 12־טן ביזן 11־טן יאָרהונדערט פ"ק)

## § 39. היסטאָרישער איבערבליק

ווען די יידן זיינען אריינגעטראָטן אין כנען האָט זיי פאַראייניקט איין אַלגעמיינער ציל — צו איינגעמען דאָס לאַנד. אַלע שבטים האָבן צוזאַמען געקעמפט אונטער דער פירערשאַפט פון יהושע און האָבן איינגענומען איין שטיק לאַנד נאָכן אַנדערן. נאָר אָט איז שוין אַ גרויסער טייל פון לאַנד באַזיגט און צעטיילט צווישן די שבטים, די פאַסטוכער־שבטים האָבן זיך צוריקגעצויגן אין זייערע נחלות און די איבעריקע האָבן זיך אויך פאַרנומען יעדער איינער מיט אויפבויען זיין נחלה. דער פירער יהושע איז געשטאָרבן און האָט ניט איבערגעלאָזט נאָך זיך קיין שטעל־פאַרטרעטער, וועלכער זאָל פאַראייניקן אַלע יידן אונטער זיין הערשאַפט. און דאָס פאָלק איז זיך צעפאַלן אין באַזונדערע טיילן. די נחלה פון יעדן שבט איז געוואָרן אַזוי ווי אַ באַזונדערע קליינע מלוכה פאַר זיך. מיט דער דאָזיקער צעריסנקייט פון דעם יידישן פאָלק האָבן זיך באַנוצט סיי די פעלקער וואָס האָבן געוואוינט ביי די גרענעצן, סיי יענע, וואָס זיינען ניט באַזיגט געוואָרן אין יהושעס צייטן און זיינען געבליבן אין זייערע שטעט צווישן די יידן. ארם, מואב און עמון האָבן איינס נאָכן אַנדערן אונטערדריקט די יידן; זיי פלעגן אָנפאַלן דאָס אויף איין שבט, דאָס אויף אַן אַנדערן, פלעגן זיי אונטעריאָכן און נעמען פון זיי צינז. אָבער פון

צייט צו צייט פלעגט ביי איין שבט אָדער אַן אַנדערן אויפשטיין אַן עלטס־
טער, וועלכער פלעגט אויפקלייבן אונטער זיין פירערשאַפט מחנות פון
עטלעכע שכנישע שבטים, פלעגט אַרויסגיין מילחמה האַלטן מיט די
פרעמדע אונטערדריקערס און באַפרייען זיין פאָלק פון פרעמדן יאָך.
אַזעלכע העלדן־פירער פלעגן זיך רופן שופטים. דער שופט פלעגט אַמאָל
אַ מאָל רעגירן איבער עטלעכע פאַראייניקטע שבטים אָבער קיין איינציקער
שופט האָט ניט באַוויזן צו פאַראייניקן דאָס גאַנצע פאָלק אונטער זיין
הערשאַפט. נאָכן טויט פון אַזאַ שופט פלעגט זיך ווידער צעשיטן דער
בונד פון די שבטים וואָס ער האָט אָנגעפירט,, און די אָפּגעזונדערטע
טיילן פון פאָלק
פלעגן ווידער
אונטערפאַלן אונ־
טערן יאָך פון
פרעמדע, ביז עס
פלעגט אויפשטיין
אַ נייער שופט
און באַפרייער.



א שופט

אַזוי האָבן זיך
געצויגן צוויי
הונדערט יאָר.
וועגן דער דאָזי־
קער צייט ווערט
געזאָגט אין דער
געשיכטע: „אין יענע טעג איז ניט געווען קיין מלך אין יש־
ראל, און און יעדער האָט געטאָן וואָס ער האָט געוואָלט". עס
איז ניט געווען ביים יידישן פאָלק קיין אחדות, ניט אין מלוכה און
ניט אין אמונה. דער גלויבן אין אַן איינציקן גאָט און די מאָראַל פון
תורת משה זיינען נאָך ניט אריין טיף אין האַרצן פון פאָלק; אונטער
אַזעלכע אומשטענדן האָבן די געצנדינערישע שבטים, וואָס האָבן געלעבט
אין נאָענטער שכנות מיט די יידן, געמוזט האָבן אַ שלעכטע ווירקונג
אויפן גלויבן און די מידות פון די יידן. בישט געקוקט אויף דעם אַלטן
פאַרבאָט פלעגן די יידן זיך אָפט מתחתן זיין מיט די אַנדערע איינוואוי־
נערס פון כנען. דאָס דאָזיקע צוזאַמענלעבן מיט די פרעמדע פעלקער האָט

געבראַכט דערצו, אַז די יידן פלעגן איבערנעמען די היידנישע פירונגען און מנהגים. זיי האָבן געדינט צו די כנעניש געטער, זיי פלעגן אויפ־שטעלן מזבחות אויף די שפיצן פון די בערג און דאָרט ברענגען קרבנות צו די געצן. ביי זיי זיינען אויך געווען הויזלעכע געצן (תרפים), וועלכע האָבן זיך גערעכנט פאַר די באַשיצערס פון דער פאַמיליע. אין דעם מישכן אין שילה פלעגט מען ווינציק קומען און עס פלעגן זיך צוזאַמענקלייבן אַהער בלויז געציילטע דינער פון דעם איינציקן גאָט.

דאָס איז געווען די צייט פון דער פריער יוגנט פון דעם יידישן פאָלק. דאָס יונגע פאָלק איז פאַרבלענדט געוואָרן פון יענע קינדערשע גלויבנס, וואָס זיינען געווייינטלעך ביי אַלע פעלקער ווען זיי זיינען נאָך יונג. נאָר נישט געקוקט אויף דער דאָזיקער פאַרבלענדעניש פון זייער גייסט האָבן די יידן ניט געקענט זיך אין גאַנצן צעמישן מיט די אַרומיקע פעלקער. אין דעם זיכרון פון פאָלק האָבן נאָך געלעבט דעראינערונגען וועגן זייער גלענ־צנדיקער פאַרגאַנגענהייט, וועגן די פרומע און ערלעכע אבות, וועגן דער באַפרייאונג פון דער קנעכטשאַפט פון מיצרים און וועגן מעמד הר סיני. די געשיכטעס פון די דאָזיקע געשעענישן פלעגן איבערגיין פון עלטערן צו קינדער און האָבן אונטערגעהאַלטן דעם גייסט פון פאָלק אין שווערע ציי־טן. די לויים און כהנים, וואָס האָבן געדינט אין דעם מישכן פון שילה, זיינען געווען די היטער פון די אַלטע רעליגיעזע טראַדיציעס. די אמונה וואָס זיי האָבן געירשנט איז נישט פארשוואונדן, נאָר זי איז געלעגן באַ־האַלטן אונטער אַ צודעק פון געצנדינסט. די דאָזיקע אמונה האָט זיך נאָך געדאַרפט אַנטוויקלען אין שפּעטערע צייטן.

## § 40. די ערשטע שופטים

נאָך יהושעס טויט, האָט דאָס יידישע פאָלק, מיד פון די פיל־יעריקע מילחמות, געגאַרט נאָך רו און פרידן, אָבער די קריגערישע פעלקער וואָס האָבן געלעבט אויף די גרענעצן פון כנען, האָבן ניט גע־לאָזט די יידן געניסן קיין רו, וואָרום זיי פלעגן מאַכן אָפטע אָנפאַלן אויף זייערע לענדערייען. צוערשט האָבן זיך קיין כנען אַריינגעריסן די ארמים (סיריער) פון צפון און האָבן אונטערדריקט די יידן אַכט יאָר. דעמאָלט איז אויפגעשטאַנען עתניאל, דער עלטסטער פון שבט יהודה, און מיט דער הילף פון אַ קליינער מחנה האָט ער פאַרטריבן די אַראַמייאישע גאַרניזאָנען,

וואָס זיינען געשטעלט געוואָרן אין די יידישע שטעט. די יידן זיינען דורך דעם שטאַרק דערמוטיקט געוואָרן און האָבן אָנגעהויבן זיך קלייבן אין גרויסע מאַסן אונטער דער פאָן פון דעם העלד פון יהודה. דעמאָלט איז עתניאל אריינגעדרונגען מיט אַ גרויסן חיל אין סיריע, האָט צעשלאָגן די אַראַמייער, האָט געטויט זייער קעניג און באַפרייט דאָס יידישע פאָלק פון דעם פרעמדן יאָך. נאָך דעם האָט אַ טייל פון די יידן אַנערקענט עתניאלן פאַר אַ שופט, אָדער פירער.

נאָך עתניאלס טויט זיינען די יידן ווידער געבליבן אָן אַ פירער. דער צאָלרייכער שבט יהודה האָט זיך איינגעשלאָסן אין זיין באַשיצטער, באַר־גיקער נחלה, אין דרום־כנען, און האָט זיך אָפּגעטיילט פון די איבעריקע שבטים. ווען די אַרומיקע פעלקער האָבן געזען אַז צווישן די יידן איז ניטאָ קיין אחדות האָבן זיי ווידער אָנגעהויבן באַאומרואיקן דאָס יידישע לאַנד. די מואבים זיינען אַריבער דעם ירדן, האָבן פאַרכאַפּט די שטאָט יריחו און אַנדערע טיילן פון שבט בנימין. אַ לאַנגע צייט האָבן די בני בנימין געטראָגן דעם יאָך פון די מואבים, און האָבן געצאָלט צינז זייער גרויזאַמען קעניג עגלון. אָבער ענדלעך איז אין בנימין דערשינען אַ מוטיקער העלד, דער שופט אהוד, וועלכער האָט באַוויזן די־אַ העלדישקייט. ער איז געקו־מען צו עגלון, דעם קעניג פון מואב, מיטן אויסרייד אַז ער האָט אים אי־בערצוגעבן מתנות פון די יידן; און ווען אהוד איז געבליבן אַליין מיטן קעניג, האָט ער אים דערשטאָכן מיטן שווערד. דערנאָך האָט ער אויפ־געקליבן אַ גרויס חיל און האָט אויסגעהרגעט אַלע מואבים פון יריחו און האָט זיי אויך פאַרטריבן פון די איבעריקע טיילן פון יידישן לאַנד.

## § 41. דבורה הנביאה.

אין דער צייט ווען די קריגערישע שבטים פון דרום (יהודה און בני־מין), האָבן זיך פאַרזיכערט קעגן אָנפאַלן פון פרעמדע, האָבן די שבטים פון צפון (נפתלי, זבולון, ישכר, אשר), געמוזט פירן אַ קאַמף מיט די איינ־וואוינער פון לאַנד. דער צפון־טייל פון כנען איז ניט באַזיגט געוואָרן אין גאַנצן פאַר יהושען און אַ סך כנענים זיינען געבליבן אין זייערע באַפעס־טיקטע שטעט צווישן די יידן. די דאָזיקע קליינע פעלקער האָבן געהאַסט די יידן, וועלכע האָבן צוגענומען אַ גרויסן טייל פון זייער לאַנד, און זיי האָבן אויסגענוצט יעדע געלעגנהייט צו נעמען נקמה פון זייערע באַזיגער. דער

קעניג יבין האָט זיך געשטעלט בראש פון יענע פעלקער און אין אַ משך פון פיל יאָרן האָט ער גרויזאַם געדריקט דעם שבט נפתלי און זבולון. זיין קריגספירער סיסרא, וואָס האָט געהאַט אַ גרויס חיל און אַ סך אייזערנע דייטוועגן, האָט געהאַלטן אין דער מורא די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג. אַ סך יידן פון די צפונדיקע שבטים זיינען געלאָפן פון דעם שונאס דרוק אין דעם לאַנד פון שבט אפרים.

אין יענער צייט האָט אויפן באַרג אפרים געלעבט אַ קלוגע פרוי מיטן נאָמען דבורה. זי איז געווען אַ נביאה, דאָס הייסט אַ באַגייסטערטער



דבורה הנביאה

מענטש וואָס רעדט אין נאָמען פון גאָט. צו איר פלעגט מען קומען נאָך עצות און נאָך משפט. זי פלעגט זיצן אונטער אַ פאַלמע און לערנען און משפטן דאָס פאָלק. ווען דבורה האָט זיך דערוואוסט דורך די אַנטלאָפענע פון צפון וועגן די ליידן, וואָס זייערע ברידער שטייען־אויס פון סיסראן, האָט זי אָנגעהויבן וועקן דאָס פאָלק צו אַ פאַראייניקטן קאַמף מיט די אונ־טערדריקערס. זי האָט גערופן דעם קריגספירער ברק פון שבט נפתלי און האָט אים געהייסן ער זאָל זיך שטעלן בראש פון דער יידישער מחנה און גיין מילחמה האַלטן מיט סיסראן. אָבער ברק האָט איר געזאָגט: „אויב דו וועסט גיין מיט מיר וועל איך גיין". דבורה האָט געענטפערט: „גוט, איך וועל גיין מיט דיר, אָבער דאָס וועט דיין כבוד ניט גרעסער מאַכן,

וואָרום מען וועט זאָגן, אַז אַ פרוי האָט געוואונען דעם זיג אין דער מילחמה".

האָט ברק צוזאַמענגענומען אַ חיל פון צען טויזנט מאַן פון דעם שבט נפתלי, זבולון און אַנדערע, און איז אַוועק צום באַרג תבור. ווען סיסרא האָט דערהערט אַז די יידן האָבן זיך באַוואָפנט האָט ער צוזאַמענגענומען זיין גאַנצן פערד־חיל און האָט זיך געלאָזט צום טייך קישון, נעבן באַרג כרמל. דאָ איז פאָרגעקומען אַן אנטשיידענע שלאַכט. סיסראס חיל מיט זיינע שווערע קריגסוועגן האָט זיך ניט געקענט פריי באַוועגן אין דער באַרגיקער געגנט, בשעת ווען דאָס גרינגע יידישע פוס־חיל האָט אים דערלאַנגט איין קלאַפּ נאָכן אַנדערן. דער סוף איז געווען, אַז דער שונא איז אין גאַנצן צע־שלאָגן געוואָרן. סיסרא איז אַנטלאָפן צופוס און האָט זיך באַהאַלטן אין געצעלט פון י ע ל, דאָס ווייב פון אַן עלטסטן פון שבט הקיני, וועלכע איז געווען פריינדלעך צו יידן. יעל האָט אויפגענומען סיסראן מיט גע־מאַכטער פריינדלעכקייט, האָט אים אָנגעטרונקען מיט מילך און אים גע־ראַטן זיך לייגן אָפּרוען. און ווען ער איז איינגעשלאָפן האָט זי גענומען אַ שאַרפן פלאָקן פון געצעלט און האָט אים מיט אַ האַמער ארייגעשלאָגן אין קאָפּ דעם שלאָפנדיקן קריגער. סיסרא איז געבליבן טויט אויפן אָרט. אויף אַזאַ אופן זיינען די יידישע שבטים פון צפון באַפרייט געוואָרן פון דעם שווערן יאָך. אין תנ"ך איז געבליבן „דאָס ליד פון דבורה", אין וועלכן עס ווערט געשילדערט אין העלע בילדער די שטימונג פון פאָלק אין יענעם באַפרייאונגס־קריג:

„הערט אויס, איר מלכים! פאַרנעמט, איר שרים! איך זינג צום גרויסן גאָט פון ישראל. עס איז קיין פירער ניט געווען אין ישראל, ביז וואַנען איך, דבורה, בין געקומען, ביז וואַנען איך בין אויפגעשטאַ־נען אַ מוטער אין ישראל. שטיי אויף, ברק, און פאַנג דיין פאַנג, זון פון אבינועם. אָט קומען די קריגער פון אפרים, נאָך זיי פון בינימין, פון זבולון זיינען געקומען פירער, פון יששכר — פירשטן אין איינעם מיט דבורהן. נאָר ראובן צעגערט. וואָס זשע הויערסטו, ראובן, צווישן די געמאַרקן, צו הערן די געשרייען פון די סטאַדעס? ראובן איז זיך צו לאַנג מיישב. גילעד ליגט אין עבר־הירדן, נאָך וואָס זיצט דן אין זיינע שיפן? זבולון איז אַ פאָלק, וואָס איז מקריב זיין לעבן אין שטרייט, נפתלי — אויפן שלאַכטפעלד. פון הימל האָט מען מילחמה געהאַלטן, די שטערן פון זייערע שטעגן האָבן מיט סיסרא געשטריטן.

געבענטשט זאָל זיין צווישן פרויען יעל! וואַסער האָט ער געבעטן, מילך האָט זי געגעבן. איר לינקע האַנט האָט זי געשטרעקט צום טשוואָק, איר רעכטע — צום האַמער. דורכן פענצטערל קוקט און שמאַכט די מוטער פון סיסרא: פאַרוואָס זאַמען זיך די רייטער, וואָרום קומען ניט די רייטוועגן? און אירע האַרינטעס ענטפערן איר: זיי האָבן דאָך פיל רויב גענומען, צווישן זיך די רויב צעטיילן, די רויב פון פאַרבנרייכע צייגן, געוואַנטן פאַר די פרויען".

## § 42. גדעון.

נאָך עטלעכע צענדליק יאָר פון רו איז פאַר די יידן ווידער אָנגע־שטאַנען אַ שווערע צייט. די וואַנדערנדיקע שבטים, וועלכע האָבן געלעבט לעבן די גרענעצן פון כנען, האָבן אָנגעהויבן זיך אַריינרייסן אין לאַנד און רויבן איינוואוינער. די מידינים פון מיזרח און די האַלב־ווילדע עמלקים פון דרום פלעגן „אָנפליען ווי די היישעריקן" אויף די יידישע נחלאות. זיי פלעגן אריינדרינגען אַהין אין צייט פון שניט, פלעגן וואַנדערן אי־בערן לאַנד אויף זייערע קעמלען און אויפשלאָגן זייערע געצעלטן אין די ערטער וואו עס האָבן געוואוינט די ערדאַרבעטער. וואו זיי פלעגן קומען פלעגן זיי פאַרוויסטן די תבואות אויף די פעלדער, פאַרכאַפּן די פי און אַוועקפירן און מאַכן אַ תל פון די פרידלעכע איינוואוינער. די יידן פלעגן מוזן באַהאַלטן זייער פאַרמעגן אין היילן און אין שפּאַלטן פון די בערג. זיי האָבן אויך צוליב דעם אין גאַנצן זייער מוט פאַרלאָרן.

אין יענער צייט האָט אין עפרה, אַ שטאָט אין מערב פון מנשהס נחלה, געלעבט אַ מאַן מיטן נאָמען גדעון, אַ שטילער ערדאַרבעטער, וועלכער האָט אָבער באַזעסן דעם מוט פון אַ קריגסמאַן. ווען די מידינים האָבן געהרגעט זיינע עלטערע ברידער האָט זיך אין גדעונען אָנגעצונדן אַ פאַרלאַנג צו נעמען נקמה פון די רויבער און באַפרייען זיין פאָלק. איין מאָל ביינאַכט — דערציילט דער תנ"ך — ווען גדעון האָט געדראָשן ווייץ אין דער שטיל כדי צו פאַרבאָרגן עס פון די מידינים, האָט זיך אַ מלאך פון גאָט באַוויזן צו אים און אים געזאָגט: „גיי און לייז אויס די יידן פון די מידינישע הענט; דיך שיקט גאָט". גדעון האָט דערפילט אַ באַ־גייסטערונג אין זיך און די ערשטע זאַך האָט ער צעשטערט דעם מיזבח פון בעל, וואָס האָט געהערט צו זיין פאָטער יואש, און אויף זיין אָרט האָט

ער אויפגעבויט אַ מיזבח צום יידישן גאָט. די איינוואוינער פון עפרה, וואָס האָבן געדינט צום בעל, האָבן געזאָגט צו גדעונס פאָטער: „הרגע דיין זון דערפאַר וואָס ער האָט צעשטערט דעם מיזבח פון אונדזער גאָט". נאָר יואש האָט זיי געענטפערט: „דאַרפט איר זיך איינשטעלן פאַרן בעל? וועט איר אים דען העלפן? אויב ער איז אַ גאָט, דאַן זאָל ער זיך אָנ־נעמען פאַר זיך אַליין און באַשטראָפן יענעם, וואָס האָט צעשטערט זיין מיזבח".

אין גיכן נאָך דעם האָט גדעון גענומען רופן דאָס פאָלק צו פאַר־טיידיקן דאָס פאָטערלאַנד. אויף זיין רוף האָבן אָפּגעענטפערט טויזנטער קריגער פון די שבטים מנשה, זבולון, אָשר און נפתלי. די מידינישע מחנות זיינען געשטאַנען מיט זייער לאַגער אין טאָל יזרעאל און האָבן פאַרוויסט דאָס לאַנד. גדעון האָט באַשלאָסן אָנצופאַלן אויף זיי פלוצ־לינג. ער האָט געלאָזט אויסרופן איבער זיין חיל: „ווער עס שרעקט זיך און האָט מורא, יענער זאָל גיין אַהיים". אַרום גדעונען איז דאַן געבליבן אַ מחנה פון נישט מער ווי הונדערט גיבורים. ביינאַכט האָבן די יידישע גיבורים גענומען טראָמפּייטן, און ברענענדיקע פאַקעלן, וועלכע זיי האָבן באַהאַלטן אין קרוגן. דאַן האָבן זיי זיך פלוצילנג אַ וואָרף געטאָן אויפן שלאָפנדיקן לאַגער פון שונא, האָבן אַרויסגעוואָרפן די פאַקעלן און גענו־מען שאַלן אין די טראָמפּייטן און שרייען: „אַ שווערד פאַר גאָט און פאַר גדעון!" די איבעררשאַשטע מידינים האָבן זיך דערשראָקן פון די קולות פון די טראָמפּייטן און פון די פלאַמען פון די פאַקעלן, און האָבן זיך גע־לאָזט לויפן. די יידן האָבן זיי נאָכגעיאָגט און צעקלאַפּט. גדעון האָט צעשיקט שלוחים צו אַלע שבטים מיט אַ באַפעל צו פאַנגען די אַנטלויפנ־דיקע .דער שטאַרקער שבט אפרים האָט זיך אויך אָנגעשלאָסן אָן דער מלחמה און האָט גענומען געפאַנגען די פירער פון די מידינים. גדעון האָט זיך ניט באַנוגנט מיט פאַרטרייבן דעם שונא פון דעם יידישן לאַנד, נאָר איז אויך מיט זיין חיל אַריבער דעם ירדן און איז אריינגעדרונגען אין מידינישע לענדער. דאָ האָט ער געפאַנגען צוויי מידינישע הערשער (זבח און צלמנע) און האָט זיי געהייסן טויטן עדרפאַר וואָס זיי האָבן אַמאָל געהרגעט זיינע ברידער.

דער דאָזיקער גלענצנדיקער ניצחון האָט באַרימט געמאַכט גדעונס נאָמען ביים גאַנצן פאָלק. די יידן האָבן פאַרשטאַנען, אַז זיי וואָלטן גע־ווען שטאַרק, ווען זיי וואָלטן שטענדיק געהאַט אַזעלכע פירער און רעגי־

רער ווי גדעון, און די עלטסטע פון די וויכטיקסטע שבטים האָבן אַנערקענט גדעונען פאַר זייער שופט. זיי האָבן אים פאָרגעלייגט ער זאָל זיך קרוינען פאַרן יידישן קעניג. נאָר דער עניוותדיקער פירער האָט געענטפערט: „ניט איך און ניט מיינע קינדער וועלן הערשן איבער אייך; גאָט איז אייער הערשער״.

## § 43. אבימלך.

גדעון איז געשטאָרבן אין טיפן עלטער, און האָט געלאָזן נאָך זיך אַ סך זין פון זיינע פיל ווייבער. צווישן זיי איז געווען איין זון, געבוירן פון זיינער אַ דינסט, וועלכע האָט געשטאַמט פון שכם. דער דאָזיקער זון, מיטן נאָמען אבימלך, איז געווען אַ גרויסער רודף־אחר־כבוד און ער האָט געוואָלט קריגן יענע קעניגלעכע הערשאַפט, פון וועלכער זיין פאָטער האָט זיך אָפּגעזאָגט. האָט ער מיט דער הילף פון זיינע אָנהענגער געהרגעט אַלע זיינע ברידער, אויסער איינעם, דעם יונגסטן, יותם, וועלכער איז אַנטלאָפן. די איינוואוינער פון שכם האָבן אַנערקענט אבימלכן פאַר אַ קעניג. ווען יותם האָט זיך דערפון דערוואוסט איז ער אַרויף אויפן שפּיץ פון באַרג גריזים און פון דאָרטן האָט ער געזאָגט דעם פאָלק אַ פּראַכטפולן משל, וואו ער האָט פאַרגליכן די איידלקייט פון גדעונען, וועלכער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם קעניגלעכן נאָמען, מיט דער זשעדנעקייט פון אַבימלכן, וועלכער האָט דערגרייכט צו דעם דאָזיקן נאָמען דורך רציחות און פאַרברעכן. יותם האָט אַזוי געזאָגט:

„געגאַנגען זיינען אַמאָל די ביימער פון וואַלד צו זאַלבן אַ קעניג איבער זיך און זיי האָבן געזאָגט צום אייל‏בוים: קום קעניג איבער אונדז! און דער איילבוים האָט זיי געענטפערט: צי דען וועל איך אויפהערן געבן מיין בוימל און וועל גיין זיך פאַרנעמען מיט די ביימער? האָבן די ביימער געזאָגט צום פייגנבוים: זיי דו קעניג איבער אונדז. און געענטפערט האָט דער פייגנבוים: צי דען וועל איך אויפהערן געבן מיין זיסקייט און מיין געשמאַקע זאַפט, און וועל גיין זיך פאַרנעמען מיט די ביימער? האָבן די ביימער געזאָגט צום ווינשטאָק: גיי דו קעניג איבער אונדז! און דער ווינשטאָק האָט זיי געענטפערט: צי וועל איך אויפהערן געבן מיין זאַפט, וואָס דערפרייט גאָט און לייט און גיין זיך פאַרנעמען מיט די ביימער? האָבן זיך די ביימער געווענדט צום דאָרן: קעניג דו

איבער אונדז! און דער דאָרן האָט געזאָגט צו די ביימער: אויב איר מיינט באמת מיך צו זאַלבן פאַר אַ קעניג איבער אייך, דאַן קומט און שיצט זיך אין מיין שאָטן; און אויב ניט, וועט אַרויס אַ פייער פון דעם דאָרן און וועט פאַרצערן די צעדער פון לבנון".

נאָר ניט לאַנג האָט דער גרויזאַמער אבימלך געקיניגט. אין דריי יאָר אַרום זיינען די איינוואוינער פון שכם געוואָרן אומצופרידן פון זיין שלעכטער ממשלה און האָבן מורד געווען און אים פאַרטריבן פון שטאָט. און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ בלוטיקער ברודער־קריג. אבימלך האָט געהאַט אַ שלאַכט מיט די מורדים לעבן שכם און האָט זיי מנצח געווען. ער איז אריין אין זיין אייגענער שטאָט שכם אַזוי ווי אין אַן איינגענומע־נער שטאָט, האָט זי חרוב געמאַכט און אויסגעהרגעט די איינוואוינער. אַרום טויזנט מענער און פרויען האָבן זיך באַפעסטיקט אין דעם שטאָ־טישן טורעם. האָט אבימלך אונטערגעצונדן דעם טורעם, און אַלע מענטשן וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען זיינען אומגעקומען אין פייער. דערנאָך האָבן אבימלכס מחנות באַלאַגערט די שטאָט תבץ, וואו די איינוואוינער האָבן אויך געמאַכט אַן אויפשטאַנד און זיך אויך באַפעסטיקט אין אַ טורעם. דאָ האָט אַ פרוי אַרונטערגעוואָרפן פון שפיץ אַ שטיק מילשטיין אבימלכן אין קאָפּ און האָט אים צעשפּאָלטן דעם שאַרבן. אבימלך האָט צוגערופן זיין וואָפנטרעגער און האָט אים געזאָגט: אַנטבלויז דיין שווערד און טויט מיך, כדי מען זאָל ניט זאָגן, אַז אַ פרוי האָט מיך געטויט. דער וואָפנטרעגער האָט דערפילט זיין באַפעל און אבימלך איז געשטאָרבן. אַזוי האָט זיך געענדיקט דער ערשטער ניט געלונגענער פּרואוו איינצו־פירן אַ קעניגלעכע הערשאַפט צווישן די פרייע יידישע שבטים, וואָס זיי־נען ניט געוואוינט געווען צו אַ זעלבסטהערשאַפט.

## § 44. יפתח.

די פאַסטוכער־שבטים, וועלכע האָבן געלעבט אויפן מיזרח־זייט פון ירדן האָבן געהאַט שטענדיקע צוזאַמענשטויסן מיט דעם שכנישן פאָלק עמון. דאָס דאָזיקע פאָלק, וואָס אַמאָל האָט עס באַהערשט גאַנץ גילעד, האָט געקוקט אויף די יידן ווי אויף פרעמדע זיגער, און האָט געזוכט אָפּצונעמען צוריק די לענדערייען, וואָס די יידן האָבן פאַרנומען נאָך אין דער צייט פון דעם אמורישן קעניג סיחון. עס איז געקומען אַ צייט ווען

די עמונים זיינען געוואָרן אַזוי שטאַרק, אַז זיי האָבן ניט נאָר אונטער־דריקט די יידן פון גילעד, נאָר זיי האָבן אַפילו געוואַגט אַריבערגיין דעם ירדן און באַפאַלן די שבטים פון אינעווייניקסטן כנען. דעמאָלט האָבן זיך די עלטסטע פון גילעד פאַרזאַמלט און באַשלאָסן צו האַלטן מילחמה מיט די אונטערדריקער. פאַר זייער הויפּטמאַן האָבן זיי אויסגעקליבן דעם העלדישן יפתח.

יפתח איז געווען דער זון פון אַ מאַן מיטן נאָמען גילעד, וואָס האָט געוואוינט אין דער געגנט פונעם לאַנד גילעד און האָט געהאַט נאָך זין פון אַנדערע פרויען. האָבן די דאָזיקע זין פאַרטריבן יפתחן פון זיין פאָ־טערס הויז און האָבן אים באַרויבט פון זיין ירושה. דער באַליידיקטער יפתח איז געוואָרן אויפגעבראַכט און איז אַנטלאָפן אין די דערבייאיקע סטעפּעס און איז געוואָרן דער פירער פון אַ חברה ליידיקגייער. ווען די עמונים האָבן אָנגעהויבן שטאַרק דריקן די יידן זיינען די עלטסטע פון גילעד אַוועק צו יפתחן און אים געזאָגט: „קום און זיי ביי אונדז אַ פי־רער אין דער מילחמה מיט די עמונים". און יפתח האָט זיי געענטפערט: „האָט איר דען ניט דערלאָזט, אַז מען זאָל מיך אַרויסטרייבן פון מיין פאָטערס הויז? וואָרום זשע זייט איר געקומען צו מיר איצט ווען איר זייט אין אַ צרה?" פון דעסט וועגן ווען די עלטסטע זיינען צו אים שטאַרק צוגעשטאַנען האָט ער נאָכגעגעבן און האָט אָנגענומען די פירערשאַפט איבער דעם יידישן חיל. קודם־כל האָט ער געשיקט שלוחים צום קעניג פון עמון און געפאָדערט אַז ער זאָל צוריקציען זיינע מחנות פון גילעד. אָבער דער קעניג פון עמון האָט זיך אָפּגעזאָגט צו דערפילן יפתחס פאָ־דערונג און האָט געזאָגט, אַז די דאָזיקע לענדער האָבן געהערט צו די עמונים נאָך איידער זיי זיינען פאַרנומען געוואָרן פון די יידן, וואָס זיי־נען אַרויס פון מיצרים. דעמאָלט איז יפתח אַרויס מילחמה האַלטן. מיט זיינע העלדישע מחנות איז ער באַפאַלן די עמונים און האָט אָפּגעהאלטן אַ גרויסן ניצחון איבער זיי. די עמונים זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון גילעד און זיי האָבן מער ניט געהאַט דעם מוט צו באַאומרואיקן די יידן. דער זיגרייכער יפתח איז מיט טריאומף אריינגעטראָטן אין זיין גע־בורטסשטאָט מצפּה־גילעד און איז אַנערקענט געוואָרן ווי אַ פירער אָדער שופט פון זיינע לאַנדסלייט.

מיט דעם דאָזיקן ניצחון איז אין זיכרון פון פאָלק פאַרבונדן געווען אַ שרעקלעכע און אין דער זעלביקער צייט טראַגישע פּאַסירונג. דער תנ"ך

דערציילט, אַז איידער יפתח איז באַפאַלן דעם שונא, האָט ער אַ נדר געטאָן צו גאָט, אַז אויב גאָט וועט איבערענטפערן דעם שונא אין זיינע הענט, וועט ער, צוריקקומענדיק אַהיים, ברענגען צו אים פאַר אַ קרבן די ערשטע זאַך וואָס וועט אים אַרויסגיין אַנטקעגן פון זיין הויז. אָבער ווען יפתח האָט זיך נאָך דער געוואונענער מילחמה אומגעקערט אַהיים, איז די ערשטע צו קומען אים אַנטקעגן געווען זיין איינציקע טאָכטער, אַ שיין יונג מיידל, וואָס איז פריילעך אַרויס מיט אַ פּויק אין די הענט מקבל פּנים זיין איר פאָטער, דעם זיגער. ווען יפתח האָט זי דערזען האָט ער אין פאַרצווייפלונג אויסגעשריען: „אָ, טאָכטער מיינע, דו האָסט מיך דערשלאָגן! איך האָב אַ נדר געטאָן צו גאָט אַז איך וועל אים ברענגען פאַר אַ קרבן די ערשטע



יפתחס טאָכטער

זאַך וואָס וועט אַרויסגיין פון מיין הויז מיר אַנטקעגן, און איך קען ניט עובר זיין אויף מיין וואָרט!" און דאָס מיידל האָט געענטפערט: „פאָטער, אויב דו האָסט געגעבן אַ נדר צו גאָט, דאַן טו מיט מיר ווי דו האָסט צוגעזאָגט, נאָך דעם ווי גאָט האָט דורך דיר נקמה גענומען פון זיינע פיינט, די עמונים. נאָר איין בקשה האָב איך צו דיר: לאָז מיך אָפּ אויף צוויי חדשים, איך וועל גיין אויף די בערג און דאָרט וועל איך צוזאַמען מיט מיינע חברטעס באַקלאָגן מיין יונג לעבן". יפתח האָט געטאָן איר פאַרלאַנג און זיין טאָכטער האָט אין פאַרלויף פון צוויי מאָנאַטן געלעבט אין די בערג און דאָרט זיך געזעגנט

מיט איר יונג לעבן. דערנאָך האָט זי זיך אומגעקערט צו איר פאָטער און ער האָט מקיים געווען דעם נדר וואָס ער האָט געגעבן. פון דעמאָלט אָן איז געוואָרן אַ מנהג, אַז די יונגע יידישע מיידלעך פלעגן יעדן יאָר גיין אין די בערג אויף פיר טעג צו באַקלאָגן יפתחס טאָכטער.

## § 45. שימשון הגבור.

נאָך דעם האָט אַ נייער שרעקלעכער פיינד אָנגעהויבן דריקן די יידן. דאָס זיינען געווען די פלישתים, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אויפן דרום־מעריב גרענעץ פון כנען אין די שטעט עזה, אשקלון און אַנדערע, וואָס זיינען געלעגן נאָענט צום ים. דער שבט דן, וואָס האָט געלעבט אין שכנות מיט די פלישתים, האָט אַ סך געליטן פון די אָנפאַלן פון דעם דאָזיקן קריגערישן פאָלק, ווייל עס האָט נישט געהאַט קיין כוח מיט אים מילחמה צו האַלטן. איין גרויסער גיבור, וועלכער האָט זיך איינער אליין נוקם געווען אָן די שונאים פאַר זיין אונטערדריקטן פאָלק, איז געווען שימשון פון שבט דן. זיינע פרומע עלטערן האָבן אים אין דער קינדהייט געהייליקט פאַר אַ נזיר צו גאָט, און ווי אַ צייכן דערפון האָט ער זיך ניט געשוירן די האָר. נאָך אין זיינע קינדערשע יאָרן האָט ער אַרויסגעוויזן אָן אויסערגעוויינטלעכע קראַפט. שימשון האָט זיך אויסגעקליבן אַ כלה פון צווישן די פלישתים, און איז איין מאָל געגאַנגען אין דער שטאָט וואו זי האָט געוואוינט. אויפן וועג האָט אים באַגעגנט אַ יונגער לייב, וועלכער האָט זיך געוואָלט אַרויפוואַרפן אויף אים, נאָר שימשון האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם לייב און אים צעריסן מיט די הענט ווי אַ ציגעלע. אין גיכן האָט ער זיין גרויסן כוח געלאָזט דערפילן די שונאים פון זיין פאָלק. אין אשקלון האָט שימשון איין מאָל געכאַפּט דריי הונדערט פוקסן, האָט צוגעבונדן ברענענדיקע פאַקעלן צו זייערע וויידלען, און האָט אָפּגעלאָזן די פוקסן אויף די פלישתישע פעלדער אין דער צייט פון שניט. די גאַנצע תבואה אויף די פעלדער איז פאַרברענט געוואָרן. שימשון האָט זיך באַהאַלטן אין די בערג. די צערייצטע פלישתים זיינען באַפאַלן דעם שכנישן שבט יהודה און געפאָדערט מען זאָל זיי אַרויסגעבן שימשונען. די בני יהודה האָבן זיך דערשראָקן און געזאָגט צו שימשונען: „וואָס האָסטו אונדז געטאָן? ווייסט דען ניט, אַז די פלישתים הערשן איבער אונדז? מיר וועלן דיך בינדן און איבערגעבן אין זייערע הענט". און מען האָט

שימשונען געבונדן די הענט מיט שטאַרקע שטריק און אַרויסגעפירט פון דעם פעלדזן־שפּאַלט, וואו ער האָט זיך אויפגעהאַלטן. נאָר ווען די פּליש־תים זיינען צוגעגאַנגען אים נעמען האָט ער אָנגעשטרענגט זיינע כוחות, האָט צעריסן די שטריק און איז אַנטלאָפן. ניט האָבנדיק ביי זיך קיין גע־ווער, האָט ער אויפן וועג אויפגעהויבן אַ קינבאַק פון אַ טויטן אייזל און דערמיט דערשלאָגן יעדן פּלישתי וואָס ער האָט באַגעגנט. אין קורצן נאָך דעם האָט שימשון געגעכטיקט אין דער פּלישתישער שטאָט עזה. ווען די איינוואוינער פון שטאָט זיינען דערפון געוואויר געוואָרן, האָבן זיי פאַרשפּאַרט די טויערן פון שטאָט, און באַשלאָסן אויף מאָרגן אין דער פרי פאַנגען דעם גיבור. נאָר שימשון האָט זיך אויפגעכאַפּט אין מיטן נאַכט, און דערזעענדיק אַז אַלע וועגן זיינען פאַרשפּאַרט, האָט ער אויס־געריסן די טויערן צוזאַמען מיט די זיילן און שלעסער און האָט זיי אויף די פּלייצעס אַוועקגעטראָגן אויפן שפּיץ באַרג.

שימשונס גבורות האָבן אים געמאַכט באַרימט צווישן אַלע יידן. אייניקע שבטים האָבן אים אויסגעקליבן פאַר זייער שופט. אָבער די פּליש־תים האָבן געזוכט אַ געלעגנהייט אים אומצוברענגען. זיי האָבן זיך דער־וואוסט, אַז שימשון האָט ליב אַ פּלישתישע פרוי מיטן נאָמען דלילה. זיינען די פּלישתישע הערן געקומען צו דער דאָזיקער פרוי און איר גע־זאָגט: „דערגיי ביי שימשונען אין וואָס באַשטייט דער גרויסער כוח זיי־נער און מיט וואָס מען קען אים בייקומען, און מיר וועלן דיר דערפאַר געבן צו טויזנט און הונדערט זילבערנע שקלים. דלילה איז צוגעשטאַנען צו שימשונען ער זאָל איר אַנטדעקן דעם סוד פון זיין קראַפט. נאָך פיל בקשות האָט איר שימשון דערציילט, אַז פון קליינוויז אויף האָט ער נישט געשוירן זיינע האָר, און ווען מ׳זאָל אָפּשערן זיינע לאַנגע האָר וועט ער פאַרלירן זיין קראַפט. דלילה האָט דאָס איבערגעגעבן צו די פּלישתישע פירשטן און אַליין האָט זי פאַרשלעפערט שימשונען און אים אָפּגעשוירן זיינע לאַנגע האָר. דאַן האָט שימשונס העלדישע קראַפט אים פאַרלאָזן. די פּלישתים האָבן געכאַפּט שימשונען, האָבן אים אויסגעשטאָכן די אויגן און אַ געשמידטן אין קייטן האָבן זיי אים אריינגעזעצט אין תפיסה אין דער שטאָט עזה, וואו זיי האָבן אים געצוואונגען צו מאָלן תבואה אויף מילשטיינער.

לאַנג איז דער יידישער העלד געזעסן אין געפענגעניש, נאָר מיט דער צייט זיינען אים די האָר אָפּגעוואַקסן און זיין קראַפט האָט זיך אָנ־

געפאַנגען אומצוקערן צו אים. איין מאָל האָבן די פּלישתישע האַרן גע־מאַכט אַ גרויסן יום־טוב אין דעם טעמפּל פון זייער שטאָם־גאָט דגון. זיי האָבן געהייסן ברענגען דעם בלינדן שימשונען ער זאָל משמח זיין זיי און דאָס פאַרזאַמלטע פאָלק. מען האָט שימשונען געבראַכט אין דגונס טעמפּל, וואָס איז געווען אָנגעפילט מיט מענטשן. פילנדיק ווי דער המון מאַכט זיך לוסטיק איבער אים האָט דער בלינדער שטיל געבעטן צו גאָט: אַ וויג געטאָן און דער „דערמאָן זיך, גאָט, אָן מיר און גיב מיר קראַפט כאָטש דאָס לעצטע מאָל, איך זאָל זיך קענען נוקם זיין אין מיינע שונאים!" און די גאַנצע פריערדיקע קראַפט האָט זיך אומגע־קערט צום יידישן גיבור. ער האָט זיך איינגעשפּאַרט מיט זיינע מעכטיקע הענט אין די צוויי מיטלסטע זיילן וואָס האָבן אונטער־געהאַלטן דעם דאַך פון טעמפּל און האָט אויסגע־שריען: „תמות נפשי עם פלישתים! לאָמיר שטאַר־בן צוזאַמען מיט די פּליש־תים!" די זיילן האָבן זיך



שימשון איז זיך נוקם אין די פּלישתים

גאַנצער בנין אין איינגעפאַלן, דערדריקנדיק אויף טויט טויזנטער פּליש־תים און אויך שימשונען אַליין. זיין קערפּער האָבן צוגענומען זיינע פריינד און אים באַגראָבן אין די קברים פון זיין פאַמיליע אין דעם לאַנד פון שבט דן.

## § 46. דער לעבנספּיר און די זיטן פון די יידן

דער לעבנספּיר און די זיטן פון די יידן אין דער צייט פון די שופטים האָט זיך ווינציק אונטערשיידט פון די זיטן און מינהגים פון

די איבעריקע כנענישע פעלקער. אַ טייל פון יידישן פאָלק האָט זיך פאַרנומען מיט ערדאַרבעט, און אַ טייל מיט פיצוכט. מלאכות און האַנדל זיינען נאָך ניט געווען פאַרשפּרייט. אומעטום זיינען די יידן געקומען אין באַרירונג מיט אַנדערע פעלקער, וועלכע האָבן געוואוינט סיי אין כנען גופא, סיי אויף די גרענעצן, און זיי האָבן איבערגענומען זייערע געוויינהייטן און אפילו זייערע פאָרמען פון גאָטדינסט. דער פּראָסטער המון פון יידישן פאָלק האָט זיך נישט געקענט צוגעוויינען צו דינען צו אַ גאָט וואָס מען זעט נישט און האָט זיך אָפט געבוקט צו בילדער אפילו דער שופט גדעון, וועלכער האָט צעשטערט דעם מיזבח פון בעל, האָט אויפגעזאַמלט דאָס גאַנצע גאָלד פון דער מילחמה מיט מידין און האָט אויסגעגאָסן דערפון אַן „אפוד”, האָט אים אַנידערגעשטעלט ביי זיך אין הויז, און דאָס פאָלק פלעגט גיין זיך בוקן צו דעם דאָזיקן אפוד ווי צו אַ געץ.

עס פלעגט פּאַסירן, אַז אַפילו די לוויים, די דינער פון דעם יידישן גאָט, פלעגן דינען פאַר די געצן. איינער פון דעם שבט אפרים, מיכה, האָט אויסגעבויט פאַר זיך אַ טעמפּל, וואו ער האָט אַוועקגעשטעלט אַ גרויסן זילבערנעם געץ און קליינע הויזלעכע געצקעס (תרפים) און ער האָט אָוועקגעשטעלט אַ יונגן לווי צו דינען אַרום די אָפּגעטער. די לייכטגלוייביקע מענטשן פלעגן גיין אַהין, און דער פאַלשער כהן פלעגט זיי פאָרויסזאָגן זייער מזל אין דעם נאָמען פון דעם געץ (אָראַקעל). אין יענער צייט איז אַ טייל פון דעם שבט דן, וואָס איז געווען אונטערדריקט פון די פלישתים, געגאַנגען זוכן אַ ניי לאַנד זיך צו באַזעצן. די בני דן האָבן געשיקט פאָרויס מרגלים אויסצוקוקן אַ געוויסע געגנט אין צפון. אויפן וועג זיינען די מרגלים פאַרגאַנגען אין מיכהס טעמפּל, צו פרעגן אויב זייער שליחות וועט מצליח זיין. דער אָראָקעל האָט זיי פאָראויסגעזאָגט, אַז זיי וועלן מצליח זיין. און אַזוי איז גראָד געשען: די בני דן האָבן איינגענומען די שטאָט ליש, לעבן דעם צפון־גרענעץ פון פעניציע. דעמאָלט זיינען די בני דן געקומען און האָבן אַוועקגערויבט מיכהס געץ און אים אַוועקגעפירט ווי אַ הייליקטום, צוזאַמען מיט דעם כוהן, אין זייער נייער נחלה, וואו זיי האָבן אויסגעבויט פאַר אים אַ באַזונדער טעמפּל. אַזעלכע געצן־טעמפּלען האָבן זיך געפונען אויך ביי עטלעכע אַנדערע יידישע שבטים. דעם מישכן אין שילה פלעגן באַזוכן בלויז וויניקע געטרייע דינער פון יידישן גאָט. מחמת דעם איז קיין אחדות ניט געווען אין

פאָלק. דער צוזאַמענבונד צווישן די שבטים איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן און ניט זעלטן פלעגן אפילו פאָרקומען צווישן זיי אומגליקלעכע מחלוקות.

איין מאָל איז צווישן זיי פאָרגעקומען אַזאַ שרעקלעכער ברודער־קריג דורך וועלכן עס איז שיער ניט אומגעקומען אַ גאַנצער יידישער שבט, דער שבט בינימין. אין דער שטאָט גיבעה האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף נאַכטלעגער אַ דורכרייזנדער לוי מיט זיין פרוי. אייניקע פון די דאָרטיקע איינוואוינער, אויסגעלאַסענע מענטשן, האָבן אַרומגערינגלט דאָס הויז, וואו דער לוי האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָבן מיט גוואַלד אַוועקגעפירט זיין פרוי און זי שענדלעך באַהאַנדלט. אויף מאָרגן האָט דער לוי געפונען זיין פרוי אַ טויטע לעבן דער טיר פון זיין הויז. האָט ער גענומען אַ מעסער און צעשניטן דעם קערפּער אויף צוועלף שטיק, און צעשיקט איבער די שטעט פון די צוועלף יידישע שבטים, כדי אַלע זאָלן וויסן וואָס פאַר אַ רציחה די איינוואוינער פון גיבעה האָבן אָפּגעטאָן. די יידן זיינען אַריין אין גרויס צאָרן און האָבן באַשלאָסן צו באַשטראָפן די שולדיקע. מחנות פון אַלע שבטים, באַזונדערס פון אפרים, זיינען אריינגעטראָטן אין דער נחלה פון שבט בינימין און האָבן געפאָדערט מען זאָל זיי אַרויסגעבן די רוצחים פון גיבעה, כדי זיי צו באַשטראָפן. אָבער די בני בינימין האָבן דערויף ניט מסכים געווען. דעמאָלט האָבן די יידן זיך געגעבן אַ שבועה ניט צו געבן זייערע טעכטער פאַר ווייבער צו די זין פון שבט בינימין און אויף אַזאַ אופן נעמען נקמה פאַר דעם פאַרגאָסענעם בלוט. און עס האָט אויסגעבראָכן אַ שוידערלעכער ברודער־קריג. זייענדיק געשיקטע שיסער האָבן פון אָנפאַנג די בני בינימין מנצח געווען, נאָר סוף כל סוף האָבן זיי ניט געקענט ביישטיין דעם צאָלרייכן פאַראייניקטן חיל פון די יידן. טויזנטער מענטשן פון שבט בינימין זיינען געהרגעט געוואָרן און זייערע שטעט זיינען פאַרניכטעט געוואָרן דורך פייער.

נאָך דער מילחמה האָבן זיך די יידן פאַרזאַמלט אין בית־אל. און עס האָט זיי אָנגעהויבן באַנג טאָן וואָס אַזוי פיל פון זייערע ברידער פון שבט בינימין זיינען אומגעבראַכט געוואָרן. „צי דען — האָבן זיי געזאָגט — זאָל געמינערט ווערן אַ גאַנצער שבט פון ישראל?” און זיי האָבן גענומען טראַכטן מיטלען ווי אַזוי צוריק אויפריכטן די לעבנסגעבליבענע פון שבט בינימין. אַ סך יונגע לייט פון בינימין האָבן נישט געקענט חתונה האָבן, מחמת אַ גרויסע צאָל מיידלעך פון דעם אומגליקלעכן שבט זיינען אומגעקומען אין דער מילחמה, און די איבעריקע יידן האָבן ניט געקענט

ברעכן זייער שבועה וואָס זיי האָבן געשוואוירן נישט אויסצוגעבן זייערע טעכטער פאַר די זין פון דעם פאַרזינדיקטן שבט. דעמאָלט האָבן די עלטס־טע פון פאָלק געזאָגט צו די בחורים פון שבט בינימין: „יעדעס יאָר קומט פאָר אַ יום־טוב אין שילה; גייט אַהין, באַהאַלט זיך אין די וויינגערטנער, און ווען איר וועט דערזען ווי די שטאָטישע מיידלעך גייען אַרויס טאַנצן אין קאַראַהאָד זאָלט איר אַרויסלויפן פון אייערע באַהעלטענישן און יע־דער איינער פון אייך זאָל כאַפּן איינע פון זיי, און גיין אין זיין לאַנד". די בני בינימין האָבן אַזוי געטאָן. זיי האָבן געפאַנגען מיידלעך אין שילה און האָבן מיט זיי חתונה געהאַט און האָבן זיך ווידער באַזעצט אין פאַ־מיליעס אין זייער נחלה. עס איז אויסגעקומען אַזוי, אַז אי דער שבט בינימין איז גאַנץ געבליבן, אי די יידן האָבן געהאַלטן זייער שבועה, וואָרום דאָס פאָלק האָט ניט געגעבן זיינע טעכטער, נאָר די בני בינימין האָבן זיי אליין גענומען.

## § 47. עֵלִי הַכֹּהֵן.

די בעסערע מענטשן פון יידישן פאָלק האָבן געשטרעבט צו פאַר־שטאַרקן אין אים דעם ריינעם גלויבן און גוטע מידות און אים פאַרהיטן פון די אויסמישן זיך מיט די געצנדינער. איינער פון די איז געווען עלי, פון דער משפחה פון די כהנים, וועלכער איז געווען כוהן גדול אין דעם מישכן אין שילה. אין משך פון פערציק יאָר האָט ער אָנגעפירט מיט די יידן פון מיטעלן כנען, צווישן וועלכע דער שבט אפרים האָט פאַרנומען דעם ערשטן אָרט. אַזוי ווי ער איז געווען דער עלטסטער פון דעם מישכן אין שילה, האָט עלי געהאַט די מעגלעכקייט צו ווירקן אויף די מיתפללים, וואָס פלעגן קומען אַהין פון פאַרשיידענע ערטער. ער האָט אין זיי גע־וועקט דעם גלויבן אין אַן איינציקן גאָט און אַ פאַראַכטונג צום געצנדינסט, און אָפט מאָל פלעגט ער זיי אויפמונטערן און בענטשן צום קאַמף מיט די פרעמדע אונטערדריקער, איבערהויפּט די פלישתים. אַ לאַנגע צייט האָט זיך דער דאָזיקער קאַמף געפירט מיט דערפאָלג פאַר די יידן און די פליש־תים האָבן ניט געקענט אָפּנעמען קיין בייע לענדער ביי זיי. נאָר ווען עלי איז געוואָרן אַלט און שוואַך און האָט געדאַרפט איבערגעבן די פירער־שאַפט אין די הענט פון זיינע זין האָט די לאַגע אָנגעהויבן ווערן ערגער. די זין פון דעם אַלטן כוהן, חפני און פינחס, האָבן נישט געהאַט די מעלות

פון זייער פאָטער. זיי האָבן ניט געטאָן זייער פליכט ווי כהנים צום פאָלק, זיי האָבן נאָר געזוכט צו נעמען וואָס מער מתנות פון די מתפללים, האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין פאַרגעניגנס און מיט זייער לעבן האָבן זיי געגעבן אַ שלעכטן ביישפּיל דעם פּראָסטן פאָלק.

אין יענער צייט האָט זיך אויף די יידן אָנגערוקט אַ גרויס אומגליק. די פלישתים האָבן אַלץ מער און מער גענומען אָנפאַלן אויף די לענדער פון אפרים. די פאַראייניקטע חילות פון עטלעכע יידישע שבטים זיינען אַרויס־געטראָטן קעגן דעם שונא, וואָס זיין הויפּט־לאַגער האָט זיך געפונען אין אפקה. די עלטסטע פון פאָלק האָבן געראַטן צו נעמען דעם ארון־קודש פון דעם מישכן אין שילה און טראָגן אים פאָרויס פון די יידישע קריגער, כדי צו אונטערגעבן זיי מוט. ווען מען האָט געבראַכט דעם ארון אין דעם יידישן לאַגער האָבן זיך די פלישתים דערשראָקן: זיי האָבן מורא גע־האַט, אַז דאָס הייליקטום פון יידישן גאָט וועט ברענגען אויף זיי אַ מפּלה. זיי האָבן דעריבער צונויפגענומען אַלע זייערע כוחות און געקעמפט מיט גרויס פאַרצווייפלונג. און דאָס יידישע חיל איז געשלאָגן געוואָרן פאַרן שונא און האָט פאַרלאָרן אויפן שלאַכטפעלד דרייסיק טויזנט מאַן. צווישן די געהרגעטע זיינען אויך געווען עלי'ס צוויי זין, חפני און פינחס. איבער־הויפּט האָט געמאַכט זייער אַ שווערן איינדרוק אויפן פאָלק דאָס וואָס די פלישתים האָבן גענומען געפאַנגען דעם הייליקן ארון. איין יידישער קריגער איז געקומען צולויפן פון שלאַכטפעלד קיין שילה. זיינע קליידער זיינען געווען אויף אים צעריסן און ער איז געווען אין גאַנצן באַדעקט מיט שטויב. עלי הכהן איז געזעסן ביי די טויערן פון שטאָט און האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויף ידיעות פון דעם שלאַכטפעלד. דער קריגער איז שנעל צוגעלאָפן צו אים און געזאָגט: „די יידן זיינען אַנטלאָפן, און אַ גרויסע אויסשלאַכטונג איז געווען אין פאָלק, און דיינע צוויי זין זיינען געשטאָרבן, און דער הייליקער ארון פון גאָט איז גענומען געוואָרן געפאַנ־גען". געטראָפן פון דער שרעקלעכער ידיעה, איז דער זקן אַרונטערגעפאַלן פון שטול און האָט זיך צעבראָכן דאָס געניק און איז אויפן אָרט גע־שטאָרבן.

דערווייל האָבן די פלישתים, דערמוטיקט פון זייער ניצחון, זיך גע־נומען רוקן טיפער אין לאַנד אריין און האָבן זיך אַריינגעריסן אין דער הייליקער שטאָט שילה. זיי האָבן צעשטערט די שטאָט און איר הייליקן מישכן, וואָס האָט עקזיסטירט נאָך פון יהושעס צייטן. פון דעמאָלט אָן

האָט די אפרימישע שטאָט שילה אויפגעהערט צו זיין דער רעליגיעזער צענטער פון יידישן פאָלק און דער שבט אפרים האָט פאַרלוירן זיין פריער־דיקע אויבערהערשאַפט צווישן די יידישע שבטים. די לאַגע פון די יידן איז געווען זייער אַ שווערע. די פלישתים האָבן זיי געדריקט, האָבן אַוועק־געשטעלט גאַרניזאָנען אין זייערע שטעט און ניט דערלויבט די איינ־וואוינער צו האָבן ביי זיך כלי־זין. אין דער דאָזיקער טרויעריקער צייט, ווען דאָס יידישע פאָלק האָט אויסגעזען אין גאַנצן הילפלאָז, איז אויפגע־שטאַנען אַ באַגייסטערטער מענטש, וועלכער האָט אויפגעמונטערט זיינע דערשלאָגענע ברידער און זיי געוועקט צום העלדישן קאַמף צו באַפרייען דאָס פאָטערלאַנד.

## § 48. שמואל.

נאָך אין יענע טעג ווען עלי האָט זיך געפונען ביים מישכן אין שילה, איז איין מאָל אַהין געקומען אַ יונגע פרוי און האָט זיך געשטעלט אין אַ ווינקעלע און האָט שטיל און הייס מתפלל געווען צו גאָט. די דאָזיקע פרוי האָט געהייסן חנה און געווען איז זי דאָס ווייב פון אַ לוי מיטן נאָמען אלקנה פון דער שטאָט רמה. חנה איז געווען אַן עקרה און איר גע־בעט איז געווען, אַז גאָט זאָל איר שענקען אַ זון; און זי האָט אַ נדר געטאָן צו אָפּגעבן איר צוקונפטיקן זון אין מישכן ער זאָל דאָרט זיין גאַנץ לעבן דינען פאַר גאָט. אין גיכן האָט חנה געבוירן אַ זון און זי האָט אים אַ נאָ־מען געגעבן שמואל. ווען דאָס קינד איז אַנטוויינט געוואָרן האָט אים די מוטער אַוועקגעפירט אין דעם מישכן אין שילה און האָט אים אָפּגעגעבן אונטער דער השגחה פון עלי הכהן. זיינע יונגע יאָרן האָט שמואל פאַר־בראַכט אין שילה און האָט געדינט אין דעם מישכן און געטאָן אַלע אַר־בעטן וואָס די לויים, נאָר מיט זיינע גייסטיקע מעלות איז ער געשטאַ־נען פיל העכער פון זיינע חברים. ער האָט גוט געקענט אַלע הייליקע לעגענדעס פון פאָלק און משהס תורה, און האָט געטרוימט וועגן דעם, אַז דאָס גאַנצע פאָלק זאָל דורכגענומען ווערן מיט דער דאָזיקער הויכער לערע. און שמואלן האָט זיך געדוכט אַז ער איז עס טאַקע באַרופן געוואָרן אַרויפצופירן זיינע בלאָנדזשענדיקע פאָלקס־ברידער אויפן וועג פון אמתן גלויבן. ער האָט געפילט אין זיך דעם גייסט פון אַ נביא. ניט איין מאָל האָט זיך אים אין דער שטילקייט פון דער נאַכט געדאַכט, אַז ער זעט

וואונדערלעכע זעאונגען; פון די אינעווייניקסטע חדרים פון דעם מישכן האָט זיך צו אים דערטראָגן די שטים פון גאָט, וואָס האָט אים אָנגעזאָגט אַז עס דאַרפן קומען שווערע ליידן אויפן פאָלק. און שמואל האָט נאָך מיט זיינע אויגן געזען די דאָזיקע ליידן פון זיין פאָלק. ער האָט געזען די מפּלה פון די יידן אין דער מלחמה מיט די פּלישתים ביי אפקה, ער האָט געזען ווי דער ארון איז געפאַנגען געוואָרן, ער האָט געזען דעם טויט פון עלי הכהן און די צעשטערונג פון שילה. ווען דער מישכן פון שילה איז צע־שטערט געוואָרן האָט זיך געענדיקט די לויישע דינסט פון שמואלן, נאָר דעמאָלט האָט זיך ערשט אָנגעפאַנגען זיין פיל ברייטערע אַרבעט ווי אַ לערער און נביא. ער איז געגאַנגען איבערן לאַנד און מיט זיינע דרשות האָט ער גערופן דאָס פאָלק צו פאַראייניקונג. „קערט זיך אום מיטן גאַנצן האַרצן צו גאָט — האָט ער געזאָגט — דערווייטערט פון זיך די פרעמדע געצן, דינט נאָר צו אונדזער גאָט און דעמאָלט וועט ער אייך ראַטעווען פון די הענט פון די פּלישתים". דאָס פאָלק האָט זיך שטאַרק צוגעהערט צו די רייד פון שמואלן.

נאָך עליס טויט איז שמואל געוואָרן דער שופט איבער די וויכ־טיקסטע יידישע שבטים. אַזוי ווי דער מישכן פון שילה איז געווען חרוב פלעגט שמואל צונויפקלייבן דאָס פאָלק צו דינען גאָט אין דער שטאָט מיצפּה פון שבט בנימין. ווען די פּלישתישע מלכים האָבן דערהערט אַז די יידן פאַרזאַמלען זיך אין מיצפּה זיינען זיי אַוועק אַהין מיט אַ גרויס חיל. די יידן האָבן זיך דערשראָקן, אָבער שמואל האָט זיי מיט זיינע רייד גע־וועקט צום קאַמף מיט די שונאים און האָט זיי אַריינגעגעבן בטחון אין גאָט. באַגייסטערט פון שמואלס ווערטער זיינען די יידן אַרויסגעטראָטן פון מיצפּה און זיינען מוטיק באַפאַלן דאָס פיינדלעכע חיל און האָבן עס צעשלאָגן. דעמאָלט האָבן די פּלישתים געמאַכט שלום מיט די יידן און האָבן זיי אומגעקערט די פאַרכאַפּטע שטעט. דעם געפאַנגענעם ארון האָבן זיי נאָך פריער צוריקגעקערט, וואָרום ווי דער תנ"ך דערציילט זיינען זיי אויסגעשטאַנען פון אים אַ סך צרות: אַזוי שנעל ווי דער ארון איז געבראַכט געוואָרן אין לאַנד פון די פּלישתים האָבן זיך דאָרט פאַר־שפּרייט קראַנקהייטן, און די איינוואוינער האָבן געפּאָדערט מען זאָל וואָס שנעלער צונעמען דאָס הייליקסטע פון דעם יידישן גאָט און דערמיט שטילן זיין צאָרן. אויף אַזאַ אופן האָבן די אומרוען און די מילחמות

אויפגעהערט אויף אַ צייט און דאָס פאָלק האָט, אונטער דער פירערשאַפט פון שמואלן, אָנגעהויבן לעבן רואיקער.

שמואל האָט געלעבט אין זיין געבורטסשטאָט רמה, נאָר ער פלעגט אויך אַרומרייזן איבער אַנדערע שטעט, וואוהין דאָס פאָלק פלעגט זיך פאַרזאַמלען צו דינען גאָט. נאָך דער צעשטערונג פון שילה האָבן די יידן נישט געהאַט קיין אַלגעמיינעם טעמפּל. די כהנים און די לויים האָבן זיך צעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד. עליס אייניקל, אחיטוב, האָט געראַטעוועט אַ טייל כלים פון דעם מישכן פון שילה און איז דערמיט אַנטלאָפן אין דער שטאָט נוב און האָט דאָרט אויסגעבויט אַ קליינעם צייטווייליקן טעמפּל. דער הייליקער ארון, וואָס די פלישתים האָבן אומגעקערט, איז געשטאַנען אין אַ טעמפּל אין קרית־יערים. עס זיינען נאָך געווען מיזבחות אין בית־אל, מיצפה און גילגל. די דאָזיקע אַלע ערטער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דער נחלה פון דעם שבט בינימין אָדער אַרום זיינע גרענעצן, פלעגט שמואל באַזוכן יעדן יאָר; ער פלעגט לערנען דאָס פאַרזאַמלטע פאָלק, פלעגן מישפּטן צווישן זיי, פלעגט פּראַווען גאָטדינסט און ברענגען קרבנות אויף די מיזבחות צוזאַמען מיט די לויים. אויסער דעם פלעגט שמואל צוגרייטן יונגע לייט פאַר לערערס צו דערציען דאָס פאָלק אין דעם ריינעם גלויבן. די דאָזיקע לערערס האָבן זיך גערופן בני־נביאים. אין זייערע דרשות פלעגן זיי מיט באַגייסטערונג רופן דאָס פאָלק צו אינעווייניקסטער אויפלעבונג. דורך דער דאָזיקער ברייטער אַרבעט פון די געטרייע לערערס פון פאָלק האָבן זיך די אָפּגעזונדערטע יידישע שבטים ביסלעכוויז אָנגעהייבן צונויפגיסן אינאיינעם; זיי האָבן זיך דערפילט ווי טיילן פון איין פאָלק.

## § 49. די דערוויילונג פון אַ מלך.

ווען שמואל איז אַלט געוואָרן האָבן די דרויסנדיקע שונאים אויף דאָס ניי אָנגעהויבן שרעקן די יידן. די פלישתים האָבן באַנייט זייערע אָנפאַלן אויף די מערב־געגנטן; די עמונים האָבן גענומען באַאומרואיקן די יידן אויפן מיזרח־זייט פון ירדן. דעמאָלט איז ביי די יידן צייטיק געוואָרן דער געדאַנק, אַז עס איז ניט גוט צו זיין אָן אַ פירער און אַז עס איז נייטיק אויסצוקלייבן אַ מלך, וועלכער זאָל פירן דאָס פאָלק אין די מילחמות מיט זיינע פיינד.

און די עלטסטע פון די יידן זיינען געקומען צו שמואלן אין רמה און האָבן צו אים געזאָגט: „אַט ביזטו שוין אַלט געוואָרן און דיינע זין זיינען ניט פעאיק אָנצופירן מיטן פאָלק; דעריבער מאַך איבער אונדז אַ קעניג, וועלכער זאָל הערשן איבער אונדז, אזוי ווי עס פירט זיך ביי אַנדערע פעלקער". דער גרייז־גרויער נביא האָט זיך לכתחילה פאַרוואונדערט פון אַזאַ בקשה. ער איז געוואוינט געוואָרן מיט דעם געדאַנק, אַז גאָט איז זייער קעניג און אַז זיי דאַרפן זיך אין אַלץ אונטערשיידן פון אַנדערע פעלקער; און דאָ קומען זיי פּלוצלינג און פאַרלאַנגען אַ קעניג און ווילן דוקא זיין מיט אַנדערע פעלקער גלייך. „ווייסט איר — האָט שמואל געזאָגט צו די עלטסטע — וואָס עס וועט זיין ווען איר וועט מאַכן אַ קעניג איבער זיך? ער וועט נעמען אייערע זין פאַר קריגער, און וועט זיי מאַכן פאַר זיינע רייטער, און וועט זיי צווינגען צו מאַכן פאַר אים געווער און קריגסוועגן. דער מלך וועט צונעמען אייערע טעכטער, זיי זאָלן פאַר אים קאָכן, בראָטן און באַקן זיינע שפּייזן. ער וועט פאַרנעמען אייערע בעסטע פעלדער, ווייַנגערטנער און סעדער און וועט זיי צעטיילן צווישן זיינע דינער ער וועט נעמען מעשר פון אייערע שאָף און איר אַליין וועט זיין קנעכט צו אים. דעמאָלט וועט איר וויינען אויף אייער קעניג, וועלכן איר האָט אַליין אויסגעקליבן; אָבער גאָט וועט ניט ענטפערן אויף אייער געוויין!" אָבער אַלע שמואלס טענות האָבן נישט געהאָלפן; די עלטסטע זיינען באַשטאַנען אויף זייערס, אַז אַצינד איז נייטיק אַ קעניג, וועלכער זאָל פירן די יידן אין די מילחמות און באַרו־איקן דאָס לאַנד. און דער נביא האָט זיך אונטערגעגעבן דעם ווילן פון פאָלק. ער האָט גענומען זוכן אַ מענטשן, וועלכער זאָל קענען ווערן דער פירער פון פאָלק אין יענער שווערער צייט. און אין גיכן האָט זיך אַזאַ מענטש געפונען.

אין יענער צייט האָט אין דער שטאָט גיבעה, אין שבט בינימין, געלעבט אַן ערדאַרבעטער מיט זיין פאַמיליע, מיטן נאָמען קיש. קיש האָט געהאַט אַ זון, וועלכער האָט געהייסן שאול און וועלכער איז געווען אַ שטאַרקער און העלדישער מאַן,, און איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַ פלאַמענדיקער ליבע צו זיין פאָלק. צוגלייך מיט די אַנדערע מיטגלידער פון דער פאַמיליע, האָט שאול געאַקערט די ערד און געפאַשעט פי. איין מאָל זיינען ביי קישן פארפאַלן געוואָרן זיינע מוילאייזלען, און שאול האָט זיך אַוועקגעלאָזט זיי זוכן. אונטערוועגנס איז ער פאַרגאַנגען צו

שמואל הנביא צו פרעגן ביי אים אויב זיין וועג וועט באַגליקן. אין דער צייט פון זיין שמועס מיט שמואלן, האָט דעם נביא אויפגעשיינט אַ געדאַנק אַז אָט דער ערדאַרבעטער, וועלכער איז שטאַרק אין קערפּער און אין גייסט, איז פּאַסיק צו זיין דער קעניג פון די יידן. „טראַכט נישט מער וועגן די פאַרפאַלענע מוילאייזלען — האָט שמואל צו אים געזאָגט — דיך דערוואַרט אַן אַנדער מערכה צווישן דעם יידישן פאָלק״. און דער נביא האָט געזאַלבט שאולן פאַר אַ קעניג איבער די יידן און האָט אים אָפּגעלאָזט אַהיים. ווען שאול האָט זיך אומגעקערט אין גיבעה, האָט ער אָנגעטראָפן אַ גרופּע באַגייסטערטע יונגע נביאים, און צווישן זיי „איז ער געוואָרן אַן אַנדער מענטש און האָט אַליין אָנגעהויבן נביאות זאָגן, אַז עס איז געקומען די צייט צו באַפרייען דאָס פאָלק פון דעם פרעמדן יאָך.


שמואל הנביא זאַלבט שאולן

אין גיכן האָט שמואל פאַררופן אַ פאָלקס־פאַרזאַמלונג אין מיצפה צו אויסקלייבן אַ מלך. די וואַל איז געפאַלן על־פּי גורל אויף שאולן, דעם זון פון קיש. מען האָט געגומען זוכן דעם ניי־דערוויילטן מלך און מען האָט אים געפונען ערגעץ וואו באַהאַלטן צווישן די כלים. מען האָט שאולן אַרויסגעפירט פון זיין באַהעלטעניש, און מען האָט דערזען אַז ער איז מיט אַ קאָפּ העכער פון גאַנצן פאָלק. ווען ער האָט זיך באַוויזן, האָבן אויסגעבראָכן הילכיקע געשרייען: יחי המלך! (לעבן זאָל דער קעניג!)

נאָר אַ טייל איז נישט געווען צופרידן מיט שאולן, און האָט געזאָגט: ,,צי וועט אַזאַ מענטש אונדז העלפן?״ כדי ער זאָל געווינען דעם צוטרוי פון גאַנצן פאָלק איז נויטיק געווען אַז שאול זאָל פריער באַווייזן עפּעס אַ העלדישע טאַט לטובת דעם פאָטערלאַנד. און שאול איז אַוועק מיט אַ כּחנה חיל אין זיין אייגענער שטאָט גיבעה, און האָט זיך גענומען גרייטן צו אַ מילחמה מיט די פרעמדע פיינט, וועלכע האָבן געדריקט די יידן פון אַלע זייטן.

## § 50. דער ערשטער ניצחון.

אין יענער צייט האָבן די עמונים שטאַרק געדריקט די יידן אין מיזרח־זייט פון ירדן. נחש, דער קעניג פון עמון, האָט באַלאַגערט די שטאָט יבש און גילעד. די יידן וואָס האָבן דאָרט געוואוינט זיינען שוין געווען גרייט זיך אונטערצוגעבן צו נחשן און האָבן געבעטן ער זאָל שליסן מיט זיי אַ בונד און זיי נישט טשעפּען, נאָר דער עמונישער קעניג האָט זיי מיט פאַראַכטונג געענטפערט: ,,איך וועל מיט אייך שליסן אַזאַ מין בונד: איך וועל אויסשטעכן ביי יעדן איינעם פון אייך דאָס רעכטע אויג, און איך וועל דערמיט מאַכן צו שאַנד דאָס יידישע פאָלק״. די דערשראָקענע איינוואוינער פון גילעד האָבן געשיקט שלוחים צו זייערע ברידער אויף יענער זייט ירדן און געבעטן הילף. דאָס פאָלק האָט געהערט די רייד פון די שלוחים און האָט געוויינט אויפן קול. ווען שאול איז געקומען אַהיים פון פעלד און האָט דערהערט דעם געוויין האָט ער געפרעגט וואָס דאָס באַדייט. ווען מען האָט אים דערציילט וועגן דער לאַגע פון די אומגליקלעכע איינוואוינער פון גילעד האָט ער באַשלאָסן גלייך צו גיין זיי צו הילף. ער האָט גענומען אַ פּאָר קעלבער, האָט זיי צעשניטן אויף שטיקער און די שטיקער האָט ער צעשיקט איבערן גאַנצן לאַנד און האָט געלאָזט אויסרופן: ,,אַזוי וועט געטאָן ווערן מיט די פי פון יעדן איינעם, וואָס וועט נישט גיין אין מילחמה נאָך שאולן און שמואלן״. דאָס פאָלק איז אויפגערודערט געוואָרן און אין אַ קורצער צייט האָט זיך אַרום שאולן צונויפגעקליבן אַ גרויס חיל. מיט דעם דאָזיקן חיל איז שאול פלוצלינג באַפאַלן די עמונים, האָט זיי צעשלאָגן און באַפרייט די באַלאַגערטע איינוואוינער פון יבש.

נאָך דעם דאָזיקן ניצחון האָבן אַלע יידן מיט שימחה אַנערקענט

שאולן פאַרן מלך און האָבן געמאַכט אַ גרויסן יום טוב אין גילגל לכבוד זיין אַרויפטרעטן אויפן טראָן. דאָ האָט זיך שמואל האַרציק געזעגנט מיטן פאָלק, וואָס ער האָט אַזוי לאַנג אָנגעפירט. „זאָגט עדות פאַר גאָט און פאַר זיין געזאַלבטן קעניג — האָט דער אַלטער נביא גערעדט צום פאָלק — וועמעס אָקס האָב איך גענומען, און וועמעס אייזל האָב איך גענומען און וועמען האָב איך באַרויבט און וועמען האָב איך אונטערדריקט, און ביי וועמען האָב איך גענומען שוחד?“ און דאָס פאָלק האָט אין איין קול אויסגערופן: „ניין, דו האָסט אונדז קיין מאָל נישט באַרויבט און קיין מאָל נישט אונטערדריקט!“ דערנאָך האָט שאול געהאַלטן אַ רעדע אין וועלכער ער האָט אָנגעזאָגט דעם מלך און דאָס פאָלק זיי זאָלן אָפּהיטן די געזעצן פון גאָט. דער אַלטער נביא האָט מבטיח געווען אַז ער וועט אויך אין דער צוקונפט גאָט בעטן פאַרן פאָלק און וועט אויך ווייטער בלייבן זיין גייסטיקער פירער.

קאַפּיטל 6

# שאולס מלוכה

(1067 — 1055 פ"ק.)

### § 51. די מילחמה מיט די פּלישתים.

די ערשטע צוויי יאָר פון שאולס קעניגן זיינען אַוועק אויף צונויפ־שטעלן אַ גוטן און אַנשטענדיקן חיל. ער האָט געגרינדעט אַ שטענדיקע מחנה פון דריי טויזנט געקליבענע קריגער און אין צייט פון מילחמה האָבן זיך צו דער מחנה אָנגעשלאָסן דאָס גאַנצע חיל פון פאָלק. דער פירער פונעם גאַנצן חיל איז געווען דער קעניג אַליין, און מיט דער אָפּ־געקליבענער מחנה האָט קאָמאַנדירט דעם קעניגס עלטסטער זון יונתן, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אומגעווייניטלעכער מוטיקייט. יונתן האָט דער ערשטער געבראַכט צו אַן אַנטשיידענער מילחמה מיט די פּליש־תים, וועלכע האָבן נאָך אַלץ אונטעריאָכט די יידן. די פּלישתים האָבן געהאַלטן זייערע גאַרניזאָנען אין די בינימינשע שטעט, האָבן געדריקט די איינוואוינער און גענומען פון זיי צינז. אין דעם יונגן יונתן האָט גע־ברענט דער פאַרלאַנג צו באַפרייען זיין פאָלק פון דעם שווערן יאָך. איין מאָל האָט ער זיך מיט זיינע קריגער אַריינגעריסן אין גיבעה און דאָרטן געהרגעט דעם עלטסטן פון דעם פּלישתישן גאַרניזאָן. ווען די פּלישתישע מלכים האָבן דאָס דערהערט האָבן זיי צוזאַמענגענומען אַ גרויסן חיל, פיל רייטער און קריגסוועגן און זיינען אַוועק מילחמה האַלטן מיט די יידן.

די פלישתים האָבן זיך אָפּגעשטעלט מיט זייער לאַגער אין מכמש און די יידן האָבן זייער לאַגער געמאַכט אַנטקעגן זיי אין גילגל. שאול האָט געהאַט זייער אַ קליינעם חיל. אַ סך יידן, דערהערנדיק אַז עס קומען די פלישתישע חילות, זיינען זיך צעלאָפן און האָבן זיך באַהאַלטן אין הייל און אין שפּאַלטן פון פעלדזן. די יידן האָבן נישט געהאַט קיין שטאַרקן פערד־חיל, נישט קיין קריגס־וועגן, און אַפילו נישט גענוג כלי־זין, וואָרום די פלישתים האָבן פאַרטריבן פון די יידישע שטעט אַלע שמידן און ס׳איז נישט געווען וואו אויסצושמידן אָדער אָנשאַרפן אַ שווערד און אַ שפּיז. שאול האָט זיך נישט געקענט אַנטשליסן אָנצופאַלן אויף דעם פיל־שטאַרקערן שונא, אָבער יונתן מיט זיין העלדישקייט האָט שנעל געבראַכט צו דער אַנטשיידענער שלאַכט. דער לאַגער פון די פלישתים האָט זיך געפונען אויף אַ הויכן באַרג, אַרומגערינגלט מיט טיפע גראָבנס. איין מאָל איז יונתן און זיין וואָפּנטרעגער שטילערהייט אַרויפגעקלעטערט אויף דעם דאָזיקן הויכן פעלדז, און האָבן פלוצלינג גענומען שיסן פון זייערע בויגנס. דאָס האָט אָנגעמאַכט אַ מהומה אין דעם פלישתישן לאַגער. די פלישתים האָבן געמיינט אַז הינטער די דאָזיקע מוטיקע שיסער גייט אַ גרויסער חיל, און זיי האָבן גענומען אַנטלויפן. דעמאָלט האָט זיך שאול מיט זיינע קריגער אויך אַ וואָרף געטאָן נאָך די אַנטלויפנדיקע פלישתים און זיי געיאָגט ווייטער. די יידן וועלכע זיינען געלעגן פאַרבאָרגענע אין די בערג זיינען אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן, און באַוואָפנענדיק זיך מיט שטעקנס און פלעקער פלעגן זיי באַפאַלן קליינע גרופּעס פון די פלישתים איינציקווייז און זיי פאַרניכטן. אויף אַזאַ אופן האָבן זיך די יידן אויף אַ צייט באַפרייט פון זייער ביטערסטן שונא און אונטערדריקער. דאָס לאַנד איז געווען פריי און דאָס פאָלק האָט שטאַרק געלויבט דעם נאָמען פון זיין זיגרייכן קעניג.

דער דערפאָלג וואָס שאול האָט געהאַט קעמפנדיק מיט די שונאים פון יידישן פאָלק האָט פאַרשטאַרקט זיין קעניגלעכע מאַכט. ווען שאול האָט זיך באַפעסטיקט אויפן טראָן האָט ער געמאַכט זיין געבוירנשטאָט גיבעה, אין בינימין, פאַר זיין הויפּטשטאָט, וועלכע האָט דעריבער באַקומען דעם נאָמען גיבעת־שאול. דער קעניגלעכער הויף אין גיבעה איז געווען איינגעאָרדנט זייער פּשוט. יום טוב און ראש חודש פלעגט מען ביים הויף ברענגען קרבנות און די קרובים למלכות, מערסטנס שאולס אייגענע פון שבט בינימין, פלעגן עסן ביים קעניגלעכן טיש. באַזונדערס נאָענט

צום קעניג איז געווען זיין שוועסטערקינד אבנר, וועלכער איז געווען זייער אַ פעאיקער קריגסמאַן, און שאול האָט אים באַשטימט פאַרן הויפּט־פירער פון דעם גאַנצן יידישן חיל. שאול האָט זיך אָפּגעגעבן צו איינפירן די געזעצן פון דער יידישער רעליגיע און אַכטונג געגעבן אַז זיי זאָלן שטרענג אָפּגעהיט ווערן. ווען ער איז געווען אויסוואָרצלען דעם געצנדינסט פון יידישן פאָלק האָט ער פאַרטריבן פון לאַנד אַלע צויבערער און מכשפות, אָבער אין גיכן האָט אַ נייע מילחמה אָפּגעצויגן דעם קעניג פון די אינווייניקסטע עינינים פון דער מלוכה.

## § 52. די מילחמה מיט די עמלקים

שמואל הנביא איז געקומען צו שאולן און האָט אים געהייסן אין גאָטס נאָמען גיין מילחמה האַלטן קעגן דעם ווילדן שבט פון די עמלקים, וואָס האָט אַרומגעוואַנדערט אין דער וויסטעניש, לעבן די דרום־גרענעצן פון כנען, און האָט זיך פאַרנומען מיט רויבערייען. נאָך פון משהס צייטן אָן האָבן די יידן געטראָגן אַ האַס אויף דעם פאָלק, וועלכער האָט זיי באַפאַלן אין דער מידבר בשעת זיי זיינען אַרויס פון מיצריים. „גיי און שלאָג די עמלקים — האָט שמואל געזאָגט צום קעניג — און פאַרטיליק אַלץ וואָס זיי האָבן; זאָלסט נישט שוינען קיין מאַן, קיין פרוי, קיין אָקס, קיין שאָף, קיין קעמל און קיין אייזל״. האָט שאול צונויפגענומען אַ חיל און זיך געלאָזט גיין צום דרום־גרענעץ. די יידישע מחנות האָבן זיך אַריינגעריסן אין לאַנד פון די עמלקים. האָבן אויסגעהרגעט אַלע איינוואוינער. און פאַרניכטעט זייערע סטאַדעס און זייער גאַנץ אייגנטום. בלויז דעם קעניג פון די עמלקים, אגג, האָט שאול גענומען געפאַנגען אַ לעבעדיקן, און אויך אַ טייל פון דעם שונאס בעסערע פי איז גאַנץ געבליבן. שאול האָט רחמנות געהאַט אויף אגגן און האָט אים נישט געוואָלט טויטן; עס איז אים אויך אַ שאָד געווען די פאַרבליבענע פי און ער האָט באַשלאָסן עס צו לאָזן אַלס רויב, נישט געקוקט אויפן פאַרזאָג פון דעם נביא.

ווען שמואל איז געקומען אין לאַגער האָט אים שאול געזאָגט אַז גאָטס באַפעל איז דערפילט געוואָרן און אַז דער שונא איז פאַרניכטעט. און דער נביא האָט שטרענג אַ פרעג געטאָן: „פון וואַנען זשע דערטראָגן זיך עס צו מיר דאָס בלעקן פון די שאָף און דאָס געמוקע פון די אָקסן?״

און דער קעניג האָט געענטפערט, אַז ער האָט געלאָזט לעבן בלויז אגגן און אַז דאָס פאָלק האָט געשוינט אַ טייל פון די פי, וואָס זיי האָבן צוגע־נומען ביי די עמלקים, נאָר זיי זיינען אַלע גרייט צו ברענגען די פי פאַר אַ קרבן צו גאָט. נאָר שמואל האָט אויסגערופן: „ליבער איז פאַר גאָט ווען מען פאָלגט זיין באַפעל איידער מען ברענגט אים קרבנות. דו האָסט פאַרשטויסן גאָטס וואָרט און גאָט האָט דיך פאַרשטויסן און דו וועסט מער נישט זיין קיין קעניג". ביי די ווערטער האָט זיך דער נביא אָפּגע־קערט פון דעם קעניג. שאולן איז שווער געווען צו הערן ווי דער נביא מוסרט און סטראַשעט אים פאַר די אויגן פון פאָלק, און ער האָט געזאָגט צו שמואלן: „איך האָב געזינדיקט, נאָר טו מיר אָן דעם כבוד פאַר די אויגן פון פאָלק און קער זיך אום מיט מיר און איך וועל זיך בוקן פאַר גאָט". שמואל האָט זיך אומגעקערט און האָט געהייסן ברענגען דעם ווילדן עמלקשן קעניג אגג און האָט צו אים געזאָגט: „אַזוי ווי דיין שווערד האָט אָוועקגערויבט ביי מוטערס זייערע קינדער, אַזוי זאָל אויך דיין מוטער באַרויבט ווערן פון איר זון". און מען האָט אגגן אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ. נאָך דעם איז שמואל אַוועק אין זיין שטאָט רמה, און שאול האָט זיך אומ־געקערט קיין גיבעה. צווישן דעם מלך און דעם נביא איז פאָרגעקומען אַ ריס, און זיי האָבן זיך פון דעמאָלט אָן מער נישט געזען. שמואל האָט באַשלאָסן אַז שאול איז נישט פעאיק צו רעגירן איבערן פאָלק, און האָט אָנגעהויבן צו זוכן אַ מענטשן וועלכער זאָל זיין מער ראוי צו פאַרנעמען דעם קעניגלעכן טראָן.

## § 53. דוד ביי שאולן אין הויף

אין דער נחלה פון דעם שבט יהודה, אין דער שטאָט בית־לחם, האָט געלעבט אַן אָנגעזעענער אַלטער מאַן מיטן נאָמען ישי, וועלכער האָט געהאַט אַכט זין. דער קלענסטער פון זיי, דוד, איז געווען אַ שיינער, קלוגער און מוטיקער יונג. זיינע קינדערשע יאָרן האָט דוד פאַרבראַכט אויף די פאַשע־פעלדער וואָס האָבן אַרומגערינגלט בית־לחם, וואו ער האָט געפּאַשעט זיין פאָטערס סטאַדעס. דאָ האָט ער ליב געהאַט צו זינגען פאַסטוכער־לידער און שפּילן אויף דער האַרף. דער תנ"ך דערציילט, אַז ווען שמואל האָט אים דערזען, האָט ער מיט זיין נביאישן גייסט פאָר־אויסגעזען אַז דאָס דאָזיקע ייִנגל וועט נאָך אַמאָל זיין דער קעניג פון די

יידן. איז דער נביא איין מאָל געקומען קיין בית־לחם און האָט אַנטפּלעקט פאַר דודן דעם סוד און דערביי האָט ער אים געזאַלבט מיט דעם הייליקן בוימל, ווי עס פלעגט זיך פירן ווען מען פלעגט באַשטימען אַ נייעם קעניג. דאָס איז פאָרגעקומען בסוד, און אויסער ישיס פאַמיליע האָט קיינער נישט געוואוסט וועגן שמואלס נביאות.

דערווייל איז דער קעניג שאול, נאָך דער מילחמה מיט די עמלקים, אַריינגעפאַלן אין אַ מרה־שחורה. ער האָט געדענקט דאָס צאָרניקע וואָרט,



שמואל זאַלבט דודן

וואָס דער נביא האָט אים געזאָגט נאָך דעם זיג איבער די עמלקים, און ער האָט זיך געשראָקן, אַז באַלד וועט קומען אַ סוף צו זיין קעניגן. ווען די קרובים למלכות האָבן דערזען, אַז דער קעניג ליידט פון אַ שווערער מרה־שחורה האָבן זיי געזאָגט צו אים: „נעם דיר אַ מענטשן, וואָס קען שפּילן אויף דער האַרף, און ווען דיר וועט ווערן אומעטיק, וועט ער דיך צעשטרייען מיט זיין שפּילן". דער קעניג האָט געגומען זוכן אַ גוטן שפּי־לער און ער האָט זיך דערוואוסט, אַז דוד פון בית־לחם איז אַ מייסטער אויף דער האַרף. און מען האָט דודן באַלד געבראַכט קיין גיבעה, אין קעניגלעכן הויז. דער יונגער בחור איז שאולן שטאַרק געפעלן געוואָרן, און ער האָט אים געמאַכט פאַר זיין וואָפּנטרעגער. יעדעס מאָל וואָס שאולן פלעגט באַפאַלן אַן אומעט, פלעגט דוד נעמען זיין האַרף און שפּילן אַזוי לאַנג ביז דער קעניג פלעגט ווערן ווידער פריילעך.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז דוד באַרימט געוואָרן איבערן גאַנצן לאַנד דורך איין גרויסער העלדנטאַט. די פלישתים האָבן צונויפגעקליבן זייער חיל און האָבן זיך ווידער גענומען גרייטן צו אַ מילחמה מיט די יידן. פערציק טעג זיינען ביידע מחנות, די פלישתישע און די יידישע, געשטאַנען נעבן בית־לחם איינע קעגן דער אַנדערער און האָבן ניט אָנגעפאַנגען קיין שלאַכט. דאַן איז פון דעם פלישתישן לאַגער אַרויסגעטראָטן אַ קריגער, אַ מאַן פון ריזיקן וואוקס, מיטן נאָמען גלית, און ווענדנדיק זיך צו דער יידישער מחנה, האָט ער אויסגערופן: „קלייבט אויס פון צווישן אייך אַ קריגער, וועלכער זאָל זיך פאַרמעסטן מיט מיר; אויב איך וועל אים גובר זיין, וועט איר זיין אונדזערע קנעכט, און אויב ער וועט מיך גובר זיין, וועלן מיר זיין אייערע קנעכט". ווען דער קעניג האָט עס דערהערט האָט ער געלאָזט אויסרופן איבערן לאַנד: „ווער פון די יידן עס וועט בייקומען דעם פלישתישן גיבור וועט קריגן דעם קעניגס טאָכטער פאַר אַ ווייב און נאָך אַ סך רייכטום דערצו". נאָר דאָס אויסזען פון דעם פלישתישן העלד, וועלכער איז געווען באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס, האָט אַרויפגעיאָגט אויף אַלעמען אַזאַ שרעק, אַז קיינער האָט זיך ניט דערוועגט אַריינצוטרעטן מיט אים אין קאַמף. אין יענער צייט איז דוד געגאַנגען פון די פעלדער פון בית־לחם אין דעם יידישן לאַגער געוואָר צו ווערן זיינע ברידער. דערהערנדיק די חוצפהדיקע ווערטער פון גליתן, האָט דוד באַשלאָסן אַליין אַריינצוטרעטן אין קאַמף מיט דעם דאָזיקן ריז. אַלע האָבן געלאַכט פון דודס געוואגטן באַשלוס. און שאול האָט אים געזאָגט: „ווי אַזוי וועסטו, אַ ייִנגל, גיין קעגן אַ העלד, וואָס איז פון קינדווייז־אויף געוואוינט צו מילחמה"? אָבער דוד האָט געענטפערט, אַז ער וויל פאַרטיידיקן דעם כבוד פון זיין פאָלק, און אַז ער פאַרלאָזט זיך אויף גאָטס הילף. דעמאָלט האָט אים שאול געגעבן זיין קעניגלעכן געווער. ער האָט אים אָנגעטאָן זיין שילד אויפן ברוסט, אַ קופּערנעם קיווער אויפן קאָפּ, און האָט אים אויפגעהאָנגען אויפן גאַרטל זיין שווערד. אָבער דוד איז דערצו ניט געוואוינט געווען און האָט זיך ניט געקענט רירן אין די דאָזיקע שווערע כלי־זין. האָט ער אַרונטערגענומען פון זיך די קעניגלעכע וואָפן, האָט גענומען אין האַנט אַ פּראָסטן שטעקן און אַ שטיינשליידער, האָט אַריינגעלייגט פינף שאַרפע שטיינדלעך אין זיין פאַסטוכער־טאָרבע און איז אַוועק קעגן דעם פלישתישן גיבור.

אַז גלית האָט דערזען דעם יידישן קעמפער איז ער אין כעס געוואָרן

און האָט געזאָגט: „וואָס בין איך, אַ הונט, וואָס דו גייסט אויף מיר מיט אַ שטעקן?" נאָר דוד האָט זיך ניט דערשראָקן און איז שנעל געגאנגען פאָרויס. אויף אַ געוויסער שטרעקע פון גליתן איז ער געבליבן שטיין, האָט אַרויסגענומען פון טאָרבע אַ קליין שטיינדל, און האָט אים אַזוי געשיקט אַ וואָרף געטאָן, אַז ער האָט געטראָפן דעם ריז גלייך אין שטערן אַריין. גלית איז אין זיין שווערן כלי־זין געפאַלן צו דער ערד און האָט זיך ניט געקענט אויפהייבן. דאַן איז דוד צוגעלאָפן צו דעם געפאַלענעם, האָט אַראָפּגעריסן פון אים זיין שווערד און האָט אים מיט זיין אייגענעם שווערד אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ. ווען די פּלישתים האָבן דערזען, אַז זייער העלד איז טויט, זיינען זיי זיך אין שרעק צעלאָפן. די יידן האָבן זיי נאָכגעיאָגט און זיי צעשלאָגן. שאול האָט געהאלטן זיין וואָרט און האָט געגעבן זיין יינגערע טאָכטער מיכל צו דודן פאַר אַ ווייב.



דוד הרגעט גליתן

## § 54. דער קאַמף צווישן שאולן און דודן

דער זיג איבער גליתן האָט דודן שטאַרק באַרימט געמאַכט. ווען שאול און דוד האָבן זיך מיטן חיל אומגעקערט פון דער מילחמה, זיינען די יידישע

פרויען זיי אַרויס אַנטקעגן מיט געזאַנג און טענץ און האָבן אויסגערופן: „שאול האָט געשלאָגן טויזנטער פלישתים, אָבער דוד צענדליקער טויזנ־טער!" שאולן האָט געקרענקט וואָס דעם יונגן וואָפנטרעגער פון דעם קעניג שטעלט מען העכער ווי דעם קעניג אַליין. האָט ער מורא געקראָגן, אַז דוד וועט ווערן דער ליבלינג פון פאָלק און וועט נאָך ביי אים צונעמען דעם טראָן. פון דעמאָלט אָן האָט שאול פאַרהאַסט דודן. איין מאָל איז דער מלך געווען זייער אומעטיק און דוד האָט פאַר אים געשפּילט אויף דער האַרף, כדי צו פאַרטרייבן זיין טרויער. פלוצלינג האָט דער קעניג, אין אַן אָנפאַל פון צאָרן, אַ וואָרף געטאָן זיין שפּיז אויף דודן און האָט אים שיער נישט דערהרגעט. אָבער דוד איז פלינק אָפּגעשפּרונגען אָן אַ זייט און האָט זיך געראַטעוועט פון טויט. נאָך דעם האָט דוד פאַרלאָזן דעם קעניגלעכן הויף. שאול האָט געשטעלט דודן איבער אַ מחנה פון טויזנט מאַן און אים געשיקט אין די געפערלעכסטע שלאַכטן.

בשעת דער מלך האָט דודן געהאַסט, האָט זיך זיין איידעלער זון יונתן שטאַרק צוגעבונדן צום יונגן העלד און אים ליב געקראָגן ווי אַן אייגענעם ברודער. יונתן האָט געפּרואווט מאַכן שלום צווישן זיין פאָטער און דודן, נאָר שאול האָט צאָרנדיק געשריען צום זון: „זיי וויסן, אַז כל זמן דוד לעבט איז דיין קעניגלעכע הערשאַפט נישט זיכער". איין מאָל האָט דער קעניג געהייסן זיינע דינער צו טויטן דודן פאַר טאָג ביי אים אין הויז. ווען מיכל, דודס ווייב, האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט זי ביינאַכט אַרויסגעלאָזט איר מאַן דורכן פענצטער. און ווען די מערדער זיינען געקומען פאַרטאָג האָבן זיי שוין דודן נישט געפונען. ער איז אַנטלאָפן קיין רמה, וואו עס האָט געלעבט דער גרייז־גרויער נביא שמואל. אַהער איז צו דודן בשתיקה געקומען זיין חבר יונתן און האָט אים געראָטן צו לויפן ווייטער, כדי ער זאָל נישט אַריינפאַלן אין די הענט פון דעם צערייצטן שאול. ביים געזע־גענען האָבן זיך די חברים אַרומגענומען, האָבן זיך געקושט און האָבן לאַנג געוויינט.

דוד איז אַנטלאָפן קיין נוב, די „שטאָט פון כהנים", וואו עס האָט זיך געפונען דער אוהל מועד. דער כהן גדול אחימלך (עליס אייניקל) האָט דודן שיין אויפגענומען און האָט אים געגעבן די שווערד, וועלכע דוד האָט אַמאָל אָפּגענומען ביי גליתן און וועלכע איז געלעגן באַהאַלטן אין אוהל מועד. פון דאָרט איז דוד געלאָפן ווייטער, צום פלישתישן גרענעץ, און האָט זיך באַזעצט אין אַ הייל נעבן עדולם. דאָ האָבן זיך אָנגעהויבן קלייבן

צו אים אַלערליי אומצופרידענע מענטשן, מיט פאַרביטערטע געמיטער, הפקר־יונגען און אַוואַנטוריסטן און האָבן אים געמאַכט פאַר זייער פירער. דערווייל האָט זיך שאול דערוואוסט, אַז דוד איז געווען אין נוב און אַז די כוהנים האָבן אים געגעבן אַ פריינדלעכן קבלת־פנים. האָט ער געהייסן ברענגען צו זיך קיין גיבעה אַחימלכן און די אַנדערע כוהנים פון נוב און האָט זיי מיט צאָרן געפרעגט: „פאַרוואָס האָט איר געגעבן מיין שונא דודן, שפייז און אַ שווערד? וואַרום האָט איר געבענטשט אַ מענטשן, וואָס האָט מורד געווען קעגן מיר?”. אַחימלך האָט געענטפערט, אַז די כוהנים האָבן אויפגענומען דודן מיט פריינדלעכקייט, ווייל ער איז דעם קעניגס איידעם און זיי האָבן גאָרנישט געוואוסט וועגן דער סיבה פון זיין אַנט־לויפן. אָבער, שאול האָט נישט געוואָלט הערן פון קיין שום תירוצים. ער האָט באַפוילן זיינע לייב־וועכטער זיי זאָלן הרגענען אחימלכן און זיין פאַמיליע, און נאָך אַכט און פופציק כוהנים. געראַטעוועט האָט זיך נאָר אביתר, אחימלכס זון, וועלכער איז אַנטלאָפן צו דודן.

און דוד האָט מיט אַ באַוואָפנטער באַנדע אומגעוואַנדערט פון אָרט צו אָרט. צו דער דאָזיקער חברה זיינען צוגעשטאַנען דודס קרובים פון בית־לחם. צווישן זיי איז געווען זיין שוועסטערס זון יואב, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט באַזונדערער העלדישקייט און איז שפּעטער געוואָרן אַ קריגספירער. צווישן די קריגסלייט, וואָס האָבן זיך אַרומגעקליבן אַרום דודן, זיינען אויך געווען פלישתים און חיתים. דוד מיט זיינע מענטשן האָבן לאַנג נישט געקענט בלייבן אויף איין אָרט, וואָרום אַ מחנה פון שאולן האָט אים נאָכגעיאָגט פוסטריט. איין מאָל איז שאול מיט זיין מחנה צוגעקומען נאָענט צום אָרט, וואו דוד האָט זיך געפונען און זיי האָבן עס נישט געוואוסט און שאול איז אַליין אַריין אין דער פינצטערער הייל, וואו דוד און זיינע מענטשן זיינען געלעגן באַהאַלטן. אין דער פינצ־טער האָט זיי דער קעניג נישט באַמערקט. און דודס מענטשן האָבן שטיל געזאָגט צו דודן: „אָט האָט גאָט איבערגעגעבן דיין שונא אין דיינע הענט טו מיט אים וואָס דו ווילסט”. אָבער דוד האָט געזאָגט: „איך קען נישט אויפהייבן מיין האַנט אויפן מלך, וואָס איז פון גאָט געזאַלבט”. ער האָט זיך נאָר הינטן־אַרום צוגעגנבעט צו שאולן און האָט אָפּגעשניטן אַ פּאָלע פון זיין מאַנטל, און שאול האָט עס גאָרנישט געשפּירט. ווען דער קעניג איז אַרויס פון דער הייל איז אים דוד נאָכגעגאַנגען, און ווייזנדיק אים פון וויטן די אָפּגעשניטענע פּאָלע פון זיין בגד, האָט ער אויסגערופן:

„אַדוני קעניג! דו האָלסט מיך פאַר דיין שונא, נאָר אָט ביסטו ערשט געוועזן אין מיינע הענט און פון דעסט וועגן האָב איך דיר קיין שלעכטס נישט געטאָן. גאָט זעט מיין גערעכטיקייט, זאָל ער מישפּטן צווישן אונדז". שאול איז גערירט געוואָרן פון דודס גרויסמוטיקייט און האָט זיך צע־וויינט און געזאָגט: „איז עס דיין קול, דוד, מיין קינד? דו ביסט גערעכטער פון מיר, ווייל דו האָסט מיר געטאָן גוטס און איך באַצאָל דיר מיט שלעכטס. איך ווייס, אַז דו וועסט קעניגן איבער די יידן; נאָר שווער מיר, אַז דו וועסט נישט פאַרשניידן מיין דור נאָך מיין טויט". דוד האָט אים געשוואוירן און זיי זיינען זיך צעגאַנגען. אין גיכן אָבער האָט שאול פאַר־געסן וועגן דער דאָזיקער באַגעגעניש און האָט ווידער אָנגעהויבן רודפן דודן.

## § 55. שאולס אונטערגאַנג

אַרום יענער צייט איז דער אַלטער נביא שמואל, דודס באַשיצער, געשטאָרבן. דוד האָט מורא געהאַט בלייבן אין זיין אייגן לאַנד יהודה, וואו עס האָבן אים נאָכגעיאָגט שאולס מענטשן און ער איז אַריבערגעגאַנגען מיט זיין מחנה פון זעקס הונדערט מאַן אין דעם לאַנד פון די פּלישתים. דער פּלישתישער קעניג אָכיש האָט דודן פריינדלעך אויפגענומען, ווייל ער האָט געדענקט, אַז ווי אַ שונא פון שאולן, וועט ער העלפן די פּלישתים מילחמה האַלטן קעגן די יידן. אויף דודס בקשה האָט אָכיש אָפּגעלאָזט פאַר אים מיט זיינע לייט אַ באַזונדערע שטאָט צום וואוינען, מיטן נאָמען ציקלג. פון דאַנען האָט דוד מיט זיין מחנה געמאַכט אָנפאַלן אויף די עמלקים און אַנדערע שבטים אין דרום זייט פון כנען און האָט ביי זיי פאַרנומען אַ סך רויב. אָבער אָכישן פלעגט ער זאָגן, אַז דאָס מאַכט ער אָנפאַלן אויף די יידישע לענדער. אַזוי האָט זיך געצויגן אַיבער אַ יאָר. דעמאָלט האָט דער פּלישתישער קעניג צונויפגענומען זיין חיל און איז אַרויס מילחמה האַלטן מיט די יידן. אין די הינטערשטע רייען פון זיין חיל האָט אָכיש אַוועקגעשטעלט דודן מיט זיין מחנה. נאָר ווען די פּליש־תישע מלכים און האַרן האָבן דאָס דערזען, האָבן זיי געזאָגט צו אָכישן: „וואָס טוען דאָ די יידן? דאָס איז דאָך דער זעלביקער דוד וועגן וועלכן מען זינגט אין קאַראַהאָדן, אַז ער האָט צעשלאָגן צענדליקער טויזנטער פּלישתים. מיט וואָס וועט ער זיך פאַרגיטיקן ביי זיין האַר שאולן אויב

נישט מיט אונדזערע קעפ?״ אָכיש האָט געמוזט אָפּשיקן דודן מיט זיין מחנה צוריק קיין ציקלג, און דוד איז דערפון זייער צופרידן געווען.

ווען שאול האָט דערהערט, אַז די פּלישתּים זיינען אַרויס מילחמה האַלטן, האָט ער צונויפגערופן זיין חיל אין טאָל יזרעאל, נעבן דער שטאָט גילבוע. מיט שרעק האָט ער געוואַרט אויפן אָנקומען פון דעם שונא. אַ פינצטערער פאָרגעפיל האָט דעם קעניג נישט געלאָזט רוען. אונטער דער ווירקונג פון זיין מרה־שחורה איז שאול געוואָרן אַבערגלויבעריש. ער האָט געוואָלט טרעפן זיין צוקונפט און ער האָט זיך געווענדט צו אַ מכשפה, וועלכע האָט געלעבט אין עין־דור. איין מאָל ביינאַכט האָט זיך דער קעניג איבערגעטאָן, כדי מען זאָל אים נישט דערקענען, און איז אַוועק אין דעם הויז פון דער כישוף־מאַכערין און זי געבעטן, זי זאָל אַרויסרופן פון קבר דעם שאָטן פון דעם פאַרשטאָרבענעם נביא שמואל. באַלד האָט זיך אין דער געהיימניספולער פינצטערניש פון דער נאַכט באַוויזן דאָס געשטאַלט פון אַן אַלטן מאַן, אין וועלכן דער קעניג האָט דערקענט שמואלן. „פאַרוואָס האָסטו מיך באַאומרואיקט?״ האָט זיך דער־הערט די שטרענגע שטימע פון דעם נביא. שאול איז געפאַלן פאַרן נביא אויף די קני און האָט אויסגעשריען: „מיר איז שלעכט! די פּלישתּים באַפאַלן מיך און גאָט האָט זיך פון מיר אָפּגעטאָן; זאָג, וואָס זאָל איך טאָן?״ און שמואל האָט געענטפערט: „גאָט האָט דיך טאַקע פאַרלאָזט דערפאַר, וואָס דו האָסט אַמאָל נישט געפאָלגט זיין באַפעל, און ער האָט אָפּגעגעבן דיין קרוין צו דודן. גאָט וועט איבערגעבן דיך און דיין פאָלק אין די הענט פון דעם פיינט: מאָרגן וועסטו און דיינע זין זיין מיט מיר״ דערהערנדיק די דאָזיקע ווערטער איז שאול פאַרציטערט געוואָרן און איז געפאַלן צו דער ערד. די צויבערין האָט אים קוים איינגערעדט ער זאָל עפּעס עסן און זיך אַביסל קרעפטיקן.

אויפן אַנדערן טאָג האָט צווישן די יידן און די פּלישתּים אויסגע־בראָכן אַ שרעקלעכע שלאַכט אין די בערג און די פּלישתּים האָבן מנצח געווען. טויזנטער קערפּער פון געפאַלענע יידישע קריגסלייט האָבן באַ־דעקט די בערג פון גילבוע. יונתן און שאולס צוויי אַנדערע זין זיינען אויך געפאַלן אין דעם ברענעדיקן קאַמף. שאול אַליין איז פאַרוואונדעט געוואָרן פון דעם שונאס פיילן. דערפילנדיק אַז זיין סוף איז נאָענט, האָט ער געזאָגט צו זיין וואָפנטרעגער: „אַנטבלויז דיין שווערד און דערשטעך

מיך, כדי עס זאָלן נישט קומען די פרעמדע און זיך לוסטיק מאַכן איבער מיר". אָבער דער וואָפנטרעגער האָט נישט געהאַט דעם מוט צו טויטן זיין קעניג. האָט זיך שאול אַליין אַ וואָרף געטאָן אויף זיין שווערד און איז געשטאָרבן. אויף מאָרגן האָבן די פלישתים געפונען דעם טויטן קערפּער פון דעם יידישן קעניג און האָבן אים אויפגעהאָנגען אויף דער פעסטונג פון דער שטאָט בית־שן, ווי אַ צייכן פון זייער זיג. ווען די איינוואוינער פון דער שטאָט יבש, אין גילעד (וועלכע שאול האָט אַמאָל געראַטעוועט פון די עמלקים) האָבן זיך דערפון דערוואוסט, האָבן זיי געשיקט זייערע מענטשן קיין בית־שן, אַראָפּצונעמען פון דער פעסטונג דעם קערפּער פון דעם אומגעקומענעם מלך. ביינאַכט האָבן די שלוחים אַראָפּגעגנבעט שאולס קערפּער און האָבן אים געבראַכט קיין יבש, וואו מען האָט אים מקבר געווען.

דוד האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם טויט פון שאולן און זיינע זין דורך אַן עמלקי, וועלכער איז געקומען צעלויפן פון שלאַכט־פעלד קיין ציקלג. דער עמלקי האָט געמיינט, אַז ער וועט דערפרייען דודן מיט אַזאַ בשורה, און האָט זיך אַפילו באַרימט, אַז ער אַליין האָט געטויט דעם יידישן קעניג. נאָר דוד האָט אויסגעשריען: „ווי אַזוי האָסטו זיך דערוועגט אויפצוהייבן אַ האַנט אויפן געזאַלבטן פון גאָט!" — און האָט געהייסן טויטן דעם עמלקי. לויט דער מסורה האָט דוד באַוויינט דעם טויט פון שאולן און זיין חבר יונתן אין דעם ווייטערדיקן רירנדיקן ליד:

„דיין צירונג, ישראל, ליגט דערשלאָגן אויף די בערג. ווי זיינען די העלדן געפאַלן! דערציילט נישט אין גת, נישט זאָגט אָן די בשורה אין אַשקלונס גאַסן, די טעכטער פון פלישתים־לאַנד זאָלן זיך נישט פרייען, די טעכטער פון פרעמדע זאָלן זיך נישט לוסטיק מאַכן. אָ, בערג פון גילבוע! נישט זיין זאָל אויף אייך קיין טוי און קיין רעגן, קיין פעלדער קיין פרוכפּערדיקע, וואָרום דאָרט איז פאַרפלעקט געוואָרן די שילד פון די העלדן, שאולס שילד, מיט אייל נישט געשמירט. יונתנס בויגן האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַרן בלוט פון גיבורים, און שאולס שווערד האָט קיין מאָל זיך ליידיק ניט אומגעקערט. שאול און יונתן, געליבטע און טייערע, ניט צעשיידט אין לעבן און טויט! גרינגער פון אָדלערס זיינען זיי געווען, און שטאַרקער פאַר לייבן. אָ, טעכטער פון ישראל! וויינט אויף שאולן, וואָס האָט אייך אין פורפור

באַקליידט, און אייערע קליידער מיט גינגאָלד באַפּוצט. אָ, ווי זיינען געפאַלן די העלדן אין מיטן דער שלאַכט, יונתן אויף דיינע הויכע בערג אַ דערשלאָגענער! וויי מיר פאַר דיר, מיין ברודער יונתן! ביסט מיר געווען אַזוי טייער! דיין ליבע איז מיר טייערער געווען ווי די ליבע פון פרויען. אָ, ווי זיינען די העלדן געפאַלן, די וואָפן פאַרלוירן!״



קאַפּיטל 7

# דודס מלוכה

(1055 — 1015 פ"ק)

## § 56. דוד און ירושלים — זיינע מילחמות

נאָך שאולס טויט האָט דאָס פאָלק נישט מיט אַמאָל אָנערקענט דודן פאַר אַ מלך. ווען דוד האָט זיך אומגעקערט פון דעם לאַנד פון די פלישתים אין זיין היים, אין שטאָט חברון, האָבן בלויז זיין אייגענע מחנה און זיינע שטאַם־ברידער פון שבט יהודה אים דערקלערט פאַר אַ קעניג, אָבער די איבעריקע יידישע שבטים, איבערהויפּט שאולס אייגענער שבט בינימין, האָבן אַנערקענט פאַר זייער מלך שאולס געזעצלעכן יורש, זיין יינגסטן זון איש־בעל אָדער איש־בשת. אויף אַזאַ אופן האָט דאָס יידישע פאָלק געקראָגן אין דער זעלביקער צייט צוויי מלכים: דודן אין חברון און איש־בעלן אין דער שטאָט מחנים, אויף דער אַנדערער זייט ירדן. עטלעכע יאָר האָט זיך געצויגן דער קאַמף צווישן די חילות פון די צוויי קעגנערישע מלכים און זייערע קריגספירער: יואב פון דודס צד און אבנר פון איש־בעלס צד. נאָך ענדלעך איז אבנר באַזיגט געוואָרן, און איש־בעל, וועלכער איז געווען אַ שוואַכער און אומבאַדייטנדיקער מענטש, איז פאַרלאָזן געוואָרן פון זיינע אָנהענגער און נאָכהער איז ער דערמאָר־דעט געוואָרן פון צוויי פאַררעטער. דעמאָלט איז דאָס גאַנצע פאָלק אַרי־בער אויף דודס זייט.

דוד איז אַלט געווען דרייסיק יאָר, ווען ער איז געוואָרן דער קעניג

איבער אַלע שבטים פון יידישן פאָלק. די עלטסטע פון די שבטים זיינען געקומען צו אים אין חברון און אים געקרוינט פאַרן מלך. דאָס פאָלק האָט געדענקט דוד אַמאָליקע גבורות אין די מילחמות מיט די פלישתים און האָט געהאָפט, אַז דער נייער קעניג וועט ברענגען דעם לאַנד רום און זעלבסטשטענדיקייט. און די דאָזיקע האָפענונגען זיינען גיך מקוים געוואָרן.

דוד האָט פריער פון אַלץ געוועגדט זיין געווער קעגן די פרעמדע פעלקער וואָס האָבן געלעבט צווישן די יידן. אויפן גרענעץ צווישן די שבטים יהודה און בנימין האָט פון לאַנג אָן געלעבט אַ קליינער אָבער שטאַרקער שבט, די יבוסים. דער דאָזיקער שבט איז נישט באַזיגט גע־



דוד פירט איבער דעם ארון

וואָרן פון די יידן אין דער צייט פון יהושע און איז געבליבן וואוינען זעלבשטענדיק אין זיין באַפעסטיקטער שטאָט ירושלים און איר אומ־געגנט. ירושלים האָט זיך געפונען אויף אַ באַרג; אין דעם דרום־טייל פון שטאָט האָט זיך דערהויבן אַ באַרג מיטן נאָמען ציון, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען אַ שטאַרקע פעסטונג. דוד איז אַוועק מיט זיין מחנה קעגן די יבוסים און האָט באַלאַגערט די פעסטונג פון ציון. די יבוסים האָבן מיט שפּאָט געזאָגט צו דודן, אַז אַזאַ שטאַרקע פעסטונג וועלן קעגן די יידן קענען פאַרטיידיקן אַפילו בלינדע און קרומע. אָבער דודס חיל האָט זיך מוטיק געוואָרפן פאָראויס און האָט די פעסטונג באַלד איינגע־נומען, און די יבוסים זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון ירושלים.

דוד האָט זיך אַרויסגעצויגן פון חברון און האָט געמאַכט ירושלים פאַר זיין שטענדיקן וואוינאָרט. ער האָט זיך באַזעצט אין דער פעסטונג פון ציון, וואָס האָט געקראָגן דעם נאָמען „עיר־דוד" (דודס שטאָט), און אַרום איר האָט ער באַזעצט זיינע קריגסלייט. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען פון דער פעניציִשער שטאָט צור אַראָפּגעבראַכט בויערס און מויערער, וועלכע האָבן אויסגעבויט פאַר דודן אַ קענגלעכן פּאַלאַץ. ירושלים האָט אָנגעהויבן וואַקסן אין איינוואוינער און שיינע געביידעס, און פון דעמאָלט אָן איז זי געוואָרן די הויפּטשטאָט פון דער יידישער מלוכה.

דוד האָט געוואָלט מאַכן זיין הויפּטשטאָט אויך פאַר דער הייליקער שטאָט פון פאָלק. איז ער אַוועק מיט אַ גרויסן המון אין קרית־יערים און האָט צוגענומען פון דאָרט דעם הייליקן ארון, וועלכער איז דאָרט געשטאַנען נאָך פון דער צייט פון שמואל הנביא (48 §). מיט גרויס פּאַראַד, באַגלייט מיט פריילעכע אויסגעשרייען פון פאָלק האָט מען דעם הייליקן ארון אַריבערגעפירט אין „דודס שטאָט" און אים אַוועקגעשטעלט אין אַ באַזונדער געצעלט, וואָס איז געווען באַצויגן מיט טייערע געוועבן. לעבן דעם ארון האָט מען אויסגעבויט אַ מיזבח צו ברענגען קרבנות. פאַר כהן גדול אין דעם נייעם מישכן איז באַשטימט געוואָרן אביתר, דער זון פון דעם געהרגעטן אחימלך פון נוב, וועלכער פלעגט באַגלייטן דודן אין אַלע זיינע וואַנדערונגען און מילחמות.

די נאַכריכט, אַז דוד האָט זיך באַפעסטיקט אין דער נייער הויפּטשטאָט האָט אויפגערייצט די פלישתים. זיי האָבן פריער געמיינט, אַז דוד וועט זיין אַ פאַרבינדעטער פון די פלישתישע מלכים און וועט זיי צאָלן צינז, און איצט האָבן זיי דערזען, אַז ער פאַראייניקט דאָס גאַנצע יידישע פאָלק און וויל אין גאַנצן אַרויסשטויסן די פרעמדע פון יידישן לאַנד. האָבן די פלישתים זיך אַריינגעריסן אין דער נחלה פון שבט יהודה און האָבן פאַרנומען בית־לחם, דוד געבורטס־שטאָט. ניט ווייט פון דער דאָזיקער שטאָט איז דודס העלדישע מחנה אַרויסגעטראָטן קעגן זיי. די יידן האָבן זיך געשלאָגן ווי די לייבן און האָבן געבראַכט אויפן פיינט אַ שרעקלעכע מפּלה. די העלדישקייט פון די יידישע קריגער איז דער דאָזיקער מילחמה קען מען זען פון וויטערדיקן ביישפּיל: דודן האָט זיך איין מאָל פאַרוואָלט אַ טרונק, און וואַסער האָט מען געקאָנט קריגן נאָר אין דעם ברונעם לעבן די טויערן פון בית־לחם, וואו עס איז געשטאַנען

אַ שטאַרקע פלישתישע וואַך. האָבן דריי גיבורים פון דודס קריגסלייט, איינשטעלנדיק זייער לעבן, זיך דורכגעריסן דורך דער פלישתישער וואַך, האָבן אָנגעשעפּט וואַסער און עס געבראַכט צו דודן. נאָר דער קעניג האָט געזאָגט: „גאָט באַהיט, אַז איך זאָל טרינקען דאָס וואַסער, וואָס מיינע מענטשן האָבן געקראָגן שטעלנדיק זייער לעבן אין סכנה; דאָס איז דאָך אַלץ איינס ווי איך זאָל טרינקען זייער בלוט!״ נאָך עטלעכע אַנטשיידנדע שלאַכטן האָט דוד פאַרטריבן די פלישתים פון זיין מלוכה. אָבער ער האָט זיך דערמיט ניט באַנוגנט: ער האָט געוואָלט אין גאַנצן אומשעדלעך מאַכן דעם אַלטן פיינט פון יידישן פאָלק. איז ער אַוועק מיט זיין חיל אין לאַנד פון די פלישתים און האָט פאַרכאַפּט זייער הויפּט־שטאָט גת מיט איר סביבה. דער דאָזיקער זיג האָט שטאַרק באַרימט גע־מאַכט די העלדישקייט פון די יידישע קעמפער. פון דעמאָלט אָן איז די מאַכט פון די פלישתישע מלכים אויף אייביק געבראָכן געוואָרן. גרויסע שטרעקעס פלישתישע לאַנד זיינען געבליבן אונטערטעניק צו דודן און די איינוואוינער האָבן אים געצאָלט צינז.

אַז דוד האָט שוין געהאַט פאַרזיכערט די דרום־מערב גרענעצן פון זיין מלוכה קעגן פיינטלעכע אָנפאַלן, האָט ער זיך געווענדט קעגן די שונאים אין מיזרח־זייט. ער האָט באַזיגט אויף דער אַנדערער זייט ירדן די מואבים און עמונים. צו הילף די עמונים זיינען געקומען די ארמים פון סיריע, נאָר דוד האָט אויף זיי געבראַכט אַ שרעקלעכע מפּלה, איז אַריינגעדרונגען מיט זיין חיל אין סיריע און איינגענומען די שטאָט דמשק. דודס וויכטיקסטער העלפער אין די אַלע מילחמות איז געווען זיין פּלי־מעניק יואב, דער מוטיקער פירער פון זיין חיל. דער דאָזיקער העלדישער קריגספירער האָט געפירט מילחמה אויך אין דרום, לעבן טויטן ים, מיט די אדומים. אדום איז אין גאַנצן באַזיגט געוואָרן און דוד האָט דאָרט גע־שטעלט אַ יידישן אָנפירער איבערן לאַנד.

## § 57. דאָס אינעווייניקסטע לעבן

דוד האָט אויפגעהויבן די יידישע מלוכה צו דער העכסטער מדרגה פון מאַכט. אַלע שכנישע פעלקער, וועלכע האָבן פריער געדריקט די יידן, האָבן איצט געציטערט פאַר זיי. דער נאָמען פון דעם גרויסן יידישן קע־ניג איז באַרימט געוואָרן איבערן גאַנצן מיזרח. כדי אויפצוהאַלטן די דאָ־זיקע שטאַרקייט פון דער מלוכה קעגן די דרויסנדיקע פעלקער, האָט דוד

געדאַרפט אויסהאַלטן אַ ריזיק חיל. אין מילחמה־צייט איז יעדער שבט געווען פאַרפליכטעט צוצושטעלן אַ באַשטימטע צאָל מענטשן, פון צוואַנציק יאָר אָן, וועלכע זיינען פעאיק צו טראָגן געווער. דער הויפט־פירער פון דעם חיל איז געווען יואב. אין דער אינעווייניקסטער פירונג פון לאַנד האָבן דודן געהאָלפן מענטשן, דערפאַרענע אין מלוכה־ענינים, וועלכע האָבן זיך גערופן „יועצים״ (ראַטגעבערס), „סופרים״ (שרייבער) און „מזכירים״ (כראָניקער). ביי דודס הויף האָבן זיך אויך געפונען צוויי נביאים: גד און נתן.



דוד אין דער שלאַכט

אין זיין הויזלעכן לעבן האָט זיך דוד דערלויבט עטוואָס גלאַנץ, הגם ניט אין אַזאַ מאָס ווי די אַנדערע מלכים פון מיזרח. ער האָט געלעבט אין ירושלים אין אַ שיינעם פּאַלאַץ, געבויט דורך פעניצישע מייסטער, האָט זיך אַרומגערינגלט מיט לייבוועכטער, געדונגען פון פרעמדע פעלקער, און האָט געהאַט אַ סך גיטער, וויינגערטנער און סטאַדעס. לויט דעם מנהג פון מיזרח האָט דוד געהאַט עטלעכע ווייבער. זיין ערשטע ווייב מיכל האָט חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערן אין יענער צייט ווען איר פאָטער, דער קעניג שאול, האָט פאַרפאָלגט דודן. נאָר ווען דוד איז אַרויף אויפן טראָן, האָט זי זיך צו אים אומגעקערט. מיט דער צייט זיינען צום

קעניגס הויזגעזינט צוגעקומען נאָך עטלעכע פרויען. פון די אַלע פרויען, חוץ מיכל, וועלכע איז געווען אַן עקרה, האָט דוד געהאַט זין און טעכ־טער. דער עלטסטער פון זיינע זין איז געווען אמנון. פון די איבעריקע דודס זין זיינען באַזונדערס באַוואוסט געווען אבשלום און אדוניהו. נאָר קיין איינעם פון די דאָזיקע זין איז ניט באַשערט געווען צו ירשענען דעם טראָן נאָך דודן; יורש איז געווען דער זון פון אַ פרוי, וועלכע איז געקו־מען אין קעניגס הויז דורכן וויטערדיקן צופאַל:


בת ־ שבע

איין מאָל אין אַ פאַר־נאַכט האָט דוד שפּאַצירט איבערן פלאַכן דאַך פון זיין פּאַלאַץ און האָט פון וויטן דערזען אַן אויסערגעוויינט־לעך שיינע פרוי זיך באָדן. דער קעניג האָט געפרעגט ווער זי איז און האָט זיך דערוואוסט, אַז דאָס איז בת־שבע, דאָס ווייב פון אוריה דעם חיתי, וועלכער איז גע־ווען דער פירער פון אַן אָפּ־טיילונג חיל. בת־שבע האָט דעם קעניג אַזוי באַצויבערט מיט איר שיינקייט, אַז ער האָט זי געוואָלט נעמען פאַר אַ ווייב, אָבער אים האָט גע־שטערט דאָס, וואָס זי איז געווען דאָס ווייב פון אַן אַנדערן. האָט זיך דוד אַנטשלאָסן אויף אַ שרעק־לעכער טאַט. אין יענער צייט איז פאָרגעקומען אַ בלוטיקע מילחמה מיט די עמונים. בראש פון יידישן חיל איז געשטאַנען דער קריגספירער יואב, און אונטער זיין אויבערהערשאַפט האָט געדינט אוריה. האָט דוד געשיקט אַ גע־היימען באַפעל צו יואבן ער זאָל שטעלן אוריהן אין רעכטן פייער פון דער שלאַכט און אים ניט שיקן קיין הילף, אין פאַל דער שונא וועט זיך שטאַרקן איבער אים. יואב האָט אַזוי געטאָן און אוריה איז אומגעקומען אין אַ היי־

סער שלאַכט מיט די עמונים. בת־שבע האָט באַוויינט איר פאַרשטאָרבענעם מאַן, אָבער ווען עס האָט זיך געענדיקט די צייט פון איר טרויער האָט מען זי געבראַכט אין קעניגס פּאַלאַץ און זי איז געוואָרן דודס ווייב.

די דאָזיקע האַנדלונג דודס האָט שטאַרק געערגערט זיין לערער נתן הנביא. און דער קלוגער נביא איז געקומען פאַרן קעניג און האָט אים דער־ציילט אַזאַ געשיכטע: „אַמאָל האָבן אין איין שטאָט געלעבט צוויי מענ־טשן. איינער איז געווען אַ רייכער און דער אַנדערער אַן אָרעמער. דער רייכער האָט געהאַט זייער אַ סך שאָף און רינדער, און דער אָרעמער האָט געהאַט נאָר איין קליין שעפעלע, וואָס איז אים איז געווען זייער טייער. דאָס שעפעלע איז געוואַקסן אין זיין הויז, פון זיין בויט פלעגט עס עסן, פון זיין כוס פלעגט עס טרינקען און אין זיין שויס פלעגט עס ליגן, און עס איז אים געווען ווי אַ טאָכטער. איין מאָל איז צום רייכן מאַן געקומען אַ גאַסט, אָבער דער גביר האָט געזשאַלעוועט צו שעכטן איינע פון זיינע שאָף צו מאַכן אַ מאָלצייט פאַר זיין גאַסט. האָט ער געשיקט צו זיין אָרע־מען שכן און האָט צוגענומען ביי אים זיין איינציק שעפעלע און מיט זיין פלייש האָט ער אָנגעזעטיקט דעם גאַסט". ווען נתן האָט געענדיקט זיין געשיכטע האָט דוד אויסגערופן מיט צאָרן: „יענער אכזריותדיקער מענטש, וואָס האָט קיין רחמנות ניט געהאַט אויף זיין אָרעמען שכן, פאַרדינט דעם טויט, און פאַר דעם צוגענומענעם שעפעלע דאַרף ער באַ־צאָלן פיר מאָל אַזוי פיל!" דעמאָלט האָט דער נביא אויסגעשריען: „דו ביסט עס דער יענער! גאָט האָט דיר געגעבן אַ מלוכה, עשירות און אַ סך ווייבער, און דו האָסט אַרונטערגעפירט אוריהן אונטערן שווערד פון די עמונים און האָסט זיך צוגענומען זיין איינציק ווייב. דערפאַר וועט אויפ־שטיין אויף דיר אַן אומגליק פון דיין אייגן הויזגעזינט". דוד האָט דער־פילט אַ טיפע חרטה און האָט געזאָגט: „יאָ, איך האָב געזינדיקט קעגן גאָט!". אין גיכן האָט בת־שבע געבוירן דודן אַ זון. דעם קינד האָט מען אַ נאָמען געגעבן שלמה, און נתן הנביא האָט אים גערופן ידידיה, דאָס הייסט, גאָטס באַליבטער. און דעם דאָזיקן יינגסטן זון פון דודן איז עס באַשערט געווען צו ירשענען דעם יידישן טראָן.

## § 58. די מרידה פון אבשלום

נתנס נבואה, אַז אַן אומגליק וועט אויפשטיין אויף דודן פון זיין אייגענער פאַמיליע, איז מקוים געוואָרן. דער קעניג האָט געהאַט אַ סך

זין און טעכטער פון פאַרשיידענע ווייבער. דער עלטסטער בן־מלך, אמנון, וועלכער האָט גערעכנט, אַז ער וועט זיין דער יורש פון דער קרוין, איז געווען אַ מענטש מיט אַ ליידנשאַפטלעכן און ניט איינגעהאַלטענעם כאַ־ראַקטער. איין מאָל האָט ער גראָב באַליידיקט זיין שטיף־שוועסטער, די שיינע תמר. די באַליידיקטע תמר האָט זיך באַקלאָגט פאַר איר לייבלעכן ברודער ,דעם שטאָלצן קעניגלעכן זון אבשלום, און יענער האָט באַשלאָסן צו נעמען נקמה פון אמנונען. ווען עס איז געקומען די צייט פון שערן די שאָף, האָט אבשלום, כלומרשט צו דער געלעגנהייט געמאַכט אַ מאָלצייט און האָט פאַרופן אין זיין הויז אַלע זיינע ברידער. אין דער צייט פון דער סעודה האָט אבשלום באַפוילן זיינע דינער און זיי האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אמנונען און אים געהרגעט. די ידיעה וועגן אמנונס טויט האָט דודן שטאַרק דערשלאָגן. דער קעניג האָט טיף געטרויערט נאָך זיין דערמאָרדעטן זון, און איז שטאַרק אויפגעבראַכט געווען קעגן דעם שול־דיקן אין זיין טויט. אבשלום האָט מורא געהאט פאַר זיין פאָטערס כעס, איז ער אַנטלאָפן פון ירושלים און האָט אָפּגעלעבט דריי יאָר צייט אין פרעמדע לענדער. פאַר דער צייט איז דודס שמאַרץ געשטילט געוואָרן. און אויף דער בקשה פון זיינע מקורבים האָט ער אבשלומען מוחל געווען און אים דערלויבט זיך אומצוקערן קיין ירושלים.

אָבער ניט אויף נחת דעם פאָטער האָט זיך דער אָפּגעריסענער זון אומגעקערט אַהיים. אבשלום איז געווען אַ גרויסער רודף־אחר־כבוד און האָט געטרוימט וועגן דער קעניגלעכער הערשאַפט. אַזוי ווי ער איז גע־ווען העלדיש, געשיקט און שיין, מיט לאַנגע געדיכטע לאָקן, איז ער דעם פאָלק געפעלן געוואָרן. און מיט דער דאָזיקער ליבע פון פאָלק האָט זיך אבשלום באַנוצט פאַר זיינע צוועקן. ער האָט באַשלאָסן צו מאַכן אַ מרידה קעגן זיין פאָטער, און נאָך ביי זיין לעבן אַריינכאַפּן אין זיינע הענט די קעניגלעכע מאַכט. דעריבער האָט ער געזוכט אַרויסצורופן אין פאָלק אומצופרידנקייט מיט דודן. דער אַלטער קעניג האָט שוין ניט געקענט באַזאָרגן אַלע עסקים פון דער מלוכה און האָט אָפט קיין צייט ניט גע־האָט אויסצוהערן די אַלע, וועלכע פלעגן קומען צו אים מיט קלאַגעס אָדער בקשות. אַ סך באַזוכער פלעגן אַוועקגיין פון אים אומבאַפרידיקטע. ווען אבשלום פלעגט באַגעגענען אַזעלכע אומצופרידענע, פלעגט ער זיי זאָגן: „אייער זאַך איז אַ גערעכטע ;אָבער דער קעניג האָט אייך ניט אויסגעהערט; ווען איך וואָלט געווען דער ריכטער פון לאַנד וואָלט איך

אַלעמען געמשפּעט מיט אמת, און אַלע וואָלטן אַוועק פון מיר צופרידן".
אַזוי האָט זיך אבשלומען איינגעגעבן ביסלעכווייז צוצוציען אַ סך מענטשן אויף זיין זייט. ער האָט געקראָגן אָנהענגער אפילו צווישן די קעניגלעכע הויפלייט. אויף דער זייט פון דעם בן־מלך איז אויך אַריבער דוד קליגס־טער ראַטגעבער, אחיתופל. דערפילנדיק זיך איצט בכח, האָט אבשלום צונויפגענומען צוויי הונדערט מענטשן און איז מיט זיי אַוועק קיין חברון. פון דאַנען האָט ער צעשיקט מרגלים און זיי באַפוילן: „ווען איר וועט דערהערן דעם קול שופר, זאָלט איר אויסרופן אומעטום, אז אבשלום איז געוואָרן מלך אין חברון". צו אבשלומען זיינען צוגעשטאַנען גרויסע מאַסן פון פאָלק און די מרידה איז זיך אַלץ מער צעוואַקסן.

דוד איז געווען דערשטוינט, ווען ער האָט דערהערט וועגן דעם אויפשטאַנד פון זיין זון. דער קעניג איז ניט געווען צוגעגרייט צו דער דאָזיקער אינעווייניקסטער מילחמה און ער האָט מורא געהאַט, די מורדים זאָלן פּלוצלינג ניט אָנפאַלן אויף דער הויפּטשטאָט. האָט ער דעריבער באַשלאָסן צו פאַרלאָזן ירושלים און זיך מכין זיין צו דער מילחמה ווייט פון דעם פּלאַץ פון אויפשטאַנד. און דוד איז אַרויס פון ירושלים מיט זיין הויזגעזינט, באַגלייט פון אַ געקליבענער מחנה פון זעקס הונדערט קריגס־לייט. ווען דאָס פאָלק האָט געזען ווי דער גרייז־גרויער קעניג ציט זיך אַרויס פון זיין הויפּטשטאָט, האָבן אַלע שטאַרק געוויינט. דער כהן גדול אביתר און צדוק האָבן גענומען דעם הייליקן אָרון און געוואָלט מיט־גיין מיטן קעניג, אָבער דוד האָט זיי געהייסן בלייבן מיט דער הייליקייט אין ירושלים. „אויב גאָט וועט וועלן — האָט דער קעניג געזאָגט — וועט ער מיך אומקערן צוריק אַהער, און איך וועל ווידער זען זיין וואוי־נונג; און אויב ניט, טאָ זאָל ער טאָן מיט מיר ווי זיין רצון וועט זיין". דעם קעניגס אַלטער פריינד און יועץ, דער קלוגער חושי, האָט אויך גע־וואָלט גיין מיט דודן, נאָר דוד האָט אים געזאָגט: „אויב דו וועסט גיין מיט מיר וועסטו מיר נאָר זיין צו לאַסט. בעסער בלייב אין ירושלים, מאַך זיך ווי דו וואָלסט געווען אַ געטרייער דינער צו אבשלומען און צע־שטער אחיתופלס פּלענער. אַלץ וואָס דו וועסט זיך דערוויסן זאָלסטו איבערגעבן די כהנים צדוק און אביתר, און זיי וועלן מיר דורך שליחים מודיע זיין וועגן אַלץ".

באַלד נאָך דודס אַוועקגיין איז אבשלום אריינגעטראָטן קיין ירושלים און האָט זיך דערקלערט פאַר קעניג. דער קלוגער אחיתופל האָט אים גע־

געבן אַן עצה ער זאָל באַלד נאָכיאָגן דודן מיט אַ מחנה, איידער יענער האָט צייט געהאַט זיך צוצוגרייטן צו מילחמה. ווען חושי האָט זיך דער־וואוסט פון דעם דאָזיקן געפערלעכן פּלאַן, איז ער געקומען צו אבשלומען און פאַרשטעלנדיק זיך פאַר זיין פריינד, האָט ער אים איינגערעדט ניט צו פאָלגן אחיתופלס עצה „דו ווייסט — האָט ער געזאָגט, — אַז דיין פאָטער און זיינע מוטיקע קריגסלייט זיינען איצט צערייצט ווי ווילדע חיות, און ביים ערשטן צוזאַמענשטויס קאָן דיין חיל ליידן אַ נידערלאַגע. בעסער וואַרט, ביז דאָס גאַנצע פאָלק פון איין עק לאַנד ביזן צווייטן וועט זיך אַרומקלייבן אַרום דיר, און דעמאָלט וועלן מיר אונטער דיין פירער־שאַפט אָנפאַלן אויפן קעניגס מחנה און זיי מיט איין מאָל פאַרניכטן״. אבשלום האָט געפאָלגט חושיס עצה און האָט ניט חושד געווען אַז אין



אבשלומס קבר

האַרצן האָט חושי נאָר געוואָלט געבן דודן צייט זיך צוצוגרייטן צו דער־שטיקן דעם אויפשטאַנד. אָבער דער קלוגער אחיתופל האָט עס פאַרשטאַ־נען און ער האָט פאַראויסגעזען אַז אבשלום מוז האָבן אַ מפּלה. האָט ער אים פאַרלאָזן און איז אַוועק צו זיך אַהיים און האָט זיך דערוואָרגן.

אין דער צייט וואָס אבשלום איז געזעסן אין ירושלים און האָט גאָר־ניט געטאָן, האָט דוד צייט געהאַט אַריבערצוגיין דעם ירדן קיין מחנים, און דאָרט האָט ער אויפגעקליבן זיינע כוחות פאַר אַן אַנטשיידנדער שלאַכט מיט די מורדים. ענדלעך האָט אויך אבשלום צוזאַמענגענומען אַ גרויס חיל און איז אַוועק אַריבערן ירדן קעגן זיין פאָטער. דאָס חיל פון די מורדים איז געווען גרויס, נאָר עס האָט געהאַנדלט ניט אויסגערעכנט, אין דער צייט ווען דודס דערפאַרענע קריגספירער האָבן געפירט דעם

קאַמף פאָרזיכטיק און קלוג. די אַנטשיידענע שלאַכט איז פאָרגעקומען אין וואַלד אפרים. דעם קעניגס חיל, אונטער דער פירערשאַפט פון יואבן, האָט באַזיגט אבשלומס מחנות און זיי געצוואונגען צו אַנטלויפן. אבשלום אַליין איז רייטנדיק אויף אַ מוילאייזל אַנטלאָפן אין געדיכטן וואַלד אַריין. אָבער דאָ איז ער אונטער־געפאָרן אונטער אַ געדיכטן דעמב און האָט זיך פאַרטשעפּעט מיט זיינע האָר אָן די צווייגן, און ווען דער מוילאייזל איז פון אונטער אים אַוועקגעלאָפן ווייטער, איז ער געבליבן הענגען אין דער לופטן. דאָ איז אונטערגעקומען יואב און האָט אריינגעשאָסן דריי פיילן אין דעם הענגענדיקן אבשלום. דעם קערפּער פון דעם געהרגעטן האָט מען אַרונטערגענומען פון בוים און אריינגעוואָרפן אין אַ גרוב, אויף וועלכער מען האָט אָנגעוואָרפן אַ הורבע שטיינער. דוד איז געווען אַזוי דערשלאָגן פון אבשלומס שרעקלעכן טויט, אַז ער האָט אפילו פאַרגעסן די פרייד פון דעם ניצחון. דאָס פאָטערלעכע געפיל האָט גובר געווען דעם קעניגס פאַר־שטאַנד. דער גרייז־גרויער קעניג איז אַ לאַנגע צייט געזעסן איינער אליין אין זיין צימער און האָט מיט טרערן געמורמלט: „מיין זון, אבשלום, פאַרוואָס בין איך פאַר דיר ניט געשטאָרבן?".

## § 59. דודס לעצטע יאָרן

דער ברודער־קריג וואָס אבשלום האָט אויפגעהויבן, האָט אָנגעהאַלטן אויך נאָך זיין טויט. ווען דער גרעסטער טייל פון די מורדים האָט זיך אויפגעקליבן אין גילגל, כדי אויסצודריקן זייער הכנעה צו דודן, איז אַרויסגעטראָטן איינער פון שבט בינימין מיטן נאָמען שבע, האָט אָנגע־הויבן בלאָזן אין אַ שופר און האָט אויסגערופן: „מיר האָבן גאָר נישט צו טאָן מיט דודן! צוגייט זיך איבער אייערע געצעלטן, יידן!" און אַ גרויסער טייל פון פאָלק האָט זיך ווידער אָפּגעטיילט פון דודן און איז אַוועק נאָך שבען; בלויז דער שבט יהודה איז געבליבן געטריי דעם קעניג, און האָט אים באַגלייט קיין ירושלים. אָנקומענדיק קיין ירושלים, האָט דוד געהייסן זיינע קריגספירער צוזאַמענעמען אַ חיל און נאָכיאָגן שבען און צעטרייבן זיינע מחנות איידער ער וועט האָבן צייט צו פאַרכאַפּן באַ־פעסטיקטע שטעט. דעם קעניגס חילות, אָנגעפירט פון יואבן, האָבן זיך ווי אַ שטורעם דורכגעטראָגן איבערן גאַנצן לאַנד. וואו זיי זיינען אָנגעקומען, האָט דאָס ווידערשפעניקסטע פאָלק פאַרלאָזן שבען און זיך אונטערגעגעבן

צו דודן. בלויז די באַפעסטיקטע שטאָט אבלה, אין דער נחלה פון שבט דן, אין צפון־זייט, איז פאַרנומען געוואָרן פון שבען און האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן. יואב האָט אַרומגערינגלט די שטאָט מיט באַלאַ־גערונגס־געווער און האָט זיך געקליבן צו צעשמעטערן אירע מויערן. דאָ איז איינע פון די איינוואוינער, אַ קלוגע פרוי, אַרויפגעגאַנגען אויף דער וואַנט פון פעסטונג און האָט הויך צוגעשריען יואבן: „צי דען ווסטו פאַרטיליקן אַ גאַנצע יידישע שטאָט?״ יואב האָט געענטפערט, אַז ער וועט ניט טשעפּען די שטאָט, אויב זיי וועלן מיט גוטן אַרויסגעבן שבען. די איינוואוינער האָבן מסכים געווען. זיי האָבן אָפּגעהאַקט שבען דעם קאָפּ, און פון דער וואַנט אים אַראָפּגעוואָרפן צו יואבן. דעמאָלט איז יואב



דוד באַזיגט די פּלישתים

אָפּגעטראָטן פון שטאָט. די מרידה איז ענדלעך איינגעשטילט געוואָרן, און דאָס לאַנד האָט זיך באַרואיקט.

ווען אין לאַנד איז שטיל געוואָרן האָט דוד גערופן צו זיך נתן הנביא און אים געזאָגט, אַז ער וויל אויסבויען אין ירושלים אַ נייעם גרויסן טעמפּל צו דינען גאָט, אנשטאָט דעם פריערדיקן קליינעם מישכן. נאָר דער נביא האָט אים דערקלערט: „ניט דו וועסט בויען גאָטס הויז, וואָרום דו האָסט אין דיין לעבן אַ סך בלוט פאַרגאָסן (אין מילחמות). אָבער דיין זון שלמה, וועלכער וועט ירשענען דעם טראָן נאָך דיר, וועט זיין אַ פריד־לעכער קעניג, און ער וועט אויפשטעלן אַ הויז פאַר גאָט״. האָט דוד גע־

הייסן אויפקלייבן בוי־מאַטעריאַל און גאָלד און זילבער אַ סך, כדי אַלץ זאָל זיין גרייט צום בויען ווען זיין זון וועט איבערנעמען די ממשלה נאָך אים. אָבער אים איז ניט באַשערט געווען אפילו די דאָזיקע הכנות צו ענדיקן.

אפילו אין די לעצטע טעג פון זיין לעבן האָט דוד קיין רו ניט גע־האַט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן מחלוקות ווער עס זאָל ירשענען דעם טראָן. די מלכה בת־שבע האָט פאַרלאַנגט, אַז איר זון שלמה זאָל זיין דודס יורש. איר האָבן געשטיצט נתן הנביא און אייניקע האַרן. אָבער אדוניהו, דודס



דוד המלכס קבר

עלטסטער זון נאָך אבשלומען, האָט געהאַלטן זיך פאַרן געזעצלעכן יורש־עצר. ער האָט זיך געפירט מיט קעניגלעכן גלאַנץ און פלעגט אַרומפאָרן איבער די גאַסן אין אַ פרעכטיקן רייטוואָגן, פאָרויס פון וועלכן עס זיינען געלאָפן פופציק רייטער. אים איז געלונגען צו געווינען אויף זיין זייט די איינפלוסרייכסטע לייט. דעם קריגס־פירער יואב און דעם כהן אביתר. איין מאָל, ווען מען האָט זיך שוין געריכט אַז דוד דאַרף באַלד שטאַרבן, האָט אדוניהו געמאַכט אַ פייערלעכע מאָלצייט און מקריב געווען קרבנות צו גאָט. דאָ האָבן זיינע אָנהענגער געשריען: „לעבן זאָל דער קעניג אדו־

ניהו!״ דאָס האָט שטאַרק פאַרדראָסן שלמהס מוטער און זי האָט זיך באַ־קלאָגט פאַר דודן. דעמאָלט האָט מען, אויף דודס באַפעל, דורכגעפירט דעם יונגן שלמה רייטנדיק אויף אַ מוילאייזל איבער דער גאַנצער שטאָט, באַגלייט פון די כהנים און דעם חיל, און אים געבראַכט צום טייך גיחון. דאָ האָט דער כהן גדול צדוק באַשפריצט זיין קאָפּ מיט הייליקן בוימל און ביים שאַלן פון שופרות האָט ער אים דערקלערט פאַרן מלך. מיט אַ פייערלעכער פראָצעסיע, צווישן פריילעכע אויסגעשרייען פון פאָלק האָט זיך שלמה אומגעקערט אין פּאַלאַץ און האָט זיך געזעצט אויפן קעניג־לעכן שטול.

אין גיכן איז דער אַלטער דוד געשטאָרבן, נאָך פערציק יאָר קעניגן. ווען שלמה איז געוואָרן מלך האָט ער באַלד איינגעשטילט די מהומה, וואָס אדוניהוס אויפשטאַנד האָט אַרויסגערופן. אדוניהון און זיינע וויכ־טיקסטע נאָכפאָלגער, צווישן זיי אויך יואב, האָט מען אויפן קעניגס באַ־פעל געטויט, און די קעניגלעכע מאַכט האָט זיך אין גאַנצן באַפעסטיקט אין שלמהס הענט.

קאַפּיטל 8

# שלמה המלך

(1015—977 פ״ק)

## § .60 שלמהס ממשלה

ווען שלמה איז אַרויף אויפן טראָן איז ער נאָך געווען גאָר יונג, אין גאַנצן אַרום פינף־און־צוואַנציק יאָר אַלט. זיין פאָטער האָט אים איבער־געלאָזן אַ ברייטע מלוכה, וועלכע איז נאָך אַ סך מילחמות געווען פאַרזי־כערט פון אָנפאַלן פון די שכנישע פעלקער. עס איז נאָר נייטיק געווען אויפצוהאַלטן דאָס, וואָס איז דערוואָרבן געוואָרן דורך דודס גלענצנדיקע ניצחונות און געבן דעם פאָלק די מעגלעכקייט זיך צו פאַרנעמען מיט פרידלעכע באַשעפטיקונגען: ערדאַרבעט, מלאכות און מיסחר. דאָס איז דערגרייכט געוואָרן אין דער צייט פון שלמה. שלמה איז ניט געווען קיין קריגערישער, נאָר אַ פרידלעכער מלך (זיין נאָמען אליין, שלמה, דערמאָנט אָן „שלום״, פרידן). ער האָט פאַרמאָגט אַלע מעלות, וואָס זיי־נען נייטיק פאַר אַ הערשער און אַ ריכטער. דער יונגער מלך האָט געקראָגן אַ שם ביים פאָלק פאַר זיין חכמה און מענטשן־קענטשאַפט. אין די שווערס־טע משפטים האָט ער פאַרשטאַנען צו דערגיין ווער עס איז גערעכט און ווער עס איז אומגערעכט.

מיט דעם ווייטערדיקן משפט, דערציילט דער תנ״ך, האָט שלמה געוואונען דעם נאָמען פאַרן קליגסטן מענטשן אין דער וועלט. איין מאָל זיינען צו שלמה המלך געקומען צוויי פרויען זיך לאָדן, און איינע פון

זיי האָט דערציילט אַזאַ געשיכטע: איך וואוין — האָט זי געזאָגט — מיט דער דאָזיקער פרוי אין איין הויז. ניט לאַנג צוריק האָב איך געבאָרן אַ יינגעלע, און מיט דריי טעג שפּעטער האָט מיין שכנה אויך געהאַט אַ זון. איין מאָל ביינאַכט האָט זי אין שלאָף זיך אַרויפגעלייגט אויף איר קינד און האָט עס דערשטיקט. אַז זי האָט דאָס דערזען, איז זי שטילערהייט אויפגעשטאַנען און ווען איך בין געשלאָפן האָט זי צוגענומען פון מיין געלעגער מיין קינד, און צו מיר האָט זי אַוועקגעלייגט איר טויט קינד. אין דער פרי, ווען איך בין אויפגעשטאַנען אָנצוזויגן מיין קינד האָב איך דערזען, אַז עס ליגט טויט, און ווען איך האָב זיך איינגעקוקט אין זיין פּנים האָב איך באַמערקט, אַז דאָס איז גאָרנישט מיין זון". די אַנדערע פרוי האָט גע־טענהעט: „ניין, דאָס איז ניט אמת: מיין זון איז געבליבן לעבן, און אירער איז טויט". די צוויי פרוי־ען האָבן זיך שטאַרק גע־קריגט פאַרן קעניג: יעדע האָט געטענהעט, אַז דאָס לעבעדיקע יינגעלע איז


שלמהס מישפּט

איר זון, און אַז דער טויטער געהערט צו איר שכנה. עס איז שווער געווען צו דערגיין דעם אמת. דעמאָלט איז שלמה גע־פאַלן אויף אַ קלוגער המצאה: ער האָט געהייסן ברענגען אַ שווערד און פאַר די צוויי פרויען אין די אויגן האָט ער געזאָגט צו די דינער: „צעשניידט דאָס לעבעדיקע יינגעלע אויף דער העלפט, און גיט איין האַלבס צו איין פרוי און די צווייטע — דער אַנדערער פרוי". דערהערנדיק דאָס, האָט איינע פון די פרויען אויסגעשריען: „אדוני מלך, צעשנייד ניט דאָס קינד, נאָר גיב עס בעסער אָפּ אַ לעבעדיקן צו

מיין קעגנער־ין". אָבער די אַנדערע האָט געשריען: „זאָל זיין ניט מיר און ניט איר, צעשניידט עס!". דעמאָלט איז קלאָר געוואָרן, אַז די אמתע מוטער פון דעם לעבעדיקן קינד איז יענע, וועלכע האָט אויף אים רחמנות געהאַט און ניט דערלאָזט מען זאָל עס צעשניידן. און דער קעניג האָט געזאָגט: „גיט איר אָפּ דאָס לעבעדיקע קינד, וואָרום זי איז זיין מאַמע!". דאָס גאַנצע פאָלק האָט באַוואונדערט שלמהס חכמה. דער תנ"ך דערציילט, אַז שלמה האָט מיט זיין חכמה אַריבערגעשטיגן אַלע קלוגע לייט פון מיזרח־לאַנד און אפילו די געלערנטסטע חרטומים פון מיצרים. ער האָט פאַרפאַסט משלים און לידער, „האָט גערעדט וועגן די ביימער, חיות, פיש, פייגל און שרצים", ד"ה ער האָט זיך שטאַרק אָפּגעגעבן מיט שטודירן די נאַטור. פון דעם תנ"ך איז שלמה באַוואוסט ווי דער מחבר פון ספר משלי און פון מגילת קהלת, פונקט ווי דוד איז באַוואוסט ווי דער זינגער פון תהילים.

דער תנ"ך דערציילט, אַז אין שלמהס צייטן האָבן די יידן געלעבט רואיק, „יעדער אונטער זיין ווייַנשטאָק און אונטער זיין פייגנבוים". שלמה האָט ניט געפירט קיין מילחמות אַזוי ווי דוד. די אַרומיקע פעלקער, ווי למשל, די אדומים און עמונים, זיינען געווען אונטערטעניק דעם יידישן מלך און האָבן אים געצאָלט צינז. אָבער מיט די זעלבסט־שטענדיקע שכנישע מלוכות פלעגט ער שליסן פריידלעכע בונדן און האַנדלס־אָפּמאַכן. די נאָענטסטע שכנה פון דער יידישער מלוכה איז געווען די רייכע און סוחרישע פעניציע; אין דרום־זייט איז געלעגן דאָס געבילדעטע און שטאַרקע מיצרים, און פון צפון — די מלוכות פון מעסאָפּאָטאַמיע (אדום און דמשק). מיט די דאָזיקע מלוכות האָט שלמה איינגעפירט האַנדל. די יידן, ווי אַ פאָלק פון ערדאַרבעט, פלעגן אַרויספירן אַהין פּראָדוקטן פון דער ערד: תבואה, פּירות און ווייַנטרויבן, און אין אויסטויש פלעגן זיי באַקומען פון פעניציע געהילץ פון די צעדער־וועלדער פון לבנון, און פון מיצרים — פערד און רייטוועגן. אויסער דעם איז דאָס יידישע לאַנד געווען אַ וויכטיקער האַנדלס־וועג, איבער וועלכן עס זיינען געגאַנגען קאַראַוואַנען מיט סחורה פון מעסאָפּאָטאַמיע קיין מיצרים. אויף שלמהס באַפעל האָט מען אויסגעבויט אין פאַרשיידענע פלעצער באַקוועמע סטאַנציעס פאַר די קאַראַוואַנען און שפּייכלער פאַר די סחורות. פאַרבונדן מיט די פעניציער האָבן יידן אויך געפירט האַנדל אויפן ים. די יידישע און פעניצישע ים־רייזנדע פלעגן זיך אַוועק־

לאַנד אויף שיפן אין דעם וואונדערלאַנד אופיר (אינדיע אָדער דרום־אַראַביע) און פלעגן ברענגען פון דאָרט טייערע מעטאַלן, העלפאַנדביין, שמעקעדיקע בשמים און כלערליי צירונג. אויף אַזאַ אופן האָבן די יידן אָנגעהויבן זיך צוזאַמענקומען מיט די געבילדעטע פעלקער פון אַזיע און אַפריקע. שלמה פלעגט זיך אפילו מיתחתן זיין מיט די פרעמדע מלכים. צווישן זיינע ווייבער איז געווען די טאָכטער פון אַ מעכטיקן עגיפּטישן פּרעה. נאָכטועדיק דעם ביישפּיל פון די אַנדערע מלכים פון מיזרח האָט שלמה געזאָרגט וועגן דער רייכקייט און גלאַנץ פון זיין הויפּטשטאָט. אין זיין צייט איז די שטאָט ירושלים באַשיינט געוואָרן מיט פּרעכטיקע געביידעס, צווישן וועלכע עס האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט דער בית־המקדש און דער קעניגלעכער פּאַלאַץ.

## § 61. דאָס בויען דעם בית המקדש

אין גיכן נאָך דעם ווי שלמה איז אַרויף אויפן קעניגלעכן שטול האָט ער גענומען דערפילן די צוואה פון זיין פאָטער — צו בויען דעם גרויסן בית־המיקדש אין ירושלים. פאַר אַ פּלאַץ פאַרן הייליקן הויז איז אויסגעקליבן געוואָרן דער באַרג מוריה, אין צפון־מיזרח־זייט פון ירו־שלים. פאַר דעם דאָזיקן בנין האָט זיך געפאָדערט אומגעהייער פיל שטיין און געהילץ. שטיין איז געווען אין כנען גופא. צענדליקער טוי־זנטער אַרבעטער, וואָס שלמה האָט צוזאַמענגענומען צווישן די באַזיגטע כנענישע פעלקער, האָבן אין די בערג אויסגעהאַקט שטיינער און זיי אַרומגעטעסעט אין גלייכע בלאָקן; אַנדערע אַרבעטער האָבן די דאָזיקע שטיינער געפירט צום פלאַץ פון בנין. כדי צו קריגן די נייטיקע געהילץ האָט זיך שלמה געווענדט צום פעניצישן קעניג חירום, וואָס זיין הויפּט־שטאָט צור האָט געהאַט אַ שם פאַר אירע שיינע געביידעס. חירום האָט באַוויליקט צו געבן שלמהן צעדערן־ און ציפּרעסן־ביימער פון די לבנון־וועלדער און זיי ברענגען צופירן מיטן ים ביז יפו, דער נאָענטסטער האַפן צו ירושלים. דרייסיק טויזנט יידן זיינען גענומען געוואָרן פאַר קעניגלעכער אַרבעט, צו האַקן וואַלד אויפן באַרג לבנון. זיי זיינען גע־ווען צעטיילט אין דריי אָפּטיילונגען, צו צען טויזנט מאַן אין יעדער. די אָפּטיילונגען האָבן געאַרבעט נאָך דער ריי: איין מאָנאַט געאַרבעט און צוויי גערוט. חירום האָט צוגעשטעלט דאָס געהילץ אין יפו און

האָט אויך געשיקט שלמהן בוימייסטערס און קינסטלערישע מויערערס פון צור. פאַר די אַלע טובות האָט שלמה געגעבן חירומען יעדעס יאָר, אַזוי לאַנג ווי די אַרבעט האָט געדויערט, אַ באַשטימטן סכום ווייץ, בוימל און ווייַן. ווען דאָס בוי־מאַטעריאַל איז שוין געווען אין גאַנצן פאַרטיק, איז מען צוגעטראָטן צום בויען. דער בית־המקדש איז געבויט געוואָרן פון די שטיינערנע בלאָקן, און פון אינעווייניק זיינען די ווענט באַדעקט געווען מיט ברעטער פון צעדער־האָלץ, אויף וועלכע עס זיינען געווען אויסגעשניצט בלומען, פאַלמען־ביימער און כרובים. די גאַנצע שניצעריי אויף די ווענט איז געווען באַדעקט מיט גאָלד.



דער אַריינגאַנג צום בית המיקדש

דער בית המיקדש האָט געהאַט צוויי אָפּטיילונגען: אַן אינעווייניקסטע און אַן אויסנווייניקסטע. די אינעווייניקסטע אָפּטיילונג איז געווען אין דעם סאַמע אַפּגעלייגטן, הינטערשטן חדר פון דער געביידע און האָט זיך גערופן „דביר” אָדער „קדשי קדשים”. דאָ זיינען געשטאַנען צוויי כרובים פון באַגילדעטן איילבירט־האָלץ, און אונטער די צעשפּרייטע פליגל פון די כרובים איז געשטאַנען דער ארון־קודש. דאָ האָט אייביק געהערשט אַ געהיימניספולער האַלב־טונקל. אין דער אויסנווייניקסטער אָפּטיילונג, וואָס האָט געהייסן „מקדש” אָדער „היכל”, האָבן זיך געפונען פאַנען צו רייכערן קטורת, די מנורה, אַ טיש פאַרן הייליקן ברויט (לחם

הפּנים), אַלץ פון ריינעם גאָלד געמאַכט. אין דער לענג פון דעם היכל האָט זיך געצויגן אַ שיינע גאַלעריע מיט צוויי דיקע קופּער'נע זיילן. פון דער דאָזיקער גאַלעריע איז געגאַנגען אַ ברייטער הויף, וועלכער איז געווען אַרומגעצאַמט מיט אַ וואַנט. אין הויף האָבן זיך געפונען: אַ גרויסער קופּערנער מיזבח, אַ קופּערנער האַנטפאַס (כיור) פאַר די כוהנים צו וואַשן די הענט, וועלכע האָט צוליב זיין אומגעהייערער גרויס געהייסן: „דער קופּערנער ים", און אַנדערע כלים צו די קרבנות.



שלמה המלכס בית המקדש

דער דאָזיקער גרויסאַרטיקער בנין האָט זיך געבויט עטלעכע יאָר און איז געענדיקט געוואָרן אַרום טויזנט יאָר פאַר דער איצטיקער תקופה. דאַן האָבן זיך אָנגעהויבן די שימחות פון חנוכת הבית. אין דעם חודש תישרי, דער חודש פון ימים טובים, זיינען אין ירושלים אָנגעקומען אַ סך יידן פון אַלע עקן לאַנד. פאַר די אויגן פון פאָלק האָבן די כוהנים אריינגעטראָגן דעם הייליקן ארון מיט די לוחות אין די קדשי־קדשים און עס אַוועקגעשטעלט אונטער די פונאַנדערגעלאָזענע פליגלען פון די גאָלדענע כרובים. די זיילן רויך פון דעם געצונדענעם קטורת האָבן איינגע־

הילט דעם דאָזיקן חדר פון בית־המקדש אַזוי ווי אין אַ וואָלקן, און דער געדאַנק האָט זיך אַריבערגעטראָגן צום ערשטן „וואוינאָרט פון גאָט״, צום טונקעלן און גראַנדיעזן באַרג סיני. דער קעניג האָט זיך געווענדט מיטן פּנים צום הייליקטום און האָט געזאָגט: „גאָט האָט באַשטימט צו וואוי־נען אין אַ געדיכטן וואָלקן. אָט האָב איך אויסגעבויט אַ הויז פאַר דיר, אַ פּלאַץ פאַר דיין אייביקער וואוינונג״. נאָך דעם איז דער קעניג מיטן פאָלק אַריבערגעגאַנגען אין די דרויסנדיקע חדרים פון דעם בית־המיקדש און אויפן הויף, וואו עס איז געשטאַנען דער מיזבח. דאָ איז אַלץ געווען פאַר־



דער קופּערנער מיזבח

גאָסן מיט אַ וואונדערלעכן שיין פון די באַגילדעטע ווענט און זיילן און פון די פינקעלדיקע טייערע כלים. די כהנים האָבן געפּראַוועט גאָטדינסט און געבראַכט קרבנות, און די לויים האָבן געזונגען הייליקע לידער און געשפּילט אויף האַרפעס. דאָס פאָלק איז געווען באַצויבערט פון אַלץ וואָס עס האָט געזען און האָט געקוקט מיט יראת הכבוד אויף זיין נייעם גרויסאַרטיקן בית המקדש. עטלעכע טעג האָבן געדויערט די פייערלעכע שימחות פון דעם חנוכת הבית, און נאָך דעם איז זיך דאָס פאָלק צעגאַנגען און צעפאָרן אַהיים.

## § 62. דער אויסווייניקסטער גלאַנץ און די אינעווייניקסטע אומאָרדענונג.

ווען דער בית־המיקדש איז געווען פאַרטיק האָט מען אָנגעהויבן בויען דעם קעניגלעכן פאַלאַץ. די פעניצישע מייסטער האָבן אויסגעבויט פאַר שלמהן אַ פּרעכטיקן פאַלאַץ, ניט ווייט פון בית־המיקדש. דער קעניגלעכער פאַלאַץ איז באַשטאַנען פון עטלעכע בינינים וואָס זיינען געווען פאַראייניקט אייגער מיט דעם אַנדערן. צום פאַלאַץ האָט געפירט אַן אַלייע, וועלכע האָט זיך גערופן דער „לבנון וואַלד", דען זי איז באַשטאַנען פון צוויי לאַנגע שורות צעדער־זיילן. דאָ איז געשטאַנען די קעניגלעכע וואַך מיט שווערדן און מיט גאָלדענע שילדן. אין דעם געריכטס־זאַל („אולם המשפט") פון דעם פאַלאַץ איז געשטאַנען דער קעניגלעכער טראָן פון העלפאַנטביין, מיט גאָלדענע באַפוצונגען. דאָ פלעגט דער מלך משפטן און אויפנעמען פרעמדע שלוחים. ביי די זייטן פון דעם הויפט־פאַלאַץ זיינען געשטאַנען צוויי בינינים, אין איינעם האָט געוואוינט דער קעניג אַליין, און אין דעם אַנדערן — די הויפּט־קעניגין, אַ טאָכטער פון דעם עגיפּטישן פרעה מיט איר סוויטע. אויסער דעם בית־המיקדש און דעם פאַלאַץ, איז אין ירושלים אויסגעוואַקסן אַ גאַנצע צאָל שיינע געביידעס, וואָס זיינען אויסגעבויט געוואָרן פון די רייכע לייט פון ירושלים. די הויפטשטאָט פון דער יידישער מלוכה איז געוואָרן אַ באַלעבטע שטאָט מיט אַ סך גלאַנץ. אין דער צייט פון די יערלעכע ימים־טובים פסח און סוכות פלעגן זיך קיין ירושלים צוזאַמענקומען מאַסן יידן פון אַלע שטעט, וועלכע פלעגן עולה רגל זיין אַהער צו מתפלל זיין אין בית־המיקדש און ברענגען קרבנות. רייכע סוחרים פלעגן פאָרן קיין ירושלים וועגן מיסחר, און באַוואוסטע אויסלענדער פלעגן קומען אָנקוקן דעם בית־המיקדש און די אַנדערע מערקווירדיקע זאַכן פון דער יידישער הויפּט־שטאָט.

איין מאָל איז קיין ירושלים געקומען די מלכה פון שבא, אַ מלוכה אין דרום־אַראַביע. זי האָט זיך אָנגעהערט וועגן שלמהס גרויסער חכמה, און זי האָט זיך געוואָלט אַליין איבערצייגן ווי ווייט די דאָזיקע קלאַנגען זיינען אמת. דער קעניג האָט זי אויפגענומען זייער פריינדלעך און האָט געענטפערט אויף אַלע אירע פראַגן און רעטענישן. נאָך אַ לאַנגען שמועס מיט שלמהן איז די מלכה שבא אַזוי אַנטציקט געוואָרן פון זיין חכמה,

אַז זי האָט אויסגערופן: „דו ביסט אַ סך קליגער און רייכער, ווי מען האָט מיר דערציילט! גליקלעך זיינען דיינע אונטערטאַנען, וועלכע קע־נען דיך שטענדיק זען און הערן דיין חכמה". זי האָט געשענקט דעם קעניג אַ סך גאָלד, טייערע שטיינער און דופטיקע געווירצן, און באַקו־מענדיק פון אים אויך טייערע מתנות איז זי אַוועק צוריק אין איר לאַנד.

אָבער צום סוף פון שלמהס קעניגן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ניט געקוקט אויפן אויסנווייניקסטן פּלאַנץ פון דער יידישער מלוכה איז דאָך ניט דאָס גאַנצע פאָלק געווען צופרידן און גליקלעך: צו טייער האָט גע־קאָסט דעם פאָלק דער דאָזיקער אויסנווייניקסטער פּראַכט. אַ קליינע צאָל סוחרים און האַנדלסלייט זיינען רייך געוואָרן פון דעם מיסחר, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין לאַנד, אָבער די גאַנצע מאַסע ערדאַרבעטער האָט גע־לעבט אין אָרעמקייט. דאָס אַרבעטנדיקע פאָלק, וואָס איז שוין געווען פאַר־אָרעמט געווען פון די געצוואונגענע אַרבעטן פאַרן בית־המיקדש און די פּאַלאַצן, האָט נאָך געקרעכצט אונטער דער לאַסט פון די שטענדיקע שטייערן, וואָס זיינען אויף אים אַרויפגעלייגט געוואָרן כדי אויסצוהאַלטן דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ. שלמה האָט צעטיילט דאָס לאַנד אויף צוועלף טייל און יעדער טייל האָט געמוזט אַ מאָנאַט אין יאָר אויסהאַלטן מיט עסנוואַרג די גרויסע קעניגלעכע פאַמיליע און די באַאַמטע. דאָס פאָלק, געדריקט פון די שווערע צינדזן, איז געוואָרן אומצופרידן, און די פאַר־שווענדעריי אין דעם קעניגס הויז איז אַלץ געוואַקסן. דער קלוגער שלמה האָט געדאַרפט מיט מער פאַרשטאַנד רעגירן דאָס לאַנד, אָבער אָנשטאָט דעם האָט ער געלעבט מיט דעם געווינטלעכן לוקסוס פון אַ מיזרח־הער־שער. ער האָט געהאַט אַ סך ווייבער פון פרעמדע פעלקער: מיצרישע, מואבישע און פעניצישע פרויען, און אויף אויסצוהאַלטן זיי אַלע האָט זיך געפאָדערט אַ סך געלט. דורך דעם איינפלוס פון שלמהס ווייבער האָבן די פעניציער און אַנדערע פרעמדע איינוואוינער פון ירושלים געקענט דאָרט פריי אויפשטעלן מיזבחות צו זייערע היידנישע געצן. דער קעניג אליין פלעגט אָפט מאָל בייוואוינען דעם געצנדינסט פון זיינע פרעמדע פרויען. דאָס האָט געהאַט אַ שעדלעכע ווירקונג אויף די מידות פון פאָלק און עס איז געווען אַ סכנה אַז אין לאַנד זאָל זיך ווידער פאַרשפּרייטן דער פריערדיקער געצנדינסט.

די נביאים האָבן געהאַט דעם מוט צו שטראָפן דעם קעניג פאַר זיין שלעכטער אויפפירונג און האָבן אים פאָרויסגעזאָגט, אַז זיין מלוכה וועט

גיך צעפאַלן ווערן. סימנים פון צעפאַלונג האָבן זיך שוין אָנגעפאַנגען צו מערקן. איינער פון דעם קעניגס באַאַמטע ירבעם פון שבט אפרים, האָט זיך באַנוצט מיט דער אומצופרידנקייט וואָס האָט געהערשט צווישן די בני אפרים קעגן שלמהן און האָט אויפגעהויבן אַ פאָלקס־אויפשטאַנד. איין מאָל האָט דער נביא אחיה השילוני באַגעגנט ירבעמען אין פעלד און האָט אָנגענומען זיין מאַנטל און אים צעריסן אויף צוועלף שטיקער. צען שטיקער האָט דער נביא געגעבן צוריק צו ירבעמען און האָט געזאָגט: „נעם די דאָזיקע צען שטיקער: זיי באַדייטן צען שבטים פון יידישן פאָלק, וועלכע וועלן זיך אָפּרייסן פון דודס שטאַם און וועלן אויסקלייבן זיך פאַר אַ מלך". דערמוטיקט פון דער דאָזיקער נבואה האָט ירבעם זיך גענומען גרייטן אַרויסצוטרעטן אָפן בראש פון די בני אפרים קעגן שלמה המלך. ווען שלמה האָט זיך דערוואוסט וואָס ירבעם האָט בדעה צו טאָן האָט ער געשיקט זיין וואַך מיטן באַפעל צו טויטן אים. דעמאָלט איז ירבעם אַנטלאָפן קיין מיצרים און האָט זיך דאָרט באַהאַלטן ביז שלמהס טויט.

## § 63. די צעשפּאַלטונג פון דער יידישער מלוכה

נאָך אַן ערך פערציק יאָר קעניגן איז שלמה געשטאָרבן. אויפן טראָן האָט געדאַרפט אַרויפגיין זיין עלטסטער זון רחבעם. רחבעם האָט זיך ניט אויסגעצייכנט מיט קיין באַזונדערע מעלות: ער האָט ניט געהאַט ניט דעם העלדנמוט פון דודן, ניט די חכמה פון שלמהן. דער שבט יהודה און אַ טייל פון שבט בנימין, וועלכע זיינען געווען געטריי צו דודס דינאַס־טיע, זיינען געווען גרייט גלייך צו דערקלערן רחבעמען פאַר אַ מלך, אָבער די איבעריקע שבטים, און איבערהויפּט דער שבט אפרים, האָבן זיך געקווענקלט. ווען ירבעם, וועלכער האָט זיך באַהאַלטן אין מיצרים, האָט געהערט פון שלמהס טויט, האָט ער זיך גלייך אומגעקערט אין זיין פאָ־טערלאַנד און האָט אונטערגעהאַלטן אין דעם פאָלק די אומצופרידנקייט מיט דודס דינאַסטיע.

דעמאָלט האָבן זיך אין דער שטאָט שכם, פון שבט אפרים, פאַר־זאַמלט די עלטסטע פון יידישן פאָלק, כדי צו באַראַטן זיך וועגן דער דער־ווײלונג פון דעם נייעם מלך. אַהין איז אויך געקומען רחבעם. דאָס פאָלק, וואָס איז געווען אומצופרידן מיט די שווערע צינדזן, וועלכע מען האָט

אויף אים אַרויפגעלייגט פאַר שלמהס צייטן, האָט באַשלאָסן צו פאָדערן פון דעם נייעם קעניג אַ פאַרלייכטערונג. די פאָרשטייערס פון פאָלק, מיט ירבעמען בראש, זיינען געקומען פאַר רחבעמען און האָבן אים געזאָגט: „דיין פאָטער האָט אַרויפגעלייגט אויף אונדז אַ שווערע לאַסט; פאַרלייכטער אונדז די דאָזיקע לאַסט און דעמאָלט וועלן מיר דיר דינען". דער שטאָלצער רחבעם האָט זיך געפילט באַליידיקט פון דער דאָזיקער פאָדערונג, נאָר ער האָט זיי צוגעזאָגט אין דריי טעג אַרום צו געבן אַן ענטפער. ער האָט פאַררופן זיינע יועצים צו הערן זייער מיינונג. די עלטערע ראַטגעבער, וועלכע האָבן נאָך געדינט פאַר שלמהן, האָבן פאָרגעלייגט רחבעמען ער זאָל נאָכגעבן און זאָל באַוויליקן דעם פאָלק די פאַרלייכטערונג, וואָס ער פאָדערט; אָבער די ייִנגערע הויפּלייט, וועלנדיק נושא חן זיין ביי דעם שטאָלצן און הערשנדיקן קעניג, האָבן אים אַן עצה געגעבן ער זאָל אָפּזאָגן דעם פאָלק אין אַלץ. רחבעם האָט אָנגענומען די עצה פון די יונגע. ווען אויפן דריטן טאָג זיינען צו אים געקומען די פאָרשטייערס פון פאָלק האָט זיי רחבעם געזאָגט די ווייטערדיקע גרויזאַמע ווערטער: „מיין פאָטער האָט אַרויפגעלייגט אויף אייך אַ שווערע לאַסט, און איך וועל נאָך פאַרגרעסערן די דאָזיקע לאַסט; מיין פאָטער פלעגט אייך שטראָפן מיט בייטשן און איך וועל אייך שטראָפן מיט עקדישן" (בייטשן מיט העקלעך אויפן עק). דער דאָזיקער ענטפער פון דעם טיראַנישן קעניג האָט שטאַרק אויפגעבראַכט די בני אפרים און זיי האָבן אויסגערופן: „וואָס איז צווישן אונדז און דעם הויז פון דודן? צעגייט זיך איבער אייערע געצעלטן, יידן!" ירבעם האָט זיך געשטעלט בראש פון די מורדים. רחבעם האָט אַרויסגעשיקט צום פאָלק זיין הויפּט־אויפזעער איבער די צינדזן ער זאָל באַרואיקן די אומצופרידענע, אָבער דאָס פאָלק האָט פאַרשטייניקט דעם פאַרהאַסטן שטייער־זאַמלער. רחבעם אַליין האָט זיך קוים געראַטעוועט: ער איז אַריינגעשפּרונגען אין זיין רייטוואָגן און איז אַנטלאָפן קיין ירושלים.

נאָך דעם האָבן צען יידישע שבטים: דער שבט אפרים און אַלע שבטים פון צפון און עבר־הירדן, דערקלערט ירבעמען פאַר אַ קעניג. בלויז דער שבט יהודה און אַ טייל פון שבט בנימין זיינען געבליבן געטריי דעם הויז דוד און האָבן אָנערקענט רחבעמען פאַר זייער מלך. ווען רחבעם איז געקומען קיין ירושלים האָט ער צוזאַמענגענומען אַ גרויסן חיל פון די בני יהודה און בני בנימין און האָט באַשלאָסן צו גיין האַלטן מילחמה

מיט די אָפּגעפאַלענע שבטים. נאָך דער נביא שמעיה, אַ „געטלעכער מאַן", האָט זיך געווענדעט צום קעניג און צום פאָלק מיט די ווערטער: „גייט ניט מילחמה האַלטן מיט אייערע ברידער, די בני ישראל, נאָר קערט זיך אום יעדער צו זיין היים, וואָרום דורך גאָטס ווילן איז דאָס אַלץ געשען". די פאַרזאַמלטע קריגסלייט זיינען זיך צעגאַנגען. אויף אַזאַ אופן איז דאָס גרויסע קעניגרייך פון דוד און שלמה זיך צעפאַלן אויף צוויי באַזונדערע מלוכות: איינע, די קלענערע האָט זיך אָנגערופן „מלכות יהודה", און האָט געהאַט אַ קעניג פון דודס דינאַסטיע; און די אַנדערע, די גרעסערע, האָט זיך גערופן „אפרים" אָדער „מלכות ישראל", און אויך די „עשרת השבטים", און האָט אַנערקענט פאַר איר ערשטן קעניג ירבעמען פון שבט אפרים.

קאַפּיטל 9

# מלכות ישראל און יהודה אין דעם ערשטן יאָרהונדערט נאָך שלמהס טויט

(977—830 פ"ק)

## § 64. ירבעם און רחבעם.

אַז שלמהס מלוכה איז צעטיילט געוואָרן אין צוויי חלקים, איז פאַר־שוואונדן די אייניקייט פון יידישן פאָלק. די צוויי מלוכות האָבן געלעבט אזוי ווי צוויי באַזונדערע פעלקער: ישראל און יהודה. די צען שבטים פון צפון, וועלכע האָבן געפורעמט די גרויסע מלוכה פון ישראל, האָבן זיך אַלץ מער דערווייטערט פון די שבטים פון דרום, וועלכע האָבן געשאַפן די קלענערע מלכות יהודה. די צפונדיקע שבטים האָבן זיך פון לאַנג אָן אונטערשיידט פון די דרומדיקע מיט זייערע זיטן און מינהגים, און נאָך דער צעשפּאַלטונג האָבן די דאָזיקע אונטערשיידן נאָך אָנגעהויבן שטאַר־קער ווערן. פריער זיינען די באַזונדערע טיילן פון פאָלק געוועזן פאַראיי־ניקט דורך צוויי בענדער: דודס דינאַסטיע און דעם אַלגעמיינעם בית־המיקדש. דער ערשטער באַנד איז צעריסן געוואָרן ווען די צען שבטים האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דודס אייניקל און האָבן אָנערקענט ירבעמען פאַר אַ קעניג. אין גיכן האָבן די אָפּגעטיילטע שבטים צעריסן אויך דעם לעצטן באַנד: זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דעם בית־המיקדש אין ירו־שלים און האָבן אויפגעשטעלט צוויי גאָלדענע קעלבער, איינעם אין בית־אל און דעם אַנדערן אין דן.

בשעת רחבעם, דער מלך פון יהודה, האָט געלעבט אין ירושלים, האָט ירבעם, דער קעניג פון די צען אָפּגעפּאַלענע שבטים, געמאַכט זיין הויפּטשטאָט אין דער אפרימישער שטאָט שכם. אָבער ירבעם איז ניט געווען רואיק אויף זיין נייעם טראָן. ער האָט מורא געהאַט, אַז ווען זיינע אונטערטאַנען וועלן גיין דינען גאָט קיין ירושלים, די הויפּטשטאָט פון יהודה, קענען זיי נאָך צוריק אַריבער אויף דער זייט פון רחבעמען, דעם געזעצלעכן יורש פון דער מלוכה. דעריבער האָט ירבעם באַשלאָסן אין גאַנצן אָפּצוציען דאָס פאָלק פון דעם הייליקטום אין ירושלים. ער האָט געוואוסט, אַז דאָס אומגעבילדעטע פאָלק האָט ליב צו דינען אַ געטשקע, וואָס מען קען זען מיט די אויגן, און וויל האָבן זיינע הייליקע ערטער ניט ווייט פון זיך, אויף דעם נאָענטסטן בערגל אָדער אין נאָענטסטן וועלדל. האָט ירבעם געלאָזט אויסגיסן פון גאָלד צוויי געטשקעס און האָט זיי אַוועקגעשטעלט אין צוויי שטעט, וועלכע האָבן זיך נאָך פון אַלטע צייטן גערעכנט פאַר הייליקע: איינעם אין בית־אל, אין דרום פון מלכות ישראל, און דעם אַנדערן אין דן, אין צפון. די דאָזיקע גאָלדענע געטשקעס זיינען געווען געשטאַלטן פון קעלבער, מיסתמא דערפאַר וואָס ירבעם האָט געזען ביי די מיצרים דעם מינהג פאַרצושטעלן זייער אָפּגאָט אין דער פאָרעם פון אַן אָקס (אפּיס). ירבעם האָט דערקלערט דעם פאָלק: „גענוג אייך צו גיין קיין ירושלים; אָט איז די געשטאַלט פון יענעם גאָט, וואָס האָט אַרויסגעפירט די יידן פון מיצרים". אַ גרויסער טייל פון פאָלק האָט זיך מיט פרייד געלאָזט אין די נייע טעמפּלען. אַזוי ווי די לויים, וואָס זיינען געווען דער גייסטלעכער שטאַנד, האָבן ניט געוואָלט דינען אין די נייע טעמפּלען, האָט ירבעם דאָ געשטעלט כהנים פון פשוטן פאָלק.



ירבעמס עמבלעם

אָפּט מאָל, אין די גרויסע ימים טובים, פלעגן ער אַליין טאָן די אַרבעט פון דעם כּהן אין דעם טעמפּל פון בית־אל אויסער דעם האָט ער דערלויבט צו בויען מיזבחות אויף די בערג, אַזוי ווי עס האָט זיך געפירט אַמאָל, אין דער צייט פון די שופטים. אויף אַזאַ אופן האָט זיך אין דער מלוכה פון די עשׂרת השבטים פאַרשפּרייט דער געצנדינסט. די לויים און יענע פון פאָלק, וואָס זיינען געבליבן געטריי דעם יידישן גאָט, פלעגן אַוועק־גיין פון מלכות ישראל קיין ירושלים און ווערן אונטערטאַנען צו רחבעמען.

רחבעם האָט גערירשנט די חסרונות פון זיין פאָטער, אָבער ער האָט ניט געהאַט זיינע מעלות. די צייט פון זיין קעניגן איז אַריבער אין אומ־רוען. צווישן אים און ירבעמען זיינען פאָרגעקומען שטענדיקע מילחמות. אויפן פינפטן יאָר פון רחבעמס קעניגן איז דער עגיפּטישער מלך שישק אַריינגעמראָטן מיט אַ גרויסן חיל אין יהודה, האָט איינגענומען עטלעכע באַפעסטיקטע שטעט און איז אַריינגעדרונגען אין ירושלים. שישק, וועל־כער האָט נאָר געדורשט נאָך רויב, האָט פאַרנומען די אוצרות, וואָס האָבן זיך געפונען אין בית המקדש און אין דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ, און איז אַוועק צוריק אין זיין לאַנד. נאָך דעם דאָזיקן אָנפאַל האָט רחבעם גע־קיניגט נאָך צוועלף יאָר און איז געשטאָרבן (960). אין גיכן איז אויך געשטאָרבן ירבעם, וועלכער האָט געקיניגט צוויי־און־צוואַנציק יאָר (955).

נאָך ירבעמס טויט האָט זיך אין מלכות ישראל אָנגעהויבן אַ צייט פון מהומית און מחלוקתן. די מלכים האָבן זיך שנעל געביטן, און איי־נער פלעגט דערמאָרדן זיין קעגנער און מיט גוואַלד פאַרכאַפּן די ממשלה. אין משך פון פינף און צוואַנציק יאָר האָבן זיך אין מלכות ישראל געביטן פיר מלכים פון פאַרשיי־דענער אָפּשטאַמונג (נדב, בעשא, אלה און עמרי). פון די שטענדיקע מחליקותן אינעווייניק איז דאָס לאַנד אָפּגעשוואַכט געוואָרן. דערמיט האָט זיך באַנוצט אסא, דער מלך פון יהודה, רחבעמס אייניקל, און האָט איינגענומען אַ סך שטעט אין מלכות ישראל. נאָך לאַנ־גע מהומות איז די ממשלה אַריינגעפאַלן אין די הענט פון עמרי, וועלכער האָט געמאַכט אַ סוף צו די אומרוען און האָט געגרינדעט זיין דינאַסטיע (928).

## § 65. עמרי און אחאב.

עמרי, דער פינפטער קעניג פון ישראל נאָך ירבעמען, האָט זיך אויס־געבויט אַ נייע הויפּטשטאָט, שומרון, ניט ווייט פון דער פריערדיקער

הויפטשטאָט שכם (927). פון דעמאָלט אָן איז שומרון אין משך פון צוויי הונדערט יאָר געבליבן די הויפטשטאָט פון מלכות ישראל, וועלכע האָט זיך דעריבער אויך גערופן מלכות שומרון. דער ערשטער קעניג פון שומ־רון, עמרי, האָט זיך קודם־כל באַמיט איינצושטעלן רו און אָרדענונג אין לאַנד, וואָס איז געווען צעטרייסלט פון די מהומות. ער האָט ניט גע־פירט קיין מילחמות מיט יהודה, אַזוי ווי זיינע פאָרגייער, נאָר פאַרקערט, האָט געשטרעבט צו שליסן מיט איר אַ פריינדלעכן בונד, כדי מיט פאַר־אייניקטע כוחות אָפּצושלאָגן די אָנפאַלן פון די דרויסנדיקע פיינד. דער דאָזיקער פרידן צווישן די צוויי ברודער־פעלקער איז געוואָרן שטאַרק אין דער צייט פון די נאָענטסטע מלכים נאָך עמרי. אין דער זעלביקער צייט האָט דער קעניג פון שומרון געשלאָסן אַ צווייטן בונד, וואָס האָט גע־האַט אַ גרויסע באַדייטונג פאַרן יידישן פאָלק. עמרי האָט זיך באַפריינדעט מיט די הערשער פון דער שכנישער פעניצישער מלוכה, און האָט אפילו חתונה געמאַכט זיין זון אחאבן מיט איזבל, די טאָכטער פון דעם קעניג און כוהן פון צור. די פעניציער האָבן זיך אָנגעהויבן פריי באַזעצן אין די לענדער פון ישראל, און האָבן דאָרט אַנטוויקלט מיסחר און האַנדל; נאָר אין איינעם דערמיט האָבן זיי אַהין געבראַכט זייערע היידנישע מינהגים און מידות, וועלכע האָבן געהאַט אַ שעדלעכע ווירקונג אויף די יידן.

אַז עמרי האָט זיך פאַרזיכערט מיט דער פריינדשאַפט פון פעניציע און יהודה האָט ער זיך געווענדט קעגן די דרויסנדיקע שונאים. ער איז אַרויס מילחמה האַלטן מיט די מואבים, זיינע שכנים אין מיזרח־זייט, און האָט אָפּגענומען ביי זיי אַ סך שטעט. (וועגן דעם זאָגט עדות אַ ניט לאַנג געפונענע אויפשריפט פון דעם מואבישן קעניג מישע אויף אַ שטיי־נערנעם דענקמאָל פון דעם נייטן יאָרהונדערט פאַר דער קריסטלעכער צייט). די מואבים האָבן זיך אונטערגעגעבן און האָבן געצאָלט דעם קעניג פון ישראל אַ יערלעכן צינדז. נאָר דעמאָלט איז קעגן ישראל אַרויסגע־טראָטן בן־הדר, דער קעניג פון ארם אָדער דמשק. עמרי האָט ניט געקענט ביישטיין קעגן די שטאַרקע ארמים, און איז געצוואונגען געווען צו שליסן מיט זיי פרידן אויף שווערע תנאים. די האַנדלס־קאַראַוואַנען פון די ארמים האָבן געקראָגן דאָס רעכט זיך אָפּצושטעלן אין שומרון און אין אַנדערע שטעט פון מלכות ישראל.

עמרי איז געשטאָרבן אין עטלעכע יאָר אַרום נאָך דעם ווי ער האָט אויסגעבויט שומרון. אויפן טראָן איז אַרויף זיין זון אחאב (922—901).

אין אחאבס צייט האָט מלכות שומרון דערגרייכט אַזאַ אויסערלעכן גלאַנץ, וואָס זי האָט נאָך קיין מאָל ניט געהאַט. אחאב האָט אויפגעהאַלטן די נאָענטע פריינדשאַפט פון די פעניציער און האָט זיי נאָכגעטאָן אין אַ סך זאַכן. ער האָט זיך אויסגעבויט אין טאָל יזרעאל אַ נייעם פראַכטיקן פּאַלאַץ, וועלכער איז געווען באַוואוסט צווישן פאָלק מיטן נאָמען „דאָס הויז פון העלפאַנדביין". די מינהגים און זיטן פון דער רייכער פעניציע האָבן זיך אַלץ מער פאַרשפּרייט אין מלכות ישראל, צוזאַמען מיט זיי האָט אויך אַריינגעדרונגען די עבודה זרה, וואָס איז געווען פרעמד דעם גייסט פון דער יידישער רעליגיע. דערצו האָט דער עיקר מיטגעהאָלפן אחאבס ווייב, די פעניציערין איזבל, אַ פרוי, וואָס האָב ליב געהאַט צו הערשן און וואָס האָט באַזעסן אַ שטאַרקן ווילן. אַזוי ווי זי איז געווען די טאָכטער פון דעם היידנישן כוהן פון צור, האָט די קעניגן איזבל געשטרעבט מיט אַלע אירע כוחות איבערצופלאַנצן אויפן יידישן באָדן דעם געצנדינסט און די לייכטע זיטן פון איר פאָטערלאַנד. זי האָט זיך אַרומגערינגלט מיט אַ סך פעניציִשע פריסטער און פריסטערינס. אויף איר פאַרלאַנג האָט אחאב אויסגעבויט אַ גרויסן טעמפּל צום אָפּגאָט בעל, דעם פעניציִשן זונען־גאָט. דאָ האָט זיך אויך געפונען אַ הייליקער בוים (אשרה) מיט אַ מיזבח, לכבוד דער געטין אסטאַרטע (עשתרת). ביי דעם דאָזיקן טעמפּל האָבן זיך געפונען עטלעכע הונדערט פריסטער. אין שומרון און אין אַנדערע שטעט האָט מען געבויט מיזבחות פאַר געצנדינסט און דאָס אומוויסנדיקע פאָלק האָט זיך געבוקט צום בעל. בלויז אַ קלענער טייל פון פאָלק איז געבליבן געטריי דעם ריינעם יידישן גלויבן.

די גאָטספאָרכטיקע מענטשן, וואָס זיינען געבליבן געטריי משהס לערע, פלעגן אָפט אַרויסטרעטן מיט דונערנדיקע שטראָף־רייד קעגן דעם פאַלשן און פאַרדאָרבענעם געצנדינסט. די דאָזיקע פרעדיקער און לערער האָט דאָס פאָלק אָנגערופן „נביאי־ה'", צו אונטערשיידן זיי פון די היידנישע כוהנים, וואָס האָבן זיך גערופן „נביאי־הבעל". די מלכה איזבל האָט שרעקלעך גערודפט די נביאי־ה'. זי האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו טויטן די אַלע פאַרטיידיקערס פון דער אַלטער יידישער אמונה. אַ סך נביאים זיינען אומגעקומען, אַנדערע זיינען אַנטלאָפן און זיך באַהאַלטן אין היילן און פעלדזן־שפּאַלטן, וואוהין זייערע אָנהענגער פלעגן בשתיקה זיי ברענגען שפּייז. דער פאַרוואַלטער פון קעניגלעכן פּאַלאַץ, עובדיה,

האָט באַהאַלטן אין אַ הייל הונדערט נביאים און פלעגט זיי צושטעלן אַהין שפּייז און וואַסער און קיינער אין הויף האָט דערפון ניט געוואוסט.

## § 66. אליהו הנביא

צווישן די נביאי ה׳, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון איזבלס צאָרן, איז געווען אַ באַגייסטערטער מאַן מיטן נאָמען אליהו („מיין גאָט איז ה׳ ”), אַן אָפּשטאַמיקער פון דער שטאָט תישבי אין גילעד. דאָס ריינע האַרץ פון אליהו איז שטאַרק אויפגעבראַכט געוואָרן פון די שלעכטע מעשים וואָס זיינען פאָרגעקומען אַרום אים. פלעגט ער זיך פּלוצלינג באַווייזן אין שומרון און מיט פלאַמענדיקע ווערטער פאַרדאַמען די זינד פון דעם קעניג און פאָלק, און פּלוצלינג פלעגט ער פאַרשווינדן אין דער וויסטעניש, אַנטלויפנדיק פון די פאַרפאָלגונגען. מיט זיין אויסזען און מיט זיין אָרט לעבן האָט אליהו געצויגן אויף זיך אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט: ער פלעגט טראָגן אַ גראָבן האָרענעם מאַנטל, האָט זיך פאַרלאָזט לאַנגע האָר, פלעגט מייסטנס ניט עסן קיין פלייש און ניט טרינקען קיין וויין, און האָט ביכלל געהאַסט פאַרגעניגנס און באַקוועמלעכקייטן. מען פלעגט דערציילן, אַז ווען אליהו האָט זיך אויפגעהאַלטן אין אַ וויסטן אָרט לעבן ירדן, פלעגן ראָבן אים ברענגען שפּייז יעדן טאָג, אין דער פרי און פאַרנאַכט. עס ווערט אויך דערציילט, אַז אליהו האָט געוואוינט ביי אַן אָרעמער אלמנה און האָט צוריק צום לעבן געבראַכט איר קליינעם זון, וואָס איז שוין געווען געשטאָרבן פון אַ שווערער קראַנקייט.

אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַ שם פון א הייליקן מאַן, האָט אליהו אָפט געוואַגט צו זאָגן דעם ביטערן אמת אין די אויגן אפילו דעם קעניג אליין. דער ערשטער צוזאַמענשטויס צווישן דעם קעניג און דעם נביא איז פאָרגעקומען דורך דער וויטערדיקער סיבה: גלייך מיט אחאבס פּאַלאַץ אין טאָל יזרעאל איז געשטאַנען אַ פּרעכטיקער וויינגאָרטן, וואָס האָט געהערט צו אַ דאָרטיקן איינוואוינער מיטן נאָמען נבות. דער מלך האָט געוואָלט פאַרפלאַנצן אַ סאַד אַרום זיין פּאַלאַץ, האָט ער געבעטן נבותן ער זאָל אים אָפּלאָזן זיין וויינגאָרטן. אָבער נבות האָט זיך ניט געוואָלט שיידן מיט דער ירושה פון זיינע עלטערן, וואָס איז אים זייער טייער געווען. דאָס האָט אחאבן אַזוי פיל צער פאַרשאַפט, אַז ער האָט זיך אריינגעלייגט אַ קראַנקער אין בעט און האָט אויפגעהערט עסן. דעמאָלט האָט

די בייזע איזבל געדונגען צוויי פאַלשע עדות, וועלכע האָבן געמאַכט אַ בילבול אויף נבותן, אַז ער האָט געלעסטערט גאָט און דעם קעניג. דאָס געריכט האָט פאַרמישפּעט נבותן צום טויט פאַר זיין כלומרשטן פאַר־ברעכן, און זיין שיינער וויינגאָרטן איז אָנגעקומען דעם קעניג. ווען אליהו האָט דערהערט וועגן דער דאָזיקער רציחה, איז ער געקומען צו אחאבן און האָט מיט צאָרן אויסגעשריען: „דו האָסט געהרגעט אַ מענטשן און דו ירשנסט נאָך זיין פאַרמעגן! דעריבער, הער וואָס גאָט האָט גע־זאָגט: אויף יענעם פּלאַץ, וואו די הינט האָבן געלעקט דאָס בלוט פון נבותן, וועלן זיי לעקן דאָס בלוט פון דיר און פון דיין הויז־גע־זינט". גלייך דערויף איז דער נביא פאַרשוואונדן. אין אָנהייב האָט דער מלך חרטה געהאַט, נאָר דערנאָך האָט ער אין גאַנצן פאַר־געסן אליהוס ווערטער.



אליהו הנביא

אין גיכן איז אויפן לאַנד שומרון געקומען אַ גרויס אומגליק: דריי יאָר איז ניט געגאַנגען קיין רעגן, די תבואה אויף די פעלדער איז ניט צייטיק געוואָרן און דאָס פאָלק האָט געהונ־גערט. אין יענער צייט האָט זיך אליהו באַגעגנט מיט אחאבן אין וועג. ווען דער קעניג האָט אים דערזען האָט ער אויסגערופן: „ביסטו עס דער שולדיקער אין ישראלס אומגליק?" און אליהו האָט געענטפערט: „ניט איך בין שולדיק אין ישראלס אומגליק, נאָר דו און דיין פאַמיליע, וואָרום איר האָט עובר געווען אויף גאָטס געבאָטן און זענט אַוועק דינען די בעלים". און ער האָט דער־קלערט דעם קעניג, אַז אַנדערש וועט ניט נעמען אַ סוף צו די ליידן סיידן מען וועט פריער שטילן דעם צאָרן פון גאָט. „לאָז מיך — האָט אליהו

געזאָגט — צוזאַמענרופן אַלע כוהנים פון בעל אויפן באַרג כרמל, און איך וועל דאָרט ווייזן דעם פאָלק ווער איז דער אמתער גאָט: אונדזער אַל־טער גאָט אין הימל אָדער דיין בעל". דער מלך האָט געטאָן ווי אליהו האָט פאַרלאַנגט.

און עס האָבן זיך פאַרזאַמלט אויפן כרמל אַלע כוהנים פון בעל, אין צאָל פון 450 מענטשן, און אַ גרויסע מאַסע פון פאָלק; אליהו און אחאב זיינען דאָ אויך געווען. מען האָט אויפגעשטעלט צוויי מיזבחות: איינעם פאַרן בעל און דעם אַנדערן פאַר גאָט. און אליהו האָט געזאָגט צו די כוהנים פון בעל: „זאָל מען אונדז געבן צוויי קעלבער: איינעם שעכט איר, און לייגט אַרויף אויף אייער מיזבח, אויף דעם האָלץ, נאָר קיין פייער לייגט ניט אונטער; און די אַנדערע וועל איך אַוועקלייגן אויף מיין מיזבח, אויף דעם האָלץ, און וועל אויך קיין פייער ניט אונטערלייגן. איר רופט צו אייער גאָט און איך וועל רופן צו מיינעם. און יענער גאָט, וואָס וועט אַרונטערשיקן אַ פייער אויף זיין קרבן וועט אַנערקענט ווערן פאַרן אמתן גאָט". די כוהנים האָבן געטאָן אַזוי ווי אליהו האָט געזאָגט. זיי האָבן אַנידערגעלייגט זייער קרבן אויפן מיזבח און פון פרימאָרגן ביז בייטאָג האָבן זיי געשריען: „בעל, בעל, דערהער אונדז!" אָבער קיין פייער האָט זיך ניט געוויזן. און אליהו האָט זיך גערייצט מיט זיי און געזאָגט: „רופט העכער אייער גאָט; אפשר איז ער פאַרנומען, אפשר געפינט ער זיך אין וועג אָדער ער שלאָפט; שרייט העכער וועט ער זיך אויפכאַפּן". די כוהנים האָבן גענומען נאָך שטאַרקער שרייען, זיי האָבן ווילד געטאַנצט אַרום דעם מיזבח און האָבן זיך אַזוי צעהיצט, אַז זיי האָבן אָנגעהויבן שניידן און דראַפּען זיך דאָס לייב ביז בלוט, אָבער דער בעל איז געבליבן טויב און שטום. דעמאָלט האָט אליהו אַרויפגעלייגט זיין קרבן אויפן מיזבח און האָט אָנגעהויבן מיתפלל זיין: „גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב! זאָלן אַלע איינזען, אַז דו ביסט גאָט און איך בין דיין דינער, און אַז אין דיין נאָמען רייד איך און טו אַלץ. ענטפער מיר, גאָט, ענטפער!" ווי נאָר אליהו האָט אַרויסגערעדט די דאָזיקע ווערטער האָט זיך אויפן הימל באַוויזן אַ שוואַרצער וואָלקן, עס האָט אַ בליץ געטאָן אַ בליץ און האָט פאַרברענט דעם קרבן מיט דעם האָלץ אויפן מיזבח פון גאָט. דערזעענדיק דאָס, איז דאָס פאַרזאַמלטע פאָלק שטאַרק אויפגעבראַכט געוואָרן אויף די כוהנים פון בעל און האָט זיך אויף זיי אַרויפגעוואָרפן און זיי אַלע גע־טויט.

דערווייל האָט זיך דער שטורעם געשטאַרקט און עס האָט אַ גאָס געטאָן אַ גרויסער רעגן; די פעלדער זיינען אָפּגעפרישט געוואָרן און די תבואה איז גוט געראָטן. נאָך דער געשיכטע אויפן כרמל איז אחאב גרייט געווען צו מאַכן שלום מיט אליהון, נאָר ווען די בלוט־דורשטיקע איזבל האָט זיך דערוואוסט פון דעם וואָס איז געשען, האָט זי געשוואוירן צו טויטן אליהון דערפאַר, וואָס ער האָט אומגעבראַכט אירע כוהנים. אליהו איז אַנטלאָפן אין יהודה און פון דאָרט — אין מידבר; דאָ האָט ער זיך דערשלאָגן צום הייליקן באַרג חורב (סיני).

דער תנ״ך דערציילט, אַז ווען אליהו האָט געגעכטיקט אין אַ הייל אין באַרג סיני, האָט ער דערהערט גאָטס קול: „וואָס טוסטו, דאָ, אליהו?״ און אליהו האָט געענטפערט: „איך האָב זיך אָנגענומען פאַר דיר, גאָט, וואָרום די קינדער פון ישראל האָבן פאַרלאָזט דיינע געבאָטן, האָבן צע־שטערט דיינע מיזבחות און געטויט דיינע נביאים״. דאַן האָט גאָט צו אים געזאָגט: „גיי אַרויס און שטעל זיך אויפן באַרג!״ און אליהו האָט אַזוי געטאָן. און עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ שרעקלעכער שטורעם, וואָס האָט געמאַכט ציטערן דעם גאַנצן באַרג, אָבער גאָט האָט זיך ניט באַוויזן צום נביא אין דעם דאָזיקן שטורעם. דערנאָך האָט זיך דערהערט אַ דונער, עס האָט זיך באַוויזן פייער, נאָר ניט אין דונער און ניט אין בליץ איז געווען גאָט. ענדלעך איז אַלץ רואיק געוואָרן און אין דער לופט האָט זיך דורכגעטראָגן אַ שטיל ווינטל. און אין דעם דאָזיקן שטילן ווינטל האָט אליהו דערפילט די אָנוועזנהייט פון גאָט. דעמאָלט האָט ער פאַרשטאַנען, אַז גאָט איז ניט אין בלוטיקן קאַמף, נאָר אין פרידלעכער, רואיקער אַרבעט.

## § 67. די מילחמות מיט די ארמים

די לעצטע יאָרן פון אחאבס קעניגן זיינען אַריבער אין מילחמות מיט די אַרמים. דער ארמישער קעניג בן־הדד דער צווייטער, וואָס זיין הויפּט־שטאָט איז געווען דמשק, איז געוואָרן זייער מעכטיק: ער האָט געהאַט אַ גרויס חיל, אַ סך פערד און קריגס־וועגן. און די קליינע אַרומיקע מלכים האָבן אים געצאָלט צינז. און בן־הדדן האָט זיך פאַרוואָלט אונטערטעניק מאַכן אויך דאָס לאַנד ישראל. איז ער געקומען אַהין מיט אַ גרויסן חיל, האָט באַלאַגערט די הויפּטשטאָט שומרון און געפאָדערט, אַז אחאב זאָל מיט גוטן אָנערקענען זיין אויבערהער־שאַפט. אחאב האָט צונויפגערופן

זיינע יועצים און אויף זייער עצה האָט ער צוריקגעוויזן בן־הדדס פאָדע־רונג. דער אַרמישער קעניג האָט צאָרנדיק אויסגערופן: „איך שווער, אַז די גאַנצע ערד פון שומרון וועט נישט קלעקן ווען מיינע קריגסלייט וועלן זי צונעמען הויפנווייז". דערויף האָט אחאב אים געלאָזט ענטפערן: „זאָל זיך נישט באַרימען דער וואָס טוט אָן דעם גאַרטל (פאַר דער שלאַכט) ווי יענער וואָס טוט אים אויס (נאָך דער שלאַכט)". און אחאב איז מיט אַ קליינער אָבער העלדישער מחנה אָנגעפאַלן אויף דעם לאַגער פון די ארמים גראַד דעמאָלט ווען זייער קעניג האָט געהוליעט מיט זיינע פאַר־בינדעטע פירשטן. די ארמים זיינען איבערראַשט געוואָרן פון דעם אומגע־ריכטן איבערפאַל און זיינען אַנטלאָפן, און בן־הדד האָט זיך קוים געראַ־טעוועט אויף זיין פלינקן פערד.

אין אַ יאָר אַרום זיינען די ארמים ווידער געקומען אין לאַנד פון ישראל. אָבער דאָס מאָל האָבן זיי געקראָגן נאָך אַ גרעסערע מפּלה. פאַר־לירנדיק זיין חיל האָט בן־הדד זיך אונטערגעגעבן צו אחאבן און אים געבעטן ער זאָל אים שענקען דאָס לעבן. אחאב האָט זיין שונא פרייגע־לאָזט, אָבער ער האָט פון אים גענומען אַ פאַרשפּרעכן, אַז ער וועט אומ־קערן צו די יידן די שטעט וואָס די ארמים האָבן אַמאָל ביי זיי צוגענו־מען. אָבער דער אַרמישער קעניג האָט זיין הבטחה נישט געהאַלטן דע־מאָלט האָט אחאב גערופן צו הילף זיין פאַרבינדעטן, דעם קעניג פון יהודה, און זיי האָבן באַשלאָסן ביידע צו גיין מילחמה האַלטן מיט די ארמים אין דער שטאָט רמות, אין גילעד.

קעניג אין יהודה איז דעמאָלט געווען רחבעמס אור־אייניקל, יהושפט דער זון פון אסה (918 — 895). אין זיין צייט איז יהודה געוואָרן אַ שטאַרקע און רייכע מלוכה. יהושפט האָט אויסגעבויט אַ סך פעסטונגען אין זיין לאַנד און האָט פאַרגרעסערט זיין חיל. די אַרומיקע פעלקער, די אדומים און אַראַבער, האָבן אים געצאָלט צינז. יהושפט האָט אויך געשטרעבט צו פאַרשטאַרקן אין פאָלק דעם אמתן גלויבן און גוטע מידות. ער האָט באַשטימט די לוויים צו לערנען די יידן די חוקים פון דער אמונה, וועלכע האָבן זיך אויפגעהיט אין הייליקע ספרים אָדער בעל־פּה. פון דעסט וועגן איז דער ריינער גלויבן נאָך געווען שוואַך אין פאָלק. אַ סך זיינען נישט געגאַנגען אין בית המקדש אין ירושלים און האָבן געדינט צו גאָט אויף מיזבחות, וואָס זיי האָבן געבויט אויף די שפּיצן בערג, אַזוי ווי די געצנדינער. יהושפט אַליין, נישט געקוקט אויף זיין פרומקייט, איז

געווען באַפריינדעט מיט דעם זינדיקן אחאב. די מלכים פון יהודה און ישראל האָבן זיך אַפילו מיתחתן געווען: עתליה, די טאָכטער פון אחאב און איזבל, איז געוואָרן די פרוי פון יהושפטס זון יהורם. ווען אחאב האָט פאַרגעלייגט יהושפטן, אַז זיי זאָלן גיין צוזאַמען מילחמה האַלטן מיט די ארמים האָט דער קעניג פון יהודה געענטפערט: „מיין פאָלק איז דיין פאָלק, און מיינע פערד זיינען דיינע פערד". יהושפט אַליין איז געפאָרן קיין שומרון. ביידע מלכים האָבן זיך גענומען גרייטן אין קריג. די חניפה־דיקע נביאים פון הויף האָבן זיי פאָרויסגעזאָגט אַ ניצחון. נאָר מיכיהו, אַ שטרענגער נביא פון ה׳, וועלכן יהושפט האָט געהייסן פרעגן, האָט געזאָגט: „איך זע אַלע בני ישראל צעשפרייט איבער די בערג אַזוי ווי שאָף אָן אַ פאַסטוך". די דאָזיקע שלעכטע נבואה האָט אחאבן אריינגע־בראַכט אין כעס און ער האָט געהייסן מיכיהון איינשפאַרן אין תפיסה.

באַלד נאָך דעם זיינען די פאַראייניקטע אַרמייען מיט זייערע מלכים אַוועק אין קריג קיין רמות. דאָ איז פאָרגעקומען אַ בלוטיקע שלאַכט. בן־הדד האָט באַפוילן זיינע שיסער זיי זאָלן צילן דער עיקר אין דעם מלך פון ישראל. אחאב האָט זיך איבערגעטאָן, כדי די שונאים זאָלן אים נישט דערקענען; נאָר איינער פון די ארמישע שיסער האָט געטראָפן מיט זיין פייל אין אחאבן, וועלכער איז געשטאַנען אין זיין רייטוואָגן. דעם פאַר־וואונדעטן קעניג האָט מען אַוועקגעפירט פון שלאַכטפעלד, אָבער אויפן וועג איז ער אָפגעגאַנגען מיט בלוט און אין אָוונט איז ער געשטאָרבן. דעמאָלט האָט זיך אין חיל דערהערט דער רוף: „זאָל יעדערער זיך אומקערן אין זיין לאַנד און אין זיין שטאָט". יהושפט האָט זיך צוריקגעקערט קיין ירושלים און אחאבס קערפער האָט מען געבראַכט קיין שומרון אין אַ פאַרבלוטיקטן רייטוואָגן. ווען מען האָט דעם רייטוואָגן אַרומגעוואַשן אין דעם טייכל לעבן פּאַלאַץ, האָבן די הינט געלעקט דאָס בלוט פון דעם אומגעקומענעם מלך. דאָס איז געווען אויפן זעלביקן אָרט, וואו דעם קעניגס דינער האָבן אַמאָל געטויט דעם ווייגגערטנער נבות, און דאָס פאָלק האָט אין דעם געזען די פאַרווירקלעכונג פון אליהוס נבואה.

## § 68. אחאב׳ס קינדער. אלישע הנביא.

אין עטלעכע יאָר אַרום נאָך אחאבס טויט איז אליהו הנביא פאַר־שוואונדן. ער איז לעבעדיקערהייט אַוועק אין הימל אַריין. נאָך פריער

האָט אליהו אויסגעקליבן פאַר זיין נאָכפאָלגער דעם יונגן דאָרפסמאַן אלישע. איין מאָל איז אלישע געווען אויף זיין פאָטערס פעלד און גע־אַקערט מיט אָקסן. איז געקומען צו אים אליהו און האָט אויף אים אַרויפ־געוואָרפן זיין מאַנטל. דאָס איז געווען אַ סימן, אַז מען ווערט געהייליקט פאַר אַ נביא און אלישע איז אַוועק נאָך אליהון און איז געוואָרן זיין תלמיד און האָט אים באַדינט. נאָכן טויט פון זיין גרויסן רבין האָט אלישע געלעבט איינזאַם אויפן באַרג כרמל, נאָר אין גיכן האָבן די געשעע־נישן אין מלכות ישראל אים געצוואונגען אַרויסצו־קומען פון זיין איינזאַמ־קייט און אָנטיילנעמען אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. אלישע האָט געווירקט אין דער צייט פון יורם, דער זון פון אחאב. יורם האָט נישט אָפּגעשאַפט דעם גע־צנדינסט און אויך נישט באַזייטיקט די אַנדערע אומאָרדענונגען אין דעם אינוויינִיקסטן לעבן פון דער מלוכה, וואָס האָבן זיך איינגעוואָרצלט אין דער צייט פון אחאב. זיין מו־טער איזבל האָט נאָך גע־לעבט און האָט נאָך אַלץ געהאַט אַן איינפלוס אויף די ענינים פון דער מלוכה. די גאַנצע צוועלף יאָר וואָס יורם האָט געקעניגט זיינען פאַריבער אין מילחמות מיט די מואבים און ארמים.



א י ז ב ל

אין יענער צייט איז מלכות יהודה אַוועק אין די טריט פון מלכות ישראל. דער זון און יורש פון יהושפט, יהורם, האָט זיך געלאָזט פירן פון זיין פרוי עתליה, די טאָכטער פון איזבל און אחאב. די קעניגין עתליה

האָט איינגעפירט פעניצישע אָרדענונגען אין ירושלים מיט דער זעלביקער איבערגעבנקייט וואָס פריער איר מוטער איזבל אין שומרון. ווען יהורם איז געשטאָרבן און זיין יונגער זון אחזיהו איז געוואָרן קעניג האָט ער אין אַלץ געפאָלגט זיין מוטער עתליה און זי האָט געטאָן אין יהודה וואָס זי האָט געוואָלט. מיט טיפן צער האָט דער נביא אלישע צוגעזען ווי עס ווערן פאַרדאָרבן די מידות איןביידע מלוכות. ער האָט פאַרשטאַנען אַז כל זמן עס וועט הערשן דאָס הויז אחאב וועט אומ־מעגלעך זיין אָפּצוגעוויינען די יידן פון די היידנישע זיטן. אלישע האָט דעריבער באַשלאָסן צו מאַכן אַן איבערקערעניש אין מלכות ישראל, מיטן צוועק אָוועקצונעמען די הערשאַפט פון אחאבס דינאַסטיע.

אין יענער צייט האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע מילחמה צווישן די יידן און די ארמים. לעבן רמות גילעד האָבן זיך די פיינדלעכע אַרמייען צעלייגט מיט זייער לאַגער איינע אַנטקעגן דער אַנדערער. דאָ האָט אויס־געבראָכן אַ הייסער קאַמף. אין איין שלאַכט איז יהורם פאַרוואונדעט געוואָרן פון אַ פייל. איז ער אַוועקגעפאָרן אין יזרעאל זיך צו היילן און בראש פון דער אַרמיי האָט ער איבערגעלאָזט דעם קריגספירער יהוא, וועלכער איז געווען אַן אַנטשלאָסענער מענטש און האָט ליב געהאַט כבוד. דעם דאָזיקן קריגספירער האָט אלישע אויסגעקליבן ווי אַ געצייג אין זיינע הענט צו פאַרניכטן אחאבס דינאַסטיע.

## § 69. דער אונטערגאַנג פון הויז אחאב.

ווען יהוא, דער קריגספירער פון יידישן חיל, האָט זיך געפונען אין לאַגער לעבן רמה האָט אלישע הנביא געשיקט צו אים איינעם פון זיינע תלמידים מיט אַ געהיימער שליחות. דעם נביאס שליח איז אָנגעקומען אין לאַגער, האָט אַרויסגערופן יהואן פון צווישן אַלע קריגספירער, און איז מיט אים אַוועק אין אַן אָפּגעלעגטן געצעלט. דאָ האָט דער שליח גענומען אַ כלי מיט בוימל, האָט געזאַלבט יהואס קאָפּ און געזאָגט: „אין דעם נאָמען פון גאָט דערקלער איך דיך פאַר מלך פון ישראל. פאַרטיליק אחאבס זינדיקע פאַמיליע און זיי זיך נוקם פאַר דעם בלוט פון די נביאים וואָס זי האָט פאַרגאָסן". ווען יהוא איז אַרויס צו זיינע קריגסלייט און האָט זיי דערציילט וואָס עס איז געשען האָבן זיי גענומען שאַלן אין שופ־רות און שרייען: „לעבן זאָל דער קעניג יהוא!" דאָס חיל האָט זיך אָנ־

געשלאָסן אַן זיינע פירדער און האָט אָנערקענט דעם נייעם קעניג. יהוא האָט באַלד גענומען אַן אָפּטיילונג קריגסלייט און איז שנעל אַוועק אין יזרעאל, אַרונטערצואוואַרפן יורמען פון טראָן.

אין יענער צייט איז ביי יורמען געווען צו גאַסט זיין פלימעניק אחזיה, דער קעניג פון יהודה. יורם איז צוזאַמען מיט אחזיהן אַרויסגע־פאָרן באַגעגענען זיין קריגספירער און ווען ער האָט אים דערזען פון ווייטנס האָט ער אים געפרעגט: איז אַלץ בשלום, יהוא? נאָר יהוא האָט געענטפערט גראָב: „ווי קען זיין שלום ביי דער אויסגעלאַסנקייט און דער כישוף־באַשעפּטיקונג פון דיין מוטער איזבל?‟ יורם האָט פאַרשטאַ־נען אַז יהוא טראָגט שלעכטס אין זיין האַרצן און ער האָט אויסגערופן: אַ פאַרראַט, אחזיהו! און ער האָט געהייסן פאַרקירעווען זיין רייטוואָגן צוריק און ביידע מלכים זיינען אַנטלאָפן. נאָר יהוא האָט זיי נאָכגעשאָסן אַ פייל און יורם איז געפאַלן טויט אין זיין רייטוואָגן. אחזיה, דער מלך פון יהודה, איז אויך שטאַרק פאַרוואונדעט געוואָרן; ער איז דערפאָרן ביז דער שטאָט מגידו און איז דאָרט געשטאָרבן. ווען יהוא האָט געהרגעט יורמען איז ער אַוועק אין דעם פּאַלאַץ אין יזרעאל, וואו עס האָט גע־וואוינט דעם קעניגס מוטער איזבל. דערזעענדיק אים דורכן פענצטער, האָט זי צו אים אויסגעשריגן: „וואָס מאַכסטו, קעניג־מערדער?‟ דער צערייצטער יהוא האָט באַפוילן די הויף־דינער אַרויסצושלעפּן איזבלען אויפן גאַס און צעטרעטן זי אונטער די קאָפּיטעס פון די פערד. נאָך דעם האָט ער געשיקט אַ באַפעל קיין שומרון צו הרגענען אַלע איבעריקע מיט־גלידער פון אחאבס פאַמיליע, אין צאָל פון זיבעציק פערזאָן. די דערשראָ־קענע באַאַמטע פון שומרון האָבן באַלד דערפילט דעם דאָזיקן באַפעל און האָבן אָפּגעשיקט צו יהואן אין קוישן די אָפּגעהאַקטע קעפּ פון דער קעניג־לעכער פאַמיליע. נאָך דער דאָזיקער שרעקלעכער נקמה איז יהוא אַריינ־געטראָטן אין שומרון און האָט פאַרנומען דעם קעניגלעכן טראָן.

דאַן האָט זיך יהוא גענומען צו אויסראָטן דעם בעל־דינסט פון מלכות ישראל. צו דעם צוועק האָט ער זיך פון אָנפאַנג פאַרשטעלט פאַר אַ געצנ־דינער און האָט דערקלערט: „אחאב האָט געדינט צו בעל ווינציק, אָבער יהוא וועט אים דינען אַ סך‟. דאַן האָט ער צוזאַמענגערופן אין דעם טעמפּל פון בעל אַלע זיינע כהנים און אָנהענגער. זיי זיינען אַלע געקומען, נישט האָבנדיק קיין שום חשד. אָבער ווי נאָר דער טעמפּל האָט זיך אָנ־געפילט מיט די דינער פון בעל, האָט יהוא אַרומגערינגלט די געביידע

מיט אַ וואַך, און האָט באַפוילן זיינע לייבוועכטער אויסצוהרגענען מיטן שווערד אַלע וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען. נאָך דעם האָבן דעם קעניגס דינער אַרויסגעשלעפּט פון טעמפּל דעם געץ בעל און האָבן אים פאַר־ברענט. זיי האָבן חרוב געמאַכט דעם טעמפּל און דעם מיזבח פון בעל און אַלע געצנבילדער, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, און האָבן פון אַלץ אַ תל געמאַכט (886). דער פיניצישער געצנדינסט איז פאַרבאָטן געוואָרן אין לאַנד. דאָך האָט דאָס דינען צו די קעלבער אין בית־אל און דן נישט אויפגעהערט, פּונקט ווי אין די צייטן פון ירבעם, וואָרום דאָס פּראָסטע פאָלק האָט אין זיי געזען די געשטאַלט פון דעם יידישן גאָט.

## § 70. ע ת ל י ה.

אין דער צייט וואָס יהוא האָט מיט אַזאַ גרויזאַמקייט פאַרטיליקט אחאבס שטאַם אין מלכות ישראל, האָט אחאבס טאָכטער, עתליה, גע־הערשט אין מלכות יהודה. נאָך דעם טויט פון איר זון אחזיה, וואָס איז געהרגעט געוואָרן אין יזרעאל, איז עתליה באַגאַנגען אין ירושלים אַ שרעקלעכע טאַט. זי האָט געלאָזט אויסהרגענען אַ סך מיטגלידער פון דודס דינאַסטיע און האָט דעספּאָטיש געהערשט אין לאַנד. זעקס יאָר האָט עתליה געקעניגט אין ירושלים. זי האָט אָנגעפילט יהודהס הויפּט־שטאָט מיט בילדער פון בעל און עשתורת, האָט אויסגעבויט אַ באַזונדערן מיזבח צו בעל, און האָט דאָרט אַוועקגעשטעלט פאַר אַ כהן אַ געוויסן מתי, פון די לוויים. אַ סך באַרימטע פאַמיליעס פון יהודה זיינען געשטאַ־נען אויף דער זייט פון דער קעניגין און האָבן אָנטייל גענומען אין דעם געצנדינסט. אָבער די בעסערע מענטשן אין לאַנד זיינען געווען אויפגע־בראַכט פון עתליהס אומגעזעצלעכע מעשים.

בראש פון די אומצופרידענע האָט זיך געשטעלט דער כהן גדול יהוידע, וועלכער האָט געהאַט פאַר אַ ווייב יהושבע, די שוועסטער פון דעם געהרגעטן קעניג אחזיה. ווען עתליהס דינער האָבן געמאָרדעט די מיטגלידער פון קעניגס הויז האָט יהושבע געראַטעוועט פון טויט דאָס עופעלע יואש, דעם זון פון אחזיה, און האָט אים באַהאַלטן צוזאַמען מיט זיין אַם אין איינער פון די זייטיקע געביידעס פון בית המקדש. דאָ איז דאָס יינגעל געוואַקסן אונטער דער השגחה פון זיין פעטער, דעם כהן גדול יהוידע. ווען יואש איז אַלט געוואָרן זיבן יאָר האָט יהוידע באַ־

שלאָגן אים אַרויפצוזעצן אויפן טראָן פון יהודה ווי דעם געזעצלעכן יורש. האָט ער געמאַכט אַ בונד מיט די מיליטערישע עלטסטע פון ירושלים און זיי האָבן צוזאַמען באַשלאָסן אַרונטערצוזעצן די קעניגין עתליה. איין מאָל אין אַ שבת האָט יהוידע געגעבן אַ געהיימען באַפעל אַרומצורינגלען דעם בית המיקדש מיט אַ מיליטערישער וואַך און נישט אַריינגלאָזן קיינעם פון דעם קעניגס אָנהענגער. נאָך דעם האָט ער אַרויסגעפירט דעם זי־בן־יעריקן יואש פון די אינווייניקסטע חדרים פון בית המיקדש, האָט אים אָנגעטאָן אַ קרוין און אים דערקלערט פאַרן קעניג פון יהודה. די קריגסלייט וואָס זיינען דערביי געשטאַנען האָבן געבלאָזן אין שופרות און געשריגן: לעבן זאָל דער קעניג! אַז עתליה האָט דערהערט דעם רעש אַרום בית המיקדש איז זי אַוועק־געלאָפן אַהין פון איר פּאַ־לאַץ און האָט דערזען דאָס יינגל מיט אַ קרוין אויפן קאָפּ. זי האָט פאַרשטאַנען אַז מען האָט געמאַכט אַ פאַרשווערונג קעגן איר



עתליה

און זי האָט אויסגעשריגן: „פאַרראַט! פאַרראַט!" יהוידע האָט באַ־פוילן די וועכטער זיי זאָלן אַרויספירן די קעניגין פון בית המיקדש, און מען האָט זי געבראַכט צום פּאַלאַץ און דאָרט געהרגעט (880). דאָס פאָלק האָט צעבראָכן אַלע מיזבחות און בילדער פון בעל, און דעם כהן מתי האָט מען געהרגעט. יואש איז אַרויף אויפן טראָן פון יהודה, אָבער ביז דער קעניג איז געוואָרן פולייעריק האָט דער כהן גדול יהוידע רעגירט אין זיין נאָמען. אויף אַזאַ אופן איז אי אין

מלכות ישראל אי אין מלכות יהודה כמעט אין דער זעלביקער צייט גע־קומען אַ סוף צו דער הערשאַפט פון דעם הויז אחאב און דעם פעניצישן געצנדינסט.

## § 71. יהואס דינאַסטיע אין שומרון און די מלכים פון יהודה

די בלוטיקע איבערקערענישן דורך וועלכע יהוא איז געוואָרן קעניג אין שומרון און יואש אין ירושלים, האָבן נישט געבראַכט קיין רו צוביידע מלוכות. דאָס 28־יעריקע קעניגן פון יהוא (887־860 פ״ק) איז געווען אַן אומגליקלעכע צייט פאַר מלכות ישראל. די ארמים פון דמשק האָבן מיט זייערע אָנפאַלן פאַרוויסט די געגנטן פון עבר הירדן און האָבן אונטעריאָכט די איינוואוינער פון שבט ראובן און שבט גד. נאָך ערגער איז געוואָרן דער מצב פון דער מלוכה אין דער צייט פון יהואס זון יהואחז (860־845). די ארמים פלעגן זיך אַריינרייסן אַפילו אין יענע געגנטן, וואָס זיינען געלעגן אויפן מערב זייט פון ירדן. די מיליטערישע כוחות פון לאַנד זיינען אַזוי פאַראָרעמט געוואָרן אַז ביי יהואחזן איז געבליבן נאָר אַ קליינער חיל פון צען טויזנט פוסגייער, פופציק רייטער און צען קריגסוועגן. ערשט אין דער צייט פון יהואחזס זון, דעם קעניג יהואש (845־839 פ״ק), איז מלכות ישראל אַביסל געקומען צו זיך. יהואש האָט צעשלאָגן די ארמים ביי אפקה און האָט ביי זיי צוריק אָפּגענומען פיל שטעט, וואָס זיי האָבן געהאַט פאַרכאַפּט. פאַר דער דאָזיקער שלאַכט האָט אלישע הנביא פאָרויסגעזאָגט דעם קעניג, אַז ער וועט מנצח זיין דעם פיינד. אלישע איז שוין דעמאָלט געווען אַלט און קראַנק און נאָך דער שלאַכט ביי אפקה איז ער געשטאָרבן. אַזוי ווי אליהו הנביא, אַזוי האָט אויך אלישע איבערגעלאָזט נאָך זיך אין פאָלק אַן אָנדענק פון אַ הייליקן מאַן און אַ בעל־נס. נאָר זיין הויפּט־פאַרדינסט איז באַשטאַנען אין דעם קאַמף קעגן דעם פעניצישן געצנדינסט. אליהו הנביא האָט אָנגע־הויבן דעם דאָזיקן קאַמף, און זיין געטרייער תלמיד אלישע האָט אים דערפאָלגרייך געענדיקט.

אין יהודה האָט דער כוהן גדול יהודיע, דער דערציער און אפיטרופוס פון מלך יואש, געזאָרגט צו באַפעסטיקן דעם אמתן גלויבן. כל־זמן יהוידע האָט געלעבט איז דער יונגער מלך געווען פרום און גאָטספאָרכטיק. צוזאַ־מען מיט די כוהנים האָט ער פאַרריכט די טיילן פון בית המקדש, וועלכע

זיינען שוין אַלט געוואָרן. פאַר דעם דאָזיקן צוועק האָט מען געקליבן נדבות איבערן גאַנצן לאַנד. אָבער נאָך יהוידעס טויט האָט יואש אויפגעהערט צו לעבן בשלום מיט די כוהנים, וועלכע האָבן געוואָלט באַקומען אַ צו גרויסע דעה אין די ענינים פון דער מלוכה. דעמאָלט האָט צווישן אים און יהוידעס זון זכריה אויסגעבראָכן אַ מחלוקות. זכריה האָט געסטראַשעט דעם קעניג מיט גאָטס צאָרן. דער אויפגעבראַכטער קעניג האָט גע־הייסן הרגענען זכריהן אין הויף פון בית־המקדש. פאַרן טויט האָט זכריה געזאָגט: „גאָט וועט זען און וועט זיך רעכענען!“ דעם קעניגס אַכזריותדיקע האַנדלונג האָט אַרויסגערופן אַן אומצופרי־דנקייט ביי די האַרן פון ירוש־לים. זיי האָבן געמאַכט אַ פאַר־שווערונג קעגן אים און צוויי הויפבדינער האָבן דעם קעניג גע־הרגעט אויף זיין געלעגער (843).



דער כוהן גדול און זיין הלבשה

אמציה, יואשס זון און יורש, האָט געהייסן טויטן די מערדער פון זיין פאָטער. דער נייער קע־ניג, וועלכער האָט געהאַט אַ קרי־גערישן גייסט, האָט געפירט אַ ריי מילחמות. צוערשט איז ער אַרויס קעגן די אדומים, וועלכע האָבן מורד געווען קעגן יהודה. די אדומים האָבן זיך באַפעסטיקט אין זייערע אומדורכדרינגלעכע בערג; אָבער אמציה האָט זיך אריינגעריסן אין דער באַרגיקער געגנט, און אין אַ שלאַכט אין דעם „געזאַלצענעם טאָל“ האָט ער אין גאַנצן צעשלאָגן די אדומים. נאָך דעם האָט אמציה דערקלערט מילחמה קעגן יהואשן דעם מלך פון ישראל. יהואש האָט אים געלאָזט זאָגן: „דו האָסט באַזיגט די אדומים איז דיין האַרץ שטאָלץ געוואָרן. זיץ בעסער בכבוד אין דער היים און ניט ברענג קיין אומגליק אויף זיך און דיין לאַנד“. אָבער אמציה האָט ניט געפאָלגט און איז אַוועק מיט אַ חיל קעגן דעם מלך פון ישראל. לעבן בית־שמש איז פאָרגעקומען די שלאַכט

צווישן יהודה און ישראל. אמציהס חיל האָט געקראָגן אַ מפּלה און ער אַליין איז גענומען געוואָרן געפאַנגען. דאָס חיל פון ישראל איז צוגעטראָטן צו ירושלים און האָט צעשטערט אַ טייל פון איר פעסטונג. יהואש האָט אַרויסגעלאָזט אמציהן פריי פאַר אַ גרויסער סומע אויסלייז־געלט. אין יהודה איז מען געווען שטאַרק אומצופרידן מיט אמציהן פאַר זיין אומזי־ניקער מילחמה, און אין ירושלים האָט אויפגעפלאַקערט אַן אויפשטאַנד. דער קעניג איז אַנטלאָפן קיין לכיש, אָבער די מורדים האָבן אים דאָ געכאַפּט און אים געהרגעט. דער יורש פון טראָן עזיה, אמציהס זון, איז נאָך געווען אַ קליין יינגל, און אין משך פון עטלעכע יאָר האָבן איבערן לאַנד רעגירט די האַרן פון קעניגלעכן הויף.



קאַפּיטל 10

# דאָס געזעלשאַפטלעכע און גייסטיקע לעבן אין דער צייט פון די צוויי מלוכות

## § 72. דאָס עקאָנאָמישע און הויזלעכע לעבן.

פון דער צייט וואָס די יידן האָבן איינגענומען כנען און זיינען גע־וואָרן אַ באַזעצט פאָלק איז ערדאַרבעט געווען זייער הויפּט־באַשעפטיקונג. בלויז אין דעם עבר־הירדן און אין אייניקע ערטער אין יהודה האָבן זיך די איינוואוינער פאַרנומען מייסטנס מיט פיצוכט. ביי די יידן איז געווען פאַררעכנט, אַז דער מענטש איז געבוירן צו באַאַרבעטן דאָס פעלד, דעם סאָד און דעם ווייַנגאָרטן. דאָס איז זיין נאַטירלעכער באַרוף. דער שענסטער טרוים פון אַ יידן איז געווען: „צו זיצן אונטער זיין ווייַנשטאָק און אונ־טער זיין פייגנבוים". דורך דער שווערער מי פון דעם ערדאַרבעטער איז דער באָדן פון ארץ־ישראל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בליענדיקן גאָרטן. די פליינען און טאָלן זיינען געווען באַדעקט מיט פולע זאַנגען פון ווייץ און גערשטען; אויף די נידערונגען פון די בערג האָבן געגרינט ווייַנגערט־נער, סעדער און איילבירט־וועלדלעך. ערדאַרבעט, ווייַנגערטנערייַ און גערט־נערייַ זיינען געווען פאַרשפּרייט ניט נאָר אין די דערפער, נאָר אויך אין די שטעט. די דאָזיקע באַשעפטיקונגען האָבן געמאַכט גלייך דעם פּראָסטן פאָלקס־מענטשן מיטן חשובן האַר, דעם באַשיידענעם דאָרפסמאַן מיטן איינ־פלוסרייכן כלל־טוער. שאול המלך, איידער ער איז אַרויף אויפן טראָן, איז געגאַנגען נאָכן אַקערייַזן, הגם ער האָט געהערט צו אַ חשובער פאַמיליע

אין בנימין. דוד איז געווען אַ פּאַסטעך, און אלישע האָט זיך באַשעפטיקט מיט ערדאַרבעט.

אין ארץ־ישראל פלעגט די תבואה צייטיק ווערן אין אָנהייב פרילינג, און שניטצייט איז געווען אין סוף פרילינג. אין סוף זומער אָדער אָנהייב האַרבסט פלעגט מען אַרונטערנעמען די ווייַנטרויבן און איינזאַמלען אין די שייערן די לעצטע געדראָשענע תבואה. צו די דאָזיקע וויכטיקע מאָמענטן פון דעם ערדאַרבעטערס לעבן זיינען געווען צוגעפּאַסט די גרויסע יער־לעכע ימים־טובים: פּסח — דער יום־טוב ווען די תבואות ווערן צייטיק (חג האביב), שבועות — דער יום־טוב פון שניט (חג הקציר), און סוכות — דער יום־טוב פון „איינזאַמלען פון שייער און פון קעלטער" (חג האסיף). אויסער דעם האָט נאָך יעדער יום־טוב געהאַט אַ רעליגיעז־היסטאָרישע באַדייטונג: פּ ס ח זיינען די יידן אויסגעלייזט געוואָרן פון גלות, ש ב ו ע ו ת האָבן יידן באַקומען די „עשרת הדיברות" — און ס ו כ ו ת ווערט געפייערט צום אָנדענק וואָס יידן זיינען געזעסן אין ביידלעך אין דער מידבר, ווען זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען פון מיצרים.

איינער פון די עלטסטע געזעצן פון דער יידישער רעליגיע, וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויפן לעבן פון לאַנד, איז געווען דער געבאָט צו רוען דעם זיבעטן טאָג פון יעדער וואָך (שבת). די תורה זאָגט וועגן דעם: „זעקס טעג טו דיין אַרבעט און אויפן זיבעטן זאָלסטו רוען, כדי עס זאָל אויך רוען דיין אָקס און דיין אייזל, דער זון פון דיין דינסט און דער גר". „זאָלסט רוען דעם זיבעטן טאָג. זאָלסט רוען אין דער צייט פון אַקערן און אין צייט פון שניידן". דאָס געזעץ פון שבת־רו איז אַריבערגעטראָגן גע־וואָרן אפילו אויף דער ערד אויך: די ערד האָט זיך געדאַרפט אָפּרוען איין יאָר אין יעדע זיבן. „זעקס יאָר — זאָגט דאָס אַלטע געזעץ — מעגסטו פאַרזייען דיין ערד און קלייבן די תבואה פון איר; אָבער דעם זיבעטן יאָר זאָלסטו זיי פאַרלאָזן, כדי די אָרעמע פון דיין פאָלק זאָל עסן (דאָס וואָס וואַקסט אַליין) און דאָס איבעריקע זאָלן עסן די חיות פון פעלד. אַזוי זאָלס־טו אויך טאָן מיט דיין ווייַנגאָרטן און מיט דיין איילבירט־גאָרטן". דאָס דאָזיקע געזעץ איז באַגרינדעט אין באַזונדערע אייגנשאַפטן פון דער ארץ־ישראל ערד און פון דער פאָלקס־מינהגים, וואָס זיינען דאָרט באַשאַפן געוואָרן.

דאָרט וואו עס האָט געהערשט די ערדאַרבעט, איז דאָס לעבן פון די איינוואוינער געווען איינפאַך און באַשיידן. די הייזער זיינען געווען גע־

ברויט פון האָלץ און ליים, מיט פלאַכע דעכער, וועלכע האָבן געדינט צום שלאָפן אין די הייסע צייטן פון יאָר. די איינריכטונג פון די צימערן איז אויך געווען פשוט. אַזוי צום ביישפיל איז אין צימער פון אלישע הנביא וואָס איז געווען צו־גאַסט אין אַ פאַרמעגלעכן הויז, דאָס גאַנצע מעבל באַ־שטאַנען פון אַ בעט, אַ טיש, אַ שטול און אַ לאָמפּ. די שפייז איז באַשטאַ־נען פון ווייצענעם און גערשטענעם ברויט, פלעצלעך אויף בוימל, גאָרטנ־



אַ ישראלישער ווייִנקעלטער

וואַרג און פרוכט. פלייש פלעגט דער דאָרפסמאַן עסן נאָר אין די ימים־טובים ווען ער פלעגט ברענגען פון זיין פּי קרבנות אין בית־המיקדש. אַ טייל פון די דאָזיקע קרבנות פלעגט מען פאַרברענען אויפן מיזבח, אַ טייל פלעגט גיין פאַר די כוהנים, און דאָס איבעריקע פלעגט בלייבן פאַרן בעל־הבית און זיינע הויזמענטשן צום עסן. די איינוואוינער פון די שטעט, וועלכע זיינען געלעגן נאָענט צום בית המקדש און דעם מיזבח, האָבן געקענט עסן פלייש אָפטער.

אָבער מיט דער צייט האָט זיך דער דאָזיקער איינפאַכער אופן לעבן אַ סך געענדערט. מיט דער ערדאַרבעט האָט אָנגעהויבן קאָנקורירן דער מיסחר. אַמאָל האָבן די יידן באַטראַכט דעם מיסחר פאַר אַן אומווירדיקער זאַך און האָבן עס געלאָזט צו די כנענים און פעניציער, וועלכע „האָלטן אין

די הענט די פאַלשע וואָגשאָלן און האָבן ליב רויב". נאָר יענע גוטע אַלטע צייטן זיינען פאַראיבער און אַ גרויסער טייל פון פאָלק איז דורך די אומ־שטענדן אריינגעצויגן געוואָרן אין מיסחר און האַנדל. די מלכים אליין, פון שלמהן אָן, האָבן געשטיצט דעם האַנדל און פלעגן אויסריכטן קאַראַ־וואַנען און האַנדלס־שיפן אין ווייטע לענדער. אַמאָל אַליין, און אַמאָל מיט דער הילף פון די פעניציער. אין די צייטן פון אחאב און יהושפט האָט שוין דער מיסחר געבליט איןביידע מלוכות. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז עס זאָלן זיך שנעל אַנטוויקלען שטעט. צוזאַמען מיט אַרבעט איז אויך גע־וואָרן קאַפּיטאַל: עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מיסחר מיט געלט, הלוואות און וואוכער־געשעפט. און ווען אַ בעל־חוב האָט ניט געהאַט צו באַצאָלן זיין הלוואה צו דער באַשטימטער צייט האָט דער מלוה געהאַט דאָס רעכט צו מאַכן אים פאַר אַ קנעכט, אַזוי ווי עס איז געווען דער מינהג ביי אַלע אַלטע פעלקער. דער אונטערשייד צווישן די קלאַסן פון פאָלק איז געוואָרן אַלץ גרעסער, און דעם תהום צווישן די רייכע און די אָרעמע — אַלץ ברייטער. גרויסע גיטער און ברייטע שטרעקעס לאַנד פלעגן זיך צוזאַמענ־ציען אין די הענט פון געציילטע רייכע גוטבאַזיצער. די רייכע פלעגן זיך בויען הייזער פון געהאַקטע שטיינער און האָבן זיך אריינגעלאָזט אין ווילדן וואוילטאָג. גרויסע לערער פון פאָלק, די נביאים, האָבן געקעמפט קעגן אַזאַ מין אָרדענונג אין דעם נאָמען פון די העכערע געזעצן פון מענטשנ־ליבע און מאָראַל; געקעמפט האָט קעגן איר אויך דאָס אַלטע געזעץ, וואָס האָט געזאָגט: „אויב דו וועסט לייען געלט צו אַן אָרעמאַן פון דיין פאָלק באַגיי זיך ניט מיט אים שטרענג; לייג אויף אים ניט אַרויף קיין פּראָצענט. אויב דו וועסט נעמען פאַר אַ משכון דעם אויבערשטן בגד פון דיין אָרעמען פריינד — קער דאָס אים אום איידער עס פאַרגייט די זון, וואָרום דאָס איז זיין צודעק, דאָס קלייד פון זיין לייב — אין וואָס וועט ער שלאָפן?". אָבער דאָס לעבן האָט ניט געשטימט מיט די דאָזיקע הויכע פאָדערונגען פון געזעץ. די פלאַמענדיקע רייד פון די נביאים האָבן ניט געקענט אָפּ־האַלטן דאָס יידישע פאָלק פון נעמען אַנטייל אין דעם פעלקער־האַנדל פון די מיזרח־לענדער.

דאָס פאַמיליע־לעבן פון די אַמאָליקע יידן איז אין אַ סאַך פּרטים געשטאַנען העכער ווי די אַרומיקע פעלקער. פילווייבעריי (פּאָליגאַמיע) איז געווען אַ זעלטנהייט, בשעת איינווייבעריי (מאָנאָגאַמיע) איז געווען די גע־וויינטלעכע פאָרעם פון דעם פאַמיליע־לעבן. בלויז די מלכים האָבן געמעגט

האָבן אַ סך ווייבער, מיסתמא כדי צו פאַרמערן און פאַרשטאַרקן די דינאַס־טיע; נאָר אפילו די מלכים, נאָך שלמהן, האָבן ניט שטענדיק זיך באַנוצט מיט דעם דאָזיקן רעכט. די פאַרמעגלעכע לייט האָבן געוויינטלעך געהאַט ניט מער ווי צוויי ווייבער, און אויך דעמאָלט פלעגן אין דער פאַמיליע פאָרקומען רייסערייען: דאָס ניט־געליבטע ווייב האָט מקנא געווען דער געליבטער, און די עקרה — דער, וואָס האָט געהאַט קינדער. פאַר דער חתונה מיט אַ מיידל פלעגט דער חתן געבן אירע עלטערן אַ געוויסן אויס־קויף, אָדער מוהר, אַזוי ווי עס פירט זיך נאָך עד היום ביי אַ סך מיזרח־פעלקער (דער טאָטערשער „קאַלים״, דער קאַווקאַזישער „מאַהאָרי״, וואָס קלינגט ווי דער יידישער מוהר). אין די גאָר אַלטע צייטן איז ניט געווען קיין זעלטנהייט, אַז גאַנץ נאָענטע קרובים זאָלן חתונה האָבן צווישן זיך; עס איז ניט געווען פאַרווערט, צום ביישפּיל, צו חתונה האָבן מיט אַ שטיפ־שוועסטער אָדער שוועסטערקינד, אָדער נעמען צוויי שוועסטער מיט אַמאָל. אָבער שפּעטער זיינען אייניקע אַזעלכע שידוכים פאַרבאָטן געוואָרן. די על־טערן האָבן געהאַט אַן אומבאַגרענעצטע מאַכט איבער זייערע קינדער; פאַר באַליידיקן טאַטע־מאַמע מיט אַ וואָרט אָדער אַ האַנדלונג האָט גע־קומט טויט־שטראָף. די מוטער האָט געהאַט דעם זעלביקן אָנזען אין דער פאַמיליע וואָס דער פאָטער.

די שקלאַפעריי ביי יידן האָט ניט אָנגענומען אַזעלכע גראָבע פאָר־מען ווי ביי אַנדערע פעלקער. דער שקלאַף און די שקלאַפין האָבן זיך גע־רעכנט פאַר מיטגלידער פון דער פאַמיליע, און זייערע רעכט זיינען געווען געשיצט פון באַשטימטע געזעצן. אַ יידישער קנעכט האָט געדאַרפט דינען זיין בעל־הבית נאָך זעקס יאָר, און אויפן זיבעטן יאָר איז זיין בעל־הבית געווען מחויב אים אַרויסלאָזן פריי. אויב אָבער דער קנעכט האָט נאָך די זעקס יאָר ניט געוואָלט פאַרלאָזן זיינע בעלי־בתים האָט דאָס געזעץ גע־הייסן זיך באַגיין מיט אים אַזוי: צופירן דעם געטרייען קנעכט צו דער טיר פון הויז וואו ער האָט געדינט, און דורכשטעכן אים דאָס אויער אויפן ביישטידל פון טיר, ווי אַ סימן אַז ער איז אויף אייביק צוגעבונדן צו דעם דאָזיקן הויז. נאָך דער דאָזיקער צערעמאָניע איז דער קנעכט געוואָרן דאָס אייביקע אייגנטום פון זיין בעל־הבית. בכלל איז שקלאַפעריי ביי יידן ניט געווען קיין מלוכה־איינפירונג, ווי ביי די גריכן און רוימער.

## § 73. די געזעלשאַפט און די מלוכה.

בירגער־רעכט האָבן געהאַט אַלע פרייע מענטשן פון דער געזעלשאַפט. וועלכע האָבן דערגרייכט פוליער־קייט. אפילו די פרעמדע, אָדער גרים, האָבן זיך ווייניק־וואָס אונטערשיידט אין זייערע בירגערלעכע רעכט פון די תושבים. זיי זיינען געווען פולשטענדיק באַשיצט פון געזעץ. אין די הייליקע ספרים ווערט ניט איין מאָל געזאָגט: „דעם גר זאָלט איר ניט דריקן, וואָרום איר ווייסט די נשמה פון דעם גר, דען גרים זיינט איר אַליין געווען אין דעם לאַנד מיצרים". דאָס געזעץ באַפעלט צו באַגיין זיך מיט די פרעמדע מיט רחמנות, אַזוי ווי מיט שוצלאָזע פון דער יידישער געזעלשאַפט גופא: די אָרעמעלייט, אלמנות און יתומים; גלייך מיט זיי האָבן די פרעמדע געהאַט דאָס רעכט צו קלייבן די רעשטן פון שניט (לקט, שיכחה און פאה) אויף די פעלדער פון פאַרמעגלעכע לייט און נעמען די נדבות, וועלכע זיינען געווען איינגעפירט.

די ריכטער אין די שטעט זיינען געווען חשובע לייט אָדער עלטסטע (זקנים). מישפטן פלעגן זיי אויף אַן אָפענעם פלאַץ, ביי די טויערן פון שטאָט, ד"ה ביים ארייַנפאָר (אָדער שער, פאָרשטאָט), נאָר אַז מען פלעגט דאַרפן געבן אַ שבועה פלעגט מען עס טאָן ביים מיזבח אָדער אין טעמפל פון דעם אָרט. אויסער די זקנים זיינען שופטים אויך געווען די כוהנים אָדער לויים. די דאָזיקע ריטער פלעגן מישפטן סיי אין ציווילע סיי אין קרימינעלע פראָצעסן. אויסער אין העכסט וויכטיקע פאַלן פלעגט מען זיך ווענדן צום קעניג.

דער קעניג איז געווען דער הויפט פון דער אַרמיי, און דער העכסטער רעגירער און ריכטער פון פאָלק. אַזוי ווי די קעניגלעכע הערשאַפט איז אַרויסגעוואַקסן דערפון וואָס דאָס פאָלק האָט זיך געמוזט פאַראייניקן קעגן די דרויסנדיקע פיינט, האָט זי אין די ערשטע צייטן געטראָגן אַ מיליטערישן כאַראַקטער (שאול און דוד). דער קעניג איז געווען דער פירער פון דעם פאָלקס־חיל, נאָר אויסער דעם האָט ער אויך געהאַט זיין אייגענע שטענדיקע מחנה אָדער לייבוואַך. די דאָזיקע קעניגלעכע מחנה איז געווען דער קערן פון דער גאַנצער אַרמיי, וועלכע איז באַשטאַנען פון פוס־חיל און פערד־חיל (אין דער צייט פון שלמה און די שפּעטערע מלכים). דעם צווייטן פּלאַץ נאָכן קעניג האָט פאַרנומען דער הויפט־קאָמאַנדיר פון דעם חיל (שר־צבא). מיליטער־דינסט איז געווען אַ חוב אויף יעדן בירגער, וואָס

האָט געהאַט פולע רעכט און האָט פאַרמאָגט אומבאַוועגלעכן אייגנטום. וואָס מער עס איז געוואַקסן די מיליטערישע מאַכט פון דער מלוכה אַלץ גרעסער איז געוואָרן די צאָל שטעט וואָס האָבן געהאַט פעסטונגען מיט באַשטענדיקע גאַרניזאָנען אין זיי. אין די צייטן פון די שופטים און שמואל הנביא, ווען די ווילדע שונאים פלעגן באַפאַלן דאָס יידישע לאַנד, פלעגן זיך די יידן מוזן באַהאַלטן אין היילן און באַרג־שפּאַלטן; אָבער אין דער עפּאָכע פון די מלכים פלעגט זיך די פרידלעכע באַפעלקערונג שיצן הינטער די מויערן פון די פעסטונגען. די יידישע מלכים פלעגן זעלטן פאַרפירן מילחמות כדי צו פאַרכאַפּן פרעמד לאַנד, אָבער פאַרטיידיקונגס־מילחמות האָבן זיי געהאַט זייער אָפט, צוליב די אָנפאַלן און רויבערייען פון די שכנישע פעלקער.

אויף אויסצוהאַלטן דעם קעניגלעכן הויף זיינען איינגעפירט געוואָרן צינזן פון נאַטור־פּראָדוקטן און געלט. עס זיינען אויך געווען קעניגלעכע גיטער, וועלכע האָבן אַריינגעטראָגן אַ געוויסע הכנסה. אין צייטן פון מילח־מות, ווען די באַדערפענישן פון דער מלוכה פלעגן זיין אויסערגעוויינלעך גרויס, פלעגן די מלכים אַמאָל נעמען פון די אוצרות פון דעם בית־המיקדש, וואו עס זיינען געלעגן די פאָלקס־געלטער, אַזוי ווי אין די היינטיקע קעניג־לעכע שפּאָר־קאַסעס (רחבעם, אסא, יואש, אמציה).

דער קעניג איז געווען דער העכסטער ריכטער פון לאַנד און צו אים פלעגט מען זיך ווענדן, ווען די קליינע געריכטן פלעגן אַרויסגעבן אַן אומ־גערעכטן פּסק. דער שוואַכער פלעגט רופן צו אים קעגן דעם שטאַרקן, דער באַליידיקטער — קעגן זיין באַליידיקער; אַ סך געזעצן פון יענער צייט האָבן געשטאַמט פון אַלטע פאָלקס־מינהגים. עס האָט נאָך, צום ביישפּיל, געלעבט אין פאָלק דער מינהג, אַז אַ קרוב פון אַ דערמאָרדעטן האָט געהאַט דאָס רעכט אַליין, אָן אַ מישפּט זיך אָפּצורעכענען מיט דעם מערדער און אים טויטן („גואל הדם"). אָבער דאָס געזעץ האָט אַ סך ווייכער געמאַכט די אכזריות פון דעם דאָזיקן מינהג. אויב דער מאָרד איז באַגאַנגען געוואָרן בשוגג, ד"ה ניט ווילנדיק, האָט דער מערדער זיך געקענט ראַטעווען אין אַ טעמפּל, הינטער דעם מיזבח, אָדער אין די „ערי מקלט", ד"ה באַשטימטע שטעט, וואוהין ער האָט געקענט אַנטלויפן און וואו דער גואל הדם האָט ניט געטאָרט קומען אים טשעפּען. אָבער אַ מערדער במזיד, ד"ה וואָס האָט געפּלאַנעוועט דעם מאָרד, האָט דער גואל־הדם געמעגט אפילו „פון מיזבח אַוועקפירן צום טויט". אָבער מיט דער צייט איז דאָס רעכט פון דעם גואל־

הדם אַריבער צום געריכט. בלויז אין זעלטענע פאַלן פלעגט דאָס געריכט פסקענען לויט דעם אַלטן מינהג פון נקמה: „אויג פאַר אויג, אַ צאָן פאַר אַ צאָן, אַ לעבן פאַר אַ לעבן״. דאָס רוב פלעגט מען אויפן שולדיקן אַרויפ־לייגן אַ געלט־שטראָף. פאַר עובר זיין אויף די הויפּט־געבאָטן פון דער אמונה, און אויך פאַר לעסטערן גאָט און באַליידיקן דעם קעניג, פלעגט מען באַשטראָפן מיטן טויט. די עלטסטע פאָרעם פון טויט־שטראָף איז געווען סקילה, פאַרשטייניקן, וועלכע פלעגן פאָרקומען הינטן שטאָט, פאַר די אויגן פון פאָלק.

אין אַלע מלוכות פון אַלטערטום האָט זיך דער קעניג גערעכנט אויך פאַרן הויפּט־פּריסטער: די רעליגיע איז געווען צוזאַמענגעבונדן מיט דער רעגירונג. אויך די יידישע מלכים האָבן אָפט מאָל זיך געמאַכט פאַר כהנים. שאול און דוד למשל, האָבן ביי פייערלעכע געלעגנהייטן געבראַכט קרבנות ווי „געזאַלבטע פון גאָט״, אָנשטאָט די כוהנים. אָבער שפּעטער האָבן בלויז די מלכים פון מלכות ישראל איינגעהאַלטן דעם חשובן טיטל „כוהן גדול״. ירבעם דער ערשטער האָט די כהונה געמאַכט פאַר אַ רעגירונגס־זאַך: דער טעמפּל אין בית־אל האָט זיך גערעכנט פאַר אַ קעניגלעכן, און די כוהנים, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען — פאַר קעניגלעכע באַאַמטע. אָבער אין יהודה האָבן די כוהנים ניט אָנערקענט דעם קעניגס רעכט אויף דער כהונה און ווען דער קעניג עזיהו האָט איין מאָל זיך דערוועגט צו טאָן די אַרבעט פון דעם כוהן אין בית־המקדש, האָט ער אַרויסגערופן קעגן זיך דעם צאָרן פון פאָלק.

## § 74. די רעליגיע.

אין דער רעליגיע פון די אַמאָליקע יידן האָט דעם ערשטן פּלאַץ פאַר־נומען דער גאָטדינסט מיט אַלע זיינע אויסערלעכע צערעמאָניעס. אין יהודה איז דער הויפּט רעליגיעזער צענטער געווען די הויפּטשטאָט ירושלים, און אין מלכות ישראל — די פּראָווינץ־שטאָט בית־אל, אויפן דרום־גרענעץ. נאָר אין ביידע מלוכות זיינען חוץ די דאָזיקע הויפּט־צענטערן געווען אויך וויניקער וויכטיקע פּלעצער פון גאָטדינסט. אין די פּראָווינץ־שטעט פון יהודה זיינען געווען נאָר פאָלקס־מיזבחות אויף בערג (במות), אָבער קיין באַזונדערע טעמפּלען, וועלכע זאָלן אָפּציען מענטשן פון דעם בית־המיקדש, זיינען ניט געווען, און אין די גרויסע יערלעכע ימים־טובים פלעגט אַ גרוי־

סער טייל פון פאָלק עולה־רגל זיין קיין ירושלים צו דינען גאָט. אָבער אין מלכות ישראל זיינען אויסער דעם אַלטן קעניגלעכן טעמפל אין בית־אל געווען נאָך טעמפּלען פון גאָט אין דער הויפּטשטאָט שומרון, אין גילגל, דן און אַנדערע ערטער. דער גאָטדינסט אויף די בערג און אין די וועלדלעך איז דאָ געווען אַ סך מער פאַרשפּרייט ווי אין יהודה און איז געווען מער ענלעך צום געצנדינסט. די מיזבחות אין די דערפער פלעגן געבויט ווערן אויף הויכע ערטער, אַזוי ווי הורבעס שטיינער; זיי פלעגן אויך געבויט ווערן אין וועלדלעך, אונטערן שאָטן פון אַ דעמב, אַ פּאַלמע אָדער אַ טייטלבוים. דאָרט וואו עס זיינען ניט געווען קיין גרויסע ביימער פלעגט מען אָנשטאָט אַ בוים אַוועקשטעלן אַ זייל אין דער פאָרעם פון אַ בוים, וואָס איז געגאַנגען אַליין גרעבער אין דער הייך („אשרה״). אין די טעמפּלען פון



די הייליקע כלים

מלכות ישראל זיינען געשטאַנען גאָלדענע קעלבער ווי די געשטאַלט פון גאָט. אפילו אין ירושלים איז ביז דער צייט פון קעניג חזקיהו געווען אַ קופּערנע שלאַנג און דאָס פאָלק האָט עס געהאַלטן פאַר אַ גאָט, וואָס היילט קראַנקהייטן.

דער גאָטדינסט איז באַשטאַנען פון תפילות און קרבנות. דער אַמאָליקער מענטש פלעגט וועלן געווינען גאָטס גנאָד דורך געבעט און מתנות צו אים. די קרבנות האָבן ביי די יידן (אַזוי ווי ביי די אַלטע גריכן) געהאַט אויך אַ סימבאָלישע באַדייטונג: ווען אַ טייל פון דער בהמהס פלייש איז

פאַרברענט געוואָרן אויפן מיזבח לכבוד גאָט, איז דאָס גאַנצע פלייש דורך דעם געוואָרן ריין און כשר צום עסן. דאָס בלוט פון דעם קרבן האָט מען אין גאַנצן אויסגעגאָסן אויפן מיזבח, וואָרום פלייש מיטן בלוט איז די יידן פאַרבאָטן צו עסן. אויפן מיזבח פלעגט מען אויך גיסן בוימל און וויין. ביכלל איז דער מיזבח געווען אַזוי ווי גאָטס טיש: אַלע פאַמיליע־מאָל־ צייטן אַרום דעם דאָזיקן טיש פלעגן באַקומען אַ הייליקע באַדייטונג. אי־ בערהויפּט פלעגן די דאָזיקע הייליקע מאָלצייטן צוגיין פייערלעך אין די גרויסע ימים־טובים. פסח פלעגט מען מקריב זיין די בכורים פון די שאָף און רינדער און דאָס פלייש פון די קרבנות פלעגט מען עסן צוזאַמען מיט די מצות. שבועות פלעגט מען דאָס קרבן־פלייש עסן שוין ניט מיט מצות, נאָר מיט געזייערטע ברויט. סוכות, דער יום־טוב פון האַרבסט, פלעגט מען ברענגען אין בית־המיקדש פירות פון דיביימער און פאַלמען־צווייגן. אין דער צייט פון די דאָזיקע ימים־טובים פלעגט דאָס פאָלק מאַכן פריילעכע סעודות אַרום די טעמפּלען און מיזבחות. יעדע פאַרמעגלעכע פאַמיליע פלעגט פאַרבעטן צו איר סעודה אָרעמעלייט, אלמנות, יתומים און גרים. אַלע האָבן געגעסן, געטרונקען און זיך משמח געווען „פאַר גאָט". די ימים־טובים פון דער ערדאַרבעט זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין רעלי־ גיעזע שימחות.

אין טעמפּל און ביים מיזבח האָט זיך געמוזט געפינען אַ כוהן. די כוה־ נים פלעגן מקריב זיין די קרבנות און פלעגן באַקומען פון יעדן קרבן אַ באַשטימטן חלק. חוץ דעם פלעגן זיי קריגן פון די באַזונדער מתנות פון די ערד־פּראָדוקטן; שפּעטער האָט דאָס געזעץ געגנוי באַשטימט די מאָס פון די דאָזיקע מתנות (מעשר). די כהונה איז אַריבערגעגאַנגען בירושה פון פאָטער צום זון. לויט דער אַלטער מסורה האָבן אַלע כוהנים גערעכנט זייער יחוס פון אַהרן הכוהן, משהס ברודער, פון שבט לוי. נאָר אין מלכות ישראל, נאָך דער רעליגיעזער איבערקערעניש פון ירבעמען, זיינען געוואָרן כוהנים וואָס האָבן ניט אָפּגעשטאַמט פון אַהרנען אָדער פון די לויים. אין די צייטן פון די שופטים און די ערשטע מלכים האָבן די כהנים געשפּילט די ראָלע פון טרעפערס אָדער „זעערס" און זיינען אויך געווען די לערערס פון פאָלק; אָבער מיט דער צייט זיינען די דאָזיקע ביידע פליכטן אַריבער צו די נביאים, וועלכע זיינען געוואָרן די אמתע לערער פון פאָלק.

וועגן אַ יענער וועלט האָבן די יידן נאָך דעמאָלט געהאַט זייער אַ טונקעלן באַגריף. זיי האָבן געגלייבט, אַז ווען אַ מענטש שטאַרבט, פאַר־

אייניקט ער זיך אין קבר צוריק מיט זיינע עלטערן. די טויטע וואוינען אַלע אין איין אָרט, „שאול“, וועלכער איז אַ מין קעניגרייך אונטער דער ערד, אַ קעניגרייך פון שאָטנס.

די יידישע אמונה אין דער צייט פון די צוויי מלוכות איז געווען אַ מין געמיש פון אַלערליי באַגריפן, נידעריקע און העכערע, וואָס זיי האָבן איבערגענומען פון פאַרשיידענע פעלקער. דער פּראָסטער פאָלקסמענטש האָט ניט פאַרשטאַנען די רעליגיע אַזוי ווי דער נאָכפאָלגער פון דעם נביא. ערשטנס האָט ער גערעכנט ה׳ בלויז פאַרן גאָט פון זיין פאָלק, אַזוי ווי, צום ביישפּיל, בעל ביי די פעניציער; צווייטנס האָט דאָס פּראָסטע פאָלק נאָך ניט געקענט זיך באַגיין אָן בילדער פון גאָט, בילדער וואָס מען זאָל קענען זען און אָנטאַפּן מיט די הענט. נאָר די בעסערע מענטשן — די נביאים און זייערע תלמידים — האָט געפּרעדיקט, אַז גאָט קען ניט פאָרגע־שטעלט ווערן אין קיין שום ממשותדיקע בילדער און, אַז זייענדיק דער נאַציאָנאַלער גאָט פון די יידן, איז ער אין דער זעלביקער צייט אויך דער איינציקער גאָט פון דער גאַנצער וועלט, דער באַשעפער פון דער נאַטור און די מענטשן. מיט דעם דאָזיקן באַגריף פון גאָט האָבן זיי נאָך פאַרבונדן די ווייטערדיקע מאָראַל: גאָט פאָדערט פון זיינע מאמינים ניט אַזוי צו אָפּהיטן די אויסערלעכע צערעמאָניעס, ווי די ריינקייט פון דעם האַרצן און צו אָפּהיטן די העכערע מאָראַלישע געזעצן. ניט די צערעמאָניעס נאָר די מאָראַל איז דער יסוד פון דער רעליגיע. די דאָזיקע לערע, וועלכע האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט די נביאים פון מלכות ישראל ערב איר אונטערגאַנג, איז ווייטער געשפּונען געוואָרן אין מלכות יהודה און ענדלעך האָט זי אין גאַנצן געענדערט די רעליגיעזע באַגריפן פון די יידן.

## § 75. ליטעראַטור

אין משך פון אַ סך יאָרהונדערטער איז די גאַנצע גייסטיקע שאַפונג פון יידישן פאָלק באַשטאַנען פון טראַדיציעס, וואָס זיינען נישט געווען פאַרשריבן, נאָר זיי האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין מויל פון פאָלק. די גע־שיכטעס וועגן דעם אָנהייב פון דער וועלט, ווי אַזוי עס זיינען געוואָרן לענדער און פעלקער, די מסורות וועגן דעם אַמאָליקן לעבן פון יידישן פאָלק, זיינע וואַנדערונגען, גבורות, מילחמות, די געשיכטעס וועגן זיינע העלדן, לערער און מלכים, גאָטס געבאָטן און געזעצן, די גלויבנס און

מינהגים — דאָס אַלץ האָט זיך אויפגעהאַלטן אין זיכרון פון פאָלק און פלעגט איבערגיין בעל־פּה, אויסווייניק, פון דור צו דור. די וויכטיקסטע געבאָטן פון דער אמונה פלעגט מען אויסלערנען אויף אויסווייניק און נאָך אין די גאָר אַלטע צייטן פלעגט מען זיי אויסקריצן און פאַרצייכענען אויף שטיינערנע טאָוולען. דאָס ערשטע, וואָס עס איז אויפגעשריבן געוואָרן, איז געווען „תורת משה" — און וואָס מער עס האָט זיך אַנטוויקלט דאָס יידישע פאָלק, אַלץ מער האָט זיך צווישן אים פאַרשפּרייט די גרויסע קונסט פון שרייבן. דעמאָלט האָט מען אָנגעהויבן די מינדלעכע טראַדי־ציעס צו פאַרשרייבן, כדי זיי צו פאַראייביקן און באַהאַלטן פאַר די קומענדיקע דורות.

כתבים זיינען געברויכט געוואָרן ביי יידן נאָך אין די צייטן פון דוד און שלומה. די ביידע מלכים האָבן געהאַט מזכירים (סעקרעטאַרן), וועל־כע פלעגן געוויס אויך פאַרשרייבן די געשעענישן פון זייער צייט. אַזעלכע כראָניקעס זיינען געפירט געוואָרן אויך אין די צייטן פון די שפּעטערדיקע מלכים אין ביידע טיילן פון דער מלוכה. דאָס קען מען זען דערפון, וואָס דער מחבר פון ספר „מלכים" (א' און ב') דערמאָנט אַלע מאָל די „דברי הימים למלכי ישראל" און „דברי הימים למלכי יהודה" ווי קוואַלן, וואָס אַנטהאַלטן מער ידיעות. ווען עס האָט זיך אַנטוויקלט די שרייב־קונסט, האָט מען אָנגעהויבן פאַרשרייבן אויך די אַלטע פאָלקס לעגענדעס, לידער און זאָגן. זיי זיינען פאַרצייכנט געוואָרן אין צוויי ספרים, וואָס זיינען נישט דערגאַנגען צו אונדז: „ספר מילחמות ה' " („דאָס בוך פון די מיל־חמות פון גאָט") און „ספר הישר" („דאָס בוך פון דעם ערלעכן", אָדער לויט דעם ריכטיקן פּירוש „דאָס בוך פון לידער"). פון דער דאָזיקער אַלטער פּאָעזיע זיינען אין תנ"ך פאַרשריבן אייניקע אויסצוגן: דאָס קלאָגליד אין וועלכן דוד באַוויינט דעם טויט פון שאול, און נאָך עטלעכע לידער, וועלכע באַזינגען די וואַנדערונגען פון די יידן אין מידבר פאַר משהן און די דעראָבערונג פון כנען פאַר יהושוען.

די עלטסטע טיילן פון די היסטאָרישע און געזעצגעבערישע ספרים פון תנ"ך זיינען דער „חומש" אָדער די „תורה", „יהושע", „שופטים", „שמואל" און „מלכים". אין די דאָזיקע וואונדערלעכע ספרים זיינען די פּשוטע לעגענדעס פון פאָלק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין באַלערנדיקע מעשות פול מיט אַ טיפן מאָראַלישן געדאַנק. די צוואָרפענע זיכרונות פון פאָלק וועגן זיין עבר זיינען איבערגעאַרבעט געוואָרן אין צוזאַמענגעבונדענע

היסטאָרישע דערציילונגען, מיט אַ שאַרפער רעליגיעזער באַפּאַרבונג. די געשעענישן פון דער באַשאַפונג פון דער וועלט, דאָס לעבן פון די ערשטע מענטשן, דעם מבול און דעם דור־הפלגה, וועלכע זיינען געווען פאַרשפּרייט נישט נאָר צווישן די יידן נאָר אויך צווישן אַלע סעמיטן פון פאָדער־אַזיע, האָבן געקראָגן אַ טיפן רעליגיעזן געדאַנק און אַ שיינע פּאָעטישע פאָרעם. אין די געשיכטעס פון דעם לעבן פון די אבות ווערט דורכגעפירט דער געדאַנק וועגן דעם בונד צווישן גאָט און די אבות פון יידישן פאָלק, און די געזעצלעכע רעכט פון די יידן, אויף כנען. נאָך שאַרפער ווערט דורכגעפירט דער דאָזיקער נאַציאָנאַל־רעליגיעזער געדאַנק אין דער גע־שיכטע פון דער קנעכטשאַפט פון די יידן אין מיצרים און זייער וואַנ־דערונג אין מידבר. מיט העלע פאַרבן ווערט דאָ געמאָלט די דערהויבענע פערזענלעכקייט פון משהן, דעם גרויסן לערער פון פאָלק; מתן־תורה איז דער יסוד פון דער יידישער אמונה און געזעצגעבונג.

שפּעטער האָבן אויך די נביאים אָנגעהויבן פאַרשרייבן זייערע דרשות, כדי זיי זאָלן בלייבן פאַר די קומענדיקע דורות. אליהו און אלישע זיינען געווען די לעצטע נביאים, וועלכע האָבן נאָך זיך נישט איבערגע־לאָזט קיין געשריבענעם מאָנומענט. די גרויסע נביאים פון דער עפּאָכע, וועגן וועלכער עס וועט דערציילט ווערן ווייטער (עמוס, ישעיה, ירמיהו און אַ סך אַנדערע), האָבן איבערגעלאָזט דער וועלט גלענצנדיקע רעדעס, פול מיט טיפע געדאַנקען, וועלכע זיינען דער בעסטער טייל פון דער ביבלישער ליטעראַטור.

קאַפּיטל 11

# דער לעצטער יאָרהונדערט פון די צוויי מלוכות

(720־830 פ"ק)

## § 76. ירבעם דער צווייטער און דער נביא עמוס

נאָך אַ סך יאָרן פון אומגליקן און מילחמות אָן אויפהער, האָט מלכות ישראל זיך ענדלעך באַרואיקט און אויפגעבליט אין דער צייט פון ירבעם דעם צווייטן (דער זון פון יהואש, דער פערטער קעניג פון יהואשס שטאַם).

ירבעם דער צווייטער, וועלכער האָט געקיניגט אַן ערך פון זעכציק יאָר (769—830), האָט געפירט דערפאָלגרייכע מילחמות מיט די אונ־טערדריקער פון זיין פאָלק, האָט זיי אונטערטעניק געמאַכט און האָט אויסגעברייט די גרענעצן פון זיין מלוכה. ער האָט באַזיגט אין צפון די ארמים און איז אַפילו אַריינגעדרונגען אין זייער הויפּטשטאָט דמשק. אין מיזרח־זייט האָט ער מנצח געווען די מואבים. אַלע גרענעץ־שטעט, וואָס מען האָט ביי די יידן געהאַט צוגענומען, האָט ער צוריק צוגעשלאָסן צו זיין מלוכה, וועלכע האָט זיך איצט געצויגן, אַזוי ווי אין די אַמאָליקע צייטן, פון די לבנון־בערג ביזן ים־המלח.

אַז מלכות ישראל האָט זיך פאַרזיכערט קעגן אָנפאַלן פון דרויסן האָבן די איינוואוינער געקענט זיך רואיק אָפּגעבן מיט פרידלעכע באַ־שעפטיקונגען. דער מיסחר מיט די פעניצישע שטעט האָט רייך געמאַכט דאָס לאַנד. די הויפּטשטאָט שומרון איז פאַרשענערט געוואָרן מיט רייכע

פּאַלאַצן. דער קעניג אַליין האָט געהאַט צוויי פּאַלאַצן: אַ זומערדיקן און אַ ווינטערדיקן. די גבירים און גרויסע לייט האָבן געבויט זייערע הייזער פון געהאַקטע שטיינער און זיי באַפּוצט מיט העלפאַנדביין. זיי פלעגן זיך קליידן אין רייכע געוואַנטן, פלעגן עסן טייערע מאכלים, טרינקען טייערע וויינען און פלעגן זיך שמירן דאָס לייב מיט שמעקעדיקע איילן. אין די פּאַלאַצן פון די שומרונישע גבירים פלעגט מען כסדר הוליען און פּראַ־ווען מאָלצייטן. איבערהויפּט האָבן זיך די פרויען אַריינגעלאָזט אין וואויל־טאָג און תענוגים. אָבער מיט די פאַרגעניגנס און צעלאָזנקייט איז געקומען אַ דורשט נאָך מער רייכטום. פילע פלעגן אָנלעבן זייערע פאַרמעגנס דורך פאַלשקייט און געוואַלט, דורך אונטערדריקן די אַרבעטנדיקע און די אָרעמע. די רייכע לייט פלעגן לייען די אָרעמע געלט אויף פּראָצענט, און ווען דער בעל־חוב האָט נישט געקענט אָפּצאָלן דאָס געלט צום טערמין פלעגט מען ביי אים צונעמען זיין לעצט אייגנטום אָדער מאַכן אים פאַר אַ קנעכט. אין יאָרן פון אומגערעטעניש פלעגן די רייכע פאַר־קויפן צו די אָרעמע ברויט פון זייערע שפּייכלערס פאַר הויכע פּרייזן. די סוחרים פלעגן נאַרן די קונים, באַנוצנדיק אַ פאַלשע וואָג און אַ פאַלשע מאָס. די ריכטער און באַאַמטע זיינען געשטאַנען אויף דער זייט פון די רייכע און מעכטיקע, און נישט פון די אָרעמע און שוואַכע. זיי פלעגן נעמען שוחד פון די באַליידיקער און זיך נישט קימערן וועגן די קלאַגעס פון די געקריוודעטע. די כוהנים האָבן זיך אויך געיאָגט נאָך רייכקייט און פאַרגעניגנס און האָבן דערמיט געגעבן אַ שלעכטן ביישפּיל דעם פאָלק. די מידות זיינען פאַרדאָרבן געוואָרן און מיט זיי אויך די רעליגיעזע אידייען.

אין יענער צייט זיינען אַרויסגעטראָטן מיט פייערדיקע רייד נייע נביאים, וועלכע האָבן געהאַט דעם מוט צו שטראָפן די הערשער און מעכטיקע לייט פאַר זייערע שלעכטע מעשים. דער שענסטער רעדנער צווישן די דאָזיקע נביאים איז געווען עמוס. אין דער יוגנט איז ער געווען אַ פאַסטעך אין דעם שטעטל תקוע, אין יהודה, נאָר שפּעטער האָט ער זיך אַריבערגעצויגן אין בית־אל, וואו עס איז געשטאַנען דער וויכטיקס־טער טעמפּל פון מלכות ישראל און וואוהין דער קעניג ירבעם פלעגט אָפט קומען צופאָרן. זייענדיק געוואוינט צום איינפאַכן לעבן פון דאָרף, איז עמוס אויפגעבראַכט געוואָרן פון דער צעלאָזנקייט פון דער גרויסער שטאָט. באַגאַבט מיט אַ פייערדיקער שפּראַך האָט עמוס גענומען פאַר־

דאַמען די זינד פון זיינע פאָלקסברידער. אין זיינע דרשות צום פאָלק האָט ער ביטער אַטאַקירט די זשעדנעקייט און פאַרשווענדעריי פון די רייכע, די אכזריות פון די שטאַרקע און מאַכטהאָבער, און די פאַרדאָר־בענע מידות. ער האָט געזאָגט, אַז אויב דאָס פאָלק וועט נישט בעסער ווערן וועלן אויפן לאַנד קומען גרויסע אומגליקן. די רייד פון דעם נייעם נביא זיינען נישט געפעלן געוואָרן די כוהנים פון דעם טעמפל אין בית־אל. איינער פון זיי, אמציה, האָט פאַרמסרט פאַרן קעניג ירבעם, אז דער נביא עמוס מאַכט דאָס פאָלק אומרואיק, דערמיט וואָס ער זאָגט נביאות, אַז דאָס לאַנד וועט אונטערגיין, און אמציה האָט באַפוילן עמוסן ער זאָל פאַרלאָזן בית־אל, די הייליקע שטאָט פון ישראל, און זאָל גיין קיין יהודה און דאָרט זאָגן נביאות. דערויף האָט עמוס געענטפערט: „איך בין נישט קיין נביא און נישט דער זון פון אַ נביא; איך בין געווען אַ שטילער פאַסטעך און האָבן געקליבן פייגן, נאָר גאָט האָט מיך גענומען פון דער סטאַדע שאָף און האָט מיר געזאָגט: גיי זאָג נביאות צו מיין פאָלק ישראל!" און טאַקע באַלד האָט עמוס אין די שטאַרקסטע אויסדרוקן אי־בערגעחזרט זיינע שרעקלעכע נביאות וועגן דעם גורל פון מלכות ישראל.

עמוס איז דער ערשטער יידישער נביא, וועמענס רעדעס עס זיינען דערגאַנגען צו אונדז אין די הייליקע שריפטן. אין זיינע נביאות קלינגט אַ מעכטיקער רוף צו איבערבויען דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אויף די יסודות פון רעכט און יושר, פרייהייט און גלייכהייט. „ווויי צו די — שרייט אויס דער נביא — וועלכע ליגן אויף בעטן פון העלפאַנדביין און ציען זיך אויס אויף זייערע געלעגערס, עסן פעטע באַראַנען, טרינקען וויין פון גרויסע בעכערס, צימבלען אויף די האַרפן — און קימערן זיך נישט אויפן בראָך פון יוספס הויז!" דערפאַר וואָס איר טרעט אויפן אָרעמאַן — זאָגט עמוס צו די רייכע — „וועט איר בויען הייזער פון געהאַקטן שטיין, אָבער וואוינען אין זיי וועט איר נישט; איר וועט פאַרפלאַנצן שיינע ווייַנגערטנער, אָבער דעם וויין פון זיי וועט איר נישט טרינקען". און צו די פרויען פון העכערן קלאַס, וועלכע האָבן זיך געיאָגט נאָך תענו־גים, זאָגט דער נביא מיט צאָרן: „הערט אויס, איר קי פון בשן, איר וואָס באַרויבט די אָרעמע, צעשטויסט די אביונים און זאָגט צו אייערע האַרן: ברענגט אונדז — און מיר וועלן טרינקען! עס וועלן קומען טעג און מען וועט אייך פירן אויף שיפן (אין גלות) און אייער רעשט — אין פישער־שיפלעך". דער נביא לאַכט אָפּ פון דער פאַלשער פרומקייט, וועלכע האָט

דעמאָלט געהערשט ביי יידן — און ער דערקלערט, אַז גאָט שעצט נישט די רעליגיעזע צערעמאָניעס, נאָר גוטסקייט און ערלעכקייט צו מענטשן: „צו וואָס ברענגט איר מיר קרבנות? — זאָגט גאָט. איך וויל נישט אייערע קרבן עולות און מתנות! אייערע ימים־טובים האָס איך, דער ריח פון אייערע קטורת אויף אייערע פאַרזאַמלונגען איז מיר מיאוס. נעם אַוועק פון מיר דאָס ברומען פון דיינע לידער, און לאָמיך נישט הערן די קלאַנגען פון דיינע גיטאַרן. זאָל בעסער די גערעכטיקייט זיך צעפליסן, ווי אַ וואַסער (אומעטום), זאָל יושר זיך צעגיסן ווי אַ מעכטיקער שטראָם! עס וועלן אָנקומען טעג און איך וועל שיקן אַ הונגער אויף דער ערד, אָבער נישט אַ הונגער פון ברויט און נישט קיין דורשט פון וואַסער, נאָר אַ דורשט צו הערן גאָטס וואָרט. און עס וועלן וואַנדערן די מענטשן פון ים צו ים, פון צפון צו מיזרח וועלן זיי וואָגלען, זוכנדיק גאָטס וואָרט, אָבער זיי וועלן עס נישט געפינען". דער נביא שטעלט גאַנץ אָפּן יהודה העכער ווי מלכות ישראל. אין יהודה און אין דער געזעצלעכער דינאַסטיע פון דוד זעט ער יענעם קערן פון פאָלק, וואָס וועט זיך אויפהאַלטן נאָך אַלע פּאָליטישע איבערקערענישן. „איך וועל צעשפּרייטן די קינדער פון ישראל צווישן די פעלקער — זאָגט גאָט — נאָר דעם גאַנצן שטאַם פון יעקב וועל איך נישט פאַרטיליקן. איך וועל אויפשטעלן צוריק דעם צע־טרייסלטן געצעלט פון דודן".

## § 77. מהומות אין מלכות ישראל; אשור.

דאָס לאַנגע קעניגן פון ירבעם דעם צווייטן איז געווען די לעצטע רואיקע צייט אין דעם לעבן פון מלכות ישראל. באַלד טויט פון דעם דאָזיקן קעניג האָבן זיך אָנגעהויבן מהומות. די מלכים האָבן זיך שנעל געביטן איינער נאָכן אַנדערן אויפן טראָן, און די קעניגלעכע מאַכט פלעגט פאַר־כאַפּט ווערן דורך פאַרראַט און מאָרד. זכריה, דער זון פון ירבעם דעם צווייטן, האָט געקעניגט בלויז אַ האַלב יאָר. מען האָט געמאַכט קעגן אים אַ פאַרשווערונג און אים געהרגעט. מיט זיין טויט האָט זיך געענדיקט די דינאַסטיע יהוא. אויפן טראָן אין שומרון איז אַרויף דער מערדער פון זכריה, שלום. אָבער אין גיכן איז ער אויך געפאַלן פון די הענט פון מורדים, וועלכע זיינען אָנגעפירט געוואָרן פון מנחם בן גדי פון תרצה. מנחם איז אַריינגעטראָטן אין שומרון און האָט זיך דערקלערט פאַר מלך

(768). די וואָס האָבן נישט געוואָלט אָנערקענען זיין הערשאַפט האָט ער גרויזאַם פאַרפאָלגט. די איינוואוינער פון דער שטאָט תפסח האָבן זיך אָפּגעזאָגט אַריינצולאָזן צו זיך דעם אַליין־געקרוינטן קעניג. מנחם האָט באַלאַגערט די שטאָט, און ווען זי האָט זיך אונטערגעגעבן האָט ער דאָרט אויסגעהרגעט אַלע איינוואוינער, אַפילו קינדער און מעו־ברתע פרויען. עס האָט זיך שיער נישט צעפלאַקערט אַ בירגער־קריג, נאָר אין יענער צייט האָט זיך אויף מלכות ישראל אָנגערוקט אַ שרעק־לעכער שונא פון מעסאָפּאָטאַמיע. דאָס זיינען געווען די אַסיריער, וועלכע האָבן באַשאַפן די גרויסע מלוכה אשור, צווישן די טייכן פרת און חדקל.

אין יענער צייט איז אשור דורך אירע קריגערישע מלכים געוואָרן די מעכטיקסטע מלוכה אין מערב־אַזיע. נאָך דעם ווי די אַסיריער האָבן איינגענומען אַ סך לענדער אין אַרמעניע, מדי (מידיע), פּרס (פּערסיע) און בבל, האָבן זיי זיך גענומען ציען צו די ברעגן פון דעם מיטללענדישן ים. זיי האָבן געוואָלט איינגעמען סיריע און פעניציע, וואָס זיינען געלעגן ביים ים, די קעניגרייכן ישראל און יהודה, און ענדלעך דערלאַנגען צו דער גרויסער עגיפּטן. די אַסירישע הערשער האָבן זיך גערופן „גרויסע מלכים", און האָבן געשטרעבט איינצונעמען די גאַנצע וועלט; זייער הויפּטשטאָט איז געווען נינוה, אַ גרויסע שטאָט אויפן ברעג פון טיגריס. נינוה איז געווען באַוואוסט מיט איר גרויסער באַפעלקערונג, מיט אירע רייכטימער, פּרעכטיקע פּאַלאַצן און הייליקע טעמפּלען. די אַסיריער האָבן געדינט צו די שטערן און זייערע הויפּט־געטער זיינען געווען: בעל, דער גאָט פון דער זון, און אישתר, די קעניגין פון הימל און די געטין פון פרוכטבאַר־קייט. בעל האָט זיך גערעכנט אויך פאַרן גאָט פון מילחמה, און זיין גנאָד האָט מען געקענט געווינען מיט בלוטיקע קרבנות צו אים. די אַסירישע קריגסלייט האָט מען אומעטום געהאַלטן פאַר גרויזאַמע און אומבאַזיג־באַרע. ישעיה הנביא שילדערט דעם אַסירישן קריגער אַזוי: „ער גייט פלינק און גרינג, ער ווערט נישט מיד און ווערט נישט שוואַך, ער דרימלט נישט און שלאָפט נישט. דער גאַרטל פון זיינע לענדן ווערט קיין מאָל נישט אַרונטערגענומען, און דער רימען פון זיין שוך בינדט זיך קיינמאָל נישט פונאַנדער. זיינע פיילן זיינען אָנגעשאַרפט און זיין בויגן איז אָנגע־צויגן. די קאָפּיטעס פון זיינע פערד זיינען ווי קיזלשטיין, און זיינע רייט־וועגן — ווי דער שטורעמווינט. זיין געשריי איז גלייך צום ברומען פון לייב: ער גיט אַ ברום און כאַפּט זיין רויב און פליט מיט אים אַוועק —

און קיינער קען פון איס זיך נישט ראַטעווען". און די דאָזיקע שרעקלעכע קריגער האָבן איצט געוואָרפן אַן אויג אויף מלכות ישראל.

דער אַסירישער מלך פול האָט זיך אַ רוק געטאָן מיט אַ גרויס חיל איבער דמשק, איז באַפאַלן די נחלות פון די צפונדיקע שבטים, וואו ער האָט פאַרנומען אַ סך רויב און געפאַנגענע, און האָט זיך געלאָזט גיין אויף דער הויפּטשטאָט שומרון. דער קעניג מנחם האָט זיך געפונען צווישן צוויי פייערן: צווישן דעם פיינדלעכן טייל פון זיין אייגענעם פאָלק און דעם שונא פון דרויסן. האָט ער באַשלאָסן צו זוכן שטיצע ביי דעם דרויסנ־דיקן פיינד קעגן דעם אינווייניקסטן. און ער האָט געגעבן פולן אַ גרויסע סומע אויסלייז־געלט מיט דעם תנאי, אַז ער זאָל לאָזן דאָס לאַנד צורו און זאָל באַפעסטיקן זיין, מנחמס, הערשאַפט איבער מלכות ישראל. דער שונא איז אַוועק אָבער פון דעמאָלט אָן איז מלכות ישראל געוואָרן אונ־טערטעניק צו אשור.

נאָך צען יאָר קעניגן איז מנחם געשטאָרבן און אין צוויי יאָר אַרום האָט די קענגלעכע הערשאַפט אַריינגעכאַפּט דער ענערגישער קריגספירער פקח (755).

פקח איז געווען אַ מענטש מיט אַ סך מוט און אַ גרויסן אונטערנע־מונגס־גייסט, און ער האָט באַשלאָסן צו באַפרייען זיין לאַנד פון אשורס יאָך. פאַר דעם צוועק איז ער אַריינגעטראָטן אין אַ בונד מיט די אַנדערע פעלקער, וואָס זיינען געווען אונטערדריקט פון אשור. דער ארמישער קעניג רצין און דער קעניג פקח האָבן זיך פאַראייניקט כדי מיט בשות־פותדיקע כוחות צו פאַרטיידיקן זיך קעגן דעם מעכטיקן פיינד. די פאַר־בינדעטע האָבן באַשלאָסן צוצוציען אויף זייער זייט אויך דעם קעניג פון יהודה.

אין יענער צייט פון צרות און מהומות, ווען די מלכים פלעגן דורך מאָרד אַריינכאַפּן די מאַכט אין זייערע הענט, די רייכע לייט האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין וואוילטאָג און געצנדינסט און דאָס אַרבעטער־פאָלק האָט געשמאַכט אין דחקות און אומוויסנהייט, האָבן זיך באַוויזן נייע באַגייסטערטע נביאים, וועלכע האָבן אָנגעוויזן דעם פאָלק אויף זיינע שלעכטע מעשים. דער וויכטיקסטער נביא פון יענער צייט איז געווען הושע. אין פייערדיקע רייד אַטאַקירט ער די רעליגיעזע און פּאָלי־טישע טעותן פון פאָלק. הושע פאַרגלייכט מלכות שומרון מיט אַ פאַלשער פרוי, וועלכע האָט פאַרלאָזט איר געזעצלעכן מאַן, גאָט, און איז אַוועק

נאָך איר געליבטן בעל. מיט ביטערקייט רעדט ער וועגן די מלכים פון שומרון, וועלכע באַווייזן זיך ווי „שוים אויפן וואַסער", וועגן דער לאַסט פון דעם מלך און די האַרן. „איך גיב דיר אַ מלך אין מיין צאָרן און נעם אים צו אין פאַרדרוס" — זאָגט דער נביא אין דעם נאָמען פון גאָט. ער דערמאָנט דעם פאָלק זיין היסטאָרישע יוגנט, די צייט ווען ער איז אַרויס פון מיצרים און געוואַנדערט איבערן מידבר. „ווען ישראל איז יונג געווען, האָב איך אים ליב געהאַט — זאָגט גאָט מיט די ליפּן פון דעם נביא; — פון מיצרים האָב איך גערופן דעם זון מיינעם... ווי ווייַנטרויבן אין מידבר האָב איך געפונען ישראלן; ווי יונגע פרוכט אויפן פייגנבוים האָב איך דערזען די אורעלטערן אייערע". דער נביא דריקט אויס די האָפענונג, אַז נאָך אַ סך ליידן וועט די זינדיקע שומרון חרטה האָבן און וועט זאָגן: „איך וועל גיין און וועל זיך אומקערן צו מיין ערשטן מאַן, וואָרום מיר איז בעסער געווען דעמאָלט ווי איצט".

## § 78. די מלכים עֻזיהו און אחז אין יהודה.

אין מלכות יהודה זיינען נישט געווען אַזעלכע בלוטיקע איבערקער־רענישן, ווי די וואָס האָבן אויסגעזויגן די כוחות פון מלכות ישראל. דאָ איז דודס דינאַסטיע געווען שטאַרק און דער טראָן פלעגט אַריבערגיין בירושה פון פאָטער צו זון. אין דער צייט פון עוזיהו, דעם אייניקל פון יואש (805—755), האָט מלכות יהודה ווידער דערגרייכט צו מאַכט און רייכקייט. עוזיהו האָט פאַראייניקט אין זיך די פעאיקייטן פון אַ העל־דישן קריגספירער און אַ גוטן מושל. כדי צו באַשיצן דאָס לאַנד פון פיינדלעכע אָנפאַלן האָט ער פאַרגרעסערט זיין חיל און האָט אויסגעבויט אַ סאַך פעסטונגען אין פאַרשיידענע ערטער; איבערהויפּט האָט ער באַפעס־טיקט די מויערן פון ירושלים, האָט אויפגעבויט טורעמס, און האָט אַוועק־געשטעלט אויף זיי גרויסע מאַשינען, וואָס וואַרפן שטיינער און פיילן. עוזיהו האָט זיך אויך אָפּגעגעבן צו אַנטוויקלען ערדאַרבעט און מיסחר. יהודה האָט געפירט האַנדל מיט פעניציע און מיצרים און איז געוואָרן אַלץ רייכער און רייכער. „דאָס לאַנד איז געוואָרן פול מיט זילבער און גאָלד, מיט פערד און רייטוועגן" — זאָגט אַ נביא פון יענער צייט. אָבער ווען דאָס רייכטום און דער אויסווייניקסטער גלאַנץ פון יהודה זיינען געשטיגן, האָט מען דאָ אויך אָנגעהויבן ציען צו וואוילטאָג און פאַר־

דאָרבענע מידות, הגם נישט אין אַזאַ מאָס ווי אין מלכות ישראל. דער קעניג עוזיהו איז בכלל געווען אַ פרומער, נאָר אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן איז צווישן אים און די כוהנים פאָרגעקומען אַ צוזאַמענשטויס. איין מאָל איז ער אַריין אין בית המיקדש און האָט געוואָלט אָנצינדן די קטורת אויפן מיזבח, וואָס נאָכן דין האָבן עס געמעגט נאָר די כוהנים. דער תנ"ך דערציילט, אַז ווי נאָר דער קעניג איז צוגעגאַנגען צום מיזבח האָט זיך ביי אים אויפן שטערן באַוויזן אַן אויסשלאַג. נאָכן געזעץ האָט אַ קרעציקער געמוזט לעבן אָפּגעזונדערט און האָט זיך נישט געטאָרט



תיגלת־פּלאַסר אויף זיין קריגסוואָגן

ווייזן צווישן מענטשן. זייענדיק געשטראָפט מיט דער שרעקלעכער חולאת האָט עוזיהו נאָך ביים לעבן איבערגעגעבן די קעניגלעכע מאַכט צו זיין זון יותם, וועלכער האָט געוועלטיקט פופצן יאָר.

אַן אומרואיקע צייט איז אָנגעשטאַנען אין יהודה אין די יאָרן פון יותמס זון אָחז (739—724). אחז איז אַרויף אויפן טראָן אין יענער צייט ווען פּקח, דער מלך פון ישראל, און רצין, דער מלך פון ארם, האָבן געשלאָסן אַ בונד קעגן אשור. זיי האָבן פאָרגעלייגט דעם מלך פון יהודה ער זאָל זיך אויך אָנשליסן אָן דעם דאָזיקן בונד קעגן דעם אַלגעמיינעם שונא. נאָר אחז, מורא האָבנדיק פאַר דער מעכטיקער אשור, האָט נישט געוואָלט צושטיין צום בונד. דעמאָלט האָט פּקח און רצין דערקלערט קריג אחזן. די אַרמייען פון די פאַראייניקטע מלכים האָבן זיך אַריינגע־

ריסן אין יהודה און דאָרט געמאַכט אַ גרויסן חורבן; זיי האָבן זיך שוין אַפילו גענומען דערנענטערן צו ירושלים. אחז איז געווען אין אַ פּאַר־צווייפלטער לאַגע. האָט ער געשיקט צום אַסירישן קעניג, תיגלת פּלאסר, און אים אַזוי געזאָגט: „איך בין דיין קנעכט און דיין זון. קום און ראַ־טעווע מיך פון די הענט פון די מלכים פון ארם און ישראל, וועלכע גייען מיט געווער קעגן מיר!" דער אַסירישער קעניג איז געווען זייער צופרידן פון דער אונטערטעניגקייט פון אחז, וועלכער, אַנשטאָט זיך צו פּאַראיי־ניקן מיט אשורס פיינד, האָט גאָר הכנעהדיק געבעטן איר שוץ, און ער האָט באַלד אַרויסגעשיקט אַ חיל אין די לענדער פון פקח און רצין, וועלכע האָבן קעגן אים מורד געווען.

## § 79. דער אונטערגאַנג פון מלכות ישראל.

אַזוי שנעל ווי פקח און רצין האָבן זיך דערוואוסט אַז אשורס חיל איז אָנגעפאַלן אויף זייערע לענדער, האָבן זיי אָפּגעלאָזט יהודה און זיך שנעל אומגעקערט יעדערער אין זיין מלוכה. אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. תיגלת־פּלאסר האָט איינגענומען דמשק, די הויפּטשטאָט פון ארם, און האָט פאַרטריבן די איינוואוינער אין אַ ווייטן לאַנד. דעם קעניג רצין האָט ער גענומען געפאַנגען און אים געטויט. די ארמישע מלוכה איז איינגעשלאָסן געוואָרן צו אַסיריע — און האָט שפּעטער געקראָגן דעם נאָמען סיריע (פאַרקירצט פון אַסיריע). נאָך דעם איז תיגלת־פּלאסר אַריינגעטראָטן אין מלכות־ישראל און האָט איינגענומען אין מיזרח דעם גאַנצן גילעד, און אין צפון — די נחלות פון די שבטים נפתלי, זבולון און אשר. די דאָזיקע לענדער האָט ער אַריינגענומען אין זיינע גרענעצן און זייערע איינוואוינער האָט ער אַוועקגעפירט געפאַנגען און זיי צע־שפּרייט אין אַלע ווינקלען פון דעם גרויסן אַסירישן קעניגרייך.

אויף אַזאַ אופן איז פון מלכות־ישראל אָפּגעריסן געוואָרן אַ העלפט פון איר לאַנד (735). פקח איז געבליבן קעניג בלויז איבערן לאַנד פון אפרים און די גאַנץ־געבליבענע שכנישע שבטים, אין וועלכע עס האָט זיך געפונען די הויפּטשטאָט שומרון. דאָס געבליבענע לאַנד האָט אויך געמוזט אָנערקענען די אויבערהערשאַפט פון אַסירישן קעניג און צאָלן אים צינז. אַ טייל פון פאָלק איז געוואָרן אומצופרידן מיטן פקחן, וועל־כער האָט געבראַכט אַזאַ אומגליק אויפן לאַנד און מען האָט געמאַכט

קעגן אים אַ פאַרשווערונג. דער אָנפירער פון דער פאַרשווערונג, הושע בן־אלה, האָט געהרגעט פקחן און, מיט דער הילף פון די אַסיריער, איז ער געוואָרן קעניג (734).

צען יאָר לאַנג איז הושע געבליבן אונטערוואָרפן צו אשור. דאָס האָט אים שווער געדריקט און ער האָט געזוכט אַ געלעגנהייט זיך צו באַ־פרייען פון דעם פרעמדן יאָך. ווען תיגלת־פלאסר איז געשטאָרבן האָבן זיך אין פאַלעסטינע ווידער אָנגעהויבן אומרוען. די פעניציער פון צור און עטלעכע אַנדערע פעלקער זיינען אויפגעשטאַנען קעגן דער אויבער־הערשאַפט פון אשור. די אויפגעשטאַנענע קליינע פעלקער האָבן אַ סך גע־האָפט אויף דער הילף פון אשורס גרויסן קעגנער — מיצרים. די אַלגע־מיינע באַוועגונג האָט אַריינגעצויגן אויך דעם מלך פון ישראל, און הושע האָט זיך אין דער שטיל פאַרבונדן מיט דעם עגיפּטישן קעניג שישאק. פאַרלאָזנדיק זיך אויף דער הילף פון מיצרים האָט הושע אויפגעהערט שיקן דעם יערלעכן צינז צו תיגלת־פלאסרס יורש, דעם „גרויסן מלך" שלמנאסר. אָבער ער האָט זיך אָפּגענאַרט אין חשבון. ווען דער דערצאָרנ־טער שלמנאסר האָט זיך ארייגעריסן מיט אַ גרויסן חיל אין מלכות ישראל, האָבן די מיצריים אפילו ניט געפּרואווט קומען די יידן צו הילף. די אַסיריער האָבן גענומען די יידישע שטעט איינע נאָך דער אַנדערער און זיינען באַלד צוגעקומען צו שומרון און האָבן זי באַלאַגערט. נאָך פאַר דער באַלאַגערונג פון דער הויפּטשטאָט איז הושע געפאַנגען גע־וואָרן פון די אַסיריער, וועלכע האָבן אים פאַרשפּאַרט אין תפיסה (724). די באַלאַגערטע איינוואוינער פון שומרון האָבן מיט גרויס מוט זיך גע־שטעלט קעגן דעם שונא. דריי יאָר האָבן די אַסיריער באַלאַגערט די גוט־באַפעסטיקטע יידישע הויפּטשטאָט, וועלכע איז געפאַלן שוין נאָכן טויט פון שלמנאסר, אין דער צייט פון זיין נאָכפאָלגער סרגון (721).

אַז שומרון איז געפאַלן האָט דער אַסירישער הערשער באַשלאָסן אויף אייביק צו פאַרניכטן מלכות ישראל. פאַר דעם דאָזיקן צוועק האָט ער זיך באַנוצט מיט דעם זעלביקן מיטל, וואָס די אַסיריער פלעגן שטענ־דיק געברויכן ווען זיי פלעגן איינגעמען אַ פיינטלעכע מדינה. ער האָט צענדליקער טויזנטער יידן אַוועקגעפירט אין געפאַנגענשאַפט און האָט זיי צעשפּרייט איבער אַלע ווינקלען פון זיין מלוכה: „אין חלח, חבור, ביים טייך גוזן און אין די שטעט פון מדי". פון שומרון אַליין האָט מען אַוועקגעפירט 27.280 יידן. אָבער אַ סך האָבן באַוויזן זיך צו ראַטעווען,

אַנטלויפנדיק אין דער שכנישער מלכות יהודה. אין אַ יאָר אַרום נאָך דער מפלה פון שומרון (720) האָבן די דאָרטיקע פאַרבליבענע איינוואוינער ווידער געפּרואווט מאַכן אַן אויפשטאַנד. דאָס האָט ווידער געפירט דער־צו, אַז אַ סך יידן זיינען מיט געוואַלד אַוועקגעשיקט געוואָרן אין ווייטע לענדער. און אַזוי האָבן שומרון און אַנדערע יידישע שטעט פאַרלאָרן דעם גרעסטן טייל פון זייערע איינוואוינער. זייענדיק פאַרטריבן אין ווייטע לענדער האָבן זיך די יידן אויסגעמישט מיט די אָרטיקע היידנישע פעל־קער, און ענדלעך זיינען זיי כימעט אין גאַנצן פאַרשוואונדן צווישן זיי. אין די פאַרוויסטע יידישע שטעט האָט דער אַסירישער קעניג אַריבער־געבראַכט און באַזעצט אַסיריער, בבלים און כותים פון זיין אייגענער מלוכה. די דאָזיקע נייע איינוואוינער זיינען געוועזן געצנדינער, נאָר מיט דער צייט האָבן זיי איבערגענומען אַ סך יידישע מינהגים און גלויבנס. זיי האָבן זיך אויסגעמישט מיט דעם רעשט פון די דאָרטיקע יידן און צולעצט זייען זיי געוואָרן אַ באַזונדערע האַלב־געצנדינערישע, האַלב־יידישע פעלקערשאַפט, באַוואוסט אונטער'ן נאָמען „שומרונים".

אַזוי איז אונטערגעגאַנגען מלכות ישראל, די מלוכה פון די צען שבטים, וועלכע האָט עקזיסטירט צוויי הונדערט און פופציק יאָר נאָך דעם ווי זי האָט זיך אָפּגעטיילט פון מלכות יהודה. אונטערגעגאַנגען איז ניט נאָר די מלוכה, נאָר אויך אַ גרויסער טייל פון יידישן פאָלק, וועל־כער איז פאַרשוואונדן צווישן די אַזיאַטישע פעלקער. דאָס דאָזיקע אומ־גליק איז צוגערייט געוואָרן לאַנגזאַם. די צעשפּאַלטונג פון דער מלוכה נאָך שלמהן איז געוועזן דער ערשטער קלאַפּ פאַר דער גאַנצקייט פון יידישן פאָלק. די צעריסענע מלוכה האָט ניט געקענטביישטיין קעגן די דרויסנ־דיקע שונאים. די גרעסערע העלפט איז חרוב געוואָרן; געבליבן איז נאָר די קלענערע — יהודה. פון דעם יידישן פאָלק זיינען געבליבן נאָר דער שבט יהודה און בנימין, אַ טייל פון דעם שבט לוי, און די רעשט פון די צפונדיקע שבטים, וועלכע זיינען אַנטלאָפן קיין יהודה נאָכן חורבן פון שומרון.

## § 80. דער קעניג אחז און ישעיה הנביא.

דאָס מעכטיקע אשור האָט חרוב געמאַכט די האַרטנעקיקע מלכות־ישראל, אָבער עס האָט געשוינט די הכנעהדיקע יהודה. אחז, דער מלך

פון יהודה, האָט אָנערקענט דעם מלך פון אשור פאַר זיין אויבערהער־שער. ווען תיגלת־פלאסר האָט שוין געהאַט איינגענומען אַ העלפט פון מלכות ישראל איז אחז אַוועק קיין דמשק צו באַגריסן דאָרט דעם זיגער און געווינען זיין פריינדשאַפט. אין דמשק האָט זיך אחז באַקענט מיט די אַסירישע פירונגען און זיי זיינען אים זייער געפעלן געוואָרן. איבער־הויפּט האָט ביי אים אויסגענומען דער געצנדינערישער מיזבח, אויף וועלכן דער זיגער פלעגט ברענגען קרבנות צום אַסירישן גאָט. אַחז האָט פון דמשק אַוועקגעשיקט צום כוהן גדול אוריה אין ירושלים אַ צייכע־נונג פון דעם דאָזיקן מיזבח און אים באַפוילן אויסצובויען פּונקט אַזאַ מיזבח. אוריה האָט דערפילט דעם באַפעל פון קעניג.

ווען אחז איז צוריקגעקומען פון דמשק האָט ער אָנגעהויבן איינפירן אין ירושלים דעם אַסירישן דינסט צו דער זון און די שטערן. ביים אריינ־גאַנג פון בית־המקדש האָט ער אַוועקגעשטעלט אַ רייטוואָגן מיט פערד לכבוד דעם גאָט פון דער זון. אחז איז אַזוי ווייט אַוועק אין זיין געצנ־דינסט, אז איין מאָל ווען ער איז געווען אין אַ סכנה, האָט ער פאַרברענט איינעם פון זיינע זין אויפן מיזבח פון דעם אָפּגאָט מולך. ער האָט זיין קינד געבראַכט פאַר אַ קרבן צו שטילן דעם צאָרן פון דעם אָפּגאָט. און אַ סך חשובע לייט פון יהודה האָבן נאָכגעטאָן דעם קעניגס מיאוסע מעשים. די פאַרדאָרבנקייט פון די מידות אין יהודה איז אַלץ שטאַרקער געוואָרן און עס איז געווען אַ סכנה, אַז זי זאָל זיך ניט צעוואַקסן אַזוי ווי אין מלכות ישראל. צום גליק איז געשען, אַז ווען אחז איז געשטאָרבן, איז אויפן טראָן פון יהודה אַרויפגעטראָטן זיין זון, דער קלוגער און גאָטספאָרכטיקער חזקיהו (724), וועלכער האָט אָנגעהויבן פירן דאָס לאַנד אין יידישן גייסט. ווען די אַסירער האָבן איינגענומען שומרון אין די ערשטע יאָרן פון חזקיהוס קעניגן, האָבן די איינוואוינער פון יהודה געזען אין דעם די גערעכטע שטראָף פון גאָט פאַר די זינד פון ישראל; זיי האָבן זיך אַראָפּגענומען אַ מוסר און זיינען גערן צוגעשטאַנען צו זייער יונגן קעניג חזקיהו, וועלכער האָט זיך גענומען אויסוואָרצלען דעם געצנדינסט און איינפירן אַ נייע אָרדענונג אין לאַנד.

אין די צייטן פון די מלכים אחז און חזקיהו האָט אין יהודה געלעבט דע רגרעסטער יידישער נביא, ישעיה, דער זון פון אמוץ. זיין נביאות האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אין דער צייט פון אחז. יהודה איז דעמאָלט געווען שטאַרק רייך און האָט געלעבט בשלוה, נאָר אירע גרויסע און רייכע

לייט האָבן נאָכגעטאָן די פאַרדאָרבענע מידות פון די שומרונים. ישעיה האָט זיך תמיד געדרייט אין דער העכערער געזעלשאַפט פון ירושלים און ביטער געשטראָפט די דאָזיקע געזעלשאַפט פאַר אירע זינד. ער האָט אַרויסגעשטעלט פאַרן פאָלק יענע הויכע געזעלשאַפטלעכע און גייסטיקע אידעאַלן, צו וועלכע עס האָבן שפּעטער אין משך פון אַ סך יאָרהונדערטער גערופן די גרעסטע לערער פון דער מענטשהייט:

„ווי איז די געטרייע שטאָט אַן אויסגעלאַסענע געוואָרן! — רופט אויס דער נביא. — זי וועלכע איז פול מיט גערעכטיקייט געווען! אין איר פלעגט ערלעכקייט רוען, און איצט — מערדערס (בלויז). דיינע פירשטן זיינען ווידערשפּעניקער, קאַמעראַדן פון גנבים, איטלעכער האָט ליב געשאַנקען און יאָגט זיך נאָך באַצאָלונג. דעם יתום גיבן זיי ניט זיין רעכט און די קלאַגע פון דער אלמנה קומט צו זיי ניט אָן”...



ישעיהו הנביא

„וויי צו די וועלכע רוקן אַ הויז צו אַ הויז און נענטערן אַ פעלד צו אַ פעלד אַז ס'איז מער קיין פּלאַץ ניטאָ, און איר אַליין בלייבט זיצן אינעם לאַנד”... „צו וואָס מיר אייערע פילע קרבנות? — זאָגט גאָט. ווען איר קומט זיך ווייזן פאַר מיין געזיכט, ווער בעט עס פון אייך איר זאָלט מיינע הויפן באַטרעטן? ברענגט ניט אייערע ליגן־געשאַנקען; אייער ווייררויך איז אַן עקל פאַר מיר. אייערע מאָנאַט־ימים־טובים און אייערע פייערטעג האסט מיין גייסט. וויפיל איר זאָלט ניט בעטן, הער איך זיך ניט איין; אייערע הענט זיינען מיט בלוט געפילט. וואַשט זיך אָפּ, רייניקט זיך, טוט אָפּ אייערע בייזע מעשים פון מיינע אויגן, הערט־אויף שלעכטס צו טאָן. לערנט זיך גוטס

טאָן, זוכט גערעכטיקייט, אונטערשטיצט דעם אונטערדריקטן, גיט זיין רעכט דעם יתום, נעמט זיך אָן דער קריוודע פון דער אלמנה!".

ישעיהס נביאות ווערט באַזונדערס שאַרף אין דער צייט פון אחז, ווען מען האָט אין ירושלים אָנגעהויבן נאָכמאַכן די אַסירישע אָרדענונ־גען און איינפירן דעם געצנדינסט. דער נביא האָט גוזען דעם אָנפאַל פון תיגלת־פלאסר, וועלכער האָט איינגענומען ארם און אַ העלפט פון מלכות ישראל, און ער האָט פאָראויסגעזאָגט יהודה דעם זעלביקן סוף, אויב זי וועט זיך ניט פאַרבעסערן. ער האָט אָפּגעלאַכט פון אחזן, וואָס ער שרעקט זיך אַזוי און בויגט זיך שקלאַפיש פאַרן אַסירישן מלך. „אשור — דאָס איז נאָר אַ שטעקן אין די הענט פון דעם צאָרנדיקן גאָט. קען די האַק זיך שטעלן העכער פון דעם העקער? קען די זעג שטאָלצירן איבער דעם, וואָס זעגט מיט איר?". דער פאַרבלענדטער אחז האָט מורא געהאָט פאַרן שטעקן אָבער ניט פאַר גאָט, אין וועמעס הענט דער שטעקן, אשור, איז נאָר אַ בלינד געצייג. דער נביא האָט פאָרויסגעזאָגט, אַז די שטאָלצע אַשור, פאַר וועלכער עס האָבן געציטערט אַלע פעלקער, וועט אונטער־גיין. ער האָט אויך נביאות געזאָגט וועגן דעם שיקזאַל פון דמשק, שומרון, צור, מואב, מיצרים און אַנדערע מלוכות.

ישעיהס רעדעס האָבן איבערראַשט מיט זייער קראַפט און שיינ־קייט. אין אַ צייט פון שווערער פאַרדאָרבנקייט האָט דאָס מעכטיקע וואָרט פון דעם נביא געוועקט דאָס געוויסן פון פאָלק. ישעיה האָט גע־האַט אַ סך תלמידים און נאָכפאָלגער צווישן די בעסערע מענטשן פון יהודה, און די האָבן געראַטעוועט דאָס פאָלק פון פאַלן. ישעיה האָט נאָך אויך דערלעבט בעסערע צייטן, ווען אויפן טראָן פון יהודה איז אַרויפ־געטראָטן דער גאָטספאָרכטיקער חזקיהו, וועלכער האָט אויסגעראָטן אַלע שלעכטע אָרדענונגען, וואָס זיינען איינגעפירט געוואָרן פאַר זיין פאָ־טער אחז. די נבואות פון ישעיה ווערן דעמאָלט ליכטיקער און מונטערער. דער אידעאַל פון אַ גוטן הערשער און אַ גליקלעכן לאַנד שטעלט זיך פאָר דעם נביא אין דעם־אָ בילד:

„עס וועט אַרויסגיין אַ צווייג פון ישיס שטאַם (דודס דינאַסטיע), און אַ ריטל וועט פון זיינע וואָרצלען אַרויסוואַקסן, און עס וועט רוען אויף אים (דעם קעניג) דער גייסט פון גאָט, דער גייסט פון קלוגהייט און פאַרשטאַנד, דער גייסט פון אַנטשלאָסנקייט און העלדישקייט, דער גייסט פון וויסן און גאָטספאָרכטיקייט... ער וועט מישפּטן מיט

גערעכטיקייט די נויטבאַדערפטיקע, און ער וועט אורטיילן מיט ריכטי־קייט די געדריקטע פון לאַנד. גערעכטיקייט וועט זיין דער גאַרטל אַרום זיינע לענדן (ד״ה ער וועט זיך ניט צעשיידן דערמיט).. און אַ וואָלף וועט וואוינען מיט אַ שעפּס, און אַ טיגער וועט ליגן מיט אַ ציגעלע, און אַ קאַלב און אַ יונגער לייב און אַ פעט רינד אין איינעם, און אַ קליין קינד וועט זיי פירן. און אַ קו און אַ בער וועלן זיך צוזאַמען פּי־טערן, צוזאַמען וועלן זייערע יונגע ליגן, און דער לייב וועט אַזוי ווי דער רינד — שטרוי עסן. און אַ זויגלינג וועט זיך שפּילן ביי דעם לאָך פון אַ פּיפּערנאַטער, און אויף דער נאָרע פון אַ גיפטיקער שלאַנג וועט אַן אַנטוויינט קינד זיין האַנט אויסשטרעקן. זיי וועלן ניט טאָן קיין בייז און זיי וועלן ניט שאַדן טאָן אויפן גאַנצן הייליקן באַרג מיי־נעם, דען די גאַנצע ערד וועט זיין פול מיט דערקענונג פון גאָט, אַזוי ווי דאָס וואַסער פאַרדעקט דעם ים״.

פאַרן בליק פון דעם נביא טראָגט זיך ניט אַ בילד פון אַ ווילדער, קריגערישער מלוכה, וואָס באַזיגט די גאַנצע וועלט מיטן שווערד, נאָר דער אידעאַל פון אַ פרידלעכן פאָלק, וואָס ווערט רעגירט מיט גערעכטי־קייט, וואָס שטרעבט צו מאַכן גלייך די שוואַכע מיט די שטאַרקע, און צו אָפּשאַפן די אונטערשיידן צווישן די קלאַסן. יהודה דאַרף זיך ניט וועלן גלייכן צו אשור, „די שטילע וואַסערן פון שלח (אַ קליינער טייך אין ירושלים) — מיט די מעכטיקע שטורמישע וואַסערן פון פּרת״, וואָס פאַר־טרינקען די ערד ווייט און ברייט. די יידישע מלוכה דאַרף זיין אַן אינער־לעך שטאַרקע און גערעכטע מלוכה, און ניט קיין קריגערישע וועלט־מאַכט, וואָס איר כוח באַשטייט אין געוואַלט, און איר רעכט — אין פויסט. נאָך מער, דאָס יידישע פאָלק דאַרף דערגרייכן אַזאַ הויכע מדרגה, אַז עס זאָל דינען פאַר אַ ביישפּיל צו אַנדערע פעלקער און זאָל זיך פאַר־בינדן מיט זיי אין אַן ענגער, גייסטיקער איינהייט.

„אין דעם ענד פון די טעג — זאָגט ישעיה — און פעסט אויפ־געשטעלט וועט זיין דער באַרג פון גאָטס הויז, אויף דעם שפּיץ פון די בערג, אויפגעהויבן איבער אַלע הויכע ערטער וועט ער זיין. און עס וועלן שטראָמען צו אים אַלע נאַציעס. און פיל פעלקער וועלן זען און וועלן זאָגן: קומט, לאָזן מיר אַרויפשטייגן צו דעם באַרג פון דעם אייביקן, צו דעם הויז פון יעקבס גאָט, און ער וועט אונדז לערנען פון

זיינע וועגן, און מיר וועלן אין זיינע שטעגן גיין, דען פון ציון קומט אַרויס די לערע, און גאָטס וואָרט — פֿון ירושלים. און ער וועט אור־טיילן צווישן די נאַציעס און רעדן וועט ער צו די פעלקער. און זיי וועלן איבערשמידן זייערע שווערדן אין אַקעראייזנס און זייערע שפּיזן אויף גאָרטן־מעסערס. אַ פאָלק קעגן אַ פאָלק וועט מער קיין שווערד ניט אויפהויבן און זיי וועלן מער ניט לערנען קיין קריג״.



קאפיטל 12

# מלכות יהודה אין דער צייט פון דער הערשאַפט פון אשור און בבל.

(586—720 פ"ק)

## § 81. חיזקיהו.

זינט דער צייט פון דוד המלך איז אויפן טראָן פון יהודה ניט גע־זעסן נאָך אַ קעניג, וואָס זאָל זיין אַזוי גאָטספאָרכטיק און איבערגעגעבן צו די אינטערעסן פון פאָלק ווי חיזקיהו (674—696). אין די ערשטע יאָרן פון זיין קעניגן האָט חזקיהו געזען די מפלה פון שומרון און דעם אונטערגאַנג פון מלכות־ישראל, און ער האָט געוואָלט פאַרהיטן יהודה פון דעם ביטערן גורל פון איר זינדיקער שוועסטער שומרון. דעריבער האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט פאַר אַ ציל צו באַפעסטיקן אין לאַנד דעם אמתן גלויבן, געזעצלעכקייט און אָרדענונג. מיט גרויס פלייס האָט זיך דער יונגער מלך גענומען אויסוואָרצלען דעם אַסירישן געצנדינסט, וואָס זיין פאָטער אחז האָט פאַרפלאַנצט. אויף זיין באַפעל האָט מען פאַר־ניכטעט אַלע געצנבילדער; מען האָט אויך צעבראָכן די קופערנע שלאַנג, צו וועלכער דער פראָסטער המון האָט זיך געבוקט ווי צו אַ גאָט, וואָס היילט פון קראַנקייטן. חיזקיהו האָט פאַרבאָטן צו בויען מיזבחות צו גאָט אויף הויכע ערטער (בימות) אין פאַרשיידענע שטעט און דערפער. ער האָט געפאָדערט, אַז אין די גרויסע ימים טובים זאָלן אַלע עולה־רגל

זיין קיין ירושלים. ער האָט געהייסן אַרויסוואַרפן פון בית־המיקדש די געצנבילדער ,וואָס זיינען דאָרט געשטאַנען, האָט אַרויסגעטריבן די אומ־ווירדיקע כוהנים און לויים. עס איז אויף דאָס ניי איינגעפירט געוואָרן דער גאָטדינסט לויט אַלטע מינהגים פון פאָלק. די כוהנים פלעגן ברענ־גען קרבנות פון הויזלעכע פי אויפן מיזבח פון ה׳, און די לויים פלעגן זינגען אין כאָר לויב־געזאַנגען צו גאָט און פלעגן באַגלייטן זייער געזאַנג מיט מוזיקאַלישע אינסטרומענטן. באַזונדערס פריילעך פלעגט מען פייערן פסח, ווען קיין ירושלים פלעגט זיך צוזאַמענקומען דאָס פאָלק פון אַלע עקן לאַנד. אין דער צייט פון אַזעלכע יום־טובדיקע פאַר־זאַמלונגען פלעגט זיך דער קעניג מיתקרב זיין צום פאָלק, פלעגט מיתפלל זיין און זיך פרייען מיט אים צו־זאַמען. חיזקיהו האָט מקרב געווען די נביאים און אי־בערהויפט האָט ער געשעצט דעם גרויסן נביא ישעיהו.


אַלט־העברעאישע מוזיקאַלישע אינסטרומענטן

ווען חזקיהו האָט איינגעאָרדנט די אינעווייניקסטע ענינים פון דער מלוכה, האָט ער זיך גענומען צו פאַרשטאַרקן איר מעמד צווישן די פעל־קער. פון אחזס צייטן אָן איז יהודה געשטאַנען אונטער דער אויבערהער־שאַפט פון אשור און האָט איר געצאָלט צינז; אָבער חיזקיהו האָט גע־וואָלט באַפרייען זיין לאַנד פון דער דאָזיקער אונטערוואָרפנקייט. אין יע־נער צייט האָט אין אשור געקעניגט דער שטאָלצער סנחריב, וועלכער האָט געשטרעבט איינצונעמען נייע לענדער און אפילו דאָס גרויסע מיצרים. דער עגיפּטישער מלך טירהאקא האָט זיך געגרייט צו מאַכן אַ ווידער־שטאַנד קעגן די אַסיריער. האָט חיזקיהו געשלאָסן אַ בונד מיט דעם

דעם עגיפּטישן מלך, כדי צוזאַמען צו קעמפן קעגן דעם אַלגעמיינעם פיינט. טירהאקא האָט צוגעזאָגט חיזקיהון, אַז ווי נאָר די אַסיריער וועלן אָנפאַלן אויף יהודה וועט אַן עגיפּטישער פערד־חיל קומען די יידן צו הילף. ישעיהן איז דער בונד ניט געפעלן און ער האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף ניט טרויען די הבטחות פון די פאַלשע מצריים. „גאָט — האָט ער געזאָגט — וועט אויסשטרעקן זיין האַנט, און עס וועט זיך אויסגלי־טשן דער העלפער, און עס וועט אומפאַלן דער געהאָלפענער, און ביידע צוזאַמען וועלן אומקומען". אָבער חיזקיהו, געשטיצט פון זיינע הויפ־



אַלט־העברעאישע אויפשריפט, וואו עס רעדט זיך וועגן אַ קאַנאַל־אויסגראבונג אין די צייטן פון יחזקאל הנביא

לייט, האָט דאָס מאָל ניט געפאָלגט דעם נביא. דער קעניג האָט אָנגע־נומען אַלע מיטלען צו באַפעסטיקן ירושלים אין פאַל דער שונא זאָל קומען. אַרום דעם מויער פון דער אַלטער פעסטונג האָט ער אויפגע־שטעלט נאָך איינעם, האָט ביידע מויערן באַפעסטיקט מיט טורעמס, האָט זיי אַרומגעגראָבן מיט גראָבנס, האָט צוגעגרייט אַ סך געווער, האָט דורכגעצויגן וואַסער אין שטאָט אַריין און די קוואַלן און שטראָמען הינטערן שטאָט האָט ער געהייסן פאַרשיטן, כדי דער שונא זאָל ניט האָבן קיין וואַסער צו טרינקען אין דער צייט פון דער באַלאַגערונג. נאָך דעם האָט חיזקיהו זיך דערקלערט אומאָפּהענגיק פון דער אויבער־הערשאַפט פון אשור (703).

## § 82. סנחריבס אָנפאַל.

אין דער צייט ווען חיזקיהו האָט מורד געווען קעגן אשור, איז סנחריב געגאנגען מיט אַ גרויס חיל קעגן מיצרים. ווען סנחריב האָט זיך

דערוואוסט פון דעם בונד צווישן יהודה און מיצרים, האָט ער באַ־
שלאָסן פריער אונטערטעניק צו מאַכן יהודה, וועלכע איז געלעגן אויף
זיין וועג. די אַסיריער האָבן זיך אַריינגעריסן אין יהודה און האָבן אָנ־
געהויבן פאַרוויסטן שטעט און באַרויבן די איינוואוינער. זייער לאַגער
האָט זיך געפונען לעבן לכיש, ניט
ווייט פון ירושלים. פון דאַנען האָט
סנחריב געשיקט דריי הויפטלייט מיט
אַ מחנה חיל קיין ירושלים, מיט
דער פאָדערונג די שטאָט זאָל זיך
אונטערגעבן. די שלוחים האָבן פאַר־
לאַנגט צו זען דעם קעניג אַליין,
אָבער חיזקיהו האָט אַרויסגעשיקט צו
זיי זיין הויף־פאַרוואַלטער אליקום
און צוויי הארן. די שלוחים זיינען
זיך צוזאַמענגעקומען ביים פעסטונג־
מויער פון ירושלים; אויף דעם דאָ־
זיקן מויער זיינען אַרויפגעגאַנגען די
צעשראָקענע איינוואוינער פון דער
שטאָט צו זען וואָס דאָ וועט פאָרקו־
קומען. איינער פון די אסירישע שלו־
חים, רבשקה, האָט זיך געווענדט צו
די יידישע פאַרשטייער מיט די
ווייטערדיקע ווערטער: „זאָגט צו
חיזקיהו אין דעם נאָמען פון דעם
גרויסן קעניג פון אשור: אויף וועל־
מען פאַרלאָזטו זיך, וואָס דו האָסט
מורד געווען קעגן מיר? אומזיסט
שטיצסטו זיך אויף מיצרים, דעם
צעבראָכענעם שטעקן, וואָס קען זיך אריינשטעקן אין דער האַנט פון
יענעם, וואָס שפּאַרט זיך אויף אים אָן און זי דורכשטעכן. צי קענסטו
זיך פאַרמעסטן אין כוח אפילו מיט דעם קלענסטן פירשט, וואָס דינט
מיין הערשער?". נאָך דעם האָט רבשקה זיך געווענדט צו די דערשראָ־
קענע איינוואוינער, וואָס זיינען געשטאַנען אויפן מויער, און האָט הויך



סנחריב

געזאָגט: „לאָזט זיך ניט פאַרפירן פון דעם קעניג חיזקיהו, וואָרום ער וועט אייך ניט ראַטעווען פון די הענט פון דעם אַסירישן קעניג. זאָל ער אייך ניט טרייסטן מיט דער האָפענונג, אַז גאָט וועט אייך העלפן און די שטאָט וועט ניט אריינפאַלן אין אונדזערע הענט. צי האָבן דען די געטער פון אַנדערע פעלקער געראַטעוועט זייערע לענדער פון אונדזערע הענט?". די יידן וואָס זיינען געשטאַנען אויפן מויער האָבן גאָרנישט געענטפערט. ווען די יידישע שלוחים האָבן זיך צוריקגעקערט און האָבן איבערגעגעבן חיזקיהון די ווערטער פון רבשקה, איז דער קעניג שטאַרק אומרואיק געוואָרן. ער האָט געבעטן ישעיהן מיתפּלל צו זיין צו גאָט, אַז ער זאָל העלפן ירושלים. ישעיה איז געווען גערירט פון דעם קעניגס הכנעה און האָט אים באַלד באַרואיקט און געזאָגט, אַז גאָט וועט ניט געבן דעם זיג־צו סנחריבן, וועלכער האָט אַזוי גראָב געשפּאָט פון דעם יידישן פאָלק און זיין גאָט.

בשעת עס זיינען אָנגעגאַנגען די פאַרהאַנדלונגען צווישן דעם אַסירישן און דעם יידישן מלך, איז טירהאקא, דער קעניג פון מיצרים, אַרויס מיט אַ גרויסן חיל קעגן די אַסיריער. דעמאָלט האָט סנחריב אָפּגעלאָזט יהודה און איז אַוועק צו דער גרענעץ פון מיצרים, צו באַגעגענען טירהאקא. פון וועג האָט סנחריב ווידער געשיקט צו חזקיהו אַ בריוו מיט סטראַשונקעס און מיט דער פאָדערונג — זיך באַלד אונטערצוגעבן צו דער אַסירישער הערשאַפט. אָבער חזקיהו איז געווען דערמוטיקט מיט דער הילף פון מיצרים און האָט זיך אָפּגעזאָגט צו דערפילן די דאָזיקע פאָדערונג. צוזאַמען מיטן גאַנצן פאָלק האָט ער אין בית המיקדש הייס מיתפּלל געווען פאַר דער באַפרייאונג פון דעם פאָטערלאַנד. ישעיה האָט אונטערגעהאַלטן דעם מוט פון פאָלק מיט זיינע וואונדערלעכע נבואות, אין וועלכע ער האָט פאָרויסגעזאָגט אַ גיכע מפּלה אויף דעם אַסירישן חיל. און ווירקלעך, אין גיכן האָט זיך פאַרשפּרייט די נאַכריכט, אַז סנחריבס גרויסע חיל, וואָס איז געגאַנגען אויף מיצרים, גייט אין איילעניש צוריק (701). צווישן פאָלק האָט מען גערעדט, אַז גאָט האָט אָנגעשיקט אַ מגפה אויף די אַסיריער און אַז אַ „מלאך פון גאָט" האָט פאַרטיליקט אין זייער לאַגער 185.000 מאַן אין איין נאַכט. אין מיצרים האָט מען דערציילט, אַז איין מאָל ביינאַכט האָט אַ ריזיקע מחנה פעלד־מייז צעגריזשעט די קליידער, שיך און געווער פון די אַסיריער, וועלכע האָבן דעריבער געמוזט אָפּטרעטן. סנחריב אַליין איז אַנטלאָפן קיין נינוה.

ישעיהס נבואה אויפן שטאָלצן שונא איז מקוים געוואָרן און ירושלים איז געראַטעוועט געוואָרן פון חורבן. אין די לעצטע יאָרן פון חזקיהוס לעבן האָט יהודה ווידער גענאָסן רו און פרידן. נאָך אַ קעניגן פון אַכט און צוואנציק יאָר, איז דער פרומער חזקיהו געשטאָרבן און איז באַגראָבן געוואָרן אין קעניגלעכן קבר פון דוד.

## § 83. דאָס פאַלן פון דער אמונה אין מנשהס צייטן.

נאָך חזקיהוס טויט זיינען אין דעם אינווייניקסטן לעבן פון יהודה פאָרגעקומען ענדערונגען צום ערגערן. חזקיהוס זון מנשה האָט נישט נאָכגעטאָן זיין גאָטספאָרכטיקן פאָטער, נאָר זיין געצנדינערישן זיידן (640—695). מנשה איז אַלט געווען צוועלף יאָר ווען זיין פאָטער איז געשטאָרבן. ד׳ערמיט האָבן זיך באַנוצט אחזס אַלטע ראַטגעבער און הויפסלייט, וועלכע זיינען געווען איבערגעגעבן צום געצנדינסט און זיינען אין חזקיהוס צייטן דערווייטערט געוואָרן פון הויף. זיי האָבן גענומען דעם יונגן קעניג אין זייערע הענט און האָבן צוערשט רעגירט אין זיין נאָמען, און נאָך דעם האָבן זיי אים אַליין אויסגעלערנט צו פירן זיך ווי זיי האָט זיך געוואָלט. מנשה האָט אָפגעשאַפט אַלע פאַרבעסערונגען וואָס חזקיהו האָט איינגעפירט. ער האָט נישט געפאָדערט פון די איינוואוינער פון דער פראָווינץ, אַז זיי זאָלן אין די גרויסע ימים־טובים קומען קיין ירושלים צו דינען גאָט אין בית המיקדש, נאָר ער האָט דערלויבט צו בויען אומעטום מיזבחות אויף הויכע ערטער און דאָרט מקריב זיין קרבנות. די אַלט־כנענישע היידנישע פאָרמען פון גאָטדינסט האָבן געקראָגן די זעלביקע רעכט וואָס די יידישע. אין ירושלים האָט געהערשט אַ גרויסע צעמישעניש פון רעליגיעזע צערעמאָניעס. דאָ זיינען געבויט געוואָרן אי מיזבחות לכבוד בעל, אי געצנבילדער פון אשרה, אי אַלטאַרן צו די שטערן. היידנישע אָפּגעטער און מיזבחות האָבן זיך געפונען אַפילו אויף די פלעצער און הויפן, וואָס זיינען געלעגן אַרום בית המיקדש. אין טאָל פון הנום, הינטערן שטאָט, איז געשטאַנען אַ מיזבח, אויף וועלכן מען פלעגט מקריב זיין קליינע קינדער צום אָפּגאָט מולך, וועלכער האָט דאַן געוואונען ממשלה אין יהודה. דער געצנדינסט איז געווען פאַרבונדן מיט אויסגעלאַסנקייט און גראָבע אַבערגלויבנס. אין לאַנד האָבן זיך פארפירט אויסגעלאַסענע פריסטערינס, מכשפים, צויבערער און טויטן־באַשווערער (בעלי־אוב). די

נביאים און כוהנים וועלכע האָבן אויפגעהויבן זייער שטים קעגן די דאָ־זיקע היידנישע מעשים זיינען אויסגעשטאַנען שוידערלעכע רדיפות. דער גרויסער נביא ישעיה האָט שוין דעמאָלט נישט געלעבט. עס איז פאַראַן אַן אַלטע תלמודישע לעגענדע, וואָס דערציילט, אַז ישעיה האָט זיך באַהאַלטן פון די פאַרפאָלגונגען אין אַן אויסגעהוילטן צעדער־בוים, נאָר דער מלך מנשה האָט אים דאָרט געפונען און געהייסן צעזעגן דעם נביא צוזאַמען מיטן בוים. אָבער ישעיהוס תלמידים האָבן מיט געטרייקייט געטאָן ווייטער זיין אַרבעט, האָבן געשטראָפט דעם קעניג און דאָס פאָלק פאַר זייערע פאַרברעכנס און געשראָקן מיט גאָטס צאָרן. אין יענער צייט האָט אשור ווידער אונטערטעניק געמאַכט יהודה, און מנשה האָט געמוזט טראָגן דעם שווערן יאָך.

מנשה האָט געקעניגט קרוב צו פופציק יאָר. זיין זון אמון (640) איז אויפן צווייטן יאָר פון זיין קעניגן געפאַלן אַ קרבן פון אַ פאַרשווערונג פון זיינע הויפלייט. פאַרן קעניג פון יהודה איז דערקלערט געוואָרן אמונס אַכט־יעריקער זון יאשיהו (638—608 פ״ק).

## § 84. די באַנייאונג פון דער רעליגיע אין יאשיהוס צייטן.

כל זמן יאשיהו איז געווען קליין האָבן אין זיין נאָמען רעגירט די זעלביקע האַרן, וועלכע האָבן אין די פריערדיקע צייטן געמאַכט פון יהודה כמעט אַ היידניש לאַנד, אונטערגעוואָרפן צו די אַסירישע מלכים. נאָר ווען דער קעניג איז עלטער געוואָרן און איז צוגעטראָטן צו די ענינים פון דער מלוכה, האָט ער פאַרשטאַנען די גאַנצע פאַלשקייט פון די פריערדיקע פירונגען; ער האָט זיך אַליך מער מתקרב געווען צו דער פאַרטיי פון די נביאים, וועלכע האָבן געשטרעבט צו איבערבויען דאָס אינווייניקסטע לעבן.

זיך שטיצנדיק אויף דער דאָזיקער פאַרטיי האָט דער מלך יאשיהו באַשלאָסן נאָכצוטאָן דעםביישפיל פון זיין עלטער־זיידן חיזקיהו און האָט זיך גענומען איבערבויען דאָס אינווייניקסטע לעבן פון דער מלוכה. קודם־כל האָט ער געהייסן די כוהנים קלייבן געלט און רופן מייסטערס צו פאַרריכטן דעם בית המיקדש, וועלכער איז שוין פאַרעלטערט געוואָרן. אין דער צייט פון דער אַרבעט האָט מען אין איינעם פון די חדרים פון בית המיקדש געפונען אַ כתב־יד, אין וועלכן עס זיינען געווען פאַר־

שריבן די אַלטע געזעצן און לערעס פון משה (דאָס איז געווען דער לעצטער ספר פון חומש, דער ספר „דברים" אָדער „משנה תורה"). דער כוהן גדול חלקיהו, וועלכער האָט דעם כתב־יד געפונען האָט אים איבערגעגעבן דעם קעניגלעכן מזכיר, און יענער האָט עס געבראַכט פאַרן קעניג. דער געפונענער ספר האָט אַלעמען פאַרוואונדערט מיט זיין אינהאַלט, ביפרט ווייל ער האָט פאָרויסגעזאָגט, וואָס עס וועט פאָרקומען מיט די יידן. אין ווייכע, רירנדיקע ווערטער בעט דאָרט משה רבנו די יידן, זיי זאָלן אָפּהיטן די געבאָטן פון דעם ריינעם גלויבן און פון דער ריינער מאָראַל און נישט נאָכטון די געצנדינער. דער גרונד־געדאַנק פון דעם ספר דברים באַשטייט דערין, אַז דער איינציקער יידישער גאָט איז פאָלקאָם און גוט, וועלכער האָט אויסדערוויילט דאָס יידישע פאָלק פון אַלע פעלקער און האָט אים איבערגעגעבן די גרויסע אמתן פון גלויבן, גוטסקייט און מענטשן־ליבע. ווי אַ גוטער פאָטער זאָרגט פאַר זיינע קינדער, אַזוי זאָרגט דער יידישער גאָט פאַר זיין פאָלק און פאָדערט פון אים נאָר ער זאָל געטריי אָפּהיטן די געבאָטן, וואָס זיינען אים געגעבן געוואָרן. די געבאָטן — דאָס זיינען אַ ריי געזעצן, וועלכע פאַרזיכערן רו און גליק סיי פאַר דעם יחיד, סיי פאַר דעם כלל. איינפאַכע מידות, אַ ריינער גלויבן, אמת און גערעכטי־קייט, און דער עיקר — זאָרגן פאַר די שוואַכע און שוצלאָזע פון דער געזעלשאַפט — דאָס זיינען די יסודות פון תורת משה. דאָס איז אַ גאַנצע סיסטעם פון מאָראַל און צוזאַמענלעבן, וואָס מיט איר הויכן גייסט האָט זי נישט קיין גלייכן צווישן אַלע רעליגיעס פון דער וועלט. אָבער צו דער־זעלביקער צייט איז דאָ נישטאָ קיין שטרעבן צו אוממעגלעכן: אַלע דינים און געזעצן האָבן צו טאָן מיטן לעבן און קענען פאַרווירקלעכט ווערן. „דאָס געזעץ וועלכן איך גיב דיר — זאָגט משה צום פאָלק — איז נישט אומדערגרייכבאַר פאַר דיר און נישט ווייט פון דיר. עס איז נישט אויפן הימל און נישט אויף יענער זייט ים, נאָר אויף דיינע ליפּן און אין דיין האַרצן, און אָן דיר הענגט אָפּ דו זאָלסט עס דערפילן". צוזאַמען מיט די ווייכע רייד זיינען אויך דאָ האַרטע ווערטער, געווענדט צו יענע דורות, וועלכע וועלן אָפּטרעטן פון גאָטס געבאָטן. פאַר עובר זיין אויף די דאָזיקע געבאָטן, האָט משה געוואָרנט, וועט קומען גאָטס שטראָף, וועלכע וועט באַשטיין אין פאָלקס־אומגליקן, אין מפּלות פאַר דער מלוכה, און אַפילו אין דעם פולשטענדיקן אונטערגאַנג פון דער מלוכה.

ווען דער קעניגלעכער שרייבער האָט פאָרגעלייענט אין פּאַלאַץ דעם

הייליקן כתב־יד, איז דער קעניג נישתומם געוואָרן פון זיין אינהאַלט. ער האָט איצט פאַרשטאַנען ווי ווייט דאָס יידישע פאָלק איז אָפּגעטראָטן פון זיין אינהאַלט. ער האָט איצט פאַרשטאַנען ווי ווייט דאָס יידישע פאָלק איז אָפּגעטראָטן פון די הייליקע געזעצן, וואָס משה האָט געגעבן די יידן, און ער האָט מורא געהאַט, אַז די שרעקלעכע אומגליקן, וואָס דער גרויסער געזעצגעבער האָט פאָרויסגעזאָגט, וועלן באַלד טרעפן דאָס לאַנד יהודה. אין גרויס שרעק האָט יאשיהו געשיקט זיינע מקורבים קיין ירושלים צו דער נביאה חולדה צו פרעגן ביי איר צי דאַרף דאָס פאָלק זיך ריכטן אויף גאָטס שטראָף פאַר די זינד פון די לעצטע דורות. די נביאה האָט געענטפערט, אַז גאָט האָט שוין לאַנג באַשלאָסן צו שטראָפן דאָס יידישע פאָלק פאַר זיינע זינד, נאָר אַזוי ווי דער קעניג יאשיהו האָט שלום געמאַכט מיט זיין גאָט, וועט אין זיין צייט נישט קומען דאָס אומגליק, וואָס וואַרט אויף יהודה.

באַרואיקט פון דער דאָזיקער נבואה האָט יאשיהו צוזאַמענגערופן דאָס פאָלק אין בית המיקדש. דאָ, שטייענדיק אויף אַ בימה, האָט ער פאַרגעלייענט אויפן קול דעם נייעם הייליקן ספר און האָט געצוואונגען די צוהערער צו געבן אַ צוזאָג, אַז זיי וועלן אָפּהיטן די הייליקע געזעצן, וואָס זיינען דאָרט פאַרשריבן. דאָס פאָלק האָט צוגעזאָגט. נאָך דעם האָט דער קעניג זיך פלייסיק גענומען אויסצוראָטן דעם געצנדינסט. די מיזבחות, בילדער און סטאַטועז פון די געטער זיינען צעשטערט געוואָרן. אַלע געצן־בילדער וואָס זיינען געווען אין בית המיקדש האָט מען אַרויסגעוואָרפן און פאַרברענט, און דער רייטוואָגן מיט די פערד לכבוד דעם גאָט פון דער זון, וואָס איז געשטאַנען פאַרן טיר פון בית המיקדש, האָט מען פאַרניכטעט. די פּריסטער און פּריסטערינס פון די אָפּגעטער זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון לאַנד. און ווען פון דעם געצנדינסט איז שוין קיין זכר נישט געבליבן אין גאַנצן לאַנד, האָט אין פרילינג דער קעניג צונויפגערופן דאָס פאָלק פון אַלע שטעט קיין ירושלים דאָרט צו פייערן דעם יום־טוב פסח אַזוי ווי עס פאָדערט דאָס געזעץ. אויף אַזאַ אופן איז אין יהודה אויף דאָס ניי איינגעשטעלט געוואָרן אַ ריין יידיש לעבן. דעם גאָטספאַרכטיקן יאשיהו האָט מען שטאַרק גערימט און מען פלעגט אים פאַרגליכן מיט דעם פרומען חיזקיהו און אַפילו מיט דודן. אין זיין צייט האָבן די נביאים געקראָגן אַ שטאַרקן איינפלוס אויף די ענינים פון דער מלוכה.

דער גרעסטער נביא אין יאשיהוס צייטן איז געווען ירמיהו, וועל־כער האָט געשטאַמט פון די כוהנים. נאָך אין זיין פריער יוגנט האָט ירמיהו דערשפּירט אין זיך אַ נביאישן גייסט. אין זיין נביאישער באַ־גייסטערונג פלעגט ירמיהו זאָגן דעם ביטערן אמת אַלעמען: דעם מלך, די כוהנים, די האַרן און דעם פּראָסטן פאָלק. ער האָט געשטרעבט צו פירן די אויסווייניקסטע פּאָליטיק פון לאַנד און דאָס גייסטיקע לעבן פון פאָלק לויט די גרויסע געבאָטן פון „משנה תורה". אין גיכן האָט ירמיהו פאַרנומען אין יהודה יענעם גרויסן אָרט, וואָס עס האָט אַמאָל פאַרנומען דער נביא ישעיהו.

## § 85. דער קאַמף מיט מיצרים; יהויקים.

אין די לעצטע יאָרן פון יאשיהוס קעניגן האָבן זיך אויפן מיזרח אָנגעהויבן גרויסע פעלקער־באַוועגונגען, וועלכע האָבן געענדערט דעם שיקזאַל פון אַ סך מלוכות. די הערשערין פון אַזיע, די שטאַלצע אשור, האָט שוין געהאַלטן נאָענט ביים פאַלן. עס האָבן זיך פון איר אָפּגעריסן אירע גרעסטע פּראָווינצן: מדי און בבל. די אָפּגעריסענע פּראָווינצן האָבן אָנגעהויבן שרעקן זייער געוועזענע אויבערהערשערין און איר הויפּט־שטאָט נינוה. אין יהודה האָט זיך געשטאַרקט די האָפענונג צו באַפרייען זיך פון דער אַסירישער אויבערהערשאַפט. קעגן אשור האָט אויך געאַרבעט איר אַלטער שונא מיצרים. דער עגיפּטישער פּרעה נכו האָט געוואָלט קריגן אַ חלק פון דער צעפאַלענער אַסירישער מלוכה, האָט ער זיך גע־לאָזט גיין מיט אַ גרויס חיל צום טייך פּרת. אָבער כדי צו דערגרייכן דעם באַשטימטן פּלאַץ, האָט דאָס עגיפּטישע חיל געמוזט דורכגיין דורכן לאַנד יהודה. יאשיהו האָט באַשלאָסן נישט צו לאָזן די מיצריים דורכגיין זיין לאַנד, וואָרום ער האָט מורא געהאַט, אַז ווען זיי וועלן איינגעמען די דערבייאיקע אַסירישע פּראָווינצן, וועלן זיי פאָדערן אונטערטעניגקייט אויך פון יהודה, וועלכע האָט געצאָלט צינז צו אשור. און ער איז אַרויס מיט אַ גרויסן חיל קעגן נכו און האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג. ביים טאָל מגידו, נעבן די כרמל בערג, האָבן זיך די פייגדלעכע אַרמייען באַ־געגנט און עס איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט, וואָס האָט זיך געענדיקט אומגליקלעך פאַר די יידן: דאָס יידישע חיל איז צעשלאָגן געוואָרן און יאשיהו אַליין איז טויטלעך פאַרוואונדעט געוואָרן (608). די דינער האָבן

באַלד אַוועקגעפירט דעם גוססן מלך קיין ירושלים. די איינוואוינער פון ירושלים האָבן באַגעגנט דעם טויטן קערפּער פון זייער קעניג מיט יאָמער און געוויין.

די מפּלה ביי מגידו האָט געמאַכט יהודה אונטערטעניק צו מיצרים. ווען נכו האָט צוגענומען ביי אשור גאַנץ ארם, אָדער סיריע, האָט ער זיך דערקלערט פאַר אויבערהערשער אויך איבער דער שכנישער יהודה. יאשיהו האָט נאָך זיך געלאָזט דריי זין. פון זיי האָט נכו באַשטימט פאַרן מלך דעם עלטערן זון יהויקים (607—597). יהויקים איז געווען אַ שלעכ־טער און דעספּאָטישער מענטש און די יידן האָבן אים נישט ליב געהאַט. אָבער ער איז געפעלן געווען דעם עגיפּטישן מלך און איז געוואָרן אַ געהאָרכזאַם געצייג אין זיינע הענט. נכו האָט אַרויפגעלייגט אויף יהודה אַ גרויסן געלטאָפּצאָל, דערפאַר וואָס יאשיהו האָט זיך געשטעלט קעגן אים. יהויקים פלעגט מיט דער גרעסטער שטרענגקייט אויפמאָנען פון פאָלק דעם דאָזיקן אָפּצאָל.

אַזוי זיינען צערונען יהודהס האָפענונגען צו ווערן זעלבסטשטענדיק דורך דער צעפאַלונג פון אשור: אויף דעם אָרט פון דער אַסירישער אויי־בערהערשאַפט איז געקומען די עגיפּטישע. ביי יהויקים און זיינע האַרן איז דאָס אַלץ רעכט געווען; נאָך מער, כדי געפעלן צו ווערן די מיצריים און נושא־חן צו זיין ביי דעם עגיפּטישן קעניג, האָבן זיי איינגעפירט אין ירושלים דעם עגיפּטישן געצנדינסט און אַ סך עגיפּטישע מינהגים. יהויקים האָט, אַזוי ווי די פּרעהס, זיך אַריינגעלאָזט אין אַ לעבן פון וואוילטאָג. ער האָט אויסגעבויט פאַר זיך אַ נייעם פּאַלאַץ אין ירושלים און די אַרבעט האָבן פאַר אים געמוזט טאָן יידישע בירגער. און ווידער האָט זיך אין יהודה באַפעסטיקט די הערשאַפט פון אַ קליינער צאָל אַריסטאָקראַטן (אָליגאַרכיע) און דאָס יידישע פאָלק האָט געקרעכצט אונטער דעם יאָך פון פרעמדע און אייגענע הערשער.

## § 86. יהויקים און ירמיהו הנביא.

קעגן דער דאָזיקער פאַרדאָרבנקייט פון די הערשער און די העכערע קלאַסן האָבן ביטער געקעמפט די אמתע פריינד פון פאָלק, די נביאים, וועלכע זיינען אָנגעפירט געוואָרן פון ירמיהו. ירמיהו האָט נאָך אָן מורא געזאָגט דעם קעניג און די האַרן דעם ביטערן אמת און האָט פאָרויס־

געזאָגט, אַז גאָט וועט אין זיין צאָרן טאָן מיט יהודה דאָס זעלביקע וואָס אַמאָל מיט שומרון. איבערהויפט האָט ער אין זיינע רעדעס געדונערט קעגן יענע צבועקעס, וועלכע פלעגן פאַרשטעלן זייערע אומערלעכע מעשים מיט אַ מאַסקע פון פרומקייט, און האָבן געוואָלט איינריידן דאָס פאָלק, אַז גאָט וועט נישט לאָזן פאַלן ירושלים צוליב זיין בית המיקדש. די דאָזיקע צבועקעס האָבן באַלאַנגט מיינסטנטייל צו די כוהנים, און ירמיהו האָט זיי גערופן „נביאי השקר“, פאַלשע נביאים. „פאַרלאָזט זיך נישט



ירמיה הנביא

— פלעגט ירמיהו וואָרענען — אויף די פאַלשע רייד: דאָ איז גאָטס הייליק הויז! איר גנבעט, איר מאָרדעט און זייט אויסגעלאַסן, איר זאָגט ליגן, איר דינט דעם בעל און דער קעניגין פון הימל (דער נאָמען פון אַן עגיפּטישן אָפּגאָט) און דערנאָך קומט איר און שטעלט זיך פאַר גאָט אין דעם דאָזיקן הויז און איר זאָגט: מיר זיינען געשיצט. און דער־נאָך טוט איר ווידער די זעלביקע פאַרברעכנס. גייט קיין שילה (אין אפרים), וואו עס איז אַמאָל געשטאַנען גאָטס טעמפּל און זעט וואָס פון אים איז געוואָרן פאַר די זינד פון די בני ישראל! איר טוט די זעלביקע זינד און גאָט וועט זיך באַגיין מיטן טעמפּל פון ירושלים אַזוי ווי ער איז זיך באַגאַנגען מיטן טעמפּל פון שילה; ער וועט אייך פאַרשטויסן אַזוי ווי ער האָט פאַרשטויסן די קינדער פון אפרים!“ איין מאָל ווען ירמיהו האָט געהאַלטן אין בית המיקדש אַזאַ רעדע, האָבן אים אַרומגע־

רינגלט די מאַסע כוהנים און פאַלשע נביאים און האָבן געשריגן: „דו מוזט שטאַרבן, דער פאַר וואָס דו האָסט געזאָגט, אַז דער בית המיקדש פון ירושלים וועט חרוב ווערן אַזוי ווי דער טעמפל פון שילה!" אַ גרויסער המון האָט זיך צונויפגעקליבן אויפן פּלאַץ וואָס פאַרן בית המיקדש. אויפן טומל זיינען געקומען צו לויפן די שרים פון קעניגלעכן הויף און גלייך אויפן אָרט, ביי די טויערן פון בית המיקדש, האָט מען זיך געזעצט מישפּטן דעם נביא. די כוהנים און די פאַלשע נביאים האָבן געפאָדערט, אַז מען זאָל ירמיהון פאַרמישפּטן צום טויט פאַר זיינע שרעקלעכע נביאות. ירמיהו האָט זיך געווענדט צו די האַרן און צום פאָלק און האָט געענטפערט: „גאָט האָט מיר געהייסן ז׳יידן דאָס אַלץ, וואָס איר האָט געהערט. פאַרבעסערט אייערע וועגן, פאָלגט גאָט, און ער וועט אָפּווענדן דאָס אומגליק, וואָס ער האָט פאַר אייך באַשטימט. און איך בין אין אייערע הענט; טוט מיט מיר וואָס איר ווילט". די ריכטער האָבן אָנערקענט, אַז פון די אַלטע צייטן אָן האָבן די נביאים געהאַט פולע פרייהייט צו ריידן אין גאָטס נאָמען און זיי האָבן ירמיהון באַפרייט. דורך דער מי פון זיינע פריינד איז ירמיהו דאָס מאָל געראַטעוועט געוואָרן פון סכנה.

אין די ערשטע יאָרן פון יהויקימס קעניגן איז פאָרגעקומען אַ וויכטיקע געשעעניש: אין דער צייט פון דעם אַסירישן קעניג סאַראַק איז אשור אין גאַנצן צעפאַלן געוואָרן און איר הויפּטשטאָט נינוה איז צעשטערט געוואָרן פון די מעדיער און באַבילאָנער. די הערשאַפט איבער אַזיע איז אַריבער צו בבל. דער קעניג פון בבל איז דעמאָלט געווען דער קריגערישער נבוכדנצר. איינגעמענדיק אַלע פריערדיקע אַסירישע לענדער האָט נבוכדנצר אויך געוואָלט באַזיגן סיריע; נאָר די דאָזיקע פּראָווינץ איז שוין געווען אין די הענט פון דעם עגיפּטישן פרעה נכו. דעריבער איז נבוכדנצר אַריינגעטראָטן אין אַ קאַמף מיט מיצרים. ביי דער שטאָט כרכמוש איז פאָרגעקומען אַ בלוטיקע שלאַכט צווישן די עגיפּטער און באַבילאָנער, און די לעצטע האָבן געזיגט. נכו האָט געמוזט אָפּטרעטן נבוכדנצרן די סירישע לענדער און צוזאַמען דערמיט אויך די אויבערהערשאַפט איבער יהודה (604). ירמיהו הנביא האָט געראָטן דעם יידישן מלך ער זאָל מיטן גוטן ווילן זיך אונטערגעבן דעם אומבאַזיגבאַרן נבוכדנצר, נאָר יהויקים האָט נאָך אַלץ געהאָפט אויף דער הילף פון מיצרים און האָט געקוויינקלט. דעמאָלט האָט ירמיהו אין זיינע רעדעס צום פאָלק

אָנגעהויבן נביאות זאָגן, אַז אין גיכן וועט דער מלך פון בבל קומען און חרוב מאַכן יהודה.

## § 87. די הערשאַפט פון בבל; די געפאַנגענשאַפט פון יהויכין.

די טרויעריקע נביאות פון ירמיהו האָט אָנגעהויבן מקוים ווערן. דער זיגרייכער קעניג פון בבל, נבוכדנאצר, איז אַרויס מיט אַ גרויס חיל אויף יהודה. אין די שטעט, וואָס זיינען געלעגן ביי די גרענעצן האָבן שוין די באַבילאָנער אָנגעהויבן בושעווען און באַרויבן די איינוואוינער. דעמאָלט האָט זיך יהויקים דערקלערט אונטערטעניק צו נבוכדנאצרן (600). און יהודה האָט איצט אנערקענט די אויבערהערשאַפט פון בבל, אַזוי ווי פריער — פון אשור און מיצרים.



קמיע פון נבוכדנצרן

די אונטערוואָרפנקייט צו בבל האָט יהויקימען זייער שווער געדריקט און ער האָט געזוכט אַ געלעגנהייט זיך צו באַפרייען פון איר. אין דריי יאָר אַרום האָט יהויקים, דערמוטיקט פון דעם עגיפטישן קעניג, אויפגעהערט צו צאָלן צינדזן נבוכדנאצרן. דער דאָזיקער שריט האָט געבראַכט אויף יהודה אַ גרויס אומגליק. נבוכדנאצר, וועלכער איז געווען פאַרנומען מיט אַ מילחמה קעגן די פעניציער און עגיפטער, האָט דערווייל געשיקט קיין יהודה קליינע מחנות צו פאַרוויסטן די גרענעץ־שטאָט, און אַליין האָט ער זיך געקליבן צו גיין אַהין מיט אַ גרויס חיל ווען ער וועט ענדיקן די אָנגעהויבענע מילחמות.

אין דער דאָזיקער אומעטיקער צייט איז דער קעניג יהויקים געשטאָרבן. די איינוואוינער פון ירושלים האָבן אַרויפגעזעצט אויפן טראָן זיין אַכצן־יאָריקן זון יהויכין (597). נחשתא, די מוטער פון דעם יונגן קעניג, האָט גענומען די רעגירונג אין אירע הענט און אַלץ איז געגאַנגען אַזוי ווי פאַר יהויקימען. אָבער די נייע רעגירונג האָט געדויערט אין גאַנצן דריי מאָנאַטן. נבוכדנאצר, וועלכער האָט שוין דערווייל איינגענומען אַ טייל פון פעניציע און פאַלעסטינע, איז אריינגעדרונגען אין יהודה, האָט

פאַרכאַפּט אַ סך שטעט און איז צוגעטראָטן צו ירושלים זי צו באַלאַגערן. ווען די באַלאַגערונג האָט זיך אָנגעהויבן, האָט די קעניגן און יהויכין איינגעזען, אַז די הויפּטשטאָט וועט ניט קענען ביישטיין קעגן דער מעכ־טיקער קראַפט פון די באַבילאָנער. איז יהויכין און זיין מוטער מיט זייערע הויפליייט אַרויס פון ירושלים און זיינען אַוועק צום באַבילאָנישן לאַגער, כדי אַליין אויסצודריקן אונטערטעניקייט צו נבוכדנאצרן און שטילן זיין כעס. נאָר דער שטאָלצער זיגער איז ניט ווייכער געוואָרן. ער האָט גע־הייסן פאַרהאַלטן יהויכינען און זיין מוטער און זיי אָפּשיקן געפאַנגענע אין דער שטאָט בבל, די הויפּטשטאָט פון זיין מלוכה. צוזאַמען מיט זיי האָט נבוכדנאצר פאַרשיקט אַהין צען טויזנט פון די חשובע לייט פון ירושלים, כוהנים און אַרבעטער פון געווער, וועלכע האָבן געהערט צו די קעגנער פון דער באַבילאָנישער הערשאַפט. חוץ דעם האָט נבוכדנאצר צוגענומען אַ סך גאָלד און זילבער פון דעם קעניגלעכן פאַלאַץ און פון בית־המיקדש. אויף אַזאַ אופן האָט ירושלים פאַרלאָרן אירע וויכטיקסטע מענטשן און דעם גרעסטן טייל פון אירע רייכטימער. איבער דער גע־בליבענער באַפעלקערונג פון יהודה האָט נבוכדנאצר געמאַכט פאַר אַ מלך יאשיהוס ייִנגסטן זון צדקיהו (597—586). דער נייער קעניג האָט געגעבן אַ שבועה, אַז ער וועט זיין געטריי דעם באַבילאָנישן הערשער.

## § 88. צידקיהו; די הכנות צום אויפשטאַנד.

די צען יאָר פון צידקיהוס קעניגן זיינען געווען אַ צייט פון שווערע מהומות און אומרוען אין מלכות יהודה. צידקיהו איז געווען אַ שוואַכער און אומאַנטשלאָסענער מענטש, און איז ניט געווען פעאיק צו רעגירן דאָס לאַנד אין אַזאַ שטורמישער צייט. ער האָט אויך געשעצט דעם נביא ירמיהו, וועלכער האָט געטענהעט, אַז מען דאַרף געדולדיק אַריבערטראָגן די הערשאַפט פון בבל, כדי ניט אַריינצופאַלן אין אַן ערגערער צרה; נאָר אין דער זעלבער צייט האָט ער זיך גענייגט צו דער זייט פון די האַרן, וועלכע האָבן געוואָלט מורד זיין קעגן נבוכדנאצרן און באַפרייען דאָס לאַנד פון שווערן יאָך.

דער פאַרלאַנג צו באַפרייען דאָס פאָטערלאַנד איז באַזונדערס שטאַרק געווען ביי די פאַרטריבענע, וועלכע האָבן געלעבט צוזאַמען מיט יהוי־כינען אין בבל. זיי האָבן געטרוימט צו אומקערן זיך אין גיכן אַהיים און

אין דער שטיל האָבן זיי געפירט פאַרהאַנדלונגען מיט זייערע קרובים און פריינד אין ירושלים וועגן אַן אויפשטאַנד קעגן נבוכדנאצרן. אומ־זיסט האָט זיי געוואָרנט דער יונגער נביא יחזקאל, וואָס האָט געלעבט צווישן זיי, און וועלכער האָט געשטאַמט פון די כוהנים. יחזקאל האָט געטענהעט צו די גולים, אַז זיי זאָלן געדולדיק אַריבערטראָגן דעם גלות בבל, ווייל דאָס איז געווען אַ שטראָף פון גאָט פאַר זייערע אַמאָליקע זינד און טעותן. ער האָט פאָראויסגעזאָגט, אַז אויך די איינוואוינער וואָס זיינען נאָך געבליבן אין יהודה וועלן אין גיכן פאַרטריבן ווערן אין גלות און אַז גאָט וועט זיך דערבאַרעמען איבער זיין פאָלק נאָר דעמאָלט, ווען די נשמה פון פאָלק וועט זיך אויסלייטערן דורך ליידן. אָבער די יידן אין בבל האָבן זיך אַזוי ווייניק צוגעהערט צו די רייד פון יחזקאל. ווען ירמיהו האָט זיך דערוואוסט וועגן די פלענער פון די גולי בבל, האָט ער זיי געשיקט אַ בריוו און זיי געבעטן צו פאַרבלייבן רואיק אין יענעם אָרט, וואוהין דער שיקזאַל האָט זיי פאַרטריבן. „בויט זיך דאָרט הייזער, — האָט ער זיי געשריבן — און וואוינט אין זיי; פלאַנצט זיך גערטנער און עסט זייערע פירות. זאָרגט זיך וועגן דעם וואוילשטאַנד פון דער שטאָט, וואוהין גאָט האָט אייך געבראַכט, וואָרום ווען דער שטאָט וועט גוט זיין וועט אייך אויך גוט זיין. און עס וועט קומען די צייט און גאָט וועט אייך אומקערן פון געפאַנגענשאַפט". דער דאָזיקער בריוו איז די פאַרטריבענע ניט געפעלן. אין ירושלים זיינען אויך אַ סך אויפגעבראַכט געוואָרן קעגן ירמיהו, מען האָט אים אָנגערופן פאַררעטער און פריינד פון נבוכדנאצר. ירמיהו האָט טיף געליטן זעענדיק ווי דאָס פאָלק פאַר־שטייט אים ניט. ער האָט הייס געליבט זיין פאָטערלאַנד און ער האָט געוואוסט, אַז אַן אויפשטאַנד קעגן נבוכדנאצרן וועט זי אין גאַנצן חרוב מאַכן.

## § 89. חורבן ירושלים

אַן ערך פון זיבן אָדער אַכט יאָר האָט צידקיהו אָפּגעהיט די שבועה פון טרייהייט, וואָס ער האָט געגעבן צו נבוכדנאצרן; נאָר ענדלעך האָט ער באַשלאָסן אַרונטערצוואַרפן פון זיך דעם באַבילאָנישן יאָך, אַזוי ווי עס האָבן געפאָדערט די מערהייט איינוואוינער פון ירושלים. צידקיהו האָט אויפגעהערט צו צאָלן צינז דעם באַבילאָנישן קעניג און אויף אַזאַ

אופן האָט ער דערקלערט זיין לאַנד פאַר אומאָפּהענגיק. אין ירושלים האָט מען זיך גענומען גרייטן צו אַ מילחמה מיט בבל. ווען נבוכדנאצר האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם אויפשטאַנד פון די יידן, איז ער אַריין אין גרויס רציחה און איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ גרויס חיל צו באַשטראָפן די מורדים. די באַבילאָנישע מחנות זיינען אַריין אין יהודה, האָבן איינ־גענומען אַ סך באַפעסטיקטע שטעט, האָבן גערויבט די איינוואוינער און זיי אַוועקגעפירט געפאַנגען. וואוהין דער שונא איז אונטערגעקומען זיי־נען אַ סך איינוואוינער אַנטלאָפן קיין ירושלים און האָבן דערמיט פאַר־גרעסערט די אַזוי אויך געדיכטע באַפעלקערונג פון דער הויפטשטאָט. ירושלים איז געווען שטאַרק באַפעסטיקט און די איינוואוינער האָבן באַ־שלאָסן זיך צו פאַרטיידיקן ביז דער לעצטער מעגלעכקייט.

ווינטער, אין אָנהייב פון יאָר 587, האָט נבוכדנאצרס חיל באַלאַ־גערט ירושלים און האָט אויפגעשאָטן אַרום דער שטאָט אַ הויכן וואַל. די איינוואוינער פון ירושלים האָבן זיך גענומען צו דעם געווער. כדי צו פאַרגרעסערן די צאָל זעלנער האָט צידקיהו באַפוילן פרייצולאָזן אַלע קנעכט פון יידישער אָפּשטאַמונג. די יידן האָבן זיך העלדיש פאַרטיידיקט. אַ גאַנץ יאָר האָבן די באַבילאָנער באַלאַגערט די הויפטשטאָט, אָבער אָן דערפאָלג. פלוצלינג האָט נבוכדנאצר געקראָגן אַ ידיעה, אַז דער עגיפּטי־שער קעניג חפרה גייט אויף אים מיט אַ גרויסן חיל. די באַבילאָנער זיינען שנעל אָפּגעטראָטן פון ירושלים און זיינען אַוועק קעגן די מיצריים. די יידן האָבן זיך שטאַרק געפרייט, זעענדיק דערין דעם אָנפאַנג פון דעם שונאס מפלה; נאָר זייער פרייד איז געווען צו פרי. נבוכדנאצר האָט שנעל באַוויזן צו צעשלאָגן די מיצריים און זיין חיל האָט אויף דאָס ניי באַלאַ־גערט ירושלים. די אָנפאַלן פון דעם שונא זיינען געוואָרן אַלע מאָל שרעק־לעכער. ירמיהו האָט ניט אויפגעהערט טענהן, אַז די שטאָט וועט חרוב ווערן אויב זי וועט זיך ניט פרייוויליק אונטערגעבן דעם פיינט. דעמאָלט האָבן די אויפגערעגטע האַרן געזאָגט צום קעניג צידקיהו: „ירמיהו פאַר־דינט דעם טויט, ווייל ער שלאָגט אָפּ דעם מוט פון די קריגער מיט זיינע נביאות״. דער קעניג האָט געענטפערט: „ער איז אין אייערע הענט, און איך קען קעגן אייך גאָרניט טאָן״. האָבן די האַרן באַפוילן און מען האָט ירמיהון אַריינגעוואָרפן אין אַ גרוב פון ליים. דער נביא וואָלט אומ־געקומען אין דעם גרוב ווען עס זאָל זיך אויף אים ניט געווען דערבאַרעמען איינער פון די הויפדינער. דער דאָזיקער דינער האָט געמאָלדן דעם קעניג

וועגן דער סכנה, אין וועלכער ירמיהו האָט זיך געפונען, און אויפן קע־ניגס באַפעל האָט מען ירמיהון אויף שטריק אַרויסגעצויגן פון גרוב און אים אַריבערגעפירט אין הויז פון דער הויפוואַך.

די מהומה אין ירושלים איז געוואָרן אַלץ גרעסער. די אָנגעגרייטע שפּייז איז אויסגעגאַנגען און עס איז אָנגעשטאַנען אַ הונגער. די קריגס־לייט אויף די מויערן זיינען אומגעקומען פון דעם שונאס פיילן, און אין די הייזער און אין די גאַסן פון ירושלים זיינען די מענטשן געשטאָרבן פון הונגער און מגפות. מענער און פרויען פלעגן ווי די שאָטנס אומוואַנ־דערן איבער די גאַסן און פלעגן אָפּט פאַלן פאַרשמאַכטע; קינדער פלעגן מיט געוויין שרייען: ברויט, ברויט! עס זיינען געווען פאַלן ווען איי־זעלע מוטערס האָבן אָפּגעקאָכט דאָס פלייש פון זייערע טויטע קינדער און דערמיט געשטילט זייער הונגער. די אויסגעמאַטערטע יידישע קריגס־לייט האָבן שוין מער קיין כוח ניט געהאַט צו פאַרטיידיקן די פעסטונגען. ענדלעך, אין חודש תמוז (יוני) פון יאָר 586, האָבן די באַבילאָנישע קריי־גער דורכגעבראָכן אין איין אָרט די וואַנט פון ירושלים און האָבן זיך אַריינגעריסן אין שטאָט אַריין. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ שרעקלעכע שחיטה. די גרויזאַמע באַבילאָנער האָבן געהרגעט יעדן איינעם, וואָס איז זיי געקומען צו דער האַנט, און האָבן ניט געשוינט ניט קיין פרויען און ניט קיין קינדער. צוזאַמען מיט די באַבילאָנער האָבן זיך אין ירושלים אויך אַריינגעריסן ווילדע באַנדעס פון אדומים, וועלכע זיינען צוגעשטאַ־נען צו זיי, און האָבן געראַבעוועט און געפּלינדערט דאָס פאַרמעגן פון די איינוואוינער. דער מלך צידקיהו און אייניקע האַרן און קריגסלייט זיינען ביינאַכט אַנטלאָפן פון ירושלים. נאָר נעבן יריחו האָבן באַבילאָנישע ריי־טער זיי אָנגעיאָגט. צידקיהו און זיינע זין האָט מען אַוועקגעפירט אין דער סירישער שטאָט רבלה, וואו עס האָט זיך דעמאָלט געפונען נבו־כדנאצר. דער קעניג פון בבל האָט זיך מיט זיי אָפּגערעכנט אויף אַ גרוי־זאַמען אופן: ער האָט באַפוילן צו טויטן צידקיהוס זין פאַר זייער פאָ־טער אין די אויגן, און צידקיהון אַליין האָט ער געהייסן שפּעטער אויס־שטעכן די אויגן, שמידן אים אין קייטן און אַוועקפירן קיין בבל.

נאָר דערמיט האָט זיך נאָך דער צאָרן פון דעם זיגער ניט געשטילט. נבוכדנאצר האָט געשיקט נבוזראדן, דעם אויבערהאַר פון זיין לייבוואַך, קיין ירושלים מיט אַ באַפעל אין גאַנצן חרוב צו מאַכן די שטאָט. דער אכזריותדיקער קריגספירער איז אָנגעקומען אין דער הויפּטשטאָט פון

יהודה, האָט אַוועקגערויבט אַלע אוצרות פון בית־המיקדש און אַלע טייע־רע כלים און צירונג, און עס אָפּגעשיקט קיין בבל. אין דעם ניינטן טאָג אין חודש אב (יולי) האָט ער פאַרברענט דעם פּראַכטפולן בית־המיקדש, וועלכער האָט עקזיסטירט פון שלמה המלכס צייטן אָן, אויך דעם קעניג־לעכן פּאַלאַץ און אַנדערע גרויסע געביידעס, האָט צעוואָרפן די ווענט פון ירושלים און האָט אַוועקגעפירט געפאַנגען אַ סך איינוואוינער. דעם כּהן גדול שריהו, זיינע העלפער און אייניקע גרויסע האַרן, אַרום זעכציק מאַן, האָט ער אָפּגעשיקט קיין רבלה, וואו נבוכדנאצר האָט זיי געלאָזט טויטן. די איבעריקע יידישע געפאַנגענע, וועלכע האָבן געהערט צום בעסטן טייל פון דער ירושלימער געזעל־שאַפט, זיינען פאַרטריי־בן געוואָרן אין בבל. געבליבן זיינען אין ירו־שלים און אין אַנדערע ערטער פון יהודה בלויז די אָרעמע איינוואוי־נער. ירמיהו הנביא איז פון אָנפאַנג אויך אריינ־געפאַלן אין געפאַנגענ־שאַפט, אָבער שפּעטער האָט נבוכדנאצר געהיי־סן אים באַפרייען, וואָ־רום ער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען פאַר



צדקיהוס זין געשאָכטן אין זיין קעגנוואַרט

דער אונטערטעניקייט צו בבל. דער נביא איז געוועזן שטאַרק דערשלאָגן פון דעם שרעקלעכן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן זיין פאָטערלאַנד. ער האָט ביטער באַוויינט דעם חורבן פון ירושלים, וועלכן ער האָט לאַנג צוריק פאָראויסגעזען.

אין תנ״ך זיינען פאַרבליבן קלאָג־לידער אויפן חורבן פון ירושלים, וועלכע זיינען לויט דער מסורה געשריבן געוואָרן פון ירמיהו (מגילת

„איכה“). אין אייניקע שטעלן פון די דאָזיקע לידער, וועלכע ווערן עד היום געלייענט אין די שולן אום תשעה באב, זאָגט זיך אַזוי:

„ווי איינזאַם איז געבליבן זיצן די שטאָט, די גרויס־באַפעלקער־טע! ווי אַן אַלמנה איז זי געוואָרן. די גרויסע צווישן פעלקער, די הערשערין איבער מדינות — מוז צאָלן צינז. וויינען טוט זי ביינאַכט און די טרערן רינען איבער אירע באַקן; זי האָט קיין טרייסט ניט צווישן אירע פריינד, אַלע אירע נאָענטע האָבן אין איר געפעלשט, זיינען געוואָרן אירע פיינט. ציונס וועגן טרויערן ווייל קיינער גייט איבער זיי ניט צו די ימים־טובים; אַלע אירע טויערן זיינען וויסט, אירע כוהנים זיפצן, אירע בתולות זיינען טרויעריק. אָ, ווי האָט גאָט פאַרפינצטערט דעם גלאַנץ פון דער טאָכטער ציון (די יידישע נאַציע), איר קעניג און אירע האַרן זיינען ביי פרעמדע פעלקער, ס'איז קיין תורה ניטאָ, אויך אירע נביאים האָבן ניט באַקומען קיין נבואה. עס זיצן אויף דער ערד און שווייגן די זקנים פון ציון, האָבן באַדעקט דעם קאָפּ מיט אַש, האָבן זיך אָנגעגורט אין זעק; עס האָבן אַראָפּ געלאָזט זייערע קעפּ די בתולות פון ירושלים. עס זיינען אויסגעגאַנגען פון טרערן מיינע אויגן, מיינע געדערים זיינען איינגעשרומפּן איבער דעם בראָך פון מיין פאָלק. מיט וואָס זאָל איך דיך צוגלייכן אום דיך צו טרייסטן? וואָרום גרויס ווי דער ים איז דיין בראָך: ווער קען דיך היילן? אַלע פאַרבייגייער פּאַטשן מיט די הענט און שאָקלען מיטן קאָפּ: איז דאָס די שטאָט, וואָס אויף איר האָט מען געזאָגט — פולקאָם אין שיינקייט, די פרייד פון דער וועלט?“.

## § 90. דער נשיא גדליהו; די פאַרוויסטונג פון יהודה.

אַז ירושלים איז חרוב געוואָרן און די חשובע לייט זיינען אוועק־געפירט געוואָרן געפאַנגען, איז אין יהודה געבליבן מייסטנס דאָס פּראָס־טע פאָלק — די ערדאַרבעטער און ווייַנגערטנער. נבוכדנאצר האָט ניט געוואָלט פאַרוואַנדלען דאָס באַזיגטע לאַנד אין אַ וויסטעניש, און ער האָט דערלויבט די איינוואוינער צו זיין די בעלי־בתים איבער דער ערד, בתנאי אַז זיי זאָלן זי באַאַרבעטן. פאַרן פאַרוואַלטער איבערן לאַנד איז באַשטימט געוואָרן דער יידישער נשיא גדליהו בן אחיקם. גדליהו איז געוועזן אַ פריינד פון ירמיהו און האָט געהערט צו דער פאַרטיי, וואָס

האָט זיך אונטערגעגעבן צו דער באַבילאָנישער אויבערהערשאַפט, און דעריבער האָט אים נבוכדנאצר אויסגעקליבן פאַר זיין שטעלפאַרטרעטער אין יהודה. נבוכדנאצר האָט פאָרגעלייגט ירמיהון ער זאָל גיין קיין בבל און לעבן דאָרט אונטערן קעניגלעכן שוץ, אָדער בלייבן אין יהודה און זיין גדליהוס ראַטגעבער אין דער פאַרוואַלטונג פון לאַנד. ירמיהו האָט באַשלאָסן צו בלייבן אין זיין פאָטערלאַנד, ביי דער זייט פון גדליהון.

אַזוי ווי ירושלים איז געווען חרוב, האָט זיך גדליהו באַזעצט אין דער שטאָט מיצפה, ניט ווייט פון ירושלים. אונטער דער פאַרוואַלטונג פון גדליהון איז די צעשטערטע יהודה אַביסל צו זיך געקומען פון די שווערע קלעפּ וואָס זי האָט געקראָגן. די איינוואוינער, וועלכע זיינען אין דער צייט פון מילחמה זיך צעלאָפן, האָבן זיך אומגעקערט צו זייערע וואוינערטער און האָבן אויף דאָס ניי גענומען באַאַרבעטן די ערד. די געבליבענע יידישע קריגער, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די בערג און מידבריות, זיינען געקומען צו גדליהון, האָבן אים אויסגעדריקט זייער אונטערטעניקייט און האָבן געקראָגן אין אייגנטום די גיטער פון יענע, וועלכע זיינען פאַרטריבן געוואָרן קיין בבל. צווישן זיי איז געווען אַ גרויסע אָפּטיילונג, וועלכע איז אָנגעפירט געוואָרן פון דעם הויפּטמאַן יוחנן בן־קרח. אָבער ניט אַלע יידישע קריגסלייט, וואָס זיינען געקומען קיין מיצפה, האָבן מיטן גאַנצן האַרצן שלום געמאַכט מיט דעם שטעל־פאַרטרעטער פון דעם באַבילאָנישן קעניג. צווישן די צוריקגעקערטע קריגס־פירער איז געווען איינער פון קעניגלעכער אָפּשטאַמונג, ישמעאל בן נתניה, וועלכער האָט — אָדער פון קנאה צו גדליהון אָדער וועלנדיק אַרויסרופן אַ נייעם אויפשטאַנד קעגן בבל — באַשלאָסן צו טויטן גדליהון. גדליהוס פריינד יוחנן האָט אים געוואָרנט קעגן דער פאַרשווע־רונג פון ישמעאלן, אָבער גדליהו האָט זיך גאָר ניט וויסנדיק געמאַכט דערפון. איין מאָל אין אַ גרויסן יום־טוב האָט גדליהו געמאַכט אין מיצפה אַ גרויסן מאָלצייט. צווישן די פאַרבעטענע געסט איז אויך געווען ישמעאל און זיינע חברים. אין דער צייט פון דער סעודה האָבן ישמעאל און זיינע מיטהעלפער פּלוצלינג אַנטבלויזט זייערע שווערדן און האָבן געהרגעט גדליהון און אַלע יידן און באַבילאָנער, וואָס זיינען דאָרט געווען. נאָך דעם איז ישמעאל מיט אַכט פון זיינע חברים אַנטלאָפן אין לאַנד פון די עמונים (581).

בראש פון די פאַרזאַמלטע יידן אין מיצפה האָט זיך איצט געשטעלט

דער פריינד פון דעם דערמאָנטן גדליהו, יוחנן בן קרח. די לאַגע פון די דאָזיקע מענטשן איז געווען אַ פאַרצווייפלטע. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז ווען נבוכדנצאר וועט זיך דערוויסן וועגן דעם טויט פון זיין שטעלפאַר־טרעטער וועט ער נעמען נקמה פון אַלע פאַרבליבענע יידן אין מיצפה און וועט אויף דאָס נײַ פאַרוויסטן דאָס לאַנד. דעריבער האָבן זיי באַשלאָסן אַריבערוואַנדערן קיין מיצרים. צוזאַמען מיט דער דאָזיקער גרופע וואַנ־דערער איז אויך אַוועק ירמיהו הנביא. אויף אַזאַ אופן האָט זיך אַ הייפל



יאשיה לייענט עפנטלעך די תורה

יידן אומגעקערט צוריק אין דעם לאַנד, פון וואַנען זייערע עלטערן זיינען אַרויס מיט 800 יאָר צוריק. דער עגיפטישער קעניג חפרה האָט דערלויבט די וואַנדערער זיך צו באַזעצן אין דער שטאָט תפניס און אין אייניקע אַנדערע שטעט. די יידן האָבן געהאָפט, אַז די מיצריים וועלן פאַרניכטן די הערשאַפט פון נבוכדנאצרן און וועלן זיי אומקערן צו זייער פאָטער־לאַנד. אָבער אייניקע פון זיי האָבן איבערגענומען די עגיפטישע מינהגים און גלויבנס און האָבן אַפילו געדינט צו די עגיפטישע געטער. ירמיהו האָט ביטער געשטראָפט די דאָזיקע מענטשן, וואָס אַפילו די צרות האָבן זיי נישט בעסער געמאַכט. ביז זיינע לעצטע טעג האָט דער פיל־ליידנ־דיקער נביא נישט אויפגעהערט לערנען זיינע ברידער און פירן זיי אויפן

ריכטיקן וועג. ער האָט געזאָגט, אַז די ליידן וואָס זיינען געקומען אויפן יידישן פאָלק דאַרפן אים ריין מאַכן און אויסלייטערן, און דעמאָלט וועט זיך גאָט איבער אים דערבאַרעמען און וועט אים אומקערן צו זיין לאַנד. ירמיהו האָט זיך נישט דערוואַרט אויף יענער בעסערער צייט: ער איז געשטאָרבן אין מיצרים.

די לאַגע פון יהודה איז אַלץ ערגער געוואָרן. נאָך גדליהס טויט האָט נבוכדנאצר געשיקט אַהין אַ שטראָף־אָפּטיילונג אונטער דער פירערשאַפט פון נבוזראדן. דער גרויזאַמער קריגספירער האָט גענומען געפאַנגען און אַוועקגעפירט קיין בבל נאָך עטלעכע הונדערט יידישע פאַמיליעס. יהודה האָט פאַרלוירן דעם גרעסטן און בעסטן טייל פון איר באַפעלקערונג. אַ סך געגנטן אירע זיינען אין גאַנצן פאַרוויסט געוואָרן: איבער די אומבאַוואוינטע ערטער פלעגן אַרומלויפן ווילדע חיות. צווישן די חורבות פון ירושלים פלעגט זיך ביינאַכט הערן דאָס וואָיען פון שאַקאַלן, די חיות פון מידבר. די יידישע מלוכה איז אונטערגעגאַנגען. עס איז אים נאָך באַשערט געווען באַפרייט צו ווערן פון גלות און זיך אומקערן אין זיין אייגענעם לאַנד.

קאַפּיטל 13

# גלות בבל

(586—537 פ"ק)

## § 91. די יידן אין בבל.

נאָכן חורבן ירושלים איז דאָס יידישע פאָלק געווען אין סכנה אונ־טערצוגיין. די גרעסערע העלפט פון דעם פאָלק, וואָס האָט געלעבט אין מלכות־ישראל, אָדער די עשׂרת השבטים, איז נאָך לאַנג צוריק, אין דער צייט פון אשורס ממשלה, אַוועקגעריסן געוואָרן פון איר פאָטערלאַנד און איז צעשפּרייט געוואָרן איבער ווייטע לענדער. און בבל, וועלכע איז נאָך אשור געוואָרן די הערשערין פון דער וועלט, האָט געמאַכט אַ סוף צו מלכות יהודה און האָט פאַרטריבן די איינוואוינער פון ירושלים. אין בבל, מדי, פּרס, סיריע און מיצרים האָבן זיך געוואָגלט די פאַרטריבענע פון יהודה. אַ סך זיינען פאַרקויפט געוואָרן פאַר קנעכט צו די פרעמדע. עס האָט אויסגעזען, אַז די קינדער פון מלכות יהודה וועלן אויך פאַר־לוירן ווערן צווישן די פעלקער אַזוי ווי עס זיינען פאַרלוירן געוואָרן די קינדער פון מלכות־ישראל. געשען איז אָבער נישט אַזוי. די גולי־בבל האָבן זיך גאָרנישט צוזאַמענגעמישט מיט דער אַרומיקער היידנישער באַפעלקערונג, נאָר זיי האָבן געוואוינט באַזונדער און זיינען געבליבן געטריי צו זייער אמונה, זייערע דינים און מינהגים. אין דער פרעמד האָט זיך ערשט שטאַרק דערוועקט אין זיי די צוגעבונדנקייט צו זייער אייגן פאָטערלאַנד און גלויבן. זיי האָבן געטרויערט נאָך דעם פאַרלוירענעם

פאָטערלאַנד און האָבן חרטה געהאַט אויף זייערע טעותן, וואָס האָבן געבראַכט צום דאָזיקן אומגליק. צו די אָנגעקומענע גולים פון יהודה זיינען צוגעשטאַנען פילע, וואָס האָבן אָפּגעשטאַמט פון די אַלטע גולי־ישראל, וועלכע האָבן געלעבט אין די שכנישע לענדער (פון אַמאָליקן אשור) און וואָס האָבן נאָך קיין צייט נישט געהאַט זיך צו פאַרשמעלצן מיט די אַרו־מיקע פעלקער.

נבוכדנאצר, דער באַזיגער פון יהודה, האָט נישט געדריקט די יידן, וועלכע ער האָט פאַרטריבן אין בבל. פון די פאַרטריבענע האָט ער נאָר געפאָדערט זיי זאָלן אָנערקענען די הערשאַפט פון באַבילאָנישן מלך און זאָלן נישט שטרעבן צו אויפשטעלן צוריק זייער מלוכה, אָבער אין זייער אינווייניקסטן לעבן און אין זייער גלויבן האָט ער זיי געגעבן פולע פריי־הייט. אַ סך האָבן פאַרמאָגט פּרוכטבאַרע ערד, וועלכע זיי האָבן אַליין באַאַרבעט; אַנדערע האָבן זיך באַשעפטיקט מיט מלאכות און מיסחר. סיי אין דער הויפּטשטאָט בבל, סיי אין די אַנדערע שטעט האָבן די יידן געוואוינט אין באַזונדערע קהילות, האָבן געהאַט זייערע עלטסטע, זייערע גייסטיקע פירער און בתי־תפילה. ביי די רעליגיעזע פאַרזאַמלונגען פלעגט מען זינגען קאַפּיטלעך פון תהילים און מען פלעגט לייענען די הייליקע ספרים. די מיתפּללים פלעגן זיך שטעלן מיטן פּנים צו ירושלים, אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך אַריבערגעטראָגן אין געדאַנק צו דעם פאַרוויסטן בית־המיקדש. פיר טעג אין יאָר, וועלכע זיינען געווען פאַרבונדן מיט דעם אונטערגאַנג פון דעם פאָטערלאַנד, זיינען באַשטימט געוואָרן פאַר תעני־תים, פאַר טעג פון פאַסטן און טרויערן. דאָס זיינען געווען די טעג ווען ירושלים איז באַלאַגערט געוואָרן (עשרה בטבת), ווען זי איז געפאַלן (שבעה עשר בתמוז), דער טאָג ווען דער בית המיקדש איז פאַרברענט געוואָרן (תשעה באב) און דער טאָג פון גדליהס טויט (צום גדליהו). די רעליגיעזע אַסיפות האָבן געבראַכט צו אַ גייסטיקער פאַראייניקונג צווישן די יידן. דאָ האָבן די פאַרטריבענע גערעדט און געלייענט אויף זייער איי־גענער שפּראַך, האָבן געהערט די באַגייסטערטע רעדעס פון זייערע לערער און נביאים, וועלכע האָבן אויפגעהאַלטן אין זיי די האָפענונג אויף אַ בעסערער צוקונפט.

פאַריאָגט פון זייער פאָטערלאַנד האָבן די פאַרטריבענע געלעבט מיט די זיכרונות וועגן אים. זייער ברענענדיקע בענקשאַפט נאָך זייער היים

איז באַזונגען געוואָרן אין רירנדיקע שירים, פון וועלכע איינער איז אויף אייביק געוואָרן די נאַציאָנאַלע טרויער־הימנע פון יידישן פאָלק:

„ביי די טייכן פון בבל זיינען מיר געזעסן און געוויינט, דערמאָנענדיק ציון. אויף די ווערבעס דאָרטן האָבן מיר אויפגעהאָנגען אונדזערע האַרפן; דאָרט האָבן געפאָדערט פון אונדז אונדזערע פאַנגער לידער, און די שפּאָטער — פרייד: „זינגט אונדז פון ציונס לידער!" נאָר ווי זאָלן מיר זינגען גאָטס ליד אין אַ פרעמדן לאַנד? אויב איך וועל דיך פאַרגעסן, אָ, ירושלים, זאָל אָפּטרוקענען מיין רעכטע האַנט! זאָל זיך צוקלעפּן מיין צונג צו מיין גומען אויב איך וועל דיך ניט געדענקען, אויב איך וועל ניט שטעלן ירושלים העכער פון אַלע מיינע פריידן".



דניאל הנביא

עס איז פאַראַן אַ פאָלקס־מסורה, אין וועלכער עס שפּיגלט זיך אָפּ, ווי געטריי די יידישע פאַרטריבענע האָבן אָפּגעהיט זייערע דינים און מינהגים. די מסורה דערציילט, אַז אין נבוכד־נצארס הויף אין בבל האָט זיך געפונען אַ פאַרטריבענער מיטן נאָמען דניאל, וועלכער האָט געשטאַמט פון די מלכים פון יהודה, און מיט אים זיינען געווען נאָך דריי פון יהודהס אַדל: חנניה, מישאל און עזריה. דניאל און זיינע חברים האָבן זיך אויפגעצויגן אין קעניגלעכן הויף און האָבן זיך אויסגעלערנט די כאַלדעאישע שפּראַך און אַלע וויסנשאַפטן, מיט וועלכע די דעמאָלטיקע

כאַלדעאישע חכמים האָבן שטאָלצירט. נאָר פון דעסט וועגן זיינען זיי נישט אָפּגעטראָטן פון זייער אמונה. זיי האָבן געקראָגן זייער שפייז פון קעניגלעכן טיש, אָבער זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו עסן דאָס קעניגלעכע פלייש און טרינקען דעם קעניגלעכן וויין, וואָס איז געווען פאַרבאָטן נאָכן יידישן דין, און זיי האָבן זיך דערנערט מיט גרינס און געטרונקען וואַסער. איין מאָל האָט נבוכדנאצר געוואָלט צווינגען דניאלס דריי חברים צו בוקן זיך צום באַבילאָנישן אָפּגאָט, נאָר זיי האָבן נישט געוואָלט פאָלגן און דער קעניג האָט געהייסן זיי אַריינוואַרפן אין אַ ברענענדיקן קאַלך־אויוון. אָבער די יונגען זיינען אַרויס אוממבאַשעדיקט פון פייער און אַפילו זייערע האָר האָבן זיך נישט אָפּגעברענט. דעמאָלט — דערציילט דער תנ"ך — האָט דער קעניג זיך איבערצייגט אַז דער יידישער גאָט איז אַלמעכטיק און האָט שוין מער נישט געצוואונגען די יידן זיך צו בוקן צו אַנדערע אָפּגעטער.



יחזקאל הנביא

צווישן די יידישע פאַרטריבענע אין בבל האָט געלעבט דער גרויסער נביא יחזקאל, וועלכער איז אַהין אַוועקגעפירט געוואָרן נאָך מיטן קעניג יהויכין, פאַרן חורבן ירושלים (§ 88). יחזקאל איז געווען דער גייסטיקער פירער פון די גולי־בבל. מיט זיינע וואַרעמע רייד האָט ער אויפגעהויבן דעם דערשלאָגענעם מוט פון דעם וואַנדער־פאָלק. ער האָט נביאות געזאָגט, אַז די צעשפּרייטע נאַציע וועט נאָך אויף דאָס ניי אויפלעבן. איינע פון יחזקאלס גלענצנדסטע נבואות איז זיין באַרימטע זעאונג וועגן די טויטע ביינער.

„עס איז געווען אויף מיר גאָטס האַנט און גאָט האָט מיך אַרויסגע־

פירט אין אַ ווינט און האָט מיך געלאָזט שטיין אין אַ טאָל, וואָס איז פול געווען מיט ביינער. און ער האָט מיך געפירט אַרום און אַרום און זע: זייער פיל זיינען זיי אויפן פלאַך פון טאָל, און טרוקן זיינען זיי זייער. און ער האָט געזאָגט צו מיר: מענטשן־זון, צי וועלן די דאָזיקע ביינער אויפלעבן? און איך האָב געענטפערט: מיין האר און גאָט, נאָר דו אַליין ווייסט עס. און ער האָט צו מיר געזאָגט: זאָג נביאות איבער די טרוקענע ביינער און זאָג זיי: איר טרוקענע ביינער, הערט גאָטס וואָרט! אָט וועל איך אַריינזעצן אין אייך אַ גייסט און איר וועט אויפלעבן, און איך וועל אייך געבן אָדערן און אַרויפלעגן אויף אייך פלייש און באַציען אייך מיט אַ הויט. און איך האָב נביאות געזאָגט, ווי מיר איז באַפוילן געוואָרן. און ווי נאָר איך האָב אַרויסגעזאָגט מיין נבואה האָט זיך דערהערט אַ רעש און די ביינער האָבן אָנגעהויבן צו דערנענטערן זיך צו אייננאַנד. און איך האָב דערזען: אָט איז אויף זיי פאַראַן אָדערן און פלייש איז אויסגעוואַקסן, און פון אויבן האָט אַ הויט זיי באַדעקט, נאָר קיין גייסט איז אין זיי נישט געווען. און גאָט האָט צו מיר געזאָגט: „זאָג נביאות וועגן גייסט און זאָג: פון פיר זייטן קום, אָ, גייסט, און בלאָז אויף די דאָזיקע טויטע און זאָלן זיי לעבעדיק ווערן!” און איך האָב נביאות געזאָגט ווי מיר איז באַפוילן געוואָרן. און עס איז אַריין אין זיי אַ גייסט און זיי האָבן אויפגעלעבט און געשטעלט זיך אויף די פיס, זייער אַ גרויס חיל. און ער האָט צו מיר געזאָגט: מענטשן־זון! די דאָזיקע ביינער זיינען דאָס הויז ישראל. זיי זאָגן: אויסגעטריקנט זיינען אונדזערע ביינער, פאַרלוירן איז אונדזער האָפענונג, אָפּגעשניטן זיינען מיר (פון פאָטערלאַנד). דעריבער זאָג זיי אַזוי: אַזוי האָט געזאָגט גאָט: איך עפן אייערע קברים און וועל אייך אַרויספירן פון אייערע באַגרעבענישן, מיין פאָלק, און וועל אייך ברענגען אין לאַנד פון ישראל, און וועל אַריינזעצן אין אייך מיין גייסט, און איר וועט אָפּלעבן, און איך וועל אייך געבן מנוחה אין אייער לאַנד, און איר וועט וויסן, אַז איך, גאָט ווי איך האָב געזאָגט אַזוי האָב איך געטאָן”. (יחזקאל ל״ז).

## § 92. דער אונטערגאַנג פון בבל און די האָפענונגען פון די יידן.

נאָך נבוכדנאצרס טויט (562) האָט די מאַכט פון בבל אין מיזרח אָנגעהויבן צו זינקען. נבוכדנאצרס זון, אויל־מרודך, האָט געקעניגט בלויז

צוויי יאָר. ער האָט באַפרייט פון תפיסה דעם געוועזענעם יידישן מלך יהויכין, וועלכן זיין פאָטער האָ טאָמאָל אַוועקגעפירט געפאַנגען און אים אָפּגעהאַלטן אין געפענגעניש 36 יאָר; מרודך האָט יהויכינען מקרב געווען און אים געגעבן אַ חשובן פּלאַץ אין קעניגלעכן הויף. נאָך נבוכדנאצרס טויט האָבן פאַרשיידענע האַרן און קריגספירער אָנגעהויבן קעמפן צווישן זיך פאַר דער קעניגלעכער מאַכט. אויל־מרודך איז אַרונטערגעזעצט געוואָרן און אין פאַרלויף פון פינף יאָר האָבן זיך אין לאַנד געביטן דריי מלכים. דער לעצטער פון בבל איז געווען נבונידס (555). פאַר זיין צייט איז צעפאַלן געוואָרן די גרויסע מיזרח־אימפּעריע.

אין דער צייט פון נבונידס איז ביי דער זייט פון מלכות בבל אויסגעוואַקסן אַ נייע מלוכה, וועלכע איז אין קורצן געוואָרן די הערשערין פון גאַנץ פאָדער־אַזיע. דאָס ברייטע לאַנד אין מיזרח זייט פון מעסאָפּאָטאַמיע, מיטן נאָמען איראַן, איז געווען באַזעצט פון צוויי פעלקער: די מעדיער (מדי) און פערסער (פרס). די מעדיער צוזאַמען מיט די באַבילאָנער זיינען עס געווען די יעניקע וואָס האָבן אַמאָל צעשטערט די אַסירישע מלוכה. פון דעמאָלט אָן זיינען די מעדיער געווען די הערשער פון איראַן און די פערסער זיינען געווען אונטערטעניק צו זיי. נאָר צולעצט האָבן אין איראַן געקראָגן די אויבערהאַנט די פערסער. אונטער דער פירערשאַפט פון זייער העלדישן קריגספירער כורש האָבן זיי באַזיגט מעדיע און איינגענומען איר הויפּטשטאָט עקבאַטאַן. כורש איז געוואָרן דער קעניג פון דער פאַראייניקטער מלוכה פון פרס ומדי (אַרום 550) און האָט זיך אַוועקגעלאָזט איינצונעמען נייע לענדער. ער האָט איינגענומען קליין־אַזיע און סיריע, און דערנאָך האָט ער באַשלאָסן צו באַזיגן די גרויסע מלוכה פון בבל. אין אַ קורצער צייט האָט ער איינגענומען אייניקע פּראָווינצן פון בבל און האָט זיך גענומען גרייטן צוצוטרעטן צו איר הויפּטשטאָט. די ידיעה וועגן כורשס גרויסע ניצחונות האָט אָנגעפילט מיט פרייד די הערצער פון די יידישע פאַרטריבענע אין בבל. וועגן דעם נייעם זיגער פלעגט מען דערציילן, אַז ער באַגייט זיך פריינדלעך מיט אונטערדריקטע פעלקער. די יידן האָבן דעריבער געהאָפט, אַז ווען כורש וועט איינעמען בבל, וועט ער זיי באַפרייען און לאָזן זיך אומקערן אַהיים. אַ נביא, וועלכע האָט געלעבט צווישן די פאַרטריבענע, האָט אין פלאַמענדיקע רעדעס געלויבט די גוטהאַרציקייט פון כורשן און

האָט דערקלערט, אַז גאָט האָט אים געשיקט צו זיין דער אויסלייזער פון די יידן.

דער דאָזיקער גרויסער נביא, וואָס זיין נאָמען איז נישט באַוואוסט, קען אָנגערופן ווערן ,,דער נביא פון דער אויפלעבונג״. (עס איז אָנגענומען אים צו רופן ישעיהו דער צווייטער, ווארום זיינע רעדעס זיינען פאַרבליבן אין דעם צווייטן טייל פון דעם ספר ישעיהו דער ערשטער, דער באַרימ־טער נביא פון חזקיהוס צייטן). אויב אין די נביאות פון יחזקאל שפיגלט זיך אָפּ די פינצטערע נאַכט פון גלות, איז אין דער נביאות פון דעם נייעם נביא שיינט דער אָפּגלאַנץ פון דעם אויפגייענדיקן מאָרגנשטערן און עס הערט זיך דער מונטערער רוף צו באַפרייאונג און נייעם לעבן. דער נביא הערט די שטימע פון גאָט, וועלכע זאָגט צו די פירער פון יידישן פאָלק; ,,נחמו, נחמו עמי טרייסט, טרייסט מיין פאָלק. רעדט צו דעם האַרצן פון ירושלים און רופט צו איר. אַז פול געוואָרן איז איר צייט, אַז פאַר־געבן געוואָרן איז איר פאַרברעך, אַז זי האָט געקראָגן פון דער האַנט פון גאָט טאָפּל פאַר אַלע איר׳ע זינד. אַ שטים רופט אין דער וויסטע: רייניקט אָפּ דעם וועג (צווישן בבל און יהודה) פון גאָט, גלייכט אויס אין דעם סטעפּ אַ שטעג פאַר אונדזער האַר... גייט אַרויס פון בבל, איילט אַוועק פון כשדים, זאָגט: באַפרייט האָט גאָט זיין קנעכט יעקב!״ די גע־צייג אין גאָטס הענט אין דער דאָזיקער איבערקערעניש איז כורש, דער מלך פון פּרס. ,,אַזוי האָט געזאָגט גאָט צו זיין געזאַלבטן, צו כורשן: איך שטיץ זיין רעכטע האַנט אום אונטערטעניק צו מאַכן נאַציעס פאַר אים, און מאַך די לענדן פון די קעניגן לויז, אום צו עפענען טירן פאַר אים און טויערן זאָלן נישט פאַרשלאָסן בלייבן... צוליב מיין דינער יעקב און ישראל מיין אויסדערוויילטן. איך האָב אים (כורשן) פאַר גערעכטיקייט אויפגעוועקט און אַלע זיינע וועגן וועל איך גלייך מאַכן. ער וועט אויפ־בויען מיין שטאָט און מיינע פאַרטריבענע וועט ער צוריקשיקן״.

דער נביא אַנטוויקלט דעם געדאַנק, אַז ה׳ איז נישט נאָר דער גאָט פון יידישן פאָלק, נאָר אויך דער גאָט פון דער גאַנצער וועלט און ער באַשטימט דעם גורל פון אַלע פעלקער. דאָס יידישע פאָלק איז גאָטס אויסדערוויילטער, און איז גערופן געוואָרן צו אויפדעקן פאַר אַנדערע פעלקער דעם אמתן גלויבן און פאַרווירקלעכן די אידעאַלן פון גערעכטי־קייט אויף דער וועלט. און דער דאָזיקער „אויסדערוויילטער״ האָט גע־דאַרפט ליידן פיין און רדיפות, אָבער סוף כל סוף וועט ער נאָך גליקלעך

זיין: ער וועט זיין דאָס „ליכט פאַר די פעלקער", דער פאַנען־טרעגער פון אמת פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. דאָס דאָזיקע ליכט וועט ווידער אויפשיינען אויפן באַרג ציון, אין אַ באַפרייטער יהודה. אַן אויסגעליי־טערטע דורך די צרות וועט די יידישע נאַציע זיך אומקערן אין איר לאַנד און דאָרטן ווייזן דער וועלט אַ ביישפיל פון גייסטיקער שטאַרקייט. דער נביא זאָגט־צו דעם באַפרייטן פאָלק נישט קיין קריגערישע מאַכט, נישט קיין הערשאַפט איבער אַנדערע פעלקער דורכן שווערד און גוואַלד, נאָר אַ זיג איבער די מוחות און הערצער דורך די געדאַנקען פון אמת און יושר.

## § 93. שיבת ציון. דער קעניג פון פרס.

אין דער צייט ווען כורש גרויזאַמע חילות האָבן זיך דערנענטערט צו בבל האָט דער באַבילאָנישער קעניג גאָרנישט געטאָן צו באַשיצן זיין הויפטשטאָט. ער האָט געהאָפט, אַז בבל, וועלכע איז געווען אַרומגערינגלט מיט צוויי שורות דיקע ווענט וועט מען קיין מאָל נישט קענען איינעמען. דער קעניג און זיינע מקורבים זיינען געווען זיכער, אַז עס איז קיין סכנה נישטאָ און דעריבער האָבן זיי זיך אַריינגעלאָזט אין פאַרגעניגנס, אין עסן און אין זויפן. וועגן איינעם פון די דאָזיקע מאָלצייטן דערציילט דער תנ"ך דאָס ווייטערדיקע: דער באַבילאָנישער קעניג בלשצר (נבונידס אַליין אָדער זיין זון) האָט געמאַכט אַ גרויסע סעודה פאַר זיינע שרים און האָט געהייסן ברענגען אין פאַלאַץ די כלים, וועלכע נבוכדנאצר האָט אַמאָל צוגענומען פון בית המיקדש אין ירושלים. בשעת דער קעניג און זיינע געסט זיינען געזעסןביים טיש און האָבן געטרונקען וויין פון די הייליקע כלים האָט זיך אויפן וואַנט אַנטקעגן טיש באַוויזן אַ מענטשלעכע האַנט און האָט אָנגעשריבן עפּעס אומפאַרשטענדלעכע ווערטער. דער קעניג האָט זיך דערשראָקן און האָט גערופן זיינע חכמים זיי זאָלן איבערלייענען די אויפשריפט, אָבער די חכמים האָבן עס נישט געקענט איבערלייענען. דעמאָלט האָט מען גערופן דעם יידישן חכם דניאל, און ער האָט באַלד איבערגעלייענט די אויפשריפט און געזאָגט צום מלך: „דאָ זיינען אויס־געקריצט די ווייטערדיקע ווערטער: „מנה מנה תקל ופרסין, ד"ה, געציילט אָפּגעוואויגן און צעטיילט. די באַדייטונג פון דער מאָדנער אויפשריפט איז, אַז געציילט זיינען די טעג פון דיין קעניגן, אָפּגעוואויגן אויפן וואָג־

שאָל זיינען דיינע שלעכטע מעשים, און צעטיילט איז דיין מלוכה צווישן מדי און פּרס״. די דאָזיקע נבואה איז באַלד מקוים געוואָרן.

כורשס מעכטיק חיל איז צוגעטראָטן צו בבל און זי באַלאַגערט. כורש האָט איינגעזען, אַז צו נעמען די דאָזיקע גרויסע באַפעסטיקטע שטאָט מיט שטורעם איז אוממעגלעך. האָט ער געהייסן אויסגראָבן הינ־טערן שטאָט אַ קאַנאַל און אים פאַראייניקן מיטן טייך פּרת., וועלכער איז דורכגעלאָפן דורכן שטאָט. דאָס וואַסער פון טייך איז אָפּגעצויגן געוואָרן אין קאַנאַל אַריין און פון דאַנען אין אַ טיפער אָזערע, וואָס איז געלעגן דערביי. אין טייך איז געבליבן אַזוי ווייניק וואַסער, אַז מען האָט אים



כורשעס קבר

געקענט אַריבערגיין צופוס. איין מאָל ביינאַכט ווען די באַבילאָנער האָבן זיך זאָרגלאָז משמח געווען אויף אַ יום טוב לכבוד זייער גאָט האָבן די פּערסישע זעלנער זיך אַריינגעריסן אין שטאָט אַריין איבערן אויסגע־טריקנטן גרונד פון דעם טייך פּרת. בבל איז גענומען געוואָרן. כורש האָט זיך דערקלערט פאַרן הערשער פון מלכות־בבל און האָט די אַמאָליקע גרויסע אימפּעריע צוגעשלאָסן צו פּערסיע (538).

די גרויסע יידישע באַפעלקערונג פון בבל האָט מיט פרייד באַגעגנט דעם פּערסישן זיגער. די דאָזיקע איבערגעגעבנקייט פון די יידן איז כורשן געפעלן געוואָרן. ער האָט באַשלאָסן צו באַפרייען די יידן פון זייער לאַנגן

גלות און לאָזן זיי זיך אומקערן אין יהודה, וועלכע איז מיט דער גאַנצער מלוכה פון בבל געוואָרן אַ טייל פון דער פערסישער מלוכה. אין גיכן זיינען איבער גאַנץ בבל צעשיקט געוואָרן קעניגלעכע שטאַפעטן, וועלכע האָבן מודיע געווען כורשס באַפעל, אַז אַלע יידן וואָס געפינען זיך אין די שטעט פון בבל און פרס מעגן זיך אומקערן אין יהודה און אויפבויען די חרובע ירושלים און דעם בית המיקדש. געלט אויף בויען דעם בית המיקדש האָט כורש געהייסן געבן פון זיין אייגענער קעניגלעכער קאָסע, און דעם אויפזעער פון די קעניגלעכע אוצרות האָט ער באַפוילן אַרויס־צוגעבן צו די צוריקגעקערטע יידן אַלע גאָלדענע און זילבערנע כלים, וועלכע נבוכדנאצר האָט צוגענומען פון בית המיקדש.

צענדליקער טויזנטער יידן האָבן זיך דערקלערט גרייט צו פאַרלאָזן בבל און זיך אומקערן צו זייער פאָטערלאַנד. בראש פון די אויסוואַנדערער איז געשטעלט געוואָרן דער פירשט זרובבל, אַן אייניקל פון קעניג יהויכין, און יהושע, אַן אייניקל פון שריהו, דעם לעצטן כוהן־גדול פון ירושלים. אַ טייל יידן זיינען נאָך געבליבן אין בבל, אָבער אויך זיי האָבן נישט פאַרגעסן זייער פאָטערלאַנד און האָבן געהאָפט שפּעטער זיך צוריקצוקערן אַהין. די איבערגעבליבענע האָבן אויסגעריכט זייערע ברידער אין וועג אַריין מיט געלט, שפייז און פי. כורש האָט געגעבן די אויסוואַנדערער אַ וואַך פון טויזנט רייטער צו באַשיצן זיי אויפן וועג פון ווילדע שבטים. און אין יאָר 537 האָט אַ גרויסע צאָל יידן זיך אַוועקגעלאָזט פון בבל אין זייער אייגן לאַנד, נאָך וועלכן עס האָבן אַזוי שטאַרק געבענקט גאַנצע צוויי דורות פון פאַרטריבענע. די אומגעריכטע באַפרייאונג פון גלות האָט זיך זיי אויסגעוויזן ווי אַ נס פון גאָט אָדער אַ וואונדערלעכער חלום. אַ שפּעטערדיקער שיר גיט איבער די גליקלעכע שטימונג פון די צוריק־געקערטע:

אַז גאָט האָט אומגעקער׳ט ציונס געפאַנגשאַפט
זיינען מיר ווי אין חלום געווען;
דאַן איז מיט פרייד־געלעכטער פול געווען אונדזער מויל

און אונדזער האַרץ מיט געזאַנג.
דעמאָלט פלעגט מעןריידן צווישן די פעלקער:
גאָט האָט גרויסעס געטאָן מיט די דאָזיקע!"
גאָט האָט מיט אונדז גרויסעס געטאָן,
מיט פרייד פול זיינען מיר געוועזן.



יידישע כלי־זמר געפאַנגענע אין בבל

קאפיטל 14

# יהודה אונטער דער פערסישער הערשאַפט

(537—332 פ"ק)

## § 94. די אויפלעבונג פון יהודה און דער בית שני.

נאָך ניין און פערציק יאָר גלות אין בבל האָבן זיך צענדליקער טויזנטער יידן אומגעקערט קיין יהודה אונטער דער פירערשאַפט פון דעם פירשט זרובבל און דעם כוהן גדול יהושע (537). באַלד נאָך זיי האָבן זיך אויך אָנגעהויבן ציען אין זייער פאָטערלאַנד אַ סך יידן וואָס זיינען געווען צעשפרייט אין אַנדערע לענדער: אין מיצרים, קליין־אַזיע און אויף די אינדזלען פון מיטללענדישן ים. פון אומעטום זיינען די פאַרטריבענע געלאָפן קיין יהודה מיט דער האָפענונג צו אָנהויבן דאָרט אַ רואיק לעבן אונטערן שוץ פון דעם גערעכטיקן מלך כורש. די צוריקגעקערטע האָבן געפונען זייער לאַנד אין אַ טרויעריקן צושטאַנד: די הייליקע שטאָט ירושלים איז געווען אַ הורבע פון חורבות, אַ סך שטעט און דערפער זיינען געשטאַנען ליידיק אָן איינוואוינער. די פעלדער, וועלכע זיינען לאַנג נישט באַאַרבעט געוואָרן, זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וויסטעניש. אייניקע געגענטן פון יהודה זיינען אונטער דער צייט פאַרכאַפּט געוואָרן פון די פיינדלעכע שכנישע פעלקער. און די פירער פון פאָלק, זרובבל און יהושע, האָבן זיך גענומען איינצופירן אָרדענונג אין דעם פאַרוויסטן לאַנד.

פריער פון אַלץ האָבן זיי צוריק איינגעשטעלט דעם גאָטדינסט

אין ירושלים. ווען עס איז געקומען דער יום טוב סוכות האָבן זיי געלאָזט אויסבויען אַ מיזבח צו ברענגען קרבנות. דערנאָך זיינען זיי צוגעטראָטן צו בויען אַ קליינעם בית המיקדש, אויפן זעלביקן אָרט וואו עס איז געשטאַנען דער ערשטער בית המיקדש. ווען עס איז געקומען דער טאָג פון לייגן דעם ווינקלשטיין פאַרן נייעם בית המיקדש איז מען זיך צוזאַמענגעפאָרן פון אַלע שטעט פון יהודה צום גרויסן יום טוב. די כוהנים זיינען דערשינען אין זייערע כהונה־קליידער, די לוויים האָבן געזונגען געזאַנגען (וועלכע זיינען פאַרבליבן עד היום אין תהילים); די נביאים האָבן אין זייערע רעדעס פאָרויסגעזאָגט אַ גליקלעכע צוקונפט און ווייט אַרום האָבן געהילכט די פרייד־געשרייען פון פאָלק. אָבער אין מיטן פון דער דאָזיקער גליקלעכער פאַרזאַמלונג זיינען געשטאַנען זקנים און ביטער געוויינט: די דאָזיקע אַלטע לייט האָבן נאָך געזען דעם ערשטן בית־המיקדש (שלומהס) אין זיין גאַנצער פּראַכט, און ווען זיי האָבן פאַרגליכן מיט אים דאָס נאָר־וואָס אָנגעפאַנגענע באַשיידענע „הויז פון גאָט", האָבן זיי זיך נישט געקענט איינהאַלטן פון טרערן. „און דאָס פאָלק — שרייבט אַ היסטאָריקער פון יענער צייט — האָט נישט געקענט אונטערשיידן די פרייד־געשרייען צוליב דעם גרויסן געוויין".



זרובבל אויף די חורבות פון ירושלים

נאָר אפילו דעם דאָזיקן קליינעם בית־המיקדש איז דעם פאָלק ניט גרינג אָנגעקומען צו בויען. אויפן גרענעץ פון יהודה האָבן געלעבט די

שומרונים (§ 79). הגם מיט דער צייט האָבן די שומרונים איבערגענומען דעם יידישן גלויבן, דאָך זיינען ביי זיי געבליבן אַ סך היידנישע מינהגים. ווען זיי האָבן זיך דערוואוסט, אַז די יידן בויען אין ירושלים אַ נייעם בית־המיקדש האָבן זיי אויך געוואָלט האָבן אַ חלק אין דעם בויען, כדי דער טעמפּל זאָל זיין אַן אַלגעמיינער פֿאַר די יידן און די שומרונים. נאָר זרובבל און יהושע האָבן זיך אָפּגעזאָגט אַריינצונעמען די שומרונים אין זייער עדה, ווייל זיי האָבן זיי געהאַלטן נאָר פֿאַר האַלבע יידן. דעמאָלט האָבן די באַליידיקטע שומרונים באַשלאָסן צו נעמען נקמה פֿון די יידן. זיי האָבן געמסרט אויף זיי פֿאַר די פּערסישע הערשער און מיט אַלע כוחות האָבן זיי געשטערט דאָס בויען פֿון דעם בית־המיקדש.


דריוש מיט זיין סוויטע

דערווייל האָבן זיך אויך די אַלגעמיינע לאַגע פֿון יהודה פֿאַרערגערט. איר באַשיצער כורש איז געשטאָרבן און דעם טראָן האָט געירשנט זיין זון קאַמביז (529). דער נייער קעניג איז געגאַנגען מילחמה האַלטן מיט מיצרים און עטיאָפּיע (כוש). די פּערסישע חילות זיינען דורכגעגאַנגען דורך יהודה און די איינוואוינער האָבן דורך דעם שטאַרק געליטן. מחמת דעם האָט זיך דאָס בויען פֿון דעם בית־המיקדש אָפּגעשטעלט, און האָט זיך אָנגעהויבן צוריק ערשט דעמאָלט, ווען אויפֿן פּערסישן טראָן איז אַרויף דריוש דער 1־טער (521). דער דאָזיקער מלך האָט באַשיצט די יידן אַזוי ווי כורש. אויף דער בקשה פֿון זרובבל און יהושע האָט ער דערלויבט אָנצוהויבן ווייטער דאָס בויען פֿון בית־המיקדש און האָט אפילו געהייסן געבן שטיצע פֿון דער קעניגלעכער קאַסע. די נביאים חגי און זכריה האָבן מיט זייערע רייד געמונטערט דאָס פֿאָלק און עס געוועקט צו אַרבעטן פֿאַר „גאָטס הויז״. דאָס פֿאָלק האָט זיך פֿלייסיק גענומען פֿאַר

דער אַרבעט און אין פיר יאָר צייט איז דער בנין פאַרטיק געוואָרן. דער נייער בית־המיקדש איז פאַרטיק געוואָרן אין יאָר 516, דאָס הייסט אין זיבעציק יאָר אַרום נאָכן חורבן בית ראשון.

## § 95. עזרא הסופר.

נאָכן טויט פון זרובבל און יהושע האָט דאָס פאָלק ניט געהאַט קיין פעאיקע און אונטערנעמערישע פירער. יהודה איז ווידער געבליבן אונ־טערטעניק צו פערסיע, און די אינעווייניקסטע ענינים האָבן געפירט די כוהנים גדולים, וועלכע האָבן אָפּגעשטאַמט פון יהושע. די דאָזיקע גייס־טיקע פירער האָבן נאָר געזאָרגט, אַז די צערעמאָניעס פון בית־המיקדש, דער גאָטדינסט און די קרבנות, זאָלן שטרענג אָפּגעהיט ווערן, אָבער זיי האָבן גאָרניט געטאָן צו פאַרשטאַרקן און פאַרבעסערן די לאַגע פון דעם צעבראָכענעם פאָלק. זייענדיק אַרומגערינגלט מיט פרעמדע פעלקער אי־נעווייניק אין לאַנד האָבן זיך די יידן אָנגעהויבן מקרב זיין צו זיי און אפילו זיך מיתחתן זיין מיט זיי. נישט געקוקט אויפן פאַרבאָט פון תורת משה, האָבן אַ סך יידן גענומען זיך פאַר ווייבער די טעכטער פון די מואבים, עמונים און שומרונים. די קינדער וואָס זיינען אַרויסגעקומען פון אַזעלכע שידוכים האָבן גערעדט די שפּראַך פון זייערע מוטערס און האָבן ניט געקענט ריידן די שפּראַך פון די יידן. דער דעמאָלטיקער נביא מלאכי (דער לעצטער פון די יידישע נביאים) האָט געוויזן דעם פאָלק זיין גע־פערלעכן טעות און האָט אויך געשטראָפט די שלעכטע נביאים, וואָס האָבן ניט געטאָן זייער וויכטיקסטע פליכט — צו זיין די לערער און פירער פון פאָלק. ער האָט נביאות געזאָגט, אַז עס מוז קומען אַ גרויסער רע־פאָרמאַטאָר, אַ שליח פון גאָט, וועלכער וועט איבעראַנדערשן און באַנייען דאָס גאַנצע לעבן פון פאָלק.

דער דאָזיקער רעפאָרמאַטאָר איז געקומען פון „לאַנד פון גלות". דאָס איז געווען ע ז ר א, וועלכער האָט געשטאַמט פון די כוהנים, און האָט געלעבט אין בבל. ער איז געווען באַרימט מיט זיין געלערנטקייט און ער פלעגט זיך מיט ליבשאַפט אָפּגעבן מיט איבערשרייבן ספרים, דעריבער האָט ער געקראָגן דעם צונאָמען סופר (שרייבער). ווען ער האָט זיך דערוואוסט אַז די יידישע עדה אין ירושלים איז שטאַרק געפאַלן, האָט ער באַשלאָסן זיך דאָרט צו באַזעצן און וועקן די יידן צו אויפלעבונג. דער

פערסישער קעניג ארטאקסערקסעס דער 1־טער האָט אים געגעבן די מאַכט צו אָנשטעלן אין יהודה עלטסטע און ריכטער, וועלכע זאָלן רעגירן דאָס פאָלק לויט די געזעצן פון משה. צוזאַמען מיט עזראן זיינען אין יהודה געקומען אַרום אַנדערטהאַלבן טויזנט יידן פון בבל (458). ווען עזרא איז אָנגעקומען קיין ירושלים האָט ער צונויפגערופן אַ גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונג אויפן פלאַץ וואָס פאַרן בית־המיקדש. דאָ האָט ער געהאַלטן אַ פייערדיקע רעדע און האָט אויפגעפאָדערט דאָס פאָלק זיי זאָלן זיך אָנהייבן פירן לויט דער תורה, און זאָלן זיך ניט אויסמישן מיט די פרעמדע פעלקער. עזרא האָט געפאָדערט, אַז די יידן וואָס האָבן געהאַט פרויען פון פרעמדע פעלקער, זאָלן זיך מיט זיי באַלד צעשיידן. פיל האָבן באַלד אַזוי גע־טאָן: די פרעמדע פרוי־ען זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן און זיי האָבן זיך אומגעקערט צו זייערע אייגענע. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ האָס ביי די שכנישע פעלקער צו די יידן. די מואבים, עמונים און שומרונים האָבן אָנגעהויבן מאַכן אָנפאַלן אויף ירושלים און האָבן געמאַכט אַ חורבן אין שטאָט. ירושלים איז ניט געווען באַפעסטיקט און אירע איינוואוינער האָבן ניט געקענט זיך באַשיצן קעגן די אָנפאַלן פון די שונאים. אָבער כדי דאָס גייסטיקע לעבן פון יידישן פאָלק זאָל איבערגעבויט ווערן, אַזוי ווי עס האָט געוואָלט עזרא, איז נייטיק געווען פריער צו באַפעסטיקן די מלוכה און איר הויפטשטאָט. די דאָזיקע אַרבעט האָט אויף זיך גענומען אַ צווייטער גרויסער פירער, נ ח מ י ה.



עזרא דערקלערט די תורה

## § 96. נחמיה.

נחמיה האָט געלעבט אין שושן, די הויפּט־שטאָט פון פּערסיע, און איז געווען דער שר־המשקים אין דעם הויף פון דעם קעניג ארטאקסערקסעס. דערוויסנדיק זיך וועגן דער טרויעריקער לאַגע פון זיינע ברידער אין יהודה, האָט ער זיך שטאַרק מצער געווען. איין מאָל ווען נחמיה האָט דערלאַנגט ווײַן צו ארטאקסערקסעסן האָט אים דער מלך געפרעגט, פאַרוואָס ער איז אַזוי טרויעריק. נחמיה האָט געענטפערט: „ווי אַזוי זאָל איך ניט טרויערן, ווען די שטאָט וואו עס ליגן די קברים פון מיינע אבות איז חרוב?". דער קעניג האָט מיטגעפילט נחמיהס ווייטיק און האָט אים דערלויבט צו פאָרן אויף אַ צייט קיין ירושלים דאָרט צו באַפעסטיקן די שטאָט און איינפירן אין יהודה נייע אָרדענונגען. דעריבער האָט נחמיה געקראָגן דעם נאָמען פחה (פאַשאַ אָדער פאַרוואַלטער) פון יהודה.

אין יאָר 445 איז נחמיה אָנגעקומען קיין ירושלים, און האָט באַלד גענומען וועקן די איינוואוינער צו אַרבעטן פלייסיק צו באַפעסטיקן די שטאָט. אין פאַרלויף פון כימעט צוויי חדשים האָט דאָס פאָלק געאַרבעט טאָג און נאַכט אויפצושטעלן די פעסטונג־וואַנט אַרום דער שטאָט. די יידישע שונאים און באַזונדערס די שומרונים, מיט זייער פירער סנבלט אָן דער שפּיץ, האָבן געזוכט מיט אַלע מעגלעכקייטן צו שטערן די אַרבעט און פלעגן אפילו באַפאַלן די מויערן; אָבער נחמיה האָט באַוואָפנט אַלע אַרבעטער און האָט געהייסן איין טייל היטן די וואַנט אויף פאַרשיידענע פונקטן, אין דער צייט ווען דער אַנדערער טייל האָט געאַרבעט אויפן בויען. צווישן די אַרבעטער זיינען אפילו געווען אַזעלכע, וואָס מיט איין האַנט האָבן זיי געלייגט די שטיינער און אין דער אַנדערער האָבן זיי געהאַלטן אַ שווערד זיך צו באַשיצן. נאָך צוויי חדשים אָנגעשטרענגטער אַרבעט איז די פעסטונגס־וואַנט אַרום דער שטאָט פאַרטיק געוואָרן, און אין גיכן זיינען אויך אויפגעשטעלט געוואָרן צוריק די חרובע שטאָט־טויערן. ביי די טויערן איז געשטעלט געוואָרן אַ וואַך. אויף ביינאַכט פלעגט מען די טויערן פאַרשפאַרן, און עפענען פלעגט מען זיי ערשט אין דער פרי ווען „די זון האָט שוין געוואַרעמט". די יידישע הויפּטשטאָט, וואָס איז פריער געווען שוצלאָז, איז איצט געוואָרן אַ באַפעסטיקטע און פאַרשלאָסענע שטאָט און האָט אַביסל אָפּגעשראָקן די אַרומיקע פעלקער.

ווען די פעסטונג אַרום דער הויפּטשטאָט איז אויפגעשטעלט געוואָרן

האָט מען זיך גענומען צו בויען די חרובע הייזער אינעווייניק אין שטאָט. אַזוי ווי אין ירושלים זיינען געווען זייער ווינציק איינוואוינער, האָט נחמיה אַריבערגעפירט אַהין אַ טייל פון דער באַפעלקערונג פון די דערפער. אין יענער צייט איז אין יהודה געווען אַ לאַנגע ניט־גערעטעניש אויף די פעלדער און דאָס פאָלק האָט שרעקלעך געליטן. די רייכע וועלכע האָבן געהאַט אַ סך אָפּגעשפּאָרטע תבואה פלעגן זי פאַרקויפן צו די אָרעמע אויף באָרג, נאָר ווען די אָרעמע בעלי־חובות האָבן ניט געקענט באַצאָלן זייערע חובות צום טערמין, פלעגן די רייכע צונעמען ביי זיי זייערע הייזער און דאָס ביסל פאַרמעגן, און אָפט מאָל פלעגן זיי אפילו מאַכן זיי פאַר קנעכט. נחמיה איז געווען זייער אויפגעבראַכט דערפון און און האָט געצוואונגען די רייכע צו באַפרייען די אָרעמע בעלי־חובות און אומקערן וואָס זיי האָבן ביי זיי צוגענומען.



אויפבוי פון ירושלים

אויף אַזאַ אופן האָט נחמיה איינגעפירט אַביסל אַן אָרדענונג אין לאַנד. דעמאָלט האָט ער זיך פאַראייניקט מיט עזראן צו אַרבעטן מיט אים צוזאַמען פאַר דער גייסטיקער אויפלעבונג פון די יידן. אין חודש תשרי האָבן זיי פאַרופן אין ירושלים אַ גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונג, וואָס איז באַשטאַנען פון מענער און פרויען. עזרא האָט זיך געשטעלט פאַרן פאַרזאַמלטן עולם און האָט פאָרגעלייענט אויפן קול עטלעכע קאַפּיטלען פון דער תורה, און האָט איבערגעגעבן די לויים זיי זאָלן דייטלעך דערקלערן צום פאָלק וואָס עס איז געלייענט געוואָרן. דאָס פאָלק איז געווען

טיף געריררט. אַלע האָבן זיך אויפגעהויבן פון זייערע פלעצער לכבוד דער הייליקער תורה. טרערן האָבן זיך געגאָסן פון די אויגן פון די צוהערער, וועלכע האָבן איצט פאַרשטאַנען, ווי שטאַרק זיי האָבן זיך דערווייטערט פון די הויכע מאָראַלישע געבאָטן פון דער תורה. דער פיר און צוואַנציקס־טער טאָג פון תישרי איז באַשטימט געוואָרן פאַר אַ טאָג פון תשובה פאַרן גאַנצן פאָלק. אַלע האָבן געפאַסט אין דעם דאָזיקן טאָג און האָבן זיך אָנגעטאָן אין טרויער־קליידער. די לויים האָבן זיך געווענדט צום פאָלק און האָבן פאַרגעשטעלט אין העלע פאַרבן זיין גאַנצע פאַרגאַנגענהייט, זיינע גרויסע גבורות און אומגליקלעכע טעותן. נאָך דעם האָט מען פאַר די פאַרטרויערטע צוהערער פאָרגעלייענט אַ געשריבענעם כתב אין וועלכן זיי האָבן אַלע געשוואָרן אָפּצוהיטן די דינים און מיצוות פון דער תורה. אויף דעם דאָזיקן כתב האָבן זיך געחתמעט די פאָרשטייער פון פאָלק, די כוהנים און די לויים.

דערנאָך האָט נחמיה געזאָרגט, אַז די יידן וועלכע האָבן נאָך געהאַט גוישע ווייבער זאָלן זיי גטן, אַז דאָס פאָלק זאָל שטרענג אָפּהיטן דעם שבת און אַז די אומווערדיקע כהנים זאָלן זיך ניט געפינען אין בית־המיקדש. איינעם פון די הויפּט־כוהנים, מנשה, וועלכער האָט חתונה גע־האַט מיט דער טאָכטער פון דעם שומרונישן באַאַמטן סנבלט, האָט מען אַרויסגעטריבן פון ירושלים (אַרום 430 יאָר). דעמאָלט האָט דער שומ־רונישער באַאַמטער אויסגעבויט פאַר זיין פאָלק אַ באַזונדער בית־המיקדש אויפן באַרג גריזים, לעבן דער שטאָט שכם, און האָט געמאַכט מנשהן פאַרן כוהן גדול אין יענעם בית־המיקדש. פון דעמאָלט אָן האָבן זיך די שומרונים אַלץ מער דערווייטערט פון די יידן אין זייער גלויבן און אין זייער אַרט לעבן. פון אַלע הייליקע שריפטן (כתבי הקודש) האָבן זיי אָנערקענט בלויז דעם חומש אָדער תורת־משה און דעם ספר יהושע. נאָר אפילו אין די דאָזיקע ספרים האָבן זיי שפּעטער אויך אַ סך געענדערט. די שומרונים האָבן זיך נאָך אַ לאַנגע צייט פאַרטראָגן פיינדלעך צו די יידן און האָבן געזוכט זיי צו שעדיקן ביי יעדער גינסטיקער געלעגנהייט.

## § 97. די כנסת הגדולה. פורים.

נאָכן גלות בבל האָט די טעטיקייט פון די נביאים, די פריערדיקע פירער פון פאָלק, ביסלעכווייז אויפגעהערט. מלאכי איז געווען דער לעצ־

טער יידישער נביא. אַנשטאט די נביאים האָבן אָנגעהויבן ווירקן געלערטע לייט, וועלכע זיינען געווען געלערנט אין תורת משה און אין די אַלטע הייליקע ספרים. די דאָזיקע מענטשן, וועלכע האָבן זיך גערופן סופרים, האָבן געטאָן ווי עזרא האָט געלערנט: זיי האָבן באַקענט דאָס פאָלק מיט די רעליגיעזע, מאָראַלישע און געזעלשאַפטלעכע געזעצן, וועלכע האָבן זיך אויפגעהיט אין די הייליקע ספרים און אין מסורות בעל־פּה.

הגם יהודה האָט זיך געפונען אונטער דער ממשלה פון פערסיע דאָך האָט זי אין איר אינעווייניקסטן לעבן זיך געפירט לויט די געזעצן פון דער תורה. די עלטסטע פון פאָלק זיינען געווען כוהנים גדולים. זיי האָבן רעגירט מיט דער הילף פון אַ ראַט, אָדער „פאַרזאַמלונג פון די עלטסטע". דער דאָזיקער ראַט האָט זיך גערופן „כנסת הגדולה", און איז באַשטאַנען פון געלערנטע לייט און די פאָרשטייער פון פאָלק. די מסורה דערציילט אַז די אַנשי כנסת־הגדולה האָבן זיך פאָרגענומען דריי זאַכן: צו איינפירן אמת און יושר אין מישפּט, צו לערנען דאָס פאָלק, און „מאַכן אַ צאַם (סיג) צו דער תורה", דאָס הייסט: אַרומצאַמען די אַלטע געזעצן מיט נייע שטרענגע דינים. די כנסת הגדולה האָט געשטעלט ריכטער, וועלכע האָבן געמישפּט דאָס פאָלק לויט די געזעצן פון תנ"ך. די כנסת־הגדולה האָט זיך אויך געזאָרגט צו דערציען און בילדן די יוגנט און צו לערנען דעם ברייטן המון לייענען און שרייבן. כדי צו מאַכן גרינגער דאָס לייענען האָט מען געענדערט דעם אַלטן יידישן שריפט. אַנשטאט

די תורה מיט כתב־אשורי

די אַלטע, זייער שווערע אותיות האָט מען אָנגעהויבן צו באַנוצן שיינע פירעקיקע אותיות וועלכע זיינען זייער גרינג צום לייענען (דער דאָזיקער נייער אלף־בית, וועלכער ווערט עד היום געברויכט ביי יידן, רופט זיך אָן דער „פירעקיקער" אָדער אַסירישער). דורך די אַלע מיטלען פון דער כנסת־הגדולה און די סופרים האָט זיך דאָס וויסן פון תנ"ך אַלץ מער פאַרשפּרייט צווישן פאָלק.


אסתר המלכה

אין פאַרלויף פון אַ גאַנ־צן יאָרהונדערט נאָך עזראַס און נחמיהס טויט האָבן די יידן געלעבט רואיק אין זייער לאַנד אונטער דער אויבערהערשאַפט פון פּער־סיע. די פּערסישע מלכים האָבן זיך ניט געמישט אין די אינעווייניקסטע ענינים פון יהודה, און האָבן זיך באַנוגנט דערמיט, וואָס זיי פלעגן קריגן פון די איינ־וואוינער דעם באַשטימטן יערלעכן צינז. אין פּערסיע גופא און אין איר אונטער־טעניקער בבל האָבן זיך אויך אין יענער צייט געפונען גרויסע יידישע עדות וועלכע זיינען געשטיצט געוואָרן פון די פּערסישע הערשער. די מסורה דערציילט נאָר וועגן איין פאַל ווען די יידן זיינען געוועזן פאַרפאָלגט אין פּערסיע. אין דעם הויף פון פּערסישן מלך אחשורוש (קסערקסעס) אין שושן, האָט זיך געפונען איינער אַ באַאַמטער מיטן נאָמען המן, וועלכער האָט די יידן שטאַרק גע־האַסט. איין מאָל האָט ער געזאָגט צום מלך: עס איז דאָ איין פאָלק, וועלכעס איז צעשפּרייט און צעוואָרפן איבער אַלע טיילן פון דיין מלוכה; זיינע מינהגים אונטערשיידן זיך פון די מינהגים פון די איבעריקע פעל־קער, און די קעניגלעכע געזעצן היט ער ניט. אויב דער מלך וויל, זאָל

אַרויסגעלאָזן ווערן אַ באַפעל צו טויטן אַלע יידן". אחשורוש האָט באַלד אַרויסגעגעבן אַזאַ באַפעל, דערלויבנדיק די פּערסער צו רויבן און הרגע־נען די יידן וואָס האָבן געוואוינט אין די שטעט פון דער פּערסישער מלוכה. די יידן אין פּערסיע זיינען געווען אין סכנה אין גאַנצן פאַרניכטעט צו ווערן. דעמאָלט איז דעם געררודפטן פאָלק געקומען צו הילף מרדכי, איינער פון די חשובע יידן פון שושן, וועלכער איז געשטאַנען נאָענט צום קעניגלעכן הויף און האָט אַמאָל געטאָן דעם מלך אַ גרויסע טובה.



מרדכים און אסתר המלכהס קבר אין האַמאַדאַן — פּערסיע

מרדכי האָט געהאַט אַ קרובה, אַ יתומה וואָס ער האָט דערצויגן, מיטן נאָמען אסתר, וועלכע איז דורך איר שיינקייט אָנגעקומען אין קעניגלעכן הויף און איז געוואָרן דאָס באַליבסטע ווייב פון אחשורושן. ווען אסתר האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם שרעקלעכן גורל וואָס עס דערוואַרטעט אירע פאָלקס־ברידער האָט זי באַנוצט איר גאַנצן איינפלוס אויפן קעניג צו פאַרמיידן דאָס אומגליק. אַזוי ווי זי איז פריער געווען דערוויי־טערט פון די יידן, אַזוי האָט זי איצט דערפילט איר בלוט־קרובהשאַפט מיט איר פאָלק. אסתר האָט געבעטן דעם קעניג ער זאָל צוריקרופן די שרעקלעכע גזירה אויף די יידן און האָט דערביי אויפגעדעקט פאַר אים המנס בייזע מחשבות. אחשורוש האָט זיך איבערצייגט אין דער ריכטיקייט פון אירע

רייד, און ער האָט זיך אויך דערמאָנט אָן דער טובה, וואָס מרדכי האָט אים אַמאָל געטאָן, און ער האָט דערפילט די בקשה פון אסתר המלכה. ער האָט באַפוילן אויפצוהענגען המן הרשע און די יידן האָט ער דער־לויבט זיך צו פאַרטיידיקן קעגן די שונאים, וואָס האָבן זיך געקליבן זיי אומצוברענגען. דער סוף איז געווען, אַז אין דעם טאָג וואָס המן האָט באַשטימט צו פאַרטיליקן די יידן (דעם דרייצנטן אדר) זיינען זיי מיט געווער אין די הענט באַפאַלן זייערע שונאים און האָבן זיי געהרגעט אין דער פראָווינץ אַזוי גוט ווי אין דער הויפּטשטאָט שושן. פאַר אַ זכר דער־פון, וואָס די פערסישע יידן זיינען גראַטעוועט געוואָרן פון דער גזירה, איז איינגעפירט געוואָרן דער יום־טוב פורים, וועלכער ווערט נאָך עד היום אָפּגעהיט ביי די יידן דעם פערצנטן טאָג אין אדר (אַ חודש פאַר פסח). אין דעם יום־טוב לייענט מען אין די שולן די מגילה „אסתר״ וואו די גאַנצע געשיכטע איז באַשריבן.

## § 98. די צוזאַמענשטעלונג פון תנ״ך.

עזרא הסופר און זיינע נאָכפאָלגערס, די סופרים, האָבן אָנגעהויבן צונויפזאַמלען די גייסטיקע אוצרות פון יידישן פאָלק, וואָס זיינען גע־שאַפן געוואָרן אין פריערדיקע צייטן. אַ סך גרויסע לערערס זיינען אויפ־געשטאַנען אין יידישן פאָלק, אָנהייבנדיק מיט משהן און ענדיקנדיק מיט די לעצטע נביאים. זייערע לערער און נבואות האָבן זיך טיילווייז אויפגע־היט אין ספרים און טיילווייז זיינען זיי איבערגעגאַנגען בעל־פה פון דור צו דור; אַ סך איז מיט דער צייט פאַרלאָרן און פאַרגעסן געוואָרן און איז ניט דערגאַנגען צו די שפּעטערע דורות. כדי אויפצוהיטן די פאַרבליבענע ווערק האָט עזרא און די סופרים זיך גענומען זיי פלייסיק צונויפזאַמלען, און ברענגען אין אָרדענונג און פאַרשרייבן דאָס, וואָס איז נאָך ניט גע־ווען פאַרשריבן. אַזוי איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן דאָס גרעסטע בוך פון דער וועלט — דער ת נ ״ ך, דער דאָזיקער ערשטע קוואַל פון דער יידישער אמונה, פון דער יידישער געזעצגעבונג און פון דער עלטסטער געשיכטע פון יידישן פאָלק. די דאָזיקע כתבי־הקודש זיינען אויסגעשטעלט געוואָרן לויט די ווייטערדיקע דריי אָפּטיילונגען:

די ערשטע אָפּטיילונג: ת ו ר ה, אָדער תורת משה. זי באַשטייט פון פינף ספרים, אָדער חומשים. אין דעם ערשטן ספר, ב ר א ש י ת,

ווערט דערציילט וועגן דעם לעבן פון די מענטשן פון בריאת־העולם ביז אברהמען, און וועגן דעם לעבן פון יידישן פאָלק פון אברהמען ביז דעם טויט פון יעקבן און יוספן אין מיצרים. אין דעם אַנדערן ספר, שמות, ווערט דערציילט וועגן דער קנעכטשאַפט פון די יידן אין מיצרים, וועגן משהן, וועגן יציאת מיצרים, וועגן מתן־תורה, וועגן דעם מישכן אין מידבר און אויך די וויכטיקסטע געזעצן פון תורת־משה. אין דעם דריטן ספר, ויקרא, ווערט גערעדט דער עיקר וועגן די דינים פון קרבנות אין דעם בית־המיקדש, וועגן די ימים טובים און וועגן דעם ווי אַזוי עס דאַרף זיך אויפפירן דער מענטש אין דער פאַמיליע און אין דער געזעלשאַפט. אין דעם פערטן ספר, במדבר, ווערט באַשריבן די וואַנדערונג פון די יידן אין מידבר צווישן מיצרים און כנען. אין פינפטן ספר, דברים אָדער משנה תורה, ווערן איבערגעחזרט די וויכטיקסטע געזעצן, וואָס זיינען אַנטהאַלטן אין די פריערדיקע ספרים, און צו זיי ווערן צוגעגעבן נייע געזעצן און דינים, — הויכע מאָראַלישע לערעס וועלכע משה האָט אָנגעזאָגט ניט לאַנג פאַר זיין טויט.

די צווייטע אָפּטיילונג: נביאים. די דאָזיקע אָפּטיילונג באַשטייט פון צוויי חלקים. דער ערשטער חלק אַנטהאַלט די ספרים: יהושע, שופטים, שמואל און מלכים, און ווערט אָנגערופן נביאים ראשונים. דאָ ווערט דערציילט די געשיכטע פון יידישן פאָלק פאַר אַ משך פון זיבן הונדערט יאָר, פון דער צייט ווען זיי זיינען אריין אין כנען אונטער יהושען ביזן חורבן ירושלים און גלות בבל. דער צווייטער טייל, וועלכער רופט זיך נביאים אחרונים, אַנטהאַלטן די ספרים פון דריי „גרויסע" נביאים — ישעיהו, ירמיהו און יחזקאל און צוועלף „קלענערע" נביאים: הושע, יואל, עמוס, עובדיה, יונה, מיכה, נחום, חבקוק, צפניה, חגי, זכריהו, און מלאכי. די דערהויבענע רעדעס פון די נביאים, וועלכע זיינען צונויפגעקליבן אין די דאָזיקע ספרים, זיינען אַ ווייטערע אַנטוויקלונג פון תורה־משה. די תורה און די נביאים צוזאַמען נעמען אַרום דאָס גאַנצע ביבלישע יידנטום.

די דריטע אָפּטיילונג: כתובים. דאָ זיינען צונויפגעשטעלט סיי די אַלטע, סיי די שפּעטערע רעליגיעז־מאָראַלישע, פּאָעטישע און פילאָזאָפישע ווערק פון די יידן. צוערשט קומט דער גרויסער ספר תהלים, אָדער רעליגיעזע שירים, אַ סך פון וועלכע זיינען געזונגען

געוואָרן אין בית־המקדש פון די כאָרן פון די לויים. אַ גרויסער טייל פון די דאָזיקע שירים טראָגן דעם נאָמען פון דוד המלך און זיינען פאַרבונדן מיט פּאַסירונגען פון זיין לעבן. דערנאָך קומט דער ספר משלי שלמה, וועלכער אַנטהאַלט אַ סך קלוגע משלים און כללים ווי אַזוי צו



איוב און זיינע פריינד

לעבן און זיך אויפפירן. נאָך „משלי" גייט דער ספר „איוב", וואו עס ווערט דערציילט דער שיקזאַל פון דעם ליידנדן איוב, וועלכער האָט פאַר־לאָרן אַלע ערדישע גליקן און ער טענהעט וועגן דער נישטיקייט פון מענטשלעכן לעבן. אין דער פאָרעם פון וויכוחים צווישן איובן און זיינע חברים ווערט דאָ פאַנאַנדערגעוויקלט אַ טיפע מאָראַלישע און רעליגיעזע פילאָזאָפיע. די ווייטערדיקע פינף קליינע ספרים ווערן אָנגערופן מגילות. אין שיר השירים ווערט אונטער דעם נאָמען פון שלמה המלך

באַזונגען די שיינקייט פון דער נאַטור, פון ליבע און דאָס גליק פון יוגנט. אין „קהלת" לאָזט זיך דער זעלביקער מלך אריין אין טרויעריקע מחשבות וועגן דער צוועקלאָזיקייט פון לעבן. אין דעם קליינעם ספר ר ו ת ווערט געשילדערט דאָס פרידלעכע דאָרפישע לעבן אין דער צייט פון די שופ־טים, און אין א י כ ה ווערן באַזונגען די ליידן פון די יידן אין דער צייט פון חורבן בית־המיקדש. אין מגילת א ס ת ר ווערט דערציילט ווי אַזוי די פּערסישע יידן זיינען געראַטעוועט געוואָרן פון המנס גזירה. דער לעצ־טער טייל פון כתובים באַשטייט פון די שפּעטערדיקע כראָניקן, ד נ י א ל, ע ז ר א און נ ח מ י ה. דאָ ווערט דערציילט וועגן דעם לעבן פון די יידן אין דער צייט פון דער באַבילאָנישער און פּערסישער הערשאַפֿט. צום שלוס קומט דער ספר ד ב ר י ־ ה י מ י ם, וואו עס ווערט אין קורצן איבערגעחזרט די יידישע געשיכטע פון די עלטסטע צייטן ביז דער ענדע פון גלות בבל.

אַזוי איז צוזאַמענגעשטעלט דער תנ"ך, וועלכער איז די פּרוכט פון דעם גייסטיקן שאַפן פון יידישן פאָלק אין דעם משך פון אַ גאַנצן יאָר־טויזנט. די דאָזיקע אַלטע ספרים אַנטהאַלטן די העכסטע און טיפסטע אמתן פון רעליגיע, מאָראַל און מענטשלעכן צוזאַמענלעבן. דערפאַר איז דער תנ"ך געוואָרן דאָס הייליקע בוך ניט נאָר פון די יידן, וועלכע האָבן אים געשאַפן, נאָר אויך פון אַלע פעלקער פון דער וועלט, וואָס גלויבן אין אַן איינציקן גאָט. אפילו די אַלטע יידישע שפּראַך, אין וועלכער דער תנ"ך איז געשריבן — אַ שיינע, בילדלעכע און קרעפטיקע שפּראַך, — ווערט אָנגערופן די הייליקע שפּראַך, אָדער לשון־קודש.

# די אַלטע צייט און די עפּאָכע פון תלמוד

## § 1. אַרייַנפיר

די ערשטע (ביבלישע) עפּאָכע פון זיין געשיכטע האָט דאָס יידישע פאָלק איבערגעלעבט צווישן די פעלקער פון מיזרח, אין שכנות מיט מיצ־רים, סיריע, אַשור, בבל און פערסיע. אין די לעצטע פיר הונדערט יאָר פון דער דאָזיקער עפּאָכע האָבן אַשור, בבל און פערסיע איינע נאָך דער אַנדערער פאַרשפּרייט זייער הערשאַפט איבער דער יידישער מלוכה. אַשור האָט חרוב געמאַכט איין העלפט אירע — מלכות־ישראל, בבל האָט אַ האַלבן יאָרהונדערט שפּעטער צעשטערט די אַנדערע העלפט — מלכות־יהודה (גלות בבל), און צו לעצט האָט פערסיע צוויי הונדערט יאָר געהאַלטן יהודה אונטער איר אויבערהערשאַפט. נאָר ענדלעך איז געקומען אַ סוף אויך צו דער פערסישער ממשלה. דער גרויסער גריכי־שער קריגספירער אַלכסנדר מוקדון האָט חרוב געמאַכט די פערסישע מלוכה און האָט איינגעשטעלט די גריכישע הערשאַפט אין פאָדער־אַזיע (332 יאָר פאַר דער קריסטלעכער צייט־רעכענונג).

פון דער דאָזיקער צייט הייבט זיך אָן די צווייטע (נאָך־ביבלישע) פעריאָדע פון דער יידישער געשיכטע, וועלכע פאַלט אויס אין איין צייט מיט דער אַלטער גריכיש־רוימישער פעריאָדע אין דער וועלט־געשיכטע. בלייבנדיק נאָך אַלץ אין מיזרח האָט דאָס יידישע פאָלק זיך שוין איצט געפונען דער עיקר צווישן די געבילדעטע פעלקער פון מערב — די גריכן און רוימער. דאָס יידישע פאָלק פאַלט צום טייל אַרונטער אונטער דעם איינפלוס פון זייער קולטור און ווירקט צוריק אויף די געצנדינער מיט

זיין רעליגיע פון ריינעם מאָנאָטעאיזם (אַחדות הבורא); עס קעמפט מיט דער פאָליטישער מאַכט פון רוים און אין דעם אומגלייכן קאַמף פאַר־לירט עס סוף כל סוף די זעלבשטענדיקייט פון זיין מלוכה (70 יאָר פ״ק).

פון יענער צייט הייבט אָן דאָס יידישע פאָלק צו לעבן פאָליטיש אונטער דער ממשלה פון רוים, אָבער אינווייניק בלייבט עס פריי און רעגירט זיך אַליין (אויטאָנאָמיע). רעגירט דאָס פאָלק אין זיינע צוויי וויכטיקסטע צענטערן — ארץ ישראל און בבל — האָבן די נשיאים און עקזילאַרכן. אין דער דאָזיקער עפּאָכע, וועלכע נעמט אַרום די לעצטע יאָרן פון אַלטערטום און דעם אָנהייב פון מיטלעלטער (70—1040), ווערט באַשאַפן און איינגעפירט אין לעבן דער תלמוד — דער צווייטער גייסטיקער יסוד פון יידנטום נאָכן תנ״ך. דערפון האָט די גאַנצע עפּאָכע געקראָגן דעם נאָמען „תלמודישע״. אין די לעצטע יאָרהונדערטער פון דער דאָזיקער עפּאָכע לעבן שוין די יידן פון פּאַלעסטינע און בבל אונטער דער הערשאַפט פון די אַראַבער, וואָס גלייבן אין דעם מוכמעדאַניזם.



קאפיטל 1

# יהודה אונטער דער גריכישער הערשאַפט

(332—167 פ"ק)

## § 2. אַלכּסנדר מוקדון

צוויי הונדערט יאָר האָט געדויערט די הערשאַפט פון פערסיע אין יהודה און אין גאַנץ פאָדער־אַזיע. נאָך ענדלעך איז די מעכטיקע פערסישע מלוכה, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון כורש, צעפאַלן געוואָרן, און די הערשאַפט אין אַזיע איז אַריבער צו די גריכן. דער גרויסער גריכישער קריגספירער אַלכּסנדר מוקדון, האָט באַזיגט די פערסער און האָט אונ־טערטעניק געמאַכט אַלע לענדער, וואָס זיינען געווען אונטערגעוואָרפן צו זיי. צווישן די דאָזיקע לענדער זיינען אויך געווען סיריע און יהודה (332). צו ערשט האָבן די יידן זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן צום גרי־כישן זיגער, נישט וועלנדיק ברעכן די שבועה פון טרייהייט וואָס זיי האָבן געגעבן צום פערסישן קעניג. נאָר ווען אַלכּסנדר איז אונטערגעקומען מיט אַ מחנה חיל צו ירושלים כדי צו באַשטראָפן אירע פאַרעקשנטע איינוואוינער, האָבן די יידן איינגעזען אַז צו שטעלן זיך קעגן דעם מעכ־טיקן זיגער וועט זיין אומזיסט, האָבן זיי אַרויסגעשיקט שלוחים אַנטקעגן אַלכּסנדרן אויסצודריקן אים זייער אונטערטעניקייט. די לעגענדע דער־ציילט, אַז דער כּהן גדול ידוע און פיל אַנדערע כּוהנים, אַלע אָנגעטאָן אין זייערע פּרעכטיקע כּהונה־קליידער, זיינען אַרויס פון ירושלים מקבל פּנים צו זיין אַלכּסנדרן. הינטער זיי זיינען געגאַנגען די חשובסטע לייט

פון שטאָט. אַז אַלכסנדר האָט דערזען די יידישע שלוחים איז ער אַרונ־טערגעגאַנגען פון זיין פערד און האָט זיך טיף פאַרנייגט פאַרן כוהן־גדול, וועלכער איז געגאַנגען פאָרויס. ווען איינער פון זיינע האַרן האָט אים געפרעגט פאַרוואָס ער האָט זיך פריער געבוקט צום יידישן כוהן־גדול, האָט דער קעניג געענטפערט: „ווען איך בין נאָך געווען אין מאַצעדאָניע און האָב געטרוימט וועגן איינגע־מען אַזיע, האָט זיך מיר איין מאָל אין חלום באַוויזן אַ געשטאַלט, וואָס איז זייער ענלעך געווען אויף דעם דאָזיקן כוהן־גדול. די געשטאַלט האָט מיר פאָרויסגע־זאָגט, אַז מיין אונטערנעמונג וועט זיך ענדיקן מיט רום און ניצחון. איצט, דערזעענדיק דעם יידישן כוהן־גדול, האָב איך זיך דערמאָנט אין מיין חלום, און איך האָב זיך געבוקט נישט צו אים, נאָר צום גאָט, וואָס האָט אים געמאַכט פאַר זיין כוהן״. די לעגענדע דערציילט ווייטער, אַז אַלכסנדר איז אַריינגעפאָרן אין ירושלים, באַגלייט פון דעם כוהן־גדול, און האָט דאָרט באַזוכט דעם בית המיקדש, און האָט גע־בראַכט אַ קרבן צום יידישן גאָט.



אַלעקסאַנדער מוקדון

ווען אַלכסנדר מוקדון האָט אָנגעשלאָסן יהודה צו זיין מלוכה האָט ער נישט געשטערט די אינווייניקסטע פרייהייט פון די איינוואוינער. ער האָט זיי דערלויבט אָפּצוהיטן זייער אמונה און זיך פירן לויט זייערע אייגענע געזעצן, אַזוי ווי עס איז געווען אין דער צייט פון דער פּערסישער הערשאַפט. עס האָט זיך זעמאָלט געפירט, אַז אַלע פעלקער וואָס זיינען געווען אונטערטעניק צו אַלכסנדרן פלעגן אַריינשטעלן זיינע סטאַטועז אין זייערע טעמפּלען. אָבער די יידן האָבן נישט געקענט אַריינשטעלן אַלכסנדרס בילד אין בית המיקדש, ווייל די רעליגיע האָט זיי פאַרבאָטן

צו שטעלן בילדער און געשטאַלטן אין בית המיקדש, האָבן זיי אָנשטאָט דעם אויסגעדריקט זייער אַכטונג צו דעם מאַצעדאָנישן קעניג דערמיט, וואָס זיי האָבן אַלע יינגלעך, וואָס זיינען ביי זיי געבוירן געוואָרן אין פאַרלויף פון אַ יאָר צייט, אַ נאָמען געגעבן אַלכסנדר. דער קעניג איז דערפון שטאַרק צופרידן געוועזן און האָט געגעבן די יידן נייע הנחות. ער האָט באַפרייט די איינוואוינער פון צאָלן ערד־שטייער אין די יאָרן פון שמיטה, ווען די פעלדער פלעגן נישט באַאַרבעט ווערן, און די יידישע יונגע לייט וואָס האָבן געדינט אין זיין אַרמיי, פלעגט ער באַפרייען פון אַרבעט אום שבת.

אַלכסנדר האָט פאַראייניקט יהודה מיט דער פּראָווינץ קעלעסירִיע (נידער־סיריע). פאַרן פאַרוואַלטער איבער דער דאָזיקער פּראָווינץ האָט אַלכסנדר באַשטימט זיין שטעל־פאַרטרעטער אַנדראָמאַכאָס וועלכער האָט געוואוינט אין שומרון. די שומרונים, די שונאים פון די יידן, זיינען געווען אומצופרידן מיט דער פאַרוואַלטונג פון אַנדראָמאַכאָסן, און זיי האָבן געמאַכט אַ מרידה קעגן אים און האָבן אים געהרגעט. ווען אַלכסנדר האָט זיך דערפון דערוואוסט האָט ער שטרענג באַשטראָפט די מורדים, האָט זיי פאַרטריבן פון שומרון, און האָט די שטאָט באַזעצט מיט מאַצע־דאָניער. אייניקע שומרונישע לענדערייען האָט ער געשענקט צו די איינוואוינער פון יהודה, וועלכע איז אים געבליבן טריי.

ווען אַלכסנדר מוקדון האָט איינגענומען מיצרים, האָט ער אויפן ברעג פון מיטללענדישן ים געגרינדעט די באַרימטע האַנדלס־שטאָט אַלעקסאַנדריע און האָט זי באַזעצט מיט גריכן און יידן. אַ סך איינוואוי־נער פון יהודה האָבן זיך פרייוויליק באַזעצט אין אַלעקסאַנדריע און האָבן דאָרט גענאָסן אַלע בירגערלעכע רעכט צוגלייך מיט די גריכן.

## § 3. תלמי לאַגוס.

נישט לאַנג האָט געדויערט די גרויסע מלוכה פון אַלכסנדר מוקדון, וועלכע איז געווען פאַנאַנדערגעוואָרפן איבער דריי וועלט־טיילן — אייראָפּע, אַזיע און אַפריקע. ווען אַלכסנדר איז געשטאָרבן האָבן זיינע קריגספירער אָנגעהויבן קעמפן איינער מיטן אַנדערן פאַר דער הערשאַפט איבער די באַזיגטע לענדער. איינער פון אַלכסנדרס הויפּט־קריגספירער, דער גריכישער תלמי לאַגוס, האָט זיך צוגענומען מיצרים; נאָר נישט

באַגנוגנדיק זיך דערמיט האָט ער זיך אַריינגעריסן מיט אַ גרויסן חיל קיין סיריע און יהודה, איז אַריין אין ירושלים און האָט אַוועקגעפירט פון דאָרט קיין מיצרים אַ סך איינוואוינער. די געשיכטע דערציילט אַז תלמי האָט אַזוי גרינג גענומען ירושלים דערפאַר, וואָס ער איז אָנגעפאַלן אויף איר אום שבת, ווען די יידן האָבן צוליב דער הייליקייט פון דעם רוטאָג נישט געוואָלט זיך פאַרטיידיקן מיט געווער אין די הענט.

נאָך לאַנג־יעריקע מהומות זיינען די לענדער פון פאָדער־אַזיע און דרום־אַפריקע צעטיילט געוואָרן צווישן צוויי גריכישע קריגספירער: מיצרים און יהודה זיינען געבליבן פאַר תלמי, און סיריע, קליין־אַזיע און בבל זיינען אָנגעקומען דעם הויפטמאַן סעלייקוס. תלמי האָט געגרינדעט אין מיצרים די קעניגלעכע דינאַסטיע פון די „לאַגיער" און האָט געמאַכט אַלעקסאַנדריע פאַר זיין הויפטשטאָט; און סעלייקוס איז געוואָרן דער פאָטער פון די גריכיש־סירישע מלכים, וואָס זייער הויפטשטאָט איז געווען אַנטיאָכיע אין קליין־אַזיע. די יידן פון סיריע און בבל וועלכע זיינען אַרונטערגעפאַלן אונטער זיין הערשאַפט האָבן איינגעפירט אַ באַזונדערע צייטרעכענונג, אָנהייבנדיק מיטן יאָר ווען סעלייקוס דער 1טער איז געוואָרן קעניג (312 פ"ק). אין פאַרלויף פון עטלעכע הונדערט יאָר האָבן זיי באַנוצט די דאָזיקע צייטרעכענונג, דער עיקר אין קאָנטראַקטן און כתבים (דעריבער רופט זיך עס אין די יידישע ספרים „מנין שטרות")
די סירישע הערשער פון סעלייקוסעס אָפשטאַמונג האָבן נישט געקענט רעכט־מאַכן ביי זיך, אַז די שכנישע יהודה, וואָס האָט אין דער אמתן געהערט צו זיי, זאָל גאָר אָנקומען צו די עגיפּטער, און זיי האָבן שטענדיק געזוכט אַ געלעגנהייט אָפּצונעמען דאָס דאָזיקע לאַנד. נאָר די עגיפּטישע מלכים האָבן נאָך לאַנג געהאַלטן יהודה אונטער זייער ממשלה.

תלמי לאַגוס דער ערשטער (383—304) איז זיך באַגאַנגען ערלעך מיט די פעלקער, וואָס ער האָט באַזיגט, און אויך מיט די יידן. די געפאַנגענע, וואָס ער האָט אַוועקגעפירט פון יהודה, האָט ער באַזעצט אין זיין הויפטשטאָט אַלעקסאַנדריע און האָט זיי געגעבן אַלע בירגער־רעכט, צוגלייך מיט די גריכן. די פעאיקסטע יידישע קריגער פלעגט ער מאַכן פאַר הויפטלייט פון זיין אַרמיי און פלעגט זיי פאַרטרויען די שמירה פון די פעסטונגען. אַ סך יידן זיינען פרייוויליק געקומען פון יהודה קיין מיצרים און זיך דאָרט באַזעצט. נאָר די אמתע עגיפּטער האָבן זיך פאַרהאַלטן צו די יידן מיט פיינדשאַפט, ווייל זיי האָבן געקוקט אויף זיי ווי

אויף פרעמדע, וועלכע זיינען אַריינגעדרונגען אין לאַנד צוזאַמען מיט די באַזיגער פון עגיפטן. אין יהודה גופא האָט תלמי דערלויבט די איינוואוינער די זעלביקע פרייהייט פון רעגירונג ווי זיי האָבן געהאַט אונטער דער הערשאַפט פון פערסיע. די אינווייניקסטע ענינים האָט פאַרוואַלטעט דער כוהן־גדול פון ירושלים, מיט דער הילף פון אַ ראַט פון זקנים, אין גריכיש „גערוזיא". דער כוהן־גדול איז געווען דער פאָרשטייער פון די יידן פאַר דער עגיפּטישער רעגירונג. ער איז געווען מחויב אַריינצוטראָגן אין דער קעניגלעכער קאַסע יעדעס יאָר שטייער פון די יידן, וועלכער האָט באַטראָפן צוואַנציק טאַלאַנטן זילבער.

## § 4. תלמי דער צווייטער — פילאַדעלפוס

נאָכן טויט פון תלמי דעם ערשטן האָט אין מיצרים געקעניגט זיין זון, תלמי דער צווייטער — פילאַדעלפוס (283—247). אין די צייטן פון דעם דאָזיקן קעניג איז די לאַגע פון די יידן נאָך בעסער געוואָרן. תלמי פילאַדעלפוס האָט זיך אַרומגערינגלט מיט גריכישע געלערנטע און דיכטער און האָט זיך באַמיט צו פאַרפלאַנצן אין זיין לאַנד וויסנשאַפט און קונסט. ביי זיין הויף האָט זיך געפונען דער גרעסטער מוזעאום אין דער וועלט, וואו עס זיינען געווען אויפגעזאַמלט ליטעראַרישע און קינסטלערישע ווערק פון אַלע פעלקער. די לעגענדע דערציילט, אַז ווען תלמי האָט זיך דערוואוסט וועגן די יידישע הייליקע ספרים און זייער הויכן ווערט,


פטאָלעמעאוס פילאַדעלפוס

האָט ער געוואָלט זיך באַקענען מיט זיי און קריגן אַ געטרייע גריכישע איבערזעצונג פאַר זיין רייכער ביבליאָטעק. האָט ער געשריבן אַ בריוו צום כוהן־גדול אליעזר אין ירושלים און געבעטן ער זאָל אים שיקן קיין אַלעקסאַנדריע געלערנטע לייט, וועלכע זאָלן קענען איבערזעצן די יידישע ספרים אין דער גריכישער שפּראַך. צוזאַמען מיטן בריוו האָט דער קעניג געשיקט רייכע מתנות פאַרן בית המיקדש. אליעזר האָט גערן

געטאָן תלמיס פאַרלאַנג און האָט אַוועקגעשיקט צו אים צוויי און זיבעציק געלערנטע לייט, וואָס האָבן געקענט גריכיש אַזוי גוט ווי העברעאיש, און וועלכע האָבן מיט זיך גענומען אַ קאָפּיע פון דער תורה. די איבערזעצער זיינען אויפגענומען געוואָרן אין אַלעקסאַנדריע מיט גרויס כבוד. דער קעניג האָט מיט זיי אַ סך פאַרבראַכט און האָט באַוואונדערט זייער חכמה. מען האָט פאַר זיי אָפּגעלאָזט אַ באַזונדער פּלאַץ אויפן אינדזל פאַראָס, נעבן אַלעקסאַנדריע, און דאָרט, אין פולשטענדיקער רו און שטילקייט, האָבן זיי געאַרבעט אויף דער גריכישער איבערזעצונג פון תורת משה. די לעגענדע דערציילט, אַז מען האָט די איבערזעצער צעטיילט אין צוויי און זיבעציק באַזונדערע חדרים, כדי זיי זאָלן זיך נישט קענען צוזאַמענריידן; יעדער איינער פון זיי האָט איבערגעזעצט פאַר זיך, פון דעסט וועגן, ווען מען האָט צום סוף פאַרגליכן אַלע איבערזעצונגען, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי שטימען וואָרט אין וואָרט. דאַן האָט מען די איבערזעצער געבראַכט פאַר תלמי, און דערביי זיינען געווען פאַרזאַמלט די זקנים פון די עגיפּטישע יידן. די זקנים האָבן געבעטן דערלויבעניש אַרונטערצונעמען אַ קאָפּיע פון דער איבערזעצונג, כדי זי צו פאַרשפּרייטן אין זייערע קהילות וואו די יידן האָבן גערעדט גריכיש.



די ביבל אין גריכיש (סעפּטואַגינטא)

אין אַ שפּעטערער צייט זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אויף גריכיש אויך די איבעריקע ספרים פון תנ״ך. פון דער דאָזיקער איבערזעצונג האָבן זיך די געבילדעטע גריכן און רוימער באַקענט מיט דער רעליגיעזער ליי־

טעראַטור פון די יידן. די גריכישע איבערזעצונג פון תנ"ך האָט געקראָגן דעם נאָמען „סעפּטואַגינטע", אָדער העתקת השבעים, ד"ה, די איבער־זעצונג פון די זיבעציק.

## § 5. תלמי דער דריטער און פּערטער.

דער נאָכפאָלגער פון תלמי פילאַדעלפוס איז געווען תלמי דער דריטער אייערגעטעס (247—221). אין זיין צייט האָט געשראָקן יהודה אַ גרויסע געפאַר. די סירישע מלכים פון דער דינאַסטיע סעלייקידן האָבן דעמאָלט מילחמה געהאַלטן מיט מיצרים און געוואָלט אָפּנעמען ביי איר יהודה. די סיריער האָבן געוואונען אויף זייער זייט די ירושלימער אַריסטאָקראַטיע און דעם כוהן־גדול חוניו דעם צווייטן, און האָבן זיי איינגערעדט צו אויפהערן צאָלן צינז דעם עגיפּטישן קעניג. האָט תלמי אייערגעטעס געשיקט אַ שליח קיין ירושלים מיט דער שטרענגער פאָדע־רונג, אַז זיי זאָלן באַלד איינצאָלן דעם יערלעכן צינז פון צוואַנציק טאַ־לאַנטן, און אויב נישט וועט ער די יידן שווער באַשטראָפן און זייער ערד וועט ער צעטיילן צו גריכן. די איינוואוינער פון ירושלים האָבן זיך צעשפּאָלטן אין פאַרטייען; דער צד וואָס האָט געהאַלטן מיט דער עגיפּ־טישער הערשאַפט איז געווען אומצופרידן מיט דער אויפפירונג פון דער אַריסטאָקראַטיע און פון דעם כוהן־גדול. דער פירער פון דער דאָזיקער פאַרטיי, דער יונגער פלימעניק פון דעם כוהן־גדול, יוסף בן־טוביה, איז אַוועק קיין אַלעקסאַנדריע, כדי ווייכער צו מאַכן תלמיס צאָרן. מיט חני־פהדיקע רייד און רייכע מתנות איז יוסף געלונגען צו געווינען דעם גוטן ווילן פון דעם קעניג און אים איבערצייגן אין דער טרייהייט פון יידישן פאָלק.

תלמי האָט געמאַכט יוסף פאַרן הויפּט־זאַמלער פון די שטייערן אין פאַלעסטינע. אַן אָפּטיילונג פון צוויי טויזנט סאָלדאַטן איז געשטעלט געוואָרן אונטער זיין פירערשאַפט, צו העלפן אים ביים זאַמלען די צינזן. צוויי און צוואַנציק יאָר האָט יוסף געהאַט די אויפזיכט איבער די שטיי־ערן אין פאַלעסטינע און אין די גרענעץ־לענדער; ער האָט געטריי דער־פילט זיין פליכט און האָט באַרייכערט די עגיפּטישע קעניגלעכע קאַסע, נאָר אין דער זעלביקער צייט האָט ער זיך אַליין אויך רייך געמאַכט. ווי דעם קעניגס פאַרטרעטער האָט ער געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף דער

רעגירונג אין יהודה. אין זיין צייט זיינען אין לאַנד איינגעפירט געוואָרן גריכישע מינהגים. די יידן פון די רייכע קלאַסן האָבן אָנגעהויבן נאָכ־מאַכן דעם אַרט לעבן פון די גריכן, זיי האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין וואויל־טאָג און ליידיק גיין, און האָבן וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרלוירן די איינפאַכע יידישע מידות.

אַ פיינדלעכע שטעלונג צו די יידן האָט זיך צום ערשטן מאָל באַ־וויזן אין דער צייט פון קעניג תלמי דעם פערטן פילאָפּאַטער (221—205). פאַר אים האָבן די סיריער ווידער געפּרואווט איינצונעמען יהודה. דער סירישער קעניג אַנטיוכוס דער דריטער דער גרויסער, האָט שוין פאַרכאַפּט דעם גליל און די לענדערייען אין מיזרח זייט פון ירדן; נאָר באַלד איז געקומען תלמי פילאָפּאַטאָר, האָט צעשלאָגן די סיריער ביי ראַפיאַ און האָט אָפּגענומען ביי זיי צוריק די באַזיגטע לענדערייען (217). שליחים פון יידישן פאָלק זיינען געקומען באַגריסן דעם קעניג צו זיין גרויסן ניצחון. דער קעניג האָט אויסגעדריקט אַ פאַרלאַנג צו באַזוכן ירושלים און ברענגען אַ קרבן אין בית המיקדש. אַריינגייענדיק אין פאָדערשטן צימער פון בית המיקדש האָט ער געוואָלט גיין ווייטער, אין קדשי קדשים, וואוהין עס האָט געמעגט אַריינגיין בלויז דער כוהן־גדול. נישט דאָס בעטן פון די כוהנים, און נישט די אומצופרידנהייט פון פאָלק האָבן געקענט בייגן דעם קעניג פון זיין באַשלוס. אָבער ווי נאָר דער קעניג איז אַרויפגעטראָטן אויפן שוועל פון דעם הייליקן צימער, דערציילט די לעגענדע, אַזוי האָבן זיך אים אונטערגעזעצט די פיס און ער איז גע־פאַלן אין חלשות אויף דער ערד. מען האָט אים געמוזט פון בית המיקדש אַרויסטראָגן אויף די הענט. פון דעמאָלט אָן האָט ער פאַרהאַסט די יידן און זייער אמונה.

ווען פילאָפּאַטאָר האָט זיך אומגעקערט קיין מיצרים האָט ער אַרויס־געגעבן אַ גזרה, אַז יעדער איינער וואָס וועט נישט אָננעמען דעם גריכישן געצנדינסט וועט נישט קענען געניסן קיין בירגערלעכע רעכט. דורך דער דאָזיקער גזרה האָבן די יידן אין מיצרים פאַרלאָרן די גלייכבאַרעכטיקונג, וואָס איז זיי געגעבן געוואָרן פריער, און זיינען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אַ נידעריקער מדרגה. אָבער דאָס איז נאָך פאַרן קעניג געווען ווייניק, האָט ער אויף אַלערליי אופנים גענומען רודפן יענע יידן, וואָס האָבן נישט געוואָלט אָפּהיטן די געצנדינערישע מינהגים. איין מאָל האָט ער געהייסן צונויפטרייבן אַ מאַסע יידן אויף אַן אָפענעם פלאַץ און אַרויפ־

לאָזן אויף זיי ווילדע העלפאַנטן. נאָר ווען מען האָט די צערייצטע העלפאַנטן אַרויסגעיאָגט אויף די צונויפגעטריבענע יידן האָבן זיי אויפגעהויבן אַזאַ שרעקלעכן געשריי, אַז די חיות האָבן זיך דערשראָקן און האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף צוריק און האָבן צעטראָטן זייערע וועכטער און אַ סך עגיפּטער, וואָס זיינען זיך צונויפגעלאָפן אָנצוקוקן די סצענע. די לעגענדע דערציילט ווייטער, אַז די דאָזיקע געשעעניש האָט אַזוי גע־ווירקט אויפן קעניג, אַז פון דעמאָלט אָן האָט ער אויפגעהערט צו רודפן די יידן.

## § 6. שימעון הצדיק און יהושע בן־סירא.

אין יענער צייט האָט אין ירושלים געלעבט דער כוהן־גדול שימעון הצדיק, דער נאָכפאָלגער פון דעם אויבנדערמאָנטן חוניו דעם צווייטן. אין דער מסורה איז ער באַרימט ווי דער בעסטער פון אַלע כוהנים גדו־לים. די מסורה דערציילט, אַז שימעון איז נאָך געווען איינער פון דער כנסת הגדולה אין די לעצטע יאָרן פון איר עקזיסטענץ. נישט פיל פון די כוהנים־גדולים האָבן זיך אַזוי געזאָרגט וועגן דעם וואוילזיין פון זייער פאָלק, ווי שימעון הצדיק. ער איז געווען נישט נאָר אַ גייסטיקער פירער פון די יידן נאָר אויך אַ קלוגער, וועלטלעכער מנהיג. דורך זיין שווערער מי זיינען אַרום ירושלים אויסגעבויט געוואָרן באַפעסטיקונגען צו באַ־שיצן די שטאָט פון פיינד, און די צעשטערטע טיילן פון בית המיקדש זיינען פאַרריכט געוואָרן. פון די קוואַלן הינטער דער הויפּטשטאָט האָט מען דורך אונטערערדישע קאַנאַלן דורכגעפירט וואַסער אין שטאָט אַריין. ווי דער העכסטער גייסטיקער פירער האָט שימעון פאַרפלאַנצט אין פאָלק רעליגיע און גוטע מידות. אין די אַלטע הייליקע ספרים איז פאַרבליבן איינע פון זיינע מימראס: „אויף דריי זאַכן שטייט די וועלט: אויף תורה, עבודה (גאָטדינסט) און גמילת חסדים” (גוטס טאָן), ד”ה, וויסן, רע־ליגיע און גוטע מידות.

דער יידישער חכם יהושע בן־סירא, וועלכער האָט געלעבט אין איין צייט מיט שמעון הצדיק דערמאָנט מיט אַנטציקונג די נאָבעלע טעטיקייט פון דעם דאָזיקן כוהן גדול. דער פרומער יהושע בן־סירא האָט מיט צער צוגעזען ווי אַזוי אין דעם יידישן לעבן דרינגען אריין די גריכישע זיטן, ווי אַזוי די ריינע אמונה און די מאָראַלישע מעלות פון די יידן ווערן

אָפּגעשוואַכט אונטער דעם איינפלוס פון דעם גריכישן געצנדינסט, און כדי צו לערנען זיינע ברידער דעם ריכטיקן וועג, האָט ער אָנגעשריבן זיינע גלעצנדיקע משלים, „משלי בן־סורא״, וועלכע זיינען אַריין צווישן די נאָך־ביבלישע ספרים, די אַפּאָקריפן. אין דעם דאָזיקן ספר, וואָס איז צונויפגעשטעלט לויטן מוסטער פון „משלי שלמה״, גיט יהושע קלוגע כללים פאַר אַלע פאַלן פון לעבן. ער ווייזט אויף, אַז וואוילטאָג און גאוה ברענגען אום דעם מענטשן, און אַז נאָר אַן איינפאַך לעבן, ריינע מידות און פלייסיקייט פאַרשאַפן דעם מענטשן גליק און רו; ער שטעלט אַוועק דאָס וויסן ווי דעם קוואַל פון העכסטן גליק. ער שילדערט די געשטאַלטן פון די מלכים, העלדן און חכמים, וואָס זיינען אַרויסגעקומען פון יידישן פאָלק אין די אַמאָליקע צייטן, און ער ווייזט אָן אַז די שפּעטערע דורות דאַרפן נעמען פון זיי אַ ביישפּיל.

אין די לערעס פון בן־סירא באַמערקט זיך אַ שטרעבונג צו ווירקן קעגן דער „העלעניסטישער חכמה״ („חכמת יון״) וועלכע שטימט ניט מיט די יסודות פון יידנטום. אַזוי צום ביישפּיל, איז קעגן דער לערע פון די גריכישע פילאָזאָפן, אַז עס איז דאָ אַ שיקזאַל וואָס באַשטימט די אויפפירונג פון די מענטשן, שטעלט אַרויס בן־סירא די לערע, אַז דער מענטש האָט אַ פרייען ווילן, און איז אַליין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע מעשים. אָט זיינען זיינע ווערטער: „זאָג ניט: דורך גאָט האָב איך גע־זינדיקט. גאָט האָט צוערשט באַשאַפן דעם מענטשן, און דאַן האָט ער אים איבערגעלאָזט צו זיין אייגענעם ווילן. פאַר דיר איז פייער און וואַסער: קענסט אויסשטרעקן די האַנט וואוהין דו ווילסט. פאַרן מענטשן איז לעבן און טויט, און וואָס אים געפעלט דאָס וועט אים געגעבן ווערן״. וואָרן אויף העברעאיש און איז שפּעטער איבערזעצט געוואָרן אין גריכיש. די דאָזיקע גריכישע איבערזעצונג איז געבליבן, אָבער דער יידישער אָריגינאַל איז מיט דער צייט פאַרלאָרן געגאַנגען.

דער מחבר פון די „משלים״ לערנט מען זאָל דערציען קינדער שטרענג, געוואוינען זיי צו אַרבעט און פליכט, און ניט צו שטיפערייַ און פריילעכ־קייט, אַזוי ווי ביי די גריכן. ער גיט אַן עצה יעדן איינעם צו זיין אייג־אַנטוויקלען זיין פאַרשטאַנד. בן־סיראס ספר איז לכתחילה געשריבן גע־געהאַלטן אין זיינע פאַרגעניגנס און צו זאָרגן פאַר זיין געזונט און צו

## § 7. דער אָנפאַנג פון דער סירישער הערשאַפט.

ווען תלמי פילאָפּאַטער איז געשטאָרבן, האָט דער סירישער קעניג אנטיוכוס דער דריטער, דער גרויסער, פון דער סעלייקידען דינאַס־טיע, ווידער פאַרקלערט אָפּצונעמען יהודה ביי מיצרים. און דאָס מאָל איז אים געלונגען צו דערגרייכן זיין ציל. די יידן, וועלכע זיינען געווען אויפגעבראַכט פון פילאָפּאַטאָרס גרויזאַמער הערשאַפט, האָבן געשטיצט דעם סירישן קעניג: זיי האָבן צוגעשטעלט שפייז דעם סירישן חיל, וואָס איז געגאַנגען קעגן מיצרים, האָבן פאַרטריבן פון ירושלים דעם עגיפּטישן גאַרניזאָן, און האָבן לייכטער געמאַכט אַנטיוכוסן איינ־צונעמען דאָס לאַנד. נאָך אַ לאַנ־גער מילחמה איז יהודה געוואָרן אַ פּראָווינץ פון דער סירישער מלוכה און איז אַרונטער אונטער דער הערשאַפט פון די סעלייקידען (201). אנטיוכוס דער גרויסער האָט זיך באַנומען זייער פריינדלעך צו די יידן. ער האָט זיי דערלויבט זיך צו פירן לויט זייערע אייגענע



אַנטיוכוס דער גרויסער

געזעצן אונטער דער אויבערהערשאַפט פון דעם כוהן־גדול און אַ ראַט פון זקנים, ער האָט פאַרקלענערט די שטייערן וואָס די איינוואוינער האָבן גע־צאָלט, האָט דערלויבט אָפּצובויען די פעסטונגען פון ירושלים וואָס זיינען צעשטערט געוואָרן אין דער צייט פון דער לעצטער מילחמה, און האָט באַפוילן צו געבן יעדעס יאָר פון דער קעניגלעכער קאַסע אַ סומע געלט פאַר די באַדערפעונישן פון דעם בית־המיקדש. אָבער צום אומגליק האָט אַנטיוכוס אין אַ קורצער צייט אַרום פאַרפירט אַ מילחמה מיט דער מעכ־טיקער רוימישער רעפּובליק און האָט געקראָגן אַ מפּלה. ביים מאַכן שלום האָט ער זיך פאַרפליכטעט צו באַצאָלן די רוימער אַ גרויסע סומע שטראָף. כדי צו שאַפן דאָס געלט, האָט אנטיוכוס באַשלאָסן צוצונעמען די אוצרות, וואָס זיינען געלעגן אין דעם געצנדינערישן טעמפּל פון דער שטאָט עלי־מאַאיס, אין מעסאָפּאָטאַמיע; אָבער די איינוואוינער פון שטאָט

זיינען דערפון שטאַרק אויפגעבראַכט געוואָרן און האָבן געהרגעט דעם קעניג און זיינע באַגלייטער (187).

אויפן סירישן טראָן איז דעמאָלט אַרויפגעטראָטן אַנטיוכוסעס עלטס־טער זון סעלייקוס דער פערטער (175—187). אין יענער צייט איז אין ירושלים געווען כוהן־גדול חוניו דער דריטער, אַ פרומער מאַן, וועלכער האָט שטאַרק געזאָרגט, אַז די יידן זאָלן אָפּהיטן זייער אמונה און נישט



העליאָדאָרוס ווערט אַרויסגעוואָרפן פון בית המיקדש

נאָכטאָן די היידנישע זיטן פון די גריכן. ער האָט פאַרטריבן פון ירושלים איינעם פון די אויפזעער פון בית־המיקדש, מיטן נאָמען שמעון, וועלכער איז געווען אַן אָנהענגער פון די גריכישע פירונגען, צוזאַמען מיט זיינע חברים, וואָס האָבן געגלויבט ווי ער. האָבן די אַרויסגעטריבענע באַשלאָסן צו נעמען נקמה פון דעם כוהן־גדול. און זיי האָבן מודיע געווען דעם סי־רישן קעניג, אַז אין דעם בית־המיקדש אין ירושלים געפינען זיך אומגע־הויערע אוצרות. סעלייקוס דער פערטער, וועלכער האָט זיך דעמאָלט געניייטיקט אין געלט, האָט גלייך אַוועקגעשיקט קיין ירושלים זיין קאַסי־רער העליאָדאָרוס מיט אַ באַפעל צו פאַרנעמען די רייכטימער, וואָס זיינען געלעגן אין בית־המיקדש. אומזיסט האָט דער כוהן־גדול חוניו געטענהעט אַז די קאַסע אין בית־המיקדש איז ניט זייער גרויס, און אַז זי באַשטייט

דאָס רוב פון געלטער, וואָס אלמנות און יתומים האָבן דאָרט אריינ־געלייגט צו באַהאַלטן; העליאָדאָרוס האָט געענטפערט, אַז ער מוז טאָן דעם קעניגס באַפעל. אָבער ווען ער איז צוגעטראָטן אויסצופירן זיין באַ־שלוס, איז פלוצלינג געשען עטוואָס, וואָס האָט אים געשטערט. אַ פאָלקס־לעגענדע דערציילט, אַז ווען העליאָדאָרוס איז אַריבערגעטראָטן די שוועל פון דעם הייליקן הויז, האָט ער פלוצלינג דערזען אַ הויכן רייטער אויף אַ פערד, באַגלייט אויףביידע זייטן פון צוויי וואונדער־שיינע יונגען. דאָס פערד איז אַרויפגעפאָרן אויף העליאָדאָרוסן און האָט אים אַ קלאַפּ גע־טאָן מיט די קאָפּיטעס, און די יונגען האָבן אים געשמיסן מיט בייטשן. קוים אַ לעבעדיקער פון שרעק איז העליאָדאָרוס אַרויס פון טעמפּל און איז אַוועק צוריק קיין סיריע. דערווייל האָט דער מסור שמעון דערטראָגן צו סעלייקוסן, אַז דער כוהן־גדול איז שולדיק אין העליאָדאָרוסעס דורכ־פאַל. חוניו האָט מורא געהאַט פאַרן צאָרן פון קעניג און ער איז אוועק קיין אנטיוכיע, די הויפּטשטאָט פון סיריע, כדי צו פאַרענטפערן זיך פאַרן קעניג, נאָר אויפן וועג האָט ער זיך דערוואוסט, אַז סעלייקוס איז פלוצלינג געשטאָרבן. אויפן סירישן טראָן איז אַרויף סעלייקוסעס יונגערער ברו־דער אנטיוכוס דער פערטער עפּיפאַנעס.

## § 8. יאַזאָן און מענעלאוס.

אין יענער צייט זיינען די מחלוקות צווישן די פאַרשיידענע פאַר־טייען אין יהודה פאַרשטאַרקט געוואָרן. די דערנענטערונג פון יידן מיט די סירישע גריכן, וואָס האָבן אין אַ גרויסער צאָל געוואוינט אין ארץ־ישראל, האָט געבראַכט גרויסע ענדערונגען אין דעם אַלטן יידישן לעבן. אַ סך יידן, איבערהויפּט פון די העכערע קלאַסן, זיינען פאַרבלענדט גע־וואָרן פון דעם פריילעכן מין לעבן און די פריי זיטן פון די גריכן, מיט זייערע טעאַטערס און עפנטלעכע שפּילן, און צוליב דעם האָבן זיי זיך אָפּט אָפּגעזאָגט פון זייערע אייגענע פאָלקס־מינהגים. אין דעם לעבן פון די אַלטע העלענער זיינען צוזאַמען מיט די חסרונות געווען אויך מעלות, ווי צום ביישפּיל, די ליבע צו פרייהייט, צו וויסנשאַפט און צו קונסט; אָבער צווישן די שפּעטערע גריכן, וועלכע האָבן אין דער צייט פון די סעלייקידן געוואוינט אין סיריע און קליין־אַזיע, זיינען די דאָזיקע בע־סערע זייטן געווען גאַנץ שוואַך, און אַרויסגעטראָטן זיינען די ערגערע

זייטן: אַ גראָבער געצנדינערישער גלויבן, צעלאָזענע זיטן, אַ גײעג נאָך תענוגים און אַ תאווה צו וואוילטאָג. אַזעלכע מידות זײנען געווען דער־ווידער דעם גייסט פון יידנטום. משהס געזעצן האָבן געלערנט די יידן צו פירן אַן איינפאַך לעבן, אָפּהיטן די ריינע זיטן, זיך אָפּהאַלטן פון לוק־סוס, זיך ניט יאָגן נאָך פאַרגעניגנס און דינען צו דעם אומזיכטבאַרן איינ־ציקן גאָט, דעם באַשעפער פון דער נאַטור, און ניט צו אָפּגעטער, וואָס שטעלן פאָר פאַרשיידענע קרעפטן פון דער נאַטור. אויף אַזאַ אופן זײנען יענע יידן, וואָס האָבן נאָכגעמאַכט די גריכישע מינהגים, אָפּגעריסן גע־וואָרן פון זייער אמונה און פאָלק. די דאָזיקע יידן האָבן זיך אָנגערופן „העלעניסטן", ד"ה ליבהאָבער פון גריכישן אָרט לעבן.

קעגן זיי האָט געאַרבעט די פאַרטיי פון די פרומע, מיטן נאָמען „חסידים". די חסידים זײנען געווען פייערדיקע קנאים פון דער יידישער אמונה און האָבן שטרענג אָפּגעהיט אירע דינים. זיי האָבן זיך ניט דער־לויבט קיין שום נאָענטקייט מיט די געצנדינער און האָבן אפילו פאַרבאָטן וועלטלעכע בילדונג, וועלכע זיי האָבן אָנגערופן „חכמת יון". די חסידים, פון זייער זייט, זײנען געגאַנגען צו ווייט, און האָבן פאַרשטויסן אַפילו די בעסערע זייטן פון דעם העלעניזם און האָבן זיך צוריקגעהאַלטן פון יעדן מגע ומשא מיט פרעמדע פעלקער.

בראש פון די חסידים איז געשטאַנען דער כוהן גדול חוניו דער דריטער, און זיין לייבלעכער ברודער יהושע איז געווען דער פירער פון די העלעניסטן. יהושע האָט אפילו געענדערט זיין נאָמען אויף גריכיש און האָט זיך אָנגערופן יאַזאָן. ער האָט באַשלאָסן צוצונעמען ביי זיין ברו־דער חוניו די כהונה גדולה, און איינפירן אין יהודה נייע גריכישע אָרדע־נונגען. אין יענער צייט איז אויפן סירישן טראָן אַרויף אנטיוכוס עפיפאַ־נעס, אַ גרויזאַמער הערשער, וואָס האָט געשטרעבט אַז אַלע פעלקער פון זיין מלוכה זאָלן איבערנעמען די גריכישע מינהגים. צו דעם דאָזיקן פאַר־ביסענעם געצנדינער און שונא פון די יידן איז יאַזאָן אַוועק און האָט אים אָנגעבאָטן אַ גרויסע סומע געלט, כדי דער קעניג זאָל אים, דעם הע־לעניסט, באַשטימען פאַרן כוהן־גדול אין ירושלים, אויף חוניוס פלאַץ. אנטיוכוס האָט גערן געטאָן זיין פאַרלאַנג. ביי חוניו האָט מען צוגענומען די כהונה, און יאַזאָן האָט פאַרנומען זיין פלאַץ ווי אַ כוהן גדול (174). דעמאָלט האָט ער זיך גענומען איינפירן אין יהודה נייע אָרדענונגען. ער האָט געענדערט די דערציאונג פון דער יידישער יוגנט אויפן גריכישן

שטייגער און האָט געגרינדעט אין ירושלים אַ „גימנאַזיע", וואו די יונגע לייט האָבן זיך פאַרנומען ניט מיט לערנען, נאָר מיט גימנאַסטישע שפּילן. אפילו כוהנים פלעגן פאַרלאָזן זייער דינסט אין בית־המיקדש און פלעגן אנטייל נעמען אין די דאַזיקע שפּילן. איין מאָל, ווען אין צור זיינען פאַר־געקומען די געוויינטלעכע אָלימפּישע שפּילן פון די גריכן אין דער אָנ־וועזנהייט פון דעם קעניג, האָט יאַזאָן אַוועקגעשיקט אַהין שליחים מיט אַ גרויסער סומע געלט צו ברענגען קרבנות צום גריכישן האַלבגאָט הער־קולעס.

די ממשלה פון דעם נייעם כוהן גדול האָט געדויערט נישט לאַנג. אין ירושלים האָט געלעבט אַ כיטרער און כבוד־ליבנדיקער מענטש, פון דער פּאַרטיי העלעניסטן, מיטן נאָמען מע־נעלאוס. איין מאָל האָט אים יאַזאָן איבערגעגעבן צו אָפּפירן די יערלעכע שטייערן צום קעניג אַנטיוכוס. באַ־נוצנדיק זיך מיט דער געלעגנהייט, האָט מענעלאוס דורך חניפה און כיט־רעקייט נושא חן געווען ביים קעניג און האָט אויסגעבעטן ביי אים פאַר זיך דעם אַמט פון כוהן־גדול, און האָט אים צוגעזאָגט דערפאַר צו צאָלן מער שטייערן ווי יאַזאָן. אַנטיוכוס האָט מסכים געווען, האָט צוגענומען ביי יאַזאָנען די כהונה גדולה און האָט געשטעלט אויף זיין אָרט מענע־לאוסן. כדי צו שאַפן פאַרן קעניג די פאַרשפּראָכענע סומעס האָט דער פאַרעטערישער מענעלאוס פאַרנומען פון בית־המיקדש טייערע כלים און האָט זיי אַוועקגעפירט קיין אַנטיאָכיע. דאָ האָט אים באַגעגנט דער געווע־זענער כוהן־גדול, דער אַלטער חוניו און האָט אים געכאַפּט גנבענדיק די אוצרות פון בית־המיקדש. דעמאָלט האָט מענעלאוס באַגאַנגען אַ צווייטע רציחה: ער האָט אונטערגעשיקט צו חוניון איינעם פון זיינע פריינד, אַ גריך, וועלכער האָט דעם אַלטן מאַן פאַרנאַרט און אים געהרגעט. מענע־



אַנטיוכוס עפּיפאַנעס

לאוסעס מעשים האָבן שטאַרק אויפגעבראַכט די איינוואוינער פון ירושלים. דער אויפגעבראַכטער המון האָט געהרגעט מענעלאוסעס ברודער, ליזי־מאַכוס, וועלכער האָט צערויבט די אוצרות פון דעם טעמפּל. די ירושלימער איינוואוינער האָבן געשיקט שלוחים צו אנטיוכוסן צו פאַרקלאָגן מענע־לאוסן; נאָר דער גרויזאַמער קעניג האָט געהייסן טויטן די שלוחים.

אין גיכן איז אנטיוכוס אַוועק מילחמה האַלטן קעגן מיצרים. אין ירושלים האָט זיך פאַרשפּרייט אַ פאַלשער קלאַנג, אַז דער קעניג איז גע־הרגעט געוואָרן אין דער מילחמה. די ירושלימער איינוואוינער האָבן זיך דערפרייט, און אונטער דער פירערשאַפט פון יאַזאָנען האָבן זיי געמאַכט אַן אויפשטאַנד קעגן מענעלאוסן און האָבן געטויט אַ סך פון זיינע אָנ־הענגער. דער דערשראָקענער מענעלאוס האָט זיך באַהאַלטן אין דער פעס־טונג פון ירושלים, באַוואַכט פון סירישע זעלנער. אַז אנטיוכוס האָט דער־הערט פון דעם אויפשטאַנד האָט ער זיך באַלד געלאָזט מיט אַ גרויסן חיל פון מיצרים קיין יהודה צו באַשטראָפן די יידן פאַר דער מרידה. דער צערייצטער קעניג האָט זיך ארייגגעריסן אין ירושלים, האָט צערויבט דעם בית המיקדש, האָט געהרגעט אין שטאָט עטלעכע טויזנט איינוואוי־נער און פילע האָט ער פאַרטריבן אין אַנדערע לענדער צו פאַרקויפן זיי פאַר קנעכט (169). יאַזאָן איז אַנטלאָפן אין לאַנד פון די עמונים, און מע־נעלאוס איז ווידער באַשטימט געוואָרן ווי אַ כוהן־גדול.

## § 9. אַנטיוכוסעס גזירות.

ווען אנטיוכוס עפּיפאַנעס האָט איינגעשטילט די מרידה אין ירושלים, האָט ער נאָך מיט מער גרויזאַמקייט אָנגעהויבן פאַרפאָלגן די יידן. אנטיו־כוס האָט ניט נאָר געהאַסט דאָס יידישע פאָלק, נאָר אויך די יידישע אמונה און מאָראַל. ער האָט פאַרשטאַנען אַז אַזוי לאַנג ווי די יידן וועלן זיך האַלטן ביי זייערע דינים און מינהגים וועלן זיי בלייבן אַ באַזונדער פאָלק, וואָס אונטערשיידט זיך פון די גריכן. דעריבער האָט ער באַשלאָסן מיט גוואַלד צו מאַכן די יידן פאַר געצנדינער און אויף אַזאַ אופן צונויפ־שמעלצן זיי מיט די גריכן. האָט ער אַרויסגעגעבן אַ גזירה אַז אַלע יידן מוזן דינען צו די גריכישע אָפּגעטער און אַז זיי זאָלן זיך ניט דערוועגן אָפּצוהיטן די צערעמאָניעס פון זייער אייגענער רעליגיע. איבער גאַנץ יהודה האָט מען אויפגעשטעלט סטאַטועס פון די גריכישע געצן און

מיזבחות, אויף וועלכע מען האָט מקריב געווען חיות וואָס זיינען לויטן יידישן דין ניט ריין, באַזונדערס חזירים. פאַר האַלטן שבת און יום־טוב, פאַר היטן כשרות און זיך פאַרזאַמלען אין די שולן מיתפלל צו זיין, האָט מען באַשטראָפט מיטן טויט. די ספרי תורה פלעגט מען שענדן און באַדעקן מיט בילדער פון די אָפּגעטער, אָדער מען פלעגט זיי אין גאַנצן פאַרניכטן. אויפן הייליקן מיזבח פון בית־המיקדש האָט מען אויפגעשטעלט אַ גרויסע סטאַטוע פון דעם גריכישן הויפּטגאָט צעאוס, און דעם 25־טן טאָג פון חודש כסלו, אין יאָר 168, האָט מען אָנגעהויבן דינען צום דאָזיקן אָפּגאָט. גריכישע באַאַמטע האָבן נאָכגעשפּירט איבערן גאַנצן לאַנד און אַכטונג געגעבן, אַז דעם קעניגס גזירות זאָלן שטרענג אָפּגעהיט ווערן. פילע פון די העלעניסטן פלעגן גערן אָננעמען די גזירות און די דאָזיקע פאַרעטער פלעגן באַקומען הויכע שטעלעס און רייכע מתנות פון דעם קעניג. אָבער דער רוב פון פאָלק האָט זיך אָפּגעזאָגט צו פאַראַטן זיין רעליגיע. די חסידים פלעגן זוכן רעטונג ביי די שכנישע פעלקער, אָדער פלעגן זיך באַהאַלטן אין די בערג און אין היילן. די מוטיקערע צווישן די חסידים פלעגן אַרויסקומען פון די דאָזיקע באַהעלטענישן און דורך הינטערוועגן פלעגן זיי זיך דערשלאָגן צו די שטעט און דערפער און פלעגן אויפמונטערן דאָס פאָלק, עס קרעפטיקן אין זיין גלויבן און שטאַרקן די וואָס האָבן זיך געוואַקלט.

ניט ווייניק העלדנטאַטן און זיך מקריב זיין פאַרן גלויבן און פאַטערלאַנד איז באַוויזן געוואָרן דעמאָלט אין יהודה. פילע האָבן בעסער אויסגעקליבן דעם טויט, איידער זיך אונטער־צוגעבן צו די מוראדיקע גזירות פון דעם סירישן מלך. איין פרומער זקן, מיטן נאָמען אליעזר, האָבן די סירער אָנגערעדט ער זאָל אויפעסן אַ שטיקל פלייש פון אַ חיה, וואָס איז געבראַכט געוואָרן פאַר אַ קרבן צום היידנישן אָפּגאָט; אָבער דער אַלטער מאַן האָט זיך עקשנותדיק אָפּגעזאָגט צו עובר זיין אויף זיין רעליגיע, און די גרויזאַמע סירער האָבן אים פאַרפּייניקט צום טויט. די לעגענדע דערציילט אַז איין מוטער מיטן נאָמען חנה און אירע זיבן זין, זיינען געזעסן פאַרשפּאַרט אין תפיסה דערפאַר וואָס זיי האָבן ניט געוואָלט אָפּטרעטן פון דעם יידישן גלויבן. אויפן קעניגס באַפעל האָט מען זיי געשלאָגן מיט שטעקנס און בייטשן און זיי געצוואונגען זיך צו בוקן צו די געצן; אָבער ניט די מוטער און ניט די קינדער האָבן געוואָלט פעלשן אין

זייער אמונה. ווען דער קעניג האָט געפאָדערט, אַז זיי זאָלן פאַרזוכן דאָס פלייש פון אַ חזיר, האָט דער עלטסטער פון די זיבן זין אויסגערופן: „מיר וועלן זיך גיכער דערווערגן, איידער ברעכן דאָס געזעץ פון אונדזערע אבות!". דער קעניג איז שטאַרק אין כעס געוואָרן דערפאַר און האָט גע־הייסן אָפּהאַקן דעם מוטיקן יונג די צונג, די הענט און די פיס, און נאָכ־הער אים אַריינוואַרפן אין אַ קאָכיקן קעסל פאַר די אויגן פון זיין מוטער און איבעריקע ברידער. נאָר די ברידער האָבן זיך ניט אָפּגעשראָקן: איינער נאָכן אַנדערן האָבן זיי זיך אָפּ־געזאָגט פון דערפילן אַנ־טיוכוסעס פאַרלאַנג און זיינען אַלע אומגעקומען אויף אַ שרעקלעכן אופן. ווען זעקס ברידער זיינען שוין געווען געטויט און די ריי איז געקומען צום זי־בעטן, גאָר דעם קלענסטן האָט דער קעניג געזאָגט צו זיין מוטער: „רייד איין כאָטש דעם דאָזיקן זון דיי־נעם ער זאָל מיך פאָלגן און דערמיט ראַטעווען זיין לעבן!". אָבער די העלדישע



חנה און אירע זיבן זין

מוטער האָט זיך געווענדט צו איר לעצטן זון מיט די ווערטער: „האָב קיין מורא פאַר דעם דאָזיקן מערדער, און שטאַרב מוטיק, אַזוי ווי עס זיינען געשטאָרבן דיינע ברידער פאַר אונדזער גאָט און גלויבן". דאָס יינגל איז אויך געטויט געוואָרן, און באַלד נאָך דעם האָט מען אויך געהרגעט די העלדישע מוטער.

מער ווי אַ האַלב יאָר האָבן געדויערט די דאָזיקע רציחות פון די סיריער אין יהודה. עס האָט אויסגעזען אַזוי ווי די גרויזאַמע שונאים האָבן בדעה געהאַט אין גאַנצן אומצוברענגען דאָס יידישע פאָלק. נאָר ווען די

ליידן פון פאָלק האָבן דערגרייכט די העכסטע שטופע, האָבן זיך צווישן פאָלק באַוויזן העלדישע מענער, וועלכע האָבן באַשלאָסן אַרויסצוטרעטן אין אָפענעם קאַמף מיטן שרעקלעכן פיינד און באַפרייען זייער פאָטער־לאַנד פון קנעכטשאַפט.



קאַפּיטל 2

# די באַפרייאונגס-מילחמות פון די חשמונאים

(167—140 פ"ק)

## § 10. מתתיהו חשמונאי.

אין אַ קליין שטעטל מיטן נאָמען מודיעין, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ באַרג ניט ווייט פון ירושלים, האָט געלעבט אַ גרייז-גרויער כוהן מיטן נאָמען מתתיהו, פון דער פאַמיליע חשמונאים. ער האָט געהאַט פינף זין: יוחנן, שמעון, יהודה, אליעזר און יונתן. די דאָזיקע גאַנצע פאַמיליע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט טיפער פרומקייט און אַ הייסער ליבשאַפט צו זייער פאָטערלאַנד. אייך מאָל זיינען אין מודיעין אָנגעקומען די סירי-שע באַאַמטע, האָבן דאָרט אויפגעשטעלט אַ מיזבח מיט אַן אָפגאָט און האָבן, לויט אנטיוכוסעס גזירה, גענומען בייטן די איינוואוינער צו דינען צום געץ. אייניקע יידן וואָס זיינען געווען שוואַך אין זייער אמונה, אָדער האָבן ניט געהאַט גענוג מוט, האָבן זיך אונטערגעגעבן צו די סירישע באַאַמטע, אָבער אַלע איבעריקע האָבן זיך מיט אַנטשלאָסנקייט אָפּגעזאָגט. דאַן האָבן זיך די באַאַמטע געווענדט צו מתתיהון, ווי צו דעם חשובסטן מאַן אין שטאָט, און האָבן אים געפּרואווט איינריידן ער זאָל אנטיילנעמען אין דעם געצנדינסט, וואָרום די גריכישע רעליגיע, האָבן זיי געזאָגט, מוז אָפּגעהיט ווערן פון אַלע בירגער פון דער סירישער אימפּעריע, און אַלע אַנדערע רעליגיעס מוזן זיך בייגן פאַר איר. נאָר מתתיהו האָט מיט שטאָלץ געענטפערט: „זאָלן אַלע פעלקער, וואָס זיינען אונטערטעניק צו אייער

מלך, אים פאָלגן, און פעלשן אין דער אמונה פון זייערע עלטערן; אָבער איך און מיינע זין און מיינע ברידער וועלן ניט עובר זיין אויף דעם געבאָט פון אונדזערע אבות. מיר וועלן ניט אָפּטרעטן פון אונדזער גלויבן רעכטס אָדער לינקס". אָבער באַלד נאָך דעם איז אויפן שטאָטישן פּלאַץ אַרויסגעטראָטן אַ ייד אַ פאַרעטער, און איז צוגעגאַנגען צום היידנישן מיזבח מיט דער כוונה צו ברענגען אויף אים אַ קרבן. ווען מתתיהו האָט דאָס דערזען, האָט ער ניט געקענט איינהאַלטן זיין צאָרן: ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן געמיינעם פאַרעטער און האָט אים געטויט אויפן אָרט. דערנאָך איז ער צוזאַמען מיט זיינע זין און מיט אַ הייפל העלדישע יידן באַפאַלן דעם קאָמאַנדיר פון דער סירישער מחנה, אַפּעלעס, און האָט אים געהרגעט, און דעם היידנישן מיזבח אין מודיעין האָט ער צעשטערט (167).


מתתיהו חשמונאי

באַלד נאָך דעם האָט דער זקן מתתיהו אויסגערופן: „מי לד' אלי! — ווער ער שטייט פאַר גאָט און זיין הייליקער תורה, זאָל גיין נאָך מיר!" אויף דעם דאָזיקן רוף האָבן געענטפערט די קנאים פאַר דער יידישער אמונה — די חסידים. אַזוי ווי זיי זיינען נישט געווען אין שטאַנד צו פירן אַן אָפענעם קאַמף קעגן דעם פיינד, פלעגן זיך די דאָזיקע מענטשן באַהאַלטן אין שפּאַלטן פון בערג און אין גינסטיקע מאָמענטן פלעגן זיי פון דאָרטן מאַכן אומגעריכטע אָנפאַלן אויף די סיריער, פלעגן זיך אריינרייסן אין שטעט און דערפער, טויטן דאָרט די פאַרעטערישע יידן און צעשטערן די געצנדינערישע טעמפלען און מיזבחות. די חסידים פלעגן זייערע אָנהענגער פאַרזאַמלען אין די שולן און פלעגן זיי באַגייסטערן מיט קאַפּיטלעך פון דער תורה און די נביאים, וואָס זיי פלעגן פאַר זיי לייענען. ווען זיי פלעגן באַגעגענען אויף די וועגן קליינע גריכישע מחנות,

פלעגן די מורדים זיי פאַרניכטן; אָבער ווען זיי פלעגן זיך אָנשטויסן אָן גרעסערע מחנות, פלעגן זיי זיך ווידער באַהאַלטן אין זייערע אומצוטריט־לעכע היילן אין די בערג.

דער אַלטער מתתיהו איז געשטאָרבן אין גיכן נאָך זיין גלענצנדיקער טאַט. פאַרן טויט האָט ער אָנגעזאָגט זיינע זין, אַז זיי זאָלן פירן ווייטער דעם הייליקן קאַמף פאַר זייער גלויבן און פאָטערלאַנד. דעמאָלט האָט זיך פון צווישן מתתיהוס זין אויסגעצייכנט דער העלדישער יהודה, וועלכער האָט געקראָגן דעם צונאָמען מכבי (האַמער). יהודה האָט פאַרמאָגט דעם גייסט פון אַ קריגער און עס האָט געברענט אין אים דער פאַרלאַנג צו באַפרייען זיין פאָלק פון פרעמדן יאָך. ער האָט זיך געשטעלט בראש פון די יידישע העלדן און איז אַרויסגעטראָטן אין אָפענעם קאַמף מיט די סיריער. ווען אַפּאָלאָניוס, דער סירישער פאַרוואַלטער אין פאַלעסטינע, האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם אויפשטאַנד פון די יידן, האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן פון שומרון מיט אַ גרויסן חיל קעגן די מורדים. יהודה מיט זיין מחנה זיינען אַרויס קעגן דעם פיינד און האָבן געבראַכט אויף אים אַ גרויסע מפלה; אַפּאָלאָניוס אליין איז געפאַלן אין שלאַכט. יהודה האָט אַרונטערגענומען פון אים זיין שווערד און האָט זי צוגעבונדן צו זיין גאַרטל. פון דעמאָלט אָן האָט ער אין אַלע שלאַכטן זיך באַנוצט מיט דער דאָזיקער שווערד, זיין ערשטער מילחמה־פאַנג. די יידישע האַנט האָט געשלאָגן מיטן גריכישן געווער. דעם אַנדערן זיג איבער די סיריער האָט יהודה געוואונען לעבן בית־חרן, וואו די יידישע קריגער האָבן זיך גע־שלאָגן ווי די צערייצטע לייבן. די דאָזיקע ערשטע צוויי ניצחונות האָבן צוגעגעבן מוט דעם פאָלק און די מרידה קעגן אנטיוכוסן האָט זיך צע־שפרייט איבער גאַנץ יהודה.

## § 11. די ניצחונות פון יהודה המכבי.

אַז קעניג אנטיוכוס האָט דערהערט וועגן דעם אויפשטאַנד אין יהודה איז ער אַריינגעפאַלן אין גרויס צאָרן. ער האָט אַוועקגעשיקט אַהין אַ גרויס חיל מיטן באַפעל — חרוב צו מאַכן ירושלים, אומברענגען און פאַרניכטן די איינוואוינער און באַזעצן דאָס לאַנד מיט פרישע מענטשן פון פרעמדע פעלקער. די סירישע אַרמיי איז אריינגעטראָטן אין יהודה אונטער דער קאָמאַנדע פון די צוויי גרעסטע גריכישע קריגספירער, ניקנור

און גאָרגיאַס. די סיריער זיינען געווען אַזוי זיכער אין זייער זיג אַז זיי האָבן שוין געבראַכט צו זיך אין לאַגער רייכע סוחרים, צו פֿאַרקויפֿן זיי די יידן, וואָס זיי וועלן נעמען געפֿאַנגען. אַ שרעק האָט אַרומגעכאַפּט די יידישע באַפֿעלקערונג, ווען זיי האָבן דערהערט וועגן דעם אָנקומען פֿון דעם מוראדיקן פֿיינד. דאָס פֿאָלק האָט זיך פֿאַרזאַמלט אין מיצפּה, וואו עס איז געשטאַנען יהודה מיט זיין חיל. דאָ האָט מען אָפּגעהאַלטן אַ פֿייערלעכן גאָטעדינסט. דאָס פֿאָלק האָט הייס מיתפּלל געווען צו גאָט נאָך הילף. דאָ האָט אויך יהודה געוועקט זיינע קריגסלייט צום גרויסן קאַמף פֿאַרן גלויבן און פֿאָטערלאַנד. ער האָט אַוועקגעשיקט פֿון זיין מחנה אַלע שרעקעוודיקע און שוואַכע, און עס זיינען ביי אים געבליבן בלויז זעקס טויזנט אָפּגעקליבענע קריגסלייט, וועלכע האָבן געדאַרפֿט אַרויסטרעטן קעגן אַ פֿיל גרעסערער פֿיינדלעכער אַרמיי. נאָר די יידישע קריגער זיינען געווען שטאַרק מיט זייער טיפֿן גלויבן און מיט זייער פֿילן אַז זיי קעמפֿן פֿאַר אַ גערעכטער זאַך. די סירישע קאָמאַנדירן האָבן צעטיילט זייער אַרמיי אויף צוויי טיילן, כדי אַרומצורינגלען די יידישע מחנה פֿון צוויי זייטן, און מיט אַמאָל זי פֿאַרניכטן. נאָר ווען יהודה המכבי האָט זיך דערפֿון דערוואוסט, האָט ער זיך שנעל אַ לאָז געטאָן מיט זיינע קריגער אַנטקעגן דער פֿאָדערשטער אַרמיי פֿון דעם פֿיינד. מיט דעם אויסרוף: „מיט אונדז איז גאָט!" האָבן זיך די יידן אַ וואָרף געטאָן אויף די סיריער און האָבן געבראַכט אויף זיי אַ שווערע נידערלאַגע ביי דער שטאָט חמת. דערווייל איז אונטערגעקומען דער אַנדערער טייל פֿון דער סירישער אַרמיי, אונטער דער פֿירערשאַפֿט פֿון גאָרגיאַס. אָבער דערזעענדיק די מפּלה פֿון דער ערשטער מחנה איז גאָרגיאַס מיט זיין חיל שנעל אָפּגעטראָטן (166), און



די מאַמע פֿון די חשמונאים

דעם שונאס גאַנצער לאַגער מיט אַ סך געווער און מיט דעם געלט וואָס די שקלאַפן־הענדלער האָבן אָנגעגרייט צו קויפן די יידישע געפאַנגענע, איז אַריינגעפאַלן איר די הענט פון די יידן. דאָס יידישע פאָלק איז געווען אין גרויס פרייד.

נאָך דעם זיינען צו יהודהס חיל צוגעשטאַנען אַ סך נייע פרייוויליקע קעמפער. ווען אין אַ יאָר אַרום איז קעגן די יידן אַרויסגעטראָטן פון אנטיאָכיע, דער הויפט־קריגספירער פון סיריע, ליזיאָס, מיט אַן אַרמיי פון זעכציק טויזנט מאַן, האָט שוין יהודה געקענט אַרויספירן אויפן שלאַכט־פעלד צען טויזנט גוט באַוואָפנטע קריגער, וועלכע האָבן געדורשט נאָך קאַמף. מיט די דאָזיקע גיבורים איז יהודה מוטיק אָנגעפאַלן אויפן שונא לעבן בית־צור, אין דרום־זייט פון ירושלים, און האָט אים צעשלאָגן (165). ליזיאָס איז געצוואונגען געווען זיך אומצוקערן קיין אנטיאָכיע, אָבער ער האָט זיך געטרייסט מיט דער האָפענונג, אַז ער וועט אין גיכן צוזאַמענ־נעמען אַ נייעם חיל און וועט אין גאַנצן דערשטיקן דעם אויפשטאַנד אין יהודה.

## § 12. חנוכה.

די ערשטע ניצחונות האָבן אָפגערייניקט דעם וועג פאַרן מכביאישן חיל קיין ירושלים. אַהין האָט זיך יהודה אַ לאָז געטאָן מיט זיין העלדישער מחנה. זיי האָבן אָן שוועריקייטן פאַרכאַפּט די שטאָט מיטן הר־הבית; בלויז די פעסטונג אַקראַ, אין וועלכער עס האָט זיך אויפגעהאַלטן דער סירישער גאַרניזאָן, איז געבליבן אין שונאס הענט. יהודה האָט גע־שטעלט אַרום דער דאָזיקער פעסטונג אַ באַוואָפנטע אָפּטיילונג חיל און האָט דאָרט געהאַלטן די סיריער באַלאַגערט, און אַליין האָט ער דערווייל געקענט אומגעשטערט זיך נעמען אויפבויען צוריק דעם בית־המיקדש אין ירושלים. אַ טרויעריק בילד האָט זיך געעפנט פאַר די אויגן פון די יידישע קריגסלייט, ווען זיי זיינען אַרויפגעגאַנגען אויפן הר־הבית: זיי האָבן דערזען דעם בית־המיקדש האַלב חרוב און צערויבט דעם הויפּט־מיזבח פאַרשוועכט פון געצנדינסט, די טויערן פאַרברענט, די אינעווייניקסטע חדרים פון בית־המקדש וויסט און די הייף מיט גראָז פאַרוואַקסן. דער־זעענדיק דאָס אַלעס האָט יהודה און זיינע חברים זיך ניט געקענט איינ־האַלטן פון ביטערן געוויין; אָבער עס איז קיין צייט ניט געווען זיך אריינ־

צולאָזן אין טרויער וועגן דער פאַרגאַנגענהייט: מען האָט געדאַרפט אַר־בעטן פאַר דער צוקונפט. מען האָט זיך באַלד גענומען אָפּצורייניקן און אויפשטעלן דעם בית־המיקדש. דעם מיזבח צו צעאוסן, וואָס איז אויפגע־שטעלט געוואָרן אויפן אַלטן מיזבח פון יהוה האָט מען אין גאַנצן צע־שטערט, און די שטיינער האָט מען אַרויסגעוואָרפן אויף אַן „אומריינעם אָרט". דעם אַלטן הייליקן מיזבח האָט מען פאַנאַנדערגענומען און די שטיינער האָט מען צוזאַמענגעלייגט אויף אַ באַזונדער פּלאַץ, „ביז עס וועט זיך באַווייזן אַ נביא און באַשליסן וואָס צו טאָן מיט זיי". אויף זיין אָרט איז אויסגעבויט געוואָרן אַ נייער מיזבח פון שטיינער, „אַן וועלכע עס האָט זיך ניט אָנגערירט קיין אייזן". אָנשטאָט די אַוועקגערויבטע



אַ חנוכה־לאָמפּ

כלים פון בית־המיקדש זיינען געמאַכט געוואָרן נייע כלים פון דעם גאָלד און זילבער, וואָס די יידישע קריגסלייט האָבן געקראָגן אין זייערע אַנו־מלטיקע מילחמות.

ווען די אינעווייניקסטע און אויסנווייניקסטע חדרים פון בית־המיקדש זיינען שוין געווען צוגעקליבן ווי געהעריק איז, האָט זיך אָנגע־הויבן די צערעמאָניע פון „באַנייאונג", אָדער חנוכה. פינף און צוואַנציק טאָג אין חודש כיסלו (165), אין יענעם זעלבן טאָג, ווען מיט דריי יאָר פריער איז איינגעפירט געוואָרן אין בית־המיקדש די דינסט צו צעאוסן,

איז פאָרגעקומען אַ פייערלעכער גאָטדינסט מיט קרבנות צו גאָט פון ישראל. אַכט טאָג האָט געדויערט דער יום־טוב פון דער באַנייאונג פון דעם הייליקן הויז. יעדן אָוונט זיינען די טויערן פון בית־המיקדש געווען אילומינירט מיט אַ סך העלע פייערן. די לעגענדע דערציילט, אַז יהודה און זיינע חברים האָבן געפונען אין אַ חדר פון בית־המיקדש אַ קליין קריגעלע בוימל וואָס איז געווען גענוג נאָר אויף איין אָוונט צו ברענען די מנורה, אָבער על פי נס האָט דאָס קריגעלע בוימל געקלעקט אויף גאַנצע אַכט נעכט. אין אַנדערע שטעט אין יהודה האָבן די יידן אויך געמאַכט אילומינאַציעס אין זייערע הייזער. פון דעמאָלט אָן איז געבליבן דער מינהג צו פייערן יעדעס יאָר די דאָזיקע אַכט טעג ווי אָן אָנדענק, אַז דאָס יידישע פאָלק איז באַפרייט געוואָרן פון דעם יאָך פון געצנדינער. דער דאָזיקער יום־טוב, וועלכער ווערט עד־היום אָפּגעהיט ביי די יידן אין אַלע לענדער, ווערט אָנגערופן חנוכה, ד״ה דער „יום־טוב פון באַנייאונג״. אין די אַכט אָוונטן פון דער חנוכה־וואָך ווערן אין אַלע יידישע הייזער געצונדן חנוכה־ליכטלעך.

## § 13. אַנטיוכוסעס טויט.

אין גיכן נאָכן חנוכת הבית איז געשטאָרבן דער גרויזאַמער פאַרפאָלגער פון יידישן פאָלק, דער קעניג אנטיוכוס עפּיפאַנעס (164). די לעגענדע דערציילט אַז ער איז געשטאָרבן אין שרעקלעכע ליידן, אין אַן אָנפאַל פון משוגעת. די יידן, וואָס האָבן אנטיוכוסן שטאַרק געהאַסט, האָבן איבערגעמאַכט זיין צונאָמען עפּיפאַנעס (דערהויבענער) אויף עפּימאַנעס (משוגענער). אויפן סירישן טראָן איז אַרויף זיין מינדעריעריקער זון אנטיוכוס דער פינפטער, אופּאַטאָר, נאָר די מלוכה האָבן געפירט אין זיין נאָמען די העכערע באַאַמטע. איינער פון זיי איז געווען דער הויפּטקריגספירער ליזיאַס. ליזיאַס האָט זיך געגרייט צו אַ נייער מילחמה מיט יהודה. ער איז אָנגעקומען אַהין צוזאַמען מיטן יונגן קעניג אופּאַטאָר, בראש פון אַן אַרמיי פון הונדערט טויזנט מאַן. אין סירישן לאַגער האָבן זיך געפונען צוויי און דרייסיק גרויסע העלפאַנטן וואָס זיינען געווען געלערנט פאַר מילחמה. לעבן דער באַפעסטיקטער שטאָט בית־צור האָבן זיך ווידער באַגעגנט די יידישע און סירישע חילות. די יידישע העלדן האָבן געקעמפט מוטיק, אָבער זיי האָבן ניט געקענט ביישטיין אַנטקעגן

דעם פיל גרעסערן פיינד. דעמאָלט האָט איינער פון יהודהס ברידער, אליעזר, זיך אַנטשלאָסן אויף אַ פאַרצווייפלטן טאַט. דערזעענדיק פון ווייטן אין דעם שונאס רייען אַ ריזיקן און רייך־אויסגעפוצטן העלפאַנט, אויף וועלכן עס האָט געריטן עפּעס אַ יונגער קריגספירער, האָט אליעזר געמיינט, אַז דער יונגער רייטער איז דער קעניג אנטיוכוס דער פינפטער. האָט אליעזר זיך דורכגעריסן דורך די סירישע רייען און האָט געהרגעט מיט זיין שווערד דעם העלפאַנט, אָבער ער האָט ניט באַוויזן צו טויטן דעם רייטער. די ריזיקע חיה האָט אַ פאַל געטאָן צו דער ערד און מיט איר משא האָט זי דערשטיקט צום טויט דעם געוואַגטן קריגער. אָבער אַזעלכע העלדישע גבורות פון איינצלנע מענטשן האָבן פון דעסט וועגן ניט געקענט ברענגען די יידן קיין ניצחון. בית צור האָט געמוזט איבערגעלאָזט ווערן צום שונא, און דאָס יידישע חיל איז געצוואונגען געוואָרן אָפּצוטרעטן קיין ירושלים. די סירער האָבן זיך אין גיכן באַוויזן ביי די ווענט פון ציון און האָבן באַלאַגערט די פעסטונג אויפן הר־הבית. די באַלאַגערטע זיינען געווען אין אַ גרויסער סכנה. עס האָט זיי אָנגעהויבן אויסצופעלן שפייז, וואָרום גראָד אין יענעם יאָר איז אויסגעפאַלן שמיטה, זיינען די פעלדער אין יהודה נישט באַאַרבעט געוואָרן און די אָנגעגרייטע תבואה אין לאַנד האָט אָנגעהויבן אויסצוגיין.



יהודה המכבי

עס האָט אויסגעזען, אַז ציון וועט חרוב ווערן און אַז צוזאַמען מיט איר וועלן פאַרלאָרן גיין אַלע גלענצנדיקע זאַכן, וואָס די מרידה האָט

געוואונען און יהודה וועט אויף דאָס ביי אונטערפאַלן אונטער דער טיראַ־ניי פון די סיריער. נאָר עס איז געשען אַנדערש. ליזיאַס, וועלכער איז שוין געווען נאָענט צו אַ זיג, האָט פלוצלינג דערהערט, אַז אין אַנטיאָכיע קומען פאָר מהומות און אַז אַן אַנדער סירישער קריגספירער האָט אַריינ־געכאַפּט די אויבערהערשאַפט אין זיינע הענט. האָט ער גיך געמאַכט שלום מיט די יידן אויף גוטע באַדינגונגען פאַר זיי און איז אַוועק צוריק קיין סיריע (163). לויט דעם אָפּמאַך האָבן די יידן געקראָגן אינערלעכע אַליין־פאַרוואַלטונג, פולע רעליגיעזע פרייהייט, דאָס רעכט אָפּצוהיטן אומגע־שטערט זייערע דינים און מינהגים, מיטן תנאי בלויז, אַז זיי זאָלן אַנער־קענען איבער זיך די אויבערהערשאַפט פון סיריע. ווי אַ צייכן פון אונ־טערטעניקייט און פרידן האָבן די איינוואוינער פון ירושלים געדאַרפט אָפּגראָבן די פעסטונגען פונעם הר־הבית. דער כוהן־גדול — דער פאַרע־טערישער מענעלאוס, וועלכער איז אָנגעשטעלט געוואָרן פון אַנטיוכוס עפּיפאַנעס, און האָט זיך געפונען אין דעם סירישן לאַגער, איז אַרונטער־געזעצט געוואָרן פון דער כהונה. לויט אַ היסטאָריקער פון יענער צייט, האָט מענעלאוס פאַרלאָרן זיין חשיבות אין קעניגלעכן הויף און איז אויפן באַפעל פון אַנטיוכוס דעם פינפטן, אָדער ליזיאַס, געטויט געוואָרן. מיט זיין טויט איז די פאַרטיי פון די העלעניסטן אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

אויף אַזאַ אופן זיינען די רעזולטאַטן פון דעם פינפיעריקן העלדישן קאַמף פון די חשמונאים געווען די־אָ: אַלע גזירות פון אַנטיוכוס עפּי־פאַנעס זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן, און עס איז צוריק איינגעשטעלט גע־וואָרן די זעלביקע אָרדענונג, וואָס האָט עקזיסטירט פאַר דער צייט פון די רדיפות.

## § 14. אַלקימוס; יהודהס טויט.

דערווייל איז אין אַנטיוכיע פאָרגעקומען אַן איבערקערעניש אין דער מלוכה. דמיטריוס סאָטער, אַ ברודער פון אַנטיוכוס עפּיפאַנעס, האָט גע־וואונען אויף זיין זייט אַ טייל פון די סיריער, און נאָך דעם ווי ער האָט געהרגעט ליזיאַסן און זיין פּלימעניק אַנטיוכוס אויפּאַטאָר, האָט ער זיך דערקלערט פאַרן קעניג פון סיריע (161). דער נייער קעניג האָט ניט אַנערקענט די אינערלעכע פרייהייט, וואָס די יידן האָבן געקראָגן נאָכן פרידנס־אָפּמאַך מיט ליזיאַסן און האָט זיך גענומען גרייטן צו אַ קאַמף

מיט זיי. די פּאַרטיי פון די העלעניסטן אין יהודה, וואָס איז אויף אַ צייט געווען אָפּגעשוואַכט, האָט ווידער אויפגעהויבן דעם קאָפּ. דער פירער פון די מעסיקע העלעניסטן, דער כוהן אַלקימוס (אויף העברעאיש, יהויקים), האָט געקראָגן פון קעניג דמיטריוס דעם טיטול כוהן־גדול. אָבער די חסי־דים און פרייהייטס־קעמפער פון יהודה המכביס פּאַרטיי האָבן ניט גע־וואָלט אַנערקענען אלקימוסעס הערשאַפט און האָבן אים ניט אריינגעלאָזט קיין ירושלים. דעמאָלט האָט דמיטריוס געשיקט אַלקימוסן צו הילף אַן אָפּטיילונג פון סירישע סאָלדאַטן אונטער דער פירערשאַפט פון באַקכי־דעס. ווען אַלקימוס איז אונטערגעקומען צו ירושלים האָט ער גענומען פאַרזיכערן די איינוואוינער, אַז ער וועט אַרבעטן אין דעם גייסט פון די פּאַטריאָטישע חסידים. נאָר ווען דאָס פאָלק האָט אים געגלויבט און האָט אים אריינגעלאָזן אין שטאָט אַריין, האָט זיך אַלקימוס אַרויסגעוויזן אין זיין אמתער געשטאַלט: ער האָט גענומען רודפן די חסידים און האָט באַפוילן צו טויטן זעכציק מאַן פון זיי.

ווען דער פאַרעטערישער אַלקימוס איז מיט דער הילף פון די סיריער געוואָרן כוהן־גדול, האָט ער איינגערעדט דעם קעניג דמיטריוס, אַז עס איז נייטיק איינצושטילן די האַרטנעקיקע חסידים און זייער פירער יהודה. דער קעניג האָט אַרויסגעשיקט קעגן יהודה זיין קריגספירער ניקנור. ניקנור האָט זיך באַרימט, אַז ער וועט פאַרברענען דעם בית־המיקדש. ביים דאָרף אדסה איז דעם 13־טן אדר (161) פאָרגעקומען אַ שלאַכט, אין וועלכער די יידן האָבן ווידער אָפּגעהאַלטן אַ גלענצענדיקן זיג. ניקנור איז געפאַלן אין דער דאָזיקער שלאַכט און זיין חיל איז זיך צעלאָפן. די זיגער האָבן אָפּגעהאַקט ניקנורן דעם קאָפּ און האָבן אים אויפגעהאָנגען ביי די טויערן פון ירושלים. דער טאָג פון דעם דאָזיקן זיג, ערב פורים, איז נאָכהער אַ לאַנגע צייט געפייערט געוואָרן אין יהודה און האָט זיך אָנגערופן „יום ניקנור".

נאָר אין גיכן האָבן די יידן פאַרלאָרן זייער העלדישן פירער. דער־וויסנדיק זיך וועגן ניקנורס מפּלה אין יהודה, האָט דמיטריוס אַוועקגע־שיקט אַהין אַן אַרמיי פון צוואַנציק טויזנט מאַן, אונטער דער פירערשאַפט פון באַקכידעס. באַקכידעס האָט זיך שנעל דערנענטערט צו ירושלים. יהודה האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט זיך צוצוגרייטן, ווייל ער האָט זיך ניט געריכט, אַז דער שונא וועט אַזוי שנעל אָנקומען און דעריבער האָט ער געקענט אַרויסשטעלן נאָר 3,000 מאַן. דער גרעסטער טייל פון די

קריגער האָבן זיך ניט געקענט אנטשליסן אריינצוטרעטן אין אַן אָפענער שלאַכט מיט די סיריער און האָבן געפאָדערט מען זאָל אָפּטרעטן פאַרן פיינד, כדי צו צונויפזאַמענעמען אַ שטאַרקערע אַרמיי. אָבער דער אומדער־שראָקענער יהודה האָט אפילו ניט געוואָלט הערן פון אַ שענדלעכן צוריק־טריט. „אויב — האָט ער געזאָגט — עס איז געקומען די צייט איך זאָל שטאַרבן, לאָמיר שטאַרבן מוטיק פאַר אונדזערע בּרידער, און ניט באַ־פלעקן אונדזער ערע!“. פון דער גאַנצער מחנה האָבן בלויז 800 קריגער איינגעשטימט צו גיין נאָך אים. מיט דעם דאָזיקן הייפל גיבורים איז יהודה באַפאַלן דעם פיינד ביי אדסה. יהודהס קליינע אָבער מוטיקע מחנה האָט זיך געשלאָגן פאַרצווייפלט, אָבער אירע ווייניק זיינען אַלץ שיטערער גע־וואָרן. ענדלעך איז אין שלאַכט געפאַלן, מיטן שווערד אין האַנט, אויך איר גרויסער פירער (אין פרילינג 160). יהודהס ברידער איז געלונגען אָפּצוזוכן זיין טויטן קערפּער, וועלכן זיי האָבן אַריבערגעפירט אין מו־דיעין און דאָרט מקבר געווען אין דעם פאַמיליען־קבר פון די חשמונאים. גאַנץ יהודה האָט ביטער באַוויינט דעם טויט פון איר גלענצנדיקן העלד, דעם רעטער פון דער נאַציאָנאַלער פרייהייט.

## § 15. יונתן חשמונאי.

נאָכן טויט פון יהודה המכבי האָט דאָס יידישע חיל אויסגעקליבן פאַר אַ פירער זיין ברודער יונתן (159). יונתן איז ניט געווען אַזאַ גרוי־סער העלד ווי יהודה, נאָר ער האָט פאַרמאָגט די פעאיקייטן פון אַ רע־גירער און האָט געקענט אויסנוצן יעדע גינסטיקע געלעגנהייט צו דער־גרייכן זיין ציל — די באַפרייאונג פון זיין פאָטערלאַנד. כל־זמן אין ירו־שלים האָבן געהערשט דער סירישער פאַרוואַלטער באַקכידעס און דער כוהן־גדול אַלקימוס האָט יונתן גאָרניט געקענט טאָן און האָט אומגעוואַנ־דערט מיט זיין מחנה אין מידבר, לעבן טויטן ים. נאָר אין גיכן איז אַלקי־מוס געשטאָרבן. זיין טויט איז געשען פלוצלינג, אין דער צייט ווען ער האָט זיך גענומען איבערצובויען די אינעווייניקסטע וואַנט פון בית־המיקדש. דאָס פאָלק האָט געזען אין דעם גאָטס שטראָף אויפן זינדיקן כוהן־גדול. די העלעניסטן האָבן פאַרלאָרן זייער פירער, און יונתן האָט זיך דערמיט באַנוצט און האָט פאַרשטאַרקט זיין פּאַרטיי. צונויפקלייבנדיק אַ באַדייטנדיקן חיל האָט יונתן און זיין ברודער שמעון אָנגעהויבן באַ־

אומרואיקן די סיר־יער דורך אָפטע אָנפאַלן. דער סיר־ישער קריגספירער באַקכידעס איז געוואָרן מיד פון די דאָזיקע אַטאַקעס און האָט אויפגע־הערט זיך צו מישן אין דעם אינעווייניקסטן קאַמף פון די יידישע פאַר־טייען; ער האָט געמאַכט שלום מיט יונתן און האָט זיך אומגעקערט קיין סיריע (157). פון דעמאָלט אָן איז יהודה עטלעכע יאָר געבליבן רואיק, אונטער דער ממשלה פון יונתנען.

צו דער פאַרשטאַרקונג פון יהודה האָט מער פון אַלץ געהאָלפן דער קאַמף פאַר דער קעניגלעכער הערשאַפט, וואָס האָט זיך דעמאָלט צעפלאַ־קערט אין סיריע. קעגן דעם קעניג דמיטריוס סאָטער איז אויפגעשטאַנען אַלעקסאַנדער באַלאַס, אַ געבאָרענער פון ראָדוס, וועלכער האָט זיך אַרויס־געגעבן פאַר אַ זון פון אַנטיוכוס עפיפאַנעס און פאַרן געזעצלעכן יורש פון



מטבעות פון דער חשמונאישער תקופה

טראָן. אַלעקסאַנדער האָט זיך דערקלערט פאַר קעניג און איז אַרויס מיט אַ גרויסן חיל קעגן דמיטריוסן. דער דערשראָקענער דמיטריוס האָט געבעטן יונתנען ער זאָל אים העלפן אין דער מילחמה מיט זיין קעגנער, צוזאָגנדיק אים דערפאַר פאַרשידענע הנחות פאַר זיין לאַנד. נאָר אַלעקסאַנדער האָט נאָך מער געאַרבעט צוצוציען דעם יידישן פירער אויף זיין זייט: ער האָט געמאַכט יונתן פאַרן כוהן־גדול, ד"ה פאַרן עלטסטן פון יידישן פאָלק און האָט אים געשיקט אַ מתנה אַ פורפור מאַנטל און אַ גאָלדענע קרוין. די יידן, וואָס האָבן נאָך געדענקט דמיטריוסעס רציחות, זיינען אַריבער אויף דער זייט פון אַלעקסאַנדערן, וועלכער האָט נאָך אַ לאַנגן קאַמף געקראָגן דעם סירישן טראָן. יונתן איז אָנגעקומען קיין ירושלים אום סוכות און ווי אַ כוהן־גדול האָט ער געפראַוועט אַ פייערלעכן גאָטדינסט אין דעם בית־המיקדש (152).

אויף אַזאַ אופן האָט די חשמונאים־פאַמיליע, וועלכע האָט אויפגעהויבן די מרידה קעגן סיריע, זיך ענדלעך דערשלאָגן דערצו, אַז איינער פון זיי איז געוואָרן דער עלטסטער פון יידישן פאָלק מיט דער הסכמה פון דער סירישער רעגירונג. די ווייטערדיקע סירישע מלכים האָבן ניט ווילנדיק געמוזט אָנערקענען די חשמונאים־פאַמיליע ווי די געזעצלעכע הערשער פון יהודה.

די שטענדיקע מהומות און דער קאַמף פאַרן טראָן אין סיריע האָבן אין גאַנצן אָפּגעשוואַכט די דאָזיקע מלוכה, און יונתן האָט באַשלאָסן אַז עס איז געקומען די צייט צו מאַכן אַ סוף צו דער סירישער הערשאַפט אין יהודה. יונתן האָט בשתיקה פאַרגרעסערט זיין אַרמיי, האָט באַפעסטיקט ירושלים און עטלעכע אַנדערע שטעט און האָט זיך געגרייט אויסצוקעמפן פאַר יהודה פולשטענדיקע פרייהייט. נאָר דער סירישער קריגספירער טריפאָן האָט זיך דערוואוסט פון דער דאָזיקער פארשווערונג. ער האָט פאַרנאַרט יונתן מיט אַ קלענער מחנה אין דער שטאָט עכו און האָט באַ־פוילן די דאָזיקע מחנה אומצוברענגען, און יונתנען האָט ער איבערגעלאָזן ביי זיך געפאַנגען.

## § 16. שימעון חשמונאי.

אַז יונתן איז געוואָרן געפאַנגען, האָט זיך זיין ברודער שמעון געשטעלט בראש פון דעם יידישן חיל (143). שמעון האָט אָנגע־ווענדט אַלע כוחות צו ראַטעווען דאָס לעבן פון זיין ברודער, וועלכער האָט זיך געפונען אין תפיסה ביי טריפאָנען, נאָר דאָס איז אים ניט גע־לונגען. טריפאָן האָט צוערשט צוגעזאָגט, אַז ער וועט אָפּלאָזן דעם גע־פאַנגענעם, אויב די יידן וועלן אים געבן אַ גרויסן פדיון און מענטשלעכע משכנות; אָבער ווען ער האָט שוין דאָס אַלץ געקראָגן פון שמעונען, האָט דער מערדערישער סיריער דאָך באַפוילן צו טויטן יונתנען. די יידן האָט מען נאָר אומגעקערט דעם טויטן קערפּער פון דעם העלד.

שמעון, דער לעצטער פון די חשמונאים־ברידער, האָט פאַרענדיקט די באַפרייאונג פון דעם פאָטערלאַנד פון דעם סירישן יאָך. ער האָט גע־האַט אַ שטאַרק און גוט־באַוואָפנט חיל און האָט ביסלעכווייז אַרויסגע־שטויסן די סירישע גאַרניזאָנען, וואָס זיינען נאָך פאַרבליבן אין די באַ־פעסטיקטע שטעט פון יהודה. ענדלעך איז געפאַלן דער לעצטער אָנשפּאַר

פון דער פרעמדער הערשאַפט אין יהודה: דער סירישער גאַרניזאָן וואָס האָט זיך געפונען אין דער ירושלימער פעסטונג אַקראַ איז באַלאַגערט געוואָרן. שמעונס חיל האָט אַרומגערינגלט די פעסטונג און האָט ניט דער־לאָזט צוצופירן אַהין שפייז. דער הונגער האָט געצוואונגען די סיריער זיך אונטערצוגעבן. די שטאָלצע פעסטונג, וואָס איז לאַנג געווען דער שרעק פון דער יידישער פרייהייט, איז אָפּגערייניקט געוואָרן פון די פרעמדע. דעם 23־סטן אייר (מאַי 142) זיינען די ירושלימער איינוואוי־נער פייערלעך אַריין אין אַקראַ און דער דאָזיקער טאָג איז באַשטימט



מטבעות פון שמעון חשמונאי

געוואָרן פאַר אַ יערלעכן נאַציאָנאַלן יום־טוב. די סירישע מלכים, זעענדיק אַז צו קעמפן ווייטער וועט זיין נוצלאָז, האָבן זיי באַפרייט יהודה פון שטייערן, און אַזוי איז יהודה געוואָרן אַ פריי לאַנד. ביי אַ גרויסער פאָלקס־פאַרזאַמלונג, וואָס איז פאַרופן געוואָרן אין ירושלים דעם 18־טן אלול (אויגוסט) פון יאָר 140, איז שמעון דערוויילט געוואָרן פאַרן כוהן־גדול און נשיא (פירשט עטנאַרך) פון דעם באַפרייטן פאָלק. ער האָט גע־לאָזט אויסגיסן מטבעות פאַר יהודה, ווי אַ זעלבשטענדיקע מלוכה, אויף די זילבערנע און קופערנע מטבעות, וואָס מען האָט דעמאָלט געגאָסן, איז פון איין זייט געווען אויסגעקריצט די ווערטער „ירושלים הקדושה (ירושלים די הייליקע) אָדער „שמעון נשיא ישראל" (שמעון דער יידי־שער פירשט) און אויף דער אַנדערער זייט „שנת (דער און דער) של חרותנו" (דאָס יאָר פון אונדזער באַפרייאונג).

אַזוי האָט זיך געענדיקט דער 27־יעריקער קאַמף פון יהודה פאַר איר זעלבשטענדיקייט. די דאָזיקע באַפרייאונגס־מילחמות ווערן אָנ־גערופן די „מילחמות פון די חשמונאים" נאָך מתתיהו און זיינע זין, אָדער די „מילחמות פון די מאַקאַבייער", נאָכן צונאָמען פון דעם הויפּט־העלד יהודה המכבי.

## § 17. די יידן אין מיצרים.

בשעת אין יהודה איז פאָרגעקומען דער קאַמף פון די חשמונאים מיט די סיריער, האָבן די יידן, וועלכע האָבן געלעבט אין מיצרים, גע־נאָסן פולשטענדיקע רואיקייט. זייער צאָל איז פיל פאַרגרעסערט געוואָרן דורך די אויסוואַנדערער פון יהודה, וועלכע זיינען אַנטלאָפן פון די אַכ־זריותן פון אַנטיוכוס עפיפאַנעס. דער קעניג תלמי דער זעקסטער (פילאָ־מאַטאָר) האָט מיט צופרידנקייט אויפגענומען די דאָזיקע אַנטלאָפענע און האָט זיי געגעבן שוץ. די יידישע קהילה פון אַלעקסאַנדריע, די הויפּט־שטאָט פון מיצרים, האָט דעמאָלט געקראָגן אַ גרויסע באַדייטונג. די יידן האָבן מייסטנס געלעבט אין דעם קוואַרטאַל דעלטאַ, וואָס איז גע־לעגן לעבן האַפן פון ים. אין דער דאָזיקער „יידישער שטאָט" האָט גע־קאָכט מיט האַנדל, וואָס איז באַשטאַנען פון אַריינפירן און אַרויספירן סחורה. אַזוי ווי זיי האָבן געהאַט גלייכע בירגעררעכט, האָבן די יידן פון אַלעקסאַנדריע אויך געהאַט אַליין־פאַרוואַלטונג אין זייער קהילה־לעבן. בראָש פון זיי איז געשטאַנען אַ באַזונדערער ע ט נ אַ ר ך, וועלכער האָט פאַרוואַלטעט דאָס פאָלק, געמישפּט, און האָט אַכטונג געגעבן אַז די מיצוות און דינים זאָלן אָפּגעהיט ווערן, אַזוי ווי דער עלטסטער פון אַ זעלבשטענדיקער שטאָט. אין אַלעקסאַנדריע איז געווען אַ פּראַכט־פולע שול. די שול איז געווען אַזוי גרויס, אַז אין דער צייט פון דאַוונען האָט מען אין די ווייטערע ווינקלען נישט געקענט הערן די שטימע פון חזן; כדי די מיתפללים זאָלן וויסן ווען צו ענטפערן „אָמן" אויפן חזנס ברכות פלעגט מען אין מיטן שול יעדעס מאָל אויפהייבן פאַר אַ צייכן אַ גרויסע פאָן.

אָבער די יידן פון מיצרים האָבן זיך נישט באַנוגנט מיט זייער פּראַכטפולער שול. זיי האָבן געוואָלט האָבן אַ גרויסן בית המיקדש, אַזוי ווי דער ירושלימער, וואו מען וואָלט געקענט נישט נאָר מיתפלל זיין,

נאָר אויך ברענגען קרבנות לויט די דינים פון דער תורה. גישט האָבנ־דיק אַזאַ בית המיקדש, האָבן אַ סך פרומע יידן פון מיצרים געמוזט פאָרן אויף די גרויסע ימים־טובים אין דעם ווייטן ירושלים, וואָס עס איז געווען זייער שווער אין די אומרואיקע צייטן פון די מאַקאַבייאישע מילחמות. אין יענער צייט איז אָנגעקומען פון יהודה קיין מיצרים חוניו דער 4טער, אַ זון פון דעם כוהן גדול חוניו דער 3טער, וועלכער איז אַרונטערגעזעצט געוואָרן פון אַנטיוכוס עפּיפאַנעסן. האַלטנדיק זיך פאַרן געזעצלעכן יורש פון דער כהונה גדולה האָט חוניו דער יינגסטער (אָדער



דער טעמפּל פון אלכסנדריא של מיצרים

אָניאַס, ווי ער האָט געהייסן אויף גריכיש) באַשלאָסן אויפצושטעלן פאַר די עגיפּטישע יידן אַ באַזונדערן בית המיקדש. דער קעניג תלמי דער 6טער האָט געגעבן דערויף זיין הסכמה. אין דער געגנט פון גאַליפּאָלי איז אויסגעבויט געוואָרן אַ שיינער טעמפּל, וועלכער איז געווען אויס־געריכט אויפן מוסטער פון דעם ירושלימער בית המיקדש (160). דעם גאָטדינסט האָבן דאָ געפירט אָניאַס און אַנדערע כוהנים און לוויים, וועלכע האָבן זיך אַריבערגעקליבן אַהער פון יהודה אין דער צייט פון די מהומות. פאַר די דאָזיקע הייליקע דינער איז לעבן בית המיקדש אויסגעבויט געוואָרן אַ באַזונדער שטעטל, וועלכעס האָט זיך גערופן

אָניאַן, אויפן נאָמען פון אָניאַסן. דער יידישער בית המיקדש אין מיצרים איז געשטאַנען מער ווי צוויי הונדערט יאָר.

אין יענער צייט האָט זיך צווישן די גריכן און די יידן פון אַלעק־סאַנדריע שטאַרק פאַרשפּרייט דער תנ״ך אין דער גריכישער איבערזע־צונג. די איבערזעצונג פון דעם תנ״ך אויף גריכיש, וואָס האָט זיך אָנגע־הויבן נאָך פאַר תלמי דעם 2טן (פילאַדעלפוס), איז אָנגעגאַנגען ווייטער פאַר תלמי פילאָמאַטאָר. פון דער צייט אָן האָבן אים געבילדעטע געצנ־דינער אָנגעהויבן זיך נעענטער צו באַקענען מיט די יידישע רעליגיעזע ספרים. און די יידן פון אַלעקסאַנדריע, ווידער, האָבן איבערגענומען די גריכישע וועלטלעכע בילדונג. זיי האָבן אַרויסגעגעבן פון צווישן זיך אַ גאַנצע ריי פילאָזאָפן און דיכטער וועלכע האָבן געשריבן זייערע ווערק אין גריכיש.



קאַפּיטל 3

# יהודה אין דער צייט פון דער חשמונאים דינאַסטיע

(140—37 פ״ק)

## § 18. שימעון ווי אַ נשיא.

נאָך פיל יעריקע מילחמות און מהומות איז אין יהודה ענדלעך געקומען אַ צייט פון פרייער און פרידלעכער אַנטוויקלונג אונטער דער ממשלה פון די יידישע נשיאים. דער ערשטער נשיא פון דער דינאַסטיע חשמונאים, שימעון (135—140), האָט זיך דער עיקר אָפּגעגעבן מיט פאַרבעסערן דאָס אינווייניקסטע לעבן פון די יידן. ער האָט איינגעפירט אָרדענונג און זיכערקייט אין דעם לאַנד וואָס איז געווען פאַרוויסט פון מילחמות, האָט אויפגעהויבן די ערדאַרבעט און דעם האַנדל, און אין יפו, די נאָענטסטע שטאָט צו ירושלים ביים ים, וועלכע די יידן האָבן אָפּגענומען ביי די סיריער, האָט ער אויסגעבויט אַ גרויסן האַנדלפּאָרט.

דער סירישער קעניג אַנטיוכוס סידעטעס, דער זון פון דמיטריוס, האָט מיט פאַרדרוס צוגעזען ווי יהודה ווערט אַלץ שטאַרקער. האָט ער געשיקט צו שימעונען שלוחים מיט דער פאָדערונג, אַז ער זאָל ענטוועדער אומקערן צו סיריע יפו און די ירושלימער פעסטונג, אָדער אַנשטאָט זיי זאָל ער באַצאָלן אַ גרויסע סומע געלט. אַזוי ווי דער יידישער נשיא האָט נישט געוואָלט דערפילן די דאָזיקע פאָדערונג, האָט אַנטיוכוס געשיקט זיין קריגספירער קענדעבאַיוס פון הירקאַניאַ, מיט אַ שטאַרק חיל, צו פאַרניכטן יהודה. שימעון האָט אַרויסגעשיקט אַנטקעגן אים אַ גרויסע

אַרמיי אונטער דער פירערשאַפט פון זיינע זין יוחנן און יהודה. נישט ווייט פון יפו איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט אין וועלכער שימעונס זין האָבן אָפּגעהאַלטן אַ פולשטענדיקן זיג (137). אין אָנדענק פון דעם דאָזיקן זיג איבער קענדעבאַיוס פון הירקאַניאַ, האָט שימעונס עלטסטער זון, יוחנן, געקראָגן דעם צונאָמען הורקנוס. כדי צו פאַרזיכערן זיך קעגן ווייטערע אָנפאַלן פון אַנטיוכוסן האָט שימעון געשלאָסן אַ בונד מיט רוים, די מעכטיקסטע מלוכה פון יענער צייט, וועלכע איז געווען אַ פיינד פון סיריע.



שמעון השמונאי, דער כוהן גדול

זעענדיק, אַז אין אָפּענעם קאַמף קען מען נישט באַזיגן דעם נשיא שימעון, האָט אַנטיוכוס באַשלאָסן צו אומברענגען אים דורך אָפּגענאַרעריי. ער האָט איינגערעדט שימעונס איידעם, תלמי, וועלכער איז געווען דער פאַרוואַלטער פון דער פּראָווינץ יריחו, צו טויטן זיין שווער און פאַרנעמען דעם טראָן פון יהודה. דער מערדערישער תלמי האָט איינגעלאַדן צו זיך אין געסט אין זיין פעסטונג דאָק, לעבן יריחו, דעם נשיא מיט זיין פאַמיליע און וואַך, און האָט פאַר זיי געמאַכט אַ פריילעכן מאָלצייט. אין צייט פון דעם מאָלצייט האָבן תלמיס קנעכט, לויט זיין באַפעל,

געהרגעט שימעונען, זיינען צוויי זין מתתיהו און יהודה, און אייניקע מענטשן פון דער פירשטלעכער וואַך (135). דאָס ווייב פון דעם דער־מאָרדעטן נשיא, זיין שוויגער, האָט דער מערדער געהאַלטן געפאַנגען ביי זיך אין פעסטונג, און אין דער זעלביקער צייט האָט ער געשיקט רייטער אין שטאָט גזר, וואו עס האָט זיך געפונען דער עלטסטער זון פון נשיא, דער יורש פון טראָן, יוחנן־הורקנוס, כדי צו טויטן אים אויך. נאָר יוחנן האָט זיך דערפון דערוואוסט, און איז אַנטלאָפן פון גזר קיין ירושלים. דאָ האָט דאָס פאָלק און דאָס חיל אים דערקלערט פאַר נשיא. דאָס פאָלק האָט ביטער באַוויינט דעם פריצייטיקן טויט פון זייער באַ־פרייער, שימעון חשמונאי. דעם קערפּער פון דעם דערהרגעטן נשיא האָט מען באַהאַלטן אין מודיעין, אין דעם פאַמיליע־קבר פון די חשמונאים, און אויף דעם דאָזיקן קבר האָט מען אויפגעשטעלט אַ פּראַכטפולע מצבה, וועלכע איז געשטאַנען אויף אַ הויכן פעלז, און מען האָט זי געקענט זען ווייט פון ים.

## § 19. יוחנן הורקנוס.

ווען יוחנן הורקנוס איז אַרויף אויפן טראָן פון יהודה (135—109), האָט ער פריער פון אַלץ באַשלאָסן צו באַשטראָפן די מערדער פון זיין פאָטער. ער איז עטלעכע מאָל צוגעטראָטן צו דער פעסטונג דאָק, וואו תלמי האָט זיך באַפעסטיקט, אָבער דער לעצטער האָט יעדעס מאָל אַרויס־געפירט אויף דער פעסטונג־וואַנט זיין געפאַנגענע שוויגער, הורקנוסעס מוטער, און האָט געסטראַשעט צו טויטן זי, אויב הורקנוס וועט מאַכן אַן אַטאַקע. די דאָזיקע אָנשרעקונג און די ידיעה אַז דער סירישער קעניג קומט אָן, האָבן געצוואונגען הורקנוסן אָפּצוטרעטן פון ירושלים.

אַנטיוכוס סידעטעס אַליין האָט זיך געלאָזט קיין יהודה מיט אַ גרויסן חיל און האָט באַלאַגערט די הויפּטשטאָט. ירושלים איז געווען אַזוי באַפעסטיקט, אַז די סיריער האָבן זי נישט געקענט נעמען מיט שטורעם. דעריבער האָבן זיי באַשלאָסן צו האַלטן די שטאָט אין באַלאַ־גערונג ביז עס וועט נישט אויסגיין אין איר די גאַנצע שפּייז. די איינ־וואוינער פון ירושלים זיינען געווען אין געפאַר פון אַ הונגער און הורק־נוס איז געצוואונגען געווען צו שליסן פרידן. ער האָט זיך פאַרפליכטעט צו צאָלן דעם סירישן קעניג שטייערן פאַר יפו און אייניקע אַנדערע

שטעט, און אויך אַרונטערצוגראָבן די באַפעסטיקונג פון ירושלים. אַנטיוכוס איז אַוועק. דער פאַרעטערישער תלמי, וועלכער איז פאַרלאָזן געוואָרן פון זיינע פאַרבינדעטע, די סיריער, איז אַנטלאָפן פון יהודה, נאָר פאַר זיין אַנטלויפן האָט דער דאָזיקער בלוט־דורשטיקער מענטש געהייסן טויטן הורקנוסעס מוטער.

נאָכן טויט פון אַנטיוכוס סידעטעס האָבן זיך אין סיריע ווידער אָנגעהויבן אומרוען און מהומות. יוחנן הורקנוס האָט זיך באַנוצט מיט דער צעפאַלונג פון סיריע און האָט זיך אין גאַנצן אָפגעזאָגט צו אַנער־



מטבעות פון יוחנן הורקנוס, אריסתובל, אלכסנדר ינאי און שלומית

קענען איר אויבערהערשאַפט. ער האָט אָנגעווענדט אַלע זיינע כוחות צו פאַרזיכערן די גרענעצן פון זיין מלוכה קעגן אַן אָנפאַל פון דעם שונא. דעריבער האָט ער באַשלאָסן צו אונטערטעניק מאַכן די קליינע פעלקער, וואָס האָבן געלעבט אַרום די גרענעצן און וואָס פלעגן געוויינטלעך זיך פאַראייניקן מיט די פיינד פון יהודה און איר שעדיקן. דער נשיא הורקנוס איז אַרויס מיט אַ גרויס חיל, אין וועלכן עס זיינען געווען אַ סך געדונגענע סאָלדאַטן פון היידנישע פעלקער. צוערשט האָט ער איינגענומען עטלעכע שטעט אין מיזרח־זייט פון ירדן; דערנאָך איז ער אַוועק קעגן די שומרו־

נים, די אַלטע שונאים פון יהודה. ער האָט צעשטערט זייער הייליקע שטאָט שכם און זייער טעמפל אויפן באַרג גריזים. צולעצט האָט ער פולשטענדיק אונטערטעניק־געמאַכט די אַדומים און דערמיט האָט זיך זיין קריגסצוג געענדיקט. ווען הורקנוס האָט צעשטערט זייערע פעסטונ־גען האָט ער געגעבן די אדומים די ברירה אויסצוקלייבן איינס פון דיביידע: אָדער אָנצונעמען די יידישע אמונה אָדער פאַרלאָזן דאָס לאַנד. די אדומים האָבן זיך אונטערגעגעבן און האָבן אָנגענומען די יידישע רעליגיע. מיט דער צייט האָבן זיי זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט די יידן: נאָר די דאָזיקע צוזאַמענגיסונג האָט שפּעטער געהאַט טרויעריקע פאָלגן פאַר דער חשמונאים־דינאַסטיע. בלויז די שומרונים האָבן זיך נישט געקענט



הורבות פון יוחנן הורקנוסעס פּאַלאַץ

אונטערגעבן צו דער הערשאַפט פון די יידן. ווען זיי זיינען צו זיך געקו־מען פון פון זייער אַנומלטיקער מפּלה, האָבן זיי זיך פאַראייניקט מיט די סיריער און מיצריים און זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן די יידן. הורקנוס איז באַפאַלן די פאַרבינדעטע און האָט זיי צעשלאָגן, און נאָך אַ באַלאַ־גערונג פון צוועלף מאָנאַטן האָט ער איינגענומען די באַפעסטיקטע שומ־רון און האָט צעשטערט די שטאָט ביזן גרונד. אין דער דאָזיקער מילחמה האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט הורקנוסעס זין אַריסתובל און אַנטיגנוס.

אויף אַזאַ אופן האָט יהודה אויסגעשפּרייט אירע גרענעצן און האָט זיך אויסגעשפּרייט אַזוי ווי אין די בּאַרימטע צייטן פון דוד און שלומה; זי האָט געהאַט איר אייגענעם האַפן (יפו), וואָס האָט געבראַכט דעם לאַנד גרויסע הכנסות, אַ גוט באַוואָפנטע חיל און שטאַרקע פעסטונגען, אַזוי אַז קיין איינציקע פון די שכנישע פעלקער האָט נישט געוואַגט צו גיין מילחמה האַלטן מיט איר. וואָס מער עס האָט זיך אויסגעברייט די יידישע מלוכה אַלץ מער איז געוואַקסן דער גלאַנץ פון דער הויפּטשטאָט. ירושלים איז פאַרשענערט געוואָרן מיט גרויסאַרטיקע געביידעס. אויף אַ הויכן אָרט, צו מיזרח פונעם הר־הבית, איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ פּרעכטיקער קעניגלעכער פּאַלאַץ, וועלכער איז געווען פאַראייניקט מיטן בית המיקדש דורך בּריקן. ווען ער האָט באַפעסטיקט זיין הערשאַפט, האָט יוחנן הורקנוס באַנייט זיין בונד מיט רוים, וועלכע האָט אַנערקענט פאַר דער יידישער מלוכה אירע נייע דעראָבערונגען.

## § 20. די פּרושים, צדוקים און איסיים.

ווען נאָך פיל דורות פון אונטערטעניקייט איז יהודה צוריק געוואָרן אַ פרייע מלוכה, אַזוי ווי אין די אַלטע צייטן, איז צווישן די פאָרשטייער פון פאָלק אויפגעשטאַנען די פראַגע: אין וואָס פאַר אַ גייסט דאַרף געפירט ווערן די דאָזיקע באַנייטע מלוכה און וואָס דאַרף זיין איר באַציונג צו דער רעליגיע, די באַציאונג פון דער וועלטלעכער מאַכט צו דער גייס־טיקער? אַ טייל האָט געזאָגט, אַז דאָס יידישע פאָלק דאַרף לעבן אַזוי ווי אַלע אַנדערע פעלקער, פירן מילחמות, איינגעמען נייע לענדער און זיך פאַרשטאַרקן פּאָליטיש. אַנדערע האָבן געטענהט, אַז די יידן זיינען אַ באַזונדערע גייסטיקע נאַציע, וואָס דאַרף זיך פירן לויט אירע רעליגיעזע געזעצן, זיך אָפּשיידן פון אַנדערע פעלקער און שטרעבן בלויז צו פאַר־בעסערן זייער אינערלעך לעבן לויט די געבאָטן פון יידנטום. אויך איז אין פאַרשיידענע קרייזן פון דער געזעלשאַפט געווען אַנדערש דער בליק אויפן יידנטום, ד"ה, אויף די לערעס, דינים און טראַדיציעס, וואָס האָבן זיך אַנגעקליבן פון די אוראַלטע צייטן ביז דער עפּאָכע פון די חשמונאים. אויף אַזאַ אופן זיינען אין דער עפּאָכע אויפגעקומען אין יהודה דריי פּאַרטייען: די פּרושים, די צדוקים און די איסיים.

די פּרושים זיינען געווען די נאָכפאָלגער פון די חסידים, אָדער די

פרומע. זיי האָבן געהאַלטן אַז יעדער ייד באַזונדער און דאָס גאַנצע פאָלק אין איינעם דאַרפן זיך פירן לויט די געזעצן פון דער אמונה. די פרושים האָבן שטרענג אָפּגעהיט נישט נאָר אַלע געשריבענע דינים פון תנ״ך נאָר אויך אַלע מינהגים און פירונגען וואָס זיינען אויפגעהיט געוואָרן בעל־פּה. אויסער דעם פלעגן זייערע לערער שאַפן נייע דינים, וועלכע פלעגן ממלא זיין אָדער פאַרבעסערן די אַלטע געזעצן כדי צוצופּאַסן זיי צו די נייע פאָדערונגען פון לעבן. זיי האָבן פאַרפעסטיקט אין פאָלק איי־ניקע יסודות פון רעליגיע (דאָגמען), וועלכע זיינען געווען נישט גענוג דייטלעך דערקלערט אין תנ״ך. די פרושים האָבן באַזונדערס פאַרשטאַרקט אין פאָלק דעם גלויבן, אַז גאָט באַצאָלט יעדן מענטשן נאָכן טויט פאַר זיינע מעשים; ווייל די מענטשלעכע נשמה שטאַרבט נישט צוזאַמען מיטן גוף, נאָר לעבט ווייטער אויף יענער וועלט. די נשמות פון די גוטע מענטשן געניסן דאָרט גליק, און די נשמות פון די שלעכטע קומען אָפּ פאַר די זינד, וואָס זיי זיינען באַגאַנגען אויף דער ערד. גאָט האָט אויסדערוויילט דאָס יידישע פאָלק און האָט אים געגעבן די געבאָטן פון אמת און גוטס־קייט, אָן די דאָזיקע געבאָטן דאַרף דאָס אויסדערוויילטע פאָלק זיך האַלטן און נישט נאָכמאַכן די מינהגים פון אַנדערע פעלקער. די יידן דאַרפן אין זייער לעבן זיך אונטערשיידן, זיך אָפּטיילן פון אַנדערע פעל־קער, און זיך דערווייטערן פון אַלעם שלעכטן, פון אַלעם וואָס איז הייד־ניש*. די פרושים האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַ טיפן גלויבן און מאָ־ראַלישער אויפפירונג. זיי האָבן געפּרעדיקט באַשיידנקייט און איינגע־האַלטנקייט אין לעבן און פלעגן העלפן שוואַכע און אָרעמע. פון צווישן זיי זיינען אַרויסגעקומען לערער פון פאָלק, וועלכע פלעגן דערקלערן די געזעצן. אָפּט מאָל, פון דעסטוועגן, פלעגן זיך טרעפן צווישן זיי אומער־לעכע מענטשן, וועלכע פלעגן זיין אויסערלעך פרום, אָבער אין האַרצן פלעגן זיי באַהאַלטן שלעכטע כוונות. אַזעלכע צוויי־פּנימדיקע פלעגט מען אין פאָלק רופן צבועים (צבועקעס, ,,געפאַרבטע״).

די צדוקים זיינען געווען די נאָכפאָלגער פון די העלעניסטן. זיי האָבן געקוקט אויף די אויפגאַבן פון דער רעגירונג ווי וועלטלעכע מענטשן און פּאָליטיקער. זיי האָבן געפאָדערט, אַז די רעליגיע זאָל זיין אָפּגעטיילט

*) מען רעכנט אַז דער נאָמען „צדוקים״ שטאַמט פון דעם נאָמען צדוק הכוהן, וועלכער איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער פּאַרטיי.

פון דער מלוכה. צו דער דאָזיקער פּאַרטיי האָבן געהערט מענטשן פון די העכערע קלאַסן פון דער געזעלשאַפט: מיליטערישע לייט, באַאַמטע, כוה־נים, און אָפּשטאַמיקע פון גרויסן יחוס*. די צדוקים האָבן געהאַלטן, אַז אַ ייד איז מחויב אָפּצוהיטן נאָר יענע געבאָטן, וואָס געפינען זיך אין די הייליקע שריפטן, אָבער די דינים בעל־פּה און די שפּעטערע מינהגים פון פאָלק זיינען נישט קיין מוז פאַר אים. זיי האָבן נישט געגלויבט אין אַ יענער וועלט, וואָרום עס ווערט דערפון נישט גערעדט דייטלעך אין תורת משה. אין אַלץ האָבן זיי זיך געהאַלטן נישט אָן דעם געדאַנק, נאָר אָן דעם בוכשטאַב פון דעם געשריבענעם געזעץ; זייער כלל איז געווען: גאָרנישט צוצולייגן צו די געזעצן פון דער תורה און גאָרנישט אַראָפּנעמען פון זיי, אַפילו ווען דאָס לעבן פאָדערט עס. פאַר די צדוקים איז די יידישע רעליגיע געווען נישט קיין לעבעדיקע, נאָר אַ טויטע לערע, וועלכע מען דאַרף נאָר אויפהיטן אָבער נישט אַנטוויקלען. די צדוקים, וועלכע האָבן געהערט צו די פאַרמעגלעכע און איינפלוסרייכע קלאַסן, האָבן ליב געהאַט אַ פריי לעבן און האָבן געטענהט, אַז עס איז גאָרנישט קיין עבירה זיך מתקרב צו זיין מיט די געצנדינער. די צדוקים, וועלכע זיינען געווען די כוהנים, פלעגן אָפט האָבן מחלוקות מיט די פירער פון די פרושים. צווישן ביידע פאַרטייען פלעגט פאָרקומען אַ שטענ־דיקער קאַמף פאַר דער מאַכט אין דער מלוכה.

די דריטע פאַרטיי איז באַשטאַנען פון די איסיים*. זיי זיינען גע־שטאַנען אין גאַנצן אָן אַ זייט פון די געזעלשאַפטלעכע און מלוכה־ענינים, און האָבן זיך נאָר געזאָרגט צו פאַרפולקאָמען דאָס פערזענלעכע לעבן. זיי האָבן געקוקט אויף זיך ווי אויף אַ קלאַס פון „הייליקע", און האָבן באַזונדערס שטרענג אָפּגעהיט די געזעצן פון קערפּערלעכער ריינקייט, וועלכע זיינען געווען אַ חוב בלויז אויף די כוהנים. דאָס רוב פלעגן די איסיים אַוועקגיין אין די מידבריות און דאָרט האָבן זיי געלעבט אין קליינע געמיינדעס אָדער ברודערשאַפטן, ווי נזירים (מאָנאַכן). אין די דאָזיקע ברודערשאַפטן פלעגן אַריינגענומען ווערן בלויז מענער. די מיט־גלידער פון די דאָזיקע איסישע חברות פלעגן טיילן צווישן זיך אויף גלייך זייער פאַרמעגן און האָבן געלעבט ווי ברידער. זיי פלעגן זיך באַ־

*) דער נאָמען איסיים מיינט „די וואָס וואַשן זיך" אָדער די „הייל־נדיקע".

שעפּטיקן מיט ערדאַרבעט, האָבן געגעסן בלויז ברויט און גרינסן און נישט געטרונקען קיין וויין; יעדן טאָג פלעגן זיי זיך באָדן אין טייך כדי צו האַלטן ריין זייער קערפּער און האָבן געטראָגן ווייסע קליידער. דאָס פּראָסטע פאָלק האָט געהאַלטן די איסיים פאַר הייליקע און בעלי מופת. צו זיי פלעגט מען קומען זיך היילן פון פאַרשיידענע קראַנקהייטן און צו טרעפן די צוקונפט.

## § 21. דער סנהדרין און דער קאַמף פון די פּאַרטייען.

אַזוי ווי זיין פאָטער שימעון, אַזוי איז אויך יוחנן הורקנוס געווען אין דער זעלביקער צייט נשיא און כוהן גדול, ד״ה, אי דער וועלטלעכער אי דער גייסטיקער פאָרשטייער פון יהודה. נאָר אַ גרויסער טייל פון דער הערשאַפט האָט געהערט צו אַ מלוכה־ראַט, אָדער סענאַט, וועלכער האָט זיך גערופן סנהדרין (אויף גריכיש — פאַרזאַמלונג). דער סנהדרין, וועלכער האָט זיך געפונען אין ירושלים איז באַשטאַנען פון 70 מיטגלידער און איין פאָרזיצנדיקן אָדער אב־בית־דין. דער סנהדרין פלעגט זיך פאַרזאַמלען אין איינעם פון די גרויסע חדרים פון בית המיקדש וואו זיי פלעגן פאַרהאַנדלען די פראַגן פון דער מלוכה, פלעגן אַרויסגעבן און פלעגן באַטראַכטן די וויכטיקסטע מישפּטים. דער נשיא פלעגט נישט אָננעמען קיינע וויכטיקע באַשלוסן אין די ענינים פון דער מלוכה אָן דער צושטימונג פון דעם סנהדרין.

די מישפּטים פון דעם סנהדרין פלעגן פאָרקומען עפנטלעך. די ריכטער זיינען געזעסן אין אַ האַלבן קרייז כדי זיי זאָלן זען איינער דעם אַנדערן. צוויי שרייבער זיינען געשטאַנען רעכטס און לינקס און האָבן פאַרשריבן די מיינונגען פון די ריכטער. צו באַטראַכטן אַ פּראָצעס, האָבן געמוזט ביי זיין נישט ווייניקער פון 23 מיטגלידער („דער קליינער סנהדרין"). אין קרימינעלע פּראָצעסן איז צו באַפרייען דעם אָנגעקלאָגטן געווען גענוג אַ מערהייט פון איין שטימע, און צו פאַראורטיילן דעם אָנגעקלאָגטן האָט זיך געפאָדערט אַ מערהייט פון צוויי שטימען. מער פון אַלץ האָט דער סנהדרין געזוכט צו פאַרזיכערן גערעכטיקייט און

רחמנות אין געריכט. די מיינונגען צי דער אָנגעקלאָגטער איז שולדיק אָדער נישט, פלעגט מען אָנהייבן אויספרעגן פון דעם יינגסטן פון סנהד־רין און גיין אַרויף ביזן אב־בית־דין. דאָס פלעגט געטאָן ווערן כדי די מיינונגען פון די עלטערע און חשובע זאָלן נישט באאיינפלוסן די יינגע־רע. אויסער דעם האָבן צוערשט געמוזט אַרויסזאָגן זייערע מיינונגען יענע וואָס האָבן געהאַלטן דעם אָנגעקלאָגטן פאַר אומשולדיק, און ערשט נאָך דעם יענע, וואָס האָבן אים גערעכנט פאַר שולדיק. ווער עס האָט זיך נאָר איין מאָל אויסגערעדט פאַר באַפרייען דעם אָנגעקלאָגטן, האָט מער נישט געקענט נעמען זיין וואָרט צוריק. ביי אַזעלכע אומשטענדן זיינען טויטשטראָפן געווען אַ זעלטענע זאַך אין דעם סנהדרין.

אין דער ערשטער צייט ווען הורקנוס איז געווען נשיא זיינען אין דעם סנהדרין געווען אַ סך פרושים, וועלכע האָבן געקראָגן אַ גרויסן איינפלוס אויפן גאַנג פון דער מלוכה. דאָס האָט שטאַרק באַאומרואיקט זייערע קעגנער, די צדוקים. האָבן די צדוקים אָנגעהויבן איינשמועסן הורקנוסן, אַז די פרושים זיינען נישט צופרידן מיט זיין רעגירונג. הורקנוס האָט געוואָלט דערגיין אויב דאָס איז אמת, האָט ער געמאַכט אַ סעודה און האָט פאַררופן אַ סך חשובע געסט. אויפן מאָלצייט האָט זיך הורקנוס אויפגעשטעלט און געזאָגט: „אויב איינער פון די ביי־זייענדיקע קען באַ־ווייזן אַז איך האָב, ווי אַ נשיא אָדער כוהן גדול, געהאַנדלט קעגן געזעץ, דאַן זאָל ער האָבן דעם מוט אויפצושטיין און מיר דערקלערן". דעמאָלט איז איין פרוש אויפגעשטאַנען און געזאָגט: „אויב דו נשיא, ווילסט זיין ערלעך, דאַן באַנוגן זיך מיט דער קרוין פון נשיא, און זאָג זיך אָפּ פון דער כהונה גדולה, וואָרום דיין מוטער איז אַמאָל געווען געפאַנגען ביי געצנדינער.* הורקנוס האָט זיך באַליידיקט פון די דאָזיקע ווערטער, נאָר פון דעסט וועגן האָט ער באַפוילן צו מאַכן אַן אויספאָרשונג, אויב דער פרוש זאָגט אמת. אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דאָס איז נישט אמת, האָט הורקנוס געפאָדערט אַז דער סנהדרין זאָל באַשטראָפן דעם באַליידיקער. אָבער די פרושים פון סנהדרין האָבן אַרויפגעלייגט אויף זייער באַשולדיקטן חבר זייער אַ לייכטע שטראָף. דאָס האָט נאָך שטאַר־קער געמאַכט הורקנוסעס חשד אויף דער פּאַרטיי פון די פרושים און דער

*) די זין פון קריגס געפאַנגענע פרויען האָבן נישט געטאָרט זיין קיין כוהנים.

נשיא איז אין גאַנצן אַריבער אויף דער זייט פון די צדוקים. ער האָט באַזייטיקט די פּרושים פון די וויכטיקסטע שטעלעס און האָט איבערגע־געבן די דאָזיקע שטעלעס צו די צדוקים, און דאָס האָט אַרויסגערופן אַן אומצופרידנקייט ביים פאָלק. נאָך אַ הערשאַפט פון דרייסיק יאָר איז יוחנן הורקנוס געשטאָרבן (104). ער האָט איבערגעלאָזט פינף זין; פון זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט: יהודה אַריסתובול, אַנטיגנוס און אַלכסנדר ינאי.

## § 22. יהודה־אַריסתובול.

יוחנן הורקנוס האָט פאַרן טויט באַשטימט זיין ווייב פאַר דער הערשערין פון דער מלוכה, און די כהונה גדולה האָט ער איבערגעגעבן צו זיין עלטסטן זון יהודה, וועלכער האָט געהאַט אַ גריכישן נאָמען, אַריס־תובול. אָבער אריסתובול האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט דעם גייסטלעכן אַמט וואָס ער האָט געקראָגן. באַלד נאָך זיין פאָטערס טויט האָט ער איינגעשפאַרט זיין מוטער אין געפענגעניש (וואו זי איז, לויט אַ לעגענדע, אויסגעגאַנגען פון הונגער) און האָט פאַרכאַפּט די אויבערהערשאַפט. דער כבוד־זוכנדיקער אַריסתובול האָט זיך אויך נישט צופרידן־געשטעלט מיטן טיטול פירשט „נשיא", וועלכן עס האָבן געטראָגן זיינע פאָרגייער: ער האָט דער ערשטער פון די חשמונאים אָנגענומען דעם טיטול קעניג „מלך", און האָט אָנגעטאָן אויף זיין קאָפּ אַ קעניגלעכע קרוין. אַריס־תובול איז געווען אַ קרענקלעכער און אויפגערעגטער מענטש. דריי פון זיינע ברידער האָט ער געהאַלטן אין געפענגעניש. ליב געהאַט האָט ער נאָר איין ברודער, אַנטיגנוס, און האָט אים געמאַכט פאַרן קאָמאַנדיר פון דעם יידישן חיל. אַנטיגנוס האָט איינגענומען דעם צפון־טייל פון גליל און האָט געצוואונגען דעם אַראַבישן שבט יתורים, וואָס האָט דאָרט גע־לעבט, אָנצונעמען די יידישע אמונה. מיט זיינע ניצחונות איז אַנטיגנוס געוואָרן באַרימט ביים פאָלק, אָבער ער האָט אַרויסגערופן קינאה צווישן די הויפלייט. די קרובים למלכות האָבן געזוכט אויפצואוועקן אין אַריס־תובולן אַן אומצוטרוי צו זיין ברודער, אַן עס איז זיי געלונגען.

פון זיין גלענצנדיקן קריגס־צוג האָט זיך אַנטיגנוס צוריקגעקערט קיין ירושלים צום יום טוב סוכות. אָן דער שפּיץ פון דעם חיל איז ער אַוועק אין בית המיקדש צו עפּענען דעם יום טוב. דאָס פאָלק האָט מיט פרייד באַגריסט דעם העלד. דער רעש האָט זיך דערהערט אין פּאַלאַץ.

די הויפּטלייט, וואָס האָבן אַנטיגנוסן געהאַסט, האָבן געזאָגט צו אַריס־טובולן: „אָט הער, ווי דאָס פאָלק באַגריסט דיין ברודער. באַלד וועט ער פאַרכאַפּן די הערשאַפט אין זיינע הענט און וועט מער נישט זיין אונ־טערגעוואָרפן צו דיר". אייניקע האָבן נאָך צוגעגעבן, אַז אַנטיגנוס וועט באַלד קומען אין פּאַלאַץ פול באַוואָפנט, צו פאַרכאַפּן דעם קעניגלעכן טראָן. דאַן האָט אַריסטובול געגעבן אַ באַפעל צו זיין לייבוואַך צו טויטן יעדן איינעם וואָס וועט פּרואוון זיך אַריינצורייסן אין הויף מיט וואָפן אין די הענט. דאַן האָט ער געשיקט רופן אַנטיגנוסן, און געבעטן ער זאָל קומען צו אים אָן געווער. אָבער די הויפּטלייט האָבן אָנגעזאָגט דעם שליח ער זאָל איבערגעבן אַנטיגנוסן פּונקט דעם היפך, נעמלעך, אַז דער קעניג וויל אים זען דווקא פול באַוואָפנט. אַנטיגנוס האָט עס געגלויבט און איז אַוועק אין פּאַלאַץ אין זיינע מיליטערישע קליידער און מיט וואָפן אין די הענט. נאָר קוים איז ער צוגעקומען נאָענט צום פּאַלאַץ, האָט זיך די וואַך אויף אים אַ וואָרף געטאָן און אים געטויט, לויט דעם קעניגס באַפעל. די ידיעה וועגן דעם טויט פון זיין געליבטן ברודער האָט אַריסטובולן צעטרייסלט: זיין קראַנקהייט האָט זיך פאַרשטאַרקט — און אין גיכן איז ער געשטאָרבן, נאָך איין יאָר קעניגן (103), נישט אי־בערלאָזנדיק קיין קינדער. אין אַריסטובולס צייט האָט זיך פאַרשטאַרקט דער איינפלוס פון די צדוקים אין דער מלוכה, און מען האָט אים אָנגערופן פ י ל ה ע ל ע נ ו ס, ד"ה, אַ פריינד פון די גריכן.

## § 23. אַלכּסנדר ינאַי.

נאָך אַריסטובולס טויט האָט זיין אַלמנה שלומית־אַלעקסאַנדרע באַ־פרייט זיינע ברידער פון געפענגעניש. דער עלטסטער פון זיי, אַלכּסנדר ינאַי, איז געוואָרן קעניג, און נאָך דעם יידישן דין האָט ער חתונה געהאַט מיט זיין ברודערס אַלמנה, וועלכע האָט נישט געהאַט קיין קינדער. ווען ינאַי איז נאָך געווען אַ קינד, האָט ער נישט נושא חן־געווען ביי זיין פאָטער יוחנן הורקנוס, וועלכער האָט דעריבער אים נישט געוואָלט האַלטן אין זיין הויף און האָט אים אַוועקגעשיקט זיך צו דערציען אין גליל. דאָרטן האָט דער יונג געקראָגן אַ גוטע מיליטערישע בילדונג, אָבער נישט יענע בירגערלעכע און גייסטיקע דערציאונג וועלכע איז געווען נייטיק פאַר אַ צוקונפטיקן רעגירער און כהן גדול. דער פריצייטיקער טויט פון זיינע

צוויי ברידער האָט אים פּלוצלינג אַוועקגעשטעלט בראש פון דער מלוכה, און דאָ האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַלע חסרונות פון זיין דערציאונג. דער נייער מלך, וואָס איז לויט זיינע נייגונגען געווען מער העלענער ווי ייד, האָט געוואוסט נאָר איין צוועק אין לעבן: אויסצוברייטן די הערשאַפט פון יהודה איבער גאַנץ פּאַלעסטינע. באַלד ווי ער איז אַרויף אויפן טראָן, האָט ער געפּרואווט איינצונעמען די שטאָט פּטאָלאָמאַאידע (עכו) ביים ים, נאָר דערמיט האָט ער אַרויסגערופן אַן אָנפאַל פון די מיצריים, וועלכע האָבן זיך שוין לאַנג געגרייט צו קריגן ווידער די הערשאַפט איבער יהודה. ינאַין האָט זיך איינגעגעבן בלויז צו פאַרכאַפּן עטלעכע שטעט אויפן ברעג פון ים פון איין זייט, און פון ירדן אויף דער אַנדערער זייט (96).

דאָס פאָלק, וואָס איז געווען מיד פון די פאַרניכטנדיקע מלחמות, זיינען נישט געפעלן געווען די דאָזיקע קריגסצוגן. די איינפלוסרייכע פאַרטיי פון זיין לאַנד, די פּרושים, האָבן נישט געשעצט ינאַין, נישט ווי אַ קעניג און נישט ווי אַ כוהן גדול, ווייל ער איז געווען דער פריינד פון די אַריסטאָקראַטישע צדוקים. איין פאַסירונג האָט פאַרשאַרפט די באַציאונגען צווישן ינאַי און די פּרושים. אין דעם יום טוב סוכות האָט ינאַי געפּראַוועט דעם גאָטדינסט אין בית המיקדש. מען האָט אים דער־לאַנגט וואַסער אין אַ זילבערנער כלי אַרויפצוגיסן אויפן מיזבח, ווי עס איז געווען דער מינהג, וואָס די פּרושים האָבן געהאַלטן. נאָר כדי צופרידנצושטעלן די צדוקים, וועלכע האָבן נישט אָנערקענט דעם דאָזיקן מינהג, האָט דער קעניג אויסגעגאָסן דאָס וואַסער אויף דער ערד. דער עולם, וואָס איז געווען פאַרזאַמלט אין בית המיקדש, איז אַזוי אויפגע־בראַכט געוואָרן פון דער דאָזיקער האַנדלונג, אַז זיי האָבן אָנגעהויבן פאַרוואַרפן דעם קעניג מיט אתרוגים. דער קעניג האָט באַפוילן זיינע געדונגענע נישט־יידישע סאָלדאַטן זיי זאָלן איינשטילן דאָס פאָלק, און זעקס טויזנט יידן זיינען דעמאָלט געהרגעט געוואָרן אין הויף פון בית המיקדש.

נאָך דער דאָזיקער געשיכטע האָט דאָס פאָלק נאָך מער פאַרהאַסט ינאַין. און ווען אין גיכן האָט זיך דער קעניג צוריקגעקערט פון א נייער נישט־געלונגענער מלחמה קעגן די אַראַבער, האָט אין ירושלים אויפגע־פלאַקערט אַן אויפשטאַנד. זעקס יאָר (94—88) האָט זיך געצויגן דער קאַמף פונעם פאָלק מיט זיין קעניג. אַלכסנדר האָט געקעמפט קעגן די

מורדים מיט דער הילף פון געדונגענעם חיל, נישט אָפּשטעלנדיק זיך פאַר קיין שום גרויזאַמקייטן. אין דעם דאָזיקן זעקס־יעריקן בירגער־קריג זיינען אומגעקומען אַרום פופציק טויזנט יידן. ווען דער קעניג איז ענדלעך מיד געוואָרן זיך צו ראַנגלען מיט זיין אייגענעם פאָלק, האָט ער פאָר־געלייגט די פּרושים אַ שלום; נאָר זיי האָבן אים שאַרף געענטפערט: „בלויז דיין טויט קען מאַכן שלום צווישן אונדז". אין זייער פאַרביטערט־קייט זיינען די שונאים פון דעם קעניג אַוועק אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן גערופן קעגן אים אין יהודה די סיריער, און מיט זייער הילף האָבן זיי אָפּגעהאַלטן אַ ניצחון. ינאי האָט געמוזט אַנטלויפן און זיך וואָגלען אין די בערג. אָבער אין גיכן איז דעם קעניג געלונגען איינצונעמען איין פעס־טונג, וואו אַ סך פּרושים האָבן זיך געהאַט איינגעשלאָסן, און ער האָט זיך אָן זיי נוקם געווען אויף אַ שרעקלעכן אופן. 800 פּרושים זיינען אויף זיין באַפעל געקרייציקט געוואָרן. די איבריקע זיינען אַנטלאָפן קיין סיריע און מיצרים. דאָס פאָלק האָט ינאין אַ נאָמען געגעבן טראַקיער, ד"ה, ווילדער תליון.

דערפילנדיק אַז דער טויט איז נאָענט האָט ינאי חרטה געהאַט אויף זיינע רציחות. די פירונג פון דער מלוכה האָט ער איבערגעגעבן דער קע־ניגן שלומית־אַלעקסאַנדרע און האָט איר געראָטן שלום צו מאַכן מיט די פּרושים. „האָב ניט קיין מורא — האָט ער איז געזאָגט — ניט פאַר די פּרושים, ניט פאַר די צדוקים; האָב נאָר מורא פאַר די צבועקעס, וועלכע טוען אַלדאָס בייז און שטעלן זיך אַרויס פאַר ערלעכע". אַלכסנדר־ינאי איז געשטאָרבן אויפן 27־טן יאָר פון זיין קעניגן, לאָזנדיק נאָך זיך אַן אלמנה און צוויי זין.

## § 24. שלומית־אַלקסאַנדרע.

די פירונג פון דער מלוכה האָט איבערגענומען די קעניגן שלומית־אלעקסאַנדרע אין אירע הענט. איר עלטערן זון, דעם שוואַכן און אָפּגע־לאָזענעם הורקנוס, האָט זי געמאַכט פאַר כוהן־גדול; אָבער דעם קלענערן זון, דעם כבוד־ליבנדיקן און היציקן אריסתובול, האָט זי געהאַלטן דער־ווייטערט פון די מלוכה־ענינים. שלומית אַלעקסאַנדרע האָט רעגירט דאָס פאָלק מיט קלוגשאַפט און האָט געשטרעבט צו פאַריכטן דאָס בייז, וואָס דאָס לאַנד האָט געליטן דורך דער שטורמישער הערשאַפט פאַר איר. פאַר

די צען יאָר וואָס זי האָט געקעניגט האָט יהודה כימעט ניט געליטן פון אַן אָנפאַל פון דרויסן.

די קעניגין האָט צוגערופן צוריק די פרושים צו דער רעגירונג. די יעניקע פון זיי, וועלכע זיינען אין דער צייט פון אלכסנדר ינאי אַנטלאָפן אין פרעמדע לענדער, האָבן זיך אומגעקערט אין זייער פאָטערלאַנד. צווישן די צוריקגעקערטע זיינען געווען די פירער פון די פרושים: דער קעניגנס ברודער שמעון בן־שטח און דער געלערטער יהודה בן־טבאי.ביידע האָבן זיי געלעבט אין גלות אין דער צייט פון ינאיס גרוּיזאַמקייטן. שמעון איז געווען נע־ונד אין פאַרשיידענע לענדער און יהודה האָט זיך באַהאַלטן אין מיצרים. נאָכן טויט פון איר מאַן האָט די קעניגין צוריקגערופן קיין ירושלים איר ברודער שמעון, און ער האָט אַרויסגערופן פון מיצרים זיין חבר יהודה. שמעון און יהודה זיינען געוואָרן די פאָרזיצנדיקע (עלטסטע) פון דעם סנהדרין, און פאַר זייער צייט האָבן די פרושים ווידער געקראָגן אַן איינפלוס אויף דער רעגירונג. מער פון אַלץ האָבן זיי געזאָרגט איינ־צושטעלן געזעץ און אָרדענונג אין לאַנד. וועגן שמעון בן־שטח פלעגט מען זאָגן, אַז „ער האָט אומגעקערט די תורה צו איר אַמאָליקן גלאַנץ״. ער האָט געמאַכט פאַר אַ חוב אויף די עלטערן צו לערנען זייערע קינדער. זאָרגנדיק וועגן די רעכט פון די פרויען, האָט שמעון אַרויסגעגעבן אַ גע־זעץ, אַז דער מאַן זאָל פאַר דער חתונה געבן זיין ווייב אַ כתובה, אין וועלכער ער זאָל פאַר איר באַשטימען אַ טייל פון זיין פאַרמעגן, אין פאַל ער שטאַרבט אָדער ער גט זיך מיט איר. די שטרענגע קרימינעלע גע־זעצן, וואָס די צדוקים האָבן איינגעפירט אין דער פריערדיקער הערשאַפט, זיינען פאַרביטן געוואָרן אויף מילדערע געזעצן. בכלל זיינען די צדוקים באַזייטיקט געוואָרן פון דער געזעצגעבונג און פון געריכט, און זיי זיינען געבליבן בלויז ביי די העכערע שטעלן אין דער אַרמיי.

נאָך דער קעניגנס צווייטער זון אריסתובול האָט באַשיצט די פאַרטיי צדוקים. אַז די קעניגין איז קראַנק געוואָרן, איז אריסתובול אין דער שטיל אַוועק פון ירושלים, כדי מיט דער הילף פון צדוקישע אַרמיי־באַאַמטע צו פאַרכאַפּן די מאַכט אין זיינע הענט. עס זיינען אַריבער אויף זיין זייט פיל מחנות חיל און באַפעסטיקטע שטעט, וואו די עלטסטע זיינען געווען צדוקים. און ווען די קעניגין שלומית־אַלעקסאַנדרע איז געשטאָרבן, האָט זיך אין יהודה פאַנאַנדערגעברענט אַ בלוטיקער קאַמף פאַרן טראָן.

## § 25. דער קאַמף צווישן הורקנוס דעם 2טן און אַריסטובול דעם 2טן.

נאָכן טויט פון שלומית האָט געדאַרפט ווערן קעניג איר עלטערער זון, דער כוהן־גדול הורקנוס דער 2טער. נאָר הורקנוס האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט אַריינצוטרעטן אין דער ממשלה, ווען זיין ברודער אריסטובול האָט זיך געלאָזט מיט אַ חיל קיין ירושלים אָפּצונעמען ביי אים דעם טראָן. הורקנוס האָט אַרויסגעשיקט אַן אַרמיי קעגן זיין ברודער. לעבן יריחו האָבן זיך די אַרמייען פוןביידע ברידער באַגעגנט און עס איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט. הורקנוסעס אַרמיי איז געשלאָגן געוואָרן, ווייל אַ גרויסער טייל פון איר איז באַגייסטערט געוואָרן פון אריסטובולס העלדישקייט און איז אַריבער אויף זיין זייט (67). דער דערשראָקענער הורקנוס האָט זיך פאַרשפאַרט אין דער פעסטונג לעבן בית־המיקדש. ווען אריסטובול איז אַריינגעטראָטן אין דער הויפּטשטאָט האָט זיך הורקנוס אַנערקענט פאַר באַזיגט. די ברידער האָבן געשלאָסן צווישן זיך אַ פרידנס־אָפּמאַך, לויט וועלכן הורקנוס האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין קעניגלעכן טיטול און האָט איבערגעלאָזן פאַר זיך (לפּנים) בלויז דעם אַמט פון כוהן־גדול; אָבער אריסטובול איז דערקלערט געוואָרן פאַרן קעניג פון יהודה אונטערן נאָמען אריסתובול דער 2טער. ביידע ברידער האָבן פאַר די אויגן פון פאָלק זיך דערלאַנגט די הענט און זיך אַרומגענומען. הורקנוס איז איי־גנטלעך ניט שווער געווען זיך אָפּצוזאָגן פון טראָן, ווייל ער האָט בטבע ליב געהאַט אַ שטיל לעבן, און איז ווייניק פעאיק געווען צו פירן אַ מלוכה.

ניט לאַנג אָבער האָט אַריסתובול דער 2־טער געקענט רואיק קעניגן אין יהודה. אין גיכן איז די מהומה אויסגעבראָכן אויף דאָס ניי, דורך די אינטריגעס פון אַ געוויסן מענטשן. דאָס איז געווען אנטיפּאטער, וועלכער האָט געשטאַמט פון יענע אדומים, וואָס יוחנן־הורקנוס האָט אַמאָל באַזיגט און מגייר געווען פאַר יידן. אנטיפּאטער איז געווען דער קאָמאַנדיר פון דעם חיל פון אדום, וואָס איז געווען אונטערטעניק צו יהודה.

ווען הורקנוס איז נאָך געווען דער קרוינפּרינץ, האָט זיך אנטיפּאַ־טער מיט אים באַפריינדעט און האָט געהאָפט, אַז ווען הורקנוס, וועל־כער האָט געהאַט אַ שוואַכן כאַראַקטער, וועט ווערן קעניג, וועט ער אים

מאַכן פאַר זיין נאָענטסטן ראַטגעבער. ווען אָבער די הערשאַפט איז אַריי־בער צו אַריסתובולן, איז די דאָזיקע האָפענונג צערונען געוואָרן.

אנטיפאַטער האָט ניט געקענט רוען דערפון. האָט ער אָנגעווענדט אַלע זיינע קרעפטן אַרויסצורופן אויף דאָס ניי אין הורקנוסעס האַרצן אַ שנאה צו זיין ברודער, וועלכער האָט צוגענומען ביי אים דעם טראָן. ער האָט איינגערעדט הורקנוסן אַז אַריסתובול פּלאָנעוועט אים צו הרגענען און ענדלעך האָט ער אים איינגערעדט צו אַנטלויפן קיין אַראַביע, צום קעניג אַרעטעס, און מיט דער הילף פון די אַראַבער אָפּצונעמען צוריק די קעניגלעכע הערשאַפט. אַרעטעסן האָט אנטיפאַטער פאַר דער דאָזיקער הילף צוגעזאָגט אָפּצוגעבן צוועלף שטעט אין יהודה, און דער אַראַבי־שער קעניג האָט זיך געלאָזט צוזאַמען מיט הורקנוסן קיין ירושלים, בראש פון אַ חיל פון פופציק טויזנט מאַן (65).

אריסתובולס חיל האָט ניט געקענט אָפּשלאָגן דעם שטאַרקן פיינד־און אריסתובול און זיינע נאָכפאָלגער האָבן זיך באַפעסטיקט אויפן הר־הבית אין ירושלים. ארעטעס האָט זיך אריינגעריסן אין דער הויפטשטאָט און האָט באַלאַגערט דעם הר־הבית. צו אים זיינען צוגעשטאַנען אַ סך יידן, וועלכע זיינען געווען אָנהענגער פון הורקנוסן. אַזוי איז געשען אַז יידן האָבן געהאָלפן באַלאַגערן זייערע אייגענע ברידער. אין דער מחנה פון די באַלאַגערער האָט זיך געפונען אַ הייליקער מאַן, מיטן נאָמען חוניה. הורקנוסעס נאָכפאָלגער האָבן געפאָדערט פון חוניהן אַז ער זאָל בעטן ביי גאָט אַ מפלה אויף אריסתובולס און זיינע מיטהעלפער. נאָר דער הייליקער מאַן, וועלכער האָט הייס געליבט זיין פאָלק, האָט זיך גע־שטעלט מיתפלל צו זיין און האָט אויסגערופן: „אָ, גאָט, אי די באַלאַ־גערטע, אי די באַלאַגערער זיינען דיינע קינדער, טו ניט דעריבער, דאָס וואָס זיי ביידע ווינטשן איינע די אַנדערע!". די קריגסלייט זיינען אין כעס געוואָרן אויף חוניהן און האָבן אים פאַרוואָרפן מיט שטיינער. דער־ווייל איז אָנגעקומען פסח, און די באַלאַגערטע האָבן ניט געהאַט גענוג פי אויף צו ברענגען קרבנות אין בית־המקדש, זיינען זיי געצוואונגען גע־ווען צו קויפן פי פאַר אַ סך געלט ביי זייערע פיינט. יעדן טאָג פלעגט זיך פון דער בית־המיקדש פעסטונג אַראָפּלאָזן אויף אייזערנע קייטן אַ קאָרב מיט גאָלד, און דערפאַר פלעגן די באַלאַגערער אויף די זעלבע קייטן אַרויפשיקן באַראַנען. נאָר איין מאָל האָבן זיך די אַראַבער דער־לויבט אַ באַליידיקנדיקן שפּאַס, און אנשטאַט אַ באַראַן האָבן זיי אַרויפ־

געשיקט אַ חזיר; דאָס האָט אריסתובולס מענטשן שטאַרק אויפגערעגט, און די מילחמה האָט זיך צעפלאַקערט נאָך מער.

### § 26. דאָס אָנקומען פון פּאָמפּעאוס.

אין דער צייט פון דעם דאָזיקן קאַמף צווישן די חשמונאים־ברידער, האָבן זיך אויף יהודה אָנגערוקט די גרויזאַמע חילות פון דער רוימישער רעפּובליק אונטער דעם גרויסן קריגספירער פּאָמפּעאוס. די רוימישע מלוכה, וואָס איר צענטער איז געווען איטאַליע, האָט שוין לאַנג געהאַט דער־גרייכט די העכסטע שטופע פון מאַכט. זי האָט איינגעשלונגען די געוועזענע באַזיצונגען פון גריכנלאַנד אין אייראָ־פּע, האָט פאַרכאַפּט צפון־אַפריקע און האָט זיך געלאָזט צו באַזיגן אויף פאָ־דער־אַזיע. די געוועזענע לענדער פון אַשור, בבל און פּערסיע זיינען איינס נאָכן אַנדערן געפאַלן פאַר דער אַלמעכ־טיקער רוים. ענדלעך איז אונטער דער ממשלה פון די רוימער אַרונטערגעפאַ־לן אויך סיריע, וואו איבער צוויי הונ־דערט יאָר האָט געהערשט די דינאַס־


פּאָמפּעאוס

טיע פון די סעלייקידן. ווען פּאָמפּעאוס האָט פאַרענדיקט די דעראָבערונג פון סיריע האָט ער פון דאַמשק אַוועקגעשיקט אַן אַרמיי אויף יהודה אונטער דער פירערשאַפט פון סקווירוס. דאָן זיינען צו סקווירוסן געקומען שלוחים פוןביידע קעמפנדיקע ברידער, הורקנוס און אַריסתובול, יעדער בעטנדיק שטיצע פאַר זיך. אַריסתובול האָט אָנגע־באָטן סקווירוסן פאַר זיין הילף די ריזיקע סומע פון פיר טויזנט טאַ־לאַנטן, און הורקנוס האָט אויך געמוזט צוזאָגן אַזוי פיל. נאָך דער רוי־מישער פאַרטרעטער האָט מיט מער חשק אָנגענומען דעם פאָרשלאָג פון אריסתובולן, ווייל ער האָט אים ווי אַ קעניג, מער געטרויט. ער האָט באַפוילן ארעטעסן תיכף ומיד אָפּצוטרעטן פון ירושלים, און אויב ניט, וועט ער אים דערקלערן פאַר אַ פיינד פון די רוימער. אַרעטעס האָט ניט

געוואַגט זיך צו שטעלן אנטקעגן, און האָט באַלד אַראָפּגענומען די באַלאַ־גערונג. דער באַפרייטער אריסתובול האָט געשיקט צו פּאָמפּעאוסן קיין דמשק אַ פּרעכטיקע מתנה — אַ ווייַנשטאָק, קינסטלעריש אויסגעאַרבעט פון הוילע גאָלד.

אין גיכן זיינען פאַר פּאָמפּעאוסן אין דמשק דערשינען אַריסתובול און הורקנוס אליין, בעטנדיק ער זאָל אנטשיידן זייער סיכסוך. יעדער פון די ברידער האָט באַוויזן זיין רעכט אויפן קעניגלעכן טיטל. פּאָמפּעאוס האָט אָפּגעלייגט זיין באַשלוס ביז ער וועט אָנקומען קיין יהודה. דער „קעניג פון די קעניגן״ (אַזוי האָט מען פּאָמפּעאוסן גערופן אין אַזיע), האָט אין אמתן ניט געוואָלט העלפן ניט דעם און ניט יענעם פון די יידי־שע הערשער, ווייל ער האָט גאָר געוואָלט אונטערטעניק מאַכן דאָס לאַנד צו רוים. דער קלוגער אריסתובול האָט זיך אָנגעשטויסן וועגן דער דאָ־זיקער געפערלעכער כונה און האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן צו פאַרטיידיקן דאָס לאַנד, נאָר פּאָמפּעאוס האָט אים אַרעסטירט און פאַרהאַלטן ביי זיין חיל.

דערווייל איז פּאָמפּעאוסעס אַרמיי אריינגעטראָטן אין יהודה, האָט איינגענומען עטלעכע שטעט און איז צוגעטראָטן צו ירושלים. הורקנוסעס מענטשן האָבן אריינגעלאָזן די רוימער אין ירושלים, אָבער די בראַווע נאָכפאָלגער פון אריסתובולן האָבן זיך באַפעסטיקט אויפן הר־הבית און פאַרטיידיקט דאָס נאַציאָנאַלע הייליקטום. דריי חדשים האָבן די רוימער באַלאַגערט אָן דערפאָלג. ענדלעך האָט פּאָמפּעאוס געמאַכט אַ לעצטע אַטאַקע אין דעם טאָג פון שבת (אָדער יום־כיפור), ווען די יידן האָבן זיך שוואַך פאַרטיידיקט. די פעסטונג אויפן הר־הבית איז געפאַלן; די רוימער האָבן זיך אַריינגעריסן אינעווייניק און זיינען אריין אין בית־המיקדש. גראָד דעמאָלט איז אין בית־המיקדש פאָרגעקומען די יום־טובדיקע גאָט־דינסט, אָבער די כוהנים האָבן ניט איבערגעריסן די תפילה און האָבן רואיק דערוואַרטעט דעם טויט. פּאָמפּעאוס איז, ציטערנדיק, אריין אין די אינעווייניקסטע חדרים פון בית־המיקדש און האָט זיך פאַרוואונדערט, ניט געפינענדיק דאָרט קיין איינציק בילד פון גאָט. ער האָט אָבער גאָרנישט אָנגערירט אין דעם הייליקן הויז.

פּאָמפּעאוס האָט דערקלערט יהודה פאַר אַ רוימישער פּראָווינץ (אין יאָר 63). הורקנוסן האָט ער געגעבן דעם נאָמען עטנאַרך (פאָרשטייער פון פאָלק) און כוהן־גדול, אָבער ער האָט אים ניט דערלויבט זיך אָנצורופן

קעניג. דער אדומישער אנטיפּאַטער איז באַשטימט געוואָרן פאַרן עלטסטן איבער הורקנוסן. אָבער אריסטובולן מיט זיינע קינדער האָט ער גענומען געפאַנגען און האָט זיי אַוועקגעפירט מיט זיך קיין רוים. אויף אַזאַ אופן איז יהודה, נאָך קאַרגע הונדערט יאָר פון זעלבשטענדיקייט, ווידער אונטערגעפאַלן אונטער דער הערשאַפט פון פרעמדע, צוליב די אינעווייניקסטע סיכסוכים צווישן די מיטגלידער פון דעם קעניגלעכן הויז. די ערשטע חשמונאים האָבן מיט זייער העלדישקייט געראַטעוועט די פרייהייט פון יהודה, און די לעצטע חשמונאים האָבן מיט זייערע מחלוקתן פאַרניכטעט די דאָזיקע פרייהייט.

## § 27. הורדוס און אַנטיגנוס דער 2טער.

פּאָמפּעאוס, וועלכער האָט באַזיגט יהודה, איז געוועזן פון די דריי קריגספירער וועלכע האָבן אין יענער צייט צעטיילט צווישן זיך די הערשאַפט פון דער רוימישער רעפּובליק. אויסער פּאָמפּעאוסן זיינען די איבעריקע צוויי פון דעם בונד (טריאומווירט) געוועזן דער גרויסער קריגספירער יוליוס צעזאַר און קראַסוס. ווען זיי האָבן צעטיילט צווישן זיך די רוימישע פּראָווינצן איז סיריע און יהודה אָנגעקומען אויפן חלק פון קראַסוס. זייענדיק דורשטיק נאָך גאָלד, איז קראַסוס ארייגעטראָטן אין ירושלים און האָט אַרויסגעפירט פון בית־המיקדש אַ סך אוצרות. נאָר אין גיכן, אין דער צייט פון זיין מאַרש אויף פּאַרטיע, איז קראַסוס אומגעקומען, און די יידן האָבן אין דעם געזען גאָטס שטראָף פאַר דער באַרויבונג פון זייער הייליקטום. צווישן די איבעריקע צוויי פון דעם טריאומוויראַט, פּאָמפּעאוס און צעזאַר, האָט זיך צעפלאַקערט אַ בלוטיקער קאַמף פאַר דער הערשאַפט, און דער זיגער איז ענדלעך אַרויסגעקומען צעזאַר, וועלכער איז געוואָרן דער אליינהערשער פון דער רוימישער רעפּובליק. אין דער צייט פון דער דאָזיקער מילחמה איז אין רוים אָנגעקומען דער ארונטערגעזעצטער קעניג אריסטובול דער 2טער. צעזאַר האָט אים געהאַט באַפרייט פון געפאַנגענשאַפט און האָט אים געגעבן אַ לעגיאָן סאָלדאַטן ער זאָל זיך שלאָגן קעגן פּאָמפּעאוסן. אָבער די פריינד פון פּאָמפּעאוסן האָבן זיך דערוואוסט דערפון און האָבן אָפּגעסמט אריסטובולן איידער ער איז אַוועק מיט זיין חיל.

אין יענער צייט האָט אין דעם נאָמען פון דעם שוואַכן הורקנוסן

רעגירט אין יהודה זיין פראָטעקטאָר אנטיפּאטער, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן צו דעם אַמט פון פּאָמפּעאוסן. נאָכן אונטערגאנג פון פּאָמפּעאוסן און דעם זיג פון צעזאַרן, האָט דער כיטרער אנטיפּאטער אויסגעדריקט צעזאַרן פולע אונטערטעניקייט און האָט אים געהאָלפן אין זיינע אַזיאַ־טישע מִלחמות. דערפאַר האָט יוליוס צעזאַר געמאַכט אַנטיפּאטערן פאַר זיין פאַרטרעטער אין יהודה און הורק־נוסן האָט ער איבערגעלאָזט די פריער־דיקע טיטלען עטנאַרך און כוהן־גדול (47). די וויכטיקסטע שטעלן אין דער מלוכה האָט אנטיפּאטער צעטיילט צווי־שן זיינע זין און קרובים. זיין עלטערן זון פּזאַלן האָט ער געמאַכט פאַרן הויפּט איבער ירושלים, און זיין יינגערן זון הורדוסן האָט ער איבערגעגעבן צו פאַר־וואַלטן די צפון־פּראָווינצן גליל. דעם דאָזיקן הורדוסן איז שפּעטער באַשערט געווען צו ווערן קעניג פון יהודה.


יוליוס צעזאַר

הורדוס איז געווען אַ מענטש מיט אַן אונטערנעמערישן גייסט, אַ כיטרער און האָט ליב געהאַט צו הערשן. פון זיין יוגנט־אָן האָט ער גע־שטרעבט צו מאַכט, און כדי צו דערגרייכן דעם דאָזיקן ציל פלעגט ער זיך ניט אָפּשטעלן פאַר די ערגסטע מיטלען. די ליבע צום יידישן פאָלק איז געווען פרעמד דעם זון פון אַן אדומי; ער האָט אין אַלץ געזוכט נאָר זיינע אייגענע נוצן. כדי געפעלן צו ווערן די רוימער, האָט הורדוס אַליין געלאָזט טויטן אין גליל אַ יידישן פּאַטריאָט מיטן נאָמען חזקיהו און זיינע חברים, וועלכע האָבן אויפגעהויבן צווישן די דאָרטיקע יידן אַן אויפ־שטאַנד קעגן די רוימער און האָבן געקעמפט פאַר דער פרייהייט פון זייער פאָטערלאַנד. די יידן האָט שטאַרק פאַרדראָסן וואָס הורדוס האָט אַליין מיט זיין אייגענעם ווילן באַשטראָפט די דאָזיקע פּאַטריאָטן, ווי פּשוטע רויבער, און האָט זיי ניט פאַרקלאָגט פאַרן סנהדרין, ווי דאָס האָט גע־פאָדערט דאָס געזעץ. דער סנהדרין האָט דעריבער הורדוסן אויפגעפאָדערט צום מישפּט. הורדוס איז געקומען, אָבער ניט ווי אַן אָנגעקלאָגטער, נאָר

ווי אַ זיגער, באַגלייט פון אַ מיליטערישער וואַך. די מיטגלידער פון סנהדרין האָבן מורא געהאַט אים צו פאַרמישפּטן. דעמאָלט האָט זיך אויפגעהויבן שמעיה הזקן, דער אַב־בית־דין, און האָט אויסגערופן: „זייט וויסן, אַז עס וועט קומען אַ טאָג, ווען דער יעניקער וועמען איר האָט איצט מורא צו פאַראורטיילן, וועט אייך אַליין פאַרמישפּטן צום טויט". אין דער צייט וואָס הורקנוס און דער סנהדרין האָבן זיך געקווענקלט, איז הורדוס דערווייל אַנטלאָפן קיין סיריע אונטער דער שוץ פון די רוימער. מיט זייער הילף האָט הורדוס נאָך זיין פאָטערס טויט אַריינגעכאַפּט די אויבער־הערשאַפט אין זיינע הענט און האָט אין גאַנצן אונטערטעניק געמאַכט צו זיך דעם שוואַכן הורקנוסן. ער האָט חתונה געהאַט מיט הורקנוסעס אַן אייניקל, האָפנדיק אַז דורך דעם שידוך מיט דער חשמונאים־פאַמיליע וועט ער דערגרייכן צו דער קעניגלעכער הערשאַפט. צו דעם דאָזיקן גע־ווינטשטן ציל זיינעם איז הורדוס געגאַנגען מיט פעסטע טריט און דאָס גליק האָט אים צוגעשפּילט. ווען יוליוס צעזאַר איז געהרגעט געוואָרן אין רוים, און הערשער איבערן מיזרח איז געוואָרן דער רוימישער קריגס־פירער אַנטאָניוס, האָט הורדוס מיט חניפה און כיטרעקייט אַריבערגע־צויגן אַנטאָניוסן אויף זיין זייט. אַנטאָניוס האָט באַשטימט הורדוסן און זיין ברודער פּזאַלן פאַר פאַרוואַלטער איבער יהודה מיט די רעכט פון רוימישע שטעלפאַרטרעטער (41).

אַ באַדייטנדיקער טייל פון יידישן פאָלק איז געווען שטאַרק אויפ־געבראַכט דערפון, וואָס די זין פון דעם אדומי אנטיפאטער זיינען באַ־שטימט געוואָרן צו זיין די הערשער פון יהודה, לויט דעם ווילן פון די רוימער. די אומצופרידענע האָבן געוואָלט אַרויפזעצן אויפן טראָן דעם יונגן אַנטיגנוסן, דעם זון פון אריסתובולן דעם 2־טן, וועלכער איז גע־שטאָרבן אין רוים. פאַר דעם צוועק זיינען זיי אריינגעטראָטן אין אַ בונד מיט די פירער פון די פאַרטיער, אַ שטאַרקער שבט פון פּערסיע, וועלכער האָט אין יענע רצייט געמאַכט אַן אויפשטאַנד קעגן דער רוימישער הער־שאַפט. די פאַרטיער צוזאַמען מיט אנטיגנוסעס נאָכפאָלגער האָבן פאַר־כאַפּט ירושלים, האָבן גענומען געפאַנגען דעם געוועזענעם קעניג הורק־נוס דעם 2טן, און פזאלן, און הורדוסן האָבן זיי געצוואונגען צו אַנט־לויפן. פזאל, פאַראויסזעענדיק זיין סוף, האָט זיך אליין גענומען דאָס לעבן; הורקנוסן האָט מען אַוועקגעפירט געפאַנגען קיין פאַרטיע, און דערביי האָט מען אים, אויפן באַפעל פון זיין פלימעניק אנטיגנוס, אָפּ־

געשניטן די אויערן, כדי ער זאָל מער ניט טאָרן זיין קיין כוהן־גדול. (נאָכן דין האָט אַ בעל־מום ניט געטאָרט זיין קיין כוהן־גדול). אריסתובולס זון איז געוואָרן קעניג פון יהודה אונטערן נאָמען אנטיגנוס דער 2טער (40).

פיר יאָר האָט געדויערט דאָס דאָזיקע קעניגן. אנטיגנוס דער 2טער האָט ניט געקענט פאַרפעסטיקן זיין הערשאַפט אויף אַ לענגערער צייט. בשעת ער האָט רואיק געקעניגט אין יהודה, האָט הורדוס, וועלכער איז אַנטלאָפן פון דאָרטן קיין רוים, צוגעגרייט פאַר אים אַ מפלה. אין רוים האָט מען באַטראַכט אנטיגנוסן פאַר אַ מורד במלכות, וועלכער האָט אָפּגענומען די מאַכט ביי יענע הערשער, וואָס אַנטאָניוס האָט באַשטימט. דעריבער האָט דער רוימישער סענאַט באַשלאָסן אָפּצונעמען ביי אנטיג־נוסן די מאַכט און דערקלערן הורדוסן פאַרן מלך פון יהודה. דעמאָלט האָט הורדוס, מיט דער הילף פון רוימישן מיליטער זיך אַריינגעריסן אין יהודה און אַרומגערינגלט ירושלים. נאָך אַ באַלאַגערונג פון דריי חדשים איז ירושלים גענומען געוואָרן מיט שטורעם און די רוימער האָבן דאָרט געמאַכט אַ שרעקלעכע שחיטה. אנטגינוסן אַליין האָט מען געכאַפּט. ווען מען האָט אים געבראַכט פאַרן רוימישן קאָמאַנדיר האָט זיך דער גע־פאַנגענער קעניג צעוויינט. דערפאַר האָבן די רוימער אים פאַראַכטלעך אָנגערופן מיטן נאָמען „אַנטיגאָנאַ" אנשטאט אַנטיגנוס. לויט דער פאָ־דערונג פון הורדוסן האָט מען אנטיגנוסן הינגעריכטעט (37).

אין מיטן פון אָט אַזאַ שרעקלעכער בלוט־פאַרגיסונג איז אַרויף אויפן יידישן טראָן הורדוס, אַן אָפּשטאַמיקער פון די אדומים, דער ליבלינג פון די רוימער, אָבער אַ פאַרהאַסטער פון יידישן פאָלק.



מאָזאַיק פון אַן אַלטער שול אין עבר הירדן

קאַפּיטל 4

# קעניג הורדוס דער ערשטער און זיינע נאָכפאָלגער

(37 פ"ק און 6 נ"ק)

## § 28. הורדוסעס גרויזאַמע מעשים.

נאָך דעם ווי הורדוס האָט מיט דער הילף פון די רוימער פאַרכאַפּט דעם יידישן טראָן, האָט ער אָנגעהויבן ביטער זיך נוקם צו זיין אָן די נאָכפאָלגער פון אַנטיגנוסן און פון דער חשמונאים־דינאַסטיע. אַ סך האָט ער פאַרטריבן פון יהודה און צוגענומען זייער אייגנטום. צווישן די פאַרטריבענע זיינען געווען מיטגלידער פון סנהדרין און זייער חשובע לייט. פילנדיק אַז די יידן האָבן אים נישט ליב, האָט זיך הורדוס אַרומגערינגלט מיט גריכן און רוימער, און האָט זיי איבערגעגעבן די וויכטיקסטע אַמטן אין דער מלוכה.

מער פון אַלץ האָט זיך הורדוס געשראָקן פאַר די פאַרבליבענע מיטגלידער פון דער חשמונאים־דינאַסטיע, אַז זיי זאָלן ביי אים נישט אַרויסרייסן צוריק די קעניגלעכע מאַכט. פון דער חשמונאים־דינאַסטיע האָבן דעמאָלט געלעבט: דער געוועזענער קעניג און כוהן גדול הורקנוס דער 2טער, זיין טאָכטער אַלעקסאַנדרע און אירע קינדער מירים און אַריסטובול דער 3טער. מיט מירימען האָט הורדוס חתונה געהאַט נאָך איידער ער איז אַרויף אויפן טראָן, ווייל ער האָט געוואָלט ווערן אַן אייגענער פון דער קעניגלעכער פאַמיליע דורך דעם שידוך. מירימס זיידע הורקנוס דער 2טער, האָט זיך אומגעקערט פון געפאַנגענשאַפט אין פאַרטיע.

הורדוס האָט אים כלומר'שט אויפגענומען פר'יינדלעך, נאָר אין דער שטיל האָט ער געהייסן האַלטן אויף אים אַן אויג. הורקנוס האָט נישט געקענט ווידער ווערן כוהן גדול, וואָרום זיינע אויערן זיינען אים געווען מיט אַ מום, האָט הורדוס געמוזט באַשטימען פאַר כוהן גדול זיין איי־ניקל, דעם 17־יאָריקן אַריסתובול דעם 3טן. דאָס פאָלק האָט שטאַרק ליב געהאַט דעם שיינעם און איידעלן יונג. סוכות ווען אַריסתובול האָט צום ערשטן מאָל געפראַוועט גאָטדינסט אין בית המיקדש, אָנגעטאָן אין די פרעכטיקע קליידער פון כוהן גדול, האָבן די פאַרזאַמלטע אים באַגריסט מיט פרייד.

די ליבע פון פאָלק צו אַר'יסתובולן האָט הורדוסן געקרענקט און געשראָקן: אין דעם יונגן כוהן גדול פון דער חשמונאים־פאַמיליע האָט



מטבעות פון הורדוסעס תקופה

דער קעניג געזען אַ געפערלעכן קעגנער פאַר זיך, וועלכער קען מיט דער צייט אָפּנעמען ביי אים די קרוין. האָט הורדוס באַשלאָסן ביי זיך אומ־צוברענגען אַריסתובולן. פאַר דעם צוועק האָט ער אים איינגעלאַדן קיין יריחו צו די פעסטלעכקייטן און מאָלצייטן, וואָס ער האָט דאָרט געמאַכט (35). דאָ האָט אַריסתובול, באָדנדיק זיך איין מאָל אין קעניגלעכן טייכל צוזאַמען מיט די אַנדערע יונגען פון הויף, זיך דערטרונקען אַזוי ווי דורך אַ סיבה. אין אמתן אָבער האָבן אים דערטרונקען הורדוסעס דינער אויף אַ געהיימען באַפעל פון דעם קעניג. דאָס פאָלק האָט זיך אָנגעשטויסן ווער עס איז שולדיק אין דעם דאָזיקן פלוצלינגדיקן טויט, אָבער קיינער האָט נישט געוואַגט אים אָנצורופן מיטן נאָמען. די קעניגין מירים איז

שטאַרק צעטרייסלט געוואָרן פון דעם טויט פון איר געליבטן ברודער, און האָט פון דעמאָלט אָן דערפילט אַ טיפע פאַראַכטונג צו איר מאַן.

## § 29. מירימס טויט.

אַלעקסאַנדרע, די מוטער פון אַריסתובול דעם 3טן, האָט מודיע גע־ווען דעם רוימישן הערשער אַנטאָניוס וועגן דער דערמאָרדונג פון איר זון און האָט געבעטן ער זאָל אויספאָרשן די זאַך. אַנטאָניוס, וועלכער האָט זיך דעמאָלט געפונען אין סיריע, האָט אַרויסגערופן הורדוסן צו זיך אויף אַן דערקלערונג. הורדוס האָט פאַר מורא געפאָלגט און איז געגאַנגען. פאַר זיין אַוועקפאָר האָט ער איבערגעגעבן די השגחה איבערן הויף צו יוספן, זיין שוועסטער שלומיתעס מאַן, און האָט אים בשתיקה אָנגעזאָגט, אַז אויב ער, הורדוס, וועט זיך נישט צוריקקערן קיין יהודה, זאָל ער טויטן די קעניגין מירים. דעם דאָזיקן שרעקלעכן באַפעל דערקלערט מען דערמיט, וואָס דער קעניג, וועלכער האָט שטאַרק ליב געהאַט זיין שיינע פרוי, האָט נישט געוואָלט אַז נאָך זיין טויט זאָל זי חתונה האָבן מיט אַן אַנדערן. אין דער צייט ווען הורדוס איז געווען אַוועק האָט זיך אין ירושלים פאַרשפרייט אַ פאַלשער קלאַנג, אַז אַנטאָניוס האָט אים געלאָזט טויטן. אין הויף איז געוואָרן אַ טומל. די קעניגין מירים און איר מוטער האָבן זיך געגרייט צו אַנטלויפן פון דער הויפּטשטאָט. יוסף האָט אויף זיי רחמנות געהאַט און האָט אַפילו אויסגעזאָגט דער קעניגין וואָס הורדוס האָט אים אין געהיים באַפוילן וועגן איר. דערווייל איז הורדוסן געלונגען צו דערוועקן ביי אַנטאָניוסן רחמנות צו זיך און ער האָט זיך צוריקגעקערט קיין ירושלים גאַנץ. די קעניגין האָט אים נישט באַגעגנט מיט פרייד, נאָר מיט שינאה, און הורדוס האָט פאַרשטאַנען, אַז יוסף האָט איר אויסגעזאָגט דעם שרעקלעכן סוד. הורדוסעס בייזע שוועסטער שלומית האָט פאַרמסרט מירימען פאַר איר ברודער, באַשול־דיקט אַז זי איז צו שטאַרק באַפריינדעט מיט יוספן. דער אויפגערייצטער הורדוס האָט געהייסן אָפּהאַקן יוספן דעם קאָפּ.

נאָך דעם האָט הורדוסן אָנגעהויבן צו שרעקן אַ נייע געפאַר. די הערשער פון רוים, אַנטאָניוס און אָקטאַוויאַנוס אויגוסטוס האָבן געפירט מילחמה צווישן זיך פאַר דער אויבערהערשאַפט. אין דער באַרימטער שלאַכט ביי אַקציום (31), האָט אויגוסטוס צעשלאָגן אַנטאָניוסן און איז

געוואָרן דער איינציקער אַליינהערשער פון דער רוימישער אימפעריע, און האָט אָנגענומען דעם טיטול אימפעראַטאָר. הורדוס, וועלכער האָט אומגעריכט פאַרלאָרן זיין באַשיצער אַנטאָניוסן, האָט געמוזט באַלד זיך ווענדן צו אויגוסטוסן אויסצובעטן ביי אים אַ באַשטעטיקונג אויף זיין קעניגלעכן אַמט. פאַרן אַוועקפאָרן האָט דער גרויזאַמער הורדוס געהייסן הרגענען דעם אַלטן הורקנוס דעם 2טן, כדי עס זאָל נישט איינפאַלן די רוימער אַרויפצוזעצן אויפן טראָן דעם דאָזיקן לעצטן מעגלעכן פאָר־שטייער פון דער חשמונאים־פאַמיליע. די קעניגין מירים און איר מוטער האָט ער געהייסן פאַרשפאַרן אין אַ פעסטונג און האָט ווידער אין דער שטיל באַפוילן דעם אויפזעער פון דער פעסטונג צו טויטן ביידע פרויען אויב עס וועט מיט אים טרעפן אַן אומגליק און ער וועט זיך נישט אומ־קערן צוריק קיין ירושלים. דערנאָך איז הורדוס דערשינען אין ראָדוס פאַרן אימפעראַטאָר אויגוסטוס ווי אַן אונטערטעניקער בעטלער, און האָט אַנידערגעלייגט פאַר אים זיין קעניגלעכע קרוין. די דאָזיקע אונטערטעני־קייט איז געפעלן געוואָרן אויגוסטוסן, ער האָט באַשטעטיקט הורדוסן אין זיין קעניגלעכן אַמט, און האָט אים אַפילו געשענקט עטלעכע גרענעץ־שטעט וואָס פאָמפעאוס האָט אַמאָל אָפּגעריסן פון יהודה.

ווען הורדוס האָט זיך מיט טריאומף אומגעקערט קיין יהודה האָט ער נישט באַגעגנט קיין פריילעכן קבלת פנים, נישט פון פאָלק און נישט פון זיין אייגענער פאַמיליע. מירים, דערוויסנדיק זיך פון זיין נייעם מערדערישן באַפעל, האָט זיך אין גאַנצן אָפּגעקערט פון איר מאַן. דאָ האָט די גיפטיקע שלומית זיך ווידער אַריינגעמישט, און, וועלנדיק אומ־ברענגען די קעניגין, האָט זי זיך אַנטשלאָסן אויף אַ שרעקלעכער מסירה: זי האָט געזאָגט הורדוסן אַז מירים האָט געוואָלט אַריינטאָן סם אין זיין וויין. דער צערייצטער הורדוס האָט געהייסן איבערגעבן מירימען צום בית־דין אויף דער באַשולדיקונג, אַז זי איז נישט געווען געטריי צו איר מאַן און האָט אים געוואָלט טויטן. דאָס געריכט וואָס איז באַשטאַנען פון קעניגס פריינד, האָט פאַרמישפּט די אומשולדיקע מירים צום טויט. די נאָבעלע קעניגין האָט אויפגענומען איר טויט רואיק, נישט אַרויס־ווייזנדיק קיין שרעק און קיין ווייבלעכע שוואַכקייט (29).

## § 30. הורדוסעס נייע איינפירונגען.

נאָך מירימס טויט האָט הורדוסן אָנגעהויבן צו פּלאָגן זיין געוויסן. ער האָט ביטער חרטה געהאַט וואָס ער האָט געלאָזט אומברענגען זיין שיינע פרוי, וועלכע ער האָט אַזוי שטאַרק געליבט. דער קעניג איז אַריינגעפאַלן אין אַ שווערער מרה־שחורה, וועלכע פלעגט צייטנווייז אַריבערגיין אין משוגעת. איין מאָל, אין אַזאַ אָנפאַל פון משוגעת, האָט ער באַפוילן צו טויטן אַלע ריכטער, וועלכע האָבן פאַרמישפּט מירימען צום טויט. פון די דאָזיקע שרעקלעכע גייסטיקע ליידן איז דער קעניג געפערלעך קראַנק געוואָרן; אָבער ווען ער האָט זיך אַביסל דערהאָלט האָט ער ווידער גענומען זוכן קרבנות צו שטילן זיין ווילדקייט. אַזוי זיינען אומגעבראַכט געוואָרן הורדוסעס שוויגער אַלעקסאַנדראַ, די ווייטערע קרובים פון די חשמונאים, און אייניקע מיטגלידער פון באַוואוסטע יידישע מישפּחות.

זיינע גייסטיקע ליידן און חרטה־געפילן האָט הורדוס געזוכט צו פאַרטויבן דורך פיל אַרבעט. ער האָט געלאָזט בויען גרויסאַרטיקע געביידעס אין דער הויפּטשטאָט און אין דער פּראָווינץ, האָט איינגעפירט רוימישע עפנטלעכע שפּילן און פאַרשטעלונגען, און האָט בכלל געוואָלט צוגעוויינען די יידן צום רוימישן אַרט לעבן. אין ירושלים האָט ער אויסגעבויט אַ פּרעכטיק טעאַטער און הינטערן שטאָט — אַ צירק, וואו עס פלעגן פאָרקומען עפנטלעכע שפּילן. די הייליקע שטאָט איז געוואָרן פול מיט גלאַדיאַטאָרן און רייטער, אַקטיאָרן און מוזיקאַנטן; אויף די אָפענע פּלעצער פלעגן פאָרקומען פאַרשיידענע ראַנגלערייען, און איבערהויפּט געשלעגן פון גלאַדיאַטאָרן מיט ווילדע חיות. מיט די דאָזיקע נייע איינפירונגען האָט הורדוס שטאַרק אויסגענומען ביי די רוימער, אָבער ער האָט אַרויסגערופן צו זיך אַ האַס ביי די פרומע יידן, וועלכע האָבן מיט פאַראַכטונג געקוקט אויף די דאָזיקע היידנישע גאַנגען. צווישן די דאָזיקע קנאים האָבן זיך געפונען צען מוטיקע לייט, וועלכע האָבן געמאַכט אַ פאַרשווערונג קעגן הורדוסן, און האָבן באַשלאָסן צו טויטן אים אין טעאַטער; אָבער די פאַרשווערונג איז דורך אַ מסירה אַנטדעקט געוואָרן, און די פאַרשווערער האָבן באַצאָלט מיט זייערע לעבנס. פון דעמאָלט אָן האָט זיך דער קעניג אָנגעהויבן צו ווייזן אין די גאַסן נישט אַנדערש ווי באַגלייט פון אַ לייבוואַך פון גאַלען, טראַציער און גערמאַנען.

נאָכמאַכנדיק דעם רוימישן אימפעראַטאָר אויגוסטוס, האָט הורדוס מער פון אַלץ געזאָרגט וועגן דעם אויסערלעכער גלאַנץ פון דער מלוכה.

ער האָט אויסגעבויט עטלעכע שיינע שטעט אויף די גרענעצן פון יהודה אויפן ברעג פון מיטללענדישן ים, נישט ווייט פון יפו האָט זיך באַוויזן די שטאָט קסריה (צעזאַרעיאַ), וועלכע איז געווען באַזעצט דאָס רוב מיט גריכן און רוימער. דאָס אַלטע שומרון האָט הורדוס אַ נאָמען געגעבן סעבאַסטע און האָט זי פאַרשענערט מיט טעמפלען און דענקמע־לער. אַ ריזיקע סומע געלט האָט ער אויסגעבראַכט אויף אויסבויען אַ נייעם קעניגלעכן פאַלאַץ אין ירושלים. וועלנדיק וויפל נישט איז צופרידן שטעלן דאָס יידישע פאָלק האָט דער קעניג געגומען איבערבויען דעם בית המיקדש, וועלכער איז שוין געווען זייער אַלט און צו ענג. דער קעניג האָט באַפוילן אַז דער בית המיקדש זאָל איבערגעבויט ווערן לויט דעם פלאַן וואָס עס וועלן אָנווייזן די כוהנים און די פרושים. די אַרבעט פון איבערבויען דעם בית המיקדש האָט אַלעמען איבערראַשט מיט זיין פראַכט. אַ סך חדרים זיינען געווען געבויט פון מירמלשטיין, און די ווענט באַדעקט מיט גאָלד. אין שיינקייט און אויסשטאַטונג איז דער נייער בית המיקדש נישט אָפּגעשטאַנען אַפילו פון שלומהס בית המיקדש. פאַר דאָס זיינען די יידן גרייט געווען פיל מוחל צו זיין הורדוסן; אָבער מיט די אַנדערע מעשים זיינע האָט דער קעניג אַלץ שטאַרקער אויפגע־רייצט דאָס פאָלק קעגן זיך. ער האָט, צום ביישפיל, אַוועקגעשטעלט ביים אַריינגאַנג פון בית המיקדש דעם רוימישן הערב — אַ גאָלדענעם אָדלער, און האָט דערמיט באַליידיקט דאָס נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע געפיל פון די יידן. גרויס אומצופרידנקייט האָט אויך אַרויסגערופן דעם קעניגס אויפפירונג ביים באַשטימען אַ כוהן גדול. הורדוס פלעגט באַשטימען פאַר כוהנים גדולים זיינען פריינד, וועלכע זיינען דאָס רוב נישט ראוי געווען פאַר דעם הייליקן אַמט. ער פלעגט זיי אַזוי אָפט בייטן לויט זיין קאַפּריז, אַז דאָס פאָלק האָט אין גאַנצן פאַרלאָרן די אַכטונג צום הויכן אַמט פון כוהן גדול.

## § 31. הורדוסעס לעצטע יאָרן.

די לעצטע יאָרן פון הורדוסעס קעניגן האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט נייע רציחות. הורדוס האָט געהאַט אַ סך קינדער פון פאַרשיידענע ווייי־בער. פון מירימען האָט ער געהאַט צוויי זין, אַלכסנדר און אַריסתובול,

וועלכע זיינען געווען געראָטן אין זייער מוטער אין שיינקייט און איידל־קייט. די יונגע פּרינצן האָבן געקראָגן אַ גלענצנדיקע וועלטלעכע דערציִ־אונג אין הויף פון דעם רוימישן אימפּעראַטאָר אויגוסטוס. ווען זיי האָבן זיך אומגעקערט קיין ירושלים האָט זיי דאָס פאָלק באַגעגנט מיט פרייד, ווי אמתע יורשים פון דער קרוין. אָבער זיי האָבן געהאַט אַ געפערלעכן קעגנער. הורדוסעס ערשטער זון פון זיין ערשטער אַדומישער פרוי, אַנטיפּאַטער, האָט געהאַלטן זיך פאַרן גוזעצלעכן טראָנפאָלגער און האָט שטאַרק געהאַסט זיינע ברידער אַריסטובול און אַלכסנדר, וועלכע זיינען געווען די ליבלינגען פון פאָלק. אַנטיפּאַטער האָט זיך צונויפגערעדט מיט דעם קעניגס שוועסטער, די גרויזאַמע שלומית, און זיי האָבן צוזאַמען אָנגעהויבן זוכן דעם טויט פון מירימס זין. שלומית און אַנטיפּאַטער האָבן איינגערעדט דעם קעניג אַז די צוויי פּרינצן טראַכטן אים צו טויטן, כדי צו נעמען נקמה פאַרן טויט פון זייער מוטער. דער פאַרדעכטיקער הורדוס האָט געגלויבט דעם דאָזיקן געמיינעם ליגן און האָט באַשטימט אַ געריכט צו מישפּטן זיינע צוויי זין. אין געריכט איז ער אַליין אַרויסגעטראָטן ווי אַ באַשולדיקער פון זיינע צוויי קינדער. די ריכטער האָבן אַרויסגע־טראָגן אַ טויטאורטייל אויף די אָנגעקלאָגטע. אַלכסנדר און אַריסטובולן האָט געטראָפן דער זעלבער שיקזאַל וואָס זייער מוטער: זיי זיינען געטויט געוואָרן אין סעבאַסטע (7 יאָר פ״ק).

צו זיין גרויס פרייד איז דער שרעקלעכער אַנטיפּאַטער באַשטימט געוואָרן ווי דער יורש פון טראָן; אָבער נישט לאַנג האָט געדויערט זיין פרייד. אין ירושלים איז אַנטדעקט געוואָרן אַ פאַרשווערונג אין הויף צו פאַרסמען הורדוסן. די פאַרשווערונג איז געמאַכט געוואָרן כדי אַנטיפּאַ־טער זאָל שנעלער ווערן הערשער; עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז אַנטי־פּאַטער אַליין האָט געהאַט אַ האַנט אין דער דאָזיקער פאַרשווערונג קעגן זיין פאָטער. אַנטיפּאַטער איז פאַרמישפּט געוואָרן צום טויט; אָבער הורדוס האָט זיך נישט געאיילט אויסצופירן דעם טויטאורטייל, און האָט נאָר געהאַלטן דעם פאַרברעכער׳ישן זון אין געפענגעניש.

די אַלע צרות האָבן אין גאַנצן אונטערגעגראָבן הורדוסעס געזונט. אַ שווערע קראַנקהייט האָט צוגעשמידט דעם קעניג צום בעט. איין מאָל האָט זיך אין ירושלים פאַרשפּרייט אַ פאַלשער קלאַנג, אַז דער קעניג איז געשטאָרבן. האָבן צוויי מוטיקע פּרושים, יהודה און מתתיהו, זיך אַ לאָז געטאָן מיט אַ מחנה פון זייערע תלמידים צום בית המיקדש און האָבן

פאַרניכטעט דעם גאָלדענעם רוימישן אָדלער, וואָס הורדוס האָט דאָרט אויפגעשטעלט, און וואָס דאָס פאָלק האָט שטאַרק געהאַסט. נישט גע־קוקט אויף זיין שווערער קראַנקהייט, האָט הורדוס באַפוילן צו כאַפּן די מורדים און זיי ברענגען צו אים און מען האָט זיי פאַרברענט לעבע־דיקערהייט.

פינף טעג פאַר זיין טויט האָט הורדוס באַפוילן צו הינריכטן זיין זון אַנטיפּאַטער, ווייל ער האָט זיך דערוואוסט, אַז יענער האָט געפּרואווט



הורדוסעס לויה

אונטערקויפן די וואַך און אַנטלויפן פון געפענגעניש. מען דערציילט אַז ווען אויגוסטוס האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם טויט פון הורדוסעס דריטן זון, האָט ער אויסגערופן: „עס איז שוין בעסער צו זיין דעם יידישן קעניגס אַ חזיר איידער אַ זון!" (אַן אָנצוהערעניש דערויף וואָס יידן עסן נישט קיין חזיר־פלייש).

די מסורה דערציילט, אַז פאַרן טויט האָט הורדוס פאַרזאָגט מען זאָל פאַרנאַרן די חשובסטע יידישע בירגער אין דעם צירק פון יריחו און זיי אַלעמען דאָרט הרגענען אין דעם טאָג פון זיין טויט, כדי דאָס פאָלק

זאָל זיי באַוויינען און דערוייל וועט עס זיך נישט קענען פרייען וואָס ער איז פּטור געוואָרן פון דעם טיראַן.

הורדוס איז געשטאָרבן נאָך אַ שטורמישן קעניגן פון 33 יאָר (4 יאָר פ״ק). דאָס יידישע פאָלק האָט אים מיט פאַראַכטונג גערופן ,,אדומי״ און ,,האַלבער ייד״, אָבער די רוימער האָבן אים אָנגערופן ,,הורדוס דער גרויסער״.

## § 32. אַרכעלאַוס; אינעווייניקסטע מהומות.

פאַרן טויט האָט הורדוס צעטיילט דאָס יידישע לאַנד צווישן זיינע דריי זין: אַרכעלאַוס, הורדוס־אַנטיפּאַס און פיליפּוס. איידער זיי האָבן איבערגענומען די ערשאַפט, האָבן די יורשים געדאַרפט קריגן די צו־שטימונג פון דעם רוימישן אימפּעראַטאָר. נאָך זיבן טעג טרויער איז דער הויפּט־יורש אַרכעלאַוס געקומען אין בית המיקדש און האָט זיך געווענדט צום פאַרזאַמלטן פאָלק מיט אַ באַגריסונגס־רעדע. ווי אַן ענטפער אויף זיין באַגריסונג האָבן זיך אין דער פאַרזאַמלונג דערהערט הויכע פאָדע־רונגען פאַר רעפאָרמען. דאָס פאָלק האָט געפאָדערט אַז דער נייער קעניג זאָל אָפּשטעלן די שטייערן אויף די סאַמע נייטיקסטע באַדערפענישן און באַפרייען אַלע פּאָליטישע געפאַנגענע וואָס האָבן זיך געמאַטערט אין די תפיסות נאָך פון פאַר הורדוסן. אַרכעלאַוס האָט צוגעזאָגט צו דערפילן די דאָזיקע פאָדערונגען נאָך דעם ווי דער אימפּעראַטאָר וועט אים באַ־שטימען אין זיין קעניגלעכן אַמט. אָבער דאָס פאָלק האָט נישט געוואָלט וואַרטן און עס האָבן זיך אָנגעהויבן מהומות. מיטן אָנקומען פון פּסח, ווען טויזנטער יידן זיינען זיך צוזאַמענגעפאָרן אין ירושלים, זיינען די מהומות נאָך גרעסער געוואָרן. אַרכעלאַוס האָט באַשלאָסן צו דערשטיקן דעם אויפשטאַנד ביים סאַמע אָנפאַנג. אויף זיין באַפעל האָבן זיך די סאָלדאַטן אַ וואָרף געטאָן אויפן פאַרזאַמלטן עולם לעבן בית המיקדש און האָבן געהרגעט דריי טויזנט מענטשן. די אָנגעפאָרענע יידן זיינען זיך צעלאָפן פון ירושלים נאָך ערב פּסח. נאָך דעם איז אַרכעלאַוס, וועל־כער איז שטאַרק פאַרהאַסט געוואָרן ביים פאָלק, אַוועקגעפאָרן קיין רוים צו פועלן ביים אימפּעראַטאָר אַ באַשטעטיקונג אויף זיין קעניגלעכן טיטל. זיינע צוויי ברידער זיינען אויך באַלד אַוועק אַהין, צו אַרבעטן יעדער פאַר זיך.

צו היטן די אָרדענונג אין ירושלים אין דער צייט פון אַרכעלאַוסעס אָפּפאָרן, האָט דער רוימישער קריגספירער סאַבינוס גענומען אויף זיך. אָבער סאַבינוסעס גראָבקייט און רישעות האָבן נאָך מער צערייצט די איינוואוינער. אין דער הויפּטשטאָט און איבערן גאַנצן לאַנד זיינען אויסגעבראָכן גרויסע מרידות מיטן צוועק אַראָפּצוואַרפן פון זיך דעם יאָך פון די רוימער און פון די פאַרהאַסטע „הורדוסיטן". דער דערשראָקענער סאַבינוס האָט זיך געמוזט פאַרשפּאַרן אין קעניגלעכן פּאַלאַץ צוזאַמען מיט זיינע קריגסלייט. דעמאָלט איז דער רוימישער פאַרטרעטער וואַרוס מיט אַ גרויסן חיל געקומען אים באַפרייען. וואַרוס האָט גרויזאַם באַשטראָפט די יידישע מורדים: צוויי טויזנט פון זיי האָט ער געקרייציקט.

דער אימפּעראַטאָר אויגוסטוס האָט באַשטעטיקט הורדוסעס יורשים אין זייער רעכט. אַרכעלאַוס איז באַשטימט געוואָרן ווי רעגירער פון דרום־יהודה מיט ירושלים ווי זיין הויפּטשטאָט. דערביי האָט ער געקראָגן נאָר דעם טיטול „עטנאַרך" (דער עלטסטער פון פאָלק), אָבער נישט קעניג. הורדוס־אַנטיפּאַס איז אָנערקענט געוואָרן פאַרן רעגירער איבער דער צפון־פּראָווינץ גליל, און פיליפּוס האָט געקראָגן אויף זיין חלק די צפון־מיזרח פּראָווינצן אויף דער אַנדערער זייט ירדן. אָבער אַרכעלאַוסעס הערשאַפט האָט נישט לאַנג געדויערט. פאַרלאָזנדיק זיך אויפן שוץ פון רוים האָט ער גרויזאַם געדריקט דאָס פאָלק. אַזוי ווי זיין פאָטער, אַזוי פלעגט ער אויך באַשטימען און איבערבייטן די כוהנים גדולים נאָך זיין אייגענעם ווילן, און אָפט מאָל פלעגט ער עפנטלעך עובר זיין אויף די דינים פון דער יידישער רעליגיע. האָבן די יידן אַוועקגעשיקט שלוחים קיין רוים, וועלכע האָבן זיך באַקלאָגט פאַרן אימפּעראַטאָר אויף אַרכעלאַוסעס אומגעזעצלעכע מעשים. דעמאָלט האָט דער אימפּעראַטאָר אַרויסגערופן אַרכעלאַוסן קיין רוים, האָט אים אַרונטערגעזעצט פון טראָן און האָט אים פאַרשיקט אין דער ווייטער גאַליע. דרום־יהודה מיט ירושלים איז געשטעלט געוואָרן אונטער דער דירעקטער הערשאַפט פון רוים. עס האָבן זי אָנגעהויבן פאַרוואַלטן „פּראָקוראַטאָרן" אָדער „שטאַטהאַלטער", וועלכע פלעגן באַשטימט ווערן פון רוימישן אימפּעראַטאָר (6 נ"ק).

## § 33. דאָס גייסטיקע לעבן; הילל און שמאי.

די הערשאַפט פון הורדוס און זיינע יורשים האָט אַזוי שווער געדריקט אויפן יידישן פאָלק מער פון אַלץ דערפאַר, וואָס די דאָזיקע הער־

שער האָבן געוואָלט פאַרפלאַנצן אין יהודה גריכיש־רוימישע זיטן און מינהגים וועלכע זיינען געווען קעגן דעם גייסט פון יידנטום. די בעסערע מענטשן אין יהודה האָבן געזען, אַז פון די ליבהאָבער פון די רוימישע מינהגים שרעקט פונקט אַזאַ געפאַר דעם יידנטום ווי אַמאָל פון די העלע־ניסטן, די ליבהאָבער פון דער גריכישער קולטור. די דאָזיקע בעסערע מענטשן, וועלכע האָבן געהערט צו דער פאַרטיי פון די פרושים, האָבן געשטרעבט אַרומצוצאַמען דאָס אינווייניקסטע לעבן פון פאָלק אַנטקעגן די שלעכטע איינפלוסן פון דרויסן. זיי האָבן געפירט די אַרבעט פון דעם וויכטיקסטן געזעץ־אַנשטאַלט — דעם סנהדרין. ווען הורדוס דער ערשטער איז אַרויף אויפן טראָן זיינען בראש פון דעם סנהדרין געשטאַנען די גרויסע געלערנטע שמעיה און אבטליון. די דאָזיקע גייסטיקע פירער האָבן געאַרבעט צו לערנען דאָס פאָלק לייענען, כדי צו פאַרשפרייטן בילדונג צווישן פאָלק. אונטער זייער אויפזיכט האָבן פעאיקע מענטשן געלערנט די תורה שבכתב און תורה שבעל פה. ווען שמעיה און אַבטליון זיינען געשטאָרבן, זיינען ווי פירער פונעם סנהדרין געוואָרן די תנאים פון דער פאַמיליע בני־בתירה; אָבער זיי האָבן נישט פאַרנומען לאַנג זייערע חשובע פלעצער. איין מאָל, ערב פסח, איז אין דעם סנהדרין פאַרהאַנדלט געוואָרן עפּעס אַ שווערע שאלה, וואָס קיינער פון די געלערנטע האָט נישט גע־קענט פאַרענטפערן. האָט מען צו דער פאַרזאַמלונג איינגעלאַדן אַ יונגן געלערנטן פון בבל, וועלכער האָט מיט גרויס שאַרפזין פאַרענטפערט די געשטעלטע פראַגע, שטיצנדיק זיך אויף דעם וואָס ער האָט געהערט פון שמעיה און אַבטליון. די בני־בתירה האָבן געמוזט אָפּטרעטן זייער אָנגע־זעענעם אָרט צו דעם יונגן געלערנטן, וועלכער איז אין גיכן באַרימטן געוואָרן צווישן פאָלק אונטערן נאָמען הילל.

הילל איז געבאָרן געוואָרן אין בבל, אין אַ מיוחסדיקער מישפּחה, וואָס האָט לויט דער טראַדיציע אָפּגעשטאַמט פון דוד המלך. אין זיין פריי־ער יוגנט איז ער אָנגעקומען קיין ירושלים צו לערנען אין דעם בית־המיקדש פון שמעיה און אַבטליון. זייענדיק אַ פרעמדער אין דער הויפּט־שטאָט, האָט ער דאָרט געליטן גרויס נויט, נאָר זיין חשק צום לערנען האָט בייגעקומען אַלע שוועריקייטן. אַ לעגענדע דערציילט אַז איין מאָל, אין אַ ווינטער־אָוונט, האָט מען היללן נישט אַריינגעלאָזט צו דער דרשה פון שמעיה און אַבטליון, ווייל ער האָט נישט געהאַט מיט וואָס צו באַ־צאָלן דעם שמש פאַר אַריינגיין אין בית־מדרש. נישט טראַכטנדיק לאַנג

איז הילל אַרויפגעקלעטערט אין דרויסן אויפן וואַנט פון בית־מדרש, האָט זיך צוגעלעגט צום פענצטער, און אין אַזאַ לאַגע האָט ער אויסגעהערט דעם שיעור פון זיינע לערער. פאַרטיפנדיק זיך אין די רייד פון די לערער האָט ער נישט געפילט ווי די קעלט האָט דורכגענומען זיין לייב און ווי דער שניי האָט אים אין גאַנצן פאַרשאָטן. ערשט פאַרטאָג האָט מען דעם אָרעמען הילל געפונען ביים פענצטער שיער דערפרוירן צום טויט, און מען האָט אים קוים אָפּגעמינטערט. הילל האָט זיך דערוואָרבן אַן אומגעהייערן וויסן אין דער תורה שבכתב און שבעל־פה, און ער איז אין גיכן אויפגענומען געוואָרן פאַר אַ מיטגליד פון דעם סנהדרין, און שפּעטער איז ער אויך געוואָרן דער פאָרזיצנדיקער, אָדער נשיא. ער איז געוואָרן דער גרעסטער תנא פון זיין צייט. פונקט אַזוי ווי עזרא פון בבל האָט אַמאָל פאַרשפּרייט אין פאָלק דעם תנ״ך, אַזוי האָט הילל, פון זעלביקן לאַנד, פאַרשפּרייט די תורה שבעל־פה, וועלכע האָט זיך אין שפּעטערע צייטן אויסגעברייטערט און איז פאַרשריבן געוואָרן אונטערן נאָמען „משנה״.

היללס פאַרדינסט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט די מינדלעכע טראַדיציעס, וועלכע האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין יידנטום (תורה שבעל־פה), צונויפגעבונדן מיט די פאַרשריבענע געזעצן פון תנ״ך (תורה שבכתב). ער האָט אויך איינגעפירט נייע געזעצן, וועלכע ער האָט אַרויסגעדרונגען פון די געדאַנקען און פון די אויסדריקן פון תנ״ך. נאָר איבערהויפּט האָט זיך הילל באַרימט געמאַכט מיט זיין מאָראַלישער לערע, וועלכע ער האָט באַגרינדעט אויף די העכסטע אמתן פון ביבלישן יידנטום. הילל האָט באַטראַכט רעליגיע ווי אַ מיטל פאַר דער מאָראַלישער פולקאָמענקייט פון דעם מענטשן. די פליכטן צווישן מענטש און מענטש (בין אָדם לחברו) האָט ער געשטעלט אַפילו העכער פון די פליכטן פון דעם מענטשן צו גאָט (בין אָדם למקום). איינער אַ געצנדינער האָט געוואָלט אָננעמען דאָס יידנטום, נאָר ער האָט זיך געשראָקן פאַר די סך יידישע דינים און צערעמאָניעס. האָט ער זיך געווענדט צו היללן מיט דער בקשה עס זאָל אים דערקלערט ווערן אויף איין פוס (על רגל אַחת) דעם תמצית פון דעם יידישן גלויבן. האָט הילל אים געזאָגט: „כל דסני עלך לחברך לא תעביד, — וואָס דיר איז נישט ליב, טו נישט דעם צווייטן, — דאָס איז דער עיקר פון דער תורה, און דאָס איבעריקע איז נאָר אַ פּירוש דערצו. גיי לערן!״. וועגן היללס ליבע צום מענטשן דערציילט מען

ווייטערדיקע: איינער האָט זיך אַמאָל פאַרוועט, אַז אים וועט געלינגען אַרויסצופירן היללן פון געדולד און אַריינברענגען אים אין כעס. קומט יענער צו היללן, פונקט ווען הילל האָט זיך געהאַלטן אין באָדן, און רופט אים אַרויס וועגן אַ זייער נייטיקער זאַך. הילל האָט איבערגעריסן דאָס באָדן זיך און איז אַרויס צום גאַסט. האָט ער אים געשטעלט עפּעס אַ נאַרישע פראַגע, אויף וועלכער דער באַשיידענער לערער האָט פון דעסט־וועגן געענטפערט זייער פריינדלעך. אין עטלעכע מינוט אַרום קומט ווי־דער דער זעלביקער גאַסט מיט אַ צווייטער נאַרישער פראַגע, שפּעטער מיט אַ דריטער, נאָר יעדעס מאָל גיט אים הילל אַ העפלעכן ענטפער. ענד־לעך האָט דער גאַסט פאַרלוירן די געדולד און האָט אויסגעשריגן מיט האַרץ: „אַזעלכע ווי דו, הילל, זאָלן זיין וואָס ווייניקער ביי יידן!" — „פאַרוואָס מיין קינד?" האָט הילל מילד געפרעגט. „ווייל איך האָב דורך דיר מיין וועט פאַרלאָרן" — האָט יענער געענטפערט. „בעסער, אַז דו זאָלסט פאַרלירן דיין וועט — האָט הילל געזאָגט — איידער איך זאָל פאַרלירן מיין געדולד".

היללס באַליבטע שפּריכווערטער זיינען געווען: האָב ליב שלום און ברענג עס אַריין אומעטום; האָב ליב מענטשן און דערנענטער זיי צו גאָטס תורה. אל תדין את חברך עד שתגיע למקומו" — מישפּט נישט דיין חבר ביז דו קומסט נישט צו זיין שטאַנד. „אם אין אני לי מי לי, ואם אני לעצמי מה אני?" — אויב איך בין נישט פאַר מיר, איז ווער פאַר מיר? און אויב איך בין נאָר פאַר מיר אַליין, איז וואָס בין איך? „ווער עס וויל באַרימט מאַכן זיין נאָמען, דער פאַרלירט זיין נאָמען; ווער עס לערנט נישט קיין נייעס, דער פאַרלירט דאָס אַלטע".

אין איין צייט מיט היללן איז נשיא פון סנהדרין געווען אַ צווייטער גרויסער תנא, שמאי. ער האָט זיך אונטערגעשיידט פון היללן סיי אין דעם גייסט פון זיין לערע, סיי אין זיין כאַראַקטער. שמאי האָט נישט דערלאָזט קיינע פאַרלייכטערונגען אין די דינים, און האָט פאַרבאָטן אַ סך אַזעלכע, וואָס הילל האָט מתיר געמאַכט. אין רעליגיע האָט ער גע־שטעלט העכער פון אַלץ דאָס שטרענגע אָפּהיטן פון די דינים און צערע־מאָניעס. דערצו איז ער געווען זייער שטרענג און גאַווהדיק אין זיין אומ־גאַנג מיט מענטשן. ווען אַ געצנדינער, וואָס האָט געוואָלט זיך מגייר זיין, האָט געבעטן שמאין ער זאָל אים זאָגן אין עטלעכע ווערטער וואָס איז דער עיקר פון דער יידישער תורה, האָט דער שטרענגער לערער אים

אַוועקגעטריבן. הילל אָבער האָט אויפגענומען דעם זוכער פון אמת מיט פריינדשאַפט, און האָט אים צוגעצויגן צום יידנטום מיט דעם אויבן־דער־מאָנטן אויסדרוק, וועלכער פירט צו די גאַנצע רעליגיע צום עיקר פון ליבע צום מיטמענטשן. אַן אַנדער געצנדינער — דערציילט די לעגענדע — איז געקומען צו שמאי און האָט דערקלערט, אַז ער וויל אָננעמען דאָס יידנטום, אָבער מיט דעם תנאי ער זאָל אָפּגעהיטן נאָר די תורה שבכתב און נישט די תורה שבעל־פה. שמאי האָט בייז צוריקגעוויזן זיין פאָר־



דער אַריינגאַנג צו הילעלס קבר

שלאָג. אָבער הילל האָט מסכים געווען אַריינצונעמען דעם געצנדינער אין דער יידישער עדה און האָט אים גענומען לערנען. דעם ערשטן טאָג האָט ער אים געוויזן דעם יידישן אַלף־בית אין גלייכער אָרדענונג, און דעם צווייטן טאָג — די זעלביקע אותיות פאַרקערט. ווען דער תלמיד האָט געפרעגט פאַרוואָס לערנט מען אים היינט פאַרקערט ווי נעכטן, האָט הילל געענטפערט: „ביין, עס איז די זעלביקע זאַך נאָר אויף אַן

אַנדער אופן. דאָס זעלביקע איז די שייכות צווישן תורה שבכתב און תורה שבעל־פה״. ווען די צוויי גרים האָבן זיך אין אַ צייט אַרום באַגעגנט האָבן זיי געזאָגט איינער צום אַנדערן: ,,שמאיס שטרענגקייט האָט אונדז שיער נישט פאַרשטויסן פון דער הייליקייט, אָבער היללס עניוות האָט אונדז אַהין אַריינגעפירט׳.

נאָכן טויט פון הילל און שמאי (5 יאָר נ״ק), האָבן זיך זייערע תלמי־דים צעטיילט אויף צוויי רעליגיעזע פאַרטייען אָדער שולן. די דאָזיקע שולן פלעגן זיך פאַנאַנדערגיין אין אַ סך פראַגן פון געזעץ און אמונה און אין אויסטייטשן די דינים פון דער תורה. ,,בית הילל״ און ,,בית שמאי״ פלעגן האָבן אָפטע מחלוקות צווישן זיך. צווישן די עלטסטע תנאים אין סנהדרין איז דעריבער מער נישט געווען קיין שלום. די דאָזיקע מחלוקות האָבן אָפּגעשוואַכט די אַחדות פון די פּרושים, אָבער דערפאַר האָבן זיי געגעבן אַ שטויס פאָרויס די גייסטיקע טעטיקייט, וועלכע איז אַלץ שטאַרקער געוואָרן צווישן די יידן, און האָט ענדלעך געפירט צו דער באַשאַפונג פון דעם תלמוד.

קאַפּיטל 5

# די הערשאַפט פון די רוימער אין יהודה

(6—66 נ"ק)

## § 34. די ערשטע רוימישע פּאַרוואַלטער.

נאָך דעם ווי אַרכעלאַוס איז אַרונטערגעזעצט און פאַרשיקט געוואָרן, זיינען זיינע ברידער הורדוס־אַנטיפּאַס און פיליפּוס געבליבן הערשן יעדער אין זיין ממשלה — אין גליל און אין עבר הירדן. הורדוס־אַנטיפּאַס האָט געמאַכט פאַר זיין הויפּטשטאָט די שטאָט צפורי. לעבן דעם ים כנרת האָט ער אויסגעבויט אַ נייע שטאָט, וועלכע ער האָט אַ נאָמען געגעבן טבריה, לכבוד טיבעריוסן, דעם יורש פון דעם קיסר אויגוסטוס. טבריה איז שפּע־טער באַרימט געוואָרן מיט אירע היילנדיקע וואַסער־קוואַלן. דער הערשער פון דעם עבר הירדן, פיליפּוס, האָט זיך אויסגעבויט אַ פּרעכטיקע הויפּט־שטאָט ביים אורקוואַל פון ירדן, און האָט זי אַ נאָמען געגעבן קיסריה־פיליפּוס (צו אונטערשיידן פון קיסריה ביים ים). ביידע ברידער האָבן געהערשט אין זייערע ממשלות אַרום דרייסיק יאָר (ביז 34—39), ווי וואַסאַלן (אונטערטעניקע) צום רוימישן אימפּעראַטאָר.

אָבער די אינערלעכע יהודה, וואָס איר צענטער איז געווען ירושלים, איז פאַרוואַלטעט געוואָרן פון רוימישע באַאַמטע, וועלכע האָבן געטראָגן דעם נאָמען „שטאַטהאַלטער" אָדער „פּראָקוראַטאָרן". אַזוי ווי יהודה האָט זיך גערעכנט פאַר אַ טייל פון דער סירישער פּראָווינץ, זיינען די שטאַטהאַלטער פון יהודה געשטאַנען אונטער דער אויבערהערשאַפט פון

די רוימישע פאַרוואַלטער פון סיריע. די שטאַטהאַלטער פון יהודה האָבן געוואוינט אין דער שטאָט קיסריה ביים ים, וואָס הורדוס דער ערשטער האָט אויסגעבויט. זיי האָבן געהאַט אַ ברייטע מאַכט: זיי האָבן אויפגע־מאָנט די שטייערן ביי די יידן, האָבן באַשטימט און אַרונטערגעזעצט די כוהנים גדולים און האָבן רעווידירט די פסק־דינים פון דעם סנהדרין. דער ערשטער שטאַטהאַלטער, נאָך אַרכעלאַוסעס אַרונטערזעצונג, (6טן יאָר), איז געווען דער קאָמאַנדיר פון דעם פערד־חיל, קאָפּאָניוס, אַ רוימער. אין זיין צייט איז אין יהודה דורכגעפירט געוואָרן אַ פאָלקס־ציילונג, כדי צו באַשטימען די שטייערן וואָס די איינוואוינער האָבן געדאַרפט צאָלן דעם אימפּעראַטאָר. דער דאָזיקער צענז און די שטרענגע אויפמאָנונג פון די שטייערן וואָס איז געקומען נאָך דעם, האָבן געגעבן דעם פאָלק צו פילן די גאַנצע שווערקייט פון דער רוימישער הערשאַפט. די שטאַטהאַל־טער, וועלכע האָבן זיך אָפט געביטן, האָבן געדריקט די באַפעלקערונג מיט די שווערע כאַבאַרן, וואָס זיי פלעגן פון איר אַרויספּרעסן. דער קיסר טי־בעריוס (14—37) האָט באַשטימט פאַר שטאַטהאַלטער אין יהודה וואַ־לעריוס גראַטוס און האָט אים באַפוילן נישט צו דריקן די איינוואוינער. „אַ גוטער פאַסטעך — פלעגט זאָגן דער אימפּעראַטאָר — שערט זיינע שאָף, אָבער ער שינדט נישט אַראָפּ פון זיי די הויט“.

נאָך גראַטוסן איז פאַר פּראָקוראַטאָר אין יהודה באַשטימט געוואָרן פּאָנטיוס פּילאַטוס, אַ בייזער און גרויזאַמער מענטש. ער האָט באַפוילן אַריינצוטראָגן אין ירושלים רוימישע פאָנען מיטן בילד פון דעם קייסער, צו וועלכן די געצנדינער האָבן אָפּגעגעבן כבוד אַזוי ווי צו אַ גאָט. אָבער די יידן זייענדיק געטריי צום געבאָט פון באַרג סיני זיך נישט צו בוקן צו קיין בילד, זיינען דערפון שטאַרק אויפגעבראַכט געוואָרן, און פּילאַטוס האָט געמוזט צונעמען די פאָנען פון דער הייליקער שטאָט. איין מאָל האָט פּילאַטוס גענומען געלט פון דער קאָסע פון בית המיקדש צו מאַכן אַ וואַסערלייטונג. ווען די ירושלימער איינוואוינער האָבן זיך אַרומגע־קליבן אַרום בית המיקדש און האָבן גענומען הויך פּראָטעסטירן, האָט ער אַוועקגעשיקט אַהין זיינע סאָלדאַטן אין איבערגעטוענע קליידער, און זיי האָבן געשלאָגן די יידן מיט גראָבע שטעקנס, וואָס זיי האָבן געטראָגן באַהאַלטן אונטער די מלבושים, און זיי האָבן פיל געטויט אויפן אָרט.

דער נאָמען פון פּאָנטיוס פּילאַטוס איז פאַרבונדן מיט נאָך אַ גרוי־זאַמער טאַט. אין יענער צייט איז אין יהודה דערשינען יעזוס קריסטוס

און האָט אָנגעהויבן פּרעדיקן זיין לערע. דער־הערנדיק אַז מען רופט יעזוסן „דער יידישער מלך”, האָט דער רוימישער שטאַטהאַלטער צוזאַמען מיט דעם כוהן גדול פון ירושלים, קאַיאַפו, און מיטן סנהדרין, אים פאַרמישפּט צום טויט (33טן יאָר). אָבער אין עטלעכע יאָר אַרום איז פּילאַטוס פאַר זיינע אומגעזעצלעכע מעשים אַרונטערגעזעצט געוואָרן פון אַמט און איז פאַרשיקט געוואָרן קיין גליל.

## § 35. אימפּעראַטאָר קאַליגולאַ.

אין רוים, ביים הויף פון אימפּעראַטאָר טיבעריוס, האָט געלעבט דער זון פון דעם הינגעריכטן אַריסטובול, אַגריפּאַס, דאָס אייניקל פון הורדוס דעם ערשטן און דער קעניגן מירים. לעבנדיק צווישן דער הויכער געזעל־שאַפט פון רוים, האָט זיך דער יונגער אַגריפּאַס צוגעוואוינט צו אַ פריי־לעכן און פאַרשווענדערישן לעבן. ער האָט געפּטרט זיין גאַנץ געלט און האָט נאָך געמאַכט אַ סך חובות. מורא האָבנדיק, אַז ער וועט פאַרפאָלגט ווערן פון זיינע קרעדיטאָרן, איז ער אַנטלאָפן פון רוים און האָט לאַנג אומגעוואַנדערט אין פאַרשיידענע לענ־דער. ער האָט זיך אומגעקערט קיין רוים ערשט צום סוף פון טיבעריו־סעס קעניגן. אין דער דאָזיקער צייט האָט זיך אַגריפּאַ באַפריינדעט מיט קאַיוס קאַליגולאַ, וועלכער איז געווען דער יורש פון טראָן. איין מאָל האָט זיך אַגריפּאַס אויסגעדריקט, אַז ער



טיבעריוס

וואָלט שוין געוואָלט וואָס שנעלער זען קאַליגולאַן ווי .אימפּעראַטאָר. ווען טיבעריוס האָט זיך דערפון דערוואוסט, איז ער אין כעס געוואָרן און האָט געהייסן שמידן אַגריפּאַסן אין קייטן און אַריינוואַרפן אין תפיסה. נאָר אין אַ האַלב יאָר אַרום איז טיבעריוס געשטאָרבן (37). זיין נאָכפאָלגער

קאַליגולאַ האָט באַפרייט זיין פריינד פון געפענגעניש און האָט אים געשענקט אַ גילדענע קייט ווי אַן אָנדענק פון דער אייזערנער קייט, וואָס אַגריפּאַס האָט געטראָגן אין תפיסה. דער נייער קייסער האָט באַשטימט אַגריפּאַסן פאַר פאַרוואַלטער איבערן עבר הירדן, וועלכער איז געווען אונטער דער הערשאַפט פון פיליפּוסן. אין דער זעלביקער צייט האָט קאַליגולאַ צוגענומען דעם גליל ביי הורדוס־אַנטיפּאַס און עס אויך אָפּגעגעבן אַגריפּאַסן. אויף אַזאַ אופן איז אַגריפּאַס געוואָרן דער הערשער איבער דעם גרעסטן טייל יהודה און האָט אפילו געקראָגן דעם טיטול קעניג. ער איז אַוועקגעפאָרן פון רוים דורך אַלעקסאַנדריע, די הויפּטשטאָט פון מיצרים, צו איבערנעמען די הערשאַפט. נאָר אויפן וועג איז אים אויסגעקומען בייצוואוינען טרויעריקע געשעענישן.



פילאָן פון אַלעקסאַנדריע

פון יענער צייט ווען מיצרים איז אַריבער פון דער הערשאַפט פון די תלמים צו דער הערשאַפט פון רוים (אין דער צייט פון אימפּעראַטאָר אויגוסטוס), זיינען צווישן דער יידישער און דער גריכישער באַפעלקערונג פאָרגעקומען שטענדיקע קריגערייען. אין מיצרים האָבן געלעבט אַרום אַ מיליאָן יידן, וועלכע האָבן דורך זייער פלייסיקייט און ניכטערקייט דערגרייכט צו אַ הויכן מצב. זיי האָבן אָן אויפהער אויסגעברייט זייער האַנדל און זיינען אַלץ רייכער און רייכער געוואָרן, אין דער צייט ווען אַ טייל פון דער גריכישער באַפעלקערונג איז דורך איר פוילקייט און צעלאָזענעם לעבן אַלץ אָרעמער געוואָרן. די יידן האָבן אויך מיט דערפאָלג קאָנקורירט מיט די גריכן אין די וויסנשאַפטן און קונסטן.

די יידישע געלערנטע פלעגן שרייבן זייערע ווערק אין גריכיש. דער גרעסטער פילאָזאָף פון יענער צייט איז געווען פילאָן פון אַלעקסאַנדריע. פילאָן איז געווען אַ נאָכפאָלגער פון דעם אַטענישן פילאָזאָף פּלאַטאָן און

האָט געזוכט צו פאַראייניקן זיינע מעטאַפיזישע אידעען מיט די רעליגיעזע אָנשויאונגען פון משהן און די יידישע נביאים. אין זיינע ווערק „משהס לעבן", „בריאת העולם" און אַנדערע האָט ער אויסגעפירט טיפע מאָראַ־לישע אמתן פון די ביבלישע דערציילונגען און דינים. דעריבער פלעגט פילאָן אָפט טייטשן די אויסדריקן פון תנ"ך אַלעגאָריש און פלעגט אויפ־דעקן אין זיי, אויסער זייער גלייכן געדאַנק, אויך באַהאַלטענע פילאָזאָ־פישע אידעען. דעם תמצית פון זיין לערע האָט פילאָן אויסגעדריקט אַזוי: ווער עס האָט באַפעסטיקט אין זיין נשמה די ווייטערדיקע אמתן: אַז גאָט



די יידישע שלוחים פאַר קאַליגולאַן

איז פאַראַן, אַז ער איז איינציק, אַז ער האָט באַשאַפן די וועלט, אַז די וועלט איז אויך איינציק און אַז גאָט זאָרגט שטענדיק וועגן זיין באַשאַ־פונג — יענער וועט פירן אַ גליקלעך לעבן.

דער דערפאָלג פון די יידן אין אַלע צווייגן פון אַרבעט האָט אויפ־געוועקט ביי די גריכן קנאה און פאַרדרוס, וועלכע פלעגן זיך אַרויסווייזן ביי יעדער בעסטער געלעגנהייט. ווען אַגריפאַס איז אויפן וועג קיין יהודה דורכגעפאָרן אַלעקסאַנדריע און די דאָרטיקע יידן האָבן אים אויפגענומען מיט אַ קעניגלעכן פאַראַד, האָט אַ גריכישער המון, פון קנאה, אים באַ־

גלייט איבער די גאַסן מיט זידלעריי און שפּאָט (38טער יאָר). נישט באַ־נוגנדיק זיך דערמיט, האָט דער גריכישער המון זיך אַריינגעריסן אין די שולן און אַוועקגעשטעלט דאָרט סטאַטועס פון דעם רוימישן אימפּעראַ־טאָר, וויסנדיק אַז דער יידישער דין פאַרבאָט אַריינצושטעלן בילדער אין די טעמפּלען. דער רוימישער שטאַטהאַלטער אין עגיפּטן, פלאַקוס, אָנ־שטאָט צו באַשיצן די יידן, איז צוגעשטאַנען צו זייערע פייגד. ווען די יידן האָבן זיך געפּרואווט שטעלן אַנטקעגן דער ווילדער מאַסע, האָט פלאַקוס געהייסן צונעמען ביי זיי די וואָפן און האָט דערמיט דערמוטיקט די גריכן צו גוואַלדטאַטן. די סאָלדאַטן האָבן אויף זיין באַפעל געכאַפּט אַכט און דרייסיק חשובע לייט פון דער יידישער קהילה, האָבן זיי אַוועקגע־שטעלט אין טעאַטער און דאָרט אויף אַ גרויזאַמען אופן דערשלאָגן מיט שטע־קנס. דעמאָלט האָבן די יידן פון אַלעקסאַנדריע אַוועקגעשיקט שלוחים קיין רוים צו בעטן שוץ ביים קייסער. בראש פון די דאָזיקע שלוחים איז געשטאַנען דער יידישער פילאָזאָף פילאָן. די גריי־כן פון זייער זייט האָבן געשיקט שלו־חים קיין רוים מיט קלאָגעס אויף די יידן; דער וויכטיקסטער פון די דאָזיקע שלוחים איז געוועזן דער פאַרביסענער שונא פון יידנטום, דער שרייבער אַפּיאָן.


קאַליגולאַ

דער קייסער האָט אויפגענומען די יידישע שלוחים נישט פריינדלעך, ווייל ער איז דעמאָלט אין כעס געווען אויף די יידן. די סיבה פון דעם בעס איז באַשטאַנען אין וויטערדיקן:

דער אימפּעראַטאָר קאַליגולאַ האָט פון די ערשטע יאָרן פון זיין קעניגן אָנגעהויבן אַרויסווייזן סימנים פון משוגעת. ער האָט זיך אַליין געהאַלטן פאַר אַ גאָט און האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע פעלקער פון דער רוימישער אימפּעריע זאָלן אַריינשטעלן אין זייערע טעמפּלען זיינע סטאַטועס און זיך בוקן צו זיי. אויף די יידן האָט דער דאָזיקער באַפעל אַרויפגעיאָגט אַ שרעק, ווייל זייער רעליגיע האָט זיי פאַרבאָטן צו בוקן זיך צו אָפּגעטער. דערווייל האָט קאַליגולאַ געהייסן דעם סירישן

שטאַטהאַלטער פּעטראָניוסן, ער זאָל אַריינשטעלן אין בית המיקדש דעם קעניגס סטאַטוע און מיט גוואַלד צווינגען די יידן זיך בוקן צו אים. פּעטראָניוס האָט זיך געלאָזט מיט אַ גרויסן חיל אין יהודה און האָט שטרענג געפאָדערט פון די איינוואוינער, זיי זאָלן דערפילן דעם קעניג־לעכן באַפעל. דאָן זיינען די יידן אויפגעשטאַנען צו פאַרטיידיקן זייער גלויבן. אַ גרויסע מאַסע יידן האָט אַרומגערינגלט פּעטראָניוסעס וואוי־נונג אין טבריה, און אין פאַרלויף פון גאַנצע פערציק טעג האָבן זיי אים געבעטן נישט צו פאַרשוועכן זייער הייליקטום מיט דעם קעניגס סטאַטוע. פּעטראָניוס האָט זיך איבערצייגט, אַז עס איז אוממעגלעך צו דערפילן דעם קעניגס וואונטש אָן אַ שרעקלעכער בלוטפאַרגיסונג און ער האָט עס מודיע געווען אין רוים. אַגריפּאַס, וועלכער האָט זיך אומגעקערט קיין רוים, האָט זיך אויך באַמיט צו בויגן קאַליגולאַן ער זאָל אומבייטן די גזרה. ווער ווייסט מיט וואָס די זאַך וואָלט זיך געווען ענדיקן, ווען קאַלי־גולאַ זאָל נישט געווען פלוצלינג שטאַרבן דורך די הענט פון פאַרשווערער (41). זיין אָרט האָט פאַרנומען דער קייסער קלאַודיוס.

## § 36. קעניג אַגריפּאַס דער ערשטער.

ווען קאַליגולאַ איז געשטאָרבן האָט אַגריפּאַס מיטגעהאָלפן, אַז קלאַודיוס זאָל אויסגעקליבן ווערן אימפּעראַטאָר פון רוים, ווי אַ באַלוי־נונג פאַר דער פריינדשאַפט האָט דער נייער אימפּעראַטאָר אָפּגעגעבן אַגריפּאַסן אויך דרום־יהודה, חוץ יענע לענדערייען, וואָס ער האָט גע־קראָגן פריער. אויף אַזאַ אופן איז אַגריפּאַס געוואָרן קעניג פון גאַנץ יהודה ווי זי איז געווען אין די צייטן פון די חשמונאישע מלכים. זיין קורץ קעניגן (41—44) האָט דערמאָנט די יידן אָן די אַמאָליקע גליקלעכע צייטן. באַזעצנדיק זיך אין ירושלים האָט אַגריפּאַס פאַרלאָזן אַלע זיינע לייכטזיניקע פאַרגעניגנס פון דער יוגנט און האָט זיך אין גאַנצן איבער־געגעבן צו די ענינים פון דער מלוכה. דאָס פאָלק, וואָס האָט ערשט נישט לאַנג צוריק געליטן פון די רוימישע פּראָקוראַטאָרן, האָט מיט פרייד באַגעגנט דעם נייעם קעניג און האָט אים גיך ליב געקראָגן. אַגריפּאַס האָט שטענדיק אַרויסגעוויזן טיפע אַכטונג צו דער רעליגיע פון יידישן פאָלק, נאָר אין דער זעלביקער צייט האָט ער זיך באַמיט אויפצוהאַלטן גוטע באַציאונגען מיט די אַרומיקע גריכן און רוימער. אין זיין רעגירונג

האָט זיך אַגריפּאַס געשטיצט אויף די פּרושים, צו וועלכע דאָס פאָלק האָט געהאַט מער צוטרוי ווי צו די רייכע צדוקים. אַגריפּאַס האָט אומגעקערט צום סנהדרין זיינע פריערדיקע רעכט און פלעגט באַשטימען פּאַר כוהנים־גדולים ערלעכע און אָרנטלעכע מענטשן. מיט מענטשן פלעגט ער זיך באַגיין זייער באַשיידן. אום שבועות פלעגט ער, דער קעניג, אַליין טראָגן אין בית־המיקדש זיין קאָרבּ ביכּורים, לויט דעם מינהג, גלייך מיט די פּראָסטע דאָרפסלייט. איין מאָל האָט אַגריפּאַס געלייענט אין בית־המיקדש אויפן קול די פּרשות פון ספר דברים. ווען ער איז דערגאַנגען צום פּלאַץ וואו עס זאָגט זיך: „פון צווישן דיינע ברידער זאָלסטו אויפשטעלן אַ קעניג איבער דיר; דו קענסט ניט אויפשטעלן איבער זיך אַ פרעמדן" (י"ז, ט"ו) — האָט ער זיך פלוצלינג פאַנאַנדערגעוויינט, ווייל ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער אַליין איז פון אדומישער אָפּשטאַמונג פון דעם צד פון זיין זיידן הורדוס דעם 1־טן. די ביייזייענדיקע, צווישן זיי אויך פּרושים, זיינען זייער גערירט געוואָרן דערפון און האָבן אויסגערופן: „ניט האָב קיין צער, אַגריפּאַס! דו ביסט אונדזער ברודער!". אין אַגריפּאַסן, וועלכער איז געווען דער זון פון דעם הינגעריכטעטן אַריסטובול און פון דער



אַגריפּאַס דער 1טער

חשמונאישער מרים, האָט דאָס פאָלק ווירקלעך געזען גיכער אַ חשמונאי איידער אַ הורדוס.

אַגריפּאַס האָט גענומען בויען אַרום ירושלים אַ הויכע פעסטונג, כדי צו פאַרזיכערן די שטאָט קעגן פיינדלעכע אָנפאַלן. נאָר דער רוימישער שטאַטהאַלטער אין סיריע האָט דערטראָגן וועגן דעם קלאַודיוסן און האָט נאָך צוגעלייגט, אַז דער יידישער קעניג וויל וואַרשיינלעך זיך אָפּרייסן פון רוים. דאַן האָט אַגריפּאַס געמוזט אָפּשטעלן די אַרבעט. אין גיכן איז אַגריפּאַס געשטאָרבן פלוצלינג, בשעת ער איז געווען אויף די עפנטלעכע שפּילן אין קיסריה. די יידן האָבן הייס באַוויינט זייער קעניג; אָבער די

גריכן און רוימער פון קיסריה האָבן זיך געפרייט מיט זיין טויט און האָבן געמאַכט אַ פריילעכן מאָלצייט דעריבער.

אין דער צייט פון אַגריפּאַס דעם ערשטן איז בראש פון דעם סנהדרין געשטאַנען גמליאל דער ערשטער, אַן אייניקל פון דעם גרויסן תנא הילל. גמליאל האָט מיט גרויס חכמה געפירט די אַרבעט פון דעם סנהדרין. ער פלעגט זוכן צוצופּאַסן די דינים צו די באַדערפענישן פון לעבן. איינער פון גמליאלס תלמידים איז געווען שאול פון תרשיש, וועלכער האָט זיך שפּעטער אָפּגעזאָגט פון יידנטום און איז געוואָרן דער הויפּט־אַפּאָסטאָל פון קריסטנטום, אונטערן נאָמען פּאַולוס. אין יענער צייט האָבן אַ סך געצנדינער אָנגעהויבן גלויבן אין אַן איינציקן גאָט. אייניקע האָבן אָנגענומען דעם דאָזיקן גלויבן, לויט דער קריסטלעכער לערע, אַנדערע לויט דער יידישער. אין סיריע און קליין־אַזיע האָבן אַ סך געצנדינער, דאָס רוב פרויען, זיך באַקערט צום יידנטום. אין דער קליינער מלוכה אדיאַבען, אין מעסאָפּאָטאַמיע, האָבן זיך מגייר געווען די קעניגן העלענאַ און אירע זין איזאַטוס און מאָנאַבאַר; זייער ביישפּיל האָבן נאָכגעטאָן די איבעריקע מיטגלידער פון דער דאָזיקער קעניגלעכער פאַמיליע. העלענאַ איז אַוועק קיין ירושלים מיתפּלל צו זיין צום גאָט פון ישראל. אין דער הויפּטשטאָט האָט דעמאָלט געבושעוועט אַ הונגער און העלענאַ האָט געשענקט אַ סך געלט צו קויפן ברויט פאַר דער הונגעריקער באַפעלקערונג. ווען העלענאַ און איזאַטוס זיינען געשטאָרבן, האָט מען זייערע קערפּערס אַריבערגעפירט קיין ירושלים און באַהאַלטן אין אַ באַזונדער מערה. זייערע קינדער און קינדס־קינדער האָבן זיך באַזעצט אין יהודה און האָבן דאָרט געלעבט ביז דעם אונטערגאַנג פון דער יידישער מלוכה.

## § 37. אַגריפּאַס דער צווייטער און די רוימישע פּראָקוראַטאָרן

אַגריפּאַס דער ערשטער האָט געלאָזט נאָך זיך אַ זיבעצן־יעריקן זון, אַגריפּאַס דעם צווייטן, און דריי טעכטער, פון וועלכע בערעניקאַ איז באַזונדערס באַרימט געווען פאַר איר שיינקייט. קלאַודיוס האָט געוואָלט באַשטימען פאַרן קעניג פון יהודה דעם יונגן אַגריפּאַס דעם צווייטן, וועלכער האָט זיך אויפגעצויגן אין רוים; אָבער די איינפלוסרייכע הויפלייט האָבן אָפּגערעדט דעם קייסער דערפון, אונטערן אויסרייד, אַז אַגריפּאַס

איז נאָך צו יונג. אויף אַזאַ אופן האָט יהודה ווידער אָנגעהויבן רעגירט צו ווערן דורך פּראָקוראַטאָרן.

דאָס פאָלק, וואָס האָט אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר זיך אָפּגעוואוינט פון פרעמדער הערשאַפט, האָט זיך ווידער דערפילט אומגליקלעך. די נייע רוימישע פּראָקוראַטאָרן האָבן מיט זייער שטרענגקייט נאָך מער פאַרשטאַרקט די אומצופרידנקייט פון פאָלק. דער שטאַטהאַלטער פאַדוס האָט גרויזאַם דערשטיקט יעדע שטרעבונג צו פרייהייט צווישן די יידן. ער האָט געהייסן קעפּן דעם אַגיטאַטאָר תעודה, וועלכער האָט זיך אַרויסגעגעבן פאַר אַ נביא און באַפרייער פון יהודה. דער היידנישער פאַדוס פלעגט זיך אַריינמישן אפילו אין די גייסטיקע ענינים פון די יידן: ער פלעגט באַשטימען אַ כוהן



מטבעות פון אַגריפּאַס דעם 1טן און 4טן

גדול און פלעגט האַלטן ביי זיך די יום־טובדיקע קליידער פון די כוהנים. אָבער צולעצט האָט דער אימפּעראַטאָר געגעבן אַגריפּאַסן דעם צווייטן דאָס רעכט צו באַשטימען אַ כוהן־גדול און פאַרוואַלטן דעם בית־המיקדש. אַגריפּאַס האָט געקראָגן אונטער זיין ממשלה די פּראָווינץ כאַלדייע, אין סיריע. אויף אַזאַ אופן איז דער אָפּשטאַמיקער פון די יידישע מלכים געוואָרן בלויז דער העלפער פון די רוימישע פּראָקוראַטאָרן, וועלכע האָבן רעגירט אין יהודה. אַליין צו רעגירן האָט אַגריפּאַס ניט געהאַט ניט די פעאיקייטן און ניט דעם ווילן. ער האָט בעסער אויסגעקליבן אַ פריילעך לעבן אין רוים, מיט דער יוגנט פון הויף פון זיין גלייכן, איידער צו דינען זיין פאָלק.

און אין יידישער פאָלק איז די אומצופרידנקייט מיט די רוימער אַלץ שטאַרקער געוואָרן. דער נייער פּראָקוראַטאָר קומאַנוס (48—52) האָט צעשטעלט רוימישע סאָלדאַטן אַרום בית־המיקדש צו היטן די אָרדענונג אין די גרויסע ימים־טובים. דאָס בייזיין פון די געצנדינער אין

דעם הייליקן הויז האָט באַליידיקט דאָס רעליגיעזע געפיל פון די יידן. איין מאָל האָט אַ סאָלדאַט באַגאַנגען אַ מיאוסע טאַט לעבן הייליקטום, פאַר די אויגן פון אַ גרויסער מאַסע יידן, וואָס האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דעם טאָג פון פסח. די אויפגעבראַכטע יידן האָבן גענומען וואַרפן שטיינער אויף די רוימישע סאָלדאַטן און זידלען דעם שטאַטהאַלטער. דעמאָלט האָט קומאַנוס אַרויסגערופן נאָך אַן אָפּטיילונג חיל. די סאָלדאַטן האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער אומבאַוואָפנטער מאַסע, וועלכע האָט זיך געלאָזט לויפן איבער די דערבייאיקע שמאָלע און קרומע גאַסן. די מענטשן האָבן געשטויסן און געשטיקט איינע די אַנדערע און טויזנטער יידן זיינען שפּעטער געפונען געוואָרן אין די גאַסן דערשטיקטע. אַ סך פאַמיליעס האָבן באַוויינט זייערע אומגעקומענע קרובים, און דער יום־טוב איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסן טרויער־טאָג. אַזעלכע צוזאַמענשטויסן פלעגן פאָרקומען אָפט, און דער שטאַטהאַלטער פלעגט געוויינלעך נעמען די געצנדינער אונטער זיין שוץ. פונקט אַזוי פיינדלעך האָבן זיך באַנומען מיט די יידן די פּראָקוראַטאָרן, וואָס זיינען געקומען נאָך קומאַנוסן.


נ ע ר אָ ן

דער נייער רוימישער אימפעראַטאָר נעראָן, דער נאָכפאָלגער פון קלאַודיוס (54—68), האָט אויך ניט באַשיצט די יידן פון די נגישות. איין מאָל האָט זיך אין קיסריה צעפלאַקערט אַ קריג צווישן די יידן און די גריכן וועגן זייער טרייהייט צו רוים.ביידע צדדים האָבן זיך געווענדט מיט קלאָגן צו נעראָנען. אָבער דער קעניג האָט נאָכגעגעבן די גריכן, כאָטש זיי זיינען געווען אומגערעכט. דעמאָלט האָט זיך אַ טייל פון דעם יידישן פאָלק גענומען גרייטן צו אַן אויפשטאַנד. אין פאַרשיידענע ערטער האָבן זיך צונויפגעזאַמלט יידישע פרייוויליקע מחנות צו קעמפן מיט די רוימער. בראש פון די דאָזיקע מחנות זיינען געשטאַנען מענטשן, וועלכע האָבן הייס געליבט זייער פאָטערלאַנד און זיינען געווען גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר איר באַפרייאונג. די דאָזיקע מענטשן האָבן זיך

גערופן קנאים אָדער זעלאָטן. צוזאַמען מיט די זעלאָטן, וועלכע האָבן געאַרבעט אָפן, האָבן זיך באַוויזן געהיימע מורדים, וועלכע האָבן זיך גערופן סיקאַריער אָדער „מעסערניקעס״. די סיקאַריער פלעגן טראָגן אונ־טער זייערע מאַנטלען קינזשאַלן און ביי יעדער גינסטיקער געלעגנהייט פלעגן זיי טויטן די רוימער, און אפילו זייערע ברידער־יידן, וועלכע האָבן זיך געחברט מיט די רוימער.

## § 38. דער אָנהייב פון אויפשטאַנד.

די געדולד פון יידישן פאָלק האָט אין גאַנצן געפּלאַצט, ווען פאַר פּראָקוראַטאָר פון יהודה איז באַשטימט געוואָרן דער רוימער געסיוס פלאָרוס, וועלכער איז דערשינען „אַזוי ווי אַ תליון״ (64—66). פלאָרוס האָט אָן אַ ברעקל געוויסן געריבט די איינוואוינער פון יהודה, אויסצאַ־פּנדיק געלט ביי אָרעם און רייך, און איז באַגאַנגען אַלערליי אומגעזעצ־לעכע מעשים. די געצנדינער, וואָס האָבן געלעבט אין לאַנד, צוזעענדיק דאָס, האָבן געמיינט, אַז דאָס געזעץ באַשיצט שוין ניט מער די יידן, און אַז מען קען זיי פאַרפאָלגן אומבאַשטראָפט. אין קיסריה־ביים־ים, וואו עס האָט געוווינטלעך געוואוינט דער רוימישער פּראָקוראַטאָר, האָבן זיך גע־שטאַרקט די אַמאָליקע מחלוקת צווישן די גריכן און די יידן. האַפנדיק אויף דער שטיצע פון פלאָרוסן האָבן די גריכן פון קיסריה אָנגעהויבן צו פאַרפאָלגן די יידן אויף טריט און שריט. די חוצפּהדיקע געצנדינער פלעגן זיך פאַרזאַמלען לעבן דער שול און מיט זייערע קולות און שפּאָט שטערן די יידן אין זייער תפילה. די דאָזיקע באַליידיקונגען האָבן אויפגערעגט די יידישע באַפעלקערונג. עס איז געקומען צו אַ האַנטגעשלעג אין די גאַסן, און די יידן זיינען געשלאָגן געוואָרן. דאַן האָבן זיי פאַרלאָזן קסריה אום שבת, צונעמענדיק מיט זיך די הייליקע ספרים און זיינען אַוועק אין אַ שכנישן שטעטל. פון דאַנען האָבן די פאַרטריבענע געשיקט שלוחים צו פלאָרוסן, בעטנדיק אים ער זאָל זיך איינשטעלן פאַר זיי; אָבער פלאָ־רוס האָט די שלוחים אויסגעהערט און האָט געהייסן אַריינוואַרפן זיי אין געפענגעניש.

די ידיעה וועגן דער גוואַלדטאַט האָט אין ירושלים אַרויסגערופן גרויס צאָרן, וועלכער האָט זיך נאָך מער צעוואַקסן ווען פלאָרוס האָט געשיקט צום פאַרוואַלטער פון בית־המיקדש אַ באַפעל — אַרויסצוגעבן אים פון

דער קאַסע פון בית־המיקדש 17 טאַלאַנטן גאָלד. די חוצפּהדיקע פאָדערונג פון דעם שטאַטהאַלטער איז אָפּגעזאָגט געוואָרן; דאָס פאָלק האָט אָפּן געזידלט און געשאָלטן פלאָרוסן: אייניקע יידן זיינען אַרומגעגאַנגען אין די גאַסן מיט פושקעס אין די הענט און האָבן אויף חוזק געבעטן ביי די פאַרבייגייער אַ נדבה פאַרן „אָרעמען, אומגליקלעכן פלאָרוס". ווען פלאָרוס האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט ער זיך מיט גרויס רציחה אַריינגעריסן אין ירושלים מיט אַ באַוואָפנטן חיל, און האָט געפאָדערט מען זאָל אים אַרויסגעבן דאָס געלט און די מענטשן וואָס האָבן אים באַליידיקט. די יידן האָבן דאָס אָפּגעזאָגט. דאַן האָט ער געהייסן זיינע סאָלדאַטן אויסרויבן דעם אַזוי־גערופענעם „אויבערשטן מאַרק", וואו עס האָבן זיך געפונען די הייזער פון די רייכע. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרעקלעכע שחיטה. אומזיסט האָט אַגריפּאַסעס שוועסטער, בערעניקאַ, זיך געבעטן ביי פלאָרוסן ער זאָל אָפּשטעלן דעם פּאָגראָם; דער פּראָקוראַטאָר איז געבליבן האַרט. נאָר דאָ האָט זיך דאָס פאָלק אליין געשטעלט פאַר זיך. ווען פלאָרוס האָט אריינגעפירט אין דער הויפטשטאָט פרישן חיל, כדי צו פאַרכאַפּן דעם בית־המיקדש, האָט זיך די באַפעלקערונג גענומען פאַר די וואָפן. די צעררייצטע יידן האָבן זיך ווי אַ כוואַליע אַ גאָס געטאָן אויף די גאַסן, וועלכע האָבן געפירט צום הר־הבית, האָבן אַרויסגעשטופּט פון דאָרט די רוימישע סאָלדאַטן, שיסנדיק אויף זיי פון די דעכער, און ענדלעך געצוואונגען פלאָרוסן אַוועקצוגיין מיט אַ טייל פון זיין חיל פון ירושלים צוריק קיין קיסריה.

פון דעסט וועגן זיינען אין אָנפאַנג ניט אַלע יידן צוגעשטאַנען צו דער מרידה. דעם קאַמף מיט די רוימער האָבן געפירט דער עיקר די אָרעמסטע קלאַסן פון פאָלק און די הייסע פּאַטריאָטן, וועלכע האָבן זיך גערופן „זעלאָטען". בראש פון די זעלאָטען איז געשטאַנען אליעזר בן־חנניה, פון דער מישפּחה פון די כוהנים־גדולים. אָבער די רייכע, וואָס האָבן מורא געהאַט פאַר זייער פאַרמעגן, זיינען געשטאַנען פאַר פרידן מיט די רוימער. דער פירער פון דער פרידלעכער פּאַרטיי איז געווען אַגריפּאַס דער צווייטער. ווען עס איז פאָרגעקומען דער אויבן־באַשריבענער צוזאַמענשטויס צווישן די יידן און פלאָרוסן, האָט דער הויפּט־פּראָקוראַטאָר פון סיריע, צעסטיוס גאַלוס, אַוועקגעשיקט קיין ירושלים אַ שליח אויסצופאָרשן די סיבות פון דעם אויפשטאַנד. אין בייזיין פון דעם דאָזיקן שליח האָט אַגריפּאַס פאַר אַ פאָלקס־פאַרזאַמלונג געהאַלטן אַ

לאַנגע רעדע און האָט שטאַרק איינגערעדט די יידן, אַז זיי זאָלן ניט אָנ־פֿאַנגען קיין געפֿערלעכע מלחמה מיט דער מעכטיקער רוים. די רעדע האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף די צוהערער; זיי האָבן זיך דערקלערט גרייט אונטערצוגעבן צום רוימישן אימפּעראַטאָר און ווידער צאָלן שטייערן. אָבער ווען אַגריפּאַס האָט ווייטער פֿאַרגעלייגט, אַז דאָס פֿאָלק זאָל אָנערקענען אויך די הערשאַפֿט פֿון דעם פֿאַרהאַסטן פֿלאָרוסן, זיינען די צוהערער שטאַרק אויפֿגעבראַכט געוואָרן. די אויפֿגעבראַכטע מאַסע האָט אָנגערופֿן אַגריפּאַסן פֿאַרעטער און האָט אים געצוואונגען צו אַנט־לויפֿן. די קריגערישע פּאַרטיי האָט געקראָגן די אויבערהאַנט, און דער אויפֿשטאַנד האָט זיך ווידער צעפֿלאַקערט. די כוהנים האָבן אויפֿגעהערט ברענגען דעם טעגלעכן קרבן פֿאַרן רוימישן קייסער — וואָס האָט באַ־דייט אַ ריס מיט רוים. די פֿרידלעכע פּאַרטיי האָט קריטיקירט די אויפֿ־פֿירונג פֿון די זעלאָטען און האָט אפֿילו אָנגעהויבן מיט זיי אַ קאַמף. זיבן טעג האָט געדויערט דער פֿאַרצווייפֿלטער קאַמף צווישן אַגריפּאַסעס מחנות און די זעלאָטן, ביז די לעצטע האָבן ענדלעך געזיגט. די צעוויל־דעוועטע זעלאָטען (סיקאַריער) האָבן פֿאַרברענט די פּאַלאַצן פֿון אַגרי־פּאַסן און בערעניקאַן און האָבן געהרגעט אַ סך יידן, וואָס זיי האָבן חושד געווען אין פֿריינדשאַפֿט צו די רוימער.

ווען דער הויפּט־פּראָקוראַטאָר פֿון סיריע, צעסטיוס גאַלוס, האָט זיך דערוואוסט וואָס עס טוט זיך אין ירושלים, איז ער אליין אַוועק אַהין מיט אַ גרויס חיל איינצושטילן די מרידה. פֿאַרוויסטנדיק אַלץ אויף זייער וועג, איז דאָס חיל אונטערגעקומען צו ירושלים אין די טעג פֿון סוכות (66). צוליב דער נאָענטער געפֿאַר האָט זיך די אַרמיי פֿון די זעלאָטען שטאַרק פֿאַרגרעסערט. איר הויפּט־פֿירער איז געווען שמעון בר־גיורא. צוציענדיק צו זיך אַ גרויסן טייל פֿון פֿאָלק, זיינען די זעלאָטן אַרויס פֿון ירושלים קעגן צעסטיוסעס לעגיאָנען און מיט אַ פֿאַראייניקטער אַטאַ־קע האָבן זיי געבראַכט אַ שרעקלעכע צעמישונג אין די פֿיינדלעכע רייען. די רוימער זיינען אָפּגעטראָטן פֿון ירושלים, נאָר אין עטלעכע טעג אַרום זיינען זיי ווידער אונטערגעקומען און האָבן אָנגעהויבן אַ באַלאַגערונג. זיי האָבן פֿאַרנומען די אויסערלעכע ניט באַפֿעסטיקטע טיילן פֿון שטאָט, אָבער זיי האָבן ניט געקענט בייקומען די יידן, וועלכע האָבן מוטיק פֿאַר־טיידיקט די אינערלעכע שטאָט. דעמאָלט האָט צעסטיוס באַפֿוילן אַרונ־טערצונעמען די באַלאַגערונג און אָפּטרעטן פֿון שטאָט. דערהערנדיק, אַז

דער שונא גייט אַוועק, האָבן די יידישע קריגער אים גענומען נאָכיאָגן און געבראַכט אויף אים אַ שרעקלעכע מפּלה. בעסטיוס איז מיט חרפּה אַנטלאָפן מיט דעם רעשט פון זיין חיל. דער דאָזיקער זיג איבער דעם רויִ־מישן הויפּט־קאָמאַנדיר האָט צוגעגעבן מוט די יידן. צו דער פּאַרטיי פון די זעלאָטן זיינען אַריבער אפילו אַ סך געלאַסענע מענטשן, וועלכע האָבן מורא געהאַט פאַר אַ מילחמה מיט רוים. אויף אַזאַ אופן איז דאָס רוב פון פאָלק צוגעשטאַנען צו דער מרידה — און אַן אַנטשיידענע מילחמה מיט די רוימער איז געוואָרן אומפאַרמיידלעך.



קאַפּיטל 6

# די מילחמה מיט די רוימער און דער אונטערגאַנג פון דער יידישער מלוכה

(70—66)

## § 39. די צוגרייטונגען צו דער מילחמה.

די מורדים האָבן פאָראויסגעזען, אַז דער רוימישער אימפּעראַטאָר וועט אין גיכן שיקן אַ גרויסן חיל אייבצושטילן דאָס האַרטנעקיקע פאָלק, האָבן זיי זיך דעריבער גענומען שטאַרק גרייטן צו פאַרטיידיקן זייער פאָטערלאַנד. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ צייטווייליקע רעגירונג פון אַריסטאָקראַטן און פּרושים. דער סנהדרין, בראש פון וועלכן עס איז דעמאָלט געשטאַנען שמעון בן גמליאל (היללס אור־אייניקל), האָט אויס־געאַרבעט אַ קלאָרן פּלאַן ווי אַזוי צו פאַרטיידיקן יהודה אין פאַל דער שונא וועט קומען. פאַר אַ הויפּט־באַמטן פון ירושלים האָט דער סנהדרין באַשטימט יוסף בן־גוריונען און דעם כוהן־גדול חנניה. זיי האָבן טיכטיק באַפעסטיקט די הויפּטשטאָט, האָבן געזאַמלט זעלנער, און האָבן אָנגע־גרייט גענוג געוועהר און עסנוואַרג. מען האָט גערעכנט, אַז די רוימער וועלן אונטערקומען ניט דורך דער נאָענטסטער האַפן־שטאָט, נאָר זיי וועלן זיך לאָזן פון סיריע מיט אַ טרוקענעם וועג דורך גליל. דעריבער האָט מען זיך דאָ מער ווי איבעראַל געגרייט פאַר דער פאַרטיידיקונג. פאַר קאָמאַנדיר פון דעם חיל אין גליל איז געשטעלט געוואָרן יוסף בן־מתתיהו,

וועלכער איז שפּעטער באַרימט געוואָרן ווי אַ היסטאָריקער אונטערן נאָ־מען יוסיפוס פלאַוויוס. אונטער זיין פירערשאַפט זיינען די וויכטיקסטע שטעט פון גליל שטאַרק באַפעסטיקט געוואָרן און זיינען באַזאָרגט גע־וואָרן מיט גענוג חיל און וואפן.


יוסיפוס פלאַוויוס

כדי די אַלע הכנות זאָלן ברענגען צום געווינטשטן ציל, איז נייטיק געווען, אַז צווישן אַלע טיילן פון פאָלק זאָל הער־שן פולשטענדיקע אחדות. נאָר צום אומגליק האָט זיך ביים פאָלק און ביי די פירער אַרויס־געוויזן אַ געפערלעכע צעריסנ־קייט. אין סנהדרין אַליין איז איין צד געשטאַנען פאַר אַן אַנטשיידענער מילחמה מיט די רוימער, ביז דאָס פאָטערלאַנד וועט אין גאַנצן באַפרייט ווערן, און דער אַנדערער צד, פאָראויסזעענדיק אַז אַזאַ מיל־חמה וועט זיין נוצלאָז, איז גרייט געווען צו מאַכן שלום מיט דער הערשאַפט פון די רוימער, אַבי נאָר די יידן זאָ־לן האָבן די פרייהייט פון אי־נערלעכן, גייסטיקן לעבן. אין פאָלק האָבן געקעמפט צוויי פאַרטייען: די רעוואָלוציאָנערע זעלאָטן און די אָנהענגער פון פרידן. דער קאָמאַנדיר פון גליל, יוסף בן־מתתיהו, איז אין האַרצן אויך געווען אַ קעגנער פון מילחמה, כאָטש צוליב אַנדערע געפילן. ער האָט אָפּגע־שטאַמט פון די כוהנים און אין דער יוגנט האָט ער געקראָגן זיין דערצי־אונג אין דער שולע פון די פּרושים. נאָר ווען ער איז אַלט געווען זעקס און צוואַנציק יאָר איז ער אַוועק קיין רוים, און דאָרט, אין דער געזעל־שאַפט פון די געבילדעטע רוימער, האָט ער געביטן זיינע איבערצייגונגען.

ער האָט איינגעזען, אַז נאָר אין רעליגיע און מאָראַל שטייען די יידן העכער פון די רוימער, אָבער אין רעגירונג און אין וועלטלעכער בילדונג שטייגן די רוימער איבער די יידן. יוסף האָט גערעכנט, אַז יהודה, אַזוי ווי די אַנדערע קליינע מלוכות פון מיזרח, קען נאָך געווינען דערפון, וואָס זי וועט זיך געפינען אונטער דער הערשאַפט פון אַזאַ שטאַרקער מאַכט ווי רוים. צו האַלטן מילחמה מיט רוים האָט זיך אים אויסגעוויזן פאַר געפערלעך, ווייל אין דעם דאָזיקן אומגלייכן קאַמף וועט די קליינע יהודה מוזן פאַלן און איר פאָלק וועט צעשפּרייט ווערן איבער אַלע לענדער. מיט אַזעלכע איבערצייגונגען האָט יוסף ניט געקענט שטרענג דערפילן זיין פליכט ווי קאָמאַנדיר פון דער גלילער אַרמיי. דאָס האָט פאַרשטאַנען איינער פון די הויפּטפירער פון די זעלאָטן אין גליל, יוחנן, פון דעם שטעטל גוש־חלב, וועלכער איז געווען אַ העלדישער מענטש און איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַ גרויסער ליבע צום פאָטערלאַנד און מיט האַס צו אירע אונטערדריקער. יוחנן האָט באַמערקט אין דער אויפפירונג פון יוספן אַ נייגונג ניט צו קאַמף, נאָר צו שלום מיט די רוימער. ער האָט באַלד געלאָזט וויסן דעם סנהדרין, אַז עס איז געפערלעך צו פאַרטרויען די פאַרטיידיקונג פון גליל צו אַזאַ מענטשן ווי יוסף. נאָר יוסף האָט זיך ריינגעוואַשן פאַרן סנהדרין און האָט באַוויזן, אַז יוחננס מורא האָט נישט קיין שום גרונט. ער איז געבליבן דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער גלילער אַרמיי — און דאָס האָט אין גיכן געפירט צו זייער אַ טרויעריקן סוף.

## § 40. די מילחמה אין גליל.

דער אימפּעראַטאָר נעראָן האָט געקראָגן די ידיעה וועגן דעם אויפשטאַנד פון די יידן, אין דער צייט ווען ער האָט פאַרבראַכט אין גריכנלאַנד ביי די אָלימפּישע שפּילן און האָט דאָרט אָפּגעהאלטן פריילעכע פעסטן. ער האָט באַלד אַוועקגעשיקט דעם בעסטן פון זיינע קריגספירער, וועספּאַסיאַנוסן, איינצושטילן די מרידה. אין אָנהייב פון יאָר 67 האָט וועספּאַסיאַנוס צוזאַמענגעצויגן צו די גרענעצן פון יהודה אַלע רוימישע חילות, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן מיזרח. זיין אַרמיי האָט באַטראָפן ביז זעכציק טויזנט מאַן. אין דער דאָזיקער אַרמיי האָט זיך געפונען, ווי אַ רוימישער וואַסאַל, אַגריפּאַס דער צווייטער מיט זיין חיל, און אַזוי איז אויסגעקומען, אַז אַן אָפּשטאַמיקער פון די יידישע מלכים האָט געדאַרפט אַרויסטרעטן קעגן זיין אייגן פאָלק. מיט אגריפּאַסן אין לאַגער

איז געווען זיין שוועסטער, די שיינע בערעניקאַ. דאָ האָט זי זיך באַקענט מיט וועספּאַסיאַנוסעס זון, טיטוס, וועלכער האָט קאָמאַנ־דירט עטלעכע פאָלקן, און זי האָט אים באַצויבערט מיט איר שיינקייט. עס איז געוואָרן אַ נאָענטע פריינדשאַפט צווישן דער יידישער פּרינצע־סין און דעם יעניקן, וואָס איז געשיקט געוואָרן צו דערלאַנגען דעם לעצטן קלאַפּ דער יידישער מלוכה.


וועספּאַסיאַנוס

וועספּאַסיאַנוס האָט אָנגעהויבן דער־מיט וואָס ער איז מיט אַן אָנגעקליבע־נער אַרמיי אַריין אין גליל, וועלכע ער האָט געמוזט איינעמען איידער ער האָט געקענט גיין אויף ירושלים. אַ שרעק האָט אַרומגעכאַפּט די איינוואוינער פון גליל, וועלכע האָבן קיין מאָל ניט געזען אַזאַ גרויסע פיינדלעכע אַרמיי. יוסף בן־מתתיהו איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיך דערשראָקן פאַר דער מאַכט פון די רוימער. ער איז אָפּגעטראָטן פון טבריה, אין דער צייט ווען דער שונא איז געגאַנגען פאָרויס און האָט איינגע־נומען איין שטאָט נאָך דער אַנדערער. די איינוואוינער פון די דאָזיקע שטעט האָבן אַרויסגעשטעלט אַ פאַרצווייפלטן ווידערשטאַנד, אָבער זיי האָבן דאָך ניט געקענט ביישטיין קעגן וועספּאַסיאַנוסעס ריזיקע מחנות. בלויז די שטאָט יודפת, וואָס איז געווען באַפעסטיקט פון דער נאַטור אַליין און וואָס יוסף האָט פאַרוואַנדלט אין אַ אומצוטריטלעכער פעסטונג, האָט אָפּגע־שטעלט אויף אַ צייט דעם גאַנג פון די רוימער. יודפת איז געשטאַנען אויף אַ הויכן פעלדז, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט טיפע טאָלן, און די איינציקע זייט, פון וועלכער עס איז מעגלעך געווען צוצוגיין, איז געווען פאַרצאַמט מיט גראָבנס און טורעמס. דאָ האָט זיך ער יוסף פאַר־שפּאַרט מיט אַ גרויסן טייל פון זיין חיל. וועספּאַסיאַנוס האָט צונויפ־געזאַמלט זיין אַרמיי אַרום דער דאָזיקער פעסטונג און האָט אַליין גע־פירט די באַלאַגערונג.

די רוימער האָבן אָן אויפהער געוואָרפן אין שטאָט אַריין פיילן, שטיינער און שטיקער ברענענדיקע האָלץ; נאָר די באַלאַגערטע פלעגן זיך געשיקט אַרויסגנבענען פון שטאָט און פלעגן אָוועקטרייבן דעם שונאס מחנות און פאַרניכטן זייערע באַלאַגערונגס־מאַשינען. ווען די רוימער



חורבות פון אַ שול אין גליל

האָבן צוגערוקט צו דער פעסטונג די „טאַראַנען" (מאַשינען צו ברעכן ווענט), האָבן די באַלאַגערטע אַרונטערגעלאָזט אַרום די פעסטונג־ווענט זעק מיט שטרוי, כדי אָפּצושוואַכן די קלעפּ פון דעם דאָזיקע געווער, און דערווייל האָבן זיי געוואָרפן אויף די סאָלדאַטן ברענענדיקע שייטער האָלץ און געגאָסן אויף זיי שוועבל און קאָכעדיקע סמאָלע. אָבער אַלע אָנשטרענגונגען פון די פאַרטיידיקער זיינען געווען אומזיסט. די שטאָט האָט זיך זייער גענייטיקט אין וואַסער. די יידישע קריגער, אויסגעמאַטערטע פון דורשט, וועלכע האָבן באַוואַכט די פעסטונג, זיינען איין מאָל פאַרטאָג איינגעשלאָפן. אַן אַריבערגעלאָפענער יידישער קריגער האָט עס מודיע געווען דעם שונא. זיינען די רוימער באַלד צוגעקומען שטיל צו דער פעסטונגען און האָבן אַרויפגעקלעטערט אויפן וואַנד — און איידער די וואַך האָט צייט געהאַט צו קומען צו זיך, איז יודפת געווען גענומען (יוני, יאָר 67). די צעבייזערטע רוימישע סאָלדאַטן האָבן געמאַכט אַ שרעקלעכע שחיטה אין שטאָט. טויזנטער יידן זיינען אומגעקומען אין יודפת, פיל

פרויען און קינדער זיינען גענומען געוואָרן געפאַנגען און זיינען פאַר־קויפט געוואָרן אין קנעכטשאַפט. דער קאָמאַנדיר יוסף אַליין האָט זיך עטלעכע טעג באַהאַלטן אין אַ הייל מיט פערציק חברים. ווען זייער באַ־העלטעניש איז אַנטדעקט געוואָרן, האָבן יוספס חברים באַשלאָסן בעסער צו דערשטעכן איינער דעם אַנדערן, איידער זיך אונטערצוגעבן צו די רוי־מער. אָבער יוסף איז אַרויס פון דער הייל און איז דערשינען פאַר וועס־פאַסיאַנוסן און אים אויסגעדריקט אונטערטעניקייט. וועספאַסיאַנוס האָט לכתחילה געהייסן האַלטן יוספן אונטער וואַך, אָבער נאָך דעם האָט ער אים אָנגעהויבן באַהאַנדלען גוט און האָט אים געלאָזט אין זיין סוויטע. די ידיעה אַז יודפת איז געפאַלן, האָט אַרויסגערופן גרויס טרויער אין ירושלים. דערוויסנדיק זיך אַז יוסף האָט זיך אונטערגעגעבן צו די רוימער, האָט אים דאָס פאָלק פאַרשאָלטן ווי אַ פאַררעטער צום פאָטערלאַנד.

נאָך דעם ווי יודפת איז געפאַלן, האָט וועספאַסיאַנוס באַזיגט דעם גאַנצן גליל. איידער ער האָט זיך געלאָזט גיין אויף ירושלים, האָט ער געלאָזט זיינע אויסגעמאַטערטע סאָלדאַטן זיך אויסרוען און האָט זיי פאַנאַנדערגעשטעלט אויף ווינטערדיקע קוואַרטירן, לעבן קיסריה ביים ים.

## § 41. די באַלאַגערונג פון ירושלים.

די יידן וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון דער שחיטה אין גליל, און די זעלאָטען פון אַנדערע טיילן פון לאַנד, האָבן זיך צונויפגעקליבן אין ירושלים. די הויפטשטאָט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קריגס־לאַגער. אַהער האָבן זיך פאַרזאַמלט די מוטיקסטע פאַרטיידיקער פון פאָטערלאַנד. ירושלים איז אין יענער צייט געווען אַ גרויסע, שיינע און גוט באַפעס־טיקטע שטאָט. פון דריי זייטן איז זי געווען באַשיצט מיט הויכע פעלדזן, וואָס זייערע זייטן זיינען געווען כימעט גלייך ווי אַ וואַנט, און דערצו מיט אַ קינסטלעכן וואַל. איר איינציקע אָפענע זייט איז געווען באַפעס־טיקט מיט אַ דרייענדיקער שטיינערנער וואַנט, מיט אַ סך טורעמס: דער באַרג מוריה, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען דער בית־המיקדש, איז גע־ווען אַן אומצוטריטלעכע פעסטונג. ביי אַזעלכע אומשטענדן וואָלט די שטאָט זיך געקענט לאַנג ווערן קעגן דעם שונא, ווען עס וואָלטן אין איר ניט פאַרגעקומען קיין מחלוקתן צווישן די פאַרשיידענע פאַרטייען. די קריגערישע זעלאָטן האָבן געדענקט, אַז כדי צו געווינען די מילחמה איז

נייטיק צו באַזייטיקן פון דער פירערשאַפט אַלע ליבהאָבער פון שלום, וועלכע האַלטן דעם קאַמף מיט רוים פאַר געפערלעך. אַזעלכע פרידנס־ליבהאָבער זיינען געווען אַ סך, סיי אין דעם סנהדרין, סיי צווישן די ירושלימער בירגער. צווישן זיי און די זעלאָטן האָט זיך צעפלאַקערט אַ קריג.

כדי צו אַריינגעמען די שטאָט אין זייערע הענט, האָבן די זעלאָטען פאַרכאַפּט דעם באַפעסטיקטן בית־המיקדש און האָבן זיך דאָרט באַזעצט. די פרידנס־ליבהאָבער פון דער פּאַרטיי פון דעם כוהן־גדול חנניה האָבן אַרומגערינגלט דעם הויף פון בית־המיקדש און האָבן באַלאַגערט די זעלאָטען. דעמאָלט האָבן די אָנהענגער פון די זעלאָטען אַריינגעלאָזט ביינאַכט אין שטאָט אַריין אַ מחנה אדומים און מיט זייער הילף זיינען זיי באַפאַלן דעם סנהדרין. די בעסטע מיטגלידער פון סנהדרין זיינען געהרגעט געוואָרן, צווישן זיי אויך דער שטאָט־באַאַמטער יוסף בן־גוריון און דער כוהן־גדול חנניה, אויך אַ סך פון דער פרידנס־פּאַרטיי זיינען הינגעריכטעט געוואָרן. די זעלאָטען האָבן פאַרבאָטן די איינוואוינער, אונטער טויט־שטראָף, צו פאַרלאָזן די שטאָט. נאָר אַז די זעלאָטען האָבן באַזיגט די פרידנס־פּאַרטיי זיינען זיי אַליין צעפאַלן געוואָרן אויף פאַרטייען, וועלכע זיינען באַשטאַנען פון מעסיקע און עקסטרעמע. די מעסיקע זעלאָטן האָבן אויסגעקליבן פאַר זייער פירער אליעזר בן־שמעון; די ווייניקער שאַרפע צווישן די גלילישע זעלאָטען האָבן זיך געפונען אונטער דער פירערשאַפט פון יוחנן פון גוש־חלב; אָבער די סאַמע עקסטרעמסטע פּאַטריאָטן זיינען געשטאַנען אונטער דער פירערשאַפט פון דעם אומדערשראָקענעם העלד שמעון בן גיורא. אַנשטאָט וואָס די דאָזיקע פּאַרטייען זאָלן זיך פאַראייניקן צו אַ קאַמף מיט דעם אַלגעמיינעם שונא, האָבן זיי געפירט אַ פאַרביטערטן קאַמף איינע מיט די אַנדערע. אין דער צייט פון די דאָזיקע צוזאַמענשטויסן זיינען פאַרניכטעט געוואָרן די ריזיקע אוצרות תבואה, וואָס די ירושלימער גבירים האָבן אָנגעגרייט און וואָס וואָלט געקלעקט צו שפּייזן די איינוואוינער אַ לאַנגע צייט. אויף אַזאַ אופן האָבן די פאַרטיידיקער פון פאָטערלאַנד, מיט זייערע מחלוקתן, בלויז פאַרשנעלערט זיין אונטערגאַנג.

דערווייל זיינען אין רוים פאָרגעקומען וויכטיקע ענדערונגען. דער בלוטדורשטיקער אימפּעראַטאָר נעראָן איז געשטאָרבן און אין רוים האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ קאַמף פאַרן טראָן צווישן די פירער פון דער אַרמיי.

נאָך צוויי יאָר פון מהומות איז פאַר אימפעראַטאָר פון רוים אויסגעקליבן געוואָרן דער קריגספירער וועספּאַסיאַנוס, וועלכער האָט זיך דעמאָלט געגרייט צו באַלאַגערן ירושלים. וועספּאַסיאַנוס איז אַוועק קיין רוים און פאַרן קאָמאַנדיר איבער דעם חיל, וואָס איז געווען אין יהודה, האָט ער געמאַכט זיין זון טיטוס. אין פסח פון יאָר 70 האָט טיטוס אַ רוק געטאָן זיין חיל אויף ירושלים. אין דער שרעק פאַר דער מעכטיקער אַרמיי און פאַר די מוראדיקע באַלאַגערונגס־מאַשינען, איז די שינאה צווישן די פּאַרטייען אין דער הויפּטשטאָט איינגעשטילט געוואָרן, כאָטש עס איז שוין געווען צו שפּעט. אַלע פּאַרטייען האָבן זיך פאַראייניקט צו פאַרטיידיקן די הייליקע שטאָט און דעם בית־המיקדש. ווען טיטוס האָט פאָרגעלייגט, אַז די שטאָט זאָל זיך אונטערגעבן מיט גוטן, האָבן די איינוואוינער שאַרף אָפּגעזאָגט און די באַלאַגערונג האָט זיך אָנגעפאַנגען.


טיטוס

די יידישע סאָלדאַטן פלעגן מאַכן אָפטע אויספאַלן פון שטאָט אויף דעם שונאס לאַגער און פלעגן דאָרט אָנמאַכן אַ חורבן. איין מאָל האָבן זיי שיער ניט געפאַנגען טיטוסן אַליין, וועלכער האָט זיך קוים געראַטעוועט. די דאָזיקע אָפטע אָנפאַלן פון די יידישע העלדן האָבן געשטערט די רוימער צוצופירן צום שטאָט זייערע גרויסע באַלאַגערונגס־מאַשינען. נאָר ענדלעך, נאָך שווערע פאַרלוסטן, איז די רוימער געלונגען אַרומצורינגלען די שטאָט מיט הויכע וואַלן און אַוועקשטעלן אויף זיי מאַשינען צו וואַרפן פיילן. פון די דאָזיקע וואַלן פלעגן זיי שיסן אין שטאָט אַריין און פאַרשפּרייטן טויט און פאַרוויסטונג צווישן דער באַפעלקערונג. אין דער זעלביקער צייט זיינען צוגערוקט געוואָרן צו ירושלים גרויסע אייזערנע טאַראַנען, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צו שמעטערן די שטאַרקע וואַנט אַרום שטאָט. די באַלאַגערטע, אונטער דער פירערשאַפט פון יוחנן פון גוש־חלב, פלעגן זיך ווידער אַלע מאָל אַרויסכאַפּן פון שטאָט, פלעגן צע־

ברעכן די באַלאַגערונגס־מאַשינען, פאַרניכטן דעם שונאס קליינע מחנות און ביכלל זיך שלאָגן מיט אומגעוויינטלעכער העלדישקייט. אָבער זיי האָבן דאָך ניט געקענט ביישטיין די מיליטערישע טאַקטיק און די שטאַר־קערע מאַכט פון די רוימער. אין מאַי האָט דער שונא גענומען די אוי־סערלעכע וואַנט פון שטאָט, און שפּעטער, נאָך אַ בלוטיקער שלאַכט פון פינף טעג, איז געפאַלן אויך די צווייטע אינעווייניקסטע וואַנט.

אָבער דאָס שווערסטע איז נאָך געקומען שפּעטער. דער שונא האָט



די באַלאַגערונג פון ירושלים

נאָך געדאַרפט נעמען די שטאַרק באַפעסטיקטע העכערע שטאָט און דעם הר־הבית. אַנטקעגן די דאָזיקע צוויי פּונקטן האָט טיטוס געהייסן אויפ־שיטן פיר וואַלן און אַרויפשטעלן אויף זיי שטורעמבעק. פיר לעגיאָנען האָבן געאַרבעט אָן אויפהער אויף די דאָזיקע פּאָזיציעס. נאָר די באַ־לאַגערטע זיינען אויך ניט געזעסן מיט צונויפגעלייגטע הענט. די פאַר־טיידיקונג פון דער אויבערשטער שטאָט האָט געפירט שמעון בר־גיורא, און דעם הר־הבית האָט פאַרטיידיקט יוחנן פון גוש־חלב. זיי האָבן ביידע געשאָסן אויף די רוימער פון זייערע שליידער־מאַשינען און געשטערט די אַרבעט פון אָנשיטן די וואַלן. טיטוס האָט נאָך אַמאָל געפּרוואווט צו אי־בעריידן די יידישע העלדן זיי זאָלן זיך אונטערגעבן און האָט געשיקט צו זיי יוסיפוס פלאַוויוסן, דעם געוועזענעם גלילישן קאָמאַנדיר. יוסף

האָט זיך געשטעלט אויף אַ הויכן וואַל קעגן דער פעסטונג און האָט פון דאָרט געהאַלטן אַ רעדע צו די באַלאַגערטע און האָט זיי איינגערעדט זיך אונטערצוגעבן צו טיטוסן און דערמיט כאָטש ראַטעווען דעם בית־המיקדש פון חרוב ווערן. אָבער די יידן האָבן ניט געפאָלגט יוספן, וועלכן זיי האָבן געהאַלטן פאַר אַ פאַררעטער; זיי האָבן זיך ווייטער געשלאָגן מיטן פעסטן באַשלוס צו זיגן אָדער שטאַרבן.

## § 42. חורבן ירושלים (אין יאָר 70)

דערווייל איז דער הונגער אין ירושלים געוואָרן אַלץ שרעקלעכער. די אָנגעגרייטע תבואה איז שוין לאַנג אויסגעגאַנגען. די רייכע פלעגן אָפּגעבן זייערע אוצרות, די אָרעמע — זייער לעצטן פאַרמעגן פאַר אַ שטיקל ברויט. אין זיכרון פון פאָלק זיינען געבליבן שוידערלעכע מעשות פון דער דאָזיקער צייט. מרתא, די רייכע אלמנה פון דעם כוהן־גדול יהושע בן־גמליאל, וואָס אַמאָל ווען זי פלעגט גיין אין בית־המיקדש פלעגט מען איר וועג פאַרשפּרייטן מיט פּרעכטיקע טעפּיכער, האָט געמוזט שטילן איר הונגער מיט אַרויסגעוואָרפענע ברעקלעך, וואָס זי פלעגט אויפקלייבן אין גאַס; אַן אַנדער רייכע פרוי איז דורך דעם הונגער געבראַכט געוואָרן דערצו, אַז זי האָט געקוילעט און אויפגעגעסן איר אייגן קינד. די גאַסן זיינען געווען באַדעקט מיט טויטע קערפּערס, אָדער מיט פאַרחלשטע מענטשן. עס איז קיין צייט ניט געווען צו באַגראָבן די טויטע. די טויטע קערפּערס, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אומעטום, האָבן פאַרפּעסטעט די לופט. הונגער, מגפה און דעם שונאס פיילן האָבן אַלע צוזאַמען געמאַכט אַ חורבן אין די רייען פון די פאַרטיידיקער, אָבער די איבערגעבליבענע האָבן נאָך אַלץ ניט פאַרלוירן זייער מוט. די דאָזיקע העלדישקייט און עקשנות פון די יידן האָבן איבערראַשט אפילו די העלדישע רוימער.

ענדלעך האָט דער שונא געווענדט זיינע באַלאַגערונגס־מאַשינען קעגן די פעסטונגען פון בית המיקדש. ווען די רוימער האָבן איינגענומען דעם הויפּט־טורעם אַנטאָניאַ, האָבן זיי פּלוצלינג דערזען פאַר זיך גראָבע ווענט, וואָס האָבן אַרומגערינגלט דעם הויף פון בית המידש. אזוי ווי דורכצוברעכן די ווענט איז געווען אוממעגלעך, האָט טיטוס אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אונטערצוצינדן די אויסערלעכע טויערן, פון וועלכע עס האָט זיך געצויגן אַ ריי זיילן ביזן סאַמע בית המיקדש. די שלאַכט האָט זיך צע־

ברענט אין דעם ברייטן הויף פון בית המיקדש; די יידישע קריגער האָבן זיך געשלאָגן ווי די לייבן, און יעדער טריט אויפן וועג צום בית המיקדש האָט געקאָסט דעם שונא טייכן בלוט. פּלוצלינג האָט אַ רוימישער סאָל־דאַט געכאַפּט אַ ברענענדיק שייט האָלץ און האָט עס אַריינגעוואָרפן אינעווייניק אין בית המיקדש, דורכן פענצטער. די הילצערנע טיילן אין די חדרים פון בית המיק־דש, האָבן זיך באַלד אָנגע־צונדן און אין גיכן איז דער גאַנצער בית המיקדש איינגעוויקלט געוואָרן אין פלאַמען. טיטוס, וועלכער האָט זיך באַלד אַ יאָג גע־טאָן אַהין, האָט הויך גע־שריגן צו די סאָלדאַטן זיי זאָלן איינלעשן די שריפה און ראַטעווען דעם פּראַכט־פולן בנין; נאָר צוליב דעם באַטויבנדיקן קראַכן פון די פאַלנדיקע געביי־דעס, די פאַרצווייפלטע גע־שרייען פון די באַלאַגער־טע און צוליב דעם קלאַנג פון די געווער איז אומ־מעגלעך געווען צו הערן דעם קול פון דעם הויפּט־קאַמאַנדיר. די צעווילדעוועטע רוימער האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אין די חדרים וואָס האָבן נאָך נישט געברענט, כדי צו רויבן די אוצרות וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, אָבער זיי האָבן געקענט אַריינדרינגען אַהין בלויז איבער די קערפּערס פון די יידישע קריגער, וואָס האָבן געפירט מיט זיי אַ פאַרצווייפלטן קאַמף אין מיטן דער שריפה. דאָ האָבן די געפילן זיך שוין פאַנאַנדערגעשפּילט און די זיגער האָבן פרייגעלאָזט זייער צאָרן. אַלטע לייט, פרויען און קינדער האָט מען אָן רחמנות געהרגעט; אַ סך יידן


די איבערבלייבענישן פון אַנטאָניאַ־טורעם



דער קדשי קדשים פון בית המיקדש

האָבן געפונען זייער טויט אין פייער, אין וועלכן זיי האָבן זיך אַליין אַריינגעוואָרפן. דער בית המיקדש, דער שטאָלץ פון יהודה, איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ הורבע אַש; ער איז חרוב געוואָרן אין די זעלביקע טעג (ניינטן און צענטן אָב), אין וועלכע עס איז אַמאָל חרוב געוואָרן דער ערשטער בית המיקדש דורך נבוכדנאצרן. פון די כלים פון בית המיקדש



דער כותל־המערבי

זיינען גאַנץ געבליבן בלויז די מנורה, דער הייליקער טיש (שולחן הפנים) און אַ ספר תורה. טיטוס האָט זיי געהייסן צונעמען און היטן ווי אַן אָנ־דענק פון דעם זיג.

דערמיט האָט זיך נאָך נישט געענדיקט די דעראָבערונג פון ירושלים. אין איין קוואַרטאַל פון שטאָט, וועלכע האָט זיך אָנגערופן די „אויבערשטע שטאָט", האָבן זיך פאַרשפאַרט די העלדן יוחנן פון גוש־חלב און שימעון בן־גיורא מיט דעם רעשט פון זייערע מחנות. זיי האָבן דערקלערט, אַז זיי וועלן נאָר דעמאָלט אונטערגעבן דעם טייל פון שטאָט צו טיטוסן ווען מען וועט זיי דערלויבן אַרויסצוגיין פון דאָרטן פריי מיט די געווער אין די הענט. טיטוס האָט דערויף נישט מסכים געווען און די מילחמה האָט זיך באַנייט. די אויבערשטע שטאָט איז גענומען געוואָרן פון די



דער טיטוס־טויער לזכרון דעם ניצחון אין ירושלים

רוימער און איז חרוב געוואָרן. די פירער יוחנן און שימעון, וועלכע האָבן זיך באַהאַלטן אונטער דער ערד זיינען פון דאָרט אַרויס אויסגעמאַטערטע פון הונגער, און זיינען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די רוימער. מען האָט זיי אַוועקגעפירט קיין רוים געשמידט אין קייטן.

## § 43. דער אונטערגאַנג פון יהודה.

מיטן חורבן פון ירושלים איז אין גאַנצן געפאַלן די יידישע מלוכה. דער דאָזיקער זעלטענער קאַמף אין דער געשיכטע, דער קאַמף פון אַ

קליינער מלוכה מיט דער גרעסטער אימפעריע פון דער וועלט — האָט פאַרשלונגען אומגעהייער פיל קרבנות: אַרום אַ מיליאָן יידן זיינען אומ־געקומען אין דער מילחמה מיט די רוימער (66—70) און אַרום הונדערט טויזנט זיינען אַוועקגעפירט געוואָרן געפאַנגען. פון די דאָזיקע געפאַנ־גענע זיינען אייניקע געטויט געוואָרן, אַנדערע זיינען פאַרשיקט געוואָרן אויף שווערע אַרבעט אָדער זיינען פאַרקויפט געוואָרן אין קנעכטשאַפט אויף די מערק פון אַזיע און אַפריקע. די געזינטערע און שענערע פון זיי האָט מען איבערגעלאָזט צו ראַנגלען זיך מיט די ווילדע חיות אין די



די יידישע געפאַנגענע טראָגן די הייליקע כלים פון בית המיקדש

רוימישע צירקן און אויך צו באַגלייטן טיטוסן ביי זיין פייערלעכן אַריינ־פאָר אין רוים. ווען טיטוס האָט געפייערט די געבורטסטאָג פון זיין פאָ־טער און פון זיי ברודער, האָט ער געמאַכט מיליטערישע שפילן און גלאַ־דיאַטאָרישע געשלעגן, ביי וועלכע מען האָט אַ סך געפאַנגענע יידן גע־וואָרפן צו די ווילדע חיות, צעריסן צו ווערן, כדי צו אונטערהאַלטן דעם עולם. נאָך דעם האָט טיטוס זיך אומגעקערט קיין קיין רוים מיט פיל רויב און אַ מאַסע יידישע געפאַנגענע. דאָ האָט דער אימפעראַטאָר וועס־פּאַסיאַנוס געמאַכט אַ פייערלעכע פּראָצעסיע איבערן שטאָט לכבוד דעם זיג איבער יהודה. פאַרויס פון דעם אימפעראַטאָר און זיינע צוויי זין, טיטוס און דאָמיציאַנוס, זיינען געגאַנגען אין קייטן די געפאַנגענע יידן; דאָ האָט מען אויך געפירט די הייליקע כלים, וועלכע זיינען צוגענומען געוואָרן פון בית המיקדש. ווען די פּראָצעסיע איז צוגעקומען צום טעמפל

פון יופיטער, האָט מען פון צווישן די יידישע געפאַנגענע אַרויסגעפירט דעם קאָמאַנדיר שימעון בן־גיורא, מען האָט אַרויפגעוואָרפן אויף אים אַ שטריק און אים אַריינגעשלעפט אין געפענגעניש, לעבן דעם פאָרום, און דאָרטן האָט מען הינגעריכט דעם יידישן העלד. דער עולם אין דרויסן האָט מיט פרייד־געשרייען אויפגענומען די ידיעה פון זיין טויט. דער אַנ־דערער פירער יוחנן פון גוש־חלב איז פאַראורטיילט געוואָרן אויף לעבנס־לענגלעכער געפענגעניש. אין אָנדענק פון דעם זיג, האָבן די רוימער אויס־




רוימישע מטבעות לזכרון דעם ניצחון איבער יהודה

געגאָסן באַזונדערע מטבעות מיט דעם בילד פון אַ פרוי, געשמידט אין קייטן און אונטערגעשריבן: „יודעאַ קאַפּטאַ, יודעאַ דעוויקטאַ"; די גע־פאַנגענע יהודה, די באַזיגטע יהודה.

נאָכן חורבן פון ירושלים זיינען אין יהודה געבליבן דריי פעסטונגען. די שטאַרקסטע פון זיי, מסדה, (לעבן טויטן ים) האָבן די רוימער גענומען אין דריי יאָר אַרום נאָך טיטוסעס אָוועקגאַנג (73). די העלדישע פאַרטיי־דיקער פון מסדה האָבן זיך געשלאָגן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט פאַר דער לעצטער שטיצע פון פאָטערלאַנד. אַלע יידישע קריגער וואָס האָבן זיך געפונען אין דער פעסטונג (אַרום טויזנט), האָבן, באַגייסטערט פון אַ רעדע פון זייער פירער אליעזר בן־יאיר, דערשטאָכן מיט שווערדן זייערע ווייבער און קינדער, און דערנאָך זיך אַליין, כדי ניט אַריינצופאַלן אויף שפּאָט אין די הענט פון דעם שונא. ווען די רוימער זיינען אַריין אין מערה, האָבן זיי געפונען לעבעדיק נאָר צוויי פרויען מיט פינף קינדער.

דאָס גאַנצע לאַנד יהודה איז דערקלערט געוואָרן פאַרן אייגנטום

פון די רוימישע קייסאָרים. שטיקער לאַנד זיינען טיילווייז צעטיילט געוואָרן צו רוימישע סאָלדאַטן וואָס האָבן זיך דאָרט באַזעצט, און טיילווייז זיינען זיי פאַרקויפט געוואָרן צו אַנדערע געצנדינער, בלויז אַ קליינע פּראָווינץ איז אָפּגעטיילט געוואָרן פאַר די געבליבענע יידן צום וואוינען. דעם שטייער פון אַ האַלבן שקל, וואָס פריער האָט יעדער ייד געצאָלט פאַרן בית המיקדש, האָט מען איצט באַפוילן אויפצומאָנען פאַרן טעמפּל פון יופּיטער אין רוים.

די איבערגעבליבענע פון דער זעלאָטישער פּאַרטיי, וועלכע זיינען אַנטלאָפן פון יהודה, האָבן געפונען רו אין מיצרים, זייענדיק דורכגעדרונגען מיט אַ האַס צו רוים האָבן די „לעצטע קנאים" אויפגעמונטערט די עגיפּטישע יידן צו אַן אויפשטאַנד קעגן די רוימער אָבער די דאָזיקע אונטערנעמונג האָט זיך נישט איינגעגעבן. וועספּאַסיאַנוס האָט דעם אויפשטאַנד שנעל דערשטיקט. כדי צוצונעמען ביי די יידן זייער לעצט הייליקטום, האָט ער באַפוילן צו פאַרניכטן דעם בית המיקדש, וואָס זיי האָבן געהאַט אין מיצרים (73).

אַגריפּאַס דער צווייטער, דער זון פון דעם לעצטן קעניג פון יהודה, האָט אויפגעהיט זיין קליין סיריש קעניגרייך, און האָט געלעבט אַמאָל אין רוים און אַמאָל אין זיין מלוכה. וועספּאַסיאַנוס, האָט אים רייך באַלוינט פאַר זיין געטריישאַפט צו רוים און פאַר זיין הילף צו באַזיגן גליל. אַגריפּאַסעס שוועסטער בערעניקאַ האָט געלעבט ביי טיטוסן אין פּאַלאַץ אין רוים. טיטוס האָט מיט איר נישט חתונה געהאַט, ווייל ער האָט מורא געהאַט, אַז די רוימער וועלן זיין אומצופרידן אויב ער וועט זיך משדך זיין מיט אַ יידישער פרוי; בערעניקאַ האָט זיך אַן אַנטוישטע אומגעקערט קיין פּאַלעסטינע.

יוסיפוס פלאַוויוס האָט געלעבט ביים רוימישן הויף ביז זיינע לעצטע טעג. ער איז געווען אַן אומפּעאיקער קריגספירער, אָבער ער איז באַרימט געוואָרן ווי אַ היסטאָריקער פון זיין פאָלק. דעם נאָמען פלאַוויוס האָט ער געקראָגן פון וועספּאַסיאַנוסעס פאַמיליע־נאָמען — פלאַוויוס, ווי אַן אויסדרוק פון קעניגלעכן דאַנק. וועספּאַסיאַנוס האָט געשענקט יוספן גרויסע שטרעקעס לאַנד אין יהודה, און האָט אים אָפּגעטראָטן צום וואוינען איינע פון זיינע הייזער אין רוים. דאָ האָט יוסף אָפּגעלעבט אַרום צוואַנציק יאָר, און האָט געשריבן זיינע באַרימטע ווערק — די געשיכטע פון יידישן פאָלק. ער האָט דערציילט אויספירלעך וועגן יענע מילחמות,

אין וועלכע ער אַליין האָט אָנטייל גענומען און האָט זיי אַליין צוגעזען. זיין געשיכטע „די יידישע מילחמות״, איז לכתחילה געשריבן געוואָרן אין העברעאיש, אָבער צו אונדז איז זי דערגאַנגען בלויז אין איר גרי־כישער איבערזעצונג. דערנאָך האָט יוסיפוס פלאַוויוס אָנגעשריבן אויף גריכיש אַ ווערק פון צוואַנציק ביכער אונטערן נאָמען „יידישע אַלטער־טימער״, וועלכע אַנטהאַלט די געשיכטע פון יידישן פאָלק פון די אוראַלטע צייטן ביז די לעצטע רוי־מיש־יידישע מילחמות. די היסטאָרישע ווערק פון יו־סיפוס פלאַוויוס צייכענען זיך אויס מיט אַן אויסער־געוויינטלעכער שיינקייט פון סטיל און מיט אַן אָנ־ציענדיקער דערציילונגס־פאָרעם. אָבער דער פאַר־פאַסער איז אָפט מאָל פאַרטייאיש ווען ער דער־קלערט די פאַסירונגען פון זיין צייט. ער שטעלט פאָר, צום ביישפּיל, אַלע זעלאָטן פאַר שלעכטע מענטשן, און גיט אָפט די רוימער גע־רעכט פאַר זייער אויפפי־רונג. צו אונדז זיינען אויך דערגאַנגען אַ ריי ווערק אין גריכיש, וועלכע זיינען געשריבן געוואָרן פון יידן אין יהודה אָדער מיצרים, אין די לעצטע צוויי הונדערט יאָר פון דער יידישער מלוכה, און וועלכע זיינען ענג פאַרבונדן מיט דער ביבלישער ליטעראַטור. די דאָזיקע ווערק זיינען באַוואוסט אונטערן נאָ־מען אַפּאָקריפען, אָדער „באַהאַלטענע שריפטן״.



י ה ו ד י ת

די אַפּאָקריפן באַשטייען פון: 1) ספר חשמונאים, וואו עס ווערט דערציילט וועגן די מילחמות פון יהודהס באַפרייאונג פון סירישן יאָך;

2) משלי יהושע בן־סירא; 3) יהודית, וואו עס ווערט באַשריבן די העל־דנטאַט פון אַ יידישער פרוי יהודית, וועלכע האָט געהרגעט דעם באַבי־לאָנישן קריגספירער האָלאָפאָרנעס און האָט דערמיט געראַטעוועט יהודה; 4־5) מאָראַלישע דערציילונגען טוביה און שושנה; 6) חכמת שלומה און אייניקע אַנדערע ספרים. אַ טייל פון די דאָזיקע ווערק איז געשריבן געוואָרן לכתחילה אין העברעאיש, נאָר שפּעטער זיינען די העברעאישע אָריגינאַלן פאַרלוירן געגאַנגען און עס זיינען געבליבן נאָר די גריכישע איבערזעצונגען פון זיי. אייניקע אַפּאָקריפען זיינען מיט זייער גייסט זייער נאָענט צום תנ״ך (צום ביישפּיל, די ערשטע טיילן פון „חשמונאים״ און „משלי בן־סירא״), נאָר די חכמים האָבן זיי נישט אַריינגענומען צווישן די הייליקע שריפטן, ווייל זיי זיינען געשאַפן געוואָרן אין אַ שפּעטערער צייט.



קאַפּיטל 7

# פון חורבן ירושלים ביז דעם אויפשטאַנד פון בר־כוכבא

(138—70)

## § 44. יוחנן בן־זכאי.

ווען די יידישע מלוכה האָט נאָך עקזיסטירט און האָט נאָך געקעמפט מיט רוים פאַר איר זעלבסטשטענדיקייט, האָבן די ווייטזיכטיקע גייסטיקע פירער פון פאָלק פאָרויסגעזען אַז דאָס פאָטערלאַנד וועט שנעל אונטער־גיין. פון דעסט וועגן האָבן זיי ניט פאַרלאָרן דעם מוט און האָבן גע־גלויבט, אַז דאָס יידישע פאָלק וועט ניט אונטערגיין אפילו ווען עס וועט פאַרלירן זיין מלוכה. די דאָזיקע מענטשן האָבן פאַרשטאַנען, אַז די אמתע קראַפט פון אַ פאָלק באַשטייט ניט אין רעגירונג אָדער אין מיליטערישער מאַכט, נאָר אין דעם גייסט, אין דער אינעווייניקסטער אחדות, וועלכע קומט ווען דאָס פאָלק איז פאַראייניקט אין זיינע געפילן, אין זיין גלויבן און אין זיינע זיטן און מינהגים. דעריבער האָבן זיי געאַרבעט צו פאַר־שטאַרקן אין די יידן דעם רעליגיעזן און נאַציאָנאַלן גייסט. דער וויכ־טיקסטער צווישן זיי איז געווען דער תנא ר׳ יוחנן בן זכאי, איינער פון די חשובסטע מיטגלידער פון סנהדרין, דער פירער פון בית־הילל. ר׳ יוחנן איז געווען דער פירער פון דער פרידלעכער פאַרטיי און האָט פאָרויסגע־זען דעם אונטערגאַנג פון יהודה. ער האָט דעריבער באַשלאָסן צוצוגרייטן אַ פּלאַץ וואוהין צו ראַטעווען די גייסטיקע פירער פון פאָלק ווען ירושלים וועט חרוב ווערן. נישט לאַנג פאַר דער באַלאַגערונג פון ירושלים, ווען

די סאָלדאַטן האָבן פאַרשפּאַרט די טויערן פון דער הויפּטשטאָט און קיי־נעם ניט אַרויסגעלאָזט, האָט זיך ר׳ יוחנן מיט זיינע תלמידים אַרויסגע־גנבעט פון שטאָט אויף אַ כיטרען אופן: די תלמידים האָבן אָנגעטאָן דעם גרייז־גרויען יוחנן אין תכריכים, האָבן אים אַריינגעלייגט אין אַן ארון און אים אַרויסגעפירט פון שטאָט אַזוי ווי אַ מת. ווען זיי זיינען שוין געווען הינטערן שטאָט איז יוחנן אויפגעשטאַנען און איז געקומען צום רוימישן קריגספירער וועספּאַסיאַנוס און האָט אים געזאָגט: „דערלויב מיר זיך באַזעצן מיט מיינע תלמידים אין דער שטאָט יבנה און גרינדן דאָרט אַ ישיבה" (יבנה איז ניט ווייט פון יפו). וועספּאַסיאַנוס האָט



דאָס קבר פון יוחנן בן־זכאי אין טבריה.

פריינדלעך אויפגענומען דעם יידישן תנא, וועלכער איז געשטאַנען פאַר שלום מיט די רוימער, און האָט דערפילט זיין בקשה.

אין גיכן נאָך דעם ווי יוחנן האָט זיך באַזעצט אין יבנה, איז אָנגע־קומען אַהין די שרעקלעכע ידיעה אַז ירושלים און דער בית־המיקדש זיי־נען חרוב געוואָרן. לאַנג האָבן דער לערער און די תלמידים געוויינט אויפן גרויסן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן זייער פאָטערלאַנד. די תלמידים האָבן געדענקט, אַז נאָך דעם ווי דער בית־המיקדש איז חרוב געוואָרן און עס האָבן אויפגעהערט די קרבנות, וועט די יידישע אמונה מוזן אונ־טערגיין. אָבער יוחנן האָט זיי געטרייסט, דערמאָנענדיק זיי די ווערטער פון די נביאים, אַז דאָס אמתע דינען צו גאָט באַשטייט ניט אין ברענגען קרבנות, נאָר אין ערלעכקייט און גוטע מעשים. „פאַר גאָט — האָט ער

געזאָגט אין די ווערטער פון תנ״ך — זיינען ליב גוטע מעשים, און נישט קיין קרבנות. אַזוי ווי פריער האָט פאַראייניקט אַלע יידן דער בית־המיקדש, אַזוי דאַרף זיי איצט פאַראייניקן די אמונה און אירע מיצוות״. צו לערנען תורה האָט יוחנן געגרינדעט די ישיבה אין יבנה, און אויף אַכטונג צו געבן אַז אַלע דינים זאָלן אָפּגעהיט ווערן האָט ער אין דער זעלביקער שטאָט געגרינדעט אַ בית־דין, וואָס איז געווען אַ נייער סנהדרין, אויף דעם אָרט פון דעם אונטערגעגאַנגענעם סנהדרין אין ירושלים. אונטער דער פירערשאַפט פון ר׳ יוחנן, האָט דער יבנהער סנהדרין גענומען ברענגען אין אָרדענונג די גייסטיקע ענינים פון די יידן. עס איז איינגעפירט געוואָרן אַ נייער מין גאָטדינסט, אָן קרבנות, נאָר אייניקע צערעמאָניעס פון בית־המיקדש זיינען אויפגעהיט געוואָרן פאַר אַן אָנדענק פון דער פאַרגאַנגענהייט (צום ביישפּיל: דאָס דוכענען, ד״ה, די צערעמאָניע ביים ענדע פון דאַוונען, ווען די כוהנים בענטשן דאָס פאָלק, דאָס שופר בלאָזן, און אַ לולב און אתרוג אום סוכות אא״וו).

ניט לאַנג אָבער האָט ר׳ יוחנן בן־זכאי געפירט די גייסטיקע ענינים פון די יידן. ער איז שוין געווען זייער אַלט און איז געשטאָרבן אין עטלעכע יאָר אַרום נאָכן חורבן ירושלים (80). פאַרן טויט האָט ער געבענטשט זיינע תלמידים און האָט זיי געזאָגט: זאָל די מורא פאַר גאָט (גייסטיקע דיסציפּלין) זיין אויף אייך אַזוי שטאַרק ווי די מורא פאַרן מענטשן (מלוכה־דיסציפּלין).

## § 45. רבי גמליאל דער צווייטער.

נאָך ר׳ יוחנן בן־זכאיס טויט איז דער עלטסטער פון דעם סנהדרין אין יבנה געוואָרן גמליאל דער צווייטער, דער זון פון שמעון דעם צווייטן, דער לעצטער נשיא פון דעם סנהדרין אין ירושלים. שמעון איז אומגעקומען אין דער צייט פון דער באַלאַגערונג פון ירושלים און יוחנן בן זכאי האָט גענומען זיין יונגן זון צו זיך צו דערציען. יוחנן האָט געהאָדעוועט און געלערנט דעם ייִנגל אין יבנה און האָט אים געגרייט צו ווערן זיין נאָכפאָלגער. נאָכן טויט פון זיין דערציער און לערער, איז גמליאל געוואָרן דער ראש פון סנהדרין. ביז דעמאָלט איז דער דאָזיקער אַמט איבערגעגאַנגען בירושה אין היללס פאַמיליע. די רוימישע הערשער האָבן באַשטעטיקט גמליאלן אין זיין אַמט און האָבן אים געגעבן דעם טיטל

נשיא, אָדער פּאַטריאַרך, ד״ה דער עלטסטער פון די יידן אין ארץ־ישראל. דער יונגער גמליאל האָט זיך אויסגעצייכנט ניט נאָר ווי אַ גוטער לערער נאָר אויך ווי אַ פּעאיקער פירער. אויסער זיין טיפן וויסן אין דער תורה האָט ער גוט געקענט די רוימישע און גריכישע שפּראַכן, וועלכע זיינען געווען נייטיק אין זיינע באַציאונגען מיט די קעניגלעכע פּראָקוראַטאָרן און אַנדערע באַאַמטע.

אין יענער צייט איז אימפּעראַטאָר אין רוים, נאָך טיטוסן, געווען זיין ברודער דאָמיציאַן (81—96). דאָמיציאַן, וועלכער איז געווען אַ גרויזאַמער מענטש און די רוימער אַליין האָבן אים געהאַסט, האָט זיך געהאַלטן צו די יידן זייער פיינדלעך. אין זיין צייט האָבן די רוימישע באַאַמטע אין יהודה שטאַרק געדריקט די איינוואוינער און אַרויפגעלייגט אויף זיי אַ שווערע לאַסט פון שטייערן. די יידישע אמונה איז דעמאָלט אויך געווען אין סכנה, ווייל צווישן די יידן האָבן זיך באַוויזן סעקטעס, וועלכע האָבן אָנגענומען די נייע קריסטלעכע לערע. כדי צו באַפעסטיקן די אינעווייניקסטע איינִיקייט פון פאָלק, האָט רבי גמליאל באַשלאָסן צו פאַרגרעסערן די מאַכט פון סנהדרין צו שאַפן דינים. דאָס איז געווען זייער שווער. פון יוחנן בן זכאיס ישיבה זיינען אַרויסגעקומען גרויסע תנאים, ווי צום ביישפּיל, יהושע בן־חנניה און אליעזר בן־הורקנוס, וועלכע האָבן געגרינדעט אין פאַרשיידענע ערטער זייערע אייגענע ישיבות. יעדע ישיבה האָט אויסגעטייטשט די דינים און די טראַדיציעס פון יידנטום אויף איר אייגענעם שטייגער; עס האָבן זיך אָנגעהויבן אויף דאָס ניי די אַלטע מחלוקות צווישן בית־הילל און בית־שמאי. כדי צו מאַכן אַ סוף צו די מחלוקות פון די געזעץ־לערערס האָט גמליאל הנשיא דערקלערט, אַז דער סנהדרין דאַרף יעדעס מאָל באַשליסן מיט אַ מערהייט פון שטימען, וועלכע אויסטייטשונג פון אַ דין איז די ריכטיקע. יענע תנאים, וועלכע האָבן זיך ניט געוואָלט אונטערוואַרפן צו די באַשלוסן פון דער מערהייט אין סנהדרין פלעגט רבי גמליאל אין גאַנצן ניט אריינלאָזן אין דער ישיבה. אַזאַ מין שטראָף האָט געקראָגן אפילו אליעזר בן־הורקנוס, וועלכער איז געווען זייער געשעצט ביים פאָלק.

די דאָזיקע שטרענגקייט האָט אַרויסגערופן אומצופרידנקייט קעגן רבי גמליאל. צווישן די תנאים האָט זיך געשאַפן אַ פיינדלעכע פּאַרטיי קעגן דעם נשיא, וועלכע האָט זיך אָפּגעזאָגט אים צו פאָלגן, און האָט אויסגעקליבן אויף זיין אָרט אַן אַנדער נשיא פון סנהדרין, דעם יונגן תנא

אליעזר בן־עזריה. רבי גמליאל האָט זיך אָן טענות אונטערגעגעבן און איז פאַרבליבן זיצן אין סנהדרין ווי אַ געוויינטלעכער מיטגליד. דעמאָלט האָבן אַלע פאַרשטאַנען, אַז רבי גמליאל איז זיך באַגאַנגען אַזוי שטרענג ניט פון גאוה, נאָר ווייל ער האָט באמת געוואָלט מאַכן אַ סוף צו די געפער־לעכע רעליגיעזע מחלוקותן. איז גמליאל צוריק דערוויילט געוואָרן ווי פאָרזיצער פון סנהדרין, און אליעזר בן־עזריה איז געבליבן ווי זיין העלפער. רבי גמליאל האָט מסדר געווען די אָרדענונג און דעם אינהאַלט פון די טעגלעכע תפילות: שחרית (מאָרגן־תפילה), מנחה (פאַרנאַכטיקע



דאָס קבר פון רבי גמליאל

תפילה) און מעריב (ביינאַכטיקע תפילה). ער האָט אויך איינגעפירט די וויכטיקסטע תפילה פון טאָג, שמונה עשרה, וועלכע באַשטייט פון אַכצן ברכות. אין דער דאָזיקער תפילה איז יעדער מיתפלל ניט נאָר פאַר זיין אייגענעם וואוילזיין, נאָר אויך פאַר דער ווידעראויפלעבונג פון ירושלים און פון דער יידישער מלוכה. כדי די אומעטום־צעשפּרייטע יידן זאָלן וויסן די ריכטיקע צייט פון די ימים־טובים, פלעגט דער יבנהער סנהדרין יעדעס מאָל מודיע זיין וועגן דעם די פאַרוואָרפענע קהילות דורך באַזונדערע שלוחים. כדי אויסצומיידן טעותן, פלעגן די יידישע קהילות אין חוץ לארץ פייערן פסח, שבועות, סוכות און ראש־השנה מיט אַ טאָג מער ווי אין ארץ־ישראל. דערפון האָבן זיך גענומען די „אַנדערע טעג" פון די ימים־טובים.

אין יענע צייטן, ווען דאָס קריסטנטום האָט זיך געהאַלטן שטאַרק

אין פאַרשפּרייטן, זיינען אויך געווען פאַלן, וואָס געצנדינער פלעגן אָנ־נעמען די יידישע אמונה. אַזעלכע זיינען געווען אייניקע נאָענטע קרובים פון דעם קייסער דאָמיציאַן, וואָס האָבן אָפּגעהיט די מינהגים פון דער יידישער רעליגיע. דער גרויזאַמער קעניג האָט דערפאַר נאָך מער פאַר־האַסט די יידן. איין געלערנטער גריך פון קליין־אַזיע, מיטן נאָמען עקילס, האָט זיך מגייר געווען און האָט זיך באַפריינדעט מיט רבי גמליאל הנשיא און מיט די יידישע תנאים. אונטער זייער השגחה האָט עקילס געמאַכט אַ ווערטלעכע גריכישע איבערזעצונג פון תנ״ך, אנשטאָט דעם אַלטן, צעקאַליעטשעטן „תרגום השיבעים״ (איבערזעצונג פון די זיבעציק). אָבער עקילסעס איבערזעצונג איז צו אונדז ניט דערגאַנגען, עס איז נאָר געבליבן אַן אַראַמעאישע איבערזעצונג פון דער תורה וואָס איז געמאַכט געוואָרן לויט זיין איבערזעצונג, מיטן נאָמען „תרגום אונקלוס״ (די איבערזעצונג פון אונקלוס, ד״ה עקילס).

## § 46. מהומות אין דער צייט פון טראָיאַנוס און האַדריאַן

אין דריי יאָר אַרום נאָך דעם טויט פון דאָמיציאַן, איז קייסער פון רוים געוואָרן טראָיאַנוס (98). ער האָט געפירט לאַנגע מילחמות מיט די פאַרטיער, וועלכע האָבן געלעבט אין די אַמאָליקע לענדער פון בבל און פערסיע. אין די דאָזיקע לענדער האָבן אויך געלעבט אַ סך יידן. אין די גרויסע שטעט, ווי נהרדעא און ניזיב האָבן זיך געפונען רייכע יידישע קהילות. דערהערנדיק אַז טראָיאַנוסעס חיל קומט אָן, האָבן די יידן אין בבל זיך אָנגעהויבן שרעקן, אַז די גרויזאַמע רוימער וועלן ביי זיי צונע־מען זייער פרייהייט, אַזוי ווי זיי האָבן זי צוגענומען ביי די יידן פון ארץ־ישראל. דעריבער זיינען זיי אַרויסגעטראָטן קעגן דעם רוימישן חיל מיט געווער אין די הענט (115). טראָיאַנוס האָט דערשטיקט דעם אויפשטאַנד, אָבער די מרידה איז אויסגעבראָכן אין אַנדערע ערטער. די אויפרעגונג קעגן רוים האָט זיך פאַרשפּרייט צווישן די יידן, וועלכע זיינען געווען צע־זייט אין אַלע רוימישע פּראָווינצן אין אַזיע און אַפריקע. די יידן האָבן אומעטום פאַרהאַסט די רוימער, ווי די צעשטערער פון ירושלים און דעם בית־המיקדש. זיי האָבן געהאָפט אַז אין גיכן וועט קומען משיח, דאָס הייסט, דער אויסלייזער, וועלכער וועט צונויפזאַמלען דאָס צעזייטע פאָלק קיין ארץ־ישראל און וועט אויפשטעלן דאָרט אַ נייע, פרייע און שטאַרקע

יידישע מלוכה. אין קליין־אַזיע אויפן אינדזל ציפּערן און אין מיצרים, האָבן זיך די יידן גענומען פאַר די וואָפן און פלעגן הרגענען זייערע הייד־נישע אונטערדריקער (116). האָט טראַיאַנוס אַרויסגעשיקט קעגן די מור־דים דעם קריגספירער טורבאָ, וועלכער האָט אונטערדריקט דעם אויפ־שטאַנד מיט דער גרעסטער אכזריות. די יידן פון אַלעקסאַנדריע האָבן אויך געליטן; זייער פּראַכטפולע, גרויסע שול, וועלכע איז געווען באַ־רימט נאָך פון די צייטן פון די תלמים, איז צעשטערט געוואָרן ביזן גרונד. אין ארץ־ישראל האָבן זיך אויך באַוויזן סי־מנים פון פאָלקס־אומרועז, און טראַיאַ־ניס האָט געשיקט אַהין ווי פּראָקוראַ־טאָר דעם גרויזאַמען קריגספירער קוויע־טוס, און האָט אים איבערגעגעבן צו האַלטן די יידן אין צאַם. אין גיכן נאָך דעם איז טראַיאַנוס געשטאָרבן און אויפן רוימישן טראָן איז אַרויף דער קייסער אַדריאַן (117).



טראַיאַנוס

אַדריאַן האָט מורא געהאַט פאַרן יידישן אויפשטאַנד אין דעם מאָ־מענט ווען אין גאַנצן מיזרח זיינען געווען מהומות און ער האָט פון אָנפאַנג זיך אַרויסגעוויזן דוקא פרידלעך. ער האָט צוריקגערופן פון ארץ־ישראל דעם גרויזאַמען קוויעטוס און ער האָט אפילו צוגעזאָגט אויפצו־שטעלן צוריק דאָס חרובע ירושלים און דעם בית־המיקדש. די יידן האָבן געגלויבט די הבטחות און האָבן זיך באַרואיקט. זיי האָבן ניט פאַרשטאַ־נען אַדריאַנס אמתע כונה. אַדריאַן האָט געוואָלט אָפּבויען ירושלים ניט פון זייערטוועגן, נאָר פאַר די געצנדינער. זיי האָבן באַלד פאַרשטאַנען זייער טעות. דער קייסער האָט זיך ניט געאיילט צו דערפילן זיין צוזאָג. די לעגענדע דערציילט, אַז ער האָט פאָרגעשלאָגן די יידן אויפצובויען זייער בית־המיקדש ניט אין ירושלים, נאָר אין אַן אַנדער אָרט, אָפּגענאַרט אין זייבע דערוואַרטונגען, האָט דאָס פאָלק ווידער אָנגעהויבן ווערן אומ־רואיק. אַ גרויסע מאַסע באַוואָפנטע יידן האָבן זיך צונויפגעקליבן אין בית־רימון און האָבן זיך גענומען גרייטן צו אַן אָנפאַל אויף די רוימער.

דער אויפשטאַנד וואָלט זיך געווען גיך צעפלאַקערט, ווען עס זאָל זיך ניט געווען אַריינמישן דער גרויסער תנא רבי יהושע־בן־חנניה, וועל־

כער איז נאָכן טויט פון רבי גמליאל דעם צווייטן געווען דער נשיא פון סנהדרין. יהושע האָט פאָרויסגעזען, אַז דער אויפשטאַנד פון די יידן וועט זיך ענדיקן מיט אַ ניי אומגליק, און ער האָט אַוועקגעאיילט קיין בית־רימון. דאָ האָט ער זיך געווענדט צו די מורדים מיט אַ רעדע און האָט זיי דערציילט דעם וויטערדיקן משל: דער לייב, דער קעניג פון די חיות, האָט איין מאָל געגעסן זיין רויב און האָט זיך פלוצלינג געבור־



אדריאַנוס

מען וואַרגן מיט אַ ביין. האָט ער אָנגעהויבן רופן צו הילף, צוזאָגנדיק אַ גרויסע באַלוינונג יענעם, וואָס וועט אים אַרויסציען דעם ביין פון האַלדז. איז געקומען צופליען אַ שטאָרך, וועלכער האָט אַריינגערוקט זיין לאַנגן שנאָבל דעם לייב אין מויל, און האָט אַרויסגענומען דעם ביין. דאַן האָט דער שטאָרך גענומען פאָדערןביים לייב די צוגעזאָגטע באַלוינונג. נאָר דער לייב האָט מיט אַ געלעכטער געזאָגט: „גיי דיר, און זיי צופרידן וואָס דו האָסט אַרויסגענומען דיין קאָפּ גאַנץ פון מיין מויל". אַזוי איז מיט אונדז — האָט רבי יהושע געענדיקט; מיר דאַרפן זיין צופרידן, וואָס אַריינפאַלנדיק אין די הענט פון די רוימער, זיינען מיר ניט אין גאַנצן פאַרניכטעט געוואָרן דורך זיי". דאָס פאָלק האָט געפאָלגט און איז זיך צעגאַנגען אַהיים.

## § 47. רבי עקיבא.

נאָכן טויט פון דעם פרידלעכן יהושע האָט ביי די יידן אַ שטאַרקן איינפלוס געקראָגן דער גרויסער תנא רבי עקיבא בן־יוסף, וועלכער האָט דוקא געוואָלט ברענגען דאָס פאָלק צו אַן אָפּענעם אויפשטאַנד קעגן די רוימער. דאָס לעבן פון דעם דאָזיקן מערקווירדיקן מענטשן איז געווען פול מיט אויסערגעוויינטלעכע פּאַסירונגען. אין זיין יוגנט איז רבי עקיבא געווען זייער אָרעם און האָט געדינט ווי אַ פּאַסטוך ביים ירושלימער גביר כלבא־

שבוע. די טאָכטער פון זיין בעל־הבית, רחל, האָט ליב געקראָגן דעם פּאַסטעך און האָט איינגעשטימט צו ווערן זיין ווייב בתנאי ער זאָל זיך ווידמען צום לערנען. רחלס פאָטער, וועלכער האָט ניט געוואָלט דעם שידוך, האָט אַרויסגעטריבן זיין טאָכטער פון הויז. רחל האָט געלעבט מיט איר מאַן אין גרויס נויט. עקיבא האָט זיך גענומען צום לערנען מיט גרויס פלייסיקייט. ער האָט זיך געשיידט מיט זיין געליבטער פרוי און איז אומ־געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט און האָט אין פאַרשיידענע ישיבות גע־לערנט תורה. אין דער צייט ווען רבי עקיבא איז געווען נע־ונד האָט רחל אַזוי געליטן נויט, אַז זי האָט איין מאָל געמוזט אָפּשניידן אירע פּראַכט־פולע האָר און זיי פאַרקויפן, כדי צו האָבן אויף אַ שטיקל ברויט. נאָר פון דעסט וועגן האָט זי געדולדיק געוואַרט אויף איר מאַן, זייענדיק זי־כער אין זיין דערפאָלג. און ווירקלעך, אין פיל יאָר אַרום האָט זיך רבי עקיבא אומגעקערט אַ היים, ווי אַ באַרימטער תנא, באַגלייט פון אַ גרוי־סער צאָל תלמידים. די געטרייע פרוי האָט אים באַגעגנט מיט פרייד, און אפילו זיין שווער האָט זיך מיט אים איבערגעבעטן.

ר' עקיבא האָט זיך גערעכנט פאַרן גרעסטן תנא ביי יידן נאָך היללן. וועגן אים פלעגט מען זאָגן, אַז „אויף יעדן פּינטל פון דער תורה האָט ער אָנגעהאנגען בערג מיט דינים", דאָס הייסט, פון די דינים פון דער תורה, האָט ער אויסגעפירט אַ סך אַנדערע געזעצן און דינים. אַזוי ווי אין יע־נער צייט האָט זיך שוין אָנגעקליבן אַ סך דינים און טראַדיציעס בעל־פּה, האָט זיי רבי עקיבא צונויפגעזאַמלט און געבראַכט אין אָרדענונג. די דאָזיקע זאַמלונג פלעגט מען לערנען אין די ישיבות און זי האָט געהייסן „משניות דרבי עקיבא".

אָבער רבי עקיבא איז ניט געווען בלויז אַ גייסטיקער פירער. ער האָט אויך געוואָלט זיין אַ טוער אין די מלוכה־ענינים, און אַ קעמפער פאַר דער פרייהייט פון זיין פאָלק. ער האָט געהאַסט די רוימער ווי די שונאים פון דער יידישער אומה, און האָט זיין גאַנץ לעבן געטרוימט, אַז די יידן זאָלן באַפרייט ווערן פון רוימישן יאָך און אַז דער בית־המיקדש זאָל צוריק אויפגעבויט ווערן. נאָך אין דער צייט פון דאָמיציאַנס קעניגן איז ער מיט נאָך דריי תנאים געגאַנגען קיין רוים צו בעטן דעם קייסער ער זאָל אָפּשאַפן אייניקע שווערע גזירות, וואָס זיינען אַרויסגעגעבן גע־וואָרן קעגן די יידן. ווען די תנאים זיינען אונטערגעקומען צו רוים און האָבן פון וויטנס דערהערט דעם טומל פון דער דאָזיקער לעבעדיקער

און פריילעכער שטאָט, האָבן עקיבאס חברים זיך צעוויינט: עס האָט זיך זיי דערמאָנט ווי אַזוי זייער אייגענע הויפּטשטאָט ירושלים איז פּאַרוויסט, פאַרלאָזן, אין דער צייט ווען די הויפּטשטאָט פון זייער שונא בליט. נאָר עקיבא האָט געזאָגט צו זיינע חברים: „צו־וואָס דאָס וויינען? אויב גאָט גיט אַזוי פיל גוטס צו די יעניקע וואָס טוען ניט זיין ווילן, וויפיל־זשע וועט ער שוין באַצאָלן שפּעטער די יעניקע וואָס דערפילן יאָ זיין רצון!". אַן אַנדער מאָל אז רבי עקיבא און זיינע חברים געגאַנגען אין דער אומגעגנט פון דער פאַרוויסטער ירושלים. צוקומענדיק צום הר־הבית האָבן זיי דערזען ווי פון די חורבות פון בית־המיקדש איז אַרויסגעלאָפן אַ שאַקאַל, די חיה פון מידבר. רבי עקיבאס חברים האָבן זיך ביטער פאַנאַנדערגעוויינט, דערזעענדיק דעם גרויסן חורבן; ער אָבער, פאַרקערט, האָט געשמייכלט. „וואָס שמייכלסטו?" האָבן זיי אים פאַרוואונדערט געפרעגט. און רבי עקיבא האָט זיי געענטפערט: „אויב עס זיינען מקוים געוואָרן די רייד פון אונדזערע נביאים, אַז ציון וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ מידבר, וועט אויך אַמאָל מקוים ווערן זייער נבואה, אַז ציון וועט צוריק אויפגעשטעלט ווערן". די האָפענונג פון דער יידישער באַפרייאונג האָט עקיבאן קיין מאָל ניט פאַרלאָזן. די אומרועז פון פאָלק אין די צייטן פון טראַיאַנוס און אַדריאַן האָבן פאַרשטאַרקט אין אים די דאָזיקע האָפענונג. ער איז אומגעפאָרן איבער פאַרשיידענע שטעט אין ארץ־ישראל און קליין־אַזיע, און האָט געוועקט די יידן צו אַן אויפשטאַנד קעגן די רוימער.

## § 48. דער אויפשטאַנד פון בר־כוכבא.

אין דער צייט ווען אין ארץ ישראל האָט מען זיך געגרייט צום אויפשטאַנד, האָט זיך באַוויזן אַ מאַן, וואָס האָט זיך געשטעלט בראש פון פאָלק. דאָס איז געווען שימעון בר־כוזיבא (פון דער שטאָט כוזיב), וועלכער האָט געקראָגן דעם צונאָמען „בר־כוכבא" (דער זון פון די שטערן). בר־כוכבא איז געווען אַ מוטיקער קריגער און האָט פאַרמאָגט אַ שטאַרקע גבורה. דער גייסטיקער פירער פון די יידן, רבי עקיבא, האָט אַנערקענט בר־כוכבאן ווי דעם קריגספירער און האָט זיך פאַראייניקט מיט אים צו אַרבעטן צוזאַמען. רבי עקיבא האָט געגלויבט, אַז בר־כוכבא איז יענער באַפרייער פון יידישן פאָלק, וועגן וועלכן עס ווערט פאָרויסגעזאָגט אין דעם נביאס רייד: „עס וועט אויפגיין אַ שטערן פון יעקבס

שטאַם״. פיל יידן האָבן נאָכגעטאָן זייער גרויסן רבין און האָבן זיך אָנ־געשלאָסן אָן בר־כוכבאן.

פון אַלע רוימישע פּראָווינצן אין אַזיע האָבן צענדליקער טויזנטער יידישע קעמפער געגומען שטראָמען צו דער פאָן פון דעם נייעם פירער. בר־כוכבא האָט שטאָלצירט מיט דער דאָזיקער אַרמיי און האָט געזאָגט: „גאָט, אויב דו ווילסט נישט העלפן אונדז, דאַן העלף כאָטש אויך נישט אונדזערע שונאים, ווייל דעמאָלט וועלן מיר אויך געוויס זיגן״. די ערשטע צייטן האָבן די יידן ווירקלעך אָפּגעהאַלטן גלענצנדיקע ניצחונות.



מטבעות פון בר־כוכבא

דער רוימישער פּראָקוראַטאָר רופוס און זיין קליין חיל, וואָס איז געשטעלט געוואָרן צו באַוואַכן די שטעט אין ארץ־ישראל, האָבן נישט געקענט ביישטיין קעגן דער גרויסער אַרמיי פון די מורדים. אונטער דער פירערשאַפט פון בר־כוכבא האָבן די יידישע קריגער געגומען איין פעסטונג נאָך דער אַנדערער, און האָבן פאַרטריבן די רוימער פון כמעט אַלע שטעט אין ארץ ישראל. אין די יידישע הענט האָבן זיך אין גיכן געפונען פופציק פעסטונגען און אַרום טויזנט שטעט און דערפער (132—133). איידער נאָך די נייעס פון דעם אויפשטאַנד איז אָנגעקומען צו אַדריאַנען, זיינען שוין די רוימער אין יהודה געווען אומעטום צעקלאַפּט. דאָס צווייטע חיל וואָס דער קייסער האָט געשיקט רופוסן צו הילף האָט געהאַט דעם זעלביקן סוף. בר־כוכבא איז געוואָרן הערשער אין יהודה און האָט

שוין אַפּילו געהייסן גיסן מטבעות מיט זיין נאָמען. דער צענטער פון זיין אַרמיי איז געווען אין די באַרגיקע פעסטונג ביתר, נאָענט צו ירושלים.

דער אימפּעראַטאָר, דערשרעקנדיק זיך פאַר די יידישע ניצחונות, האָט גלייך אַוועקגעשיקט קיין ארץ־ישראל דעם גרעסטן רוימישן קריגס־פירער פון יענער צייט, יוליוס סעווערוס. אַזוי ווי יידישע אַרמיי האָט פאַרנומען אַ זייער גוטע פּאָזיציע, האָט סעווערוס פון אָנהייב זיך אָפּגע־האַלטן פון אַן אַנטשיידנער שלאַכט, און פלעגט נאָר אָנפאַלן אויף באַ־זונדערע אָפּטיילונגען אין פאַרשיידענע ערטער און זיי צעשלאָגן. ענדלעך האָט סעווערוס געבראַכט די מורדים דערצו, אַז זיי האָבן געמוזט אָפּ־טרעטן צו ביתר, וואו בר־כוכבא און זיין חיל האָבן זיך באַפעסטיקט. אַ גאַנץ יאָר האָבן די רוימער באַלאַגערט ביתר. די גרויסע מאַסע יידן, וואָס איז געווען פאַרשפּאַרט אין דער קליינער שטאָט, האָט זיך מוטיק פאַר־טיידיקט; אָבער אויך די באַלאַגערער האָבן געאַרבעט מיט אויסערגע־וויינטלעכער פלייסיקייט. אין דער צייט פון דער באַלאַגערונג האָבן זיך די יידן אַנטוישט אין זייער כלומרשטן משיח בר־כוכבא. ער איז ניט גע־ווען געגנוג פרום, און צייטווייז פלעגט ער זיין צו גרויזאַם און אַליין־הערשעריש. ער האָט באַפוילן צו טויטן יעדן איינעם, וואָס איז געווען פאַרדעכטיקט אין פריינדשאַפט צו די רוימער. איין מאָל האָט בר־כוכבא מיט זיינע אייגענע הענט געהרגעט אַ געוויסן באַרימטן צדיק מיטן נאָמען ר׳ אליעזר פון מודיעין, אַן אַלטער מאַן, וועלכן עמעץ האָט פאַרמסרט פאַר אים. דער דאָזיקער זקן האָט אין דער גאַנצער צייט פון דער באַ־לאַגערונג ניט אויפגעהערט מיתפּלל צו זיין פאַר דעם יידישן חיל; דאָס פאָלק, וואָס האָט געגלויבט אין דעם כוח פון זיינע תפילות, האָט שטאַרק באַדויערט זיין טויט. — ענדלעך האָבן זיך אויסגעלאָזט די כוחות פון די באַלאַגערטע, און סעווערוס האָט איינגענומען די שטאָט אין יאָר 135. די רוימער האָבן געמאַכט אין ביתר אַ שרעקלעכע שחיטה. צענדליקער טויזנטער יידן זיינען אומגעקומען אין דער דאָזיקער מילחמה. אומגעקו־מען איז אויך דער פירער פון דעם אויפשטאַנד, בר־כוכבא. אַ סך יידן, וואָס זיינען געפאַנגען געוואָרן געפאַנגען, זיינען פאַרקויפט געוואָרן פאַר קנעכט. דאָס איז געווען דער טרויעריקער סוף פון דעם לעצטן קאַמף פון יידישן פאָלק פאַר זיין פרייהייט.

## § 49. אדריאַנס רדיפות.

אַז דער גרויסער אויפשטאַנד אין ארץ־ישראל איז איינגעשטילט געוואָרן, האָט אַדריאַן אָנגעהויבן גרויזאַם צו פאַרפאָלגן די יידן, וואָס זיינען געבליבן פון דער מילחמה. פונקט ווי אנטיוכוס עפיפאַנעס האָט אַדריאַן אויך געגלויבט, אַז כל־זמן עס וועט עקזיסטירן די יידישע אמונה וועלן די יידן ניט שלום מאַכן מיט דער אויבערהערשאַפט פון די געצנ־דינער. דעריבער האָט אַדריאַן באַשלאָסן אויסצוראָטן דעם יידישן גלויבן. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ גזירה, אַז די יידן זאָלן ניט אָפּהיטן דעם שבת און אַנדערע וויכטיקע דינים פון יידנטום; זיי האָבן אויך ניט געטאָרט געבן זייערע קינדער לערנען אָדער זיך אַליין פאַרזאַמלען צו לערנען תורה. דער פּראָקוראַטאָר רופוס האָט שטרענג אַכטונג געגעבן, אַז די דאָזיקע גזירות זאָלן אָפּגעהיט ווערן, און די יידן האָבן אים אַ נאָמען געגעבן „רשע”. ער האָט אָנגעשטעלט רוימישע שפּיאָנען צו נאָכשפּירן די יעניקע יידן, וואָס האָבן בשתיקה אָפּגעהיט זייער גלויבן און געלערנט תורה, און זיי איבערגעגעבן אין די הענט פון דער רעגירונג צו באַשטראָפן. אַ סך זיינען דעמאָלט געפאַלן ווי מאַרטירער פאַר זייער גלויבן. אַ באַזונדערע שטאַרקייט האָבן אַרויסגעוויזן די תנאים.

אַז רבי עקיבא האָט פאַרלאָרן די האָפענונג אויף דער גיכער אויפ־לעבונג פון דער יידישער מלוכה, האָט ער זיך מיט גרויס איבערגעגעבנ־קייט גענומען ווייטער צו טאָן זיין גייסטיקע אַרבעט. ער פלעגט אָפן צוזאַמענעמען זיינע תלמידים און פלעגט זיי לערנען תורה, צו להכעיס דעם קעניגלעכן באַפעל. איינער פון זיינע חברים האָט אים געפרעגט: האָסטו ניט קיין מורא פאַר די רוימישע באַאַמטע צו „לערנען תורה?” דערויף האָט רבי עקיבא געענטפערט מיט דעם ווייטערדיקן משל: איין מאָל איז אַ פוקס געשטאַנעןביים ברעג פון טייך און האָט דערזען ווי פישעלעך לויפן אום אין וואַסער צעשראָקענע הין און הער. „פון וועמען אַנטלויפט איר?” האָט געפרעגט דער פוקס. „מיר אַנטלויפן פון די נעצן, וואָס די מענטשן האָבן פאַרשפּרייט אונדז צו פאַנגען”, האָבן די פישע־לעך געענטפערט. האָט דער פוקס געזאָגט: „אויב אַזוי, טאָ קומט אַרויס אויף דער טרוקעניש און מיר וועלן לעבן צוזאַמען, אַזוי ווי עס האָבן געלעבט אונדזערע עלטערן”. נאָר די פישעלעך האָבן אָפּגעענטפערט: „מען זאָגט וועגן דיר, פוקס, אַז דו ביסט אַ קלוגע חיה, נאָר עס זעט אויס

אַז עס איז נישט אמת. אויב מיר האָבן מורא פאַר אַ געפאַר אין וואַסער, אין דעם איינציקן אָרט וואו מיר קענען לעבן, — טאָ ווי זאָלן מיר ניט מורא האָבן אויף דער ערד, וואו מיר וועלן באַלד שטאַרבן?". „אַזוי איז אויך מיט די יידן — האָט רבי עקיבא ווייטער געזאָגט, — אַזוי ווי די פיש אָן וואַסער, אַזוי קענען מיר ניט לעבן אָן אונדזער הייליקער תורה. און אויב ווען מיר לערנען יאָ זיינען מיר אין סכנה, וואָס זשע וועט שוין זיין ווען מיר וועלן ניט לערנען און די תורה פאַרלאָזן?".

אין גיכן האָבן די רוימער רבי עקיבאן געכאַפּט און אים אריינגעוואָרפן אין תפיסה. רופוס האָט באַשלאָסן צו באַשטראָפן דעם גייסטיקן פירער פון די יידן, ווי אַ ביישפּיל פאַר אַנדערע. אויפן עשאַפאָט האָט ער באַפוילן דעם תליון צו רייסן שטיקער פון רבי עקיבאס לייב, מיט אייזערנע צוואַנגען. אָבער רבי עקיבא האָט מיט אַ וואונדערלעכער קראַפט אַריבערגעטראָגן די שרעקלעכע ליידן. אונטער די הענט פון דעם תליון האָט ער ניט אויפגעהערט צו איבערחזרן די ווערטער: שמע ישראל ד׳ אלהינו ד׳ אחד. דערזעענדיק ווי זיינע תלמידים וויינען, האָט רבי עקיבא צו זיי געזאָגט: „איך האָב זיך שטענדיק מצער געווען, לייענענדיק אין דער תורה דעם געבאָט: ואהבת את ד׳ אלהיך בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאדך, (זאָלסט ליב האָבן דיין גאָט מיטן גאַנצן האַרצן, מיט דער גאַנצער נשמה און מיט דיין גאַנץ פאַרמעג). צוויי פונקטן פון דעם דאָזיקן געבאָט האָב איך געקענט מקיים זיין: איך האָב ליב געהאַט גאָט מיטן גאַנצן האַרצן און האָט געאָפּפערט פאַר אים מיט מיין פאַרמעג; נאָר מיט איין זאַך האָב איך אים ניט געדינט: איך האָב ניט אַוועקגעלייגט מיין נשמה פאַר גאָט. איצט אַז איך בין אימשטאַנד צו דערפילן דעם דאָזיקן לעצטן חוב, זאָל איך זיך ניט פרייען?". און דער גרויסער לערער האָט אַרויסגעלאָזט זיין לעצטן אָטעם מיטן אויסגעשריי: „ד׳ אחד!". רבי עקיבא איז געווען איינער פון די צען תנאים־מאַרטירער אין דער צייט פון אַדריאַן (די עשרה הרוגי מלכות). זיין חבר חנינא בן־תרדיון איז געכאַפּט געוואָרן ווען ער האָט געהאַלטן פונאַנדערגעוויקלט אַ תורה אין די הענט און געלערנט דעם פאָלק ווי צו לעבן ערלעך. די רוימישע סאָלדאַטן האָבן איינגעוויקלט חנינאן אין דער ספר תורה און האָבן אים אריינגעוואָרפן אין פייער. אויף זיין ברוסט האָבן זיי אַוועקגעלייגט נאַסע שוואָמען כדי ער זאָל אויסברענען לאַנגזאַם. זיין טאָכטער, וועלכע איז געשטאַנען ביים פייער און געוויינט, האָט ער געטרייסט מיט די ווערטער:

„דער וואָס וועט זיך אָפּרעכענען פאַר דער הייליקער תורה, וועט זיך אָפּ־רעכענען פאַר מיר אויך".

נאָך דעם ווי אַדריאַן האָט אונטערדריקט דעם יידישן אויפשטאַנד, האָט ער געקענט פאַרווירקלעכן זיין אַלטן וואונטש: צו פאַרוואַנדלען ירושלים אין אַ היידנישער שטאָט. ער האָט געהייסן אָפּבויען אַ נייע שטאָט אויפן פלאַץ פון דער אַלטער צעשטערטער הויפטשטאָט און גרינדן דאָרט אַ רוימישע „קאָלאָניע". די דאָזיקע קאָלאָניע האָט געדאַרפט באַ־



ירושלים געזען פון הר־הזיתים

שטיין פון אויסגעדינטע סאָלדאַטן און פרייע איינוואַנדערער — רוימער, גריכן און סיריער, און ביכלל מענטשן פון אַלע פעלקער, אויסער יידן. די נייע שטאָט האָט געקראָגן דעם נאָמען „עליאַ־קאַפּיטאָלינאַ", לכבוד דעם קייסער עליא־אַדריאַן און יופּיטער קאַפּיטאָליום. דער הר־הבית איז אָפּגערייניקט געוואָרן פון די חורבות וואָס האָבן אים פאַרשאָטן נאָך פון טיטוסעס צייטן; פון אויבן האָט אים רופוס געהייסן אויפגראָבן מיט אַן אַקער־אייזן, כדי אָפּצעווישן יעדן שפּור פון דעם אַמאָליקן הייליקטום פון יהודה. אויפן אָרט וואו עס איז אַמאָל געשטאַנען דער יידישער בית־המיקדש, איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ טעמפּל צו יופּיטערן. דאָ איז אויך געשטאַנען אַ סטאַטוע פון אַדריאַנען. ירושלים האָט געקראָגן דעם אויס־

זען פון אַ גריכישער שטאָט — מיט אַ טעאַטער, צירקן, טעמפּלען און אָפּגעטער. לויט אַ קריסטלעכער לעגענדע, איז אויפן אָרט פון קריסטוסעס קבר אויסגעבויט געוואָרן אַ טעמפּל צו דער געטין ווענוס. אויפן דרום־טויער, אויפן וועג קיין בית־לחם, איז געשטאַנען דאָס בילד פון אַ חזיר. די יידן איז פאַרווערט געווען אפילו זיך צו ווייזן אין שטאָט, פאַר איבער־טרעטן דעם דאָזיקן באַפעל איז געקומען טויט־שטראָף.



קאַפּיטל 8

# די נשיאים און ישיבות אין ארץ ישראל ביז דער שליסונג פון דער מישנה

(200—138)

## § 50. רבי מאיר.

דער אויפשטאַנד פון בר־כוכבא און אַדריאַנס רדיפות נאָך דעם האָבן געבראַכט יהודה צו פולשטענדיקן חורבן. די באַפעלקערונג וואָס איז גאַנץ געבליבן פון שווערד און געפאַנגענשאַפט איז שטאַרק פאַר־אָרעמט געוואָרן; אַ סך זיינען אַנטלאָפן אין אַנדערע לענדער, איבערהויפּט קיין בבל. צווישן די עמיגראַנטן זיינען אויך געווען תנאים, וועלכע האָבן ניט געוואָלט האָבן דעם זעלביקן סוף, ווי רבי עקיבא און זיינע מאַרטירער־חברים. דרום־פּאַלעסטינע (דאָס הייסט דאָס אמתע יהודה), וואָס איז געווען די הויפּט־סצענע פון דער מלחמה, האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ טרויעריק בילד פון פאַרוויסטונג. אַ באַדייטנדיקער טייל פון דער יידי־שער באַפעלקערונג פון דרום־יהודה האָט אַריבערגעוואַנדערט קיין צפון, אין דעם וויניקער פאַרוויסטן גליל. דאָ האָט זיך צוריק איינגעשטעלט דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן, נאָך דעם ווי די רדיפות האָבן אויפ־געהערט. אַדריאַנס נאָכפאָלגער, דער קייסער אַנטאָניוס פּיוס (138—161) האָט בטל געמאַכט אַדריאַנס אוממענטשלעכע גזירות קעגן די יידן, בלויז דער פאַרבאָט אַריינצוקומען קיין ירושלים איז געבליבן אין קראַפט. די

חכמים און די פּאַטריאָטן וואָס זיינען אַנטלאָפן פון אַדריאַנס רדיפות אין אַנדערע לענדער, האָבן אָנגעהויבן זיך אומקערן צוריק צו זייער פאָטערלאַנד. צווישן די זיינען געווען עטלעכע פון רבי עקיבאס תלמידים. איינער פון זיי איז געווען דער באַרימטער רבי מאיר, וועלכן דאָס פאָלק האָט גערעכנט ראוי צו פאַרנעמען רבי עקיבאס פּלאַץ. ווען די מהומות האָבן אויפגעהערט האָבן די תנאים אָפּגעהאַלטן אַן אסיפה אין דער שטאָט אושאַ אין גליל. דאָ איז באַשלאָסן געוואָרן צו אויפלעבן אויף דאָס ניי די אַרבעט פון סנהדרין און עפענען צוריק די געשלאָסענע ישיבות. ווי אַ נשיא פון סנהדרין און עלטסטער פון די יידן איז אויסגעקליבן געוואָרן שמעון דער דריטער, דער זון פון דעם געוועזענעם נשיא גמליאל דעם צווייטן (140). אָבער דער הויפּט־תנא אויף רבי עקיבאס פּלאַץ איז געוואָרן זיין תלמיד רבי מאיר.


אַנטאָנינוס פּיוס

דער נאָמען „מאיר" מיינט — לייכטנדיקער, און די מענטשן פון זיין צייט פלעגן זאָגן, אַז רבי מאיר איז געווען דאָס גייסטיקע ליכט פון זיין פאָלק. נאָך ווען זיין לערער רבי עקיבא האָט געלעבט האָט רבי מאיר אַלעמען דערשטוינט מיט זיין גרויסן וויסן און חכמה. ער פלעגט זייער ליב האָבן צו פירן טיפע ויכוחים און שאַרפזיניקע פּילפּולים. „ווער עס פלעגט זען רבי מאירן אין דער ישיבה אין דער צייט פון געלערטע וויכוחים פלעגט מיינען אַז ער קערט איבער בערג" — דריקט זיך אויס די לעגענדע. זיין באַגייסטערונג איז אויך אַריבער אויף זיינע תלמידים און רבי מאירס ישיבה איז געווען איבערפילט מיט צוהערער. כדי ניט צו פאַרמאַטערן די לערנער מיט שווערע חקירות פלעגט רבי מאיר אָפט באַנוצן אין זיין לערנען אָנציענדיקע מעשות, משלים און פאַבלען, אין וועלכע די הויפּט־ראָלע האָט געשפילט דער כיטרער פוקס. פאַר זיין אַרבעט ווי אַ לערער האָט רבי מאיר ניט גענומען קיין באַלוינונג און זיין חיונה פלעגט ער ציען פון איינפאַכער אַרבעט: ער האָט געהאַט אַ שיינע האַנטשריפט און פלעגט זיך באַשעפטיקן מיט איבערשרייבן ספרים.

רבי מאירס ווייב איז געווען ברוריה, אַ געלערנטע און קלוגע פרוי, די טאָכטער פון דעם מאַרטירער חנינא בן־תרדיון. די לעגענדע דערציילט זייער פיל וועגן דעם שטאַרקן גייסט און די איידלקייט פון דער דאָזיקער פרוי. איין מאָל — דערציילט די אגדה — איז רבי מאיר געזעסן אין בית־מדרש און געלערנט. אין דער היים האָט ער געלאָזט זיין ווייב און צוויי קראַנקע זין, ביז ער איז געקומען פון שול, זיינען די קינדער געשטאָרבן. (דאָס איז געווען אין דער צייט פון אַ מגפה). ניט וועלנדיק פאַרשטערן איר מאַן די שבת־רו, האָט ברוריה צוגעדעקט די טויטע מיט אַ ליילעך, און אַליין איז זי אַרויסגעגאַנגען צו איר מאַן אַ רואיקע און פרידלעכע, באַהאַלטנדיק איר טרויער טיף אין האַרצן. דעם גאַנצן טאָג האָט זי באַהאַלטן פון אין מאַן דעם שרעקלעכן אמת, און מיט פאַרשיידענע תירוצים האָט זי אים ניט אַריינגעלאָזט אין דעם חדר, וואו די קינדער זיינען געלעגן. ווען עס איז געוואָרן נאַכט און רבי מאיר האָט שוין אָפּגעמאַכט הבדלה, איז ברוריה צוגעגאַנגען צו אים און האָט געזאָגט: „רבי, איך וויל דיך פרעגן אַ שאלה: ניט לאַנג צוריק האָט מיר עמעץ געגעבן עפּעס צו באַהאַלטן, און איצט איז ער געקומען און מאָנט עס צוריק; בין איך מחויב עס אים אָפּצוגעבן, אָדער ניט?". „פאַרשטייט זיך, אַז יאָ", האָט רבי מאיר געענטפערט. דאַן האָט ברוריה אַריינגעפירט איר מאַן אין צימער, וואו עס זיינען געלעגן די טויטע קינדער און האָט אַרונטערגענומען פון זיי דעם צודעק. רבי מאיר האָט זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעוויינט. נאָר זיין ווייב האָט אים געזאָגט: „רבי, האָסטו דען נישט ערשט געזאָגט, אַז ווער עס נעמט אַ זאַך צום היטן מוז זי אומקערן ווען דער באַלעבאָס פאָדערט זי? גאָט האָט אונדז די קינדער געגעבן און גאָט האָט זיי איצט צוגענומען. געבענטשט זאָל זיין זיין נאָמען!"

מיט רבי מאירס נאָמען איז אין דער יידישער לעגענדע פאַרבונדן די דערציילונג וועגן אַ גרויסן און אומגליקלעכן פריידענקער פון יענער צייט, אלישע בן־אבויה. אלישע איז פון אָנהייב געווען אַ חבר פון רבי עקיבא און האָט באַלאַנגט צום קרייז פון די גרעסערע תנאים; נאָר שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן צו שטודירן די גריכישע פילאָזאָפיע און האָט אָנגעהויבן זיך וואַקלען אין זיין אמונה. דאָס פאָלק האָט אים געהאַלטן פאַר אַן אַנטרונענעם און האָט אים אַ נאָמען געגעבן „אחר" (אַן אַנדערער, אַן איבערגעביטענער). מען האָט גערעדט, אַז ער פלעגט כלומרשט אָפּריידן יידישע קינדער פון דעם יידישן גלויבן און האָט זיך געפריינדלט

מיט די שונאים פון פאָלק, די רוימער. זיינע חברים און תלמידים האָבן אים פאַרלאָזן; נאָר רבי מאיר, וועלכער איז אַמאָל געווען זיין תלמיד, האָט אים ניט פאַרלאָזן. ווען מען האָט רב מאירן איין מאָל געפרעגט, פאַרוואָס ער פריינדלט זיך מיט דעם אפיקורס, האָט ער געענטפערט: „איך האָב געפונען אַ מילגרוים, די פרוכט האָב איך אויפגעגעסן און די שאָלעכץ האָב איך אַוועקגעוואָרפן" (רבי מאיר רימון מצא, תוכו אכל,



רבי מאירס אוהל לעבן טבריה

קליפתו זרק), ד"ה איך נעם באַ אים דאָס וואָס איז אמת, אָבער איך פאַר־וואַרף זיינע פאַלשע מיינונגען. ניט איין מאָל האָט רבי מאיר זיך באַמיט אומצוקערן אלישען אויפן וועג פון גלויבן, אָבער אומזיסט. איין מאָל איז אלישע געפאָרן רייטנדיק אום שבת, און רבי מאיר איז אים נאָכגעגאַנגען צופוס כדי צו הערן זיינע דרשות. פּלוצלינג האָט זיך אלישע אָפּגעשטעלט און געזאָגט: „מאיר, קער זיך אום אַהיים, ווייל דו ביזט שוין אָפּגעגאַנ־גען מער ווי אַ תחום־שבת". און רבי מאיר האָט אויסגערופן: „קער זשע זיך דו אויך אום (אויפן גלייכן וועג), רבי!". „ניין — האָט געענטפערט

אלישע — איך קען זיך שוין ניט אומקערן, ווארום איך האָב שוין לאַנג געהערט גאָטס קול: טוט תשובה, אַלע פאַרבלאָנדזשעטע, אויסער אחרן, וועלכער האָט דערקענט מיין קראַפט, און האָט מיך דאָך פאַרוואָרפן !״.

אין איין צייט מיט ר׳ מאירן האָט געלעבט און געווירקט נאָך אַ תנא פון ר׳ עקיבאס ישיבה, שמעון בן־יוחאי. אין דער צייט פון די אַדריאַנישע מהומות איז רבי שמעון פאַרמשפט געוואָרן צום טויט פאַר עפּעס אַ שאַרפן אויסדרוק קעגן דער רוימישער רעגירונג, נאָר ער איז אַנטלאָפן באַצייטנס. עטלעכע יאָר האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ הייל און האָט זיך קוים דערהאַלטן ביים לעבן מיט גרינסן און וואַסער. ווען די רדיפות אין יהודה האָבן זיך געענדיקט, איז שמעון אַרויס פון זיין באַהעלטעניש און האָט זיך באַזעצט אין טבריה. ביזן טיפן עלטער איז ער געוועזן איינער פון די גרעסטע גייסטיקע פירער פון די יידן אין



קבר פון רבי שמעון בן־יוחאי

ארץ־ישראל. ער האָט ניט ליב געהאַט די שאַרפזיניקע פּילפּולים, וועלכע זיינען אָנגעגאַנגען אין רבי מאירס ישיבה, נאָר ער האָט געזוכט צו פאַרטייטשן איינפאַך דעם געדאַנק און די באַדייטונג פון יעדן געזעץ אין דער תורה. די שפּעטערע לעגענדעס זאָגן, אַז שמעון בן־יוחאי האָט אין דער צייט פון זיין לעבן אין הייל פאַרפאַסט אַ געהיימען הייליקן ספר („זוהר״) און איז געוואָרן אַ בעל־מופת. נאָך ביז היינטיקן טאָג ווייזט מען אָן אויף רבי

שמעונס קבר לעבן צפת אין גליל, וואוהין עס קומען יעדעס יאָר מאַסן פרומע מענטשן מיתפלל צו זיין.

## § 51. דער נשיא רבי שימעון דער דריטער און רבי יהודה הנשיא

נאָך דעם ניט־געלונגענעם אויפשטאַנד פון בר־כוכבא, האָט דער סנהדרין אין אושא געאַרבעט אַזוי ווי דער סנהדרין אין יבנה נאָך דער צעשטערונג פון ירושלים דורך טיטוסן. דער צוועק פון דעם נייעם סנהדרין איז אויך געווען צו פאַראייניקן מיט אַלגעמיינע געזעצן אַלע יידן, וואָס זיינען צעזייט איבער פאַרשיידענע לענדער. דער נשיא רבי שמעון דער דריטער האָט, אַזוי ווי זיין פאָטער גמליאל, געשטרעבט צו פאַרשטאַרקן די מאַכט פון סנהדרין ניט נאָר אין ארץ־ישראל, נאָר אויך אין חוץ לארץ. אין דער צייט ווען אַדריאַן האָט געבושעוועט אין ארץ־ישראל האָבן די יידן אין בבל געגרינדעט אַן אייגענעם סנהדרין, ווייל זיי האָבן ניט גע־וואָלט זיין אָפּהענגיק פון זייערע ברידער אין ארץ־ישראל. נאָר ווען עס איז געוואָרן ווידער רואיק, האָט דער נשיא רבי שמעון דער דריטער גע־שיקט שלוחים קיין בבל מיט דער פאָדערונג, אַז די דאָרטיקע יידן זאָלן פאַרמאַכן זייער סנהדרין, און זאָלן זיך ווידער אונטערוואַרפן צו דער גייסטיקער הערשאַפט פון די תנאים אין ארץ־ישראל. די שלוחים האָבן זיי דערמאָנט, אַז אין די הייליקע שריפטן ווערט געזאָגט: „מציון תצא תורה", און ניט „מבבל תצא תורה", דאָס הייסט פון ציון וועט קומען די תורה און ניט פון בבל. זיי האָבן אויך אָנגעוויזן אויף דער געפאַר וואָס שרעקט דער גאַנצקייט פון יידישן פאָלק, ווען די גייסטיקע הערשאַפט וועט זיין צעטיילט. דאַן האָבן זיך די בבלישע יידן אונטערגעגעבן און האָבן ווידער אַנערקענט איבער זיך די הערשאַפט פון דעם סנהדרין אין ארץ־ישראל.

רבי שמעון האָט אויך, ווי זיין פאָטער, געוואָלט אויעקשטעלן די מאַכט פון דעם נשיא העכער ווי די מאַכט פון די אַנדערע תנאים און האָט דעריבער געהאַט מיט זיי אָפטע צוזאַמענשטויסן. רבי שמעונס העלפער אין סנהדרין זיינען געווען רבי מאיר און נאָך אַ תנא מיטן נאָמען נתן הבבלי, אַ זון פון דעם „ריש־גלותא" (פאַטריאַרך) אין בבל. שמעון האָט געמאַכט אַ געזעץ, אַז מען זאָל אים, ווי אַ נשיא, אָפּגעבן אַנדערש כבוד, ווי זיינע חברים, נעמלעך: ווען דער נשיא קומט אריין אין אַן אסיפה

דאַרפן אַלע פאַרזאַמלטע אויפשטיין, אָבער ווען עס קומען אַריין דעם נשיאס חברים, דאַרף בלויז אַ טייל פון די פאַרזאַמלטע אויפשטיין. דאָס האָט שטאַרק באַליידיקט רבי מאירן און רבי נתנען, וועלכע זיינען אין געלערנטקייט געשטאַנען אַ סך העכער פון דעם נשיא. האָבן זיי אָפּגערעדט צווישן זיך, אַז אויף דער קומעדיקער פאַרזאַמלונג פון די תנאים זאָלן זיי שטעלן רבי שמעונען אַזעלכע שווערע קשיות אַז ער זאָל ניט קענען ענטפערן; אויף אַזאַ אופן האָבן זיי געוואָלט דערנידעריקן דעם שטאָלצן נשיא. אָבער רבי מאיר און רבי נתן זיינען דערפאַר אויסגעשלאָסן געוואָרן פאַר אַ צייט פון בית־מדרש.

נאָכן טויט פון רבי שמעון דעם דריטן (170) איז דער עלטסטער און נשיא פון סנהדרין געוואָרן זיין זון רבי יהודה. דער נייער נשיא, דער זיבעטער פון היללס שטאַם, איז געווען אַ גוטער פירער און אַ גרויסער געלערנטער. ער האָט אויפגעהאַלטן גוטע באַציאונגען מיט די רוימישע הערשער און האָט מיט דערפאָלג פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון זיין פאָלק. אויב מען זאָל גלויבן די טראַדיציע איז ער געווען שטאַרק באַפריינדעט מיט איינעם פון די רוימישע קייסאָרים, וואַרשיינלעך מיט דעם פילאָזאָף מאַרקוס אורעליוס. האָבנדיק אַ גרויס געוירשנט פאַרמעגן, האָט רבי יהודה געפירט אַ פירשטלעכן שטאַט: דאָס האָט געפאָדערט זיין אַמט ווי אַ פאָרשטייער פון יידישן פאָלק פאַר דער רוימישער רעגירונג. די זעלביקע אַכטונג פאַר זיין אַמט האָט רבי יהודה געפאָדערט פון אַלע תנאים און מיטגלידער פון סנהדרין. אין זיין צייט האָט דער סנהדרין כמעט דערגרייכט זיין אַמאָליקע גרויסקייט און האָט געהאַט די גאַנצע צאָל מיטגלידער (70), אַזוי ווי אין דער צייט פון דעם בית־המיקדש. אין אָנהייב פלעגט זיך דער סנהדרין פאַרזאַמלען אין אושאַ, און דערנאָך אין די גלילשע שטעט טבריה און צפורי, וואו יהודה הנשיא האָט געלעבט די מערסטע צייט. דער נשיא פלעגט אליין האָבן די מאַכט צו באַשטימען ריכטער און לערער אין די יידישע קהילות, און ער פלעגט אויך צולאָזן די געלערנטע פאַרן סנהדרין. ביי זיין גאַנצער שטרענגקייט האָט זיך יהודה דאָך אויסגעצייכנט מיט גוטהאַרציקייט און פרייגיביקייט. אַ גרויסן טייל פון זיין פאַרמעגן האָט ער אָפּגעגעבן אויף אויסצוהאַלטן אָרעמע געלערנטע און שטיצן תלמידים. אַ סך בתי־מדרשים זיינען אויסגעהאַלטן געוואָרן אויף די מיטלען פון דעם פרייגיביקן נשיא. אפילו פון בבל פלעגן קומען יונגע לייט וואָס האָבן געדורשט נאָך תורה און דאָ אין ארץ־ישראל פלעגן

זיי דערגרייכן אַ הויכע שטופע צווישן די געלערנטע דורך דער הילף פון רבי יהודה הנשיא.

## § 52. די שליסונג פון דער מישנה.

דער וויכטיקסטער אויפטו פון יהודה הנשיא איז באַשטאַנען דערין, וואָס ער האָט מיט דער הילף פון זיינע געלערנטע חברים צונויפגעזאַמלט און געבראַכט אין פולער אָרדענונג די גאַנצע הלכה (געזעצגעבונג) שבעל פה, וואָס די יידישע חכמים האָבן אויסגעאַרבעט ווי אַן הוספה צו די געשריבענע געזעצן פון דער תורה. רבי יהודה האָט מורא געהאַט, אַז די תורה שבעל־פה, וועלכע פלעגט איבערגיין מינדלעך פון דור צו דור, זאָל מיט דער צייט ניט פאַרגעסן אָדער שלעכט אויסגעטייטשט ווערן. כדי אויפצוהיטן גאַנץ די דאָזיקע תורה האָט מען זי געמוזט פאַראייביקן אין שריפט. די דאָזיקע אַרבעט, וועלכע האָט זיך נאָך אָנגעהויבן אין די צייטן פון רבי עקיבא און רבי מאיר, האָט רבי יהודה הנשיא גענומען פלייסיק פאָרצוזעצן ביז ער האָט אין גאַנצן פאַרענדיקט. די ריזיקע אַרבעט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס עס זיינען אַריינגענומען געוואָרן אין איין זאַמ־לונג אַלע דינים, מיינונגען און מסורות, וועלכע האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין דעם זיכרון פון די געלערנטע אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָרהונדער־טער. די דאָזיקע זאַמלונג האָט געקראָגן דעם נאָמען „מישנה", ד"ה צווייטע תורה, אָדער אַ צוגאָב צו משהס ערשטער תורה. פון אָנהייב איז די משנה צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן ווי אַ וועגווייזער פאַר די ישיבות און גע־לערנטע, נאָר מיט דער צייט איז זי געוואָרן אַ הייליקטום ביים פאָלק און מען האָט אויף איר געקוקט ווי אויף אַ גלייכער פאָרזעצונג פון תורת משה.

די מישנה באַשטייט פון זעקס טיילן אָדער „סדרים" אונטער די פאָלגנדע נעמען מיט די ווייטערדיקע אינהאַלטן: 1) זרעים (וואַקסונגען) — אַלע דינים וועגן דער ערד און זייען וועגן פאה, שמיטה, מעשר אא"וו. אין אָנהייב פון דעם דאָזיקן סדר געפינט זיך די מסכתא (אָפטיילונג) „ברכות", וואָס באַהאַנדלט אַלע תפילות און ברכות אין שול און אין הויז; 2) מועד (יום־טוב) — די דינים וועגן שבת, וועגן אַלע ימים טובים און תעניתים; 3) נשים (פרויען) — אַלע געזעצן וועגן חתונות, גטן און אַנדערע ענינים פון דער פאַמיליע; 4) נזיקין (באַשעדיקונגען) — אַלע דינים וועגן דעם צוזאַמענלעבן צווישן מענטשן; צו דעם דאָזיקן סדר איז

צוגעגעבן „פּרקי אבות״, וועלכע אַנטהאַלטן אין זיך מאָראַלישע לערעס פון דער גאַנצער צייט פון די אנשי כנסת הגדולה ביז יהודה הנשיא; 5) קדשים (הייליקייטן) — די דינים פון קרבנות און די צערעמאָניעס פון בית המיקדש, וועגן שחיטה, כשר און טריפה אא״וו; 6) טהרות (ריינ־קייט) — די דינים פון ריינקייט פאַר די כוהנים און פאַרן אַלגעמיינעם פאָלק. — יעדער „סדר״ (טראַקטאַט) ווערט צעטיילט אויף „מסכתות״ (אָפּטיילונגען), יעדע מסכתא אין פּרקים, און יעדער פּרק אין „משניות״ (מישנה אין ענגן זין). די שפּראַך פון דער מישנה איז העברעאיש, אָבער איר סטיל איז אַראַמעאיש, מיט אַ צומיש פון גריכישע און לאַטיינישע ווערטער. די מישנה איז צונויפגעשטעלט אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן. צו־זאַמען מיט די דינים ווערן אויך אַוועקגעשטעלט די ויכוחים (שקלא וטריא), וואָס די חכמים האָבן געפירט וועגן די דאָזיקע דינים. דערביי ווערט געוויינטלעך ניט אַרויסגעזאָגט וועלכע מיינונג איז די ריכטיקע, ווייל די מישנה איז געמיינט געוואָרן פאַר געלערנטע און לערנער, וועלכע האָבן אליין געדאַרפט אורטיילן, וועלכע דעה איז די ריכטיקערע. דערפון זיי־נען נאָכהער אויסגעוואַקסן זייער פיל דערקלערונגען צו דער מישנה, וועל־כע זיינען שפּעטער אריין אין ת ל מ ו ד.

רבי יהודה איז געווען נשיא אַרום פערציק יאָר (ביזן יאָר 210). פאַרן טויט האָט ער איבערגעגעבן דעם אַמט צו זיין עלטסטן זון גמליאל. ווען עס האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז רבי יהודה האָלט ביים שטאַרבן, האָט זיך אַ גרויסע מאַסע פון פאָלק אַוועקגעלאָזט קיין צפורי געוואויר צו ווערן וואָס דער חולה מאַכט. ווען רבי יהודה איז געשטאָרבן, האָט זיך קיינער ניט געקענט אַנטשליסן אויסצוזאָגן דעם פאָלק דעם שרעקלעכן אמת. דעמאָלט איז רבי יהודהס געטרייער תלמיד, בר־קפּרא, אַרויס צום פאַרזאַמלטן עולם אין טרויער־קליידער און האָט געזאָגט: „מלאכים און שטאַרביקע האָבן זיך געראַנגלט פאַרן ארון־קודש; די מלאכים האָבן געזיגט און דער הייליקער ארון איז צוגענומען געוואָרן!״. דאָס פאָלק האָט פאַרשטאַנען דעם פאַרשטעלטן מיין פון די דאָזיקע ווער־טער — און אַ ביטערער געוויין האָט פאַרהילכט צפורי און די גאַנצע סביבה. דער גאַנצער וועג פון צפורי ביז בית־שערים, וואו מען האָט מקבר געווען דעם נשיא, איז געווען באַדעקט מיט מענטשן. אין די שולן האָט מען געהאַלטן הספּדים וועגן די פאַרדינסטן פון דעם גרויסן רבין, וועל־כער האָט פאַראייביקט די „תורה שבעל פה״. מען האָט אים שפּעטער טאַקע

גערופן בלויז „רבי", אויסלאָזנדיק זיין נאָמען, ווייזנדיק דערמיט, אַז ער איבערשטייגט אַלע איבעריקע געזעץ־לערער. יהודה הנשיא איז געווען דער לעצטער פון די חכמים, וועלכע האָבן זיך גערעכנט ווי די פּראָפעסער פון דער מישנה, און האָבן זיך גערופן תנאים (לערער). אַזעלכע תנאים, פון יוחנן בן־זכאי ביז יהודה הנשיא, זיינען געווען ביז הונדערט און צוואַנציק. אָבער די שפּעטערע חכמים האָבן זיך שוין גערופן ניט „תנאים" נאָר אמוראים (דערקלערער, אויסטייטשער).

די נאָענטסטע תלמידים פון רבי יהודה הנשיא האָבן פאַרענדיקט דאָס וואָס זייער גרויסער רבי האָט קיין צייט ניט געהאַט צו ענדיקן. רבי חייא, רבי הושעיא און אַנדערע האָבן צונויפגעזאַמלט די דינים און מיינונגען פון די תנאים, וואָס זיינען נאָך ניט געווען אַריינגענומען אין דער מישנה און האָבן זיי פאַרשריבן אין צוגעגעבענע זאַמלונגען, וועלכע האָבן זיך גערופן „בריתות" און „תוספתות". אויסער דעם זיינען אַנטשטאַנען ספרים, וואָס זיינען געווען פּירושים אויף דער תורה, און דורך די דאָזיקע פּירושים האָט מען געזוכט צו פאַרבינדן די מישנה מיט דער תורה. די דאָזיקע זיינען: 1) די מכילתא — אַ פּירוש אויפן צווייטן ספר פון חומש (שמות); 2) ספרא אָדער תורת כהנים — דערקלערונגען אויפן דריטן ספר פון חומש (ויקרא), וואָס אַנטהאַלט די דינים וועגן די קרבנות; 3) ספרי — דערקלערונגען וועגן די דינים פון די לעצטע צוויי ספרים פון חומש (במדבר און דברים).

קאפיטל 9

# די יידן אין ארץ ישראל ביזן סוף פון דער הערשאַפט פון די נשיאים

(425—200)

## § 53. די נשיאים און די ערשטע אמוראים.

נאָך רבי יהודה הנשיא זיינען שוין אין ארץ־ישראל מער ניט געווען אַזעלכע נשיאים ווי ער, וועלכע זאָלן פאַראייניקן אין זיך שטאַרקע מאַכט מיט גרויסער לומדות. רבי יהודהס זון און נאָכפאָלגער, גמליאל דער דריטער (210), האָט זיך מיט גאָרניט באַרימט געמאַכט. רבי יהודהס אייניקל יהודה־נשיאה דער צווייטער, איז געווען נשיא מער ווי 50 יאָר (230־286). ער האָט זיך געפירט אַזוי ווי אַ וועלטלעכער הערשער און האָט זיך געחברט מיט די רוימישע באַאַמטע. דער דעמאָלטיקער רוימישער קייסער אַלעקסאַנדער סעווערוס האָט זיך פאַרהאַלטן זייער פריינטלעך צו די יידן און האָט געאַכט די יידישע אמונה. אין די צימערן פון זיין פאַלאַץ האָט זיך צוזאַמען מיט די בילדער פון די גריכישע אָפּגעטער און העלדן געפונען אויך דאָס בילד פון אברהם, דער פאָטער פון יידישן פאָלק. אויפן אריינגאַנג פון דעם קייזערלעכן פאַלאַץ זיינען געווען אויסגעקריצט די ווערטער פון דעם יידישן חכם הילל: „דעלך סני לחברך לא תעביד״, — וואָס דיר איז ניט ליב, טו ניט דיין חבר. אין דער צייט ווען יהודה דער צווייטער איז געווען נשיא האָט זיך דער סנהדרין אַריבערגעצויגן פון צפּורי קיין טבריה. די דאָזיקע שטאָט, וועלכע איז געשטאַנען אויפן פראַכט־

פולן ברעג פון דעם ים כנרת, איז פון דעמאָלט אָן געוואָרן דאָס שטענ־דיקע וואוינאָרט פון די נשיאים און דער גייסטיקער צענטער פון די ארץ־ישראלדיקע יידן. דאָרט האָט זיך געפונען אַ גרויסער בית־מדרש אין וועלכן עס האָבן געלערנט די גרעסטע חכמים.

די חכמים וועלכע האָבן געלעבט נאָך דער אָפּשליסונג פון דער מישנה, האָבן זיך גערופן „אמוראים״ ד״ה, דערקלערער. דער ערשטער פון זיי איז געווען י ו ח נ ן ב ן ־ נ פ ח א , וועלכער האָט אין זיין פריער יוגנט געלערנט אין דעם בית־מדרש פון רבי יהודה הנשיא. יוחנן האָט געגרינדעט אין טבריה אַ נייע ישיבה, וואוהין עס פלעגן זיך ציען לערנער ניט נאָר פון ארץ־ישראל נאָר אפילו פון בבל. אין דער דאָזיקער ישיבה האָט מען זיך פאַרנומען מיט אויספאָרשן די דינים וואָס זיינען אויפגעקליבן אין דער מישנה, מען האָט באַטראַכט די מיינונגען פון די פריערדיקע לערער, די תנאים, און מען האָט באַשטימט וועלכע מיינונג איז די ריכטיקע און דאַרף אָנגענומען ווערן. צווישן די נייע חכמים זיי־נען געווען אַזעלכע וואָס האָבן געהאַלטן די מישנה פאַר אַ צווייטן תנ״ך און האָבן געזאָגט אַז מען טאָר ניט אָפּטרעטן פון אירע ווערטער אויף אַ האָר. נאָר יוחנן האָט געהאַלטן אַז געזעצן דאַרפן זיך בייטן און אַנט־וויקלען און ניט שטיין אויף איין אָרט. דעריבער האָט ער און זיינע חברים געמאַכט הוספות צו דער מישנה, וועלכע איז אַליין אַ הוספה צום תנ״ך. דאָס איז געווען דער גרונטשטיין פון דער גמרא (תלמוד). יוחננס מיט־העלפער אין דער דאָזיקער אַרבעט איז געווען ריש־לקיש. דאָס לעבן פון דעם דאָזיקן אמוראי איז געווען רייך מיט פאַסירונגען. אין זיין יוגנט האָט זיך ריש־לקיש אומגעוואָגלט און איז געווען זייער אָרעם. איין מאָל האָט אים די נויט געצוואונגען אַוועקצואוואַרפן דאָס לערנען און אַריינ־טרעטן אין אַ צירק פאַר אַ גלאַדיאַטאָר. דאַן האָט רבי יוחנן, וועלכער איז געווען ריש־לקישעס שול־חבר, אים אַרויסגענומען פון נויט און פון נע־ונד זיין. ער האָט אים חתונה געמאַכט מיט זיין שיינער שוועסטער, און ריש־לקיש האָט זיך גענומען צוריק צום לערנען, און איז אין גיכן באַרימט געוואָרן פאַרן גרעסטן חריף צווישן די אמוראים. ניט זעלטן פלעגט ער בייקומען אין ויכוחים אפילו זיין געלערנטן שוואָגער.

נאָכן טויט פון די דאָזיקע צוויי אמוראים (אין יאָר 280) זיינען די ישיבות אין ארץ־ישראל אַלץ מער און מער געפאַלן. די פירער פון דער ישיבה אין טבריה זיינען נאָך זיי געוואָרן רב־אמי און רב־אסי. נאָר אין

זייער צייט האָט די ישיבה שוין מער ניט צוגעצויגן צו זיך אַזאַ גרויסע צאָל לערנער ווי פריער. אַ סך געלערנטע פלעגן פאַרלאָזן ארץ־ישראל און אַוועק קיין בבל, וואו עס האָבן דעמאָלט געבליט אַ סך באַרימטע ישיבות.

## § 54. די קריסטלעכע קייסאָרים פון רוים.

אין די ערשטע דריי הונדערט יאָר פון קריסטנטום זיינען די רוימישע קייסאָרים נאָך אַלץ געבליבן געצנדינער און פלעגן אָפט שטאַרק פאַר־פאָלגן די קריסטן. ערשט אין אָנהייב פון דעם פערטן יאָרהונדערט האָט דער רוימישער קייסער קאָנסטאַנטין דער גרויסער אַרויסגעוויזן אַ ניי־גונג צום קריסטנטום. ער האָט גענומען אונטער זיין שוץ די פאַרפאָלגטע קריסטן און האָט פון אָנפאַנג נישט געה'רודפט נישט די געצנדינער און נישט די יידן. אין יאָר 313 האָט ער אַרויסגעלאָזט אין מילאַן אַ באַפעל, אַז אַלע רעליגיעס אין דער רוימישער אימפעריע זאָלן געניסן די זעלביקע פרייהייט. נאָר שפּעטער איז קאָנסטאַנטין אונטערגעפאַלן אונטער דער ווירקונג פון די קריסטלעכע גייסטלעכע, און האָט באַשלאָסן צו מאַכן דאָס קריסטנטום פאַר דער הערשנדער רעליגיע, און די אַנדערע זאָלן זיין אונטערגעוואָרפן אונטער איר. מען האָט זיי פאַרבאָטן צו מגייר זיין געצנדינער אָדער קריסטן, מען האָט באַגרענעצט זייערע בירגעררעכט און אַרויפגעלייגט אויף זיי באַזונדערע, שווערע שטייערן. אין יאָר 325 האָט קאָנסטאַנטין פאַררופן אין ניצעאַ, אין קליין־אַזיע, אַ גרויסע קירכ־לעכע אַסיפה, וואו עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַז די קריסטן זאָלן פייערן זייער פסח נישט אין איין צייט מיט די יידן, נאָר אין אַן אַנדער צייט, וואָס די קירכע וועט באַשטימען. פון דעמאָלט אָן האָט זיך די קריסטלעכע אמונה אָנגעהויבן אַלץ מער צו אונטערשיידן פון דער יידישער, און די קריסטן האָבן זיך אַלץ מער דערווייטערט פון די יידן.

אין דער צייט פון קאָנסטאַנטינס יורש, דעם קייסער קאָנסטאַנציוס, זיינען פאַרבאָטן געוואָרן שידוכים צווישן יידן און קריסטן. מען האָט אָנגעהויבן שטערן די יידן צו לערנען זייער תורה אין די ישיבות און דע־ריבער האָבן אַ סך געלערנטע געמוזט פאַרלאָזן ארץ־ישראל און זיך באַזעצן אין בבל. אין אייניקע שטעט אין ארץ־ישראל (ציפּורי, טבריה, לוד) זיינען די יידן אַרויס פון געדולד, האָבן געמאַכט אַן אויפשטאַנד און זיינען באַפאַלן די רוימישע סאָלדאַטן וואָס זיינען דאָרט געשטאַנען.

אָבער דער רוימישער קאָמאַנדיר אורסיצינוס האָט דעם אויפשטאַנד דער־שטיקט מיט דער גרעסטער גרויזאַמקייט (352).

## § 55. דער קייסער יוליאַן און רבי הילל הנשיא דער צווייטער.

אַ האָפענונג אויף בעסערע צייטן האָט אויפגעשיינט פאַר די יידן אין דער צייט פון קאָנסטאַנטינס פלימעניק יוליאַן, וועלכן די קריסטן האָבן אָנגערופן „אַפּאָסטאַט", אָדער אַפּיקורס. אין דער יוגנט האָט יוליאַן פאַרלאָזט דאָס קריסטנטום, און ווען ער איז געוואָרן קייסער האָט ער באַשלאָסן אויפצושטעלן צוריק אין דער רוימישער מלוכה דעם אַלטן רוימישן געצנדינסט און די אַלטע גריכישע בילדונג. זייענדיק אַליין אַ זייער געבילדעטער מענטש האָט יוליאַן נישט אונטערדריקט די קריסטן, אָבער ער האָט זיי אויך נישט דערלויבט צו אונטערדריקן די אָנהענגער פון אַן אַנדער גלויבן. מיט אַ באַזונדערן מיטלייד האָט זיך דער נייער קייסער פאַרהאַלטן צו די יידן, וואָס זיינען פאַרפאָלגט געוואָרן פון די פריערדיקע קייסאָרים. ער האָט צו־ריקגעגעבן די יידן אַלע בירגערלעכע רעכט און האָט זיי באַפרייט פון די איבעריי־קע שטייערן. נישט באַנוגענדיק זיך



יוליאַנוס

דערמיט האָט יוליאַן זיך געווענדט מיט אַ בריוו צו די יידישע קהילות און האָט זיי מודיע געווען, אַז ער איז גרייט אויף זיינע הוצאות אָפּצובויען פון זייערטוועגן די הייליקע שטאָט ירושלים (362). אין דעם דאָזיקן בריוו האָט יוליאַן אָנגערופן דעם דעמאָלטדיקן נשיא, הילל דעם צווייטן, זיין „ברודער". יוליאַן האָט נישט געזאַמט צו דערפילן זיין צוזאָג: ער האָט אַוועקגעשיקט קיין ארץ־ישראל אַ באַאַמטן ער זאָל צוגרייטן אַלץ פאַר דער אויבויאונג פון ירושלים. עס איז שוין געווען צוגעגרייט דאָס בוי־מאַטעריאַל, עס זיינען שוין געווען געדונגען אַרבעטער און מען האָט שוין אָנגעהויבן אָפּצוראַמען די אַלטע חורבות, וואָס האָבן פאַרוואַלגערט

די גאַסן פון דער הייליקער שטאָט; נאָר דאָ איז געשען אַן אומגליק: ווען די אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן גראָבן דעם פונדאַמענט אויפן פּלאַץ וואו דער אַלטער בית המיקדש איז געשטאַנען, האָט זיך פון דער טיף פון דער אויפגעגראָבענער ערד אַרויסגעריסן אַ פלאַם און האָט אָפּגעברענט עטלעכע אַרבעטער. דאָס פאָלק האָט דערזען דערין אַ שלעכטן צייכן פון גאָט און דאָס בויען האָט זיך אָפּגעשטעלט. אין גיכן איז קיין ירושלים אָנגעקומען די טרויעריקע ידיעה, אַז יוליאַן איז אומגעקומען אין אַ מיל־חמה קעגן די פּערסער (363), און צוזאַמען מיט אים איז אונטערגעגאַנ־גען די לעצטע האָפענונג פון די יידן אויף דער ווידעראויפבויאונג פון ירושלים און דעם בית המיקדש.

אין דער צייט פון די ערשטע קריסטלעכע קייסאָרים אין רוים איז דער נשיא פון די יידן אין ארץ ישראל געווען דער דערמאָנטער הילל דער צווייטער. צוליב די רדיפות קעגן די נישט־קריסטן האָבן אַ סך יידן פאַר־לאָזט ארץ ישראל און האָבן אַריבערגעוואַנדערט קיין בבל און אַנדערע פּערסישע לענדער. די מאַכט פון דעם נשיא און פון דעם סנהדרין איז אַלץ שוואַכער געוואָרן. אין די פריערדיקע צייטן פלעגט דער ארץ־ישראל־דיקער סנהדרין יעדן חודש באַאַבאַכטן דעם צושטאַנד פון דער לבנה (די יידן רעכענען די מאָנאַטן און די יאָרן נאָך דער לבנה, און נישט נאָך דער זון) און פלעגט דורך שלוחים אָנזאָגן די קהילות אין ארץ־ישראל און אין די שכנישע לענדער, אין וואָסער טאָג עס פאַלט אויס דער אָדער אַן אַנדער יום־טוב.

נאָר ווען אין ארץ־ישראל זיינען געבליבן ווייניק יידן, און אַ גרוי־סער טייל פון זיי זיינען געווען צעשפּרייט איבער ווייטע לענדער, איז אַזאַ אָרדענונג געוואָרן אומפּראַקטיש. דעריבער האָט הילל הנשיא דער צוויי־טער, צוזאַמענגעשטעלט דעם ערשטן יידישן לוח, לויט וועלכן די יידן פון אַלע לענדער זאָלן אליין קענען באַשטימען די טעג פון יעדן חודש און פון יעדן יום־טוב, ניט וואַרטנדיק אויף דער ידיעה פון דעם סנהדרין אין ארץ־ישראל (359). אויף אַזאַ אופן זיינען איבערגעריסן געוואָרן די לעצטע פעדים, וואָס האָט פאַרבונדן די צעזייטע יידן אין פאָדער־אַזיע מיט די חכמים אין ארץ־ישראל.

## § 56. די לעצטע נשיאים; דער תלמוד ירושלמי.

די רוימישע קייסאָרים נאָך יוליאַנען האָבן אין גאַנצן באַפעסטיקט די קריסטלעכע אמונה אין זייער מדינה. קריגנדיק די מאַכט אין זייערע הענט האָבן די קריסטלעכע גלחים אין דער רוימישער אימפעריע אונ־טערדריקט די מענטשן פון אַנדערע גלויבנס און באַזונדערס די יידן. דער קריסטלעכער המון, אויפגערייצט דורך די דרשות פון זייערע גייסטלעכע, פלעגט אָנפאַלן אויף די יידישע שולן און זיי חרוב מאַכן. דער קייסער ט ע אָ ד אָ ס י ו ס דער גרויסער פלעגט נאָך אַמאָל פאַרטיידיקן די יידן קעגן אַזעלכע אָנפאַלן. אָבער נאָך זיין טויט (395), ווען די רוימישע מלוכה איז צעפאַלן געוואָרן אויף צוויי טייל, די מזרחדיקע אָדער ביזאַנטיע, מיט דער הויפּטשטאָט קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און די מערבדיקע, די איטאַליענישע, מיט דער הויפּטשטאָט רוים, איז קיינער ניט געווען וואָס זאָל זיך אָננע־מען פאַר די פרעמדגלייביקע. די ביזאַנטישע אָדער מיזרחדיקע קייסאָרים זיינען אין גאַנצן אונטערגעפאַלן אונטער דעם איינפלוס פון די בישאָפן און אַנדערע קירכען־באַאַמטע וועלכע האָבן געקוקט אויף די יידן ווי אויף אומגלויביקע. טעאָדאָסיוס דער צווייטער (408—450) האָט אונטער דער ווירקונג פון די גייסטלעכע פאַרבאָטן די יידן צו בויען נייע שולן, צו פאַרנעמען רעגירונגס־שטעלעס און האַלטן אין זייערע הייזער קריסטלעכע באַדינער.

אין די טעג פון טעאָדאָסיוס דעם צווייטן האָט געלעבט דער לעצ־טער יידישער נשיא אין ארץ־ישראל, גמליאל דער זעקסטער. פון אָנ־פאַנג האָט דער קייסער באַשטעטיקט גמליאלן אין זיין אַמט און האָט אים געגעבן דעם נאָמען „פרעפעקט פון די יידן". נאָר ווען דער נשיא האָט זיך דערלויבט איבערצוטרעטן דעם קייסערלעכן באַפעל וואָס האָט באַגרענעצט די רעכט פון די יידן, (דער נשיא האָט אליין דערלויבט די יידן צו בויען נייע שולן) האָט טעאָדאָסיוס ביי אים צוגענומען דעם ערן־טיטל, און נאכהער אין גאַנצן אָפּגעשאַפט דעם אַמט פון נשיא אין ארץ־ישראל (425). אַזוי האָט זיך געענדיקט די הערשאַפט פון די פאַלעסטי־נישע נשיאים פון רבי היללס שטאַם, וועלכע האָט געדויערט דריי הונ־דערט יאָר. דער טיטל נשיא אָדער פאַטריאַרך איז אַריבערגעגאַנגען צום אַרציבישאָף פון ירושלים, דעם העכסטן פאָרשטייער פון דער קירכע פון דער מיזרח־אימפעריע.

אין דער זעלביקער צייט האָבן אויך אָנגעהויבן פאַלן די ישיבות אין ארץ־ישראל. אין ארץ־ישראל זיינען שוין געבליבן זייער ווייניק תלמידי־חכמים, נאָכפאָלגער פון די ערשטע אמוראים. די דאָזיקע איבער־געבליבענע אמוראים האָבן באַשלאָסן צונויפצוזאַמלען און פאַרשרייבן אַלע הלכות און דערקלערונגען צו דער מישנה, וואָס זיינען אויסגעאַר־בעט געוואָרן אין די אַמאָליקע ישיבות, כדי זיי זאָלן ניט פאַרלאָרן ווערן איבערגייענדיק פון מויל צו מויל. די דאָזיקע זאַמלונגען זיינען צוגעגעבן געוואָרן צו דער מישנה אונטערן נאָמען „גמרא ירושלמית" (גמרא מיינט — פאַרענדיקונג און אויך לערע). די מישנה און די גמרא צוזאמען האָבן צולעצט געקראָגן דעם נאָמען „תלמוד" (לערע). דער תלמוד אין יענער פאָרעם ווי ער איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אין ארץ־ישראל ווערט גערופן „תלמוד ירושלמי", צו אונטערשיידן פון דעם שפּעטערדיקן „תלמוד בבלי". די צייט פון דער שליסונג פון „תלמוד ירושלמי" פאַלט זיך צוזאַ־מען אומגעפער מיט דער עפּאָכע פון די לעצטע נשיאים.

קאפיטל 10.

# די יידן אין בבל ביז דער שליסונג פון תלמוד בבלי

(500—200)

## § 57. די יידן אין בבל אונטער דער הערשאַפט פון נײַ־פּערסיע.

אין בבל האָבן די יידן געלעבט פון די עלטסטע צייטן אָן. נאָכן „גלות בבל״ אין דער צייט פון כורשן, האָבן זיך ניט אַלע פּאַרטריבענע צוריקגעקערט קיין יהודה, אַ סך זיינען געבליבן אין בבל און האָבן דאָרט געלעבט אין באַזונדערע קהילות, זיך ניט אויסמישנדיק מיט דער אַרו־מיקער היידנישער באַפעלקערונג. כל־זמן דער בית־המיקדש אין ירושלים איז געשטאַנען האָבן די באַבילאָנישע יידן אויפגעהאַלטן שטענדיקע פאַר־בינדונגען מיט זייערע ברידער אין ארץ־ישראל. זיי פלעגן שיקן קרבנות אין בית־המיקדש און אַנדערע פלעגן אליין קומען (עולה רגל זיין) קיין ירושלים אויף די גרויסע ימים־טובים. נאָר ווען ירושלים איז חרוב גע־וואָרן דורך די רוימער, איז דער באַנד צווישן די באַבילאָנישע און פּאַ־לעסטינישע יידן אויפגעהאַלטן געוואָרן דורך דעם וואָס סיי די, סיי יענע, האָבן אַנערקענט איבער זיך די הערשאַפט פון דעם סנהדרין און פון די לערער פון די ישיבות אין ארץ־ישראל. אין דער צייט פון רבי יהודה הנשיא פלעגן אַ סך יונגעלייט קומען פון בבל קיין ארץ־ישראל צו לער־נען אין די דאָרטיקע גרויסע בתי־מדרשים. אָבער נאָכן טויט פון רבי יהודה הנשיא, ווען די טעטיקייט פון די נשיאים און סנהדרין אין דעם

הייליקן לאַנד האָט אָנגעהויבן צו פאַלן, האָט זיך צווישן די יידן אין בבל באַוויזן אַ שטרעבונג צו אַ זעלבשטענדיקן גייסטיקן לעבן. די רדיפות פון די קריסטלעכע קייסאָרים אין רוים אויף די פאַלעסטינישע יידן האָט געצוואונגען אַ סך יידן אַרויסצואוואַנדערן קיין בבל — און אויף אַזאַ אופן האָבן זיך דאָ געמערט די יידישע קהילות, צו וועלכע עס איז ביס־לעכווייז אַריבערגעגאַנגען די בכורה פון ארץ־ישראלדיקן יידנטום.

נאָך די פאַרצייטיקע פער־סיער, וועלכע האָבן איינגע־נומען בבל אין די טעג פון כורש, האָבן איבערן לאַנד אַ לאַנגע צייט געהערשט די קריגערישע פאַרטיער. נאָר אין יאָר 226 איז געקומען אַ סוף צו דער הערשאַפט פון די פאַרטיער. די פערסיער האָבן געמאַכט אַן אויפ־שטאַנד קעגן דעם פאַרטישן קעניג אַרשטאַבאַן דעם 4טן, האָבן אים אַרונטערגעזעצט פון טראָן און האָבן אויסגעע־קליבן פאַר אַ קעניג זייער פירער אַרדאַשיר (ארתח־שסתר), פון דער דינאַסטיע סאַסאַנידן. אַרדאַשיר האָט געגרינדעט אין פאָדער־אַזיע



יידישע סוחרים אין פערסיע

אַ שטאַרקע ניי־פערסישע מלוכה, אין וועלכער עס איז אויך אַריינגעגאַנגען בבל. די דאָזיקע איבערקערעניש האָט פון אָנפאַנג פאַרשאַפט די באַבילאָנישע יידן אַ סך צרות. דער נייער קעניג האָט אַריינ־געפירט צוריק די אַלטע פערסישע רעליגיע וואָס איז באַשטאַנען פון דינ־נען צום פייער. די פערסישע פריסטער אָדער „מאגיער" האָבן אָנגעהויבן אונטערדריקן אַלע פרעמד־גלייביקע. די יידן איז פאַרבאָטן געוואָרן אָנ־צוצינדן פייער אין זייערע הייזער אין די פערסישע ימים־טובים, ווען די היידן האָבן געדינט צו דעם גאָט פון ליכט הורמיז. אָבער די דאָזיקע

גזירות האָבן ניט לאַנג געדויערט. דער נאָכפאָלגער פון ארדאַשיר, דער קריגערישער קעניג שאַבור דער ערשטער (241—272) האָט צוריקגעגעבן די יידן די פרייהייט פון גלויבן און פון אינערלעכער פאַרוואַלטונג. פאַר אים און זיינע נאָכפאָלגער האָבן די יידישע קהילות אין בבל אויפגעבליט.

די גרעסטע און רייכסטע קהילות האָבן זיך געפונען אין די שטעט נהרדעא, סורא, פומבדיתא און מחוזא. בראש פון אַלע יידישע קהילות איז געשטאַנען אַ פירער פון צווישן די יידן, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „ריש גלותא", אָדער „עקזילאַרך", ד"ה דער „האַר פון די פאַר־טריבענע". די עקזילאַרכן האָבן גערעכנט זייער יחוס פון דוד המלך אַזוי ווי די נשיאים פון ארץ־ישראל. זייער הערשאַפט איז איבערגעגאַנגען פון פאָטער צו זון. דער עקזילאַרך האָט זיך גערעכנט פאַרן העכסטן ריכטער און אָנפירער פון די יידן אין בבל. דורך זיינע באַאַמטע פלעגט ער צו־נויפקלייבן פון די יידן שטייערן פאַר די פערסישע מלכים; ער פלעגט אָנשטעלן אויפזעער אַכטונג צו געבן אויף דער אָרדענונג אין די שטעט, וואָס זיינען געווען באַזעצט פון יידן, און אויך דיינים צו משפטן דאָס פאָלק. געלעבט האָבן די עקזילאַרכן זייער רייך, אַרומגערינגלט מיט אַ סך האַרן און דינער. די פערסישע מלכים באַשטעטיקן יעדן נייעם עקזיל־אַרך אין זיין אַמט, און ער האָט זיך גערעכנט פאַר איינעם פון די העכסטע פערסישע האַרן. אויף אַזאַ אופן האָבן די יידן אין בבל געהאַט אַזוי ווי אַמאָל אין זייער אייגן לאַנד, זייערע אייגענע אינערלעכע פאַרוואַלטונג און האָבן געקענט לעבן פריי לויט זייער אמונה. די דאָזיקע אינעווייי־ניקסטע פרייהייט (אויטאָנאָמיע) האָט אַרויסגערופן צווישן זיי אַ גרויסע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט און גייסטיקע שאַפונג.

## § 58. רב און שמואל.

די ערשטע גרויסע ישיבות אין בבל זיינען אויפגעקומען באַלד נאָך דער שליסונג פון דער מישנה. פאַר זייערע גרינדער ווערן גערעכנט: אַבא אריכא, וועלכער ווערט אָנגערופן רב, און שמואל ירחינאי. אין זייער יוגנט זיינען די צוויי חכמים אַוועק פון בבל קיין ארץ־ישראל, כדי זיך דאָרט צו פאַרפולקאָמען און לערנען אין דער ישיבה פון רבי יהודה הנשיא. דורך זייערע גלענצנדיקע פעאיקייטן האָבן אַבא און שמואל פאַר־נומען דעם ערשטן פלאַץ צווישן די תלמידים פון רבי יהודה הנשיא און



דער ריש־גלותא

זיי זיינען אין גיכן דערהויבן געוואָרן צום טיטל ר׳בי. נאָך דעם זיינען זיי אַוועק צוריק קיין בבל מיט דעם באַשלוס צו ווידמען זייערע כוחות צו פֿאַרשפּרייטן די תורה אין זייער געבוירנלאַנד. רבי אַבא אָדער רב האָט געעפֿנט אין סורא אַ ישיבה, אַזוי ווי די ארץ־ישראלדיקע ישיבות. די

בייע ישיבה האָט צוגעצויגן אַ סך לערנער; זייער צאָל פלעגט אַמאָל דער־גרייכן ביז צוועלף הונדערט. זייענדיק אַ רייכער מאַן, פלעגט רב אויס־האַלטן אָרעמע לערנער אויף זיין אייגענעם חשבון. כדי צו געבן די מעג־לעכקייטן צו לערנען אויך צו פאַמיליען־לייט אָדער באַשעפטיקטע, וואָס פלעגן ניט קענען אריינטרעטן אין דער ישיבה ווי שטענדיקע תלמידים, האָט רב באַשטימט צוויי חדשים אין יאָר, אדר און אלול, ווען עס פלעגן אָפּגעהאַלטן ווערן גרויסע אסיפות צו לערנען תורה. די דאָזיקע אסיפות זיינען געווען באַוואוסט אונטערן נאָמען „יר׳חי דכלה״ (פאַרזאַמלונגס־חדשים). אויף די דאָזיקע אסיפות, וואו עס פלעגן זיין די שטענדיקע תלמידים פון דער ישיבה און אַ סך זייטיקע צוהערערס, פלעגט מען אין קורצן איבערגעבן אַלץ וואָס איז דורכגעלערנט געוואָרן אין דער ישיבה דורכן זמן. די לעצטע וואָך פון פאַרזאַמלונגס־חודש, ד״ה ער״ב פסח און ערב סוכות, פלעגן געהאַלטן ווערן לייכטע דרשות פאַרן פאָלק. אין דער וואָך (שבתא דריגלא) פלעגן דער אָנגעלאָף פון מענטשן פון פאַרשיידענע שטעט פון בבל זיין אַזוי גרויס, אַז אין סורא פלעגט ניט קלעקן קיין דירות פאַר אַלע אָנגעפאָרענע, און אַ סך פון זיי פלעגן שלאָפן אונטערן אָפענעם הימל אויפן ברעג פון דעם סוראער טייך. דאָס איז געווען דער ערשטער שריט צו פאַרשפּרייטן די תורה צווישן אַלע טיילן פון פאָלק.

רב איז געווען באַרימט ווי אַ גרויסער תלמיד־חכם און ערשטער אמוראי אין בבל. ער האָט אויך מחבר געווען תפילות פאַר שבת און יום טוב. רב האָט ליב געהאַט ערדאַרבעט און האָט זי געשטעלט העכער פאַר האַנדל. ער האָט אַליין געהאַט גרויסע פעלדער אַרום סורא און האָט אַליין אַכטונג געגעבן אויף זייער באַאַרבעטונג. זיין זון פלעגט רב לער־נען אַזוי: „בעסער אַ קליין שטיקל ערד, איידער אַ גרויסער שפּייכלער סחורה״ („כבא מארעא ולא כורא מאגרא״). רב האָט געפירט די ישיבה אין סורא אַרום דרייסיק יאָר און איז געשטאָרבן אין יאָר 242. אָנגע־הויבן האָט ער זיין אַרבעט אין דער צייט פון דער הערשאַפט פון די פּאַרטיער און געענדיקט האָט ער זי אין דער צייט פון די ניי־פּערסישע מלכים. ווען רב איז געשטאָרבן האָבן אַלע יידן פון בבל געטרויערט אַ יאָר צייט.

רבס חבר, רבי שמואל, האָט געפירט די ישיבה אין זיין געבורטס־שטאָט נהרדעא. די דאָזיקע ישיבה איז געווען נאָך פון פריער, אָבער ערשט אין רבי שמואלס צייטן איז זי באַרימט געוואָרן און איז געוואָרן

דער וויכטיקסטער צענטער פון יידישער חכמה. שמואל האָט זיך אונטער־שיידט פון די אַנדערע אמוראים דערמיט וואָס ער פלעגט זיך פאַרנעמען ניט נאָר מיט רעליגיעזע זאַכן נאָר אויך מיט וועלטלעכע חכמות: מאַ־טעמאַטיק, נאַטור־ויסנשאַפט און מעדיצין. ווי אַ דאָקטאָר האָט רבי שמואל געהאַלטן אַז די מערסטע קראַנקייטן קומען פון שלעכטער לופט. זיין באַליבטסטע באַשעפטיקונג איז געווען די אַסטראָנאָמיע און קאַלענ־דאַרישע אויסרעכענונגען. „די וועגן פון הימל — פלעגט ער זאָגן — זיינען מיר פונקט אַזוי באַקאַנט ווי די וועגן פון נהרדעא". רבי שמואל האָט אָוועקגעשטעלט אַ געזעץ, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג פאַר די יידן, וואָס זיינען געווען צעשפּרייט צווישן אַנדערע פעלקער. ער האָט געלערנט, אַז אַלע יידן זיינען מחויב אָפּצוהיטן די געזעצן פון די לענדער, וואו זיי וואוינען (דינא דמלכותא דינא). דאָס האָט גע־הייסן, אַז די דינים, לויט וועלכע די יידן פירן זיך אין זייער אינערלעכן לעבן, טאָרן ניט זיין קעגן די געזעצן פון דער מלוכה וואו זיי וואוינען. די לעגענדע דערציילט, אַז דער פּערסישער קעניג שאַבור דער ערשטער איז געווען אַ פּערזענלעכער פריינד פון רבי שמואל און האָט אים שטאַרק געשעצט.

## § 59. די אמוראים פון בבל.

רב און שמואל, וועלכע האָבן געבראַכט מיט זיך פון ארץ־ישראל די מישנה, זיינען געווען די ערשטע אמוראים פון בבל, פון די ישיבות וואָס זיי האָבן געגרינדעט זיינען אַרויסגעגאַנגען אַ סך באַרימטע חכמים, וועלכע האָבן שפּעטער אליין געעפנט ישיבות און אַרויסגעגעבן אַ סך געלערנטע. דאָס איז געווען אַ מערקווירדיקע צייט. אַ דורשט פון וויסן האָט אַרומגעכאַפּט די יידן פון בבל. די ישיבה האָט זיך גערעכנט טייערער פון אַלץ. די געזעלשאַפט האָט אָפּגעגעבן כבוד ניט דעם רייכן נאָר דעם געלערנטן. צו קענען די מישנה און אַ סך דערקלערונגען צו איר בעל פּה איז געווען אַ פליכט פאַר יעדן געבילדעטן יידן. די יידישע חכמה, וועלכע האָט פאַרלאָרן איר באָדן אין ארץ־ישראל, האָט זיך אויפגעהויבן צוריק און זיך צעבליט אין בבל. די הויפּט־ישיבות פון בבל זיינען צוערשט גע־ווען די ישיבות פון סורא און נהרדעא. נאָר נאָך שמואלס טויט איז אויף נהרדעא געקומען אַן אומגליק: אָדענאַט, דער קעניג פון פּאַלמיראַ (תדמור) האָט אין אַ מילחמה מיט די פּערסיער איינגענומען די דאָזיקע

שטאָט און האָט זי חרוב געמאַכט (259). דעמאָלט איז די ישיבה פון נהרדעא אויף אַ צייט אַריבערגעפירט געוואָרן קיין פומבדיתא.

בראש פון דער ישיבה אין סורא איז נאָך רבס טויט געשטאַנען רב הונא. אין דער יוגנט איז רבי הונא געווען אַן אַן איינפאַכער ערדאַרבעטער; אפילו ווען ער איז שוין געוואָרן געלערנט האָט ער נאָך אַלץ אַליין באַאַרבעט זיינע פעלדער; אָפט פלעגט מען אים זען צוריקקערנדיק פאַרנאַכט פון פעלד, מיט אַ גראָבאייזן און אַ לאָפּעטע אויף די אַקסל. שפּעטער איז ער רייך געוואָרן און האָט זיך איבערגעגעבן צום לערנען, און האָט געקראָגן דעם גרויסן נאָמען ראש ישיבה פון סורא. אַזוי ווי ר׳ב, האָט הונא אויך אויפגעהאַלטן אויף זיין חשבון ניט־פאַרמעגלעכע לערנער. דער פירער פון דער ישיבה אין פומבדיתא איז געווען רב יהודה בר־יחזקאל. ער איז געווען זייער שאַרפזיניק און ער פלעגט אָפט מאָל אָפּהאַלטן אין זיין ישיבה חריפותדיקע ויכוחים כדי צו אַנטוויקלען די גייסטיקע פעאיקייטן פון די תלמידים. די חכמים פון פומבדיתא האָבן געקראָגן אַ נאָמען פאַר גרויסע בעלי־פּילפּול; וועגן זיי פלעגט מען זאָגן אַז זיי קענען אין זייערע ויכוחים „דורכפירן אַ העלפאַנט דורך דעם אויער פון אַ נאָדל״. אין יענער צייט האָט די ישיבה פון פומבדיתא געקראָגן אַ גרעסערע באַדייטונג ווי די ישיבה אין סורא. נאָך רבי יהודה איז איר ראש־ישיבה געווען רבה בר־נחמנו, וועלכער האָט פאַר זיין היציקייט אין געלערנטע ויכוחים געקראָגן דעם נאָמען „עוקר הרים״ — וואָס רייסט אויס בערג. אין זיין צייט פלעגן זיך צו די פאָלקס־פאַרזאַמלונגען ערב די ימים־טובים אין פומבדיתא צונויפקומען אַרוף צוועלף טויזנט צוהערער. די פּערסישע רעגירונג האָט פאַרבאָטן די יידן צו מאַכן אַזעלכע גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונגען און רבהן האָט זי געהייסן ארייננזעצן אין תפיסה. רבה האָט געמוזט לויפן פון פומבדיתא און ער איז אויפן וועג געשטאָרבן.

די ישיבה פון פומבדיתא איז באַזונדערס באַרימט געוואָרן אין דער צייט פון איר גרויסן פירער אביי. דער נאָמען פון דעם דאָזיקן אמוראי באַגעגנט זיך אָפט אין תלמוד, צוזאַמען מיטן נאָמען פון זיין חבר רבא (300—350). אביי איז געווען ראש־ישיבה אין פומבדיתא און רבא — אין מחוזא. צווישן די צוויי געלערטע פלעגן פאָרקומען שטענדיקע מחלוקותן אין לערנען. אָפט פלעגן די מחלוקותן אין זייערע ישיבות געפירט ווערן ניט כדי קלאָר צו מאַכן עפעס אַ דין, נאָר כדי צו שאַרפן די מוחות

פון די תלמידים. אביי און רבא האָבן שטאַרק געזאָרגט צו פאַרשפּרייטן עלעמענטאַרע בילדונג אין פאָלק; זיי האָבן אַכטונג געגעבן אַז אין יע־דער שטאָט זאָל זיין אַ שולע פאַר קינדער. נאָך אַבייס טויט זיינען די מערסטע תלמידים פון פומבדיתא אַריבער קיין מחוזא, צו רבא. אָבער ווען רבא איז געשטאָרבן איז די ישיבה אין מחוזא אויך געפאַלן אין גרויס־קייט. אין גיכן איז אויף מחוזא געקומען אַ שווער אומגליק: אין דער צייט ווען קייסער יוליאַנוס איז געגאַנגען אויף פּערסיע איז די דאָזיקע שטאָט צעשטערט געוואָרן פון דעם רוימישן חיל.

## § 60. רב אַשי און דער תלמוד בבלי.

עס זיינען אַריבער צוויי הונדערט יאָר פון יענער צייט ווען רב און שמואל האָבן אַריבערגעפלאַנצט קיין בבל די יידישע חכמה פון ארץ־ישראל. אין פאַרלויף פון דער דאָזיקער צייט האָבן הונדערטער אמוראים אין בבל געאַרבעט אויסצופאָרשן און אויסצובריי‌טערן די יידישע רעלי־גיעזע דינים, געזעצלערעס און מאָראַל. די מיינונגען און באַשלוסן פון די אמוראים פלעגן אומגיין פון מויל צו מויל, אָדער פלעגן פאַרשריבן ווערן שטיקלעכווייז. אויף אַזאַ אופן האָט זיך נאָך דער אָפּשליסונג פון דער מישנה אָנגעקליבן אַ מאַסע נייע הלכות און מסורות, וועלכע עס איז שוין שווער געווען אויפצוהאַלטן אין זיכרון. עס איז געוואָרן נייטיק צונויפ־צוקלייבן און ברענגען אין אָרדענונג אַט די דאָזיקע אַלע מינדלעכע טראַ־דיציעס און נאכהער זיי פאַרשרייבן, כדי זיי זאָלן ניט פאַרגעסן ווערן, אַזוי ווי עס איז געטאָן געוואָרן אין ארץ־ישראל (תלמוד ירושלמי). דעם אָנהייב דערצו האָט געמאַכט דער גרויסער אמוראי רב אשי (427—370).

רב־אשי איז געשטאַנען בראש פון דער ישיבה אין סורא. אין זיין צייט האָט די ישיבה ווידער אָנגעהויבן צו בליען און רב־אַשי איז געוואָרן באַרימט ווי דער גרעסטער אמוראי אין בבל. זיין גאַנצע לאַנגיעריקע טעטיקייט האָט רב־אַשי געווידמעט צו בלויז איין צוועק — צונויפצו־זאַמלען די תורה שבעל־פה, וואָס האָט זיך אויסגעאַרבעט אין די ישיבות אין בבל, ווי דערקלערונגען אויף דער מישנה. די אַלע צונויפגעזאַמלטע טראַדיציעס האָבן געקראָגן דעם נאָמען „גמרא בבלית״. כדי צו דער־גרייכן זיין צוועק פלעגט רב־אַשי אין דער צייט פון די גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונגען אין סורא לייענען פאַרן עולם פרקים פון מישנה צוזאַמען

מיט די פירושים פון די אמוראים, ד״ה גמרא. אויף אַזאַ אופן איז ער אין פאַרלויף פון דרייסיק יאָר דורכגעגאַנגען די גאַנצע מישנה צוזאַמען מיט דער גמרא. רב אַשי האָט אַלזאָ צוזאַמענגעקליבן און מסדר געווען די גאַנצע תורה שבעל־פה, וואָס האָט זיך אױפגעקליבן אין בבל, וועלכע איז שפּעטער פאַרשריבן געוואָרן און געקראָגן דעם נאָמען „תלמוד בבלי״.

פאַר זיינע גרויסע פאַרדינסטן האָט רב־אַשי זוכה געווען צום העכסטן ערן־נאָמען „רבנו״ (אונדזער לערער); די שפּעטערדיקע דורות האָבן אים געשטעלט אין איין ריי מיט רבי יהודה הנשיא, דעם מסדר פון דער מישנה. אין דער צייט ווען ער איז געווען דער פירער פון דער סוראער ישיבה איז סורא געוואָרן דאָס וואוינאָרט פון די יידישע נשיאים, וועלכע האָבן פריער געוואוינט אין נהרדעא און פומבדיתא. יעדעס יאָר, נאָך די האַרבסט־ימים־טובים פלעגט מען מאַכן אין סורא אַ באַזונדערן פאָלקס־יום־טוב לכבוד דעם „ריש־גלותא״.

## § 61. די שליסונג פון תלמוד (חתימת התלמוד).

נאָכן טויט פון רב־אַשי איז די לאַגע פון די יידן אין בבל פאַרערגערט געוואָרן. אין דער צייט פון קעניג יעזדעגערד דעם צווייטן (438—457) האָבן זיך אין דער ניי־פּערסישער מלוכה אָנגעהויבן ווידער שטאַרקע רדיפות קעגן די אָנהענגער פון אַנדערע גלויבנס, וואָס האָבן ניט געוואָלט אָנערקענען זאָראָאַסטערס אמונה פון דעם פייער־גאָט. אונטער דעם איינפלוס פון די פּערסישע מאַגיער האָט דער קעניג פאַרפאָלגט די יידן און די קריסטן, וועלכע האָבן געלעבט אין זיין לאַנד. די יידן איז פאַרבאָטן געוואָרן אפילו אָפּצוהיטן שבת. די דאָזיקע פאַרפאָלגונגען זיינען נאָך שטאַרקער געוואָרן אין די צייטן פון פירוז, וועלכער האָט געהערשט נאָך יעזדיגערדן. די יידן האָבן אים אַ נאָמען געגעבן „רשע״. אין דער שטאָט איספאַהאַן איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענשטויס צווישן די מכשפים און די יידן, און צוויי מכשפים זיינען געהרגעט געוואָרן. דערפאַר האָט פירוז באַפוילן אויסצוקוילן אַ העלפט פון דער יידישער באַפעלקערונג פון איספאַהאַן און די יידישע קינדער איינגעבן אין די פּערסישע טעמפּלען, וואו מען זאָל זיי לערנען צו דינען דעם גאָט פון פייער. דער ראש־הגולה פון די באַבילאָנישע קהילות הונא־מאַרי און צוויי אמוראים זיינען פאַרשפּאַרט געוואָרן אין תפיסה און דערנאָך האָט מען זיי

געטויט (470). די יידישע ישיבות אין בבל זיינען פאַרמאַכט געוואָרן און זייערע יונגע תלמידים האָט מען מיט גוואַלד אַריינגעבראַכט אין דער פערסישער רעליגיע. דעמאָלט האָבן די יידן אָנגעהויבן מאַסנווייז אויס־צוואוואַנדערן פון בבל. אַ סך האָבן זיך באַזעצט אין דעם שכנישן אַראַביע, וואו עס האָט פון אוראַלטע צייטן געלעבט אַ יידישער קריגערישער שבט, וועלכער האָט געפירט אַ וואַנדער־לעבן; פון דאָרט האָבן אַ טייל פון די יידן אַריינגעדרונגען אין דעם ווייטן אינדיע.

אין דער דאָזיקער שווערער צייט האָבן די יידישע חכמים, וואָס זיי־נען געבליבן אין בבל, באַשלאָסן צו פאַרשרייבן די גאַנצע תורה שבעל־פה וואָס האָט זיך אָנגעקליבן נאָך דער מישנה, און וואָס רב־אַשי האָט צונויפגעזאמלט און אויסגעשטעלט אין אָרדענונג. רב־אַשי האָט די אַרבעט אָנגעהויבן און צו פאַרענדיקן זי איז באַשערט געווען די אמוראים, וועלכע האָבן געלעבט צום סוף פון פינפטן יאָרהונדערט נאָך דער קריסטלעכער צייטרעכענונג צום גליק האָבן אין דער דאָזיקער צייט, נאָכן טויט פון דעם גרויזאַמען פירוז אויפגעהערט די גזירות אויף די יידן אין בבל און די ישיבות אין סורא און פומבדיתא האָבן זיך צוריק געעפנט. דער ראש־ישיבה פון דער ערשטער איז געווען רבינא, וועלכער ווערט אָנגערופן דער לעצטער אמוראי. אונטער זיין השגחה זיינען די חכמים צוגעטראָטן צו־זאַמענצושטעלן די באַבילאָנישע גמרא. אַלע מינדלעכע פירושים און הוספות צו דער מישנה וואָס זיינען שוין פריער צוזאַמענגעקליבן געוואָרן, האָבן זיי פאַרשריבן אין איין אַלזייטיקן, רעליגיעזן און בירגערלעכן קאָ־דעקס, און האָבן דערקלערט דאָס דאָזיקע ווערק פאַר „געחתמעט״, ד״ה זיי האָבן פאַרבאָטן צוצוגעבן אָדער ענדערן עטוואָס דערין. די באַבילאָ־נישע גמרא איז אויסגעשטעלט געוואָרן לויט דער אָרדענונג פון דער מישנה. אַזוי איז נאָך יעדער מסכתא פון דער מישנה זיינען געקומען די פירושים און ויכוחים פון דער גמרא, וועלכע געהערן צו איר. די מישנה און די באַבילאָנישע גמרא, וועלכע זיינען אויף אַזאַ אופן פאַראייניקט געוואָרן, האָבן פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ גרויסן געשריבענעם מאָנומענט, וואָס האָט געקראָגן דעם נאָמען „תלמוד בבלי״, צו אונטערשיידן אים פון דעם קירצערן „תלמוד ירושלמי״. אויף אַזאַ אופן האָט רב־אַשי אָנגעהויבן די צוזאַמענשטעלונג פון דעם תלמוד, און רבינא האָט עס געענדיקט, אין 75 יאָר אַרום. רבינא רעכנט זיך פאַר'ן לעצטן אמוראי; ער איז געשטאָרבן אין 499־טן יאָר. דעריבער ווערט דאָס יאָר 500 פון דער קריסטלעכער

צייטרעכענונג אנערקענט פארן יאר אין וועלכן דער תלמוד איז גע־שלאסן געווארן (דאס 430־טע יאר נאך דער צעשטערונג פון ירושלים דורך טיטוסן).

## § 62. דער אינהאלט פון תלמוד.

דער תלמוד איז א גרויסע זאמלונג, וועלכע באשטייט פון פופציק גרויסע און קליינע טראקטאטן (מסכתות. אין דרוק קומען זיי געוויינטלעך אין 12 ביז 20 גרויסע בענדער). דא איז צונויפגעקליבן דער גרעסטער טייל דערפון ,וואס דער יידישער געדאנק האט באשאפן זינט דער שלי־סונג פון תנ״ך ביז צום סוף פון פינפטן יארהונדערט פון דער קריסט־לעכער צייטרעכענונג. דאס איז ניט קיין ווערק פון איינעם אדער עטלעכע געלערנטע לייט, נאר דער סך־הכל פון דעם וואס דער יידישער גייסט האט געשאפן אין פארלויף פון זיבן הונדערט יאר. דער תלמוד איז ניט ענלעך צו די געוויינטלעכע „געזעצביכער״, ווייל חוץ די רעליגיעזע און בירגערלעכע דינים אנטהאלט ער אויך א מאסע ידיעות פון אנדערע צווייגן פון וויסנשאפט, פילאזאפיע און מאראל. אפילו די דינים אליין ווערן איבערגעגעבן אין דער גמרא ניט ווי פעסטגעשטעלטע באשלוסן, נאר ווי פארהאנדלונגען און ויכוחים צווישן די חכמים. דאס דערקלערט זיך דערמיט, וואס דער תלמוד איז צוזאמענגעשטעלט געווארן לכתחילה ניט נאר ווי א געזעץ־בוך, א הוספה צום תנ״ך נאר אויך ווי א לערן־בוך, אין וועלכן יעדער ייד האט געקענט לערנען און שארפן זיין מוח. און דאס באטייט טאקע דער נאמען „תלמוד״, וואס מיינט לערע. צוזאמען דערמיט האט דער תלמוד געדארפט דינען פארן פאלק ווי א קוואל, וואו עס האט געקענט שעפן אלגעמיין וויסן און מאראל, זייט ביי זייט מיט די רעלי־גיעזע און געזעלשאפטלעכע דינים באגעגענען זיך אין תלמוד ידיעות איבער אסטראנאמיע, מעדיצין און נאטור־וויסנשאפט, און אפטער פון אלץ — מאראל־לערע, פילאזאפישע געדאנקען, היסטארישע דערציילונ־גען און פאלקס־לעגענדעס.

יעדער ספר פון תלמוד באשטייט פון צוויי טיילן, וואס זיינען צו־נויפגעגאסן אין איינעם: „הלכה״ און „אגדה״. אין דער הלכה ווערן אויספירלעך באשפראכן און דערקלערט די דינים פון דער מישנה און עס ווערט אנגעוויזן ווי אזוי זיי זיינען פארבונדן מיט די געזעצן פון דער

תורה. אין דער אגדה פאַרנעמען דעם הויפּט־אָרט מוסר, שמועסן וועגן פאַרשיידענע דערשיינונגען פון לעבן, און היסטאָרישע טראַדיציעס. דער וואָס לערנט תלמוד און ער ווערט פאַרמאַטערט פון די האַרבע ויכוחים און פּילפּולים פון דער הלכה, רוט זיך אָפּ ביי דער אגדה, וואו ער געפינט אָנגענעמען און אָנציענדיקן לייענשטאָף. דאָ, צווישן די פּראַכטפולע דער־ציילונגען און טראַדיציעס, זיינען צעוואָרפן קלוגע משלים און שפּריכ־ווערטער, וואָס אַנטהאַלטן אין זיך די העכסטע מאָראַלישע אמתן, וועלכע זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן נאָך דעם תנ״ך. שפּעטער, אַז מען האָט אָנ־געהויבן דעם תלמוד צו לערנען אין די ישיבות און בתי־מדרשים האָט יעדער איינער געפונען אין אים רייכע שפּייז פאַר זיין מוח: דער גע־לערנטער פלעגט זיך פאַרטיפן אין די שאַרפזיניקע ויכוחים פון דער הלכה, און דער מיטעלער מענטש פלעגט מיט אַנטציקן לייענען די שיינע מעשה־לעך און די קלוגע משלים פון דער אגדה.

מיטן תלמוד האָט זיך געענדיקט די אַנטוויקלונג פון דער אַלטער ביבלישער געזעצלערע. צו די דינים פון תורת־משה זיינען צוגעקומען זייער אַ סך נייע דינים און מינהגים, וועלכע דער ייד דאַרף אָפּהיטן אין זיין היימישן, געזעלשאַפטלעכן און גייסטיקן לעבן. יעדער געבאָט אין דער תורה האָט זיך פאַנאַנדערגעצווייגט אין תלמוד אויף אַ סך געבאָטן. צום ביישפּיל, די תורה זאָגט אָן, אַז מען זאָל רוען אום שבת פון די גע־וויינטלעכע אַרבעטן. אָבער דער תלמוד פאַרווערט צו טאָן אום שבת אַפילו אַזעלכע מלאכות, וועלכע באַלאַנגען ניט צו די שווערע אַרבעטן (ווי טראָגן קליינע זאַכן, אָנצינדן פייער, אָפּרייסן אַ בלום אא״וו). צו די מינים שפּייז, וואָס די תורה פאַרווערט האָט דער תלמוד צוגעגעבן אַ סך נייע. ניט גרינג איז אָנגעקומען דעם יידן אָפּצוהיטן די דאָזיקע אַלע די־נים און מינהגים. אָבער זיי זיינען געווען נייטיק צוליב דער באַזונדערער לאַגע פון דעם יידישן פאָלק: די יידן זיינען געווען צעשפּרייט אין אַלע טיילן פון דער וועלט; כדי זיי זאָלן זיין איין פאָלק און ניט קענען זיך אויסמישן מיט די אַרומיקע פעלקער, איז נייטיק געווען, אַז די יידן זאָלן אומעטום שטרענג אָפּהיטן די דינים פון זייערע אמונה און אויפהאַלטן זייערע נאַציאָנאַלע מינהגים, וועלכע האָבן זיי אונטערשיידט פון אַנדערע פעלקער. צום דאָזיקן צוועק זיינען אָנגעווענדט אַלע געזעצן פון תלמוד. אין די דאָזיקע געזעצן איז ווירקלעך געלונגען אויפצוהאַלטן די יידישע

נאַציע גאַנץ, צו להכעיס אַלע רדיפות, וואָס די יידן האָבן געמוזט אויס־
שטיין אין פאַרשיידענע לענדער פאַר זייער גלויבן און נאַציע.

דער תלמוד בבלי שטימט מיטן תלמוד ירושלמי נאָר דערמיט, וואָס
זיי אַנטהאַלטן דיזעלביקע מישנה; אָבער די גמרא איז ביי זיי פאַרשיידן:
אין דעם תלמוד בבלי איז די גמרא אַ סך ברייטער און פולער. אָט דערי־
בער האָט זיך עס שפּעטער באַזונדערס שטאַרק פאַרשפּרייט דער תלמוד
בבלי. די שפּראַך פון דעם תלמוד בבלי איז אַ געמיש פון העברעאישע און
אַראַמעאישע ווערטער (כאַלדייאיש). אין דער מישנה, וועלכע איז צוזאַ־
מענגעשטעלט געוואָרן אין ארץ־ישראל, זיינען דאָ מער העברעאישע ווער־
טער און שפּראַך־פאָרמען; אָבער אין דער גמרא הערשט מער די אַראַ־
מעאישע שפּראַך, וועלכע איז געווען זייער שטאַרק נאָענט צו דער דע־
מאָלטיקער אומגאַנגס־שפּראַך פון די באַבילאָנישע יידן.



קאַפּיטל 11.

# די יידן אין מיזרח ביזן סוף פון דער עפּאָכע פון די גאונים

(1040—500)

## § 63. מהומות אין פּערסיע; די סבוראים.

נאָך דער אָפּשליסונג פון תלמוד האָבן די יידן אין פּערסישן בבל איבערגעלעבט שטורמישע צייטן. זיי האָבן שטאַרק געליטן פון דעם בייזן ווילן פון די סאַטראַפּן (שטאַטהאַלטער פון פּראָווינצן) און פון פאַנאַטישע מכשפים, די פּריסטער פון דעם גאָט פון פייער. אין אָנהייב פון זעקסטן יאָרהונדערט זיינען די ליידן פון די יידן דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אַ טייל פון זיי האָט מורד געווען קעגן דער פּערסישער רעגירונג. בראש פון די מורדים איז געשטאַנען דער יונגער יידישער „עקזילאַרך" מר־זוטרא. דער קריגערישער עקזילאַרך האָט אַרויסגעטריבן די פּערסיער פון דער שטאָט מחוזא און האָט זיך דאָרט באַפעסטיקט מיט זיין חיל ווי אַ זעלבשטענדי־קער יידישער פירשט. זיבן יאָר איז מר־זוטרא געבליבן פירשט, נאָר נאָכ־הער האָט דאָס פּערסישע חיל איינגענומען די שטאָט מחוזא, האָט געכאַ־מען געפאַנגען מר־זוטראן און אים אויפגעהאנגען לעבן בריק פון מחוזא (אַרום יאָר 520). די יידן האָט מען נאָך שטאַרקער אָנגעהויבן צו פאַר־פאָלגן און אונטערדריקן.

אין פאַרלויף פון זיבעציק יאָר נאָך דער געשיכטע, האָט זיך די לאַגע פון די יידן אונטער דער פּערסישער הערשאַפט געביטן דאָ צום בעסערן,

דאָ צום ערגערן, לויט דעם וואָס פאַר אַ קעניג עס האָט געהערשט. אָר־דענונג און רו האָבן זיך איינגעשטעלט אין יידישן לעבן ערשט אין דער צייט פון דעם לעצטן פערסישן קעניג כאָזראָי דער צווייטער (590—628), וועלכער האָט זיך באַרימט געמאַכט ווי אַ קריגספּירער און קלוגער הער־שער. אין זיין צייט האָבן די יידישע קהילות אין בבל ווידער אָנגעהויבן צו פאַרוואַלטעט ווערן דורך זייערע אייגענע וועלטלעכע באַאַמטע, עקזיל־אַרכן, און זייערע אייגענע געזעץ־לערער, וועלכע זיינען געשטאַנען בראש פון ישיבות.

די געזעצלערער פון יענער צייט האָבן זיך שוין נישט גערופן „אַמוראים" ווי פריער, נאָר „סבוראים", ד"ה, די וואָס דריקן אויס אַ מיינונג. אַזוי ווי דער תלמוד איז שוין געווען געשלאָסן האָט מען מער נישט געטאָרט צוגעבן צו אים קיין נייע דינים, נאָר מען האָט בלויז גע־קענט לערנען און דערקלערן די דינים וואָס ער אַנטהאַלט. דאָס האָבן געטאָן די סבוראים. זיי האָבן שטודירט דעם געשריבענעם טעקסט פון דעם תלמוד, האָבן פאַרריכט זיינע גרייזן, אָפּט מאָל אַריינגעשטעלט זייערע קורצע דערקלערונגען און האָבן אויסגעשטעלט די אָפּטיילונגען אין אַ באַשטימטער אָרדענונג. די וויכטיקסטע ישיבות האָבן זיך געפונען ווי פריער אין די צוויי בבלשע שטעט סורא און פומבדיתא.

## § 64. די יידן אין סיריע און פּאַלעסטינע אונטער דער הערשאַפט פון ביזאַנץ.

ווען די גרויסע רוימישע אימפעריע איז זיך צעפאַלן אויף צוויי האַלבע, די מיזרחדיקע אָדער ביזאַנץ, און די מערבדיקע אָדער איטאַליע (אויבן § 56), זיינען סיריע און ארץ־ישראל אַריבער צו ביזאַנץ. דאָ איז די לאַגע פון די יידן געווען נאָך ערגער ווי אין פערסיע, וואָרום די קריסט־לעכע ביזאַנטיער האָבן בכלל אונטערדריקט די פרעמדע גלויבנס. די קריסטלעכע גייסטלעכע האָבן געהאַסט די יידן דערפאַר, וואָס זיי זיינען געבליבן ביי זייער אַלטן גלויבן, און זיי האָבן אָנגערייצט די מלכים אַרויסצוגעבן גזרות קעגן די יידן. ביי די יידן האָט מען ביסלעכווייז אָפּגע־נומען זייער רעליגיעזע פרייהייט און אַנדערע בירגערלעכע רעכט, אָבער מען האָט זיי געצוואונגען צו דערפילן אַלע בירגערלעכע פליכטן און צאָלן שווערע שטייערן צו דער רעגירונג. דער ביזאַנטישער קייסער יוסטיניאַן

(527—656) האָט געשריבן אין זיין באַפעל קעגן די יידן אַזוי: „זאָלן די דאָזיקע מענטשן קרעכצן אונטער דער לאַסט פון זייערע פליכטן, אָבער זיי זאָלן נישט פאַרנעמען קיינע חשובע שטעלעס; זיי דאַרפן בלייבן אין דער זעלבער פאַראַכטעטער לאַגע, אין וועלכער זיי אַליין לאָזן איבער זייערע נשמות״. אין „יוסטיניאַנס קאָדעקס״ זיינען אַריין אַ סך שווערע גזירות קעגן יידן. זעענדיק די הילפלאָזיקייט פון די יידן, פלעגט דער פּראָסטער המון זיי אָפּט באַפאַלן, זיי באַרויבן און הרגענען.

איבערהויפּט זיינען די יידן אונטערדריקט געוואָרן אין זייער אַמאָ־ליקן פאָטערלאַנד, אין ארץ־ישראל. די ביזאַנטיער האָבן דאָ געבויט פאַר זיך קירכן און מאָנאַסטירן, און די יידן האָבן זיי פאַרווערט צו בויען נייע שולן אויף דעם אָרט פון די אַלטע, וואָס זיינען צעפאַלן געוואָרן. אין אייניקע פלעצער האָט מען זיי אין גאַנצן פאַרבאָטן זיך צו באַזעצן. מען האָט זיי אַפילו נישט אַריינגעלאָזט אין דער הייליקער שטאָט ירושלים. אַ באַדייטנדיקע יידישע קהילה איז געבליבן נאָר אין דער שטאָט טבריה, וואו עס האָבן אַמאָל געוואוינט די יידישע נשיאים. אַ סך יידן האָבן געלעבט אויך אין סיריע, איבערהויפּט אין דער גרויסער שטאָט אַנטיאָכיע, וועלכע איז געווען באַזעצט פון קריסטלעכע גריכן.

די נגישות און באַליידיקונגען פון די ביזאַנטישע קריסטן פלעגן שטאַרק אויפרייצן די יידן און פלעגן זיי אָפּט מאָל ברענגען צו אַן אָפּע־נעם אויסברוך. אין אַנטיאָכיע איז צווישן זיי און די גריכן געקומען צו אַ בלוטיקן צוזאַמענשטויס. דאָס מאָל האָבן די יידן מנצח געווען: זיי האָבן געהרגעט זייערע שונאים, געוואָרפן זיי אין פייער און האָבן געטויט דעם פּאַטריאַרך פון אַנטיאָכיע, אַנאַסטאַסיוס. אָבער אין גיכן איז דער אויפשטאַנד דערשטיקט געוואָרן. אַ סך יידן האָט מען הינגעריכט אָדער אַרויסגעטריבן פון לאַנד, אויפן באַפעל פון קעניג פאָקיוס (608).

אין עטלעכע יאָר אַרום האָבן די יידן ווידער אויסגענוצט די גע־לעגנהייט צו נעמען נקמה פון זייערע אונטערדריקער. אין יענער צייט איז געווען אַ מילחמה צווישן דעם פּערסישן קעניג כאָזראָי דעם צווייטן און דעם ביזאַנטישן קייסער הערגקליוס. די פּערסער זיינען אַריינגע־טראָטן אין סיריע און האָבן זיך דערנענטערט צו פּאַלעסטינע. זיינען די יידן צוגעשטאַנען צו זיי צו קעמפן צוזאַמען מיט זיי קעגן די פאַרהאַסטע ביזאַנטיער. דער רייכער בינימין פון טבריה האָט געגעבן דאָס געלט אויף צו באַוואָפענען זיינע ברידער. אין יאָר 614 האָבן די פּערסער, מיט

דער הילף פון דעם יידישן חיל, געגומען מיט שטורעם ירושלים, וואו פריער איז די יידן געווען שטרענג פאַרבאָטן צו וואוינען. פון דאַנען האָבן די זיגער זיך געלאָזט אין אַנדערע שטעט פון פאַלעסטינע, און האָבן אומעטום אויסגעהרגעט די מאָנאַכן און פאַרניכטעט קירכעס און מאָנאַס־טירן מיט דער זעלביקער גרויזאַמקייט, מיט וועלכער דער ביזאַנטישער המון האָט פריער צעשטערט יידישע שולן און בתי־מדרשים. אַרום פערצן יאָר האָט געדויערט די הערשאַפט פון די פערסער אין פאַלעסטינע. נאָר ווען כאָזראָי איז אַרונטערגעזעצט געוואָרן פון טראָן און אין פערסיע האָבן זיך אָנגעפאַנגען מהומות (628), זיינען די ביזאַנטיער ווידער שטאַרק געוואָרן. העראַקליוס האָט ווידער באַזיגט פאַלעסטינע און האָט גרויזאַם באַשטראָפט די יידן פאַר זייער בונד מיט די פערסער. אַ סך יידן זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן, און אַ סך זיינען אַנטלאָפן קיין מיצרים.

אָבער נישט לאַנג האָבן די ביזאַנטיער אָנגעהאַלטן זייער הערשאַפט אין ארץ־ישראל. אין יענער צייט האָט זיך אין מיזרח אָנגעהויבן גיך צו פאַרשפרייטן די רעליגיע פון מוכמעד. די קריגערישע אַראַבער, וועלכע האָבן איבערגענומען די דאָזיקע רעליגיע, האָבן צוגענומען אין אַזיע די הערשאַפט סיי פון די היידנישע פערסער, סיי פון די קריסטלעכע ביזאַנ־טיער.

## § 65. די יידן אין אַראַביע און מוכאַמעד

אויפן אַראַבישן האַלב־אינדזל האָבן יידן געלעבט נאָך פון אוראַלטע צייטן. אַ טייל פון זיי האָט זיך דאָרט באַזעצט נאָך אין דער צייט ווען די יידישע מלוכה האָט עקזיסטירט; אַ סך זיינען אַהין אַנטלאָפן שפעטער פון די ביזאַנטישע און פערסישע לענדער. די אַראַבער האָבן געקוקט אויף די יידן ווי אויף אַ קרובישן פאָלק, וואָרום די אַראַבער האָבן גערעכנט זייער אָפּשטאַמונג פון ישמעאל, דעם זון פון אַברהם, דעם פאָטער פון יידישן פאָלק. און ווירקלעך,ביידע פעלקער האָבן באַלאַנגט צו דער סעמיטישער ראַסע און האָבן גערעדט אויף אַן ענלעכער שפּראַך. די אַראַ־בישע יידן האָבן זיך אויך מיט זייער אַרט לעבן ווייניק אונטערשיידט פון די אַראַבער. זיי האָבן געלעבט אין קליינע שבטים, וועלכע פלעגן זיך רופן אויפן נאָמען פון דעם פאָטער (צום ביישפיל: בני־קיינוקאַאַ, בני־נאַדיר, ד״ה, די קינדער פון קיינוקאַאַ און פון נאַדיר). דער עלטסטער פון שטאַם איז אויך געווען דער פירער. די יידן האָבן זיך באַשעפטיקט

מיט פּיצוכט, נאָר פילע האָבן אויך געפירט האַנדל מיט אינדיע, פּערסיע און ביזאַנטיע. אַזוי ווי די אַראַבער, האָבן זיי זיך אויסגעצייכנט מיט אַ קריגערישן גייסט. בלויז אין דער רעליגיע האָבן זיי זיך אונטערשיידט פון די אַראַבער, וועלכע זיינען נאָך געווען געצנדינער. נאָר אין דעם 6טן יאָרהונדערט פון דער קריסטלעכער צייטרעכענונג האָט זיך די יידישע אמונה אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן צווישן די אַראַבער. גאַנצע שבטים פלעגן נאָכטאָן זייערע עלטסטע און אָננעמען די יידישע רעליגיע. דער אַריבער־גאַנג צום יידנטום איז פאַר די אַראַבער געווען גרינגער דערמיט, וואָס פון די עלטסטע צייטן אָן איז ביי זיי געווען איינגעפירט צו מל זיין די יינגלעך.

אין אָנהייב פון 6־טן יאָרהונדערט איז אין דרום־אַראַביע אָדער תימן געגרינדעט געוואָרן אַ קליינע מלוכה, וואו די יידישע רעליגיע איז געווען די הערשנדיקע. דער תימנער קעניג אבו־קאַריבאַ, באַקענענדיק זיך מיט די יידישע חכמים האָט אָנגענומען דאָס יידנטום און האָט אויך מגייר געווען פילע אַראַבער (500). זיין טראָנפאָלגער, דער יונגער יוסף דו־נאָוואַס איז געווען אַן איבערגעגעבענער אָנהענגער פון יידנטום און איז געווען אַ הייסער פאַרטיידיקער פון זיינע נייע גלויבנסברידער. ווען יוסף האָט זיך דערוואוסט, אַז אין דער ביזאַנטישער אימפּעריע אונ־טערדריקן די קריסטלעכע מלכים און גייסטלעכע די יידן, האָט ער באַ־שלאָסן צו אָפּצאָלן דערפאַר די קריסטן, וואָס האָבן געלעבט אין זיין מדינה. ער האָט געהייסן כאַפּן די ביזאַנטישע סוחרים, וואָס זיינען געפאָרן קיין אינדיע דורך תימן און זיי הענגען. ער האָט אַרויפגעלייגט שווערע שטייערן אויף די קריסטן פון זיין מלוכה און האָט זיי אונטערדריקט אַזוי ווי די ביזאַנטישע קייסאָרים האָבן אונטערדריקט זייערע יידן. דער־מיט האָט דו־נאָוואַס אויפגעוועקט קעגן זיך דעם צאָרן פון די קריסטלעכע מלכים. זיי צו הילף איז געקומען דער קעניג פון דער נאָענטער עטיאָפּיע (אַביסיניע), עלעסבאַאַ, וועלכער איז געווען אַ קריסט. די מחנות פון עטיאָפּיע האָבן זיך אַריינגעריסן אין תימן און האָבן זיך גענומען צו פאַרוויסטן דאָס לאַנד. דאָס אַראַבישע און יידישע חיל פון דו־נאָוואַס האָט נישט געקענט ביישטיין קעגן זיי. זעענדיק זיין אומפאַרמיידלעכן סוף איז דו־נאָוואַס אַרויפגעשפּרונגען רייטנדיק אויף זיין פערד צום שפּיץ פון אַ הויכן באַרג און האָט זיך אַרונטערגעוואָרפן אין ים אַריין (530). אַזוי איז געפאַלן די יידישע מלוכה אין אַראַביע.

דער שטענדיקער פאַרקער פון די יידן מיט די אַראַבער האָט צוגע־גרייט די לעצטע אָנצונעמען דעם גלויבן אין אַן איינציקן גאָט. אין אָנהייב פון 7טן יאָרהונדערט איז דערשינען אין אַראַביע דער גרינדער פון אַ נייער רעליגיע, וועלכע איז אַזוי ווי דאָס קריסטנטום געווען געגרינדעט אויפן יידישן תנ״ך. דאָס איז געווען דער אַראַבישער נביא מוכאַמעד. אין זיין יוגנט האָט מוכאַמעד פאַרקערט צווישן יידן און האָט זיך דורך זיי באַקאַנט מיטן תנ״ך און מיט די יסודות פון אַן איינציקער גאָטהייט. די דאָזיקע רעליגיעזע געדאַנקען האָט ער שפּעטער פאַראייניקט מיט די אַראַבישע טראַדיציעס און האָט באַשאַפן אַ נייע רעליגיע — דעם „איס־לאַם״ („איבערגעגעבנהייט צו גאָט״). ער האָט זיך דערקלערט פאַר אַ נביא, וועלכן גאָט האָט געשיקט צו ענ־דערן די „אמונה פון אַברהם״. דער ערשטער גרונט פון זיין רעליגיע זאָגט: עס איז נישטאָ קיין גאָט אויסער (דעם איינציקן) גאָט, און מוכאַמעד איז זיין נביא״. אַ סך אַראַבער האָבן אָנגענומען דעם נייעם גלויבן און דער־קלערט מוכאַמעדן פאַר אַ נביא. פון אָנהייב האָט מוכאַמעד געפּרואווט צוצוציען צו זיין לער די יידן, אָבער



מ ו כ אַ מ ע ד

זיי, אויסער אייניקע, האָבן אים נישט געוואָלט אָנערקענען פאַר גאָטס שליח, וואָס שטייט העכער פאַר די נביאים פון תנ״ך. דעריבער ווען מו־כאַמעד האָט זיך באַפעסטיקט אין דער שטאָט מעדינאַ (622) און האָט געקראָגן די מאַכט איבער אַ מאַסע „גלייביקע״ אַראַבער, האָט ער אָנגע־הויבן אַ קאַמף מיט די יידן. פאַרשפּרייטנדיק זיין רעליגיע מיטן שווערד איז מוכאַמעד און זיינע קריגער באַפאַלן די יידישע שבטים בענו־קיינוקאַאַ און בענו־נאַדיר. די יידן האָבן אַרויסגעוויזן אַ העלדישן ווידערשטאַנד, אָבער זיי האָבן נישט געקענטביישטיין קעגן די אַראַבישע קריגער; פילע פון זיי זיינען אַנטלאָפן אין אַנדערע לענדער, און די וואָס זיינען געפאַנגען געוואָרן האָט מען געטויט אויפן באַפעל פון דעם „נביא״. איינע פון די געפאַנגענע יידישע פרויען, די שיינע זיינאַב האָט דער נביא גענומען

פאַר אַ ווייב. די דאָזיקע העלדישע פרוי האָט באַשלאָסן צו נעמען נקמה פון דעם שונא פון איר פאָלק און האָט איין מאָל דערלאַנגט מוכאַמעדן אַ שטיקל פלייש מיט סם. איינער פון דעם נביאס קרובים, וועלכער האָט פאַרזוכט פון דעם פלייש, איז געשטאָרבן, אָבער מוכאַמעד אַליין האָט באַוויזן אויסצושפּייען דעם סם און ער איז געבליבן לעבן. ווען מוכאַמעד האָט איר געפרעגט פאַרוואָס האָט זי עס געטאָן, האָט זי געענטפערט: „דו האָסט פאַרשאָפט מיין פאָלק שווערע ליידן, און איך האָב דעריבער געטראַכט, אַז אויב דו ביסט נאָר אַ געוויינטלעכער קריגספירער וועל איך, פאַרסמענדיק דיך, ברענגען מיין פאָלק רו; אויב אָבער דו ביסט ווירקלעך אַ נביא, וועט דיר גאָט מודיע זיין פון מיין טאָט און דו וועסט בלייבן אומבאַשעדיקט". מוכאַמעד האָט געהייסן זיי טויטן.

דערפון קומט עס וואָס אין „קאָראַן" — דאָס הייליקע בוך פון די מוכאַמעדאַנער — געפינען זיך אַ סך פיינדלעכע אויסדריקן קעגן יידנטום. פון אָנפאַנג איז די יידן ווירקלעך אויסגעקומען אַ סך צו ליידן פון דער רעליגיעזער פיינדשאַפט פון די מוכאַמעדאַנער; אָבער אין די שפּעטערע צייטן איז די שינאה צווישן די צוויי קרובישע רעליגיעס שוואַכער געוואָרן און די יידן האָבן געקענט לעבן אין די מוכאַמעדאַנישע לענדער רואיקער ווי אין די קריסטלעכע.

## § 66. די ערשטע כאַליפן; די נייע נשיאים.

פאַרן טויט האָט מוכאַמעד איבערגעלאָזט אַ צוואה צו די אַראַבער זיי זאָלן פאַרשפּרייטן זיין רעליגיע איבער דער גאַנצער וועלט מיט דער מאַכט פון געווער. אַזוי שנעל ווי מוכאַמעד איז געשטאָרבן (632), האָבן די קריגערישע אַראַבער זיך אַריינגעריסן אין אַלע לענדער פון פאָדער־אַזיע, מיטן אויסרוף: „עס איז נישטאָ קיין גאָט אויסער גאָט, און מוכאַ־מעד איז זיין נביא". די ערשטע אַראַבישע כאַליפן (שטעלפאַרטרעטער פון דעם נביא) זיינען געווען אויסגעצייכנטע קריגספירער. בראש פון זייער חיל האָבן זיי איינגענומען סיריע, פּאַלעסטינע, פּערסיע און מיצרים. איבערהויפּט איז באַרימט געוואָרן דער צווייטער כאַליף, דער העלדישער אָמאַר. אין יאָר 638 האָט ער אָפּגענומען ארץ־ישראל ביי די ביזאַנטיער. ווען ער האָט איינגענומען ירושלים האָט ער אויסגעבויט אַ „מעטשעט" (מוכאַמעדאַנישער טעמפּל) אויפן פּלאַץ וואו דער בית־המיקדש איז גע־

שטאָנען. ירושלים, וועלכע איז פריער געווען אַ הייליקע שטאָט ביי די יידן און קריסטן, איז איצט געוואָרן הייליק אויך ביי די מוכאַמעדאַנער אָדער „מוסולמענער" (רעכט־גלייביקע). אָמאָר האָט נישט דערלויבט די יידן צו וואוינען אין דער שטאָט און האָט זיי אין אַלגעמיין געדריקט, ווי אויך די קריסטן.

אין פערסיע און בבל, וואָס די אַראַבער האָבן איינגענומען, איז די לאַגע פון די יידן פאַרבעסערט געוואָרן אין דער צייט פון דעם פערטן כאַליף אַלי (660). אַז די אַראַבער האָבן באַזיגט די לענדער פון פאָדער־אַזיע און צפון־אַפריקע, האָבן זיי זיך באַרואיקט און האָבן אָנגעהויבן איינצופירן אָרדענונג אין די באַזיגטע לענדער. די כאַליפן האָבן געגעבן די יידן פולע פרייהייט אין זייער אינווייניקסטער פירונג. די יידן אין בבל האָבן ווידער באַקומען דאָס רעכט צו האָבן אַן עלטסטן פון זייער אייגע־נעם פאָלק. דער ערשטער פון די דאָזיקע עלטסטע, אָדער עקזילאַרך (נשיא) אונטער די אַראַבער, איז געווען בוסתנאי, אַן אָפּשטאַמיקער פון די ערשטע עקזילאַרכן, וועלכע האָבן געפירט זייער יחוס פון דוד המלך. די לעגענדע דערציילט דאָס ווייטערדיקע ווי אַזוי בוסתנאי האָט דער־גרייכט צו זיין הערשאַפט. איין קעניג האָט געהייסן אויסהרגענען די גאַנצע מישפּחה פון די יידישע עקזילאַרכן אין בבל. דער באַפעל איז דער־פילט געוואָרן; לעבן געבליבן איז נאָר די אַלמנה פון דעם געהרגעטן עקזילאַרך חנניה, וועלכע איז געווען שוואַנגער און האָט זיך אויך גע־ריכט אויפן טויט. מיט אַמאָל חלומט זיך דעם קעניג איין נאַכט, אַז ער האָט אויסגעהאַקט אַלע בוימער פון אַ פראַכטפולן סאָד, אָבער אַז ער האָט אויפגעהויבן די האַק אויף דעם לעצטן בוים האָט זיך פאַר אים באַוויזן אַן אַלטער מאַן, וועלכער האָט אים מיט דער האַק געגעבן אַזאַ קלאַפּ אין פנים, אַז דער קעניג איז געפאַלן באַגיסנדיק זיך מיט בלוט. דער קעניג האָט זיך גענומען בעטן ביים זקן ער זאָל אויף אים רחמנות האָבן און ער האָט געגעבן אַ שבועה נישט צו טשעפּען דעם לעצטן בוים, נאָר אים אָפּהיטן. דער קעניג האָט זיך אויפגעכאַפּט און געפונען אויפן שטערן סימנים פון בלוט. דאַן האָט ער געלאָזט רופן צו זיך אַ יידישן חכם, וועלכער האָט אים פּותר חלום געווען אַזוי: דער אויסגעהאַקטער סאָד איז דער שטאַם פון דוד המלך; דער איבערגעבליבענער בוים איז דאָס קינד, וואָס די אַלמנה פון דעם געהרגעטן עקזילאַרך וועט אין גיכן געבוירן. דער קעניג האָט איצט באַפוילן מען זאָל די אַלמנה שטאַרק

אָפּהיטן און ווען זי האָט געבוירן אַ זון האָט ער אים אַ נאָמען געגעבן בוסתנאי, נאָכן סאָד, אָדער „באָסטאַן“, וואָס ער האָט געזען אין חלום. צו דער גרויסער פרייד פון אַלע באַבילאָנישע יידן איז בוסתנאי אויסגע־וואַקסן און געווען אַ גרויסער למדן. דער קעניג האָט ליב געקראָגן דעם שטילן און באַשיידענעם בוסתנאי און האָט אים געמאַכט פאַר עקזילאַרך. די אַראַבישע כאַליפן האָבן באַשטעטיקט בוסתנאין אין זיין אַמט און איינער פון זיי האָט אים געגעבן פאַר אַ ווייב די שיינע דאָראַ, די טאָכ־טער פון פערסישן קעניג, וועלכער איז געווען גענומען געוואָרן געפאַנגען, ווען די אַראַבער האָבן באַזיגט פערסיע.

## § 67. די עקזילאַרכן און די גאונים.

נאָכן טויט פון דעם כאַליף אַלי האָבן אין די לענדער פון דער אַמאָ־ליקער פערסיע געהערשט די כאַליפן פון דעם אַראַבישן שטאַם מואבי, אָדער אָמאַיאַדן (661—750). זייער הויפּטשטאָט איז געווען אין דער וויכטיקסטער שטאָט פון סיריע, דמשק. אין דער צייט פון די דאָזיקע כאַליפן האָט זיך די אַליין־פאַרוואַלטונג פון די יידן אין בבל אין גאַנצן באַפעסטיקט. עס האָט זיך אויסגעפורעמט אַ צווייענדיקע פאַרוואַלטונג איבער די יידישע קהילות: אַ וועלטלעכע און אַ גייסטלעכע. די וועלט־לעכע הערשאַפט איז געווען אין די הענט פון די עקזילאַרכן פון בוסתנאיס שטאַם. זיי זיינען געווען די פאָרשטייער פון די יידן פאַר די כאַליפן און פאַר די אַראַבישע באַאַמטע אויפן אָרט. די עקזילאַרכן האָבן געפירט אַ רייך לעבן, האָבן געטראָגן טייערע קליידער, זיי האָבן געהאַט אַן אָנגע־זעענע וואָך און פלעגן אַרויספאָרן אין גרויסאַרטיקע קאַרעטן. די הכנסה אויף אויסצוהאַלטן זיין הויף האָט דער עקזילאַרך באַקומען פון געוויסע באַצירקן, וואָס דער כאַליף פלעגט פאַר אים באַשטימען, און ער האָט אויך געהאַט דאָס רעכט אַרויפצולייגן געוויסע שטייערן אויף די קהילות, וואָס זיינען געשטאַנען אונטער זיין אויפזיכט.

די גייסטיקע פאָרשטייער פון די באַבילאָנישע יידן זיינען געווען די פירער פון די צוויי הויפּט־ישיבות, פון סוראַ און פומבדיתאַ. די דאָזיקע פירער האָבן געקראָגן דעם נאָמען „גאונים“, ד״ה, גרויסע, דערהויבענע. דער גאון פון סוראַ איז געווען דער עלטסטער, און דער גאון פון פומבדי־תאַ איז געווען דער צווייטער נאָך אים. צוגלייך מיט די עקזילאַרכן זיינען

די גאונים געווען די הויפּט־ריכטער פון די יידן. כאָטש דער אַמט פון עקזילאַרך איז געווען אַ ירושה־זאַך אין דער בוסתנאי־מישפּחה, פון דעסט וועגן האָט זיך געפאָדערט די באַשטעטיקונג פון די גאונים אין דעם דאָזיקן אַמט. פאַר דעם צוועק איז געווען איינגעפירט אַ באַזונדער יום טוב. אין דעם דאָזיקן יום טוב פלעגט זיך צוזאַמענקלייבן אַ גרויסער עולם פון פאָלק און די חשובסטע פאָרשטייער פון די יידישע קהילות און די געלערנטע לייט, מיט די צוויי גאונים בראש, פלעגן אַריינפירן דעם ביי־אויסגעקליבענעם עקזילאַרך אין שול אַריין. שבת אין דער פרי פלעגט מען אין שול אָפּהאַלטן אַ פייערלעכע תפילה און דערביי פלעגט דער עקזילאַרך זיצן אויף אַ הויכער, רייך אויסגעפּוצטער בימה, וואָס האָט געהאַט דעם אויסזען פון אַ טורעם. דאַן פלעגט צוערשט צוגיין צו דער בימה דער גאון פון סוראַ, פלעגט אָנבייגן די קני פאַרן עקזילאַרך און פלעגט זיך זעצן גלייך מיט אים, פון דער רעכטער זייט; דאָס זעלביקע פלעגט נאָכהער טאָן דער גאון פון פּומבדיתא און ער פלעגט זיך זעצן צו דער לינקער זייט פון דעם פירשט. נאָכהער פלעגט דער עקזילאַרך אַליין לייענען אין דער תורה און דערנאָך האַלטן אַ געלערנטע דרשה. אויב אָבער ער האָט אַליין נישט געקענט האַלטן קיין דרשה, פלעגט פאַר אים ריידן דער גאון פון סוראַ. צום שלוס פלעגט מען זאָגן אַ באַזונדערע תפילה (יקום פורקן) ווי אַ ברכה פאַרן עקזילאַרך, פאַר די גאונים, פאַר אַלע חכמים און געלערנטע און פאַר אַלע קהילות, וואָס האָבן געשטיצט די ישיבות מיט זייערע נדבות. דער יום טוב פלעגט פאַרענדיקט ווערן מיט אַ גרויסער פּראָצעסיע פון שול צום פּאַלאַץ פון עקזילאַרך, וואו עס פלעגט געגעבן ווערן אַ מאָלצייט פאַר די געלערנטע און חשובע לייט, און אויך פאַר די אַראַבישע באַאַמטע.

אין דעם אינווייניקסטן לעבן פון די יידן האָבן די גאונים געהאַט נאָך אַ גרעסערע באַדייטונג ווי די עקזילאַרכן. די יידישע קהילות האָבן זיך אין יענער צייט געפירט לויט זייערע אייגענע געזעצן פון דער תורה און תלמוד. אָבער די הויפּט־קענער פון די דאָזיקע געזעצן זיינען געווען די גאונים, וועלכע האָבן דעריבער געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויפן לעבן פון פאָלק. די ישיבות, וועלכע זיי האָבן פאַרוואַלטעט, זיינען געווען איבערפילט מיט געלערנטע און לערער. דאָ האָט מען געלערנט תלמוד און דערקלערט זיינע דינים. די חכמים פון פאַרשיידענע ערטער פלעגן זיך צוזאַמענקומען אַהער צוויי מאָל אַ יאָר, אין פרילינג און אין האַרבסט,

און אונטער דער פירערשאַפט פון די גאונים פלעגן זיי באַהאַנדלען אַלע ענינים, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צום גייסטיקן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון די יידן. נישט נאָר פון בבל, נאָר אויך פון אַנדערע לענדער פלעגט מען זיך ווענדן צו די גאונים צו דערקלערן שווערע רעליגיעזע פראַגן, און די גאונים פלעגן געבן זייערע דערקלערונגען. און אויף אַזאַ אופן זיינען זיי געוואָרן די געזעצגעבער פאַר די יידן פון אַלע לענדער, וואו עס האָבן געהערשט די אַראַבער. די יידישע קהילות פון פערסיע, סיריע, ארץ־ישראל און מיצרים האָבן געהאַט שטענדיקע פאַרבינדונגען מיט די באַבילאָנישע קהילות. אַלע זיינען זיי געווען פאַראייניקט אונטער דער אַלגעמיינער גייסטיקער הערשאַפט פון די גאונים. איינער פון די באַבילאָנישע גאונים, אחאי, האָט זיך אַריבערגעקליבן קיין ארץ־ישראל און האָט דאָרט אָנגעשריבן זיין באַרימטן ספר „שאלות", וועלכער דער־קלערט די דינים פון תלמוד. דורך דער טעטיקייט פון די גאונים איז דער תלמוד פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די יידן, און אויף אַזאַ אופן איז ער געוואָרן דער הייליקער ספר פון יידישן פאָלק.

## § 68. דער כאַליפאַט פון באַגדאַד; די סעקטע פון קאַראַימער

אין דעם אַכטן יאָרהונדערט האָבן זיך אין דעם מיזרחדיקן כאַליפאַט אָנגעהויבן מהומות, וועלכע האָבן געבראַכט די דינאַסטיע פון די אָמאַיאַדן און דמשק צום אונטערגאַנג. דער לעצטער כאַליף פון דמשק איז אומגעקו־מען אין דעם קאַמף, און די קעניגלעכע מאַכט איז אַריבער צו אַ נייער די־נאַסטיע — אַבאַסידן. דער אַבאַסידישער כאַליף אַל־מנסור (754) האָט אַריבערגעטראָגן די הויפּטשטאָט פון דער אַראַבישער מלוכה פון דמשק קיין באַגדאַד אין בבל. דערפון האָט די גאַנצע מלוכה געקראָגן דעם נאָמען דער „באַגדאַדישער כאַליפאַט". דער דאָזיקער כאַליפאַט האָט אַרומגענומען פערסיע, בבל, אַרמעניע, סיריע, ארץ־ישראל און עגיפּטן. אויף אַזאַ אופן זיינען די יידן פון די אַלע לענדער געשטאַנען אונטער איין מלוכה. זייער וויכטיקסטער גייסטיקער צענטער איז ווי פריער געבליבן בבל; דאָרט האָבן זיך געפונען זייערע עקזילאַרכן און גאונים, וועלכע האָבן פאַר־וואַלטעט אַלע יידישע קהילות.

אין דער דאָזיקער צייט איז צווישן די יידן פאָרגעקומען אַ רעליגיעזע שפּאַלטונג. אַ סך זיינען געווען אומצופרידן דערמיט, וואָס דער תלמוד

איז געוואָרן פונקט אַזוי הייליק ווי דער תנ״ך. זיי האָבן געהאַלטן, אַז די שטרענגע דינים פון תלמוד זיינען אַ צו שווערע לאַסט, און האָבן ניט געוואָלט זיי אָפּהיטן. אַזוי ווי אַמאָל זיינען די צדוקים אַרויס קעגן דער „תורה בעל פה״, אַזוי איז איצט אויפגעשטאַנען אַ פּאַרטיי, וועלכע האָט געטענהעט, אַז בלויז די דינים פון דער תורה קומען פון גאָט און ניט די דינים פון תלמוד. בראש פון דער דאָזיקער פּאַרטיי האָט זיך געשטעלט ע נ ן ב ן ־ ד ו ד, וועלכער האָט געשטאַמט פון די באַבילאָנישע עקזילאַרכן.

אַרום דעם יאָר 760 איז געשטאָרבן איין עקזילאַרך, וועלכער האָט נאָך זיך ניט איבערגעלאָזט קיין קינדער. צווישן זיינע צוויי קרובים, די ברידער ענן און חנניה, האָט זיך צעפלאַקערט אַ מחלוקה: יעדער פון זיי האָט געוואָלט ווערן עקזילאַרך. די חכמים פון די ישיבות פון סורא און פומבדיתא, און די דאָרטיקע גאונים, האָבן אַרויסגעשטויסן ענגען ווי אַ פריידענקער, און האָבן אויסגעקליבן זיין ברודער פאַרן עקזילאַרך. די מחלוקות זיינען דערגאַנגען צום כאַליף אַל־מאַנסור. דער כאַליף האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דעם עקזילאַרך וואָס די גאונים האָבן אויסגעקליבן און ענגען האָט ער געהייסן אַריינזעצן אין תפיסה ווי דעם פירער פון די מורדים. ווען ענן איז באַפרייט געוואָרן פון געפענגעניש האָט ער פאַרלאָזן בבל און איז אַוועק מיט זיינע אָנהענגער קיין ארץ־ישראל. זייענדיק פאַרביטערט קעגן די גאונים איז ענן אָפן אַרויסגעטראָטן קעגן דעם תלמודישן יידנטום. ער האָט געגרינדעט אַ באַזונדערע קהילה פון זיינע נאָכפאָלגער, אָדער סעקטע. אַזוי ווי אַמאָליקע צדוקים, אַזוי האָט ער אויך געהאַלטן, אַז נאָר די געזעצן פון דער תורה שטאַמען פון גאָט. אָבער אַלע רעליגיעזע דינים, וועלכע האָבן זיך אויסגעאַרבעט אונטער דעם נאָמען פון „תורה שבעל פה״ נאָך פון עזראס צייטן אָן און וואָס זיינען אריין אין תלמוד, האָט ער באַטראַכט ווי די שאַפונג פון מענטשן. די תורה בעל פה איז נאָך ענגס מיינונג ניט קיין מוז; פאַרקערט, עס איז נאָך אַן עבירה קעגן דער תורה, וועלכע זאָגט בפירוש, אַז צו משהס חוקים טאָר מען גאָרניט צוגעבן און גאָרניט אַראָפּנעמען.

די אָנהענגער פון דער דאָזיקער שיטה האָבן זיך פון אָנפאַנג גערופן „ענאַניטן״, נאָכן נאָמען פון זייער לערער; אָבער שפּעטער האָבן זיי זיך אַ נאָמען געגעבן „קאַראַימער״, ד״ה „בני מקרא״ (תורה). זייערע קעגנער האָבן זיי אָנגערופן „רבנים״, ד״ה נאָכפאָלגער פון די תלמודישע לערער,

וועלכע האָבן געהייסן „רבנים". מורא האָבנדיק פאַר פאַרפאָלגונגען אין בבל, וואו די מאַכט פון גאונים איז געווען שטאַרק, זיינען די קאַראַימער אַריבער קיין ארץ־ישראל. די מסורה דערציילט, אַז ענן האָט אויסגעבויט אַ באַזונדערע שול אין ירושלים פאַר זיין כיתה. זיין לערע האָט ענן פאַר־שריבן אין אַ ספר פון וועלכן עס זיינען נאָר געבליבן אייניקע פראַגמענטן.

די יעניקע דינים און מינהגים, וואָס די קאַראַימער האָבן יאָ אָנגע־נומען האָבן זיי אויך אָפּגעהיט אַנדערש ווי די תלמודיסטן. דעם שבת האָבן זיי אָפּגעהיט זייער שטרענג. זיי האָ־בן זיך געהאַלטן אַזוי געניי צום בוכשטאַב פון דער תורה, אַז זיי האָ־בן ניט אָנגעצונדן קיין פייער אפילו ערב שבת, און זיי פלעגן פאַר־ברענגען דעם פרייטיק־צו־נאַכטס אין דער פינצטער. זיי האָבן ניט געברויכט קיין הייסע שפייזן אום שבת זיי פלעגן נישט פאַרלאָזן זייערע הייזער, זיי פלע־גן נישט טאָן קיין שום אַרבעט אַפילו פאַר גע־פערלעכע חולאים, אאַ"וו (די שפּעטערע קאַראַימישע לערער האָבן געמוזט ווייכער מאַכן די דאָזיקע שטרענגקייטן). דעם יידישן לוח, וואָס איז איינגעשטעלט געוואָרן אין דער צייט פון דעם נשיא הילל דעם צווייטן, האָבן די קאַראַימער אָפּגעשאַפט און האָבן ווידער איינגע־פירט דעם פאַרצייטיקן מיטל צו באַשטימען די ימים־טובים לויט דער לבנה. שבועות פלעגן זיי פייערן דעם פופציקסטן טאָג נאָכן ערשטן שבת אין פסח, וואָס דאָס פלעגט שטענדיק אויספאַלן זונטיק. מצה פלעגן זיי



קאַראַימער

באַקן דוקא נאָר פון גערשטענע מעל, כדי צו דערמאָנען אָן די „לחם עני", ווי עס ווערט געזאָגט אין חומש. סוכות פלעגן די קאַראַימער ניט באַנוצן קיין אתרוג און לולב ביים דאַוונען, נאָר זיי פלעגן דערמיט אויספּוצן זייערע סוכות. חנוכה האָבן זיי אין גאַנצן ניט געפייערט, ווייל וועגן די חשמונאים איז גאָר ניטאָ אין תנ"ך; אָבער פורים פלעגן זיי פייערן צוויי טעג. דעם תענית פון תשעה באב האָבן זיי אַריבערגעטראָגן פון דעם 9־טן טאָג אין אב אויפן צענטן. די קאַראַימער האָבן אויך איבערגעביטן דעם אינהאַלט און די אָרדענונג פון די תפילות, די דינים פון שפייז און שחיטה; ביי זיי זיינען פאַרבאָטן שידוכים אפילו צווישן ווייטע קרובים. אייניקע רעליגיעזע דינים האָבן די קאַראַימער אָפּגעהיט נאָך אַ סך שטרענגער ווי די תלמודיסטן.

דער גרינדער פון דער קאַראַימער סעקטע איז לויט דער מסורה געשטאָרבן אין ארץ־ישראל. די קאַראַימער האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ הייליקן; אָבער די תלמודיסטן האָבן אים פאַרשאָלטן ווי אַ כופר בעיקר. די שנאה צווישן די קאַראַימער און תלמודיסטן איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז זיי האָבן זיך ניט משדך געווען איינע מיט די אַנדערע, און פלעגן ניט עסן צוזאַמען, אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען פון צוויי פאַרשיידענע רעליגיעס. ביסלעכווייז האָבן זיך די קאַראַימער אין גאַנצן אָפּגעטיילט פון דעם רוב פון יידישן פאָלק, און זיינען געוואָרן ווי אַ באַזונדערע פעלקערשאַפט, ווי אַמאָל די שומרונים. עננס תלמידים און נאָכפאָלגער האָבן שפּעטער אַ סך געענדערט און צוגעגעבן צו זיין לערע.

## § 69. דאָס גייסטיקע לעבן אין דער צייט פון די גאונים.

אין דעם כאַליפאַט פון באַגדאַד, וועלכער האָט עקזיסטירט אַרום 200 יאָר, האָבן די אַראַבער דערגרייכט די העכסטע שטופע פון זייער קולטורעלער אַנטוויקלונג. אין דער דאָזיקער גרויסער מלוכה האָבן געבליט האַנדל און אַרבעט, האָבן זיך אַנטוויקלט די וויסנשאַפטן און קונסטן. צו פאַרשפּרייטן די בילדונג האָבן געהאָלפן די געלערנטע כאַליפאַטן, צום ביישפּיל האַרון־אַל־ראַשיד אָדער אַל־מאמון (786—833), וואָס זייערע נעמען זיינען באַרימט געווען איבער דער גאַנצער וועלט. די יידן זיינען ניט אָפּגעשטאַנען אין גייסטיקער אַנטוויקלונג. חוץ די יעניקע, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיטן תלמוד און מיט די הייליקע ספרים, זיינען צווישן

די יידן געווען אויך געלערנטע: אַסטראָנאָמען, דאָקטוירים, מאַטעמאַטי־קער און פילאָזאָפן, וועלכע האָבן געשריבן זייערע ווערק אויף אַראַביש.

אין יענער צייט פלעגן די תלמודיסטן דאַרפן אָפט פירן ויכוחים מיט די קאַראַימער וועגן דעם ריכטיקן טייטש פון די אָדער יענע ווערטער אין תנ״ך. די דאָזיקע ויכוחים האָבן געפירט דערצו, אַז די יידישע גע־לערנטע האָבן אָנגעהויבן צו פאָרשן די ביבלישע שפּראַך און איר גראַ־מאַטיק. (די יידן אין מיזרח האָבן דעמאָלט גערעדט און געשריבן אויף אַראַמיש אָדער אַראַביש). פריער פון אַלץ איז נייטיק געווען פעסטצו־שטעלן דאָס ריכטיקע לייענען (די קריאה) פון תנ״ך. די הייליקע ספרים האָבן זיך פון די אַלטע צייטן אָן געשריבן אָן נקודות. די כּללים צו לייענען דעם ריזיקן טעקסט, וואָס איז באַשטאַנען פון איינע קאָנסאָנאַנטן, זיינען איבערגעגאנגען פון מויל צו מויל און האָבן זיך גערופן „מסורות״ (טראַ־דיציעס). זיי זיינען געווען באַקאַנט צו די געניטע לייענער, צו די איבער־שרייבער פון תנ״ך (סופרים) און בכלל געלערנטע מענטשן. אָבער פאַרן פאָלק איז געווען זייער שווער צו לייענען דעם תנ״ך אָן וואָקאַלן. אויסער דעם פלעגן אין אַזאַ לייענען פאָרקומען זייער אָפטע גרייזן. איין און דאָס זעלביקע וואָרט האָט פאַרשיידענע טייטשן, עס ווענדט זיך וועלכע וואָ־קאַלן עס ווערן צו אים צוגעשטעלט, ד״ה ווי אַזוי דאָס וואָרט ווערט אַרויסגעזאָגט. און דעריבער האָבן אין דעם אַכטן יאָרהונדערט די יידישע געלערנטע אין בבל און ארץ־ישראל אויסגעאַרבעט די נקודות, וועלכע זיינען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף און אונטער די אותיות פון תנ״ך, און געוויזן ווי אַזוי מען דאַרף לייענען יעדעס וואָרט. אין ווערטער, וואָס האָבן זיך געקענט לייענען אויף פאַרשיידענע אופנים, האָט מען פעסט־געשטעלט איין באַשטימטע „קריאה״, לויט דער אַלטער טראַדיציע אָדער מסורה. די געלערנטע וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן דערמיט האָבן געקראָגן דעם נאָמען „בעלי־המסורה״.

אַז מען האָט אָנגעהויבן לערנען העברעאיש, האָט זיך אויך אויפ־געוועקט אַ חשק צו שרייבן העברעאיש. מען האָט פאַרפאַסט תפילות און רעליגיעזע שירים אין אייגנאַרטיקע פערזן. די דאָזיקע שירים האָבן זיך גערופן „פיוטים״, און זייערע פאַרפאַסער — „פייטנים״ (פּאָעטן). אַ סך פון די שירים פלעגט מען לייענען אין די שולן צוזאַמען מיט די יום־טובדיקע תפילות און זיי זיינען אריין אין דעם „מחזור״.

## § 70. סעדיה גאון.

אין דער צייט פון דער אַראַבישער הערשאַפט אין מיזרח, האָבן די גייסטיקע פירער פון יידנטום — די גאונים — אַרויסגערוקט פון צווישן זיך ניט ווייניק גלענצנדיקע מענטשן. נאָר קיינער פון זיי האָט זיך ניט באַרימט געמאַכט, ווי דער גאון סעדיה בן־יוסף. סעדיה איז געווען ניט נאָר אַ געזעץ־לערער־תלמודיסט, נאָר אויך אַ גרויסער דענקער, וועלכער האָט געקענט אַלע וויסנשאַפטן פון יענער צייט. ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 892, אין מיצרים, וואו עס האָט דעמאָלט געבליט די אַראַבישע בילדונג. ער האָט אויסגעלערנט די העברעאישע און די אַראַבישע ליטע־ראַטור, און האָט נאָך אין דער יוגנט אָנגעהויבן שרייבן ביכער. ווען ער איז אַלט געווען 23 יאָר האָט ער מחבר געווען אַ ספר קעגן די קאַראַימער. אין דעם דאָזיקן ספר באַווייזט ער מיט שטאַרקע ראיות, אַז די תורה קען ניט עקזיסטירן אָן די מינדלעכע טראַדיציעס, וואָס געפינען זיך אין תלמוד, ווייל אַ סך דינים אין דער תורה זיינען אויסגעדריקט ניט קלאָר, און אַנדערע יסודות פון דער אמונה (ווי צום ביישפיל שכר ועונש אויף יענער וועלט) זיינען אפילו ניט אָנגעוויזן אין חומש. סעדיהס ווערק האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם צווישן די קאַראַימער. די באַרימטע קאַראַי־מישע געלערנטע האָבן געענטפערט דעם יונגן מחבר אין אַ גאַנצער רייע ווערק, פאַרטיידיקנדיק זייער לערע. סעדיה האָט זיי געענטפערט צוריק און אין דער זעלביקער צייט האָט ער געשריבן אַ העברעאישע גראַמאַטיק און האָט איבערזעצט דעם תנ״ך און די מישנה אויף אַראַביש. סעדיהס געלערנטע טעטיקייט און זיין גלענצנדיקער קאַמף מיט די קאַראַימער האָבן געמאַכט זיין נאָמען באַוואוסט איבער די גרענעצן פון מיצרים.

אין יענער צייט איז געשטאָרבן דער הויפט־גאון פון סורא. די חכמים פון בבל האָבן איינגעלאַדן אויף דער חשובער שטעלע סעדיהען, וועלכער איז דעמאָלט אַלט געווען בלויז 36 יאָר (928). סעדיה איז אָנגעקומען פון מיצרים און האָט פאַרנומען די שטעלע ווי אַ פירער פון דער עלטס־טער ישיבה אין בבל, אָבער ניט אויף לאַנג. אין גיכן האָט זיך צעפלאַ־קערט אַ קריג צווישן אים און דעם דעמאָלטיקן עקזילאַרך, דוד בן־זכאי. דער עקזילאַרך האָט געפסקנט עפּעס אַ מישפט וועגן ירושה ניט נאָכן דין, נאָר פאַר זיינע אייגענע אינטערעסן, און האָט געפאָדערט, אַז די גאונים פון סורא און פּומבדיתא זאָלן זיך אונטערשרייבן אויף דעם פסק.

דער גאון פון פומבדיתא האָט דערפילט דודס פאָדערונג. סעדיה, אָבער, האָט זיך אָפּגעזאָגט אונטערצושרייבן דעם פסק, ווי אַ אומגעזעצלעכן. דער עקזילאַרך האָט געשיקט אַ שטרענגען באַפעל צום האַרטנעקיקן גאון ער זאָל אים פאָלגן, אויב ניט וועט ער אים אַרונטערוואַרפן פון זיין אַמט. נאָר עס האָט גאָר ניט געהאָלפן. דאַן האָט דער אויפגעבראַכטער עקזיל־אַרך צוגענומען ביי סעדיהען דעם טיטל גאון, און האָט באַשטימט אַן אַנדער געלערנטן אויף זיין אָרט. אָבער סעדיה פון זיין זייט האָט אַריינגעלייגט דודן אין חרם, און צוזאַ־מען מיט זיינע נאָכפאָלגער, האָט ער דערוויילט אַן אַנ־דער עקזילאַרך. אין בבל זיינען געוואָרן צוויי פיינט־לעכע פאַרטייען: דוד און סעדיהס, וואָס יעדע פון זיי האָט געזוכט צו געווי־נען אויף איר זייט דעם כאַליף פון באַגדאַד. מיט דער הילף פון כאַבאַר האָט דודס פאַרטיי געזיגט אין דעם באַגדאַדישן הויף. סעדיה, אַז ער האָט פאַר־לוירן זיין שטעלע, האָט געמוזט פאַרלאָזן סורא (933). ער האָט זיך באַ־זעצט אין באַגדאַד און האָט דאָרט געלעבט פיר יאָר אין פולשטענדיקער איינ־זאַמקייט. ער האָט זיך אין גאַנצן אָפּגעגעבן צום לערנען און האָט אָנגעשריבן עטלעכע ווערק וועגן רעליגיע, פילאָזאָפיע און שפּראַכן. דער־ווייל איז געשטאָרבן דער כאַליף, וואָס האָט אַרונטערגעזעצט סעדיהן פון זיין שטעלע, און די פאַרטיי פון דעם געפאַלענעם גאון האָט ווידער



סעדיה גאון

אויפגעלעבט. עס האָבן זיך געפונען מענטשן, וואָס האָבן געוואָלט מאַכן אַ שלום צווישן דעם עקזילאַרך און סעדיהן. אין גיכן איז דער דאָזיקער שלום געשלאָסן געוואָרן. סעדיה איז ווידער געוואָרן גאון אין סורא. אָבער די איבערגעליטענע צרות און די אָנגעשטרענגטע גייסטיקע אַרבעט האָבן אונטערגעבראָכן זיין געזונט. סעדיה איז געשטאָרבן אין יאָר 942, אין גאַנצן פופציק יאָר אַלט.

סעדיהס וויכטיקסטע ווערק, וואָס האָט אומשטערבלעך געמאַכט זיין נאָמען, רופט זיך „אמונות ודעות", און דערקלערט די יסודות פון דער יידישער רעליגיע. דער דאָזיקער ספר איז געשריבן געוואָרן אין אַראַביש און איז שפּעטער איבערזעצט געוואָרן אויף העברעאיש. סעדיה האָט דאָ געפּרואווט צו פאַרענטפערן די אייביקע מחלוקה צווישן גלויבן און וויסן, רעליגיע און וויסנשאַפטן. ער קעמפט פון איין זייט קעגן דעם אַבער־גלויבן פון דעם המון און פון דער אַנדער זייט קעגן דעם ניט־גלויבן פון אַ סך געלערטע. „מיין האַרץ טוט וויי, — שרייבט ער, — ווען איך טראַכט וועגן אייניקע מינים פון דענקענדע וועזנס, און מיין נשמה צי־טערט פאַרן גורל פון אונדזער פאָלק, די קינדער פון ישראל. איך זע אין אונדזער צייט אַ סך גלויביקע מענטשן, וואָס זייער גלויבן איז ניט ריין און זייערע מיינונגען זיינען ניט קלאָר; פון דער אַנדערער זייט זיינען דאָ אַ סך אומגלויביקע, וואָס שטאָלצירן דערמיט, וואָס זיי לייקענען אַלץ אָפּ, זיי האַלטן זיך העכער פון די מענטשן מיט איבערצייגונגען, און אין דער זעלביקער צייט בלאָנדזשען זיי אַליין. איך האָב געזען ווי אייניקע טרינקען זיך אין דעם ים פון ספיקות, אַנדערע זיינען פאַרזונקען אין דעם אָפּגרונט פון טעותן, און עס איז ניטאָ קיין שווימער, וועלכער זאָל זיי אַרויסציען פון דאָרט". סעדיה באַווייזט, אַז די הויפּט־יסודות פון דער יידישער אמונה זיינען געגרינדעט אויף פאַקטן און ווידערשפּרעכן ניט דעם פאַרשטאַנד.

סעדיה דריקט אויס דעם תמצית פון יידנטום אַזוי: גאָט האָט באַ־שאַפן די וועלט ניט פון פאַרטיקער מאַטעריע, נאָר ער האָט באַשאַפן די מאַטעריע אויך. דער באַשעפער פון דער וועלט איז איינער. און ווען ער האָט באַשאַפן די וועלט האָט ער געהאַט אַ קלאָרן, באַשטימטן ציל. די קרוין פון דער באַשאַפונג איז דער מענטש, אין וועלכן עס איז אַריינגע־געבן געוואָרן אַ פאַרשטענדיקע נשמה, וועלכע קען אונטערשיידן גוטס און שלעכטס און דערקענען דעם אמת. אָבער דער מענטש וואָלט אַליין

ניט געקענט געפינען דעם אמתן וועג פון לעבן, ווען גאָט וואָלט אים ניט געקומען צו הילף. גאָט האָט זיך אַנטפּלעקט צו די מענטשן אויפן באַרג סיני און האָט זיי געגעבן זיינע געבאָטן און געזעצן, וועלכע זאָלן פירן דעם מענטשן צו נאָבעלע צוועקן. דעם מענטשן איז געגעבן געוואָרן דער פרייער ווילן: ער איז פריי ענטוועדער אָפּצוהיטן, אָדער ברעכן די געבאָטן פון באַרג סיני; פון דאַנען נעמט זיך דער באַגריף פון שכר, פאַר גוטע מעשים און פאַר עבירות. גוטע און פרומע מעשים רייניקן און דערהויבן די נשמה; שלעכטע מעשים פאַרשוואַרצן און באַפלעקן זי. די גערעכטיקייט פאָדערט, אַז די צדיקים זאָלן באַלוינט ווערן מיט גוטס, און די רשעים און זינדיקע זאָלן ליידן דערפאַר, וואָס זיי זיינען אָפּגעטראָטן פון אמתן וועג. נאָר אַזוי ווי אויף דער וועלט איז ניט מעגלעך קיין פולער שכר, ווערט די לעצטע גערעכטיקע באַלוינונג דערגרייכט ערשט אויף יענער וועלט. דער טויט הייסט ניט דער סוף פון זיין, נאָר דער איבערגאַנג צו אַן אַנדער עקזיסטענץ. די ערלעכע נשמות הייבן זיך אויף צום אָרט פון גליק און רו (גן־עדן), און די זינדיקע זיינען נע־ונד אין דער וועלט. אין אַ צייט, וואָס גאָט וועט באַשטימען, וועט פאָרקומען תחית המתים, וואָס איז פאַרבונדן מיט דעם קומען פון משיחן. תחית המתים פאַרשטייט סעדיה אַזוי ווי דער תלמוד לערנט, ד״ה ווען עס וועלן צוריק לעבעדיק ווערן אויך די קערפּערס פון די טויטע. אַז משיח וועט קומען וועט אויף דער וועלט קומען די העכסטע גערעכטיקייט.

## § 71. די לעצטע עקזילאַרכן און גאונים.

אין דער עפּאָכע פון סעדיה גאון האָט די יידישע חכמה אין דעם באַגדאַדישן כאַליפאַט דערגרייכט איר פולסטע בליאונג. אָבער אין גיכן האָט זיך שוין אָנגעפאַנגען די צעפאַלונג פון דעם באַגדאַדישן כאַליפאַט; צוזאַמען דערמיט האָט אָנגעהויבן צו זינקען אויך דאָס געזעלשפטלעכע און גייסטיקע לעבן פון די באַבילאָנישע יידן. די הערשאַפט פון דעם עקזילאַרך האָט פאַרלאָרן איר פריערדיקע באַדייטונג. נאָכן טויט פון דוד בן־זכאי איז דער פּאָסטן פון עקזילאַרך אַ לאַנגע צייט געבליבן ליידיק.

אין דער אייגענער צייט איז אונטערגעגאַנגען די ישיבה פון סורא. די יידן פון די שכנישע לענדער, וועלכע האָבן מיט זייערע נדבות געשטיצט דעם דאָזיקן קוואַל פון תלמודישן וויסן, האָבן אויפגעהערט צו

שיקן געלט קיין סורא, און די ישיבה האָט זיך געשלאָסן. די יידישע קהילה אין סורא האָט געמאַכט די לעצטע אָנשטרענגונג צו ראַטעווען זייער אַל־טע שולע. די מסורה דערציילט, אַז פיר חכמים זיינען אוועק אין ווייטע לענדער צו קלייבן נדבות פאַר דער ישיבה, נאָר די שיף, אויף וועלכער זיי זיינען געפאָרן איבערן מיטללענדישן ים, איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַראַבישע מאַטראָסן. די געפאַנגענע זיינען אָוועקגעפירט געוואָרן אין פאַרשיידענע לענדער: צוויי זיינען פאַרוואָרפן געוואָרן קיין מִצרים, אין צפון־אַפריקע, דער דריטער — אין שפּאַניע, און דער פערטער ווייסט מען ניט וואוהין. די דאָזיקע געלערנטע האָבן זיך אָפּגעגעבן צו פאַרפלאַנצן דעם תלמוד אין יענע ערטער, וואו דער שיקזאַל האָט זיי פאַרוואָרפן. דורך זייער טעטיקייט האָבן די יידישע קהילות אין אַפריקע און אייראָפּע מער ניט געדאַרפט אַזוי אָפט ווי פריער אָנקומען צו די באַבילאָנישע גאונים מיט רעליגעזע פראַגן.

נאָכן אונטערגאַנג פון דער ישיבה אין סורא איז געבליבן נאָר די ישיבה אין פומבדיתא, וואָס אין איר שפּיץ זיינען געשטאַנען די גאונים. די לעצטע גאונים אין פומבדיתא זיינען געווען שרירא און זיין זון האַי. די דאָזיקע גאונים האָבן זיך אונטערשיידט פון סעדיה גאון דערמיט, וואָס זיי זיינען געווען שטרענגע תלמודיסטן און האָבן זיך ניט פאַרנומען ניט מיט קיין וועלטלעכער וויסנשאַפט און ניט מיט קיין פילאָזאָפיע. פון שריראס ווערק איז דאָס וויכטיקסטע זיין „אגרת רב־שרירא״, אין וועלכן ער גיט איבער בקיצור די צוזאַמענשטעלונג פון תלמוד און די טעטיקייט פון די גאונים. האַי גאון האָט פאַרפאַסט אייניקע ספרים וועגן דער יידי־שער געזעצלערע, אָבער אין פאָלק האָט זיך איבערהויפּט פאַרשפּרייט זיין ספר „מוסר השכל״. האַי איז געשטאָרבן אין יאָר 1038. ווי אַ גאון אין ראש ישיבה אויף זיין אָרט איז געוואָרן חזקיהו, דער אוראייניקל פון דעם געוועזענעם עקזילאַרך דוד בן־זכאי. אָבער חזקיהו האָט געהערשט ניט לאַנג. צוליב עפּעס אַ מסירה האָט דער כאַליף פון באַגדאַד פּלוצלינג גע־הייסן פאַנגען דעם יידישן פירשט און אים פאַרשפּאַרן אין געפענגעניש, וואו ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1040. זיינע זין זיינען אַנטלאָפן קיין שפּאַניע.

די הערשאַפט פון די עקזילאַרכן און גאונים האָט פאַרלאָרן איר באַדייטונג, די ישיבות זיינען געפאַלן, און די געלערנטע האָבן פאַרלאָזן

דאָס היימלאַנד פון דעם תּלמוד און האָבן זיך באַזעצט אין אַנדערע לענ־דער. דאָס אַלטע בבל, וואָס האָט פאַרנומען דעם ערשטן פּלאַץ אין דעם גייסטיקן לעבן פון די יידן, האָט געמוזט אָפּטרעטן דעם דאָזיקן פּלאַץ צו אַנדערע לענדער, וואו עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ניי לעבן. די דאָזיקע לענדער האָבן זיך געפונען שוין ניט אין מיזרח, נאָר אין מערב, אין אייראָפּע.



# די מיטלעלטער און די נייע צייט

## § 1. אַלגעמיינע באַטראַכטונגען.

אין דער וועלט־געשיכטע ווערט „מיטלעלטער״ אָנגערופן די טויזנט יאָר, וואָס זיינען פאַרלאָפן פון דעם אונטערגאַנג פון דער מערב־רוימישער אימפּעריע (יאָר 476) ביז דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע. אין דער יידישער געשיכטע זיינען די טויזנט יאָר צווישן דער שליסונג פון תּלמוד בבלי (יאָר 500) און גירוש שפּאַניע (1492). זיי צעטיילן זיך אויף צוויי פּעריאָדן. אין דעם ערשטן פּעריאָד (פון 6טן ביזן 11טן יאָר־הונדערט) לעבט נאָך דער גרעסטער טייל פון יידישן פאָלק אין מיזרח: אין בבל, פּערסיע, אַראַביע, סיריע, פּאַלעסטינע און מיצרים — און דער קלענערער טייל איז פאַנאַנדערגעוואָרפן אין באַזונדערע ישובים אין מערב, אין די אייראָפּעאישע לענדער: איטאַליע, ביזאַנטיע, שפּאַניע, פראַנקרייך, דייטשלאַנד, רוסלאַנד. און דעם צווייטן פּעריאָד פון מיטלעלטער (פון 11טן ביזן 15טן יאָרהונדערט) באַמערקט זיך שוין אַ פאַרקערטע דערשיינונג: אין מיזרח בלייבט אַ קלענערער טייל פון יידישן פאָלק און דער גרעסטער טייל ציט זיך צוזאַמען אין מערב. אַנשטאָט פּאַלעסטינע און בבל ווערן ווי צענטערן פון יידנטום שפּאַניע, פראַנקרייך, דייטשלאַנד און אַנדערע אייראָפּעישע לענדער. אין די הענט פון די יידן האָט זיך דעמאָלט געפונען אַ גרויסער טייל פון דעם וועלט־האַנדל, זיי זיינען נאָך פון לאַנג געווען די האַנדלס פאַרמיטלער צווישן אַזיע און אייראָפּע — און דעריבער איז זיי נישט שווער געווען זיך אַריבערצוציען פון מיזרח צום מערב ווען זייערע וויכטיקסטע צענטערן

אין מיזרח זיינען געפאלן און ווען אַזיע, פאַרפלייצט פון מאָנגאָלן, האָט אָנגעהויבן צו פאַרזינקען אין דעם לאַנגן שלאָף פון מיטלעלטער. אין אייראָפּע האָבן זיי שוין געפונען אַלטע יידישע ישובים, וואָס זיינען געוואָרן אין די צייטן פון דער רוימישער אימפּעריע. איינער פון די בריקן, איבער וועלכע די יידן זיינען אַריבער פון אַזיע און אַפריקע קיין אייראָפּע, איז געווען שפּאַניע: ווען דאָס דאָזיקע לאַנד איז אין 8טן יאָרהונדערט באַזיגט געוואָרן פון די אַראַבער, זיינען די יידן פון מיזרח אַריינגעדרונגען אַהין צוזאַמען מיט די זיגער און זיי האָבן פאַרוואַנדלט שפּאַניע אויף עטלעכע יאָרהונדערט אין איינער פון די געבילדעטסטע לענדער אין אייראָפּע.

אין דעם שיקזאַל פון די אייראָפּעאישע יידן אַליין איז אויך פאַראַן אַן אונטערשייד צווישן די צוויי אָנגעוויזענע פּעריאָדן פון מיטלעלטער. אין דעם ערשטן פּעריאָד, ווען די צאָל פון יידן אין אייראָפּע איז נאָך נישט געווען גרויס, האָבן זיי געלעבט לערך רואיק און בלויז זעלטן פלעגן זיי ליידן רדיפות פון די אַרומיקע פעלקער, וועלכע זיינען דעמאָלט אַריבערגעגאַנגען פון געצנדינסט צום קריסטנטום. אָבער אין דעם צווייטן פּעריאָד, ווען די צאָל פון די יידן איז אַלץ מער געוואַקסן, האָבן זיך די פאַרפאָלגונגען מצד די קריסטן אויך געמערט און געשטאַרקט, און פון געוויסע לענדער זיינען זיי אין גאַנצן אַרויסגעטריבן געוואָרן. ווי אַ צעטיילונגס־פּונקט צווישן די דאָזיקע צוויי העלפטן פון דעם מיטלעל־טער דינט די צייט פון די קרייצצוגן, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1096 אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד.



קאַפּיטל 1

# די יידישע ישובים אין אייראָפּע פאַר די קרייצצוגן

(פון 500 ביז 1096 נ"ק).

## § 2. איטאַליע און ביזאַנטיע.

די רוימישע אימפּעריע, וועלכע האָט צוגענומען ביי די יידן זייער פאָטערלאַנד יהודה, האָט שטענדיק געגעבן שוץ די יידן, וועלכע זיינען געקומען זיך באַזעצן אין אירע ממשלות, נאָך דעם ווי די אימפּעריע איז זיך צעפאַלן אין צוויי טייל, די מערב־רוימישע און די מיזרח־ביזאַנטישע (יאָר 395), האָבן יידן געלעבט אין ביידע טייל, צווישן די איטאַליענער און די גריכן. אין 400 יאָר אַרום נאָכן חורבן פון ירושלים דורך די רוי־מער האָבן די יידן געזען דעם חורבן פון רוים דורך די „באַרבאַרן" — די גאָטישע און גערמאַנישע שבטים — און דעם פולשטענדיקן אונטער־גאַנג פון דער מלוכה, וואָס איז אַמאָל געווען אַזוי מעכטיק (476). זיי האָבן צוגעזען ווי אַזוי ביסלעכווייז האָט זיך דאָס קעניגלעכע רוים פאַרוואַנדלט זיך אין אַ פּויפּסטלעכן רוים, די מיליטערישע הויפּטשטאָט — אין אַ קירכלעכער, און איז געוואָרן דאָס וואוינאָרט פון די קאַטוי־לישע פּויפּסן, די כוהנים גדולים פון דער קריסטלעכער קירכע אין אייראָפּע.

די ערשטע רוימישע פּויפּסן האָבן נישט געדריקט די יידן, כאָטש זיי האָבן זייער שטאַרק געאַרבעט צו ברענגען זיי צום קריסטנטום. דער פּויפּס גריגאָר דער גרויסער (590) האָט דערלויבט די יידישע קהילות

זיך צו פירן לויט זייערע דינים און מינהגים; אָבער ער האָט געגעבן פאַרשיידענע פּריווילעגיעס און הנחות צו יענע יידן, וועלכע האָבן אָנגענומען די קריסטלעכע אמונה. ווען מען פלעגט אים זאָגן אַז די וואָס בייטן זייער גלויבן צוליב נוצן וועלן נישט זיין קיין אויפריכטיקע קריסטן, פלעגט ער ענטפערן: „אָבער דערפאַר וועלן זייערע קינדער און קינדס־קינדער שוין זיין אמתע קריסטן".



יידישע קאַטאַקאָמבן אין רוים

די לאַגע פון די יידן אין איטאַליע איז נאָך בעסער געוואָרן ווען איטאַליע איז אַריין ווי אַ טייל פון דער מערב־אייראָפּעאישער אימפּעריע פון קאַרל (שאַרלמאַן) דעם גרויסן (8—9 י"ה). דער קעניג האָט שטאַרק געשעצט די אַרבעט פון די יידן אין דעם וועלט־האַנדל און האָט זיי באַשיצט. אָבער אין דער צייט פון קאַרל דעם גרויסנס נאָכפאָלגער איז זיין מלוכה צעפאַלן געוואָרן און אין מערב־אייראָפּע האָט זיך אַלץ מער אָנגעהויבן באַפעסטיקן די „פעאָדאַלע אָרדענונג". די פעאָדאַלע אָרדענונג איז געווען אַזוי: די אייגנטימער פון גרויסע לענדערייען זיינען אַליין געווען די גאַנצע בעלי־בתים אין זייערע אייגענע לענדערייען און זיי אַליין, און נישט דער קעניג פון לאַנד, פלעגן הערשן און רעגירן איבער זייערע איינוואוינער. דעם קעניג פלעגן זיי צאָלן שטייערן און אים צושטעלן סאָלדאַטן פאַר זיינע מילחמות. דעריבער איז דער גורל פון די

יידן אָפּגעהאַנגען נישט אָן איין הערשער, נאָר אָן אַ סך. אין איין אָרט האָבן זיי געלעבט פריי און האָבן געגאָסן כמעט אַלע בירגערלעכע רעכט, און אין אַ צווייטן אָרט האָט מען זיי געדריקט. גרויסע יידישע קהילות האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין רוים, ווענעדיג, נעאַפּאָל און אויפן אינדזל סיציליע. אין רוים האָבן די קאַטוילישע פּויפּסן די יידן געדולדעט, און אייניקע האָבן זיי אַפילו באַשיצט און נישט געלאָזט די קירכלעכע אַסי־פות באַגרענעצן זייערע רעכט; די יידן אין די פּויפּסלעכע ממשלות איז נישט דערלויבט געוואָרן בלויז צו האַלטן קריסטלעכע באַדינער אין זייערע הייזער, אויס מורא טאָמער וועלן זיי אָננעמען דאָס יידנטום. אָבער אַז יידן זאָלן אַריבערגיין צום קריסטנטום — דאָס האָט מען גע־זוכט מיט אַלע מיטלען. פון איין יידישער פאַמיליע וואָס האָט אָנגענומען דאָס קריסטנטום איז שפּעטער אַרויסגעקומען איינער, וואָס איז געוואָרן פּויפּס, אונטערן נאָמען אַנאַקלעטוס דער צווייטער (1130—1138).

מיט דעם פאַקט איז פאַרבונדן אַ פאָלקס־לעגענדע וועגן אַ „יידישן פּויפּס" אלחנן. ביים גרויסן רבי שימעון פון מאַינץ — דערציילט די לעגענדע — האָט מען צוגעגנבעט זיין קליינעם זון אלחנן; מען האָט דאָס קינד געשמדט און אויפגעצויגן אין אַ קאַטוילישן מאָנאַסטיר. שפּע־טער איז ער געקומען קיין רוים, און אַ דאַנק זיינע גלענצנדיקע פעאי־קייטן האָט ער דערגרייכט צום גרויסן אַמט פון קאַרדינאַל, און נאָך דעם איז ער אויסגעקליבן געוואָרן פאַר פּויפּס. אָבער אלחנן האָט זייער געבענקט נאָך זיין מישפּחה און נאָך זיין אמונה. ער האָט שטאַרק גע־וואָלט זען זיין אַלטן פאָטער. איז ער געפאַלן אויפן ווייטערדיקן איינ־פאַל. ער האָט באַפוילן דעם בישאָף פון מאַינץ ער זאָל נעמען שטאַרק דריקן די יידן פון יענער שטאָט. ער האָט גערעכנט אַז געוויס וועלן די יידן שיקן שלוחים קיין רוים, און צווישן די שלוחים וועט אַוודאַי זיין דער גרויסער רבי שימעון. און אַזוי איז טאַקע געווען: רבי שימעון איז געקומען קיין רוים צו בעטן דעם פּויפּס ער זאָל אָפּשאַפן די גזרות אויף די יידן פון מאַינץ. פון אָנפאַנג האָט דער פּויפּס פאַרפירט מיטן יידישן געלערנטן אַ וויכוח וועגן אמונה און האָט אַרויסגעוויזן אַ וואונדערלעכע קענטשאַפט פון יידנטום, דערנאָך האָט ער געשפּילט מיטן זקן אין שאַך, און דאַן, בלייבנדיק מיט אים אַליין, האָט ער אויפגעדעקט פאַר אים זיין סוד. דער איבערראַשטער רבי האָט דערקענט אין דעם פּויפּס זיין פאַר־לוירענעם זון אלחנן און האָט זיך איבערצייגט אַז ער וויל ווערן צוריק

אַ ייד. ער איז שנעל אַוועק קיין מאַינץ מיט דעם פּויפּס׳ באַפעל אַז מען זאָל די יידן אויפהערן צו דריקן, און מיט דער גליקלעכער בשורה צו זיין ווייב, אַז זייער לאַנג־פאַרפאַלענער זון האָט זיך אָפּגעזוכט. אין אַ קורצער צייט אַרום איז דער פּויפּס פּלוצלינג פאַרשוואונדן פון רוים. ער איז בשתיקה געקומען קיין מאַינץ און האָט אויף דאָס ניי גענומען אָפּ־היטן יידישקייט און האָט געלעבט אין הויז פון זיינע עלטערן. לויט אַן אַנדער נוסח פון דער לעגענדע האָט זיך די געשיכטע נישט אַזוי גליק־לעך געענדיקט: דער בעל־תשובה, וועלנדיק אויסקויפן זיינע זינד וואָס ער איז פריער אַוועק פון יידנטום, האָט זיך אַרונטערגעוואָרפן פון דעם שפּיץ פון דעם הייליקן פּעטערס קירכע אין רוים און איז דערהרגעט געוואָרן.

די לאַגע פון די יידן אין דער ביזאַנטישער אימפּעריע (אויפן באַל־קאַנישן האַלב־אינדזל) איז געווען אַ סך ערגער ווי אין איטאַליע. די בי־זאַנטישע מלכים האָבן זיך פאַרהאַלטן פיינדלעך צו די יידן נאָך פון די צייטן פון יוסטיניאַן (4טן יאָרהונדערט) און האָבן זיי שטאַרק געדריקט אין זייערע בירגער־רעכט. אָפט מאָל פלעגט מען זיי מיט גוואַלד מאַכן פאַר קריסטן. דער קעניג לעאָ איסאַווריאַן האָט אַרויסגעגעבן אַ גזרה אַז אַלע יידן אין ביזאַנטיע זאָלן אָננעמען דאָס קריסטנטום לויט די גריכישע צערעמאָניעס, און אויב נישט וועלן זיי שרעקלעך באַשטראָפט ווערן (723). אַ סך יידן האָבן דעמאָלט אָנגענומען לפנים וועגן די קריסט־לעכע אמונה, האָפנדיק, אַז ווען די פאַרפאָלגונגען וועלן אויפהערן וועלן זיי זיך אומקערן צוריק צו זייער אייגענעם גלויבן; אָבער אַנדערע האָבן זיך אַריבערגעצויגן פון ביזאַנטיע אויפן צפון־ברעג פון דעם שוואַרצן ים, אין טאַווריד און קרים. וועגן קעניג באַסיליוס דעם מאַצעדאָנישן (867) ווערט דערציילט, אַז ער האָט מיט אַלע מיטלען געצוואונגען די יידן צום קריסטנטום, און ווען עס האָט גאָרנישט געהאָלפן האָט ער פאַרניכטעט אַרום טויזנט יידישע קהילות; גאַנץ געבליבענע זיינען נאָר פינף קהילות, אַ דאַנק די בקשות פון דעם יידישן פּאָעט („פּיטן״) רבי שפטיהו, וואָס האָט אויסגעהיילט דעם קעניגס טאָכטער פון משוגעת. דער דיכטער האָט, לויט דער מסורה, אָנגעשריבן די רירנדע תפילה, וועלכע הייבט זיך אָן מיט די ווערטער „ישראל נושע״, און וועלכע איז אַריינגענומען געוואָרן אין די סליחות און מחזור. די ווייטערדיקע שו־רות פון דער תפילה דריקן אויס דעם געמיט פון די אומגליקלעכע:

זיי קלאַפּן דיינע טירן ווי אָרעמע בעטלער,
פאַרנעם זייער געבעט, גאָט פון די הימלען,
דערשראָקענע זיינען זיי פון זייערע צערנער און דריקער,
ניט פאַרלאָז זשע זיי, גאָט פון זייערע אבות,
זאָל די הילף זיי קומען פאַר אַלעמענס אויגן
און זאָלן רשעים ניט געוועלטיקן איבער זיי
ענדיקן זאָלסטו גאָר זייער פּיין
און געהאָלפענע זאָלן זיי אויפגיין קיין ציון.

אָבער אַזעלכע שרעקלעכע רדיפות זיינען געווען לערך זעלטן. אין די רואיקערע צייטן האָבן די ביזאַנטישע יידן געשפּילט זייער אַ וויכטיקע ראָלע אין דעם עקאָנאָמישן לעבן פון לאַנד. זיי האָבן געהאַט זייערע קהילות אין די שטעט פון גריכנלאַנד, טעסאַליע, מאַצעדאָניע, טראַציע און אויף די אינדזלען פון דעם אַרכיפּעלאַג. באַדייטנדיקע קהילות האָבן זיך געפונען אין דער הויפּטשטאָט קאָנסטאַנטינאָפּאָל און אין דער פּאָרט־שטאָט סאַלאָניקי. די יידן האָבן זיך באַשעפטיקט מיט פאַרשיידענע מלאכות, איבערהויפּט מיט קולטיווירן זייד און פאַבריצירן זייד־ און פּורפּור־שטאָפן. באַזונדערס איז שטאַרק פאַרשפּרייט געווען צווישן די יידן פאַרבעריי, און די „יידישע פאַרב" איז באַרימט געווען אין דעם האַנדל פון יענער צייט. אין די גרויסע שטעט האָבן זיך צוזאַמען מיט די „תלמודישע" קהילות געפונען אויך קאַראַימישע געמיינדעס. אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָבן די יידן געוואוינט אין דעם האַנדלס־קוואַרטאַל פּעראַ, אויפן ברעג פון ים. זייערע בירגעררעכט זיינען, צוליב די אַלטע געזעצן פון דער קירכע, געווען שטאַרק באַגרענעצטע, אָבער אין זייער אינערלעכן לעבן זיינען זיי געווען פריי. די יידישע קהילות פלעגן פאַרוואַלטעט ווערן פון אַן עלטסטן, וואָס די יידן אַליין פלעגן אויסקלייבן און וואָס פלעגט טראָגן דעם נאָמען „עפּאָרוס".

## § 3. די יידן אין שפּאַניע אין דער צייט פון די וועסטגאָטן.

אין שפּאַניע,, אויפן פּירענעאישן האַלבּ־אינדזל, האָבן די יידן געלעבט נאָך פון אַלטע צייטן, איידער נאָך דאָס קריסטנטום האָט זיך באַפעסטיקט אין לאַנד. זיי זיינען אַריינגעדרונגען אַהין ווי די אונטערטאַנען פון דער רוימישער אימפּעריע, פון וועלכער שפּאַניע איז אויך געווען אַ טייל. אין 5טן יאָרהונדערט, ווען די רוימישע אימפּעריע האָט גע־

האַלטן אין צעפאַלן ווערן, איז שפאַניע באַזיגט געוואָרן פון דעם גערמאַ־נישן שבט, די וועסטגאָטן, וועלכע האָבן דאָ געגרינדעט זייער מלוכה. די וועסטגאָטישע מלכים האָבן אָנגענומען דאָס קריסטנטום לויט דער קאַטוילישער שיטה און האָבן געגעבן די גייסטלעכע אַ גרויסע מאַכט אין לאַנד. פון דעמאָלט אָן האָט מען אָנגעהויבן שטאַרק צו פאַרפאָלגן די יידן פאַר זייער גלויבן. דער קעניג רעקאָרעד דער ערשטער האָט אַרויסגעגעבן זייער שווערע גזירות קעגן די יידן (589). דער צוועק פון די דאָזיקע גזירות איז געווען אָפּצושאַפן יעדן פאַרקער צווישן יידן און קריסטן, וועלכע האָבן פריער געלעבט ווי גוטע שכנים. מען האָט מורא געהאַט אַז די יידן וועלן אָפּציען די קריסטן פון דער קירכע. דער וועסט־גאָטישער קעניג סיזעבוט האָט געגעבן די יידן די ברירה: אָדער אָנ־נעמען דאָס קריסטנטום אָדער זיך אַרויסקלייבן פון לאַנד (612). פילע זיינען דעמאָלט אַוועק אין אַנדערע לענדער, נאָר אַנדערע זיינען געווען געצוווּנגען זיך צו שמדן, בלייבנדיק אין האַרצן יידן. אייניקע פון די שפּעטערע הערשער האָבן אָפּגעשאַפט אָדער ווייכער געמאַכט די ביטערע גזירות, אָבער אַזעלכע הערשער זיינען געווען ווייניק. דער גרעסערער טייל פון די וועסטגאָטישע מלכים אין שפאַניע האָבן פאַראייניקט אין זיך ווילדקייט מיט רעליגיעזן פאַנאַטיזם. אָנגעווייצט פון די קאַטוילישע גייסטלעכע האָבן זיי געשטרעבט אָדער צו פאַרטיליקן די יידן אָדער זיי מאַכן פאַר קריסטן.

מיט באַזונדערער גרויזאַמקייט האָבן זיך אויסגעצייכנט די מלכים רעצעסווינט (652), עדוויג (680) און עגיקאַ (687). מער פון אַלעמען האָבן זיי פאַרפאָלגט יענע יידן, וועלכע האָבן פריער, על־פּי נויט, אָנגע־נומען דאָס קריסטנטום און וואָס שפּעטער האָבן זיי זיך אומגעקערט צו זייער פריערדיקן גלויבן. פאַרן קעניג עגיקאַ זיינען די דאָזיקע יידן גע־בראַכט געוואָרן צו אַזאַ פאַרצווייפלונג, אַז זיי האָבן באַשלאָסן צו מאַכן אַ פאַרשווערונג און אַרונטערוואַרפן די וועסטגאָטישע דינאַסטיע. זיי האָבן געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט זייערע ברידער אין צפון־אַפריקע, וועל־כע האָבן געלעבט גליקלעך אונטער דער הערשאַפט פון די אַראַבער און מיט זייער הילף האָבן זיי געוואָלט מאַכן אַ מלוכה־איבערקערעניש. אָבער די פאַרשווערונג איז אַנטדעקט געוואָרן און אַלע שפּאַנישע יידן האָבן געקראָגן אַ שרעקלעכע שטראָף. דער אויפגערעגטער קעניג, מיט דער הסכמה פון אַ קירכן־אסיפה וואָס איז פאַר דעם צוועק צוזאַמענ־

גערופן געוואָרן, האָט אַרויסגעגעבן דעם ווייטערדיקן באַפעל (694):
„היות די יידן האָבן ניט נאָר פאַרשוועכט די אמונה, אין וועלכער די קירכע האָט זיי באַערט אַריינצונעמען, און זיי היטן זייערע פריערדיקע צערעמאָניעס, נאָר זיי האָבן נאָך דערצו געמאַכט אַ פאַרשווערונג אַריינצוכאַפּן מיט גוואַלד די רעגירונג, דעריבער ווערן זיי דערקלערט פאַר שקלאַפן און זיי ווערן אָפּגעגעבן אין לייב־אייגנטום צו קריסטלעכע בעלי־בתים, וועלכע האָבן ניט קיין רעכט זיי אַרויסצולאָזן פריי. די קינדער, ווען זיי ווערן אַלט זיבן יאָר, ווערן צוגענומען פון זייערע עלטערן און זיי ווערן אָפּגעגעבן צו קריסטן צום דערציען".



דאָס יידישע קוואַרטאַל אין טאָלעדאָ („כודעריא")

מען קען ניט וויסן וואָס עס וואָלט געוואָרן פון די יידן נאָך אַזעלכע רדיפות ווען אין גיכן זאָל ניט געוועזן קומען אַ סוף צו דער וועסטגאָטישער הערשאַפט אין שפּאַניע. פון צפון־אַפריקע, וועלכע איז אָפּגעטיילט פון שפּאַניע דורך דעם גיבראַלטאַרישן וואַסער־דורכגאַנג האָבן זיך אַ גאָס געטאָן אין דעם דאָזיקן לאַנד די קריגערישע אַראַבער (בערבערן, מאָרן), און האָבן שנעל באַזיגט אַ גרויסן טייל דערפון (711). די יידן האָבן באַגעגנט די אַראַבער ווי באַפרייער און האָבן זיי געהאָלפן אין זייער קאַמף מיט די וועסטגאָטן. ווען די אַראַבער פלעגן איינגעמען אַ שטאָט פלעגן די פירער זי איבערגעבן צו די יידן צו היטן, אַזוי ווי צו

זיכערע פריינד, און זיי פלעגן גיין וווייטער מיט זייער חיל. די הויפּט־שטאָט פון שפּאַניע, טאָלעדאָ, איז איבערגעגעבן געוואָרן צום אַראַבישן קריגספירער טאַריק דורך די יידן, וועלכע האָבן געעפנט פאַרן זיגער די טויערן פון שטאָט בעת די קאַטוילישע באַפעלקערונג איז געלאָפן זוכן רעטונג אין די קלויסטערס. די שמירה פון דער הויפּטשטאָט איז אויך פאַרטרויט געוואָרן צו די יידן. אויף אַזאַ אופן זיינען די יידן געוואָרן די בעלי־בתים פון יענע שטעט, פון וועלכע מען האָט זיי פריער אָן רחמנות געיאָגט. ווען די אַראַבישע כאַליפן זיינען געוואָרן די הערשער פון שפּאַניע האָבן זיי געגעבן די יידן פולע רעליגיעזע פרייהייט און אי־נערלעכע אַליין־פאַרוואַלטונג. אין גראַנאַדאַ, טאָלעדאָ און אַנדערע שפּאַ־נישע שטעט זיינען צוריק אויסגעוואַקסן גרויסע יידישע קהילות, וועלכע זיינען געווען פונקט אַזוי זעלבסטשטענדיק ווי זייערע ברידער אין אַראַ־בישן בבל.

דאָס אַראַבישע חיל וואָס האָט איינגענומען שפּאַניע האָט געהערט צום מיזרחדיקן כאַליפאַט, וואו עס האָט דעמאָלט געהערשט די דינאַס־טיע אָמאַיאַדן, מיט דער הויפּטשטאָט דמשק, דעריבער איז שפּאַניע לכתחילה געוואָרן אַ פּראָווינץ פון דעם כאַליפאַט פון דמשק. אָבער ווען די אָמאַיאַדישע כאַליפן האָבן אָפּגעטראָטן זייער פּלאַץ צו דער דינאַס־טיע אַבאַסידן פון באַגדאַד (דער באַגדאַדישער כאַליפאַט) איז דער לעצ־טער פון די אָמאַיאַדן, אבדו־ראַכמאַן (עבדו־אל־רחמן) אַנטלאָפן קיין שפּאַניע און האָט זיך דאָ דערקלערט פאַר אַ זעלבסטשטענדיקן הערשער (755). פאַר זיין הויפּטשטאָט האָט ער אויסגעקליבן די שטאָט קאָרדאָ־וואַ, און דורך דעם האָט שפּאַניע שפּעטער געקראָגן דעם נאָמען דער כאַליפאַט פון קאָרדאָוואַ. דאָ איז פאַר די יידן אַנטשטאַנען אַ צייט פון פרידלעכער אַנטוויקלונג. זיך האַלטנדיק פעסט אָן זייער פאָלק און רע־ליגיע האָבן זיי זיך פון דעסט וועגן מתקרב געווען מיט די געבילדעטע אַראַבער אין בירגערלעכן און גייסטיקן לעבן. און דורך די בשותפותדיקע קרעפטן פון די דאָזיקע צוויי סעמיטישע פעלקער, וועלכע האָבן געגלויבט, איינס אין יידנטום און דאָס צווייטע אין איסלאַם, איז אין שפּאַניע באַ־שאַפן געוואָרן אַזאַ הויכע קולטור, וועלכע האָט געמאַכט דאָס לאַנד פאַרן ליכטיקסטן ווינקל אין דער פינצטערער אייראָפּע אין מיטלעלטער.

## § 4. פראַנקרייך און דייטשלאַנד

יידישע ישובים אין פראַנקרייך (גאַליע) און דייטשלאַנד האָבן אויפ־געשפראָצט נאָך דעמאָלט ווען די דאָזיקע לענדער זיינען געווען פּראָ־ווינצן פון דער אַלטער רוימישער אימפּעריע. אין 4־טן און 5־טן יאָרהונ־דערט פון דער קריסטלעכער צייטרעכענונג באַגעגענען זיך יידישע קאָ־לאָניעס אין מאַרסייל, אָרלעאַנס, קלערמאָן, פּאַריז, קעלן און אין אַנ־דערע שטעט. אומעטום האָבן די יידן גענאָסן די רעכט פון „רוימישע בירגער" און האָבן זיך פרידלעך איינגעלעבט מיט די פרעמדע געצנדי־נער. די פאַרשפּרייטונג פון קריסטנטום צווישן די דאָזיקע קריגערישע „באַרבאַרן" האָט געדאַרפט ווייכער מאַכן זייערע זיטן; די קריסטלעכע אמונה, וועלכע איז אַויסגעקומען פון דער יידישער, האָט געדאַרפט נאָך נענטער צוזאַמענברענגען די פראַנקן און די גערמאַנען מיט די יידן וואָס האָבן געלעבט צווישן זיי. און ווירקלעך, די נייבאַקערטע פעלקער האָבן ניט געזען קיין גרויסן חילוק צווישן די צוויי רעליגיעס, און האָבן זיך טאָקע דערנענטערט צו די יידן און זיך אפילו מיט זיי מתחתן געווען. אָבער דאָס איז ניט געפעלן געוואָרן די העכערע קריסטלעכע גייסטלעכע, וועלכע האָבן מורא געהאַט, אַז דאָס יידנטום זאָל ניט באַאיינפלוסן די „קינדער פון דער קירכע" און זיי האָבן מיט אַלע כוחות גענומען אַרבעטן צו צעשטערן די גוטע באַציאונגען צווישן די אָנהענגער פון די צוויי אמונות. זיי האָבן גענומען איינריידן זייערע נאָכפאָלגער, אַז עס איז אַ זינד זיך צו חברן מיט די יידן, וועמעס עלטערן האָבן כלומרשט געהרגעט קריסטוסן. פיל קאַטוילישע בישאָפן האָבן צוגערעדט די קעניגן זיי זאָלן די יידן שמדן מיט גוואַלד אָדער זיי אַרויסטרייבן פון לאַנד.

די אַרבעט פון די גייסטלעכע האָט געהאַט דערפאָלג אין דער נייער פראַנקישער מלוכה, וואו עס האָבן געהערשט די קריסטלעכע מלכים פון דער דינאַסטיע מעראָווינגען (6־טער—7־טער י"ה). די מעראָווינגי־שע מלכים האָבן איבערגעגעבן די יידן אין גאַנצן אין די הענט פון די גייסטלעכע און זיי געשטעלט אונטער די געזעצן פון דער קירכע. די קירכלעכע אסיפות אין אָרלעאַנס (533—541) האָבן שטרענג פאַרבאָטן חתונות צווישן קריסטן און יידן; די יידן איז פאַרבאָטן געוואָרן זיך צו ווייזן אויף די גאַסן אין די טעג פון קריסטלעכן פּסח און די וואָך פריער; פאַר מגייר זיין אַ קריסט האָט געדראָט אַ גרויסע שטראָף; ווען אַ שקלאַף

פון אַ יידן האָט אָנגענומען דאָס קריסטנטום איז ער דורך דעם אַליין שוין באַפרייט געוואָרן. די גאַנצע כונה פון די גלחים איז געווען — אָפּצושיידן מיט אַן אייזערנער וואַנט די יידן פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג און מאַכן זיי פאַר אַ באַזונדער סעקטע. אָבער דערמיט האָבן זיי זיך נאָך ניט באַגנוגנט. געוויסע פראַנקישע מלכים און בישאָפן האָבן געפּרואווט צו נייטן די יידן מיט גוואַלד אָנצונעמען די קאַטוילישע אמונה.

דער בישאָף אַוויטוס פון קלער־מאָן האָט לאַנג איינגער־עדט די יידן פון זיין אָרט זיך אָפּצוזאָגן פון דער אמונה פון זייער־ע אבות. אָבער זיינע רייד האָבן ניט געהאַט קיין ווירקונג און בלויז איין ייד האָט זיך געשמדט אין דעם קריסטלעכן פסח. דער משומד האָט אַרויסגערופן קעגן זיך דעם צאָרן פון זיינע פריערדיקע בר־ידער. איין מאָל ווען ער איז געגאַנגען אין גאַס אין אַ קריסטלעכער פראָצעסיע האָט עפּעס אַ ייד אויסגעגאָסן אים אויפן קאָפּ אַ שטינקענדיקן אייל. דער אויפגערעגטער קריסטלעכער המון האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער שול און פאַר דעם בישאָף אין די אויגן זי צעשטערט ביזן גרונט און שיעור אויסגעהרגעט אַלע יידן. אויף מאָרגן האָט דער בישאָף געלאָזט רופן צו זיך די יידן פון קלערמאָן און האָט זיי פאָרגעלייגט: אָנצונעמען דאָס קריסטנטום אָדער אַוועק פון שטאָט. אַ פּאָעט־מאָנאַך פון יענער צייט האָט איבערגעלייגט אין לאַטיינישע גראַמען די קורצע ר־עדע וואָס דער בישאָף האָט דעמאָלט געהאַלטן צו די יידן:

זע וואָס דו טוסט,אַלט, נאַריש פאָלק!
באַניי דיין לעבן, לערן זיך אוים צו גלויבן באָטש אויף דער עלטער
נאָר רעדן פיל פון דיין נאַרישקייט, איז ניטאָ קיין צייט.
טאָ הער: נעם אָן אונדזער גלויבן, ווען ניט גיי אַוועק.
די ברירה איז דיינע: נעם מיין עצה שנעל
און בלייבט דאָ מיט אונדז, נאָר די האַרטנעקיקע זאָלן גיין.

אין דריי טעג אַרום האָבן די יידן פון קלערמאַן פאַרלאָזן די שטאָט און זיינען אַוועק קיין מאַרסייל (576). בלויז פינף הונדער־ט פון זיי האָבן ניט געקענט ביישטיין דעם נסיון און האָבן זיך געשמדט.

מיט באַזונדערער פלייסיקייט צו שמדן די יידן האָט געאַרבעט דער פראַנקישער קעניג הילפעריך און זיין בעל־יועץ דער געלערנטער בישאָף גרעגאָרי פון טור. הילפעריך האָט געהאַט אין פּאַריז אַ האַנדלס און געלט־

פאַרטרעטער אַ יידן מיטן נאָמען פּריסקוס. דער קעניג האָט שטאַרק גע־שעצט די חכמה און ערלעכקייט פון פּריסקוסן, אָבער ער האָט ניט גע־קענט דולדן וואָס ער איז אַ ייד. האָט ער צוזאַמען מיטן בישאָף צוגע־רעדט פּריסקוסן ער זאָל זיך שמדן, אָבער דער ייד איז געבליבן פאַרעקשנט. איין מאָל האָט דער קעניג, אין שפּאַס, אָנגענומען פּריסקוסן פאַרן קאָפּ און האָט אים איינגעבויגן און געזאָגט צום בישאָף: קום, דינער פון גאָט, און לייג אַרויף אויף אים דיינע הענט! פּריסקוס האָט מיט שרעק זיך אָפּ־גערוקט פון דעם קריסטלעכן צייכן. דער קעניג איז אין כעס געוואָרן און דער בישאָף האָט זיך אַריינגעלאָזט אין אַ וויכוח מיט דעם יידן וועמעס גלויבן איז דער אמתער: דער קריסטלעכער אָדער דער יידישער. דער ייד האָט מיט שכלדיקע סברות און מיט פּסוקים פון תנ"ך געוויזן אַז קריס־טוס איז ניט געווען גאָטס זון. הילפּעריך האָט אָפּגעלאָזט פּריסקוסן כדי צו געבן אים צייט זיך צו באַדענקען. אָבער ווען יענער האָט זיך אַלץ איינ־געעקשנט, האָט דער קעניג אויסגערופן: „אויב דער ייד וועט ניט אָנהויבן גלייבן מיטן גוטן ווילן וועל איך אים צווינגען צו גלייבן!". פון מורא פאַר די מלכים און די גלחים האָבן אַ סך יידן אין פּאַריז זיך איבערגעגעבן צום שמד. אָבער פּריסקוס האָט מיט פאַרשיידענע תירוצים אָפּגעלייגט זיין שמד און האָט ניט געוואָלט לפנים בייטן זיין אמונה. איין מאָל, שבת, ווען ער איז געגאַנגען אין שול, וועלכע האָט זיך געפונען אויף איינער פון די אָפּגעלייגטע גאַסן אין פּאַריז, איז אַ משומד אים באַפאַלן און אים געהרגעט (582).

איינער פון די לעצטע מעראָווינגישע מלכים, דאַגאָבאַרט, האָט גע־וואָלט איבעריאָגן אין גרויזאַמקייט צו די יידן די וועסטגאָטישע מלכים פון שפּאַניע. ער האָט אָן רחמנות געטריבן פון זיין לאַנד די יידן, וואָס זיינען געקומען אַהין צו לויפן פון די רדיפות אין דער שכנישער שפּאַ־ניע. אין יאָר 629 האָט ער מיט דער הסכמה פון די בישאָפן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אַז אַלע יידן וואָס ווילן זיך ניט שמדן זאָלן אַרויסגעטריבן ווערן פון גאַנץ פראַנקרייך. היסטאָריקער באַהויפּטן אַז צו דעם שריט האָט דאַ־גאָבאַרטן צוגערעדט אין אַ בריוו דער ביזאַנטישער אימפּעראַטאָר העראַק־ליוס, וועלכער האָט אין דער זעלביקער צייט אָנגעהויבן רדיפות אויף די יידן אין זיין אייגענער אימפּעריע (זע טייל 2, § 65). העראַקליוס האָט כלומרשט פון די נבואות פון שטערנזעער זיך דערוואוסט ,אַז ביזאַנטיע וועט חרוב ווערן דורך אַ „געמלט פאָלק". דענקענדיק אַז דאָס מיינט די

יידן האָט העראַקליוס אַן עצה געגעבן דעם פראַנקישן קעניג ער זאָל זען אויסשמדן די יידן, ווי אַ פאָלק וואָס איז געפערלעך פאַר יעדער קריסט־לעכער מלוכה. אַ „געמלט פאָלק" איז אין גיכן ווירקלעך אָנגעקומען אויף ביזאַנטיע, אָבער דאָס זיינען ניט געווען די יידן, נאָר די אַראַבער־מוסול־מענער.

ווען די מעראָווינגישע הערשאַפט איז געפאַלן און עס איז געגריב־דעט געוואָרן די אימפעריע פון קאַרל דעם גרויסן האָבן די רדיפות אויף די יידן אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד אויף אַ צייט אויפגעהערט (768—814). דער דאָזיקער מעכטיקער הערשער האָט זיך אונטערגעוואָרפן דעם איינפלוס פון די גלחים און האָט באַשיצט די יידן, וועלכע זיינען דעמאָלט געווען די וויכטיקסטע טרעגער פון האַנדל און אַרבעט אין אייראָפּע. קאַרל דער גרויסער האָט געשטיצט אין פראַנקרייך די אונטערנעמונגען פון די יידן, האָט זיי דערלויבט צו קויפן ערד און זיך פאַרנעמען מיט אַלע באַ־שעפטיקונגען, איבערהויפּט מיט אָנטרייבן שיפן. אייניקע געבילדעטע יידן זיינען אפילו געווען קרובים למלכות, איינער פון זיי, יצחק, איז געווען צווישן די שלוחים, וואָס קאַרל האָט געשיקט צום באַגדאַדישן כאַליף האַרון־אַל־ראַשיד. קאַרלס זון, לודוויג דער ערלעכער (814—840), האָט אויך געשיצט די יידן קעגן די פיינטלעכע גלחים. ווען דער פאַנאַטישער בישאָף אַגאָבאַרד האָט אָנגעהויבן אין די קלויסטערס אויפצורייצן דעם המון צו באַפאַלן יידן, האָט לודוויג אים באַפוילן אָנטשוויגן צו ווערן און די יידן האָט ער צוגעזאָגט זיי צו באַשיצן. ער האָט אַוועקגעשטעלט אַ באַזונדערן „יידישן מאַגיסטער" (Magister Judaeorum) צו באַשיצן די בירגערלעכע און האַנדלס־רעכט פון די יידן.

די מלוכה פון קאַרל דעם גרויסן איז צוריק צעפאַלן געוואָרן נאָכן טויט פון זיין זון. קאַרלס קינדער האָבן געוועלטיקט אין איטאַליע, דייטש־לאַנד און פראַנקרייך, וועלכע זיינען געוואָרן באַזונדערע מלוכות. נאָר די הערשאַפט פון די דאָזיקע מלכים איז געווען זייער אַ שוואַכע. אַ דאַנק דער פעאָדאַלער אָרדענונג (§ 2), האָבן די איינצלנע באַראָנען און גראַפן געהערשט אין זייערע לענדערייען אַזוי ווי זעלבסטשטענדיקע מלכים. און דערפאַר איז אין פאַרשיידענע געגנטן פון פראַנקרייך די לאַגע פון די יידן געווען פאַרשיידן: אין אייניקע ערטער האָבן די פעאָדאַלן זיי באַשיצט און אין אַנדערע — פאַרפאָלגט. דאָרט וואו די גלחים האָבן געהאַט אַ מאַכט איז מען זיך מיט די יידן באַגאַנגען גרויזאַם. אין דער שטאָט טולוז,

צום ביישפּיל, האָבן די גראַפן איינגעפירט אַזאַ מין „קירכלעכן" מינהג: יעדעס יאָר, ערב דעם קריסטלעכן פּסח פלעגט דער גראַף פון טולוז פאַר־רופן צו זיך דעם פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה און פלעגט אים געבן אַ שטאַרקן פּאַטש אין פּנים כדי דורך דעם צו דערמאָנען די יידן אָן די פּייניקונגען פון דעם געקרייציקטן קריסטוסן. אין שפּעטערע צייטן פלעגן די יידן זיך פון דעם דאָזיקן פּאַטש זיך אויסקויפן מיט אַ באַזונדערן אָפּצאָל. אין בעזיער פלעגן די קאַטוילישע גלחים יעדעס יאָר אין דער „הייליקער וואָך" אויפהעצן דעם קריסטלעכן המון צו נעמען נקמה אָן די יידן פאַר קרייציקן יעזוסן, און די מאַסע וואָס האָט געפאָלגט אירע פי־רער, פלעגט זיך ווירקלעך אַרויפוואַרפן אויף די יידן, זיי שלאָגן און וואַרפן שטיינער אין זייערע הייזער. אָפט מאָל פלעגן די יידן מיט געווער אין די הענט זיך שטעלן קעגן זייערע אָנגרייפער, און דאַמאָלט פלעגט עס קומען צו בלוטפאַרגיסונג.

אין דייטשלאַנד, נאָך דער דינאַסטיע פון קאַרל דעם גרויסן האָט זיך באַפעסטיקט די זאַקסישע דינאַסטיע. דער דייטשער קעניג אָטאָ דער גרוי־סער (אין 10־טן יאָרהונדערט) האָט אַרונטערגענומען אונטער זיין הער־שאַפט צפון־איטאַליע און האָט געקראָגן דעם נאָמען „אימפּעראַטאָר". די דייטשע הערשער האָבן זיך באַטראַכט פאַר די יורשים פון די רוימישע אימפּעראַטאָרן און אויף די יידן האָבן זיי געקוקט אַזוי ווי אויף אַן אייגנ־טום וואָס איז זיי איבערגעגאַנגען בירושה פון דעם אַלטן רוים. זייער אָפט פלעגן די אימפּעראַטאָרן אַוועקשענקען צו זייערע פעאָדאַלן (גראַפן, באַ־ראָנען און בישאָפן) שטיקער לאַנד צוזאַמען מיט די יידן, וואָס האָבן דאָרט געלעבט. פאַר דער דערלויבעניש זיך צו פאַרנעמען מיט האַנדל, אָדער גע־וויסע מלאכות פלעגט די רעגירונג אַרויפלייגן אויף די יידן גרויסע אָפּ־צאָלן.

אין אַ סך שטעט אין דייטשלאַנד האָבן די יידן געלעבט אין אָפּגע־זונדערטע קהילות, וואָס אָן זייער שפּיץ זיינען געשטאַנען די רבנים און פּרנסים. די חשובסטע קהילות האָבן זיך געפונען אין די שטעט עלזאַס, לאָטרינגען און אין די געגנטן פון דעם ריין (מאַינץ וואָרמס, שפּייערן און קעלן). דאָ זיינען אויסגעוואַקסן ישיבות און עס האָבן זיך באַוויזן גרויסע חכמים און רבנים, וואָס זייער השפּעה איז געווען זייער שטאַרק און וואָס לויט זייערע אָנווייזונגען האָבן זיך די יידן געפירט אין זייער אינערלעכן לעבן. אין אָנהייב פון 11־טן יאָרהונדערט איז באַרימט געוואָרן

דער גרויסער געלערנטער רבנו גרשום, וואָס האָט געקראָגן דעם צונאָמען „מאור הגולה", די ליכט פון פאַרטריבענעם פאָלק. ער איז געשטאַנען בראש פון דער גרעסטער ישיבה, וואָס איז געווען דער גאָרטן פון רבנים פאַר די קהילות פון דייטשלאַנד און פראַנקרייך. אַזוי ווי די גאונים פון אַמאָל אַזוי האָט אויך רבנו גרשום געפסקנט הלכות און יידישע דינים און האָט אויך אַרויסגעגעבן נייע תקנות לויט די באַדערפעניש פון דער צייט. צווישן אַנדערע זאַכן האָט ער פאַרבאָטן פיל־ווייבעריי ביי יידן, וואָס מען פלעגט נאָך אַמאָל טרעפן ביי די יידן אין מיזרח און האָט אויך מתקן געווען אַז אַ מאַן טאָר ניט גטן זיין ווייב קעגן איר ווילן. די דאָזיקע תקנות זיינען נאָכהער באַשטעטיקט געוואָרן פון אַ רבנישער אסיפה אין וואָרמס. די געלערנטע וואָס זיינען אַרויסגעקומען פון רבנו גרשומס ישיבה זיינען געווען באַוואוסט אונטערן נאָמען „חכמי לתרניה", ד"ה די חכמים פון לאָטרינגען.

## § 5. רוסלאַנד און פוילן; די כוזרים.

אין יענע לענדער וועלכע זיינען שפּעטער אַריין ווי טיילן פון דרום־רוסלאַנד האָבן זיך די יידן באַזעצט אין די גאָר אַלטע צייטן. שוין אין די ערשטע צייטן פון קריסטנטום באַגעגענען זיך יידישע ישובים אין די גריכישע לענדער צו צפון פון שוואַרצן ים און אויפן האַלב־אינדזל קרים. דאָרט האָבן זיך באַזעצט יידישע אויסוואַנדערער פון ביזאַנטיע, וועלכע האָט געהאַט קאָלאָניעס אין די דאָזיקע לענדער. צוויי גריכישע אויפשריפטן אויף דענקמעלער, וועלכע מען האָט געפונען לעבן קערטש און וועלכע געהערן צו די יאָרן 81—80 פון דער קריסטלעכער צייטרעכענונג זאָגן עדות, אַז אין דער דאָזיקער געגנט האָבן עקזיסטירט „יידישע שולן".

אין 7־טן יאָרהונדערט איז ביי די ברעגן פון קאַספּישן ים אויסגעוואַקסן אַ מעכטיקע מלוכה פון די „כוזרים" (כאַזאַרן). די כוזרים זיינען לכתחילה געווען געצנדינער פון אַ טאָטערישן שבט. נאָר מיט דער צייט האָבן זיי זיך באַקאַנט מיט דער אמונה פון די יידן, גריכן און אַראַבער און האָבן דערפילט אַ נייגונג צו אחדות הבורא. די לעגענדע דערציילט אַז דער קעניג פון די כוזרים בולאַן (אַרום 730) האָט געוואָלט אָננעמען איינע פון די דאָזיקע דריי אמונות. דער ביזאַנטישער קעניג האָט געשיקט צו אים שלוחים מיט מתנות און האָט אים פאָרגעלייגט ער זאָל אָננעמען

דאָס קריסטנטום; אַן אַראַבישער כאַליף האָט געשיקט שלוחים צו געווי־
נען אים צום מוכאַמעדעניזם. אָבער בולאַן האָט געשיקט רופן יידישע
חכמים אויך. אַזוי ווי יעדער איינער האָט געלויבט נאָר זיין אייגענע רע־
ליגיע האָט בולאַן באַשלאָסן אויסצוקלייבן פון די דריי די יידישע אמונה
ווייל זי איז די עלטסטע. אַ סך כוזרים האָבן נאָכגעטאָן זייער קעניג און
האָבן אָנגענומען דאָס יידנטום. די כוזרישע מלכים האָבן זיך פון דע־




דאָס כוזרים־קעניגרייך (דער געקעסטלטער טייל אויף דער מאַפּע)

מאָלט אָן אַ נאָמען געגעבן „קאַהאַנים" (כוהנים). זייער הויפּטשטאָט איז
געווען ביטיל, נאָענט צו יענעם אָרט, וואו דער טייך וואָלגאַ פאַלט אַריין
אין קאַספּישן ים (נעבן דעם היינטיקן אַסטראַכאַן). איינער פון בולאַנס
יורשים קאַהאַן עובדיה, איז געווען זייער אַ הייסער אָנהענגער פון יידנ־
טום. ער האָט צוזאַמענגערופן פון אַנדערע לענדער יידישע געלערטע און
האָט זיי געהייסן לערנען דעם פאָלק דעם תנ"ך, פלעגט בויען שולן און
האָט איינגעשטעלט אַן אָרדענונג אין די תפילות. די יידישע אמונה האָט
ווייכער געמאַכט די זיטן פון די האַלב־ווילדע כוזרים. אַ לאַנגע צייט האָבן

די יידן אין די אַנדערע לענדער ניט געוואוסט פון דער כוזרישער מלוכה. ערשט אין דעם 10־טן יאָרהונדערט האָט מען זיך דערוואוסט דערפון אין שפּאַניע. אַרום יאָר 950 האָט דער כוזרישער מלך יוסף אַוועקגעשיקט קיין שפּאַניע אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט דערציילט די געשיכטע ווי אַזוי זיינע אור־עלטערן האָבן אָנגענומען די יידישע אמונה. אין גיכן נאָך דעם איז די כוזרישע מלוכה געפאַלן. אין די אַמאָליקע צייטן פלעגן זיי מאַכן אָנפאַלן אויף די סלאַוון וועלכע האָבן געלעבט פאַזע דער וואָלגע און דעם דניעפּער, און פלעגן נעמען פון זיי אָפּצאָל. נאָר ווען די רוסישע מלוכה איז אונטער די קיעווער פירשטן פאַרשטאַרקט געוואָרן, איז די הערשאַפט פון די כוזרים אָפּגעשוואַכט געוואָרן. דער קיעווער פירשט סוויאַטאָסלאַוו האָט איינגענומען זייערע פעסטונגען ביי דער וואָלגע און האָט זיי אַרויס־געשטויסן פון דער קאַספּישער געגנט (969). די כוזרים האָבן זיך טיילווייז באַזעצט אין קרים און טיילווייז זיך צעזייט איבער די רוסישע לענדער.

אַרום יענער צייט האָבן זיך די יידן באַוויזן אין דעם קיעווער רוס־לאַנד. דער רוסישער היסטאָריקער נעסטאָר דערציילט אַז אין יאָר 986 זיינען קיין קיעוו אָנגעקומען „כוזרישע יידן". דער פירשט פון קיעוו, וולאַ־דימיר דער הייליקער, דעמאָלט נאָך אַ געצנדינער האָט זיך געגרייט אָנ־צונעמען פון די גריכן די קריסטלעכע רעליגיע .די כוזרישע יידן, דער־ציילט די לעגענדע, האָבן אים צוגערעדט ער זאָל אָנעמען דאָס יידנטום. נאָר וולאַדימיר האָט זיי געפרעגט: „וואו איז אייער לאַנד?" און די יידן האָבן געענטפערט: „אין ירושלים". „און איר לעבט דאָרט?" האָט דער פירשט ווייטער געפרעגט. „ביין — האָבן די יידן געענטפערט: גאָט האָט געצאָרנט אויף אונדזערע עלטערן און האָט זיי צעשפּרייט איבער פאַר־שיידענע לענדער". דאַן האָט וולאַדימיר געזאָגט: ווי אַזוי זשע לערנט איר אַנדערע ווען איר אַליין זייט פאַרשטויסן פון גאָט און פאַרטריבן?". און דער פירשט האָט אָנגענומען דאָס קריסטנטום און האָט אויך זיין פאָלק געמאַכט פאַר קריסטן. די רוסישע מאָנאַכן און גלחים וואָס האָבן זיך באַלד באַוויזן און וואָס זיינען דערצויגן געוואָרן פון די גריכן, פלעגן אָפט האָבן וויכוחים מיט די יידן וועגן אמונה. דער מאָנאַך טעאָדאָסיוס פלעגט גיין צו די קיעווער יידן און זיך מיט זיי מיתוכח זיין וועגן אמונה אָנ־רופנדיק זיי גאָטלאָזע, כופרים (1070). אין רוסלאַנד האָט זיך אויסגע־בילדעט אַזאַ באַציאונג צום יידנטום ווי אין ביזאַנטיע.

אין הונדערט יאָר אַרום נאָך וולאַדימיר דעם הייליקן, האָבן יידן

נאָך געלעבט און געפירט האַנדל אין דעם קיעווער פירשטנטום. דער גרויסער פירשט סוויאַטאָפּאָלק דער צווייטער האָט געשיצט די יידישע סוחרים און האָט צו אייניקע אפילו פאַרטרויט די זאַמלונג פון די רעגירונגס־שטייערן. אין דער שטאָט קיעוו איז דעמאָלט געווען אַ באַדייטנדיקע יידישע קהילה. אָבער די דאָזיקע קהילה האָט שווער געליטן נאָכן טויט פון סוויאַטאָפּאָלק, ווען דאָס לאַנד איז אַ שטיק צייט געבליבן אָן אַ באַשטימטן הערשער (1113). די איינוואוינער פון קיעוו האָבן גערופן וולאַדימיר מאָנאָמאַך צו ווערן פירשט, נאָר אַזוי ווי ער איז ניט גיך געקומען זיינען דערווייל אין קיעוו אויסגעבראָכן אומרוען. דער המון האָט געמאַכט אַן אויפשטאַנד, האָט צערויבט דעם הויף פון דעם הויפטמאַן פוטיאַטאָ, און דערנאָך זיך אַ לאָז געטאָן אויף די יידן און צערויבט זייער האָב און גוטס. די איינוואוינער פון קיעוו האָבן געשיקט נייע שלוחים צו וולאַדימירן מיט דער וואָרענונג, אַז אויב ער וועט נאָך לענגער זיך קווענקלען וועט דער פּאָגראָם נאָך שטאַרקער ווערן. דאַן איז וולאַדימיר געקומען און איינגעשטעלט אָרדענונג אין דער הויפטשטאָט. די יידן זיינען ווייטער געבליבן וואוינען אין קיעוו. אין יאָר 1124 האָבן זיי שווער געליטן פון אַ שרפה וואָס האָט פאַרניכטעט אַ גרויסן טייל פון שטאָט. קיעוו האָט צוגעצויגן יידישע סוחרים, ווייל דאָס איז געווען די גרעסטע שטאָט דורך וועלכער עס איז געגאַנגען דער האַנדל פון מערב־אייראָפּע מיט אַזיע.

אין דעם קיעווער רוסלאַנד זיינען געגאַנגען יידישע וואַנדערער פון ביזאַנטיע און די נאָענטע אַזיאַטישע לענדער, און אין דעם שכנישן פּוילן זיינען געגאַנגען עמיגראַנטן פון מערב־אייראָפּע. מען רעכנט אַז נאָך פון די צייטן פון קאַרל דעם גרויסן זיינען יידישע סוחרים פון דייטשלאַנד געקומען קיין פּוילן צוליב געשעפט, און אַ סך זיינען דאָרט געבליבן וואוינען אויף שטענדיק. עס איז פאַראַן אַן אַלטע לעגענדע וועגן אַ ייד, וואָס איז געווען איין טאָג מלך אין פּוילן. די לעגענדע דערציילט, אַז נאָכן טויט פון זייער קעניג פּאָפּיעל האָבן זיך די פּאָליאַקן צונויפגעקליבן אויף אַ פאַרזאַמלונג אין קרושעוויצע אויסצוקלייבן אַ נייעם הערשער (אַרום 842). לאַנג האָט מען פאַרהאַנדלט וועמען מען זאָל אויסקלייבן, און צום סוף איז באַשלאָסן געוואָרן אַז יענער, וואָס וועט דער ערשטער אַריינקומען אין שטאָט אַריין דעם קומענדיקן פרימאָרגן זאָל ווערן קעניג. האָט גראָד פּאַסירט, אַז דער ערשטער איז אַריינגעקומען אין שטאָט אַריין דער ייד אַבּרהם פּאָרכאָווניק, און מען האָט אים אויס־

גערופן פאַר קעניג. אָבער דער ייד האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם כבוד און האָט געגעבן אַן עצה מען זאָל אויסקלייבן דעם קלוגן פּאָלאַק פּיאַסט. אַזוי האָט מען געטאָן און פּיאַסט איז געוואָרן דער ערשטער פון דער דינאַסטיע פון די פּיאַסטן. נאָך אַ לעגענדע דערציילט, אַז צום סוף פון 9טן יאָרהונדערט זיינען געקומען יידישע שלוחים פון דייטשלאַנד צום פּוילישן קעניג לעשעק מיט דער בקשה ער זאָל אַריינלאָזן די יידן קיין פּוילן. לעשעק האָט זיי אויסגעפרעגט וואָס איז די יידישע אמונה און האָט מסכים געווען. דעמאָלט האָבן אַ סך יידן אויסגעוואַנדערט פון דייטשלאַנד און זיך באַזעצט אין פּוילן (894). די וואַנדערונג פון די יידן נאָך פּוילן האָט זיך פאַרשטאַרקט צום סוף פון 10טן יאָרהונדערט ווען דאָס פּוילישע פאָלק האָט אָנגענומען דאָס קריסטנטום און האָט זיך דורך דעם פאַרבונדן מיט דער קאַטוילישער קירכע פון מערב־אייראָפּע און מיט די פעלקער פון מערב־אייראָפּע, צווישן וועלכע די יידן האָבן געלעבט אין גרויסע צאָלן.



קאפיטל 2

# די אויפבלי׳עבונג פון יידנטום אין אַראַבישן שפּאַניע

(1215—950).

### § 6. דער כאַליפאַט פון קאָרדאָבאַ; רבי חסדאי.

די מלוכה וואָס די אַראַבער האָבן געגרינדעט אין שפּאַניע (711) איז זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעוואַקסן אין דעם 10טן יאָרהונדערט. זי האָט אַרומגענומען דעם גאַנצן צענטער און דעם דרום פון פּירענעאישן האַלב־אינדזל מיט די גרויסע שטעט: קאָרדאָבאַ, סעווילאַ, טאָלעדאָ און גראַנאַדאַ. קליינע קריסטלעכע מלוכות זיינען געבליבן בלויז אין צפון, אין קאַסטיליע און אַראַגאָניע. די יידן האָבן געלעבט צווישן די פריינד־לעכע אַראַבער, אונטערן שוץ פון די מלכים אָדער „כאַליפאַטן", וועמעס הויפּטשטאָט עס איז געווען קאָרדאָבאַ. די העכסטע שטופע פון בליאונג האָט דער קאָרדאָבער כאַליפאַט דערגרייכט אין דער צייט פון די כאַליפן אַבדו־ראַכמאַן דער דריטער און אַלכאַקים דער צווייטער (912—976). אַבדו־ראַכמאַן האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט צווישן די קריסטלעכע און מוכמעדאַנישע מלכים פון זיין צייט. ער איז באַרימט געוואָרן ווי אַ ליבהאָבער פון וויסנשאַפט, פּאָעזיע און קונסט. האַנדל און אַרבעט האָבן דעמאָלט געבליט אין די גרויסע שטעט אין אַראַבישן שפּאַניע. אין קאָר־דאָבאַ האָט זיך געפונען אַ באַפעלקערונג פון אַ האַלבן מיליאָן נפשות, מוכמעדאַנער יידן און קריסטן, מער ווי הונדערט טויזנט הייזער, אַ מאַסע געבעט־הייזער (מעטשעטן) און פּאַלאַצן. אין דער דאָזיקער פריד־

לעכער, געבילדעטער געזעלשאַפט האָט מען געשעצט נישט די גבורות פון מילחמה נאָר די גרויסקייט פון פאַרשטאַנד. גרויסע געלערנטע און פּאָעטן זיינען אין די הויכע קרייזן מער געערט געוואָרן ווי גרויסע קריגספירער. דער כאַליף אַלכאַקים אַליין איז געווען אַ פּאָעט און אַ ליבּ־האָבער פון וויסנשאַפט; ער האָט אויסגעגעבן אַ סך געלט זיך איינצו־שאַפן טייערע און זעלטענע קונסטווערק; אין זיין ביבליאָטעק האָבן זיך



דער אַריינגאַנג צו דער „כודעריאַ" אין קאָרדאָבאַ

געפונען אַרום פיר הונדערט טויזנט כתב־ידן. די אַקאַדעמיע פון קאָרדאָ־באַ איז דעמאָלט געווען די באַרימטסטע אין אייראָפּע. געלערנטע און שריפטשטעלער פלעגן אָפט באַשטימט ווערן צו הויכע שטעלעס אין דער רעגירונג.

איינער פון די אָנגעזעענסטע פּערזאָנען אין דער רעגירונג אין יענער צייט איז געווען דער ייד ר' חסדאי אבן־שפּרוט (915—970). חסדאי איז געווען דער זון פון אַ חשובן יידן אין קאָרדאָבאַ און האָט אין דער יוגנט געקראָגן אַ גוטע דערציאונג. ער האָט געלערנט שפּראַכן און מעדיצין און האָט פאָלקאָם באַהערשט העברעאיש, אַראַביש און לאַ־

טיין. דערצו האָט ער נאָך געהאַט אַ פּראַקטישן פאַרשטאַנד און האָט געקענט רעגירן. אבדו־ראַכמאַן האָט איינגעזען די זעלטענע פעאיקייטן פון חסדאי און האָט אים געמאַכט פאַר זיין אויסלענדישן מיניסטער. אַלע אַנגעלעגנהייטן צווישן דעם כאַליף און אַנדערע מלכים און רעגי־רונגען זיינען געגאַנגען דורך חסדאי. פאַרנעמענדיק אַ גרויסע שטעלע אין קעניגלעכן הויף האָט חסדאי איז דער זעלביקער צייט שטאַרק גע־אַרבעט פאַר דער טובה פון זיינע פאָלקס־ברידער. ער איז געוואָרן דער עלטסטער פון אַלע יידישע קהילות אין שפאַניע, עטוואָס ענלעך אויפן נשיא אָדער עקזילאַרך אין בבל. אונטער זיין שוץ האָבן די שפּאַנישע יידן געגאָסן רו און גליק.

ווען אין קאָרדאָבאַ פלעגן קומען שלוחים פון ביזאַנטיע אָדער אַנ־דערע לענדער אין אייראָפּע און אַזיע פלעגט זיי חסדאי אויספרעגן וועגן דער לאַגע פון די יידן אין זייערע לענדער. איין מאָל האָבן די יידן פון פּערסיע אים מודיע געווען, אַז ערגעץ אין די ווייטע לענדער איז פאַראַן אַ זעלבסטשטענדיקע יידישע מלוכה — די כוזרים, מיט אַ יידישן מלך מיטן נאָמען יוסף. חסדאי האָט פון אָנפאַנג נישט געגלויבט די פריי־לעכע בשורה און ער האָט געוואָלט דערגיין דעם אמת. לאַנג האָט ער געזוכט אַ וועג אין דעם אומבאַקאַנטן כאַזאַרן־לאַנד און האָט אַוועקגע־שיקט אַהין, איבער ביזאַנטיע און רוסלאַנד שליח מיט אַ בריוו צום כוזרישן קעניג און אים געבעטן ער זאָל אים שרייבן דעם גאַנצן אמת וועגן דער געהיימנישפולער יידישער מלוכה. „ווען איך וואָלט געוואוסט — האָט חסדאי געשריבן — אַז אונדזער פאָלק האָט אַן אייגענע מלוכה אויף דער וועלט, וואָלט איך פאַרלאָזט מיין הויכע שטעלע, וואָלט אי־בערגעלאָזט מיין הויזגעזינט און וואָלט געגאַנגען איבער בערג און טאָלן, איבער ים און יבשה, ביז איך וואָלט געקומען אין דעם אָרט וואו עס געפינט זיך מיין האַר, דער יידישער מלך. איך וואָלט געזען ווי עס לעבט רואיק דער רעשט פון יידישן פאָלק און וואָלט אויסגעגאָסן מיין נשמה אין לויב־געזאַנג צו גאָט וועלכער האָט נישט אָפּגעטאָן זיין גנאָד פון זיין אומגליקלעכן פאָלק. וואָרום שוין לאַנג וואַרט אונדזער פאָלק אויף זיין גאולה, וואָגלענדיק זיך פון לאַנד צו לאַנד. אונדזער כבוד איז גע־רויבט, מיר זיינען דערנידריקטע אין גלות און מיר קענען גאָרנישט ענטפערן די יעניקע וואָס וואַרפן אונדז פאָר, אַז יעדעס פאָלק האָט אַ מלוכה". אין אַ צייט אַרום האָט חסדאי געקראָגן אַן ענטפער פון דעם

כוזרישן קעניג אָדער קאַהאַן יוסף (אַרום 960). פון דעם קעניגס בריוו האָט ער זיך דערוואוסט אַז די כוזרים שטאַמען נישט פון יידן און אַז בלויז די קעניגן און אַ גרויסער טייל פון פאָלק היטן אָפּ דאָס יידנטום. יוסף דער קעניג האָט געענדיקט זיין בריוו מיט די וייטערדיקע ווערטער: „אונדזער בליק איז געווענדט צו גאָט, צו די חכמים פון ישראל אין די ישיבות פון ירושלים און בבל... גאָט זאָל פאַרשנעלערן די גאולה פון זיין פאָלק און זאָל צוזאַמענברענגען די צעזייטע פון ישראל נאָך אין אונדזערע טעג". אין צען יאָר נאָך דעם ווי עס איז דערהאַלטן געוואָרן די תשובה פון דעם קעניג יוסף איז געקומען די טרויעריקע ידיעה, אַז די כוזרישע מלוכה איז געפאַלן (§ 5). עס איז נישט באַשערט געווען חסדאין צו באַזעצן זיך אין דעם יידישן קעניגרייך, נאָר פאַרקערט די קינדער פון די כוזרישע מלכים האָבן געדאַרפט זוכן רעטונג אין שפּאַניע.

רב חסדאי איז אַליין געווען אַ געלערנטער און האָט שטאַרק געשטיצט יידישע געלערנטע. אין זיין צייט איז אין קאָרדאָבא געגרינדעט געוואָרן אַ גרויסע ישיבה. וועגן דעם ווערט דערציילט די ווייטערדיקע לעגענדע. איינע פון די פיר גרויסע חכמים וואָס די יידן אין בבל האָבן דעמאָלט געשיקט צו קלייבן געלט פאַר דער ישיבה אין סורא און וואָס זיינען געפאַנגען געוואָרן פון אַראַבישע מאַטראָזן (זע טייל 2 § 71), איז אויסגעלייזט געוואָרן פון געפאַנגענשאַפט דורך די יידן פון קאָרדאָבא (955). דער נאָמען פון דעם געלערנטן איז געווען משה בן־חנוך. לכתחילה האָט ער נישט אַרויסגעוויזן זיין געלערנטקייט, און בלויז צופעליק האָט מען זיך דערפון דערוואוסט, איין מאָל איז ער געקומען אין שול אין קאָרדאָבאַ אָנגעטאָן אין קליידער פון אַן אָרימען וואַנדערער. דער רב און דיין פון שטאָט, רבי נתן, האָט געהאַלטן אין זאָגן אַ שיעור פאַרן עולם און האָט דערקלערט אַ שווערע סוגיא. רבי משה בן־חנוך איז געזעסן אין אַ ווינקל ביי דער טיר און האָט געהערט ווי דער רב האָט אין איין אָרט זיך צעמישט אין זיין דערקלערונג. ער האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטן און האָט געמאַכט דעם רב אייניקע באַמערקונגען. דער עולם האָט מיט פאַרוואונדערונג צוגעהערט די טיפזיניקע דערקלערונג פון דעם אָרעמען וואַנדערער, און זיי האָבן אים געפרעגט נאָך אַנדערע שווערע קשיות, וועלכע ער האָט גלייך אויפן אָרט פאַרענטפערט מיט גרויס פאַרשטאַנד. דאַן איז רבי נתן אַרויס פון שול און האָט געזאָגט: „איך קען נישט מער זיין אייער רב: דער נאָמען פּאַסט בעסער יענעם אָרעמען וואַנדערער. ער

איז מיין רבי און איך בין פון איצט אָן זיין תלמיד. קלייבט אים אויס פאַר רב און דיין אין קאָרדאָבאַ". און אַזוי איז געשען. ווען רבי משה איז געוואָרן רב פון קאָרדאָבאַ האָט ער גענומען אַרבעטן צו פאַרשפרייטן דעם תלמוד צווישן די שפּאַנישע יידן. ער האָט עס געעפנט אין קאָרדאָבאַ די ישיבה פאַר וועלכער מען האָט אַראָפּגעבראַכט פון בבל טייערע קאָפּיעס פון תלמוד. די דאָזיקע ישיבה איז באַלד אַזוי באַרימט געוואָרן אַז עס האָבן זיך גענומען ציען אַהין אַ סך יונגע לערנער פון שפּאַניע און פון דער שכנישער אַפריקע. אַלע האָבן אָנערקענט די גרויסקייט פון רבי משה און די הלכות וואָס ער האָט געפּסקנט האָבן די יידן אָפּגעהיט אַזוי ווי אַמאָל די הלכות פון די בבלשע גאונים. משה האָט געטראָגן דעם טיטל נישט גאון נאָר „רבי" (לערער) און דער טיטל איז אָנגענומען געוואָרן ביי די יידן אין אייראָפּע.

רבי חסדאי האָט אויך געשטיצט די העברעאישע שפּראַכקענער. דעמאָלט האָבן געלעבט אין קאָרדאָבאַ די מדקדקים מנחם בן־סרוק און דונש בן־ לברט. ביידע האָבן געפאָרשט די געזעצן פון דער העברעאישער גראַמאַטיק, נאָר זיי האָבן זיך צעשיידט אין זייערע מיינונגען. מנחם האָט פאַרפאַסט דעם ערשטן העברעאישן ווערטערבוך מיטן נאָמען „המחברת", און דונש האָט געשריבן אַ קריטיק אויף דעם ספר, וואו ער האָט אָפּגעלאַכט פון די מיינונגען פון זיין קעגנער און זיינע דערקלערונגען פון די ווערטער פון תנ"ך. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע מחלוקה צווישן די אָנהענגער פון די צוויי געלערנטע; חסדאי איז אַריבער אויף דער זייט פון דונשן און האָט צוגענומען ביים אָרעמען מנחמען זיין שטיצע. פון מנחמס תלמידים האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכנט דער מדקדק יהודה איבן־חיוג, וועלכער האָט דער ערשטער אַוועקגעשטעלט דעם כלל אַז די שרשים פון די העברעאישע ווערטער באַשטייען געוויינלעך פון דריי אותיות.

## § 7. רבי שמואל הנגיד און זיין צייט (גראַנאַדאַ).

נאָכן טויט פון די כאַליפן אבדו־ראַכמאַן און אַלכאַקים האָט דער כאַליפאַט פון קאָרדאָבאַ אָנגעהויבן צו פאַלן אין גרויסקייט. די שכנישע קריסטן פון איין זייט און די אַפריקאַנישע אַראַבער (די מאָרן) פון דער אַנדערער זייט, פלעגן מאַכן אָנפאַלן אויף די לענדערייען פון קאָרדאָבאַ און פאַרוויסטן דאָס לאַנד. אין יאָרן 1013 איז קאָרדאָבאַ פאַרוויסט גע־

וואָרן דורך מחנות פון די אַפריקאַנישע אַראַבער און אין גיכן נאָך דעם איז דער כאַליפאַט פון קאָרדאָבאַ צעפאַלן געוואָרן. דאָס אַראַבישע שפּאַניע האָט זיך צעטיילט אויף עטלעכע קליינע קעניגרייכן, וועלכע האָבן זיך גערופן לויט די נעמען פון זייערע הויפּטשטעט: גראַנאַדאַ, סעווילאַ, סאַראַגאָסאַ. אַ סך יידן וואָס זיינען אַנטלאָפן פון קאָרדאָבאַ אין דער אומרואיקער צייט האָבן זיך באַזעצט אין גראַנאַדאַ. דאָ האָט זיך באַוויזן אַ יידישער האַר, וועלכער איז געוואָרן פאַר זיינע ברידער דאָס וואָס רבי חסדאי אבן־שפרוט איז געווען אין קאָרדאָבאַ. דאָס איז געווען רבי שמואל הלווי, וועלכער האָט געקראָגן דעם טיטל „הנגיד".

רבי שמואל איז געבוירן געוואָרן אין קאָרדאָבאַ און האָט געקראָגן אַ הויכע בילדונג, אַ רעליגיעזע און וועלטלעכע. ער האָט גרינטלעך געקענט העברעאיש און אַראַביש, האָט געשריבן אין ביידע שפּראַכן מיט אַ גלענצדיקן סטיל און האָט געהאַט אַ שיינע האַנטשריפט, וואָס אין יענע צייטן האָט מען דאָס זייער הויך געשעצט. נאָך דער צעשטערונג פון קאָרדאָבאַ האָט זיך רבי שמואל באַזעצט אין דער שטאָט מאַלאַגאַ, וועלכע האָט געהערט צום גראַנאַדישן קעניג; אַ קליין קרעמל פון געווירצן האָט אים געבראַכט זיין חיונה. דאָס קרעמל איז געשטאַנען אין שכנות מיט דעם הויז וואו עס האָט געוואוינט די פאַמיליע פון דעם גראַנאַדישן וויזיר (דער ערשטער מיניסטער) אל־עריף. איינע פון דעם וויזירס דינסטן האָט געבעטן רבי שמואלן ער זאָל שרייבן פאַר איר בריוו צו איר בעל־הבית קיין גראַנאַדאַ. די דאָזיקע בריוו, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַ גרויסאַרטיקן אַראַבישן סטיל און מיט אַ שיינער האַנטשריפט, האָט דעם וויזיר פאַראינטערעסירט. קומענדיק איין מאָל קיין מאַלאַגאַ האָט ער זיך באַקענט מיט רבי שמואלן אַליין און ער איז געווען איבערראַשט צו געפינען אַז דער איינפאַכער קרעמער איז געווען הויך־געבילדעט און האָט פאַרמאָגט אַ טיפן פאַרשטאַנד. „דיין פּלאַץ — האָט ער געזאָגט צו שמואלן — איז נישט אין קרעמל, נאָר לעבן מיין זייט; פון היינט אָן וועסטו זיין מיין בעל־עצה". דער וויזיר האָט מיטגענומען רבי שמואלן קיין גראַנאַדאַ און האָט אים געמאַכט פאַר זיין סעקרעטאַר. אין עטלעכע יאָר אַרום איז אל־עריף קראַנק געוואָרן. פאַרן טויט האָט ער אָנגעוויזן דעם גראַנאַדישן קעניג חאבוש אויף רבי שמואלן און אים געזאָגט אַז ער קען זיין זייער נוצלעך אין דער רעגירונג. האבוש, וועלכער האָט הויך געשעצט געלערנטע לייט, האָט רבי שמואלן מקרב געווען און האָט אים אָנפאַרטרויט די וויכ־

טיקסטע עסקים פון דער רעגירונג (1027). גאנצע 28 יאר האט רבי שמואל פארנומען די הויכע שטעלע פון וויזיר אין גראנאדישן קעניגרייך. מיט זיין קלוגער פירערשאפט האט ער אויפגעהויבן דעם וואוילשטאנד פון לאנד, האט איינגעפירט אָרדענונג אין דער מלוכה און האט זי נישט זעלטן פארהיט פון געפערלעכע מילחמות. דער יידישער האר האט געהאט נישט ווייניק שונאים צווישן די אנגעזעענע אראבער וועלכע האבן נישט געקענט צוזען, וואס א ייד פארנעמט אזא וויכטיקן אמט. אבער מיט זיין באשיידנקייט און גוטהארציקייט האט ער באוואיקט אפילו זיינע פריינד.

דערפילנדיק ערלעך זיינע פליכטן צו דער רעגירונג האט רבי שמואל אין דער זעלביקער צייט געטריי געדינט זיין אייגן פאלק. דער קעניג חאבוש האט אים געמאכט פאר „נגיד" איבער אלע יידן פון גראנאדישן קעניגרייך. אין דעם אמט האט רבי שמואל פיל אויפגעטאן צו דערהייבן דעם בירגערלעכן שטאנד פון זיינע פאלקסברידער. מיט זיין שוץ האבן זיך באנוצט נישט נאר די יידן פון שפאניע נאר אויך די יידישע קהילות אין צפון־אפריקע, בבל און ארץ־ישראל. ווי א גרויסער בן־תורה איז רבי שמואל געווען אויך דער גייסטיקער פירער פון די גראנאדישע יידן. אין מיטן פון זיינע גרויסן פליכטן אין דער רעגירונג האט ער דאך געפונען צייט אויך צו לייענען שיעורים אין תלמוד פאר תלמידים און האט דערקלערט פראגן פון דער יידישער רעליגיע. ער פלעגט אויסהאלטן אויף זיין חשבון אָרעמע געלערנטע און האט געהאלטן ביי זיך שרייבער, וועלכע פלעגן מאכן קאפיעס פון דעם תלמוד, וואס פלעגן פארטיילט ווערן אומזיסט צו לערנער. רבי שמואל האט פארפאסט א ספר מיטן נאמען „מבוא התלמוד" (אן אריינפיר צום תלמוד), וואו עס ווערט דערקלערט ווי אזוי די חכמים האבן געטייטשט דעם תנ"ך. דער דאזיקער „מבוא" ווערט נאך עד היום געדרוקט צוזאמען מיטן תלמוד בבלי. אויסער דעם האט רבי שמואל אנגעשריבן א ספר רעליגיעזע געזאנגען נאכן מוסטער פון תהילים („בן־תהילים"), א ספר מיט משלים נאכן מוסטער פון משלי שלומה („בן־משלי") און א זאמלונג פון פילאזאפישע געדאנקען לויטן מוסטער פון „קוהלת" („בן־קוהלת").

רבי שמואל הנגיד איז געשטארבן אין יאר 1055. זיין זון יוסף האט פארנומען זיין פלאץ ווי וויזיר פון גראנאדא און יידישער נגיד. יוסף האט געדינט ביים קעניג באדיס, דעם זון פון חאבוש און האט פיל גוטס געבראכט דעם לאנד. נאר קעגן אים זיינען אויפגעשטאנען

די אַראַבישע אַדעליקע, וועלכע האָבן ניט פאַרגינען דעם יידן זיין גדולה. איין מאָל, אין דער צייט פון אַ מילחמה, האָבן יוספס שונאים אַרויס־געלאָזט פאַלשע קלאַנגען, אַז ער האָט כלומרשט גערופן דעם שונא אין לאַנד און האָט געוואָלט פאַראַטן צו אים דאָס גראַנאַדישע קעניגרייך. דער פּראָסטער המון איז אויפגעהעצט געוואָרן דורך די דאָזיקע ליגנס און איין מאָל זיינען זיי באַפאַלן דעם הויף פון דעם וויזיר: יוסף האָט זיך באַהאַלטן אין אַ הינטער־שטן צימער אין הויף און האָט זיך אויסגעשמירט דאָס פּנים מיט קוילן, כדי די רויבער זאָלן אים ניט דערקענען; מען האָט אים אָבער געפונען און געהרגעט און זיין קער־פּער האָט מען אויפגע־האנגען ביי די טויערן פון גראַנאַדאַ (1066). דערנאָך איז דער ווילדער המון באַפאַלן דעם ווי־זירס פאָלקס־ברידער און האָט געהרגעט, צעשלאָגן און צערויבט עטלעכע הונדערט יידישע פאַמי־ליעס; די איבעריקע יידן זיינען אַנטלאָפן. צווישן די געראַטעוועטע איז גע־



אַ מצבה מיט העברעאישער אויפשריפט אין שפּאַניע

ווען די פרוי און דער זון פונעם דערמאָרדעטן וויזיר. יוספס טייערע בי־כער־זאַמלונג איז צום טייל פאַרניכטעט געוואָרן און צום טייל צערויבט גע־וואָרן. דער דאָזיקער געפערלעכער פּאָגראָם האָט זיך שלעכט אָפּגערופן אויפן שיקזאַל פון די יידן פון דעם גאַנצן גראַנאַדישן קעניגרייך; זיי זיינען געצוואונגען געווען צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד וואו זיי האָבן אין

פארלויף פון אַ האַלבן יאָרהונדערט געגאַסן רו און גליק, און זיך אַרי־בערציען אין אַנדערע אַראַבישע קעניגרייכן אין שפּאַניע.

אין יענער צייט זיינען געוואָרן אַלץ אָפטער די מילחמות צווישן די אַראַבער פון דרום־שפּאַניע און די קריסטן פון צפון. אַ שווערע מילחמה האָט זיך צעפּלאַקערט צווישן די קריסטן פון קאַסטיליע און די אַראַבער פון סעווילִיאַ. די סעווילישע אַראַבער האָבן זיך גערופן צו הילף די פון אַפריקע די קריגערישע מאָרן פון דעם שבט אַלמאָראַווידן. ביי סאַלאַק איז פאָרגעקומען אַ בלוטיקע שלאַכט צווישן די קריסטן און די מאָרן און דאָס קריסטלעכע חיל איז געשלאָגן געוואָרן (1086). די יידן האָבן העלדיש געקעמפט אי אין די רייען פון די מאַכמעדאַנער אי אין די רייען פון די קריסטן (אין קאַסטיליע האָבן געלעבט אַ סך יידן). צוליב דעם טעם האָט מען דעם טאָג פון דער שלאַכט ביי סאַלאַק ניט געקענט באַשטימען ניט אויף פרייטיק, ניט אויף שבת, און ניט אויף זונטיק, וואָרום דער ערשטער איז דער רוטאָג פון די מוסולמענער, דער צווייטער — פון די יידן, און דער דריטער — פון די קריסטן. די זיגרייכע אַלמאָ־ראַווידן האָבן אויף אַ האַלבן יאָרהונדערט באַפעסטיקט זייער הערשאַפט אין דרום־שפּאַניע.

## § 8. שלמה אבן־גבירול; די אויפבליאונג פון דער ליטעראַטור

אין 11־טן און 12־טן יאָרהונדערט האָט זיך אין שפּאַניע באַוויזן אַזאַ גרויסע צאָל יידישע געלערטע און פּאָעטן אַז די צייט ווערט אָנגערופן די „גאָלדענע עפּאָכע״ פון דער העברעאישער ליטעראַטור. אין דער צייט פון רבי שמואל נגיד האָט געלעבט אַ באַרימטער העברעאישער פּאָעט ר׳ שלמה אבן־גבירול (1020—1058). שלמה איז געבוירן געוואָרן אין מאַ־לאַגאַ, אָבער ווען ער איז נאָך געווען גאָר יונג איז ער געבליבן אַ יתום און ער האָט זיך געמוזט אַוועקלאָזן וואַנדערן און לעבן אין גרויס נויט. נאָך לאַנגן וואָגלען זיך איבער פאַרשיידענע שטעט האָט ער זיך באַזעצט אין גראַנאַדאַ וואו רבי שמואל הנגיד האָט אים גענומען אונטער זיין שוץ. אבן גבירול האָט געשריבן אין העברעאיש גלענצנדיקע שירים, פול מיט טיפן געפיל, וועלכע האָבן אַרויסגערופן גרויס באַגייסטערונג ביי זיינע צייט־מענטשן און אויך ביי שפּעטערע דורות. איבערהויפּט דרינגען אין דער נשמה זיינע רעליגיעזע שירים, וועלכע ווערן עד־היום געזאָגט

ווי תפילות אין די שולן. אין זיי ווערט באַזונגען די גרויסע ליידן פון דעם צעזייטן יידישן פאָלק און די טיפע בענקשאַפט פון דער גלויבנדיקער נשמה, וועלכע לעכצט צו גאָט. ווי אַ ביישפּיל פון זיינע נאַציאָנאַלע שי־רים קענען דינען די ווייטערדיקע פערזן:

„די אָרעמע געפאַנגענע איז אין פרעמדן לאַנד אַ שקלאַפין גע־וואָרן, אַן עגיפּטישע שקלאַפין. פון יענעם טאָג וואָס דו, גאָט האָסט זי פאַרלאָזן, וואַרט זי אויף דיר. צו אַלץ נעמט אַ סוף, נאָר ניט צו מיין בראָך, די יאָרן פאַרשווינדן — און ניטאָ קיין היילונג צו מיין וואונד. פאַרצוקטע, דערשטיקטע, אונטעריאָכטע, באַרויבטע, אַרומגעפליקטע און צעטראָטענע — ביז וואַנען, גאָט, וועלן מיר שרייען אויפן רויב אויף דער לאַנגיעריקער פאַרקנעכטונג? ישמעאל (די אַראַבער) איז ווי אַ לייב און עשו (די קריסטן) ווי אַ פויגל: דער לאָזט אונדז אָפּ, נעמט זיך יענער צו אונדז!".

זיין רעליגיעזער געפיל האָט געפונען דעם העכסטן אויסדרוק אין אַ לאַנגן שיר מיטן נאָמען „כתר מלכות" (די קעניגלעכע קרוין). דער גראַנדיעזער הימן, וועלכער איז אַריינגענומען געוואָרן אין די יום־כפור־דיקע תפילות, אַנטהאַלט טיפע פילאָזאָפישע געדאַנקען וועגן די העכערע באַגריפן פון רעליגיע וועגן די אייגנשאַפטן פון גאָט און זיינע וואונדער־לעכע באַשאַפונגען, וועגן זיין קלוגער פירונג פון דער וועלט און וועגן די פאַרבאָרגנסטע קרעפטן פון דער מענטשלעכער נשמה. ווען די דאָזיקע פראַגן פון פילאָזאָפיע און אמונה האָט ר׳בי גבירול אָנגעשריבן אַ באַזונדער בוך אין פּראָזע: „מקור חיים" (דער קוואַל פון לעבן). אין זיינע פילאָזאָפישע שריפטן דערנענטערט זיך גבירול צו די אָנשויאונגען פון דעם גריכישן פילאָזאָף פלאַטאָ און דעם יידישן — פילון האלכסנדרוני. דער „מקור חיים", וועלכער איז פון אַראַביש איבערזעצט געוואָרן אין לאַטיין, איז געווען שטאַרק פאַרשפּרייט אין מיטלעלטער צווישן די קריסטלעכע רע־ליגיעזע דענקער, צווישן וועלכע ער איז געווען באַקאַנט מיטן נאָמען „אַבי־צברון". אבן גבירול איז געשטאָרבן אַלט זייענדיק בלויז 38 יאָר. וועגן זיין טויט האָט זיך אין פאָלק פאַרשפּרייט די ווייטערדיקע לעגענדאַרישע גע־שיכטע: אַן אַראַבישער דיכטער, וועלכער האָט שטאַרק מקנא געווען רבי גבירולן זיין קלוגשאַפט און פּאָעטישן טאַלאַנט האָט אים בשתיקה גע־הרגעט און באַגראָבן אין זיין סאָד אונטער אַ פייגנבוים. פון דעמאָלט אָן האָט דער בוים אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן וואונדערלעך שיינע און געשמאַקע

פּרוכט. די ידיעה וועגן די וואונדערלעכע פייגן איז דערגאַנגען צום קע־ניג. האָט דער קעניג געלאָזט רופן צו זיך דעם אַראַבער און האָט אים גע־פרעגט אויף וואָס פאַר אַן אופן האָט ער באַוויזן אַרויסצוקריגן אַזעלכע גרויסאַרטיקע פרוכט. דער אַראַבער האָט זיך דערשראָקן און האָט זיך צעמישט אין זיין ענטפער. דאַן האָט דער קעניג געהייסן אים פייניקן ביז ער וועט אויסזאָגן דעם אמת. דער אַראַבער האָט זיך מודה געווען אין זיין פאַרברעכן און דער קעניג האָט באַפוילן אים אויפצוהענגען טאַקע אויפן זעלביקן בוים.

די דיכטונג פון רבי שלמה אבן גבירול האָבן נאָכגעמאַכט אַ סך דיכטער פון די שפּעטערע דורות. איינער פון די בעס־טע נאָכפאָלגער פון רבי גבירול איז געווען דער משורר משה אבן־עזרא (1070—1138), פון אַ באַרימטער פאַמיליע אבן־עזרא פון גראַ־נאַדאַ. דאָס פּאָעטישע געפיל האָט אין אים אויפגעוואַכט אונטער דער ווירקונג פון אַן אומגליקלעכער ליבע. אין דער יוגנט האָט ער שטאַרק ליב געקראָגן זיין ברודערס טאָכטער און האָט געוואָלט חתונה האָבן מיט איר, אָבער איר פאָטער איז געווען קעגן דעם שידוך. דאַן האָט ער אַ פאַרצווייפלטער פאַרלאָזן זיין געבורטס־שטאָט און איז אַוועק קיין קאַסטיליע. אָפּ־געזאָגט זיך פון אייגענעם גליק האָט ער געזוכט זיך צו פאַרגעסן אין פּאָעזיע און פילאָזאָפיע. ער האָט פאַרפאַסט שירים וועגן די ליידן און אַנ־טוישונגען פון לעבן, וועגן דער פאַלשקייט פון פריינד, וועגן מענטשלע־כער שלעכטקייט און פאַרדאַרבנקייט; אָפט מאָל אָבער פלעגט דער פּאָעט אַזוי ווי צו זיך קומען און דאַן פלעגט ער בעמען זינגען וועגן דעם שטילן לעבן אויפן שויס פון דער נאַטור, וועגן שיינקייט, וועגן די פאַרגעניגנס פון דער יוגנט. דאָס איז דער אינהאַלט פון זיין זאַמלונג שירים „תרשיש”. שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן שרייבן דער עיקר רעליגיעזע שירים, אַזוי ווי גבירול. ער האָט אָנגעשריבן אַרום צוויי הונדערט „סליחות”, פון וועלכע אַ סך ווערן געזאָגט אין די שולן. אויסער די שירים וועלכע ער האָט גע־שריבן אין העברעאיש האָט אבן־עזרא אויך פאַרפאַסט אין אַראַביש בי־כער וועגן רעטאָריק, פילאָזאָפיע און מאָראַל; אָבער אין די דאָזיקע בי־כער האָט ער בלויז נאָכגעמאַכט אַראַבישע מוסטערן.

פון די דענקער פון יענער צייט איז באַזונדערס באַרימט געוואָרן רבנו בחיי אבן־פּקודה, וועלכער איז געווען דיין אין סאַראַגאָסאַ. ער האָט אָנ־געשריבן אַ מערקווירדיקן ספר וועגן מאָראַל מיטן נאָמען „חובות הלבבות”

(די פליכטן פון האַרצן). דער מחבר צעטיילט אַלע געזעצן פון יידנטום אין צוויי קאַטעגאָריעס: די פליכטן פון גוף און די פליכטן פון האַרצן; דערביי שטעלט ער די לעצטע העכער פון די ערשטע. דאָס ווערק פון רבנו בחיי האָט באַצוועקט צו אַנטוויקלען אין דעם יידן אַ טיפן מאָראַלישן באַוואוסטזיין. דער ספר איז געשריבן געוואָרן אין אַראַביש און איז נאָכהער איבערגעזעצט געוואָרן אין העברעאיש, און איז תמיד שטאַרק באַליבט געווען ביי דענקנדע מענטשן; אין די לעצטע יאָרהונדערטער האָט אים דאָס פּראָסטע פאָלק אויך געלייענט מיט גרויס באַגייסטערונג, אין אַן איבערזעצונג אין דער יידישער שפּראַך.



רבנו יצחק אלפסי

צווישן די גדולי התורה פון דער „גאָלדענער עפּאָכע" האָט דעם ערשטן אָרט פאַרנומען רבנו יצחק אלפסי (ביזן יאָר 1103). געבוירן איז ער אין פעץ (אין אַראַבישן פאַס, פון וואַנען עס שטאַמט דער נאָמען „אלפסי"), אין צפון־אַפריקע און האָט זיך באַזעצט אין שפּאַניע אין דער צייט ווען די אַלמאָראַווידן האָבן זי באַזיגט. נאָר אין זיין געבוירנלאַנד איז ער באַרימט געוואָרן ווי אַ גרויסער תלמודיסט. דעריבער האָבן זיך אין שפּאַניע פון איבעראַל געגומען קלייבן אַרום אים תלמידים וועלכע האָבן זיך געוואָלט פאַרפאָלקאָמען אין תורה און תלמוד. די שטאָט לוצענא, וואו רבי אלפסי איז געווען רב, איז געוואָרן אַ צענטער פון תורה, אַזוי ווי פריער איז געווען קאָרדאָבאַ. כדי גרינגער צו מאַכן דעם לימוד פון תלמוד האָט אלפסי אָנגעשריבן זיין באַרימט ווערק „הלכות", וואָס איז אַ מין קיצור פון תלמוד. אין דעם תלמוד בבלי, וועלכער באַשטייט פון אַ סך ספרים, זיינען אויסגעמישט צוזאַמען הלכה און אגדה, ד"ה די געזעצן און לעגענדעס אָדער מאָראַל־לערעס. רבנו אלפסי האָט פון דעם

דאָזיקן ריזן־ווערק אויסגעקליבן די געזעצן און דינים, האָט אויסגעלאָזט די איבעריקע וויכוחים און חקירות און האָט אויף אַזאַ אופן צוזאַמענגע־שטעלט אַ מין קליינעם תלמוד. רבנו אלפסיס ספר האָט שטאַרק פֿאַרגרינ־גערט דעם לימוד פֿון תלמוד און האָט געהאָלפֿן צו פֿאַרשפּרייטן די יידי־שע געזעצלערע.

## § 9. יהודה הלוי.

די יידישע פּאָעזיע אין שפּאַניע האָט דערגרייכט איר העכסטע מדרגה אין די לידער פֿון רבי יהודה הלוי (1086—1142). געבוירן געוואָרן איז ער אין דעם קריסטלעכן קאַסטיליען, נאָר אין דער יוגנט האָט ער זיך אי־בערגעצויגן אין דרום, אין אַראַבישן שפּאַניע, וואו ער האָט געקראָגן אַ העכערע בילדונג אין די ישיבות פֿון די בעסטע תלמודיסטן און פֿילאָזאָפֿן. ער האָט אויך שטודירט מעדיצין, און שפּעטער ווען ער האָט זיך אומגע־קערט אין קאַסטיליע האָט ער געצויגן זיין חיונה פֿון היילן קראַנקע. נאָר דעם גרעסטן טייל פֿון זיין לעבן האָט ער געווידמעט דער פּאָעזיע, דער פֿילאָזאָפֿיע און רעליגיעזן דענקען. ווי אַ פּאָעט שטייט רבי יהודה הלוי אומגעהייער העכער פֿון אַלע זיינע פֿאָרגייער, אפילו פֿון רבי גבירולן. נאָך אין די יונגע יאָרן האָט ער אין פֿליסנדיקע, קלינגענדע פֿערזן באַזונגען די נאַטור, די ליבע, די שיינקייט פֿון לעבן; ער פֿלעגט אָפּט אויך פֿאַר־ברויכן זיין פּאָעטישן טאַלאַנט אויף קלייניקייטן: ער פֿלעגט פֿאַרפֿאַסן לויב־געזאַנגען צו זיינע פֿריינד און באַשיצער, רעטענישן שטיפֿערייען, אאַ״וו. אָבער מיט דער צייט ווערט זיין מוזע אַלץ ערנסטער און אומע־טיקער. דער דיכטער ווערט דורכגעדרונגען מיט דעם טראַגישן לעבן פֿון יידישן פֿאָלק. די גרויסקייט פֿון דעם פֿאָלק און זיין געפֿאַלנקייט, זיינע האָפֿענונגען און אַנטוישונגען, זיין אייביקער צער און טרויער — דאָס אַלץ האָט געקראָגן אַן אָפּקלאַנג אין די פֿערזן פֿון רבי יהודה הלוי. דער וויינגעשריי פֿון דעם שווער־ליידנדיקן פֿאָלק הערט זיך אין יענע שירים, אין וועלכע דער משורר פֿרעגט ביי גאָט ווען עס וועט שוין נעמען אַ סוף צום יידישן גלות:

„אויף אָדלערישע פֿליגל געטראָגן האָסטו אַ טויב (די יידישע אומה) און טיף אין דיין שויס האָסטו זי גענעסטעט; פֿאַרוואָס האָסטו זי פֿאַרלאָזן צו וואָגלען זיך איבער די וועלדער, וואו אויף אַלע זייטן

זיינען נעצן פאַרשפּרייט? פרעמדע רייצן זי מיט אַנדערע געטער, און זי אין דער שטיל וויינט נאָך איר יוגנט־געליבטן... וואָרום שטייסטו פון וויטנס גאָט אין הימל?".

די שטאַרקסטע פון רבי יהודה הלוים נאַציאָנאַלע לידער זיינען יענע אין וועלכע ער גיסט אויס זיין טיפע בענקשאַפט צום אַלטן יידישן פאָטער־לאַנד, צום הייליקן לאַנד און צו דער חרובער ציון:

„אָ, וואונדערלעכער כרך, פרייד פון דער וועלט, שטאָט פון גרויסן קעניג! פון ווייטסטן מערב גלוסט צו דיר מיין האַרץ! אַ ברענענ־דיקער שמאַרץ פילט אָן מיין נשמה ווען איך דערמאָן זיך אָן דיין גרויסקייט פון אַמאָל, און אָן דיין וואוינונג, וואָס שטייט איצט פאַר־וויסט. אָי, ווער וואָלט מיך ברענגען אויף אָדלער־פליגל, איך וואָלט דיין ערד מיט מיינע טרערן אָנגעזעטיקט, און וואָלט געהאַלדזט און גע־קושט די שטיינער דיינע, און דער טעם פון דיין שטויב וואָלט מיר זיסער ווי האָניק געווען. מיין האַרץ איז אין מיזרח און איך בין אין מערב, ווי קען מיין עסן זיס און געשמאַק זיין? ווי אַזוי וועל איך דערפילן מיין נדר כל־זמן ציון געפינט זיך אין קייטן פון אדום (קרייצ־טרעגער) און איך אין די קייטן פון אַראַביע? ניט געצויגן מיין אויג וואָלט גאָר דאָס רייכטום פון שפּאַניע, צו קענען נאָר זען דעם שטויב פון פאַרוויסטעטן טעמפּל".

די דאָזיקע בענקשאַפט נאָך ציון איז ניט געווען בלויז אַ פּאָעטישער פאַרלאַנג: זי האָט אַרומגעכאַפּט רבי יהודהס גאַנצן וועזן, און זיין גרעס־טער טרוים איז געוואָרן — צו זען דאָס טייערע לאַנד פון די אבות. זיין חלום איז פאַרווירקלעכט געוואָרן צום סוף פון זיין לעבן: ווען זיין ווייב איז געשטאָרבן האָט ער פאַרלאָזט זיין רואיקע היים אין שפּאַניע, האָט זיך געזעגנט מיט זיינע קרובים, תלמידים און פריינד, און האָט זיך אַוועקגע־לאָזט אויף אַ לאַנגער ים־רייזע צום הייליקן לאַנד. נאָך אַ לאַנגער נסיעה מיטן שיף איבערן מיטללענדישן ים איז רבי יהודה הלוי אָנגעקומען קיין מיצרים, וואו ער האָט זיך באַפריינדעט מיט די דאָרטיקע באַוואוסטע און געלערנטע יידן. פון מצרים האָט ער זיך געלאָזט ווייטער קיין ארץ־ישראל וואו עס האָבן דעמאָלט געבאַלעבאַטעוועט די קרייצטרעגער, וועלכע האָבן אָפּגענומען דאָס לאַנד ביי די מוכמעדאַנער (1140). וואָס עס איז געשען מיטן משורר אין דעם הייליקן לאַנד — וועגן דעם שווייגט די געשיכטע; עס איז אפילו ניט באַוואוסט אויב ער האָט דערגרייכט ירושלים, דער ציל

פון פייערדיקער בענקשאפט. ווארשיינלעך איז ער געשטארבן באלד נאך זיין אנקומען אין ארץ־ישראל. א טונקעלע פאלקס־לעגענדע דערציילט, אז רבי יהודה הלוי איז אנגעקומען צו די טויערן פון ירושלים און דער־זעענדיק די חורבות פון דער הייליקער שטאט, האט ער זיך א ווארף גע־טאן אויף דער ערד און האט זיך פאנאנדערגעוויינט; און אין די טרערן האט ער אויפגעזונגען זיין בארימטע עלעגיע „ציון הלא תשאלי". פלוצ־לינג איז אנגעפארן אן אראבישער רייטער, און דערזעענדיק ווי א ייד ליגט אויסגעשפרייט אויף דער ערד און איז מיתפלל, איז ער ארויפגע־פארן אויף אים און האט אים צעטראטן אונטער די פיס פון זיין פערד. דאס קלאגליד וועגן וועלכן עס רעדט זיך אין דער לעגענדע, איז איינס פון די בעסטע ציון־לידער, וואס יהודה הלוי האט אנגעשריבן און וואס ווערן עד היום געזאגט אין די שולן אום תשעה באב. דאס ליד לייענט זיך אין ביאליקס יידישער איבערזעצונג אזוי:

בענקסט אויך נאך דיינע קינדער, מוטער ציון,
ווי זיי, צעזייטע און צעשפרייטע, בענקען?
ווילסט אויך, ווי זיי דיר א ליבן גרוס באקומען?
דא האסטו אים: א גרוס פון נאענטע און פון ווייטע!
אין הארצן דורות־לאנג געווארעמט, טראגט אים
פון אלע עקן וועלט, דורך ימים און מדבריות,
צו דיר אין שויס אן עלנט קינד דיינס, איינער
פון די, וואס זאפן אן ווי טוי דיין חרמון,
די פרעמדע בערג מיט ברענענדיקע טרערן
און שטארבן אין דער פרעמד פארליבטע און פארבענקטע.
מיך ציט צו דיר!... ביינאכט אויף דיינע חורבות
בין איך דיין נאכטאווילע, דיין יאמער־ליד,
און חלומט זיך מיט נאר דיין מארגנשטערן — ווער איך
דיין נאכטיגאל, דיין קלינגענדיקע הארפע...
מיך ציט צו דיר! מיין הארץ גייט אויס נאך יענע ערטער.
וואו די אבות האבן זיך באגעגנט מיט מלאכים,
און וואו די שכינה האט גערוט, וואו דיין באשעפער
האט דיינע טויערן די הייליקע געעפנט
אנטקעגן זיינע הימלישע שערים...

וואו ניט די זון און ניט לבנה שטערן —
גאָטס ערע זעלבסט האָט דיך באַשיינט מיט גלאַנץ...
איך גאַר, אַז אויסגיסן זאָל זיך מיין זעלע דאָרטן,
וואו ס'פלעגט אַמאָל גאָטס גייסט און גאָטס גענאָד זיך גיסן
אויף דיינע אויסדערוויילטע, מוטער ציון!
וואו נעמט מען פליגלען?!... שטיקערווייז וואָלט איך מיין האַרץ
ווייט, ווייט אין דיינע וויסטע בערג פאַרטראָגן.
כ'וואָלט צוגעפאַלן צו דיין ערד, כ'וואָלט אויסגעקושט
איר יעדן פוס־טראָט, יעדעס שטיינדעלע באַזונדער
און אומגעוואַנדערט וואָלט איך טאָג און נאַכט
אַ נאַקעטער אַ באָרוועסער אויף דיינע חורבות,
כ'וואָלט מיט מיין שטעקן אויסגעמאָסטן אַלע קברים,
מיט דיין נשמה־לופט זיך אָנגעאָטעמט,
זיך איינגעוויקלט אין דיין זיסן שטויב
און ביז צום בלינד ווערן באַוויינט דיין חורבן, ציון...
צי קאָן דער שיין פאַר מיינע אויגן זיס זיין —
אַז שוואַרצע ראָבן פיקן דיינע אָדלערס!
צי קאָן מען לעבן אויף דער וועלט און צוזען —
ווי גאַס־הינט שלעפּן דיינע טויטע לייבן...
גענוג, לאָז אָפּ איין ווײלע, כוס פון טרויער!
מיין האַרץ איז איבערפול מיט דיר פאַרביטערט,
כ'האָב איינגעזאַפּט אין זיך דיין שוים פון דיינע הייוון...
גענוג! איך וויל איין חלום זען און שטאַרבן...
כ'וויל זען, אָ גרויסער גאָט, נאָר איין שטראַל ליכט,
נאָר איין שטראַל פון יענעם מאָרגנשטערן
וואָס דאַרף, וואָס מוז, אַמאָל נאָך העלער און ליכטיק
זיך אָנצינדן אויף ציונס בלויען הימל,
באַנייען און באַפרישן זי מיט יוגנט...
גענוג, איין זיסן חלום לאָז מיך זען נאָך
און אויסגיין מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן...

רבי יהודה הלוי איז געווען ניט נאָר אַ גרויסער משורר נאָר אויך אַ טיפער דענקער. דאָס קען מען זען פון זיין פילאָזאָפישן ספר „הכוזרי“, וועלכן ער האָט אָנגעשריבן אין אַראַביש און וועלכער איז שפּעטער איבערזעצט געוואָרן אין העברעאיש. די יסודות פון יידנטום ווערן דאָ איבערגעגעבן אין דער פאָרעם פון שמועסן צווישן כוזרישן קעניג, וועלכער וויל אָננעמען דאָס יידנטום און אַ געלערנטן יידן. נאָך דער מיינונג פון רבי יהודה הלוי איז אין אמונה וויכטיקער די אַנטפּלעקונג איידער דער פאַרשטאַנד, ווארום די אַנטפּלעקונג קומט פון גאָט און דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד קען האָבן אַ טעות. די אַנטפּלעקונג פון גאָט ביים באַרג סיני, ווי דער פונדאַמענט פון יידנטום, איז אַ פאַקט וואָס קען ניט אָפּגעלייקנט ווערן, ווארום צענדליקער טויזנטער יידן האָבן עס געזען מיט זייערע אויגן. גאָט האָט זיך אַנטפּלעקט צוערשט צו די יידן, דערפאַר ווייל זיי האָבן פריער ווי אַנדערע פעלקער אַרויסגעוויזן די פעאיקייט צו דערקענען גאָט. פון זיי האָט זיך דער אמת געדאַרפט פאַרשפּרייטן צווישן אַלע מענטשן פון דער וועלט, פונקט אַזוי ווי דאָס בלוט גיסט זיך פונעם האַרצן איבערן גאַנצן גוף און גיט אים לעבן. אויפן יידן זיינען אַרויפגעלייגט געוואָרן אַזוי פיל מצוות און געבאָטן טאַקע נאָר דערפאַר כדי זיין גאַנץ לעבן זאָל זיין געווידמעט צו רעליגיע און כדי צו איינגעוואוינען אים צו טאָן אַלץ פון גאָטס־וועגן. דאָס יידנטום שטרעבט צו פאַרפאָלקאָמען אַלע גוטע אייגנשאַפטן וואָס ליגן אין דער מענטשלעכער נשמה. עס אונטערשיידט זיך פון דעם העלעניזם (די לערעס פון די גריכן) דערמיט, וואָס עס שטעלט אמת און גוטס העכער ווי שיינקייט. „זאָל דיך די גריכישע חכמה ניט פאַרבלענדן, ווארום זי האָט בלויז בליעכצן אָבער ניט קיין פרוכט“.

## § 10. אַברהם אבן־עזרא.

אין איין צייט מיט רבי יהודה הלוי האָט געלעבט אַן אַנדער גרויסער משורר און דענקער, רבי אברהם אבן־עזרא. די צוויי דיכטער זיינען געווען חברים. רבי אברהם אבן־עזרא איז געבוירן געוואָרן אין טאָלעדאָ אין 1089. ער האָט געהאַט גלענצנדיקע פעאיקייטן און ער האָט אויסגעלערנט די קונסטן און וויסנשאַפטן פון זיין צייט; בלויז איין קונסט האָט ער זיך ניט געקענט אויסלערנען, די קונסט צו לעבן און אַרבעטן רואיק.

עס איז אים ניט געגאַנגען גוט אין לעבן: אין אַלע זיינע אונטערנעמונ־
גען האָט ער געהאַט אַ דורכפֿאַל. „ווען איך וואָלט געהאַנדלט מיט תכרי־
כים — באַקלאָגט ער זיך אין איין אָרט — וואָלט מיסתמא אין מיין גאַנץ
לעבן קיין איין מענטש ניט געשטאָרבן, און ווען איך וואָלט פֿאַרקויפֿט
ליכט וואָלט די זון געוויס ניט אונטערגעגאַנגען ביזן טאָג פֿון מיין טויט״.
אברהם אבן־עזרא האָט אַ סך געררייזט איבער פֿאַרשיידענע לענדער פֿון
אייראָפּע, אַזיע און אַפֿריקע וואו רייכע יידישע גבירים פֿלעגן אים שטיצן.
אין רוים האָט ער אָנגעהויבן שרייבן זיין באַרימטן פּירוש אויפֿן תנ״ך.
דאָס איז געווען דער ערשטער פּירוש אין וועלכן די הייליקע שריפֿטן
זיינען דערקלערט געוואָרן לויט זייער גראַמאַטישן און היסטאָרישן זין,
און ניט ווי איינעם האָט זיך געוואָלט צו טייטשן. פֿאַרן אבן־עזרא האָבן
דעם תנ״ך דערקלערט געזעץ־געלערנטע, פֿילאָזאָפֿן און מאָראַליסטן, און
יעדער איינער האָט געזוכט אַרײַנצוטייטשן אין די אויסדריקן זייטיקע
געדאַנקען, וואָס ער האָט געדאַרפֿט פֿאַר זיין צוועק, אָבער דער אבן־עזרא
האָט געוואָלט פֿעסטשטעלן דעם אמתן געדאַנק פֿון תנ״ך און אויסרייניקן
די פֿאַלשע אַריינטייטשונגען. ער האָט אַ סך אויפֿגעטאָן אין דעם דאָזיקן
פּרט; אָבער אָפֿט מאָל האָט ער ניט געהאַט דעם מוט אַרויסצוזאָגן זיינע
געדאַנקען מורא האָבנדיק אַז מען וועט אים באַשולדיקן אין אפּיקורסות;
אין אַזעלכע פֿאַלן פֿלעגן ער בכיוון איינוויקלען זיינע געדאַנקען אין אַ
טונקעלער פֿאָרעם, פֿלעגט אָנווינקען און ניט דעררייזן, אַזוי אַז בלויז
שאַרפֿזיניקע מענטשן זאָלן עס קענען פֿאַרשטיין. און דאָך איז רבי אברהם
אבן־עזרא אין שפּעטע צייטן באַטראַכט געוואָרן פֿאַר אַן אפּיקורוס
און מיט זיין פּירוש פֿלעגן זיך באַנוצן בלויז פֿריידענקנדיקע מענטשן.

אויסער דעם דאָזיקן וויכטיקסטן ווערק זיינעם האָט אברהם אבן־
עזרא פֿאַרפֿאַסט אַ סך ספֿרים פֿון דיקדוק, אַסטראָנאָמיע, מאַטעמאַטיק
און פֿילאָזאָפֿיע. ער האָט אויך פֿלייסיק געשריבן וועלטלעכע און רעליגיע־
זע שירים. ער האָט אויסגעצייכנט באַהערשט די טעכניק פֿון פּאָעזיע,
אָבער אין פּאָעטישן געפֿיל שטייען זיינע שירים נידעריקער ווי די שירים
פֿון רבי יהודה הלוי. עס איז פֿאַראַן אַ לעגענדע ווי אַזוי די צוויי דיכטער
האָבן זיך באַקענט. יהודה הלוי האָט געקענט די שירים פֿון אבן־עזרא,
אָבער דעם מחבר אַליין האָט ער נאָך ניט געזען. איין מאָל איז צו רבי
יהודה הלוי אין הויז אַריינגעקומען אַן אָרעמער וואַנדערער וועלכער האָט
ניט אָנגעגעבן זיין נאָמען. גראָד דעמאָלט האָט רבי יהודה הלוי געהאַלטן

אין אַרבעטן איבער אַ גרויסן שיר, וואָס די פּערזן האָבן זיך אָנגעהויבן מיט די אותיות פון אלף־בית לויט זייער אָרדענונג. קומענדיק צום אות „ר״ איז דער דיכטער געבליבן שטיין: עס איז אים שווער געווען צוצו־טרעפן דעם פּאַסיקן פּערז. ער האָט מיט פּאַרדרוס געלאָזט דעם ניט־דער־ענדיקטן כתב־יד אויפן טיש און איז אַוועק שלאָפן. אויף מאָרגן אין דער פרי, ווען ער איז אויפגעשטאַנען האָט ער צו זיין גרויס איבעראַשונג דערזען אַז די שורה, וואָס איז אים אַזוי שווער אָנגעקומען, איז אָנגעשריבן און אַז זי פּאַסט זיך זייער גוט אריין. „דאָס האָט געקענט מאַכן בלויז ענטוועדער אַ מלאך אָדער אברהם אבן־עזרא״ — האָט יהודה הלוי אויס־גערופן. דעמאָלט האָט דער אָרעמער רייזנדער אַנטפּלעקט זיין נאָמען: דאָס איז געווען אבן־עזרא. נאָך לאַנגע וואַנדערונגען האָט זיך דער אַלטער אבן־עזרא געלאָזט צוריק צו זיין פאָטערלאַנד, קיין שפּאַניע; נאָר ער איז געשטאָרבן אויפן גרענעץ פון זיין אַלטער היימלאַנד, אין יאָר 1167.

דער לעצטער משורר פון דער „גאָלדענער עפּאָכע״ איז געווען רבי יהודה אלחריזי (אַרום 1165—1225). ער איז געבוירן געוואָרן אין שפּאַ־ניע נאָר אַ סך יאָרן האָט ער געלעבט אויסער זיין פאָטערלאַנד, איבער־הויפּט אין די שטעט פון נאָרד־פראַנקרייך. ער האָט אַ סך גערייזט אין מיזרח, האָט באַזוכט מיצרים, ארץ־ישראל און סיריע. אַלחריזי איז באַ־וואוסט מיט זיין ספר „תחכמוני״. דער דאָזיקער ספר איז צעטיילט אין פופציק קאַפּיטלעך, פּאָעזיע און געגראַמטע פּראָזע געמישט צוזאַמען, אין וועלכע דער מחבר דערציילט אַנציענדיק און לעבעדיק וועגן זיינע וואַנ־דערונגען אין פאַרשיידענע לענדער און פלעכט איין אין זיינע דערציילונ־גען פּאָעטישע פאַנטאַזיעס, קלוגע שילדערונגען פון פאַרשיידענע טיפּן מענטשן און געשפּרעכן וועגן ליטעראַטור. צווישן אַנדערע זאַכן גיט אַל־חריזי געלונגענע כאַראַקטעריסטיקעס וועגן די גרויסע משוררים וואָס זיי־נען געווען פאַר אים — גבירול, יהודה הלוי אבן־עזרא און אַנדערע. זיינע אייגענע ווערק ווייזן דעם אָנהייב פון דעם פאַלן פון דער יידישער פּאָעזיע אין שפּאַניע: ער איז מער אַ גראַמען־שרייבער ווי אַ דיכטער. ער אַליין רעכנט זיך צו צו די נאָכמאַכער, וועלכע קלייבן די ברעקלעך פון דעם טיש פון באַרימטע פאַרגייער.

די דאַמאָלטיקע יידישע ליטעראַטור איז געווען רייך אין אַלץ; עס האָבן נאָר געפעלט ווערק איבער געשיכטע און באַשרייבונגען פון יידישן לעבן אין פאַרשיידענע לענדער. דעם דאָזיקן חסרון האָבן בלויז שוואַך

אויסגעפילט די ווערק פון די צוויי שרייבער רבי אברהם אבן־דוד (הראב״ד) און בנימין פון טודעלאָ. אבן־דוד פון טאָלעדאָ (דער מחבר פון דעם רעליגיעז־פילאָזאָפישן ספר „אמונה רמה״) האָט אָנגעשריבן אַ קליין ווערק מיטן נאָמען „ספר הקבלה״, וואו עס ווערן איבערגעגעבן די וויכטיקסטע פּאַסירונגען פון דער יידישער געשיכטע. אין דעם דאָזיקן ווערק האָבן אַ באַזונדערן ווערט די ידיעות וואָס דער מחבר ברענגט פון דער געשיכטע פון די שפּאַנישע יידן (ביז 1180). בנימין פון טודעלאָ האָט אומגערייזט דרייצן יאָר (1160—1173) איבער די דריי וועלט־טיילן וואָס זיינען דעמאָלט געווען באַוואוסט. זיינע רייזע־איינדרוקן האָט ער איבערגעלאָזט אין אַ ספר „מסעות בנימין״. דאָ דערציילט דער מחבר וועגן די לענדער וואָס ער האָט באַזוכט, וועגן די דאַמאָלטיקע יידישע קהילות דאָרט, וועגן די זיטן און מלאכות פון די איינוואוינער, וועגן די אָרטיקע לעגענדעס געביידעס, אאַ״וו. ער גיט איבער ניט נאָר וואָס ער האָט אַליין געזען נאָר אויך וואָס ער האָט געהערט פון אַנדערע. אַזוי ווי אַלע רייזנדע פון מיטלעלטער, מאַכט ער אָפט מאָל ניט קיין אונטערשייד צווישן אויסגעטראַכטע מעשיות און פאַקטן. נאָר דאָך זיינען אַ סך ידיעות זיינע זייער ווערטיק סיי פאַר דער געשיכטע פון די יידן אין יענער צייט, סיי פאַר דער אַלגעמיינער געאָגראַפיע.

## § 11. די אַלמוהאַדען; שפּאַניע און דער מיזרח.

אין מיטן פון 12־טן יאָרהונדערט איז אויף די יידן פון אַראַבישן שפּאַניע געקומען אַ גרויס אומגליק. אין צפון־אַפריקע האָט זיך באַוויזן אַ מוכמעדאַנישע סעקטע מיטן נאָמען „אַלמוהאַדן״, וועלכע איז געווען פיינדלעך צו אַנדערע גלויבנס. דער גרינדער פון דער דאָזיקער סעקטע, וועלכער האָט זיך אַ נאָמען געגעבן „מוהאַדי״ ד״ה נביא, האָט געפּרעדיקט אַז מען דאַרף פאַרשפּרייטן די מוכמעדאַנישע אמונה אין דער גאַנצער וועלט מיט דער הילף פון שווערד. די אַלמוהאַדן האָבן זיך צוערשט באַפעסטיקט אין מאַראָקע, וואו עס האָבן געלעבט אַ סך יידן, און זיי האָבן געסטראַשעט די יידן מיטן טויט, אויב זיי וועלן ניט אָננעמען דעם מוכמעדאַניזם. די יידן זיינען געווען אין גרויס פאַרצווייפלונג. אַ סך זיינען אַנטלאָפן קיין מיצרים און שפּאַניע; די פאַרבליבענע האָבן אָנגענומען דעם איסלאַם לפנים. די זעלביקע צרות האָבן געהאַט אויסצושטיין די יידן און קריסטן

אין אַנדערע אַפריקאַנישע שטעט, וואָס די אַלמוהאַדן האָבן איינגענומען. אומעטום פלעגן זיי חרוב מאַכן שולן און קירכן און די אומגליקלעכע פרעמד־גלייביקע פלעגן זיי מיט גוואַלד שלעפּן אין די מעטשעטן (מוכ־מעדאַניש געבעטהויז). די יידן, וועלכע האָבן זיך געמוזט מאַכן פאַר מוכ־מעדאַנער, האָבן באַהאַלטענערהייט אָפּגעהיט דאָס יידנטום.

אין גיכן האָבן זיך די מחנות פון די אַלמוהאַדן אַריינגעריסן אין שפּאַניע. זיי האָבן איינגענומען קאָרדאָווע און האָבן צעוואָרפן איר פּרעכטיקע שול (1148). דערנאָך האָבן זיי באַזיגט גראַנאַדאַ און סעווילִיאַ און האָבן באַפעסטיקט זייער הערשאַפט אין דרום־שפּאַניע אַרויסשטויסנדיק פון דאָרטן די אַלמאָראַווידן. דאָ האָבן זיך די אַפריקאַנישע פאַנאַטיקער באַצויגן צו די יידן אַזוי ווי אין זייער אייגן לאַנד. די בליענדיקע יידישע קהילות פון אַנדאַלוזיע זיינען חרוב געוואָרן, די ישיבות פון סעווילִיאַ און אַנדערע שטעט זיינען פאַרמאַכט געוואָרן. אַ סך יידן האָבן געמוזט לפנים אָננעמען דעם מוכמעדאַניזם; די איבעריקע זיינען אַנטלאָפן אין דעם קריסטלעכן שפּאַניע און אין מיצרים.

אין יענער צייט האָט זיך צווישן די יידן פון מערב־אַזיע אויפגעהויבן אַ באַפרייאונגס־באַוועגונג. דער צענטער פון דער באַוועגונג איז געווען אין באַגדאַד, וואו עס האָט געוואוינט דער עקזילאַרך — דער הויפּט פון די יידישע קהילות אין סיריע, מעסאָפּאָטאַמיע און פערסיע. אין די באַרגיקע געגנטן פון פערסיע האָבן געלעבט פרייע יידן, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַ קעמפערישן גייסט. און צווישן די דאָזיקע פרייע באַרג־יידן האָט זיך באַוויזן אַ מאַן, וועלכן דאָס פאָלק האָט אָנגענומען פאַר משיחן (1160). דאָס איז געווען דוד אלראִי, פון דער פערסישער שטאָט אַמאַדיאַ וועלכער האָט געקראָגן אין די ישיבות אין באַגדאַד אַ יידישע און אַראַבישע דערציאונג. זעענדיק ווי דער באַגדאַדישער כאַליפאַט האַלט לאַנגזאַם אין צעפאַלן ווערן, האָט דוד באַשלאָסן צו ווערן אַ זעלבסט־שטענדיקער פירשט פון זיין פאָלק. ער האָט זיך געווענדט מיט אַן אויפרוף צו אַלע יידן פון אַזיע און אָנגעזאָגט, אַז ער איז געשיקט געוואָרן פון גאָט צו באַפרייען זיינע ברידער פון דעם מוכמעדאַנישן יאָך און זיי אַוועקפירן קיין ירושלים. אויף זיין רוף זיינען צונויפגעלאָפן קיין אַמאַדיאַ באַוואָפנטע יידן, וועלכע האָבן פון פאָרזיכטיקייט וועגן באַהאַלטן זייערע וואָפן אונטער די אויבערשטע קליידער. די לעגענדע דערציילט, אַז דער פערסישער סולטאַן, דערוויסנדיק זיך פון דעם יידישן אויפשטאַנד, האָט

געשיקט רופן צו זיך דוד אלראי. דוד אלראי איז דערשינען אין קעניג־לעכן הויף אָן באַגלייטער און האָט אָן מורא זיך דערקלערט פאַרן יידישן קעניג. מען האָט אים אַ כאַפּ געטאָן און פאַרשפּאַרט אין געפענגעניש. אָבער מיט דער הילף פון כישוף איז דוד אַנטלאָפן פון געפענגעניש און האָט זיך ווידער באַוויזן אין אַמאַדיאַ. דאָס פאָלק האָט געגלויבט אַז דוד קען אויפטאָן מופתים, אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר גאָטס שליח. אין גיכן אָבער איז ער געפאַלן אַ קרבן פון פאַראַט: אויף דער פאָדערונג פון די פּערסישע הערשער האָט אים זיין אייגענער שווער געהרגעט אין שלאָף. נאָר אַפילו נאָך זיין טויט איז אין באַגדאַד געבליבן אַ גרופּע פון זיינע אָנהענגער, וועלכע האָבן געגלויבט, אַז באַלד־באַלד וועלן זיי דורך אַ וואונדער אויס־געלייזט ווערן. מיט דעם דאָזיקן לייכטזיניקן גלויבן פון פאָלק האָבן זיך באַנוצט צוויי שווינדלער פאַר זייערע אייגענע צוועקן. זיי האָבן געוויזן די יידן פון באַגדאַד אַ בריוו וואָס זיי האָבן כלומרשט געקראָגן פון משיחן, אַז די גאולה איז נאָענט און אַז זי וועט פאָרקומען אויף דעם ווייטערדיקן וואונדערלעכן אופן: אין אַ באַשטימטער שעה, אַרום האַלבער נאַכט זאָלן די יידן זיך אָנטאָן אין גרינע קליידער, זאָלן אַרויפגיין אויף די דעכער פון זייערע הייזער און דאָרטן וואַרטן: דאַן וועט זיך אויפהייבן אַ שטאַרקער ווינט וועלכער וועט אַלעמען פאַרטראָגן גלייך קיין ירושלים. די אָפּגענאַר־טע יידן האָבן אָפּגעגעבן צו די שווינדלער זייער גאַנצן פאַרמעגן צו צע־טיילן צווישן אָרעמעלייט און אין דער באַשטימטער שעה זיינען זיי אַרויף אויף די דעכער. ערשט ווען זיי זיינען אָפּגעזעסן מיט זייערע ווייבער און קינדער אַ גאַנצע נאַכט און דער וואונדערלעכער ווינט איז ניט געקומען האָבן די יידן פאַרשטאַנען זייער טעות. אָבער די שווינדלער האָבן צו־גוייפגענומען זייער פאַרמעגן און זיינען אַנטלאָפן. די איינוואוינער פון באַגדאַד האָבן אין חוזק אַ נאָמען געגעבן יענץ יאָר „דאָס יאָר פון איבער־פליען".

צוערשט די אַלמאָראַווידן און דערנאָך די אַלמוהאַדן וועלכע האָבן איינע נאָך די אַנדערע געהערשט איבער שפּאַניע, האָבן צוזאַמענגעבראַכט שפּאַניע מיט זייער אייגן לאַנד — צפון־אַפריקע. געדריקט פון די אַלמו־האַדן האָבן זיך אַ סך שפּאַנישע יידן באַזעצט אין די רואיקע טיילן פון אַפריקע, איבערהויפּט מיצרים, וואו עס האָט דעמאָלט געהערשט דער גרויסער סולטאַן סאַלאַדין, דער באַזיגער פון סיריע און פּאַלעסטינע (1171). סאַלאַדין האָט זיך באַצויגן פריינדלעך צו די יידן. ער האָט זיי

דערלויבט צו וואוינען אין ירושלים, פון וואַנען די קריסטן האָבן זיי פריער פאַריאָגט. אין מיצרים גופא האָבן די יידן געלעבט אין גוט איינגעאָרדנ־טע קהילות, וועלכע האָבן געהאַט אויטאָנאָמיע. בראש פון די יידישע קהילות איז געשטאַנען אַ יידישער עלטסטער וועלכער האָט געטראָגן דעם טיטל „נגיד" (דאָס זעלביקע וואָס עקזילאַרך). ער האָט באַשטימט די רבנים און חזנים פאַר די קהילות און שולן, האָט געמישפּט יידישע פּראָצעסן און האָט געהאַט אַ רעכט צו באַשטראָפן שולדיקע ניט נאָר מיט געלט נאָר אויך מיט קערפּערלעכע שטראָפן און געפענגעניש. די וויכ־טיקסטע יידישע קהילות האָבן זיך געפינען אין דער הויפּטשטאָט קאַיראָ און אין אַלעקסאַנדריע. אין מיצרים האָבן אויך געלעבט אַ סך קאַראַימען, וועלכע האָבן געהאַט זייערע באַזונדערע קהילות און שולן. אין סאַלאַדינס הויף איז געווען ווי דאָקטאָר דער גרעסטער יידישער פילאָזאָף און גע־זעצלערער, דער רמב"ם.

## § 12. דאָס לעבן פון דעם רמב"ם.

רבנו משה בן־מימון, אָדער דער רמב"ם, איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1135 אין שפּאַניע, אין קאָרדאָבע וואו זיין פאָטער איז געווען דיין. דער רמב"ם האָט באַקומען זיין בילדונג אין יענער באַרימטער צייט, ווען די יידן און די אַראַבער האָבן אַרויסגעגעבן אַ סך געלערטע, פילאָזאָפן און פּאָעטן. פון זיינע ייִנגסטע יאָרן האָט ער מיט גרויס התמדה געלערנט תלמוד, פילאָזאָפיע און נאַטור־וויסנשאַפט, און האָט זייער אַ סך געלייענט אין העברעאיש און אַראַביש. ווען דער רמב"ם איז אַלט געווען דרייצן יאָר איז שפּאַניע באַזיגט געוואָרן פון די אַלמוהאַדן און די יידן איז גע־שטעלט געוואָרן די ברירה: ענטוועדער אָנצונעמען דעם איסלאַם אָדער פאַרלאָזן דאָס לאַנד. דעם רמב"מס פאַמיליע האָט זיך געמוזט אַוועקלאָזן אין אַ שווערן וועג פון וואַנדערן. אָבער אין דער צייט פון די וואַנדערונ־גען האָט דאָך דער יונגער משה ניט אויפגעהערט צו לערנען און אַרבעטן אויף זיין גייסטיקער אַנטוויקלונג. ער האָט געלערנט אונטער דער השגחה פון אַראַבישע געלערטע, מיט וועלכע ער האָט זיך באַקענט אין פאַרשיי־דענע ערטער און צווישן אַנדערע זאַכן האָט ער זיך גוט אויסגעלערנט מעדיצין. אָבער ביי דעם אַלעמען האָבן די רדיפות, וואָס דאָס ייִנגל איז אויסגעשטאַנען, געשטויסן זיין געדאַנק צו טראַכטן וועגן דער יידישער אמונה און געזעצגעבונג און האָט געוואָלט אַריינטראָגן אַהער דאָס ליכט פון וויסנשאַפט און אָרדענונג. ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגערמאַן פון

23 יאָר האָט ער שוין אָנגעהויבן שרייבן אַ גרויסן פּירוש אויף דער מישנה, דער יסוד פון תּלמוד.

אין דער דאָזיקער צייט איז דער רמב״ם אַריבערגעפאָרן מיט זיין פאָטער און איבעריקער פאַמיליע אין צפון־אַפריקע און האָט זיך באַזעצט אין פעץ. דאָ האָבן נאָך אַלץ געבושעוועט די פאַנאַטישע אַלמוהאַדן, וועלכע האָבן געצוואונגען די יידן אָנצונעמען דעם איסלאַם. דעם רמב״מס מישפּחה האָט אויך געמוזט אַ שטיקל צייט זיך מאַכן פאַר כלומרשטע מוכמעדאַנער און היטן זייער אייגענעם גלויבן באַהאַלטענערהייט. אָבער מוכמעדאַנער האָבן זיך שנעל דערוואוסט דערפון און דעם רמב״מס פאַמיליע האָט געמוזט אַנטלויפן קיין פּאַלעסטינע (1165). ווען זיי זיינען געווען זעקס טאָג אויפן מיטללענדישן ים האָט זיך אויפגעהויבן אַ גרויסער שטורעמווינט און די שיף איז שיעור ניט אונטערגעגאַנגען. די אומגליקלעכע האָבן הייס מיתפּלל געווען צו גאָט ער זאָל זיי ראַטעווען. ענדלעך, נאָך אַ מאָנאַט רייזע אויפן ים, איז די שיף אָנגעקומען קיין עכו. דאָ האָבן די וואַנדערער פאַרבראַכט עטלעכע מאָנאַטן און דערנאָך זיינען זיי אַוועק קיין ירושלים מיתפּלל צו זיין ביים כותל המערבי. פון דאָרטן זיינען זיי אַוועק קיין חברון און דאָ האָט דער רמב״ם אַ גאַנצן טאָג מיתפּלל געווען אין דער מערת המכפלה וואו די אבות ליגן. פון דאַנען זיינען זיי אַוועק קיין מיצרים און האָבן זיך באַזעצט אין אַלט־קאַירע (פאָסטאַט).

אין קאַירע האָט זיך דער רמב״ם באַשעפטיקט מיט דאָקטאָריע פון וועלכער ער האָט זיך מפרנס געווען, נאָר אין דער זעלביקער צייט האָט ער נישט אויפגעהערט צו שרייבן זיינע ווערק וועגן רעליגיע און פילאָזאָפיע. אין גיכן האָט ער געקראָגן אַ שם צווישן יידן און אַראַבער ווי אַ גרויסער דאָקטאָר און טיפער געלערנטער. דער געבילדעטער סולטאַן סאַלאַדין האָט באַשטימט דעם רמב״ם פאַר זיין הויף־דאָקטאָר. אויסער דעם האָט דער רמב״ם באַקומען דעם טיטל „נגיד״. ער איז געוואָרן דער גייסטיקער פירער פון זיינע פאָלקס־ברידער נישט נאָר אין מיצרים נאָר אין אַלע לענדער פון מיזרח פון וואַנען מען פלעגט זיך צו אים אָפט געווענדט מיט רעליגיעזע און געזעלשאַפטלעכע פראַגן. נאָכן טויט פון סאַלאַדין (1193) איז דער רמב״ם געווען לייבדאָקטאָר ביי זיין נאָכפאָלגער. וועגן זיין לעבן אין דער צייט האָט דער רמב״ם געשריבן צו איינעם פון די פאַרזאַמלטע געלערנטע בזה הלשון: „דער סולטאַן וואוינט אין נייקאַירע און איך אין פאָסטאַט (אַלט־קאַירע). יעדן טאָג אין דער פרי דאַרף

איך דערשיינען אין הויף. אויב דער סולטאַן ווערט קראַנק אָדער איינע פון זיינע ווייבער אָדער קינדער, בלייב איך דאָרט כמעט דעם גאַנצן טאָג. אָבער אין יענעם טאָג ווען אַלץ איז בשלום קען איך זיך אומקערן קיין פאָסטאַט אַרום האַלבן טאָג. דאָרט געפין איך שוין וואַרטן אויף מיר אַ מאַסע מענטשן — מוכמעדאַנער און יידן, חשובע לייט און פראָסטע מענטשן, ריכטער און באַאַמטע. איך גיי אַרונטער פון אייזל, וואַש זיך און גיי אַרויס צו זיי, און בעט זיי אַנטשולדיקונג זיי זאָלן וואַרטן ביז איך וועל עפּעס אָפּעסן. דערנאָך גיי איך אַרויס צו די קראַנקע זיי צו היילן און איך פאַרשרייב זיי רפואות. אַזוי האַלטן מענטשן אין איין קומען און אַוועקגיין ביז נאַכט. אין אָוונט פיל איך זיך זייער מיד נאָר דאָך פאַרברענג איך אין לערנען, אַמאָל ביז האַלבער נאַכט. בלויז שבת האָב איך צייט צו פאַרברענגען מיט די עלטסטע פון דער קהילה און געבן זיי אָנווייזונגען אויף אַ גאַנצער וואָך".



דער רמב"ם

דער רמב"ם איז געשטאָרבן אין יאָר 1204, 69 יאָר אַלט. אין קאַיראָ האָבן אים באַוויינט נישט בלויז די יידן נאָר אויך מוכמעדאַנער, און אין ירושלים האָט מען געמאַכט אַ תענית נאָך דעם גרויסן פאַרלוסט. דעם קערפּער פון דעם רמב"ם האָט מען איבערגעפירט קיין ארץ־ישראל און מקבר געווען אין טבריה. זיין איינציקער זון אַברהם האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ ווי דאָקטאָר אין סולטאַנס הויף און ווי „נגיד" פון די יידן אין מיצרים.

## § 13. דעם רמב״מס ווערק.

דער נאָמען פון דעם רמב״ם איז ערשט רעכט באַרימט געוואָרן נאָך זיין טויט, ווען זיינע ספרים האָבן זיך פאַרשפּרייט. מען פלעגט וועגן אים זאָגן: „ממשה עד משה לא קם כמשה״, ד״ה, פון משה רבנו ביז משה בן מימון איז נישט געווען נאָך אַזאַ משה. און ווירקלעך נאָך דעם חומש און דער מישנה האָט קיינער נישט אויפגעטאָן אַזוי פיל פאַר דער אַנט־וויקלונג פון יידנטום ווי דער רמב״ם. שוין אין זיין ערשטן ווערק „המאור״ (דאָס ליכט), אַ גרויסער פּירוש אויף דער מישנה, וועלכער איז געשריבן געוואָרן אין אַראַביש און איז שפּעטער איבערגעזעצט געוואָרן אין העב־רעאיש, האָט דער רמב״ם אַריינגעבראַכט אַ סך ליכטיקייט אין דער גאַנצער „תורה שבעל־פה״. אויב די גמרא האָט אָפּט פאַרפּלאָנטערט און פאַרטונקלט דעם געדאַנק פון דער מישנה האָט דעם רמב״מס „המאור״ אים אויסגעוויקלט און גלאַט געמאַכט. אָבער דער רמב״ם האָט זיך נישט באַנוגנט דערמיט. דער פילבענדיקער תלמוד אַנטהאַלט אין זיך אַזאַ גרויסע און אַזאַ צעוואָרפענע מאַסע דינים, מאָראַל־לערעס און וויסנשאַפטלעכע זאַכן, אַז כדי דאָס אַלץ אויסצולערנען וואָלט צוגע־נומען אַ מענטשנס גאַנץ לעבן; אויך איז זייער שווער פון דער מאַסע אַרויסצופירן גענויע כללים און דינים, צוליב די פילע חילוקי דעות פון די פאַרשיידענע חכמים. און דער רמב״ם האָט באַשלאָסן צונויפצושטעלן אַ פולשטענדיקע זאַמלונג פון די יידישע דינים און לערעס לויט דעם תנ״ך און תלמוד. „איך וואָלט געוואָלט — זאָגט ער אין זיין הקדמה צו דעם ספר — אַז דאָס דאָזיקע ווערק זאָל זיין אַ פולשטענדיקע זאַמ־לונג פון דער תורה שבעל־פה מיט אַלע תקנות, מינהגים און גזרות, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט פון דער צייט פון משה רבנו ביז דער צו־נויפשטעלונג פון דער גמרא. איך האָב אַ נאָמען געגעבן דעם ווערק „מישנה תורה״, ווייל יעדער מענטש קען צוערשט דורכלערנען די „תורה שבכתב״ און דערנאָך דורך דעם ספר קענען וויסן אויך גאַנץ „תורה שבעל־פה״, נישט לערנענדיק קיין אַנדער זאַך צווישן די ביידע״.

דעם רמב״מס „מישנה תורה״, אָדער וואָס איז באַוואוסט בעסער אונטערן נאָמען „יד החזקה״ (די שטאַרקע האַנט) איז געשריבן אין אַ שיינעם העברעאישן סטיל און באַשטייט פון פערצן ספרים. דער ער־שטער הייסט „ספר המדע״. אין אים זיינען אַנטהאַלטן די עיקרים פון

דער יידישער רעליגיע. אזעלכע עיקרים האט דער רמב״ם פעסטגעשטעלט דרייצן: 1) גאט איז דער באשעפער און דער פירער פון דער גאנצער וועלט; 2) ער איז איינציק; 3) גאט איז נישט קיין גוף און האט קיין ענלעכקייט צו א גוף, ער קען באנומען ווערן נישט מיט די חושים נאר מיטן פארשטאנד; 4) גאט איז אייביק; 5) א ייד דארף בעטן נאר צו אים און נישט צו קיין אנדערן; 6) אלע רייד פון די נביאים (תנ״ך) זיינען אמת; 7) משהס נבואה איז אמת און ער איז דער גרעסטער פון די נביאים; 8) די גאנצע תורה איז געגעבן געווארן פון גאט צו משהן; 9) די דאזיקע תורה וועט קיין מאל נישט פארביטן ווערן אויף אן אנדערע; 10) גאט ווייס אלע מעשים פון דעם מענטשן און זיינע געדאנקען; 11) גאט באלוינט מיט גוטס די וואס היטן זיינע געבאטן און באשטראפט די וואס זיינען עובר אויף זיי; 12) משיח וועט קומען אפילו ווען ער זאמט זיך; 13) די טויטע וועלן לעבעדיק ווערן.

אין דעם „ספר המדע״ ווערן די אלע עיקרים דערקלערט אויספיר־לעך און דארט ווערן אויך אנגעוויזן יענע מאראלישע פליכטן פאר יעדן מענטשן, וואס שטאמט ארויס פון די דאזיקע עיקרים. אין די איבעריקע ספרים פון דער „מישנה תורה״ זיינען אויסגעשטעלט אין שטרענגער ארדענונג אלע דינים, צערעמאניעס און מינהגים פון דער יידישער אמונה און אויך די געזעצן פון פאמיליע, שטאט און געזעלשאפט, וועל־כע האבן זיך אויסגעארבעט אין דער עפאכע פון תנ״ך און תלמוד. א דאנק דעם ווערק פון דעם רמב״ם האט זיך דער תלמוד אין גאנצן באַ־פעסטיקט צווישן די יידן. די „מישנה תורה״ איז געווארן דער וועגווייזער פון יעדן רב, דיין און מנהיג פון א קהילה. פון דעסט וועגן האבן זיך די ערשטע צייט געפונען קעגנער, וועלכע האבן קריטיקירט דאס גרויסע ווערק פון דעם רמב״ם. מען האט דעם מחבר באשולדיקט אז ער איז מיט זיין ספר אויסן געווען אפצושאפן דאס לערנען פון תלמוד אין די ישיבות, אז ער איז א פריידענקער און, ענדלעך, אז ער האט צופיל געשטעלט אויף זיך דערמיט וואס ער האט באשלאסן אזעלכע פראגן, וואס אין תלמוד זיינען זיי א מחלקה.

אבער דערמיט האט נאך דער רמב״ם נישט געהאלטן זיין אויפגאבע פאר געענדיקט. צוויי גרויסע אמתן האבן געדינט דעם רמב״ם ווי די לייַ־כטנדיקע שטערן פון זיין לעבן: דער אמת וואס ווערט דעם מענטשן באַ־וואוסט דורך דער געטלעכער אנטפלעקונג, און יענער אמת, וואס דער

מענטש דערגייט מיט זיין אייגענעם געדאַנק. ווי אַ גלייביקער מענטש האָט ער זיך געבויגן פאַר די לערעס פון משהן און די נביאים; ווי אַ דענקענדער מענטש האָט ער אָנגענומען די לערע פון דעם גריכישן פילאָזאָף אַריסטאָטעל און אַנדערע דענקער, אויסבעסערנדיק די דאָזיקע לערעס לויט זיינע אייגענע איבערצייגונגען. דער רמב״ם האָט געהאַט נאָך איין געדאַנק: צו פאַראייניקן די אמתן פון דער אַנטפּלעקונג מיט די אמתן פון פאַרשטאַנד. די גרויסע אויפגאַבע האָט ער דורכגעפירט אין זיין ספר „מורה נבוכים" (דער וועגווייזער פאַר בלאָנדזשנדיקע), וואָס ער האָט געשריבן אין אַראַביש. אין דעם ספר ווערט דורכגעפירט דער גרונטגעדאַנק, אַז דער ריינער גלויבן און דער ריינער דענקען שטימען פולשטענדיק איינס מיטן אַנדערן. ביידע אַנערקענען זיי, אַז עס עקזיסטירט אַן איינציקער גאָט פון וועלכן עס נעמט זיך די גאַנצע באַשאַפונג, און ביידע שטרעבן צו ברענגען דעם מענטשן צו דער העכסטער פולקאָמענהייט. און אויב דער אמת פון גלויבן און דער אמת פון פאַרשטאַנד שטימען אַזוי בנוגע דער ערשטער סיבה און דעם לעצטן ציל, מוזן זיי אויך שטימען אין אַלע אַנדערע זאַכן, וואָס ליגן צווישן די דאָזיקע צוויי עקסטרעמע פונקטן. דאַן ווענדט אָן דער רמב״ם די דאָזיקע גרונד־געדאַנקען צו די עיקרים פון דער יידישער אמונה. דער „מורה נבוכים" באַשטייט פון דריי טיילן. דער ערשטער טייל באַשעפטיקט זיך מיט דער לערע וועגן דער געטלעכקייט, דער צווייטער — מיט דער באַשאַפונג פון דער וועלט און מיט דער נבואה, און דער דריטער — מיט דער מאָראַל.

דער רמב״ם האָט אויף אַ גלענצנדיקן אופן פאַרווירקלעכט דאָס, וואָס ר' סעדיה גאון האָט אָנגעהויבן מיט צוויי הונדערט און פופציק יאָר פריער מיט זיין ספר „אמונות ודעות". זיין אויפטו איז די קרוין אי פון דער יידישער רעליגיע־לערע, אי פון דער מיטלאַלטערלעכער יידישער פילאָזאָפיע. דער „מורה נבוכים" איז געוואָרן זייער באַרימט: עס האָבן אים געלערנט אי יידן אי אַראַבער, אי קריסטן (אין לאַטיין). אויסער די דאָזיקע הויפּט־ווערק האָט נאָך דער רמב״ם אָנגעשריבן אַ גאַנצע ריי ביכער וועגן מאָראַל, לאָגיק און מעדיצין.

קאַפּיטל 3

# די יידן אין דער קריסטלעכער אייראָפּע אין דער צייט פון די קרייצצוגן

(1215—1096)

## § 14. דער ערשטער קרייצצוג.

צום ענדע פון עלפטן יאָרהונדערט, האָבן די יידישע קהילות אין פראַנקרייך, דייטשלאַנד און אַנדערע לענדער פון דער קריסטלעכער איי־ראָפּע זיך אַזוי פאַרמערט און פאַרשטאַרקט, אַז עס האָט געקענט דוכטן דאָס זייער עקזיסטענץ איז געזיכערט. מען האָט געקענט דערוואַרטן אין דער צוקונפט אַ מער אָדער ווייניקער קולטורעלע אַנטוויקלונג פון די דאָזיקע קהילות, אַזוי ווי אין שפּאַניע. אָבער די דאָזיקע דערוואַרטונגען זיינען נישט מקוים געוואָרן. אין אייראָפּע זיינען פאָרגעקומען געשעענישן וועלכע האָבן ביזן גרונד צעטרייסלט דאָס לעבן פון די יידן אין די קריסט־לעכע לענדער, און האָבן זיי פאַרמישפּט צו ליידן דערנידערונגען און רעכטלאָזיקייט אויף פילע הונדערטער יאָרן. אין ענדע פון עלפטן יאָר־הונדערט האָבן די קריסטלעכע פעלקער זיך פאַראייניקט פאַר אַן אַלגע־מיינער מילחמה פאַר זייער גלויבן קעגן די מוכמעדאַנער, וועלכע האָבן דעמאָלט געהערשט איבער פאַלעסטינע, אָדער „דאָס הייליקע לאַנד". די מוכמעדאַנער האָבן שטאַרק אונטערדריקט די קריסטן, וואָס זיינען געווען אונטערטעניק צו זיי. אַ סך זיינען אויסגעשטאַנען פון זיי די קריסטלעכע פּילגרימער, וועלכע פלעגן קומען פון אייראָפּע קיין ירושלים צו זיין אויף

קריסטוסעס קבר. אין יאָר 1095 האָט דער רוימישער פויפּס אורבאַן דער צווייטער פאַררופן אַן אַסיפה אין קלערמאָן, אין פראַנקרייך, און דאָ האָט ער אויפגעהעצט די קריסטן צו גיין מילחמה האַלטן מיט די „אומגלייבי־קע" מוכמעדאַנער און אָפּנעמען ביי זיי די הייליקע שטאָט ירושלים. אויף דעם אויפרוף האָבן אָפּגעענטפערט אַ סך פעאָדאַלע פירשטן ריטער, בי־שאָפן און פראָסטער המון אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד. צענדליקער טויזנטער מענטשן האָבן פאַרלאָזן זייערע היימען, פעלדער, גיטער, האָבן זיך אָנגעטאָן רויטע צלמים איבער זייערע אויבערשטע קליידער און האָבן זיך געגרייט צו גיין אויף די „אומגלייביקע". אין אָנהייב פון יאָר 1096 האָט זיך שוין צונויפגעזאַמלט אַ גרויסע מחנה קרייצטרעגער. צווישן זיי זיינען געווען מענטשן וואָס האָבן טאַקע באמת געוואָלט זיך שלאָגן פאַר זייער גלויבן; אָבער דער גרעסטער טייל זיינען נאָר אויסן געווען טובות פאַר זיך. די ריטער האָבן אויסגעקוקט אויפן רייכן רויב אין די מוסול־מאַנישע לענדער, די פויערים זיינען געגאַנגען ווייל מען האָט זיי דער־פאַר צוגעזאָגט צו באַפרייען פון שקלאַפעריי, און די פרומע מענטשן פון פאַרשיידענע קלאַסן האָט געצויגן אַהין דאָס וואָס די גלחים האָבן צוגעזאָגט אַז אַלע זינד וועלן געשענקט ווערן דעם יעניקן וואָס וועט גיין אין דער מילחמה פאַרן גלויבן. צו דער פאָלקס־מחנה איז נאָך צו־געשטאַנען אַ גאַנצע מאַסע הפקר־יונגען באַנדיטן, אָרעמעלייט און סתם אַוואַנטוריסטן. איידער די קעניגן האָבן צייט געהאַט זיך צוצוגרייטן אין וועג אַריין האָט דערווייל דער אָרדענונגסלאָזער המון זיך פאַנאַנדערגע־לאָזט איבער פראַנקרייך און דייטשלאַנד און זיך גענומען צו רויבן די באַפעלקערונג פון די ערטער, וואָס זיינען געלעגן אויף זייער וועג; אָבער די יידן האָבן די קרייצטרעגער נישט נאָר באַרויבט נאָר אויך געטויט אָדער געצוואונגען זיך צו שמדן. „עס איז אויפגעשטאַנען — שרייבט אַ יידישער היסטאָריקער — אַ פאָלק, אַ ווילדס, אַ פאַרצווייפלטס, אַ גרויזאַמס, אַן אויפגעלאָף פון פראַנצויזן און דייטשן. דורכגייענדיק די שטעט וואו יידן האָבן געלעבט פלעגן זיי זאָגן צו זיך: „מיר גייען נעמען נקמה פון די ישמעאלים, און לעבן אונדז געפינען זיך די יידן, וועלכע האָבן געקרייצט אונדזער משיחן; מען דאַרף פריער מיט זיי זיך אָפּ־רעכענען! זאָל דער יידישער נאָמען אויסגעמעקט ווערן, אָדער די יידן זאָלן זיך אונטערגעבן און שמדן!"

דער פרילינג פון יאָר 1096 האָט געבראַכט אומגליק און חורבן צו

פילע טויזנטער יידן אין איירָאפּע. די קרייצטרעגער האָבן צום ווילדסטן געבושעוועט אין די דייטשע שטעט, וואָס ליגן ביים ברעג רהיין. איינע פון די ערשטע האָט געליטן די אַלטע יידישע קהילה אין וואָרמס: הונ־דערטער יידן זיינען געקוילעט געוואָרן; אָפּגייענדיק מיט בלוט פלעגן זיי שרייען „שמע ישראל!" בלויז ווייניקע פלעגן זיך שמדן. אַנדערע פלעגן זיך אַליין נעמען דאָס לעבן כדי נישט אַריינצופאַלן אין די הענט פון די שונאים. פרויען פלעגן הרגענען זייערע געליבטע קינדער פאַר מורא אַז מען זאָל זיי נישט אָפּשמדן מיט גוואַלד. די קרייצטרעגער האָבן חרוב געמאַכט די יידישע הייזער אין וואָרמס, האָבן גערויבט זייער פאַרמעגן, האָבן צעריסן און געטראָ־טן מיט די פיס זייערע ספרי תורות, וואָס זיי האָבן געפונען אין די שו־לן (18טן מאַי). אַ טייל פון דער יידישער באַפעל־קערונג האָט זיך באַהאַל־טן אין הויז פון דעם וואָרמסער בישאָף אַלע־בראַנד. דער בישאָף האָט נישט געקענט אָדער נישט געוואָלט זיי באַשיצן און ער האָט זיי אַן עצה גע־געבן זיי זאָלן זיך ראַטע־


די אַלטע וואָרמסער שול

ווען דורך שמד. די יידן האָבן געבעטן מען זאָל זיי געבן צייט זיך צו באַ־קלערן. פאַרן פּאַלאַץ פון דעם בישאָף האָבן די קרייצטרעגער זיך אויסגעלייגט גרייט צו פירן די יידן אין קירכע אָדער צום טויט. ווען די באַשטימטע צייט איז פאַריבער האָט דער בישאָף געעפנט די טיר וואָס האָט געפירט צו דער באַהעלטעניש פון די אומגליקלעכע, און האָט זיי געפונען אַלע שווימען אין אַ טייך בלוט: זיי האָבן באַשלאָסן בעסער זיך צו טייטן איידער זיך אָפּצוזאָגן פון זייער גלויבן. די צווייטע ווילדעוועטע קרייצטרעגער האָבן זיך לוסטיק געמאַכט איבער די טויטע קערפּערס פון די יידישע

מאַרטירער און די איבערגעבליבענע יידן פון וואָרמס האָבן זיי טיילווייז אויסגעהרגעט און טיילווייז אויסגעשמדט (25סטער מאַי). איין יינגל מיטן נאָמען שימחה כוהן, וועלכער האָט פאַרלאָרן אין דער שחיטה זיין פאָטער און זיינע ברידער האָט באַשלאָסן צו שטאַרבן, אָבער פריער נעמען נקמה פון די מערדער. ווען מען האָט אים אַוועקגעשלעפּט אין קלויסטער האָט ער פון אונטער זיינע מלבושים אַרויסגעכאַפּט אַ שווערד וואָס ער האָט נאָך פריער באַהאַלטן און האָט דערשטאָכן דעם בישאָפס פּלימעניק: די צערייצטע מאַסע האָבן דאָס יינגל צעריסן אין שטיקער אויפן אָרט. ערשט



די קרייצציגלער דעראָבערן ירושלים

ווען די קרייצטרעגער זיינען אַוועק פון וואָרמס האָט מען מקבר געווען די יידישע מאַרטירער. זייער צאָל האָט דערגרייכט אַכט הונדערט.

אין דער אייגענער צייט איז אַן אַנדערע מחנה קרייצטרעגער צוגעקומען צו מאַינץ. די היגע יידן האָבן זיך באַפעסטיקט אין דעם גרויסן שלאָס פון דעם בישאָף ראָטהאַרד, וועלכער האָט זיי פאַר געלט צוגעזאָגט צו באַשיצן און העלפן מיט זיין וואָך. ווען די קרייצטרעגער זיינען צוגעקומען צום שלאָס האָבן זיך די יידן גענומען פאַר די וואָפן, האָפנדיק, אַז

דעם בישאָפס וואָך וועט זיי העלפן; אָבער זיי זיינען ביטער אָפּגענאַרט געוואָרן. אין דעם געפערלעכסטן מאָמענט איז זיך די וואָך צעלאָפן און ראַטהאַרד אַליין, אויס מורא אָדער אויס פאַרראַט, איז אַנטלאָפן, איבער־לאָזנדיק די אומגליקלעכע אַליין. זעענדיק אַז צו שטעלן זיך אַנטקעגן וועט זיין אומזיסט, האָבן טייל יידן זיך אַליין געטויט און די איבעריקע האָבן זיך געלאָזט טויטן דורך די הענט פון די קרייצטרעגער. מער מענטש־לעך איז שוין געווען דער בישאָף פון קעלן. דערזעענדיק אַז די קרייצ־טרעגער קומען אָן, האָט ער אַ סך יידן אַרויסגעפירט פון שטאָט און ער האָט זיי באַהאַלטן אין די דערבייאיקע קליינע שטעטלעך, וואָס האָבן באַלאַנגט צו אים; די יידן וואָס זיינען געבליבן אין קעלן האָבן זיך באַ־האַלטן אין די הייזער פון זייערע קריסטלעכע שכנים. אויף אַזאַ אופן האָבן זיך אייניקע געראַטעוועט פון טויט אָבער די מערסטע וואָס האָבן זיך באַהאַלטן אין די אַרומיקע שטעטלעך זיינען אומגעקומען דורך די קרייצ־טרעגער. אומעטום פלעגן די יידן שטאַרבן העלדיש פאַר זייער גלויבן און פאָלק, און די וואָס זיינען מיט גוואַלד געשמדט געוואָרן פלעגן זיך אומ־קערן צום יידנטום אָדער פלעגן זיך אַליין נעמען דאָס לעבן, כדי אויס־צוקויפן זייער זינד, צו וועלכער זיי זיינען געצוואונגען געוואָרן.

פון די ברעגן פון ריין האָט די מחנה קרייצטרעגער זיך אַ רוק געטאָן ווייטער, צו די ברעגן פון דאָנוי, אומברענגענדיק אויף זייער וועג די יידן אין די שטעט פון דייטשלאַנד און בעמען. פאַרניכטנדיק און פאַרוויסטנ־דיק אַלץ אויף זייער וועג, פלעגן די באַנדעס אַליין אומקומען אין די טויזנטער פון הונגער און נויט אָדער זיי פלעגן אומגעבראַכט ווערן פון די פעלקער אין וועמעס לענדער זיי האָבן געבושעוועט. און אויף צו גיין צום הייליקן לאַנד האָט זיך געשאַפן אַ נייע אַרמיי פון קרייצטרעגער אונטער דער פירערשאַפט פון הערצאָג גאָטפריעד פון בוליאָן. נאָך אַ שווערן וואַנדערן פון דריי יאָר און נאָך אַ סך פאַרלוסטן אויפן וועג (אין ביזאַנטיע) האָט דער קרייצצוג דערגרייכט דאָס הייליקע לאַנד. ירושלים איז גענומען געוואָרן מיט שטורעם (15טן יולי 1099). די צעווילדעטע קרייצטרעגער האָבן אויסגעהרגעט אַלע מוכמעדאַנער, און די יידן, די תלמודיסטן אַזוי גוט ווי די קאַראַימער, האָבן זיי צונויפגעטריבן אין איין שול און זי אונטערגעצונדן. אַלע יידן זיינען אומגעקומען אין די פלאַמען און זייער פאַרמעגן איז צערויבט געוואָרן. די קרייצטרעגער האָבן איינ־

גענומען אַ טייל פון ארץ־ישראל און האָבן דאָרט געגרינדעט דאָס „ירושלימער קעניגרייך״.

די צרות פון די יידן אין דייטשלאַנד האָבן אין גיכן אויפגעהערט, אַ דאַנק דעם גוטן קעניג היינריך דעם 4טן, וועלכער האָט זיך פאַר זיי איינגעשטעלט. נישט אַכטנדיק אויף די פראָטעסטן פון די גלחים און פון דעם פויפּס, האָט דער קעניג דערלויבט אַלע יידן וואָס זיינען מיט גוואַלד געשמדט געוואָרן, זיך אומצוקערן צוריק צו זייער אמונה. ער האָט אויך באַשטראָפט אייניקע גלחים און אייניקע באַאַמטע, וועלכע האָבן דערלאָזן די הריגות אויף די יידן אין זיין ממשלה.

## § 15. דער צווייטער קרייצצוג.

אין עטלעכע צענדליק יאָר אַרום איז דאָס „קעניגרייך פון ירושלים״ געפאַלן און די מוכמעדאַנער האָבן ווידער גענומען דריקן די קריסטן. דאַן האָט מען אין אייראָפּע זיך גענומען גרייטן צו אַ נייעם קרייצצוג. בראש פון די קרייצטרעגער זיינען געשטאַנען: דער פראַנצויזישער קעניג לוד־וויג דער 7טער און דער דייטשער אימפּעראַטאָר קאָנראַד דער 3טער (1146). דער פראַנצויזישער מאָנאַך בערנאַרד פון קלערוואָ האָט איינגע־רעדט דעם עולם צו גיין גלייך אין דעם הייליקן לאַנד, אָבער אַנדערע מאָנאַכן האָבן געפּרעדיקט, אַז די קרייצטרעגער, איידער זיי גייען קעגן די מוכמעדאַנער דאַרפן זיך נעמען צו די יידן און זיי אויסשמדן אָדער פאַרניכטן. מיט אַזעלכע דרשות האָט דער גרויזאַמער דייטשער מאָנאַך רודאָלף געהעצט די קריסטן. אין אויגוסט פון יאָר 1146 האָבן זיך אין די ריין־שטעט ווידער אָנגעהויבן אָנגריפן אויף די יידן. אין דער אומגעגנט פון טריער און שפּייער זיינען געפאַלן די ערשטע יידישע מאַרטירער פון דעם נייעם קרייצצוג. זייענדיק אָנגעלערנט מיט דער „טרויעריקער דערפאַרונג פון 1096, האָבן די יידן אין אַ סך ערטער באַצאָלט ריזיקע סומעס געלט צו בישאָפן און פעאָדאַלע פירשטן פאַר דער דערלויבעניש זיך צו באַהאַלטן אין זייערע באַפעסטיקטע שלעסער און הויפן. קעניג ריכאַרד אַליין האָט געלאָזט די יידן זיך באַהאַלטן אין זיינע גיטער, אין נירנבערג און אין אַנדערע פעסטונגען. דער קעלנישער בישאָף אַרנאָלד האָט אָפּגעגעבן אין רשות פון די יידן די וואָלקענבורגער פעסטונג און ער האָט זיי דערלויבט זיך צו פאַרטיידיקן מיט וואָפן קעגן זייערע אָנ־

גרייפער. אָבער אַזעלכע באַהעלטענישן האָבן די יידן נישט פיל באַקומען. די שוצלאָזע יידן פון ווירצבורג זיינען אַטאַקירט געוואָרן: צוואַנציק מענטשן זיינען געהרגעט געוואָרן, צווישן זיי אויך דער באַשיידענער רב יצחק בן־אליקים, וועלכער איז דער־שטאָכן געוואָרן מיט אַ שווערד זיצנ־דיק פאַרטיפט איבער זיינע ספרים.

אין פרילינג פון 1147 האָבן זיך די פּאָגראָמען איבערגעחזרט אין עטלעכע ערטער אין פראַנקרייך. אין קאַראַנטאַן האָבן זיך די יידן פאַר־שפּאַרט אין איין הויף און האָבן זיך לאַנג פאַרטיידיקט קעגן די אָנפאַלער, האָבן אייניקע קרייצטרעגער פאַרוואונדעט און דערהרגעט, נאָר ענדלעך זיינען זיי אַלע געפאַלן אונטער די קלעפּ פון די שונאים וועלכע זיינען אַריינגעדרונגען אין הויף הינטן אַרום. אין דער שטאָט ראַמערו איז די פינצטערע מאַסע באַפאַלן די יידן אין דעם אַנדערן טאָג שבועות. די רויבער האָבן זיך אַריינגעריסן אין הויז פון דעם באַרימטן רבנו יעקב תם, האָבן צערויבט זיין פאַרמעגן, צעריסן די ספרים און אים אַליין אַוועקגע־שלעפּט אין פעלד. דאָ האָבן זיי דעם גרויסן רב געמאַכט פינף וואונדן אין קאָפּ, זאָגנ־דיק: „דו ביזט אַ גרויסער מאַן ביי יידן, דער־פאַר דאַרפן מיר זיך אין דיר נוקם זיין פאַר די ליידן פון אונדזער דערלייזער". גראָד דעמאָלט איז אין פעלד פאַרבייגעפאָ־רן עפּעס אַ ריטער. רבנו תם האָט


אַ קרייצטרעגער

זיך געווענדט צו אים ער זאָל אים ראַטעווען, צוזאָגנדיק אים דערפאַר אַ טייערן פערד. דער ריטער האָט איינגערעדט דעם עולם אָפּצוגעבן דעם רב צו אים, צוזאָגנדיק זיי אַז ער וועט אים איבעררעדן צום קריסטנטום. זיי האָבן אים געגלויבט און אויף אַזאַ אופן איז געראַטעוועט געוואָרן איי־נער פון די גרעסטע פאַרשטייער פון רבנישן יידנטום אין יענער צייט.

ערשט ווען די פראַנצויזישע און דייטשע קרייצטרעגער זיינען אַוועק אין מיזרח האָבן די יידן פרייער אָפּגעאָטעמט. די וואָס זיינען געווען פאַר־שפּאַרט אין די שלעסער און פעסטונגען האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוגיין

פון זייערע באַהעלטענישן און די וואָס זיינען מיט גוואַלד געשמדט גע־וואָרן האָבן זיך אומגעקערט צו זייער פריערדיקן גלויבן.

## § 16. דער דריטער קרייצצוג.

אין יאָר 1187 האָט דער עגיפּטישער סולטאַן סאַלאַדין (§ 12) אָפּגענומען ירושלים ביי די קריסטן און האָט געמאַכט אַ סוף צום „ירושלימער קעניגרייך". דאָס האָט געבראַכט צו אַ דריטן קרייצצוג אין וועלכן עס האָבן אַנטייל גענומען דער דייטשער אימפּעראַטאָר פרידריך באַרבאַראָסאַ, דער פראַנצויזישער קעניג פיליפּ־אויגוסט און דער ענגלי־שער קעניג ריטשאַרד לייבנהאַרץ. דאָס מאָל זיינען די הכנות צום קרייצ־צוג באַגלייט געוואָרן מיט אָנפאַלן אויף די יידן אין ענגלאַנד. די יידישע קהילות אין ענגלאַנד, וועלכע זיינען פאַרשטאַרקט געוואָרן פון די אָנגע־לאָפענע יידן פון פראַנקרייך, האָבן אין 12טן יאָרהונדערט פאַרנומען אַ חשוב אָרט אין דעם האַנדל פון לאַנד. די יידן האָבן געוואוינט אין לאָנדאָן און אין אַנדערע שטעט, און האָבן זיך באַשעפטיקט מיט האַנדל און באַנק־געשעפטן. די קעניגן האָבן זיי געגעבן די פרייהייט זיך צו באַוועגן, קויפן און פאַרקויפן איבערן גאַנצן לאַנד, אָבער זיי האָבן דערפאַר גענומען גרויסע שטייערן. צווישן די יידן פון לאָנדאָן און אַנדערע פּראָווינץ־שטעט פלעגן זיך טרעפן רייכע יידן וועלכע פלעגן וואוינען אין געמויערטע הייזער, „אַזוי ווי פּאַלאַצן". די גרויסע סוחרים און די באַנקירן פלעגן צוציען אַלעמענס אויגן און אויפוועקן דעם חשק פון די קעניגן און די קינאה פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, וועלכע האָט געהאַלטן אַלע יידן פאַר גבירים. אָט די געפילן, צוזאַמען מיט רעליגיעזן פאַנאַטיזם, האָבן צוגעגרייט דעם באָדן פאַר די אויפגערעגטע ליידנשאַפטן פון די מאַסן ערב דעם דריטן קרייצצונג.

די הכנות צו דעם צוג זיינען פאָרגעקומען אין דער צייט ווען ריטשאַרד דער 1טער (לייבנהאַרץ) איז אַרויף אויפן טראָן. אין דעם טאָג פון דער קרוינונג זיינען אין לאָנדאָנער קעניגלעכן פּאַלאַץ אָנגעקומען אַ סך דעפּוטאַציעס צו באַגריסן דעם נייעם קעניג. צווישן זיי איז אויך געווען אַ דעפּוטאַציע פון די יידן, וועלכע האָט געבראַכט מתנות דעם קעניג. דעם ענגלישן אַרצבישאָף באַלדווין איז נישט געפעלן געוואָרן וואָס אַ יידישע דעפּוטאַציע איז אויך געקומען. האָט ער אַ זאָג געטאָן צום

קעניג, אַז די „אומגלייביקע" יידן פאַרדינען נישט אַזאַ הויכן כבוד און אַז אָנצונעמען פון זיי מתנות איז אַן עבירה. דער קעניג האָט באַפוילן אַרויסצופירן די יידישע דעפּוטאַציע פון דעם קרוינונגס־זאַל. די הויף־דינער הערנדיק אַזאַ באַפעל האָבן די יידן מיט גראָבקייט אַרויסגעשטויסן. אין שטאָט האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער קעניג האָט דערלויבט צו רויבן די יידן. אַ צערייצטער לאָנדאָנער המון, צוזאַמען מיט די פאַר־זאַמלטע קרייצטרעגער, האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די יידן, האָבן זיי געהרגעט, צעשטערט זייערע הייזער און צערויבט זייער פאַרמעגן. די רייכע יידן האָבן זיך פאַרשפּאַרט אין זייערע הויכע און שטאַרקע הייזער, אָבער די רויבער האָבן די הייזער אונטערגעצונדן און די אומגליקלעכע זיינען אומגעקומען אין די פלאַמען (1189). אייניקע יידן זיינען געשטאָרבן פון זייער אייגענער האַנט ווייל זיי האָבן מורא געהאַט מיט גוואַלד גע־שמדט צו ווערן.

ווען אין גיכן נאָך דעם איז ריטשאַרד, בראש פון די קרייצטרעגער אַוועק אין מיזרח, האָבן זיך די פּאָגראָמען איבערגעחזרט אין אַנדערע שטעט אין ענגלאַנד. אַ שרעקלעכע טראַגעדיע איז פאָרגעקומען אין דער שטאָט יאָרק. דאָ האָבן זיך אַ סך יידן פאַרשפּאַרט אין דעם טורעם פון דער פעסטונג. זעקס טאָג האָבן די קריסטן באַלאַגערט דעם טורעם, די באַלאַגערטע האָבן געוואָרפן אויף זיי שטיינער און געהרגעט איין מאָנאַך. נאָר אין גיכן איז די שפּייז אין טורעם אויסגעגאַנגען און עס איז געוואָרן אוממעגלעך זיך ווייטער אָפּצושלאָגן. די באַלאַגערטע האָבן זיך באַראַטן וואָס צו טאָן. צווישן זיי איז געווען זייער רב ר' יום־טוב און ער האָט געזאָגט: „עס זעט אויס, אַז גאָט וויל אַז מיר זאָלן שטאַרבן פאַר אונדזער הייליקער תורה. דער טויט שטייט הינטער דער טיר און איר וועט ניט וועלן פעלשן אין גאָט כדי צו לעבן אַביסל לענגער אויף דער ערד. דער באַשעפער האָט אונדז געגעבן דאָס לעבן, לאָמיר עס אים אַליין אַוועק־געבן מיט אונדזערע אייגענע הענט. אַזאַ ביישפּיל האָבן אונדז געוויזן אַ סך הייליקע לייט און גאַנצע קהילות אין די אַמאָליקע צייטן און אויך אין דער נייער צייט". די ווערטער האָבן געווירקט און די פאַרשפּאַרטע, מיט דער אויסנאַם פון אייניקע קליינמוטיקע האָבן באַשלאָסן זיך אָנצו־טאָן אַ מיתה. דער ראש־הקהל, דער רייכער ר' יעקב (איינער פון דער דעפּוטאַציע צום קעניג) האָט צוערשט געטויט זיין געליבטע פרוי און דערנאָך איז ער אַליין געשטאָרבן פון דער האַנט פון דעם רב. אַזוי האָבן

אַ סך געמאַכט אַ סוף צו זייער לעבן. די איבעריקע זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן אויף מאָרגן, ערב שבת הגדול 1190, דורך די שונאים, וועלכע האָבן זיך אַריינגעריסן אין פעסטונג. דער שטעלפאַרטרעטער פון דעם קעניג האָט באַפוילן צו באַשטראָפן די שולדיקע פון דעם פּאָגראָם. אָבער מען האָט די שולדיקע נישט געכאַפּט; די קרייצטרעגער זיינען זיך צע־לאָפן אין אַלע זייטן און זייערע פירער זיינען אַנטלאָפן קיין סקאָטלאַנד. די לאַגע פון די יידן אין ענגלאַנד איז כסדר ערגער געוואָרן.

## § 17. די יידישע רעכטלאָזיקייט אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד.

די קרייצצוגן האָבן שטאַרק פאַרערגערט די געזעלשאַפטלעכע און עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן אין מערב־אייראָפּע. די מאַסן־וואַנדערונג פון אייראָפּע קיין אַזיע האָט צוזאַמענגעבראַכט נעענטער די צוויי וועלט־טיילן און די קריסטלעכע סוחרים האָבן אַרויסגעשטויסן די יידן ווי די האַנדלס־פאַרמיטלער צווישן די פאַרשיידענע פעלקער. אין אייראָפּע אַליין, וואָס מער עס האָט זיך אַנטוויקלט דאָס לעבן פון די שטעט, אַלץ גרעסער איז געוואָרן די צאָל פון קריסטלעכע סוחרים וועלכע האָבן פאַר־נומען דעם פּלאַץ פון די יידישע. די יידישע סוחרים זיינען אָפּגעשטויסן געוואָרן צו קליין־האַנדל. אַזוי ווי זיי זיינען געווען דערווייטערט פון ערדאַרבעט און פון אַ סך מלאכות זיינען די פאַרמעגלעכע יידן געצוואונ־גען געווען צו פאַרנעמען זיך מיט דעם געשעפט פון געלט־לייען. דאָס האָט נישט זעלטן געפירט צו צוזאַמענשטויסן צווישן די לייער און זייערע בעלי־חובות און האָט שפּעטער געבראַכט אויף יידן אומבאַשרייבלעכע צרות. צוזאַמען מיט זייער עקאָנאָמישער לאַגע איז אויך ערגער געוואָרן די לאַגע פון די יידן אין דער קריסטלעכער געזעלשאַפט. די בייזע געמי־טער, וואָס די העצעס פון די קרייצצוגן האָבן אַרויסגערופן, און דער ליידנשאַפטלעכער רעליגיעזער פאַנאַטיזם, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט גאַנ־צע שיכטן פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, האָבן אַוועקגעשטעלט די יידן אויף אַ געפערלעכן וואולקאַנישן באָדן: זיי האָבן געדאַרפט שטענ־דיק ציטערן; יעדער אויסברוך פון פאָלקס־צאָרן האָט געקענט ברענגען אויף זיי אומגליקן און חורבן. דער אָבערגלייבן פון פאָלק איז געשפּייזט געוואָרן פון פאַרשיידענע בייזע קלאַנגען, וועלכע האָבן אַרויסגעשטעלט די יידן אין די שוידערלעכסטע געשטאַלטן.

אין דער צייט האָט זיך צום ערשטן מאָל פאַרשפּרייט די פאַלשע און געמיינע באַשולדיקונג, אַז די יידן הרגענען קריסטלעכע קינדער ערב פּסח און זיי מישן אַריין זייער בלוט אין די מצות און ווייַן. די מענטשן וואָס האָבן אַליין פאַרגאָסן יידיש בלוט האָבן באַרעכטיקט זייער ווילד־קייט מיט דעם עלילת־דם. אין יאָר 1171 אין דער פראַנצויזישער שטאָט, בלואַ, איז אַ דינער פון אַ שטאָט־באַאַמטן געגאַנגען צום טייך אָנטרינקען זיין פערד. דאָס פערד האָט זיך פאַר עפּעס איבערגעשראָקן און איז אָפּ־געשפּרונגען, און דער דערשראָקענער דינער האָט זיך אומגעקערט אין שטאָט און דערציילט, אַז ער האָט געזען ווי אַ ייד האָט אַריינגעוואָרפן אין טייך דעם קערפּער פון אַ קריסטלעך יינגל. אויפן סמך פון דער באַ־שולדיקונג זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן אַרום 30 פערזאָן פון דער דאָר־טיקער יידישער קהילה. כדי צו דערגיין דעם אמת, האָבן די ריכטער זיך באַנוצט מיט דעם דעמאָלטיקן אָבערגלויבישן מיטל פון דער „וואַסער־פּרואוו“. מען האָט דעם דינער אַריינגעזעצט אין אַ שיפל, וועלכן מען האָט אָנגעפילט מיט וואַסער, און אויב דאָס שיפל איז נישט געזונקען איז דאָס געווען אַ סימן אַז דער דינער האָט געזאָגט דעם אמת. דאַן האָט מען די אַרעסטירטע יידן פאַרשלאָסן אין אַ הילצערנעם טורעם לעבן וועלכן מען האָט פאַנאַנדערגעלייגט אַ גרויסן פייער. ווען מען האָט די יידן פאָרגעשלאָגן זיי זאָלן זיך שמדן און דערמיט זיך ראַטעווען האָבן זיי זיך שאַרף אָפּגעזאָגט. האָט מען זיי אַריינגעוואָרפן אין פייער און פאַר־ברענט (כ׳ סיוון פון יאָר 1171). די יידן זיינען געשטאָרבן העלדיש, זינ־גענדיק „עלינו“, אַזוי ווי אויף חוזק זייערע פייניקער. אין אָנדענק פון די מאַרטירער האָבן די רבנים פון בלואַ פעסטגעשטעלט אַ ספּעציעלן תענית.

פיליפּ־אויגוסט, וועלכער האָט זיך באַטייליקט אין דעם דריטן קרייצצוג און איז געווען שרעקלעך געלט־גייציק, האָט גרויזאַם פאַר־פאָלגט זיינע יידישע אונטערטאַנער. ער האָט זיך שטענדיק געניטיקט אין אין געלט צו פירן זיינע מילחמות און ער האָט מיט אַלע קרעפטן גע־צאַפּט געלט ביי די יידן. אין יאָר 1181 האָט ער באַפוילן צו אַרעסטירן אַלע יידן אין פּאַריז אין אַ שבת, ווען זיי זיינען געשטאַנען אין די שולן און געדאַווענט, און געהייסן לייגן אַ חתימה אויף זייער אייגנטום. די יידן האָבן אויפגעקליבן 15.000 מאַרק אין זילבער און געגעבן דעם קעניג; דעמאָלט האָט מען זיי אַרויסגעלאָזט אויף דער פריי. נאָר מיט אַ יאָר

שפּעטער האָט פיליפּ־אויגוסט געגאָסן נאָך אַ געשמאַקערן ביסן: ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אַז אַלע יידן וואָס וואוינען אויף די קעניג־לעכע לענדערייען זאָלן זיך אַרויסציען אין פאַרלויף פון דריי חדשים פון אַפּריל ביז יולי. די אַרויסגעטריבענע האָבן געמעגט מיטנעמען אָדער פאַרקויפן בלויז זייער באַוועגלעכן אייגנטום: אָבער זייער גאַנצן אומ־באַוועגלעך פאַרמעגן: הייזער, גערטנער, שפּייכלער און וויין־קעלערס — געהערן צום קעניג (1182). די פאַרלאָזטע שולן זיינען פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין קירכן. די יידן, וועלכע זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון די קעניג־לעכע לענדערייען (דער קרייז פון פּאַריז) האָבן געמוזט זוכן וואוינערטער אין די לענדערייען פון די פראַנצויזישע פעאָדאַלן — באַראָנען און גראַפן, וועלכע האָבן זיי געגעבן שוץ. אין זעכצן יאָר אַרום, אַז דער קעניג האָט זיך ווידער געניייטיקט אין געלט, האָט ער צוריק דערלויבט די יידן זיך צו באַזעצן אויף זיינע לענדער נעמענדיק פון זיי גרויסע אָפּצאָלן פאַר דאָס רעכט צו וואוינען און האַנדלען (1198).

פון אַזעלכע נגישות און דערנידערונגען זיינען פריי געווען בלויז די יידן פון דער דרום־פראַנצויזישער פּראָווינץ פּראָוואַנס. דאָ האָבן די פעאָדאַלע גראַפן זיך גוט פאַרהאַלטן צו די יידן; די קריסטלעכע באַפעל־קערונג פון דאַנען, וועלכע פלעגט קומען אין באַרירונג מיט די איינוואוי־נער פון דעם שכנישן אַראַבישן שפּאַניע, זיינען געווען וועיניקער אָבער־גלייביש איידער אין צפון. די יידן פון פּראָוואַנס זיינען געווען די פאַרשפּרייטער פון בילדונג: זיי האָבן אַרויסגעגעבן אַ סך געלערנטע, איבערהויפּט דאָקטוירים.

טרויעריקע רעזולטאַטן האָט די עפּאָכע פון די קרייצצוגן געבראַכט פאַר דעם בירגערלעכן און אינערלעכן לעבן פון די יידן אין דייטשלאַנד. דער וויכטיקסטער רעזולטאַט פון דער טרויעריקער צייט איז געווען דאָס, וואָס די יידן האָבן זיך צופיל אָפּגעזונדערט פון דער ארומיקער קריסט־לעכער באַפעלקערונג. אַזוי ווי אַ דערשראָקענע סטאַדע שעפּסן, דער־וואַרטנדיק דעם אָנפאַל פון אַ ווילדער חיה, שלאָגט זיך צוזאַמען אין אַ הויפן אַזוי האָבן די יידן, זיך געפינענדיק צווישן שונאים און דערוואַרטנ־דיק יעדן טאָג אַן אויסברוך פון זייערע ליידנשאַפטן, אַלץ מער זיך דער־ווייטערט פון דער פיינדלעכער סביבה און האָבן זיך פאַרשלאָסן אין דעם קרייז פון זייערע אייגענע נאַציאָנאַלע אינטערעסן. דער צווייטער רע־זולטאַט פון דער ביטערער צייט איז געווען דאָס, וואָס די יידן זיינען

געוואָרן דאָס אייגנטום פון די דייטשע קעניגן, ווייל זיי זיינען געווען זייערע וויכטיקסטע באַשיצערס אין דער צייט פון די ווילדע מאַסן־אויסברוכן. פון 12טן יאָרהונדערט אָן האָבן די יידן פון דייטשלאַנד זיך גערעכנט פאַר „קאַמער־קנעכט" פון די דייטשע הערשער. זיי זיינען געשטאַנען נישט אונטערן שוץ פון אַלגעמיינע בירגערלעכע רעכט, נאָר אונטערן שוץ פון קעניג, אַזוי ווי זיין פּערזענלעך אייגנטום. און פון דעם אייגנטום האָט מען געזוכט אַרויסצוקריגן וואָס מער הכנסה. די יידן האָבן געדאַרפט צאָלן אי די געוויינטלעכע שוץ־שטייערן איר די ספּעציעלע שטייערן, וואָס זיינען געפאַלן זייער שווער אויף זיי. אויסער די שטייערן צום קעניג האָבן די יידן נאָך געצאָלט באַדייטנדיקע שטייערן די פּעאָדאַלע פירשטן און די שטאָטישע מאַגיסטראַטן אויף וועמענס לאַנד זיי האָבן געוואוינט; פון זייער אומבאַוועגלעכן אייגנטום האָבן זיי געדאַרפט צאָלן צען פּראָצענט צו דער קירכע. דאָך ווען דער המון פלעגט די יידן באַפאַלן פלעגן זיי מוזן צאָלן באַזונדער, אויב זיי האָבן געוואָלט קריגן שוץ. אַזוי צום ביישפּיל, האָט פרידריך באַרבאַראָסאַ, אַוועקגייענדיק אויפן דריטן קרייצצוג, אָנגענומען שטרענגע מיטלען קעגן אָנפאַלן אויף די יידן, אָבער דערפאַר האָבן די יידן געמוזט געבן גרויסע סומעס געלט פאַרן קרייצצוג.

## § 18. רש"י און די בעלי־התוספות.

די שווערע ליידן און דערנידערונגען האָבן פון דעסט וועגן נישט געקענט דערשטיקן אין די יידן יענע גייסטיקע טעטיקייט, וועלכע איז לויט דעם אויסדרוק פון רבי עקיבא, נייטיק פאַרן יידן ווי וואַסער פאַר די פיש. זייענדיק פאַרפאָלגט, האָבן די יידן געפונען טרייסט בלויז אין זייער גייסטיקן לעבן, אין זייער רעליגיע, אין דער ירושה פון זייער גרויסער פאַרגאַנגענהייט. נאָך פאַר די קרייצצוגן איז צווישן די פראַנצויזישע און דייטשע יידן געווען שטאַרק פאַרשפּרייט דאָס לערנען פון תלמוד, וועלכן עס האָבן געגעבן אַ שטויס פאָראויס רבנו גרשום און די „חכמי לותרניה" (לאָטרינגען). אין זעלבן יאָר ווען עס איז געשטאָרבן רבינו גרשום (1040) איז אין דער פראַנצויזישער שטאָט טרואַ געבוירן געוואָרן אַ מענטש וועלכער האָט געמאַכט דעם תלמוד צוגענגלעך פאַרן גאַנצן פאָלק — דאָס איז געווען רבינו שלמה יצחקי, וועלכער איז באַוואוסט מיט דעם פאַרקירצטן נאָמען — רש"י.

אין דער יוגנט האָט רש״י געלערנט תלמוד אין די ישיבות פון די „חכמי לותרניה״. אַזוי ווי דער פּאַרצייטיקער תנא רבי עקיבא, האָט רש״י שוין נאָך דער חתונה פאַרלאָזט זיין פאַמיליע און האָט זיך געוואָגלט פון שטאָט צו שטאָט צו הערן גאָטס וואָרט פון די ליפּן פון גרויסע לערער. „איך האָב געאַרבעט — דערציילט ער — אונטער דער השגחה פון מיינע לערער אין אַ צייט ווען איך האָב נישט געהאָט קיין ברויט, קיין קליידער און האָב געהאָט אויף מיינע פּלייצעס דעם יאָך פון אַ הויזגעזינט״. ערשט נאָך לאַנגער מי, ווען ער האָט דערלערנט די גאַנצע ביבלישע און תלמודישע ליטעראַטור, האָט זיך רש״י אומגעקערט צו זיין פאַמיליע אין טרואָ. אין גיכן האָט דער שם פון דעם יונגן געלערנטן זיך פאַרשפּרייט אין גאַנץ פראַנקרייך און דייטש־לאַנד; מען האָט זיך אָנ־געהויבן צו ווענדן צו אים מיט שאלות ותשובות, אַ סך לערנער זיינען גע־קומען אין דער ישיבה פון רש״י אין טרואָ. דערקלערנדיק זיינע צו־



רש״ים שיל

הערער דעם תנ״ך און איבערהויפּט דעם תלמוד האָט רש״י זיך מער פון אַלץ געמיט צו מאַכן דעם ענין אַזוי איינפאַך, און אַזוי פאַרשטענדלעך, אַז אפילו אַ קינד זאָל עס קענען פאַרשטיין. נאָר רש״י האָט זיך נישט באַנוגנט דערמיט; ער האָט געוואָלט מאַכן גרינג דאָס לערנען פון דער יידישער חכמה אויך פאַר די קומענדיקע דורות. אין יענער צייט איז דאָס לערנען פון תלמוד געווען באַגלייט מיט אַ סך שוועריקייטן. אָן דער הילף פון געניטע לערער און רבנים איז נישט מעגלעך געווען צו פאַרשטיין נישט די שווערע שפּראַך פון דעם תלמוד, נישט דעם צוזאַ־מענהאַנג פון זיין אינהאַלט. מען האָט געדאַרפט זיך לאַנג וואָגלען איבער פאַרשיידענע ישיבות כדי צו ווערן אַ געלערנטער תלמודיסט. און דעמאָלט

האָט רש״י זיך גענומען צו פאַרפאַסן אַ געשריבענעם פירוש אויפן תלמוד. אין זיין פירוש צום תלמוד בבלי דערקלערט ער קורץ, קלאָר און פאַר־שטענדלעך סיי די שווערע אויסדרוקן פון טעקסט, סיי דעם גאַנצן פאַרוויקלטן געדאַנקען־גאַנג פון די פאַרצייטיקע חכמים. מיט איין קורצער באַמערקונג באַזייטיקט רש״י אָפט די גרעסטע שוועריקייטן צו פאַרשטיין דעם טעקסט. אַ דאַנק דעם מוסטערהאַפטן פירוש פון רש״י איז מעגלעך געוואָרן צו לערנען דעם תלמוד אָן דער הילף פון לערער, און אַפילו מיט יונגע קינדער. ריכטיק פלעגן זאָגן די מענטשן פון יענער צייט אַז אָן דעם פירוש פון רש״י וואָלט דער תלמוד געבליבן אַזוי ווי אַ פּאַלאַץ אָן אַ שליסל. דער פירוש ווערט ביז היינטיקן טאָג געדרוקט צוזאַמען מיטן תלמוד בבלי, זייט ביי זייט מיטן טעקסט. רש״י האָט אויך געמאַכט אַ פירוש אויפן תנ״ך, וואו דער טעקסט ווערט דערקלערט נישט אַזוי אין בוכשטעבלעכן זין ווי לויט די דערקלערונגען און די אגדות פון תלמוד. ביידע פירושים פון רש״י זיינען שפּעטער איינגעפירט געוואָרן אין אַלע חדרים.

רש״ין איז באַשערט געווען איבערצולעבן די שרעקלעכע יאָרן פון דעם ערשטן קרייצצוג. ער איז געשטאָרבן אין וואָרמס, אין יאָר 1105, איבערלאָזנדיק דריי טעכטער, פון וועלכע איינע איז געווען זיין מיטהעלפערין אין זיינע געלערנטע אַרבעטן. די דאָזיקע טעכטער זיינען געוואָרן די ווייבער פון באַוואוסטע תלמודיסטן און האָבן געבוירן זין, וועלכע זיינען באַרימט געוואָרן פאַר זייער לומדות. סיי די איידעמס סיי די איניקלעך פון רש״י האָבן פאָרגעזעצט זיין אַרבעט. איינער פון זיינע איניקלעך איז געווען יענער רב יעקב תם, וועלכער איז שיעור ניט אומגעקומען אין דער צייט פון צווייטן קרייצצוג (§ 15). רבנו תם האָט געהאַט אַ שם פאַרן גרעסטן בעל־זורה פון זיין צייט. ער איז געווען דער גדול־הדור. ער האָט געלעבט אין ראַמערו, אין פראַנקרייך, און איז געווען דער פירער פון אַ ישיבה, פון וועלכער עס זיינען אַרויסגעקומען אַ סך גרויסע רבנים. ער האָט פאַרפאַסט עטלעכע טיפזיניקע ספרים איבערן תלמוד, פון וועלכע עס איז באַזונדערס באַוואוסט דער „ספר הישר“. פון צייט צו צייט פלעגט רבנו תם צונויפרופן אסיפות פון רבנים, וואו עס פלעגן באַהאַנדלט ווערן פראַגן און פּראָבלעמען פון יידישן לעבן. צווישן אַנדערע זאַכן האָבן די רבנים מתקן געווען אַז יידן זאָלן זיך משפטן צווישן זיך און ניט גיין אין קריסטלעכן געריכט, נאָר אין דעם רבנישן „בית־דין“,

וואו עס פלעגט געמשפּט ווערן לויטן יידישן דין און לויט די יידישע מינהגים.

אַלע איידעמס און אייניקלעך פון רש״י און זייערע תלמידים זיינען געווען באַוואוסט אונטערן נאָמען „בעלי־התוספות״, ד״ה די „צוגעבער״, ווארום זיי האָבן געשריבן זייערע געלערנטע דערקלערונגען ווי הוספות (צוגעבונג) צו רש״יס פּירוש. אין די ישיבות פון די בעלי־התוספות, אַזוי ווי אַמאָל אין די ישיבות פון בבל, פלעגט מען זוכן צו שאַרפן די מוחות דורך טיפזיניקע וויכוחים אין תורה און תלמוד. די בעלי־התוספות פלעגן אריינדרינגען אין די טיפענישן פון די שווערע תלמודישע פאַרהאַנדלונ־גען און דינים פלעגן אויפדעקן זייערע קוואַלן און פלעגן אויסגלייכן זייערע סתירות. די צאָל פון די בעלי־התוספות אין 12־טן און 13־טן יאָר־הונדערט האָט דערגרייכט ביז 150. „תוספות״, ד״ה, די דערקלערונגען פון די בעלי־התוספות, דרוקן זיך נאָך עד היום אין אַלע אויסגאַבעס פון תלמוד, זייט ביי זייט מיט רש״י.

די פראַנצויזישע און די דייטשע יידן האָבן זיך ניט אָפּגעגעבן מיט וועלטלעכער בילדונג און פילאָזאָפיע אַזוי ווי די שפּאַנישע יידן, נאָר האָבן זיך אין גאַנצן געווידמעט דעם תלמוד. בלויז אין פּראָוואַנס, וועלכע איז געשטאַנען אונטערן איינפלוס פון שפּאַניע איז די ליטעראַרישע שאַפונג געווען מער פאַרשיידנאַרטיק. די געלערנטע פון דער פאַמיליע אבן־תבון האָבן איבערזעצט פון אַראַביש אויף העברעאיש די פילאָזאָפישע ווערק פון רבי יהודה הלוי, רמב״ם און אַנדערע דענקער. די קמחיס (איבער־הויפּט איינער פון דער דאָזיקער פאַמיליע, — רב דוד קמחי, אָדער דער רד״ק) האָבן באַאַרבעט דעם העברעאישן דיקדוק און האָבן געשריבן פּירו־שים אויפן תנ״ך. אָבער אין צפון־פראַנקרייך און דייטשלאַנד איז ניט געווען קיין באָדן פאַר פרייער פאָרשונג. דאָ אין מיטן פון די נאַציאָנאַלע אומגליקן, האָבן זיך די געלערטע פאַרטיפט אין גאַנצן אין זייערע רעלי־גיעזער ליטעראַטור, און האָבן אין איר געזוכט טרייסט און מוט. אויסער דעם תלמוד האָבן זיי זיך אָפּגעגעבן מיט רעליגיעז־מאָראַלישע לערעס. ר׳ יהודה חסיד, איינער פון די בעלי־התוספות (אַרום 1200) האָט אָנגע־שריבן דעם „ספר חסידים״ וואו צוזאַמען מיט דערהויבענע מאָראַלישע לערעס געפינען זיך מעשות, וואָס יאָגן אַרויף אַ שרעק אויפן לייענער. אָט זיינען אייניקע שטעלן פון דעם דאָזיקן ספר: „מען טאָר ניט ריידן קיין פאַלשקייט; מען טאָר ניט מיט דער צונג ריידן איינס און אין געדאַנק

טראַכטן עפּעס אַנדערש, וואָרום דער געדאַנק און די צונג דאַרפן שטי־
מען. דעם כלל דאַרף מען אָפּהיטן אפילו צו די מענטשן פון אַנדערע גלוי־
בנס. מען טאָר ניט אָפּנאַרן ניט קיין יידן און ניט קיין גוי, וואָרום
גאָט היט אַלע פרידלעכע מענטשן, סיי יידן, סיי גויים". „אויב מען זידלט
דיך אָדער מען רעדט פאַר דיר גראָבקייטן, שווייג. דער כלל פון דעם קלוגן
איז שווייגן: ווען איך רעד קען עס נאָך מיר שפּעטער באַנג טאָן; אָבער
ווען איך שווייג וועט מיר קיין מאָל ניט באַנג טאָן". „יינגלעך און מייד־
לעך זאָלן ניט קומען צוזאַמען און ניט שפּילן צוזאַמען. איין מאָל איז
אַ מאַן געפאָרן ביינאַכט. ביים שיין פון דער לבנה האָט ער דערזען אַ סך
גרויסע וועגן אין וועלכע עס זיינען געזעסן מענטשן און אין וועלכע עס
זיינען געווען איינגעשפּאַנט אויך מענטשן, און ווען מען האָט די לעצטע
געפרעגט, פאַרוואָס זיי שלעפּן די וועגן, האָבן זיי געענטפערט: ווען מיר
האָבן געלעבט פלעגן מיר זיך לוסטיק מאַכן מיט פרויען, און איצט קומען
מיר אַזוי אָפּ דערפאַר". דער ספר איז פול מיט מעשׂות פון מתים, שדים
און ניט־גוטע. אין דעם ספר באַגעגנט זיך צום ערשטן מאָל דער פאָלקס־
גלויבן, אַז אין מיטן נאַכט שטייען אויף די מתים פון די קברים און קלייבן
זיך צוזאַמען אין די ליידיקע שולן, און דאַוונען; און ווער עס זעט די
מתים דאַוונען אָדער הערט זייער קול, דער שטאַרבט אין פאַרלויף פון
עטלעכע טעג.

די שווערע ליידן וואָס די יידן האָבן איבערגעלעבט אין דער צייט
פון די קרייצצוגן זיינען אויסגעדריקט געוואָרן אין אַ סך סליחות, וועלכע
מען זאָגט אין די טעג פון תעניתים.

קאַפּיטל 4.

# די דורות פון מאַרטירערטום ביז גירוש פראַנקרייך

(1394—1215)

## § 19. פּויפּס אינאָקענטיוס דער 3טער.

די קרייצצוגן האָבן זייער פיל פאַרשטאַרקט די גייסטלעכע און וועלט־לעכע מאַכט פון די רוימישע פּויפּסן. גאַנץ מערב אייראָפּע איז געוואָרן אַזוי ווי איין מלוכה, וואו עס האָט געהערשט אומבאַגרענעצט דער עלטס־טער פון דער קאַטוילישער קירכע, וועלכער האָט געוואוינט אין רוים, און וועלכער פלעגט פאַנאַנדערשיקן זיינע באַפעלן צו קעניגן און פעל־קער. די מאַכט פון די פּויפּסן האָט דערגרייכט איר העכסטע שטופע אין דער צייט פון פּויפּס אינאָקענטיוס דעם 3־טן אין אָנהייב פון 13־טן יאָרהונדערט. דאָס איז געווען אַ שטרענגער מענטש און האָט ליב געהאַט צו הערשן. ער האָט גרויזאַם געשטיקט די מינדסטע סימנים פון פרייען געדאַנק און ער האָט געזען אַ געפאַר אין דעם וואָס די יידן לעבן צווישן די קריסטן און פאַרגיפטן זיי מיט זייער אַפּיקורסות. נאָר אַזוי ווי אומ־צוברענגען אַלע יידן איז געווען אומעגלעך, האָט דער פּויפּס געוואָלט לכל הפּחות זיי פאַרוואַנדלען אין אַ רעכטלאָזן קלאַס. די יידן — פלעגט ער שרייבן אין זיינע קירכלעכע צושריפטן צו די קעניגן און פירשטן — זיינען פאַרמישפּט צו אייביקער קנעכטשאַפט דערפאַר וואָס זייערע על־טערן האָבן געקרייציקט יעזוסן; זיי מוזן, אַזוי ווי דער ברודער־מערדער קין, זיך אייביק וואָגלען איבער דער וועלט און אָפּקומען פאַר זייער זינד;

קריסטלעכע הערשער דאַרפן זיי דעריבער ניט באַשיצן נאָר פאַרקערט, דאַרפן זיי פאַרקנעכטן און האַלטן אָפּגעזונדערט פון די קריסטן, אַזוי ווי אַ געדולדעטן, רעכטלאָזן נידעריקן קלאַס מענטשן, כדי עס זאָל זיין אַ קענטיקער סימן צווישן די געטרייע קינדער פון דער קירכע און די פאַר־שטויסענע קינדער פון דער שול.

די שינאה פון אינאָקענטיוס דעם 3־טן צו די יידן האָט געהאַט אַ שטאַרקע שייכות מיט דער באַוועגונג פון די „אַלביגענזער", וואָס איז אין יענער צייט אויפגעקומען אין דרום־פראַנקרייך. אונטער דעם איינ־פלוס פון דער יידיש־אַראַבישער בילדונג וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט אין פּראָוואַנס האָבן די אָרטיקע קריסטן אָנגעהויבן לייענען און פריי טייטשן די ביבל און זיי האָבן איינגעזען, אַז די לערע פון דער רוימיש־קאַטוי־לישער קירכע אונטערשיידט זיך שטאַרק פון די אמתע לערעס פון דעם עוואַנגעליום. עס האָט זיך געגרינדעט אַ סעקטע „אַלביגענזער", וועלכע האָט געפּרעדיקט אַ ריין קריסטנטום און האָט זיך פאַרהאַלטן מיט פיינט־שאַפט צו דער רוימישער קירכע. דער פּויפּס האָט אָנגעהויבן שרעקלעך צו רודפן די אַלביגנעזער און ער האָט געמאַכט אַ קרייצצוג קעגן זיי. די קרייצטרעגער האָבן זיך אַריינגעריסן אין פּראָוואַנס האָבן דאָרט אויס־געהרגעט צענדליקער טויזנטער „אַפּיקורסים" און האָבן פאַרוויסט דאָס לאַנד. עס האָבן געליטן אויך די יידן, וועלכע זיינען באַטראַכט געוואָרן פאַר די ערשטע שולדיקע. ווען די פאַנאַטישע מחנות פון דעם מאָנאַך אַרנאָלד האָבן גענומען די שטאָט בעזיער האָט מען צווישן די געהרגעטע געפונען צוויי הונדערט יידן (1209). „שלאָגט אַלעמען — האָט אַרנאָלד אָנגעזאָגט די קרייצטרעגער — און דאָרט אויפן הימל וועט שוין גאָט אַליין דערקענען ווער עס זיינען די שולדיקע און ווער ניט!".

אין דרום־פראַנקרייך איז איינגעפירט געוואָרן די „אינקוויזיציע", אָדער אַ געהיימער קירכלעכער געריכט צו אויסשפּירן און אויסראָטן פריי־דענקנדיקע קריסטן און יידן. אין דער דאָזיקער צייט איז אויך געגרינ־דעט געוואָרן דער מאָנאַכישער אָרדן פון די ד אָ מ י נ י ק אַ נ ע ר, וועלכער האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו פאַרהיטן די קירכע פון יעדן סימן פון פרייען געדאַנק. די דאָמיניקאַנער זיינען געוואָרן די ביטערסטע פיינט פון די יידן, האָבן זיי שטענדיק פאַרפאָלגט און דערנידעריקט.

דער רוימישער פּויפּסט און זיין אַרמיי מאָנאַכן האָבן געזוכט אָפּצו־שניידן יעדע באַציאונג צווישן יידן און קריסטן. אין יאָר 1215 האָט אי־

נאָקענטיוס דער דריטער צוזאַמענגערופן אַן אסיפה פון דער קירכע, מיטן צוועק אָנצונעמען מיטלען קעגן די אפיקורסים און די אָנהענגער פון אַנדערע אמונות אין אַלע לענדער. צווישן אַנדערעס האָט די אסיפה אָנגענומען אַ ריי געזעצן קעגן די יידן. די קריסטלעכע הערשער זיינען פאַרזאָגט געוואָרן: ניט צוצולאָזן קיין יידן צו שטעלעס פון דער רעגירונג; ניט דערלויבן זיי זיך צו ווייזן אין גאַס אין דער קריסטלעכער פסח־וואָך; אַכטונג צו געבן אַז די געשמדטע יידן זאָלן אין געהיים נישט אָפּהיטן זייער פריערדיקע אמונה; צו צווינגען יידן וואָס קויפן אָפּ הייזער פון קריסטן, צו צאָלן שטייערן דער קירכע. אָבער דאָס גרויזאַמסטע מיטל וואָס די קירכן־אסיפה האָט אָנגענומען איז געווען דער „שאַנד־צייכן". אַזוי ווי אין אַ סך לענדער האָבן זיך די יידן ניט אונטערשיידט אין זייער קליידונג פון די קריסטן און דערפאַר איז געווען גרינג זיי צו פאַרבייטן, דערייבער האָט די אסיפה באַשלאָסן, אַז די יידן, סיי מענער סיי פרויען, זאָלן טראָגן אַן אַנדער קליידונג, אָדער אַ באַזונדערן צייכן אויף זייערע קליידער פון עפּעס אַ העלן קאָליר. שפּעטער אין ווייטער פעסטגעשטעלט געוואָרן אַז





יידן אין זייער שענדלעכער הלבשה

דער דאָזיקער צייכן דאַרף זיין אַ קיילעכדיקע געלע לאַטע, וועלכע זאָל געטראָגן ווערן אויפן הוט אָדער אויפן אויבערשטן מלבוש. דער דאָזיקער צייכן האָט געדאַרפט דינען ווי אַ שאַנד־פלעק פאַר יעדן יידן.באַגעגענדיק אַזאַ יידן האָט יעדער קריסט אים געקענט אומבאַשטראָפט באַליידיקן, פון אים חוזק מאַכן; און דער ייד אַליין, טראָגנדיק אַזאַ צייכן, האָט זיך געמוזט פילן דערנידעריקט און שוצלאָז. צום גליק האָבן ניט אַלע הער־שער אויסגעפירט דעם באַשלוס פון דער קירכן־אסיפה, און ניט אַלע יידן האָבן געפאָלגט. די שטאָלצע שפּאַנישע יידן, וואָס האָבן געוואוינט אין קריסטלעכע לענדער, האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו טראָגן די געלע לאַטע, און אין אַנדערע לענדער פלעגן רייכע יידן זיך אויסקויפן דערפון מיט געלט.

## § 20. די רדיפות אויפן תלמוד און דיספוטן.

די הייסטע אָנהענגער פון דער רוימישער קירכע אין יענער צייט זיינען געווען די פראַנצויזישע קעניגן. דער פרומער קעניג „לואיס דער הייליקער" איז געווען אַ בלינד געצייג אין די הענט פון די גלחים און האָט פאַרפאָלגט די יידן מיט דער כוונה צו צווינגען זיי צום קריסטנטום. ניט באַנוגנדיק זיך מיט די רדיפות אויף די יידן האָט דער קעניג און די גלחים גענומען רודפן אויך די יידישע אמונה. איין געשמדטער ייד ני־קאָלאַי דאָנין, פון וועלכן זיינע געוועזענע יידישע פריינד האָבן זיך אָפּ־געקערט מיט פאַראַכטונג, האָט פאַרמסרט פאַרן פויפּס גרעגאָר דעם 9־טן, אַז אין תלמוד געפינען זיך אַ סך שעדלעכע מיינונגען און באַליי־דיקנדיקע אויסדריקן אַנטקעגן קריסטן. דער פויפּס האָט באַפוילן די בישאָפּס זיך צו באַקענען מיטן אינהאַלט פון דעם תלמוד, און אויב זיי וועלן געפינען אַז די מסירה פון דאָנין איז אמת, זאָל מען דעם תלמוד עפנטלעך פאַרברענען. די אויספאָרשונג האָט זיך אָנגעהויבן אין דער פראַנצויזישער הויפּטשטאָט, אין פאַריז. ביי אייניקע פאַריזער יידן האָט מען אָפּגענומען זייערע גמראס און מען האָט גערופן די רבנים זיי זאָלן דערקלערן. אין גיכן איז אין פאַריז באַשטימט געוואָרן אַן עפנטלעכער וויכוח אָדער דיספוט צווישן דעם מוסר ניקאָלאַי דאָנין און פיר רבנים בראש פון וועלכע עס איז געשטאַנען דער אָנגעזעענער פאַריזער רב יחיאל. דער דיספוט איז פאָרגעקומען אין יוני, 1240, אין דעם בייזיין

פון די העכסטע באַאַמטע פון הויף, פון דער קירכע און אַדעליקע. רבי יחיאל האָט גלענצנדיק אָפּגעשלאָגן די באַשולדיקונגען פון דעם משומד, דערווייזנדיק אַז אין תלמוד זיינען ניטאָ קיינע שום באַליידיקנדיקע מיינונגען וועגן פרעמדע רעליגיעס בכלל און קעגן קריסטנטום בפרט. אָבער אומזיסט איז געווען די מי פון די רבנים. דער שיקזאַל פון תלמוד איז געווען באַשטימט פאָראויס. פון אַלע עקן פראַנקרייך האָט מען צוזאַמענגעפירט די גמראס וואָס מען האָט אָפּגענומען ביי די יידן, און פיר און צוואַנציק שווער אָנגעלאָדענע וועגן מיט די דאָזיקע ספרים האָט מען עפנטלעך פאַרברענט אין איינער פון די פאַריזער גאַסן (1242). די נאָכריכט וועגן דער פאַרברענונג פון די הייליקע ספרים האָט אַרויסגערופן גרויס טרויער ביי די יידן אין אַלע לענדער. עס איז פאַרפאַסט געוואָרן אַ „קינה" וועגן דעם אומגליק, וועלכע מען האָט געזאָגט אין די שולן. די קינה הייבט זיך אָן מיט די ווערטער:

> פרעג, אַ, פאַרברענטע (תורה) וואָס מאַכן
> די וואָס וויינען אויף דייַן שרעקלעכן מזל?

די פאַרברענונג פון תלמוד האָט געבראַכט אַ שווערן קלאַפּ צו דער יידישער געלערנטקייט אין פראַנקרייך. די צאָל פון די ישיבות האָט אָנגעהויבן קלענער צו ווערן און די טעטיקייט פון די בעלי־התוספות האָט זיך אויפגעהערט.

די דיספוטן צווישן די רבנים און גלחים זיינען פאָרגעקומען דעמאָלט אויך אין דעם קעניגרייך אַראַגאָניע, אין דעם קריסטלעכן טייל פון שפּאַניע. דער קעניג פון אַראַגאָניע, יאַקאָב דער 1־טער, איז געווען אַ הייסער קאַטאָליק און האָט געחלומט וועגן איבערשמדן די יידן און די אַראַבער. די דאָמיניקאַנער האָבן אין זייערע שולן געלערנט העברעאיש און אַראַביש, כדי די מאָנאַכן זאָלן קענען מיט דערפאָלג פאַרשפּרייטן דאָס קריסטנטום צווישן די צוויי פעלקער. צווישן די דאָזיקע מאָנאַכן־מיסיאָנערן איז געווען דער יידישער משומד פּאַולוס קריסטיאַני. פּאַולוס האָט אַרומגערייזט איבער דרום־פראַנקרייך און שפּאַניע און האָט געפּרעדיקט די קאַטוילישע אמונה צו זיינע געוועזענע פאָלקסברידער, און פלעגט זיך אָפּט שטיצן אויף פאַרשיידענע שטעלן אין תנ"ך און תלמוד. מיט אים האָבן זיך די דאָמיניקאַנער באַנוצט פאַר זייערע צוועקן. זיי האָבן באַשלאָסן צו מאַכן אַן עפנטלעכן דיספּוט צווישן אים און איינעם פון די

גרעסטע רבנים, האָפנדיק דאָס אויב פּאָולוס וועט מנצח זיין וועלן די יידן געצוואונגען זיין אָנצונעמען דאָס קריסטנטום. דער קעניג יאַקאָב האָט מסכים געווען דערצו און האָט גערופן צום וויכוח פון דער יידישער זייט דעם באַרימטן רב דעם רמב״ן (רבנו משה בן נחמן).

דער רמב״ן, אָדער ווי ער הייסט אויך נחמני (1195—1270), איז געווען איינער פון די גרעסטע יידישע דענקער פון 13־טן יאָר־הונדערט. אויסער תלמוד און די רבנישע ליטעראַטור האָט דער רמב״ן באַזיצט אויך אַ הויכע וועלטלעכע בילדונג, האָט געלע־רנט דאָקטאָריע, און האָט גע־קענט גוט שפּאַניש און אַראַביש. פון דעסט וועגן איז ער ניט גע־ווען אַזאַ פרייער דענקער ווי דער רמב״ם און האָט געהאַלטן די מיינונג, אַז דער שכל דאַרף זיך אונטערוואַרפן צום גלויבן. אין זיין אויסגעצייכנטן פירוש אויפן תנ״ך האָט זיך דער רמב״ן אַרויסגעוויזן פאַר אַן אָנהענגער פון דער „קבלה" ד״ה די געהיימ־נישפולע לערע וועגן גאָט און מלכות השמים, וואָס האָט זיך



רעליגיעזע וויכוחים צווישן יידן און קריסטן

דעמאָלט נאָר־וואָס אָנגעהויבן צו וויזן. אָט דעם רב, וועלכן די יידן האָבן געהאַלטן פאַר אַ הייליקן, האָט דער אַראַגאָנישער קעניג גערופן צו אַ דיספּוט מיט די דאָמיניקאַנער. דער רמב״ן האָט אָנגענומען די איינלאַדונג, ניט־ווילנדיק, און צום באַשטימטן טערמין איז ער אָנגעקומען קיין באַרצעלאָנאַ, וואו דער דיספּוט האָט באַדאַרפט פאָרקומען (1263). דער קלוגער רב האָט קודם־כל אויסגענומען אַ תנאי אַז מען זאָל אים אין דעם דיספּוט לאָזן ריידן פראַנק און פריי; ווען מען האָט אים נאָכגעגעבן דעם דאָזיקן פאַרלאַנג איז ער מוטיק און ווירדיק צוגעטראָטן צום וויכוח. דער וויכוח איז פאָרגעקומען אין קעניגלעכן הויף, אין בייזיין

פון דעם קעניג, די הויפלייט באַאַמטע פון דער קירכע, ריטער און מענ־טשן פון אַנדערע פעלקער. די וויכוחים האָבן געדויערט פיר טעג. זיי האָבן זיך געדרייט אַרום די ווייטערדיקע פראַגן: 1) איז שוין משיח געקומען אָדער ער דאַרף ערשט קומען? 2) איז משיח גאָט אָדער אַ מענטש? 3) וועמעס גלויבן איז דער ריכטיקער? פּאַולוס קריסטיאַני האָט זיך גע־שטיצט אויף פסוקים פון תנ"ך און אויף שטעלן פון תלמוד צו דער־ווייזן אַז די קריסטלעכע אמונה איז די אמתע. דער רמב"ן האָט באַוויזן אַז משיח איז נאָך ניט געקומען, וואָרום לויט די ווערטער פון די נביאים דאַרף משיח ברענגען פרידן אויף דער וועלט און זיין קומען דאַרף מאַכן אַ סוף צו אַלע מילחמות, אָבער איצט הערשט נאָך איבעראַל גוואַלט און עס גיסט זיך בלוט אין אומאויפהערלעכע מילחמות צווישן די פעלקער. דער רמב"ן האָט אַזוי מוטיק און אַנטשלאָסן אָפּגעשלאָגן די באַווייזן פון זיין קעגנער, אַז די יידן פון באַרצעלאָנאַ האָבן אָנגעהויבן זיך שרעקן אַז ער זאָל דערמיט ניט אויפרייצן די דאָמיניקאַנער און אַרויסרופן רדיפות אויף דער גאַנצער יידישער קהילה. פון דעסט וועגן איז דער דיספּוט בשלום געבראַכט געוואָרן צו אַן ענדע — און דער רמב"ן איז אַרויסגעקומען דער זיגער. דער קעניג האָט זיך אויסגעדריקט, אַז ער האָט נאָך „קיין מאָל ניט געהערט אַזאַ קלוגע פאַרטיידיקונג פון אַן אומגערעכטער זאַך". די צערייצטע דאָמיניקאַנער האָבן זיך באַקלאָגט פאַרן פּויפּס אין רוים, אַז דער רמב"ן האָט מיט זיינע רייד באַליידיקט די קאַטוילישע אמונה און האָבן געצוואונגען דעם גרויסן רב צו פאַרלאָזן שפּאַניע. דער זיבעציק־יעריקער זקן איז אַוועק קיין ארץ־ישראל וואוהין עס האָט אים לאַנג גע־צויגן. ער איז אָנגעקומען אַהין אין יאָר 1267 און האָט מיט צער צוגעזען די חורבות פון דער הייליקער שטאָט ירושלים, וואָס איז פאַרוויסט גע־וואָרן אין די לאַנגע מילחמות צווישן די קריסטן און מוכמעדאַנער. פאַ־לעסטינע האָט זיך דעמאָלט געפונען אונטער דער הערשאַפט פון דעם עגיפּטישן סולטאַן און עס האָבן דאָרט געלעבט צעוואָרפענע קליינע יידי־שע קהילות. דער רמב"ן האָט געוואָלט פאַראייניקן די דאָזיקע יידן און האָט זיי געוועקט צו בויען שולן און ישיבות; עס איז אים געלונגען צו פאַרזאַמלען אַרום זיך אַ קליינעם קרייז תלמידים. נאָר ניט לאַנג האָט דער רמב"ן געלעבט אין דעם הייליקן לאַנד. אַרום יאָר 1270 איז ער גע־שטאָרבן און מען האָט אים מקבר געווען אין דער שטאָט חיפה.

## § 21. שפּאַניע און פראַנקרייך; דער קאַמף צווישן רעליגיע און וויסנשאַפט.

אין 13־טן יאָרהונדערט האָבן די קריסטלעכע קעניגן פון קאַסטיליע און אַראַגאָניע אָפּגעהאַלטן אַ ריי ניצחונות איבער די שפּאַנישע אַראַבער און האָבן זיי אַרויסגעשטויסן פון דעם גרעסטן טייל פון לאַנד. אין די הענט פון די אַראַבער איז געבליבן בלויז אַ קליין קעניגרייך אויפן דרום־ברעג פון שפּאַניע, מיט דער הויפּטשטאָט גראַנאַדאַ. אויף אַזאַ אופן האָבן אין שפּאַניע, אַזוי ווי אין די אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער, זיך באַפעסטיקט די קאַטוילישע גייסטלעכע, וועלכע האָבן געהאַסט די יידן. די גלחים האָבן געשטרעבט איינצופירן דאָ די זעלביקע באַליידיקנדיקע געזעצן, וואָס האָבן געהערשט אין פראַנקרייך פאַר די יידן. די קירכלעכע געזעצן האָבן פאַרבאָטן די יידן צו פאַרנעמען רעגירונגס־שטעלעס בויען נייע שולן, האַלטן קריסטלעכע דינער, עסן צוזאַמען אָדער זיך באָדן אין איין מרחץ מיט קריסטן. איבערהויפּט איז געווען די שטראָף גרויס פאַר ניט טראָגן די „געלע לאַטע" אויף די קליידער. אָבער די אַלע געבאָטן פון דער קירכע זיינען זעלטן אָפּגעהיט געוואָרן צווישן די שפּאַנישע יידן: די שפּאַנישע יידן זיינען דעמאָלט געווען צו פיל געבילדעט און צו מעכטיק, אַז זיי זאָלן זיך אונטערוואַרפן צו אַזעלכע שענדלעכע געזעצן; און די פירער פון דער רעגירונג, ווידער, האָבן זיך שטענדיק געניייטיקט אין די לייסטונגען פון די געבילדעטע יידן און האָבן ניט געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט צו די פאָדערונגען פון דער קירכלעכער הערשאַפט. די שפּאַנישע קעניגן האָבן געהאַט יידן פאַר מיניסטאָרן און ראַטגעבער. אַזוי צום ביישפּיל איז פאַרן קאַסטילישן קעניג אַלפאָנס דעם קלוגן (1252—1282) דער ייד מאיר דע־מאַליאה געווען פינאַנץ־מיניסטער, און נאָך מאירס טויט איז דער אַמט אַריבער צו זיין זון. דער לייבדאָקטאָר פון דעם קעניג איז אויך געווען אַ ייד. זייענדיק אַ ליבהאָבער פון אַסטראָנאָמיע און אַסטראָלאָגיע פלעגט דער קעניג איינלאַדן צו זיך אין הויף מאַטעמאַטיקער און אַסטראָנאָמען פון פאַרשיידענע פעלקער און דעם חשובסטן פּלאַץ צווישן זיי האָט פאַרנומען אַ ייד פון טאָלעדאָ, דער גרויסער אַסטראָנאָם יצחק אבן־סעיד, וועלכער האָט צונויפגעשטעלט אויפן פאַרלאַנג פון קעניג „אַסטראָנאָמישע טאַבעלן", וועלכע רופן זיך די „אַלפאָנסישע טאַבעלן". די דאָזיקע טאַבעלן האָבן געדינט ווי אַ מיטל פאַר די געלערטע אַזש ביז

די אַסטראָנאָמישע אַנטדעקונגען פון דער נייער צייט. די יידישע קהילה אין טאָלעדאָ, די הויפּטשטאָט פון קאַסטיליע, איז געווען די רייכסטע און געבילדעטסטע אין גאַנץ שפּאַניע.

דאָס גייסטיקע לעבן פון די יידן אין דעם קריסטלעכן שפּאַניע איז געווען פונקט אַזוי פאַרשיידן ווי אונטער דער שפּאַנישער הערשאַפט. די טעטיקייט פון די געלערנטע און שרייבער איז געגאַנגען אין צוויי הויפּט־ריכטונגען: אייניקע האָבן באַאַרבעט דעם תנ"ך און תלמוד און האָבן זיך פאַרטיפט אין דער לערע פון יידנטום; אַנדערע האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט וועלטלעכער בילדונג, מיט רעליגיעזער פילאָזאָפיע און מיט פּאָעזיע. דער רמב"ם איז דעמאָלט געווען דער קעניג אין דער פילאָזאָפיע. זיינע ווערק האָט מען געלערנט מיט גרויס פלייס און פיל האָבן זיי נאָכגעמאַכט. די פרייע געדאַנקען פון דעם רמב"ם האָבן צוגעצויגן די יידישע יוגנט. שטרעבנדיק צו פאַראייניקן גלויבן מיט וויסנשאַפט פלעגן די נאָכפאָלגער פון דעם פילאָזאָף קומען אָפט צו געוואַגטע באַשלוסן. איינע פלעגן לערנען דעם תנ"ך אין אַ וויסנשאַפטלעכן גייסט און האָבן באַהויפּטעט, אַז די ניסים וואָס ווערן דאָרט דערציילט זיינען פאָרגעקומען אויף אַ נאַטירלעכן אופן; אַנדערע האָבן געלערנט, אַז אַלע דינים און מינהגים פון יידנטום האָבן בלויז דעם צוועק אויפצאוועקן אין האַרצן רעליגיעז־מאָראַלישע געפילן און ברענגען צו גוטע מעשים. דעריבער, ווען אַ מענטש באַזיצט שוין אַ הויכע רעליגיעזע מאָראַל דאַן זיינען פאַר אים די דאָזיקע דינים און מינהגים ניט קיין חוב אָפּצוהיטן. די פאַרשפּרייטונג פון אָט די פרייע געדאַנקען צווישן דער יוגנט האָט שטאַרק באַאומרואיקט די פרומע רבנים, און זיי האָבן באַשלאָסן אַריינצוטרעטן אין אַ קאַמף מיט דער וויסנשאַפט און דער פילאָזאָפיע.

דער דאָזיקער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן אין דרום־פראַנקרייך, אין גיכן נאָכן טויט פון רמב"ם. דאָ האָבן עטלעכע רבנים אונטער דער פירערשאַפט פון ר' שלמה פון מאָנפּעליע, דערקלערט פאַר אפיקורסים אַלע די, וואָס לערנען פילאָזאָפיע, און די ווערק פון רמב"ם האָבן זיי אריינגעלייגט אין חרם (1232) דאָס האָט אויפגערעגט די אָנהענגער פון פרייען געדאַנק, און עס האָט זיך צופלאַקערט אַ ביטערע מחלוקה. די קעגנער האָבן געשריבן איינע אויף די אַנדערע שאַרפע אָנגריפן, וועלכע פלעגן זיך פאַרשפּרייטן איבער אַלע קהילות. דאַן האָבן די קנאים פון מאָנפּעליע געמאַכט נאָך אַ געפערלעכערן שריט. זיי זיינען אַוועק צו די דאָמיניקאַנישע מאָ־

נאָכן, וועלכע האָבן גערודפט די אַלביגענזער אין פּראָוואַנס און האָבן געזאָגט צו זיי: „זייט וויסן אַז אין אונדזער פאָלק זיינען אויך פאַראַן אַ סך אפּיקורסים און גאָט־לעסטערער וועלכע קוויקן זיך מיט דער לערע פון דעם רמב״ם, דעם מחבר פון אפּיקורסישע פילאָזאָפישע ספרים. אויב איר וואָרצלט אויס אייערע אפּיקורסים, דאַן וואָרצלט אויס אונדזערע אויך און פאַרברענט די שעדלעכע ספרים״. די דאָמיניקאַנער האָבן זיך דערפרייט דערמיט און האָבן באַלד באַשלאָסן, מיט דער דערלויבעניש פון די העכערע גלחים, צו פאַרברענען די ספרים פון דעם רמב״ם. אין מאָנפּעליע האָט מען געמאַכט אַ הויז־אונטערזוכונג ביי די יידן און אַלע עקזעמפּלאַרן פון דעם „מורה נבוכים״ און „ספר המדע״ וואָס מען האָט ביי זיי געפונען האָט מען עפנטלעך פאַרברענט (1233). דאָס זעלביקע האָט מען געטאָן אין פּאַריז, וואו עס ווערט דערציילט, אַז דעם פייער צו פאַרברענען די ספרים האָט מען אָנגעצונדן מיט אַ ליכט וואָס איז געבראַכט געוואָרן פון אַ קאַטוילישן קלויסטער. דער דאָזיקער שרעקלעכער בונד צווישן אַ הייפל רבנים מיט די מאָנאַכן האָט אַרויסגערופן דעם צאָרן פון אַלע בעסערע פאָרשטייער פון יידנטום. אַ סך רבנים האָבן זיך אַליין דערשראָקן זעענדיק צו וואָס עס קען ברענגען די אינערלעכע רעליגיעזע מילחמה. די רדיפות קעגן דער פילאָזאָפיע האָבן אויפגעהערט און דער קאַמף פון די פּאַרטייען האָט זיך געענדיקט פאַרן אָנהייב פון 14־טן יאָרהונדערט.

אין אָנהייב פון 14־טן יאָרהונדערט זיינען אין שפּאַניע באַרימט געוואָרן צוויי רבנים: דער רשב״א (ר׳ שלמה בן אדרת) און דער רא״ש (ר׳ אשר בן יחיאל). דער רשב״א איז געווען רב פון באַרצעלאָנאַ און האָט פאַרפאַסט אַ סאַך פאָרשונגען וועגן דעם תלמוד. ער האָט זיך גערעכנט פאַרן גרעסטן רב אין שפּאַניע און פראַנקרייך אין זיין צייט. זיין בן־דורו דער רא״ש האָט פון אָנפאַנג געלעבט אין דייטשלאַנד וואו ער האָט געלערנט ביי די בעלי־התוספות. זיך אַריבערציענדיק קיין שפּאַניע איז ער געוואָרן אַ ראש ישיבה אין טאָלעדאָ. צו זיין ישיבה האָבן זיך צוזאַמענגעצויגן תלמידים פון אַלע עקן אייראָפּע. אין דער רבנישער ליטעראַטור האָט דער רא״ש פאַראייביקט זיין נאָמען מיט זיין פּירוש „פּסקי הרא״ש״, וואָס דינט ווי אַ הילף צו לערנען דעם תלמוד. ווי אַ געבוירענער פון דייטשלאַנד און אַ תלמיד פון די בעלי תוספות, האָט דער רא״ש ניט געהאַלטן פון די וועלטלעכע וויסנשאַפטן און האָט זיי אפילו געהאַלטן ווי

געפערלעך פאַר דער אמונה. זעענדיק אַז אין שפּאַניע איז די וועלטלעכע בילדונג און די פילאָזאָפיע שטאַרק פאַרשפּרייט צווישן די יידן האָט ער זיך אָנגעשלאָסן צו דער פאַרטיי פון די קעגנער פון פילאָזאָפיע. צו דער דאָזיקער פאַרטיי האָט געהערט אויך דער רשב״א. אין יענער צייט איז די דאָזיקע פאַרטיי ווידער אריין אין אַ קאַמף מיט די פריידענקער. די רבנים פון דרום־פראַנקרייך און שפּאַניע האָבן געשריבן צו די קהילות וואָס זיי האָבן אָנגעפירט, אַז די יידישע יוגנט וואָס באַשעפטיקט זיך מיט בילדונג און פילאָזאָפיע צום שאָדן פון תלמוד, זיינען עובר אויף מאַנכע עיקרים פון דער אמונה. ענדלעך האָט דער רשב״א מיט דער הסכמה פון דעם ראַ״ש אויסגערופן אין דער שול פון באַרצעלאָנאַ די ווייטערדיקע גזרה: פאַר אַלע יידן ביזן עלטער פון 25 יאָר ווערט פאַרבאָטן צו לייענען ביכער פון נאַטור־וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע. די וואָס טייטשן דעם תנ״ך אין פילאָזאָפישן גייסט ווערן באַטראַכט פאַר אפּיקורסים, אויף וועלכע עס ליגט אַ חרם אויף דער וועלט און וועלכע זיינען פאַרמשפּט צו גיהנום אויף יענער וועלט, און זייערע ווערק דאַרפן פאַרברענט ווערן. עס ווערט דערלויבט נאָר צו לערנען מעדיצין ווי אַ פּראָפעסיע. די גזרה איז אויסגערופן געוואָרן אין די שולן אין אַ סך שטעט (1305). כאָטש די באַרימטע געלערטע פון דעם אַנדערן צד האָבן שטאַרק פּראָטעסטירט קעגן דער גזרה פון די רבנים, דאָך האָבן זיי געזיגט. די צאָל פון וועלטלעכע געלערטע, דענקער און פּאָעטן אין שפּאַניע איז אַלץ קלענער געוואָרן, און אין דער זעלביקער צייט איז די צאָל פון תלמודיסטן געוואַקסן.

איינער פון די לעצטע באַדייטנדיקע דענקער פון יענער צייט איז געווען דער דאָקטאָר ר׳ לוי בן גרשם (דער רלב״ג). ער האָט געלעבט אין אַוויניאָן, דרום־פראַנקרייך (געשטאָרבן 1345). אין זיין ספר „מילחמות ד׳״ שטעלט ער די פילאָזאָפיע פונקט אַזוי הויך ווי די געטלעכע אַנטפּלעקונג, און באַמיט זיך פעסטצושטעלן אין דער רעליגיע אַ נאַטירלעכן אָנפאַנג אָנשטאָט אַן איבערנאַטירלעכן. די קעגנער פון פרייען געדאַנק פלעגן זאָגן אין לצנות אַז דער מחבר פון די „געטלעכע מילחמות״ פירט ניט קיין מילחמה פאַר גאָט, נאָר קעגן גאָט. זיי איז ניט געפעלן דאָס דאָזיקע ווערק אָבער זיי האָבן אַנערקענט פאַר גוטלעך דעם אַנדערן ספר פון דעם רלב״ג „תועליות״, — אַ פּירוש אויפן תנ״ך.

דער גרעסטער תלמודישער געלערטער נאָכן ראַ״ש איז געווען זיין זון ר׳ יעקב בן־אשר (געשטאָרבן 1340). ער האָט צונויפגעשטעלט אַ נייע

זאַמלונג פון דינים און געזעצן מיטן נאָמען „בעל הטורים", אין וועלכן עס קומען אַריין אַלע געזעצן, צערעמאָניעס און מינהגים פון יידנטום. דער אונטערשייד צווישן אים און דעם רמב"ם באַשטייט אין דעם, וואָס דער מחבר פון די „טורים" באַשעפטיקט זיך ניט מיט די יסודות פון דער יידישער אמונה און מאָראַל, נאָר ער לייגט זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אויף די אויסערלעכע צערעמאָניעס און די פּראַקטישע דינים. דער בעל־הטורים באַשטייט פון פיר חלקים: 1) „אורח חיים", אַנטהאַלט די פליכטן פון דעם מענטשן צו גאָט; 2) „יורה דעה" אַנטהאַלט אַלע דינים פון אסור און היתר; 3) „אבן העזר", אַנטהאַלט אַלע דינים פון פאַמיליען־לעבן, און 4) „חושן משפט", אַנטהאַלט אַלע דינים פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. דער „בעל הטורים" האָט ביסלעכווייז אַרויסגעשטויסן דעם רמב"מס „יד חזקה" און דינט ביז היינטיקן טאָג ווי דער וועגווייזער פאַר רבנים און לומדים אין אַלע לענדער.

## § 22. די „קבלה" און דער „זוהר".

וואָס שוואַכער עס איז געוואָרן דער גייסט פון פרייען פאָרשן אַלץ מער האָט זיך צווישן די יידן פאַרשפּרייט אַן אייגנאַרטיקע געהיימע לערע (חכמה נסתרה, ח"ן), וועלכע האָט געפירט איר אָנפאַנג פון אַלטע טונקעלע טראַדיציעס און האָט זיך דעריבער גערופן „קבלה". דעם רמב"מס נאָכפאָלגער האָבן דערקלערט די רעליגיע על פי שכל און וויסנשאַפט; אָבער די אָנהענגער פון דער קבלה האָבן אריינגעטראָטן אין דער רעליגיע באַגריפן וואָס קומען פון דעם געפיל און דער פאַנטאַזיע. ווי באַוואוסט ווערט אין תנ"ך ווייניק גערעדט וועגן גאָטס וועזן, וועגן דעם לעבן פון מלאכים און גייסטער, וועגן אַן עקזיסטענץ נאָכן טויט; אָבער די קבלה רעדט זייער פיל דערפון. די דאָזיקע „געהיימע לערע" איז געבוירן געוואָרן נאָך אין דער עפּאָכע פון תלמוד און האָט זיך באַוויזן אין בבל אין דער צייט פון די גאונים; נאָר ברייט פאַרשפּרייט האָט זי זיך ערשט אין שפּאַניע און פראַנקרייך נאָכן טויט פון רמב"ן. דער רמב"ן האָט שוין אין זיין פּירוש אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צו טייטשן די פּסוקים פון תנ"ך אויפן גרונד פון „געטלעכע סודות", וועלכע זיינען איבערגעגאַנגען פון מויל צו מויל. אין גיכן נאָך זיין טויט האָבן צווישן די יידן אין שפּאַניע זיך גענומען פאַרשפּרייטן שטיקלעך פון אַ הייליקן ספר מיטן נאָמען „זוהר"

(שיינונג, גלאַנץ). עס זיינען דערציילט געוואָרן וואונדער וועגן דער אַנט־שטייאונג פון דעם דאָזיקן ספר. מען האָט דערציילט אַז דער רמב״ן האָט פאַרן טויט געפונען אין ארץ־ישראל אַן אַלטן כתב־יד, וועלכן עס האָט פאַרפאַסט מיט טויזנט יאָר פריער דער גרויסער תנא ר׳ שמעון בן־יוחאי, אין דער צייט ווען ער האָט זיך אויס־באַהאַלטן פון די רוימער אין אַ הייל (זע 2־טן טייל § 50). דער אַנטדעק־טער כתב־יד איז אַריבערגעשיקט גע־וואָרן קיין אייראָפּע און דאָ האָט מען פון אים אַרויסגעשריבן שטעלן, וועלכע זיינען פאַרשפרייט געוואָרן אין פאָלק. דער ערשטער אַרויסצוגע־בן די אַרונטערגעשריבענע פראַגמענ־טן פון זוהר איז געווען דער מקובל ר׳ משה דע לעאָן (געשטאָרבן אין יאָר 1305). די קעגנער פון דער קבלה האָבן באַהויפּטעט אַז ר׳ משה דע לע־אָן האָט אַליין פאַרפאַסט דעם „זוהר״ און האָט אים בכיוון אַרויסגעגעבן פאַר אַן אַלטן כתב־יד, כדי צו ציען אויף אים אויפמערקזאַמקייט.


דאָס שער־בלאַט פון „זוהר״.

דער „זוהר״ איז געשריבן אין אַן אַלטער אַראַמייאישער שפראַך, ענלעך צו דער שפראַך פון תלמוד, און אַנטהאַלט די רייד פון שמעון בן־יוחאי און אַנדערע פאַרצייטיקע חכמים. זייערע רייד זיינען אָנגעקניפּט לויט דער אָרדענונג פון די חומשים. ר׳ שמעון בן־יוחאי ווערט פאָרגע־שטעלט אין זוהר אין דער געשטאַלט פון אַ הייליקן צדיק, צו וועמען עס אַנטפּלעקן זיך מלאכים און ער זיצט אין אַ קרייז פון צדיקים און דער־ציילט זיי די גרויסע סודות פון הימל, פון דער ערד און דער מענטשלעכער נשמה. דער גרונד־געדאַנק פון „זוהר״ באַשטייט אין דעם, אַז אין די דער־ציילונגען און געבאָטן פון דער תורה זיינען פאַרבאָרגן טיפע סודות. מיט וואָס וואָלט די תורה הייליק געווען — טענהעט ר׳ שמעון בן־יוחאי — ווען גאָט זאָל וועלן אין איר דערציילן אַזעלכע פשוטע זאַכן ווי למשל די מעשה פון הגר און עשו, יעקב און לבן? אַזעלכע מעשיות קען דאָך פאַר־

פאַסן יעדער שטערבלעכער. נײַן, די ביבלישע דערציילונגען זיינען נאָר די אויסערלעכע קלייד פון די געטלעכע סודות, וואָס נאָר אויסגעוויילטע מענטשן קענען באַגרייפן. ר׳ שמעון האָט אַרונטערגענומען דעם צודעק און ניט לאַנג פאַר זיין טויט האָט ער צוזאַמענגערופן זיינע תלמידים און האָט פאַר זיי אַנטפּלעקט די געטלעכע סודות. „דער הייליקער זקן („עתיקא קדישא״, גאָט) — האָט ער געלערנט — איז פאַרבאָרגן, ווייט פון דער וועלט וואָס מיר זען מיט די אויגן. דאָך איז זי מיט אים צונויפגעבונדן, ווארום אַלץ האַלט זיך אויף אים און ער איז אַנטהאַלטן אין אַלץ. ער האָט און האָט ניט קיין געשטאַלט; ער האָט אויף אַזויפיל, אויף וויפיל ער איז אין אַלץ; ער האָט ניט אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל ער אז אומבאַגרייפלעך. ווען ער האָט זיך געשטאַלטעט האָט ער ארויסגעגעבן נײַן ליכטער, וועלכע שיינען מיט זייער גלאַנץ און וועלכע גייען זיך פאַנאַנדער אין אַלע זייטן. ער איז איינס מיט זיי; דאָס זיינען די שטאַפּלען איבער וועלכע עס באַווייזט זיך דער הייליקער זקן, דאָס זיינען זיינע געשטאַלטן. זיין קאָפּ איז די העכסטע חכמה, זיינע האָר זיינען די פאַרשיידענע וועגן פון דער חכמה, זיין שטערן איז די באַרמהאַרציקייט, אא״וו. אָט אַזעלכע געהיימנישפולע רייד פאַרנעמען אַ באַדייטנדיקן טייל פון דעם „זוהר״. צוזאַמען דערמיט געפינען זיך שיינע פּאָעטישע באַשרייבונגען. עס ווערן באַשריבן די געהיימנישן פון גן־עדן און גיהנום, פון גוטע און שלעכטע גייסטער. די שלעכטע גייסטער דרינגען אָפט אַריין אין דער נשמה פון דעם מענטשן און וועקן אין אים זינדיקע געדאַנקען. יעדע עבירה גיט איבער דעם מענטשן אין דער שליטה פון שדים, און יעדע מצוה גיט אים איבער אין דער שליטה פון די גוטע מלאכים. אין „זוהר״ רעדט זיך אויך, אין זייער טונקעלע ווערטער, וועגן דעם „קץ״ ד״ה משיחס צייטן, וועלכער וועט קומען דעמאָלט ווען עס וועט ווערן זעקס טויזנט און זעכציק, אָדער זעקס און זעכציק יאָר זינט די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן. דעמאָלט וועט פאָרקומען אַ שרעקלעכע מילחמה צווישן אדום און ישמעאל (די קריסטלעכע און מוכמעדאַנישע וועלט), און אַ דריטע קראַפט וועט זיי באַזיגן. אויפן גרונט פון די און אַנדערע פאָראויסזאָגונגען אין דעם „זוהר״ האָבן אַ סך דערוואַרטעט דאָס קומען פון משיחן אין פאַרשיידענע צייטן, נאָר זייערע דערוואַרטונגען זיינען ניט מקוים געוואָרן. פון דעסט וועגן איז דער „זוהר״ געוואָרן דאָס הייליקע ספר פון די מקובלים, דער תנ״ך

פון דער „קבלה" און האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער אַנטוויק־
לונג פון רעליגיעזע סעקטן אין יידנטום.

## § 23. דער גירוש פון ענגלאַנד.

אין דער צייט פון די קרייצצוגן האָבן די יידן אין ענגלאַנד שטאַרק געליטן פון דעם קריסטלעכן המון, וועלכער איז געהעצט געוואָרן צו אַ קאַמף פאַרן גלויבן. נאָך די קרייצצוגן האָבן די יידן אַ סך געליטן פון די קעניגן פון די פעאָדאַלע פירשטן און די גלחים. די קעניגן און פירשטן האָבן באַטראַכט די יידן פאַר זייערע קנעכט, און דאָס פאַרמעגן וואָס זיי האָבן דערוואָרבן דורך האַנדל — פאַר זייער אייגנטום. קעניג ריטשאַרד לייבנהאַרץ האָט זיך שטענדיק געניייטיקט אין געלט און פלעגט עס אויספרעסן פון די יידן דורך סטראַשונקעס און גוואַלדטאַטן. אין יאָר 1210 איז פון די יידן אויפגעמאָנט געוואָרן אַ גוואַלטיקע סומע געלט. ביי איין גביר אין בריסל, האָט מען געפאָדערט צען טויזנט זילבערנע מאַרק, נאָר אַזוי ווער האָט ניט געהאַט אָדער האָט ניט געוואָלט געבן, האָט דער קעניג באַפוילן אים רייסן איין צאָן נאָכן אַנדערן, אַזוי לאַנג ביז ער וועט ניט געבן דאָס געלט. נאָך דער קירכלעכער אסיפה פון 1215 האָבן זיך צו די יידן גענומען די גלחים, וועלכע האָבן אָנגעהויבן דורכ־פירן די באַפעלן פון אינאָקענטיוס דעם 3־טן. זיי האָבן אַכטונג געגעבן אַז אַלע געזעצן וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרן אויף דער דאָזיקער אסיפה קעגן די אומגלויביקע זאָלן שטרענג אָפּגעהיט ווערן, און זיי האָבן נאָך אפילו צוגעגעבן נייע. דער שאַנדפלעק אויפן אויבערשטן בגד האָט גע־דאַרפט באַשטיין פון אַ וואָלענער קאָלירטער לענטע אויפן בוזים, פיר פינגער די לענג און צוויי פינגער די ברייט. צו בויען נייע שולן איז פאַר־באָטן געוואָרן, און די יידן האָבן געמוזט צאָלן אַ באַזונדער שטייער פאַר דער קירכע. ביי אַזאַ רעכטלאָזער לאַגע האָט דער אינערלעכער געבוי פון די יידישע קהילות אין ענגלאַנד זיך ניט געקענט באַפעסטיקן און דאָס גייסטיקע לעבן האָט זיך אָפּגעשטעלט. אַ סך געלערטע און רבנים, ניט געפינענדיק קיין פעלד פאַר זייער אַרבעט אין ענגלאַנד, האָבן אויסגעוואַנ־דערט אין אַנדערע לענדער פון אייראָפּע אָדער קיין פּאַלעסטינע.

אין דער צייט פון די ווייטערע קעניגן האָט מען די יידן אַזוי שטאַרק אונטערדריקט, אַז ניט איין מאָל האָבן זיי געבעטן מען זאָל זיי דערלויבן

צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד. אָבער מען האָט זיי ניט אַרויסגעלאָזט ווארום מען האָט אין זיי געזען אַ קוואַל פון הכנסה. איין ענגלישער שרייבער האָט זיך אויסגעדריקט, אַז די יידן אין ענגלאַנד טוט מען אָן די זעלביקע צרות וואָס זיי האָבן געהאַט אין מיצרים, נאָר מיט דעם איינעם חילוק, וואָס אָנשטאָט ציגל פאָדערט מען פון זיי — גאָלדענע ציגל. פאַר קעניג עדוארד דעם 1־טן האָבן די גלחים אָנגעווענדעט אַלע מיטלען צו ברענגען די יידן אונטערן קריסטנטום. דער קעניג האָט דערלויבט די דאָמיניקאַ־נישע מאָנאַכן צו פּרעדיקן דאָס קריסטנטום צו די יידן און האָט געמאַכט פאַר אַ פליכט אויף די יידן אויסצוהערן זייערע דרשות אויפמערקזאַם, ניט רעדן דאַקעגן און ניט לאַכן (1282). אַ קריסטלעכער פּרעדיקער פון יענער צייט דער באַוואוסטער דונס סקאָט, האָט אַן עצה געגעבן דעם קע־ניג מען זאָל צונעמען ביי די יידישע עלטערן זייערע קליינע קינדער און דערציען זיי אין קאַטוילישן גלויבן. אין דער זעלביקער צייט האָט דער לאָנדאָנער אַרציבישאָף באַפוילן צו שליסן אַלע שולן אין זיין באַצירק.

ביי אַזעלכע אומשטענדן איז אומעגלעך געוואָרן פאַר די יידן ווײַ־טער צו בלייבן אין ענגלאַנד, און דעם קעניג איז נאָר געבליבן אַרויסצו־לאָזן זיי פון לאַנד, אַ זאַך וואָס זיי האָבן שוין לאַנג געבעטן. און אין יולי פון יאָר 1290 האָט עדואַרד, ניט אָנפרעגנדיק ביים פּאַרלאַמענט, אַרויס־געגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע יידן זאָלן פאַרלאָזן ענגלאַנד. צייט איז זיי גע־געבן געוואָרן ביזן ערשטן נאָוועמבער צו פאַרקויפן זייער אייגנטום און ענדיקן זייערע געשעפטן. טויט־שטראָף איז געווען באַשטימט פאַר יענע יידן וואָס מען וועט געפינען אין ענגלאַנד נאָך דעם דאָזיקן טערמין. אָבער די יידן, אויסגעמאַטערט פון די רדיפות האָבן זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן. נאָך פאַרן באַשטימטן טערמין (אָקטאָבער, 1290) האָבן זיך די 16.500 ענגלישע יידן געזעצט אין שיפן און האָבן אויף אייביק פאַרלאָזן זייער גרויזאַם פאָטערלאַנד. די מערסטע אַרויסגעטריבענע זיינען אַוועק קיין פראַנקרייך, אָבער זיי זיינען אַריינגעפאַלן אַהין גראַד אין אַ צייט ווען די פראַנצויזישע יידן אַליין זיינען אויסגעשטאַנען מוראדיקע רדיפות. זיי האָבן אויסגעטרונקען דעם בעכער פון לייד ביזן דנאָ, איבערטראָגנדיק אַלע צרות, וואָס זיינען אויסגעפאַלן אויפן גורל פון זייערע פראַנצויזישע ברידער אין דעם משך פון דעם קומענדיקן יאָרהונדערט.

## § 24. דער גירוש פון פראַנקרייך.

אין 14־טן יאָרהונדערט האָט מען די יידן אין ערגעץ ניט אַזוי גע־מאַטערט ווי אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד. די פראַנצויזישע קעניגן האָבן געוואָלט קריגן זייער געלט, אַזוי ווי פיליפּ אויגוסט אַנדערע — פון רעליגיעזער שנאה, אַזוי ווי לואיס דער הייליקער. קעניג פיליפּ דער שיינער — אַ געמיינער און גייציקער מענטש, וועלכער האָט חרוב גע־מאַכט זיין לאַנד — האָט געבראַכט צו פאָלקאָמענהייט די סיסטעם פון אַרויספּרעסן געלט פון זיינע אונטערטאַנער. ניט נאָר פלעגט ער אַרויפ־לייגן אויף די יידן גוואַלטיקע שטייערן, נאָר ער פלעגט פשוט אַרעסטירן און איינשרעקן פאַרמעגלעכע לייט און צונעמען אַ טייל פון זייער אייגנ־טום. אָבער אפילו די דאָזיקע שטענדיקע אַרויספּרעסונגען האָבן ניט צו־פרידנגעשטעלט דעם קעניג. אַזוי ווי דער קאַרגער בעל־הבית אין דער באַוואוסטער פאַבל האָט ער באַשלאָסן צו קוילן די הון, וואָס האָט געלייגט גאָלדענע אייער: ער האָט באַשלאָסן אַרויסצוטרייבן די יידן פון פראַנק־רייך און מיט אַמאָל צונעמען זייער פאַרמעגן. אין יאָר 1306 האָט פיליפּ באַפוילן מודיע צו זיין אַלע יידן, אַז זיי זאָלן אין פאַרלויף פון אַ מאָנאַט זיך אַרויסקלייבן פון פראַנקרייך איבערלאָזנדיק דאָרט זייער פאַרמעגן. מען האָט זיי דערלויבט מיטצונעמען בלויז די סאַמע נייטיקסטע קליידער און שפּייז אויפן וועג. ביזן באַשטימטן טערמין האָבן אַרום הונדערט טויזנט יידן פאַרלאָזט פראַנקרייך. זייער גאַנץ באַוועגלעך און אומבאַ־וועגלעך אייגנטום איז אַנגעקומען דעם קעניג און איז פאַרקויפט געוואָרן צו קריסטן. גרויס איז געווען דאָס אומגליק פון די באַרויבטע און אַרויס־געטריבענע יידן. דער גרעסטער טייל פון זיי האָט זיך באַזעצט אין די זעלבשטענדיקע פּראָווינצן פון דרום־פראַנקרייך און אין די דערבייאיקע שפּאַנישע לענדער. די פאַרטריבענע האָבן זיך געהאַלטן נעענטער צום פראַנצויזישן גרענעץ, האָפנדיק אַז סוף כל סוף וועט מען זיי דערלויבן זיך אומצוקערן צו זייער פאָטערלאַנד. און זיי האָבן נישט געהאַט קיין טעות אין חשבון. אין ניין יאָר אַרום איז געשטאָרבן פיליפּ דער 4טער און אויפן טראָן איז אַרויף זיין זון לואיס דער 10טער. דער נייער קעניג האָט דערלויבט די יידן זיך אומצוקערן קיין פראַנקרייך; וואָרום — אַזוי ווערט געזאָגט אין זיין באַפעל — „דאָס פאָדערט די אַלגעמיינע שטים פון פאָלק". די פאַרטריבענע האָבן זיך מאַסנווייז אַ לאָז געטאָן צוריק

האָבן געמוזט צאָלן צו דער רעגירונג שטייערן איבער זייערע כוחות, און זיי האָבן דעריבער פון זייער זייט געדריקט זייערע קריסטלעכע קליענטן, נעמענדיק גרויסע פראָצענטן. דאָס פאָלק האָט געהאַסט די פּראָצענטניקעס און האָט אויסגעלאָזט דעם כעס צו אַלע יידן. אויף אַזאַ אופן האָבן די פראַנצויזישע קעניגן באַרויבט די יידן און אין דער זעלביקער צייט זיי געמאַכט פאַרהאַסט ביים פאָלק. די גלחים פון זייער זייט האָבן געהעצט די קריסטן קעגן די יידן, ווי די שונאים פון דער קירכע. די לאַגע איז געוואָרן אומדערטרעגלעך, און פאַר די יידן איז געבליבן נאָר דער איינציקער וועג ביסלעכווייז אויסצואוואַנדערן פון דעם אומגליקלעכן לאַנד. עס האָט זיך שוין געהאַט אָנגעפאַנגען דער אַרויסגאַנג פון דעם נייעם מיצרים ווען קעניג קאַרל דער 6טער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אַרויסצוטרייבן די יידן פון פראַנקרייך אויף אייביק (1394). „דער קעניג — ווערט געזאָגט אין דעם באַפעל — האָט צוגעהערט די קלאַגעס וועגן די פאַרברעכנס פון די יידן קעגן דעם הייליקן גלויבן און וועגן זייער מיסברויכן די רעכט וואָס זיינען זיי געגעבן געוואָרן, און האָט דעריבער באַשלאָסן אין דער צוקונפט צו פאַרבאָטן זיי צו וואוינען אין אַלע געביטן פון פראַנקרייך, אין צפון אַזוי גוט ווי אין דרום". ביזן דריטן נאָוועמבער איז זיי געגעבן געוואָרן צייט צו באַזאָרגן זייערע געשעפטן און אויספאַרקויפן זייער אייגנטום. אין סוף פון יאָר 1394 האָבן פיל טויזנטער יידישע פאַמיליעס פאַרלאָזט דאָס לאַנד, וואו די גיריקייט פון די הערשער, דער פאַנאַטיזם פון די גלחים און דער גראָבער אָבערגלויבן פון די מאַסן האָבן זיי געבראַכט צו שענדלעכער קנעכטשאַפט. אייניקע באַזיצער פון שטעט און גיטער האָבן געוואָלט איבערלאָזן ביי זיך די יידן, אָבער זיי זיינען געצוואונגען געוואָרן צו דערפילן דעם קעניגס גזרה. יידן זיינען געבליבן בלויז אין געציילטע פראָווינצן פון דרום־פראַנקרייך. די פאַרטריבענע האָבן זיך באַזעצט אין דייטשלאַנד, איטאַליע און שפּאַניע. נאָך דעם גירוש איז שוין אין פראַנקרייך נישט געווען קיין יידישע קהילות גאַנצע דריי־הונדערט יאָר, ביזן סוף פון 17טן יאָרהונדערט.

## § 25. דייטשלאַנד; די געטאָ און די בילבולים.

אין דער צייט ווען אין ענגלאַנד און פראַנקרייך האָט מען די יידן געטריבן, האָט מען זיי אין דייטשלאַנד אונטערדריקט און דערנידעריקט,

אָבער נישט אַרויסגעטריבן פון לאַנד. טרויעריק איז געווען דאָס לעבן פון די יידן אין דייטשלאַנד נאָך די קרייצצוגן. הונדערטער יידישע קהילות האָבן זיך געפונען אין די שטעט פון דייטשלאַנד, עסטרייך, בעמען און די שווייץ, אָבער געלעבט האָבן זיי באַזונדער פון די קריסטלעכע געמיינדעס, אַזוי ווי פאַרשטויסענע. אין די מערסטע שטעט זיינען פאַר די יידן צום וואוינען אָפּגעצייכנט געוואָרן באַזונדערע קוואַרטאַלן אָדער גאַסן („געטאָ”); צו דער געטאָ פלעגט פירן אַ טויער, וועלכער פלעגט אויף ביינאַכט פאַרשלאָסן ווערן. די געשלאָסענע קוואַרטאַלן האָבן צייטנווייז געדינט ווי אַ שוץ פאַר די איינוואוינער, אין די צייטן ווען דער קריסטלעכער המון פלעגט זיי באַפאַלן; דערפאַר אָבער ווען דער שונא פלעגט זיך שוין אַריינרייסן אַהין פלעגט ער פאַרניכטן גאַנצע קהילות אויף איין מאָל. ענג און פאַרשטיקט איז געווען אין די דאָזיקע קוואַרטאַלן, וואו אין יעדן הויז האָבן זיך געפונען צענדליקער געזינטן. דער „יידישער שאַנד־פלעק” — אַ געלע לאַטע אויף די קליידער אָדער אַן עקלהאַפטער הוט מיט שאַרפע שפּיצן — איז געווען אַ מוז. דער ייד וואָס האָט זיך געוויזן אין גאַס אָן דעם צייכן האָט געמוזט צאָלן שטראָף. דער רוב פון די דייטשע יידן איז געווען זייער אָרעם. די געוויינטלעכע באַשעפטיקונג פון די אומגליקלעכע איז געווען דער קליינהאַנדל איבערהויפּט דער האַנדל מיט אַלטע קליידער, און די פאַרמעגלעכע האָבן זיך באַשעפטיקט מיט לייען געלט אויף פּראָ־צענט. צו די מער חשובע מלאכות האָט מען די יידן נישט צוגעלאָזט, אָדער אין יעדן פאַל זייער זעלטן. די קריסטלעכע אַרבעטער־צעכן פלעגן נישט אַריינעמען קיין יידן, און די סוחרישע פאַרבאַנדן פלעגן זיי נישט לאָזן זיך פאַרנעמען מיט גרויסהאַנדל. די קעניגן און פירשטן פלעגן באַהאַנד־לען די יידן אַזוי ווי קנעכט, פלעגן זיי רואינירן מיט שווערע שטייערן און טאַקסעס. די דאָזיקע שטייערן פלעגט מען אויף זיי אַרויפלייגן פאַרן „שוץ” וואָס זיי פלעגן באַקומען, וועלכער פלעגט פון דעסט וועגן זיי נישט איינהיטן פון פּאָגראָמען.

באַזונדערס אָפט פלעגן די דייטשע יידן ליידן פון בילבולים, וואָס וואָס פלעגן געבוירן ווערן אין דעם אָבערגלויבן פון מיטלאַלטער. פון פראַנקרייך איז אַהער אַריינגעדרונגען דער בייזער עלילת־דם (§ 17). נאָך אַן אָבערגלייבישע איינרעדעניש איז אומגעגאנגען, אַז די יידן נע־מען דאָס קירכלעכע ברויט וואָס איז דער סימבאָל פון יעזוסעס קערפּער, און שניידן און שטעכן עס ביז עס הייבט אָן רינען בלוט. אויב ערגעץ־

וואו פלעגט פאַרפאַלן ווערן אַ קריסטלעך קינד אָדער מען פלעגט צופעל־ליק געפינען זיין קערפּער, פלעגט די צעווילדעוועטע מאַסע זיך וואַרפן אויפן יידישן קוואַרטאַל, טויטנדיק און באַרויבנדיק דאָרט מענטשן וואָס האָבן ניט געוואוסט פון נישט צו זאָגן. עס איז ניט געווען כימעט אַ שטאָט אין דייטשלאַנד וואו עס זאָלן ניט פאָרקומען אַזעלכע אָנפאַלן. איין מאָל נעבן דער שטאָט פולדאַ האָט מען געפונען פינף טויטע קריסט־לעכע יינגלעך, די קינדער פון אַן אָרטיקן מילנער (1235). די אָבערגלייבי־שע מאַסע האָט באַלד באַשלאָסן אַז עס האָבן זיי געהרגעט צוויי יידן, וועלכע האָבן אויסגע־צאַפּט פון זיי דאָס בלוט און באַהאַלטן עס פאַר זייערע פּסחדיקע צערע־מאָניעס. אַ המון קרייצ־טרעגער און שטאָט־לייט זיינען באַפאַלן די יידן פון פולדא און האָבן גע־הרגעט דרייסיק מענער און פרויען. די יידן האָבן זיך באַקלאָגט פאַרן קעניג פרידריך דעם 2־טן, און דער האָט באַשטימט אַ


די געלע לאַטע און דער שפּיציקער הוט

קאָמיסיע געלערנטע קריסטן, וועלכע האָבן געדאַרפט אויספאָרשן די פראַגע: צי דאַרפן די יידן ווירקלעך האָבן בלוט אויף פּסח. אויב עס זאָל זיך אַרויסווייזן אַז יאָ דעמאָלט האָט דער קע־ניג געסטראַשעט צו פאַרניכטן אַלע יידן אין זיין מלוכה. דער ענטפער פון דער קאָמיסיע איז געווען אַז מען קען ניט פעסטשטעלן געגנוי די ריכ־טיקייט פון דער באַשולדיקונג קעגן די יידן. דער קעניג האָט פון דעסט וועגן אַרויפגעלייגט אַ גרויסע געלט־שטראָף אויף די יידן פון פולדאַ, ניט געקוקט דערויף וואָס דער חשד קעגן זיי איז ניט באַשטעטיקט גע־

וואָרן. אויפגעבראַכט איבער דער שרעקלעכער באַשולדיקונג האָבן זיך די יידן געווענדט מיט אַ קלאָגע צום דעמאָלטיקן פויפס אינאָקענטיוס דעם 4־טן. דער דאָזיקער פויפס, וועלכע איז געווען ערלעכער ווי זיינע פאָרגייער, האָט פאַנאַנדערגעשיקט צו די בישאָפס אין יאָר 1247 אַ „בולאַ" (אַ פויפסלעכן באַפעל) וואו די בלוט־באַשולדיקונג איז דער־קלערט געוואָרן ווי אַ געמיינער און בייזער ליגן.

אָט איז דער אינהאַלט פון דער דאָזיקער בולאַ: „מיר האָבן געהערט



בולאַ פון פויפס אינאָקענטיוס דעם 4טן

די וויינענדיקע קלאַגעס פון די יידן אַז מען מאַכט אויף זיי אומערלעכע בילבולים ווי אַן אויסרייד צו רויבן זיי און צוצונעמען זייער אייגנטום. אין דער צייט וואָס די תורה באַפעלט „לא תרצח!" (זאָלסט ניט הרגע־נען) מאַכט מען קעגן די יידן די פאַלשע באַשולדיקונג אַז זיי עסן אום פסח דאָס האַרץ פון אַ געהרגעטן קינד. עס ווערט באַהויפטעט אַז דאָס געזעץ דערלויבט עס זיי. דאָס געזעץ פאַרקערט, פאַרביט זיי שטאַרק אַזאַ טאַט. ווי נאָר מען געפינט ערגעץ דעם טויטן קערפער פון אַ מענטשן, וואָס מען ווייסט ניט ווער עס האָט אים געהרגעט, זאָגט מען בכיוון אַז דאָס האָבן די יידן געטאָן. דאָס אַלץ דינט פאַר אַן אויסרייד זיי ביטער צו פאַרפאָלגן. אָן דין און אָן משפט, אָן עדות און אָן זייער אייגענעם מודה זיין זיך, נעמט מען ביי זיי צו זייער אייגנטום, מען מוטשעט זיי

מיט הונגער, מען פאַרשפאַרט זיי אין תפיסה און מען מאַטערט זיי אויף אַלערליי אופנים און מען פאַראורטיילט זיי צו אַ שענדלעכן טויט. דער גורל פון די יידן אונטער אַזעלכע פירשטן און הערשער איז דעריבער שרעקלעכער ווי דער גורל פון זייערע עלטערן אין מיצרים אונטער דער הערשאַפט פון די פּרעהס. צוליב די דאָזיקע רדיפות זיינען זיי געצוואונגען צו פאַרלאָזן יענע ערטער, וואו זייערע עלטערן האָבן געלעבט פון די עלטסטע צייטן. ניט וועלנדיק אַז מען זאָל די יידן אומזיסט מאַטערן, באַפעלן מיר אייך, אַז איר זאָלט זיך באַגיין מיט זיי מיט פריינטשאַפט און מיט גוטן ווילן. אויב איר וועט הערן פון אומגערעכטע אָנפאַלן אויף די יידן זאָלט איר ניט דערלאָזן דערצו און דערלאָזט ניט אַז מען זאָל אין דער צוקונפט זיי דריקן מיט אַזעלכע מיטלען".

נאָר אפילו דעם פּויפּס בולאַ האָט די יידן גאָרניט געהאָלפן. יאָר איין יאָר אויס פלעגן זיך יעדן פסח ווידערהאָלן די אָנפאַלן אויף די יידן אין די דייטשע שטעט. אָפט מאָל פלעגן אַזעלכע פּאָגראָמען אַרומכאַפּן גאַנצע פּראָווינצן. אין די מערסטע פאַלן פלעגן די פאַלשע בילבולים דינען בלויז ווי אַן אויסרייד לפנים צו פאַרדעקן די אמתע כוונה פון די רדיפות. און די אינעווייניקסטע סיבות זיינען געווען — די קינאה פון די קריסטלעכע סוחרים און אַרבעטער צו זייערע יידישע קאָנקורענטן, דער ווילן אַרויסצושטויסן די יידן פון דער אָדער יענער שטאָט, און פאַרנעמען זייער פּלאַץ.

## § 26. דער שוואַרצער טויט.

די רדיפות אויף די יידן אין דייטשלאַנד האָבן דערגרייכט זייער העכסטן שטאַפּל אין 14־טן יאָרהונדערט. „זינט די יידן לעבן אויף דער וועלט — שרייבט אַן אַלטער דייטשער שרייבער — האָבן זיי ניט איבערגעלעבט אַ שרעקלעכערע צייט ווי דעם 14טן יאָרהונדערט. עס איז נאָר אַ וואונדער ווי אַזוי, נאָך אַזעלכע שחיטות, עס איז געבליבן נאָך איין יידן אין דייטשלאַנד". אין יאָר 1348 האָט אין אייראָפּע געבושעוועט אַ שרעקלעכע מגפה, באַוואוסט אונטערן נאָמען „דער שוואַרצער טויט". הונדערטער טויזנטער מענטשן זיינען געפאַלן פון דער דאָזיקער געהיימנישפולער קראַנקייט; עס פלעגן אויסשטאַרבן גאַנצע שטעט און פּראָווינצן. מענטשן פלעגן משוגע ווערן פון שרעק; אַ ווילדער אָבערגלויבן האָט

אַרומגעכאַפּט דעם פינצטערן המון און אים געפירט צו פאַרברעכנס; יעדע צוים פון געזעץ איז פאַרשוואונדן. אין דער דאָזיקער צייט איז אַרויסגע־לאָזט געוואָרן אַ מאָדנער קלאַנג, אַז די יידן האָבן עס גורם געווען די מגפה, פאַרגיפטנדיק בכיוון דאָס וואַסער אין די ברונימער און טייכן כדי אומצוברענגען די קריסטן. די באַשולדיקונג האָט נאָך צוגעקראָגן קראַפט דערפון וואָס די יידן, צוליב זייער מער ניכטערן און זויבערן לעבן און צוהיב זייער בעסערן אויפפאַסן אויף די קראַנקע, זיינען געשטאָרבן פון דער חולאת אין אַ קלענערער צאָל ווי די קריסטן. און דעמאָלט האָט מען אָנ־געפאַנגען זיך אָפּצורעכענען מיט די „פאַרגיפטער". די הריגות אויף די יידן האָבן זיך אָנגעהויבן אין דרום־פראַנקרייך און אַראַגאָניע, אָבער שרעקלעכע פאָרמען האָבן זיי אָנגענומען אין דייטשלאַנד. אין די רייך־פּראָווינצן, אין עלזאַס, עסטרייך, די שווייץ בעמען, וואו דער שוואַרצער טויט האָט געשניטן די איינוואוינער ווי אַ פעלד־מעסער, האָט מען די יידן געהרגעט טויזנטערווייז. מען פלעגט זיי ברענען אויף שייטערהויפנס, מאַטערן, הענגען. ערטערווייז פלעגט מען זיי אַרויסטרייבן אָדער צווינ־גען אָנצונעמען דאָס קריסטנטום. אומזיסט האָט זיך דער פויפּס קלע־מענס דעם 6טער געווענדעט צו די קאַטאָליקן מיט אַ בולאַ, אין וועלכער ער האָט אויפגעוויזן דעם אומזין פון דעם בילבול אויף די יידן, אָנווייזנ־דיק אַז די יידן גופא שטאַרבן פון דער מגפה, און אַז דער שוואַרצער טויט בושעוועט אפילו דאָרט וואו קיין יידן זיינען גאָר ניטאָ. די ווערטער פון דעם פויפּס האָט מען ניט געהערט: די ליידנשאַפטן האָבן זיך צעפלאַ־קערט און עס איז אוממעגלעך געווען זיי איינצושטעלן. אין שטראַסבורג און קעלן האָבן דער בירגערמייסטער און דער שטאָטראַט זיך אָנגע־נומען פאַר די אומשולדיקע יידן. זיי האָבן איינגערעדט דעם פאָלק אַז די מגפה איז אָנגעשיקט געוואָרן פון גאָט, און ניט פון מענטשן. אָבער דער המון האָט פאַרטריבן די דאָזיקע פאַרטיידיקער. די שטראַסבורגער יידן האָט מען אַוועקגעשלעפּט אויפן בית־עולם, זיי פאַרשפּאַרט אין אַ גרויסן הילצערנעם שטאַל און זיי פאַרברענט. געראַטעוועט האָבן זיך בלויז אייניקע וועלכע האָבן אין פאַרצווייפלונג באַשלאָסן אָנצונעמען קריס־טנטום (1349). אַ ענלעכער שיקזאַל האָט געטראָפן די יידן פון קעלן, נאָך אַ ניט געלונגענעם פּרואוו זיך צו פאַרטיידיקן מיט געווער. די רייך־שטעט, די עדות פון די שרעקן פון די קרייצצוגן, זיינען ווידער פאַרהילכט געוואָרן פון די וויי־געשרייען פון די יידישע קרבנות. אין וואָרמס האָט

דער שטאָטראַט באַשלאָסן צו פאַרברענען די יידן, נאָר די לעצטע, ניט וואַרטנדיק אויפן טויט פון די הענט פון די הענקער, האָבן אַליין אונטער־געצונדן זייערע הייזער און זיינען אומגעקומען אין די פלאַמען. דאָס זעלביקע האָבן געטאָן די יידן אין פראַנקפורט און אַנדערע שטעט. אין מאַינץ האָבן זיך אַ טייל יידן געשטעלט מיט געווער קעגן זייערע פאַר־פאָלגער און האָבן געטויט אַרום צוויי הונדערט פערזאָן. אָבער ווען אַ ווייטערער קאַמף איז געוואָרן אוממעגלעך האָבן די יידן פון מאַינץ זיך אַליין פאַרברענט אין זייערע הייזער. פון דייטשלאַנד זיינען די יידן מאַ־סנוויייז געלאָפן אין דעם שכנישן פוילן וואו זייערע ברידער האָבן געלעבט רואיקער אונטערן שוץ פון די קעניגן און דער רייכער שליאַכטע.

די ליידן, די דערנידערונג און אָרעמקייט האָבן פינצטער געמאַכט דאָס לעבן פון די דייטשע יידן און האָבן אָפּגעשוואַכט זייער גייסטיקע טעטיקייט. דאָס געביט פון גייסטיקן לעבן איז געוועזן פונקט אַזוי ענג ווי די גאַס פון יידישן קוואַרטאַל. אפילו די רבנישע לומדות איז פאַר־אָרעמט געוואָרן. די געלערנטע תלמודיסטן האָבן באַאַרבעט און דערקלערט די פריערדיקע ליטעראַטור, אָבער זיי האָבן גאָרניט געשאַפן קיין נייס. וועגן פרייהייט פון געדאַנק האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין. די רע־ליגיעזע צערעמאָניעס זיינען אָפּגעהיט געוואָרן מיט דער גרעסטער שטרענגקייט אין דער היים אַזוי גוט ווי אין שול. די היים און די שול — דאָס זיינען געוועזן די צוויי ערטער וואו דער געיאָגטער, דערנידעריק־טער ייד האָט אָפּגערוט אין זיין נשמה, וואו ער האָט זיך געפילט ווי אַ מענטש מיט הויכע גייסטיקע שטרעבונגען. דאָס פאַמיליען־לעבן פון דעם דייטשן יידן איז געוועזן אַ מוסטער פון מאָראַלישער ריינקייט, פון אַליין־זיך־מקריב־זיין, פון מעסיקייט און ניכטערקייט. די גאַנצע געמיינדע איז געווען אַזוי ווי עפּעס איין גרויסע פאַמיליע וואָס איז פאַראייניקט מיט די זעלביקע שטרעבונגען, געוואוינהייטן און מינהגים. דאָס לעבן פון דער קהילה האָט זיך קאָנצענטרירט אין שול, וואו אין הויף פלעגט זיך דאָס רוב געפינען די וואוינונג פונעם רב. דאָ פלעגן באַטראַכט און באַשלאָסן ווערן די עסקים פון דער קהילה; דאָ פלעגן אָפּט, אין צייטן פון אָנפאַלן, די ראשי הקהל באַשליסן פרייוויליק צו שטאַרבן, כדי זיך ניט איבערצו־געבן דעם שונא: די שול פלעגט מען אונטערצינדן און אַ גאַנצע מחנה מאַרטירער פלעגט אויסהויכן דעם אָטעם מיט די אויסגעשרייען: „שמע ישראל!" דער אָנדענק פון אַזעלכע מאַרטירער פלעגט געהאַלטן ווערן

הייליק פון די קומענדיקע דורות. זייערע נעמען, יעדער מיטן טיטל „קדוש״ פלעגן פאַרשריבן ווערן אין די „פנקסים״ פון די שולן און פלעגן דער־מאָנט ווערן אין רירנדיקע תפילות, וואָס פלעגן געזאָגט ווערן פאַר „די וואָס זיינען געשטאָרבן אויף קידוש השם״.

אין 15־טן יאָרהונדערט זיינען די רדיפות אויף די יידן אין דייטש־לאַנד שוואַכער געוואָרן. בלויז פון צייט צו צייט פלעגן די קאַטוילישע גלחים אויפרייצן קעגן זיי דעם פינצטערן המון. אַרום יאָר 1450 איז אי־בערן לאַנד אַרומגעפאָרן דער מאָנאַך קאַפּיסטראַנאָ, וועלכער האָט גע־קראָגן דעם צונאָמען „דער בייטש פון די יידן״, און האָט געהעצט דעם המון קעגן די יידן; אונטער דער ווירקונג פון זיינע דרשות האָט די שוואַרצע מאַסע אין עטלעכע שטעט צערויבט די יידישע קוואַרטאַלן. פון אַ סך שטעט זיינען די יידן פאַרטריבן געוואָרן.

די ליטעראַטור פון די דייטשע יידן אין 13־טן ביזן 15־טן יאָרהונ־דערט באַשטייט כימעט אין גאַנצן פון תלמודישע פאָרשונגען. פון די תלמודיסטן פון דער דאָזיקער עפּאָכע זיינען באַזונדערס באַרימט געוואָרן: רבי מאיר פון רוטענבערג (דער מהר״ם), ר׳ ישראל איסרלין פון עסט־רייך און ר׳ ישראל ברונאָ פון רעגענסבורג (15טן יאָרהונדערט). דער פּאַ־ריזער רב ליפּמאַן מילהויזען (ר׳ יום־טוב) האָט אָנגעשריבן דעם פּאָפּו־לערן ספר „הניצחון״, וועלכער האָט געדאַרפט דינען ווי אַ האַנטבוך פאַר די יידישע חכמים און רעליגיעזע וויכוחים מיט גלחים.

## § 27. איטאַליע.

אין מערב־אייראָפּע אין מיטלעלטער איז איטאַליע געווען דאָס איינ־ציקע לאַנד וואו די יידן האָבן ניט געליטן קיין מאַסן־פאַרפאָלגונגען: צווישן דעם געדיכטן וואָלקן פון דעם באַרבאַריזם פון דעם מיטלעלטער האָט אין דעם לאַנד צום ערשטן אַ בליץ געטאָן דער שטראַל פון דער „רענעסאַנס״ (אויפלעבונג, 13־טן—15־טן יאָרהונדערט), וואָס איז גע־ווען אַ באַנייאונג פון דעם גייסטיקן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. די רוי־מישע פּויפּסן זיינען ניט געווען קיין פראַפּעטן אין זייער אייגן לאַנד. אינאָקענטיוס דער 3טער און זיינע נאָכפאָלגער, וועלכע האָבן מיט דער־פאָלג פאַרזייט רעליגיעזע אומטאָלעראַנץ אין אַלע לענדער פון אייראָפּע, האָבן ניט געקענט פאַרפלאַנצן דעם בייזן גייסט אין איטאַליע גופא,

וועלכע איז געווען פאַנאַנדערגעטיילט אין זעלבשטענדיקע פראָווינצן און פרייע האַנדלס־שטעט. יידן האָבן געלעבט אין דעם פויפּס' פּראָווינץ, אין די פרייע שטעט פון לאָמבאַרדיע און אין דרום — אין נעאַפּאָל און סיציליע. די קירכלעכע געזעצן זיינען ניט אָנגעווענדט געוואָרן שטרענג קעגן זיי אפילו אין רוים. די יידן האָבן דאָ נאָך פון אַמאָל געלעבט אין אַ באַזונדער קוואַרטאַל נאָר אין זייערע זיטן זיינען זיי ניט געווען שאַרף אָפּגעשיידט פון די קריסטן. לויטן געזעץ זיינען זיי געווען אָנערקענט פאַר „רוימישע בירגער״ פון אַ באַזונדער קלאַס, אונטערגעוואָרפן צו דער פויפּסלעכער קוריע. בראש פון די קהילות זיינען געשטאַנען אויסגעקליבענע פאָרשטייער („פּרנסים״) וועלכע זיינען געווען פאַראַנטוואָרטלעך צום פויפּס פאַר די שטייערן, האָבן געהאַט דאָס רעכט צו רופן אסיפות, משפטן און אַרויסגעבן אַ פּסק, אַרויפלייגן שטראָפן אָדער חרם פאַר פאַרברעכנס.

די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן אין איטאַליע איז געווען אָן אַן ערך בעסער, ווי אין אַנדערע לענדער. דאָ זיינען זיי ניט געווען צוגעשמידט צום קליין־האַנדל און צו אַ וואוכער־געשעפט, נאָר זיי האָבן געקענט זיך פאַרנעמען מיט מלאכה און האַנדל אויפן ברייטן אופן. אין דרום־איטאַליע און סיציליע האָבן זיך די יידן באַשעפטיקט אפילו מיט ערדאַרבעט און מיט דער זייד־אינדוסטריע. אין אַזעלכע אַלוועלטלעכע האַנדלס־פּאָרטן ווי ווענעדיק און גענוא האָבן די יידישע סוחרים ניט געקענט קאָנקורירן מיט די גרויסע קריסטלעכע סוחרים, נאָר דאָך האָבן זיי אויך אָנטייל גענומען אין דעם אַלוועלטלעכן פעלקער־האַנדל, וועלכער איז אָנגעגאַנגען דורך די פּאָרטן. אינעווייניק אין לאַנד, וואו עס זיינען ניט געווען קיין באַקוועמע און זיכערע וועגן, זיינען די יידן געווען נוצלעך די פויערים און דעם האַנדל דורך אַריבערפירן ברויט און אַנדערע פּראָדוקטן פון אָרט צו אָרט, און שפּילנדיק די ראָלע פון דעם פאַרמיטלער צווישן דעם פּראָדוצירער און דעם פאַרברויכער. די רייכע פלעגן זיך אויך אָפּגעבן מיטן פּראָצענט־געשעפט, נאָר אויף דעם געביט זיינען זיי נאָך געווען שוואַכע תלמידים פון די איטאַליענישע פּראָצענטניקעס, וועלכע זיינען געווען באַוואוסט אונטערן נאָמען די „לאָמבאַרדער״. שרייבער פון יענער צייט האָבן איבערגעלאָזט עדות אַז די קריסטלעכע פּראָצענטניקעס פלעגן אַ סך ערגער באַהאַנדלען זייערע קריסטלעכע קליענטן, ווי די יידן זייערע קריסטלעכע בעלי־חובות. אין יאָר 1430 האָבן די שטאָט־באַאַמטע

פון פלאָרענץ איינגעלאַדן יידישע באַנקירן צו קומען זיך באַזעצן אין זייער שטאָט, כדי זיי זאָלן אַרונטערזעצן די פּראָצענטן פון 33 אויף 20. אַ דאַנק דעם זיינען אין איטאַליע ניט געווען יענע טרויעריקע פאָלגן פון דעם פּראָצענט־געשעפט ווי אין די אַנדערע לענדער.

צווישן די יידן אין איטאַליע זיינען געווען אַ סך באַרימטע דאָקטוירים, וועלכע האָבן געקראָגן זייער בילדונג אין די העכסטע מעדיצינישע שולן אין פּאַדוא, סאַלערנאָ און אַנדערע ערטער. אָפט מאָל טאַקע אונטער דער אויפזיכט פון יידישע פּראָפעסאָרן. ניט פאַרגינענדיק די יידישע דאָקטוירים זייער דערפאָלג, האָבן זייערע קריסטלעכע חברים געזוכט זיי צו פאַרמיאוסן אין די אויגן פון פאָלק, באַשולדיקנדיק זיי אַז זיי שעדיקן בכיוון קריסטלעכע פּאַציענטן. האָבן די קאַטוילישע גלחים אָנגעהויבן שטרענג איינפירן דאָס קירכלעכע געזעץ וואָס האָט פאַרבאָטן קריסטן זיך צו קורירן ביי יידישע דאָקטוירים. פון דעסט וועגן זיינען די יידישע דאָקטוירים געווען שטאַרק פּאָפּולער אין לאַנד און צו זיי פלעגן זיך ווענדן ניט נאָר וועלטלעכע מענטשן, נאָר אויך קאַטוילישע גלחים, און אָפט מאָל אַפילו די פּויפּסן אַליין. פּויפּס באָניפאַציוס דער 9טער האָט געהאַט זיינע לייב־דאָקטוירים די יידן מאַנועלאָ און אַנדזשעלאָ. די דאָזיקע צוויי דאָקטוירים האָבן געקראָגן פון דעם פּויפּס און דעם רוימישן מאַגיסטראַט אַ שריפט, וועלכע האָט באַפרייט זיי און זייערע קינדער פון שטייערן דערפאַר ווייל זיי האָבן געהיילט אָרעמע קראַנקע אומזיסט (1399). דער יידישער דאָקטאָר פאָליניאָ, פּראָפעסאָר אין דעם אוניווערזיטעט פון פּאַדוא, איז געפאַלן אַ קרבן פון דעם „שוואַרצן טויט", אַרומגייענדיק בשעת דער מגפה אַרום געפערלעכע קראַנקע (1348). אין די הויפן פון די קעניגן און הערצאָגן זיינען יידישע לייב־מעדיקער געווען אַ גאַנץ אָפטע זאַך.

די לערך גינסטיקע געזעלשאַפטלעכע לאַגע פון די איטאַליענישע יידן בעת דער „רענעסאַנס" וואָס האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן אין איטאַליע האָבן אַרויסגערופן ביי די דאָרטיקע יידן אַ פילזייטיקע גייסטיקע שעפערישקייט. אַזוי ווי זייערע שפּאַנישע ברידער האָבן די איטאַליענישע יידן אַרויסגעגעבן פון צווישן זיך פרייע דענקער, וועלכע האָבן אָנגענומען די געדאַנקען פון דעם רמב"ם (דער איבערזעצער פון די אַראַבישע פילאָזאָפן, יעקב אַנאַטאָלי, און דער דאָקטאָר הלל וועראָנאָ פון 13־טן יאָרהונדערט), און באַגאַבטע פּאָעטן. פון די פּאָעטן איז באַזונדערס באַרימט

געוואָרן עמנואל הרומי (געשטאָרבן 1330), אַ חבר פון דאַנטע. אַנדערש ווי די איבעריקע יידישע פּאָעטן האָט עמנואל געשריבן ניט קיין רעליגיע־זע שירים, נאָר וועלטלעכע לידער אין וועלכע עס איז באַזונגען געוואָרן די ליבע, פרייד און גליק, אָדער עס זיינען אויסגעלאַכט געוואָרן נאַריש־קייטן און אומגעלומפּערטקייטן. די העברעאישע שירים פון עמנואל צייכ־נען זיך אויס מיט זעלטענער שיינקייט און קלינגעוודיקייט. ער האָט אויך אָנגעשריבן אַ שיר „התפת וגן־עדן" (גיהנום און גן־עדן), וועלכע איז אַ שאַרפע סאַטירע אויף די מענטשן פון זיין צייט. צווישן די איינוואוינער פון גיהנום זעצט דער דיכטער אַריין יענע תלמודיסטן וועלכע פאַראַכטן די וועלטלעכע וויסנשאַפטן, דאָקטוירים־שאַרלאַטאַנעס און אומבאַגאַבטע שריי־בער; אין גן־עדן מאַכט ער פלאַץ אַפילו פאַר גוטע גויים, וועלכע גלייבן אין אחדות הבורא. די שפּעטערע רבנים האָבן דערקלערט עמנואלן פאַר אַן אפּיקורס און אַריינגעלייגט זיינע ווערק אין חרם.

קאַפּיטל 5

# דאָס לעצטע יאָרהונדערט פון שפּאַנישן יידנטום

(1492—1391)

## § 28. יידישע הויפלייט און די שחיטה אין סעווילאַ.

ליכט און שאָטן בייטן זיך אין דעם לעבן פון די שפּאַנישע יידן אין 14־טן און 15־טן יאָרהונדערט. צוליב זייער בילדונג און האַנדלס־פּעאַי־קייטן האָבן די יידן פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט איןביידע קעניגרייכן פון שפּאַניע: קאַסטיליע און אַראַגאָניע. די שפּאַנישע קעניגן האָבן גע־שעצט די דאָזיקע מעלות פון די יידן און פלעגן די פּעאיקסטע פון זיי אָפּט רופן צו פאַרנעמען שטעלעס אין דער רעגירונג. כימעט יעדער קעניג האָט געהאַט אין זיין הויף אַ יידישן שטייער־זאַמלער, פינאַנץ־מיניסטער, ראַטגעבער, הויף־דאָקטאָר אָדער אַ יידישן געלערטן. די יידישע פאַמי־ליעס בענוועניסטע, וואַקאַר אַבולאַפיא, פּיכאָן און אברבנאל האָבן זיך באַוויזן אין די רייען פון די שפּאַנישע אַדעליקע און הויפלייט. אַט די אַלע טיטולירטע יידן האָבן זיך שטאַרק פאַרדינט געמאַכט ביי דער מלוכה, אָבער זייער אייגן פאָלק האָבן זיי ווייניק נוצן געבראַכט. די יידישע הויפ־לייט פון דער צייט האָבן ניט געהאַט יענע מעלות, וועלכע האָבן אַמאָל באַשיינט אַזעלכע מענטשן ווי ר׳ חסדאי שפּרוט אָדער ר׳ שמואל הנגיד. נאָכטועדיק די פאַרשווענדערישע שפּאַנישע גראַנדן האָבן זיי געשטרעבט בלויז צו רייכטום און לוקסוס, וועלכע זאָלן מאַכן אַן אויפזען, פלעגן אָנ־טאָן זייערע ווייבער און קינדער אין זייד און ברילִיאַנטן, און פלעגן אַרויס־

פאָרן אין גרויסאַרטיקע עקיפּאַזשן. פון זיי פלעגן זיך אָפּלערנען אַ בײַ־שפּיל די מענער און פרויען פון די פאַרמעגלעכע קלאַסן פון דער יידישער באַפעלקערונג. דערמיט פלעגן זיי אַרויסרופן קנאה ביי די קריסטן װעל־כע פלעגן זאָגן: „אַט ווי די יידן ווערן רייך; באַלד וועלן זיי אַלע ווערן גראַנדן". און דאָס וואָס אייניצלנע יידן פלעגן שנעל רייך ווערן, אָפט מאָל דורך געלונגענע קניות אָדער פּראָצענט־נעמען, פלעגט מען צורעכענען פאַר אַן עוולה דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט געפירט אַ באַשיידן און אַרבעטזאַם לעבן. די יידן־פיינט פלעגן זיך דערמיט באַנוצן צו פאַרגיפטן די מאַסן קעגן די יידן.

אַ באַזונדערע שנאה צו די יידן האָבן געפילט דער העכערער אַדעל און די גייסטלעכע. די שטאָלצע שפּאַנישע אַדעל־לייט האָבן ניט געקענט פאַרטראָגן אין זייער מיט מענטשן פון פרעמדן גלויבן און געבורט, און זיי פלעגן זיי אומצופרידן ווען אַזעלכע מענטשן פלעגן דערגרייכן הויכע רעגירונגס־שטעלעס, און די גייסטלעכע, וועלכע זיינען באַשטאַנען דאָס רוב פון די מאָנאַכן־דאָמיניקאַנער האָבן געזען אין דער דערהויבונג פון די יידן אַ דירעקטע באַליידיקונג קעגן דער קירכע. לויט דער מיינונג פון די קאַטוילישע מאָנאַכן האָבן די יידן, ווי די „שונאים פון דער קירכע" אומעטום געדאַרפט געהאַלטן ווערן ווי קנעכט. פון דעסט וועגן האָבן די יידישע קהילות אין שפּאַניע געבליט און האָבן גענאָסן אינערלעכע פריי־הייט. אין קאַסטיליע אַליין זיינען געווען 80 קהילות, וועלכע האָבן פאַר־מאָגט אַרום אַ מיליאָן יידן. די וויכטיקסטע קהילות האָבן זיך געפונען אין טאָלעדאָ, בורגאָסאָ און סעווילאָ. בראש פון יעדער קהילה זיינען געשטאַ־נען די רבנים און דיינים, וועלכע האָבן געהאַט אַ רעכט צו משפּטן ציווילע און קרימינעלע פּראָצעסן צווישן יידן. אַזוי ווי אַמאָל אין בבל און אין דעם אַראַבישן כאַליפאַט, אַזוי האָבן איצט אויך די יידן גענאָסן ברייטע אויטאָנאָמיע, בעת די אייניפלוסרייכע יידן האָבן אָנטייל גענומען אויך אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. אָט דער פאַקט וואָס פון איין זייט האָבן די יידן געלעבט אָפּגעזונדערט אין זייער אייגענעם לעבן און פון דער אַנדערער זייט זיך באַטייליקט אין דער רעגירונג — האָט גערייצט דעם קאַטוילישן אַדעל און די גייסטלעכע.

איין פאַנאַטישער גלח פון סעווילאָ פערנאַנדאָ־מאַרטין, האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַר אַ ציל אויפצוהעצן די קריסטן צו אַן אָנפאַל אויף די יידן. אין זיינע דרשות אין די קירכעס פלעגט ער גיסן פעך און שוועבל



דאָס הויז פון שמואל הלוי אין טאָלעדאָ (14טן י"ה)

אויף דער יידישער „פאַלשער" אמונה, פלעגט אָנווייזן אויפן וואַקסנדיקן רייכטום פון די יידן און זייער שעדלעכקייט פאַרן פאָטערלאַנד. דאַן איז מאַרטין געוואָרן געהילף פון אַרציבישאָף און ער האָט אָנגעהויבן פאַנאַנ־דערשיקן צירקולאַרן צו די גלחים אין זיין עפּאַרכיע, אין וועלכע ער פלעגט זיי אויפפאָדערן זיי זאָלן איינריידן דאָס פאָלק „צו צעשטערן ביז

גרונד די שולן, אין וועלכע די שונאים פון גאָט און דער קירכע, וועלכע רופן זיך יידן, פראַווען זייער געצנדינסט". איין מאָל, דעם 15־טן מערץ 1391 האָט מאַרטין געהאַלטן אַ פייערדיקע דרשה פאַר אַ גרויסן עולם. דער אויפגערייצטער המון האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער פרידלעכער יידישער באַפעלקערונג פון סעווילאַ און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאָגראָם. נאָר דאָס מאָל האָבן זיך פאַר די יידן געשטעלט די שטאָט־באַאַמטע, דער פּאָגראָם איז אָפּגעשטעלט געוואָרן, און אייניקע פון די אָנהייבער זיינען באַשטראָפט געוואָרן. צווישן די אָנהייבער איז אָבער ניט געווען דער אמתער שולדיקער אין די אומרוען, פערנאַנדאָ־מאַרטין. אונטער דעם שוץ פון דער קירכע האָט ער ווייטער אָנגעפירט זיין פאַרברעכערישע אַגיטאַציע, ביז ער האָט ענדלעך זיך דערשלאָגן צו זיין ציל. אין דריי מאָנאַטן אַרום איז דער פּאָגראָם אין סעווילאַ אויסגעבראָכן אויף דאָס ניי מיט אַזאַ קראַפט, אַז עס איז אוממעגלעך געווען אים אָפּצושטעלן. די קאַטוי־ליקן, אַזוי ווי לויט אַן אָפּמאַך פון פריער זיינען זיך איין פרימאָרגן צו־זאַמענגעלאָפן פון אַלע עקן שטאָט צום יידישן קוואַרטאַל („כודעריאַ"), האָבן אים אונטערגעצונדן און זיך אַ נעם געטאָן צו הרגענען און רויבן די איינוואוינער (6־טן יוני). אַרום פיר טויזנט יידן זיינען געוואָרן גע־הרגעט אָדער אַוועקגעפירט אין געפאַנגענשאַפט און פאַרקויפט צו אַראַבער פאַר קנעכט; און די איבעריקע, כדי צו ראַטעווען זיך פון טויט, האָבן מסכים געווען זיך צו לאָזן שמדן; די בליענדיקע אַלטע קהילה איז חרוב געוואָרן. אייניקע שולן האָט מען פאַרניכטעט און די איבעריקע האָט מען פאַרוואַנדלט אין קירכעס.

די פּאַסירונג אין סעווילאַ איז געווען אַ סיגנאַל צו באַפאַלן די יידן אין אַנדערע שטעט. אַ סך זיינען געשטאָרבן אויף קידוש השם; נאָר גרויס איז אויך געווען די צאָל פון די שוואַכמוטיקע, וועלכע האָבן לפנים אָנ־גענומען דעם קריסטנטום כדי צו ראַטעווען זיך דאָס לעבן. פון קאַסטיליע האָט זיך די פּאָגראָם־כוואַליע אַריבערגעוואָרפן אין דעם קעניגרייך אַראַ־גאָניע. אין וואַלענסיאַ האָבן זיך די קאַטאָליקן אַריינגעריסן אין יידישן קוואַרטאַל מיט געשרייען: „אָט קומט מאַרטין, ער וועט אייך אַלעמען אויסשמדן!" די יידן האָבן זיך געפרואווט שטעלן אַנטקעגן אָבער דאָס האָט נאָך מער צערייצט דעם ווילדן המון. די יידישע קהילה, פון פינף טויזנט נפשות, איז צעשטערט געוואָרן: פילע זיינען געשטאָרבן דורכן שווערד, אַנדערע זיינען אַוועק צום שמד, און נאָך אַנדערע זיינען אַנט־

לאָפן. אין באַרצעלאָנאַ האָבן זיך די יידן פאַרשפּאַרט אין פעסטונג, נאָך דעם ווי דער גובערנאַטאָר און דער אַדעל האָבן זיי צוגעזאָגט צו באַ־שיצן. נאָר דער צעווילדעוועטער המון האָט די פעסטונג באַלאַגערט און אונטערגעצונדן. די באַלאַגערטע, פאַרלירנדיק די האָפענונג זיך צו ראַ־טעווען האָבן אַליין דערשטאָכן איי־נע די אַנדערע מיט שווערדן אָדער האָבן זיך אַרונטערגעוואָרפן פון טור־עם פון פעסטונג און זיינען צעשמע־טערט געוואָרן; אַנדערע האָבן גע־קראָגן אַ שרעקלעכן טויט פון דעם שונאס הענט, און די איבעריקע האָ־בן געפעלשט אין זייער גלויבן; בלויז אייניקע איז געלונגען צו אַנטלויפן.



דאָס גאָלדענע טויער פון סעווילאַ

די אַנטלאָפענע פון שפּאַניע זיי־נען אַוועק אין דעם שכנישן פּאָרטו־גאַל. די יידן האָבן שוין לאַנג גע־לעבט אין פּאָרטוגאַל רואיק, העלפנ־דיק אין דער קאָמערציעלער אַנט־וויקלונג פון דעם האַנדלס־לאַנד. דאָ האָבן זיי געהאַט פרייע קהילות, בראש פון וועלכע עס איז געשטאַ־נען אַן אויבער־רב, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסע מאַכט. אויך דאָ האָבן אין דעם קעניגלעכן הויף אָפּט זיך אויסגעצייכנט יידישע מיניס־טאָרן און ראַטגעבער. נאָך דער סעווילער הריגה אין 1931 האָבן אַ סך יידישע אַנטלאָפענע פון שפּאַניע געפונען שוץ אין פּאָרטוגאַל; די וואָס זיינען מיט גוואַלד גע־שמדט געוואָרן, האָבן דאָ אָנגעהויבן פראַנק און פריי צו האַלטן זייער פריערדיקן גלויבן. פאַר דעם אָפּטרעטן פון קאַטאָליציזם האָט זיי געשראָקן אַ שווערע שטראָף. נאָר דער אויבער־רב פון פּאָרטוגאַל, ר׳ משה נאַוואַראָ וועלכער איז אויך געווען דעם קעניגס לייב־דאָקטאָר, האָט פאַרהיט פון אַן אומגליק. ער האָט פאָרגעבראַכט פאַרן קעניג צוויי בולאַס פון דעם

פויפּס, וועלכע האָבן פאַרבאָטן צו שמדן יידן מיט גוואַלד. דאַן האָט דער קעניג אַרויסגעלאָזט אַ באַפעל (1932), אַז קיינער זאָל ניט אָנרירן אַ יידן וואָס איז געשמדט געוואָרן מיט גוואַלד און וואָס האָט זיך אומגע־קערט צוריק צו זיין גלויבן; ער האָט אויך באַפוילן אַז מען זאָל אומעטום באַקאַנט מאַכן דעם אינהאַלט פונעם פויפּס׳ בולאַס. אויסער פּאָרטוגאַל האָבן אַ סך שפּאַנישע יידן אויסגעוואַנדערט אין די מוכמעדאַנישע לענדער פון צפון־אַפריקע און האָבן דאָרט אויף דאָס ניי געגרינדעט גרויסע קהי־לות (אַזוי ווי אַמאָל, אין די צייטן פון רמב״ם).

צווישן די באַרימטע יידישע מענער, וואָס האָבן געליטן פון די פּאָג־ראָמען אין יאָר 1391 איז געווען דער באַוואוסטער פילאָזאָף ר׳ חסדאי קרשקש פון באַרצעלאָנאַ. ר׳ קרשקשס זון איז געשטאָרבן על קידוש השם און דער אומגליקלעכער פאָטער האָט וועגן דעם רואיק געשריבן: „מיין זון האָב איך אָפּגעגעבן צו גאָט אַזוי ווי אַ קרבן עולה. איך בין מקבל באהבה גאָטס משפּט און איך טרייסט זיך דערמיט וואָס אַזאַ גליק איז אויסגעפאַלן אויף זיין גורל״. די שטורמישע צייט האָט ניט געשטערט ר׳ קרשקשן צו פאַרטיפן זיך אין זיינע רעליגיעזע און פילאָזאָפישע שטו־דיעס, נאָר זי האָט אַרויפגעלייגט אויף זיי איר שטעמפּל. אַנדערש ווי דער רמב״ם, האָט קרשקש געלערנט אַז דער פאַרשטאַנד דאַרף אָפּטרעטן דעם גלויבן, און ניט פאַרקערט. פון משה ס צוויי געבאָטן „דע את ד׳״ (זאָלסט וויסן גאָט) און „ואהבת את ד אלהיך״ (זאָלסט ליבן דיין גאָט) האַלט ער דאָס צווייטע פאַר וויכטיקער. אין זיין ספר „אור ד׳״ זאָגט ער אַרויס געדאַנקען וואָס זיינען קעגן דעם רמב״מס. אין דעם זעלבן וועג איז געגאַנגען אַ יינגערער דענקער פון יענער צייט, ר׳ יוסף אלבו (גע־שטאָרבן 1444) וועלכער האָט פאַרפאַסט אַ וויכטיקן „ספר העיקרים״. דער מחבר פירט צו די דרייצן עיקרים פון דעם רמב״ם צו דריי וויכטיקסטע: גאָטס וועזן, אַז די תורה איז מן השמים און תחית המתים.

## § 29. די אַנוסים.

די געשעענישן פון יאָר 1391 האָבן איבערגעלאָזט נאָך זיך טיפע שפּורן אין דעם לעבן פון די שפּאַנישע יידן. זייער גרויס איז געווען די צאָל פון די יעניקע וועלכע האָבן אין דעם דאָזיקן שרעקלעכן יאָר, אונטער דער מורא פון טויט, אָנגענומען דאָס קריסטנטום. די מענטשן האָבן גע־

גלויבט אַז ווען די געפאַר וועט אַריבער וועלן זיי מעגען זיך אומקערן צוריק צום גלויבן פון זייערע אָבות. אָבער זיי האָבן געמאַכט אַ טעות. אָפּט צו היטן זייער אַלטן גלויבן האָבן געקענט נאָר יענע פון די געשמד־טע, וועלכע זיינען אַנטלאָפן אין אַנדערע לענדער. אָבער די אַלע „ניי־קריסטן", וועלכע זיינען געבליבן אין שפּאַניע האָבן זיך געפונען אונטער דעם שטרענגן בליק פון די קאַטוילישע גלחים. זיי האָבן געקענט בלויז באַהאַלטנערהייט אָפּהיטן די צערעמאָניעס פון דער יידישער אמונה, אָבער עפנטלעך זיינען זיי געגאַנגען אין קירכע און האָבן זיך געהאַלטן פאַר קאַטאָליקן. אָט די דאָזיקע צוויי־פּנימדיקייט האָט זיי פאַרסמט דאָס לעבן. די יידן האָבן גערופן אַזעלכע מענטשן „אנוסים" (געצוואונגענע), און די שפּאַניער האָבן זיי גערופן ניי־קריסטן אָדער „מאַראַנען", ד"ה פאַרשטוי־סענע.

די צאָל פון די מאַראַנען אין שפּאַניע איז אַלץ געוואַקסן. דערמוי־טיקט פון זייער ערשטן דערפאָלג האָבן די קאַטוילישע גלחים דערפונדן אַלץ נייע מינים מיטלען צו צווינגען די יידן צום שמד. אין דעם האָבן די מאָנאַכן צו געהאָלפן אַזעלכע יידן וועלכע פלעגן, צוליב אייגענע נוצן, פאַרראַטן זייער פאָלק און זיך שטעלן אויף דער זייט פון זיינע פריינד. אַ געוועזענער תלמודיסט שלומה הלוי, וועלכער האָט זיך געשמדט און אָנגענומען דעם נאָמען פּאַבלאָ האָט זיך ענדלעך דערדינט צום טיטל בי־שאָף אין בורגאָס, און איז געוואָרן דער דערציער פון דעם קאַסטילישן קרוינפּרינץ. זייענדיק דער ליבלינג פון דעם פּויפּס האָט פּאַבלאָ שטענדיק באַמיט זיך צו געפעלן זיינע קירכלעכע אויבערהאַרן און ברענגען וואָס מער יידן צום קריסטנטום. ער האָט געפּרעדיקט, אין וואָרט און שריפט, קעגן די „פאַרפירערישע" רבנים און האָט געוויזן די מעלות פון קריסטנ־טום איבערן יידנטום. אין דער זעלביקער צייט זיינען איבערן לאַנד אַרומ־געפאָרן די דאָמיניקאַנישע מאָנאַכן, פלעגן זיך אַריינרייסן מיט צלמים אין די הענט אין די שולן און פלעגן שטרענג פאָדערן אַז די יידן זאָלן אָננעמען דאָס קריסטנטום; און טאָקע אויפן פלאַץ איז געשטאַנען אַ מאַסע קאַטאָליקן, כדי אָנצופאַלן אויף די יידן ביים ערשטן סיגנאַל. אונטער די שרעקלעכע מעטאָדן האָבן טויזנטער יידן אָנגענומען דאָס קריסטנטום פאַרגרעסערנדיק אויף אַזאַ אופן די צאָל פון די אַנוסים.

אין יאָר 1412 האָט פּויפּס בענעדיקט דער 3טער אַרויסגעשיקט צו די וויכטיקערע שפּאַנישע רבנים אַן איינלאַדונג צו קומען קיין טאָרטאָסאָ

צו האָבן אַ וויכוח מיט פאָרשטייער פון דער קירכע; פאַר נישט קומען צו דער באַשטימטער צייט איז באַשטימט געוואָרן אַ שטרענגע שטראָף. די רבנים האָבן געמוזט פאָלגן. קיין טאָרטאָסאַ זיינען געקומען 22 פאָרשטייער פון יידישע געמיינדעס; צווישן זיי זיינען געווען באַרימטע רבנים, דאָקטוירים און פילאָזאָפן, דאַרונטער ר׳ יוסף אלבו, דער מחבר פון דעם ספר וועגן די עיקרים פון יידנטום, „העיקרים״. די פאָרשטייער פון דער קירכע זיינען געווען: דער פויפּס בענעדיקט אַליין, אַ סך בישאָפן און דער משומד יהודה לאָרקי (קאַטוילישער נאָמען: הערצנימאָ דע סאַנטאַ־פּע). דער דיספּוט, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן אין פעברואַר 1413 איז פאָרגעקומען אין 69 זיצונגען און האָט געדויערט אַ יאָר מיט זעקס חדשים. יעדער צד האָט מיט באַגייסטערונג באַוויזן די ריכטיקייט פון זיין אמונה; נאָר אין דער צייט וואָס די יידן האָבן געדאַרפט ריידן פאָרזיכטיק און איינגעהאַלטן האָבן די קאַטאָליקן זיך דערלויבט צו מאַכן באַליידיקנדיקע אָנפאַלן אויפן יידנטום און אַפילו שרעקן. מען קען נישט וויסן מיט וואָס דער דאָזיקער וויכוח וואָלט זיך געווען ענדיקן, ווען אַ קירכלעכע אסיפה, וואָס איז דעמאָלט פאָרגעקומען אין קאָנסטאַנצאַ, זאָל נישט געווען אַרונטערגעזעצט בענעדיקט און אויסקלייבן אַן אַנדערן פויפּס אויף זיין אָרט.

אַ סך יאָרן האָבן די שפּאַנישע גלחים געאַרבעט שווער צו ברענגען וואָס מער יידן צום קאַטאָליציזם; נאָר ווען זיי האָבן שוין דערגרייכט זייער ציל האָבן זיי איינגעזען, אַז עס איז נאָך שווערער איינצוהאַלטן די אַריינגעבראַכטע אין דער אמונה, ווס איז זיי אָנגעבונדן געוואָרן. אין שפּאַניע האָבן זיך געפונען צענדליקער טויזנטער מאַראַנען. אַ סך פון זיי האָבן זיך משדך געווען מיט דעם שפּאַנישן אַדל און זיינען געשטאַנען נאָענט צום קעניגלעכן הויף. עס זיינען געווען אַ רעכטע צאָל מיניסטאָרן, קריגספירער און בישאָפן פון צווישן די אַנוסים וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט פעאיקייט און בילדונג. אַ טייל פון זיי האָבן זיך באמת צוזאַמענגעגאָסן מיט די רעכטע שפּאַניער און האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון זייער פאָלק. נאָר די מערסטע מאַראַנען האָבן אין דער שטיל אָפּגעהיט דאָס יידנטום. די עלטערן פלעגן לערנען זייערע קינדער די יידישע אמונה און איינגעפלאַנצט אין זייערע הערצער אַ ליבע צו זייער פאָלק. דאָס אַלץ איז נישט געווען קיין סוד פאַר די גלחים, וועלכע זיינען געווען שטאַרק אויפגעבראַכט דערפאַר. די גייסטלעכע פלעגן אין זייערע דרשות העצן

דאָס פאָלק קעגן די וואָס טרעטן אָפּ פון דער קאַטוילישער אמונה. איין מאָל איז אין קאָרדאָבאַ געגאַנגען אַ רעליגיעזע פּראָצעסיע איבער די גאַסן. די מאַראַנען האָבן פאַרמאַכט די פענצטער פון זייערע הייזער און האָבן זיי נישט אויסגעפּוצט. דאָס האָט שטאַרק אויפגערעגט די קריסטן. פּלוצ־לינג האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אַז פון אַ פענצטער פון אַ מאַראַנישן הויז, וואו די פּראָצעסיע איז פאַרבייגעגאַנגען, האָט אַ מיידעלע אויסגע־גאָסן עפּעס אַן אומריינע פליסיקייט, וואָס איז געפאַלן אויף דעם בילד פון דער געטלעכער מוטער. די מאַסע איז שרעקלעך אויפגעבראַכט געוואָרן. אונטער דער פירערשאַפט פון אַ שמיד האָט זיך דער המון אַ לאָז געטאָן מיט ברענענדיקע פאַקלען אויף די הייזער פון די מאַראַנען און האָט גע־צונדן, געראַבעוועט (?) און געמאָרדעט, געשענדט פרויען און נישט געשוינט אַפילו קיין קינדער. די פינצטערע מאַסע האָט געבושעוועט דריי טעג. אַ גרויסע צאָל מאַראַנען איז דעמאָלט אומגעקומען אין קאָרדאָוואַ און אין די אַרומיקע שטעט (1473).

## § 30. די אינקוויזיציע; טאָרקעמאַדאַ.

אַן אַנטשיידנדיקער קאַמף קעגן די מאַראַנען און יידן האָט זיך אָנ־געהויבן פון יענער צייט, ווען אַראַגאָניע און קאַסטיליע האָבן זיך פאַר־אייניקט אין איין מלוכה, דורך דער חתונה פון אַראַגאָנישן קעניג פער־דינאַנד מיט דער קאַסטילישער קעניגין איזאַבעל (1474). דער בונד האָט געדאַרפט באַשאַפן אַן איינציק און שטאַרק קעניגרייך. נאָר דאָס קעניג־לעכע פּאָר, וואָס האָט זיך געפונען אין גאַנצן אונטערן איינפלוס פון די גייסטלעכע, האָבן אַריינגעטראָגן אין דער רעגירונג אַ געפערלעכן אָנפאַנג פון אומטאָלעראַנץ צו אַנדערע גלויבנס — אַ זאַך וועלכע האָט שפּעטער אַראָפּגעבראַכט שפּאַניע פון איר גדולה. די פרומע איזאַבעל האָט נאָך אין דער יוגנט צוגעזאָגט איר גלח אַז ווען זי וועט אַרויפגיין אויפן טראָן וועט זי אָפּגעבן אַלע אירע כוחות אויסצואוואָרצלען די „אומגלייביקע". באַלד נאָך זייער חתונה האָט דאָס קעניגלעכע פּאָר זיך געווענדט אין רוים מיטן פאָרשלאָג עס זאָל געגרינדעט ווערן אין שפּאַניע אַ באַזונדער געריכט פון דער קירכע, וואָס זיין אויפגאַבע זאָל זיין אויסצוזוכן און באַשטראָפן אַלע קריסטן, וועלכע ווערן פאַרדעכטיקט אין פריידענקעריי, און דערביי האָט מען דער עיקר אין זינען געהאַט די מאַראַנען. פּויפּס סיקטוס דער

4טער האָט געגעבן זיין הסכמה אויף אַזאַ געריכט, וועלכעס זאָל הייסן — די הייליקע אינקוויזיציע. דאָס ערשטע געריכט איז געעפנט געוואָרן אין סעווילאַ (1480). די ריכטער זיינען געווען דאָמיניקאַנישע מאָנאַכן און איין פאָרשטייער פון דעם קעניג. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַרעסטן פון מאַראַנען, וועלכע מען האָט חושד געווען אַז זיי זיינען געניגט צום יידנטום. די קריסטן זיינען שטרענג פאַרזאָגט געוואָרן זיי זאָלן צוטראָגן דער אינקוויזיציע אויף יעדן מאַראַן, וועלכן זיי וועלן באַמערקן נישט נאָר אַז ער היט אָפּ די וויכטיקערע יידישע צערעמאָניעס נאָר אפילו אַזעלכע קליינקייטן ווי טראָגן יום טובדיקע קליידער אָדער עסן בעסערע מאכלים אום שבת, שטיין מיטן פּנים צום מיזרח אין צייט פון תפילה אאַז"וו. די מסירות זיינען אָנגענומען געוואָרן פון יעדן איינעם אויפן וואָרט. אין גיכן זיינען די געפענגענישן פון סעווילאַ איבערפילט געוואָרן מיט אַרעסטירטע מאַראַנען. די אומגליקלעכע פלעגט מען שרעקלעך פייניקן כדי צו צווינגען זיי זיך מודה צו זיין זיך אַז זיי באַלאַנגען אין געהיים צום יידנטום, זיי אַליין ווי אויך זייערע קרובים און פריינד. הינטערן שטאָט איז באַשטימט געוואָרן אַ ברייטער פּלאַץ, וואו מען פלעגט הינריכטן די יעניקע, וואָס די אינקוויזיציע האָט פאַרמישפּט. דעם 6טן יאַנואַר 1481 איז פאָרגעקומען, ביי פייערלעכע קירכלעכע צערעמאָניעס, דער ערשטער אויטאָ־דאַ־פע („ניצחון פון דער אמונה") אין סעווילאַ. זעקס מאַראַנען זיינען פאַרברענט געוואָרן אויפן שייטער־הויפן. אין עטלעכע טעג אַרום איז היינגעריכטעט געוואָרן די צווייטע גרופּע מאַראַנען און דערנאָך זיינען די הינריכטונגען געוואָרן אָפטער. ביז נאָוועמבער פון זעלבן יאָר, ד"ה, פאַר צען חדשים, האָט די אינקוויזיציע פאַרברענט אין סעווילאַ אַליין ביז



דאָס חרטה־העמד (סאַמבעניטאָ)

300 מאַראַנען. פיל פון זיי זיינען געשטאָרבן ווי העלדן, נישט אָפּלייקנ־דיק זייער יידנטום ביז דער לעצטער מינוט. דאָס אייגענטום פון די היג־געריכטעטע פלעגט אַוועקגיין אין דער קעניגלעכער קאַסע, און דעריבער איז צו ברענען די מאַראַנען געווען נישט נאָר אַ פרומע טאַט, נאָר אויך אַ נוצלעכע און אַן איינטרעגלעכע. וואָס מער רייכע אַפּיקורסים עס זיינען אומגעקומען אין די פלאַמען אַלץ פולער איז געוואָרן די קאַסע פון דעם גייציקן פערדינאַנד.

די אַכזריותן פון דעם סעווילער געריכט האָבן אָנגעצונדן דעם גייסט פון די מאַראַנען און זיי געמאַכט נאָך שטאַרקער זיך צובינדן צו זייער רעליגיע, פאַר וועלכער זיי איז געקומען צו ליידן אַזוי פיל. אַ סך זיינען אַנטלאָפן אין אַפריקע און אַנדערע לענדער, וואו זיי האָבן געקענט אָפן האַלטן זייער אמונה; די וואָס זיינען געבליבן אין שפּאַניע האָבן אָנגעהויבן זיך מער מתקרב צו זיין מיט די יידן, זייערע ברידער אין גלויבן און ליידן. נישט געקוקט אויף דער שרעקנדיקער געפאַר, פלעגן זיי אָפּהאַלטן געהיי־מע פאַרזאַמלונגען, וואו זיי פלעגן צוזאַמען דאַווענען, פראַווען פסח די סדרים און אָפּהיטן אַנדערע יידישע צערעמאָניעס; אין דעם זעלביקן גייסט פון זיך מקריב זיין פאַר דער אמונה פלעגן זיי דערציען זייערע קינדער. דאָס אַלץ האָט נישט געקענט בלייבן באַהאַלטן פון דעם שאַרפן אויג פון דער אינקוויזיציע. זי האָט זיך איצט גענומען צו די יידן ווי צו די יענעקע וואָס העלפן די מאַראַנען אַוועקצוגיין פון קריסטנטום. אין יענער צייט איז פאַר גרויס־אינקוויזיטאָר אין שפּאַניע באַשטימט געוואָרן דעם קעניגס גלח טאָמאַס טאָרקעמאַדאַ, אַ ווילדע חיה אין מענטשן־געשטאַלט (148). טאָרקעמאַדאַ האָט צוגעגעבן צו דער אינקוויזיציע יענע ווילד־אויסגעקלערטע פאָרמען וועלכע זיינען געוואָרן דער שרעק פון יענער צייט און פון די קומענדיקע דורות. די „געזעצן פון דער אינקוויזיציע", וועלכע ער האָט אויסגעאַרבעט זיינען געווען אַ כיטרע־אויסגעוועבטע נעץ צו פאַנגען די אַפּיקורסים. ווער עס איז אַריינגעפאַלן אין דעם נעץ איז שוין נישט אַרויסגעקומען קיין לעבעדיקער. דאָרט וואו עס זיינען נישט געווען קיין עדות אָדער געגוג באַווייזן צו פאַרמישפּטן דעם באַשולדיקטן איז זיין שיקזאַל באַשטימט געוואָרן דורך די פּייניקונגען. אונטער די פּיי־ניקונגען האָט דער אומגליקלעכער געזאָגט אַלץ, וואָס די אינקוויזיטאָרן האָבן געדאַרפט, אָפט פלעגט ער אויך אַרויסגעבן זיינע פריינד, אַזוי אַז



מארטירער פון דער אינקוויזיציע

יעדע אויספאָרשונג האָט געבראַכט מיט זיך אַ גאַנצע רייע נייע אונטער־זוכונגען, אַרעסטן און פּראָצעסן.

אויסער סעווילי‍אַ זיינען געעפנט געוואָרן אינקוויזיציע־געריכטן אויך אין אַנדערע ערטער. פאַר הויפּט־אינקוויזיטאָר פון אַראַגאָניע איז באַשטימט געוואָרן דער גלח אַרבועס. נאָכטועענדיק דעם ביישפּיל פון זיין אויבערהאַר טאָרקעמאַדאַ האָט אַרבועס אַזוי געבושעוועט אַנטקעגן די מאַראַנען אין סאַראַגאָסאַ און איר סביבה אַז ער האָט געבראַכט אַ ביטערן סוף אויף זיך אַליין. אייניקע רייכע און אָנגעזעענע מאַראַנען האָבן גע־מאַכט אַ פאַרשווערונג צו טויטן דעם ווילדן אינקוויזיטאָר. ווען איין מאָל אַ פאַרטאָג איז אַרבועס געקומען אין קירכע צו זיין מאָרגן־געבעט, האָבן דריי פון די פאַרשווערער זיך אַריינגעריסן אַהין נאָך אים און האָבן אים דערשטאָכן מיט קינזשאַלן אין יענעם מאָמענט, ווען ער האָט זיך אַראָפּ־געלאָזט אויף די קני פאַרן אַלטאַר מיתפּלל צו זיין (1485). די פאַרשווע־רונג האָט נאָר געפירט דערצו, אַז די אינקוויזיציע איז פאַרשטאַרקט גע־וואָרן. די פאַרשווערער האָבן געקראָגן אַן אוממענטשלעכע שטראָף. די אַרעסטן פון מאַראַנען זיינען געוואָרן אָפטער. „אין גאַנץ שפּאַניע און אירע אינדזלען — שרייבט ר׳ יצחק אַראַמאַ פון יענער צייט — טראָגט זיך ביזן הימל דער רויך פון די שייטערהויפנס, אויף וועלכע מען ברענט די אַנוסים. אַ דריטל פון זיי איז שוין אומגעקומען אין פייער, אַ דריטל איז זיך צעלאָפן, וואָגלען זיך און באַהאַלטן זיך אויס אין פאַרשיידענע ערטער און אַ דריטל לעבט אין גרויס שרעק און ציטערניש״.

אָבער טאָרקעמאַדאַ האָט נאָך פון דעסט וועגן נישט געדערגרייכט זיין ציל פאַר דערגרייכט. ער האָט געברענט די אַנוסים, אָבער ער האָט נישט געקענט באַוועגן די איבערגעבליבענע צו ליבן דאָס קריסטנטום. דאַן האָט ער גענומען איינריידן איזאַבעלן און פערדינאַנד אַז די שולד ליגט אין די יידן, וועלכע העלפן אויס אויף אַלערליי אופנים די מאַראַנען זיך צו דערוויטערן פון דער קירכע. אויפן באַפעל פון די הערשער האָט מען איינגעשטעלט די שטרענגסטע אויפזיכט, כדי צו שטערן דעם פאַרקער צווישן די יידן און די מאַראַנען. אויסער דעם האָט מען קעגן די יידן זיך גענומען גרייטן באַזונדערע מיטלען, וועלכע האָבן שנעל געבראַכט צו די שרעקלעכסטע רעזולטאַטן.

## § 31. דער גירוש שפּאַניע און פּאָרטוגאַל.

אין יענער צייט האָבן די שפּאַניער געפירט אַ ביטערע מילחמה מיט די מאָרן, וועמעס קעניגרייך עס האָט זיך געפונען אין דרום־זייט פון דעם פירענעאישן האַלב־אינדזל. פערדינאַנד און איזאַבעל האָבן זיך אַוועקגע־שטעלט פאַר אַ ציל צו פאַרניכטן די לעצטע שפּורן פון דער אַראַבישער הערשאַפט אין שפּאַניע און פאַרוואַנדלען דעם גאַנצן האַלב־אינדזל אין איין קריסטלעך קעניגרייך. דאָס ציל איז דערגרייכט געוואָרן אין אָנ־הייב פון יאָר 1492, ווען דאָס שפּאַנישע חייל האָט גענומען מיט שטורעם גראַנאַדאַ די הויפּטשטאָט פון די מאָרן. די שפּאַניער האָבן געפייערט זייער ניצחון: זיי האָבן זיך געפרייט וואָס נאָך אַ קאַמף פון אַכט הונדערט יאָר האָט די מאַכמעדאַנישע הערשאַפט אין שפּאַניע געמוזט אין גאַנצן אָפּטרעטן פאַר דער קריסטלעכער. די באַגייסטערונג פון פאָלק האָט טאָרקע־מאַדאַ אויסגענוצט, כדי צו פאַרווירקלעכן זיינע גרויזאַמע פּלענער קעגן די יידן. ער האָט איבערצייגט דעם קעניג און די קעניגן אַז די יידן זיינען נישט קיין קלענערער אומגליק פאַר שפּאַניע ווי די מאָרן; אַז די שכנהשאַפט פון די יידן איז העכסט געפערלעך פאַר די קריסטן, און דער־הויפּט פאַר די מאַראַנען, וועלכע זיי פירן גאָר אַראָפּ פון גלייכן וועג, און, ענדלעך, אַז מיטן אַרויסטרייבן אַלע „אומגלייביקע״ פון שפּאַניע וועלן זיי די הערשער, אַם בעסטן אָפּדאַנקען גאָט פאַר דעם ניצחון איבער די מאָרן. טאָרקעמאַדאַס רייד האָבן געווירקט אויפן פרומען קעניגלעכן פּאָר, און ווען זיי זיינען נאָך געווען אין גראַנאַדאַ האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע יידן, וואָס ווילן נישט אָננעמען דאָס קריסטנטום, זאָלן אין פאַרלויף פון פיר חדשים צייט פאַרלאָזן גאַנץ שפּאַניע (31טן מערץ 1492). די אַרויסגעטריבענע האָבן געמעגט נעמען מיט זיך זייער אייגנטום אויסער גאָלד, זילבער און אַנדערע טייערע זאַכן, וועלכע עס איז געווען פאַרבאָטן אַרויסצופירן פון לאַנד.

די דאָזיקע אומגעריכטע גזרה האָט געטראָפן די יידן ווי אַ דונער פון קלאָרן הימל. די מער איינפלוסרייכע פון זיי האָבן באַשלאָסן זיך משתדל צו זיין אַז די גזרה זאָל אָפּגעשאַפט ווערן. אין יענער צייט האָט אין שפּאַניע געלעבט דער יידישער געלערנטער און שר דאָן יצחק אברבנאל (1437—1509), וועלכער האָט געפירט זיין יחוס פון דוד המלך אָן. זיינע יונגע יאָרן האָט דאָן אברבנאל פאַרבראַכט אין ליסאַבאָן, די הויפּטשטאָט

פון פּאָרטוגאַל, וואו עס האָט זיך געלעבט די יידן גרינגער ווי אין שפּאַ־ניע. אַ דאַנק זיין ברייטער לומדות און הויכער וועלטלעכער בילדונג האָט רע פאַרנומען אַ חשבון אָרט סיי אין דער יידישער סיי אין דער קריסט־לעכער געזעלשאַפט. זייענדיק אַ פּילזייטיקער געלערנטער, פילאָזאָף און פרומער מענטש, און דערצו אַן אַריסטאָקראַט אין זיינע מאַנירן פלעגט דאָן אבּרבּנאל מאַכן אויף אַלעמען אַ באַצויבערנדיקן איינדרוק. דער פּאָר־טוגעזישער קעניג אַלפאָנסאָ דער 5טער האָט אים געמאַכט פאַרן מיניסטער פון זיינע פינאַנסן; נאָר אַז דער קע־ניג איז געשטאָרבן האָט דאָן יצחק אבּרבּנאל געמוזט פאַרלאָזן ליסאַבאָן, ווייל זיינע שונאים אין הויף האָבן שטאַרק געגראָבן אויף אים, און ער האָט זיך באַזעצט אין קאַסטיליע. דאָ האָט ער געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמ־קייט פון פערדינאַנד און איזאַבעל. צו־ליב דער פאַרצויגענער מלחמה מיט די מאָרן האָבן דער קעניג און די קע־ניגן זיך שטאַרק גענייטיקט אין אַ פע־איקן מיניסטער, וועלכער זאָל קענען פאַרגרעסערן די הכנסות פון דער מלוכה און פאַרהיטן דאָס לאַנד פון פאַראָרעמט ווערן. די ביטערע נויט האָט געצוואונגען דעם קעניג און די קעניגן (קעגן דעם געזעץ פון דער קירכע אַז די יידן טאָרן נישט פאַרנעמען קיין רעגירונגס־שטעלע) צו רופן אבּרבּנאל צו פאַרוואַלטן די פינאַנסן פון לאַנד. אַכט יאָר האָט דאָן אבּרבּנאל פאַרנומען דעם אַמט און האָט נישט ווייניק נוצן געבראַכט דער רעגירונג. פון דעסט וועגן האָט אַפילו ער, מיט זיין גאַנצן איינ־פלוס אויף דער רעגירונג גאָרנישט געקענט טאָן צו אָפּוועגדן דעם שווע־רן קלאַפּ, וואָס איז אַרונטערגעלאָזט געוואָרן אויפן קאָפּ פון די יידן אין יאָר 1492.


דון יצחק אברבנאל

אַזוי שנעל ווי עס איז אַרויס די גזרה אַרויסצוטרייבן די יידן פון שפּאַניע איז אבּרבּנאל, באַגלייט פון די חשובסטע פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה, באַלד אַוועק צום קעניג און דער קעניגן און מיט טרערן געבעטן זיי זאָלן צוריקרופן זייער באַשלוס. ויסנדיק, אַז אין אַרויסגעבן

די דאָזיקע גזרה איז דער קעניג נישט אַזוי באַהערשט געווען פון דער רע־ליגיעזער קנאות ווי פון דעם פאַרלאַנג צו באַרייכערן זיך מיט דעם פאַר־מעגן פון די אַרויסגעטריבענע, האָבן די יידישע פאָרשטייער אים פאָר־געלייגט אויסקויף־געלט, דרייסיק טויזנט דוקאַטן. פערדינאַנד איז שוין געווען געניגט נאָכצוגעבן די בקשות פון די יידן. דאַן האָט זיך פלוצלינג אין פּאַלאַץ אַריינגעריסן דער גרויס־ אינקוויזיטאָר, טאָרקעמאַדאַ, מיט אַ צלם אין די הענט און ווענדנ־דיק זיך צו דעם קעניגלעכן פּאָרפאָלק האָט ער אויס־געשריען: „יהודה האָט פאַרקויפט קריסטוסן פאַר דרייסיק זילבערשטיק און איר וועט אים פאַרקויפן פאַר דרייסיק טויזנט! אָט איז ער: נעמט און פאַר־קויפט אים״. און מיט די ווערטער האָט טאָרקעמאַ־דאָ אַנידערגעשטעלט דעם צלם און איז געשווינט אַרויסגעלאָפן פון פּאַלאַץ. די דאָזיקע סצענע האָט גע־מאַכט אַ צעטרייסלנדיקן איינדרוק, איבערהויפּט אויף דער קעניגן איזאַבעל. די יידישע שילוחים האָבן



טאָרקעמאַדאָ וואַרפט דעם צלם פאַר פערנאַנדאָן און איזאַבעלן

געקראָגן אַן ענדגילטיקן אָפּזאָג. אין סוף פון מאָנאַט אַפּריל האָבן אָנזאָ־גערס מיט טרומייטן אויסגערופן אין גאַנצן לאַנד, אַז עס ווערט די יידן געגעבן צייט ביז יולי צו ענדיקן זייערע געשעפטן און פאַרלאָזן שפּאַניע. ווער פון זיי עס וועט זיך געפינען אויף שפּאַנישער ערד נאָך דעם טערמין וועט באַשטראָפט ווערן מיטן טויט, אויב ער וועט נישט מסכים זיין זיך צו שמדן.

די לאַגע פון די שפּאַנישע יידן איז געווען אַ געפּערלעכע. הונדער־טער טויזנטער מענטשן האָבן געדאַרפט אַוועקוואַרפן דאָס לאַנד, וועלכעס זיי האָבן שטאַרק געליבט ווי זייער פאָטערלאַנד, וואו זייערע עלטערן האָבן האָבן געלעבט נאָך פון דער צייט פון דער רוימישער הערשאַפט, איידער דאָס קריסטנטום איז געבוירן געוואָרן. דער אומגליקלעכער גירוש האָט געמיינט פולשטענדיקע רואינע פאַר די אַרויסגעטריבענע. צו פאַרקויפן זייער אומבאַוועגלעך אייגנטום איז זיי געגעבן געוואָרן זייער אַ קורצע צייט. זיי האָבן געמוזט אַלץ פאַרקויפן האַלב אומזיסט. אַ שיין הויז איז אויסגעביטן געוואָרן אויף אַן אייזל, אַ פּראַכטפולער גאָרטן — אויף עט־לעכע איילן צייג. דער גרעסטער טייל הייזער איז אין גאַנצן געבליבן נישט פאַרקויפט. אין צווישן צייט האָבן די דאָמיניקאַנישע מאָנאַכן, זע־ענדיק די פאַרצווייפלונג פון די יידן פליסיק צוגערעדט זיי זאָלן זיך שמדן און אויף אַזאַ אופן זיך ראַטעווען פון חורבן און נע־ונד זיין. בלויז ווייניקע האָבן זיך געלאָזט איינריידן דורך די זיסע רייד פון די מאָנאַכן; אַלע איבעריקע האָבן באַשלאָסן מקריב זיין אַלץ פאַר זייער הייליקן גלויבן. אין דעם באַרימטן טאָג תשעה־באב — דער טאָג אין וועלכן דער בית־המיקדש איז חרוב געוואָרן — זיינען די יידן אַרויס פון שפּאַניע (2טן אויגוסט 1492). די צאָל פון די אַרויסגעטריבענע האָט דערגרייכט ביז דריי הונדערט טויזנט מענער און פרויען, אַלטע לייט און קינדער. פאַרן אַוועקגיין האָבן זיי זיך געזעגנט מיט די קברים פון זייערע עלטערן. גאַנצע דריי טעג זיינען טויזנטער יידן געלעגן אויף די טייערע קברים, מאַכנדיק זיי נאַס מיט זייערע טרערן. אַפילו די קריסטן האָבן נישט גע־קענט קוקן אָן טרערן אויף די האַרצרייסנדיקע סצענעס. אַ סך פאַרטרי־בענע האָבן מיטגענומען די מצבות, אָדער האָבן זיי געגעבן בשתיקה צו באַהאַלטן צו די מאַראַנען, וועלכע זיי האָבן מיט ווייטיק אין האַרצן איבערגעלאָזט אין לאַנד פון דער אינקוויזיציע. די אומגליקלעכע אַרויס־געטריבענע זיינען געגאַנגען וואוהין די אויגן האָבן זיי געטראָגן, אַ סך זיינען אַוועק מיטן ים קיין איטאַליע, טערקיי און צפון־אַפריקע; דאָן יצחק אברבנאל בראָש פון אַ גרופּע אויסוואַנדערער, איז אַוועק קיין נעאַפּאָל; אַ באַדייטנדיקער טייל האָט זיך אַוועקגעלאָזט קיין פּאָרטוגאַל. די ליידן פון די אומגליקלעכע, וועלכע האָבן זיך אוועקגעלאָזט אין דעם ווייטן וועג, זיינען געווען אומבאַשרייבלעך: הונגער, קראַנקהייט און טויט האָבן באַגלייט די אויסוואַנדערער אויף טריט און שריט. — אַרויס־



די קירכע סאַנטאַ מאַריאַ לאַ בלאַנקאַ, די פריערדיקע שול אין טאָלעדאָ

טרייבנדיק אַזוי אָן ר׳חמנותדיק דריי הונדערט טויזנט געבילדעטע און אַרבעטזאַמע בירגער האָט שפּאַניע איינגעפירט ביי זיך איין איינהייט־לעכע אמונה, נאָר אין דער זעלביקער צייט האָט זי געלייגט דעם אָנהייב פון איר געזעלשאַפטלעכער ירידה. אין די יידן האָט שפּאַניע פאַרלאָרן איר טעטיקן האַנדלס־קלאַס, וועל־כער האָט געהאָלפן צו אַנטוויק־לען די נאַטור־רייכטימער פון לאַנד. שפּאַניע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לאַנד פון קריגע־רישע ריטער און פאַנאַטישע מאָ־נאַכן, וועלכע האָבן זי שפּעטער געבראַכט צו אַ פולשטענדיקן חורבן.



דער ספר יוחסין פון אברהם זאַקוטאָ

די יידן וואָס זיינען אַנטלאָ־פן קיין פּאָרטוגאַל (איבער הונ־דערט טויזנט) האָבן פון אָנפאַנג געקראָגן פון דאָרטיקן קעניג אַ דערלויבעניש צו בלייבן אין לאַנד אַ באַשטימטע צייט. אָבער ווען דער טערמין האָט זיך געענ־דיקט האָט מען זיי אָנגעהויבן פון דאָרט צו טרייבן אָן רחמ־נות. יונגע קינדער פלעגט מען צונעמען פון זייערע עלטערן און זיי שמדן מיט גוואַלד; די גרויסע האָט מען געמאַכט פאַר קנעכט. נאָך פינף יאָר רדיפות האָט מען די יידן אין גאַנצן פאַרטריבן פון פּאָרטוגאַל אויך (1498). די וואַנדערער האָבן זיך געלאָזט אין צפון־אַפריקע איטאַליע און טערקיי. צווישן זיי האָט זיך געפונען דער באַרימטער אַסטראָנאָם און היסטאָריקער אַברהם זכותאָ (זאַקוטאָ), דער מחבר פון היסטאָרישן ספר „יוחסין״. נישט אַלע אויסוואַנדערער האָבן דערגרייכט צו אַ פריד־לעכן האַפן. אַ סך זיינען אומגעקומען אין וועג פון הונגער, נויט און קראַנקהייטן; אַנדערע זיינען, פאַרנדיק אויפן ים, אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די ים־רויבער און זיינען פאַרקויפט געוואָרן צו שקלאַפעריי. די אַמאָליקע בליענדיקע יידישע קהילות פון פירענעאישן האַלב־אינדזל

זיינען פאַרשוואונדן אין עטלעכע טעג. די רעשטן פון די „ספרדים" און „פאָרטוגעזן" (אַזוי האָבן זיך גערופן די שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע יידן) זיינען צעזייט געוואָרן איבער אַלע לענדער פון אייראָפּע, אַזיע און אַפריקע.


AVTO
DE LA FE
CELEBRADO EN
LIMA A 23. DE ENERO
DE 1639.
AL TRIBVNAL DEL SANTO OFICIO de la Inquisicion, de los Reynos del Perù, Chile, Paraguay, y Tucuman.
POR EL LICENCIADO DON Fernando de Montesinos, Presbitero, natural de Ossuna.
CON LICENCIA DEL ILVSTRISSIMO señor Inquisidor General, y señores del Consejo de su Magestad, de la Santa, y General Inquisicion.
En Madrid. En la Imprenta del Reyno, año de 1640.

אינקוויזיציע-פּראָצעס אין לימאַ

קאַפּיטל 6

# די יידן אין פּוילן און רוסלאַנד

(12טן ביזן 15טן יאָרהונדערט)

## § 32. די פאַרמערונג פון די יידן אין פּוילן.

דער הויפּט־ טייל פון די יידן וואָס זיינען אַוועק פון מערב־אייראָפּע פון די מיטלעלטערלעכע פאַרפאָלגונגען, האָבן געפונען אַ שוץ־אָרט אין פּוילן און ליטע, אויף די ברעגעס פון דער ווייסל און דעם ניעמאַן. די איבערוואַנדערונג פון די יידן פון דייטשלאַנד קיין פּוילן איז זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעוואַקסן אין דער צייט פון די קרייצצוגן. איבערהויפּט זיינען אַ סך יידן אָנגעקומען אַהער פון דעם שכנישן בעמען, וואוהין עס זיינען אָריינגעדרונגען די ערשטע באַנדעס קרייצצוג־עגער (1098). די פּוילישע פירשטן האָבן גערן אַריינגעלאָזט צו זיך אין לאַנד די יידן און דייטשן, וואָס אַ דאַנק זיי האָט זיך אַנטוויקלט מיסחר, האַנדל און מלאָכה. דער פירשט פון קראָקע מעטשיסלאַוו דער אַלטער (1173), האָט שטרענג פאַרבאָטן יעדע גוואַלדטאַט קעגן די יידן. די געלט־מינצערייי פון גרויס און קליין־פּוילן האָט זיך דעמאָלט געפונען אין יידישע הענט. אויף די מטבעות, וועלכע זיינען נאָך פאַרבליבן ביז היינטיקן טאָג, זיינען די נע־מען פון די קעניגן געווען אויסגעגאָסן אין יידישע אותיות. אין יענער צייט האָבן די פּוילישע יידן נאָך נישט געהאַט צווישן זיך קיין געלערנטע און זיי פלעגן זיי אַראָפּברענגען פון אַנדערע לענדער (מיסתמא פון דייטש־לאַנד. די אויסלענדישע לומדים פלעגן ביי זיי פאַרנעמען די שטעלן פון

רבנים, חזנים און מלמדים. פון דער אַנדערער זייט פלעגן אַ סך יידן פון פוילן פאָרן קיין אויסלאַנד צו לערנען תורה.

דער ערשטער הערשער וואָס האָט באַפעסטיקט די יידישע לאַגע אין פוילן אויפן גרונד פון באַזונדערע געזעצן, איז געווען קעניג באָלעסלאַוו פון קאַליש. אין 1264 האָט ער, מיט דער הסכמה פון די העכערע באַאַמטע, אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט אין וועלכן עס זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרן



פּוילישע מטבעות מיט העברעאישע אויפשריפטן

די יידישע רעכט אין פוילן און וועלכער האָט באַצוועקט צו באַשיצן זיי קעגן דעם בייזן ווילן פון די קריסטן. באָלעסלאַווס דעקרעט באַשטייט פון 37 אַרטיקלען. אין דעם ערשטן אַרטיקל ווערט אַוועקגעשטעלט, אַז אין געריכט־ענינים איז אַ קריסטלעכער עדות קעגן אַ יידן באַגלויבט נאָר דעמאָלט ווען עס איז דאָ נאָך אַ יידישער עדות וואָס באַשטעטיקט זיינע רייד. צו מישפּטן יידן געהער נישט צו די אַלגעמיינע שטאָטישע געריכטן, נאָר צום קעניג אַליין, זיין באַאַמטן, אָדער צו אַ ריכטער, וואָס ער באַשטימט. ווען אַ קריסט הרגעט אָדער פאַרוואונדעט אַ יידן ווערט דער שולדיקער געמישפּט אין דעם קעניגלעכן געריכט. די פּערזאָן און אייגנטום פון די יידן ווערן דערקלערט פאַר אומבאַרירלעך. צו פאַנגען יידישע קינדער (כדי זיי צו שמדן), ווערט שטרענג פאַרווערט. צו באַשולדיקן די

יידן אין דעם עלילת־דם וואָס זיין פאַלשקייט איז שוין גענוג דערוויזן געוואָרן אין דעם פויפס׳ בולאַ, ווערט שטרענג פאַרבאָטן. אויב אָבער אַזאַ באַשולדיקונג שווימט אַרויף דאַרף זי זיין באַשטעטיקט פון זעקס עדות — דריי קריסטן און דריי יידן; אויב די באַשולדיקונג ווערט אויף אַזאַ אופן דערוויזן דאַן קומט דעם שולדיקן יידן טויט־שטראָף; אויב אָבער די שולד ווערט נישט דערוויזן דאַן קומט די זעלביקע שטראָף דעם קריסט, וואָס האָט דעם בילבול אויסגעטראַכט. די אַלע רעכט, ווערט געזאָגט אין דער שריפט, דאַרפן בלייבן אין קראַפט אויף „אייביקע צייטן״.



אַ שול אַ פעסטונג אין פוילן — און ליובאמאל (מיטעלטער)

די שוץ וואָס די פוילישע פירשטן האָבן געגעבן די יידן, איז נישט געפעלן געוואָרן די קאַטוילישע גלחים, וועלכע האָבן געקראָגן פון רוים דעם באַפעל — אומעטום צו אונטערדריקן און דערנידעריקן דאָס יידישע פאָלק. אַן אַסיפה פון קירכלעכע באַאַמטע אין ברעסלוי (1266) האָט דערקלערט אַז די שכנות פון די יידן איז באַזונדערס געפערלעך פאַר די קריסטן אין פוילן, וואו דאָס פאָלק האָט ערשט נישט לאַנג אָנגענומען דעם קאַטוילישן גלויבן. דעריבער האָט די אַסיפה פעסטגעשטעלט: אַז די יידן זאָלן וואוינען אין די שטעט אָפּגעטיילט פון די קריסטן, אין באַזונדערע קוואַרטאַלן, וועלכע זאָלן זיין אָפּגעצאַמט מיט אַ וואַנט אָדער אַ גראָבן. ווייטער איז פאָרגעשריבן געוואָרן, אַז אין דער צייט פון קריסט־

לעבע פּראָצעסיעס זאָלן די יידן זיך פאַרשליסן אין זייערע הייזער, אַז אין יעדער שטאָט זאָלן זיי נישט האָבן מער ווי איין שול, זאָלן טראָגן אַ היטל מיט אַ שפּיץ ווי אַ האָרן און ווער עס וועט זיך ווייזן אין גאַס אָן דעם סימן זאָל באַשטראָפט ווערן. די קריסטן איז פאַרווערט געוואָרן צו עסן אויף איין טיש מיט די יידן טאַנצן און זיך פרייען מיט זיי אויף חתונות אָדער אַנדערע שימחות. קריסטן האָבן נישט געטאָרט קויפן ביי יידן פלייש אָדער אַנדערע שפּייזן, כדי די יידן זאָלן נישט קענען פאַרגיפטן די קריסטן. דאַן קומען די אַלע געזעצן פון דער קירכע, אַז יידן זאָלן נישט האַלטן קיין קריסטלעכע דינער אָדער אַמען, זאָלן נישט זיין אויפמאָנער פון שטייערן אָדער אַנדערע רעגירונגס־באַאַמטע אאַז"וו. ווען אָט די אַלע שטרענגע געזעצן פון דער קירכע זאָלן געווען פאַרווירק־לעכט ווערן, וואָלט דאָס יידישע לעבן אין פוילן פאַרוואַנדלט געוואָרן פונקט אין אַזאַ גיהנם אַזוי ווי דאָס לעבן פון זייערע ברידער אין דייטש־לאַנד. נאָר צום גליק האָבן די דעמאָלטדיקע פוילישע הערשער און אַ גרויסער טייל פון פאָלק נישט געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט צו די העצערייען פון די פאַנאַטישע גלחים און די יידן פון פוילן האָבן געלעבט רואיק און פרידלעך מיט דער קריסטלעכער באַפעלקערונג.

## § 33. קאַזימיר דער גרויסער און וויטאָלד דער ליטווישער.

די צרות פון די דייטשע יידן אין 14טן יאָרהונדערט, און איבער־הויפּט אין דער צייט פון „שוואַרצן טויט", האָבן ווידער פאַרטריבן אַ גרויסע מאַסע יידן קיין פוילן. פוילן האָט דעמאָלט דערגרייכט די העכסטע שטופע פון איר גרויסקייט, אין דער צייט פון דעם קלוגן קעניג קאַזימיר דעם גרויסן (1333—1370). דער קעניג האָט פלייסיק געאַרבעט צו אויפהייבן אין זיין מלוכה דאָס לעבן פון דעם בירגער צו אַ העכערער מדרגה און פאַרבעסערן די לאַגע פון אַלע קלאַסן פון דער באַפעלקערונג נישט אויסשליסנדיק די פּויערים. ער האָט געקראָגן דעם נאָמען „דער קעניג פון די פּויערים". און מען פלעגט וועגן אים זאָגן, אַז „ער האָט איבערגענומען אַ הילצערנע פוילן און האָט איבערגעלאָזט אַ שטיינערנע", ד"ה, ער האָט זי אָנגעפילט מיט רייכע מויערן אַנשטאָט הילצערנע הייז־לעך. אַזאַ גערעכטער הערשער האָט זיך נישט געקענט פאַרהאַלטן שלעכט צו די יידן, וועלכע האָבן אַנטוויקלט אין לאַנד דעם מיסחר. אין דעם

צווייטן יאָר פון זיין רעגירונג האָט קאַזימיר באַשטעטיקט אין קראָקע באָ־לעסלאַווס געזעצן וועגן די יידן און האָט אויסגעשפּרייט זייער קראַפט אויף דער גאַנצער פּוילישער מלוכה. שפּעטער האָט קאַזימיר צוגעגעבן צו באָלעסלאַווס געזעצן נאָך נייע, וועלכע האָבן באַצוועקט אָוועקצושטעלן די באַציאונג פון די יידן צו דער איבעריקער באַפעלקערונג אויף די יסודות פון יושר און קעגנזייטיקע נוצן. די יידן איז געגעבן געוואָרן דאָס רעכט צו וואוינען אין אַלע שטעט און דערפער, צו קויפן לאַנד און נעמען אין אַרענדע די גיטער פון די פּריצים. קאַזימיר האָט אויך געזאָרגט וועגן דעם אינערלעכן וואוילשטאַנד פון די יידישע קהילות. דער שטאָטישער ריכטער האָט אַנדערש נישט געקענט מישפּטן אַ יידן סיידן מיט דער מיטהילף פון דעם רב און די פאָרשטייער פון דער קהילה. דער שמש פון שול פלעגט אָפט מאָל שפּילן די ראָלע פון דעם באַאַמטן אויסצופירן דעם פּסק פון געריכט. דאָס איז געווען דער אָנהייב פון דער שפּעטערדיקער אַליין־פאַרוואַלטונג פון דעם „קהל". צו יענער צייט געהערט אויך די אַנטשטיי־אונג פון דער יידישער קהילה אין לוואָוו (לעמבערג) די הויפּטשטאָט פון רויט־רוסלאַנד אָדער גאַליציע, וואָס קאַזימיר האָט צוגעשלאָסן צו פּוילן. אין יאָר 1356 האָט קאַזימיר געגעבן די יידן פון לעמבערג דאָס רעכט „צו מישפּטן צווישן זיך לויט זייערע אייגענע געזעצן", צוגלייך מיט די רוסן, אַרמענער און טאַטאַרן.

אַ לעגענדע וועלכע איז פאַרבליבן אין דער פּוילישער געשיכטע דערציילט, אַז די סיבה וואָס קאַזימיר דער גרויסער איז געווען אַזוי גינס־טיק געניייגט צו די יידן איז געווען זיין ליבע צו אַ יידישער שיינהייט מיטן נאָמען „אסתרקע". די דאָזיקע שיינקייט, די טאָכטער פון אַ יידישן שניידער אין אָפּאָטשנאָ, האָט אין גאָנצן געפאַנגען דעם קעניגס האַרץ און ער האָט זי באַזעצט אין זיין פּאַלאַץ אין קראָקע. פון איר האָט דער קעניג געהאַט צוויי טעכטער, וועלכע די מוטער האָט דערצויגן אין יידיש־קייט, און צוויי זין, פּעלקאָ און נעמיר, וועלכע זיינען אויפגעצויגן געוואָרן ווי קריסטן, און פון וועלכע עס זיינען שפּעטער אַרויסגעקומען אייניקע באַרימטע פּוילישע פאַמיליעס. אסתרקע איז געהרגעט געוואָרן אין דער צייט פון די רדיפות וואָס קאַזימירס נאָכפאָלגער, לודוויק דער אונגאַרי־שער (1370—1382) האָט אָנגעפירט קעגן די יידן. אין דער צייט פון דעם קעניג, וועלכער איז געשטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון דעם קאַ־טאָליציזם פון מערב, האָט מען געוואָלט צונעמען ביי די פּוילישע יידן

די רעכט וואָס זיי האָבן געהאַט; לודוויק האָט אַפילו געסטראַשעט, אַז אויב די יידן וועלן נישט אָננעמען דאָס קריסטנטום וועט ער זיי פאַר־טרייבן פון לאַנד. אָבער ער האָט לאַנג נישט געקיניגט. לודוויקס טאָכטער יאַדוויגאַ, די יורשטע פון פוילישן טראָן, האָט חתונה געהאַט מיטן ליט־ווישן קעניג יאַגעלאָ, וועלכער איז געוואָרן קעניג פון אַ פאַראייניקטן פוילן און ליטע (1386).

אין 14־טן יאָרהונדערט איז ליטע אַריבערגעגאַנגען פון היידנטום צום קריסטנטום. יידן זיינען שוין דאָרט געווען פון לאַנג. אין סוף פון 14־טן יאָרהונדערט האָבן שוין אין ליטע עקזיסטירט פינף יידישע קהילות אין בריסק, גראָדנע, טראָקי, לוצק און וולאַדימיר. זיי האָט באַשיצט דער גרויס־פירשט וויטאָלד, וועלכער האָט רעגירט איבער ליטע אַמאָל זעלבשטענדיק, אַמאָל ווי



גרויספירשט וויטאָלד פון ליטע

שטעלפאַרטרעטער פון זיין שטיף־ברודער, דעם פוילישן קעניג יאַגעלאָ. אין 1388 האָט וויטאָלד אַרויסגעגעבן אַ שריפט פאַר די בריסקער און אַנדערע ליטווישע יידן, וועלכע איז געווען ענלעך צו דער שריפט פון באָלעסלאַוו פון קאַליש און קאַזימיר דעם גרויסן. לויט די געזעצן פון וויטאָלד זיינען די יידן אין ליטע געווען אַ קלאַס פון פרייע איינוואוינער, וועלכע זיינען געשטאַנען דירעקט אונטערן שוץ פון דעם קעניג און די העכערע אָרטיקע באַאַמטע. געלעבט האָבן זיי אין זעלבשטענ־דיקע קהילות, מיט אויטאָנאָמיע אין זייערע אינערלעכע ענינים. די יידן אין ליטע, אַנדערש ווי זייערע ברידער אין מערב, פלעגן זיך באַשיפטיקן נישט נאָר מיט האַנדל און מלאכה, נאָר אויך מיט ערדאַרבעט. די רייכע יידן פלעגן נעמען ביים גרויספירשט אין אַרענדע די שטייערן אויף סחורות און געטראַנקען און האָבן פאַרמאָגט גיטער ווי אייגנטום אָדער אין אַרענדע.

## § 34. די יידן אין דער צייט פון די יאַגעלאָנען (15טן יאָרהונדערט).

דער גרינדער פון דער יאַגעלאָנישער דינאַסטיע, קעניג וולאַדיסלאַוו יאַגעלאָ, איז אין גאַנצן אונטערגעפאַלן אונטערן איינפלוס פון די קאַטוילישע גלחים, וועלכע האָבן זיך דעמאָלט פאַרשטאַרקט אין פוילן און האָבן זיך פאַרהאַלטן פיינדלעך צו די יידן. אין דער צייט פון דעם קעניג האָבן זיך אין פוילן צום ערשטן מאָל פאַרשפּרייט אָבערגלויבישע בילבולים קעגן די יידן. אין פּויזן האָט מען די יידן באַשולדיקט, אַז זיי האָבן איינגערעדט אַן אָרעמע קריסטין זי זאָל אַרויסגנבענען פון אַ דאָמיניקאַנישער קירכע דריי „הייליקע ברויטן", וועלכע די יידן האָבן דורכגעשטאָכן און אַריינגעוואָרפן אין אַ גרוב. פון די „הייליקע ברויטן" האָט אָנגעהויבן צו רינען בלוט און עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אַרום זיי פאַרשיידענע וואונדער. ווען דער בישאָף פון פּויזן האָט זיך דערוואוסט פון דער פאַרשוועכונג קעגן די קריסטלעכע הייליקטימער האָט ער באַשטראָפט די יידן. עס זיינען פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט די קריסטין דער רב פון פּויזן און דרייצן יידישע ראשי הקהל: מען האָט זיי אַלעמען צוגעבונדן צו סלופּעס און מען האָט זיי לאַנגזאַם פאַרברענט (1344).

די באַציאונג צו די יידן האָט זיך פאַרבעסערט פאַר קאַזימיר יאַגעלאָן דעם 4־טן (1447—1492), ווען דער נייער קעניג איז נאָך זיין קרוינונג געווען צוגאַסט אין פּויזן, האָט אַ שריפה אָפּגעווישט די גאַנצע שטאָט. אין דער שריפה איז אויך פאַרברענט געוואָרן דער אַלטער אָריגינאַל פון דער שריפט ,וואָס קאַזימיר דער גרויסער האָט געגעבן די יידן. דאַן האָט זיך אַ יידישע דעפּוטאַציע געווענדט צו קאַזימיר דעם 4טן מיט דער בקשה צו אויפשטעלן צוריק און באַשטעטיקן די רעכט פון די יידן אויפן גרונד פון די גאַנצגעבליבענע קאָפּיעס פון דעם פאַרברענטן כתב. דער קעניג האָט גערן דערפילט די בקשה פון די שלוחים. „מיר פאַרלאַנגען — האָט ער דערקלערט אין זיין שריפט — אַז די יידן, וועלכע מיר היטן אָפּ באַזונדערס צוליב די אינטערעסן פון אונדז און פון דער קעניגלעכער קאַסע, זאָלן זיך פילן באַרואיקט אין אונדזער מלוכה". ער האָט באַשטעטיקט אַלע פריערדיקע רעכט און פרייהייטן פון די יידן — די פרייהייט צו וואוינען און האַנדלען, אויטאָנאָמיע אין קהילה און געריכט־אָנגעלעגנהייטן די אומבאַרירלעכקייט פון זייער פערזאָן און אייגנטום, און שוץ קעגן פאַלשע באַשולדיקונגען און אָנפאַלן. דער כתב פון דעם קעניג

האָט שטאַרק אויפגערעגט די קירכלעכע פאַרטיי. דער קראָקער ארצבישאָף אָלעניצקי האָט בפירוש אויפגעפאָדערט דעם קעניג צוריקצוציען די יידישע פּריווילעגיעס. נאָך אַ לאַנגן קאַמף האָט דער קעניג געמוזט זיך בויגן פאַר די גייסטלעכע. אין יאָר 1454 זיינען אַ סך יידישע רעכט צו־ריקגעצויגן געוואָרן ווי „דערווידער צו די געטלעכע געזעצן (ד״ה, פון דער קירכע)״.



אַן אָפּמאַך פון דער יידישער קהילה מיט דער קראָקעווער מוניציפּאַליטעט

פאַר קאַזימיר דעם 4טנס נאָכפאָלגער, יאַן־אַלבערכט, איז אין דער פּוילישער הויפּטשטאָט אָפּגעטיילט געוואָרן אַ באַזונדער קוואַרטאַל פאַר די יידן צו וואוינען (געטאָ). אין יאָר 1494 האָט אַ פייע רפאַרניכטעט אַ גרויסן טייל פון קראָקע, און דער פינצטערער המון, באַנוצנדיק זיך מיטן אַלגעמיינעם טומל, האָט צערויבט דאָס אייגנטום פון די יידן. דעריבער האָט דער קעניג באַפוילן די יידן וועלכע האָבן ביז דעמאָלט געוואוינט צעשפּרייט אין פאַרשיידענע טיילן פון שטאָט, צו באַזעצן זיך אין דער פאָרשטאָט פון קראָקע, קאַזימערזש, און וואוינען דאָרט אָפּגעזונדערט פון די קריסטן. פון דעמאָלט אָן איז די פאָרשטאָט קאַזימערזש פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אָפּגעשלאָסן יידיש שטעטל וואָס האָט גאַנצע יאָרהונ־

דערטער געלעבט זיין אייגן לעבן, פאַרבונדן מיט דער אויסערלעכער וועלט בלויז דורך האַנדלס־באַציאונגען.

אין יענער צייט האָט מען אָנגעהויבן רדיפות אויף די יידן אויך אין ליטע, וועלכע איז רעגירט געוואָרן פון יאַן־אַלברעכטס ברודער אַלעקסאַנדער, מיט די רעכט פון אַ גרויספירשט. אין יאָר 1495 האָט דער גרויספירשט אַלעקסאַנדער פלוצלינג אַרויסגעגעבן אַ גזרה אַרויסצוטרייבן אַלע יידן פון ליטע. עס איז נישט באַוואוסט צי די גזרה איז אַרויסגערופן



הלבשה פון ליטווישע יידן אין 18טן י"ה

געוואָרן דורך די גלחים צו וועלכע עס האָט זיך דערטראָגן די ידיעה וועגן דעם גירוש פון שפּאַניע אָדער דער פירשט און זיינע האַרן האָבן געוואָלט ווערן די בעלי־בתים פון די גיטער און הייזער פון די פאַרטריבענע. און ווירקלעך, דאָס אומבאַוועגלעכע אייגנטום פון די פאַרטריבענע (אין די קרייזן פון גראָדנע, בריסק, לוצק און טראָקי) זיינען דערקלערט געוואָרן פאַרן אייגנטום פון דעם פירשט, און אַ טייל דערפון האָט ער צעטיילט צו קריסטן. מיט דער דערלויבעניש פון קעניג יאַן־אַלברעכט האָבן די אַרויסגעטריבענע ליטווישע יידן זיך באַזעצט אין די שכנישע פוילישע שטעט. נאָר אין עטלעכע יאָר אַרום האָט אַלעקסאַנדער אויך איבערגענומען די פוילישע קרוין נאָכן טויט פון זיין ברודער, און האָט דערלויבט

די יידן זיך אומצוקערן קיין ליטע און זיך באַזעצן אין זייערע פריערדיקע ערטער, און זיי האָבן געקראָגן צוריק די הייזער, גיטער, שולן און בית־עלמינס, וואָס האָבן באַלאַנגט צו זיי. אין אָנהייב פון 16טן יאָרהונדערט איז דאָס יידנטום אין פוילן שוין געוואָרן אַ גרויסע עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעכע קראַפט אָן וועלכע דאָס לאַנד האָט זיך נישט געקענט באַגיין. די פוילישע רעגירונג האָט זיך איבערצייגט, דאָס אויף וויפל די מלוכה ברענגט נוצן די יידן אויף אַזוי פיל זיינען די יידן נוצלעך און נייטיק פאַר דער מלוכה, וואו זיי האָבן פאַרנומען, ווי אַ שטאַטישע האַנדלס־באַפעלקערונג, דעם מיטלפלאַץ צווישן דעם פויעריש ערדאַרבע־טער און דעם שליאַכטישן גוטבאַזיצער.

## § 35. די יידן אין מאָסקווער רוסלאַנד.

אין דער צייט וואָס אין פוילן, אין מיטלעלטער, איז די צאָל פון די יידן אַלץ געוואַקסן דורך דעם שטראָם פון איינוואַנדערער פון מערב, איז דאָס שכנישע רוסלאַנד געווען כמעט פולשטענדיק פריי פון זיי. אין 13טן יאָרהונדערט האָבן די טאָטערן באַזיגט רוסלאַנד און פון דעמאָלט אָן הערט זיך אַ לאַנגע צייט גאָרנישט וועגן יידישע ישובים אין דעם לאַנד. בלויז אין די דרום־געגנטן אין דער פּראָווינץ פון שוואַרצן ים און קרים, האָבן ווייטער געלעבט יידן און קאַראַימער, די אור־אור־אייניקלעך פון די פאַרצייטיקע איינוואַנדערער (§ 5). אונטער דער הערשאַפט פון די טאָטערישע כאַנען האָבן די יידן אין קרים געלעבט פריי, קאָנקורירנדיק אין האַנדל מיט די סוחרים פון גענואַ און גריכנלאַנד, וועלכע האָבן דאָ געגרינדעט האַנדלס־קאָלאָניעס.

שפורן פון יידן אין מאָסקווער רוסלאַנד הייבן זיך אָן צו באַמערקן ערשט אין דער צווייטער העלפט פון 15טן יאָרהונדערט, ווען די מלוכה, פאַראייניקט דורך דעם גרויספירשט איוואַן וואַסיליעוויטש דעם דריטן הייבט אָן אַריינצוטרעטן אין דער פאַמיליע פון פעלקער. אין דער צייט באַווייזן זיך דאָרט איינצלנע יידישע אויסוואַנדערער פון ליטע און קרים, און אָפט מאָל פון מערב־אייראָפּע. מיטן נאָמען פון איינעם אַזאַ אויס־וואַנדערער איז פאַרבונדן אַ גרויסע פּאַסירונג אין דער יידישער געשיכ־טע. אין יאָר 1470 — ווי עס זאָגן עדות רוסישע היסטאָריקער — איז אָנגעקומען פון קיעוו און נאָווגאָראָד אַ יידישער געלערנטער, ר׳ זכריה,

און נאָך אים זיינען אָנגעקומען פון ליטע נאָך עטלעכע יידן. זכריה האָט זיך באַפריינדעט מיט עטלעכע פּראָטעסטאַנטישע גלחים און האָט זיי באַקערט צום יידנטום. צווישן די דאָזיקע גרים זיינען געווען צוויי גלחים פון נאָווגאָראָד, דעניס און אַלעקסי. די דאָזיקע גלחים זיינען מגייר געווען אַ סך קריסטן פון פּראַוואָסלאַוונעם (גריכישן) גלויבן. דער אַרציבישאָף פון נאָווגאָראָד, געננאַדי, האָט דערזען אַ געפאַר אין דער פאַרשפּרייטונג פון יידנטום אויף אַזאַ אופן און האָט אָנגענומען ענערגישע מיטלען קעגן דעם אין זיין באַצירק. אין מאָסקווע איז דער קאַמף קעגן דער „יידישער אַפּיקורסות" אָנגעקומען זייער שווער. דאָך האָט געננאַדי און זיינע קירכלעכע חברים געזיגט און די באַוועגונג איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. לויטן באַשלוס פון אַ קירכן־אַסיפה אין יאָר 1504 און אויפן באַפעל פון גרויספירשט איוואַן דעם 3טן זיינען די הויפּט־פירער פון דער באַוועגונג פאַרברענט געוואָרן און די איבעריקע זיינען פאַרשפּאַרט געוואָרן אין געפענגעניש און אין מאָנאַסטירן.

אין דער זעלביקער צייט ווען עס איז פאָרגעקומען די באַוועגונג פון די „יודאיסטוויושטשע", ווי זיי פלעגן זיך רופן, אין מאָסקווע, איז געשען נאָך אַ טרויעריקע פּאַסירונג. אין הויף פון דעם גרויספירשט איוואַן דעם 3טן איז געווען אַ יידישער דאָקטער „מעסטער לעאָן", וועלכן מען האָט געבראַכט קיין מאָסקווע פון ווענעדיק. אין אָנהייב פון יאָר 1490 איז דער עלטסטער זון פון דעם גרויספירשט געפערלעך קראַנק געוואָרן. דער יידישער דאָקטער האָט גענומען היילן דעם קראַנקן מיט הייסע באַנקעס און מיט פאַרשיידענע גראָזן. דער גרויספירשט האָט געפרעגט דעם דאָקטער אויב דער קראַנקער וועט געזונט ווערן, און דער דאָקטער האָט געענטפערט אומפאָרזיכטיק: „איך וועל דיין זון געוויס אויסהיילן, אויב נישט — וועסטו מיך טייטן". דער חולה איז אָבער געשטאָרבן. נאָך פערציק טעג פון טרויער האָט דער גרויספירשט געהייסן אָפּהאַקן דעם יידישן דאָקטער דעם קאָפּ פאַר זיין נישט געלונגענער קוראַציע. די היינריכטונג איז פאָרגעקומען עפנטלעך אויף דער באָלוואַנאָווקע, אין מאָסקווע. די מאָסקווער איינוואוינער האָבן באַטראַכט ביידן, זכריהן און דעם דאָקטער, ווי „שוואַרץ־קינסטלער" אָדער כישוף־מאַכערס. די „יידישע אַפּיקורסות" האָט אַזוי אָנגעשראָקן די מאָסקווער פירשטן אַז זיי האָבן דערנאָך לאַנג נישט אַריינגעלאָזט אין זייער ממשלה קיין יידן פון אַנדערע לענדער.

# די נייע צייט

## § 36. אַלגעמיינער איבערבליק.

דער גירוש פון שפּאַניע האָט אַרויסגערופן גרויסע ענדערונגען אין לעבן פון יידישן פאָלק. די דאָזיקע ענדערונגען זיינען געווען ענג פאַר־בונדן מיט די געשעענישן וואָס זיינען אין יענער צייט פאָרגעקומען אין דעם לעבן פון די אייראָפּעאישע פעלקער און וועלכע האָבן אַוועקגעשטעלט אין דער געשיכטע אַ גרענעץ צווישן דעם „מיטלעלטער” און דער „נייער צייט”. די ביזאַנטישע אימפּעריע איז צעשטערט געוואָרן פון די טערקן, וועלכע האָבן איינגענומען קאָנסטאַנטינאָפּאָל (1453) און האָבן באַפעס־טיקט די הערשאַפט פון די מוכמעדאַנער אויפן באַלקאַנישן האַלבאינדזל און אויפן אַזיאַטישן ברעג פון מיטללענדישן ים. גוטענבערג אין דייטש־לאַנד האָט דערפונדן די קונסט פון בוכדרוקעריי, וועלכע האָט געגעבן אַ שטאַרקן שטויס פאָרויס דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון אַלע פעלקער. קאָלומבוס האָט אַנטדעקט אַ נייעם וועלטטייל: אַמעריקע, אין יענעם זעלביקן יאָר ווען די יידן זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון שפּאַניע (1492). לוטער האָט פּראָקלאַמירט אין דייטשלאַנד די רעפאָרמאַציע (1517) — און מיליאָנען קריסטן אין מערב־אייראָפּע האָבן אָנגעהויבן אָפּצופאַלן פון דער רוימיש־קאַטוילישער קירכע און האָבן אָנגענומען שטאַנדפּונקטן, וועלכע זיינען געווען נענטער צום קריסטנטום ווי עס איז געווען אין זיינע ערשטע צייטן.

אָט די אַלע ענדערונגען האָבן געהאַט אַ ווירקונג אויף די יידן. די שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע פאַרטריבענע, אָדער „ספרדים” האָבן זיך אַוועק־געלאָזט דער עיקר אין די אייראָפּעאישע און אַזיאַטישע לענדערייען פון טערקיי. פּונקט אַזוי ווי אין מיטלעלטער זיינען די יידן געקומען אין שפּאַ־ניע פון אַראַבישן מיזרח, אַזוי האָבן זיי אין 16־טן יאָרהונדערט זיך אומ־געקערט צוריק פון שפּאַניע צום טערקישן מיזרח, וואו עס האָט זיך אויך

געפֿונען דאָס אַלטע פֿאָטערלאַנד פֿון יידנטום — ארץ־ישראל. ספרדים זיינען געבליבן אין אייראָפּע ווייניק, הויפּטזעכלעך אין איטאַליע און האָ־לאַנד. דעם ערשטן פּלאַץ אין דער געשיכטע האָבן איצט פֿאַרנומען די „אשכנזים", ד"ה די דייטשע און פּוילישע יידן. אין דייטשלאַנד און עסט־רייך האָט מען אויפֿגעהערט אומצוברענגען די יידן אין מאַסן, נאָר מען האָט זיי נאָך אַלץ אונטערדריקט און געהאַלטן אין דער לאַגע פֿון אַ רעכטלאָזן קלאַס. אָבער אין פּוילן, וואו אין 16־טן יאָרהונדערט האָט זיך צונויפֿגעקליבן אַ גרויסע צאָל יידן, האָבן זיי געלעבט רואיקער, געניסנדיק פֿרייהייט און אַ ברייטע אַליין־פֿאַרוואַלטונג אין זייערע קהילות. פּוילן איז געוואָרן פֿאַר די יידן דאָס וואָס אין אַלטערטום איז פֿאַר זיי געווען בבל. און אין מיטלעלטער — שפּאַניע, ד"ה דער גייסטיקער צענטער, צו וועלכן עס האָבן זיך געצויגן די איבעריקע טיילן פֿון דעם צעזייטן פֿאָלק (דער צענטער פֿון דער נאַציאָנאַלער העגעמאָניע).



קאָלומבוס באַראַט זיך מיט אברהם זאַקוטאָ

קאַפּיטל 7

# די יידן אין טערקיי און ארץ-ישראל ביז נאָך שבתי-צבי

(1750—1492)

## § 37. דאָס בירגערלעכע לעבן פון דאָן יוסף נשיא.

די טערקישע אימפּעריע, וועלכע האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון בי־זאַנטיע, איז אויפגעקומען פּערציק יאָר פאַרן גירוש שפּאַניע. די יידישע היסטאָריקער דריקן זיך אויס, אַז די אויבערשטע השגחה האָט אַזוי ווי פאָראויס צוגעגרייט אַ רואיקן פּלאַץ פאַר די שפּאַנישע אַרויסגעטריבענע זיך צו ראַטעווען. און ווירקלעך, אַ באַדייטנדיקער טייל פון די פאַרטרי־בענע פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל האָט געפונען שוץ אין די לענדער פון טערקיי. די טערקישע סולטאַנען האָבן אָפּגעשאַצט די אַרבעטסזאַמקייט און האַנדלס־פעאיקייטן פון די יידן און האָבן זיי גערן אויפגענומען אין זייער ממשלה. סולטאַן באַיאַזעט דער 2טער, דערהערנדיק וועגן דעם גירוש פון די יידן פון שפּאַניע, האָט אויסגערופן: „פערדינאַנד פון שפּאַ־ניע איז אַ נאַרישער קעניג! ער האָט חרוב געמאַכט זיין אייגן לאַנד און רייך געמאַכט אונדזער לאַנד". די געבילדעטע ספרדים האָבן זיך אַרויס־געוויזן פאַר זייער נוצלעך צו טערקיי, וואו די העכערע קלאַסן האָבן זיך באַשעפטיקט מיט דער מיליטער־קונסט, און די נידעריקע — מיט ערד־אַרבעט. די יידן האָבן זיך פלייסיק אָפּגעגעבן מיטן האַנדל אויף ים און יבשה, מיט מלאכות און טעכניק, זיי האָבן באַקאַנט די טערקן מיט די

נייסטע דערפינדונגען, ווי פולווער און קאַנאָנען און דערמיט פיל געדינט דער בעסערער באַוואָפּענונג פונעם לאַנד. אין האַנדל האָבן מיט זיי קאָנ־קורירט בלויז די אַרמענער און גריכן.

אין 16־טן יאָרהונדערט האָבן אין דער אייראָפּעאישער און אַזיאַ־טישער טערקיי זיך געגרינדעט אַ סך יידישע קהילות. אין דער הויפּט־שטאָט קאָנסטאַנטינאָפּאָל זיינען געווען אַרום 30.000 יידן וועלכע האָבן געהאַט 44 שולן. אָט די גרויסע געמיינדע האָט זיך געטיילט אויף „לאַנדס־מאַנשאַפטן", ד"ה פאַרבאַנדן פון די מענטשן, וועלכע זיינען געקומען אין טערקיי פון איין געגנט. עס זיינען געווען „קאַסטילישע" לאַנדסלייט, „אַראַגאָנישע", „פּאָרטוגעזישע" אאז"וו. די שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע יידן אָדער „ספרדים" האָבן זיך אונטערשיידט מיט זייער שפּראַך און לעבנס־פיר פון די „אַשכנזישע", וועלכע האָבן אַריבערגעוואַנדערט פון דייטש־לאַנד. יעדער קרייז אָדער לאַנדסמאַנשאַפט האָט געהאַט זיין אייגענע שול. אויסער דער הויפּטשטאָט האָבן די יידן געלעבט אין אַנדערע שטעט פון אייראָפּעאישער טערקיי: אין סאַלאָניקי, אַדריאַנאָפּאָל, ניקאָפּאָל. בראש פון אַלע טערקישע יידן איז געשטאַנען אַ הויפּט־רב („חכם"), וועל־כער פלעגט באַשטעטיקט ווערן אין זיין אַמט פון סולטאַן. דער רב אָדער חכם, ווי דער פאָרשטייער פון יידנטום, האָט געהאַט אַ רעכט צו זיצן אין דעם קעניגלעכן ראַט פון טערקיי. געבילדעטע יידן פלעגן אָפט פאַר־נעמען הויכע שטעלעס אין טערקישע הויפן, ווי ראַטגעבער אָדער דאָק־טוירים.

די לאַגע פון די יידן אין טערקיי האָט זיך באַזונדערס פאַרפעסטיקט אין דער צייט פון דעם סולטאַן סולימאַן (1520—66), אין וועמענס רע־גירונג די מלוכה האָט דערגרייכט די גרעסטע מאַכט צווישן די אייראָ־פּעאישע מלוכות. זייער פיל גוטס האָבן געטאָן צו זייער פאָלק די יידישע האַרן, וועלכע האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין דעם סולטאַנישן הויף. דעם ערשטן אָרט צווישן זיי האָט פאַרנומען דון יוסף נשיא. יוסף האָט גע־שטאַמט פון פּאָרטוגאַל פון אַ רייכער מאַראַנישער פאַמיליע, וועלכע האָט אין געהיים אָפּגעהיט דאָס יידנטום. די אינקוויזיטאָרן האָבן אָנגע־הויבן פאַרפאָלגן די פאַמיליע, האָט זי זיך באַזעצט אין האָלאַנד, און פון דאָרט — אין טערקיי, כדי דאָרט אָפן זיך אומצוקערן צו זייער אמונה (1552). אין דער צייט פון זיינע וואַנדערונגען האָט זיך יוסף באַקאַנט מיט אַ סך באַרימטע רעגירונגס־מענער פון אייראָפּע און האָט זיך דער־

וואָרבן דיפּלאָמאַטישע פּעאיקייטן. סולטאַן סולימאַן האָט באַמערקט יוספס פעאיקייטן און האָט אים מקרב געווען צו זיך. פאַרן סולטאַן סולי־מאַן, און אויך פאַר זיין נאָכפאָלגער סעלים דעם 2־טן האָט יוסף פאַרנו־מען דעם הויכן אַמט פון ראַטגעבער און פאַרמיטלער אין אויסלענדישע ענינים. אין דעם דאָזיקן אַמט האָט ער פיל נוצן גע־בראַכט דער טערקישער רעגירונג, אָבער ער האָט אויך ניט פאַרגעסן זיינע אייגענע פאָלקס־ברידער. אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַן איינפלוס אויף אויסלענ־דישע רעגירונגען, פלעגט יוסף ניט זעלטן זיך אָננע־מען פאַר די יידן, וואָס זיינען פאַרפאָלגט געוואָרן אין די קריסטלעכע לענ־דער. סולימאַן האָט גע־שענקט יוספן אַ מתנה די חרובע שטאָט טבריה, אין ארץ־ישראל, ער זאָל זי אָפּבויען און זי באַזעצן מיט יידן. סעלים האָט אים גע־געבן דעם טיטל „הערצאָג פון נאַקסאָס" (נאַקסאָס —


יוסף הנשיא פאַרן סולטאַן סולימאַן

אַן אינדזל אין דעם אַרכיפּעלאַג). די יידן האָבן אים אַ נאָמען געגעבן „נשיא" (האַר, הערשער) יוסף נשיא איז געווען אַ וואַרעמער באַשיצער פון יידישע געלערנטע און שרייבער, וועלכע זיינען דעמאָלט געווען אַ סך אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל; ער האָט אויך געשטיצט ישיבות. נאָכן טויט פון סעלים דעם 2טן האָט ער זיך צוריקגעצויגן פון די מלוכה־ענינים און האָט פאַרבראַכט זיינע לעצטע יאָרן אין גייסטיקער אַרבעט, אין אַ קרייז פון געלערנטע, פאַר וועלכע ער האָט געעפנט זיינע רייכע בי־בליאָטעק ספרים און מאַנוסקריפּטן. יוסף נשיא איז געשטאָרבן אין

יאָר 1579. זיין אלמנה ריינה האָט געגרינדעט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אַ דרוקעריי צו דרוקן יידישע ספרים.

## § 38. ארץ־ישראל; דער שלחן־ערוך.

אַ טייל פון די יידן וואָס זיינען געקומען קיין טערקיי האָבן זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל. פון די צייטן פון די קרייצצוגן אָן איז אין פּאַלעסטינע אָנגעגאנגען צווישן די קריסטן און מוכמעדאַנער אַ קאַמף פאַר דער אויבערהערשאַפט, וואָרום סיי די, סיי יענע האָבן דאָרט געהאַט זייערע הייליקע ערטער. חרוב און פאַרוויסט איז דאָס לאַנד אַריבער צו דער הערשאַפט פון טערקיי און צו די דאָזיקע טייערע חורבות פון זייער אַלטן פאָטערלאַנד זיינען איצט געקומען טויזנטער זין פון דעם וואַנדער־פּאָלק, וועלכע זיינען געוועזן אויסגעמוטשעט פון די רדיפות אין אייראָפּע. די אָרעמע אויסוואַנדערער זיינען ניט געווען אימשטאַנד אויפצושטעלן צוריק דאָס מלוכה־לעבן פון זייער אַמאָליקן פאָטערלאַנד; אָבער זיי איז געלונגען צו באַשאַפן דאָ עטלעכע קהילות, מיט אַ זעלבשטענדיקער פאַרוואַלטונג און רבנישע אַנשטאַלטן. אין 16טן יאָרהונדערט זיינען אַנטשטאַנען באַדייטנדיקע קהילות אין ירושלים, צפת און טבריה. די קהילה פון צפת האָט באַזונדערס געשמט מיט אירע לומדים. דער רב פון דער קהילה ר׳ יעקב בירב (1540) האָט אפילו געוואָלט גרינדן אין ארץ־ישראל אַ מין סנהדרין פון רבנים, וועלכער זאָל באַשליסן רעליגיעזע עינינים, מתקן זיין דינים און באַשטימען די גייסטיקע פירער פון די יידן אין אַלע לענדער. אָבער דער־אָ געוואָגטער געדאַנק איז ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן, ווייל די יידישע קהילות אין ארץ־ישראל זיינען געווען צו אָרעם און ווייניק אין צאָל.

אין יענער צייט האָט אין ארץ־ישראל זיך באַוויזן אַ מאַן, וועלכער האָט אַליין אויפגעטאָן עטוואָס, וואָס וואָלט געווען אַ כבוד פאַר אַ גאַנצן סנהדרין. דאָס איז געווען ר׳ יוסף קאָרו (1488—1575), דער מחבר פון שלחן־ערוך, וואָס איז די גרעסטע זאַמלונג פון דינים. ר׳ יוסף קאָרו איז געבוירן געוואָרן אין שפּאַניע, אָבער ער איז אַוועקגעפירט געוואָרן פון דאָרט נאָך ווי אַ קינד, אין דער צייט פון דעם גירוש. זיין יוגנט האָט ער פאַרבראַכט אין אייראָפּעאישן טערקיי, אין די שטעט ניקאָפּאָל און אַדריאַנאָפּאָל. דאָ האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט לערנען תורה, תלמוד און די אַלגע־

מיינע רבנישע ליטעראַטור און האָט אַרויסגעוויזן וואונדערלעכע פעאי־
קייטן. צוואַנציק יאָר האָט ר׳ יוסף קאַרו פאַרבראַכט אויף דורכקוקן די
פאַרשיידענע זאַמלונגען פון דינים, מיטן צוועק זיי צו דערקלערן און מוסיף
זיין צו זיי. געענדיקט האָט ער זיין אַרבעט ווען ער איז שוין אָנגעקומען
קיין צפת, וואו ער האָט באַלד פאַרנומען אַ חשובן אָרט צווישן די גדולי־
התורה אין ארץ־ישראל. דער עלטסטער פון די רבנים, ר׳ יעקב בירב,
האָט אים מיט פרייד געגעבן סמיכה אויף רבנות. אין צפת האָט ר׳ יוסף
קאַרו פאַרפאַסט אַ נייע זאַמלונג פון יידישע דינים פאַרן געברויך פון
פאָלק, אונטערן נאָמען „שלחן ערוך״ („געגרייטער טיש״, געדרוקט אין
ווענעדיק, אין יאָר 1565).

דער שלחן־ערוך באַשטייט פון פיר טיילן: „אורח חיים״, וועל־
כער אַנטהאַלט אַלע דינים וועגן די תפילות, שבת און די ימים טובים;
„יורה דעה״, וועלכער נעמט אַריין אַלע דינים וועגן כשר און טריפה,
שחיטה, פירונג פון הויז; „אבן העזר״, אַנטהאַלט די דינים פון פאַמיליע־
לעבן, חתונות און גטן, און „חושן משפט״, וועלכער באַשטייט פון דיני
נפשות און דיני ממונות (קרימינעלע און ציווילע געזעצן). די אַלע אָפּ־
טיילונגען פון פריערדיקע זאַמלונגען ווערן דאָ דערפילט מיט נייע דינים
און תקנות, וועלכע זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן אויפן סמך פון פאַר־
שיידענע רבנישע דערקלערונגען און פאָלקס־מינהגים. דער שלחן־ערוך
איז פון דעמאָלט אָן געוואָרן די פולסטע און פאָלקאָמסטע זאַמלונג פון
יידישע דינים. די מענטשן פון יענער צייט האָבן באַוואונדערט דעם גוואַל־
דיקן קאָפּ און די אומגעהייערע לומדות פון דעם מחבר פון „שלחן ערוך״,
און אַ סך האָבן געהאַלטן, אַז ער האָט גערעדט ברוח הקודש. עס איז
אַרומגעגאנגען אַ לעגענדע אַז צו ר׳ יוסף קאַרו פלעגט זיך באַווייזן אַ
„מגיד״ פון הימל, וועלכער פלעגט אים איבערגעבן די גרויסע אמתן פון
דער תורה. ר׳ יוסף קאַרו האָט זיך אויך פלייסיק אָפּגעגעבן מיט דער
קבלה, וועלכע האָט דעמאָלט שטאַרק באַשעפטיקט די מוחות פון די
יידן אין ארץ־ישראל.

## § 39. די קבלה; דער אר״י הקדוש.

אין 16טן יאָרהונדערט האָט די קבלה זיך אָנגעהויבן שטאַרק צו
פאַרשפּרייטן צווישן די יידן. די ליידן וואָס דאָס פאָלק איז אויסגעשטאַ־

נען האָבן געשטויסן זיין געדאַנק אין דער וועלט פון סודות, האָבן גע־וועקט אין אים געדאַנקען וועגן יענער וועלט אָדער וועגן ביאת המשיח, וועלכער וועט ברענגען די גאולה פון יידישן פאָלק. גראָד אין יענער צייט איז צום ערשטן מאָל אָפּגעדרוקט געוואָרן דער „זוהר", וועלכער איז ביז דעמאָלט אומגעגאַנגען נאָר אין כתב־יד, און דאָס האָט געהאָלפן אַז די אידעען פון דער קבלה זאָלן זיך נאָך מער פאַרשפּרייטן. עס האָבן זיך באַ־וויזן מענטשן וואָס האָבן געפירט אַ לעבן פון נזירים, האָבן געפּרעדיקט וועגן תשובה טאָן און וועגן מלכות השמים; זיי האָבן געגלייבט, אַז דורך דער קבלה קען מען קומען צו אַזאַ מדרגה פון קדושה, אַז מען זאָל קענען זיך פאַרבינדן מיט די הימלישע גייסטער. אין צפת האָבן אין יענער צייט געלעבט די באַרימטע מקובלים משה קאָרדאָווייראַ און אליהו ווידאַס. קאָרדאָווייראַ פלעגט זאָגן אַז עס זיינען פאַראַן דריי מדרגות פון חכמה: די תורה, דער תלמוד און די קבלה; פון די דריי איז די לעצטע די העכס־טע, וואָרום זי אַנטפּלעקט די סודות פון גאָט. ווידאַסעס ספר „ראשית חכמה" איז פול מיט שטרענגען מוסר און שרעקלעכע בילדער פון אָפּ־קומעניש נאָכן טויט. אין צפת האָט זיך געשאַפן אַ חברה פון „יראים" (גאָטספאָרכטיקע לייט), וועלכע פלעגן זיך פאַרזאַמלען יעדן פרייטיק אין שול און זיך מתודה זיין איינער פאַרן אַנדערן אין זייערע עבירות, וואָס זיי האָבן געטאָן דורך דער וואָך. בראש פון דער דאָזיקער חברה איז געשטאַנען אַ באַגייסטערטער יונגער מקובל ר' יצחק לוריא אשכנזי אָדער דער אר"י הקדוש (אַ פאַרקירצונג פון „אשכנזי רבי יצחק").

דער אר"י איז געבוירן געוואָרן אין ירושלים אין יאָר 1534, אין אַן אשכּנזישער פאַמיליע. זיין יוגנט האָט ער פאַרבראַכט אין מיצרים, וואו ער האָט געלערנט תלמוד ביים הויפּט־רב פון קאַירא, אָבער דער תלמוד אַליין האָט ניט באַפרידיקט זיין גייסט. ער האָט זיך פאַרטיפט אין דעם „זוהר" און דאָרטן געזוכט אַ תירוץ אויף די העכסטע פראַגן פון גלויבן און לעבן. ער האָט אָנגעהויבן צו פירן אַ לעבן פון התבודדות און פלעגט פאַסטן אַ סך תעניתים, וועלכע ער פלעגט פאַרברענגען אין תפילות. צייט־נווייז פלעגט ער אַריינפאַלן אין אַ העכסט־באַגייסטערטן צושטאַנד און דעמאָלט פלעגט זיך אים אויסדאַכטן אַז ער הערט שטימען פון אויבן און אַז עס אַנטפּלעקן זיך פאַר אים וואונדערלעכע זעאונגען. אין יאָר 1570 איז דער אר"י אָנגעקומען אין צפת און איז אריינגעטראָטן אין דער דאָר־טיקער חברה פון די מקובלים און איז געוואָרן זייער מנהיג. אָפט פלעגט

דער אר״י צוזאַמען מיט זיינע חברים אַרויסגיין הינטערן שטאָט און דאָרט וואַנדערנדיק איבער די פּוסטע פעלדער און בית־עולמס, פלעגט ער זיי אַנטדעקן די סודות פון אמונה. אין באַשטימטע טעג פלעגן זיי אַרויסגיין הינטער צפת, וואו עס האָט זיך, לויט אַ מסורה, געפונען דער קבר פון רבי שמעון בן־יוחאי, וועלכער איז אָנגענומען ווי דער מחבר פון דעם זוהר. דאָ פלעגן זיי פאַראַווען געהיימניספולע צערעמאָניעס, זינגען באַ־גייסטערטע תפילות און ריידן וועגן דעם אַז עס דערנענטערט זיך דער „קץ״, און ווי אַזוי מען זאָל זיך גרייטן פאַרן אָנקומען פון משיחן. פּלוצ־לינג איז דער אר״י נפטר געוואָרן; ער איז געשטאָרבן פון דער מגפה אין יאָר 1572, אין עלטער פון 38 יאָר. דער דאָזיקער פּלוצלינגדיקער טויט פון אר״י האָט געמאַכט אַ שרעקלעכן איינדרוק אויף זיינע תלמידים. מען האָט אָנגעהויבן ריידן פון אים ווי פון אַ הייליקן מאַן, און מען פלעגט זאָגן, אַז דער אר״י איז עס געווען דער „משיח בן יוסף״, וועלכער דאַרף קומען פריער ווי אַן אָנזאָגער פאַר „משיח בן דוד״. נאָכן טויט פון אר״י איז זיין נאָענטסטער תלמיד, ר׳ חיים וויטאַל, געוואָרן דער לערער און מנהיג פון זיינע תלמידים. ר׳ חיים וויטאַל איז געווען דער זון פון אַ סופר. ר׳ חיים וויטאַל האָט פאַרשריבן אין אַ ספר די לערעס וואָס דער אר״י פלעגט איבערגעבן אויסווייניק, און דערביי האָט ער אויך אַריינגעגעבן אַ סך אייגענע געדאַנקען.

דער תמצות פון דער לערע פון דעם אר״י און ר׳ חיים וויטאַלן, וואָס מען האָט גערופן „פּראַקטישע קבלה״ (קבלה מעשית) באַשטייט אין דעם ווייטערדיקן: דער מענטש, צוליב זיין זינדיקער נאַטור, האָט זיך דער־ווייטערט פון זיין געטלעכן מקור, פון דער וועלט פון ריינע גייסטער, און איז אַריינגעפאַלן אונטער דער שליטה פון אומריינע גייסטער (די קליפּה). די אויפגאַבע פון דעם מאמין דאַרף זיין — צו באַפרייען זיין נשמה פון דער ממשלה פון בייזן גייסט און דורך תעניתים און תפילות זיך באַ־העפטן צוריק צו דער געטלעכקייט. נאָכן טויט ווערט די נשמה אויסגע־לייטערט דורך נע־ונד־זיין אָדער גילגולים: די נשמה פון דעם זינדיקן גייט אַריבער אין דעם גוף פון אַן אַנדער מענטשן, און אויב זי פאַרריכט זיך ניט אין דעם ביים קערפּער, גייט זי שפּעטער אַריין אין קערפּער פון אַ דריטן מענטשן, און אַזוי ווייטער, ביז זי ווערט אויסגערייניקט. עס טרעפט אַמאָל אַז די נשמה גייט אַריין אין דעם קערפּער פון אַ חיה און ליידט די גרעסטע יסורים. עס איז פאַראַן אַן ענגע פאַרבינדונג צווישן

דעם מענטשן און די אויבער־שטע גייסטער. יעדע טאַט, יעדעס וואָרט פון דעם מענטשן מאַכט עפּעס אַן איינדרוק אין די העכערע וועלטן דורך אַ תפילה אָדער אַן אַנדער מיצווה געשען גאַנצע איבערקערענישן אין הימל. מען קען אפילו „אָראָפּברענגען משיחן", ד"ה פאַרשנעלערן דעם קץ דורך פאַסטן און תשובה טאָן. אין יעדן פאַל דאַרף מען שטענדיק טרויערן אויפן חורבן פון דער יידישער מלוכה, פון ירושלים און דעם בית־המיקדש; מען דאַרף מיטן גאַנצן האַרצן פאַר־לאַנגען און וואַרטן אויפן קומען פון משיחן, דעם גואל. די דאָזיקע לער־עס פון די „פּראַקטישע" קאַבאַליסטן האָבן געפונען אַן אָפּקלאַנג אין די מוחות און הערצער פון די יידן, און ענדלעך האָבן זיי געבראַכט צו דער משיח־באַוועגונג, וואָס האָט אויפ־געשטורעמט אין 17טן יאָרהונדערט די גאַנצע יידישע וועלט.

## § 40. ש ב ת י צ ב י.

די יידן פון טערקיי, און איבערהויפּט פון ארץ־ישראל, זיינען אַלץ מער אַר־ונטערגעפאַלן אונטער דער השפּעה פון די בעלי־הקבלה, וועלכע האָבן געגלייבט אַז משיח דאַרף באַלד קומען. די קלאַנגען אַז די גאולה קומט אָן און אַז באַלד וועט דאָס יידישע לאַנד צוריק אויפגעשטעלט ווערן, האָבן זיך פאַרשפּרייט אויך צווישן די יידן פון אַנדערע לענדער. אין אַזיע און אייראָפּע האָבן פילע געטראַכט און געוואָלט טרעפן די צייט ווען משיח וועט קומען. מען האָט געזאָגט, אַז דער וואונדער וועט געשען אין יאָר 1648, לויט אַ טונקעלער אָנצוהערעניש אין זוהר. און אין יענעם יאָר האָט זיך אין טערקיי ווירקלעך באַוויזן אַ מענטש, וועלכער האָט זיך דערקלערט פאַרן גואל און באַפרייער פון יידישן פאָלק. דאָס איז געווען ש ב ת י צ ב י.

שבתי צבי איז געבוירן געוואָרן אין דער טערקישער שטאָט סמירנאַ, תשעה באב פון יאָר 1626, ביי אַ סוחרישער פאַמיליע פון ספרדישער אָפּ־שטאַמונג. ער האָט געהאַט זייער אַ שיינעם אויסזען, האָט באַזעסן אַ זיסן, קלינגעדיקן קול און פאַרמאָגט גרויסע גייסטיקע פעאיקייטן. נאָך גאַנץ יונג האָט ער דערלערנט דעם תלמוד און די קבלה. זיין רבי אין תלמוד איז געווען דער באַרימטער סמירנער רב ר' יוסף אסקופּי, און אין לערנען די קבלה האָט ער זיך געהאַלטן אָן דעם אר"יס שיטה פון התבודדות. שבתי־צבי האָט געהאַט אַ נייגונג צו שטימונגען און דעריבער פלעגט ער

אויסמיידן חברים און פלעגט בעסער פאַרברענגען אין אָפּגעזונדערטקייט. מען האָט אים חתונה געמאַכט זייער יונג, אַזוי ווי עס איז דער מנהג אין די מיזרח־לענדער; אָבער ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון פאַרהייראַטן לעבן און האָט זיך געגט מיט זיין ווייב. וואָס מער שבתי צבי האָט זיך פאַרטיפט אין דעם זוהר און אין דעם אר״יס קבלה אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן אין אים דער פאַרלאַנג צו נעמען אויף זיך יענע גרויסע תשובה און אויסלייטערונג, דורך וועלכער, ווי די קבלה האָט געלערנט, עס איז מעגלעך געווען שנעלער אַראָפּצוברענגען משיחן. און ער פלעגט פאַרברענגען טעג אין תפילות און פאַסטן, אַזוי לאַנג ביז ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ צעמישעניש. אין אַזאַ צושטאַנד, ביי וועלכן עס פאַרשווינדט די גרענעץ צווישן פאַנטאַזיע און ווירקלעכקייט, איז פאַר שבתי צבי ניט שווער געווען איינצוריידן זיך, אַז ער אַליין איז עס טאַקע באַשטימט צו זיין משיח. דאָס באַוואוסטזיין, אַז ער איז גערופן צו עפּעס גרויסעס, פלעגט


שבתי צבי

זיך אַרויסווייזן אַפילו אין זיין באַנעמונג צו זיינע חברים, וואָס פלעגן ניט ווילנדיק זיך אונטערגעבן דער ווירקונג פון דעם באַגייסטערטן נזיר, וועלכער האָט זיי אַריינגעפירט אין די סודות פון דער קבלה. ווען ער איז נאָך קוים 20 יאָר אַלט געווען איז שוין שבתי צבי געשטאַנען בראש פון אַ חברה יונגע טרוימער (מיסטיקער), וועלכע עס האָט פאַראייניקט אַ פייערדיקער גלויבן אַז באַלד קומט משיח. ווען עס איז געקומען דאָס יאָר 1648 האָט שבתי צבי באַשלאָסן אַז עס איז געקומען די צייט פאַר אים נתגלה צו ווערן, און איין מאָל שבת האָט ער אין שול אין סמירנא, הויך אויף אַ קול, אַרויסגערעדט דעם שם המפורש, ד״ה ער האָט אַרויסגערעדט גאָטס נאָמען „יהוה״ אין אַלע פיר אותיות, וואָס דאָס איז, לויט דער מסורה, דערלויבט געווען בלויז דעם כוהן גדול אין בית־המיקדש. דאָס

האָט געדאַרפט באַדייטן, אַז עס איז שוין נאָענט די צייט ווען דער בית־המיקדש וועט אויף דאָס נײַ אויפגעבויט ווערן.

אַז די רבנים פון סמירנא, און צווישן זיי אויך זײַן געוועזענער רבי ר׳ יוסף אסקופי, האָבן דערהערט פון שבתי צביס אַרויסטריט, האָב[ן] זיי אַרויפגעלייגט אַ חרם אויפן אַליין־געקרוינטן משיח און זײַנע אָנהענגער. שבתי־צבי איז געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזן זײַן געבוירנשטאָט (1651), אָבער דאָס האָט נאָר פאַרשפּרייט זײַן שם. זײַנע אָנהענגער האָבן אָנגעהויבן זאָגן, אַז דאָס ריכט ער אָפּ גלות, און ער אַליין פלעגט אומגיין אי־בער די פאַרשיידענע שטעט פון טערקיי און פּרעדיקן זײַן לערע. אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, סאַלאָניקי, ירושלים און קאַירא האָט ער געקראָגן אַ מאַסע נײַע נאָכפאָלגער. אין קאַירא, די הויפּטשטאָט פון מיצרים, האָט שבתי צבי געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט דורך דעם־אָ אויפטו: אין יענער צייט האָט מען אַ סך גערעדט וועגן עפּעס אַ מערקווירדיק יידיש מיידל פון פוילן, שרה, וועלכע מען האָט קליינערהייט אַוועקגערויבט פון אירע עלטערן און אויפגעצויגן אין אַ קריסטלעכן מאָנאַסטיר, נאָר דערנאָך איז זי אַנטלאָפן קיין האָלאַנד און איז צוריק אַריבער צום יידנ־טום. דאָס מיידל האָט ניט אויפגעהערט צו טענהן, אַז זי איז באַשטימט צו זײַן דאָס ווײַב פון דעם יידישן משיח. ווען שבתי צבי האָט דאָס דער־הערט האָט ער אויך דערקלערט אַז מען האָט אים פון הימל באַפוילן חתונה צו האָבן מיט שרהן. אין גיכן זײַנען שלוחים פון „משיחן״ אַוועק קיין אייראָפּע און האָבן געבראַכט צו פירן שרהן, וועלכע איז געווען אַ גרויסע שיינקייט. אין קאַירא איז מיט גרויסע צערעמאָניעס פאָרגעקומען די חתונה צווישן דעם דאָזיקן געהיימנישפולן מיידל און שבתי צבי.

אָט די אַלע פאַסירונגען האָבן צעטומלט די קעפּ פון די יידן און אָנגעפילט זייערע הערצער מיט אומקלאָרע האָפענונגען. דער חרם פון די רבנים, וואָס איז געלעגן אויף שבתי צבי, איז פאַרגעסן געוואָרן, און ווען ער איז נאָך לאַנגע וואַנדערונגען געקומען צוריק קיין סמירנא, פון וואַנען ער איז פריער פאַרטריבן געוואָרן, האָט דער המון אים מקבל־פּנים געווען מיט פייערלעכע אויסגעשרייען : „יחי המלך המשיח !״ (לעבן זאָל דער קעניג משיח). די צאָל פון שבתי צביס אָנהענגער איז געוואַקסן מיט יעדן טאָג. עס האָבן זיך אויך באַוויזן אַליין־גערופענע נביאים, וועל־כע האָבן אומעטום געפּרעדיקט, אַז גאָט האָט געבראַכט דעם גואל פון סמירנא און אַז עס קומט אָן די צייט פון ניסים. דער פליסיקסטער פון

די דאָזיקע נביאים־אַנזאָגער איז געווען נתן פון גזה, אין ארץ־ישראל. נתן פלעגט פאַנאַנדערשיקן צו די יידישע קהילות זיינע „נביאות״, אַז דער משיח פון סמירנא וועט באַלד אַרונטעררייסן די קרוין פון קאָפּ פון דעם טערקישן סולטאַן און נאָך אַ סך מופתים און וואונדער וועט ער אַוועקפירן אַלע יידן קיין ירושלים. אין גיכן האָט מען פון שבתי צבי אָנגעהויבן צו ריידן אין אַלע לענדער פון אייראָפּע, אין איטאַליע, האָ־לאַנד און דייטשלאַנד. פילע האָבן געגלויבט אַז דאָס יידישע פאָלק שטייט ערב גרויסע געשעענישן. עפּעס אַזוי ווי אַ מין גייסטיקע שיכרות האָט אַרומגעכאַפּט דאָס פאָלק. איינע פלעגן זיך צונויפקלייבן אין געזעמלען און זיך איבערגעבן צו לוסטיקייט, זינגען און טאַנצן, און אַנדערע פלעגן זיך פּייניקן מיט תעניתים, פלעגן תפילה טאָן, און פאַר אַלעמען אין די אויגן זיך מיתוודה זיין אויף זייערע זינד, אָבער סיי די, סיי יענע האָבן זיך געגרייט מקבל־פּנים צו זיין דעם גואל. אין שול פלעגט מען זאָגן באַזונדערע תפילות פאַר משיחן, שבתי צבין. אַפילו די קריסטן האָבן אַ סך גערעדט און געשריבן וועגן דעם אָנקומען פון דעם יידישן משיח און האָבן פאַרבונדן ד״אָ געשעעניש מיט אַלטע דערקלערונגען פון פרומע לייט, וועלכע האָבן אויפן סמך פון דעם אַפּאָקאַליפּסיס (דער „חזון יוחנן״, ד״ה, יוחננס וויזיע אין נייעם טעסטאַמענט) פאָראויסגעזאָגט אַ וועלט־איבערקערעניש אין יאָר 1666. אומזיסט האָבן די בעסערע רבנים אויפ־געהויבן זייער קול קעגן דער לייכטזיניקייט פון פאָלק. קיינער האָט זיי נישט געהערט. אַלע בליקן זיינען געווען געווענדט צום מיזרח, פון וואַנען מען האָט זיך גערעכנט אויף גרויסע געשעענישן, ניסים און וואונדער.

## § 41. די משיח־באַוועגונג און איר סוף.

עס איז אָנגעקומען דאָס יאָר 1666, ווען עס האָט געזאָלט, לויט די נביאות פון שבתי צבי און זיינע נביאים, פאָרקומען די גרויסע איבערקע־רעניש. מען האָט זיך גערעכנט, אַז אין דעם יאָר וועט משיח אַריינטרעטן אין דער הויפּטשטאָט פון טערקיי און וועט ווייזן דעם סולטאַן זיין מאַכט. שבתי צבי איז ווירקלעך אַוועק קיין סטאַמבול (קאָנסטאַנטינאָפּאָל), באַ־גלייט פון זיינע חשובסטע אָנהענגער. דערוויייל האָט די טערקישע רעגי־רונג זיך דערוואוסט וועגן דעם שטורעם צווישן די יידן און האָט אָנגע־נומען אירע מיטלען. ווי נאָר שבתי צבי און זיינע באַגלייטער זיינען

אָנגעקומען קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָבן די טערקישע באַאַמטע זיי אַרעסטירט און פאַרשפּאַרט אין תפיסה (פעברואַר 1666). אין צוויי חדשים אַרום האָט דער גרויסוויזיר באַפוילן זיי איינצוזעצן אין דער פעסטונג אַבידאָס, נישט ווייט פון סטאַמבול. נאָר די געפאַנגענשאַפט פון משיחן האָט נישט נאָר נישט אָפּגעשוואַכט, נאָר האָט נאָך פאַרשטאַרקט דעם גלויבן אין אים. אין פאָלק האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען אַז דער



אַ געפאַנגענער אין אבידאָס, נעמט שבתי צבי אויף זיינע אנהענגער

„גואל ישראל" לעבט עס איצט איבער יענע ענויים, וועלכע האָבן גע־דאַרפט, לויט דער טראַדיציע, פאָרקומען פאַר דער ענדלעכער באַפריי־אונג. זיינע באַגייסטערטע אָנהענגער זיינען זיך צונויפגעלאָפן פון אַלע לענדער אין דער טערקישער הויפּטשטאָט, כדי אָנצוקוקן משיחן פּנים אל פּנים און הערן פון זיינע ליפּן די גליקלעכע בשורה פון דער גאולה. פילע האָבן געבראַכט מיט זיך רייכע מתנות, גאָלד און טייערע חפצים

פאַר די באַדערפעענישן פון דעם ליידנדיקן משיח. און דער „ליידנדיקער משיח" איז געזעסן אין אַבידאָס אַזוי ווי אַ פירשט אין זיין פּאַלאַץ. די אונטערגעקויפטע טערקישע וואַך האָט צוגעלאָזט צו אים אַלע באַזוכער און שלוחים. דער שלאָס אַבידאָס האָט געקראָגן דעם נאָמען ביי די שבתי צביניקעס „מגדל־עז" (דער טורעם פון שטאַרקייט). פון דאַנען פלעגט שבתי צבי פאַנאַנדערשיקן זיינע באַפעלן. ער האָט באַפוילן בטל צו מאַכן דעם תענית פון תשעה באָב, וואָס איז איינגעשטעלט געוואָרן לזיכרון פון חורבן ירושלים, און אים פאַרוואַנדלט אין אַ פריילעכן יום טוב, ווארום אין דעם טאָג איז געבוירן געוואָרן שבתי צבי דער משיח, וועלכער וועט באַלד צוריק אויפשטעלן דעם בית־המיקדש און די יידישע מלוכה.

צווישן די שלוחים, וואָס פלעגן פון פאַרשיידענע לענדער קומען צו שבתי צבין, זיינען אויך געווען שלוחים פון די פּוילישע יידן. איינער פון די פּוילישע שלוחים, דער מקובל נחמיה כוהן, האָט נישט געגלויבט אין גאַנצן אין שבתי צבי און האָט אים געוואָלט אויספּרואוון. פון עטלעכע שמועסן וואָס ער האָט געהאַט מיט אים האָט זיך נחמיה איבערצייגט, אַז שבתי צבי נאַרט גאָר דאָס פאָלק. דעמאָלט איז נחמיה אַוועק אין סולטאַנס הויף און האָט דערציילט וועגן אַלץ וואָס עס טוט זיך אין דעם אַבידאָס. די זאַך איז דערגאַנגען צום סולטאַן מוכמעד דעם 4טן. דער דערצאָרנטער סולטאַן האָט געוואָלט לאָזן היגריכטן שבתי צבי ווי אַ בונטאָווטשיק. ווען מען האָט שבתי צבי געבראַכט אין סולטאַנס הויף האָט אים איינער פון די הויפלייט אַן עצה געגעבן ער זאָל אָננעמען דעם מוכמעדאַנישן גלויבן און דערמיט ווייכער מאַכן דעם צאָרן פון דעם סולטאַן. מורא האָבנדיק פאַר זיין לעבן האָט דער פאַלשער משיח זיך אַנטשלאָסן אויף דעם שרעקלעכן שריט ; ווען מען האָט אים געבראַכט פאַרן סולטאַן האָט ער אָנגעטאָן אַ טערקישע מיצקע ווי אַ צייכן אַז ער נעמט אָן דעם איסלאַם. דאָס זעלביקע האָבן געטאָן זיין ווייב שרה און אייניקע פון זיינע תלמידים. שבתי צבי איז באַשטימט געוואָרן ווי אַ הויפמאַן אין דעם סול־טאַנישן הויף אין אַדריאַנאָפּאָל און האָט געקראָגן דעם נאָמען מוכמעד־עפענדי (אויגוסט 1666).

נאָר אַפילו נאָך דעם ווי ער האָט זיך שוין געשמדט האָט שבתי צבי נישט אויפגעהערט צו פאַרפירן זיינע אָנהענגער. די טערקן האָט ער פאַר־זיכערט אַז דאָס ווענדט ער אָן אַלע זיינע כוחות צו באַקערן זיינע גלויבנסברידער צום איסלאַם ; און די יידן האָט ער איינגערעדט, אַז ער

האָט נאָר לפנים אָנגענומען דעם פרעמדן גלויבן כדי צוצוציען די מוכ־מעדאַנער צום יידנטום און דורך דעם אויסלייזן די פרעמדע פעלקער אויך. די באַגייסטערטע נאָכפאָלגער פון דעם פאַלשן משיח האָבן גע־גלייבט אַלע נאַרישקייטן, וואָס זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן אין זיין נאָמען. אייניקע האָבן פרייוויליק אָנגענומען דעם איסלאַם, כדי צו ווערן שותפים צו דער טאַט פון אויסלייזונג, וואָס דער משיח האָט געהאַלטן אין פאַר־ווירקלעכן. אַנדערע ווידער האָבן געטענהט, אַז נישט שבתי צבי נאָר זיין שאָטן האָט אויפגענומען דעם איסלאַם און איז געבליבן אויף דער ערד אין דעם געשטאַלט פון מוכמעד עפענדי, אָבער משיח אַליין איז אַרויף אויפן הימל און וועט זיך באַווייזן ווען עס וועט קומען די צייט פון דער גאולה. נתן און אַנדערע „נביאים״ האָבן פאַרשפּרייט אַזעלכע מעשות אין אַלע לענדער און דער המון האָט נאָך לאַנג געגלייבט אַז שבתי צבי איז געווען דער שליח פון גאָט. דערווייל האָט שבתי צבי זיך אויפגעפירט אין דעם אַדריאַנאָפּאָלער הויף זייער מאָדנע: אָט פלעגט ער זיך מאַכן פאַר אַ פייערדיקן מוכמעדאַנער, און אָט פלעגט ער פראַווען יידישע תפילות מיט טענץ און געזאַנג. דער טערקישער רעגירונג איז ווידער געוואָרן פאַרדעכטיק זיין אויפפירונג, און מען האָט שבתי צבי פאַרשיקט אין דולצינאַ, אַ פאַרוואָרפן שטעטל אין אַלבאַניע, וואוהין מען האָט קיינעם פון זיינע אָנהענגער נישט צוגעלאָזט. דאָרט איז דער פאַלשער משיח געשטאָרבן אין יאָר 1676 איינזאַם און פון אַלעמען פאַרלאָזט.

דער טויט פון שבתי צבי האָט אויסגעניכטערט דעם גרעסטן טייל פון זיינע נאָכפאָלגער אין אַזיע און אייראָפּע. פילע האָבן זיך איבערלייגט און האָבן שטאַרק חרטה געהאַט וואָס זיי האָבן זיך געלאָזט אַזוי לייכט־זיניק פאַרפירן. די רבנים זיינען געוואָרן נאָך מער פאַרביטערט קעגן די שבתי־צביניקעס און האָבן שטרענג אַכטונג געגעבן אַז אין זייערע קהילות זאָלן זיך נישט געפינען קיין אָנהענגער פון דעם משיח, וואָס האָט זיך גאָר געשמדט. פון דעסט וועגן זיינען נאָך געבליבן לייכטגלייביקע מענטשן, וועלכע האָבן נאָך אַלץ געגלייבט אַז שבתי צבי איז געווען אַ געטלעכער מענטש. זיי האָבן געגלייבט, אַז משיח איז אַרויף אויפן הימל און אַז ער וועט אין גיכן זיך באַווייזן צוריק אויף דער ערד און וועט באַפרייען דאָס יידישע פאָלק. אין טערקיי האָט זיך געשאַפן אַ סעקטע שבתי־צביניקעס, בראָש פון וועלכער עס איז געשטאַנען שבתי צביס שוואָגער, יעקב צבי. די הויפּט־נעסט פון דער כיתה האָט זיך געפונען

אין סאַלאָניקי, וואו עס האָבן געלעבט שבתי צביס קרובים. די סעקטע האָט געהאַט מאָדנע באַגריפן וועגן גאָט און וועגן מאָראַל. זייערע פירער האָבן געלערנט, אַז עס זיינען פאַראַן צוויי געטער: דער באַשעפער פון דער וועלט און דער גאָט פון יידישן פאָלק; דער לעצטער איז אַראָפּ־געקומען אויף דער ערד אין דער געשטאַלט פון שבתי צבי. ווייטער האָבן זיי געלערנט, אַז די דינים פון מאָראַל איז נישט נייטיק אָפּצוהיטן, און אַז „באחרית הימים" (אין דעם סוף פון די טעג) מעג מען זינדיקן וויפל מען וויל. און די מיטגלידער פון דער דאָזיקער סעקטע האָבן זיך דער־לויבט כלערליי אויסגעלאַסנקייטן. די טערקישע באַאַמטע האָבן זיך אומ־געקוקט אויף דער אוממאָראַלישער אויפפירונג פון די שבתי־צביניקעס אין סאַלאָניקי, און האָבן זיי אָנגעהויבן צו פאַרפאָלגן. כדי פּטור צו ווערן פון די רדיפות האָבן די סעקטאַנטן נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל פון דעם פאַרשטאָרבענעם מש״ח — זיי האָבן אָנגענומען דעם איסלאַם, אַן ערך פון 400 פערזאָן (1687). יעקב צבי און די אַנדערע פירער פון דער סעקטע האָבן פאַרזיכערט אַז זייער עובר זיין אויף זייער אמונה האָט אויך אַ פאַרבאָרגענע כוונה. נאָכן טויט פון יעקב צבי איז די פירערשאַפט פון די סאַלאָניקער שבתי־צביניקעס אַריבער צו זיין זון ברכיה (1695—1740). אין זיין צייט האָט זיך די סעקטע אַלץ מער געשטאַרקט. אירע מיטגלי־דער האָבן לפנים אָפּגעהיט דעם איסלאַם און אין געהיים האָבן זיי גע־גלייבט אַז שבתי צבי איז די פאַרקערפּערונג פון גאָט. די שבתי צבישע סעקטע אין סאַלאָנאָקי האָט נאָך עקזיסטירט זייער לאַנג. רעשטן פון איר זיינען נאָך געבליבן ביז היינטיקן טאָג אונטערן טערקישן נאָמען „דאָנמע" (אָפּטריניקע).

קאַפּיטל 8

# די יידן אין מערב-אייראָפּע פון 16טן ביזן 18טן יאָרהונדערט

## § 42. איטאַליע.

נאָכן גירוש שפּאַניע האָט אַ גרויסער טייל פון די אַרויסגעטריבענע יידן זיך באַזעצט אין איטאַליע, וואו זייערע פּאָלקסברידער האָבן געלעבט פאַרהעלטניסמעסיק רואיק. בראָש פון די אויסוואַנדערער איז געשטאַנען דאָן יצחק אברבנאל, דער לעצטער גרויסער פירער פון שפּאַנישן יידנטום. לכתחילה האָט זיך אברבנאל באַזעצט אין נעאַפּאָל און שפּעטער אין ווענעדיק. אַ שטיקל צייט האָט ער פאַרנומען אַ רעגירונגס־אַמט אין דעם הויף פון דעם נעאַפּאָלער קעניג, נאָר דערנאָך האָט ער די שטעלע אויפ־געגעבן און האָט זיך געווידמעט אין גאַנצן צו זיינע געלערנטע אַרבעטן (ער האָט אָנגעשריבן אַ גרויסן פּירוש אויפן תנ״ך און אייניקע ספרים וועגן דער יידישער רעליגיע). צעטרייסלט פון די שווערע ליידן וואָס דאָס פאָלק האָט איבערגעלעבט האָט אברבנאל אין זיינע ספרים זיך דער עיקר פאַרטיפט אין דעם משיח געדאַנק. ער האָט געפּרואווט, אויפן גרונד פון די רייד פון די נביאים און אַלטע טראַדיציעס, באַשטימען די צייט ווען משיח דאַרף קומען, און אים האָט זיך געדוכט אַז די דאָזיקע צייט איז זייער נאָענט. פאַר זיין טויט האָט דער גרויסער זקן זיך געטרייסט מיטן געדאַנק, אַז עס איז נאָענט די שעה פון אויסלייזונג פאַרן שווער־ליידנדיקן פאָלק. ער איז געשטאָרבן אין ווענעדיק, אין יאָר 1509.

אין קורצן נאָך זיין טויט האָט צווישן די איטאַליענישע יידן ווירק־

לעך אויפגעלעבט די האָפענונג אַז משיח קומט. אין יאָר 1524 איז קיין ווענעדיק אָנגעקומען פון מיזרח אַ געהיימנישפולער אַלטער מאַן, וועגן וועלכן עס איז שווער צו זאָגן צי ער איז געווען אַ שווינדלער אָדער אַ טרוימער. ער האָט זיך אָנגערופן דוד, פון שבט ראובן, און האָט דערציילט אַז ער פאָרט פון ווייטן אַראַביע, וואו עס עקזיסטירט כלומרשט אַ יידישע מלוכה, וועלכע איז באַוואוינט פון די קינדער פון די צוויי פאַסטעכער־שבטים ראובן און גד, אַז זיין ברודער איז דער קעניג אין יענעם לאַנד, און אַז ער, דוד, איז געשיקט געוואָרן פון דאָרט קיין אייראָפּע מיט אַ וויכטיקער שליחות צו די קריסטלעכע מלכים. דוד הראובני איז אַריינגעפאָרן קיין רוים רייטנדיק אויף אַ ווייסן פערד, דאַן איז ער אַוועק אין הויף צום פּויפּס קלעמענס דעם 7־טן און האָט געהאַט מיט אים אַ לאַנגן געשפּרעך. פון איטאַליע איז דוד אַוועקגעפאָרן קיין פּאָרטוגאַל און דאָרט אויך אויפגענומען געוואָרן מיט כבוד פון קעניג יאָהאַן דעם 3טן, ווי אַ שליח פון יידישן פאָלק. די אַלע געהיימע פאַרהאַנדלונגען האָבן דערוועקט צווישן יידן דעם גלויבן, אַז באַלד־באַלד וועלן פאָרקומען וויכטיקע געשעענישן. מען האָט גערעדט, אַז די אַראַבישע יידן האָבן עס געשיקט דודן קיין אייראָפּע צו קריגן פייער־וואָפן, אַזוי ווי זיי קלייבן זיך צו גיין מילחמה האַלטן מיט טערקיי און אָפּנעמען ביי איר ארץ־ישראל.


שלמה מולכים חתימה־שטעמפּל

איבערהויפּט האָט זיך גערודערט אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל צווישן די געהיימע יידן — די מאַראַנען, וועלכע האָבן געליטן פון דער אינקוויזיציע. איין יונגער מאַראַן פון ליסאַבאָן, שלמה מולכו האָט זיך אָנגעקניפּט אָן דוד ראובני. מולכו האָט אָנגעהויבן זיך צו פאַרטיפן אין דער קבלה און, גלייך מיט זיינע צייט־ברידער אָנגעהויבן חלומען וועגן באַלדיקן ביאת המשיח. מיט די דאָזיקע געדאַנקען איז דער יונגער מולכו אַוועק קיין טערקיי און ארץ־ישראל, האָט זיך פאַרבונדן מיט די דאָרטיקע

מקובלים און פלעגט האַלטן פייערדיקע דרשות וועגן דער נאָענטער גאולה. פון דאָרט האָט ער זיך אומגעקערט קיין אייראָפּע און איז אַוועק קיין רוים, וואו ער האָט אָנגעהויבן פירן געהיימע פאַרהאַנדלונגען מיטן פּויפּס. אין גיכן האָט מולכו אַלעמען איבערראַשט מיט אַ געוואַגטן שריט: צו־זאַמען מיט דוד ראובני איז ער אַוועק קיין רעגענסבורג, צום דייטשן אימ־פּעראַטאָר קאַרל דעם 5טן; זיי האָבן דערציילט דעם קעניג וואָס זיי האָבן בדעה צו טאָן — צו רופן די ייִדן אויף אַ מלחמה מיט טערקיי אָפּצונע־מען ארץ־ישראל. דער סוף פון די דאָזיקע פאַרהאַנדלונגען איז געווען אַ העכסט טרויעריקער: דער קעניג האָט געהייסן אַרעסטירן ביידע וואַנ־דערער און האָט זיי אַוועקגעפירט מיט זיך קיין איטאַליע. דאָ איז מולכו, ווי אַן אַנטלאָפענער מאַראַן, פאַראורטיילט געוואָרן פון דער אינקוויזי־ציע צום טויט: מען האָט אים פאַרברענט אין מאַנטואַ, אין יאָר 1532. ראובני איז אָפּגעפירט געוואָרן קיין שפּאַניע, וואו ער האָט זיך עטלעכע יאָר אָפּגעוואַלגערט אין תפיסה און איז געשטאָרבן.

די ייִדן זיינען ביטער אַנטוישט געוואָרן אין זייערע דערוואַרטונגען. דערווייל האָט זייער לאַגע אין איטאַליע אויך אָנגעהויבן ערגער צו ווערן. די פּויפּסן האָבן אָנגעהויבן צו פאַרפאָלגן די ייִדן אין זייערע ממשלות און האָבן באַנייט די דערנידעריקנדיקע געזעצן פון אינאָקענטיוס דעם 3טן. אין די שטעט האָט מען די ייִדן אָפּגעפירט אין באַזונדערע קוואַרטאַלן (געטאָס), מען האָט זיי געצוואונגען צו טראָגן דעם שאַנדצייכן. מען האָט זיי ניט דערלויבט צו האָבן מער ווי איין שול אין אַ שטאָט. די רדיפות אויפן תלמוד זיינען אויך באַנייט געוואָרן. אין יענער צייט האָט דער תלמוד אָנגעהויבן זיך שטאַרק צו פאַרשפּרייטן, אַ דאַנק דער דערפונדע־נער דרוקעריי־קונסט (דער תלמוד איז צום ערשטן מאָל אָפּגעדרוקט גע־וואָרן אין גאַנצן אין יאָר 1520, אין ווענעדיק). די ייִדישע פיינד זיינען אַרויסגעטראָטן מיט דער אַלטער באַשולדיקונג, אַז אין תלמוד געפינען זיך שטעלן וואָס באַליידיקן די קריסטן. די אינקוויזיציע אין רוים האָט באַפוילן צו פאַרברענען דעם תלמוד. מען האָט געמאַכט אַ הויז־זוכונג ביי אַלע ייִדן אין רוים און מען האָט צוגענומען אַלע ספרים, וואָס מען האָט געפונען. אין דעם טאָג פון ראש־השנה אין יאָר 1553 זיינען טויזנט גמראס פאַרברענט געוואָרן אויפן שייטער־הויפן אין רוים. דאָס זעלביקע איז געשען אין אַנדערע שטעט פון איטאַליע. שפּעטער האָבן די קאַטוילישע גלחים דערלויבט די ייִדן צו דרוקן דעם תלמוד אויף דאָס ניי, נאָר ניט


דאָס געטאָ אין ווענעדיק

אַנדערש, אַז אַלע שטעלן וואָס זיינען קעגן דער קריסטלעכער רעליגיע זאָלן אויסגעלאָזט ווערן. פאַר דעם צוועק זיינען באַשטימט געוואָרן צענזאָרן, דער עיקר פון געשמדטע יידן, וועלכע האָבן אויסגעמעקט אַלע אָנגעוויזענע ערטער און ניט דערלויבט זיי צו דרוקן.

באַזונדערס פיינדלעך האָט זיך באַצויגן צו די יידן פויפּס פּאַול דער 4טער. אין צוויי בולאָס וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזט האָט ער אַרויסגעגעבן, קעגן די יידן פון רוים און אַנדערע שטעט אונטער דער קירכעס ממשלה, אַ ריי דערנידעריקנדיקע באַגרענעצונגען אין דעם גייסט פון מיטלעלטער. לויט די דאָזיקע געזעצן האָבן די יידן אין יעדער שטאָט געדאַרפט וואוינען אין אַ באַזונדער קוואַרטאַל און טראָגן אַ באַזונדערע הלבשה, צו אונטערשיידן זיך פון די קריסטן. פאַר קריסטן איז פאַרבאָטן געוואָרן צו זיין ביי יידן באַדינער, זיך היילן ביי יידישע דאָקטוירים, אָדער אַפילו אָנרופן אַ יידן „האַר". די יידן איז דערלויבט געוואָרן זיך צו פאַרנעמען בלויז מיט קליינעם האַנדל,

איבערהויפּט מיט אַלטע קליידער, אָדער זיך באַשעפטיקן מיט וואָכעריי־
אויף קליינע פּראָצענטן; זיי איז אויך פאַרבאָטן געוואָרן צו דערווערבן
אומבאַוועגלעך אייגנטום (די בולאַס פון 1555). די דאָזיקע גרויזאַמע
און באַליידיקנדיקע געזעצן האָבן געבראַכט די יידן צו דער העכסטער
שטופע פון דערנידעריקונג און עקאָנאָמישן חורבן.

פון דער אַנדערער העלפט פון 16־טן יאָרהונדערט אָן האָבן זיך די
יידן פון רוים און אַנדערע שטעט פון איטאַליע אַלץ מער אויסגעגלייכט
אין רעכטלאָזיקייט מיט זייערע ברידער אין דייטשלאַנד. דאָס יידישע
געטאָ אין רוים האָט זיך געפונען אויפן ברעג פון טייך טיבער, אין אַ טאָל
וועלכער פלעגט אָפט פאַרפלייצט ווערן ווען דער טייך פלעגט זיך פאַנאַנ־
דערגיסן. דאָס געטאָ איז געווען אָפּגעטיילט פון די איבעריקע טיילן שטאָט
מיט אַ וואַנט, וועלכע האָט געהאַט טויערן צום אַריינגיין און אַרויסגיין.
אויף ביינאַכט פלעגט מען די טויערן פאַרשליסן און היטן מיט אַ באַזונ־
דערער וואַך. לויט די באַשרייבונגען פון אַ געוויסן רייזנדן, וועלכער האָט
באַזוכט רוים אין יאָר 1724 איז דער יידישער קוואַרטאַל באַשטאַנען פון
צוויי גרויסע און זעקס קליינע גאַסן, און דאָ האָבן געלעבט אין דער גרעס־
טער ענגשאַפט אַרום 3000 געזינדן, ד"ה פון 20 ביז 25 טויזנט נפשות.
דער גרעסטער טייל פון זיי האָט זיך באַשעפטיקט מיט קליין־האַנדל און
מלאכות. די גאַסן פון געטאָ זיינען געווען פאַרזייט מיט קראָמען און
קרעמלעך, וואו מען האָט געהאַנדלט מיט אַלץ, אָנהייבנדיק מיט שפּייז
און ענדיקנדיק מיט אַלטע קליידער. דער מיסחר מיט אַלטע זאַכן איז
באַזונדערס דערמוטיקט געוואָרן פון די רוימישע באַאַמטע פאַר די יידן,
ווי אַ „פּריווילעגירטע באַשעפטיקונג" פון דעם אַלטן פאָלק. די אויפקוי־
פער פון אַלטע זאַכן האָבן געמעגט אַרומגיין אויך די קריסטלעכע קוואַר־
טאַלן אויפצוקויפן דאָרט זייער סחורה, און האָבן אפילו געמעגט האָבן
אַ לאַגער פאַר זייער סחורה מחוץ דעם געטאָ. פון די מלאכות איז די
פאַרשפּרייטסטע געווען — שניידעריי. „אָפטמאָל אין זומער — שרייבט
איינער פון יענער צייט — קען מען זען הונדערטער שניידער זיצן ביי
זייער אַרבעט אין די גאַסן, לעבן די טירן פון זייערע וואוינונגען. די ווייי־
בער זיצן אויך און מאַכן קנעפּלעך און קנאָפּלעכלעך. די מייסטערינס האָבן
זיך אַזוי פאַרפאָלקאָמט אין זייער אַרבעט, אַז די קריסטלעכע שניידערס
פון דער גאַנצער שטאָט באַשטעלן דאָ זייערע קנעפּלעך און קנאָפּלעכלעך.

אין אַלגעמיין זיינען דריי פערטל פון די יידן שניידער, און די איבעריקע פאַרנעמען זיך מיט אַנדערע מלאכות".

צו טראָגן אָפּגעצייכנטע קליידער איז געווען אַ מוז פאַר אַלע יידן, אָן אונטערשייד פון געשלעכט אָדער שטאַנד. די מענער האָבן געטראָגן אַ געל היטל און די פרויען — אַ קאָפּ־פוץ פון אַ שטיקל געלער מאַטעריע אַנדערהאַלבן איילן די ברייט. מיט דער צייט האָבן די יידן איבערגעביטן דעם געלן קאָליר אויף מאַראַנצן־קאָליר, און דערנאָך זיינען זיי אַריבער צו רויט, אַזוי אַז די היט־לען פון די מענער זיינען געווען אין גאַנצן ענלעך צו די רויטע היטלען פון די קאַרדינאַלן. כדי צו פאַרמיידן דעם „בזיון" האָט מען באַפוילן די יידן זיך אומצו־קערן צוריק צום געלן קאָליר. — די אַלע דערנידערונגען האָבן גע־האָט איין צוועק: צו צווינגען די יידן זיך אָפּצוזאָגן פון זייער גלוי־בן און אָננעמען דאָס קריסטנטום. פאַרן זעלביקן צוועק איז איינגע־פירט געוואָרן די „געצוואונגענע דרשה": מען האָט די יידן געצוואונגען מיט גוואַלד אויסצוהערן אין די קירכן דרשות פון גלחים. יעדן שבת נאָך וואַרעמס פלעגט אין געטאָ אָנקומען פּאָליציי און טרייבן אַ גרופּע מענער, פרויען און קינדער איבער 12 יאָר אַלט אין קלויסטער צו הערן אַ דרשה. „פּונקט צוויי אַזייגער נאָכמיטיק — דערציילט אַ צו־זעער (1724) — מוזן די יידן קומען אין קלויסטער. דאָ איז געהאָנגען אַ גרויסע הילצערנע בילד פון דער קרייצונג צוגעדעקט מיט אַ זאַק, כדי די יידן זאָלן ניט לאָכן דערפון. דאָ זיינען אויך געשטאַנען בענק צום זיצן, מענער און פרויען באַזונדער, אָפּגעטיילט איינע פון די אַנדערע מיט אַ פאָרהאַנג, אַזוי ווי אין די שולן. אין מיטן איז אַ בימה אויף וועלכער עס שטייט דער גלח. ער הייבט אָן זיין דרשה אויף אַ הויך קול און וואַרפט אַריין אַזוי פיל יידישע ווערטער אַז מען קען אים אָננעמען פאַר אַ יידן. די דרשה באַשטייט אין דעם, וואָס פון אָנפאַנג



אַריינגאַנג אין געטאָ פון רוים

לויבט דער רעדנער די יידן, ווי דאָס אויסדערוויילטע פאָלק פון גאָט, און דערנאָך רעדט ער דעם היפוך, רעדט פון זיי מיט פאַראַכטונג, רופט זיי „עם קשה ערף" (איינגעשפּאַרט פאָלק), דערפאַר וואָס זיי ווילן ניט הערן גאָטס וואָרט. די דרשה דויערט צוויי שעה. אין דער צייט מוזן אַלע זיצן שטיל, ניט אַרויסריידן קיין וואָרט און ניט שלאָפן, וואָרום טאַקע אויפן אָרט געפינען זיך אויפזעער, וועלכע גיבן שטאַרק אַכטונג דערויף און באַ־שטראָפן שווער די שטערער". אָפט מאָל פלעגט די פּויפּסלעכע פּאָליציי מיט גוואַלד נעמען אַ יידן און אים אַוועקפירן אין „הויז פון די ניי־באַ־קערטע", דאָרטן צוצוגרייטן אים צום שמד. דאָרט פלעגט מען די גע־פאַנגענע האַלטן פערציק טעג און זיי אַלץ איינריידן צו בייטן זייער גלויבן. אייניקע פלעגט זיי געלונגען צו שמדן; אָבער די פאַרעקשנטע פלעגט מען אַרויסטרייבן צוריק אין געטאָ אַריין.

## § 43. ליטעראַטור און בילדונג אין איטאַליע.

ניט געקוקט אויף זייער שווערער בירגערלעכער לאַגע האָבן די איטאַ־ליענישע יידן אין 16־טן און 17־טן יאָרהונדערט דערגרייכט אַ הויכע שטופע פון גייסטיקער אַנטוויקלונג. עס האָט אויסגעזען אַזוי ווי צו זיי וואָלט אויף אַ צייט איבערגעגאַנגען די אַמאָליקע בילדונג פון די שפּאַ־נישע יידן. עס האָבן זיך דאָ באַוויזן באַרימטע תלמודיסטן, מקובלים, שפּראַכקענער, היסטאָריקער און פילאָזאָפן.

אין 17־טן יאָרהונדערט האָבן די איטאַליענישע יידן אַרויסגעגעבן צוויי אָריגינעלע דענקער: יהודה דע־מאָדענו און יוסף דעלמעדיגאָ. יהודה דע־מאָדענו (1571—1648) איז געווען רב אין ווענעדיק, נאָר אין האַרצן האָט ער געצווייפלט אין די קוואַלן פון דער רבנות און קבלה. ער האָט פאַרפאַסט אַ סך ספרים, פון וועלכע עס צייכנען זיך אויס צוויי: איינער, „שאגת ארי", איז קעגן די רבנים, און דער צווייטער, „ארי נעם", — קעגן דער קבלה, וואָס ער האָט געהאַלטן, אַז אירע הייליקע ספרים זיינען געפעלשטע. מאָדענו האָט מורא געהאַט צו פאַרעפנטלעכן די דאָזיקע ווערק ביי זיין לעבן און ער האָט זיי איבערגעלאָזט אין כתב־יד. זיי זיינען אָפּ־געדרוקט געוואָרן ערשט אין דער שפּעטערער צייט. — יוסף דעלמעדיגאָ (געשטאָרבן 1655) געבוירן אויפן אינדזל קאַנדיאַ איז געווען אַ שרייבער פון אַן אַנדער שניט. ער איז געווען דער גרעסטער געלערטער פון זיין

צייט, האָט געקענט אַלטע און נייע שפּראַכן, האָט שטודירט אין דער אוני־ווערזיטעט פון פּאַדואַ, וואו ער האָט גע־לערנט מאַטעמאַטיק און אַסטראָנאָמיע פון דעם אומשטאַרביקן גאַליליי, האָט שטודירט פיזיק און מעדיצין, נאָר צו־זאַמען דערמיט האָט ער אויך ליב גע־האַט די קבלה. מיט דעם דורשט נאָך בילדונג האָט זיך אין אים פאַראייניקט אויך אַ ליידנשאַפט צו רייזן. ער האָט אַרומגערייזט אַ טייל פון אייראָפּע און אַזיע, און האָט איין צייט געלעבט אין פּוילן און ליטע; די אַנדערע העלפט פון זיין לעבן האָט ער פאַרבראַכט אין אַמ־סטערדאַם, האַמבורג, פראַנקפורט און פּראָג, וואו ער האָט זיך באַ־שעפטיקט מיט דאָקטאָריע. זיין פילזייטיקע קענטעניש אין אַלע צווייגן פון מענטשלעכן וויסן האָט דעלמעדיגאָ איבערגעגעבן אין זיין ספר „אלים"; דער קבלה האָט ער געווידמעט זיינע קלענערע ווערק („מצרף לחכמה" א"א).




אליהו דעל־מעדיגאָ

אפילו פרויען אין איטאַליע האָבן בייגעטראָגן צו דער יידי־שער ליטעראַטור. צוויי דיכטע־רינס, דבורה אַסקאַרעלי און שרה סולאַם האָבן געשריבן שירים אויף איטאַליעניש. דבורה אַסקאַ־רעלי, די פרוי פון אַן אָנגעזעע־נעם יידן אין רוים, האָט איבער־זעצט די תפלות אין שיינע אי־טאַליענישע פערזן און האָט אויך פאַרפאַסט אָריגינעלע לידער. שרה סולאַם, די טאָכטער פון אַ ווענעדיקער סוחר, איז געווען איינע פון די געבילדעטסטע



לעאָן דע מאָדענאַ

פרויען פון איר צייט. איין קאַטויילישער גלח פון גענואַ האָט אַ סך געאַרבעט צו באַקערן די דאָזיקע באַגאַבטע דיכטערין צו זיין גלויבן, נאָר זיין מי איז געווען אומזיסט. דאַמאָלט האָט ער געבעטן שרהן, אַז זי זאָל אים כאָטש דערלויבן מיתפּלל צו זיין פאַר איר באַקערונג. זי האָט נאָכגעגעבן זיין בקשה, אָבער מיט דעם תנאי, אַז ער זאָל איר דערלויבן מיתפּלל צו זיין פאַר זיין אַריבערגאַנג צום יידנטום. שרה סולאַם איז געשטאָרבן אין יאָר 1641. פון אירע ווערק זיינען באַוואוסט בלויז עטלעכע סאָנעטן און אַ ספר וועגן דער אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה.

אין אָנהייב פון 18־טן יאָרהונדערט האָט זיך אין איטאַליע באַוויזן אַ יונגער באַגאַבטער שרייבער, דער אָנזאָגער פון דער אויפלעבונג פון דער העברעאישער פּאָעזיע, משה חיים לוצאַטו, פון פּאַדואַ (1747־1707). לוצאַטו האָט פון קליינווייז אויף אַרויסגעוויזן אַ טאַלאַנט פון אַ פּאָעט און סטיליסט. אויפן 20־סטן יאָר פון זיין לעבן האָט ער אָנגעשריבן, אין אַ ריינער ביבלישער שפּראַך, אַן אידיליש̇ע דראַמע, „מגדל עז״, אין וועלכער עס ווערט געשילדערט דער ניצחון פון ריינער ליבע איבער דער אומערלעכער ליבע. דאָס איז געווען אַ זעלטענע דערשיינונג אין דער דעמאָלטיקער העברעאישער ליטעראַטור, וועלכע איז באַשטאַנען נאָר פון טרויעריקע תפלות און רעליגיעזע שירים. ווען לוצאַטו זאָל געווען גיין ווייטער אויף דעם וועג וואָלט ער געוויס געוואָרן דער שאַפער פון אַ נייער העברעאישער פּאָעזיע, אָבער ער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין דער דעמאָלטיקער הערשנדיקער קבלה און מיסטיק, און זיין לעבן האָט זיך אויפגעלייגט גאַנץ אַנדערש. ווען ער האָט געלערנט דעם זוהר מיט דעם פירוש פון דעם אר״י האָט ער אָנגעהויבן שרייבן אין דעם אייגנאַרטיקן פאַרשטעלטן לשון פון דעם דאָזיקן ספר. ער האָט דאָס געמאַכט אַזוי געלונגען, אַז ער האָט געוואַגט אָנצורופן זיינע קבלהשע שריפטן „דער צווייטער זוהר״. אין זיין פאַרטיפטקייט אין דער געהיימער חכמה האָט ער אָנגעהויבן גלייבן אַז זיינע ווערק ווערן אים דיקטירט פון אויבן, דורך אַ מלאך, אַ „מגיד״. אין יאָר 1729 האָט לוצאַטו איבערגעגעבן די דאָזיקע געדאַנקען זיינע צו די חברים מיט וועלכע ער האָט געלערנט קבלה, און זיי זיינען געוואָרן זיינע באַגייסטערטע אָנהענגער. די חברים האָבן צעטראָגן אין אַ בריוו אַ קלאַנג, אַז אין פּאַדואַ האָט זיך באַוויזן אַ יונגער מקובל, וועלכער וועט אין גיכן אַנטפּלעקן פאַר דער וועלט גרויסע זאַכן.

דאָס איז געווען אין יענער צייט, ווען די רבנים האָבן זיך אומעטום גע־ראַנגלט מיט די שבתי־צביניקעס און האָבן זיי געוואָרפן אין חרם. די רבנים האָבן אָנגעהויבן רודפן לוצאַטון אויך, האָבנדיק אַ חשד אַז ער איז אויך געניגט צו די שבתי־צביניקעס. פון אָנפאַנג האָבן זיי אים געצוואונ־גען צו געבן אַ הבטחה אַז ער וועט מער ניט שרייבן וועגן קבלה, און ווען ער האָט זיך ניט איינגעהאַלטן און האָט געבראָכן זיין צוזאָג, האָבן די רבנים פון ווענעדיק אריינגעלייגט אין חרם אים און זיינע שריפטן. לו־צאַטו האָט מער ניט געקענט בלייבן אין איטאַליע און ער האָט אָנגעהויבן אומוואַנדערן איבער דייטשלאַנד און האָלאַנד. אין אַמסטערדאַם האָט ער אָנגעשריבן זיין בעסט ווערק — די פילאָזאָפישע דראַמע „לישרים תהלה" (לויב די גערעכטע), און נאָך אייניקע ווערק וועגן קבלה און מאָראַל. זיי־נע מיסטישע און משיח־בייגונגען האָבן אים געצויגן צום הייליקן לאַנד; ער איז אַוועק אַהין, נאָר באַלד נאָך זיין אָנקומען אַהין איז ער געשטאָרבן פון אַ מגפה, בלויז פערציק יאָר אַלט, און איז געקומען צו קבורה אין טבריה. אין דער העברעאישער ליטעראַטור איז משה חיים לוצאַטו גע־שטאַנען אויפן שיידוועג. ווי אַ מקובל האָט ער באַלאַנגט צו דער פאַר־גאַנגענהייט; ווי אַ פאָעט איז ער געווען דער אָנזאָגער פון אַ נייער שאַ־פונג, וועלכע האָט זיך פאַנאַנדערגעבליט אין 19־טן יאָרהונדערט.

## § 44. האָלאַנד; אַקאָסטאַ און שפינאָזאַ

מיט דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע איז פאַרגרעסערט געוואָרן דער אַלוועלטלעכער האַנדלס־מאַרק. די הויפּט־פאַרמיטלער אין דעם האַנדל צווישן דער אַלטער און דער נייער וועלט זיינען געווען די צוויי ים־לענ־דער האָלאַנד און ענגלאַנד. די ענערגישע באַפעלקערונג פון די דאָזיקע לענדער האָבן אין 16טן יאָרהונדערט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם יאָך פון דער רוימישער קירכע און האָבן אָנגענומען דעם גלויבן פון דער רע־פאָרמאַציע. אין האָלאַנד איז נאָך דער רעליגיעזער באַפרייאונג געקומען די פּאָליטישע: דאָס לאַנד, נאָך אַ לאַנגן העלדישן קאַמף, האָט זיך באַ־פרייט פון דער הערשאַפט פון שפאַניע און איר גרויזאַמען קעניג פיליפּ דעם 2טן (אַן אורייניקל פון פערדינאַנד דעם קאַטוילישן), דעם קעניג־אינקוויזיטאָר. ווען עס האָט זיך געגרינדעט די פרייע האָלענדישע רע־פּובליק (1579) האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אַהין אַלע רעליגיעז־פאַרפאָלגטע

פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. צווישן די איבערגעוואַנדערטע זיינען געווען אַ סך אָפּשטאַמיקע פון די אַנוסים, וועלכע האָבן אין געהיים ניט אויפגעהערט אָפּצוהיטן דאָס יידנטום און זיינען דערפאַר געווען אונטערגעוואָרפן אין זייער פאָטערלאַנד צו אכזריותדיקע פאַרפאָלגונגען. טויזנטער מאַראַנען האָבן אַריבערגעוואַנדערט אין דער פרייער האָלאַנד און זיינען דאָ אָפן אַריבער צו דער יידישער רעליגיע. דאָס זיינען געווען מערסטנטייל רייכע סוחרים, דאָקטוירים, געוועזענע באַאַמטע און אָפיצירן. זיי האָבן געשאַפן אַ גרויסע קהילה אין אַמסטערדאַם, און דער־נאָך זיינען אויפגעקומען



אין אַן אַמסטערדאַמער שול

קלענערע קהילות אין אַנדערע שטעט פון האָלאַנד. פאַרן גרינדער פון דער אַמסטערדאַמער קהילה רעכנט זיך דער פּאָרטוגעזישער מאַראַן יעקב טיראַדאָ. אין יאָר 1593 איז טיראַדאָ אָנגעקומען מיט עטלעכע מאַראַנישע פאַמיליעס אין אַמסטערדאַם; דאָ זיינען זיי אָריבער צום יידנטום, האָבן זיך גענומען אַ רב, און האָבן אין גיכן אויסגעבויט אַ שול מיטן נאָמען „בית־יעקב". אין פאַרלויף פון צוואַנציק יאָר האָט שוין די שטאָט געהאַט עטלעכע טויזנט יידישע איינוואוינער און זייער צאָל איז אַלץ געוואַקסן. די האָלענדישע רעגירונג האָט זיי געגעבן פולע אַליין־פאַרוואַלטונג. בראש פון דער אַמסטערדאַמער קהילה איז געשטאַנען אַ ראַט פון עלטסטע („מעמד"), וועלכער איז באַשטאַנען פון רבנים און סתם יידן; אָבער די רעליגיעזע פראַגן פלעגן באַשלאָסן ווערן בלויז פון די רבנים אָדער „חכמים". דער ראַט פון די עלטסטע און די חכמים האָט געהאַט

אַ רעכט אַרויפצולייגן אַ שטראָף, לויט זייער אייגענעם איינזען, אויף די אומגעהאָרכזאַמע מיטגלידער פון דער קהילה אָדער אויף פריידענקער.

אַזוי ווי אומעטום, וואו די יידן האָבן געניאָסן פרייהייט און רו, האָבן זיי אויך אין האָלאַנד אַרויסגעגעבן פון צווישן זיך אַ גאַנצע ריי פון גרויסע טאַלאַנטן אין פאַרשיידענע געביטן פון ליטעראַטור און וויסנשאַפט. מען האָט געשריבן אַ סך אין פראָזע און פּאָעזיע, אויף העברעיש, לאַטיין, שפּאַניש און פּאָרטוגעזיש. אין דער ליטעראַטור פון די האָלענדישע יידן האָט פאַרנומען אַ חשובן פלאַץ פּאָעזיע און די קבלה, צוויי צווייגן, וואָס שפּייזן זיך הויפּטזעכלעך אויף געפיל און פאַנטאַזיע. נאָר עס האָבן זיך אויך באַוויזן פילאָזאָפן, וועלכע האָבן געוואָלט דורכפירן אין דער רעליגיע די יסודות פון פרייען געדאַנק. מאַנכע פון די דאָזיקע פילאָזאָפן זיינען אַוועק אַזוי ווייט אין זייער פרייען דענקען, אַז זיי האָבן אַרויסגערופן קעגן זיך רדיפות מצד די פרומע רבנים.


דעם רבס שטול אין אַ שול (16טער י״ה)

איינער פון אַזעלכע פריידענקער איז געווען אורי־אל אַקאָסטאַ, אַ געוועזענער מאַראַן, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין פּאָרטוגאַל אין 1590. אין זיין קינדהייט האָט ער געקראָגן אַ קאַטוילישע דערציאונג, דערנאָך האָט ער שטודירט די קריסטלעכע רעליגיע און ווען ער איז אַלט געווען 25 יאָר האָט ער פאַרנומען אַ שטעלע ווי אַ קאַסירער אין אַ קירכע. אָבער דער קאַטוליציזם האָט ניט באַפרידיקט זיין פאָרשנדיקן געדאַנק, און אַקאָסטאַ האָט זיך אַריינגעלאָזט אין לערנען דעם תנ״ך. און עס האָט דערוואַכט אין אים אַ שטאַרקער פאַרלאַנג זיך אומצוקערן צו

דער רעליגיע פון זיינע עלטערן. ער האָט בשתיקה פאַרלאָזן פּאָרטוגאַל, איז אַוועק קיין אַמסטערדאַם און דאָרט איז ער אַריבער צום יידישן גלויבן צוזאַמען מיט זיין מוטער און זיינע ברידער. נאָר אַקאָסטאַס פרייער געדאַנק האָט ניט געקענט שלום מאַכן מיט אַ סך פּראַגן, אויך אין יידנטום. אַקאָסטאַן זיינען ניט געפעלן געוועזן די פילע אויסערלעכע צערעמאָניעס, וואָס די תלמודיסטן האָבן איינגעפירט און וואָס זיינען שטרענג אָפּגעהיט געוואָרן. ער האָט ניט געוואָלט זיך אונטערוואַרפן צו די דאָזיקע שטרענגקייטן און האָט זיך אָפּן אויסגעדריקט קעגן דער שיטה פון די „פרושים", ווי ער האָט אָנגערופן די רבנים. די רבנים פון אַמסטערדאַם האָבן אים דערקלערט פאַר אַן אפּיקורס און האָבן אים אויסגעשלאָסן פון שול ביז ער וועט ניט תשובה טאָן. אָבער אוריאל אַקאָסטאַ האָט ניט תשובה געטאָן, נאָר ער איז נאָך מער פאַרביטערט געוואָרן. ער האָט אַרויסגעגעבן אויף פּאָרטוגעזיש אַ ווערק מיטן נאָמען „אַן אויספאָרשונג פון די מסורות פון די פרושים", וואו ער פרעגט אָפּ ניט נאָר די מסורות פון תלמוד, נאָר אַפילו


אוריאל אַקאָסטאַ

אייניקע פון תנ"ך (1624). דעמאָלט האָבן זיך אַלע יידן אָפּגעטרייסלט פון אים ווי פון אַ געפערלעכן אפּיקורס, און ער האָט אַ סך יאָרן געלעבט איינזאַם, אין חרם. ענדלעך האָט אַזאַ איינזאַם לעבן אים דערעסן און ער האָט באַשלאָסן צו בעטן עפנטלעך מחילה ביי די רבנים. די מחילה איז פאָרגעקומען אויף אַ פייערלעכן אופן אין שול, אינעם בייזיין פון די חכמים און אַ גרויסן עולם, האָט אַקאָסטאַ איבערגעלייענט הויך זיין תשובה און האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיינע פריערדיקע איבערצייגונגען, וואָס זיינען קעגן יידנטום. נאָך דעם האָט ער געקראָגן 39 מלקות, דאַן האָט ער זיך געלייגט מיטן פּנים אַראָפּ אויפן שוועל פון דער שול, און אַלע פאַרזאַמלטע זיינען אַריבערגעטראָטן איבער אים. די אַלע דערנידערונגען האָבן אין גאַנצן צעטרייסלט די נשמה פון דעם

דאָזיקן אומגליקלעכן פריידענקער. אין אַן אָנפאַל פון צאָרן און פאַר־צווייפלונג האָט ער קורץ נאָך דעם זיך גענומען דאָס לעבן, דערשיסנדיק זיך מיט צוויי קוילן (1640). פאַרן טויט האָט ער אָנגעשריבן אין לאַטיין זיין ביאָגראַפיע מיטן נאָמען: „אַביישפּיל פון מענטשלעכן לעבן".

מער מוטיק אין זיינע איבערצייגונגען איז געווען אַן אַנדער פריי־דענקער, ברוך שפּינאָזאַ, דער גרעסטער פילאָזאָף וואָס די יידן האָבן אַרויסגעגעבן. ברוך שפּינאָזאַ איז געבוירן געוואָרן אין אַמסטערדאַם, אין יאָר 1632. אין זיין פריער יוגנט האָט ער געלערנט אין דער אַמסטערדאַמער תלמוד־תורה, וואו די רבנים און אַנדערע יידישע געלערטע זיינען געווען די לערער. פון תורה און תלמוד איז דאָס באַגאַבטע יינגל אַריי־בער צו לערנען די מיטלעלטער־לעכע יידישע פילאָזאָפיע פון דעם אבן־עזרא, דעם רמב"ם און קרשקש, און דערנאָך האָט ער זיך געווענדט צו אַלגעמיינער בילדונג. אַ שטאַרקן איינדרוק האָט אויף אים געמאַכט די נייע פילאָזאָפישע שיטה פון דע־קאַרט, וועלכע האָט זיך דע־מאָלט באַוויזן. דער פרייער שכל איז געוואָרן פאַר שפּינאָזאַן דער איינציקער קוואַל פון וויסן, וואָס שטייט העכער ווי די רעליגיעזע טראַדיציע. שפּינאָזאַ האָט אָנגע־הויבן צו לעבן ניט אַזוי ווי די רבנים האָבן אים געלערנט, נאָר אַזוי ווי ער האָט געדענקט עס דיקטירט דער פאַרשטאַנד. ער האָט אויפגעהערט גיין אין שול און האָט ניט אָפּגעהיט די רעליגיעזע צערעמאָניעס, וועלכע ער האָט געהאַלטן פאַר איבעריק. ווען אַלע באַמיאונגען פון די רבנים אומ־צוקערן שפּינאָזאַן אויפן וועג פון גלויבן האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט גאָר־ניט, האָט מען אים ענדלעך אַריינגעלייגט אין חרם (1656). דאַן האָט שפּינאָזאַ פאַרלאָזן אַמסטערדאַם און האָט זיך זעלטן אומגעקערט אַהין.



ברוך שפּינאָזאַ

די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט ער פאַרבראַכט אין האַאַג. ער האָט געלעבט איינזאַם, פאַרטיפט אין זיינע פילאָזאָפישע שטודיעס; נאָר עט־לעכע שעה יעדן טאָג פלעגט ער אָפּגעבן אויף זיין אַרבעט, פון וועלכער ער פלעגט פאַרדינען זיין אָרעמע חיונה, נעמלעך, שלייפעריי פון גלעזער פאַר ברילן. אין יאָר 1670 האָט שפינאָזאַ פאַרעפנטלעכט זיין „טעאָלאָ־גיש־פּאָליטישן טראַקטאַט", וועלכער האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם צווישן די גייסטלעכע פון אַלע רעליגיעס. דאָס איז געווען די ערשטע פרייע קריי־טיק פון די ביבלישע אמתן, ווי די יסודות פון יעדן גלויבן. אין דער „עטיק" און אין אַנדערע ווערק האָט שפינאָזאַ איבערגעגעבן זיין אַלגע־מיינע פילאָזאָפישע לערע, לויט וועלכער די גאָטהייט און די נאַטור זיי־נען איין זאַך, וואָס קען ניט צעטיילט ווערן (פּאַנטעאיזם). די דאָזיקע לערע האָט שפינאָזאַס נאָמען באַרימט געמאַכט אין דער גאַנצער וועלט, און האָט שפּעטער געהאַט הייסע קעגנער און פונקט אַזוינע הייסע אָנ־הענגער צווישן קריסטן און יידן. נאָר די יידישע דענקער פון יענער צייט האָבן ניט געקענט אָננעמען די לערע פון זייער פאַרשטויסענעם גלויבנס־ברודער. זיי האָבן צופיל געליטן פאַר זייער אמונה אום זיי זאָלן קענען זי אומבייטן לויט די פאָדערונגען פון דעם פילאָזאָפישן געדאַנק. שפּי־נאָזאַ איז געבליבן אין חרם ביי זיינע ברידער ביז זיין טויט (1677).

## § 45. מנשה בן ישראל און דער צוריקקער פון די יידן קיין ענגלאַנד.

צווישן די האָלענדישע רבנים און שרייבער פון 17טן יאָרהונדערט האָט דעם אָנגעזעענסטן פּלאַץ פאַרנומען מנשה בן ישראל. ער איז גע־בוירן געוואָרן אין ליסאַבאָן אין יאָר 1604, אין אַ מאַראַנישער פאַמיליע. זיין פאָטער האָט זיך לאַנג געמאַטערט אין די תפיסות פון דער פּאָרטו־געזישער אינקוויזיציע פאַר זיין באַהאַלטענער צוגעבונדנקייט צום יידנ־טום; ענדלעך איז ער אַנטלאָפן מיט זיין הויזגעזינד קיין אַמסטערדאַם, וואו ער האָט אָנגעהויבן אָפן אָפּצוהיטן זיין אמונה. מנשה האָט געקראָגן אַ פילזייטיקע בילדונג. מיט אַ טיפן וויסן פון דער יידישער ליטעראַ־טור האָט ער פאַראייניקט אַן אומגעווינטלעכע בקיאות אין דער אייראָ־פּעאישער ליטעראַטור. ער האָט באַהערשט צען אייראָפּעאישע שפּראַכן און האָט זיך געפונען אין פריינדלעכע באַציאונגען מיט די באַרימטסטע

געלערטע פון זיין צייט. אַ געוויסע צייט האָט ער זיך אויך דורכגעשריבן מיט דער שוועדישער קעניגין קריסטינאַ, וועלכע איז געווען אַ ליבהאָ־בערין פון וויסנשאַפט. די דאָזיקע באַרימטקייטן האָט מנשה געקראָגן דורך זיינע ווערק, וועלכע ער האָט געשריבן צום טייל אין שפּאַניש און לאַטיין און צום טייל אין העברעאיש. פון זיינע העברעאישע ווערק איז באַזונדערס באַוואוסט זיין „נשמת חיים" (1652), וועל־כע איז אַ געמיש פון פילאָ־זאָפיע און קבלה. נאָר די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט האָט אַרויסגערופן זיין ספר, וואָס ער האָט געשריבן אויף ענגליש, „אַ פאַרטיידיקונג פון די יידן", אין וועלכן דער מחבר צעשמעטערט די אָבערגלייבישע בילבולים פון מיטלעלטער קעגן די יידן. מיט דעם דאָזיקן ספר האָט מנשה אויפגעטאָן אַ סך פאַר זיינע פאָלקס־ברידער אין דעם לאַנד, ענגלאַנד, פון וועלכן מען האָט זיי אַמאָל אַרויסגעטריבן צוליב די מיטלעלטערלעכע פאָראור־טיילן.



מנשה בן ישראל

אַרום דריי און אַ האַלב הונדערט יאָר זיינען אַוועק פון דער צייט ווען די יידן זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון ענגלאַנד (1291). פאַר דער צייט האָט זיך דאָס לעבן פון דעם ענגלישן פאָלק שטאַרק געענדערט. דער גרעסטער טייל פון דער באַפעלקערונג איז אַריבער פון דעם קאַטוילישן צו דעם רעפאָרמאַטאָרישן גלויבן. עס האָט זיך געגרינדעט די סעקטע פון די שטרענגע „פּוריטאַנער", וועלכע האָבן פלייסיק געלערנט דעם אַלטן טעסטאַמענט און דאָרט געזוכט די יסודות פון דעם אמתן גלויבן. די דאָזיקע ליבע צום תנ"ך האָט דערנענטערט די ענגלישע רעפאָרמאַטאָרן

צום יידנטום. אַ סך ענגלענדער האָבן עס געהאַלטן פאַר ווינטשנסווערט און ערלעך אַז די יידן זאָל דערלויבט ווערן זיך צוריק צו באַזעצן אין ענגלאַנד. הערשער פון ענגלאַנד אין יענער קעניגלעכער צייט (1649—58) איז געווען דער פּוריטאַנער קראָמוועל, אַ הייסער ליבהאָבער און קע־נער פון תנ״ך. אַ גרופּע יידישע קאָמערציאַנטן אין אַמסטערדאַם האָט באַשלאָסן אויסצונוצן די גינסטיקע אומשטענדן, און זיך מישתדל זיין וועגן אַריינלאָזן די יידן צוריק אין ענגלאַנד. זיי האָבן אויסגעקליבן פאַר זייער פאָרשטייער מנשה בן ישראל, און האָבן אים איבערגעגעבן צו פירן די פאַרהאַנדלונגען מיט דער ענגלישער רעגירונג. נאָך אַ בריוו־אויסטויש מיט קראָמוועלן איז מנשה אַליין אַוועקגעפאָרן קיין ענגלאַנד (אין האַרבסט פון 1655). דאָ האָט ער דערלאַנגט קראָמוועלן אַ ווענדונג אין נאָמען פון דעם יידישן פאָלק, בעטנדיק צו לאָזן די יידן וואוינען אין ענגלאַנד און געבן זיי פרייהייט פון רעליגיע, האַנדל און אַליין־פאַרוואַלטונג אין זייערע קהילות. קראָמוועל האָט באַשטימט אַ קאָמיסיע פון וועלטלעכע און גייסטלעכע פערזאָנען צו באַטראַכטן די יידישע בקשה. אין דער ענג־לישער געזעלשאַפט האָט די דאָזיקע שתדלנות אַרויסגערופן אַ סך וויכו־חים. עס האָבן זיך באַוויזן אייניקע ביכער, אין וועלכע די מחברים האָבן געפּרואווט אויפצולעבן די מיטלעלטערלעכע פאָראורטיילן קעגן די יידן. כדי אָפּצושלאָגן די דאָזיקע אומזיניקע פאָראורטיילן האָט מנשה בן ישראל פאַרעפנטלעכט אין לאָנדאָן זיין אויבנדערמאָנטן בוך „אַ פאַרטיידיקונג פון די יידן״, וועלכעס האָט געמאַכט אַ טיפן רושם אויף די ענגלענדער.

די ענגלישע רעגירונג האָט זיך געקווענקלט מיט דער לייזונג פון דער פראַגע וועגן אַריינלאָזן יידן, נאָר האָט אויך ניט אַרויסגעשיקט די יעניקע וואָס האָבן דערווייל באַוויזן זיך צו באַזעצן אין לאָנדאָן. ביסלעכ־ווייז האָט זיך אין דער ענגלישער הויפּטשטאָט אויסגעפורעמט אַ באַ־דייטנדיקע יידישע קהילה, הויפּטזעכלעך פון האָלענדישע ספרדים, און דערנאָך האָבן זיך יידן פריי באַזעצט אין אַלע שטעט פון גרויס־בריטאַניע. מנשה האָט נישט דערלעבט דעם דערפאָלג פון זיין אַרבעט. ער איז גע־שטאָרבן אויף זיין רייזע צוריק פון לאָנדאָן קיין האָלאַנד אין יאָר 1657.

## § 46. דייטשלאַנד; די יידן און די רעפאָרמאַציע

די גרויסע רעליגיעזע באַוועגונג, די „רעפאָרמאַציע״, וועלכע האָט באַנייט דאָס לעבן פון אַ סך פעלקער אין אייראָפּע איז געקומען פון

דייטשלאַנד. דאָ האָט זיך צוערשט דערהערט אַ פּראָטעסט קעגן דעם דרוק פון דער קאַטוילישער קירכע און דער אומבאַגרענעצטער מאַכט פון דעם פּויפּס. בראש פון די „פּראָטעסטאַנטן" איז געשטאַנען דער באַרימטער מאַרטין לוטער (1517). ניט לאַנג פאַר זיין אַרויסטריט האָט זיך אין דייטשלאַנד פאַנאַנדערגעברענט אַ קאַמף צווישן די פינסטערע דאָמיני־קאַנישע מאָנאַכן און די אויפגעקלערטע דייטשן פון דער פּאַרטיי „הו־מאַניסטן". דער וויכטיקסטער פאָרשטייער פון דער הומאַניסטישער פּאַר־טיי, יאָהאַן רייכלין, האָט געקענט גרינטלעך די העברעאישע שפּראַך, וועלכע ער האָט געלערנט ביי יידישע געלערטע. זיין באַקאַנטשאַפט מיט דער העברעאישער ליטעראַטור האָט געמאַכט רייכלינען פאַר אַן אויפ־ריכטיקן פריינד פון יידן און דערפאַר האָבן אים די קאַטוילישע גלחים גרויזאַם פאַרפאָלגט. מיט דער כוונה שאָדן צו טאָן גלייכצייטיק די יידן און די הומאַניסטן, וועלכע האָבן שטודירט די יידישע ספרים, האָבן די מאָנאַכן צוגעצויגן אויף זייער זייט דעם פאַרדאָרבענעם משומד פּעפּער־קאָרן, אַ געוועזענער קצב, און האָבן דערקלערט אין זיין נאָמען, אַז אין תלמוד און אַנדערע רעליגיעזע ספרים פון די יידן, געפינען זיך אומ־מאָראַלישע און גאָטלעסטערנדיקע מיינונגען. די מאָנאַכן און פּעפּער־קאָרנען איז געלונגען צו פּועלן ביים דייטשן קעניג מאַקסימיליאַן דעם 1טן ער זאָל אַרויסגעבן אַ באַפעל מען זאָל פאַרניכטן די יידישע ספרים (1509). עס איז איבערגעגעבן געוואָרן די גלחים זיי זאָלן צונעמען ביי די יידן זייערע רעליגיעזע ספרים און פאַרברענען די יעניקע, אין וועל־כע עס וועלן זיך געפינען אויסדריקן קעגן קריסטנטום. דעמאָלט איז אַרויסגעטראָטן דער ערלעכער רייכלין צו פאַרטיידיקן די פאַרמשפּטע ספרים. אין זיין דערקלערונג, וועלכע ער האָט דערלאַנגט צו די העכערע גלחים, האָט ער באַוויזן די פאַלשקייט פון די מסירות פון פּעפּערקאָרנען און די מאָנאַכן. רייכלין האָט געשריבן, אַז דער תלמוד איז אַן אַלטע זאַמלונג פון פּירושים אויף די געבאָטן פון דער תורה און ער אַנטהאַלט יידישע רעליגיע, מאָראַל און מעדיצין; אַז צו פאַרברענען דעם תלמוד איז נוצלאָז, וואָרום קעגן־מיינונגען דאַרף מען באַקעמפן מיט איבערציי־גונגען און ניט מיט גראָבער מאַכט; אַז די ספרים וועגן קבלה דאַרף מען אפילו דערמוטיקן, וואָרום אין זיי ווערן אָפט מאָל אַרויסגעזאָגט געדאַנ־קען, וועלכע זיינען זייער נאָענט צו די קריסטלעכע דאָגמעס. רייכלינס בריוו האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם צווישן די „דונקל־מענער", ווי מען

פלעגט אָנרופן די פאַנאַטיקער פון דער קאַטוילישער קירכע. דעם מחבר האָט מען באַשולדיקט אין פאַרשפּרייטן די יידישע „אפּיקורסות" און מען האָט אים גערופן פאַרן געריכט פון דער אינקוויזיציע אין קעלן. מען קען ניט וויסן מיט וואָס עס וואָלט זיך געענדיקט דער קאַמף צווישן די הו־מאַניסטן און די קאַטוילייקן, ווען אין יענער צייט זאָל זיך ניט געווען אָנהייבן די טעטיקייט פון לוטערן, וועלכע האָט געפירט דערצו, אַז אַ גרויסער טייל פון די דייטשן האָבן זיך אָפּגעריסן פון דער רוימישער קירכע.

די באַציאונג פון דעם גינדער פון דער פּראָטעסטאַנטישער קירכע, לוטער, צום יידנטום, איז געווען נישט קיין קאָנסעקווענטע. אין די ערשטע יאָרן פון זיין טעטיקייט האָט ער געפּרעדיקט, אַז צו די יידן דאַרף מען זיך פאַרהאַלטן מיט מילדקייט. אין איינעם פון זיינע ווערק, פאַרעפנטלעכט אין יאָר 1523 איז לוטער שאַרף אָנגעפאַלן אויף די שונאים פון יידישן פאָלק. „אונדזערע נאַראָנים — האָט ער געשריבן — די פּויפּסן, בי־שאָפן און מאָנאַכן זיינען זיך ביז איצט באַגאַנגען מיט די יידן אַזוי, אַז יעדער אמת־גוטער קריסט וואָלט גערדאַרפט ווערן אַ ייד. ווען איך וואָלט געווען אַ ייד און וואָלט געזען ווי אַזוי אַזעלכע שוטים פירן אָן מיט דער קירכע, וואָלט איך בעסער מסכים געווען צו זיין אַ שוויין איידער אַ קאַ־טוילִיק. וואָרום זיי זיינען זיך באַגאַנגען מיט די יידן אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען הינט און ניט קיין מענטשן. און די יידן זיינען דאָך אונדזערע לייבלעכע קרובים און די ברידער פון אונדזער האַר. צו זיי דאַרף מען אָנווענדן דאָס געזעץ ניט פון דער פּויפּסלעכער, נאָר פון דער קריסט־לעכער ליבע, זיי אויפנעמען פריינדלעך, געבן זיי אַ מעגלעכקייט צו אַר־בעטן און האַנדלען גלייך מיט אונדז". נאָר שפּעטער ווען לוטער האָט געקראָגן די מאַכט און האָט אַליין אָנגעהויבן צו שפּילן די ראָלע פון אַ פּויפּס פאַר די פּראָטעסטאַנטן, האָט זיך זיין באַציאונג צו די יידן שטאַרק געביטן. ער האָט אָנגעהויבן זאָגן, אַז די יידן דאַרף מען אומע־טום פאַרפאָלגן ווי די שונאים פון קריסטוסן, אַז מען זאָל צעשטערן זייערע שולן ביזן גרונד, „צו דער ערע פון אונדזער גאָט און דאָס קריסטנטום", צונעמען ביי זיי די ספרים פון תלמוד און די סידורים, פאַרבאָטן די רבנים צו לערנען דעם פאָלק די תורה, דריקן די יידן נאָך מער אין זייערע באַשעפטיקונגען, און די געזונטע פון זיי אָוועקצושיקן אויף צוואַנגס־אַר־בעט (1543). ניט לאַנג פאַר זיין טויט פלעגט לוטער זאָגן צו זיינע אָנ־

הענגער, אַז די יידן דאַרף מען ענטוועדער אויסשמדן אָדער אַרויסטרייבן פון לאַנד. אויף אַזאַ אופן האָט דער שאַפער פון דער דייטשער רעפאָר־מאַציע איינגעוואָרצלט אין זיינע נאָכפאָלגער אַ סך פון די גראָבע מיטל־עלטערלעכע פאָראורטיילן, קעגן וועלכע ער איז געווען באַרופן צו קעמפן.

## § 47. די רעכטלאָזע לאַגע פון די יידן אין דייטשלאַנד און עסטרייך.

די רעפאָרמאַציע האָט אָפּגעשוואַכט אין די פּראָטעסטאַנטישע לענ־דער די מאַכט פון דער קירכע, אָבער זי האָט ניט אָפּגעשאַפט די שינאה צו מענטשן פון אַנדערע גלויבנס. די לאַגע פון די יידן האָט זיך געביטן בלויז דערין, וואָס איצט האָט זיי געדריקט מער די וועלטלעכע מאַכט ווי די גייסטלעכע. די דייטשע קעניגן פלעגן דאָס רוב אָפּגעבן זייערע „הויף־קנעכט", די יידן, אויפן פרייען ווילן פון די באַאַמטע פון די שטעט אָדער פּראָווינצן. און אין די שטעט האָבן יידן געהאַט שטענדיקע שונאים אין די סוחרים און די אַרבעטער, וועלכע האָבן ניט געוואָלט דולדן קיין קאָנקורענץ פון פרעמדע. די שטאָטישע מאַגיסטראַטן און אַרבעטס־צעכן פלעגן אונטערדריקן און דערנידעריקן די איינוואוינער פון דער געטאָ. אָפט מאָל פלעגט די זאַך דערגיין ביז פּאָגראָמען. אין פראַנקפורט־אַם־מאַין האָבן די קריסטלעכע בעלי־מלאכות איין מאָל באַפאַלן דעם יידישן קוואַרטאַל אונטער דער פירערשאַפט פון אַ בעקער מיטן נאָמען פעטמילך. די יידן האָבן זיך מיט פאַרצווייפלונג פאַרטיידיקט הינטער די ווענט פון דער געטאָ און האָבן געהרגעט די ערשטע עטלעכע וואָס האָבן געוואַגט זיך אַריינצורייסן אינעווייניק. נאָר ווייטער אָקעגנשטעלן זיך קעגן דעם אומגעהייערן המון איז געוואָרן אוממעגלעך, און דער יידישער קוואַרטאַל איז געגומען געוואָרן מיט שטורעם. פעטמילכס באַנדע האָט זיך אַריינגע־כאַפּט אַהין, האָט גערויבט, געבראָכן, באַגאַנגען אַלערליי גוואַלדטאַטן און ענדלעך אַרויסגעטריבן די יידן פון שטאָט (1614). אַן ענלעכער פּאָגראָם איז פאָרגעקומען אויך אין וואָרמס, די צווייטע גרויסע יידישע קהילה אין דייטשלאַנד. דאָ האָבן אויך די אַרבעטער, נאָך אַ שווערן קאַמף מיט די יידן, זיי געצוואונגען צו פאַרלאָזן די שטאָט (1615). אָבער דאָס מאָל האָט דער קעניג מאַטיוס זיך אָנגענומען פאַר די יידן. ער האָט באַ־פוילן צו באַשטראָפן די אָנהייבער פון דעם פּאָגראָם: פעטמילך און

זיינע חברים זיינען געקעפּט געוואָרן און די יידן זיינען צוריק אַריינגע־לאָזט געוואָרן אין זייערע קוואַרטאַלן אין פראַנקפורט און וואָרמס, אונ־טער דער וואַך פון קעניגלעכן חייל.

ניט בעסער איז געווען די לאַגע פון די יידן אין דעם מיזרח־טייל פון דער דייטשער אימפּעריע, אין עסטרייך, וואו דער קאַטוילישער גלויבן איז געבליבן אין דער אויבערמאַכט. אין דער צייט פון דעם דרייסיק־יעריקן קריג צווישן די קאַטאָליקן און פּראָטעסטאַנטן (1618—1648) האָבן די יידן ניט ווייניק געליטן פון פּאָגראָמען און גוואַלדטאַטן דורך דעם פרעמדן חייל, וואָס האָט פאַרפלייצט עסטרייך. די דייטשע קעניגן, וועלכע האָבן געוואוינט אין ווין, האָבן דערלויבט די יידן צו וואוינען אין דער שטאָט אין אַ באַ־זונדער קוואַרטאַל. אַ גרעסערע יידישע קהילה האָט עקזיסטירט אין פּראָג, די הויפּטשטאָט פון בעמען. קעניג פערדי־נאַנד דער 2טער, וועלכער האָט געלעבט אין דער צייט פון דעם 30־יעריקן קריג, האָט געגעבן די יידן פון דער דאָזיקער שטאָט זייער ווייניק בירגער־רעכט; נאָר דערפאַר האָט ער, ווי אַ הייסער קאַטאָליק, שטאַרק געזאָרגט וועגן דער רעטונג פון זייערע נשמות. אין יאָר 1630 האָט ער באַפוילן: צו צווינגען די יידן פון ווין און פּראָג זיך צו פאַרזאַמלען יעדן שבת אויסצו־הערן דרשות פון קאַטוילישע גלחים, און די געטויטע צוהערער איז שטרענג פאַרבאָטן געוואָרן בעת מעשה צו ריידן אָדער דרימלען. — אין פערציק יאָר אַרום, אין דער צייט פון לעאָפּאָלד דעם 1טן, איז אויף די ווינער יידן געקומען אַ גרויס אומגליק. לעאָפּאָלדס פרוי, די פרומע שפּאַניערן מאַרגאַריטאַ, האָט געטראָגן אויף די יידן אַ האַס, וועלכן די גלחים האָבן נאָך מער אויפגערייצט אין איר. איין מאָל האָט זי געבוירן אַ טויט קינד; זי האָט געבעטן איר מאַן ער זאָל ווייך מאַכן גאָטס צאָרן מיט אַ „היי־ליקער טאַט" — מיט אַרויסטרייבן די יידן פון ווין און נידער־עסטרייך.


Vorzeiger dieses ...
kann auf bevorstehenden Krönungstag aus der Judengasse in die Stadt gelassen werden, um in einem Hause, oder auf einem Gerüste, nicht aber auf der Straße, die Feyerlichkeiten sehen zu können.
Frankfurt am Mayn ... 8t October 179[illegible]
Stadt-Canzley dahier.

דערלויבעניש אַ ייד בייצוזיין
די קרוינונג פון לעאָפּאָלד דעם 2טן

לעאָפּאָלד האָט דערפילט דעם הייסן באַגער פון זיין פרוי און די גלחים, הגם אין דעם מלוכה־ראַט זיינען געווען שטימען קעגן אַזאַ אוממענטש־לעכער טאַט. אין יאָר 1670 איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן די גזרה, אַז די יידן זאָלן זיך אַרויסקלייבן פון ווין און פון עסטרייכישן הערצאָגטום אין פאַרלויף פון עטלעכע חדשים. אומזיסט האָבן די ווינער יידן אָנגעווענדט אַלע כוחות, אַז די גרויזאַמע גזירה זאָל אָפּגעשאַפט ווערן, אומזיסט האָבן זיי פאָרגעלייגט גרויסע סומעס פאַר דער קעניגלעכער קאַסע און האָבן




גירוש פּראַג

געהאַט שטאַרקע צדדים וואָס האָבן זיך פאַר זיי אָנגענומען. די גזירה איז געבליבן אין קראַפט און עטלעכע טויזנט יידן האָבן געמוזט פאַרלאָזן ווין און נידער־עסטרייך. דער ווינער מאַגיסטראַט האָט אָפּגעקויפט ביי לעאָפּאָלדן פאַר הונדערט טויזנט גולדן דעם אויסגעליידיקטן יידישן קוואַר־טאַל און האָט אים אַ נאָמען געגעבן, לכבוד דעם קעניג — לעאָפּאָלדשטאַט. די יידישע שולן זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קלויסטערס.

דאָס הייפל ווינער נע־ונדניקעס האָט זיך באַזעצט אין פרייסן, וועל־כע האָט אין יענער צייט אָנגעהויבן קעמפן מיט עסטרייך פאַר דער אויי־

בערהערשאַפט אין דער דייטשער אימפעריע. דער גרויסער קורפירסט פון בראַנדענבורג און פרייסן, פרידריך־ווילהעלם, האָט גערן אַריינגעלאָזן די יידן אין זיינע ממשלות. אין בערלין האָט זיך געשאַפן אַ יידישע קהילה, וועלכע איז שפּעטער געוואָרן איינע פון די גרעסטע אין דייטשלאַנד. דער זון פון דעם גרויסן קורפירשט, דער פרייסישער קעניג פרידריך דער 1טער, האָט שוין באַשרענקט די רעכט פון די יידן. מען האָט אין אים פאַרפלאַנצט אַ פאָראורטייל קעגן דעם יידישן גלויבן. איין פּראָטעסטאַנטישער פאַנאַטיקער, אייזענמענגער, האָט צונויפגעקליבן פון פאַרשיידענע ביכער אַלע אומזיניקע מיטלעלטערלעכע בילבולים אויף די יידן און זייער אמונה און האָט עס אַרויסגעגעבן אויף דייטש אין אַ גרויסן בוך מיטן נאָמען „אַנטדעקטעס יודענטום". ווען דאָס בוך האָט זיך נאָך געהאַלטן אין דרוקן האָבן זיך שוין געגומען טראָגן וועגן אים אומרואיקע קלאַנגען. די יידן האָבן זיך משתדל געווען ביים קעניג לעאָפּאָלד ער זאָל פאַרבאָטן דאָס פאַלשע בוך, וואָס קען אויפוועקן קעגן זיי דעם צאָרן פון לייכטגלייביקע קריסטן. דער קעניג האָט נאָכגעגעבן די דאָזיקע בקשה, נאָר דער פרייסישער קעניג פרידריך דער 1טער האָט שפּעטער דערלויבט עס אָפּצודרוקן אין זיין שטאָט, אין קעניגסבערג (1711). פון דעמאָלט אָן איז אייזענמענגערס בוך געוואָרן פאַר די שונאים פון יידנטום אַן אומדערשעפּלעכער קוואַל פון פאַלשע באַשולדיקונגען און ווילדע ליגנס. פון דאַנען האָבן זיך גענומען די בכיוון פאַרדרייטע אויסדרוקן פון תלמוד און די רבנים, און אַלע אויסגעטראַכטע זאַכן, וועלכע שטעלן אַרויס דאָס יידנטום אין אַ לעכערלעכער אָדער אָפּשטויסנדיקער געשטאַלט.

## § 48. דאָס גייסטיקע לעבן פון די דייטשן יידן.

פאַרפרעמדט פון די דייטשן אין זייער בירגערלעך לעבן האָבן זיך די יידן אָפּגעזונדערט אויך אין זייער גייסטיק לעבן. ניט געקוקט דערויף וואָס עס איז אָנגעקומען אַ נייע צייט האָט די מיטלעלטערלעכע אָרדענונג זיך נאָך שטרענג געהאַלטן אין די יידישע קוואַרטאַלן. דאָס לעבן איז דאָרט געגאַנגען אויף אַן אייגנאַרטיקן וועג. די יינגלעך פלעגן פון זייערע יינגסטע יאָרן שפּייזן זייער מוח מיטן תלמוד, און צום תלמוד האָבן אויך גווידמעט זייער פרייע צייט מענטשן פון מיטעלן קלאַס, און דער פּראָסטער המון און די פרויען פלעגן זעטיקן זייער גייסטיקן הונגער מיט מוסר־

ספרים, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן אויך אויף יידיש־דייטש. אין 14־טן יאָרהונדערט איז דער גייסטיקער צענטער פון די דייטש־עסט־רייכישע יידן געוואָרן די הויפטשטאָט פון בעמען—פּראָג. דאָ איז גע־גרינדעט געוואָרן אַ יידישע דרוקעריי; דאָ זיינען געווען ישיבות, בראש פון וועלכע עס פלעגן שטיין באַוואוסטע רבנים. איינער פון די דאָזיקע רבנים, ר׳ יעקב פּאָלאַק (געשט׳ אַרום 1530), האָט באַשאַפן דעם פּילפּול אין לערנען דעם תלמוד. דער פּילפּול איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דער לערנער האָט בכיוון פאַרפּלאָנטערט עפּעס אַן ענין אין דער גמרא און דערנאָך איז אַליין אויסגעפּלאָנטערט. צווערשט זיינען געבראַכט געוואָרן אַלע שטעלן אין תלמוד וואָס זיינען סותר דעם געוויסן ענין, און דערנאָך זיינען די דאָזיקע סתירות קונציק אויסגעגלייכט געוואָרן. דאָס איז גע־ווען אַ גייסטיקע גימנאַסטיק, וועלכע האָט אַנטוויקלט דעם שאַרפזין און די פעאיקייט צו אורטיילן, אָבער זי האָט אויך געשאַדט דעם גראַדן און קלאָרן דענקען. אַ סך רבנים זיינען געווען קעגן דעם פּילפּול.

דער נאָמען פון דעם פּראָגער רב, ר׳ יום־טוב ליפּמאַן העלער, איז פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון די עסטרייכישע יידן אין דער צייט פון דעם 30־יאָריקן קריג. ר׳ יום־טוב ליפּמאַן איז געווען דער ראש פון דער קאָמיסיע וואָס האָט געדאַרפט פאַנאַנדערוואַרפן צווישן די יידישע קהי־לות פון בעמען אַ שטייער פון פערציק טויזנט גולדן, וואָס זיי פלעגן געבן יעדעס יאָר פאַר די באַדערפענישן פון דער מילחמה. הגם דער רב האָט זיך באַמיט פאַנאַנדערצוטיילן דעם שטייער מיט יושר, דאָך האָט ער זיך ניט געקענט פאַרהיטן פון טענות. זיינע שונאים האָבן אַוועקגעשיקט קיין ווין אַ קלאַגע אויף אים אַז ער האָט ניט ריכטיק פאַרטיילט די אָפּצאָ־לונגען און אַז ער האָט אין איינעם פון זיינע ספרים באַנוצט באַליידיקנ־דיקע ווערטער קעגן קריסטנטום. דער קעניג האָט באַפוילן אַז מען זאָל דעם רב אַרעסטירן און ברענגען קיין ווין (1529). דאָ האָט מען אים צו־ערשט געהאַלטן אין תפיסה צוזאַמען מיט קרימינאַל־פאַרברעכער. פאַר דער קלאַגע אַז ער האָט באַליידיקט די קירכע האָט אים געקומט דער טויט. די סכנה איז פאַרהיט געוואָרן נאָר אַ דאַנק דער שטאַרקער שתדלנות פון דער ווינער יידישער קהילה. דער קעניג האָט געהייסן באַפרייען דעם רב, אָבער מיט דעם תנאי ער זאָל מער ניט טאָרן פאַרנעמען קיין רבנות־שטעלע און זאָל באַצאָלן צען טויזנט גולדן שטראָף. פאַרלירנדיק זיין רבנות־שטול אין פּראָג צוזאַמען מיט זיין גאַנץ פאַרמעגן האָט זיך ר׳

ליפּמאַן העלער באַזעצט אין פּוילן, וואו ער איז געוואָרן רב אין קראָקע. פון זיינע ווערק איז דאָס וויכטיקסטע זיין פּירוש צו דער מישנה („תוספות יום־טוב"), וואָס איז אָנגענומען געוואָרן פון אַלע לערנער, און אַן אינ־טערעסאַנטע לעבנס־באַשרייבונג („מגילת איבה"), וואו ער באַשרייבט אַלץ וואָס איז מיט אים געשען.

איינער פון די ווייניקע פאָרשטייער פון וועלטלעכער בילדונג אין דעם קעניגרייך פון דער רבנות איז געווען דוד גאַנז (געשט׳. 1613), וועל־כער האָט אַ גרויסן טייל פון זיין לעבן פאַרבראַכט אין פּראָג. צוזאַמען מיט תלמוד האָט גאַנז געאַרבעט אויף מאַ־טעמאַטיק, געאָגראַפיע און היסטאָריע. ער איז געווען אַ חבר פון די באַרימטע אַס־טראָנאָמען קעפּלער און טיכאָ דעבראַהע. דוד גאַנז האָט אי־בערגעלאָזט אַ געשיכטע, וואָס אין ערשטן טייל איז אַנטהאַל־טן אין קורצן די יידישע גע־שיכטע, און אין צווייטן — די אַלגעמיינע (צמח דוד, פּראָג, 1592). ביים צוזאַמענ־שטעלן דעם ספר האָט זיך



יונתן אייבעשיץ

דער מחבר באַנוצט אויך מיט אַ סך נישט יידישע קוואַלן. ער האָט אויך געשריבן צוויי ספרים וועגן אַסטראָנאָמיע און מאַטעמאַטי־שער געאָגראַפיע. די קבלה האָט אויך געהאַט אין דייטשלאַנד אַ באַדיי־טנדיקן פאַרטרעטער אין דער פּערזאָן פון ישעיה האָרוויץ (1630), רב אין פראַנקפורט און פּראָג. צוליב די אומרועז פון דעם 30־יאָריקן קריג האָט ער זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל און דאָרט האָט ער פאַרבראַכט זיינע לעצטע יאָרן אין תורה און תשובה. דאָ האָט ער געענדיקט זיין גרויסן ספר „שני לוחות הברית", וואָס ער האָט אָנגעהויבן נאָך אין אייראָפּע. דער דאָזיקער ספר איז באַקאַנט מיטן פאַרקירצטן נאָמען „של"ה". דאָס איז אַ גרויס זאַמלווערק, וואו עס זיינען צוזאַמענגעבראַכט קבלה, דינים,

מוסר, די כללים פון תשובה און נזירות, אין דעם גייסט פון דעם אר״י און ר׳ חיים וויטאַל.

די משיח־באַוועגונג וואָס שבתי־צבי האָט אַרויסגערופן האָט אין איר צייט אַריינגעצויגן אויך די דייטשע יידן. דאָס אונטערדריקטע פאָלק האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן וואונדערלעכן באַפרייער, אָבער עס איז געבליבן אַנטוישט. ווען דער ליגן פון שבתי צבי איז געוואָרן באַקאַנט האָבן די רבנים אָנגעהויבן שטרענג צו פאַרפאָלגן יעדן איינעם וואָס זיי האָבן חושד געווען אַז ער געהערט צו די שבתי־צביניקעס. איינער פון די אָנגעזעענסטע פון די דאָזיקע רבנים איז געווען ר׳ יעקב עמדען (יעבץ), פון אַלטאָנאַ, לעבן האַמבורג (געשט 1776). עמדען האָט איבעראַל גע־זוכט שפורן פון די שבתי צביניקעס און האָט אָן רחמנות גערודפט אַלע, וואָס זיינען געווען גענייגט צו זיי, דאָס האָבן געמעגט זיין אפילו די אָנגעזעענסטע לייט פון יידנטום. אין זיינע ספרים („תורת הקנאות״, א״א) האָט ער שאַרף אַטאַקירט די געשטאָרבענע ווי אויך די לעבעדיקע „כופ־רים״. אַ באַזונדערס גרויסן רעש האָט ר׳ עמדען אָנגעמאַכט מיט דעם באַוואוסטן פראגער רב ר׳ יונתן אייבעשיץ (געשט׳ 1764). אַ גרויסער למדן און אַ גוואַלטיקער בעל־דרשן האָט זיך ר׳ יונתן אייבעשיץ אָפּגע־געבן אויך מיט קבלה און ווי עס האָט זיך געהערט האָט ער געהאַט אויפ־געטראָגן מיט די שבתי־צביניקעס. ער פלעגט שרייבן קמיעות מיט קבלהשע אויפשריפטן און פלעגט זיי געבן צו קראַנקע פאַר רפואות. ווען ר׳ איי־בעשיץ איז געוואָרן רב אין האַמבורג און איז געוואָרן אַ נאָענטער שכן פון ר׳ עמדען האָט דער לעצטער אָנגעהויבן אים נאָכקוקן. ר׳ עמדען האָט געקראָגן ר׳ אייבעשיצס עטלעכע קמיעות און האָט דערקלערט אַז ער האָט געפונען אין זיי אָנדייטונגען אויף שבתי צבי און האָט אָנגעהויבן שטאַרק ליאַרעמען אַז ר׳ אייבעשיץ איז איינער פון די שבתי־צביניקעס (1751). דאָס האָט אַרויסגערופן אַ רעש צווישן די רבנים און עס זיינען געוואָרן צוויי צדדים: איינער איז געשטאַנען פאַר ר׳ עמדען, דער אַנדערער פאַר ר׳ אייבעשיץ. דער קאַמף האָט זיך געצויגן לאַנג, ביז ר׳ אייבעשיצס טויט, און האָט געבראַכט צו אַ פולשטענדיקער שפּאַלטונג צווישן די תלמודיסטן און די מקובלים אין דייטשלאַנד.

קאַפּיטל 9

# די יידן אין פּוילן און רוסלאַנד פון זעכצנטן ביזן אַכצנטן יאָרהונדערט

## § 49. די „גאָלדענע עפּאָכע"

דאָס 16־טע יאָרהונדערט ווערט גערעכנט ווי די „גאָלדענע עפּאָכע" פון די יידן אין פּוילן און ליטע. נאָך דעם ווי שפּאַניע האָט פאַרלאָרן איר אויבערהערשאַפט אין דער יידישער וועלט, האָט פּוילן איבערגענומען די דאָזיקע ראָלע. די שרעקן פון מיטלעלטער האָבן פאַרטריבן אַהער פון מערב־אייראָפּע אַ סך יידן, וועלכע האָבן פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ אין דעם ווירטשאַפטלעכן לעבן פון לאַנד. אין פּוילן איז העכער פון אַלעמען געשטאַנען דער קלאַס פון גוטבאַזיצער (די „שליאַכטע") און נידעריקער פון אַלעמען — דער קלאַס פון די פּויערים־ערדאַרבעטער; צווישן זיי האָבן די יידן פאַרנומען דעם מיטעלן אָרט ווי דער האַנדלס־קלאַס. מיט די יידן האָבן קאָנקורירט אין די שטעט בלויז די פּוילישע אַרבעטער־צעכן און דייטשע סוחרים.

די פּוילישע קעניגן פון 16־טן יאָרהונדערט האָבן באַשיצט די יידן. סיגיזמונד דער 1טער (דער ברודער און נאָכפאָלגער פון קעניג אַלעקסאַנדער, § 34) האָט באַשטעטיקט די „גראַמאָטאַס" פון די יידן־רעכטע וואָס די פריערדיקע קעניגן האָבן אַרויסגעגעבן (1507). די רייכע יידן האָבן אים אַרויסגעוויזן גרויסע פאַרדינסטן אין דער מלוכה־ווירטשאַפט: זיי פלעגן אָפּדינגען די רעגירונגס־שטייערן און גרעניץ־אָפּצאָלן, פלעגן

אים לייען געלט אין צייטן פון מילחמה, פלעגן נעמען אין אַרענדע די קעניגלעכע גיטער אָדער פלעגן זיי פאַרוואַלטן און אַרויסציען פון זיי גרויסע הכנסות — מיט איין וואָרט, זיי פלעגן רייך מאַכן די קאַסע. אַ שטאַרק איינפלוסרייכע פּערזאָן אין קעניגלעכן הויף איז געוואָרן אַ רייכער בריסקער ייד מיכל יאָזעפאָוויטש, דער הויפּט־אַרענדאַר און זאַמלער פון זדי שטייערן אין ליטע. סיגיזמונד האָט געמאַכט מיכל יאָזעפאָוויטשן פאַרן עלטסטן איבער אַלע ליטווישע יידן (1514). ער האָט געקראָגן ברייטע רעכט: ער האָט געהאַט דאָס רעכט צו פאַרהאַנדלען מיטן קעניג די וויכטיקסטע יידישע פראַגן, מישפּטן זיינע פאָלקסברידער לויט זייערע אייגענע דינים און אויפמאָנען ביי זיי די רעגירונגס־שטייערן; ווי אַ העלפער צו זיך האָט ער געדאַרפט האָבן אַ רב, וועלכער איז באַקאַנט מיט די חוקים און דינים פון דער יידישער אמונה. אָט די דאָזיקע פאַרזיכערונג פון די געזעצלעכע רעכט פון די יידן האָט שטאַרק מיטגעהאָלפן צו זייער וואוילזיין. עס זיינען דעמאָלט געווען רייכע יידישע קהילות אין בריסק, גראָדנע, טראָקי, פינסק און אַנדערע שטעט פון דער ליטע.

די גוטע לאַגע פון די יידן האָט אַרויסגערופן קנאה ביי זייערע שונאים, באַזונדערס ביי די קאַטוילישע גלחים. אין יענער צייט האָבן זיך אין פּוילן אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן די לערעס פון די מערב־אייראָפּעאישע רעפאָרמאַטאָרן, וועלכע זיינען געווען נאָענט צו דער ביבל; עס זיינען געווען עטלעכע פאַלן, וואו קאַטאָליקן האָבן זיך מגייר געווען. אַ פּויערטע פון קראָקע, וועלכע איז באַשולדיקט געוואָרן אַז זי איז גענייגט צום יידנטום, איז פאַרברענט געוואָרן אין מיטן מאַרק פון קראָקע, אויפן באַפעל פון דאָרטיקן בישאָף (1539). די גלחים האָבן אָפּגעפרישט די באַשולדיקונגען אויף די יידן, אַז זיי זיינען מגייר אַ סך קאַטאָליקן, באַזונדערס אין ליטע. מען האָט שוין אָנגעהויבן פּלאַנעווען שטרענגע מיטלען קעגן די יידן, נאָר דער גערעכטער קעניג סיגיזמונד דער 1טער האָט באַשיצט זיינע יידישע אונטערטאַנער קעגן זייערע שונאים.

זיין נאָכפאָלגער סיגיזמונד דער 2טער אויגוסט (1548—1572), האָט אַרויפּטרעטנדיק אויפן טראָן דערקלערט, אַז ער וועט אָפּהיטן אַלע בירגער־רעכט פון די יידן. דער קעניג האָט נאָך ברייטער געמאַכט די אַליין פאַרוואַלטונג פון די יידישע קהילות. ער האָט געגעבן דאָס רעכט די רבנים און גבאים צו מישפּטן פאַרשולדיקטע יידן לויטן יידישן דין און אַפילו אַרויפגעלייגט שווערע שטראָפן. אַזוי איז אַנטשטאַנען די אָר־

גאַניזאַציע פון דער יידישער קהילה, וועלכע האָט פאַראייניקט די יידן פון יעדער קהילה און דערמיט פאַרשטאַרקט די איינהייט פון גאַנצן פאָלק. אין דער צייט פון סיגיזמונד דעם 2טנס קעניגן האָבן די קאַטוילישע גלחים ווידער געפּרואוווט אַרויסרופן רדיפות קעגן די יידן. עס איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן אַ קלאַנג אַז אַ קריסטלעכע פרוי פון סאָכאַטשעוו האָט פאַרקויפט דאָס „הייליקע ברויט״ פון דער קירכע צו די יידן, וועלכע האָבן עס געשטאָכן אַזוי לאַנג ביז עס האָט אָנגעהויבן טריפן בלוט פון דעם ברויט.




יידישע טיפּן פון פאַרצייטישן פוילן

די כלומרשטע שולדיקע זיינען פאַרברענט געוואָרן, אָבער דער קעניג האָט אויסגעדריקט זיין פאַרדרוס וואָס אומשולדיקע מענטשן זיינען פאַראורטיילט געוואָרן אויף אַן אָבערגלויבישן חשד. ווען די גלחים האָבן אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן קלאַנגען אַז די יידן הרגענען קריסטלעכע קינדער פאַר אַ „קרבן־פּסח״ האָט דער קעניג אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַזעלכע נאַרישע באַשולדיקונגען טאָרן נישט געמאַכט ווערן סיידן דער פאַקט ווערט באַשטעטיקט דורך פיר קריסטלעכע און דריי יידישע עדות (1566). דער נאָכפאָלגער פון סיגיזמונד דעם 2טן, סטעפאַן באַטאָרי, האָט אויך דערקלערט דעם עלילת־דם פאַר אַ „ליגן״, וועלכער ווערט אויסגעטראַכט כדי צו קענען פאַרפאָלגן און רויבן די יידן. ער האָט פלייסיק אָפּגעהיט

די פריערדיקע בירגער־רעכט פון די יידן און האָט נאָך צוגעגעבן אַליין אייניקע נייע הנחות (1580).

אין יענער צייט האָט אין פוילן זיך שטאַרק באַפעסטיקט דער מאַך־נאַכן־אָרדן פון די יעזואיטן, וועלכער האָט געקראָגן אַ גרויסע מאַכט און וועלכער האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו קעמפן מיט אַלע כוחות קעגן נישט־קאַטאָליקן, ד״ה, די פּראָטעסטאַנטן, די אָנהענגער פון דער גריכישער קירכע און די יידן. די יעזואיטן האָבן אַריינגעכאַפּט אין זייערע הענט די דערציאונג פון די פּוילישע קינדער; פון זייערע שולן זיינען אַרויסגעקומען מענטשן, פאַרגיפטיקטע מיט די ווילדסטע אָבערגלויבנס און מיט אַ האַס צו אַנדערש־גלייביקע. די תלמידים פון די יעזואיטן פלעגן שפּעטער קומען צו דער מאַכט און האָבן געהאַט אַ שעדלעכע ווירקונג אויפן גאַנג פון דער רעגירונג. קעניג סיגיזמונד דער 3טער און וולאַדיסלאַוו דער 4טער, וועלכע האָבן געקעניגט אין דער ערשטער העלפט פון 17טן יאָרהונדערט, האָבן זיך שוין נישט אָנגענומען פאַר די יידן אַזוי שטאַרק ווי זייערע פאַרגייער. די שטאָטישע מאַגיסטראַטן און צעכן האָבן אונטערדריקט די יידן אין האַנדל און מלאכות, און די גלחים האָבן אָפטער אויפגעוועקט קעגן זיי רעליגיעזע בילבולים. אָבער דעמאָלט זיינען נאָך די יידן געווען אַזוי שטאַרק אַז זיי האָבן נאָך געקענט קעמפן מיט זייערע שונאים. די דאָזיקע קראַפט האָט זיי געגעבן זייער פרייע אַליין־פאַרוואַלטונג אין די קהילות, זייער אינערלעכע איינהייט און זייער רייך גייסטיק לעבן.

## § 50. דער קהל און דער וועד; ישיבות

די יידן אין פוילן האָבן פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ באַזונדער באַפעלקערונג, וואָס האָט פאַרוואַלטעט איר אינערלעך לעבן דורך אירע אויסגעקליבענע פאָרשטייער, סיי וועלטלעכע, סיי גייסטלעכע. די דאָזיקע אויסגעקליבענע פאָרשטייער פלעגן הייסן „קהל״, ד״ה, קהילה־ראָט. אַזעלכע ראָטן האָבן זיך געפונען אין אַלע שטעט וואו עס האָבן געוואוינט יידן, מיט דער אויסנאַם פון קליינינקע שטעטלעך אָדער דערפער, פון וועלכע די יידישע באַפעלקערונג פלעגט געהערן צום נאָענטסטן קהל. די מיטגלידער פון דעם קהל פלעגן אויסגעקליבן ווערן יעדעס יאָר, פּסח, דורך שטימען אָדער „גאַלקעס״. דאָס קהל פלעגט זיין צעטיילט אויף

עטלעכע גרופּעס, יעדע פון וועלכע האָט געהאַט אירע באַזונדערע פליכטן. אין דער שפּיץ פון קהל פלעגן שטיין דריי אָדער פיר עלטסטע (ראָש הקהל); נאָך זיי פלעגן קומען די „חשובע לייט" (טובי־העיר), די דיינים און „גבאים". דאָס פעלד פון טעטיקייט פון דעם קהל איז געווען זייער ברייט. דאָס קהל פלעגט אויפמאָנען די שטייערן און זיי אַריינטראָגן אין דער קעניגלעכער קאַסע, פלעגט באַשטימען די שטייערן, פאַר דער רעגירונג און פאַר די אייגענע באַדערפענישן, פלעגט פאַרוואַלטן די שולן, בית עלמינס און צדקה אַנשטאַלטן, פלעגט אַרויסגעבן שיינען אויף אומבאַוועגלעך אייגנטום, פלעגט זאָרגן וועגן חינוך פון די קינדער, פלעגט מישפּטן צווישן די יידן, מיט דער הילף פון די דיינים און רבנים.

די רבנים פלעגן פּסקענען לויט דער תורה און דעם תלמוד. עס פלעגט אָבער פּאַסירן, אַז די אָרטיקע רבנים פלעגן זיך נישט קענען באַשליסן אויף אַ פּסק לויט אַזאַ אָדער אַן אַנדער דין, אָדער די בעלי־דבר פלעגן נישט זיין צופרידן מיטן פּסק און פלעגן זיך וועלן ווענדן צו אַ געריכט. עס פלעגן אויך זיין סיכסוכים צווישן איין קהל און דעם אַנדערן, אָדער צווישן אַ יחיד און קהל. פאַר אַזעלכע פאַלן פלעגן אָפּגעהאַלטן ווערן יעדעס יאָר אַסיפות פון רבנים און ראָשי־הקהל, וועלכע פלעגן זיין אַ מין העכער געריכט. פון אָנפאַנג פלעגן די אַסיפות אָפּגעהאַלטן ווערן אין דער צייט פון גרויסע ירידן, וואוהין עס פלעגן זיך אויפקלייבן גרויסע מאַסן מענטשן פון פאַרשיידענע ערטער. דער הויפּט־זאַמלפּונקט איז געווען דער „לובלינער יריד". דאָ פלעגן נאָך פאַר סיגיזמונד דעם 1טן זיך צוזאַמענקומען רבנים און פלעגן מישפּטן לויטן דין תורה. שפּעטער זיינען די דאָזיקע יריד־אַסיפות געוואָרן אָפּטער ביז זיי האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין דעם יערלעכן „סיים" אָדער „וועד", אין וועלכן עס פלעגן זיך באַטייליקן פאָרשטייער פון די וויכטיקסטע קהילות אין גאַנץ פוילן. ער פלעגט זיך רופן „וועד ארבע ארצות" (דער ראָט פון פיר לענדער), וואָרום עס פלעגן זיך אין אים באַטייליקן פאָרשטייער פון די פיר טיילן פון דער מלוכה: גרויס־פוילן (הויפּטשטאָט — פּויזן), קליין־פוילן (קראָקע), פּאָדאָליע (לעמבערג) און וואָלין (אָסטראָג אָדער וולאַדימיר). דער „וועד" פלעגט נישט נאָר פּסקענען אין די וויכטיקסטע מישפּטים און קלאָר מאַכן די דינים, נאָר ער פלעגט אויך אַרויסגעבן נייע תקנות ווי עס זאָל זיך פירן דאָס געזעלשאַפטלעכע און גייסטיקע לעבן פון די יידן אין פאַרשיידענע ערטער. די טעטיקייט פון דעם „וועד ארבע

ארצות״ האָט זיך באַזונדערס פאַרשטאַרקט אין 17טן יאָרהונדערט. ליטע, וועלכע איז געשטאַנען באַזונדער פון די פוילישע „קרוין״־פּראָווינצן, האָט געהאַט איר אייגענעם „וועד״, אין וועלכן עס פלעגן זיך באַטייליקן די רבנים און קהל־פאַרטרעטער פון די פינף וויכטיקסטע ליטווישע קהילות: בריסק, גראָדנע, פּינסק, ווילנע און סלוצק.

די פירער פון פאָלק האָבן זיך געזאָרגט צו פאַרשטאַרקן זיין איינהייט און אויפהיטן זיינע נאַציאָנאַלע באַזונדערקייטן. דער חינוך פון די קינדער איז געווען די שטענדיקע זאָרג פון די קהלן און וועדן. דער רב אין יעדער קהילה האָט זיך גערעכנט פאַרן נאָענטן משגיח איבער דער דערציאונג פון דער יוגנט. אָפט פלעגט ער זיין דער ראש־ישיבה פון זיין שטאָט און פלעגט אין דער זעלביקער צייט אַכטונג געבן אויף די חדרים. אָבער אין די גרויסע קהילות, וואו דער רב איז געווען צו פיל פאַרנומען מיט אַנדערע זאַכן, פלעגט ראש־ישיבה זיין אַן אַנדער גרויסער למדן.



דער ווילנער קהלשער שטעמפּל

אַ היסטאָריקער פון יענער צייט גיט אַזאַ־אַ קלאָר בילד פון דעם לעבן אין די חדרים און ישיבות אין די יידישע קהילות אין פוילן און ליטע אין דער ערשטער העלפט פון 17טן יאָרהונדערט:

„נישטאָ נאָך אַזאַ לאַנד — זאָגט ער — וואו דאָס לערנען תורה זאָל זיין אַזוי פאַרשפּרייט צווישן אונדזערע ברידער ווי אין פוילישן לאַנד. אין יעדער קהילה איז געווען אַ ישיבה, וואָס איר פירער פלעגט קריגן אַ רייכן געהאַלט פון קהלשן געלט, כדי ער זאָל קענען לעבן רואיק און זיך אָפּגעבן מיט לערנען. די קהילות פלעגן אויך אויסהאַלטן „בחורים״, וועלכע פלעגן לערנען אין די ישיבות. צו יעדן ישיבה־בחור פלעגן צוגעזעצט ווערן נישט ווייניקער ווי צוויי יינגלעך („נערים״) וועלכע ער האָט געמוזט לערנען כדי ער זאָל זיך איינאיבן אין אונטעררייכטן דעם

תלמוד און אין פילפול. יעדער „בחור" מיט זיינע צוויי „נערים" פלעגט עסן קעסט ביי איינעם פון די פאַרמעגלעכע באַלעבאַטים און ער פלעגט זיך רעכענען אין דער דאָזיקער פאַמיליע אַזוי ווי אַן אייגענער זון. און עס איז נישט געווען כמעט קיין איינציק יידיש הויז, וואו דער באַלעבאָס אַליין, אָדער זיין זון, אָדער דער איידעם, אָדער ענדלעך אַ ישיבה־בחור, וואָס האָט דאָרט געגעסן קעסט, זאָל נישט זיין קיין למדן; און זייער אָפט פלעגן אָט די אַלע זיך באַגעגענען אין איין הויז.

אַן אויפרוף פון „וועד ארבע הארצות" אין העברעאיש און אידיש

דער סדר הלימוד אין פוילן איז געווען אַזוי: עס זיינען געווען אין דער ישיבה צוויי זמנים: דער זומערדיקער און ווינטערדיקער. אין אָנהייב פון יעדן זמן פלעגט מען אין די ישיבות לערנען מיט גרויס פלייסיקקייט די גמרא מיט רש"י און תוספות. און אַלע טאָג פלעגן זיך פאַרזאַמלען די לומדים פון שטאָט, יונגעלייט און ביכלל אַלע, וואָס האָבן געהאַט אַ וועלכע עס איז שייכות מיט לערנען, אין דער געביידע פון דער ישיבה, וואו אויבן־אָן איז געזעסן דער ראָש־ישיבה און אַרום אים פלעגן זיך אַרומשטעלן אַ סך לומדים און לערנער. דער ראָש־ישיבה פלעגט

האַלטן אַ שיעור אין הלכה. נאָכן שיעור פלעגט ער האַלטן „חלוקים״ (ד״ה, וכוחים): עס פלעגט אַוועקגעשטעלט ווערן איינע קעגן די אַנ־דערע פאַרשיידענע מאמרים אין תלמוד אָדער אין די מפרשים, וואָס זיינען סותר איינע די אַנדערע, און דאַן פלעגט מען זיך מיתווכח זיין און ברענגען פאַרשיידענע ראיות אויסצוגלייכן די ווידערשפּרוכן.

דער ראָש־ישיבה האָט געהאַט אַ באַזונדערן באַהעלפער, וואָס זיין עובדא איז געווען אַרומצוגיין יעדן טאָג איבער די חדרים און אַכטונג געבן אַז די קינדער זאָלן נישט אַרומגיין ליידיק. איין מאָל אין וואָך, דאָנערשטיק, פלעגן אַלע תלמידים פון די חדרים זיך פאַרזאַמלען אין הויז פון דעם „גבאי״, וועלכער פלעגט זיי פאַרהערן אין דאָס וואָס זיי זיינען דורכגעגאַנגען פאַר דער וואָך, און אויב אַ קינד האָט נישט געענטפערט ריכטיק אויף די פראַגן פלעגט אים דער באַהעלפער שמייסן מיט ריטער, כדי צוליב דער חרפה פאַר די אַנדערע קינדער זאָל ער שוין אין דער קומענדיקער וואָך לערנען בעסער. און יעדן פרייטיק פלעגט די קינדער פאַרהערן דער ראָש־ישיבה אַליין. און דערפאַר פלעגן די קינדער מורא האָבן און פלעגן לערנען מיט גרויס התמדה. לומדים פלעגט מען אָפּגעבן גרויס כבוד און דאָס פאָלק פלעגט זיי אין אַלץ פאָלגן; דאָס פלעגט פיל דערמוטיקן צו לערנען און אַזוי איז דאָס גאַנצע לאַנד געווען פול מיט תורה״.

## § 51. די בליאונגס־צייט פון דער רבנות.

אַ דאַנק דער אַליין־פאַרוואַלטונג פון די קהילות און דער פאַרמערונג פון די ישיבות האָט די לומדות אין פוילן אויפגעבליט ווי קיין מאָל פריער. פוילן, וואָס האָט פריער קיין פּלאַץ נישט פאַרנומען אין דער יידישער גייסטיקער וועלט, האָט אין דעם 16טן יאָרהונדערט פאַרנומען דאָ דעם ערשטן פּלאַץ. די ערשטע גרויסע לומדים זיינען אָנגעקומען קיין פוילן פון דעם שכנישן בעמען, וואו עס האָט דעמאָלט געבליט דער תלמודישער פילפול, וואָס ר׳ יעקב פּאָלאַק האָט דערפינדן (§ 48). אַ תלמיד פון ר׳ יעקב פּאָלאַק, ר׳ שלום שכנא (געשט׳ 1558), האָט גע־גרינדעט אַ ישיבה אין לובלין. פון דער דאָזיקער ישיבה זיינען אַרויסגע־קומען די באַרימטסטע רבנים אין פוילן אין יענער צייט. איינער פון זיי, דער קראָקעווער גאון ר׳ משה איסרלש (פאַרקירצט: רמ״א, געשטאָרבן 1572), האָט געלעבט אין איין צייט מיטן ארץ־ישראלדיקן מחבר פון דעם

„שולחן ערוך", און ער האָט שטאַרק געהאָלפן צו פאַרשפּרייטן דעם דאָזיקן ספר אין פוילן. ר' יוסף קאַרו, וואָס איז געווען אַ ספרדי, האָט נישט אַריינגעשטעלט אין זיין ספר די באַזונדערע צערעמאָניעס און מינהגים, וואָס זיינען געווען אָנגענומען ביי די אַשכנזים, ד"ה, ביי די דייטשע און פוילישע יידן. אָבער ר' איסרלש האָט אַריינגעשטעלט אין שולחן ערוך אויך אַ סך דינים, וואָס די אַשכנזישע רבינים האָבן מתקן געווען. אַזוי ווי ר' יוסף קאַרו האָט אָנגערופן זיין ספר „שולחן ערוך" (געגרייטער טיש) האָט ר' משה איסרלש אָנגערופן זיין הוספה „מפה" (טישטוך). און אין דער געשטאַלט, מיט די הוספות פון ר' משה איסרלש, איז דער שולחן ערוך איינגעפירט געוואָרן צווישן די פוילישע, ליטווישע און רוסישע יידן. דער רמ"א איז געווען רב אין דער אַלטער פוילישער הויפּטשטאָט קראָקע; ער איז געווען אַרומגערינגלט פון אַ סך תלמידים, פון וועלכע עס זיינען שפּעטער אַרויסגעקומען גרויסע רבנים. אויסער זיינע הוספות צום שולחן ערוך האָט ער געשריבן נאָך באַזונדערע ספרים.

אין איין צייט מיט דעם רמ"א האָט געלעבט אַ גרויסער תלמודיסט ר' שלומה לוריא (פאַרקירצט: רש"ל, געשטאָרבן 1573), וועלכער איז געווען רב צוערשט אין אָסטראָג, נאָך דעם אין לובלין. דער רש"ל האָט געהאַלטן אַז דער שולחן ערוך איז גוט נאָר פאַרן ברייטן פאָלק, אָבער נישט פאַר לומדים. דער רש"ל האָט זיך פאַרטיפט אין דעם קוואַל פון אַלע דינים און געזעצן — דעם תלמוד און ער האָט פאַרפאַסט אַ טיפ־זיניקן פירוש אויף אַ סך טיילן פון תלמוד מיטן נאָמען „ים של שלמה". ער האָט געהאַט אַ סך תלמידים און נאָכפאָלגער און ער האָט אַריינגע־בראַכט אַן אייגענע שיטה אין דער רבנישער ליטעראַטור. צום רמ"א און צום רש"ל פלעגט מען זיך ווענדן מיט גרויסע שאלות פון אַלע טיילן פון פוילן און אויך פון איטאַליע, דייטשלאַנד און טערקיי. די תשובות וואָס די צוויי גאונים האָבן געגעבן אויף די דאָזיקע שאלות זיינען שפּע־טער אָפּגעדרוקט געוואָרן אונטערן נאָמען „שאלות ותשובות".

אין די טריט פון די־אָ צוויי שעפער פון דער פוילישער רבנות זיינען געגאַנגען די געלערנטע פון די שפּעטערע דורות. אייניקע האָבן געשריבן פירושים צום תלמוד (רבי מאיר לובלינער אָדער מהר"ם, ר' שמואל איידלש פון אָסטראָג אָדער מהרש"א); אַנדערע האָבן געשריבן פירושים און הוספות צו פריערע קבוצים פון דינים (ר' מרדכי יפה פון פּויזן, ר' יואל סירקיס פון קראָקע, ר' דוד הלווי פון לעמבערג א"א.

אין 17טן יאָרהונדערט האָט די יידישע לומדות געבליט אין פוילן אַזוי ווי אַמאָל אין בבל אין די צייטן פון די אמוראים. אַ סך גרויסע ספרים זיינען געדרוקט געוואָרן אין די דרוקערייען פון קראָקע און לובלין. — דער תלמוד און די רבנישע ליטעראַטור אַליין האָבן געהערשט אין פוילן. וועלטלעכע בילדונג און פילאָזאָפיע זיינען געווען פאַרטריבן. בלויז די קבלה איז געלערנט געוואָרן פון די וואָס זיינען געווען געגייגט צו מיסטיציזם. אָם מייסטן איז באַוואוסט געווען דער ספר „מגלה עמוקות" פון נתן שאַפּירא, אַ מקובל פון קראָקע.

די רעפאָרמאַציע אין דייטשלאַנד האָט אַרויסגערופן אין פוילן עטלעכע קריסטלעכע סעקטעס מיט אַנשויאונגען, וואָס האָבן נישט גע־שטימט מיט דער קירכע. איינע פון זיי איז געווען די סעקטע פון די „אוניטאַריער", וועלכע איז צוגעקומען נעענטער ווי אַנדערע צום יידנטום דערמיט וואָס זיי האָבן געלייקנט אין דער „דריי־אייניקייט" און דער געטלעכער אָפּשטאַמונג פון קריסטוסן, אָבער זיי האָבן אַנערקענט די הייליקייט פון דעם עוואַנגעליום. די קאַטוילישע גלחים האָבן זיי אַ נאָמען געגעבן „האַלבע יידן". די פירער פון די פאַרשיידענע קריסטלעכע סעקטן פלעגן אָפט פירן מינדלעכע וויכוחים מיט די רבנים. ווי אַ רעזולטאַט פון אַ זעלכע וויכוחים איז דערשינען אַ מערקווירדיק ספר: „חזוק אמונה" (1593), פון ר' יצחק פון טראָקי. אין דעם ערשטן טייל פון דעם דאָזיקן ספר פאַרטיידיקט דער יידישער געלערנטער דאָס יידנטום קעגן די אַטאַ־קעס פון די קריסטלעכע רעליגיע־לערער, און אין דעם אַנדערן טייל גייט ער איבער צו אַנגריף און קריטיקירט די לערע פון דער קירכע. ער דעקט אויף אַ סך ווידערשפּרוכן אין דעם עוואַנגעליום, ווייזט אָן ווי דער נייער טעסטאַמענט טרעט שאַרף אָפּ פון דעם תנ"ך, און ווי אַזוי די שפּעטער־דיקע לערעס פון דער קירכע טרעטן אָפּ פון דעם נייעם טעסטאַמענט אַליין. אַ לאַנגע צייט האָט מען מורא געהאַט צו דרוקן דעם־אָ ספר און ער איז צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט געוואָרן ערשט אין הונדערט יאָר אַרום אין אַ לאַטיינישער איבערזעצונג, געמאַכט פון אַ קריסט, אונטערן שרעקעדיקן נאָמען „פייערדיקע פיילן פון שטן", און געדרוקט כדי צו ווייזן ווי ווייט די יידן זיינען „פאַרבלאָנדזשעט". שפּעטער האָבן זיך מיט דער איבערזעצונג באַנוצט וואָלטער און די פראַנצויזישע ענציק־לאָפּעדיסטן פון 18טן יאָרהונדערט אין זייערע גרויסע אַטאַקעס אויף די לערעס פון דער קירכע.

## § 52. כמעלניצקי און די קאָזאַקן־שחיטות.

אין מיטן פון 17טן יאָרהונדערט איז פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדע־רונג צום ערגערן אין דעם לעבן פון די פוילישע יידן. די דאָזיקע ענדערונג איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך דעם קאַמף צווישן די פעלקער־שאַפטן, רעליגיעס און קלאַסן אין דעם דעמאָלטיקן פוילן, וועלכער האָט זיך שטאַרק פאַרשאַרפט. עס האָבן געקעמפט צווישן זיך די פוילישע און די רוסישע פעלקערשאַפטן, די קאַטוילישע און גריכישע („פּראַוואָס־לאַוונע") קירכע, די פּריצים און די פּויערים. די פּוילישע „שליאַכטע" האָט אונטערדריקט די רוסישע פּויערים, און די קאַטוילישע גלחים האָבן געהעצט די פּוילישע קעניגן צו אונטערדריקן אַנדערע רעליגיעס און באַזונדערס די פּראַוואָסלאַוונע. דער דרוק האָט זיך שטאַרקער ווי אומע־טום געפילט אין די מיזרח־געגנטן פון פוילן, וועלכע האָבן זיך גערופן „אוקראַינע". דאָ זיינען די אוקראַינער געווען דער גרעסטער טייל פון דער באַפעלקערונג; די מערסטע פון זיי, די פּויערן, פלעגן אַרבעטן פאַר די פוילישע פּריצים־גוטבאַזיצער, און די איבעריקע זיינען געווען אַ באַ־זונדער קלאַס, אַ מיליטערישער, וועלכן די פוילישע מלוכה פלעגט באַנוצן פאַר אירע מילחמות. אָבער אויסער די קאָזאַקן וואָס זיינען געווען אין דינסט פון דער פּוילישער רעגירונג, זיינען נאָך געווען פרייע קאָזאַקן, וועלכע האָבן געלעבט אויף די סטעפּעס הינטערן דניעפּער, און האָבן זיך גערופן „זאַפּאָראָזשצעס". די פּראַוואָסלאַוונע קאָזאַקן און פּויערן האָבן געהאַסט די פּאָלאַקן ווי די אונטערדריקער פון אוקראַאינישן פאָלק; זיי האָבן אויך געהאַסט די יידן, וועלכע ווי סוחרים האָבן פאַרנומען דעם מיטעלן פּלאַץ צווישן די פּריצים און די פּויערן. די יידן פלעגן אָפט האַלטן אין אַרענדע די פּריצישע גיטער, און אויף אַזאַ אופן פלעגן זיי באַקומען איבע רדי פּויערן די זעלביקע מאַכט וואָס די פּריצים האָבן געהאַט. און עס אז אויסגעקומען אַז די אוקראַינישע פּויערן פלעגן זיך מער צו־זאַמענשטויסן מיט דעם יידישן אַרענדאַר ווי מיט דעם פּוילישן פּריץ. דעריבער האָבן די אוקראַינישע פּויערן גערעכנט דעם יידן פאַר דעם הויפּט־שולדיקן אין זייערע ליידן און האָבן געזוכט צו נעמען נקמה אין אים. צו דעם פאַרדרוס איז נאָך צוגעקומען די רעליגיעזע שנאה פון דעם פינצטערן אוקראַינישן המון צו די יידן. די לאַנג אָנגעקליבענע אומצופרידנקייט האָט ענדלעך געבראַכט צו אַ שרעקלעכן אויפשטאַנד

פון די קאָזאַקן און די אוקראַאינישע פויערן, אין דעם לעצטן יאָר פון קעניג וולאַדיסלאַוו דעם 4טן.

בראש פון די צעבונטעוועטע קאָזאַקן האָט זיך געשטעלט אַ קאָזאַצקער הויפּטמאַן פון טשיגירין, באָגדאַן כמעלניצקי. ער האָט אויפגעקליבן אַ גוואַלטיקע מאַסע קאָזאַקן און פויערן אויף דער אוקראַאינע, האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט די פרייע קאָזאַקן פון זאַפּאָראָזשיע און די טאָטערן פון קרים און מיט אַט דער גאַנצער מחנה האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט חרוב צו מאַכן פוילן (אָנהייב יאָר 1648). אַ פוילישער חיל וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן קעגן די בונטאָווטשיקעס איז געשלאָגן געוואָרן. אין יענער צייט איז געשטאָרבן דער קעניג וולאַדיסלאַוו און אין פוילן האָט זיך אָנגעפאַנגען די מהומה פון אַ קעניגלאָזער צייט. דעמאָלט האָט



באָגדאַן כמעלניצקי

דער אויפשטאַנד אַרומגעכאַפּט גאַנץ אוקראַאינע און די שכנישע פּראָווינצן. מחנות קאָזאַקן און אוקראַאינישע פויערן, אונטער דער פירערשאַפט פון כמעלניצקין און זיינע קריגערישע בונד־חברים די זאַפּאָראָזשצעס, האָבן זיך צעשאָטן איבער אַלע שטעט און האָבן ווי ווילדע חיות אומגעבראַכט פּאָלאַקן און יידן. אַ רוסישער היסטאָריקער שרייבט: די הריגות זיינען באַגלייט געוואָרן מיט באַרבאַרישע פייניקונגען: „מען

פלעגט אָראָפּציִען פון לעבעדיקע די הויט, פאַנאַנדערזעגן אויף דער העלפט, דערשלאָגן צום טויט מיט שטעקנס, בראָטן אויף קוילן, אָפּבריען מיט קאָכעדיקע וואַסער. עס איז ניט געווען קיין רחמנות אפילו אויף זויגקינדער. די שרעקלעכסטע רציחות זיינען באַגאַנגען געוואָרן מיט די יידן: זיי זיינען פאַרמשפט געוואָרן צו פולשטענדיקער אויסראָטונג, און יעדע רחמנות צו זיי האָט זיך גערעכנט פאַר פאַראַט. די ספר־תורהס פלעגט מען אַרויסשלעפּן פון די שולן: די קאָזאַקן פלעגן טאַנצן און שיכורן אויף זיי, דערנאָך פלעגט מען אויף זיי אויסלייגן יידן און זיי קוילן אָן רחמנות; טויזנטער קליינע יידישע קינדער זיינען אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין ברונעמער און פאַרשאָטן געוואָרן לעבעדיקע אין גריבער".

באַזונדערס טראַגיש איז געווען דער גורל פון די יידן, וועלכע פלעגן זיך צוזאַמענלויפן פון די דערפער און קליינע שטעטלעך אין די באַפעסטיקטע שטעט, מיט דער האָפענונג אַז זיי וועלן זיך דאָ שיצן קעגן דעם שונא. דערוויסנדיק זיך אַז אין דער שטאָט נעמיראָוו, אין פּאָדאָליע, האָבן זיך באַפעסטיקט עטלעכע טויזנט יידן האָט כמעלניצקי אַוועקגעשיקט אַהין אַ מחנה קאָזאַקן. אַזוי ווי עס איז אוממעגלעך געווען צו נעמען די שטאָט מיט שטורעם האָבן די קאָזאַקן באַשלאָסן אָפּצוטאָן אַ שפּיצל. זיי זיינען אונטערגעקומען צו נעמיראָוו מיט פּוילישע פאָנען און האָבן געבעטן מען זאָל זיי עפענען די טויערן. די יידן, מיינענדיק אַז דאָס איז אַ פּוילישער חיל וואָס קומט זיי באַפרייען, האָבן געעפנט די שטאָט פאַר זיי און האָבן דערפאַר שרעקלעך באַצאָלט (כ׳ סיון — יוני 1648). די קאָזאַקן צוזאַמען מיט די אָרטיקע רוסישע איינוואוינער האָבן זיך געוואָרפן אויף די יידן און זיי אַלע אויסגעקוילעט. דער רב און ראש־ישיבה פון נעמיראָוו, ר׳ יחיאל־מיכל, האָט זיך באַהאַלטן מיט זיין מוטער אויפן בית־עולם; דאָ האָט זיי אָנגעיאָגט איינער פון די מערדער, עפּעס אַ שוסטער, און האָט אָנגעהויבן שלאָגן דעם רב מיט אַ שטיק האָלץ. די אַלטע מאַמע פון דעם רב האָט אָנגעהויבן בעטן דעם מערדער ער זאָל טויטן זי אָנשטאָט איר זון. אָבער דער שוסטער האָט אָן רחמנות דערשלאָגן פריער דעם רב און דערנאָך זיין מאַמען. יונגע יידישע פרויען און מיידלעך פלעגן די קאָזאַקן גאַנץ אָפט לאָזן לעבן: די קאָזאַקן און פויערן פלעגן זיי מיט גוואַלד שמדן און נעמען פאַר ווייבער. איין שיין מיידל, וואָס אַ קאָזאַק האָט געפאַנגען פאַר דעם דאָזיקן צוועק, האָט איינגערעדט איר פאַנגער אַז זי קען כלומרשט „פאַררייידן" אַז אַ קויל זאָל צו

איר ניט קענען צושטיין, און האָט אים געבעטן ער זאָל אויסשיסן אין איר און זיך איבערצייגן. דער נאַרישער קאָזאַק האָט אויסגעשאָסן — און דאָס מיידל איז אומגעפאַלן אַ פאַרוואונדעטע צום טויט, אָבער אַ צו־פרידענע וואָס זי איז ניט אַנגעקומען דעם פיינד. אַן אַנדער יידיש מיידל, וואָס אַ קאָזאַק האָט געפאַנגען און געוואָלט מיט איר חתונה האָבן, האָט זיך אַריינגעוואָרפן פון אַ בריק אין וואַסער אין יענעם מאָמענט ווען מען האָט זי געפירט איבער דעם דאָזיקן בריק אין קירכע אַריין. אַרום 6.000 יידן זיינען אומגעקומען אין נעמיראָוו. די וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון טויט זיינען אַנטלאָפן אין דער באַפעסטיקטער שטאָט טולטשין.

דאָ האָט זיך אויך אָפּגעשפילט אַ בלוטיקע דראַמע. צו טולטשין איז צוגעטראָטן אַ גרויסע מחנה קאָזאַקן און פויערן און האָט באַלאַגערט די פעסטונג, אין וועלכער עס האָבן זיך געפונען עטלעכע הונדערט פּאָלאַקן און אַרום צוויי טויזנט יידן. די פּאָלאַקן און די יידן האָבן זיך געגעבן אַ שבועה אַז זיי וועלן ניט פאַראַטן איינע די אַנדערע און אַז זיי וועלן צו־זאַמען פאַרטיידיקן די שטאָט ביזן לעצטן אָטעם. די יידן האָבן געשאָסן פון דער פעסטונגס־וואַנט אויף דעם פיינד און אים ניט צוגעלאָזט נאָענט צו דער שטאָט. נאָך אַ לאַנגער און אומגעלונגענער באַלאַגערונג האָבן די קאָזאַקן פאַרקלערט אַ פּלאַן. זיי האָבן געשיקט זאָגן די פּאָלאַקן, וואָס זיי־נען געווען אין דער פעסטונג, אַזוי: גיט אונדז אַרויס די יידן; מיר וועלן בלויז זיי באַשטראָפן און אייך וועלן מיר ניט טשעפּען. די פּוילישע פּרי־צים האָבן פאַרגעסן זייער שבועה און האָבן באַשלאָסן מקריב צו זיין די יידן כדי צו ראַטעווען זיך אַליין. זיי האָבן אַריינגעלאָזט דעם שונא אין שטאָט אַריין. די יידן האָבן מען צוערשט אַנטוואָפנט און באַרויבט און דאַן האָבן די קאָזאַקן זיי פאָרגעלייגט די ברירה: זיך שמדן אָדער שטאַרבן. קיין איינציקער ייד האָט זיך ניט געפונען וואָס האָט געוואָלט פאַראַטן זיין אמונה — און אַנדערטהאַלבן טויזנט יידן זיינען אויסגע־הרגעט געוואָרן מיט די אוממענטשלעכסטע רציחות. אָבער עס האָבן זיך אויך ניט געראַטעוועט די פאַלשע פּאָלאַקן: ווען די קאָזאַקן זיינען פאַר־טיק געוואָרן מיט די יידן האָבן זיי אויסגעהרגעט אַלע קאַטאָליקן, צווישן וועלכע עס זיינען געווען אַ סך באַרימטע פּריצים.

פון פּאָדאָליע זיינען די באַנדעס אַריין אין וואָלין. דאָ האָט די שחיטה געדויערט דעם גאַנצן זומער און האַרבסט פון יאָר 1648. די פּוילישע אַר־מייען, איבערהויפּט אונטער דער פירערשאַפט פון דעם מוטיקן יערעמיאַ

ווישנעוועצקי, האָבן צוביסלעך איינגעשטילט די קאָזאַקן; אָבער אין גאַנצן צו דערשטיקן דעם אויפשטאַנד זיינען זיי ניט געווען אימשטאַנד. ערשט נאָך דעם ווען אין וואַרשע איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַר קעניג יאַן קאַזימיר, אַ ברודער פון וולאַדיסלאַוו דעם 4־טן, האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרהאַנדלונגען פון שלום צווישן דער רעגירונג מיט די קאָזאַקן. אין יאָר 1649 האָבן זיך די קאָזאַקן באַרואיקט נאָך דעם ווי זיי האָבן אויסגע־ווירקט פאַר זיך פאַרשיידענע רעכט און פרייהייטן אין אוקראַינע; צווישן אַנדערעס איז אויסגענומען געוואָרן אַ תנאי, אַז אין דער קאָזאַצקער אוקראַינע טאָרן ניט וואוינען קיין יידן. יאַן קאַזימיר האָט דערלויבט אַלע יידן, וואָס האָבן אונטער דער מורא פון טויט אָנגענומען דעם פּראַוואָ־סלאַוונעם גלויבן, זיך אומצוקערן צוריק צו זייער אמונה. די מיט גוואַלד־געשמדטע יידישע פרויען פלעגן אַנטלויפן פון זייערע אַרויפגעצוואונגענע מענער — קאָזאַקן און זיך אומקערן צו זייערע פאַמיליעס. דער „וועד ארבע ארצות״, וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט אין לובלין אין ווינטער פון יאָר 1650, האָט אויסגעאַרבעט אַ גאַנצע רייע תקנות אויפצושטעלן צו־ריק דאָס געזעלשאַפטלעכע און פאַמיליען לעבן פון די יידן. דער טאָג פון דער נעמיראָווער שחיטה (כ׳ סיון) איז באַשטימט געוואָרן פאַר אַ יער־לעכן תענית אין אָנדענק פון די קדושים. די קאָזאַצקע שחיטות אויף די יידן זיינען באַוואוסט אונטערן נאָמען „גזירות ת״ח ות״ט״.

## § 53. די יידן אין דער צייט פון מאָסקווער־שוועדישן קריג

די פּאָליאַקן האָבן אין גיכן געבראָכן זייער אָפּמאַך מיט די קאָזאַקן און האָבן באַשלאָסן ווידער צו מאַכן זיי אונטערטעניק. דעמאָלט האָט דער הויפּטפירער פון די קאָזאַקן (העטמאַן) באָגדאַן כמעלניצקי פאָרגע־לייגט דעם מאָסקווער צאַר אַלעקסיי מיכיילאָוויטש ער זאָל אָנשליסן די קאָזאַצקע אוקראַינע צו זיין מלוכה. אין יאָר 1654 זיינען די איינוואוי־נער פון דעם קאָזאַצקן טייל פון דער אוקראַינע, אָדער קליין־רוסלאַנד, אַריבער אונטער דער ממשלה פון דעם צאַר פון מאָסקווע. באַלד האָט זיך דער מאָסקווער חיל אַ לאָז געטאָן אין דעם שכנישן ווייסרוסלאַנד און ליטע, צו אַ מילחמה מיט פוילן. אַ סך האָבן די יידן פון ווייסרוסלאַנד און ליטע איבערגעליטן אין דער מילחמה, וועלכע האָט געדויערט צוויי יאָר (1654—55). ווען דער פאַראייניקטער חיל פון די מאָסקווער רוסן

און די קאָזאַקן פלעגט איינבנעמען אַ שטאָט פלעגן זיי די יידן ענטוועדער אויסשלאַכטן אָדער אַרויסטרייבן. ווען די שטאָט מאָהילעוו אויפן דניע־פער האָט זיך אונטערגעגעבן צו אַלעקסיי מיכײַלאָוויטשן האָט דער צאַר באַפוילן אַרויסצוטרייבן פון דאָרט אַלע יידן און זייערע הייזער צעטיילן צווישן דעם מאַגריסטראַט און די רוסישע באַאַמטע. אָבער די יידן האָבן זיך ניט געאײַלט צו פאַרלאָזן די שטאָט, האָפנדיק אַז די שטאָט וועט שנעל אַריבערגיין צוריק צו די פּאָליאַקן. אָבער זיי האָבן דערפאַר טייער באַצאָלט. אין סוף פון זומער פון יאָר 1655 האָט דער קאָמאַנדיר פון דעם רוסישן גאַרניזאָן אין מאָהילעוו, פּאָלקאָווניק פּאָקלאָנסקי, דערהערט אַז אַ פוילישער חיל קומט אונטער צו דער שטאָט. מורא האָבנדיק אַז די יידן וועלן זיך פאַראייניקן מיט דעם אָנקומענדיקן פיינד האָט פּאָקלאָנסקי באַפוילן די יידן אַרויסצוגיין הינטער דער שטאָט, און ווען זיי האָבן זיך אַרויסגעצויגן אַהין מיט זייערע ווייבער און קינדער און אייגנטום האָבן זיך די רוסישע סאָלדאַטן אַ וואָרף געטאָן אויף זיי, האָבן זיי אויסגע־הרגעט און צוגענומען זייער האָב. שטאַרק געליטן האָבן אויך די יידן ווען די רוסן האָבן גענומען די הויפּשטאָט פון ליטע, ווילנע. אַ גרויסער טייל פון די ווילנער יידן האָט זיך געראַטעוועט דורך אַנטלויפן און די איבעריקע זיינען ענטוועדער געטויט אָדער פאַרטריבן געוואָרן אויפן באַ־פעל פון דעם רוסישן צאַר.

אין גיכן איז די ריי געקומען אויך אויף פוילנס אייגענע לענדע־רייען. דער אָנגריף פון שוועדן האָט שיער ניט געבראַכט פוילן צום אונ־טערגאַנג (55—1658). דאָס לאַנד איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קריגס־לאַגער. די יידישע קהילות האָבן געליטן סיי פון דעם מאָסקווער חיל און די קאָזאַקן, סיי פון די שוועדן, און ענדלעך אפילו פון די ווילד־געוואָ־רענע פוילישע סאָלדאַטן. צו די שרעקן פון מילחמה איז נאָך צוגעקומען די פאַרוויסטנדיקע קראַפט פון אַ מגפה. ערשט אין יאָר 1658 האָבן די מילחמה־אומרוען זיך אָנגעהויבן איינשטילן און פוילן האָט אויף אַ צייט אויפגעשטעלט צוריק איר צעטרייסלטן מלוכה־געביי.

שרעקלעך זיינען געווען די פאַרלוסטן, וואָס דאָס פוילישע יידנטום האָט געליטן אין דעם אומגליקלעכן יאָרצענדליק (48—1658). לויט דער מיינונג פון היסטאָריקער האָט די צאָל אומגעקומענע יידן אין יענער צייט אַריבערגעוואויגן אַ האַלבן מיליאָן. אַרום זיבן הונדערט יידישע קהילות

זיינען פאַרניכטעט געוואָרן. אין דער רוסישער אוקראַינע*) זיינען די יידי־שע קהילות אין גאַנצן פאַרשוואונדן, און אין דער פוילישער איז גאַנץ געבליבן אַ צענט־חלק פון דער יידישער באַפעלקערונג; די איבעריקע זיי־נען ענטוועדער אומגעקומען דורך די קאָזאַקן אָדער זיינען אַריינגעפאַלן געפאַנגען צו די טאָטערן אָדער זיינען גאָר אַנטלאָפן קיין טערקיי און אין די לענדער פון מערב־אייראָפּע. אין אַלע לענדער פון אייראָפּע און אַזיע האָט מען דעמאָלט געקענט באַגעגענען יידישע פליכטלינגע פון פוילן; אומעטום פלעגן זיי דערציילן פון די ליידן פון זייערע הינטערגעבליבענע ברידער, פון דעם מאַרטירערטום פון הונדערטער יידישע קהילות, און פלעגן אַרויסרופן אַ ציטער ביי אַלע צוהערער. — דער ווידער־קול פון יענע שווערע ליידן הערט זיך אין די שריפטן פון יענער צייט און אין טרויעריקע תפילות אין די שולן. איינער וואָס האָט צוגעזען די שחיטה אין דער אוקראַינע, נתן האַנאָווער, האָט זי באַשריבן אין זיין רירנדי־קער כראָניק „יון מצולה" (1653). די רבנים פלעגן פאַנאַנדערשיקן אי־בער אַלע שולן תפילות צום זאָגן אין אָנדענק פון די נייע קדושים. אין תפילות וואָס צערייסן דאָס האַרץ האָט דאָס אויסגעמאַטערטע פאָלק אויס־געגאָסן זיינע ליידן און פיין.

## § 54. דאָס זינקען פון פוילן.

נאָך די מילחמות פון די קאָזאַקן האָט די פוילישע מלוכה אָנגעהויבן ביסלעכווייז זינקען. בלויז אויף אַ קורצער צייט האָט זי זיך פאַרשטאַרקט אין דער צייט פון דעם קעניג יאַן סאָביעסקי (74—1696), וועלכער איז געווען גוט גענייגט צו די יידן. אין 18טן יאָרהונדערט, פאַר די זאַקסישע קעניגן אויגוסט דעם 2־טן און 3־טן, איז פוילן צוריק שטאַרק אָפּגע־שוואַכט געוואָרן צוליב שלעכטער אָרדענונג און אומגעלונגענע מילחמות. די באַציאונגען צו די יידן זיינען אַלץ ערגער געוואָרן. די רעגירונג האָט נאָר געטראַכט ווי אַזוי אַרויסצוקריגן פון זיי וואָס מער שטייערן: די שליאַכטע אין זייערע „סיימען" פלעגן באַגרענעצן די רעכט פון די יידן; די שטאָטישע מאַגיסטראַטן און צעכן פלעגן זיי שטאַרק דריקן אין האַנדל

*) צו רוסלאַנד איז אַריבער בלויז אַ טייל אוקראַינע אויפן לינקן ברעג פון דניעפּער (פּאָלטאַווע, טשערניגאָוו, אַ טייל קיעוו); די אוקראַינע אויפן רעכטן ברעג דניעפּער (וואָלין, דער אַנדערער טייל קיעוו און פּאָדאָליע) איז געבליבן ביי פּוילן.

און מלאכות; די יעזואיטן אין זייערע שולן האָבן געפּלאַנצט אין די הערצער פון די קינדער שינאה צו די מענטשן פון אַנדערע גלויבנס און אַנדערע לענדער. זייער אָפט פלעגן גאַנצע מאַסן שול־קינדער באַפאַלן שוצלאָזע יידן אין די גאַסן און זיי שלאָגן, און אָפט מאָל פלעגן זיי זיך אפילו אַריינרייסן אין די יידישע קוואַרטאַלן און דאָרט מאַכן פּאָגראָמען (אין פּויזן, לעמבערג, ווילנע, א״א). כדי צו באַשיצן זיך קעגן אַזעלכע אַטאַקעס פון די שולקינדער פלעגן די יידישע קהילות אין די גרויסע שטעט צאָלן אַ יערלעכע סומע צו די באַאַמטע פון די קאַטוילישע שולן, וועלכע פלעגן דערפאַר צוריקהאַלטן זייערע שילער פון רציחות קעגן די יידן.



אַ קמיע קעגן בייזע רוחות

אומעטום האָט דער באַליידיקטער ייד געפונען שוץ בלויז אין זיין געמיינדע, אין דעם „קהל״. די פּוילישע רעגירונג אַליין האָט געהאָלפן צו מאַכן שטאַרק דעם יידישן „קהל״. זי פלעגט האָבן געשעפטן נישט מיט דעם איינציקן יידן נאָר מיט קהל, וועלכער פלעגט אויפקלייבן און אַריינטראָגן אין דער מלוכה־קאַסע די שטייערן פון אַלע יידן פון דער קהילה. פאַר עפּעס אַ פאַרברעכן וואָס דער איינצלנער ייד איז באַגאַנגען האָט זיין קהל געענטפערט פאַר זיין רעגירונג. טראָגנדיק אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט האָט דער קהל אויך געקראָגן אַ גרויסע מאַכט איבער די מיט־

גלידער פון זיין געמיינדע. אָט די קהילה־אָרדענונג האָט געבראַכט נוצן דערמיט, וואָס זי האָט פאַראייניקט די יידן און געשיצט זייערע אינטע־רעסן. אָבער צוזאַמען דערמיט פלעגן די קהלס ניט זעלטן מיסברויכן זייער מאַכט: זיי פלעגן פאַרטיילן די שטייערן ניט יושרדיק, פלעגן קריוודען די אָרעמע לטובת די רייכע און האָבן אונטערדריקט די פרייהייט פון דעם יחיד.

די צרות וואָס די פוילישע יידן האָבן איבערגעלעבט האָבן אַרויפ־געלעגט זייער שטעמפּל אויף זייער גייסטיקן לעבן. אין אוקראַינע, פּאָדאָליע און וואָלין וועלכע האָבן אַם ערגסטן געליטן פון קאָזאַצקע פּאָגראָמען, ווערט די גייסטיקע מדרגה פון דער יידישער מאַסע אַלץ נידעריקער. דאָס לערנען פון תלמוד וואָס איז פריער געווען פאַרשפּרייט צווישן אַלע קלאַסן פון פאָלק, הייבט אַלץ אָן פאַרשמעלערט ווערן אין אַן ענגן קרייז פון לומדים, און די אָרעמע מאַסע פאַרזינקט אין אומ־וויסנהייט און אָבערגלויבן. מער פאַרשפּרייט איז די לומדות נאָך גע־בליבן אין ליטע און אין די עכט פוילישע פּראָווינצן; נאָר דאָ באַמערקט זיך אויך די פאַראָרעמקייט פון גייסטיקן לעבן. די גאַנצע ליטעראַטור פון יענער צייט איז געווען אויסשליסלעך אַ רבנישע און בלויז איין ספר פון אַן אַנדער געביט (געשיכטע) איז דערשינען, — דער „סדר הדורות" פון דעם מינסקער רב ר' יחיאל האַלפּערין (1700). אין דעם ווערק, וואָס באַשטייט פון דריי חלקים, ווערט אַרומגענומען די יידישע גע־שיכטע פון די ביבלישע צייטן ביזן יאָר 1696 (1טער טייל), עס ווערן אויסגערעכנט נאָכן אַלף־בית די נעמען פון אַלע תנאים און צולעצט ווערט געגעבן אַ צעטל פון מחברים און ספרים פון זינט נאָכן תלמוד.

און וואָס מער עס איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן דאָס לערנען פון תלמוד אַלץ מער האָט זיך געשטאַרקט דאָס לערנען פון קבלה. די לערע פון די ארץ־ישראלדיקע מקובלים, דער אר"י און ר' חיים וויטאַל, האָט געקראָגן אַ סך אָנהענגער אין פוילן. עס האָט זיך פאַרמערט די צאָל פון „מוסר־ספרים", אין וועלכע עס פלעגט גערעדט ווערן פון יענער וועלט, פון גן־עדן און גיהנם, פון מלאכים און שדים. עס האָבן זיך באַוויזן בעלי־שמס, ד"ה, בעלי־מופת, וועלכע פלעגן היילן קערפּערלעכע און גייסטיקע קראַנקייטן מיט אָפּשפּרעכן־קמיעות.

## § 55. די שבתי־צביניקעס און פראַנקיסטן.

די משיח־באַוועגונג וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך שבתי צבי איז געקומען נאָך די שרעקלעכע שחיטות פֿון די קאָזאַקן אין פּוילן. די אויסגעמוטשעטע פּוילישע יידן האָבן דורשטיק געשלונגען די קלאַנגען וואָס זיינען געגאַנגען פֿון טערקיי וועגן אַזוי־גערופֿענעם משיח. אין אַ סך ערטער האָט מען זיך אַפילו געגרייט אין גיכן צו גיין קיין ארץ־ישראל. אַז דער פאַלשער משיח האָט זיך געשמדט האָבן די רבנים און אַלע פרומע לייט מיט שרעק זיך אָפּגעטרייסלט פֿון אים. אָבער אין פֿאָלק האָט די משיח־באַוועגונג זיך נישט איינגעשטילט. אין גאַליציע און פּאָדאָליע האָבן עקזיסטירט געהיימע חברות פֿון שבתי־צביניקעס וואָס האָבן אַוועקגעוואָרפן אַ סך רעליגיעזע צערעמאָניעס און תשעה באָב (דער געבוירנטאָג פֿון פאַלשן משיח) האָבן זיי געמאַכט פאַר אַ יום טוב. אייניקע פלעגן שטענדיק תשובה טאָן און פאַסטן, און אַנדערע האָבן זיך איבערגעגעבן צו פריילעכקייט און אויסגעלאַסנקייט. די רבנים זיינען געוווען אומרואיק דערפֿון און זיי האָבן אָנגענומען שטרענגע מיטלען. אין זומער פֿון 1722 האָט אַן אסיפה פֿון רבנים אין לעמבערג אַרויפגעלייגט אַ חרם אויף אַלע פאַרבאָרגענע שבתי־צביניקעס, וואָס וועלן ביז אַ באַשטימטן טערמין זיך נישט אָפּזאָגן פֿון זייערע פאַרבלאָנדזשעטע מיינונגען. דער מיטל האָט צום טייל געווירקט: אַ טייל פֿון זיי האָבן עפנטלעך חרטה געהאַט אויף זייערע זינד און האָבן גענומען אויף זיך אַ תשובה. נאָר די מערסטע פֿון זיי האָבן זיך פאַרעקשנט און אין יאָר 1725 האָבן די רבנים ווידער געמוזט אַרויס קעגן זיי מיט אַ חרם.

צווישן די געהיימע שבתי־צביניקעס איז אויסגעוואַקסן און האָט זיך דערצויגן דער גרינדער פֿון אַ נייער סעקטע, יעקב פראַנק. ער איז געבאָרן געוואָרן אין יאָר 1726 אין פּאָדאָליע. זיין פאָטער, לייב, איז געווען אין חרם פאַר באַלאַנגען צו די שבתי־צביניקעס און ער האָט זיך באַזעצט אין דער שכנישער וואַלאַכיע, וועלכע האָט דעמאָלט געהערט צו טערקיי. דאָ איז יעקב צוערשט געווען אַ משרת אין אַ קראָם און דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן פאַנאַנדערפירן סחורות אין שטעט און דערפער, אָפט מאָל פלעגט אים אויסקומען צו פאָרן מיט זיינע סחורות איבער טערקישע שטעט און לעבן אין סאַלאָניקי, וואָס איז געווען דער צענטער פֿון די שבתי־צביניקעס. ער האָט זיך באַפריינדעט מיט די פירער פֿון

דער דאָזיקער סעקטע און האָט איבערגענומען אַלע אירע שלעכטע זייטן. דאַן איז אים אַריין אַ געדאַנק אין קאָפּ — גיין צוריק אין פוילן און אָנהייבן צווישן די דאָרטיקע שבתי־צביניקעס צו שפּילן די ראָלע פון אַ נביא. אים האָט געצויגן אויף דעם וועג נישט אַזוי די רעליגיעזע באַגייסטערונג, ווי דער פאַרלאַנג נאָך כבוד און דער דורשט צו עפּעס גרויסע אונטערנעמונגען. אין יאָר 1755 איז פראַנק דערשינען אין פּאָדאָליע, האָט זיך פאַראייניקט מיט די פירער פון די שבתי־צביניקעס און האָט זיי אָנגעהויבן פּרעדיקן יענע „אַנטפּלעקונגען", וועלכע ער האָט איבערגענומען פון זיינע חברים אין סאַלאָניקי. די שבתי־צביניקעס פלעגן אָפּהאַלטן בשתיקה פאַרזאַמלונגען, וואו זיי פלעגן פּראַווען עפּעס אויסטערלישע צערעמאָניעס. איין מאָל, אין דער צייט פון אַ יריד אין דעם שטעטל, לאַנדצקאָראָנאַ, האָט פראַנק און אַ מחנה פון זייערע אָנהענגער, מענער און פרויען, זיך פאַרקליבן אין אַן אַכסניא דאָרט צו פּראַווען זייערע רעליגיעזע צערעמאָניעס. זיי האָבן דאָרט געזונגען זייערע תפילות, האָבן אַרויסגערופן אין זיך אַ רעליגיעזע באַגייסטערונג דורך טאַנצן און זיך פריילעך מאַכן, און דערביי האָבן מענער געטאַנצט מיט פרויען. די פרומע יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן יריד, זיינען אויפגעבראַכט געוואָרן פאַר אַזאַ אויפפירונג. זיי האָבן דערטראַגן דאָס צו די פוילישע באַאַמטע, אַז עפּעס אַ טערקישער אונטערטאַן רודערט אויף דאָס פאָלק און פאַרשפּרייט אַ נייע אמונה. די פריילעכע קאָמפּאַניע איז אַרעסטירט געוואָרן. פראַנקן אַליין, ווי אַ פרעמדן, האָט מען אַרויסגעשיקט קיין טערקיי, און זיינע אָנהענגער האָט מען איבערגעגעבן אין רשות פון די רבנים און קהל. אַן אסיפה פון רבנים אין בראָד האָט אויסגערופן אַ חרם אויף אַלע נאָכפאָלגער פון פראַנקן און אַרויפגעלייגט ווי אַ פליכט אויף יעדן יידן אויסצוזוכן די דאָזיקע געפערלעכע סעקטאַנטן און זיי פאַרפאָלגן.

דעמאָלט האָבן די פאַרפאָלגטע סעקטאַנטן אין פּאָדאָליע זיך אַנטשלאָסן אויף אַ פאַרצווייפלטן שריט. זייערע פאָרשטייער זיינען דערשינען פאַרן קאַטוילישן בישאָף דעמבאָווסקי אין קאַמענעץ פּאָדאָלסק און האָבן אים דערקלערט אַז זייער סעקטע האַלט נישט פון דעם תלמוד, אַנערקענט בלויז דעם „זוהר" און זיי גלייבן אַזוי ווי די קריסטן אַז גאָט איז איינער אין דריי געשטאַלטן און אַז דער דערלייזער — משיח איז איינער פון די דאָזיקע דריי געשטאַלטן. די־אָ דערקלערונג האָט געגעבן

דעם בישאָף די האָפענונג צו ברענגען די אַלע סעקטאַנטן צום קריסטנטום. ער האָט געגומען די „אַנטי־תלמודיסטן“ (ווי די פראַנקיסטן האָבן זיך דעמאָלט גערופן), אונטער זיין שוץ און האָט אַרויסגערופן די רבנים אויף אַן עפנטלעכן דיספוט מיט זיי. עטלעכע פּאָדאָליער רבנים זיינען געקומען אין קאַמענעץ און דאָ איז פאָרגעקומען אַ רעליגיעזער דיספּוט צווישן זיי און די פירער פון דער סעקטע, אין דער אָנוועזנהייט פון דעמ־באָווסקי און אַנדערע קאַטוילישע גלחים (1757). די רבנים האָבן אָפּגע־וואָרפן די טענות פון זייערע קעגנער און זיי באַשולדיקט אין ליגן; נאָר דער בישאָף האָט באַ־שלאָסן אַז די „אַנטי־תלמודיסטן“ זיינען גערעכט. ער האָט באַפוילן די גלחים צו באַצאָלן די פראַנ־קיסטן אַ געלט־שטראָף; אויסער דעם האָט ער באַפוילן צוצונעמען ביי די יידן אין פּאָדאָליע אַלע גמראס און זיי פאַרברענען. די גזרה איז אויסגעפירט געוואָרן. טויזנטער גמראס זיינען צוגענו־מען געוואָרן אין קאַמענעץ און דאָרט זיינען זיי פאַרברענט גע־וואָרן. די פראַנקיסטן האָבן גע־נומען נקמה פון זייערע פאַרפאָל־גער און האָבן זיך געפרייט. מען קען נישט וויסן מיט וואָס די זאַך וואָלט זיך געווען ענדיקן ווען דער בישאָף דעמבאָווסקי זאָל נישט געווען פלוצלינג שטאַרבן. די פראַנקיסטן האָבן פאַרלאָרן זייער שטיצע און קהל האָט זיי ווידער גענומען רודפן.



יעקב פראַנק

אין דער צייט איז יעקב פראַנק געקומען צוריק פון טערקיי. ווען ער האָט דערזען די שווערע לאַגע פון זיינע אָנהענגער, וועלכע זיינען פון יידנטום אָפּגעשטאַנען און צום קריסטנטום נישט צוגעשטאַנען, האָט ער זיי אַן עצה געגעבן, אַז זיי זאָלן זיך שמדן לפנים. פּונקט אַזוי ווי שבתי צבי און זיינע מקורבים — האָט ער געזאָגט — האָבן פון דרויסן אָנגע־נומען דעם איסלאַם, אַזוי איז באַשערט אַז זיינע נאָכפאָלגער אין פּוילן

זאָלן אָננעמען דאָס קריסטנטום. נאָר אין האַרצן דאַרפן זיי האַלטן פאַר „משיח“ נישט קריסטוסן נאָר שבתי צבין, אָדער זיין שטעלפאַרטרעטער, פראַנקן. אין יאָר 1759 האָבן די פראַנקיסטן מודיע געווען די קאַטוילישע גלחים זייער פאַרלאַנג זיך צו פאַראייניקן מיט דער קירכע. מען האָט זיי אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. די צערעמאָניע פון שמד איז געמאַכט געוואָרן זייער פייערלעך אין די קירכן פון לעמבערג, און זייערע „טויף־פאָטערס“ זיינען געווען די גרעסטע פוילישע אַדעליקע. די נייע קריסטן האָבן אָנגענומען די נעמען פון זייערע טויף־פאָטערס און אויף אַזאַ אופן זיינען זיי אַריינגעטראָטן אין פוילישן אַדל. פראַנק אַליין האָט זיך גע־טויפט אין וואַרשע, וואו זיין טויף־פאָטער איז געווען קעניג אויגוסט דער 3טער; דערביי זיינען ביי־געווען די מיניסטאָרן, די הויפלייט און די אַריסטאָקראַטיע פון דער הויפטשטאָט.ביים טויפן זיך האָט מען פראַנקן אַ נאָמען געגעבן יוסף.

נאָר נישט לאַנג האָבן די פראַנקיסטן זיך געקענט פאַרשטעלן פאַר אמתע קאַטאָליקן. די פוילישע גלחים האָבן באַמערקט, אַז אין געהיים האַלטן זיי זיך נאָך ביי זייערע אמונות און מינהגים און אין גיכן איז אַלץ אויפגעדעקט געוואָרן דורך מסירות. די גלחים האָבן זיך דערוואוסט אַז די פראַנקיסטן האָבן זיך געטויפט נאָר לפנים וועגן, כדי צו פאַרבעסערן זייער לאַגע, און אַז אין אמתן האַלטן זיי פאַר זייער „הייליקן משיח“, פראַנקן, דעם נאָכפאָלגער פון שבתי צבי. דאַן האָט מען פראַנקן אַרעס־טירט און געבראַכט פאַר אַ קירכן־געריכט. דאָס געריכט האָט אַרויס־געגעבן אַ פסק: פאַרשפאַרן פראַנקן אין דער פעסטונג פון טשענסטאָכאָוו און האַלטן אים לעבן דאָרטיקן מאָנאַסטיר, כדי ער זאָל נישט קענען האָבן קיין פאַרבינדונג מיט זיינע אָנהענגער. דרייצן יאָר (60—1772) איז פראַנק אָפּגעווען אין פעסטונג, אָבער די גלחים האָבן זייער ציל נישט דערגרייכט: די פראַנקיסטן איז געלונגען אָנצוהאַלטן פאַרבינדונגען מיט זייער „משיח“; אייניקע האָבן אַפילו אַליין זיך אַריינבאַקומען אין טשענסטאָכאָוו אָדער האָבן געוואוינט אין דער אומגעגנט פון דער שטאָט, אָנהאַלטנדיק אַ געשלאָסענע פאַרבאָרגענע סעקטע. זיי האָבן געזען אין דעם שיקזאַל פון פראַנקן אַן איבערחזרונג פון דעם שיקזאַל פון דעם „ליידנדיקן משיח“ שבתי צבי, וועלכער איז אַמאָל אויך געזעסן פאַר־שפאַרט אין דער פעסטונג אַבידאָס. פראַנק פלעגט דערמוטיקן זיינע אָנהענגער מיט רייד און בריוו; ער פלעגט זאָגן, אַז זיך ראַטעווען קען

מען נאָר דורך דער „אמונה פון אדום״, וועלכע האָט באַדייט עפּעס אַ מין געמיש פון קריסטנטום און דער שבתי צבי־אידעע.

ערשט נאָך דער ערשטער צעטיילונג פון פּוילן, ווען טשענסטאָכאָוו איז איינגענומען געוואָרן פון די רוסן איז פראַנק באַפרייט געוואָרן פון געפענגעניש (1772). באַגלייט פון אַ סך פון זיינע אָנהענגער איז ער אַרויסגעפאָרן פון פּוילן און זיך באַזעצט אין מאָראַוויע. דאָ, און דערנאָך אין עסטרייך, האָט ער געשפּילט די ראָלע ווי ער וואָלט פאַרשפּרייט דאָס קריסטנטום צווישן די יידן און האָט אַפילו געוואונען אויף זיין זייט דעם קעניגלעכן הויף פון ווין. נאָר אין גיכן האָט מען זיך דערוואוסט פון זיין פאַרגאַנגענהייט און ער האָט געמוזט פאַרלאָזן עסטרייך. פראַנק האָט זיך באַזעצט אין דייטשלאַנד, אין אָפענבאַך, וואו ער האָט זיך אַליין גענומען דעם טיטל „באַראָן פאָן אָפענבאַך״. דאָ איז ער צוזאַמען מיט זיין טאָכטער חווה, אָדער די „הייליקע מיידל״, געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון זיין געהיימער סעקטע און האָט געלעבט אין לוקסוס, באַקומענדיק געלט פון זיינע אָנהענגער אין פּוילן און מאָראַוויע. נאָך פראַנקס טויט (1791) האָט די סעקטע אָנגעהויבן צעפאַלן צו ווערן. די פראַנקיסטן וואָס זיינען געבליבן אין פּוילן האָבן זיך צענויפגעגאָסן מיט דער פּוילישער באַפעלקערונג, און צולעצט זיינען זיי אין גאַנצן פאַרשוואונדן אין דער פּוילישער געזעלשאַפט.



קאַפּיטל 10

# די איבערגאַנגס - צייט

(1795 — 1750).

## § 56. משה מענדעלסאָן.

די צווייטע העלפט פון 18טן יאָרהונדערט איז פאַר די יידן געווען אַ צייט פון איבערגאַנג פון דעם אַלטן לעבן צו אַ נייעם. אין דער געבילדעטער געזעלשאַפט פון מערב־אייראָפּע האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן אַן אויפקלערונגס־באַוועגונג, וועלכע האָט געשטרעבט צו באַפרייען דעם מענטשלעכן געדאַנק פון די פאָראורטיילן פון מיטלעלטער. אין פראַנקרייך איז אויפגעשטאַנען א דור פון שרייבער און דענקער, וועלכע האָבן געפאָדערט די פרייהייט פון געדאַנק און געוויסן פאַר אַלעמען, ד״ה, יעדער איינער זאָל האָבן די פרייהייט אַרויסצוזאָגן און צו פרעדיקן זיינע איבערצייגונגען, אפילו ווען זיי גייען קעגן די אַלגעמיין־אָנגענומענע מיינונגען (וואָלטער, דידעראָ, רוסאָ, די ענציקלאָפּעדיסטן). די־אָ פרייע געדאַנקען וואָס זיינען אויפגעקומען אין פראַנקרייך האָבן געפונען אַ סך אָנהענגער אין דייטשלאַנד. צווישן די אָנהענגער פון אויפקערונג איז אויך געווען דער פּרייסישער קעניג פרידריך דער 2טער, וועלכער פלעגט זאָגן אַז ער דערלויבט יעדן איינעם פון זיינע אונטערטאַנער צו ראַטעווען זיין נשמה לויט זיינע אייגענע רעליגיעזע איבערצייגונגען. אין אמתן אָבער האָט פרידריך נישט געוואָלט פאַרלייכטערן די שווערע לאַגע פון טויזנטער פון זיינע אונטערטאַנער, וועלכע האָבן געגלייבט אין דער

יידישער רעליגיע. ער האָט די יידן נישט געגעבן קיין בירגעררעכט, און ער האָט נאָר דערלויבט פאַרמעגלעכע יידישע סוחרים צו וואוינען אין פרייסן, בתנאי אַז זיי זאָלן דאַרפן צאָלן גרויסע שטייערן. אין דער פּריי־סישער הויפּטשטאָט בערלין האָט זיך דעמאָלט געפונען אַ קליינע יידישע קהילה. קיין אָרעמע יידן פון אַנדערע ערטער האָט מען נישט אַריינגע־לאָזט אין דער שטאָט, אָבער זיי פלעגן אַריינדרינגען אַהין בשתיקה. אויף אַזאַ אופן האָט זיך איין מאָל דערשלאָגן קיין בערלין אַן אָרעם יידיש יינגל פון דער שטאָט דעסוי, וועלכן עס איז שפּעטער באַשערט געווען צו שפּילן אַ גרויסע ראָלע ביי יידן ווי אויך ביים דייטשן פאָלק. דאָס איז געווען משה מענדעלסאָן.

משה מענדעלסאָן איז געבאָרן געוואָרן אין יאָר 1729, אין דעסוי, ביי אַן אָרעמען סופר, מיטן נאָמען מענדל. אונטער דער השגחה פון זיין פאָטער האָט ער געלערנט די העברעאישע שפּראַך און דעם תנ"ך, און תלמוד האָט ער געלערנט ביים רב פון שטאָט ר' דוד פרענקל. דער יונ־גער משה האָט געלערנט מיט גרויס התמדה, און ווען זיין רבי פרענקל איז גערופן געוואָרן צו פאַרנעמען דעם שטול פון רבנות אין בערלין האָט זיין 14־יעריקער תלמיד אים נאָכגעפאָלגט אַהין. אין בערלין האָט דאָס אָרעמע יינגל געלעבט אין אַ דאַכשטיבל און געליטן שרעקלעכע נויט, אָבער ער האָט נישט אויפגעהערט צו לערנען מיט זיין געוויינט־לעכער התמדה. די פילאָזאָפישע ספרים פון דעם רמב"ם האָבן אויפגע־וועקט אין אים דעם גייסט פון פרייען פאָרשן. זיין אָרעמע נאַרונג און דאָס אָנגעשטרענגטע לערנען האָבן שטאַרק אָפּגעשוואַכט זיין אָרגאַניזם; פון שטענדיקן זיצן האָט ער זיך אויסגעקרימט די פּלייצע און איז געוואָרן אַ הויקער. אָבער עס איז אים נישט אָנגעגאַנגען זיינע קערפּערלעכע פע־לערן. ער האָט אַרויסגעוויזן אומגעוויינטלעכע גייסטיקע פעאיקייטן. ער האָט באַרייכערט זיין געדאַנק אויך מיט יענע וויסנשאַפטלעכע און פי־לאָזאָפישע לערעס, וועלכע האָבן פאַרן יידישן קינד זיך דעמאָלט גערעכנט פאַר איבעריק און אַפילו געפערלעך. ער האָט געלערנט מאַטעמאַטיק, לאַטיין און מאָדערנע שפּראַכן און האָט פלייסיק געלייענט די פראַנצוי־זישע און דייטשע ליטעראַטור. אין גיכן האָט מענדעלסאָן געקראָגן אַ שטעלע ווי אַ הויז־לערער ביי אַ רייכן יידישן פאַבריקאַנט אין בערלין, און שפּעטער — ווי אַ פאַרוואַלטער אין זיין קאַנטאָר. ער איז איצט

געווען באַזאָרגט מיט פּרנסה און האָט זיין גאַנצע פרייע צייט געווידמעט צו גייסטיקער אַרבעט.

אַן אַנטשיידענע איבערקערעניש אין מענדעלסאָנס לעבן האָט געמאַכט זיין באַקאַנטשאַפט מיט דעם גרויסן דייטשן שריפטשטעלער לעסינג (1754). לעסינג, וועלכער האָט נאָך אין איינער פון זיינע יוגנט־דראַמען („די אידען") פאַרדאַמט די פאָראורטיילן פון זיינע דייטשע פאָלקסברידער קעגן די יידן, האָט געפונען אין מענדעלסאָנען דעם שענסטן פאָרשטייער פון יידישן פאָלק. צווישן די צוויי יונגע מענטשן האָט זיך פאַרבונדן אַ שטאַרקע פריינדשאַפט, וועלכע איז געווען באַגרינדעט אויף ענלעכע גייסטיקע און מאָראַלישע שטרעבונגען. די־אָ פריינדשאַפט האָט געהאַט אַ גוטע ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פון זיי ביידן. לעסינג האָט אַריינגעפירט מענדעלסאָנען אין דעם הויז פון זיינע געבילדעטע חברים און האָט געמאַכט אַ וועג פאַר זיין ליטעראַרישן נאָמען. ווען מענדעלסאָן האָט אים איין מאָל געגעבן איבערצוקוקן זיינעם אַ כתב־יד מיטן נאָמען „פילאָזאָפישע שמועסן" האָט לעסינג אָן זיין וויסן עס אָפּגעדרוקט (1755). דאָס בוך האָט אויסגענומען ביים עולם, וואָרום עס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ קלאָרן סטיל און אַ פּראַכטפולן דייטש. מענדעלסאָנס רום איז באַזונדערס אויסגעוואַקסן ווען עס האָט זיך באַוויזן זיין בוך „פעדאָן", וואו, אין דער פאָרעם פון געשפּרעכן צווישן דעם פילאָזאָף סאָקראַטעס און זיין תּלמיד פעדאָן, ווערט באַוויזן אַז די נשמה איז אומשטאַרביק. דאָס דאָזיקע בוך איז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס באַגייסטערונג אין דער גאַנצער גע־



Moses Mendelssohn

בילדעטער געזעלשאַפט, און מען האָט אָוועקגעשטעלט מענדעלסאָנען אין איין שורה מיט דייטשלאַנדס בעסטע שרייבער. באַרימטע שרייבער פלעגן זוכן די באַקאַנטשאַפט פון מענדעלסאָנען. זיין הויז איז געוואָרן דער צענטער פאַר די געבילדעטע מענטשן פון בערלין. דאָרט פלעגן גע־פירט ווערן הייסע וויכוחים וועגן די העכסטע פילאָזאָפישע און מאָראַ־לישע פראַגן, וואָס האָבן באַשעפטיקט דעם דעמאָלטיקן דור. מענדעלסאָן האָט געקראָגן דעם נאָמען „דער יידישער סאָקראַטעס".

כאָטש ער האָט פאַרנומען אַ גרויסן אָרט אין דער דייטשער געזעל־שאַפט האָט מענדעלסאָן פון דעסט וועגן נישט פאַרגעסן וועגן די אינ־טערעסן פון זיין פאָלק. אויב די ערשטע יאָרן פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט זיינען געווען געווידמעט צו אַלגעמיין פילאָזאָפישע אַרבעטן, איז זיין גאַנצע שפּעטערדיקע טעטיקייט געווען געווידמעט צו פאַר־שטאַרקן און באַנייען דאָס יידנטום. דער ווייטערדיקער צופאַל האָט גע־צוואונגען מענדעלסאָנען אַרויסצוטרעטן ווי אַ קעמפער פאַרן יידנטום. צווישן זיינע באַקאַנטע איז געווען אַ באַוואוסטער גלח לאַוואַטער, וועלכן עס האָט זיך זייער שטאַרק געגלוסט צו מאַכן דעם יידישן פילאָזאָף פאַר אַ קריסט. לאַוואַטער האָט אָפּגעדרוקט אַ בוך „באַווייזע פון דער וואַרהייט פון קריסטענטום". דעם דאָזיקן בוך האָט דער פאַרפאַסער געווידמעט צו מענדעלסאָנען, און אין דער געדרוקטער ווידמונג האָט ער אים פאָרגע־לייגט ער זאָל ענטווערדער אָפּשלאָגן די באַווייזן פון דעם בוך אָדער אָנ־נעמען דאָס קריסטנטום. די־אָ אַרויספאָדערונג האָט מענדעלסאָנען אויפ־געבראַכט. ער האָט געדרוקט אַ „זענדשרייבן צו לאַוואַטער" אין וועלכן ער האָט שטאָלץ דערקלערט, אַז ער איז שטענדיק געווען און וועט בלייבן געטריי דער יידישער אמונה, וואָס אין איר חכמה און געטלעכקייט איז ער טיף איבערצייגט, און אַז עס איז נישט ערלעך ווען איינער בייט זיין גלויבן אָדער רעדט אָן אַנדערע אַזוי צו טאָן.

מענדעלסאָנס הויפּט־אויפגאַבע איז באַשטאַנען נישט אין פאַר־טיידיקן די יידן קעגן דער דרויסנדיקער וועלט, נאָר ער האָט געוואָלט באַנייען זייער אינווייניקסטן לעבן און צופּאַסן זיי צום אייראָפּעאישן פּראָגרעס. ער האָט געשטרעבט צו מאַכן ברייטער דעם גייסטיקן האָרי־זאָנט פון זיינע ברידער און אויסגלייכן די יידישע רעליגיע־אָנשויאונגען מיט די אָנשויאונגען פון דער פילאָזאָפיע. ער האָט געזען ווי די יידן האָבן זיך דערווייטערט פון דעם תנ"ך, זיך אָפּגעבנדיק כמעט אויסשליס־

לעך מיט לערנען דעם תלמוד, און ווי אַזוי דער תנ״ך פלעגט אָפט גע־טייטשט ווערן אַזוי, אַז דער קלאָרער געדאַנק פון זיינע ווערטער איז פאַרטונקלט געוואָרן. דעריבער האָט ער, אַזוי ווי לוטער, באַשלאָסן אָנ־צופאַנגען די איבערפורעמונג פון פאָלק מיט אַן איבערזעצונג פון תנ״ך. ער האָט איבערזעצט אין דייטש דעם חומש, זיך האַלטנדיק שטרענג צו די ווערטער פון אָריגינאַל, און דערנאָך האָט ער, מיט דער הילף פון אַנדערע חברים, געמאַכט אין העברעאיש אַ פירוש צום חומש, דעם „ביאור״, וועלכער איז באַגרינדעט אויפן גראַמאַטישן און לאָגישן גע־דאַנק פון די ווערטער, אָן אַ שום צומיש פון קינסטלעכע טייטשן. מענ־דעלסאָנס איבערזעצונג און פירוש פון דער תורה איז דערשינען אין יאָר 1783 און האָט אַרויסגערופן פּרייד צווישן די ליבהאָבער פון אויפקלע־רונג, אָבער אומצופרידנקייט ביי די רבנים, וועלכע האָבן געזען אין דער דאָזיקער „תורה״ אַ געפערלעכע אַפיקורסות. די דייטשע רבנים זיינען אַרויסגעטראָטן מיט שאַרפע פּראָטעסטן קעגן די „בערלינער״, ד״ה, קעגן מענדעלסאָנען און זיינע חברים, און האָבן באַפוילן צו פאַרניכטן די ספרים מיט זיין איבערזעצונג און פירוש. אין געוויסע שטעט האָט מען ווירקלעך געברענט דעם בערלינער תנ״ך. אָבער דאָס האָט נישט גע־האָלפן. אַ סך יונגעלייט האָבן זיך צוגעכאַפּט צו דער איבערזעצונג און דעם ביאור, וועלכער איז פאַר זיי געוואָרן אַ קוואַל פון אויפקלערונג: זיי פלעגן לערנען מענדעלסאָנס „ביאור״ באַהאַלטנערהייט, און פלעגן זיך פון אים באַקענען מיטן דיקדוק פון דער העברעאישער שפּראַך, מיט דער פּאָעזיע פון תנ״ך און מיט דער געשיכטע; אויף מענדעלסאָנס אי־בערזעצונג האָבן זיך אַ סך געלערנט די דייטשע שפּראַך, וועלכע האָט זיי אַריינגעפירט אין דער וועלט פון דער פרייער בילדונג און פילאָזאָפיע. נאָכן חומש האָט מענדעלסאָן אַרויסגעגעבן אין דעם זעלביקן גייסט דעם תהילים און אַנדערע ספרים פון תנ״ך. די גאַנצע אונטערנעמונג איז פאַרענדיקט געוואָרן שוין דורך מענדעלסאָנס תלמידים.

אין איינעם פון זיינע לעצטע ווערק, געשריבן אין דייטש („ירושלים״), וויל מענדעלסאָן באַווייזן אַז דאָס יידנטום פאָדערט נישט פון זיינע אָנהענגער בלינדן גלויבן, נאָר צו פאַרשטיין די היסטאָרישע און מאָראַלישע געזעצן און זיי אָפּהיטן. דער גרויסער דייטשער פילאָזאָף קאַנט האָט באַגריסט די דערשיינונג פון „ירושלים״ ווי אַן אָנפאַנג פון אַן אַלגעמיינער רעפאָרם פון רעליגיע. לעסינג האָט אין דעם העלד פון

זיין באַרימטער דראַמע „נאַטהאַן דער ווייזע" געשילדערט זיין חבר מענדעלסאָן. נאָך אַ קורצן אָבער פרוכטבאַרן לעבן איז מענדעלסאָן גע־שטאָרבן (1786) און איז ביטער באַוויינט געוואָרן פון פילע חברים און פאַרערער.

## § 57. מענדעלסאָנס שולע; דער קאַמף פאַר השכלה.

מענדעלסאָן האָט באַלאַנגט צו יענעם קלאַס שרייבער, וועלכע ווירקן אויף זייער דור נישט אַזוי מיט זייערע ביכער ווי מיט זייער פער־זענלכן איינפלוס. מענדעלסאָנס טעטיקייט אין זיין קרייז, ווי אַ פירער, איז געווען נאָך וויכטיקער פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט. ער האָט געקענט באַגייסטערן זיינע פריינד און תלמידים און וועקן זיי צו אַר־בעטן לטובת הכלל. „מענדעלסאָנס קרייז" האָט זיך געשטעלט צוויי הויפּט־צילן: צו איבערבויען די יידישע קינדער־דערציאונג און אויפלעבן די העברעאישע ליטעראַטור. דער פונדאַמענט צו דער פאַרווירקלעכונג פון די דאָזיקע צוויי צילן איז געלייגט געוואָרן נאָך ביי מענדעלסאָנס לעבן. לויט דעם פּלאַן פון זיין חבר און מיטאַרבעטער דוד פרידלענדער איז געגרינדעט געוואָרן אין בערלין, אין יאָר 1778, די ערשטע „אידישע פרייע שולע", אין וועלכער מען האָט געלערנט אויף דייטש אַלגעמיינע געגנשטאַנדן, העברעאישן דיקדוק און תנ"ך. די נייע „שולע" האָט עס געדאַרפט אויסבעסערן די חיסרונות פון דעם אַלטן „חדר", וואו מען פלעגט נאָר לערנען תלמוד.

די שולע איז געגרינדעט געוואָרן פאַרן יינגן דור. אָבער צו דער־ציען די דערוואַקסענע האָבן זיי געאַרבעט דורך דער ליטעראַטור. עס איז נייטיק געווען אַרויסצושטויסן די פאַרגרייזטע העברעאישע שפּראַך וואָס איז דעמאָלט גענוצט געוואָרן אין די ספרים, און אויפלעבן צוריק די ריינע שפּראַך פון תנ"ך. האָבן מענדעלסאָנס תלמידים געגרינדעט אין 1783, אין בערלין, אַ „חברת חובבי שפת עבר" און האָבן אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַ זשורנאַל מיטן נאָמען „המאסף" (דער זאַמלער). אין דעם זשורנאַל פלעגן קומען לירישע און דידאַקטישע שירים אין העברעאיש, מאמרים איבער וויסנשאַפטלעכע ענינים, פאָרשונגען אין העברעאישן דיקדוק און העברעאישער ליטעראַטור, איבערזעצונגען פון מוסטערן פון דער דייטשער און פראַנצויזישער ליטעראַטור. אין אַלגעמיין האָט דער

זשורנאַל דערמאָנט צום טייל די היינטיקע זשורנאַלן פאַר דער יוגנט, נאָר טאַקע דערפאַר האָט ער געהאַט דערפאָלג ביי דעם דעמאָלטיקן עולם. די מיטאַרבעטער פון זשורנאַל זיינען געווען מענדעלסאָנס חברים און תלמידים — אייכעל, וויזעל פרידלענדער און אַנדערע.

איינע פון מענדעלסאָנס בעסטע מיטאַרבעטער איז געווען נפתלי־הערץ וויזל (וויזעלי) פון האַמבורג (1805־1726). וויזל האָט זייער פיל מיטגעהאָלפן ביים צונויפשטעלן דעם „ביאור". נאָך פריער האָט ער צוגעצויגן צו זיך אויפמערקזאַמקייט מיט זיין זעלטענער אָפּהאַנדלונג וועגן דער העברעאישער שפּראַך („הלבנון" אָדער „גן־נעול"). נאָך דעם ווערק זיינען געקומען אַנדערע און אַ ריי אַרטיקלען און לידער אין „המאסף". וויזעל האָט געשריבן אַלע זיינע ווערק אין דער ביי־אויפגעלעבטער ביבלישער שפּראַך, בעת מענדעלסאָן האָט געשריבן מערסטענס אין דייטש. וויזעלס גרויסע פּאָעמע „משה" (אין „שירי תפארת") באַזינגט משהס גרויסע טאַטן און יציאת מיצרים אין שטאַרקע ביבלישע פערזן, וועלכע די העברעאישע פּאָעזיע האָט שוין לאַנג ניט אַרויסגעגעבן. נאָך מער פון אַלץ האָט זיך וויזעל באַרימט געמאַכט מיט זיין קאַמף קעגן די רבנים, וועלכע האָבן אָנגעהויבן רודפן די נייע השכלה אין עסטרייך.



נפתלי ה. וויזעל

אין עסטרייך האָט געהערשט דער אויפגעקלערטער קעניג יאָזעף דער 2טער (1780—90). דער דאָזיקער קעניג האָט געוואָלט פאַרבעסערן די לאַגע פון די יידן אין זיין קעניגרייך און האָט פאַראָרדנט אַז עס זאָלן געגרינדעט ווערן יידישע אָנפאַנגס־שולן וואו מען זאָל לערנען אַלגעמיינע לימודים און די דייטשע שפּראַך. דער־אָ באַפעל האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן שטורעם צווישן די יידן פון עסטרייך, בעמען און פוילישן גאַלי־

ציע, וועלכע איז דעמאָלט צוגעשלאָסן געוואָרן צו עסטרייך. די פרומע יידישע מאָסע און אירע גייסטיקע פירער האָבן מורא געהאַט, אַז די נייע שולן וועלן אָפּציען דאָס פאָלק פון לערנען תורה און גמרא. אַנדערש האָבן געקוקט דערויף מענדעלסאָנס אַנהענגער, אָדער די „משכילים". זיי האָבן באַגריסט קעניג יאָזעפס באַפעל, ווי אַן אָנפאַנג פון אַ ליכטיקער צייט אין דעם לעבן פון די יידן. ווייזעל האָט אָנגעשריבן אַ לויב־געזאַנג לכבוד דעם „קעניג־באַפרייער". דערהערנדיק אַז די רבנים זיינען ניט צו־פרידן מיט די רעפאָרמען פון קעניג יאָזעף, האָט זיך ווייזעל געווענדט צו די עסטרייכישע יידן מיט אַ שריפט, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין בערלין אין יאָר 1782 אונטערן נאָמען „דברי שלום ואמת". אין דער שריפט האָט ער וואַרעם געבעטן אַז די יידן זאָלן באַגריסן די גוטע פאַראָרדענונגען פון דעם קעניג און האָט געוויזן אַז אפילו פון דעם רעלי־גיעזן שטאַנדפּונקט איז אַ חוב אויף יעדן יידן צו האָבן אַלגעמיינע ביל־דונג און צו קענען די לאַנדסשפּראַך, וואָרום אָן אַ באַקאַנטשאַפט מיט די נאַטור־וויסנשאַפטן, געשיכטע און געאָגראַפיע קען מען ניט פאַרשטיין גוט דעם תלמוד און ביכלל דעם גייסט פון יידנטום. ווייזעלס שריפטן האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג בלויז ביי די יידן פון טריעסט, וועלכע זיינען געווען מייסטנס איטאַליענישע יידן; אָבער אין די אַנדערע ערטער האָט זי אַרויסגערופן אַ שטורעם פון אומצופרידנקייט צווישן דעם פרומען קלאַס. דער הויפּט־רב פון פראָג ר' יחזקאל לאַנדוי פלעגט האַלטן אין די שולן פייערדיקע דרשות קעגן די פריידענקער. מען האָט די משכילים דערקלערט קריג; מען פלעגט זיי לייגן אין חרם און אין ליס האָט מען ווייזעלס שריפט פאַרברענט אין דער עפנטלעכקייט. דעמאָלט האָט ווײ־זעל אָפּגעדרוקט אַ צווייטע שריפט, אין וועלכער ער האָט זיך פאַרטיי־דיקט קעגן דער באַשולדיקונג אין אפּיקורסות און האָט ווידער באַוויזן אַז אַלגעמיינע בילדונג און די יידישע רעליגיע האַרמאָנירן. נאָך דעם זיינען די אַטאַקעס אויף ווייזעלן אָפּגעשטעלט געוואָרן; אָבער דער קאַמף צווישן די משכילים און זייערע קעגנער האָט נאָך געדויערט אַ סך יאָרן.

## § 58. די היידאַמאַקן און די צעטיילונג פון פוילן.

בשעת אין מערב־אייראָפּע איז אויפגעגאַנגען דער מאָרגן־שטערן פון אַ נייַ לעבן האָט אין פוילן געהערשט די אַלטע אומאָרדענונג, וועלכע האָט

געבראַכט דאָס לאַנד צום אונטערגאַנג. פאַרן לעצטן קעניג סטאַניסלאַוו־אויגוסט (1764) איז פוילן געוואָרן אונטערטעניק צו אירע שטאַרקע שכנים, איבערהויפט רוסלאַנד. אינעווייניק אין לאַנד האָט זיך די אומ־אָרדענונג געשטאַרקט, דער קאַמף צווישן די פאַרשיידענע קלאַסן און אמונות האָט זיך פאַרשאַרפט, די רעכט פון די יידן און די „דיסידענטן" (ד"ה קריסטן וואָס זיינען ניט קיין קאַטוילי̈קן) זיינען באַגרענעצט געוואָרן. די לאַגע פון די יידן איז באַזונדערס שווער געווען אין פאָדאָליע, וואָלין און יענעם טייל פון אוקראַיִנע, וועלכע איז געבליבן ביי פוילן. דאָ האָבן זיך די יידן ווידער געפונען צווישן צוויי פייערן: צווישן די זעלבשטענדיקע פוילישע „פּאַנעס" און די פאַרשקלאָפּטע פּראַוואָ־סלאַווגע פויערן. אין דער ערשטער העלפט פון 18־טן יאָרהונדערט האָבן זיך צווישן די פויערן אָנגעהויבן אומרוען, וועלכע האָבן דערמאָנט אָן כמעלניצקיס צייטן. אַנטלאָפענע פויערן פלעגן זיך פאַראייניקן מיט די קאָזאַקן פון דעם רוסישן טייל פון דער אוקראַיִנע און מיט די „זאַפּאָ־ראָזשצעס" און זיי האָבן געשאַפן פרייע באַנדעס „היידאַמאַקן" (ד"ה פלינקע, געשיקטע אין לויפן). די היידאַמאַקן פלעגן מאַכן רויבערישע אָנ־פאַלן דאָ אויף פריצישע גיטער, דאָ אויף יידישע שטעטלעך. פון אָנפאַנג זיינען די אָנפאַלן געווען צופעליק און זעלטן, נאָר דערנאָך זיינען זיי גע־וואָרן עפטער און זיי האָבן אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַ שרעקלעכן פאָלקס־אויפשטאַנד. דער שטורעם פון דעם פאָלקס־אויפשטאַנד האָט זיך צעשפּילט אין יאָר 1768.

אין יענער צייט איז אָנגעגאַנגען אַ סיכסוך צווישן פוילן און רוס־לאַנד איבער דער פּראַוואָסלאַווער באַפעלקערונג פון פוילן, פאַר וועל־כער רוסלאַנד האָט געפאָדערט גלייכע רעכט. די קאַטוילישע גלחים האָבן מיט אַלע קרעפטן געקעמפט קעגן גלייכבאַרעכטיקונג פאַר ניט־קאַטויליקן, און די פּראַוואָסלאַווע גלחים האָבן גערייצט די רוסישע אוקראַיִנער צו אַ בונט. אין פאָלק איז אומגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט אַ פאַלשער באַ־פעל פון דער קעניגין יעקאַטערינאַ דער 2טער, אין וועלכן עס איז באַפוילן געוואָרן „אומצוברענגען די ליאַכן און יידן" אין דער אוקראַיִנע. בראש פון דער נייער באַוועגונג פון די היידאַמאַקן איז געשטאַנען דער קאָזאַק זשעלעזניאַק. זשעלעזניאַקס רויבער־באַנדעס האָבן געבושעוועט אין די געגנטן פון קיעוו, פלעגן הרגענען פריצים און יידן און פאַרניכטן שטעט־לעך און די פריצישע גיטער. די היידאַמאַקן פלעגן אָפט אויפהענגען אויף

איין בוים צוזאַמען אַ פּאָליאַק, אַ יידן און אַ טויטן הונט, און אויפן בוים פלעגן זיי אָנשרייבן: „ליאַך, ייד און הונט — דאָס איז אַלץ איין אמונה". באַרויבנדיק די יידן אין עטלעכע שטעטלעך, איז זשעלעזניאַק אַוועק מיט זיינע באַנדעס צו דער באַפעסטיקטער שטאָט אומאַן, וואוהין עס זיינען זיך פון אָנהייב פון דעם אויפשטאַנד צונויפגעלאָפן איבער צען טויזנט פּאָליאַקן און יידן. דערהערנדיק אַז די היידאַמאַקן קומען אָן, האָט דער פּוילישער גובערנאַטאָר פון אומאַן אַרויסגעשיקט קעגן זיי זיין קאַזאַקישן חיל אונטער דער קאָמאַנדע פון איינעם גאָנטאַ. נאָר גאָנטאַ, וועלכער איז אַליין געווען אַ פּראַוואָסלאַוונער און אַ קאָזאַק, האָט פאַראַטן די פּאָלאַקן און האָט זיך פאַרייניקט מיט זשעלעזניאַקן. דעם 18־טן יולי 1768 זיינען ביידע פירער פון די היידאַמאַקן אונטערגעקומען צו אומאַן. פון אָנפאַנג האָט זיך די שטאָט פאַרטיידיקט. די פּאָליאַקן און די יידן האָבן צוזאַמען געאַרבעט אויף דער פעסטונגס־וואַנט, שיסנדיק אויף די באַלאַגערער פון האַרמאַטן און ביקסן; נאָר איינהאַלטן די שטאָט איז זיי ניט געלונגען. ווען די היידאַמאַקן האָבן זיך אַריינגעריסן אין שטאָט האָבן זיי זיך פריער פון אַלץ געוואָרפן אויף די יידן וועלכע זיינען אומגעלאָפן אין שרעק איבער די גאַסן: מען פלעגט זיי טויטן מיט גרויס אכזריות, טרעטן אונטער די פיס פון די פערד און אַרונטערוואַרפן פון די דעכער פון הויכע געביידעס; קינדער פלעגט מען אַרויפשטעכן אויף שפּיזן און פרויען פלעגט מען פייניקן. אַ מאַסע יידן, אַרום דריי טויזנט אין צאָל, האָט זיך פאַרשפּאַרט אין דער גרויסער שול. די היידאַמאַקן האָבן אָנגעשטעלט אַנטקעגן דער טיר אַ האַרמאַט, האָבן די טיר אויפגעריסן און דאַן זיך אַריינגעריסן אינעווייניק און פאַרוואַנדלט די שול אין אַ שחיטה־הויז. פאַרטיק געוואָרן מיט די יידן האָבן די היידאַמאַקן זיך גענומען צו



אַ הייד־אַמאַק

די פּאָליאַקן; אַ סך האָבן זיי אויסגעקוילעט אין קלויסטער; דער גובער־נאַטאָר און אַלע פּריצים זיינען געהרגעט געוואָרן. די גאַסן פון שטאָט זיי־נען געווען פאַרזייט מיט טויטע אָדער פאַרפּייניקטע קערפּערס. אַרום צוואַנ־ציק טויזנט יידן און פּאָליאַקן זיינען אומגעקומען אין דער צייט פון דער „אומאַנער שחיטה". אין דער זעלביקער צייט האָבן קלענערע באַנדעס היי־דאַמאַקן אומגעבראַכט די פּאָליאַקן און יידן אין אַנדערע שטעט פון קיעוו און פּאָדאָל, ווי צום ביישפּיל, פאַסטאָוו, זשיוואָטאָוו, טולטשין. דאָרט וואו אַמאָל האָט געבושעוועט די אַרמיי פון כמעלניצקין, האָט זיך ווידער געגאָסן יידיש בלוט און עס האָבן זיך געהערט די געשרייען פון מאַר־טירער. אָבער דאָס מאָל האָט די שחיטה ניט געדויערט לאַנג. אי דער רו־סישער אי דער פּוילישער חיל האָבן זיך שטאַרק גענומען צו דערשטיקן דעם אויפשטאַנד. שוין אין גיכן נאָך דער אומאַנער שחיטה זיינען זשע־לעזניאַק און גאָנטאַ גענומען געוואָרן געפאַנגען פון דעם רוסישן חיל. גאָנטאַ און זיין מחנה זיינען איבערגעגעבן געוואָרן צו דער פּוילישער רעגירונג און ער האָט באַקומען אַ שרעקלעכע שטראָף: מען האָט פון אים אָראָפּגעצויגן די הויט פאַסנווייז און דערנאָך צעפערטלט.

אין גיכן איז פּוילן צעפאַלן און איז ביסלעכווייז צעטיילט געוואָרן צווישן די שכנישע מלוכות. אָנפאַנגענדיק מיטן יאָר 1772 האָבן רוסלאַנד, עסטרייך און פּרייסן געטיילט פּוילן צווישן זיך דריי מאָל. די לעצטע צעטיילונג איז פאָרגעקומען אין יאָר 1795. רוסלאַנד האָט געקראָגן ווייס־רוסלאַנד, ליטע, וואָלין און פּאָדאָליע און שפּעטער אויך די אינעווייי־ניקסטע פּוילישע פּראָווינצן (די ווייסל־פּראָווינצן"); עסטרייך האָט גע־קראָגן גאַליציע אָדער רויט־רוסלאַנד, און פּרייסן — פּאָמעראַניע און פּויזן. אין פאַרלויף פון צוויי צענדליק יאָר זיינען די צאָלרייכע פּוילישע יידן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין רוסישע, עסטרייכישע און פּרייסישע אונ־טערטאַנען. דער גרעסטער טייל פון דער מאַסע יידן איז אַרונטער אונטער רוסלאַנד.

## § 59. די יידן אין רוסלאַנד אין פּעטערס צייטן.

די הערשער פון דער אַלטער מאָסקווער רוסלאַנד האָבן בשום אופן ניט אַריינגעלאָזט קיין יידן אין זייערע לענדער. די רוסן פון יענער צייט האָבן ניט ליב געהאַט קיין פרעמדע בכלל, און די יידן ביפרט, ווי ניט־

קריסטן, וועלכע האָבן אַמאָל געבראַכט אין זייער לאַנד די „יידישע אפּי־קורסות". יידישע סוחרים פון פּוילן און ליטע פלעגן קומען קיין רוסלאַנד בלויז צייטווייליק וועגן געשעפט, אָבער שטענדיק דאָרט וואוינען האָבן זיי ניט געקענט. ווען דער רוסישער צאַר איוואַן גראָזני האָט איינגעגנומען ביי די פּאָליאַקן די שטאָט פּאָלאָצק האָט ער באַפוילן אויסצושמדן אַלע יידן, און די וואָס ווילן ניט זיך שמדן — דערטרינקען אין דער דווינאַ (1563). צאַר אַלעקסיי מיכיילאָוויטש האָט אַרויסגעטריבן די יידן אפילו פון די ליטווישע און ווייס־רוסישע שטעט, וואו זיי האָבן זיך באַזעצט צייטווייליק (§ 53). אין די קליין־רוסישע פּראָווינצן וואָס רוסלאַנד האָט דעמאָלט צוגעשלאָסן צו זיך, האָבן די יידן אויך ניט געהאַט קיין שטענדיק וואוינרעכט. ערשט פּאַר פּעטער דעם גרויסן און זיינע נאָכפאָלגער האָבן די יידן אָנגעהויבן אַריינצודרינגען אין מאַסן אין די רוסישע געגענטן, וואָס האָבן זיך געגרענעצט מיט פּוילן, איבערהויפּט אין קליין־רוסלאַנד. כל־זמן פּעטער האָט געלעבט האָט מען זיי ניט געטשעפּעט; אָבער נאָך זיין טויט, פּאַר יעקאַטערינע דער 1טער, איז אַרויס אַ באַפעל אַרויסצוטרייבן איבערן גרענעץ (ד"ה קיין פּוילן) אַלע יידן פון קליין־רוסלאַנד (1727). ניט געקוקט אויף די אַלע פאַרבאָטן פלעגן יידישע סוחרים אַלץ קומען קיין רוסלאַנד צוליב געשעפט. אין יאָר 1743 האָט דער סענאַט אין פּעטראָגראַד (דעמאָלט פּעטערבורג) געבעטן די קעניגין עליסאַוועטאַ פּעטראָוונאַ אַריינצולאָזן יידן צו האַנדלען אין קליין־רוסלאַנד, באַווייזנדיק אַז די יידישע סוחרים ברענגען גרויס נוצן דעם לאַנד. נאָר די קעניגין האָט אָנגעשריבן אויף דער ביטע פון דעם סענאַט דעם־אָ ענטפער: „פון קריסטוסעס שונאים וויל איך ניט קיין נוצן". ערשט אין דער צייט פון יעקאַטערינע דער 2טער (1762—1796) איז אַ גרויסע מאַסע פּוילישע יידן אַרונטער אונטער דער הערשאַפט פון רוסלאַנד, דורך דער צעטיילונג פון פּוילן און דורך דער צושליסונג פון אַ רייע לענדערייען אירע צו דער רוסישער מלוכה.

די באַציאונגען פון יעקאַטערינע צו די יידן, וועלכע זיינען אַרונטער אונטער דער רוסישער ממשלה, זיינען ניט געווען קיין אויסגעהאַלטענע. האַלטנדיק די יידן פאַר נוצלעך פאַרן האַנדל, האָט יעקאַטערינע זיי דערלויבט זיך צו באַזעצן אין דער פּראָווינץ פון ניי־רוסלאַנד, וועלכע איז ערשט ניט לאַנג איינגענומען געוואָרן און האָט זיך גענייטיקט אין באַפעלקערונג. אָבער אין די עכט־רוסישע פּראָווינצן פון גרויס־רוסלאַנד

האָבן זיי, ווי פריער, ניט געהאַט קיין וואוינרעכט. בשעת די פאַרשיי־דענע טיילן פון פוילן זיינען אַריבער צו רוסלאַנד האָט די רוסישע רעגי־רונג מבטיח געווען די יידן וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען אַז זייערע רעכט, וואָס זיי האָבן געגאָסן פריער, וועלן ביי זיי ניט צוגענומען ווערן. אין אמתן אָבער איז זייער לאַגע ערגער געוואָרן. זייערע האַנדלס־רעכט אין די שטעט און דערפער זיינען באַגרענעצט געוואָרן און זייערע שטייערן זיינען געהעכערט געוואָרן. אין 1794 איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל צו נעמען ביי די יידן, וועלכע טרעטן אַריין אין בירגער אָדער האַנדלס־שטאַם, צוויי מאָל אַזוי פיל ווי ביי קריסטן. פון דער גזרה זיינען נאָר פטור געווען די קאַראַימער (1795), וועלכע די רוסישע רעגירונג האָט דוקא באַשיצט. די אונטערדריקונג פאַר באַלאַנגען צו דער יידישער נאַ־ציע און רעליגיע איז דורכגעפירט געוואָרן מיט דער זעלביקער קראַפט אין דעם גאַנצן געביי פון דער געזעצגעבונג. די יידן האָט מען ניט גע־רעכנט פאַר עכטע בירגער פון לאַנד און זיי האָבן ניט געגאָסן אַלע ביר־גערלעכע רעכט. די זעלביקע לאַגע איז פאַרגעזעצט געוואָרן אין רוסלאַנד אויך אין דער נייערער צייט.

## § 60. ישראל בעל־שם טוב און דער חסידיזם.

אין דער צייט ווען די פוילישע יידן זיינען אַרונטער אונטער דער ממשלה פון פוילן איז פאָרגעקומען צווישן זיי אַ גרויסע רעליגיעזע באַ־וועגונג, וועלכע האָט זיך אונטערשיידט אי פון דעם אַלטן רבניזם אי פון דער נייער בערלינער השכלה. אין פאָלק זיינען געווען אַ סך וואָס האָבן זיך ניט באַנוגנט מיטן רבניזם, וועלכע איז באַשטאַנען אויף לערנען תלמוד און שטרענג אָפּהיטן די אויסערלעכע צערעמאָניעס. אויך די השכלה איז ניט געווען צוגענגלעך פאַר די גרויסע מאַסן פון פאָלק, וועל־כע האָט געהאָרעוועט ביטער אויפן שטיקל ברויט. דאָס טרוקענע אָפּ־היטן אַזוי ווי אַ מאַשין די פאַרשיידענע רעליגיעזע צערעמאָניעס האָט אויך ניט געקענט באַפרידיקן מענטשן מיט אַ טיפן רעליגיעזן געפיל. די־אָ אומצופרידנקייט האָט אין דער פריערדיקער צייט געשטויסן אַ סך אין דער מחנה פון די שבתי־צביניקעס און פראַנקיסטן; אָבער ווען די־אָ סעקטעס האָבן זיך דערווייטערט פון יידנטום האָט זיך באַוויזן אַ נייע לערע, אַ טיפערע און בעסער צוגעפּאַסטע צו די נייע רעליגיעזע באַ־

דערפעגישן. דאָס איז געווען די לערע פון דער „חסידות", און דער באַ־שעפער פון דער חסידות איז געווען אַ באַשיידענער ייד פון פּאָדאָליע, ר' ישראל בעל־שם טוב, אָדער ווי זיין נאָמען איז פאַרקירצט בעש"ט.

ר' ישראל בעל־שם טוב איז געבאָרן געוואָרן אין פּאָדאָליע, אַרום יאָר 1700, אין אַן אָרעמער פאַמיליע. ער איז יונג געוואָרן אַ יתום און די בעלי־צדקה פון שטאָט האָבן אים גענומען אונטער זייער השגחה און האָבן אים אָפּגעגעבן אין חדר אַריין. נאָר די לימודים אין חדר זיינען



די שול פון רב ישראל בעל שם טוב

געווען צו טרוקן פאַרן יונגען ייִנגל, וועלכער האָט געהאַט אַ טרוימער־רישע נאַטור. דער קליינער ישראל פלעגט זייער אָפט אַנטלויפן פון חדר, און ניט זעלטן פלעגט מען אים געפינען אין דעם דערבייאיקן וועלדל אַליין, פאַרטיפט אין מחשבות. צו דרייצן יאָר איז ישראל געוואָרן אַ „באַהעלפער" און שפעטער — אַ שמש. דאָ האָט ער זיך אויפגעפירט מאָדנע: ביי טאָג פלעגט ער שלאָפן, אָדער זיך מאַכן שלאָפנדיק, און ביינאַכט, ווען די שול פלעגט זיין ליידיק, פלעגט ער מיט באַגייסטערונג מיתפלל זיין אָדער לערנען. ער האָט זיך פאַרטיפט אין די סודות פון דער קבלה, פלעגט לערנען דעם זוהר און ער האָט געלערנט ווי צו „פראַווען מופתים" דורך שמות און שבועות פון דער קבלה. נאָך דער חתונה האָט

ר׳ ישראל געלעבט אין אַ דאָרף צווישן די קאַרפּאַטישע בערג און דערנאָך אין דעם גאַליצישן שטעטל טלוסט. דאָ האָט ער, לויט די חסידישע מסור־רות, זיך צוגעגרייט פאַר זיין צוקונפטיקער טעטיקייט. ערשט אין זיין 36טן יאָר האָט ער אָנגעהויבן זיך אָפן אַרויסצווייזן פאַר אַ „בעל שם״. אין יענער צייט זיינען געווען אַ סך אַזעלכע „בעל־שמס״, וועלכע פלעגן היילן פאַרשיידענע קראַנקייטן דורך שמות, אָפּשפּרעכענישן, קמיעות און גראָזן. ר׳ ישראל בעל־שם האָט אויך באַנוצט דאָס דאָזיקע מיטל, נאָר צו־זאַמען דערמיט פלעגט ער אויך היילן דורך תפילות, און דערביי פלעגט ער מיתפלל זיין הייס, מיט התלהבות, מיט אויסגעשרייען און זיך שטאַרק שאָקלענדיק. ווען מען פלעגט אים בעטן ער זאָל פאָראויסזאָגן די צוקונפט, פלעגט ער עפענען אַבי־וואו דעם „זוהר״ און פון דאַנען זאָגן די צוקונפט. אין גיכן איז ער באַרימט געוואָרן אין פאָלק ווי אַ הייליקער מענטש און מען האָט אים אַ נאָמען געגעבן דער בעל־שם־טוב.

ווערנדיק באַרימט ווי אַ בעל־מופת, האָט דער בעל־שם אָנגעהויבן צו ווירקן ווי אַ לערער. וואַנדערנדיק איבער פּאָדאָליע און וואָלין האָט ער אין דערזעלבער צייט געהיילט און געפּרעדיקט. דערנאָך האָט ער זיך באַזעצט אין דעם שטעטל מעזשעביזש, פּאָדאָליע, און אַהער פלעגט קומען דאָס פאָלק צו הערן זיינע קלוגע שמועסן. דער בעל־שם האָט געלערנט, אַז די אמתע פרומקייט איז ניט דוקא צו זיין אַ למדן, נאָר צו זיין מיטן האַרצן צוגעבונדן צו גאָט, צו האָבן אַ פּשוטן גלויבן, אָן קשיות און צו מיתפלל זיין צו גאָט מיט וואַרעמקייט. די התקרבות צו גאָט איז דער הויפּט־צוועק פון דער רעליגיע. תפילה איז דאָס וויכטיקסטע מיטל ווי אַזוי דער מענטש זאָל זיך צונויפגיסן מיט גאָט. דעריבער דאַרף די תפילה אַזוי ווי אָפּטיילן פון דעם קערפּער. כדי צו גרייכן צו דעם באַגייסטערטן צושטאַנד קען מען באַנוצן קינסטלעכע מיטל: באַוועגן דעם גוף, מיתפלל זיין הויך אויפן קול, זיך שאָקלען. דער בעל־שם האָט געלערנט פּונקט דעם היפּך פון דעם אר״יס שיטה, אַז פאַסטן, אַ סך אָפּטויטן דעם גוף, און בכלל נזירות זיינען שעדלעך און זינדיק, וואָרום גאָט האָט ליב אַ מענ־טשן אַ גוטמוטיקן און אין פרייילעכער שטימונג. און אמונה איז דער עיקר פון אַלץ — דאָס אינערלעכע געפיל, און ניט די אויסערלעכע צערעמאָניע; און צופיל צערעמאָניע איז שעדלעך. דער פרומער אָדער „חסיד״ דאַרף דינען גאָט ניט נאָר מיט אָפּהיטן די פעסטגעשטעלטע מיצוות, נאָר אויך אין אַלע זיינע טאָג־טעגלעכע מעשים און אפילו אין

זיינע געדאַנקען. און ווען מען איז שטענדיק אין גייסט פאַראייניקט מיט גאָט קען מען דערגרייכן צו דער מדרגה פון רוח הקודש, נבואה אָדער טאָן מופתים. דער „צדיק״ — דאָס איז אַ מענטש, וואָס דורך דער הייליקייט פון זיין לעבן איז ער מער פון אַלעמען פאַראייניקט מיט גאָט און האָט די נאָענטסטע היתקרבות צו אים. די ראָלע פון דעם צדיק איז — צו פאַרמיטלען צווישן גאָט און די פשוטע מענטשן. דורכן צדיק ווערט דער־גרייכט אַ פולע אויסלייטערונג פון דער נשמה, און גליק אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט. דעם צדיק דאַרף מען פאַרהייליקן ווי דעם שליח און ליבלינג פון גאָט.

די לערע פון חסידיזם האָט זיך פונקט צוגעפּאַסט צו די באַדערפע־נישן פון יידישן המון אין פּאָדאָליע, וואָלין און גאַליציע. פון איין זייט איז אין דער רעליגיע אַריינגעבראַכט געוואָרן דער גייסט פון האַרציקן גלויבן און תפילה טאָן וואָס איז נאָענט צום פאָלק, אנשטאָט די לומדות פון ספרים וואָס איז ווייט דעם פּראָסטן פאָלק; און פון דער אַנדערער זייט איז באַשאַפן געוואָרן די מעגלעכקייט צו „ראַטעווען די נשמה״ דורך דעם צדיק און בעל מופת, צו וועמען דער פּראָסטער פאָלקס־מענטש האָט תמיד געפילט אַ שטאַרקע נייגונג. ר׳ ישראל בעל־שם טוב, ווי דער גרעסטער פון די צדיקים, איז געוואָרן דער ליבלינג פון פּראָסטן פאָלק. די ידיעות וועגן די ניסים און האַרציקער לערע פון דעם צדיק האָבן צוגעצויגן צו אים אפילו לומדים, רבנים און מגידים. דאָס פאָלק האָט גערעדט, אַז דער בעל־שם טוב האָט געקראָגן די וואונדערלעכע אַנטפּלעקונגען פון אליהו הנביא. דער בעל־שם טוב האָט אַליין געגלייבט אין זיין הויכן באַרוף. אַרום דעם יאָר 1750 האָט ער געשיקט אין ארץ־ישראל אַ נביאישע שריפט, אין וועלכער ער האָט געמעלדעט וועגן אַ וואונדערלעכער זעאונג, וואָס ער האָט געהאַט. די נשמה פון דעם בעל־שם טוב איז אַרויף אויפן הימל, האָט געזען דאָרט משיחן און אַ סך נשמות פון געשטאָרבענע מענטשן. דער בעל־שם טוב האָט געפרעגט משיחן: „זאָג מיר, מיין האַר, ווען וועסטו שוין קומען אויף דער ערד?״ און געענטפערט האָט משיח: „אָט האָסטו אַ צייכן: ווען עס וועט ווערן באַוואוסט די לערע דיינע, און ווען די איבעריקע מענטשן וועלן אימ־שטאַנד זיין צו באַווייזן אַזעלכע ניסים ווי דו — דאַן וועט אַנטשטיין די גרויסע צייט פון רצון און די גאולה״. דער בעל־שם טוב איז ניפטר

געוואָרן אין דעם יאָר 1760, איז מעזעביזש, אַרומגערינגלט פון אַ סך געטרייע תלמידים.

## § 61. דער קאַמף פון די רבנים און די חסידים.

די אַרבעט פון דעם בעל־שם טוב האָבן פאַרגעזעצט זיינע נאָכפאָל־גער און תלמידים, פון וועלכע די וויכטיקסטע זיינען געווען ר׳ בער פון מעזעריטש און ר׳ יעקב יוסף כהן. ר׳ בער האָט זיך גערעכנט פאַרן ממלא מקום פון דעם בעל־שם טוב. פאַר זיין צייט איז דאָס וואָלינער שטעטל מעזעריטש געוואָרן פונקט אַזאַ הייליקער פלאַץ פאַר די חסידים ווי עס איז פריער געווען מעזעביזש. צו ר׳ בערן פלעגן קומען תלמידים פון אַ סך ערטער פון פוילן און אפילו ליטע און פלעגן זיך גרייטן ביי אים צו דער ראָלע פון צדיקים. נאָכן טויט פון ר׳ בערן (1772) איז אויפגעשטאַנען אַ צווייטער לערער פון חסידיזם, ר׳ יעקב יוסף כהן, וועלכער איז פריער געווען רב און מגיד פון נעמיראָוו און פּאָלאָנאָיע. ער האָט דער ערש־טער אָפּגעדרוקט אין זיינע ספרים („תולדות יעקב יוסף" א"א). אַ סך געדאַנקען, וואָס ער האָט געהערט פון דעם בעל־שם טוב (1780). זיינע ספרים האָבן געלייגט דעם פונדאַמענט פון דער חסידישער ליטעראַטור, וועלכע איז באַשטאַנען פון די ווערק פון די באַרימטע צדיקים.

אין סוף פון 18־טן יאָרהונדערט האָט זיך דער חסידיזם פאַרשפּרייט מיט אומגלייבלעכער שנעלקייט אין פוילן און ליטע. אין פּאָדאָליע און וואָלין פלעגן גאַנצע קהילות אָננעמען די נייע לערע. די חסידים האָבן געהאַט זייערע אייגענע שולן, וואו זיי האָבן אָפּן מיתפלל געווען אויף זייער שטייגער, מיט ברען און שטאַרקע באַוועגונגען פון קערפּער. זיי האָבן עטוואָס געענדערט דעם סדר און אינהאַלט פון זייערע תפילות. אָבער אין ליטע און אין ווייסרוסלאַנד, וואו עס זיינען געווען שטאַרק די תלמודיסטן, פלעגן די חסידים פון אָנפאַנג אָפּהאַלטן זייערע מנינים בשתיקה, מורא האָבנדיק פאַר רדיפות. בראש פון די חסידים זיינען גע־שטאַנען די צדיקים, מערסטנטייל די תלמידים פון ר׳ בער פון מעזע־ריטש. (די הויפּט צדיקים זיינען געווען: ר׳ אלימלך ליזענסקער אין גאַ־ליציע, ר׳ ברוך טולטשינער — דעם בעל־שמס אייניקל — אין פּאָדאָליע, ר׳ לוי־יצחק באַרדיטשעווער אין וואָלין און ר׳ זלמן שניאורסאָן אין ליטע און אין ווייס־רוסלאַנד). די פּאָדאָליער און גאַליצישע רביים זיינען גע־

ווען ניט נאָר לערער, נאָר אויך בעלי־מופתים; צו זיי פלעגן קומען מאַסן מענטשן מיט בקשות זיי צו היילן פון קראַנקייטן, זיי בענטשן, פאָראויס־זאָגן די צוקונפט אאז״וו. אַ סך פון די צדיקים פלעגן נעמען געלט פאַר זייערע עצות. בלויז דער גרעסטער פון די ליטווישע רביים, ר׳ זלמן שניאורסאָן האָט ניט געוואָלט פראָווען קיין מופתים. געבוירן געוואָרן איז ר׳ זלמן אין דעם קליינעם שטעטל ליאָזנע, מאָהילעווער גובערניע. אין זיין יוגנט האָט ער געלערנט תלמוד און ווען ער איז אַלט געוואָרן 20 יאָר יאָז ער אַוועק קיין מעזע־ריטש און דאָ האָט ער זיך באַ־קענט מיטן חסידיזם אונטערן רבי בער. קומענדיק צוריק אַהיים האָט ער אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן די דאָזיקע לערע אין אַ נייער טיפערער פאָרעם ווי די אַנדע־רע צדיקים אין דרום. ר׳ זלמן האָט געקראָגן אַ סך אָנהענגער אין ליטע. בראש פון די ליטווי־שע רבנים איז דעמאָלט גע־שטאַנען ר׳ אליהו פון ווילנע, וועלכער האָט געקראָגן דעם גרויסן נאָמען גאון (1720—97). אין דעם דאָזיקן מענטשן האָט זיך פאַרקערפּערט די גרעסטע


דער ווילנער גאון

קראַפט פון אַ געדאַנק, וואָס האָט זיך יאָרהונדערטער געשפּייזט אויפן תלמוד. פון קליינווייז־אָן האָט דער ווילנער גאון אַרויסגעוויזן אומגעוויינט־לעכע פעאיקייטן. זייענדיק אַ קינד פון זעקס יאָר האָט ער שוין געלערנט תלמוד און צו עלף יאָר האָט ער זיך שוין באַטייליקט אין שווערע וויכוחים פון תלמוד און מיט זיינע בקיאות האָט ער דערשטוינט אַלטע רבנים. זיין געדאַנק האָט שנעל אויפגעכאַפּט אַלץ צו וואָס ער האָט זיך נאָר צוגע־רירט. ר׳ אליהו האָט געקענט קבלה און צווישן זיין אַרבעט האָט ער זיך באַקענט מיט טיילן פון מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע און פיזיק, אויף וויפיל ער האָט עס געדאַרפט האָבן בכדי צו פאַרשטיין געוויסע שטעלן אין תלמוד. געלעבט האָט ער אין ווילנע, אָפּגעזונדערט פון אַלעמען, אין

גאַנצן פאַרטיפט אין זיינע ספרים; געגעסן ווינציק, געשלאָפן אין גאַנצן צוויי שעה אין מעת־לעת, האָט ווינציק גערעדט מיט זייטיקע מענטשן וועגן וועלטלעכע זאַכן נאָר אין באַשטימטע שעהן פלעגט ער זאָגן דעם שיעור פאַר זיינע תלמידים. אַ שטרענג אָפּהיטן אַלע מינדסטע פּרטים פון אמונה, און אַן אָפּגעזונדערט לעבן — אָט דאָס זיינען געווען די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דעם ווילנער גאון. דערפאַר איז ער געווען אַזוי שטאַרק קעגן דעם חסידיזם וועלכער האָט געלערנט, אַז כדי צו זיין פרום איז ניט נייטיק סיי די שטרענגקייט פון די פּרטים פון אמונה, סיי די גרויסע אָפּגעזונדערטקייט, סיי די לומדות. אַ פּראָסטער מענטש קען אויך זיין פרום.


רבי זלמן שניאורסאָן

אויף אַזאַ אופן האָט זיך דער ווילנער גאון געשטעלט בראש פון די רבנים, וואָס זיינען אַרויסגעגאַנגען קעמפן קעגן דעם בעל־שם טובס לערע. אין ווילנע און אַנדערע שטעט האָט מען אויסגערופן אין די שולן אַ חרם קעגן אַלע, וועלכע באַלאַנגען צו די חסידים (1772 און 1781). חסידישע „שטיבלעך" אין ליטע האָט מען פאַרמאַכט און חסידישע ספרים האָט מען געברענט. די חסידים זיינען דערקלערט געוואָרן פאַר אַפּיקורסים און מען האָט זיי אויסגעשלאָסן פון אַ סך קהילות.

די קעגנער פון די חסידים האָבן זיך גערופן „מיתנגדים", ד"ה קעגנער. אַזוי ווי די ראשי הקהל אין ליטע און רוסלאַנד האָבן מייסטנס געהערט צו די מיתנגדים האָבן זיי אויסגענוצט זייער מאַכט צו אונטערדריקן די חסידים אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. אָבער ניט געקוקט אויף אַלע פאַרפאָלגונגען האָט זיך דער חסידיזם אַלץ מער פאַרשפּרייט, און אין יאָר 1796 האָבן די קהלן, מיט דער דערלויבעניש פון דעם ווילנער גאון, אָנגעהויבן קעגן די חסידים אַ נייעם קאַמף.

דער טויט פון דעם ווילנער גאון (1797) האָט אַרויסגערופן אַן אָפּע־נע פרייד צווישן די פאַרפאָלגטע חסידים. דאָס האָט נאָך מער אויפגע־רייצט די מיתנגדים. זייער צאָרן איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן באַשלאָסן צו דערטראָגן צו דער רוסישער רעגירונג, אַז די פירער פון די חסידים פרעדיקן געפערלעכע שפּאַלטונגען אין פאָלק. דער סוף איז גע־ווען אַז מען האָט דעם רבין ר׳ זלמן שניאורסאָן אַרעסטירט און אָפּגע־פירט קיין פּעטערבורג. דאָרט האָט מען אים געשטעלט אויף אַ פאַרהער אין דער „געהיימער קאַנצעלאַריע" און מען האָט אים געהאַלטן אין פעס־טונג. נאָר אין גיכן האָט מען אים באַפרייט, אַ דאַנק דער באַמיאונג פון די חסידים (1798). אָבער זיינע קעגנער האָבן ניט געשוויגן און אין צוויי יאָר אַרום האָט מען רבי זלמנען ווידער אַרעסטירט. נאָר ווען אַלעקסאַנ־דער דער 1טער איז אַרויף אויפן טראָן האָט מען רבי זלמנען ענדגילטיק באַפרייט. ער האָט זיך אומגעקערט אין זיין וואוינאָרט (צווערשט דאָס שטעטל ליאָזנע, און שפּעטער אין לאַדי, מאָהילעווער גובערניע; פון דאַ־נען קומט דער נאָמען „הרב מלאַדי") און האָט ווייטער געפירט זיינע צאָלרייכע אָנהענגער די „חב״דער חסידים"*). דער קאַמף פון די רבנים קעגן די חסידים אין ליטע און ווייסרוסלאַנד האָט נאָר געבראַכט דער־צו, אַז די חסידים האָבן זיך אויסגעטיילט אין באַזונדערע קהילות, און האָבן אַ לאַנגע צייט אפילו זיך ניט מיתחתן געווען מיט די מיתנגדים. אָבער אין פּאָדאָליע און אין דעם גאַנצן דרום־מערב קאַנט האָבן די חסי־דים כמעט אין גאַנצן אַרויסגעשטויסן די מיתנגדים און די רביים האָבן געקראָגן יענע מאַכט איבערן פאָלק וואָס פריער האָט געהאַט די רבנים.

כאָטש די חסידים און די מיתנגדים האָבן געקעמפט איינע מיט די אַנדערע דאָך זיינען זיי געווען פאַראייניקט אין זייער קאַמף קעגן דער השכלה, וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט צווישן די דייטשע יידן. אויב צווישן די פּויליש־רוסישע יידן פלעגן זיך אַמאָל באַווייזן מענטשן, וואָס זיי האָט געצויגן צו אַלגעמיינער בילדונג פלעגן זיי גיין קיין אויסלאַנד, איבער־הויפּט אין דייטשלאַנד. איינער אַזאַ איז געווען שלמה מיימון (1753־1800). געבוירן געוואָרן איז שלמה מיימון ביי אַן אַרענדאַר אין אַ דאָרף (לעבן

*) די לערע פון רבי זלמן שניאור, וועלכע ער האָט אויסגעדריקט אין זיין ספר „תניא", איז באַגרינדעט אויף דריי זאַכן: חכמה, בינה (פאַרשטאַנד), דעה (וויסן). די דאָזיקע דריי ווערטער זיינען פאַרקירצט געוואָרן אין די ראשי תיבות „ח״ב״ד".

נעסוויזש, מינסקער גוב.). ער האָט געלערנט גמרא, אַזוי ווי אַלע קינ־
דער פון יענער צייט. לויט דעם דעמאָלטיקן מינהג האָט מען שלמהן
חתונה געמאַכט צו צוועלף יאָר, אָבער ער האָט נאָך דער חתונה ווייטער
געלערנט. פון תלמוד איז ער אַריבער צו קבלה, און פון איר — צו דער
רעליגיעזער פילאָזאָפיע פון דעם רמב״ם. אָבער זיין געדאַנק האָט גע־
דורשט נאָך די נייע וויסנשאַפטן, וועלכע ער האָט ניט געקענט קריגן
אין זיין סביבה. אין יאָר 1777 האָט מיימון פאַרלאָזט זיין היים און פאַ־
מיליע און איז אַוועק קיין דייטשלאַנד, דאָרט צו קריגן אַלגעמיינע בילדונג. ער איז אָנגעקומען צוערשט אין קעניגס־בערג, און דערנאָך אין בערלין, האָט גע־ליטן נויט און האָט פאַרזוכט די גאַנצע ביטערקייט פון אַ וואַנדערנדיקן לעבן אין דער פרעמד. אין בערלין האָט ער זיך באַקענט מיט מענדעלסאָנען און זיינע חברים, האָט זיך שנעל דערוואָרבן די דייטשע ליטעראַטור און בילדונג, האָט דורכגעשטודירט די פילאָזאָפיע, איבער־הויפט די שיטה פון קאַנט. דער שאַר־פער איבערגאַנג פון דעם אָפּגעשלאָסע־נעם לעבן אין דער ליטע צו דעם פריי־ען לעבן פון אַ געבילדעטן איירא־


שלמה מיימון

פּעער האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף מיימונס נשמה. ער איז אַריינגעפאַלן אין ספיקות און אַפּיקורסות. אין זיינע טיפזיניקע ווערק, געשריבן אין דייטש, האָט ער באַהאַנדלט הויכע פילאָזאָפישע פראַגן. אין 1792 האָט ער אָנגעשריבן זיין „אויטאָביאָגראַפיע״, וואו ער האָט העל געשילדערט דאָס אינעווייניקסטע לעבן און די מינהגים פון די פויליש־ליטווישע יידן און האָט דערציילט די טרויעריקע געשיכטע פון זיין לעבן. געשטאָרבן אז ער אין שלעזוויג, אין 1800. פון יידנטום איז מיימון גע־ווען אין גאַנצן דערווייטערט אין די לעצטע טעג פון זיין לעבן. ער האָט זייער ווייניק אויפגעטאָן פאַר דער אויפקלערונג פון זיין אייגן פאָלק. אין העברעאיש איז בלויז פאַראַן זיין ניט־געענדיקטער פירוש אויפן רמב״מס „מורה נבוכים״.

קאַפּיטל 11

# די וויכטיקסטע געשעעענישן פון 19־טן יאָרהונדערט

## § 62. די פראַנצויזישע רעוואָלוציע.

אין סוף פון 18־טן יאָרהונדערט איז פאָרגעקומען אַן איבערקערע־ניש, וואָס האָט געענדערט די פּאָליטישע אָרדענונג אין דעם לעבן פון אייניקע אייראָפּעאישע פעלקער. די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע אין יאָר 1789 האָט אָנגעזאָגט דעם אָנהייב פון „פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט" פון אַלע פעלקער און אַלע גלויבנס. ווי אַ רעזולטאַט דערפון איז אַנערקענט געוואָרן די גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידן, וועל־כע האָבן אין דעם 18טן יאָרהונדערט זיך ווידער באַוויזן אין פראַנק־רייך. *)

די גרעסטע מענער פון דער רעוואָלוציע (מיראַבאָ און אַנדערע) האָבן געפאָדערט אין דער פראַנצויזישער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג, אַז די יידן זאָלן געגעבן ווערן אַלע בירגערלעכע רעכט צוגלייך מיט די קריסטן (1789). וועגן דעם האָבן זיך אויך מישתדל געווען די פאַרטרעטער פון די יידישע געמיינדעס אין פּאַריז און אַנדערע שטעט. קעגן דער יידישער

*) נאָכן גירוש פון פראַנקרייך אין 1391 האָבן זיך יידן ניט געוויזן אין פראַנק־רייך גאַנצע דריי הונדערט יאָר. באַזעצט האָבן זיך דאָרט בלויז מאַראַנען פון שפּאַניע, אונטערן נאָמען „נײַ־קריסטן". ערשט צום סוף פון 17־טן יאָרהונדערט זיינען אונטער פראַנקרייך אַרונטער אַ סך יידן פון די דייטשע פּראָווינצן עלזאַס־לאָטרינגען, וועלכע לואי דער 14־טער האָט איינגענומען. אין 18טן יאָרהונדערט איז די צאָל פון יידן אין פראַנקרייך געוואַקסן; אַ סך האָבן אפילו געלעבט אין פּאַריז. נאָר זייער בירגערלעכע לאַגע איז געווען פּונקט אַזוי נידעריק ווי אין דייטשלאַנד.

גלייכבאַרעכטיקונג האָבן זיך אין דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג אַרויסגע־זאָגט בלויז די דעפּוטאַטן פון דער קאַטוילישער קירכע און פון דער באַ־פעלקערונג פון עלזאַס. נאָך הייסע וויכוחים אויף אַ סך זיצונגען איז באַ־שלאָסן געוואָרן צו געבן די יידן אין פראַנקרייך אַלע בירגערלעכע רעכט (28־טן סעפּטעמבער 1791) און קעניג לואי דער 16טער האָט באַשטע־טיקט דעם באַשלוס פון דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג. דאָס איז געווען דער



דער סנהדרין אין פּאַריז

ערשטער ביישפּיל אין אייראָפּע פון דער יידישער „עמאַנציפּאַציע", ד"ה זייער באַפרייאונג פון הונדערט־יעריקער רעכטלאָזיקייט.

אָבער ניט מיט אַמאָל האָבן די קריסטן שלום געמאַכט מיט דער יידי־שער גלייכבאַרעכטיקונג. אין עלזאַס, וואו די יידישע באַפעלקערונג איז געווען גרויס, האָט די שנאה צו זיי ניט אויפגעהערט. דער פראַנצויזי־שער אימפּעראַטאָר נאַפּאָלעאָן דער 1טער, וועלכער האָט פאַרכאַפּט די מאַכט נאָך דער רעוואָלוציע, האָט זיך געוואַקלט אין זיינע באַציאונגען צו די יידן. אין יאָר 1806 האָט ער פאַררופן אין פּאַריז אַ פאַרזאַמלונג פון יידישע דעפּוטאַטן פון פראַנקרייך, איטאַליע און האָלאַנד. דער פאָר־זיצנדער פון דער פאַרזאַמלונג איז געווען דער רייכער ספרדי אברהם

פורטאַדאָ פון באָרדאָ. די דעפּוטאַטן האָט מען געשטעלט 12 פראַגן וועגן דעם, ווי אַזוי עס פּאַסן זיך צוזאַמען די דינים פון דער יידישער רעליגיע מיט די לאַנד־געזעצן פון פראַנקרייך. דער ענטפער פון דער אסיפה איז געווען, אַז די יידן וואָס לעבן אין פראַנקרייך רעכענען זי פאַר זייער פאָטערלאַנד, און אירע געזעצן זיינען פאַר זיי פּונקט אַזוי הייליק ווי די געזעצן פון יידנטום. נאַפּאָלעאָן איז געווען זייער צופרידן פון דעם דאָזיקן ענטפער און האָט באַלד נאָך דעם געגרינדעט אין פּאַריז אַ „סנהדרין" פון 71 מיטגלידער, מיט די עלטסטע רבנים בראש, מיטן צוועק אויסצואַרבעטן אַ דייטלעכן פּלאַן ווי אַזוי איינצואָרדענען די יידישע קהילות אין פראַנקרייך. לויט דעם פּלאַן פון דעם סנהדרין איז געפונען געוואָרן פאַר נייטיק צו גרינדן אין פּאַריז אַ הויפּט־קאָנסיסטאָריע, און אין די פּראָווינצן — קלענערע קאָנסיסטאָריעס. די דאָזיקע קאָנסיסטאָריעס האָבן געדאַרפט פאַרוואַלטן די ענינים פון די יידישע קהילות און איבערהויפּט אַכטונג צו געבן אַז די יידן זאָלן דערפילן זייערע בירגערלעכע פליכטן. די דאָזיקע קהילה־אָרדענונג איז איינגעפירט געוואָרן און האָט זיך אויפגעהיט אין פראַנקרייך ביז דער לעצטער צייט.

די זיגרייכע מילחמות פון נאַפּאָלעאָנען האָבן דורכגעלייגט דעם וועג פאַר דער יידישער גלייכבאַרעכטיקונג אויך אין אַנדערע לענדער פון אייראָפּע. אין איטאַליע, ווען די פראַנצויזישע הערשאַפט האָט זיך דאָרט באַפעסטיקט, איז אויך דערקלערט געוואָרן די גלייכבאַרעכטיקונג פאַר די יידן. אין האָלאַנד זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן די לעצטע באַשרענקונגען, וואָס האָבן אַזוי שטאַרק געדריקט די יידישע קהילות.

## § 63. דער דערפאָלג פון דער השכלה אין מערב.

אין דייטשלאַנד, וואו עס איז צוערשט געבוירן געוואָרן די נייע יידישע השכלה, האָט זיך די בירגערלעכע לאַגע פון די יידן פאַרבעסערט נאָר אויף אַ קורצער צייט. זייער גלייכבאַרעכטיקונג איז אַנערקענט געוואָרן אין אייניקע דייטשע לענדער, וואָס זיינען אַריין אין דעם „ריינבונד" וואָס נאַפּאָלעאָן האָט באַשאַפן. אין פּרייסן, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט באַזיגט, איז געמאַכט געוואָרן אַן ענלעכער פּרואוו. אין אַ באַפעל פון יאָר 1812 האָט קעניג פרידריך ווילהעלם דער 3טער אַנערקענט פאַר נייטיק צו געבן די פּרייסישע יידן גלייכע רעכט. נאָר די דאָזיקע פון

רחמנות געשענקטע עמאַנציפּאַציע איז אָפּגעשאַפט געוואָרן אַזוי שנעל ווי דייטשלאַנד האָט אָפּגעטרייסלט פון זיך דעם יאָך פון נאַפּאָלעאָן דעם 1טן. עס איז געגרינדעט געוואָרן „די הייליקע אַליאַנץ" פון די וויכ־טיקסטע אייראָפּעאישע מלכים (1815) צו קעמפן קעגן די פרייהייטלעכע (ליבעראַלע) געדאַנקען און איינשטעלן צוריק די אַלטע פּאָליטישע אָרדע־נונג. די דאָזיקע רעאַקציע וועלכע האָט געדויערט העכער 30 יאָר איז געווען זייער שטאַרק אין דייטשלאַנד און עסטרייך. די פאַרבעסערונג פון דער יידישער בירגערלעכער לאַגע, וואָס האָט זיך דאָ אָנגעפאַנגען, האָט זיך אָפּגע־שטעלט. די דייטשע רעגירונגען האָבן ווי־דער אָנגעהויבן צו באַשרענקען זייערע רעכט, און אין אייניקע ערטער האָט דער פינצטערער המון אַפילו געפּרואווט באַנייען די מיטלעלטערלעכע אַטאַקעס אויף דער רעכטלאָזער נאַציע. אין ווירצבורג, באַמ־בערג און אַנדערע שטעט זיינען פאָרגעקו־מען מאַסן־פּאָגראָמען אויף די יידן (1819—1820).


היינריך היינע

די דייטשע יידן האָבן דעמאָלט באַזונדערס שטאַרק דערפילט די גאַנצע לאַסט פון זייער בירגערלעכער רעכטלאָזיקייט. זיי האָבן שוין צייט געהאַט זיך צוצופּאַסן מיט דער דייטשער אויפקלערונג און האָבן ערשט ניט לאַנג גענומען אָנטייל אין די באַפרייאונגס־מילחמות פון דייטשלאַנד קעגן נאַפּאָלעאָנען. זיי האָבן זיך שוין גערעכנט פאַר גוטע בירגער פון זייער דייטשן פאָטערלאַנד, און פּלוצלינג האָט מען זיי ווי־דער אָנגעהויבן באַהאַנדלען ווי פרעמדע. פון דעסט וועגן האָבן ניט אַלע שטאַרק געפילט די ביטערקייט פון דער דאָזיקער באַליידיקונג. אַ סך דייט־שע יידן זיינען שוין אַזוי ווייט פאַרגאַנגען אין זייער צוזופּאַסונג מיט די דייטשן, אַז זיי האָבן אין גאַנצן פאַרגעסן זייער פאָלק. אין בערלין און אַנדערע שטעט האָבן זיך אַ סך יידישע פאַמיליעס געשמדט. אפילו משה מענדעלסאָנס טעכטער (דאָראָטעאַ און הענריעטאַ) האָבן אָנגענומען דעם קריסטנטום. אין די גרויסע סאַלאָנען פון בערלין פלעגן זיך צוזאַמענ־קומען געבילדעטע יידן און קריסטן און די־אָ באַגעגענישן פלעגן אָפּט

פירן צו שידוכים צווישן קריסטן און יידישע מיידלעך, וועלכע פלעגן זיך דערפאַר אָפּזאָגן פון זייער גלויבן. די גרעסטע שרייבער פון דייטשלאַנד אין יענער צייט, בערנע (געשט׳ 1837) און היינע (געשט׳ אין 1856) האָבן זיך אָפּגעזאָגט אין דער יוגנט פון זייער גלויבן; אָבער זיי האָבן עס שפּעטער פאַרגיטיקט דערמיט וואָס זיי זיינען געוואָרן הייסע פאַרטיי־דיקער פון זייער פאָלק. ווי אַ גלענצענדער פּובליציסט און פרייהייטס־קעמ־פער האָט בערנע שאַרף קריטי־קירט די חסרונות פון די דייטשן און דאַרונטער זייערע ווילדע פאָראורטיילן קעגן יידן. היינע, דער גרעסטער דייטשער פּאָעט נאָך געטע, פלעגט אין זיינע וואונדערלעכע לידער באַזינגען אויך די יידישע ליידן, האָט אָנגעשריבן אַ דערציילונג פון דעם יידישן לעבן פון מיטעל־טער („דער רבי פון באַכראַך״) און אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט ער געשריבן באַגייס־טערטע פערזן וועגן דער גרויס־קייט פון דער ביבל.


לעאָפּאָלד צונץ

עס זיינען אויך געווען יידישע מענער וועלכע האָבן זיך אין גאַנצן געווידמעט דעם יידישן פאָלק. גבריאל ריסער, וועלכער האָט אַרויסגע־געבן (אין די 1830־ער יאָרן) אַ זשורנאַל „דער יודע״ אין דייטש, איז אַרויסגעטראָטן ווי אַ פייערדיקער קעמפער פאַר דער יידישער עמאַנצי־פּאַציע, האָט געוועקט דאָס געפיל פון אַליין־אַכטונג אין זיינע פאָלקס־ברידער און האָט פאַרדאַמט די אָפּטריניקעס. „ניט ערלעך איז דער זון — פלעגט ער זאָגן — וואָס שעמט זיך מיט זיין פאָטער, און ניט ערלעך איז דער דור, וואָס שעמט זיך מיט זיין פאַרגאַנגענהייט״. אַנדערע שרייבער האָבן געפאָרשט די יידישע וויסנשאַפט און געשיכטע. דער וויכטיקסטער צווישן די איז געווען לעאָפּאָלד צונץ, וועלכער ווערט אָנגערופן דער פאָ־טער פון דער נייער יידישער געשיכטע־שרייבונג. די בליענדיקע צייט

פון זיין טעטיקייט איז געווען אין די יאָרן 1825 ביז 1855. זיינע גלענ־צנדיקע פאָרשונגען אין דער ליטעראַטור פון מיטלעלטער, אין דער פּאָע־זיע פון די תפילות און שול האָבן באַלויכטן אַ צווייג פון יידנטום וואָס איז ביז דעמאָלט געלעגן אין דער פינצטער. אַ שול־חבר פון צונץ, מ. יאָסט, האָט אָנגעשריבן די געשיכטע פון די יידן פון די עלטסטע צייטן ביז זיין אייגענער עפּאָכע און אַ רייע פּאָפּולערע ווערק, געשריבן, אַזוי ווי צונצס ווערק, אין דייטש. דער שטודיום פון דער יידישער גע־שיכטע האָט פאַנאַנדערגעוויקלט פאַר די געבילדעטע מענטשן דאָס בילד פון דער אַנטוויקלונג פון יידנטום. די פריידענקערישע שרייבער האָבן אָנגעהויבן אַנט־וויקלען די אידעע, אַז פאַר דעם היינטיקן יידן איז ניט קיין חיוב אָפּצוהיטן די פילע מיצוות, גע־באָטן און דינים, וועלכע זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרן אין תל־מוד און פון די פּאַרצייטיקע רבנים. זיי האָבן געטענהעט אַז דאָס איז אַ שווערע לאַסט און איז אפילו געפערלעך, וואָרום דער היינטיקער געבילדעטער ייד, ניט זייענדיק אימשטאַנד זיי אָפּ־צוהיטן, וואַרפט אָפּ צוזאַמען מיט זיי אויך די עיקרים פון דער תורה און דערנאָך ווערט ער אין גאַנצן דערווייטערט פון דער אמונה. די אָנהענגער פון דער דאָזיקער אידעע האָבן געפאָדערט רעפאָרמען אין יידנטום. בראש פון די „רעפאָרמיסטן" איז געשטאַנען (פון די 1840־ער יאָרן) דער טאַ־לאַנטפולער היסטאָריקער פון יידנטום, אברהם גייגער, ראַבינער פון ברעס־לוי. אָבער צווישן די רעפאָרמיסטן איז ניט געווען קיין אחדות. איינע האָבן געלייגט זייער אויפמערקזאַמקייט בלויז אויף די אויסערלעכע ענדערונגען, אַז די אויסשטאַטונג פון שול און די תפילות זאָלן זיין שיין; אַנדערע האָבן אָנגעהויבן דערמיט וואָס זיי האָבן אָפּגעלייקנט וויכטיקע עיקרים



שמואל דוד לוצאַטי

פון דער רעליגיע, אָנשטאָט וואָס זיי האָבן לכתחילה געוואָלט ענדערן די ווייניקער וויכטיקע צערעמאָניעס. אַנטקעגן די רעפאָרמיסטן זיינען אַרויס־געטראָטן די פרומע אָדער אָרטאָדאָקסן. בראָש פון די אָרטאָדאָקסן איז געשטאַנען גייגערס אוניווערזיטעט־חבר ר׳ שמעון־רפאל הירש, וועלכער האָט אַוועקגעשטעלט דעם כלל אַז „ניט די רעליגיע דאַרף צוגעפּאַסט ווערן צום לעבן, נאָר דאָס לעבן צו דער רעליגיע”. צווישן די צוויי צדדים האָט זיך פאַנאַנדערגעברענט אַ פאַרצווייפלטער קאַמף.

צווישן די יידן פון פראַנקרייך, איטאַליע און עסטרייך באַמערקט זיך אויך אין דער צייט אַ גייסטיקע דערהויבונג, הגם אין אַ קלענערן גראַד ווי אין דייטשלאַנד. אין פראַנקרייך, אין דער ערשטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט, זיינען די וויכטיקסטע יידישע געלערטע געווען: סאַלוואַ־דאָר, וועלכער האָט פאַרפאַסט אייניקע גרויסע ווערק וועגן תורת משה, דער געשיכטע פון דער רוימישער הערשאַפט אין יהודה און דער אַנט־שטייאונג פון קריסטנטום; און דער אָריענטאַליסט מונק, וועלכער האָט אויסגעגאָסן אַ סך ליכטיקייט אויף דער יידיש־אַראַבישער פילאָזאָפיע פון מיטלעלטער. אין איטאַליע איז געווען דער גרויסער דענקער שמואל דוד לוצאטאָ (1800—65). לוצאַטאָ האָט געשריבן אַ סך געלערנטע ווערק, אין וועלכע ער האָט אַנטוויקלט דעם געדאַנק, אַז דאָס יידנטום אַנטהאַלט אין זיך די העכסטע פילאָזאָפיע און די פולקאָמסטע סיסטעם פון מאָ־ראַל. צולעצט איז ער געקומען צום באַשלוס אַז די אייראָפּעאישע קולטור איז פאַלש און האָט געזען אין דער ריינער וועלט־אָנשויאונג פון יידנ־טום אַ שוץ קעגן דער וואַקסנדער פאַרדאָרבנקייט פון די זיטן. דער בייער גייסט האָט אַריינגעדרונגען אויך אין עסטרייך, אין דער געוועזענער פּוי־לישער פּראָווינץ גאַליציע, כאָטש דער חסידיזם האָט דאָ געקעמפט זייער שטאַרק קעגן דער השכלה. נחמן קראָכמאַל אין בראָד (געשט׳ 1850) האָט געגעבן אַ פילאָזאָפישע באַלייכטונג צו דער הונדערט־יעריקער יידישער געשיכטע („מורה נבוכי הזמן”); און זיין תלמיד שלמה יהודה ראַפּאַפּאָרט פון פּראָג, האָט אויסגעפאָרשט, אַזוי ווי צונץ, אַ סך מאָמענטן פון דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור. יוסף פּערל און יצחק ערטער, זיינען געווען צוויי שרייבער, וואָס האָבן געשריבן סאַטירעס קעגן די חסידים.

## § 64. די רוסישע יידן פאַר אַלעקסאַנדער דעם 1־טן און ניקאָלאַי דעם 1־טן.

די באַפרייאונגס־באַוועגונגען וואָס האָבן געהערשט אין מערב־אייראָפּע אין אָנפאַנג פון דעם 19טן יאָרהונדערט זיינען אַריינגעדרונגען אויף אַ קורצער צייט אויך אין רוסלאַנד, וואו, נאָך דער צושליסונג פון פוילן, האָט געוואוינט אַ גרויסע צאָל יידן. אַלעקסאַנדער דער 1טער, דאָס אייניקל פון יעקאַטערינע דער גרויסער (1801—1825), האָט געזעצט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע צו באַטראַכטן די פראַגע וועגן דער פאַרבעסערונג פון דער יידישער לאַגע אין רוסלאַנד, און אין יאָר 1804 האָט ער באַשטעטיקט דעם פּלאַן, וואָס די דאָזיקע קאָמיסיע האָט אויסגעאַרבעט. בילדונג פאַר די יידן איז אין דעם דאָזיקן פּלאַן געשטאַנען אויפן ערשטן פּונקט: יידן זאָלן צוגעלאָזט ווערן צו רוסישע בילדונגס־אַנשטאַלטן, און די רוסישע שפּראַך זאָל ווי ווייט מעגלעך צווישן זיי פאַרשפּרייט ווערן. לויט דער באַשעפטיקונג צעטיילן זיך די יידן אויף פיר קלאַסן: ערד־אַרבעטער, פאַבריקאַנטן און בעלי־מלאכות, סוחרים, און בירגער. פאַר ערדאַרבעטער ווערן געגעבן באַדייטנדיקע פּריווילעגיעס; זיך צו באַשעפטיקן מיט שענקעריי און אַרענדעס אין די דערפער ווערט פאַרבאָטן. און דעריבער ווערט די יידן פאַרבאָטן אפילו צו וואוינען אין דערפער. כדי צוצוציען די יידן צו ערדאַרבעט האָט די רעגירונג באַשטימט די ליידיקע סטעפּעס פון קליין־רוסלאַנד פאַר די וואָס ווילן זיך דאָרט באַזעצן, אויף גרינגע באַדינגונגען. אויף דער איינלאַדונג פון דער רעגירונג האָבן זיך אָפּגערופן עטלעכע הונדערט יידישע פאַמיליעס פון צפון־מערב קאַנט, (1808). אָבער דער דאָזיקער ערשטער פאַרזוך איז געווען ניט געלונגען. די ניט־געוואוינהייט פון די יידן צו ערדאַרבעט פון איין זייט און די שוועריקייטן צו באַלעבן די סטעפּעס פון דער אַנדערער זייט האָבן אין גיכן געבראַכט די יידישע קאָלאָניעס צו אונטערגאַנג, וועלכע האָבן ערשט אין דער שפּעטערער צייט אויפגעלעבט צו אַ ניי לעבן. די באַמיאונג פון דער רעגירונג צו פאַרבעסערן די יידישע לאַגע איז אויך גיך אָפּגעשוואַכט געוואָרן. דער קריג מיט נאַפּאָלעאָנען (1812) און דער אַריינטראָט פון רוסלאַנד אין דער „הייליקער אַליאַנץ״ (1815) האָבן אָפּגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון אַלעקסאַנדער דעם 1טן אין אַן אַנדער זייט. אין דער צווייטער העלפט פון זיין ממשלה האָבן די געפּלאַנטע רעפאָרמען פאַר

די יידן אָפּגעטראָטן דעם פּלאַץ פאַר אַנדערע: מען האָט זיך גענומען צו פאַרשפּרייטן קריסטנטום צווישן די יידן, און צו דעם צוועק האָט מען אין יאָר 1817 געגרינדעט די „געזעלשאַפט פון יידישע קריסטן״. דער גירוש פון די יידן פון די דערפער אין די שטעט אַריין איז געמאַכט געוואָרן מיט שרעקלעכער שטרענגקייט אין דער צייט, ווען די פּלענער וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אין יאָר 1804 אויפצוהייבן די מדרגה פון בילדונג און דאָסווירטשאַפט־לעכע לעבן פון די יידן זיינען געבליבן ניט אויסגעפירט.



ניקאָליי 1.

אין דער צייט פון ני־קאָלאַי דעם 1טן (1825—55) איז די לאַגע פון די יידן שטאַרק פאַרערגערט געוואָרן. אין יענער צייט איז אין די רעגירונגס־קרייזן אָנגענומען געוואָרן די מיטלעלטערלעכע מיינונג, אַז די יידישע פראַגע קען געלייזט ווערן נאָר אויף דעם וועג, אַז די יידן זאָלן זיך צוזאַמענגיסן אין זייער רע־ליגיע און לעבנס־פירונג מיט דעם רוסישן פאָלק. און די שווערע געזעצן פון יענער צייט זיינען געווען געריכטעט כדי צו דערגרייכן דעם ציל. אין 1827 יאָר איז אַרויסגע־געבן געוואָרן אַ געזעץ, וואָס האָט געצוואונגען יידן צו אַ גרויזאַמען מילי־טער־דינסט. דאָס דינען האָט געדויערט גאַנצע 25 יאָר און די רעקרוטן פלעגן אַוועקגעשיקט ווערן אין די ווייטסטע טיילן פון רוסלאַנד, וואו זיי פלעגן אָפּ־געריסן ווערן פון זייער פאַמיליע און סביבה. און פאַר סאָלדאַטן פלעגט מען אָפט כאַפּן קליינע קינדער, וועלכע מען פלעגט פאַרשיקן אין די טיפע גובער־ניעס און דאָרטן זיי לערנען אין באַזונדערע קינדערשע באַטאַליאָנען. אַזעל־כע יונגע סאָלדאַטן פלעגן זיך רופן „קאַנטאָניסטן״. אונטערן דרוק פון

זייערע איבער־קאָמאַנדירן פלעגן די מייסטע קאָנטאָניסטן אָננעמען דאָס קריסטנטום און פלעגן זיך מער ניט אומקערן צו זייערע פאַמיליעס. אויסער די מיליטער־דינסט־געזעצן זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן שטרענגע געזעצן, וועלכע האָבן באַגרענעצט דאָס וואוינרעכט פון די יידן, ווי אויך זייער רעכט צו האַנדלען און צו טאָן מלאכות. זיי האָבן ניט געטאָרט זיך באַזעצן אויף שטענדיק אויסערהאַלב די געוועזענע פוילישע פּראָווינצן, וועלכע זיינען געווען אָפּגעצייכנט ווי דער יידישער „תחום" („טשערטאַ"). בלויז אין די לעצטע צען יאָר פון ניקאָליי דעם 1טן האָט זיך די רעגירונג איבערצייגט, אַז מיט אונטערדריקנדיקע מיטלען אַליין איז ניט מעגלעך צו לייזן די יידישע פראַגע און אַז עס איז נייטיק אָנצונעמען מיטלען אויפצוהייבן די מדרגה פון בילדונג צווישן די יידן. לויטן פּאַרשלאַג פון בילדונגס־מיניסטער אוואַראָוו זיינען אין די 40ער יאָרן געגרינדעט געוואָרן יידישע אָנפאַנגס־שולן מיט קורסן פון אַלגעמיינער בילדונג און אויך צוויי „ראַבינער־שולן" (אין ווילנע און זשיטאָמיר) אויף צוצוגרייטן געבילדעטע ראַבינער און לערער. נאָר די יידישע מאַסע, אָנגעשראָקן פון די ערשטע מעטאָדן



יצחק בער לעווינזאָן

פון דער רעגירונג, האָט זיך באַצויגן מיט אומצוטרוי צו די שולעס. זיי האָבן געזען אין זיי אַ סכנה פאַר זייער רעליגיע און פאָלק.

די אויסנאַם־געזעצן קעגן די רוסישע יידן האָבן געהאָלפן אויפצוהאַלטן זייער אינערלעכע איינגעשלאָסנקייט. די רבנים און דער חסידיזם האָבן אַרומגעצאַמט די יידן קעגן די אידעען פון דרויסן. אָבער די נייע גייסטיקע באַוועגונגען האָבן זיך פון דעסט וועגן אַריינגעריסן פון די צענטערן פון מערב־אייראָפּע. יצחק בער לעווינזאָן פון קרעמענעץ (1786־1860) איז דערשינען ווי דער אָנזאָגער פון דער השכלה צווישן די רוסישע יידן. אין זיינע ספרים, געשריבן אין העברעאיש, האָט ער אַגיטירט אַז אין די חדרים דאַרף מען אָפּגעבן דעם ערשטן פּלאַץ צום תנ"ך און

צו העברעאיש פאַר דער גמרא, און אַז די אמונה איז ניט קעגן לערנען פרעמדע שפּראַכן און אַלגעמיינע בילדונג („תעודה בישראל, 1828). לע־ווינזאָן האָט געשריבן נאָך ווערק וועגן דער אַנטוויקלונג פון ביבלישן און תלמודישן יידנטום („בית יהודה", „זרובבל"), האָט אין אַ באַזונדער ספר („אפס דמים") באַוויזן די גרונדלאָזיקייט פון דעם בלוט־בילבול און האָט בכלל געאַרבעט צו פאַרבעסערן דאָס לעבן פון זיינע ברידער. אָבער נאָר ווייניקע פון די רוסישע יידן האָבן דעמאָלט אָפּגעשאַצט לעווינזאָנס אַר־בעט; די חסידים פון אַלע זייטן האָבן אים געהאַלטן פאַר אַן אַפּיקורס. פונקט אַזוי פיינדלעך האָט מען געקוקט אויף אַ קרייז פון משכילים, וואָס האָט זיך דעמאָלט געבילדעט אין ווילנע. דער הויפּט־צוועק פון דעם קרייז איז געווען אויפצושטעלן צוריק די ריינע ביבלישע שפּראַך אין דער נייער ליטעראַטור. איינער פון די ווילנער משכילים, מרדכי אהרן גינזבורג (געשט' 1846), האָט אַ סך אויפגעטאָן אין דער אויסאַרבעטונג פון אַ העברעאישן פּראָזע־סטיל אין זיינע דערציילונגען, רייזע־באַשרייבונגען, היסטאָרישע פאָרשונגען, אויטאָביאָגראַפיע אאז"וו („דביר", „אביעזר" א"א). דער ווילנער משורר אברהם בער לעבענסאָן (אד"ם) האָט אויפגע־לעבט דעם העברעאישן פּאָעטישן סטיל אין זיינע „שירי שפת קודש" (1842). זיין זון מיכל לעבענסאָן, וועלכער איז פריצייטיק געשטאָרבן, 24 יאָר אַלט (1852), האָט נאָך איבערגעשטיגן דעם פאָטער מיט זיין פּאָע־טישער טיפקייט. זיינע „שירי בת־ציון" און „כנור בת־ציון" געהערן צו די בעסטע ווערק פון דער העברעאישער פּאָעזיע.

## § 65. די מערב־אייראָפּעאישע יידן אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט.

אין יאָר 1848 איז אין פּאָליטישן לעבן פון די מערב־אייראָפּעאישע פעלקער פאָרגעקומען אַ גרויסע איבערקערעניש. אין דייטשלאַנד, עסט־רייך און איטאַליע זיינען פאָרגעקומען רעוואָלוציעס, וועלכע האָבן באַגרע־נעצט די מאַכט פון די הערשער און געגעבן דעם פאָלק אַ דעה אין דער רעגירונג („קאָנסטיטוציאָנעלע אָרדענונג"). די אַלגעמיינע באַפרייאונגס־באַוועגונג האָט געבראַכט אויך די גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידן, וועל־כע האָבן גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל אין דער דאָזיקער באַוועגונג. אין דעם פראַנקפורטער פּאַרלאַמענט, וועלכער האָט אויסגעאַרבעט די נייע

אָרדענונג פאַר דייטשלאַנד, איז וויצע־פּרעזידענט געווען גבריאל ריסער, דער קעמפער פון דער יידישער עמאַנציפּאַציע. דער פּאַרלאַמענט האָט באַשלאָסן אַז די בירגער־רעכט דאַרפן זיין די זעלביקע פאַר די דייטשע בירגער פון אַלע גלויבנס. אַן ענלעכער באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרן אויך אין דעם פּרייסישן „נאַציאָנאַל־ראַט”, אין בערלין. די יידישע גלייכ־באַרעכטיקונג איז אָנגענומען געוואָרן ווי אַ געזעץ אין גאַנץ דייטשלאַנד. די קעגנער פון דער נייער אָרדענונג, וועלכע האָבן געקראָגן די אויבער־האַנט אין די 1850־ער יאָרן, האָבן געוואָלט באַשרענקען די דאָזיקע גלייכ־באַרעכטיקונג, נאָר זיי האָבן באַגעגנט אַ ווידערשטאַנד מצד דעם ליבע־ראַלן טייל פון דער געזעלשאַפט, אין וועלכן די יידן האָבן שוין געשפּילט אַן איינפלוסרייכע ראָלע. די פאַרשטאַרקונג פון פּרייסן נאָך דער מילחמה מיט עסטרייך (1866) און די פאַראייניקונג פון דייטשלאַנד נאָך דער פראַנצויזיש־פּרייסישער מילחמה (1870) האָבן געהאָלפן צו באַפעסטיקן די דייטשע קאָנסטיטוציע און די יידישע גלייכבאַרעכטיקונג, וואָס איז געווען מיט איר פאַרבונדן. עס זיינען דערשינען גרויסע יידישע טאַלאַנטן אויף אַלע פּאָליטישע, געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע געביטן. — אויפן זעלבן וועג איז געגאַנגען די באַפרייאונג פון די יידן אין עסטרייך. אין דעם פיל־פעלקערדיקן לאַנד, וואו עס האָט שטענדיק געברענט אַ קאַמף צווישן נאַציאָנאַליטעטן, איז פאַר די יידן שווערער געווען צו באַפעסטיקן זייער בירגערלעכע לאַגע. די קאָנסטיטוציע וואָס איז געגעבן געוואָרן אין יאָר 1848 איז שפּעטער פיל מאָל געענדערט און באַשרענקט געוואָרן. נאָר ענדלעך האָט די קאָנסטיטוציע פון יאָר 1867 אָנערקענט די יידישע גלייכבאַרעכטיקונג אין עסטרייך־אונגאַרן.

אין פראַנקרייך, די היים פון גלייכהייט, הט זיך די לאַגע פון די יידן נאָך מער פאַרבעסערט נאָך דער רעוואָלוציע פון פעברואַר 1848. דער ייד אַדאָלף קרעמיע האָט דאָ צוויי מאָל פאַרנומען דעם אַמט פון יוסטיץ־מיניסטער: אין 1848 און 1870. קרעמיע איז געווען אַ הייסער פּאַרטיידיקער פון זיין פאָלק. אין 1860 האָט ער געגרינדעט אין פּאַריז אַ געזעלשאַפט מיטן נאָמען: „אַליאַנס איזראַעליט אוניווערסאַל” (חברת כל ישראל חברים), וועלכע האָט זיך געשטעלט צוויי צילן: צו פּאַרטיי־דיקן די אינטערעסן פון די יידן אין אַלע לענדער פון זייער צעשפּרייטונג און צו פאַרשפּרייטן צווישן זיי אייראָפּעאישע בילדונג. אין דער פּראַק־טיק האָט די „אַליאַנץ” פאַרווירקלעכט די דאָזיקעביידע צילן בלויז אין

די מוכמעדאַנישע לענדער אין מיזרח: טערקיי, אַלזשיר, מאַראָקע און טוניס. אין ענגלאַנד האָבן די יידן געקראָגן אין 1858 פּאָליטישע רעכט, בירגער־רעכט וואָס זיי האָבן געהאַט פריער. זיי האָבן אָנגע־הויבן שיקן אין ענגלישן פּאַרלאַמענט זייערע דעפּוטאַטן. ניט איינמאָל זיינען יידן אויסגעקליבן געוואָרן צום אָנגעזעענעם אַמט פון לאָרד־מעיאָר פון לאָנדאָן. דער העלד פון דער מאָדערנער ענגלישער געשיכטע, וועלכער איז אַ לאַנגע צייט געווען ערשטער מיניסטער, ביקאָנספיעלד־דיזראַעלי (געשט׳ 1881), איז געווען פון יידישער אָפּשטאַמונג און האָט ביזן טאָג פון זיין טויט אויפ־געהיט אַ לעבעדיקע סימפּאַ־טיע צו זיינע פאָלקס־ברידער. ניט ווייניק האָט געאַרבעט פאַר׳ן וואוילזיין פון זיין פאָלק דער גרויסער ענגליש־יידישער פילאַנטראָפּ משה מאָנטעפיאָ־רע, וועלכער האָט זיך באַזונ־דערס שטאַרק געזאָרגט פאַר די יידן אין ארץ־ישראל.


משה מאָנטעפיאָרע

אין דעם דריטן פערטל פון 19טן יאָרהונדערט איז די גלייכבאַרעכ־טיקונג פון די יידן אָנערקענט געוואָרן אין אַלע לענדער פון מערב־איי־ראָפּע, וואו עס איז איינגעפירט געוואָרן די קאָנסטיטוציאָנעלע אָרדענונג: אין איטאַליע (נאָך 1848), אין דער שווייץ און דענעמאַרק, און שפּעטער אין סערביע און בולגאַריע (1878). בלויז רומעניע וויל ניט אָנערקענען די יידישע גלייכהייט און האָט דערקלערט אַלע אירע יידן פאַר אויסלענ־דער, וועלכע קענען ניט געניסן אַלע בירגער־רעכט.

די פאָרשונג פון יידישער געשיכטע און וויסנשאַפט (חכמת ישראל), וואָס צונץ און יאָסט האָבן אָנגעפאַנגען, איז אָנגעגאַנגען ווייטער אין דער אַנדערער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט, באַזונדערס אין דייטשלאַנד. דער גרעסטער יידישער היסטאָריקער איז געווען גרעץ, וועלכע האָט אָנ־געשריבן „די געשיכטע פון די יידן פון די עלטסטע צייטן ביז היינט״, אין

11 בענדער (1854—76). באַזונדערע טיילן פון דער יידישער געשיכטע זיינען באַרבעט געוואָרן פון אַ סך געלערטע.

צוזאַמען מיט די גוטע רעזולטאַטן האָט די גלייכבארעכטיקונג באַשאַפן אין דעם לעבן פון די מערב־אייראָפּעאישע יידן אויך אומגאָרמאַלע דערשיינונגען. די נאַטירלעכע און נייטיקע דערנענטערונג צווישן די יידן און די קריסטן אויפן באָדן פון אַלגעמיינע אינטערעסן, פלעגט אָפט אַריבערגיין צו אַ פולער צונויפמישונג פון די ייזן מיט די קריסטן. די דאָזיקע נייע ריכטונג האָט געקראָגן נאָמען „אַסימילאַציע". די אָנהענגער פון דער אַסימילאַציע האָבן זיך אַ נאָמען געגעבן אין דייטשלאַנד „דייטשן פון משהס גלויבן", אין פראַנקרייך — „פראַנצויזן פון משהס גלויבן" אאז"וו. און האָבן גערעכנט אַז דער איינציקער פאָדים וואָס פאַרבינדט זיי מיטן יידנטום איז — די רעליגיע. און אַזוי ווי אונטער דעם איינפלוס פון די נייע אידעען איז דאָס רעליגיעזע געפיל אָפּגעשוואַכט געוואָרן ביי די יידן, פלעגט זיך דער פאָדים אויך איבעררייסן. דער יונגער דור פלעגט זיך אַלץ מער דערווייטערן פון יידנטום און זיינע נאַציאָנאַלע אינטערעסן, און זיך פאַרלירן צווישן די אַרומיקע פעלקער. די דאָזיקע לאַנגזאַמע צעפאַלונג וואָלט געווען אָננעמען נאָך שרעקלעכערע פאָרמען ווען עס זאָל פלוצלינג ניט געווען פאָרקומען אַן ענדערונג אין דער באַציאונג פון דער אייראָפּעאישער געזעלשאַפט צו די יידן, אַן ענדערונג וואָס האָט געצוואונגען זיך צו פאַרטראַכטן די יעניקע, וואָס זיינען געשטאַנען אויפן וועג צו אַסימילאַציע.


לאָרד ביקאָנספילד

אין דעם לעצטן פערטל פון דעם 19־טן יאָרהונדערט האָט זיך אין אייראָפּע אָנגעהויבן אַ נייע באַוועגונג קעגן די יידן, וועלכע האָט געקראָגן דעם נאָמען „אַנטיסעמיטיזם" (קעגן סעמיטן) און וועלכע איז בלויז אַ

פּרואוו אויפצולעבן די מיטלעלטערלעכע פיינדשאַפט צו די יידן אין אַ נייער פאָרעם. דער איבערראַשנדער דערפאָלג פון די יידן אויף אַלע געביטן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, וואָס איז געקומען דורך זייער באַפרייאונג, האָט אַרויסגערופן אַ קנאה און אַן אומרואיקייט ביי יענע קריסטן, וועלכע האָבן זיך נאָך ניט באַפרייט פון די אידעען פון געזעלשאַפטלעכער אומגלייכהייט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן הערן שטימען אַז דער ייד אָדער סעמיט קען צוליב זיינע איינגעבאָרענע אייגנשאַפטן זיך ניט צוזאַמענלעבן מיטן קריסטלעכן אַריער; אַז ער איז באַגאַבט און שטרעבט צו פאַרכאַפּן אַלץ אין זיינע הענט, צו זיין אומעטום דער ערשטער. אַז ער האָט שוין געקראָגן די אויבערהערשאַפט אין האַנדל און פינאַנץ, אין דער פּאָליטיק, אין געריכט, אין דער פּרעסע און וויסנשאַפט און ער שטויסט כלומרשט אַרויס דעם קריסט פון די אַלע געביטן. די אַנטיסעמיטן האָבן גענומען פאָדערן אַז מען זאָל צונעמען צוריק ביי די יידן די גלייכהייט



היינריך גרעץ

וואָס מען האָט זיי געגעבן; אַנדערע האָבן אַפילו געפאָדערט אַזעלכע באַשרענקונגען און אונטערדריקונגען קעגן די יידן, וועלכע זאָלן זיי רויִנירן און צווינגען אויסצואוואַנדערן אין אַנדערע לענדער. דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך צוערשט באַוויזן אין דייטשלאַנד, אין דער צייט פון קייסער ווילהעלם דעם 1טן און זיין קאַנצלער ביסמאַרק. איינער פון די גרינדער פון דער אַנטיסעמיטישער פּאַרטיי איז געוועזן דער גלח שטעקער, פּרעדיקער אין קעניגלעכן הויף אין בערלין. אין די 1880־ער יאָרן האָט די־אָ פּאַרטיי דערגרייכט אַ באַדייטנדיקן איינפלוס, האָט אַרויסגעגעבן אירע צייטונגען, פלעגט אַרויסשיקן אַגענטן אויפצוהעצן די באַפעלקערונג קעגן די יידן. פון די 1890־ער יאָרן האָט דער אַנטיסעמיטיזם אין דייטשלאַנד אויפגעהערט צו וואַקסן, אָבער דערפאַר האָט די דאָזיקע געפערלעכע באַוועגונג זיך פאַרשטאַרקט אין עסטרייך און אַפילו אין פראַנקרייך, דאָס ערשטע לאַנד, וואָס האָט פּראָקלאַמירט גלייכהייט פאַר

יידן. אין עסטרייך, וואו עס האָט געהערשט אַ שטענדיקער קאַמף צווישן די פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן — דייטשן, טשעכן, פּאָליאַקן א״א — האָבן די יידן געהאַט שונאים צווישן די אַלע קעמפנדע נאַציאָנאַליטעטן. אין פראַנקרייך האָבן די אַנטיסעמיטן אָנגעהויבן מיט פאַרגיפטן די יידן אין דער פּרעסע (דרומאָן), נאָר דערנאָך זיינען זיי אַריבער צו אַ קאַמף מיט זיי אין פּאַרלאַמענט און אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. אין יאָר 1894 זיינען זיי אַרויסגעטראָטן קעגן איין רייכן יידן, קאַפּיטאַן דרייפוס, וועלכער האָט געדינט אין קריגס־מיניסטעריום, מיט דער פאַלשער באַשולדיקונג אַז ער איז באַגאַנגען אַ פאַראַט אַרויסגעבנדיק געהיימע מיליטערישע פּלענער פון דער פראַנצויזישער רעגירונג צו אַ פיינדלעכער מלוכה. ניט געקוקט אויף דער קלאָרער פאַלשקייט פון דער באַשולדיקונג האָט מען דרייפוסן פאַרמישפּט און פאַרשיקט אויף אַ ווילדן אינדזל („טייוולס אינדזל״) אין זיד־אַפריקע. ערשט אין פינף יאָר אַרום, נאָך אַ לאַנגן קאַמף פון פאַרטייען פאַ ראַון קעגן דעם פאַראורטיילן, איז אויפגעדעקט געוואָרן דער בילבול און מען האָט דעם אומגליקלעכן דרייפוס געבראַכט צוריק פון פאַרשיקונג. די בעסערע פאָרשטייער פון דער קריסטלעכער געזעלשאַפט פאַרדאַמען די שענדלעכע אַרבעט פון די אַנטיסעמיטן און קעמפן קעגן איר; אָבער זיי זיינען ניט אין שטאַנד אין גאַנצן אָפּצושטעלן די דאָזיקע באַוועגונג, וועלכע וואָרצלט אין די קלאַסן־אינטערעסן פון די פאָלקס־מאַסן.



ד״ר יוסף בלאָך
יידישער דעפּוטאַט אין רייכסטאַג

דער אַנטיסעמיטיזם האָט געצוואונגען די יידן אין מערב־איירשפּע זיך צו פאַרטראַכטן. די יידישע געזעלשאַפט, פון וועלכער אַ גרויסער טייל האָט פריער זיך געלאָזט פאַרפירן פון דער אַסימילאַציע, הייבט אָן פאַרשטיין ווי נייטיק עס איז פאַר איר זיך צו האַלטן צוזאַמען כדי צו באַשיצן אירע נאַציאָנאַלע אינטערעסן קעגן די פיינד.

## § 66. די יידן אין רוסלאַנד אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט.

ווען אַלעקסאַנדער דער 2טער איז אַרויף אויפן טראָן (1855) האָט זיך פאַר די יידן אין רוסלאַנד אָנגעהויבן אַ ליכטיקע צייט פון האָפענונ־גען און דערוואַרטונגען. דער דאָזיקער הערשער, וועלכער האָט באַפרייט די פויערים פון קנעכטשאַפט און האָט געשטרעבט איינצופירן רעפאָרמען אין אַלע צווייגן פון דער מלוכה, האָט אויך אַביסל גרינגער געמאַכט די



L'AURORE

Littéraire, Artistique, Sociale

J'Accuse...!

LETTRE AU PRÉSIDENT DE LA RÉPUBLIQUE

Par ÉMILE ZOLA

LETTRE A M. FÉLIX FAURE

עמיל זאָלאַס אַרטיקל: „איך באַשולדיק”, בעתן דרייפוס־פּראָצעס

לאַגע פון די יידן. די רעגירונג האָט ניט אונטערגענומען צו ענדערן די גאַנצע לאַגע פון גרונט אָן, אָבער זי האָט געפונען פאַר נייטיק ביסלעכ־ווייז אָפּצושאַפן די שווערע באַגרענעצונגען, וועלכע זיינען איינגעפירט געוואָרן אין דער פריערדיקער ממשלה. מען האָט אָפּגעשאַפט די סיסטעם פון די קאַנטאָניסטן (1856). יידישע סוחרים פון ערשטער גילדע, מענטשן מיט אַ העכערער בילדונג און בעלי־מלאכות איז געגעבן געוואָרן דאָס רעכט צו וואוינען איבעראַל אין רוסלאַנד (1859—65). מען האָט דער־מוטיקט די אַלגעמיינע בילדונג פאַר יידן; אָבער צו ספּעציעל יידישער עלעמענטאַרער בילדונג האָט מען געשענקט ווינציק אויפמערקזאַמקייט.

אין יאָר 1873 זיינען פאַרמאַכט געוואָרן ביידע ראַבינער־שולן און אַלע „קאַזיאָנע" (רעגירונגס) יידישע שולן, וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרן פון אוואַוואַראָוון. זייער פּלאַץ האָבן פאַרנומען לערער־אינסטיטוטן און אָנפאַנגס־שולן פון אַ נייעם מוסטער; נאָר די לעצטע זיינען געעפנט געוואָרן בלויז אין אייניקע שטעט פון תחום. די אַלטע דערציאונג פון חדר און ישיבה האָט נאָך אַלץ געהערשט צווישן פאָלק, בעת אין אַ סך קרייזן האָט זיך פאַרשטאַרקט די שטרעבונג פון דער יוגנט צו די אַלגעמיינע רוסישע שולן. דער שאַרפער איבערגאַנג פון חדר צו דער גימנאַזיע און פון דער ישיבה צום אוניווערזיטעט איז געוואָרן אַ געוויינטלעכע דער־שיינונג. עס האָט זיך פאַרשטאַרקט דער קאַמף צווישן די „פאָטערס" און די „קינדער", ד"ה צווישן אַלטן און יונגן דור. דער ערשטער האָט זיך אין גאַנצן אָפּגעצאַמט פון דער רוסישער סביבה און דער אַנדערער האָט געשטרעבט זיך צוזאַמענצוגיסן מיט איר. אַזוי ווי זייערע ברידער אין מערב־אייראָפּע האָבן אַ סך געבילדעטע רוסישע יידן זיך אַסימילירט מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג און האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון די אינטערעסן פון זייער פאָלק.

צווישן אָט די צוויי שיכטן — די פרומע מאַסע פון איין זייט און דער אָפּגעריסענער טייל פון דער אַנדערער זייט — זיינען געשטאַנען אמת אויפגעקלערטע מענטשן, וועלכע האָבן געהאַלטן פאַר זייער חוב צו אַר־בעטן פאַר דער דערהויבונג פון דער געזעלשאַפטלעכער און גייסטיקער מדרגה פון יידישן פאָלק. די דאָזיקע אַרבעט האָבן דערפילט די משכילים, וועלכע האָבן אויפגעלעבט די העברעאישע ליטעראַטור. אברהם מאַפּו, פון קאָוונע (געשט׳ 166) האָט איבערראַשט דעם עולם מיט זיינע היסטאָ־רישע ראָמאַנען פון דער ביבלישער עפּאָכע („אהבת ציון און „אשמת שמרון"), און פון דעם דעמאָלטיקן רוסיש־יידישן לעבן („עיט צבוע"), געשריבן אין דער גלענצענדיקער שפּראַך פון די נביאים. דער פּאָעט יהודה לייב גאָרדאָן (געשט׳ 1893) האָט מיט זיינע שירים געבראַכט די העברע־אישע פּאָעזיע צו פולקאָמענהייט. אין לידער און פּראָזע האָט גאָרדאָן שטאַרק קריטיקירט די רבנים און די צדיקים. פּרץ סמאָלענסקין (געשט׳ אין 1885), וועלכער האָט אַרויסגעגעבן אין ווין דעם זשורנאַל „השחר" פאַר די רוסישע יידן, האָט אין זיינע ראָמאַנען און מאמרים געקעמפט פאַר יידישער בילדונג אין נאַציאָנאַלן גייסט. דער „המגיד", „המליץ" און „הכרמל" האָבן געלייגט דעם אָנפאַנג פון דער העברעאישער פּרעסע

(1855—60). אין אָנהייב פון די 60ער יאָרן איז אויפגעקומען אַ יידישע ליטעראַטור אין רוסיש. די צייטשריפטן („ראַזסוויעט", „סיאָן" און „דיען" אין אָדעס, דער נייער „ראַזסוויעט", „וואָסכאָד" און אַנדערע אין פעטערבורג) האָבן זיך געשטעלט פאַר זייער אויפגאַבע צו קעמפן פאַר דער בירגערלעכער באַפרייאונג פון די יידן. אָסיפּ ראַבינאָוויטש, לעוואַנדאַ און באָגראָוו האָבן געשילדערט אין זייערע דערציילונגען אין רוסיש דאָס יידישע לעבן, מיט זיינע ליכטיקע און טונקעלע זייטן. דער זעלבער ראַבינאָוויטש און דער פּריצייטיק פאַרשטאָרבענער פובליציסט אָרשאַנסקי האָבן הייס פאַרטיידיקט אין זייערע אַרטיקלען דעם געדאַנק פון יידישער גלייכבאַרעכטיקונג אין רוסלאַנד און האָבן אָפּגעשלאָגן די פאַלשע באַשולדיקונגען קעגן זיי. עס האָט זיך געדוכט אַז די זאַך, פאַר וועלכער עס האָבן געקעמפט אַלע פאָרשטייער פון יידנטום, איז נאָענט פון פאַרווירקלעכונג. נאָר די טרויעריקע געשעענישן, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין דער זעלביקער צייט ווען דער אַנטיסעמיטיזם איז געבאָרן געוואָרן אין מערב־אייראָפּע, האָבן באַוויזן אַז די דאָזיקע דערוואַרטונגען זיינען געווען פריצייטיק.



פּרינץ סמאָלענסקין

אין יאָר 1881 און 1882 זיינען אין אַ סך שטעט פון זיד־רוסלאַנד פאָרגעקומען פּאָגראָמען פון די קריסטן אויף די יידן. די פּאָגראָמען זיינען באַשטאַנען אין חרוב מאַכן יידישע הייזער, רויבן יידיש אייגנטום און הרגענען מענטשן. באַזונדערס שרעקלעך זיינען געווען די פּאָגראָמען אין יענע געגנטן וואו אין דעם 18טן יאָרהונדערט האָבן געבושעוועט די היידאַמאַקעס (יעליסאַוועטגראַד, קיעוו, באַלטאַ און אַנדערע געגנטן פון דער אַמאָליקער אוקראַינע). אַ דאַנק די מיטלען פון דער רעגירונג זיינען די פּאָגראָמען אַרום מיטן פון 1882 איינגעשטילט געוואָרן, וועלכע האָבן זיך שפּעטער פון צייט צו צייט ווידערהאָלט אין פאַרשיידענע ערטער פון דעם יידישן תחום. נאָר פון יענער צייט אָן איז די רעכטלעכע לאַגע פון

די רוסישע יידן שטאַרק פאַרערגערט געוואָרן. אין דער צייט פון אַלעק־סאַנדער דעם 3טן (1881—94) איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ גזרה צו פאַרווערן יידן זיך צו באַזעצן אויף דאָס ניי אין דערפער („צייטווייליקע געזעצן", 3טן מאַי, 1882), צו דערלאָזן יידישע קינדער אין גימנאַזיעס און אוניווערזיטעטן אין אַ העכסט באַשרענקטער צאָל (1887), אַרויס־צושיקן די יידישע בעלי־מלאכות און קליינע סוחרים פון מאָסקווע (1891), ניט דערלויבן יידן געוויילט צו ווערן אין שטאָט־ראַטן (1892) אאז"וו. די פאַרערגערטע עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן האָט אַרויסגערופן צווישן זיי אַ שטאַרקע עמיגראַציע פון רוסלאַנד. דער גרעסטער טייל פון די עמיגראַנטן איז געגאַנגען קיין אַמעריקע, און דער קלענערער טייל קיין פאַלעסטינע. אין צפון־אַמעריקע האָבן איינגעוואַנדערט אין די לעצטע צוויי צענדליק יאָר פון 19טן יאָרהונדערט אַרום אַ מיליאָן יידן, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע. אין דרום־אַמעריקע זיינען געגרינדעט געוואָרן יידישע פאַרם־קאָלאָניעס אין אַר־גענטינע, וועלכע זיינען געשטיצט געוואָרן פון דעם באַוואוסטן מיליאָנער און פילאַנטראָפּ באַראָן הירש. אין ארץ־ישראל האָבן זיך געגרינדעט יידישע ערד־אַרבעטער־קאָלאָניעס אין יהודה און גליל, אַ דאַנק די גרויסע נדבות פון דעם פאַריזער באַראָן עדמונד ראָטשילד און די שטיצע פון ער „פאַלעסטינאַ געזעלשאַפט" אין אָדעס.

אין פאַרבינדונג מיט די געשעענישן פון די לעצטע עטלעכע צענד־ליק יאָר האָט אויפגעלעבט דאָס נאַציאָנאַלע געפיל צווישן די רוסישע יידן. דאָס האָט זיך אויסגעדריקט קודם־כל אין דעם, וואָס אַ באַדייטנדער טייל פון דער נייער יידישער אינטעליגענץ האָט פאַרוואָרפן די שעדלעכע אידעע פון אַסימילאַציע און האָט זיך דערנענטערט צו איר פאָלק. אַ סך האָבן אפילו אָנגעהויבן גלייבן אין דער מעגלעכקייט אויפצובויען לאַנג־זאַם אַ יידישן שטאַט אין ארץ־ישראל. די דאָזיקע אידעע האָבן אין די 80־ער יאָרן געפּרעדיקט די פּאַרטיי „חובבי ציון", און אין די 90־ער יאָרן האָט דער געדאַנק אָנגענומען אַ מער באַשטימטע פאָרעם, אין רוסלאַנד און אין מערב־אייראָפּע, אונטערן נאָמען „ציוניזם". פון 1897 יאָר אָן האַלט אָפּ די צאָלרייכע פּאַרטיי פון די ציוניסטן, דער פירער פון וועל־כער איז געוואָרן דר. טהעאָדאָר הערצל פון ווין (געשט' 1904), פעריאָ־דישע קאָנגרעסן אין באַזעל און אַנדערע שטעט. די פּאַרטיי שטרעבט, מיט דער הילף פון איר „קאָלאָניאַל־באַנק" און „נאַציאָנאַל־פאָנד" צו

אַנטוויקלען ערדאַרבעט און האַנדל אין ארץ־ישראל, צו פאַרשטאַרקן די יידישע איינוואַנדערונג אין דעם לאַנד, און ענדלעך, צו באַשאַפן דאָרט אַ גרויסן צענטער פון יידנטום אויף די יסודות פון אַ ברייטער אַליין־פאַרוואַלטונג.



קאַפּיטל 12

# ענדע פון 19טן יאָרהונדערט ביז סוף פון דער ערשטער וועלט-מלחמה

## § 67. פּאָגראָמען אין רוסלאַנד.

אין די יאָרן 1881 און 1882 זיינען אין פיל שטעט פון דרום־רוסלאַנד פאָרגעקומען פּאָגראָמען קעגן די יידן. באַזונדערס שרעקלעך זיינען געווען די פּאָגראָמען אין די ערטער וואו אַנומלט אין אַכצנטן יאָרהונדערט זיינען פאָרגעקומען די הריגות פון די היידאַמאַקן (אין יעליסאַוועטגראַד, קיעוו, באַלטא און אַנדערע ישובים פון דער פריערדיקער אוקראַינע).

באַזונדערס האָט זיך פאַרערגערט די לאַגע אין דער צייט פון דער הערשאַפט פון צאַר אַלעקסאַנדער דעם דריטן (1881—1894), וואָס האָט איינגעפירט אַ דעספּאָטישן רעזשים און האָט ספּעציעל זיך נוקם געווען אין די יידן, אויף וועמען מען האָט בכיוון אַרויפגעוואָרפן די שולד אין טויט פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן. ער איז פאַרשפרייט געוואָרן צווישן פאָלק קלאַנגען, אַז דער קייסער אַליין האָט געהייסן הרגענען יידן. די לאָקאַלע מאַכטאָרגאַנען זיינען נישט געקומען צו הילף די צעראַבירטע און שוצלאָזע יידן, מען האָט אָנשטאט די פּאָגראָמטשיקעס אַרעסטירט יידן וואָס האָבן זיך פאַרטיידיקט.

צאַר אַלעקסאַנדער דער דריטער האָט אונטערגענומען אַ מאַסע באַגרעניצונגען קעגן יידן. מען האָט פאַרבאָטן די יידן וואוינען אין די דערפער, אין זיין צייט האָט מען איינגעפירט אַ ספּעציעלן וואוין־ראַיאָן פאַר רו־

סישע יידן, זיי האָבן נישט געטאָרט זיך אויפהאַלטן אין די אינערלעכע רוסישע גובערניעס. אין יאָר 1891 איז פאָרגעקומען דער גירוש פון מאָסקווע: טויזנטער מישפּחות האָבן געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט, געלאָזט האָט מען נאָר סוחרים וואָס האָבן געצאָלט אַ ספּעציעלן פּאַטענט און באַזיצערס פון אוניווערזיטעטס־דיפּלאָמען. אין די אוניווערזיטעטן און אין די מיטלשולן האָט מען איינגעפירט באַגרענעצונגען פאַר יידישע קינדער, די אַזוי־גערופענע פּראָצענט־נאָרמע.

אין דער צייט פון לעצטן רוסישן צאַר ניקאָליי דעם צווייטן (1894־1917) איז די יידישע לאַגע געוואָרן אומדערטרעגלעך. מען האָט כסדר איינגעפירט נייע גזרות, באַגרענעצונגען, וואָס האָבן געמאַכט ענגער דאָס לעבן, צוגענומען די פרייהייט און די מעגלעכקייט אויף פּרנסה. טויזנטער רוסישע יידן האָבן אָנגעהויבן פאַרלאָזן דאָס לאַנד און געזוכט אַ מקום־מיקלט אין אַרבע־פּינות־העולם.

## § 68. די עמיגראַציע.

די עמיגראַציע איז געגאַנגען אין אַ ברייטן שטראָם קיין אַמעריקע און אין אַ קלענערער צאָל קיין ארץ־ישראל.

אין אַמעריקע האָבן יידן געוואוינט זינט דער אַנטדעקונג (1492). עס זיינען פאַראַן באַווייזן אַז מיט קאָלומבוסן זיינען שוין מיטגעפאָרן אַ צאָל מאַראַנען. די ספרדים אָדער מאַראַנען האָבן זיך באַזעצט באַזונדערס אין צענטראַל־ און אין דרום־אַמעריקע: אין מעקסיקע, פּערו, בראַזיל. די שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע אינקוויזיציע האָט אויך געווילדעוועט אין די דאָזיקע נייע לענדער, אויפגעשטעלט שייטערהויפנס, געפּייניקט, פאַרברענט. איז אַ טייל יידן אַנטלאָפן אין די האָלענדישע און ענגלישע קאָלאָניעס פון צפון־אַמעריקע, וואו מען האָט געקענט לעבן פרייער און נישט ווערן פאַרפאָלגט צוליב דער רעליגיע. אין 17טן י״ה האָט שוין אין ניי־אַמסטערדאַם (דאָס שפּעטערדיקע ניו־יאָרק) עקזיסטירט אַ יידישע קאָלאָניע. די ספרדים האָבן זיך אויך באַזעצט אין אַנדערע שטעט פון צפון־אַמעריקע, און ווען אין יאָר 1775 האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף פאַר אומאָפּהענגיקייט, האָבן זיך אין אַמעריקע שוין געפונען אַ גרויסע צאָל אשכנזים, אָפּשטאַמיקע פון דייטשלאַנד און פּוילן. יידישע באַנקירן האָבן געהאָלפן וואַשינגטאָנען, דעם באַפרייער פון די פאַראייניקטע שטאַטן

מיט גרויסע קרעדיטן. אין דער פרייהייטס־דעקלאַראַציע האָט זיך גע־פונען אַ ספּעציעלער פּונקט וואָס האָט פאַרזיכערט גלייכע רעכט אַלע בירגער אָן אונטערשייד פון גלויבן און נאַציאָנאַליטעט: „מען קען נישט אָוועקנעמען די ציווילע רעכט ביי קיין שום מענטשלעך וועזן, וואָס גלייבט אין דער עקזיסטענץ פון אַ גאָט".

אין 19טן יאָרהונדערט איז געוואָרן פאַרשטאַרקט די עמיגראַציע פון אשכנזים אין די פאַראייניקטע שטאַטן. יידישע סוחרים פון דייטש־לאַנד און עסטרייך זיינען אין אַמע־ריקע רייך און פאַרמעגלעך געוואָ־רן. אין יאָר 1880 זיינען אין די פאַרייניקטע שטאַטן געווען נישט מער ווי אַן ערך 250.000 יידן. נאָך די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַסן־איינוואַנ־דערונג. יערלעך זיינען איינגעוואַנ־דערט, אויך פון גאַליציע פּוילן און רומעניע אַרום הונדערט טויזנט יידן. אַזוי אַרום איז אין די פאַראיי־ניקטע שטאַטן אויסגעוואַקסן אַ יידישער צענטער פון עטלעכע מיל־יאָן נפשות.


באַראָן הירש

אַן עמיגראַציע איז אויך געגאַנ־גען קיין קאַנאַדע, און קיין אַרגענ־טינע. אין דעם לאַנד האָט דער באַ־ראָן הירש דערוואָרבן גרויסע שטחים לאַנד דורכצופירן זיין גרויסן אי־דעאַל צו פאַרוואַנדלען מאַסן יידן אין ערדאַרבעטער. טויזנטער יידן האָבן זיך באַזעצט אין די ניי־געגרינדעטע קאָלאָניעס פון דער גרויסער פרייער אַרגענטינע. אַ טייל עמיגראַנטן האָבן געגרינדעט ישובים אין דרום־אַפריקע.

די אָנהייבן פון די נייע ישובים זיינען געווען פאַרבונדן מיט שווערעליידן. שווער איז געווען דאָס איינוואָרצלען זיך אין די נייע לענדער, זיך צוגעוואוינען צו די נייע באַדינגונגען, צו די נייע באַשעפטיקונגען. אָבער די יידישע צופּאַסונגס־פעאיקייט האָט גובר געווען אַלע שוועריקייטן.

יידן האָבן זיך באַפעסטיקט סייווירטשאַפטלעך און סיי גייסטיק. זיי האָבן געגרינדעט נייע אינדוסטריעס, און דערמיט לייכטער געקענט אויפ־נעמען זייערע מישפחות און קרובים. זיי האָבן זיך אָרגאַניזירט אין לאַנדס־מאַנשאַפטן, אויפגעבויט אינסטיטוציעס, וואוילטעטיקע, סאַניטאַרע, קול־טורעלע און פּראָפעסיאָנעלע, ווי למשל „אַרבעטער־רינג", „נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד" א"א. דאָס גייסטיקע לעבן האָט זיך קאָנצענטרירט



אַ יידישע קאָלאָניע אין אַרגענטינע

אַרום די גרויסע יידישע צייטונגען אין ניו־יאָרק ווי די דעמאָלטיקע „יידי־שע גאַזעטן", „יידיש טאָגעבלאַט" און שפּעטער דער „פאָרווערטס", „מאָרגן־זשורנאַל" און „טאָג". עס זיינען אויפגעקומען נייע אָרטיקע דיכ־טער און עס האָבן איינגעוואַנדערט די בעסטע שרייבער און אינטעלעק־טואַלן פון אייראָפּע.

אין דער זעלביקער צייט האָט זיך אויך אָנגעהויבן די גוואַלדיקע פאָלקס־באַוועגונג וואָס האָט געחלומט וועגן דער גאולה פון יידישן פאָלק אין זייער אַלט־ניי־היימלאַנד: ארץ־ישראל. פּאָעטן, שריפטשטעלער און דענקער זיינען אַרויסגעקומען פון דער אידעאַליסטישער יוגנט, וואָס האָט זיך אַרומגעטראָגן מיטן אידעאַל פון צוריקקער און אויפבוי פון ארץ־ישראל. עס איז אַנטשטאַנען די חובבי־ציון־באַוועגונג, די „בילו" (פון

די ראשי־תיבות: בית יעקב לכו ונלכו). ד״ר לעאָן פינסקער האָט אַרויס־געלאָזט זיין באַרימטע בראָשור „אויטאָעמאַנציפּאַציע״, וואָס האָט געפּר־נען אַן ענטוזיאַסטישן אָפּקלאַנג צווישן דער יוגנט, וואָס האָט זיך אָנגעה־הויבן לאָזן אין מאַסן קיין ארץ־ישראל. סטודענטן און אינטעליגענטן האָבן געגרינדעט די ערשטע יידישע קאָלאָניעס אין ארץ־ישראל, פאַר־גרעסערט די באַפעלקערונג אין ירושלים, יפו, חיפה, טבריה און צפת.

עס איז אַנטשטאַנען די ציוניסטישע באַוועגונג מיט דער פּלעיאַדע פון קעמפער און טרוימער, וואָס האָבן באַגייסטערט דאָס פאָלק צו נייע ענערגיעס און נייע וועגן. (ליליענבלום, אחד־העם, א״א).

## § 69. נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַוועגונגען.

ד״ר טעאָדאָר הערצל, אַ ווינער זשורנאַליסט האָט אַריינגעטראַכט זיך אינעם גורל פון זיין פאָלק, וואָס לעבט צעוואָרפן צווישן די פעלקער, איז אָנגעוויזן אויף זייערע חסדים, זייערע קאַפּריזן און אויסברוכן פון זייערע שלעכטע אינסטינקטן: דער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג. אין יאָר 1896 האָט ער פאַרעפנטלעכט דאָס באַרימטע בוך „דער יידישער שטאַט״, וואו ער גיט אַ תרופה צו אַלע יידישע ליידן: דאָס יידישע פאָלק וועט זיך אָרגאַניזירן און וועט שאַפן די מעגלעכקייטן פאַר אַ יידישער מלוכה אין ארץ־ישראל. דאָס בוך האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אויף אַלע קרייזן פון יידנטום. עס האָט אַנטהאַלטן אַ געוויסן פּלאַן פון אַ יידישן שטאַט און אויך אָנגעוויזן די אופנים אים צו פאַרווירקלעכן. הערצל און ד״ר מאַקס נאָרדוי האָבן צו דעם צוועק פאַררופן אין יאָר 1897, אין דער שטאָט באַזעל דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט דעלעגאַטן פון אַלע לענדער, וואו יידן האָבן געוואוינט. אין דער דאָזיקער שווייצאַרישער שטאָט האָט טאַקע דער קאָנגרעס פאָרמולירט דאָס ציוניס־



בינימין זאב טעאָדאָר הערצל

טישע ענדציל אין די עטלעכע פראַזן: „דער ציוניזם שטרעבט צו שאַפן פאַרן יידישן פאָלק אַן עפנטלעך־רעכטלעך געזיכערטע היים אין ארץ־ישראל”.

צו דעם דאָזיקן צוועק איז באַשלאָסן געוואָרן אָנהייבן צו באַפעלקערן דאָס לאַנד מיט יידישע אַרבעטער, האַנטווערקער און אינדוסטריאַלן. עס איז אויך געזאָגט געוואָרן אין אַ רעזאָלוציע פונעם קאָנגרעס, אַז מען וועט אָרגאַניזירן און פאַראייניקן אַלע יידן און שטאַרקן דעם יידישן נאַציאָנאַלן געפיל און פאָלקס־באַוואוסטזיין.



דר׳ מאַקס נאָרדוי

הערצל האָט נאָך דורכגעפירט איי־ניקע קאָנגרעסן, ער האָט זיך באַמיט נאָך פאַרן לעבן צו רעאַליזירן זיין ווי־זיע, אָבער די צייט איז נאָך ניט גע־ווען רייף פאַר איר. ער איז געשטאָר־בן אַ פאַרמאַטערטער פון דער אַרבעט פאַר זיין אידעאַל אין עלטער פון 44 יאָר (1904).



די אידעע פון הערצלס פאָליטישן ציוניזם האָבן פאַרגעזעצט זיינע נאָכ־פאָלגער, און די אידעאַליסטישע יו־גנט, וואָס איז אַליין עולה־געווען קיין ארץ־ישראל, געוואָרן פיאָנערן, זיך מקריב געווען פאַר פאָלק און

לאַנד, און געלייגט אַ פונדאַמענט פאַר דער שפּעטערדיקער מדינת ישראל. אויך אָרגאַניזאַציאָנעל איז דער ציוניזם אויסגעוואַקסן און דורך זיינע פאָנדן (קאָלאָניאַל־באַנק, קרן־קימת א״א) געשאַפן די מאַטעריעלע באַזע פאַר די קאָלאָניעס, פאַרן אָפּקויפן באָדנס, פאַרן איינאָרדענען די עולים. עס איז געגערינדעט געוואָרן אַ נייע שטאָט ביי יפו אונטערן נאָמען תל־אביב, וואָס איז ראַפּטום געוואַקסן. עס האָט אָנגעהויבן צו בליען אַ העברעאיש שול־וועזן, צייטונגען זשורנאַלן און ביכער אויף העברעאיש, אויף וועלכער דאָס נייע ארץ־ישראל האָט זיך פאַרשטענדיקט.

די טעריטאָריאַליסטישע באַוועגונג אונטער דער פירונג פון באַוואוסטן שרייבער ישראל זאַנגוויל, וואָס האָט געוואָלט באַקומען פאַר די יידן אַ טע־ריטאָריע ערגעץ־וואו, האָט נישט גע־האַט קיין דערפאָלג און צווישן די יידישע מאַסן ווינציק אָנהענגער.


שלום עליכם

פאַראַלעל מיטן ציוניזם זיינען אין תפוצות ישראל אַנטשטאַנען פאַרשיי־דענע באַוועגונגען, וואָס האָבן געשאַ־פן פּראָגראַמען פאַר די יידן אויף די ערטער, וואו זיי זיינען געבליבן וואוי־נען. עס איז אַנטשטאַנען אַ באַוועגונג פון אויטאָנאָמיזם און פאָלקיזם, וואָס האָבןביידע געקעמפט פאַר די רעכט פון די יידן, וואָס וואוינען ווי מינדערהייטן צווישן די פעלקער, געשטעלט זיך פאַר אַן אויפגאַבע פאָדערן קולטור־אויטאָנאָמיע פאַר די יידישע קהילות, האָבן דאָס פולסטע רעכט זיך אויסצולעבן און צו אַנטוויקלען גייסטיק אין דער פאָלקסשפּראַך יידיש, שאַפן שולן מיט רעגירונגס־רעכטן, אאַ״וו.

די נאַציאָנאַלע רענעסאַנס האָט געהאַט אַ שטאַרקע השפּעה אויף דער אויפלעבונג פון דער יידישער קולטור אין די תפוצות ישראל. די יידישע און העבראישע ליטעראַטור איז אַריין אין אַ תקופה פון אויפשטייג.

בראש פון דער העברעאישער ליטעראטור איז געשטאַנען דער דענקער אחד העם און דער פּאָעט חיים נחמן ביאַליק.ביידע האָבן דערהויבן העברעאיש צו אַ נייער פאָרעם און מדרגה, סיי אין פּראָזע און סיי אין פּאָעזיע. אין דער זעלביקער צייט האָבן מיט קראַפט און אימפּעט אָנגעהויבן צו שאַפן אַ פלעיאַדע נייע דיכטער און פּאָעטן אין דער פאָלקסשפּראַך. מענדעלע מוכר ספרים, „דער זיידע פון דער יידישער ליטעראטור" מיט זיינע אייגנאַרטיקע שאַפונגען, אין וועלכע ער האָט קריטיקירט דאָס קרומע אין יידישן לעבן און אויך געשילדערט די באַזונדערע אומבאַקאַנטע ווינקלען פון יידישן שטעטל. נאָך אים איז געקומען דער הומאָריסט שלום עליכם, וואָס האָט באַשריבן די קאָמישע זייטן פון יידישן לעבן, וואו טרערן זיינען פאַרמישט מיט געלעכטער. י. ל. פּרץ, וואָס האָט געשלידערט די שיינקייט פון פאָלקס-לעבן, זיין דערהויבנקייט, איידלקייט און זיין שטרעבן נאָך אויסלייזונג. עס האָבן אָנגעהויבן צו שאַפן אַ פּעליאַדע פון דיכטער און שרייבער (אברהם רייזין, פרוג, ספּעקטאָר, דינעזאָן, הלל צייטלין און אַנדערע).



מענדעלע מוכר ספרים

באַגלייך מיט דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג האָט זיך אויך געשאַפן ביי יידן אַן אַרבעטער־באַוועגונג. אין זעלביקן יאָר ווען אין באַזעל איז פאָרגעקומען דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס, האָט זיך אין ווילנע געשאַפן דער „בונד", וואָס האָט פון אָנפאַנג געמוזט פיגורירן ווי אַ געהיימע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע. דער בונד האָט אָנגעפירט צווישן די מאַסן אַ רעוואָלוציאָנערע אויפקלערונג אין יידיש. שפּעטער איז דער בונד געוואָרן אַ פאַרקעמפער פאַר נאַציאָנאַלע און אויטאָנאָמע קולטור־רעכטן. גלייכצייטיק זיינען אויך אַנטשטאַנען די פּאַרטייען פון ציוניסטישן סאָציאַליזם: פּועלי ציון און ציוניסטן־סאָציאַליסטן. די דאָזיקע

פּאַרטייען האָבן זיך באַטייליקט צוזאַמען מיט די רוסישע פּאַרטייען אין אַלע קאַמפן פאַר דער פרייהייט, קעגן דער צאַריסטישער טיראַניע.

די רוסישע רעגירונג וואָס האָט אין בלוט דערשטיקט די פרייהייטס־באַוועגונג האָט זיך באַזונדערס אָפּגערעכנט מיט די יידישע רעוואָלוציאָנערן און האָט גענומען נקמה אין דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג ביי יעדער געלעגנהייט. אין יאָר 1903 האָט די רעאַקציע אָרגאַניזירט בלוטיקע פּאָגראָמען אין קישינעוו און אין האָמעל. דער יידישער ענטפער מצד דער יוגנט איז געווען זעלבשוץ און פאַרשטאַרקונג פון דער רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט. די ליבעראַלע רוסישע פּאַרטייען, וואָס האָבן באַקעמפט די רעגירונג, האָבן געהאַט אין זייערע רייען ווי מיטגלידער אַ סך אָנגעזעענע יידן. עס האָט זיך געהאַט געשאַפן אַ געזעלשאַפט פאַר גלייכבאַרעכטיקונג פון יידן אין רוסלאַנד. די בלוטיקע צאַריסטישע מאַכט האָט אויף דער דאָזיקער פאָדערונג געענטפערט מיט נייע פּאָגראָמען, אָנגעפירטע דורך אַ פינצטערער אָרגאַניזאַציע, די אַזוי גערופענע „שוואַרצע מאה" („פאַרבאַנד פון רוסישן פאָלק"). נאָך דעם ווי דער צאַר ניקאָליי דער 2טער האָט אַרויסגעלאָזט זיין „פרייהייטס - מאַניפעסט" אין יאָר 1905, האָט די שוואַרצע מאה דורכגעפירט אין איין וואָך בלויז 600 פּאָגראָמען אין אוקראַינע און אַנדערע רוסישע שטעט. בעת אין רוסישן פּאַרלאַמענט, דער „דומאַ" האָבן זיך געפונען צוועלף יידישע דעפּוטאַטן, האָט דער אויפגעהעצטער המון, אָנגעפירטע פון דער מאַכט, אָרגאַניזירט אין ביאַליסטאָק אַ בלוטיקן פּאָגראָם (1906).


י. ל. פּרץ

דער צאַר האָט אויפגעלייזט די דומאַ און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן עפּאָכע פון אַ ווילדער רעאַקציע, וואָס האָט אָנגעהאַלטן צען יאָר, ביזן יאָר 1914, ווען עס האָט אויסגעבראָכן די וועלט־מילחמה.

אין קיעוו האָט די שוואַרצע מאה אָרגאַניזירט דעם שווינדעלעכן

ספעקטאַקל פון אַן עלילת־דם־פּראָצעס: דער ייד מענדל בייליס איז באַשולדיקט געוואָרן אין דערמאָרדן אַ קריסטלעך יינגל אויף צו באַנוצן זיין בלוט אויף פּסח לויטן נוסח פון די מיטלעלטערלעכע בלוט־בילבולים. דער פּראָצעס האָט געדויערט צוויי יאָר און האָט אַרויסגערופן שטוינען אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט, ביז דער אומשולדיקער בייליס איז באַפרייט געוואָרן אין יאָר 1913.

## § 70. די ערשטע וועלט־מילחמה.

אָנהייבנדיק פון יאָר 1914, ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מילחמה, איז פאַרן יידנטום פון מיזרח־אייראָפּע אַנטשטאַנען אַ תקופה פון נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפעס, וואָס זיינען אַריינגעשריבן מיט שוואַרצע בלעטער אין דער יידישער געשיכטע. גרויס איז געווען די יידישע טראַגעדיע, ווען די פאַרפאָלגטע רוסישע יידן האָבן געמוזט שיקן צום פראָנט הונדערטער טויזנטער יונגע מענטשן צו קעמפן פאַר אַ פאָטערלאַנד, וואָס האָט זיי כסדר געפייניקט מיט פאַרפאָלגונגען און פּאָגראָמען.

די סיטואַציע איז געוואָרן נאָך טראַגישער דורך דער פאַראָרדענונג פון די צאַרישע קאָמאַנדירן צו פאַרטרייבן די יידן פון די אַזוי־גערופענע סטראַטעגישע פּונקטן. גאַנצע קהילות האָט מען פאַרטריבן פון שטעטלעך אַרום וואַרשע, קאָוונע, פון שטעט ביי די גרענעצן, און וואו נאָר דער קאַפּריז פון קאָמאַנדיר האָט עס געוואָלט. די פּליטים האָבן זיך געשלעפּט אין עלנט און נויט איבער שטעט און שטעטלעך, אַ טייל זיינען פאַרשלעפּט געוואָרן אין טיף־רוסלאַנד. אין אַ טייל ישובים האָט מען גענומען ערוב־ניקעס רבנים און חשובע בעלי־בתים אונטער דער דראָאונג, אַז מען וועט זיי דערשיסן, ווען דאָס רוסישע מיליטער וועט האָבן וועלכן עס איז דורכפאַל.

אין האַרץ פון דער יידישער מאַסע האָט געגליט נאָך אַ שטאַרקערע שנאה צום צאַריזם און זיין קאַפּריזנע־בלוטיקן רעזשים און ווען אין די חדשים פעברואַר־מערץ פון 1917 איז אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע, האָבן יידן זיך אין איר אָנגעשלאָסן מיט ענטוזיאַזם.

אין אָנהייב איז אַלץ געגאַנגען גוט: ניקאָליי דער 2טער האָט אָפּגעדאַנקט, די פּראָוויזאָרישע רעגירונג האָט אָנגעהויבן צוצוגרייטן די קאָנסטיטואירנדיקע פאַרזאַמלונג און גלייכגעשטעלט לכתחילה אַלע בירגער אין

זייערע רעכטן. אין מערץ 1917 האָט מען אַרויסגעלאָזט אַ דעקלאַראַציע אין דעם זינען.

נאָך דער מילחמה האָט אייראָפּע באַקומען גאָר אַן אַנדער פּנים. אַלטע אימפּעריעס זיינען זיך צעפאַלן און עס זיינען אַנטשטאַנען נייע שטאַטן. דער שלום־טראַקטאַט פון ווערסאַיל (1919) האָט אָנערקענט די וויטערדיקע נייע מלוכות, רעפּובליקן וואָס זיינען אַנטשטאַנען פון דער פריערדיקער רוסלאַנד און עסטרייך: פּוילן מיט דריי מיליאָן יידן, ליטע — 150.000, לעטלאַנד — 100.000, עסטלאַנד — 5.000, טשעכאָסלאָוואַקיע — 350.000 און דייטש־עסטרייך מיט 225.000 יידן. רומעניע, וואָס האָט פאַר דער מילחמה פּונקט אַזוי אונטערדריקט אירע יידישע בירגער ווי רוס־לאַנד, האָט איינגענומען גרויסע טעריטאָריעס, וואָס האָבן געהערט צו אונגאַרן און רוסלאַנד (בעסאַראַביע און זיבענבירגען), האָט גע־האַט אַ באַפעלקערונג פון אַ מיליאָן יידן. און צום סוף — אונגאַרן מיט אַ האַלבן מיליאָן יידי־שע נפשות.



יידישע וואַנדערער

לויט די שלום־אָפּמאַכן מיט די דערמאָנטע לענדער האָבן אַלע צוגע־זאָגט צו שאַנעווען די רעכט פון זייערע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, נאָר דאָס איז געווען פאָרמעל, פּראַקטיש און אין דער ווירקלעכקייט איז די לאַגע געווען אַן אַנדערע.

נאָך פאַר דער פאַרענדיקונג פון דער מילחמה האָט דאָס יידישע פאָלק

געהאַט אַ ביסל נחת אין זיין שווערער לאַגע: דאָס איז געווען דער צוזאָג פון לאָרד באַלפור אין נאָמען פון דער ענגלישער רעגירונג, אַז אַזוי באַלד ווי די ענגלענדער וועלן איינגעמען פּאַלעסטינע, וועט דאָרט ווערן גע־שאַפן אַ נאַציאָנאַלע היים פאַרן יידישן פאָלק. פאַר די יידן איז דאָס גע־ווען ווי אַ משיחישע נביאות, ווי אַן אָנזאָג פון דער גאולה. יידישע לע־גיאָנערן זיינען אַריינגעטראָטן אין ענגלישן מיליטער כדי צו העלפן אין דער באַפרייאונגס־מילחמה.

נאָך דעם ווי אַלענבי איז מיט אַ טריאומף־מאַרש אַריינמאַרשירט אין ארץ־ישראל, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אַ מאַסע עולים און חלוצים־פּיאָנערן, וואָס האָבן באַדייטנדיק פאַרגרעסערט די יידישע באַפעלקערונג אין דער נאַציאָנאַלער היים.

צום באַדויערן האָט די ענגלישע מאַנדאַט־מאַכט נישט דערפילט איר פאַרשפּרעכן צו העלפן איינאָרדנען די נאַציאָנאַלע היים. הערבערט סע־מועל, דער בריטישער הויכקאָמיסאַר, אַ ייד, האָט אָפּגענאַרט די יידישע האָפענונגען. מען האָט געמאַכט גרויסע שוועריקייטן דער יידישער עליה, געהאַט מער אין זינען די אַראַבער ווי די באַשיצונג פון יידישע רעכט. ווען זיי האָבן אין יאָר 1921 איינגעאָרדנט אמתע פּאָגראָמען אין יפו, זיינען די העצערס און מערדער נישט געוואָרן ווי געהעריק באַשטראָפט.

דאָך איז דאָס לאַנד געוואַקסן, עס זיינען צוגעקומען כסדר וואָס נייע ישובים, די אינדוסטריע איז אויסגעברייטערט געוואָרן, אויך די לאַנדווירטשאַפט, דער יסוד פון יידישן לאַנד, האָט געוואונען אין פאַר־נעם.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע דעמאָלט אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר חיים ווייצמאַן און נחום סאָקאָלאָוו האָבן דורך די פאָנדן „קרן היסוד״ און „קרן קימת״ כסדר אויסגעבויט און פאַרפעסטיקט דעם באָדן־באַזיץ אין לאַנד.

אין ראַטנפאַרבאַנד וואו עס זיינען געבליבן צוויי און אַ האַלבן מיל־יאָן יידן, איז דער מיטלקלאַס געוואָרן גענצלעך רואינירט און זיך אי־בערגעשיכטעט אין פאַבריקן, לאַנדווירטשאַפט און אין דער באַאַמטנ־שאַפט.

קאַפּיטל 13

# דאָס יידישע לעבן צווישןביידע וועלט־מלחמות

(1939—1917) (*

## § 71. די רוסישע רעוואָלוציע און די באַלפור־דעקלאַראַציע

צוויי טראַנסצעדענטאַלע געשעענישן באַנייען די נייע תקופה אין יידישן לעבן זינט דעם יאָר 1917: די רוסישע רעוואָלוציע און די באַלפור־דעקלאַראַציע. ביידע געשעענישן זיינען פאָרגעקומען אין סאַמע מיטן פון גרויזאַמען פעלקער־געראַנגל. דאָס יידישע פאָלק איז געווען היפּש באַטייליקט אין די אומצאָליקע קברים אויפן גאַנצן קאָנטינענט, האָט געגעבן זיין חלק צו די חרובע שטעט און היימען, און סאָלדאַטן פאַר אַלע שלאַכטפעלדער, טויזנטער ייִנגע יידן זיינען געפאַלן אין קאַמף.

דאָס יאָר 1917 האָט דעם פאָלק געבראַכט צוויי נחתדיקע פאַסירונגען: פון איין זייט, אין רוסלאַנד: דאָס פאַלן פון דער צאַרישער מאַכט און דערמיט די וואַרשיינלעכקייט פון באַקומען מענטשלעכע רעכט, און די פּערספּעקטיוון פון אַ נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל.

די דריי יאָר מילחמה האָבן פאַרמאַטערט רוסלאַנד סיי מאַטעריעל און סיי מאָראַליש און האָבן עס דערפירט צום ברעג פון כאַאָס. פאַרן פאַקט פון פאַרלוירענעם קריג און דער אויסזיכט פון אַנאַרכיע, האָט רוסלאַנד נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה ווי: באַזייטיקן די סיבות פון איר

*) איבערגעזעצט פון שכנא רעזניקס צונאַב־קאַפּיטל.

עלנט. פעברואַר 1917 איז געקומען דער סוף פון צאַריזם. די פּראָוויזאָ־רישע רעגירונג נאָך דער רעוואָלוציע וואָס איז באַשטאַנען פון ליבעראַלע עלעמענטן און מעסיקע סאָציאַליסטן, האָט אָנגעהויבן צו באַזייטיקן אַלע באַגרענעצונגען קעגן יידן. דעם 4־טן אַפּריל פון 1917 האָט זיך געזאָגט אין אַ דעקרעט, וואָס איז געווען אונטערגעחתמעט דורכן פּרעמיער פירשט לוואָוו, אַז „אַלע באַגרענעצונגען פון רעכט פון רוסישע בירגער וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיט דער אָנגעהעריקייט צו וועלכן עס איז גלויבן, רע־ליגיע אָדער נאַציאָנאַליטעט, ווערן אַנולירט". מיט איין מאָל זיינען די רוסישע יידן, וואָס זיינען במשך פון יאָרהונדערטער געווען אונטערגע־וואָרפן דערנידערנדיקע געזעצן, וואָס האָט זיי צוגענומען אַלע עלעמענ־טאַרע רעכטן און וואָס האָט זיי אַריינגעוואָרפן אין אַ מין געטאָ, אין דער „טשערטא אָסיעדלאָסטי", מחוץ פון וועלכער זיי האָבן נישט געטאָרט וואוינען, — געוואָרן אויסגעגליכן מיט די איבעריקע רוסישע בירגער. נאָך אַ האַלבן יאָרהונדערט פון האָבן אָפּגעשאַפט דאָס לייבאייגנטום פון אירע אייגענע פּויערים, האָט רוסלאַנד באַזייטיקט די שקלאַפעריי פון די דריי מיליאָן רוסישע יידן.

נאָכן שלום פון ברעסט־ליטאָווסק אין יאָר 1918, האָט זיך אין רוס־לאַנד אָנגעהויבן אַ בירגער־קריג, וואָס איז געוואָרן דערשטיקט, אָבער וואָס האָט אין דער צווישנצייט גורם געווען פיל פּאָגראָמען און שרעק־לעכע הריגות פון יידן. די קאָנטררעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט צייט־ווייליק צעשטיקלט רוסלאַנד. אוקראַינע האָט אויפגעהויבן די פאָן פון סעפּאַראַטיזם, דערקלערט אומאָפּהענגיקייט אונטער דער אָנפירונג פון אַ צענטראַלן ראַט („ראַדאַ"). די יידישע באַפעלקערונג פון אוקראַינע איז געווען פאַרטראָטן אין דאָזיקן מלוכה־ראַט, עס איז אפילו געווען אַ מי־ניסטעריום פון יידישע ענינים און אַן אויסזיכט אויף אַ יידישער קולטור־אויטאָנאָמיע. אָבער די שוידערלעכע פּאָגראָמען אין גאַנץ אוקראַינע האָבן גיך פאַרענדיקט מיט די דאָזיקע האָפנונגען.

די רוסישע יידן האָבן געהאַט נאָך אַן אַנדערן קאַמפס־פּראָנט: די ווירטשאַפטלעכע מילחמה. דורך דער צאַריסטישער געזעצגעבונג זיינען די רוסישע יידן געווען דאָס רוב סוחרים, פאַרמיטלער און האַנטווערקער אויפן פּרימיטיוון אופן, זיינען זיי דורך דער נייער אָרדענונג געוואָרן אין גאַנצן דעקלאַסירט און אָנגעוואוירן דעם עקאָנאָמישן באָדן אונטער זייערע פיס.

דער שלום פון ברעסט־ליטאָווסק האָט געשאַפן פאַר די אַליאירטע ערנסטע שוועריקייטן.

ענגלאַנד, וואָס האָט געהאַט אין זינען אירע קאָמפּליצירטע אינטע־רעסן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק, האָט געזוכט די סימפּאַטיע און די אונטערשטיצונג פון יידנטום. מיטן דאָזיקן צוועק, האָט זי, נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען מיט די ציוניסטישע פירער, אַרויסגעלאָזט דעם 2טן נאָוועמבער אַ דעקלאַראַציע, וואָס איז געווען אונטערגעשריבן דורכן אויסערן־מיניסטער לאָרד באַלפור, אין וועלכער עס האָט זיך געזאָגט, אַז „די רעגירונג פון זיין מאַיעסטעט זעט מיט סימפּאַטיע די שאַפונג פון אַ נאַציאָנאַלער היים פאַרן יידישן פאָלק אין פּאַלעסטינע און וועט מאַכן די גרעסטע אָנשטרענגונגען אום צו פאַרלייכטערן די דערגרייכונג פון דאָזיקן ציל". דער דאָקומענט איז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס פרייד און יובל פון דער גאַנצער יידישער וועלט, טראָץ דעם אַנדערן טייל פון דער דעקלאַראַציע, וואָס האָט צוגעגעבן אַז עס „טאָר גאָרנישט געשען, וואָס זאָל שעדיקן די בירגערלעכע רעכט פון די עקזיסטירנדיקע נישט־יידישע געמיינשאַפטן אין פּאַלעסטינע, אָדער די רעכט און די פּאָליטישע שטעלונג פון די יידן אין וועלכן עס איז אַנדערן לאַנד". דער דאָזיקער צוזאָג, באַוואוסט אונטערן נאָמען „באַלפור־דעקלאַראַציע", איז געוואָרן איינגעשלאָסן אין שלום־טראַקטאַט מיט טערקיי, וואָס האָט פריער געהערשט איבער פּאַלעסטינע. איצט איז פּאַלעסטינע איבערגעגאַנ־גען אונטערן ענגלישן מאַנדאַט, וואָס האָט באַשטימט ווי דעם ערשטן הויכקאָמיסאַר דעם יידן סער הערבערט סעמועל. פון דעסט וועגן איז סע־מועלס פּאָליטיק נישט געווען לטובת די יידן. ער האָט געוואָלט באַרואיקן די אַראַבער, געפירט דאָס לאַנד לויט אַ קאַפּריזנער אויסטייטשונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע און סוף כל סוף געשלאָסן די טויערן פאַר יידישער עמיגראַציע קיין ארץ־ישראל. אָבער טראָץ די שוועריקייטן מצד דער ענגלישער מאַכט, איז ארץ־ישראל דאָך גיך געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַ יידישן וויכטיקן צענטער. סיי די באַלפור־דעקלאַראַציע, סיי די שפּעטערדיקע סאַנקציע פון סאַן רעמאָ האָבן געעפנט פאַרן פאָלק פּערס־פּעקטיוון, אַז ענדגילטיק וועט אויפגעשטעלט ווערן דאָס יידישע פאָטער־לאַנד. די דאָזיקע האָפענונג איז אָבער צייטווייליק און ברוטאַל אָוועקגע־נומען געוואָרן דורך די ענגלענדער, וואָס האָבן אין די ערשטע חדשים פון יאָר 1939, דורך זייערע וואָס שטאַרקער ווערנדיקע באַשרענקונגען

סיי פאַר עליה און סיי פאַר דעם באָדן־איינקויף, אַרויסגעלאָזט אַ ווייס־בוך, וואָס האָט אַנטוישט דאָס יידישע פאָלק.

## § 72. די פּאָגראָמען אין אוקראַינע

אוקראַינע וואו עס האָט געוואוינט דער גרעסטער חלק פון רוסישן יידנטום, איז נאָכן ברעסט־ליטאָווסקער שלום געבליבן אין די הענט פו־נעם העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי, דייטשלאַנדס אַ וואַסאַל. אום צו באַפעס־טיקן די נאַציאָנאַלע אומאָפּהענגיקייט, האָבן אייניקע אוקראַאינער גענע־ראַלן אָרגאַניזירט „פריייוויליקע" סאָלדאַטן, וואָס האָבן געהאט די אויפ־גאַבע צו קעמפן קעגן יונגן קאָמוניסטישן שטאַט. די דאָזיקע פריייוויליקע כוחות האָבן געהאַט אַ קנאַפּע דיסציפּלין, די אָנפירער האָבן זיי אַ סך דערלויבט, ווייל סיי ווי סיי האָבן זיי נישט געהאַט פיל מיטלען זיי אויס־צוהאַלטן ווי אַ נאָרמאַלע אַרמיי. איז מען אָנגעקומען צום מיטל צו באַ־ראַבעווען די ציווילע באַפעלקערונג, און די פּאָגראָמען פון יענער צייט האָבן נישט קיין גלייכן צו זיך אין דער געשיכטע.

נאָך דער מפּלה פון דייטשלאַנד האָבן די אוקראַינער געזוכט די אויסלענדישע אינטערווענץ־הילף און דאָס באַקומען מיטלען אויסצוהאַלטן די האָרדעס פון אומרעגולערע סאָלדאַטן איז געגאַנגען הויפּטזעכלעך אויפן חשבון פון די יידן, וואָס זיינען תמיד אין אַזעלכע פאַלן דער פּאַסיקער קרבן. עס זיינען אויפגעלעבט געוואָרן די אַלטע בלוטיקע אינסטינקטן, איינגעדרימלטע פון די צייטן פון די הייַדאַמאַקן, און די „פריייוויליקע" האָבן זיך געלאָזט איבער די יידישע ישובים צו רויבן און מאָרדן. אין די הריגות האָבן זיך באַטייליקט דאָס מיליטער און די ציווילע אוקראַינער האָבן אויך צוגעהאָלפן אין די מוראדיקע אכזריותן. דער רעזולטאַט איז געווען: איבער 1.220 פּאָגראָמען, איבער 60.000 טויטע און אומצאָליקע פאַרוואונדעטע און צעקאַליעטשעטע, צעשטערונג פון היימען, רויב פון האָב־און־גוטס פון די אָרעמע יידישע פאָלקס־מאַסן.

דאָס האָט אָנגעהאַלטן צוויי און האַלב יאָר.

יידן האָבן זיך אָרגאַניזירט זייערע זעלבשוצן, אָבער דאָס איז גע־ווען ווינציק אין יענע צייטן, ווען יעדן טאָג איז אויפגעשטאַנען אַ נייע מאַכט, אין יענע צייטן אָן גאַראַנטיעס פאַרן לעבן. אָבער דאָך האָבן די זעלבשוצן געראַטעוועט אַ סך יידישע לעבנס, ווייל דאָס רוב זיינען די

ראַבירער געווען פּחדנים, זיי פלעגן אַנטלויפן ביי אַ ווידערשטאַנד. און דאָרטן וואו יידן האָבן געהאַט וואָפן, האָבן זיי געקענט אָפּהאַלטן די צע־יושעטע מאַסע, אָפּשטעלן דעם פּאָגראָם אָדער לפּחות שטאַרבן מיט ווערדע און נישט מיט בושה.

דער דאָזיקער כאַאָס פון טויט און פאַרניכטונג האָט, ווייזט אויס,



אַנטלויפנדיק פאַר פּאָגראָמען

דערשטיקט דאָס געוויסן פונעם רוסישן פאָלק. אמת, עס האָבן זיך גע־פונען אייניקע איזאָלירטע שטימען, וואָס האָבן אויסגעדריקט זייערע פּראָטעסטן, אָבער זייער עכאָ איז געווען ווי אַ קול קורא במדבר. בעת די פּאָגראָמען אין פּאָלטאַווע, האָט דער רוסישער שריפטשטעלער קאָראָ־לענקאָ אָנגעשריבן אַן אַרטיקל קעגן דעם, וואָס ער האָט אָנגערופן „שאַנדע

און זינד״, און ווי אַן ענטפער האָט ער באַקומען דראָאונגען, אַז מען וועט אים דערמאָרדן. אין דער דומאַ, ווען מען האָט געלייענט די באַריכטן וועגן די פּאָגראָמען, האָט אַ פּרוי אַ דעפּוטאַטין געזאָגט מיט רעזיגנאַציע: „נאָך דעם ווי איך האָב דאָס אַלץ אויסגעהערט, וואָס קען איך זאָגן? איך בין אַ רוסישע און שעם זיך צו ווייזן פאַר יידן״.

די לוסט צו מאָרדן און באַראַבעווען די קרבנות איז געווען אַזוי אײַנגעוואָרצלט צווישן די מאַסן, אַז אין אָנהויב האָבן אפילו די באָלשעוויקעס זיך נישט געקענט באַגיין אָן דעם. פּראָסטע מוזשיקעס און דעמאָראַליזירטע עלעמענטן פון דער רויטער אַרמיי האָבן געמאָרדעט און באַראַבעוועט די יידן מיטן אויסרייד, אַז זיי באַקעמפן דעם קאַפּיטאַליזם, פּונקט ווי די „ווייסע״ האָבן עס געטאָן פריער, האַלטנדיק די זעלביקע יידן פאַר קאָמוניסטן. אָבער גאָר גיך האָט מען אונטערדריקט די דאָזיקע עקסצעסן. אַ דעקרעט פון יולי 1918 האָט געמאָלדן „אַז דער קאָמיסאַרן־סאָוועט פונעם פאָלק באַטראַכט די אַנטיסעמיטישע העצע און די פּאָגראָמען קעגן די יידן ווי אַן אומגליק און שעדיקונג פון דער זאַך פון דער רעוואָלוציע פון אַרבעטער און פּויערים און פאָדערט אויף דאָס אַרבעטער־פאָלק פון סאָציאַליסטישן רוסלאַנד צו קעמפן מיט אַלע מיטלען קעגן דעם דאָזיקן שלעכטס. די פּאָגראָמשטשיקעס און די העצערס צו פּאָגראָמען וועלן געשטעלט ווערן מחוץ פון דעם געזעץ״.

אייניקע יאָר שפּעטער האָבן די אוקראַינער פּאָגראָמען געפונען זייער סימבאָלישן נקמה־נעמער. דאָס איז געווען שלום שוואַרצבאָרד, אַ גוטמוטיקער פאָלקס־מענטש, אַ סענטימענטאַלער און אַ דיכטער. בעת דער וועלט־מילחמה איז ער געווען אַ פרייוויליקער אין דער פראַנצויזישער אַרמיי, כדי צו באַווייזן, אַז יידן זיינען נישט קיין פּחדנים. האָט ער זיך נוקם געווען אין דער פּערזאָן פון גענעראַל פּעטליוראַ, וואָס איז געווען איינער פון די הויפּט־פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר די פּאָגראָמען אין אוקראַינע און פאַרן אומקום פון די טויזנטער קרבנות. שוואַרצבאָרד איז געווען אַן עדות פון דיווילדע מעשים פון די „ווייסע״ באַנדעס, אָנגעפירטע דורך דעניקין, קאָלטשאַק, גריגאָריעוו, פּעטליוראַ. ער איז געווען פאַרביטערט פון די שרעקלעכע געשעענישן און האָט זיך באַזעצט אין פּאַריז, געוואוינט אַן איינזאַמער אין אַ שטיל געסל און זיך באַשעפטיקט מיט זייגערמאַכעריי. אַ געוויסן טאָג האָט ער געלייענט אין אַן אוקראַינער צייטונג, וואָס איז דערשינען אין פּאַריז, אַן אַרטיקל מיט לויבגעזאַנגען צו פּעטליור־

ראַן און דערביי איז אויך געווען זיין פאָטאָגראַפיע. שוואַרצבאַרד איז געוואָרן אויפגעבראַכט, אין זיין האַרץ האָט ער געהערט די שטים פון די טויזנטער קדושים און פון זיין אייגענער אומגעבראַכטער פאַמיליע און ער האָט באַשלאָסן זיך נוקם צו זיין אין דעם שענדלעכן תליון פון די טויזנטער אומגעבראַכטע ברידער און שוועסטער זיינע. ער האָט זיין פּלאַן אויסגעפירט מיט ווערדע. ער האָט אויסגעפונען דעם פּלאַץ, וואו פּעטליוראַ קומט טעגלעך, אַ קאַפע־הויז. איין מאָל האָט ער אים געטראָפן אין געזעלשאַפט פון דער פרוי און טאָכטער. האָט ער אָפּגעוואַרט אַ געלעגנהייט, ווען ער וועט זיין אַליין. דעם 25־טן מאַי 1926 האָט ער פּעטליוראַן געטראָפן אַליין, און אים אויפגעפאָדערט ער זאָל זיך פאַרטיידיקן, מיטן אויסגעשריי: „אָט האָסטו פאַר פּראָסקוראָוו, אָט האָסטו פאַר זשיטאָמיר!" — האָט ער דערשאָסן פּעטליוראַן, וואָס איז פאַר אים געווען דער סימבאָל פון די שוידערלעכע פּאָגראָמען. שוואַרצבאַרדס פּראָצעס האָט געהאַט אַ וועלט־אָפּקלאַנג, פאַרן געריכט זיינען דערשינען די באַרימטסטע מענער פון פראַנקרייך און האָבן עדות געזאָגט לטובת שוואַרצבאַרדן, וואָס איז געוואָרן פרייגעשפּראָכן.


שלום שוואַרצבאַרד

דער גורל האָט געוואָלט אַז אין דער זעלביקער שטאָט זאָל אויפשטיין צוועלף יאָר שפּעטער אַ צווייטער נקמה־נעמער קעגן די באַדריקערס פון יידישן פאָלק. אַ יונגער בחור, הערשל גרינשפּאַן, האָט אויך געמיינט נקמה צו נעמען אין די נאַציסטישע פאַרברעכער דורכן דערהרגענען דעם דריטן סעקרעטאַר פון דער דייטשער אַמבאַסאַדע אין פּאַריז, פאָן ראַטן. אויך דער אַטענטאַט האָט נישט געהאַט מער ווי אַ סימבאָלישע באַדייטונג, אָבער דאָס מאָל זיינען זיינע קאָנסעקווענצן געווען זייער ערנסטע. ווי אַ רעפּרעסיע האָט די נאַצישע רעגירונג איינגעאָרדנט אַ פּאָגראָם קעגן די דייטשישע יידן, מיט עפנטלעכע רויבערייען, מיט לעגאַלע קאָנפיסקאַ־

ציעס אין פאָרעם פון אַ „שטראָף", פון אַ קאָנטריבוציע פון טויזנט מי־ליאָן מאַרק. הערשל גרינשפּאַן איז שפּעטער דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשן בעת דער צווייטער וועלט־מילחמה און אָקופּאַציע פון פראַנק־רייך.

## § 73. די מינדערהייטס־רעכטן.

די פיר יאָר מילחמה אין אייראָפּע פון 1914 ביז 1918 האָבן דער־וועקט ביי די אויסגעמוטשעטע און אונטערדריקטע פעלקער די האָפענונג, אַז די באַלוינונג פון זייערע ליידן וועט זיין די רעסטוראַציע פון זייער נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט, אין וועלכער די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן וועלן אויך געניסן פון אַ געוויסער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. פיר אוי־טאָקראַטישע לענדער זיינען זיך צעפאַלן ווי אַ פּועל יוצא פון דער מילחמה און אינערלעכע אויפברויזן: רוסלאַנד, עסטרייך, דייטשלאַנד און טערקיי. די צוויי ערשטע האָבן געהאַט אַ העטעראָגענע באַפעלקערונג. די יידישע מאַסן פון די דאָזיקע לענדער זיינען כסדר געווען געצוואונגען צו קעמפן האַרט פאַר זייערע פּאָליטישע,ווירטשאַפטלעכע און עקאָנאָמישע רעכט. ביז מיטן אויפקום פון היטלעריזם זיינען זייערע עלעמענטאַרע רעכט אי־בערהויפּט אָפּגעשאַפט געוואָרן.

פּוילן, וואו עס האָבן געוואוינט מאַסן יידן, האָט באַלד אין ערשטן מאָמענט פון איר אומאָפּהענגיקייט זיך אַקעגנגעשטעלט צו אַנערקענען די רעכטן פון זיינע מינדערהייטן: די אוקראַינער, ווייסרוסן און יידן. דער עיקר האָט פּוילן געמאַכט שווער דאָס לעבן פון די יידן אונטער פאַרשיי־דענע אויסריידן, און אויסגעמיטן נאָכצוקומען די התחייבותן וואָס זי האָט אויף זיך גענומען ביים אונטערשרייבן דעם ווערסאַילער טראַקטאַט. אַפילו נישט דאָס קומען צו דער מאַכט פון געוועזענעם סאָציאַליסט פּיל־סודסקי אין יאָר 1926, האָט ווינציק געביטן די פּאָליטיק פון פאַרפאָל־גונגען. אין אַ סביבה פון האַס און אונטערדריקונג האָט דאָס פּוילישע יידנטום זיך אָרגאַניזירט כלפּי פנים, געשאַפן כלערליי אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס, כדי זיך צו פאַרטיידיקן גייסטיק און מאַטעריעל. אויפן ווירטשאַפטלעכן געביט אונטער אַן אַטמאָספער פון באָיקאָטן און דיס־קרימינאַציעס, האָבן די יידן זיך פאַרטיידיקט מיטן שאַפן אַ סיסטעם פון ליי־ און שפּאָר־קאַסעס, מיט קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוועס, מיט כלערליי מיטלען צו קענען פאַרדינען דאָס טעגלעכע שטיקל ברויט.

אין גייסטיקער הינזיכט האָבן די יידן פון פּוילן געהאַט אַ פּאַקטישע אינערלעכע אויטאָנאָמיע. אַלע סעקטאָרן פון עקסטרעמען רעכטס ביזן עקסטרעמען לינקס האָבן געאַרבעט פאַרן אויפהאַלט און המשך פון דער יידישער קולטור, יעדע גרופּירונג לויט איר איינשטעלונג. אַזוי זיינען אַנטשטאַנען די „ציש״אָ״־שולן, די העברעישע שולן אונטער דער אויפזיכט פון „תרבות״, פּריוואַטע און געזעלשאַפטלעכע פאַרלאַגן, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן די בעסטע יידישע און העברעישע שאַפונגען; עס זיינען אַנטשטאַנען וויסנשאַפטלעכע צענטערן ווי דער יידיש וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט (ייוואָ), הייל־אַנשטאַלטן און שפּיטאָלן, אַזילן (מעדעם סאַנאַטאָריע א״אַ); עס האָבן זיך געשאַפן טעאַטערס, טעאַטער־סטודיעס, פּראָפעסיאָנעלע שולן, אַ חוץ דעם אַ ברייטע טעטיקייט פון די פּאַרטייען: ציוניסטן, בונדיסטן, פרומע, פאָלקספּאַרטיי, רעוויזיאָניסטן, לינקע און אַנדערע באַוועגונגען. דער פּוילישער ייד מיט זיין לעבעדיקייט און אינטערעס פאַר אַלץ האָט געשאַפן אַן אַלזייטיק אינטערעסאַנט לעבן. דאָס פּוילישע יידנטום האָט געלעבט אַן אינערלעך חשיבותדיק לעבן אין אַלע הינזיכטן. עס איז געווען פּאַקטיש אַ מין נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, מיט אַן אייגענער נאַציאָנאַלער פיזיאָנאָמיע, מיט אַן אייגן לשון, טראָץ די אויסערלעכע שטערונגען.

אַ צווייטע אַנטווישונג איז געווען רומעניע וואָס האָט נאָך דער מילחמה צוזאַמען מיט די אַנעקסירטע לענדער באַקומען אַריבער אַ מיליאָן יידן. רומעניע איז געוואָרן כמעט אַ גרויסמאַכט, אַ דאַנק די אַנעקסירטע לענדער פון עסטרייך — בוקאָווינא, פון אונגאַרן — טראַנסילוואַניע און פון רוסלאַנד — בעסאַראַביע. דאָס דאָזיקע לאַנד האָט געהאַט דערקלערט אַ גרויסן טייל פון אירע יידן פאַר „אויסלענדער״, טראָץ דעם וואָס זיי האָבן באַוואוינט די לענדער פון דורות לאַנג. די רעגירער פון לאַנד (בראַטיאַנו, וואידע וואָיעוואָד) און די אינטעלעקטואַלן (קוזאָ, גאָגאַ) האָבן עפנטלעך געפּרעדיקט דעם אַנטיסעמיטיזם און האָבן געהעצט צו געוואַלד־מעשים קעגן יידן. פּאַראַלעל מיט די פיזישע פאַרפאָלגונגען, וואָס די רומענישע סטודענטן האָבן אַזוי געהאַלטן פון דעם, האָט די רעגירונג אָנגעפירט אַ „קאַלטן״ פּאָגראָם: דאָס אויסשליסן יידן פון די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, פון די ליבעראַלע פּראָפעסיעס, פון די הויכשולן און בכלל פון פּאָליטישן לעבן. צוזאַמען מיט די פּאָליטישע אוןווירטשאַפטלעכע פאַרפאָלגונגען זיינען אויך געווען באַשרענקונגען פון קולטורעלן לעבן, וואָס

דאָס איז געווען זייער שעדלעך פאַרן גייסטיקן אויסלעבן זיך פון רומע־נישן יידנטום, וואָס האָט קיין מאָל נישט געהאַט דערגרייכט אַזאַ הויכע גייסטיקע מדרגה ווי דאָס פוילישע יידנטום.

דאָס דריטע לאַנד מיט אַן אָנזעעוודיקער יידישער באַפעלקערונג (500.000 נפשות), אונגאַרן, האָט אויך נישט געהאַלטן די התחייבותן צו רעספּעקטירן די רעכטן פון אירע יידישע מינדערהייטן. דער אויסרייד איז געווען אַ שאַבלאָנער: בעלאַ קון, דער קאָמוניסטישער פירער איז געווען אַ ייד. די אונגאַרישע רעגירער האָבן גוט געוואוסט אַז דער רוב פון די אונגאַרישע יידן זיינען געווען אָרטאָדאָקסן און דאָס מיינסטע פּרו־מע, גאַנץ ווייט פון לינקע טענדענצן, פון דעסט וועגן האָט אונגאַרן אויס־געניצט דעם עפּיזאָד פון בעלאַ קונס רעגירונג (1919), כדי אָנצוהייבן אַ כוואַליע פון אַנטיסעמיטיזם, פון פּאָגראָמען, מאָרדן, עינויים. סטודענטן און פּעוול, פּאַטריאָטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך נוקם געווען אין די יידן, מכלומרשט פאַרן פאַרלוסט פון טעריטאָריעס און בכלל פאַרן שעיר לעזאזל פון אַלע פאָלקס־אומגליקן. אויף די יידישע שוואַכע קעפּ האָט זיך אויסגעגאָסן דער צאָרן פון פאָלק. בודאַפּעסט, וואָס האָט זיך באַרימט צו זיין אַ ציוויליזירטע שטאָט, די שטאָט פון ד״ר הערצל און מאַקס נאָר־דוי, האָט אירע גאַסן באַפלעקט מיט יידיש בלוט און מיט ווילדע געוואַלד־מעשים קעגן אירע יידישע מיטבירגער. די סטודענטן, די אַריער, זיינען געווען די בלוטדורשטיקסטע, זיי האָבן געפאָדערט „נומערוס קלאַוסוס״ פאַר יידישע סטודענטן אויף מיטל־ און הויכשולן.

בלויז די קליינע רעפּובליקן, די באַלטישע לענדער: ליטע, לעטלאַנד און עסטלאַנד האָבן אין אָנהייב געהאַלטן זייער צוזאָג צו געבן קולטור־אויטאָנאָמיע זייער יידישער באַפעלקערונג. אָבער ביסלעכווייז האָבן זיי אָנגעהויבן נאָכטאָן דעםביישפּיל פון פוילן, דייטשלאַנד און די אַליין־באַשטימונג־רעכטן זיינען געוואָרן אָפּגעשאַפט.

פון די רעסטוירירטע לענדער נאָך דער וועלט־מילחמה האָט טשעכאָ־סלאָוואַקיע מיט איר יידישער באַפעלקערונג פון 350.000 נפשות זיך אויסגעצייכנט מיט איר ליבעראַלער באַציאונג. דאָס פאָטערלאַנד פון מאַ־סאַריקן האָט אָנערקענט די הבטחות צו רעספּעקטירן די רעכטן פון זיינע יידישע איינוואוינער. דער אַנטיסעמיטיזם האָט אין דעם לאַנד נישט גע־האַט קיין עזום האַפּט. די יידן האָבן דאָ פאַרנומען אָנגעזעענע פּאָזיציעס

אין דער אינדוסטריע, אין האַנדל, אין דער ליטעראַטור און אין די פרייע פּראָפעסיעס, אָן שום ראַסן־פּאָראורטיילן.

אַ צווייט לאַנד, מיט 160.000 יידן, טערקיי, וואָס האָט אונטער־געגומען אונטער דער אָנפירערשאַפט פון קעמאַל פּאַשאַ אַ פאַרשטאַרקונג פון נאַציאָנאַלן געפיל און גלייכצייטיק זיך מאָדערניזירט, אייראָפּעאיזירט, האָט דווקא פאַרלאַנגט פון די יידן, זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פון זייער אייגנ־אַרט פאַרן פּרייז פון גלייכהייט. דעס גלייכן האָבן די יידן פון די באַלקאַן־לענדער, אין זייער רוב ספרדים, נישט געהאַט קיין אינטערעס צו פאַר־טיידיקן זייער נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע און זיך באַגרענעצט צו בלייבן בלויז רעליגיעזע מינדערהייטן. דאָס איז געווען דער פאַל אין גריכנלאַנד, מיט אירע 115.000 יידן, יוגאָסלאַוויע (50.000) און בולגאַריע (50.000). וואָס שייך דאָס ביסל יידן אין עסטרייך, וואָס איז געבליבן אַ קליין לענדל מיט אַ גרויסער הויפּטשטאָט ווין, האָבן זיי בכלל נישט געקענט טראַכטן וועגן מינדערהייט־רעכטן, בפרט וואָס דאָס גאַנצע לאַנד איז כסדר גע־שטאַנען אונטער דער דראָאונג פון „אָנשלוס", ד"ה פאַר דער סכנה צו ווערן איינגעשלונגען פון נאַצי־דייטשלאַנד, איז דאָך דאָ פּערמאַנענט געהאָנגען אַ שאַרפע שווערד איבער די יידישע קעפּ.

## § 74. די טראַנספאָרמאַציע פון יידישן צענטער אין רוסלאַנד.

ווי אַ יוצא מן הכלל האָט איין ווינקל אין אייראָפּע באַשלאָסן צו לייזן דאָס יידישע פּראָבלעם אין אַ ראַדיקאַלער פאָרעם. די ליקווידאַציע פון צאַרישן רעזשים האָט אַריינגעבראַכט אַ ראַדיקאַלן בייט אין דער רעכטלעכער סיטואַציע פון דער יידישער באַפעלקערונג. בהסכם פון דער סאָוועטישער שטעלונג צו די נאַציאָנאַליטעטן, זיינען די יידן גלייכגע־שטעלט געוואָרן אין אַלע הינזיכטן מיט אַלע פעלקערשאַפטן אין ראַטנ־פאַרבאַנד.

די רעוואָלוציע האָט געעפנט פאַר די רוסישע יידן דעם צוטריט צו אַלע צווייגן פון דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. זיי זיינען בלויז גע־ווען געצוואונגען צו זוכן נייע לעבנס־אופנים, ווייל זייערע הויפּט־באַ־שעפטיקונגען: קליין־האַנדל און מלאכה זיינען אָפּגעשאַפט אָדער איבער־געאַנדערשט געוואָרן. די יידישע מאַסן וואָס האָבן פלוצלינג פאַרלוירן זייערע פּרנסות, האָבן זיך געמוזט צופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען, וואָס

אין אָנהייב זיינען זיי געווען ווייט פון צו זיין פעסטע באַזעס פאַרן לעבנס־אונטערהאַלט. דריי וועגן האָבן זיך פאַר זיי געעפנט: איבערוואַנדערונג אין די פאַר זיי פריער פאַרבאָטענע קאַנטן, אינדוסטריאַליזאַציע און ערד־באַזעצונג.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן איבערוואַנדערונג פון ייד פון שטעטל אין די גרויסע שטעט פון גרויס־רוסלאַנד. די איבערוואַנדערונג פון די שטעטלעך פון אוקראַינע, ווייס־רוסלאַנד אין די שטעט פון דער ברייטער רוסישער מדינה האָט אין די יאָרן פון 1920 ביז 1940 באַטראָפן אַרום 600,000 נפשות. די סיבה פון דער אינערלעכער מיגראַציע איז נישט



יידישע פויערים אין בירא־בידזשאַן

געווען בלויז מחמת די פאָגראָמען, נאָר אויך צוליבווירטשאַפטלעכע נויטן. אין דער גרויסער שטאָט האָט סיי דער קליינער האַנטווערקער, סיי דער אינטעליגענט, באַקומען גרעסערע מעגלעכקייטן פון באַשעפטיקונג אין פאַבריק, ביוראָ, עפנטלעכע אַמטן, וואָס האָט זיי לייכט אַבסאָרבירט. צו־זאַמען מיט דער אינדוסטריאַליזאַציע איז אויך אָנגעגאנגען אַ קאָלאָניזאַ־ציע־פּראָצעס. יידן אָן אַ פאַך זיינען באַזעצט געוואָרן אויף ערד אין אוק־ראַינע, ווייס־רוסלאַנד און שפּעטער אין בירא־בידזשאַן. דאָס איז געווען

אַ פּרוּװ פֿון אַ לייזונג פֿון שאַרפֿן ווירטשאַפֿטלעכן קריזיס, וואָס איז געקומען ווי אַ פּועל־יוצא פֿון פֿלוצלינגדיקן איבערברוך און רעוואָלוציאָנערער איבערפֿורמירונג פֿון גאַנצן לעבנס־איינשטעל פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד. יידן זיינען געגאַנגען אויפֿן דאָרף, געגרינדעט טויזנטער קליינע ווירטשאַפֿטן אַרום די שטעטלעך, טויזנטער האָבן זיך באַזעצט אין די פֿריערדיקע קאָלאָניעס פֿון כערסאָן, יעקאַטערינאָסלאַוו און קרים. אין דער געגנט פֿון בירא־בידזשאַן, אין ווייטן מיזרח, ביי די ברעגעס פֿון אַמור, האָט מען געפּלאַנט צו גרינדן אַ יידישע רעפּובליק. אין יאָר 1928 האָט די סאָוועטישע מאַכט אָנגענומען אַ געזעץ צו פֿאַרוואַנדלען דעם קאַנט אין אַ יידישער רעפּובליק, אַזוי באַלד ווי בירא־בידזשאַן וועט האָבן אַ גענוגנדיקע יידישע באַפֿעלקערונג. זעקס יאָר שפּעטער, אין יאָר 1934, האָט ראַטנפֿאַרבאַנד דערקלערט בירא־בידזשאַן פֿאַר אַן אויטאָנאָמען יידישן ראַיאָן.

דער אַנטיסעמיטיזם, וואָס אין צאַריסטישן רוסלאַנד איז דאָס געווען אַ רעגירונגס־סיסטעם, — די פֿאַרפֿאָלגונגען פֿון יידן, די פּאָגראָמען זיינען דאָך אָרגאַניזירט געוואָרן פֿון סאַמע אויבן, — איז איצט דורך דער רעוואָלוציע פֿאַרשוואונדן. דער רוסישער ייד איז געוואָרן גלייכגעשטעלט, לעגאַל און פּאַקטיש, מיט אַלע איבעריקע בירגער, האָט צוריקבאַקומען די מענטשלעכע חשיבות, וואָס די פֿריערדיקע רעזשימען האָבן אים כסדר אָפּגעזאָגט. דער נייער דור וואָס איז אויפֿגעוואַקסן אונטער דער פֿרייהייט האָט זיך געפֿילט באמת פֿריי און גלייך מיט די איבעריקע בירגער פֿונעם לאַנד.

## § 75. דער אויפֿבוי פֿון ארץ־ישראל.

דער צווייטער יידישער צענטער וואָס האָט באַקומען אַן אויפֿשוואונג אין דער דאָזיקער תקופֿה איז געווען ארץ־ישראל. גאָרנישט האָט געקאָנט אָפּהאַלטן די עליה וואָס האָט זיך געריסן פֿון אַלע זייטן קיין ארץ־ישראל, נישט דער אַראַבישער טעראָר, נישט די פֿיינדלעכקייט פֿון דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע און נישט די צוגעגרייטקייט פֿונעם לאַנד גופֿא.

די יוגנט וואָס האָט זיך געלאָזט קיין ארץ־ישראל, איבערהויפּט פֿון פּוילן, איז געווען אַן ענטוזיאַסטישע, אַ גרייטע צו איבערבויען זייער לעבן אויף נייע פּראָדוקטיווע יסודות. דאָס זיינען געווען חלוצים־אַרבעטער,

דורכגענומען פון אידעאַל פון נאַציאָנאַלן רענעסאַנס. באַפרייטע פון עגאָ־איסטישע שטרעבונגען, גרייטע צו געבן זייערע לעבנס פאַר דער געליב־טער ערד, זי צו דעראָבערן אויף אַ פרידלעכן אופן מיט האַקאייזן און רידל. נאָך זיי איז געקומען דער יידישער קאַפּיטאַל, דער נאַציאָנאַלער אָדער פּריוואַטער, און האָט געגעבן אַן אָנזעעוודיקן אינדוסטריעלן אימ־פּולס דעם צוריקגעשטאַנענעם לאַנד. דער דאָזיקער ווירטשאַפטלעכער רענעסאַנס איז פאָרגעקומען אָן שוועריקייטן. די פּלוצלינגדיקע שטייגע־רונג פון דער באַפעלקערונג האָט אויך אויף אַ קינסטלעכן אופן געהע־כערט דעם פּרייז פונעם באָדן און האָט געגעבן אַ געלעגנהייט פאַר אַ ספּעקולאַציע. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ שאַרפן קריזיס און אַן אַרבעטס־לאָזיקייט. אָבער באַלד האָט זיך די לאַגע פאַרבעסערט אַ דאַנק דער אינ־וועסטיציע פון נייע קאַפּיטאַלן, באַזונדערס אין דער בויאונג פון נייע הייַ־זער און אין פּרדסים.

צו די עקאָנאָמישע זאָרגן זיינען געקומען די פּאָליטישע אומרוען, וואָס זיינען געוואָרן פּראָוואָצירט דורך דער שנאה פון די ענגלישע מאַכט־האָבער און די אַראַבישע גרויסגרונדבאַזיצער, וואָס האָבן מורא געהאַט אַז זייערע פּערזענלעכע אינטערעסן וועלן ליידן פונעם אַלגעמיינעם פאָרשריט פונעם לאַנד. אַרום דער כותל־מערבי־פראַגע זיינען פאָרגעקומען אַ ריי צוזאַמענשטויסן. אויגוסט 1929 האָט זיך אָנגעהויבן די אַראַבישע אַגרע־סיע, וואָס האָט זיך תיכף אויסגעברייטערט איבערן גאַנצן לאַנד. אַזוי ווי די יידן האָבן נישט געהאַט דעם אָפיציעלן שוץ, האָבן זיי געמוזט אָנ־קומען צו אַליין־פאַרטיידיקונג.

מיט די דאָזיקע צוזאַמענשטויסן האָבן זיך די קאָנפליקטן נישט פאַרענדיקט. אין יאָר 1936 האָבן די אַראַבער זיך אויף דאָס ניי געוואָרפן אויף די יידישע ישובים מיט דער אָפּזיכט צו צעשטערן דאָס גאַנצע יידי־שע ווערק.

טראָץ דעם אַלעם האָט דאָס לאַנד זיך געבויט מיט אימפּעט. צום סוף פון דער ערשטער וועלט־מילחמה איז אין ארץ־ישראל געווען אַן ערך 60 טויזנט יידן, און אין דער תקופה איז שוין די באַפעלקערונג די יידישע געהאַט געוואַקסן ביז אַ האַלבן מיליאָן, אַ דריטל פון דער אַלגע־מיינער איינוואוינערשאַפט. די באַזע פון איר עקאָנאָמיע איז געווען די לאַנדווירטשאַפט, וואָס נישט געקוקט אויף די שיקאַנעס פון דער מאַנ־דאַטן־מאַכט, וואָס האָט באַשרענקט דעם באָדן־קויף, נישט געקוקט אויף

די גיריקע אַראַבער־לאַטיפונדיסטן וואָס האָבן גענומען פאַר זייער באָדן ממש גאָלד, האָט דער ישוב דערגרייכט גרויסע פּראָפּאָרצן. די אינדוס־טריע איז געוואַקסן צוזעענדיק. פריער אומאויסגענוצטע נאַטירלעכע עשירותן פונעם לאַנד זיינען איצט אָנגעווענדעט געוואָרן אין דער אינ־דוסטריע אַ דאַנק יידישער איניציאַטיווע. די שטעט זיינען געוואַקסן, צווישן זיי ירושלים און חיפה. די לעצטע האָט אויסנאַמסווייז אָנגעהויבן בליען מחמת דעם פּאָרט. עס איז געלייגט געוואָרן דער יסוד פאַר אַ יידישן האַנדלס־פלאָט און טויזנטער יונגע יידן זיינען געוואָרן באַשעפ־טיקט ביים ים. דער הויפּט־גורם פאַר דעם איז געווען דאָס שליסן דעם יפוער פּאָרט דורך דער בייזער אַגיטאַציע פון גרויס־מופטי. לעבן תל־אביב



אַ גאַס אין תל־אביב

האָט מען אָנגעהויבן בויען דעם נייעם פּאָרט און מיט דערפאָלג. תל אביב וואָס האָט אין יאָר 1920 געהאַט קוים דריי טויזנט איינוואוינער, איז אין צוויי צענדליקער יאָר שפּעטער אויסגעוואַקסן פון אַ גרויס דאָרף צו אַ שטאָט פון איבער הונדערט טויזנט איינוואוינער פון לויטער יידן.

דער אויפבלי פון דער לאַנדווירטשאַפט, פון די אינדוסטריעלע און האַנדלס־אונטערנעמונגען אין ארץ־ישראל איז צוצושרייבן געווען צום

גרויסן טייל דעם גייסט פון קעגנזייטיקער הילף וואָס הערשט דאָרט. דער קאָאָפּעראַטיוויזם נעמט אַרום כמעט אַלע שטחים פון טעטיקייט, פון מאַ־ראַנצן־פּלאַנטאַציע ביז אויסאַרבעטונג פון וויין, פון די פּרימיטיווסטע אינדוסטריעס אין לאַנד ביז די טראַנספּאָרט־מיטל און קאָנסום־קאָאָפּע־ראַטיוון. באַזונדערס האָט מען אָנגעזען דעם גייסט פון צוזאַמענאַרבעט אין די קאָלעקטיוועווירטשאַפטן אין די קיבוצים, קבוצות, וואָס זיינען אינספּירירט געווען פונעם געדאַנק פון סאָציאַלער גלייכהייט, פון גלייכע רעכטן און פליכטן, וואו די מיטגלידער טראָגן אַלע די הוצאות און פאַר־טיילן גלייך די הכנסות.

דאָס איז צו פאַרדאַנקען געווען אויך אין אַ גרויסער מאָס דער אָרגאַ־



אַ קיבוץ אין ישראל

ניזאַציע פון דער אַרבעטערשאַפט, דער ה ס ת ד ר ו ת, וואָס איז גע־גרינדעט געוואָרן אין יאָר 1920 און האָט שוין געהאַט אין דער עפּאָכע אַריבער 120.000 מיטגלידער מיט אַ ברייטער נעץ פון פינאַנציעלע, לאַנדווירטשאַפטלעכע, אינדוסטריעלע, סאַניטאַרע און דערציאונגס־אינסטיטוציעס.

דאָס לאַנד האָט באַקומען פאַרשיידענע פּאָליטישע פּאַרטייען מיט

די פאַרשיידנסטע אידעאָלאָגיעס. אויפן געביט פון דערציאונג האָט גע־הערשט אַ געוויסע אייניקייט, באַזונדערס וועגן דער שפּראַך פונעם לאַנד, העברעיש, וואָס האָט געפורעמט און פאַראייניקט די מענטאַליטעט פונעם נייעם דור. הונדערטער פון קינדערגערטנער, פון עלעמענטאַר־ און מיטלשולן, פון טעכנישע אינסטיטוטן, פון סעמינאַרן, פון אוניווערזי־טעט־פאַקולטעטן, מיט וועלכע עס האָבן אָנגעפירט טויזנטער פּראָפעסאָרן, לערערס, און וואָס זיינען געוואָרן באַזוכט פון הונדערטער טויזנטער שי־לער און סטודענטן, — האָבן געלייגט אַ חותם אויפן גייסטיקן און קול־טור־לעבן פונעם לאַנד און אויסגעשמידט זיין גאַנצקייט און איינהייט־לעכקייט.

אויך האָט מען אויפן שטח פון פאָלקסגעזונט געהאַט צו פאַרצייכענען וויכטיקע פאָרשריטן, צו פאַרדאַנקען אויפן ערשטן פּלאַץ דעם הע־ראָישן קאַמף פון די חלוצים קעגן דער מאַלאַריע און דער בויאונג פון שפּיטאָלן און סאַניטאַרע פונקטן אומעטום אין לאַנד. נעסטן פון אָנשטע־קנדיקע קראַנקייטן, זומפּן מיט מאַלאַריע־פאַרשפּרייטנדיקע אינזעקטן, וויסטע טרויעריקע געגנטן, — זיינען אַ דאַנק די יידן געוואָרן פאַרוואַנדלט אין געזונטע ערטער, מיט ריין פריש וואַסער, פון זומפּן אין צוציענדיקע זומער־פּלעצער, אין ערטער מיט היילקוואַלן. דאָס אַריינקומען אין לאַנד פון באַרימטע דאָקטוירים, פאַרטריבענע פון דייטשלאַנד און איטאַליע, האָט אין דער תקופה פיל בייגעטראָגן צום פאָרשריט פון אַלגעמיינעם געזונט־צושטאַנד פון ארץ־ישראל־ישוב, איינעם פון די פאָרויסגייענדיקע אין דעם פּרט פון נאָענטן מיזרח.

## § 76. דאָס גייסטיקע לעבן.

טראָץ די אומצאָליקע ליידן, וואָס יידן האָבן געהאַט אויסצושטיין זינט דעם אויסברוך פון דער וועלט־מילחמה 1914, טראָץ די באַדריקונגען, און נגישות, אָרעמקייט און נויט, האָט זיך אַנטוויקלט אַ ברייט פאַרשיידנ־אַרטיק גייסטיק לעבן. פאַרן קריג איז פוילן געווען דער צענטער פון דער יידישער ליטעראַטור, די אַקס פון גייסטיקע שאַפונגען און אויפטוען. בעת דער מילחמה און נאָך דעם די פּאָגראָמען און שווידערלעכע הריגות זיינען אויך אַוועק אויף אייביק אייניקע שעפער פון דער יידישער ליטע־ראַטור (פּרץ, שלום־עליכם, מענדעלע מוכר ספרים, אַנסקי, דינעזאָן, פרוג

א״א) און אַ טייל האָבן זיך געראַטעוועט מיט דער אויסוואַנדערונג קיין אַמעריקע און אַנדערע לענדער (אַש, רייזען, ניגער א״א). דער ליטעראַרישער צענטער האָט זיך אַזוי אַרום אַריבערגעפירט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, און דער דאָזיקער בייט איז געווען נישט בלויז אַ געאָגראַפישער, נאָר האָט אויך געהאַט זיינע פסיכאָלאָגישע קאָנסעקווענצן. דער קאָנטאַקט מיט דער גרויסער וועלט האָט געגעבן אַ נייעם זינען דער יידישער ליטעראַטור. דאָס שטעטל מיט זיינע העלדן וואָס האָט געגעבן די טעמאַטיק אין דער יידישער ליטעראַטור האָט אָנגעהויבן צו ווערן דערזעצט מיט ברייטערע אַספּעקטן. דערציילער, ראָמאַנען־שרייבער און דיכטער האָבן געזוכט נייע טעמעס, נייע אידעען.



שלום אש



ה. לייוויק

דוד בערגעלסאָן איז געווען דער פּראָטאָטיפּ פון דעם נייעם מאָדערנעם שרייבער. זיינע פריערדיקע נאָוועלעס האָבן באַשריבן די דעקאַדענץ פון אַלטן יידישן לעבן, בעת זיינע נייע ווערק האָבן געשילדערט מיט אָפּטימיסטישערע טענער דעם נייעם טיפּ יידן, וואָס איז אויפגעקומען אין דער אינדוסטריע און אין דאָרף. אַ צווייטער וויכטיקער דערציילער, יוסף אָפּאַטאָשו, האָט געמאָלט מיט שאַרפע קאָלירן נישט בלויז די יידן פונעם אַלטן קאָנטינענט, פון דער אַלטער היים, נאָר אויך די קאָמפּלי־

צירטע טיפן און געשעעניש פון אַמעריקאַנער שמעלצטאָפּ פון פעלקער, מיט זייערע נייע פּראָבלעמען, נייע סביבות, נייע איבערלעבונגען. קרעפּ־טיקע פּראָזע־שרייבער האָבן אין זייערע ווערק אַריינגעבראַכט די אַמע־ריקאַנער אַטמאָספערע, די איינוואָרצלונג און ליבשאַפט צו דער נייער היים, דער אומרו פון דער נייער סביבה, דאָס זיינען געווען: דוד איגנאַ־טאָוו, א. ראַבאָי, ברוך גלאַזמאַן, משה נאַדיר, — אַלע רייף־געוואָרענע אין די פאַר'אייניקטע שטאַטן. דאָ האָבן דערגרייכט זייער פולקאָמענ־



אברהם רייזען




קייט די קרעפּטיקסטע יידישע דיכ־טער: ה. לייוויק, וואָס האָט זיך אינ־טערעסירט פאַר די טיפע פּראָבלעמען פון מענטשלעכער דערלייזונג און אַ דראַמאַטורג פון אַ וואָגיקער מדרגה; מאַני לייב — אַ מילדער ליריקער: משה לייב האַלפּערין, — אַן אומרואיקער גייסט מיט דיכטונגען פון אַ טיפן סאָציאַלן תוכן און נאָך אַ ריי פּאָעטן פון פאַרשיידנסטער שול און ריכטונג (ראָלניק, לאַנדוי, שוואַרץ, גלאַטשטיין, באָריישאָ, לוצקי). פּוילן האָט אַרויסגעבראַכט נייע קרעפּטיקע דערציילער, פּאָעטן, עסייאיסטן (סעגאַלאָוויטש, זינגער, וואַרשאַווסקי, האָראָנטשיק, פּערלע, ניידוס, קול־

באַק, צייטלין, מאַלאַדאָווסקי, ראַוויטש א״א). אין רוסלאַנד זיינען אויפ־געקומען נאָך דער רעוואָלוציע אייניקע שריפטשטעלער פון גרויסן ווערט (קיפּניס, גאָדינער, דאַניעל, אַלבערטאָן) און אַ פּלעיאַדע פון נייע פּאָעטן (מאַרקיש, האָפשטיין, פעפער, כאַריק, א״א).

אויך אין אַנדערע לענדער פון אייראָפּע און אַמעריקע זיינען אויפגעקומען מחברים פון פאַרשיידענער קוואַליטעט וואָס האָבן צוגעגעבן און פאַרברייטערט די אוניווערסאַלע יידישע ליטעראַטור.



דר׳ צבי שאַפּירא
גרינדער פון אוניווערזיטעט אין ירושלים

די ליטעראַטור אין העברעאיש האָט פאַרלוירן איר באַזע אין רוסלאַנד און דאַקעגן אויפגעשטיגן אין ארץ־ישראל, וואו די העברעאישע שפּראַך האָט ניט בלויז געהערשט אין גייסטיקן לעבן, נאָר געוואָרן די טעגלעכע אומגאַנגס־שפּראַך. העברעאיש אין ארץ־ישראל איז געוואָרן די שפּראַך פון בוך, פון דער צייטונג, פון גאַס, פון דער שול און ווערט וואָס אַמאָל רייכער און פאַרשיידן־פאַרביקער. פון די אָנגעזעענסטע שרייבער פון דער תקופה איז כדאי צו דערמאָנען י. י. ברענער, אַ שריפטשטעלער פול מיט אינערלעכן פּיין, וואָס איז געוואָרן דערמאָרדעט בעת די אַראַבישע אומרועןפון יאָר 1921; ג. שאָפמאַן, וואָס שרייבט די קורצע מאָדערנע דער־ציילונג; אַ. קאַבאַק, מחבר פון היסטאָרישע ראָמאַנען; ס. י. עגנון, שיל־דערער פון יידישן לעבן אין גאַליציע; אשר באראש, פאַרשיידנאַרטיקער דערציילער און דיכטער; י. בורלא, אַ ספרדי, וואָס שילדערט די סביבה פון די מיזרח־יידן; ע. הדני, וואָס באַשרייבט די קיבוצים אין ארץ־ישראל; ה. אזיז — אַ מאָלער פון דער רוסישער רעוואָלוציע. צווישן די פּאָעטן הייבן זיך אַרויס: דוד שמעוני (שימאָנאָוויטש), דער זינגער פון ארץ־ישראלדיקער אידיליע; יעקוב פיכמאַן און אורי צבי גרינבערג, וואָס האָבן

פריער געשריבן אין יידיש, אביגדור המאירי, נתן אלטמאַן, אברהם שלאָנ־סק, ס. שלום און די דיכטערן אלישבע, אַ קריסטלעכע רוסין פון געבוירן. צו די וואָגיקסטע פובליציסטן פון דער תקופה געהערן א. ד. גאָרדאָן, אַ טאָלסטויאַנער, י. קלאצקין און ה. בערגמאַן, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט פילאָזאָפישע טעמעס.

אין יאָר 1925 זיינען פאַרווירקלעכט געוואָרן צוויי איניציאַטיוועס פון זעלביקן געביט: יידישער וויסנשאַפט. עס איז געגרינ־דעט געוואָרן דער העברעישער אוניווערזיטעט אין ירושלים און דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטי־טוט אין ווילנע. די אַלטע קולטור און די נייע קולטור, די קולטור אין ביידע שפּראַכן, העברעיש און יידיש, האָבן ביידע גלייכצייטיק אויפגע־לעבט, אַ דאַנק דער רענעסאַנס פון דער יידישער וויסנשאַפט פון ביידע לשונות.



פּראָפ׳ אַלבערט איינשטיין

די גרינדונג פון דער העברעישער אוניווערזיטעט איז געווען די רעאַלי־זירונג פון אַן אַלטן חלום פון ד״ר צבי שאַפּיראָ, דעם גרינדער פון קרן קימת. נאָך אין יאָר 1884 האָט שאַ־פּיראָ פאָרגעבראַכט די אידעע. אין יאָר 1897 האָט דער ציוניסטישער קאָנגרעס אָנגענומען פאָרמעל דעם פּלאַן פון אַן אוניווערזיטעט, וואָס איז שפּעטער ווידער געשטאַנען אויפן סדר־היום פון 11טן ציוניסטישן קאָנגרעס פון יאָר 1913. די אידעע איז נישט געוואָרן פאַרווירקלעכט צוליבן אויסברוך פון דער וועלט־מילחמה. אין יאָר 1918 איז געלייגט געוואָרן דער גרונדשטיין אויפן הר־הצופים דורכן ד״ר ווייצמאַן. און אין יאָר 1925, דעם 1־טן אַפּריל, זיבן יאָר נאָך דעם, איז געפייערט געוואָרן דער חנוכת־הבית פון דער העברעישער אוניווער־זיטעט, מיטן בייזיין פון פאָרשטייער פון דער פּאַלעסטינער רעגירונג, פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, פון לאָרד באַלפור, דעם מחבר פון דער דעקלאַראַציע וועגן דער נאַציאָנאַלער יידישער היים.

דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט, באַקאַנט אונטערן נאָמען ייוואָ, איז פאָרמעל געגרינדעט געוואָרן אין בערלין, דעם 25־טן מערץ פון יאָר 1925 דורך אַ גרופּע היימלאָזע יידישע אינטעלעקטואַלן. ווי דעם זיך פונעם אינסטיטוט האָט מען אויסגעקליבן די שטאָט ווילנע, אַ טראַדיציאָנעלער צענטער פון יידישער קולטור און אַ פּאַסיקער פּלאַץ פאַר יידישער פאָרשונג. די אויפגאַבן פון ייוואָ זיינען געווען: פאַרציי־כענען פאַקטן פון יידישן לעבן און זאַמלען דאָקומענטן פון דער פאַרגאַנ־גענהייט און קעגנוואַרט און שאַפן נייע קאָנטינגענטן פון פאָרשער. עס זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרן סטיפּענדיעס פאַר יונגע אַספּיראַנטן. אַ דאַנק דעם פּאָפּולערן כאַראַקטער פון ייוואָ האָט ער דערוועקט אַ גרויסן אינטערעס צווישן דער פאָלקסמאַסע און האָט געהאַט טויזנטער מיטגלי־דער, פאַרשפּרייטע איבער דער גאַנצער וועלט. אויפן פעלד פון וויסנ־שאַפט איז דעם ייוואָ געלונגען צו קאָנצענטרירן אַרום זיך אַ מאַסע יידי־שע וויסנשאַפטלער און פאָרשער פון אַלע לענדער, אַ חוץ דעם — אויך נישט־יידן וואָס ווידמען זיך דער פאָרשונג אויפן פעלד פון יו־דאַיק. נאָך דער נאַצישער אָקופּאַציע פון פּוילן, אין יאָר 1941, האָט דער אינסטיטוט זיך אַריבערגעצויגן קיין ניו־יאָרק, וואו ער האָט באַנייט זיין וויסנשאַפטלעכע אַרבעט אונטער דער פירונג פון אייניקע זיינע הויפּט־פירער, וואָס האָבן זיך על פּי נס געראַטעוועט פון דער נאַצישער הריגה.

בעת די נאַציס האָבן געהערשט איבער ווילנע האָבן זייערע „געלער־טע" אָנגעהויבן צו סאָרטירן די אומשאַצבאַרע אוצרות פון ייוואָ כדי זיי אַוועקצושיקן אין זייערע „פאָרש־אינסטיטוטן" פאַר אַנטיסעמיטישע צוועקן. אַ דאַנק דער מסירת־נפש פון יחידים, וואָס האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן, איז געלונגען אָפּצוראַטעווען אַ גרויסן טייל פון ווערטפולע דאָקומענטן, כתב־ידן, אינקונאַבלען און זיי ברענגען אויף זיכערע פּלע־צער. נאָך דער מילחמה זיינען די אוצרות פון ייוואָ געפונען געוואָרן באַ־גראָבענע אין בונקערס, און פאַרשלעפּטע אין פאַרשיידענע טיילן פון דייטשלאַנד.

אויך אין ראַטנפאַרבאַנד זיינען געגרינדעט געוואָרן אינסטיטוטן, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט יידישער וויסנשאַפט, פאַרשטייט זיך פון קאָ־מוניסטישן קוקווינקל, צוגעפּאַסט צו די מאַרקסיסטישע פּאָסטולאַטן פון דער אַלגעמיינער ליניע פון די פּאַרטיי־טעאָרעטיקער. די „קאַטעדרעס פאַר יידישער קולטור" און שפּעטער „אינסטיטוטן פון יידישער פּראָלעטאַרי־

שער קולטור״, אונטערשטיצטע פון דער רעגירונג, האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט דער פאָרשונג פון יידישן לשון, פון איר אַלטער ליטעראַטור און די סאָציאַלע דערשיינונגען פון די יידישע ישובים. צוזאַמען מיט די לינג־וויסטישע פאָרשונגען האָבן באַקומען אַן אויפשוואונג די געשיכטלעכע און די ליטעראַטור־קריטישע וויסנשאַפטן (מ. ליטוואַקאָוו, מ. עריק, נ. אויס־לענדער, מ. ווינער, א. גורשטיין) און דאָס קונסט־טעאַטער, וואָס האָט מיט דער מיטהילף פון דער מלוכה דערגרייכט גאָר אַ הויכע מדרגה (גראַ־נאָווסקי, מיכאָעלס, זוסקין).

אין אַנדערע לענדער, פּוילן, נאָרד־אַמעריקע האָט דאָס יידישע טעאַ־טער נישט געהאַט אַזאַ גוטע מערכה ווי ראַטנפאַרבאַנד, וואו די מלוכה האָט עס אונטערשטיצט. טראָץ די גרויסע דראַמאַטורגן, ווי: א. סעקלער, לייוויק, בימקאָ, צייטלין, האָבן זיי נישט באַוויזן צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דער מעלאָדראַמע, וואָס האָט געהאַט אַ בעסערן אָפּגאַנג ביים ברייטן פּובליקום, דעם טעאַטער־גייער. אין ארץ־ישראל, דאַקעגן, האָט דאָס בע־סערע טעאַטער זיך אימפּאָנירט. דאָרטן זיינען געוועזן טעטיק די טעאַטער־טרופּעס אין דער העברעישער שפּראַך: די „הבימה״, דער „האוהל״ און דער סאַטירישער רעווי־טעאַטער „המטאטא״.

ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט די פאַרשטאַרקטע רעאַקציע, דער זאָאָלאָגישער אַנטיסעמיטיזם און די וואָס שטאַרקערע אויסברוכן קעגן יידן גורם געווען אַ קריזיס אין אינטעלעקטועלן גייסטיקן לעבן. די אַנטוישטע שרייבער אין דער גאַנצער מענטשלעכער ציוויליזאַציע און קולטור האָבן טיילווייז אויפגעהויבן אַ רוף: „צוריק צום געטאָ!״. דאָס איז געקומען צום אויסדרוק סיי אין דער ליטעראַטור און סיי אין דער פּובליציסטיק. אָנגעזעענע פּובליציסטן פון סאָציאַליסטישער טענדענץ (שטיינבערג, מענעס, גאָרדין, ליבערמאַן, טשעריקאָווער, גאָלאָמב) האָבן געוואָלט רעסטוירירן די אַלטע פאָרמען פון יידישן לעבן אין אַ נייער געשטאַלט.

אַנדערע סעקטאָרן פון דער אינטעליגענץ, ווינציקערערע בעלי־ספּי־קות, זיינען דאַקעגן אָנגעגאַנגען מיט דער פאַרשטאַרקטער טעטיקייט פאַר דער יידישער מאַסן־קולטור. צו דעם צוועק האָבן זיי געגרינדעט נייע קולטור־אָרגאַניזאציעס מיטן ציל צו קאָאָרדינירן די קולטור־אַרבעט פון די יידן אויף דער גאַנצער וועלט (איקוף, ציקאָ).

יידן האָבן זיך אויך באַטייליקט אין די קולטורן פון די לענדער וואו

זיי האָבן געוואוינט, אויף אַלע געביטן פון קולטור־פּאָרשריט. אייניקע יידן זיינען געוואָרן וועלט־באַרימט מיט זייערע אויפטועןן פאַרן מענטשלעכן געדאַנק און דער וויסנשאַפט. מענער ווי איינשטיין און מיכעלסאָן אין דער פיזיק; פרויד און אַדלער אין פסיכאָלאָגיע; בערגסאָן און הוסערל אין דער פילאָזאָפיע; דירקהיים און לעווי־בריהל אין דער סאָציאָלאָגיע; סאַפּיר און באָאַז אין דער אַנטראָפּאָלאָגיע, צווייג און פראַנק אין דער ליטעראַטור. אַ חוץ דער פלעיאַדע פון וויסנשאַפטלעכע יידן, וואָס האָבן באַרייכערט מיט זייער זשעני דעם מענטשלעכן פּראָגרעס און בייגעטראָגן צו דער ציוויליזאַציע און קולטור פון דער קעגנוואַרט.

## § 77. דער היטלעריזם; דאָס צעפאַלן פון יידישן לעבן אין אייראָפּע.

דער ווערסאַילער טראַקטאַט נאָך דער דייטשישער מפּלה האָט אַרויסגערופן אין דייטשלאַנד אַ רעוואַנש־באַוועגונג. די ווײַמאַר־רעפּובליק נאָך דער ערשטער וועלט־מילחמה האָט נישט באַוויזן זיך איינצואוואָרצלען. דייטשלאַנד האָט אָנגעהויבן בסוד, אָדער מיט דער גלייכגילטיקייט פון די גרויסמאַכטן, זיך צו באַוואָפענען. פון אַלע זייטן האָבן נאַציאָנאַליסטישע העצערס, עפנטלעך אָדער אונטערערדיש, צוגעגרייט די אַטמאָספערע פון נקמה. מען האָט פאַרשפּרייט אין פאָלק אַן איבערגעטריבענעם עקזאַלטירטן פּאַטריאָטיזם, מען האָט צוגעזאָגט, אַז אויב די באַוועגונג וועט קומען צו דער מאַכט, וועט דאָס לאַנד אויפבליִען אין אַלע הינזיכטן. טעאָרעטישע פילאָזאָפן האָבן אָנגעהויבן פּרעדיקן די אידעאַלן פון ראַסיסטישער העכער־ווערטיקייט, פון אַ דייטש „האַרן־פאָלק״, וואָס איז באַשטימט צו הערשן אויף די מינדערוויכטיקע פעלקער. דער אַנטוישטער דייטשישער המון האָט די דאָזיקע טעאָריע אויפגענומען מיט לייכטיקייט. סיי ווי סיי האָבן זיי נישט געהאַט קיין עקאָנאָמישע צוקונפט, דאָס לאַנד האָט געליטן פון אַרבעטלאָזיקייט, געווען פאַרוואונדעט אין זיין נאַציאָנאַלן שטאָלץ. האָט זיך די מאַסע לייכט איבערגעגעבן דעם ערשטן בעסטן חוצפּהניק, וואָס האָט איר צוגעזאָגט אַלע גליקן, ווען זי וועט אים נאָכגיין. עס איז אויפגעשטאַנען די נאַציסטישע באַוועגונג, אָנגעפירט פון אַדאָלף היטלער, אַ פאַנאַטיקער, וואָס האָט דערהויבן די ראַסן־טעאָריע צו אַ רעטונג־פּראָגראַם פאַרן דייטשישן פאָלק. עס איז אים געלונגען צו געווינען, סיי דעם בלינדן פּעוול און סיי די יונקערס, וואָס האָבן געגלויבט

אויפצושטעלן דעם פּרייסישן מיליטאַריזם, באַזירט אויף דעראָבערונג פון לענדער.

אין יאָר 1933 האָט מאַרשאַל הינדענבורג, וואָס איז דעמאָלט געווען פּרעזידענט פון דער דייטשישער רעפּובליק, איבערגעגעבן די מאַכט אַדאָלף היטלערן.

און דער שונא פון יידנטום האָט תיכף מיט זיין קומען צו דער מאַכט אָנגעהויבן צו פאַרווירקלעכן זיין פּראָגראַם קעגן יידן, וואָס ער האָט טעאָרעטיש געהאַט עקספּאָנירט אין זיין בוך „מיין קאַמף“, די ביבל פון האַסעדיקן נאַציזם. אויפן אינטערנאַציאָנאַלן באַדן האָט ער אונטערגע־נומען אַ ריי פאַרשיידענע דרייסטע שריט, דערקלערט אַנולירט דעם ווערסאַילער טראַקטאַט, אַרויסגעקומען מיט אַ מאַסע פּרעטענזיעס, וואָס די שכנים האָבן ווי צעמישטע אים נאָכגעגעבן. די באַרואיקונגס־פּאָליטיק, דאָס דערלאָזן אַנעקסירן עסטרייך, טשעכאָסלאָוואַקיע האָבן גאָרנישט געהאָלפן: די נאַציס האָבן אַריינגעצויגן די פעלקער אין דער צווייטער וועלט־מילחמה.

וואָס שייך די יידן איז דער היטלעריזם פאַר זיי באַלד פון אָנהייב געווען אָן שום קאָמפּראָמיסן. עס האָבן געזאָלט רעאַליזירט ווערן אַלע פּונקטן פון היטלערס „מיין קאַמף“. דאָס דייטשישע גרינדלעכע סיסטעם איז אָנגעווענדעט געוואָרן לגבי יידן. זיי זיינען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון אַלע זייערעווירטשאַפטלעכע, פּאָליטישע, קולטור־ און געזעלשאַפט־לעכע פּאָזיציעס. אַ ריי פון געזעצן האָט זיי פאַרוואַנדלט אין פּאַריער פון דער געזעלשאַפט, זיי דערנידעריקט, אויסגערויבט. עס זיינען געקו־מען די שענדלעכע „נירענבערגער געזעצן“ (1935), וואו עס זיינען גע־קומען צום אויסדרוק די מיטלעלטערלעכע מעטאָדן פון פאַרפאָלגונגען אויף יידן, פון ראַסן־ריינקייט, פון ריינע „אַריער“, פון געלער לאַטע, פון געטאָס, פון אומבאַשרייבלעכע באַליידיקונגען מצד דעם צעיושעטן דייטשן פּעוול, וואָס האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט צוזאַמען מיט דער רויבערישער מלוכה אַליין אויך צו געניסן פון פאַרמעג און פּאָזיציע פון רעכטלאָזן. צענדליקער טויזנטער דייטשישע יידן האָבן אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, וואו זייערע אורעלטערן זיינען געווען פאַרוואָרצלט פון דורות. זיי האָבן געוואַנדערט מיט די רעשטלעך פון זייער אייגנס, וואוהין מען האָט זיי נאָר אַריינגעלאָזט. די וואָס איז געלונגען צו קומען אויף אַמעריקאַנער באָדן זיינען געווען געראַטעוועט, אָבער די דייטשישע

יידן, וואָס האָבן געגלויבט צו זיין באַפרייט פון דער היטלעריסטישער געפאַר אין די שכנישע לענדער, זיינען שפעטער, ווען די נאַציס האָבן אָנגעהויבן די אינוואַזיע אויף אַלע אייראָפּעאישע לענדער, ווידער אַריינגעפאַלן אין די בלוטיקע נעגל פון דער שווידערלעכער נאַציסטישער חיה.

היטלער איז אַריינגעדרונגען מיט זיינע האָרדעס קיין טשעכאָסלאָוואַקיע, עסטרייך, פוילן און שפעטער אין כמעט אַלע לענדער פון ציוויליזירטן אייראָפּע. און ער האָט זיך פאַרגענומען מיט די גרוילדיקסטע מיטלען, מיט פראָצעדורן וואָס שטעלן אין שאָטן אַלע ענלעכע מעשים אין אַלטערטום און אין מיטלעלטער אויסצוראָטן דעם גאַנצן קערן פון יידנטום אין אייראָפּע. אַ חוץ דעם באַרויבן דאָס אייגנס, די סאַדיסטישע אויסטערלישע עינויים, צוואַנגס־אַרבעטן, דערשיסונג פון ערובניקעס, פערמאַנענטן בלוטיקן טעראָר, האָבן די דייטשן אין די אַלע באַזעצטע שטעט איינגעאָרדנט געטאָס, וואו מען האָט אַריינגעוואָרפן די יידן צונויפגעבראַכטע פון גאַנץ אייראָפּע. דער צוועק פון דעם איז געווען אַז די מאַסן איינגעשלאָסענע אויף דעם באַגרענעצטן פלאַץ, אָן מיטלען צו לעבן, אָן נאַרונג, אין די ערגסטע סאַניטאַרע באַדינגונגען, זאָלן אומקומען פון הונגער, מגיפות, פון משוגעת. אין דעצעמבער 1942 האָבן די פאַראייניקטע פעלקער, וואָס האָבן געקעמפט קעגן דער היטלעריסטישער מאַכט, פאַרעפנטלעכט אַ דעקלאַראַציע, אין וועלכער די וועלט איז געוואָרן אינפאָרמירט „וועגן דער בעסטיאַלישער קאַלטבלוטיקער פאָליטיק פון אויסראָטונג” פון די נאַצישע האָרדעס. „פוילן, האָט געזאָגט די דערקלערונג, איז געוואָרן פאַרוואַנדלט אין הויפּט־שלאַכטהויז פון די נאַציס. די געטאָס ווערן צוביסלעך אויסגעליידיקט פון די יידן, מיטן אויסנאַם פון די בעלי־מלאכות, וואָס די רויבער נוצן אויס פאַר זייערע קריגס־אינדוסטריעס. פון קיינעם פון די אַרויסגעפירטע יידן פון די געטאָס, איז נישטאָ קיין שום ידיעה. די וואָס זיינען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן קומען אום פון דערשעפונג און אוממענטשלעכע באַדינגונגען. די איבעריקע שטאַרבן פון הונגער און פאַרמאַטערטקייט, פון מאַסן־עקזעקוציעס. די צאָל פון די קרבנות פון די דאָזיקע בלוטיקע גרויל־טאַטן דערגרייכט צו הונדערטער טויזנטער פולשטענדיק אומשולדיקע מענער, פרויען און קינדער”.

קיין מאָל וועט דייטשלאַנד זיך קענען אויסקויפן פון דער שולד, מחמת דער שרעקלעכער באַהאַנדלונג פון די יידן אָן שום מיליטערישן

נוצן. דאָס איז געווען די קאָנסעקווענץ פון דעם האַס, געפּרעדיקט פון אויבן. דאָס איז געווען אַ פּולקאָמע מענטשלעכע דעגראַדאַציע, וואָס האָט געקענט דערלאָזן אַזעלכע אומגלייבלעכע מעשים. הויכע ווענט האָבן אָפּגעטיילט דאָס געטאָ פון דעם רעשט שטאָט, אַ חוץ דעם זיינען גע־ווען טיפע ראָוון אָנגעפּילט מיט וואַסער און שטעכיקע דראָטן. אַ יידישער פּאָליציסט פון אינעווייניק, און אַ דייטש פון אויסנווייניק האָבן אַכטונג געגעבן, אַז קיינער זאָל אַריין אָדער אַרויס. פאַרן פאַרלאָזן אָן דער־לויבעניש די געטאָ איז מען באַשטראָפט גע־וואָרן מיט תפיסה, מיט קאָנצענטראַציע־לאַגערן און אָפט אויך מיט טויט. עלעקטרישע דראָ־טן האָבן אַרומגערינגלט די ווענט פונעם געטאָ און האָבן עלעקטריזירט דעם וואָס האָט געוואַגט זיי אָנצורירן. און אין די דאָזיקע שוידערלעכע שטעט האָבן זיך אויפ־געהאַלטן איבער צוויי מיליאָן מענטשלעכע וועזנס. דאָס וואַרשע־ווער געטאָ האָט געהאַט לערך אַ האַלבן מיליאָן איינוואוינער, מיט די שרעקלעכע קאָנסעקווענצן פון איבערבאַפעלקערונג, פון פעלן לעבנסמיטל, פון מעדיצינישער הילף. חודשלעך זיינען אין וואַרשעווער געטאָ גע־שטאָרבן 5 טויזנט פערזאָן, פאַר דער מילחמה זיינען עס געווען 400 פערזאָן מאָנאַטלעך. אין געטאָ איז נישט אַריינגעקומען — נישט קיין פלייש, נישט קיין פּוטער, מילך און נישט אַנדערע וויכטיקע פּראָדוקטן.


דאָס וואַרשעווער געטאָ און די מויער וואָס טיילט זי אָפּ פון שטאָט

בלויז פאַר טובערקולאָזע פון לעצטן גראַד האָט מען געגעבן אַ גלאָז מילך טעגלעך. טראָץ דער טראַגישער סיטואַציע איז דער גייסטיקער צושטאַנד פון יידן אין געטאָ נישט געווען געבראָכן, טראָץ דער גרויסער נויט איז אין געטאָ געווען אַ גייסטיקע דערהויבונג, אַ קולטור־לעבן, אַ געזעל־שאַפטלעך צוזאַמענלעבן. יידן האָבן זיך אויך פון צייט צו צייט אַקעגנ־געשטעלט די נאַציס מיט געווער אין דער האַנט.

אין אַלע לענדער, וואָס די נאַציס האָבן פאַרנומען, האָבן זיי איינ־געפירט זייערע נירענבערגער געזעצן. אַ חוץ רומעניע, אונגאַרן, איטאַליע, האָבן זיי דאָס געטאָ שפּעטער אין אוקראַינע, ווייסרוסלאַנד. פאַר יידן זיינען די נאַציס געוואָרן דאָס שוידערלעכסטע אומגליק פון דער ערד.

## § 78. דער סך־הכל פון דער תקופה.

ערב דער צווייטער וועלט־מילחמה איז די לאַגע פון די יידן אין רוב פון די אייראָפּעישע לענדער אַ חוץ ראַטנפאַרבאַנד, געוואָרן זייער אַ קריטישע אין אַלע הינזיכטן. פּוילן האָט אָנגעהויבן נאָכטאָן דייטשלאַנד, כאָטש די פּראָצעדורן זיינען געווען אַביסל פאַרשטעלטע. איבערהויפּט זיינען געוואָרן אומדערטרעגלעך די נגישות אויפן עקאָנאָמישן געביט. באָיקאָט, איבערגעטריבענע שטייערן און כלערליי שיקאַנעס האָבן גע־מאַכט שווער דאָס לעבן פון די יידישע מאַסן אין פּוילן. דער יידישער מיסחר, דאָס האַנטווערק און די יידישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, באַזונדערס די ספּעציפיש־יידישע ווי די טעקסטיל־ און טאַבאַק־אינדוס־טריע זיינען ממש געוואָרן רואינירט. אַנדערע לענדער מכלומרשט מער ליבעראַלע, ווי ליטע און לעטלאַנד, האָבן מיט ווינציקער ברוטאַליטעט, אויך דערפירט די יידישע פּרנסה־קוואַלן צו אַ רואין דורך שאַפן קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוועס, דורך מאָנאָפּאָליזאַציע פון מיסחר און דער אינדוסטריע, פון וועלכער יידן זיינען גענצלעך געוואָרן אויסגעשלאָסן.

אונגאַרן און רומעניע, מיט אַן אַלטער אַנטיסעמיטישער טראַדיציע, האָבן עפנטלעך און אָן שום בושה גענומען זיך אומברענגען דורך זייערע געזעצן דיווירטשאַפטלעכע באַזע פון דער יידישער מינדערהייט. יידישע אַרבעטער, אָנגעשטעלטע האָבן נישט געהאַט קיין רעכט צו אַרבעטן און צו ווערן אָנגעשטעלט. דאָס האָט באַרירט הונדערטער טויזנטער יידן.

אייראָפּע איז געוואָרן פאַרדאָרבן דורך דער ווערעמדיקער פּראָפּאַ־

גאַנדע פון די נאַציס, וואָס האָבן געוואָלט געווינען די גאַנצע וועלט פאַר זייערע אידעען פון סופעריאָריטעט, פון ריינע ראַסן, פון אַריער און נישט־אַריער. די פעלקער פון אייראָפּע, וואָס זיינען נישט געווען צוגעגרייט זיך אַקעגנצושטעלן דער סכנה פון דער היטלערישער דראָאונג איינצונע־מען די וועלט, האָבן אַ דאַנק זייערע קורצזיכטיקע פּאָליטיקער פּלוצלינג זיך געזען פאַרוויקלט אין דער נעץ פון דער מוראדיקער דייטשישער מאַכט, וואָס האָט געזוכט עקספּאַנ־סיע, „לעבנס־רוים". צום ערש־טן איז געקומען די אַנעקסיע פון עסטרייך און אומבאַשרייב־לעכער פּיין פאַר די דאָרטיקע יידן. און באַלד נאָך דעם האָט דער אומדערזעטלעכער היט־לער זיך גענומען צו דער צע־שטיקלונג פון טשעכאָסלאָוואַ־קיע. דער שענדלעכער אָפּמאַך פון מינכען (1938) האָט היט־לערן געגעבן נאָך מער מוט צו פאָדערן וואָס מערער פון די אומאַנטשלאָסענע דערשראָקע־נע דעמאָקראַטישע לענדער, וואָס האָבן יעדע אין זינען גע־האַט זייערע אייגענע אינטע־רעסן.



די חורבות פון ווילנער גאונס שול, פאַרברענט דורך די נאַציס

די יידן אין אייראָפּע האָבן אין דעם ווירוואַר, אין דעם כאַאָס, דערזען זייער פינצטע־רע צוקונפט אונטער דער נאַצישער ממשלה, וואָס האָט געפּרוּווט איר פּראָפּאַגאַנדע־גיפט אויסצובּרייטערן אפילו אין די לענדער מעבר־לים, אין די פרייע קאָנטינענטן פון אַמעריקע.

אין אייראָפּע, אַ באַהערשטע פון נאַציזם, האָבן די יידן נישט געהאַט פיל צו האָפן אויף וועלכער עס איז סימפּאַטיע אָדער הילף. די באַפעל־קערונגען, די שכנים זיינען געווען דאָס רוב פאַרסמט פון אומטאָלעראַנץ

און פון דער גיריקייט צוצונעמען דאָס יידישע פאַרמעג מיט אַלע גרוי־זאַמסטע מיטלען. דריי יאָר נאָכן אויסברוך פון קריג, ווען דער היטלעריזם האָט דערגרייכט צו דער העכסטער מדרגה פון זיין שוידערלעכן פּלאַן אויסצוראָטן די יידן פון גאַנץ אייראָפּע, האָבן גייסטלעכע פון הויכער יעראַרכיע, פון פּויפּס אין רוים, ביז די ענגלישע בישאָפן, — באַשלאָסן צו זאָגן זייער וואָרט קעגן דער דאָזיקער אומדערהערטער אכזריות. אויך דער איניציאַטיוו פון דער אַרבעטער־פעדעראַציע אין מעקסיקע האָבן די אַמעריקאַנער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס פּראָטעסטירט אין דעצעמבער פון 1942 מיטן אָפּשטעלן 15 מינוט די אַרבעט ווי אַ פּראָטעסט קעגן די אומ־מענטשלעכע האַנדלונגען פון די היטלער־האָרדעס. אויך די אַליאירטע האָבן אין דער זעלביקער צייט אַרויסגעלאָזט אַן התראה־דעקלאַראַציע צו די מערדער, אַז זיי וועלן באַקומען די פאַרדינטע שטראָף. אָבער די אכזריותדיקע נאַציס האָבן זיך אויסגעלאַכט סיי פון די פּראָטעסטן פון דער קירכע, סיי פון דעם סאָלידאַריטעט־אויסדרוק פון אַמעריקאַנער פּראָלע־טאַריאַט, און סיי פון דער אליאירטער וואָרענונג.

עס האָט געהערשט דער ביטחון, אַז דאָס יידישע פאָלק וועט דאָך זיך קענען אויפהאַלטן טראָץ די בלוטיקע פאַרפאָלגונגען, טראָץ דעם ווילן פון צורר עס אין גאַנצן אָפּצומעקן פון פלאַך פון דער ערד. ביי דער שארית הפליטה־ און ההריגה איז געווען דער פולער גלויבן אין דער מפּלה פון די מערדער־באַנדעס און אין זייער אייגענער גאולה.

## § 79. פון אומקום צו נאַציאָנאַלער גאולה.

(1942—1948) (*

אין זייערע פינצטערע אויסראָט־פּלענער האָבן די נאַציס אָנגעווענדט כלערליי מעטאָדן: לאַנגזאַמער טויט אין די געטאָס און אימפּעטיקער אויסראָט אין די אומקום־לאַגערן, אין די „פאַבריקן פון טויט".

ווען די נאַציס האָבן זיך געגעבן רעכענונג, אַז אין די געטאָס קומען נישט אום גענוג יידן לויט זייערע פּלענער, האָבן זיי באַשלאָסן סוף כל סוף אָנצוואווענדן די פאַרגיכערטע סיסטעמען פון די פאַרלענדונגס־לאַ־גערן, וואו עס האָבן פונקציאָנירט די גאַז־קאַמערן, וואו מען האָט אין

*) איבערגעזעצט לויט משה שענדעריים צוגאָב־קאַפּיטל.

משך פון עטלעכע מינוטן געקענט אומברענגען דורך דערשטיקונג הונדער־טער קרבנות און באַלד נאָך דעם פאַרברענען זייערע גופים אין ריזיקע אויוונס. אין אַזעלכע לאַגערן האָט מען טעגלעך געקענט „ליקווידירן" דרייסיק טויזנט נפשות.

די נאַציס האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר די גרעסטע געמיינקייטן און אכזריות, כדי צו האָבן אויך פּראַקטישע נוצן פון די קרבנות. איידער מען האָט זיי אַוועקגעפירט פון די געטאָס צו די גאַז־אויוונס האָט מען די קרבנות „סעלעקציאָנירט" און אויסגענוצט צו דער שווערסטער אַרבעט. פון די טויטע גופים האָט מען פאַבריצירט זייף, מיט אַ ספּעציעלער מאַר־קע. די מלבושים, שיך, זייגערס, רינגלעך, ברילן, פּולפעדערס און אפילו די קינסטלעכע ציין זיינען געוואָרן געגנבי געזאמלט און אויף אַזאַ אופן האָט דאָס „האַרן פאָלק" סיסטעמאַטיש אויסגענוצט זיינע קרבנות אפילו נאָך זייער אומברענגען.

די פולע ליקווידאַציע האָט זיך אָנגעהויבן אין מיטן פון 1942. די געטאָס האָבן אָנגעהויבן צו ווערן אָפּגערייניקט פון זייער יידישער באַפעל־קערונג. דעם 22־סטן יולי פון זעלביקן יאָר האָט דער „יודען־ראַט" פון וואַרשעווער געטאָ באַקומען אַ פאַראָרדענונג צוצושטעלן טעגלעך פון 6 ביז 10 טויזנט יידן כדי זיי אַוועקצופירן „אויף באַקוועמערע פּלעצער". אַ טאָג נאָך דעם, דעם ניינטן פון חודש אב, איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דער פאָרזיצער פונעם ראַט אַדאַם טשערניאַקאָוו, וואָס האָט זיך אָפּגע־געבן אַ חשבון, אַז די דאָזיקע דעפּאָרטאַציעס מיינען אויסראָט. די נאַציס האָבן געוואָלט דורכפירן זייער אַרבעט אָן שום רעש, האָבן זיי פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די דעפּאָרטירטע ווערן אַוועקגעפירט אין אַרבעטס־לאַגערן פון מיזרח־אייראָפּע, וואו עס דערוואַרט זיי אַרבעט און אַ בעסער לעבן. אַ טייל יידן האָבן אין דעם געגלייבט. אַ חוץ דעם האָבן די נאַציס אין געטאָ פּראָוויזאָריש איינגעשטעלט אַ קאַטעגאָריע יידן „עקאָנאָמיש נוצ־לעכע", וואָס זיינען דערווייל געוואָרן אויסגעשלאָסן פון דער דעפּאָרטאַציע. דאָס האָט דעזאָריענטירט און אָפּגעשוואַכט דעם ווידערשטאַנד. סוף 1942 זיינען אין וואַרשעווער געטאָ געבליבן אַרום 40 טויזנט נפשות, פונעם האַלבן מיליאָן וואָס האָט זיך געפונען פריער דאָרטן. די דעפּאָרטאַציעס זיינען געוואָרן אָפּגעשטעלט ביז אין אָנהויב פון 1943, ווען דער דייטש האָט באַשלאָסן צו ליקווידירן דאָס דאָזיקע רעשטל. דאָס געטאָ האָט זיך אָרגאַניזירט צו אַ ווידערשטאַנד. מיט אויסערגעוויינטלעכע אָנשטרענגונגען

און מיט ווינציקער אָדער כמעט גאָרניט קיין הילף פון דער פוילישער ווי־דערשטאַנד־באַוועגונג, האָבן די יידן באַוויזן צונויפצונעמען אַ געוויסע צאָל וואָפן, אַ טייל פון אייגענער פאַבריקאַציע. מיט די דאָזיקע אומגענוגנדיקע מיטלען האָבן זיי באַשלאָסן זיך אַקעגנצושטעלן דער גרעסטער מיליטע־רישער מאַכט פון דער וועלט. די נאַציס, די ערשטע צייט איבערראַשטע פון אַזאַ שטעלונג, האָבן די פאַרצווייפלטע געטאָ־קעמפער געלאָזט צורו.

אָבער דעם 19־טן אַפּריל, דעם טאָג פון היטלערס געבורטסטאָג, איז באַקומען געוואָרן די פאַראָרדענונג אָנצוהויבן די דעפּאָרטאַציעס. און אין דער זעלביקער נאַכט ווען די נאַצישע אָפּטיילונגען זיינען אַריינגע־דרונגען אין געטאָ כדי אויסצופירן דעם באַפעל, זיינען זיי געוואָרן אויפ־גענומען מיט אַ האָגל פון גראַנאַטן. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער העראָ־אישער אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ. דאָס איז געווען די ערשטע סדר־נאַכט.

צוויי און פערציק טעג האָט געדויערט דער אומגלייכער קאַמף. די דייטשן האָבן געליטן גרויסע פאַרלוסטן, זיי זיינען געווען געצוואונגען אָנצואווענדן טאַנקן, אַרטילעריע און אַוויאַציע, און נאָר דורך דער צע־שטערונג פונעם געטאָ איז זיי געלונגען צו באַהערשן די העלדישע מורדים, וואָס זיינען דאָס רוב געוואָרן באַגראָבן אונטער די פאַלנדיקע ווענט און חורבות פונעם ברענענדיקן געטאָ. די וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון דער הריגה, זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן אין די אויסראָט־לאַגערן, אַ קליין הייפל פון די קעמפער האָט זיך געראַטעוועט אין די וועלדער, וואו זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין די פּאַרטיזאַנער־קעמפער, אייניקע פון די העלדן זיינען שפּעטער אָנגעקומען קיין ישראל, וואו זיי האָבן זיך באַטיי־ליקט אין די באַפרייאונגס־קאַמפן.

ענלעכע אויפשטאַנדן זיינען פאָרגעקומען אין אַנדערע געטאָס און אויך אין אומקום־לאַגערן. אָבער דער גורל פון רוב פון זיי איז געווען אומקום. דער סך הכל פון דער נאַצישער הריגה איז געווען זעקס מיליאָן יידן אומגעבראַכטע דורך די אומבאַשרייבלעכסטע עינויים קשים, וואָס די געשיכטע האָט ביזן היינטיקן טאָג נישט געקענט אַזעלכע.

די ציוויליזירטע וועלט האָט ווינציק רעאַגירט אין שייכות מיט די אכזריותן. מיט קליינע אויסנאַמען, צום באַדויערן, צווישן די לענדער, וואָס דאַרפן ווערן דערמאָנט פאַר זייער הומאַניטאַרישער שטע־לונג צו יידן די קרבנות פון די נאַציס געפונען זיך: דענעמאַרק, האָלאַנד,

פראַנקרייך, רוסלאַנד, שוועדן און שווייץ. אויך די קאַטוילישע וועלט האָט גערעטעוועט אַביסל פּליטים. די באַמיאונגען פון רוזוועלטן, דעם דעמאָלטיקן פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן נישט געקענט פיל אויפטאָן צוליב דער גלייכגילטיקייט פון די אַנדערע פעלקער. אויך פילע יחידים האָבן געהאָלפן ראַטעווען יידן, גייסטלעכע האָבן אויפגענומען יידישע קינדער אין קלויסטערס און קירכן.

די יידישע ישובים אויפן אַמעריקאַנער באָדן האָבן געטאָן אַלץ וואָס איז געווען מעגלעך צו ראַטעווען יידן.

מען האָט דערוואַרט אַז אין אַזאַ קריטישן מאָמענט וועט די מאַנדאַט־מאַכט פון ארץ־ישראל, ענגלאַנד, כאָטש עפענען ברייט די טויערן פון לאַנד פאַר דער גרויסער צאָל פּליטים. אָבער די בריטישע רעגירונג האָט געהאַט אַן אַנדערע מיינונג. גראָד אין יאָר 1939 האָט זי פאַרעפנטלעכט דאָס ווייסע בוך, וואָס האָט באַשרענקט די איינוואַנדערונג פון יידן אין דער צוגעזאָגטער נאַציאָנאַלער היים און דאָס דערוואָרבן באָדן. די יידישע באַפעלקערונג פון ארץ־ישראל האָט בראש פון דער יידישער אַגענץ, באַשלאָסן זיך אַקעגנצושטעלן דער איינשטעלונג. יידן אין ארץ־ישראל האָבן געקעמפט עקשנותדיק פאַר זייערע רעכטן. מיט פינאַנציעלער הילף פון וועלט־יידנטום, באַזונדערס פון דעם אַמעריקאַנער „דזשאָינט״ פון די פאַראייניקטע שטאַטן, האָבן די יידן פון ארץ־ישראל אָרגאַניזירט די געהיימע עליה פון די פּליטים פון אייראָפּע.

זינט 1940 האָבן אַקטואירט אין אייראָפּע דעלעגאַטן פון אַגענץ און דזשאָינט, וואָס האָבן איינגעקויפט שיפן, וואָס האָבן אויפגענומען בסוד עולים און אומבאַקאַנטע פאָרטן און דורך פאַרדרייטע ים־וועגן האָבן זיי באַוויזן אָפּצונאַרן די ענגלישע שמירה און אַריינברענגען אַ צאָל יידן אין לאַנד.

אין יאָר 1940 איז אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל די אַלטע שיף „פּאַטריאַ״ מיט 1171 פּאַסאַזשירן. די ענגלענדער האָבן זיי נישט דערלויבט צו לאַנדן און די שיף איז געוואָרן אויפגעריסן מחמת דער סכנה צו ווערן צוריקגעשיקט קיין אייראָפּע, און עס זיינען אומגעקומען 200 עולים. די האַרטע ענגלענדער זיינען נישט געווען גערירט פון דעם דאָזיקן אומגליק און האָבן פאַרשיקט די איבערלעבנדיקע פון דער „פּאַטריאַ״ צו דער ווייטער אינדזל מאַוריסיאַ. אַ מער טראַגישן גורל האָבן געהאַט די 796 פּאַסאַזשירן פון דער „סטרומאַ״ וואָס איז אַרויף אויף אַ מינע נאָענט

צו די ברעגעס פון טערקיי. אָבער דאָס אַלץ האָט נישט אָפּגעשראָקן אָפּ־צוהאַלטן די אָנפירער פון דער געהיימער עליה, נישט די העלדישע מאַנ־שאַפטן און נישט חלוצים־פּליטים, וואָס האָבן געוואָלט קומען אַהיים. אַ סך שיפן האָבן דערגרייכט די ברעגעס פון געגאַרטן היימלאַנד דורך אַלע מעגלעכע מיטלען און אויסמיידונגען פון דער ענגלישער וואַך, וואָס האָט געהיט דאָס לאַנד מיט קריגשיפן און אפילו געשאָסן אויף די אומגליק־לעכע פּליטים.

טראָץ דער שלעכטער האַנדלונג מצד גרויס־בריטאַניע האָט דער יידישער ישוב פון ארץ־ישראל מיטגעאַרבעט מיט ענטוזיאַזם און בייגע־טראָגן צו דער קריגס־אָנשטרענגונג פון די אַליאירטע. 25 טויזנט יידן, מענער און פרויען האָבן זיך פאַרשריבן פרייוויליק אין ענגלישן מיליטער. אין יאָר 1944 זיינען די יידישע איינהייטן געוואָרן אויסגעטיילט אין אַ ספּעציעלער יידישער בריגאַדע. אויך יידישע קאָמאַנדאָס און פּאַראַשו־טיסטן (חנה סענעש, ענציאָ סערעני א״א) האָבן אויך פיל אויפגעטאָן פאַר דער פאַרטיידיקונג פון נאָענטן מיזרח קעגן דער נאַצי־אינוואַזיע.

נאָך היטלערס מפּלה האָט פּרעזידענט טרומאַן געהאַט פאָרגעשלאָגן ווי אַ טיילווייזע לייזונג פון פּראָבלעם פון „די אויסגעוואָרצלטע פּערזאָ־נען" דאָס אַריינלאָזן 100.000 יידן קיין ארץ־ישראל. ענגלאַנד האָט זיך אָבער בעסער צוגעהערט צו די פּראָטעסטן פון דער אַראַבישער ליגע און האָט אפילו נישט געוואָלט פאָלגן דעם פּסק־דין פון אַ ספּעציעל צו דעם צוועק באַשטימטער קאָמיסיע וואָס האָט זיך אַרויסגעזאָגט לטובת דעם פּראָיעקט. איר מאָטיוו איז געווען אַז זי וועט אַריינלאָזן די צאָל יידן, ווען די פאַראייניקטע שטאַטן וועלן זיך מתחייב זיין מיטצוהעלפן אין פאַל פון אומרוען מצד די אַראַבער.

דאָס האָט אַרויסגערופן דעם אויפברויז פונעם גאַנצן ישוב, וואָס האָט צוגעגרייט סיי די פאַרטיידיקונג און סיי דעם ווידערשטאַנד. די אָר־גאַניזאַציע פון אַליין־פאַרטיידיקונג, די „הגנה" איז געוואָרן מאָביליזירט, אויף די אָנגריפס־קרעפטן, דער „פּלמ״ח", פאַרשטאַרקט דורך דער דע־מאָביליזירטער יידישער בריגאַדע, האָט זיך געגרייט צו מעשים. די ברי־טישע מאַכט האָט אָפּגעענטפערט מיטן שיקן אַ נייע פאַרשטאַרקטע אָקו־פּאַציע־אַרמיי און מיטן איינאָרדענען אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער פאַר די מעפּילים. די עקסטרעמיסטישע אָרגאַניזאַציעס די „אירגון צבאי לאומי" און דער „לח״י", האָט די האַנדלונג פון די ענגלענדער באַטראַכט ווי אַ

קריגס־דערקלערונג דעם יידישן פאָלק און די אָנהענגער פון די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן געהאַלטן אַז די „בעסטע פאַרטיידיקונג איז אַן אָנגריף״, האָבן אָנגעהויבן אַ כוואַליע פון סאַבאָטאַזשן און טעראָר־אַקטן קעגן דער רעגירונג, וואָס האָט זיי געפּרואווט אונטערדריקן אָן דערפּאָלג דורך דעפּאָרטאַציע, אויסנאַם־צושטאַנד און אפילו תליות.

די סיטואַציע איז געוואָרן אומדערטרעגלעך און די רעגירונג איז געווען געצוואונגען פאָרצולייגן אַ לייזונג צום פּראָבלעם. אין אויגוסט 1946 האָט די מאַנדאַט־מאַכט פאָרגעלייגט איר פּלאַן: צעטיילן פּאַלעס־טינע אין דריי פעדערירטע געגנטן: דער גרעסטער און בעסטער טייל וועט בלייבן פאַר אַראַבער, דער „נגב״ וועט ווערן אַדמיניסטרירט פון די ענגלענדער; די נאַציאָנאַלע יידישע היים וועט קוים האָבן אַ שטח פון אַ 150 קוואַדראַט־מייל, מיט אַ באַשרענקטער אויטאָנאָמיע, וואָרום די הויפּט־פּראָבלעמען וועלן בלייבן אין דער האַנט פון די ענגלענדער, וואָס וועט אָנ־פירן מיט דער פעדעראַלער רעגירונג. אויף די צוויי קאָנפערענצן פון סעפּטעמבער 1946 און פון פעברואַר 1947 האָט ענגלאַנד נישט באַוויזן דורכצוזעצן איר פּלאַן. די סיטואַציע אין ארץ־ישראל האָט זיך כסדר פאַרשאַרפט, און די ענגלישע רעגירונג האָט באַשלאָסן צו איבערגעבן די לייזונג פון פּראָבלעם דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע פעלקער.

דערווייל איז די לאַגע פון די אויסגעוואָרצלטע געוואָרן וואָס טראַ־גישער און זייער שטרעבן זיך צו באַזעצן אין דער נאַציאָנאַלער היים וואָס שטאַרקער. עס האָבן נישט אויפגעהערט צו פאָרן שיפן איבער ימען מיט אומלעגאַלע אימיגראַנטן, טראָץ דעם וואָס זיי זיינען שטרענג גע־וואָרן שפּיאָנירט פון בריטישן פלאָט און אַוויאַציע. יעדע שיף איז גע־ווען אַ פּראָבלעם, די מעפּילים האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד פאַרן נישט אַריינלאָזן זיי אין היימלאַנד. די וועלט איז געוואָרן דערשטוינט פון די אומפאַרגלייכלעכע טאַטן פון דער „עקזאָדוס 1947״, וואָס די ענגלענדער האָט געצוואונגען מיט אירע 4.500 מעפּילים צוריקצוקערן פון די ארץ־ישראלדיקע ברעגעס צו די לאַגערן פון אויסגעוואָרצלטע אין דייטשלאַנד. די דאָזיקע אוממענטשלעכע טאַט האָט נישט ווינציק משפּיע געווען אויפן באַשלוס פון דער פעלקער־קאָמיסיע אַ גינציקע פאַר דער יידישער נאַציאָנאַלער היים.

אונטער דער דראָאונג פון ענגלאַנד אַז זי וועט אויפגעבן דעם מאַנ־דאַט אויף פּאַלעסטינע אין מיי 1948, האָט די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג

פון דער „און" אין לייק־סוקסעס, לעבן ניו־יאָרק, אָנגענומען דעם 29־סטן נאָוועמבער 1947 דעם באַשלוס מיט אַ מערהייט פון 33 שטימען קעגן 13 און 11 אָפּגעהאַלטענע צו טיילן פּאַלעסטינע אין צוויי כמעט גלייכע טיילן, עס זאָלן געשאַפן ווערן צוויי מלוכות, איינע אַ יידישע און די צווייטע אַן אַראַבישע, אומאָפּהענגיקע פּאָליטיש, אָבערווירטשאַפטלעך געאייניקט. ירושלים און איר אומגעגנט זאָל ווערן אינטערנאַציאָנאַליזירט. די „און" וועט מיטאַרבעטן מיט די יידן און די אַראַבער אין דער אָרגאַניזאַציע פון די באַטרעפנדיקע פּראָוויזאָרישע רעגירונגען, וואָס דאַרפן זיך קאָנסטיטואירן דעם 16־טן מיי 1948, אין דער דאַטע ווען די ענגלענדער וועלן אויפגעבן דעם מאַנדאַט. די פּראָקלאַמאַציע און אָנערקענונג פון ביידע מלוכות האָט געדאַרפט געשען דעם חודש אָקטאָבער פון זעלביקן יאָר. אויך ווערן ביידע שטאַטן אַריינגענומען אין דער „און".

די דאָזיקע היסטאָרישע החלטה האָט באַגעגנט אַ האַרטנעקיקע אָפּאָזיציע מצד ענגלאַנד, וואָס האָט דערקלערט אַז זי וועט נישט צוזאַמענאַרבעטן אין איר פאַרווירקלעכונג, און אַז זי וועט נישט צולאָזן קיין שום קאָמיסיע פון דער „און" ביז 15 טעג פאַרן פאַרענדיקן דעם מאַנדאַט. אין דער זעלביקער צייט האָט ענגלאַנד טאָלערירט די אָרגאַניזירונג פון אַראַבישע באַנדעס וואָס האָבן אַריינגעדרונגען פון די שכנישע אַראַבער שטאַטן קיין פּאַלעסטינע און אָנגעגריפן די יידן. אויף דער אויפפאָדערונג פון ענגלאַנד האָבן די פאַראייניקטע שטאַטן פאַרבאָטן דעם עקספּאָרט פון וואָפן אין נאָענטן מיזרח, און אַזוי אַרום אָוועקגענומען פאַר די יידן די מעגלעכקייט צו באַקומען געווער פאַר פאַרטיידיקונג. בעת ענגלאַנד האָט לויט התחייבותן און אָפּמאַכן צוגעשטעלט געווער די אַראַבישע מלוכות, וואָס האָבן דאָס איבערגעגעבן די באַנדעס און אומרעגלמעסיקע מיליטער־פאָרמאַציעס. און בשעת מעשה האָט ענגלאַנד אָנגעהויבן די עוואַקואַציע פונעם לאַנד, אויפגעגעבן די אַדמיניסטראַציע און איבערלאָזנדיק אַלץ אין אַ ווירטשאַפטלעכן כאָאָס.

אָבער די אַלע שפּיצלען האָבן גאָרנישט געקענט אויפטאָן קעגן דעם העראָאישן באַשלוס פון דער באַפעלקערונג פון היימלאַנד וואָס איז פּאָליטיש און אָרגאַניזאַטאָריש געווען צוגעגרייט צו איבערנעמען די אָנפירונג פונעם לאַנד. די אומרעגולערע אַראַבישע מיליטער־פאָרמאַציעס האָבן געליטן איין מפּלה נאָך דער אַנדערער. אין דער מאָס וואָס די מאַנדאַטן־מאַכט האָט איבערגעלאָזט אַ קאַנט האָבן די יידן אים תיכף איבער־

# הכרזה
# על הקמת
# מדינת ישראל

**בארץ־ישראל** קם העם היהודי, בה עוצבה דמותו הרוחנית, הדתית והמדינית, בה חי חיי קוממיות ממלכתית, בה יצר נכסי תרבות לאומיים וכלל־אנושיים והוריש לעולם כולו את ספר הספרים הנצחי.

לאחר שהוגלה העם מארצו בכוח הזרוע שמר לה אמונים בכל ארצות פזוריו, ולא חדל מתפלה ומתקוה לשוב לארצו ולחדש בתוכה את חירותו המדינית.

מתוך קשר היסטורי ומסורתי זה חתרו היהודים בכל דור לשוב ולהאחז במולדתם העתיקה; ובדורות האחרונים שבו לארצם בהמונים, וחלוצים, מעפילים ומגינים הפריחו נשמות, החיו שפתם העברית, בנו כפרים וערים, והקימו ישוב גדל והולך השליט על משקו ותרבותו, שוחר שלום ומגן על עצמו, מביא ברכת הקידמה לכל תושבי הארץ ונושא נפשו לעצמאות ממלכתית.

בשנת תרנ"ז (1897) נתכנס הקונגרס הציוני לקול קריאתו של הוגה חזון המדינה היהודית תיאודור הרצל והכריז על זכות העם היהודי לתקומה לאומית בארצו.

זכות זו הוכרה בהצהרת בלפור מיום ב' בנובמבר 1917 ואושרה במנדט מטעם חבר הלאומים, אשר נתן במיוחד תוקף בין־לאומי לקשר ההיסטורי שבין העם היהודי לבין ארץ־ישראל ולזכות העם היהודי להקים מחדש את ביתו הלאומי.

השואה שנתחוללה על עם ישראל בזמן האחרון, בה הוכרעו לטבח מיליונים יהודים באירופה, הוכיחה מחדש בעליל את ההכרח בפתרון בעית העם היהודי מחוסר המולדת והעצמאות על ידי חידוש המדינה היהודית בארץ־ישראל, אשר תפתח לרווחה את שערי המולדת לכל יהודי ותעניק לעם היהודי מעמד של אומה שוות־זכויות בתוך משפחת העמים.

שארית הפליטה שניצלה מהטבח הנאצי האיום באירופה ויהודי ארצות אחרות לא חדלו להעפיל לארץ־ישראל, על אף כל קושי, מניעה וסכנה, ולא פסקו לתבוע את זכותם לחיי כבוד, חירות ועמל־ישרים במולדת עמם.

במלחמת העולם השניה תרם הישוב העברי בארץ את מלוא־חלקו למאבק האומות השוחרות חירות ושלום נגד כוחות הרשע הנאצי, ובדם חייליו ובמאמצו המלחמתי קנה לו את הזכות להמנות עם העמים מייסדי ברית האומות המאוחדות.

ב־29 בנובמבר 1947 קיבלה עצרת האומות המאוחדות החלטה המחייבת הקמת מדינה יהודית בארץ־ישראל; העצרת תבעה מאת תושבי ארץ־ישראל לאחוז בעצמם בכל הצעדים הנדרשים מצדם הם לביצוע ההחלטה. הכרה זו של האומות המאוחדות בזכות העם היהודי להקים את מדינתו אינה ניתנת להפקעה.

זוהי זכותו הטבעית של העם היהודי להיות ככל עם ועם עומד ברשות עצמו במדינתו הריבונית.

**לפיכך נתכנסנו, אנו חברי מועצת העם, נציגי הישוב העברי והתנועה הציונית, ביום סיום המנדט הבריטי על ארץ־ישראל, ובתוקף זכותנו הטבעית וההיסטורית ועל יסוד החלטת עצרת האומות המאוחדות אנו מכריזים בזאת על הקמת מדינה יהודית בארץ־ישראל, היא מדינת ישראל.**

**אנו קובעים** שהחל מרגע סיום המנדט, הלילה, אור ליום שבת ו' אייר תש"ח, 15 במאי 1948, ועד להקמת השלטונות הנבחרים והסדירים של המדינה בהתאם לחוקה שתיקבע על־ידי האספה המכוננת הנבחרת לא יאוחר מ־1 באוקטובר 1948 — תפעל מועצת העם כמועצת מדינה זמנית, ומוסד הביצוע שלה, מנהלת־העם, יהווה את הממשלה הזמנית של המדינה היהודית, אשר תיקרא בשם ישראל.

**מדינת ישראל** תהא פתוחה לעליה יהודית ולקיבוץ גלויות; תשקוד על פיתוח הארץ לטובת כל תושביה; תהא מושתתה על יסודות החירות, הצדק והשלום לאור חזונם של נביאי ישראל; תקיים שויון זכויות חברתי ומדיני גמור לכל אזרחיה בלי הבדל דת, גזע ומין; תבטיח חופש דת, מצפון, לשון, חינוך ותרבות; תשמור על המקומות הקדושים של כל הדתות; ותהיה נאמנה לעקרונותיה של מגילת האומות המאוחדות.

**מדינת ישראל** תהא מוכנה לשתף פעולה עם המוסדות והנציגים של האומות המאוחדות בהגשמת החלטת העצרת מיום 29 בנובמבר 1947 ותפעל להקמת האחדות הכלכלית של ארץ־ישראל בשלמותה.

**אנו קוראים** לאומות המאוחדות לתת יד לעם היהודי בבנין מדינתו ולקבל את מדינת ישראל לתוך משפחת העמים.

**אנו קוראים** — גם בתוך התקפת־הדמים הנערכת עלינו זה חדשים — לבני העם הערבי תושבי מדינת ישראל לשמור על השלום וליטול חלקם בבנין המדינה על יסוד אזרחות מלאה ושוה ועל יסוד נציגות מתאימה בכל מוסדותיה, הזמניים והקבועים.

**אנו מושיטים** יד שלום ושכנות טובה לכל המדינות השכנות ועמיהן, וקוראים להם לשיתוף פעולה ועזרה הדדית עם העם העברי העצמאי בארצו. מדינת ישראל מוכנה לתרום חלקה במאמץ משותף לקידמת המזרח התיכון כולו.

**אנו קוראים** אל העם היהודי בכל התפוצות להתלכד סביב הישוב בעליה ובבנין ולעמוד לימינו במערכה הגדולה על הגשמת שאיפת הדורות לגאולת ישראל.

**מתוך בטחון בצור ישראל הננו חותמים בחתימת ידינו לעדות על הכרזה זו, במושב מועצת המדינה הזמנית, על אדמת המולדת, בעיר תל־אביב, היום הזה, ערב שבת, ה' אייר תש"ח, 14 במאי 1948.**

אומאפּהענגיקייטס־דערקלערונג און גרינדונג פֿון מדינת ישראל

גענומען און אין דעם טאָג, ווען עס האָט זיך געענדיקט דער בריטישער מאַנדאַט און עס איז פאָרגעקומען די עוואַקואַציע פון די בריטישע טרופּן, דעם 14־טן מיי 1948, איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אין תל־אביב דורך דוויד בן־גוריון, ווי ערשטער פּרעמיער פון דער ערשטער פּראָוויזאָרישער יידי־יידישער רעגירונג, די שאַפונג, אומאָפּהענגיקייט און די סואווערעניטעט פון מדינת ישראל, וואָס האָט אָנגענומען דעם נאָמען י ש ר א ל. עטלעכע שעה נאָך דעם איז דער שטאַט געוואָרן אָנערקענט פון די פאַר־אייניקטע שטאַטן, און אייניקע טעג שפּעטער דורכן ראַטנפאַרבאַנד. דער פאָרזיצער פון דער יידישער אַגענץ און פון דער ציוניסטישער וועלט־



משה שרת — ד"ר חיים וויַיצמאַן — דוד בן־גוריון

אָרגאַניזאַציע, דער וויסנשאַפטסמאַן ד"ר חיים ווייצמאַן, איז געוואָרן פּראָקלאַמירט ווי פּראָוויזאָרישער פּרעזידענט פון דער ישראל־רעפּובליק.

גלייכצייטיק איז די אַראַבישע ליגע, אויפגעהעצט און אונטערשטיצט פון ענגלאַנד, איבערגעפאַלן די נייע מדינה מיט די אַרמייען פון די זיבן מלוכות (עגיפּטן, לבנון, איראַק, סאַודיע, סיריע, עבר הירדן און תימן). דער אַראַבישער לעגיאָן פון עבר הירדן וואָס ווערט אויסגעהאַלטן און אָנגעפירט פון ענגלישע אָפיצירן, האָט באַלאַגערט ירושלים; די עגיפּ־טישע אַוויאַציע האָט באָמבאַרדירט אומבאַשיצטע יידישע שטעט און דערפער, און די סיריער, איראַקער און ליבאַנעזער זיינען אַריינגעדרונגען אין צפון פון לאַנד און ווי אַן ערשטע וואַנדאַלישע טאַט, צעשטערט די איינציקע הידראָעלעקטרישע סטאַציע וואָס דאָס לאַנד באַזיצט. מיט די דאָזיקע באַרבאַרישע מעשים האָט זיך אָנגעהויבן דער אומגלייכער קאַמף פון ישראל מיט זיבן אָרגאַניזירטע אַראַבישע מלוכות, מיט אַ באַפעל־

קערונג פון 30 מיליאָן איינוואוינער, קעגן 600 אָדער 700 טויזנט יידן פון אַן ערשט געבוירענעם שטאַט.

אָבער די יידן האָבן צעשלאָגן העלדיש די אינוואַזאָרן, וואָס האָבן אין זייער ריקצוג מיטגעשלעפּט אַ טייל פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג פון ישראל, וואָס קיינער האָט זיי נישט געטשעפּעט אַזוי לאַנג ווי זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן רואיק. ווי דורך אַ נס איז אַנטשטאַנען אַ גוט־אָר־גאַניזירטע יידישע אַרמיי, כאָטש דערוויילַ אַ נאָך נישט גוט־אויסגע־שטאַטע; אַ יידישער פּלאַט וואָס האָט גורם געווען היפּשע מפּלות דעם עגיפּטישן, און וואָס האָט באָמבאַרדירט די פּאָרטן פון לבנון; און אַ יידישע אַוויאַציע וואָס האָט אָפּגעהאַלטן די אַראַבישע.

כדי צו ראַטעווען אירע פּראָטעזשירטע פון אַ דעפיניטיווער מפּלה האָט ענגלאַנד אויסגעפירט דורך דער פאַרמיטלונג פון דער „און״ צוויי




עמבלעם פון דער יידישער אַרמיי

וואָפנשטילשטאַנדן: אין יולי און סעפּטעמבער פון 1948. די זעלבע באַאָבאַכטער פון דער „און״ האָבן אָנערקענט אַז דער יידישער ניצחון איז געווען אַ גוט־פאַרדינטער און די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער „און״ האָט באַשטימט אין נאָוועמבער 1948 אַ פּשרה־קאָמיסיע, וואָס האָט געדאַרפט איינשטעלן דעם ענדגילטיקן פרידן דורך דירעקטע פאַרהאַנדלונ־גען פון די אַראַבישע מלוכות מיט מדינת ישראל, וואָס איז צום סוף פון דעם יאָר שוין געווען אָנערקענט פון 21 מאַכטן און האָט שוין געהאַט צוגעשטעלט אַ בקשה אַריינגענומען צו ווערן אין דער „און״.

נישט געקוקט אויף איר אויסערגעוויינטלעכער קריגס־אָנשטרענגונג האָט די יידישע מדינה אויפגענומען אין יאָר 1948, 130.000 עולים, גע־גרינדעט 30 נייע דערפער און פילע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, דורכגעלייגט נייע וועגן און שאָסייען, אַ טייל פון וועלכע פאַראייניקן ירושלים מיט די איבעריקע געגנטן פון לאַנד. אויך זיינען צוגעגרייט גע־וואָרן פלענער אויפצונעמען אַלע יידן פון די לאַגערן, ווי אויך די יידן וואָס ווערן פאַרפאָלגט אין די אַראַבישע לענדער.



עמבלעם פון ישראל

דאָס יידישע פאָלק איז געאייניקט אַרום מדינת ישראל, העלפט אויפבויען דאָס לאַנד, מיט מענטשן און מיט געלט. צוזאַמען מיטן אידעאַל פון קיבוץ־גלויות האָט דער עצם־עק־זיסטענץ פון מדינת ישראל פאַרשטאַרקט אויך דאָס לעבן און אַריינגעגעבן נייע זאַפטן און האָפענונגען פאַר די תפוצות.

אַ נייע תקופה איז אַריינגעטראָטן פאַרן יידישן פאָלק, אַ תקופה פון באַנייאונג און גרויסע נאַציאָנאַלע האָפענונגען און פאַרווירקלעכונגען.

די יידישע געשיכטע גייט אָן ווייטער.



עמבלעם פון ירושלים

# כראָנאָלאָגישע טאַבעלע פון דער יידישער געשיכטע

## אַ ל ט ע ר ט ו ם

(2.000 יאָר פאַר דער קריסטלעכער צייטרעכענונג
ביזן 7טן י"ה נ"קר)

2000 פ"קר: ערשטע איינוואַנדערונג פון די עברים קיין כנען (תקופה פון די אבות).

1700—1300: די בני ישראל אין עגיפּטן.

1500: פּאַפּירוסן פון ראַס־סאַמרא. טאָוולען פון טעל־אַמאַרנאַ.

1300—1200: יידן זיינען מקבל די תורה אויפן באַרג סיני; די בני ישראל גייען אַריין אין כנען.

1300: אויספורעמונג פון העברעאיש־פעניציישן כתב.

1200: אָנהייב פון די ביבלישע דערציילונגען.

1200—1030: עפּאָכע פון די שופטים.

1100: מילחמות מיט די פּלישתים.

1030—1010: גרינדונג פון דער יידישער מלוכה מיטן מלך שאול.

1055—1015: דער מלך דוד.

1015—977: שלמה המלך.

1000: די ערשטע ליטעראַרישע שאַפונגען אין ישראל און יהודה; בית המיקדש.

977—830: די צעטיילונג פון דער מלוכה, מלכות ישראל און מלכות יהודה.

922—901: דער מלך אחאב; מילחמות מיט די עמונים, אַראַמייער.

9־טער י"ה פ"קר: אליהו און אלישע הנביא.

843: אויפשטאַנד פון יהוא אין מלכות ישראל.

843: אויפשטאַנד אין מלכות יהודה.

788—747: ירבעם דער צווייטער.

לערך אין יאָר 740: דער נביא עמוס.

722: אונטערגאַנג פון מלכות ישראל.

צווייטע העלפט פון 8־טן י"ה פק"ר: ישעיהו הנביא.

701: באַלאַגערונג פון ירושלים דורך סנחריבן.

620: יאשיהוס רעפאָרמען; אַ טייל פון מלכות ישראל פאַראייניקט זיך מיט מלכות יהודה.

סוף פון 7־טן י"ה פק"ר — אָנהייב פון 6־טן י"ה: דער נביא ירמיהו.

597: געפאַנגענשאַפט פון יהויכין.
ערשטע העלפט פון 6טן י״ה פק״ר: יחזקאל הנביא.
586: חורבן ירושלים; געפאַנגענשאַפט פון צידקיהו.
די צווייטע העלפט פון 6טן י״ה פק״ר: ישעיהו דער צווייטער.
537: כורש דערלויבט די יידן פון בבל צוריקצוקערן קיין יהודה.
אַרום 520: די נביאים אחרונים חגי און זכריה.
520—516: ווידעראויפבוי פון בית המיקדש.
458—443: עזרא און נחמיה אין ירושלים; זייערע רעפאָרמען.
5־טער י״ה פ״קר: פאַרשפּרייטונג פון דער אַראַמייאישער שפּראַך צווישן יידן; פאַרענדיקט די דעפיניטיווע רעדאַקציע פונעם חומש; די שומרונים בויען אַן אייגענעם טעמפּל אויפן הר גריזים.
332: יהודה ווערט איינגענומען דורך אַלעקסאַנדער מוקדון.
320—198: יהודה אונטער דער הערשאַפט פון די פּטאָלאָמייער.
4טער—3טער י״ה פ״קר: די ביכער איוב, משלי און תהלים.
3טער—2טער י״ה: שאַפונג פון אַ גרויסן יידישן צענטער אין עגיפּטן; גריכישע איבערזעצונג פון תנ״ך (סעפּטואַגינטאַ); שיר השירים, קוהלת, בן־סירא.
198—167: יהודה אונטער דער הערשאַפט פון סעלייקידן.
2טער י״ה: אָנהייבן פון יידישער ליטעראַטור אויף גריכיש.
167: אויפשטאַנד פון די חשמונאים.
161: יהודה המכבי פאַלט אין קאַמף.
140: יהודה ווערט ווידער אַן אומאָפּהענגיקע מלוכה.
סוף פון 2טן י״ה: קאַמף צווישן פּרושים און צדוקים; דאָס בוך דניאל און אַ סעריע פון תהילים קאַפּיטלען (די הללויהס).
140: שמעון השמונאי.
135: יוחנן הורקנוס.
103: אַלעקסאַנדער ינאי.
67: קאַמפן צווישן די ברידער הורקנוס און אריסתובול.
63: פּאָמפּעאוס דעראָבערט ירושלים.
1טער י״ה פ״קר: ערשטע יידישן קהילה אין איטאַליע; די איסיים.
37—34: הורדוס.
סוף פון 1טן י״ה פ״קר — 1טן י״ה פ״קר: הילל און שמאי.
1טער י״ה: ישו הנוצרי.
38 נ״קר: אַנטי־יידישע אומרוען אין אַלעקסאַנדריע.
1טע העלפט פון 1טן י״ה: פילאָן פון אַלעקסאַנדריע.
6—40: רוימישע פּראָקוראַטאָרן אין יהודה.
41—44: אַגריפּאַ.
44—46: די לעצטע רוימישע פּראָקוראַטאָרן אין יהודה.
66—73: מילחמה מיט די רוימער; חורבן ירושלים.

2טע העלפט פון 1טן י״ה: יוסף (בן מתתיהו) פלאַוויוס.
70: גרינדונג פון דער ישיבה אין יבנה.
115—117: יידישער אויפשטאַנד קעגן רוים אין בבל און אין צפון־אַפריקע.
132—135: אויפשטאַנד פון בר־כוכבא.
אַרום יאָר 200: די רעדאַקציע פון דער מישנה.
פון 2טן—4טן י״ה: די ערשטע יידישע צענטערן אין שפּאַניע, פראַנקרייך און דייטשלאַנד.
219: רב און שמואל גרינדן די תלמודישע ישיבות אין בבל.
350—351: יידישער אויפשטאַנד אין גליל.
350—400: פאַרענדיקונג פון תלמוד ירושלמי.
352—427: רב אשי.
429: געענדיקט די תקופה פון די נשיאים.
500: פאַרענדיקט דעפיניטיוו די רעדאַקציע פון תלמוד בבלי.
6טן י״ה: פאַרפאָלגונגען און גזירות קעגן יידן און שומרונער אין ארץ־ישראל.
613: געצוואונגענע שמדן אין דער וועסטגאָטישער שפּאַניע.
614—628: פערסישע הערשאַפט אין ארץ־ישראל; אויפשטאַנד קעגן ביזאַנץ.
628—638: גרויזאַמע פאַרפאָלגונגען פון יידן אין פּאַלעסטינע.

## מיטלעלטער (7־טער—15־טן י״ה)

624—628: מוכאַמעדס מילחמות קעגן יידן אין אַראַביע.
628—639: געצוואונגענע שמדן אין קיניגרייך פון די פראַנקן.
638: מען לאָזט אַריין יידן אין ירושלים.
649—711: פאַרפאָלגונגען אין דער וועסטגאָטישער שפּאַניע.
717—741: גזירות אין ביזאַנץ.
760: פאַרשפּרייטונג פון דער קאַראַימישער סעקטע; ענן בן דוד.
7טער—10טער י״ה: עפּאָכע פון די גאונים אין בבל.
9טער—12טער י״ה: אויפבלי פון דער יידישער אַראַבישער קולטור.
850: מוסולמאַניש געזעץ פון געלן שאַנדצייכן.
882—942: סעדיה גאון.
910—970: חסדאי אבן שפּרוט, ריש־גלותא אין כאַליפאַט פון קאָרדאָווע.
932—965: יוסף קעניג פון די כוזרים.
10טער—11טער י״ה: אויפבלי פון דער יידישער אַליין־פאַרוואַלטונג אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד.
969—1040: רבנו גרשום.

11טער י"ה: אויפבלי פון העברעאישער ליטעראַטור אין שפּאַניע.
982—1055: שמואל הנגיד.
1066: שחיטה פון יידן אין גראַנאַדאַ.
1096: ערשטער קרייצצוג.
1013—1103: יצחק אלפסי.
1020—1070: שלמה איבן גבירול.
1040—1105: רש"י.
12טער י"ה: יידן ווי „קאַמער־קנעכט" אין גערמאַניש־רוימישער אימפּעריע.
12טער—13טער י"ה: אויפבלי פון יידישער קולטור אין שפּאַניע; פאַר־
שפּרייטונג פון דער קבלה; די תוספותאיסטן אין מערב־אייראָפּע.
13טער—15טער י"ה: אַרויסטרייבונגען פון דייטשלאַנד און איינוואַנ־
דערונג אין מיזרח־אייראָפּע.
1070—1138: משה אבן עזרא.
1085—1140: יהודה הלוי.
1135—1205: רמב"ם.
1215: גזירות און נגישות אויף יידן אָנגענומען אויפן לעטראַנער קאָנציל.
1247: פּויפּסלעכע בולע קעגן עלילת דם.
1245—1310: משה בן אדרת (רשבא).
1250—1327: אשר בן יהיאל (ראש).
1251: יידן־סטאַטוט אין אונגאַרן.
1264: פּריווילעגיעס פאַר יידן אין פּוילן.
1290: אַרויסטרייבונג פון יידן פון ענגלאַנד.
1306—1394: פאַרטריבן יידן פון פראַנקרייך.
1340: נפטר געוואָרן יעקב אשר, דער בעל־הטורים.
1348: שוואַרצער טויט.
1391: הריגות פון יידן אין שפּאַניע.
1492: גירוש־שפּאַניע.
14טן—15טן י"ה: רענעסאַנס אין איטאַליע.
1497: אַרויסגעטריבן די מאַראַנען פון ווענעדיק.
1498: גירוש־פּאָרטוגאַל.

## נייע צייט (פון 16טן—18 י"ה)

1488—1575: יוסף קאַרו, — מחבר פון שולחן־ערוך.
1510—1573: שלמה לוריא (רש"ל).
1520—1570: (רמ"א) משה איסערלעס.
1524—1532: משיחישע באַוועגונג אַרום דוד אלראי און שלמה מלכו.
1534—1572: יצחק לוריא (אר"י).

